דאָס בוך דערשײַנט מיט דער מיטהילף
פון סאָניע און בצלאל קאַסטנער־פאָנד
א״נ פון מלך ראַוויטש בײַם י. ל. פרץ־פאַרלאַג

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל



# בריוו
# פון
# שלום־עליכם

## 1879-1916

רעדאַקטאָר אַברהם ליס

בית שלום־עליכם
י. ל. פרץ־פאַרלאַג
תל־אביב תשנ״ה — 1995

## אַברהם ליס

# שלום־עליכמס עפּיסטאָלאַרע ירושה

אין דער ליטעראַטור פון די אומות־העולם פאַרנעמט די קאָרעספּאָנדענץ פון זייערע שאַפערס, באַזונדערש פון זייערע פירנדיקע שאַפערס, אַ גרויס און באַטייטיק אָרט. אָט די בריוו אַנטפּלעקן דאָך ניט נאָר די באַציונגען און פאַרבינדונגען מיט זייערע מיט־צייטלערס, מיט וועלכע דער שרײַבער און קינסטלער האָט קאָרעספּאָנדירט, נאָר עפּעס אויף פּורטקעס צו דער דערקענטעניש פון זײַן גײַסטיקער אינערלעכער וועלט. פון אָט דער עפּיסטאָלאַרער טוונג גייען אויף די שטימונגען, די השגות, די פּאַרמעסטן, און מיר פילן אָפּ דעם פיבער, און דעם פנימיותדיקן פלאַטער פון הצלחה־דערוואַרטונגען, און די געדריקטקייט פון פּערזענלעכע און שאַפערישע דורכפאַלן. דערבײַ קומט אויף פון אָט די בריוועטקסטן צו מאָל אויך די צײַט, די תקופה מיט איר פאַרלויפעניש, מיט אירע ווידעראַנאַנדן און די רעאַגירונגען אויף זיי פון די בריוושרײַבערס.

ניט אומזיסט זענען די בריוו פון שאַפערישע פּערזענלעכקייטן אַ הויפּט־עלעמענט, אַן עיקר־שטאָף בײַם מחבר זײַן אַ מאָנאָגראַפיע, ווײַל טאַקע דורך זיי דערקענען מיר עמוקתדיקער און נעענטער דאָס אַרויסגעבראַכטע געשטאַלט, דערקענען מיר זײַן מהות און געגנעזע — — —

קנאַפּער איז עס שייך דער עפּיסטאָלאַרער ירושה אין דער יִדישער ליטעראַטור. הגם, אַן שום צווייפל, האָבן אויך דורות — בפרט די פריִערדיקע דורות — געפירט אַ פאַרצווײַגטע קאָרעספּאָנדענץ. אַזוי אויך די דרײַ ראשונים פון אונדזער בראשיתדיקער מאָדערנער ליטעראַטור, ווי מיר זענען עס שוין געוווינט צו זאָגן בנשימה אחת, די דרײַ קלאַסיקערס: מענדעלע מוכר־ספרים, י. ל. פּרץ און שלום־עליכם. כאָטש י. ל. פּרץ איז געווען צווישן זיי דער סאַמע אײַנגעהאַלטנסטער, אין פאַרגלײַך מיט מענדעלען און שלום־עליכמען, האָט ער געשריבן ווייניק בריוו. משמעות טאַקע אַז זײַנע בריוו האָט ער געלאָזט הערן בעל־פּה, בײַ זײַנע וועכנטלעכע צוזאַמענטרעפן מיט שרײַבערס און קינסטלערס בײַ זיך אין דער היים. מענדעלע מוכר־ספרים איז געווען אַ חיותדיקער און פאַרנעמיקער בריוושרײַבער און האָט זיך באַמיט צו זײַן פּינקטלעך מיט זײַנע ענטפערס אויף באַקומענע בריוו. (זע, דאָס „מענדעלע־בוך” צוזאַמענגעשטעלט פון נחמן מייזיל, 1959, וווּ עס קומען אַרײַן 215 בריוו).

דער פּראָדוקטיוועסטער און ממש פאַרכאַפּנדיקער בריוושרײַבער איז געווען שלום־עליכם. ס'איז געווען בײַ אים ווי אַן אָבסעסיווע, פאַרפליכטנדיקע טוונג, באַגלײַך שעיר ניט ווי זײַן קינסטלעריש־שרײַבערישע, טאָג־טעגלעך התחייבותדיקע אַרבעט.

שלום־עליכם האָט דאָך כידוע געשריבן אונטער אַלע אומשטאַנדן און אונטער אַלע באַדינגונגען, אַפילו ווען ער איז געווען מסוכנדיק קראַנק. ער האָט געשריבן זיצנדיק, שטייענדיק, ליגנדיק, שפּאַצירנדיק, פאָרנדיק אין באַן. און פאַראַן אַ יש־אומרים, אַז ווען ער איז געשלאָפן האָט ער אויך געשאַפן, מחמת אָט פלעגט ער ראַפּטעם זיך געבן אַ כאַפּ אויף אין מיטן דער נאַכט און זיך אַוועקזעצן בײַם טיש, אָדער זיך אַוועקשטעלן

בײַם שטענדער און שרײַבן, בעיקר זײַנע שטייגערישע מאַנאָלאָגן. זעט אויס, אַז די מענה־לשונס פון די יעהופּעצער און קאַסרילעווקער האָבן אים געטאָרעט און געראָפּעט אויך בײַ נאַכט.

מיט אַזאַ ווענטלעכן אימפּעט און אינערלעכער באַגערישקייט פּלעגט ער שרײַבן אויך די בריוו. כּמעט טאָג־טעגלעך פּלעגט ער שרײַבן בריוו. משמעות אַז די אַדרעסאַטן, די „פֿאַרשווינען", צו וועלכע ער האָט געשריבן, האָבן געהויערט אין אים מיט אַזאַ אומרו, עלעהיי די פּערסאָנאַזשן אין זײַנע קינסטלערישע ווערק. דערבײַ נאָך ווען שלום־עליכם ווענדט אָן אין זײַנע בריוו די בילדעריש וואַרעמע שפּראַך, די אייגנדיקע סטיליסטישע געפּורעמטקייט, דער אויפריכטיקער טאָן און על־כּולם זײַן פּערלדיקער הומאָר, אַפילו ווען ער באַרירט און שרײַבט וועגן זאַכענישן און פּאַרלויפּעניש וועלכע פֿאַרביטערן אים און פֿאַרשאַפֿן אים אינערלעכע גרימענגיש.

ס'איז, דאַכט זיך, אויסער יעדן ספק אַז זײַן פֿאַרצווײַגטע, פֿאַרנעמיקע קאָרעספּאָנדענץ — כאָטש זי בלײַבט געוויס בלויז אין די ראַמען פון שלום־עליכמס עפּיסטאָלאַרער ירושה — איז געווען און געבליבן ווי אַן אָנגעזעענער טייל פון זײַן ווונדערלעכער שאַפונג. בעצם איז דאָך זײַן דעביוט געווען אין פֿאָרעם פון אַ בריוו, אין נוסח פון אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס ער האָט צוגעשיקט צו עטלעכע רעדאַקציעס פון רוסישע צײַטונגען (וועלכע האָבן משמעות זיך אָפּגעזאָגט עס צו דרוקן). געדרוקט איז עס געווען אין דער העברעיִשער „הצפירה" (אין יאָר 1879), אין וועלכער ער באַשרײַבט און פֿאַרטיידיקט אין 25 שורות דעם קהל, די ייִדישע תּושבים פון זײַן דעמאָלטיקער ווינשטאָט, זײַן געבוירן־שטאָט — פּערעיאַסלעוו. דעמאָלט איז שלום־עליכם אַלט געווען 20 יאָר און האָט זיך אונטערגעשריבן אָט ווי ער האָט געהייסן — שלום ראַבינאָוויטש. אויף דעם אויסשניט פון דער קאָרעספּאָנדענץ האָט ער אויף דעם מאַרגינעס אייגנהענטיק צוגעשריבן: „מאָיע פּערוואָיע פּעטשאַטנאָיע סלאָוואָ" (ס'הייסט „מײַן ערשט געדרוקט וואָרט"). נאָך אָט דעם ערשטן געדרוקטן וואָרט האָט שלום־עליכם לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן אויף זיך. זײַן אויפגאַנג איז אפשר ניט געווען קיין ראַשיקער, אָבער ס'איז געווען אַ בהדרגהדיקער שטײַגן פון שטאַפּל צו שטאַפּל, סײַ אין כּמות און אַזוי אויך אין איכות, וואָס האָט אים אַרײַנגעפירט אינעם היכל פון דער ייִדישער און צו מאָל אין דער אוניווערסאַלער קלאַסישער ליטעראַטור.

די בריוופֿאָרעם איז משמעות נאָענט געווען זײַן שאַפערישן געמיט, אַוודאי האָט ער מיט זײַן געניאַלן שרײַבערישן חוש אָפּגעפּילט ווי, ווען, און וואָס. אַזוי האָט ער אין די נײַנציקער יאָרן, טאַקע מיט הונדערט יאָר צוריק, אָפּגעמאַכט מיט י. ח. ראַוווניצקין זיי זאָלן דורכפירן אַ בריוואויסטויש אונטערן טיטל „קבורת סופרים", ווו זיי האָבן אין זייערע בריוו געמאַכט צו פּרוך און פּראָך די פלאַכקייטן און באַנאַליטעטן פון אַ צאָל העברעיִשע פּוסטע מליצה־שרײַבערס. נאָך פריִער, אין יאָר 1885 דרוקט שלום־עליכם אין „יודישעס פאָלקס־בלאַט" אַ יצירה, וועלכע ער רופט אָן „קאָנטאָרגעשעפט", מיט אַן אונטערטיטל: „אַ דראַמע אין 2 מליצה־בריוו, 18 האַנדלס־בריוולעך און 20 דעפּעשן". אַזוי, זעט אויס, האָבן די בריוו־נוסחאות געגורטעוועט אין אים. ער האָט אויסגעניצט אָט דעם זשאַנער און אים אַרײַנגעפירט אין עטלעכע אַנדערע שאַפונגען און אין זײַן גרויס, אומפאַרגלײַכלעך ווערק אין דער ייִדישער וואָרטשאַפונג „מנחם־מענדל", וואָס שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין ציקלען שוין פון יאָר 1892. די בריוו־

סעריעס זענען געווען אַן איבערראַשונג און אַן אַנטפּלעקונג פֿאַרן ייִדישן לייענער פון יענער צײַט. בעיקר די שפּעטערדיקע, געשריבן אין 1908—1909. מנחם־מענדל האָט דאָ אין זײַנע בריוו צו זײַן זוגתי שיינע־שיינדל און פון שיינע־שיינדלען צו מנחם־מענדלען אויפגעוויקלט שיכטן און פלאַסטן פון ייִדישן לעבן אויף דער פלאַך פון דעמאָלטיקן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן קלימאַט פון צאַרישן רוסלאַנד מיט דעם „תּחום־המושב” פֿאַרן ייִדישן זײַן און ייִדישער וואָר — — —.

„מנחם־מענדל” איז אַ זעלטן, בפירוש נאַראַטיוו קונסטווערק. שלום־עליכם האָט דורך די צוויי געשטאַלטן אַרויסגעבראַכט אַן עולם־ומלואו פון טראַפן, געשעענישן און געפורעמט דורך דער פריזמע פון אייגנדיקן מאָנאָלאָג־נוסח און טיפּיזיניקן הומאָר. מנחם־מענדל איז געוואָרן אין דער ליטעראַטור און אין לעבן אַן אייביקע געשטאַלט. הײַנט זעען מיר אים, פילן מיר אים ריכטיקער און טרעפלעכער; מנחם־מענדל איז ניט — און איז ניט געווען — קיין דורכגעפאַלענער, שלימזלדיקער מענטש. מנחם־מענדל איז בעצם דורך און דורך דער געהויבענער אומרו, דער פּאָזיטיוער אומרו פון פֿאָלקישן געמיט. מנחם־מענדל בלײַבט ניט שטיין. אונטער זײַנע הענט צעטײַעט זיך דער גליוער, און אַ דורכפאַל — און ווי האָט ער ניט קיין דורכפאַל — צעטומלט אים טאַקע, דערשלאָגט אים, אָבער נאָר אויף אַ ווײַלע, אָט הייבט ער זיך ווידער אויף און ער פֿאַרמעסט זיך אויף ס'נײַ מיט פרישע פּלענער און באַגערן. מנחם־מענדלס זענען דאָך בעצם געווען די פּיאָנירן און פֿאָרמירערס פון גרויספֿאַרנעמיקע פּראָיעקטן, פון אידייען און באַוועגונגען אין ייִדישן פֿאָלק. זיי האָבן אינסטרוירט מיט זייער פֿאַנטאַסטישן פלי, באַווירקט די ניכטערע און תּכליתדיקע. מנחם־מענדל איז דער אימפּעטיקער, צעצונדענער פלאַטער פון אַלע אונדזערע אויפטוען. ער באַנט דעם וועג פאַר די מיושבדיקע, פֿאַר די אָפּגעהיטענע אנשי־מעשׂה.

גאָר באַזונדערש קומט צום אויסדרוק אָט דער מהותדיקער מנחם־מענדל, וועלכן שלום־עליכם האָט געשריבן אין יאָר 1913 און געדרוקט אין „הײַנט” (וואַרשע) פונעם 25סטן אַפּריל ביזן 10טן נאָוועמבער (פון נומער 86 ביזן נומער 246). שלום־עליכם האָט קלאָר און באַוווסטזיניק געשטאַלטיקט אָט דעם נײַעם, דעם צווייטן מנחם־מענדל, ס'איז ניט נאָר די השפּעה פון דעמאָלטיקער ייִדיש־געזעלשאַפטלעכער וואָר. דאָ קענטיקט זיך נאָך מער אויס שלום־עליכמס אינערלעכער באַנעם, זײַן ייִדישע אידייען־וועלט. אָט טענהט מנחם־מענדל: „וואָרעם אַז איך דערהער דאָס וואָרט ,ציון' אָדער ,ירושלים', כאַפּט מיך אַוועק דער רוח. עס טוט מיר אַ ברען און עס נעמט מיך דורך אַ בענקעניש נאָך אונדזער אַלטער היים און נאָך אונדזער מלוכה, און מײַן נשמה לעכצט, גייט אויס, חלשט נאָך וואָס ניט איז, אַבי אַן אייגנס, כאָטש אַן אייגענעם ייִדישן גאַראַדאָוואָי, כאָטש אַן אייגענעם, אַ ייִדישן פּאַספּאָרט מיט ייִדישע אותיות אָפּגעדרוקט: זה הפּספּורט שייך להרבנו מהר"ר מנחם־מענדל מארץ־ישראל. אוי, ווי דערלעבט מען דאָס!”.

לאָמיר דערמאָנען: דער חודש־זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד” האָט אין יאָר 1969 איבערגעדרוקט — אין 4 נומערן — 31 בריוו פון דער צווייטער סעריע „מנחם־מענדל”. פֿאַר וואָס האָבן זיי פֿאַרפּעלט די אַנדערע 14 בריוו? נו, ס'איז דאָך קליפּ און קלאָר... זיי וועלן דאָך ניט דרוקן קיין בריוו ווי זייער אויסגעליבטער שרײַבער פון „גאָטס געגנאַד” (ווי אָפּט זיי פּלעגן דאָס צוגעבן) האָט אין אָט די בריוו דערמאָנט ציון, ארץ־

ישראל און געשריבן וועגן ציוניסטישן קאָנגרעס אויף וועלכן ער איז בײַגעווען ווי אַ דעלעגאַט.

אין יאָר 1976 איז אַרויס אין בית שלום־עליכם (בשותּפות מיטן י. ל. פּרץ־פאַרלאַג) אַ פולער באַנד פון דער צווייטער בריוועסעריע „מנחם־מענדל" (שלום־עליכם האָט די סעריע באַטיטלט: „מנחם־מענדל, צווייטער טאָם"), פאַרזען מיט אַ היקפּדיקן אַרײַנפיר און שײַכותדיקע אָנווײַזונגען.

מיר האָבן זיך באַריכותדיקער אָפּגעשטעלט אויף דער מנחם־מענדל־געשטאַלט און זײַנע בריוו, ניט נאָר מחמת דאָס ווערק איז איינס פון די מײַסטערישסטע, פון די דערהויבנדיקסטע קינסטלערישע שלום־עליכם־שאַפונגען, נאָר אויך צוליב זייער איכות־דיקער שכנהשאַפט און קוואַליטעטיווער נאָענטשאַפט צו זײַן פולדיקער עפּיסטאָלאַרער טוּונג. נאָך עפּעס, ווער ווייס, אפשר איז טאַקע קרוב־לאמת דער וויץ ניט מקורות־דיקער זאָג, אַז אַן אָפּשפּיץ, אַ כּזית פון מנחם־מענדל־כאַראַקטער האָט פאַרמאָגט זײַן געניאַלער באַשאַפער — שלום־עליכם. אַזוי מיט זײַן געדיײַקן יצירה־פיבער, ווי מיט זײַנע תּכליתדיקע טוּונגען.

דאָס בוך, די איצטיקע בריוו־זאַמלונג, איז אַ יסודותדיקער אָפּקלײַב פון שלום־עליכמס גרויסן עפּיסטאָלאַרן עזבון. דרײַ עיקרים, דרײַ הויפּטצוועקן האָבן פאַר זיך געשטעלט די צונויפשטעלערס פון דעם ווערק, און דאָס זענען: א) בריוו וואָס כאַראַק־טעריזירן דעם לעבנסגאַנג פון שלום־עליכם. ב) בריוו וואָס באַלײַכטן דעם מצב פון דער ייִדיש־קינסטלערישער וואָרטשאַפונג, פון דער ליטעראַטור און פּרעסע אין ש"ע שאַפונגס־פּעריאָד, ג) בריוו וואָס גיבן — דירעקט אָדער אומדירעקט — אַ באַגריף וועגן ייִדישן לעבן אין די שטעט און אָרטשאַפטן אין וועלכע ש"ע האָט געלעבט און געשאַפן אין פאַרשידענע צײַטאָפּשניטן, רוסלאַנד, מערב־אייראָפּע און אַמעריקע.

אינעם בוך קומען אַרײַן 713 בריוו, פון זיי 207 געשריבן צו זײַן משפּחה, און 506 צו שרײַבערס, קינסטלערס, פאַרלאַגן, רעדאַקציעס, טעאַטער־מענטשן, עסקנים, וואָס מיט זייער שעפערישקייט און זייערע טוּונגען דאַרפן זיי זאָרגן און פאַרזאָרגן דעם רוחניותדיקן באַגער, וואָס האָט געגומען אויפגיין און יורן בײַם ייִדישן פאָלקסמענטש. דער ערשטער בריוו איז צו זײַן קרוב הירש ווייסבאָרד, געשריבן דעם 13טן אויגוסט 1879, און די לעצטע בריוו — צו יהואָש און צו דעם שרײַבער וו. טשאַגאָוועץ, אַפּריל 1916 (עטלעכע וואָכן פאַר זײַן פּטירה). טשיקאַווע ווי דער פאַרדראָס אויף די געדאַכטע, צי אויסגעדאַכטע מעצענאַטן, לאָזן שלום־עליכמען ניט אָפּ. איז ער דאָך אַ מאָל, אַ מאָל געווען אַ ברייטהאַרציקער אונטערשטיצער און געצאָלט גרויסע האָנאָראַרן בעת ער האָט אַרויסגעגעבן אין 1888—1889 די צוויי בענד „פאָלקס־ביבליאָטעק", די זאַמל־ביכער, וועלכע האָבן אויסדריקלעך אויפגערודערט די דעמאָלטיקע ייִדישע קולטור־סביבה. שרײַבט ער צו וו. טשאַגאָוועץ: „אַ גרוס אײַך, טײַערער קאָלעגע, פונעם גאָל־דענעם לאַנד, פון דער גליקלעכער פרײַער אַמעריקע!... און נאָך גריס איך אונדזערע ייִדישע מיליאָנטשיקעס, די אַזוי גערופענע מעצענאַטן, וועלכע זענען גרייט געבן נדבות אויף שפּיטאָלן און באַראַקעס, וועגן וועלכע מען וועט אומבאַדינגט טרובען אין די צײַטונגען, נאָר וועלכע וועלן בלײַבן טויב צו די געשרייען פון אַ ברודער, וואָס טרינקט זיך, מעג ער זײַן שוין דרײַ מאָל אַ שרײַבער און שוין פיר מאָל באַרימט".

נייִן, לאָמיר זיך ניט טועה זײַן. שלום־עליכם האָט זיך דאָ אָנגענומען — צו אַלעם

ערשט — די קריוודע פון יידישן שרייבער און קינסטלער, ווי ער האָט עס געמאָן במשך אַלע זיינע שאַפערישע יאָרן. אַוודאי, אויך ער האָט זיך געפילט באַעוולט. אויך ער האָט געקענט צייטן פון מאַטעריעלער געדריקטקייט. אמת, אויך דאָ איז עס געווען דיקטירט פון אַנדערע סיבות. דהיינו, שלום־עליכם האָט שוין דעמאָלט, ווי אַ באַוווסטער און ברייט באַקאַנטער שרייבער — ווען מאַסן־לייענערס האָבן געגאַרט נאָך זיין שאַפונג, ווען מ׳האָט שוין אויפגעפירט אין די טעאַטערס ספּעקטאַקלען פון זיינע ווערק, גע־וואָלט — און מיט רעכט געוואָלט — לעבן אָן דאגות־פּרנסה. לעבן אויף אַ סטאַנדאַרד, ווי עס לעבן אָנגעזעענע־שרייבערס ביי די אומות־העולם. דערצו האָט ער מיט טיפער ליבע און איבערגעגעבנקייט געזאָרגט פאַר זיינע נאָענטע, פאַר זיין פאַרצווייגטער משפּחה, וועלכע ער האָט אָנגערופן מיט ליבשאַפט „מיין רעפּובליק". אָבער די רעדאַק־ציעס פון די צייטונגען, ווי די פאַרלעגערס, האָבן אים אויסגעניצט ביזן דנאָ. ווען פאַרלעגערס פון זיינע ביכער האָבן פאַרדינט פאַרמעגנס, האָט ער געדאַרפט אויסקעמפן זיין באַשיידענעם האָנאָראַר, אַפילו דעם צוגעזאָגטן שכר־סופרים.

צווישן די בריוו געפינט זיך אַ באַטייטיקע קאָרעספּאָנדענץ, וווּ שלום־עליכם רעדט זיך וווייטיקלעך אַראָפּ וועגן די עוולות, וואָס ווערן קעגן אים באַגאַנגען. אָבער אַפילו דאָ, פאַרלירט ער קיין מאָל ניט זיין אייגנטימלעכן אָפּטימיזם און דעם שפּילעוודיקן סאַטירישן טאָן, וואָס איז ווי אַ בייטאָן פון זיין האַרציקן הומאָר.

„ער איז געווען אויף הומאָר אַ גרויסער מפונק" — שרייבט י. ד. בערקאָוויטש, זיין געטרייער אידעם און מייסטערישער איבערזעצער פון שלום־עליכמס ווערק אין העברעיש — „די יונגע רוסישע הומאָריסטן פון אַווערטשענקאָס שניט האָט ער ניט געקאָנט סובל זיין. דאָס זענען בטבע טיפּשים — פלעגט ער זאָגן — וואָס האָבן גענומען אויף זיך אַ פאָדריאַד אויפן גאַנצן לעבן צו חכמענען זיך. ער האָט ניט געקאָנט פאַר־שטיין, ווי אַזוי אַזאַ מין הומאָר אין קאָנסערוון קאָן געפעלן אַן עולם, וואָס האָט שוין פאַרזוכט גאָגאָלן און טשעכאָוון. די זעלבע באַציִונג האָט ער געהאַט צו אַ געוויסער קאַטעגאָריע אויפגעקומענע הומאָריסטן אין דער יידישער פּרעסע, ובפרט צו עטלעכע פון זיי מיט קלעפּיקע פינגער, אין וועלכע ער האָט געזען זיינע נאָכקרימערס און וואָל־גאַריזירערס... דערפאַר פלעגט ער לייענען מיט גרויס אינטערעס די ניו־יאָרקער הומאָ־ריסטישע זשורנאַלן — פריִער דעם ‚קיבעצער' און שפּעטער דעם ‚קונדס', אין וועל־כע ער האָט געפונען אַ פּאָר יונגע שרייבערס מיט אַן אמתן הומאָריסטישן ברען, אַ באַזונדער נחת האָט ער געהאַט פון משה נאַדיר. די לעצטע צייט האָט ער נאָכגע־פאָלגט זיינע זאַכן מיט אמתער פרייד... און עפּעס טיף רירנדיקס איז געווען אין זייער ערשטער און לעצטער באַגעגעניש אויפן ‚יידישן באַזאַר' אין ניו־יאָרק, אַ קורצע צייט פאַר שלום־עליכמס טויט, בשעת ביידע האָבן זיך האַרציק צעקושט פאַר אַ גרויסן יידישן עולם (דער יידישער באַזאַר איז פאָרגעקומען לטובת די מלחמה־געליטענע — א. ל.). דאָס איז געווען אי אַ צוזאַמענקום, אי אַ געזעגענען זיך צווישן דעם אַוועק־גייענדיקן און דעם אָנקומענדיקן..." („דאָס שלום־עליכם בוך", ז' 180).

אין די בריוו קומט צום אויסדרוק שלום־עליכמס פּיקחותדיקער קוק אויף מענטש און סביבה, זיין שאַרמאַנטע שאַרפזיניקייט, די גייסטרייכקייט פון זיין געדאַנק, די עמקותדיק וויברירנדיקע, קינסטלערישע באַוועגלעכקייט, און געשריבן זענען זיי אין

שלום־עליכמס ווונדערלעכער, שטייגערישער פשטות, וואָס אָטעמט באַגלײַך מיט דער שפע פון זײַן פאַרביק־חיותדיקער שפּראַך. ס'איז די שפּראַך פון שלום־עליכם.

שלום־עליכם האָט געשריבן צו 293 אַדרעסאַטן. בריוו האָט ער באַקומען פון 729 יחידים און אינסטיטוציעס (לויט דער רעגיסטראַציע פון די באַגלייט־קאַרטלעך אין אַרכיוו פון „בית־שלום־עליכם"). פון די בריוו וואָס קומען אַרײַן אינעם בוך ווילן מיר ברענגען מיט קיצורים איינעם, און דאָס מחמת עס האַנדלט זיך וועגן ייִדיש... און ארץ־ישׂראל. אין יאָר 1911 איז אין ירושלים דערשינען אַ צײַטונג א"נ „אונזער ברודער". אַגב, פון 1877 ביז 1914 זענען אין ארץ־ישׂראל, בעיקר אין ירושלים, אַרויס אַן ערך 10—11 וואָכנבלעטער, צווייוואָכן־בלעטער און זשורנאַלן אין ייִדיש און ייִדיש־העברעיִש (זע "צו דער געשיכטע פון קאַמף קעגן ייִדיש אין ארץ־ישׂראל" פון מרדכי קאָסאָווער, „ארץ־ישׂראל־שריפטן"", ת"א 1937). ובכן, דער רעדאַקטאָר פון „אונזער ברודער" ש. א. טיקטין, האָט עטלעכע נומערן פון דער צײַטונג צוגעשיקט שלום־עליכמען און געבעטן אַרויסזאָגן זײַן מיינונג וועגן איר. אויף דעם האָט אים שלום־עליכם געענטפערט מיט אַ בריוו, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין נר' 12 פון „אונזער ברודער" א"נ „אַ גרוס פון שלום־עליכם": „געערטער הער רעדאַקטאָר ש. א. טיקטין   איך דאַנק אײַך זייער פאַר די צוגעשיקטע בלעטער פון אײַער ייִדישער צײַטונג. נאַטירלעך קען מען פון 2 אָדער 3 בלעטער קיין מיינונג זיך שטעלן. געפינט איר דאָרט גענוג לעזערס? ווערט אין ירושלים גערעדט ייִדיש מער אַלס העברעיִש? האָט איר פיל קעגנערס?

אין געזונט גייטס מיר ב"ה זייער גוט. איך אַרבעט פיל מער ווי ס'איז מיר דער־לויבט פון די דאָקטוירים (ווער הערט זיי?). איך ווין אַ שעה רײַזע פון באַזעל און האָף צו זײַן אויפן קאָנגרעס [געמיינט דעם צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס], אויב דער דאָקטאָר וועט מיך לאָזן — (ווער הערט אים?). זײַט געזונט, אַרבעט פאַר אונדזערע ברידער, וואָס נייטיקן זיך אין אַ לעבעדיק וואָרט און גריסט אַלעמען ג"פ, שלום־עליכם".

אויף אָט דעם בריוו, וואָס באַרירט דורך־אַגב די שפּראַכן־פראַגע, האָט זיך אין „אונזער ברודער" אָפּגערופן איינער, וואָס חתמעט זיך „ישׂראליה" (דער „ישׂראליה" איז געווען אַ העברעיִשער מושך־בעט וואָס זײַן נאָמען איז געווען ישׂראל טשערבינסקי) ווו ער שרײַבט צווישן אַנדערן: „...איר זעט דען נישט פון אויבן אַרויף, דאָס דער רבי ,פסקנט' אונדז, דאָס ,זשאַרגאָן' ווערט גערופן ,ייִדיש'. בײַ אים איז גאָר אַ פראַגע, וועלכער ייִדיש ווערט גערעדט מער. אפשר האָט נאָך באַדאַרפט זײַן נאָך זײַן ,יושר' דאָס ,ייִדיש' ——— זאָל גערעדט ווערן מער פון העברעיִש?" און דער בעל־המאמר איראָניזירט ווײַטער: „נייטיקט איר זיך אין אַ לעבעדיקן וואָרט, איר מײַנע פאַרשמאַכטע ארץ־ישׂראל־ייִדעלעך? — גיט אײַך ר' שלום־עליכם ,זשאַרגאָן'. טאָ וואָס דאַרפט איר נאָך בעסער? דאַכט זיך איר דאַרפט ניט קיין בעסערן ,הכשר'."

שלום־עליכם האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ לענגערן בריוו צום רעדאַקטאָר פון „אונזער ברודער", וואָס איז געווען געדרוקט אין נומ' 21 (27סטן אָקטאָבער 1911). מיר ברענגען דעם אָנהייב, ווײַל שוין דאָ איז נימצא שלום־עליכמס בכבודיקע רעאַ־גירונג: „מײַן ליבער רעדאַקטאָר! אין איינע פון די לעצטע נומערן פון אײַער בלאַט איז אַרויס ,ישׂראליה' און וויצלט זיך וועגן מײַן ,הכשר', וואָס איך האָב געגעבן דעם ,זשאַרגאָן' און איז ניט צופרידן, למאַי איך רוף עס אָן ,ייִדיש'. האָב איך קעגן דעם

גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן. וואָרשעווער׳לעך האָט ,ישראליה׳ געוואָלט, אַז מען זאָל דעם ,זשאַרגאָן׳ רופן ,גויעש׳... וואָס מיר וווּנדערט איז דאָס, וואָס איר, הער רעדאַקטאָר פון אַ ייִדיש בלאַט, לאָזט זיך אַזוי אָפּוויצלען אויף אײַער בלאַט, טאַקע אין אײַער בלאַט... אין מײַן פּריוואַטן בריוו צו אײַך האָב איך נאָר אָנגעפרעגט, אויב עס געפינען זיך לעזערס אויך אויף ייִדיש אין א״י ?... און אויסדריקנדיק מײַן ווונטש צו געבן אַ לעבעדיקן וואָרט פאַרן המון, האָב איך ניט געצילט דווקא צו דער לעבעדיקייט פון זאָגנאַנטן ,זשאַרגאָן׳ אום צו געבן אים אַ ,הכשר׳. אַ שפּראַך, וואָס אַ פאָלק באַניצט הונדערטער יאָרן און פאַרמאָגט שוין אַן אייגענע ליטעראַטור, נייטיקט זיך ניט אין קיין ,הכשר׳, אַפילו ווען זי ,שמוגלט זיך אַרײַן׳ פון חוץ־לארץ קיין ארץ־ישראל״. (דער בריוו־אויסטויש איז געווען איבערגעדרוקט אין די „ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, 20סטן אַפּריל 1934).

פון די בריוו קענטיקט זיך אויס די זעלטענע האַרמאָניע וואָס האָט אַזוי נשמהדיק־ווײַזנטלעך געדײַעט אין אים. ס׳איז געווען די אייגנטימלעכע האַרמאָניע פון מענטש און קינסטלער, פון דער געשטאַלט שלום־עליכם און זײַן נאָענטער סביבה: זײַן אייגענע משפחה און די שרײַבער־משפחה.

מיט וויפל פאַרערונג און גוטגיניקייט ער פלעגט אויפנעמען אַ געראָטענע שאַפונג פון זײַנס אַ שרײַבער־קאָלעגע. מיט וויפל נחת־רוח ער האָט די לעצטע יאָרן אין אַמעריקע אויפגענומען די נײַ־צוגעקומענע שרײַבערס מאַני לייב, אָפּאַטאָשו און דעם עלטערן, שוין פון פריִער באַקאַנטן יהואָשן, וועלכער פלעגט אים באַזוכן יעדן טאָג.

די בריוו נעמען אַרום און ברענגען אַרויס פלאַסטן פון זײַן לעבן, וואָס זענען פול געווען הן מיט דראַמאַטישע קאַפּיטלעך, הן מיט חדווהדיקע, לעבנסלוסטיקע טראַפּן, צווייפלען און האָפענונגס־שטימונגען האָבן אָן אויפהער געהויערט אין אים, געהויערט אין זײַן געמיט.

אָבער „דאָס פאָלק האָט אינסטינקטיוו דערשפּירט דעם גאָון, זײַן גאָון״, ווי עס זאָגט אין אַ בריוו איציק מאַנגער צו י. ד. בערקאָוויטש.

קיין ספק ניט, ווייניק ווער אין דער וועלט־ליטעראַטור האָט זוכה געווען צו אַזאַ פאַרערונג און צו אַזאַ אָנאויפהעריקן אינטערעס, ווי שלום־עליכם.

די זאַמלונג „בריוו פון שלום־עליכם״ איז אַ ווערטיקער בײַטראַג צו דער שלום־עליכם־דערקענטעניש, צו זײַן ביאָגראַפיע.



אַ טייל פון די בריוו זענען שוין געווען פאַרעפנטלעכט אין צײַטונגען, זשורנאַלן און ביכער: „דער טאָג״, ניו־יאָרק 1923; „ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע 1926 (ביז 1932); „ייִוואָ־בלעטער״, ווילנע 1931; „דאָס שלום־עליכם בוך״, ניו־יאָרק 1926; „אויסגעוויילטע בריוו״, מאָסקווע 1941; „ייִדישע קולטור״, 1991. אין דעם אָפּקלײַב איז אויך אַרײַן אַ צאָל אומבאַקאַנטע בריוו פונעם בריוו־אוצר אין „בית־שלום־עליכם״. העברעיִשע און רוסישע בריוו זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש דורך י. ד. בערקאָוויטש און אַ צאָל משפּחה־בריוו זענען איבערגעזעצט געוואָרן דורך חיים ביידער (מאָסקווע).

## אַברהם ליס

# עזבונו האֶפיסטולארי של שלום־עליכם

בספרות של אומות העולם תופסת ההתכתבות של יוצריה, ובמיוחד של יוצריה המובילים, מקום נכבד ומשמעותי ביותר. מכתבים אלה, המיועדים אל בני תקופתו של היוצר, חושפים לא רק את היחסים והקשרים בינו לבין המתכתבים, אלא פותחים גם אשנבים להכרת עולמו הרוחני והפנימי. העיסוק האפיסטולארי הזה מעלה, כפי שניתָן לחוש זאת, הלכי רוח, השגות, התמודדויות, את הלהט כרטט פנימי לצפיות הצלחה וכדכדוך עקב כשלונות אישיים ויצירתיים. כמו כן, עולה מתוך מכתבי־דפים אלה הזמן, התקופה על אירועיה, ניגודיה וגם התגובות על כך, כפי הבטוי של המתכתבים עצמם.

לא בכדי, מהוים המכתבים של אישים יוצרים את המרכיב הראשי, חומר עיקרי בחיבור של מונוגרפיה, כיון, שדרכם ניתָן להכיר בצורה מעמיקה וקרובה יותר את הדמות המועלית, וכך מכירים אנו את המהות ואת ההתהוות הפנימית.

כל זאת שייך פחות לירושה האפיסטולארית בספרות היידיש. הגם, ללא ספק נָהלו הדורות — ובפרט הדורות הקודמים — התכתבות ענפה. כך גם שלושת הראשונים של ספרותנו הבראשיתית המודרנית, כפי שרגילים אנו לאמר בנשימה אחת: שלושת הקלסיקונים: מנדלי מוכר ספרים, י. ל. פרץ ושלום־עליכם.

הגם, שי. ל. פרץ היה הכי מאופק ביניהם, בהשוואה למנדלי ולשלום־עליכם, מְעַט בכתיבת מכתבים. כנראה, שאת מכתביו השמיע בעל־פה, בזמן פגישותיו מדי שבוע במחיצתם של סופרים ואמנים בביתו הוא... מנדלי מוכר ספרים היה כותב מכתבים נלהב ומקיף והשתדל לדייק בתשובותיו למכתבים שנתקבלו. (ר' „דאָס מענדעלע־בוך", בעריכתו של נחמן מייזיל, 1959, המכיל 215 מכתבים).

כותב המכתבים הפורה והמרתק ביותר היה שלום־עליכם. היה זה אצלו כעין עיסוק כפייתי ויחד עם זאת כמעט כעבודת כתיבה יוצרת ומחוייבת יום־יומית. כידוע, כתב שלום־עליכם בכל המצבים ובכל התנאים, אפילו כאשר היה חולה מסוכן. הוא כתב בישיבה, בעמידה, בשכיבה, בהליכתו, בנסיעה ברכבת, ויש אומרים, שיצר גם בעת שינה, כיון שבאופן פתאומי היה מתעורר באמצע הלילה ומתיישב ליד השולחן, או נעמד ליד הדוכן וכותב. בעיקר כתב את המונולוגים שלו מתוך ההוי. נראה, שה„מענה לשונס" של אנשי יהופעץ וכתריאליבקע האיצו והטרידו את מנוחתו גם בלילה.

את אותו דחף מהותי והשתוקקות פנימית היה משקיע גם בכתיבת מכתביו. כמעט מדי יום ביומו כתב מכתבים. כנראה, שהנמענים, ה„נפשות", אליהם כתב, רבצו בתוכו באי שקט שכזה, כאילו הם הם הגיבורים של כתבי יצירתו. ובנוסף, כאשר במכתביו בא לבטוי שפתו החמימה והציורית שלו, הצורניות המסוגננת הייחודית, הנימה הכנה ועל כולם ההומור הפניני שלו, גם אז, כאשר הוא נוגע וכותב בעניינים ואירועיים, אשר מיררו את נפשו וגרמו לו התייסרות פנימית.

נדמה, ומעל לכל ספק, שהתכתבותו המסועפת והמקיפה — למרות מְקומה אך ורק במסגרת הירושה האפיסטולארית של שלום־עליכם — היתה ונשארת כחלק חשוב וניכר

של יצירתו המופלאה. בעצם היה הדביוט (יצירתו הראשונה) שלו בצורת מכתב, בנוסח של קורספונדנציה, ששלח למספר מערכות של עיתונות רוסית (אשר, כפי הנראה, סרבו להדפיס) והודפס ב„הצפירה" (בשנת 1879), בו הוא מתאר — וב־25 שורות — הנו מנסה להגן על קהל התושבים היהודיים בעיר מגוריו ד'אז, עיר הולדתו — פערעיאַסלעוו.

אז היה הוא בן 20 וחתם כפי שמו — שלום רבינוביטץ'. בשולי הקטע של אותה כתבה, הוסיף בכתב ידו: „מאַיע פערוואָיע פעטשאַטנאָיע סלאָוואָ" (כלומר, „הדבר המודפס הראשון שלי"), לאחר כתבת בכורה זו, לא התעכב שלום־עליכם זמן רב מדי. עלייתו לא היתה אולי מהירה, אך היתה זו עלייה הדרגתית, מדרגה לדרגה, כמו בכמות כך גם באיכות, אשר הכניסה אותו להיכל הספרות היהודית וללא ספק לספרות הקלסית האוניברסלית.

המכתב כצורת יצירה היתה כנראה קרובה להלך רוחו היוצר, ובודאי, בחוש היצירתי הגאוני שלו השכיל לדעת איך, מתי, ומה. כך, בשנות ה־90, לפני מאה שנה קבע הוא עם י. ח. רבניצקי לקיים ביניהם חילופי מכתבים, תחת הכותרת „קבורת סופרים", שם עשו חוכא ואיטלולא מהשטחיות ומהבנליות של מספר סופרים, כותבי מליצה. עוד מקודם, בשנת 1985, מדפיס שלום־עליכם יצירה ב„יודישעס פאָלקס־בלאַט", אותה הוא מכנה „קאַנטאָר־געשעפט", (עסק משרדי) עם תת כותרת — „דרמה בשני מכתבי מליצה, 18 מכתבי מסחר ו־20 מברקים". כך, כפי הנראה, צללו בתוכו נוסחאות המכתבים — ובהשתמש בז'נר זה, גם העביר אותו לעוד מספר יצירות עד ליצירתו הכבירה והייחודית בתחום היצירה הספרותית היהודית — „מנחם־מנדל", שבכתיבת סדרותיה החל שלום־עליכם כבר בשנת 1892. סדרות המכתבים האלה היו בגדר הפתעה וגילוי לקורא היהודי, בעיקר המכתבים היותר מאוחרים, שנכתבו ב־1908—1909. במכתביו אלה, ממנחם־מנדל לזוגתו שיינע־שיינדל, וכמו כן, משיינע שיינדל אל מנחם־מנדל, חשף הוא שכבות ורבדים מתוך החיים היהודיים, ואת האקלים במישור החיים החברתיים והפוליטיים כפי שהיו אז ברוסיה הצארית על „תחום המושב" שלה בקיום ובמציאות היהודית.

„מנחם־מנדל" היא יצירה אמנותית נַרְטיבית נדירה. על ידי שתי הדמויות האלה הציג שלום־עליכם עולם ומלואו של התרחשויות, אירועים ורעיונות, המעוצבים דרך הפריזמה של נוסח־מונולוג ייחודי עם הומור בעל עמקות מחשבתית מופלאה.

מנחם־מנדל הפך לדמות נצחית בספרות ובחיים. היום אנו רואים וחשים אותו נכון וקולע יותר; מנחם־מנדל איננו ולא היה איש מפסידן שלומיאלי. מנחם־מנדל הוא בעצם בתוך תוכו האי־שקט הנעלה, האי־שקט החיובי אשר בנפשו של העם. מנחם־מנדל לא עוצר. מתחת לידיו נמס כל מה שקפּוא, גם הכשלון — ואיפה אין לו כשלון — אפילו מבלבל אותו, מדכא אותו, אך כל זה רק להרף עין, והנה הוא שוב קם ומתמודד מחדש עם תכניות ותשוקות חדשות. הלא בעצם, המנחם־מנדלים היו כל אותם החלוצים ומעצבי תכניות רב־הקפיות של אידיאות ותנועות בעם היהודי, במעופם הפנטסטי הם תכננו, השפיעו על המפוקחים והתכליתיים, מנחם־מנדל הינו המעוף הלוהב והבלתי נלאה של כל מעשינו. הוא מנתב את הדרך למיושבים, לאנשי המעשה הנזהרים — — —

מה שבמיוחד בא לבטוי, הוא אותו מנחם־מנדל המהותי, ששלום־עליכם כתב בשנת 1913 והדפיס ב„היינט" (ווארשע) מאפריל 25 עד נובמבר 10 (ממספר 86 ועד המספר 246). שלום־עליכם עִצב ברור ובמודע את אותו מנחם־מנדל החדש השני, ואין זו רק ההשפעה של המציאות היהודית־חברתית של עידן זה. כאן נִכרת ביתר שאת תפיסתו

הפנימית, עולמו האידיאי היהודי, הנה טוען מנחם־מנדל: „כי כאשר שומע אני את המילה 'ציון' או ירושלים, תוקפים אותי כל הרוחות. זה נותן לי צריבה וגעגועים תופסים אותי אל ביתנו הישן ואל מלכותנו, ונשמתי יוצאת ומשתוקקת למשהו, ולו רק משלנו ולו רק גאָראָדאָוואָי (שוטר) משלנו, ולו פַּספורט יהודי משלי, מודפס באותיות יהודיות: זה הפַּספורט שייך להרבנו מהר"ר מנחם־מנדל מארץ ישראל, אוי, איך זוכים לכך?!"

הבה ונזכיר: הירחון „סאָוועטיש היימלאַנד" הדפיס בשנת 1969 ב־4 חוברות 31 מכתבים מהסדרה השניה „מנחם־מנדל". מדוע הם החסירו את ה־14 מכתבים הנותרים? כי, הרי זה ברור לכל בַּר בֵּי רב, הם לא ידפיסו מכתבים, בהם אותו סופר, הזוכה מהם לעתים כה קרובות לשבחים כ־„מתת אלוהים", הזכיר במכתבים אלה את ציון, ארץ ישראל וכתב על הקונגרס הציוני, בו השתתף כדֶלֶגַט (ציר). בשנת 1976 יצא בבית שלום־עליכם (במשותף עם הוצאת י. ל. פרץ) כרך מלא ובו סדרת המכתבים השניה „מנחם־מנדל", (שלום־עליכם בעצמו קבע את הכותרת „מנחם־מנדל־צווייטער טאָם" (כרך שני), בצירוף הקדמה מקיפה והערות עניניות.

התעכבנו באריכות יתר סביב דמותו של מנחם־מנדל ומכתביו לא רק מפני שיצירה זו היא אחת המושלמות והנעלות של יצירות שלום־עליכם, אלא גם מפני שכְּנוּתן האיכותית וקרבתן הערכית אל פעלו האפיסטולארי הכולל. ועוד משהו, שמא קרובה לאמת האימרה הלא מקורית כי רסיס, כזית מאופיו של מנחם־מנדל טמון ביוצרו הגאוני — שלום־עליכם. כך בלהט־היצירה הבלתי נלאה שלו וכך במעשיו התכליתיים.

קובץ זה, אוסף המכתבים שבו, הנו מבחר יסודי מתוך העזבון האפיסטולארי העשיר של שלום־עליכם. שלושה עיקרים, שלוש מטרות ראשיות עמדו בפני עורכי מפעל זה. ואלה הם: א. מכתבים המאפיינים את דרך חייו של שלום־עליכם. ב. מכתבים המאירים את מצב הכתיבה היצירתית־אמנותית ביידיש, מתחום הספרות והעיתונות מהתקופה היצירתית של שלום־עליכם. ג. מכתבים, אשר באופן ישיר עקיף משקפים את החיים היהודיים בתוך הערים ובאיזורים, בהם חי ויצר שלום־עליכם במשך תקופות שונות: רוסיה, אוקראינה, אירופה המערבית ואמריקה.

הספר מכיל 713 מכתבים, מהם 207 מיועדים למשפחתו ו־506 לסופרים, אמנים, הוצאות לאור, עסקנים, מערכות, ולאנשי תיאטרון, אשר ביצירתם ופעלם היה מוטל עליהם לדאוג ולספק את הכמיהה הרוחנית, אשר החלה לעלות ולהבשיל בקרב היהודי העממי. המכתב הראשון נכתב לקרוב משפחה הירש ווייסבאָרד, מ־13 באוגוסט 1879, והמכתבים האחרונים ליהואש ולסופר וו. טשאַגאָוועץ, אפריל, 1916 (מספר שבועות לפני פטירתו). מענין, עד כמה צִעֵר את שלום־עליכם ענין המצנטים; אמיתיים או בדויים, ולא עזבוהו. הלא פעם היה הוא תומך נדיב ושילם שכר יוצרים גבוה בעת הוצאת שני הכרכים „פאָלקס ביבליאָטעק" ב־1888—1889, מאספים, אשר עשו רושם עז על הסביבה התרבותית. כותב הוא ל־וו. טשאַגאָוועץ: „דרישת שלום לך, קולגה יקר, מארץ הזהב, מאמריקה המאושרת והחופשית!.. ועוד מברך אני את המיליונצ'יקים היהודים שלנו, הנקראים מֶצנטים, המוכנים לתת נדבות לבתי חולים ואכסניות, אשר על כך יריעו בודאי בעיתונות, אבל אלה ישארו בחרשותם לזעקות של אח הטובע, ואפילו יהיה הוא שלוש פעמים סופר וארבע פעמים מפורסם."

לא, הבה ולא נטעה. שלום־עליכם קודם כל יצא כאן כנגד קפוח הסופר והאמן היהודי, כפי שעשה זאת בְּמשך כל שנותיו. בודאי, שגם הוא הרגיש מקופח. גם הוא ידע

והכיר זמנים של מחסור כלכלי. אם כי היו לכך סיבות שונות — בתקופה ההיא, כאשר שלום־עליכם היה כבר סופר נודע ומוכר, ורבים מקוראיו השתוקקו ליצירתו, וכאשר בתיאטראות כבר הציגו את מחזותיו — רצה הוא, ובצדק רצה, חיים ללא דאגות פרנסה, חיים על רמה, כדוגמת סופרים ידועי שם אצל אומות העולם.

יחד עם זאת דאג הוא באהבה ובמסירות לקרוביו, למשפחתו הנרחבת, אשר מתוך אהבה כינה אותה „הרפובליקה שלי". אבל מערכות העיתונים וכך גם המוציאים לאור נִצלו אותו עד תום, כאשר המו"לים הרוויחו הון תועפות מספריו, לחם הוא על שכר סופרים שלו, אפילו על מה שהיה מובטח לו.

בין המכתבים ישנה התכתבות ניכרת, בה משיח שלום־עליכם על העוולות שנגרמו לו אבל גם בכך, מעולם הוא אינו מאבד את האופטימיות המיוחדת שלו ואת הנימה הסטירית־המשעשעת, הנשמעת כהד של ההומור הלבבי שלו.

„ביחס להומור היה הוא מאוד מפונק — כותב חותנו המסור ומתרגמו למופת בעברית — י.ד. ברקוביץ. את ההומוריסטים הצעירים הרוסים, מסוגו של אברצ'נקו (אווערטשענקאָ), הוא לא סבל. אלה הם טפשים — היה אומר — שלקחו על עצמם בקבלנות זכיון לכל החיים להתחכם. הוא לא יכול היה להבין, כיצד הומור משומר כזה יכול למצוא חן בעיני קהל, אשר הספיק כבר לטעום מגוגול ומצ'כוב. את אותו יחס גילה הוא כלפי סוג של הומוריסטים חדשים, שהופיעו בעיתונות היהודית, ובפרט לאחדים מהם, בעלי אצבעות דביקות, בהם ראה את חקייניו הגסים." לעומת זאת הוא קרא בענין רב את כתבי עת הומוריסטיים של ניו־יורק, קודם את ה„קיבעצער", ומאוחר יותר את ה„קונדס", בהם מצא מספר סופרים צעירים בעלי להט הומוריסטי אמיתי. במיוחד הוא שׂבע נחת ממשה נאדיר. בזמן אחרון עקב הוא אחר כתיבתו בשמחה אמיתית. ומשהו מרגש ביותר קרה בזמן פגישתם הראשונה והאחרונה ב„באזאר היהודי" בניו־יורק, זמן קצר לפני מותו של שלום־עליכם, כאשר שניהם התנשקו בחמימות בנוכחות קהל יהודי רב, („הבאזאר היהודי" התקיים לטובת קורבנות המלחמה. א.ל.) היה זה הן מפגש והן פרידה בין זה העוזב לבין זה הבא..." („דאָס שלום־עליכם בוך" ע. 180).

במכתבים בא לבטוי המבט הפקחי של שלום־עליכם על האדם והסביבה, חריפותו השרמנטית, עושר הרוחניות שבמחשבתו, הגמישות האמנותית העמקותית והרוטטת, וכל זאת כתוב בפשטות ייהודית ומופלאה של שלום־עליכם, הנושמת באותה המידה מתוך שפע לשונו הציורית מלאת חיות. זו שפתו של שלום־עליכם.

שלום־עליכם כתב ל־293 מענים. מכתבים הוא קיבל מ־729 יחידים ומוסדות. (לפי הרשומות של כרטיסי־הלוויי בארכיון, בבית שלום־עליכם).

מתוך המכתבים הכלולים בספר, נביא בקיצורים אחד, כיון שמדובר ביידיש... וארץ ישראל. בשנת 1911 הופיע בירושלים עיתון בשם „אונזער ברודער" (אחינו), אגב, מ־1877 עד 1914 הופיעו בארץ ישראל, ובעיקר בירושלים, כ־10—11 שבועונים, ירחונים עברית — וויידיש, (ר' „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון קאַמף קעגן יידיש אין ארץ ישראל", „לתולדות המאבק נגד יידיש בארץ ישראל", מאת מרדכי קאָסאָווער — „ארץ ישראל שריפטן", ת"א 1937). ובכן העורך של „אונזער ברודער", ש.א. טיקטין שלח כמה עיתונים לשלום־עליכם וביקש את חוות דעתו. שלום־עליכם ענה לו במכתב, אשר הודפס במס' 12 „אונזער ברודער", תחת הכותרת „ד"ש משלום־

עליכם״: לעורך הנכבד ש. א. טיקטין! אני מאד מודה לך על משלוח עותקים של עיתונכם ביידיש, כמובן, ששניים או שלושה עיתונים אינם מספיקים כדי להביע דעה. היש בנמצא שם מספיק קוראים? האם בירושלים מדברים יידיש יותר מעברית? היש לכם מתנגדים רבים? הבריאות היא ב״ה טובה מאד. אני עובד הרבה יותר ממה שהרופאים מתירים לי (מי שומע אותם?). אני מתגורר במרחק שעה מבַּזל ומקוה להשתתף בקונגרס (הכוונה לקונגרס הציוני העשירי) אם הרופא ירשה לי (מי שומע אותו). היו בריאים ועשו למען אחינו הנזקקים למילה חיה ומסרו ד״ש לכולם. ג״פ, שלום־עליכם. למכתב זה, הנוגע בשאלת הלשונות, נתקבלה תשובה ב־„אונזער ברודער״, מאת אחד החתום „ישראליה״ (ה־„ישראליה״ הזה היה סופר עברי, בשם ישראל טשערבינסקי), והוא כותב בין היתר: „האם לא ברור הוא, שהרבי פוסק עבורנו, שה׳זשארגאָן׳ נקרא ׳יידיש׳. אצלו קיימת רק השאלה, איזו יידיש מדוברת יותר. אולי לפי ה׳יושר׳ שלו צריך היה להיות ש׳יידיש׳ תהיה מדוברת יותר מעברית?״ ובעל המאמר ממשיך באירוניה: „הנזקקים אתם למילה חיה, אתם, ארץ־ישראל יידעלעך התשושים — נותן לכם שלום־עליכם ׳זשארגאָן׳. אז מה לכם יותר טוב מזה? נדמה, ש׳הכשר׳ טוב מזה לא נחוץ״. על כך ענה שלום־עליכם במכתב ארוך אל עורך „אונזער ברודער״, שהודפס במס׳ 21 (27 באוקטובר, 1911). נביא רק את ההתחלה, כיון שבה כבר נמצאת התגובה המכובדת של שלום־עליכם: „עורך יקר! באחד המספרים האחרונים של עיתונכם הופיע ׳ישראליה׳ ומתלוצץ על חשבון ה׳הכשר׳ שלי שנתתי ל׳זשארגאָן׳, והוא אינו מרוצה מכך שאני קורא לזה ׳יידיש׳. אז אין לי כנגד זה ולא כלום. כנראה, רצה ׳ישראליה׳, שנקרא ל׳זשארגאָן׳ ׳גוייש׳... מה שמפליא אותי, שאתה, כעורך של עיתון יידיש, נותן את עצמך ללעג כזה על דפי העיתון, עיתונך אתה... במכתבי האישי אליך רק שאלתי, האם יש קוראי יידיש בארץ ישראל?.. כאשר הבעתי את כמיהתי להביא מילה חיה להמון, לא התכוונתי דווקא לחִיות של אותו ׳זשארגאָן׳, על מנת לתת לו ׳הכשר׳. לשון, שהעם משתמש בה מאות בשנים, עם ספרות משלה, לא זקוקה לשום ׳הכשר׳, אפילו כאשר ,מתפלח הוא׳ מחוץ־לארץ ישראל.״ (חליפת מכתבים זו הודפסה שנית ב„ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, 20 באפריל, 1934).

במכתבים נִכרת ההרמוניה הנדירה, שבעמקות מהותית כזאת עגנה בנשמתו. היתה זו השלמות הייחודית בין האיש והאמן, הדמות של שלום־עליכם בסביבתו הקרובה, עם משפחתו הוא ומשפחת הסופרים. באיזו הערכה וחדווה היה הוא מקבל יצירה מוצלחת של סופר־קולגה. בהרבה מאד נחת רוח קיבל הוא בשנים האחרונות את הסופרים החדשים, אלה שנוספו באמריקה: מאני לייב, אָפּאַטושו, ואת המבוגר יותר ומוכר עוד מקודם — יהואש, אשר היה בא לבקר אותו מדי יום ביומו. המכתבים מקיפים ומשקפים רבדים מחייו, אשר היו מלאים הן בפרקים דרמטיים, הן באירועים מלאי חדווה ושמחת חיים, הלכי רוח של פקפוקים, תקוה ואופטימיות, שנפשו היתה תמיד מלאה בהם.

אך „העם חש באופן אינסטינקטיבי את הגאון, את הגאון שלו״, כפי שאומר איציק מאנגר, במכתבו לי. ד. ברקוביץ.

אין ספק, שמעטים בספרות העולמית זכו להערצה ולהתעניינות בלתי פוסקת כשלום־עליכם.

הקובץ „מכתבים של שלום־עליכם״ הנו תרומה רבת ערך להכרת הדמות והביוגרפיה של שלום־עליכם.

## 1. צו הירש ווײַסבאָרד

סאַפּיעווקאַ, 13טן אויגוסט 1879

**הערן הירש ווײַסבורד.**

**טײַערער קרוב מײַנער, דער ערלעכער צווישן מענטשן!**

פיל דאַנק אײַך, טײַערער קרוב מײַנער, פאַר אײַער ליבן בריוו, — הגם איך וועל ניט פאַרלייקענען אונטער מײַן צונג, אַז איר האָט פאַרשעמט מײַן פּנים דערמיט, וואָס איר האָט צו מיר געשריבן אויף דער רוסישער שפּראַך; אמת, אויך אין דער דאָזיקער שפּראַך האָב איך דאָך טויזנט חלקים, און אויף איר האָב איך פאַרלענדט כמעט גאָר מײַן צײַט אין דער שול, און אַז איך בין פון דאָרט אַרויס — האָב איך מיך פיל געמיט אויף איר, ביז וואַנען איך האָב זי מיר געמאַכט פאַר אַן אײביקן אַרב; פון דעסטוועגן איז מיר באַליבטער אונדזער הייליקע שפּראַך, די מוטער פון אַלע שפּראַכן, די טאָכטער פון הייליקן גאָט, וואָס פיל פון אונדזער פאָלק די קינדער ישראל, „די וואָס טוען טאַן קליגן זיך", האָבן זי פאַרלאָזט, צו אונדזער שאַנד און צו אונדזער חרפה, און זי איז אַרויס פון זיי מיט די הענט אויף איר קאָפּ, און מיט אַ וויינענדיקן קול טוט זי טאָג־טעגלעך קלאָגן: „ווי צו זיי, צו מײַנע קינדער, וואָס האָבן מיך פאַרלאָזט אויף דער צײַט פון מײַן עלטער"...

[שלום]

## 2. צום ברודער וואָלף (וועוויק)

לובני, 10טן דעצעמבער 1882

**אחי יקירי!**

דײַן בריוו האָב איך מקבל געווען. עס טוט מיר הנאה, וואָס דו האָסט זיך גענומען מיט גרויס חשק צו דערלערנען די מלאָכה! דו באַדאַרפסט שטענדיק גיין מיט דעם גאַנג, אַז ניט די מלאָכה מאַכט מיאוס דעם מענטשן... — — — אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט, אַז ס'איז ניט קיין חרפה אָפּצושינדן פון אַ נבלה די פעל, אַבי ניט אָנקומען צו מענטשנס גאָב. און אַז וויל איז צו דעם מענטשן, וואָס ער האָט אַ מלאָכה אין האַנט.

פאַר וואָס שרײַבסטו מיר ניט, ווי אַזוי דו פאַרברענגסט די פרײַע צײַטן, מיט וועמען דו באַגעגנסט זיך, ד"ה צי האָסטו חברים יונגע־לײַט, און ווער זײַנען זיי?

איך באַדאַרף דיר דאָ דערציילן וועגן אַ וואַלד — און וועגן אַ סאַד. אין יעדער שטאָט זײַנען פאַראַן פאַרשיידענערליי מענטשן מיט פאַרשיידענע כאַראַקטערן, מיט פאַרשיידענערליי וואָספּיטאַניעס. מענטשן אָרנטלעכע און ניט קיין אָרנטלעכע. מענטשן מיט גוטע זיטן און מענטשן מיט שלעכטע זיטן. אַ פרעמדע שטאָט איז אַזוי ווי אַ ווילדער וואַלד. אין אַ ווילדן וואַלד זײַנען אַלעביימער פרעמד, און עס איז זייער שווער אונטערשיידן איין בוים פון דעם אַנדערן. טאַקע דעריבער איז דאָ שווער צו געפינען דעם וועג.

ווען מע פאַלט אַרײַן אין אַ פרעמדער שטאָט, צווישן פרעמדע מענטשן, קאָן מען לכתחילה אויך ניט געפינען דעם חילוק צווישן די מענטשן, און עס איז שווערער, ווי בײַ זיך אין דער היים, צו געפינען גוטע חברים.

איצט וועגן דעם סאָד. זעען מיר, אין אַ סאָד זײַנען פאַראַן פאַרשיידענערלייביימער: עפּלביימער, באַרנביימער, ווײַנשלביימער, פלוימענביימער און אַנד׳ פרוכטביימער. יעדער בוים אין סאָד האָט זיך זײַן טבע, זײַן פריראָדע, און גיט אַרויס זײַנע פּירות, דהײַנו, אויף אַן עפּלבוים וועלן ניט וואַקסן קיין באַרן, און פאַרקערט, אויף אַ באַרנבוים וועלן ניט וואַקסן קיין עפּל. עס איז גאָר פשוט. וואָס פאַר אַ שורש מע האָט פאַרזעצט אין דער ערד, אַזאַ בוים וואַקסט פון אים אַרויס, ד״ה דער בוים מוז וואַקסן לויט זײַן שורש. וואָס נאָך זעען מיר? אין דעם אייגענעם סאָד וואַקסן אויך ווילדע גראָזן, דערנער, שטעכלקעס און קראָפּעווע.

דו ביסט ניט גלײַך צו יענע יונגע־לײַט, וועלכע וואַקסן ווי דערנער אָדער קראָפּעווע, דו דאַרפסט געדענקען, אַז דו ביסט אַ זון פון מנחם־נחום ברב זאב־וואָלף ראַבינאָוויטש און אַז דו טראָגסט דעם נאָמען פון אונדזער זיידן ז״ל, היט אָפּ דעם כּבוד פון אונדזער זיידן, היט אָפּ דעם טאַטנס כּבוד, דו זאָלסט שטענדיק גיין מיט די שענסטע דרכים.

איך וועל דיר סײַ בשעת אונדזערע „בעסעדעס" און סײַ אין דער צײַט, ווען מיר וועלן זיך, אם־ירצה־השם, טרעפן, קיין מאָל ניט לייענען קיין מוסר. איך וואָלט דיר, אַ שטייגער למשל, געזאָגט: „זע, וועוויק, דו זאָלסט זײַן פרום, אַניט וועט מען דיר אויפהענגען אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז!" וואָלט אַזאַ מין גראַוואָטשעניע געהאַט עפּעס אַ ממשות? ניין! פאַר וואָס? דערפאַר, ווײַל דאָס איז אָן אַ שום שׂכל, פּונקט אַזוי ווי מע שרעקט אַ קליין קינד — בו! אָבער אַז איך וועל דיר זאָגן, אַז דו דאַרפסט זײַן אַן אָרנטלעכער מענטש, אַזוי אַז דײַן סאָוועסט זאָל בײַ דיר שטענדיק זײַן ריין, ריין ווי גינגאָלד!

באַפּוילן, מוסר זאָגן, לייענען גראַוואָטשעניעס — דערצו בין איך ניט מסוגל. איך פאַרלאַנג נאָר מיט דיר פירן די „בעסעדעס", בכדי דו זאָלסט אין לעבן קיין מאָל ניט בלאָנדזשען און דו זאָלסט אין דער פרעמדער שטאָטריידן מיט דײַן אייגענעם ברודער אין אַזאַ צײַט, ווען מיר זײַנען פונאַנדערגעשיידט.

שרײַב מיר, צי האָסטו עפּעס בריוו פונעם טאָטן און וואָס שרײַבט ער דיר? שרײַב צו אים אָפטער און זשאַלעווע ניט קיין פריילעכע בריוועלעך. דו באַדאַרפסט וויסן, אַז דער טאַטע אונדזערער, ער זאָל מאַריך־ימים זײַן, לעבט מיטן חיות, וואָס ער באַקומט פון אונדז אָפטע פריילעכע בריוו.

שרײַב מיר אַרויס פון אַלצדינג באַריכות. זײַ מיר געזונט און גליקלעך.

אחיך שלום

שרײַב מיר, ווי אַזוי באַגייט זיך מיט דיר יאַנקעלע. גריס אים פון מײַן נאָמען, אויך זײַן גאַנצע סעמייסטווע, איטלעכן באַזונדער ג״פ. זע נאָר, דו זאָלסט ניט דורכלאָזן קיין איינע פון אונדזערע מומעס.

צי געדענקען זיי נאָך דער מומע חנהס גרוסן, וואָס זײַנען געווען גאָר... הערצלעך?...

## 3. צום פאָטער

16טן אַפּריל 1884

מײַן טײַערער פאָטער! הײַנט אַרום 5—6 אַ זייגער נאָך מיטאָג האָב איך דיר אָנגעזאָגט אַ ליבע בשׂורה, אַז גאָט האָט מיך געבענטשט מיט אַ טײַערער מתּנה, מיט זייער אַ שיינער טאָכטער — די פּרוכט פון אונדזער ליבע שוין וויפל יאָר. זאָל גאָט געבן אויף לאַנגע יאָר! געדענקסט, פאָטער, ווען דו ביסט געווען בײַ אונדז דאָ, זײַנען מיר גרייט געווען אַרויס־וואַנדערן ווײַט קיין אויסלאַנד צו זוכן אַ געזונט און היילונג צו דער קראַנקשאַפט פון מײַן איידעלער פרוי, וואָס איז אָבער אַוועק און פאַרגאַנגען ווי דער ווינט, וואָרעם פונקט ווי דער דינסטער שטויב אויף די וואָגשאָלן — אַזאַ ווערט האָבן אַלע דאָקטוירים מיט זייערע צוטראַכטונגען אַקעגן דער אַלמעכטיקער נאַטור, און אַלע זייערע עצות זײַנען פון גאָרנישט! ווי געשראָקן און געברייט האָבן זיך אונדזערע הערצער, בעת ס'איז אַרויפגעקומען אויף אונדזער געדאַנק, אַז הײַנט אָדער מאָרגן וועט קומען איר באַשטימטע צײַט, ווען יעדער פרוי דאַרף ווערן אַ מוטער צו איר קינד! און אָט זײַנען אַריבער עטלעכע רגעס, ניט מער ווי צוואַנציק מינוט, — און מײַן פרוי, זאָל לעבן, האָט אויפגעהויבן איר שטים איין מאָל און צוויי מאָל, און די שטוב איז פול געוואָרן מיט קולות פון עק ביז עק, זיסע קולות, ווי דאָס קול פון די, וואָס צימבלען אויף אַ האַרף, און פון די, וואָס שפּילן אויף מוזיקאַלישע אינסטרומענטן... און דאָס פּיצעלע קינד האָט זיך צעזונגען, אַזוי צו זאָגן: „קוואַ! קוואַ!“ אַ פּנים, די נאַטור האָט זי באַשאָנקען מיט אַ שטים פון געזאַנג? גוט, גוט, טאָכטער מײַנע! זינג זשע, זינג, די שענסטע פון די טעכטער, לאָז מיך הערן דײַן קול, וואָס איז שיין! „קוואַ! קוואַ!“... אָבער וואָס וועסטו עפּעס זאָגן אין אַ יאָר פופצן און מער אַרום? וואָס וועסטו דעמאָלט זינגען? וווּ זײַנען די ווערטער, די סודות און די ווונקען, וואָס זײַנען אָנגעצייכנט אויפן טאָוול פון דײַן לעבן? פאַרזיגלט און פאַרבאָרגן זײַנען די ווערטער, און אַ מענטשלעך אויג האָט זיי ניט אָנגעקוקט!... גיי זשע, טאָכטער מײַנע, און לעב אין דעם לאַנד פונעם לעבן! מיט אָרעמס פון ליבע וועט דיך האַלדזן דער ערשטער טאָג און וועט דיך טראָגן אויף זײַן אַקסל ווײַטער און ווײַטער און וועט איבער־געבן צום צווייטן טאָג, און דער צווייטער טאָג צום דריטן טאָג, און אַזוי ווײַטער — און דאָס איז דײַן לעבן! און וואָס וועט דעמאָלט זײַן? פרעג נאָר, טאָכטער מײַנע, דײַן זיידן, וועט ער דיר דערציילן, דײַנע עלטער־זיידעס, — וועלן זיי דיר זאָגן, און בײַ מיר זאָלסטו קיין פראַגעס ניט פרעגן. וואָרעם עס זײַנען ניטאָ קיין פראַגעס און קיין ענטפערס אין לעבן, וואָרעם אַלצדינג הענגט אָפּ פון דעם מזל און פון דעם צופאַל... נאָר גענוג שוין מיר צו פילאָסאָפירן!

זײַ געזונט, טײַערער פאָטער מײַנער, און גריס דאָס גאַנצע הויזגעזינד און צווישן זיי אונדזערע פרײַנד: זאָלאָטושקין און הלוי.

דײַן זון, וואָס האָט דיך ליב און ווינטשט דיר אַל דאָס גוטס.

שלום

אַ גרוס מײַן געערטער מוטער חנה, זאָל לעבן. מײַן טײַערן ברודער הערשל נ״י מיט זײַן פרוי רחל־לאה גריס איך באַזונדער.

## 4. צום ברודער אליהו

[בעלאַיאַ צערקאָוו] 25סטן מײַ [18]84

מײַן טײַערער ברודער! איך האָב באַקומען דײַן בריוו צוזאַמען מיט דער מתּנה, וואָס איז געשיקט צו מײַן טײַערער טאָכטער פון מײַן שוועגערין מרים, זאָל לעבן, און מיר האָבן זיך זייער געפרייט, דערזעענדיק אונדזער טאָכטער אין דער דאָזיקער שיינער פּאַטשיילע. און זי האָט אויסגעקוקט זייער און זייער שיין אין איר פּראַכטיקער קרוין, און פון די טיפענישן פון אונדזערע הערצער טראָגן מיר דיר צו אַ דאַנק, איך און מײַן אײדעלע פרוי, און צו מײַן שוועגערין מרים פאַר איר טון טאָן שענקען דעם דאָזיקן געשאַנק צו אונדזער טאָכטער. און דאָס, וואָס איז שייך אונדזער געזונט און וווילזײַן, — זײַנען מיר געזונט און שטאַרק, הלוואַי ווײַטער, נאָר אום צו פאַרמערן קראַפט, וועלן מיר אפשר גיין, איך און מײַן פרוי, צו באַזעצן זיך ערגעץ אויף דער דאַטשע באַיאַרקע אָדער אין אַן אַנדער פּלאַץ, לויט דער עצה פון די דאָקטוירים, אויב זיי וועלן אין דעם געפינען אַ גרויסן נוצן. איך אַליין וויל ניט און בין ניט מסכּים צו אַזאַ נסיעה צוליב אַ סך טעמים, וואָס ניט דאָ איז דאָס אָרט זיי אויסצורעכענען, און דעריבער וועלן מיר זיכער דאָ בלײַבן אויפן גאַנצן זומער. — און אויסער דעם איז ניט געבוירן געוואָרן קיין שום נײַס בײַ אונדז, אויב מיר זאָלן ניט רעכענען די רײַזע פון מײַן שווער קיין אויסלאַנד צו באַזוכן זײַן זון יהושע, וואָס די זײַלן פון זײַן געזונט ווערן שוואַכער פון טאָג צו טאָג, און דעריבער איז פאַר אים אוממעגלעך צו קומען אין זײַן געבורטלאַנד דאָס גאַנצע לעבן זײַנס...

און פון מײַן אויסערלעכן לעבן, דאָס הייסט פון דער וועלט פון מײַן טועכץ, קאָן איך דיר נאָך ניט אָנזאָגן קיין שום נײַע זאַך, וואָרעם די אָדערן פונעם האַנדל זײַנען פאַרגליווערט געוואָרן און האָבן זיך געשטעלט ווי אַ וואַנט פון רינענדיקע וואַסערן ביז צו הײַנטיקן טאָג. און אפשר וועט פון דעם נײַעם יאָר דער האַנדל אָרויסשפּראָצן, — דאָס וועלן די קומענדיקע טעג געבן צו וויסן. — אָט וואָס: ווער איז דאָס דער נײַער לערער פון דײַן זון דוד, זאָל לעבן, וואָס דו לויבסט אים אַזוי פיל? דער רוסישער בריוו זײַנער איז פול מיט גרײַזן ווי אַ מילגרוים, און דער לערער איז דאָך, זיכער, דער קאָרעקטאָר פון זײַנע תּלמידימס בריוו, וואָס זײַנען גענומען פון אַן אַפּירל אָדער פון אַ בריוון־שטעלער... ברודער, אין איינעם פון די נומערן פונעם „פאָלקסבלאַט" וועט אין גיכן קומען אַ בריוו פון אַ שנײַדער צום רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" הער לאַנדוי, אין אַ פּאָלעמיק, און אונטער אים איז אונטערגעשריבן „הערשל חית"; לכן, זאָלסטו וויסן זײַן, אַז דער דאָזיקער שנײַדער — דאָס איז דײַן ברודער שלום, טאָקע איך, ניט קיין אַנדערער, — אַזוי וועלן אויך קומען אַ סך מאמרים פון די צווײַגן פון היגיענע מיט מײַן אונטערשריפט „שלום־עליכם". — און פון דעם אַנדערן האַלב יאָר, דאָס הייסט פון חודש יולי אָן, וועסטו אָנהייבן באַקומען דאָס „פאָלקסבלאַט" און דעם „המליץ" אויף דײַן נאָמען דירעקט קיין סטאַרע. —

די רייד פון דײַן ברודער, וואָס ווינטשט דײַן פרידן און דײַן גליק אייביק.

שלום ראַבינאָוויטש

פּ.ס. אין אַ טאָג צוויי אַרום וועל איך דיר שיקן דורך מײַן ברודער הערשל אַ קליינע

הלוואה, וואָס איך האָב נאָך אָנגעקליבן; נאָך שבת, אפשר זונטיק אָדער מאָנטיק וועל איך שיקן...

פּ.פּ.ס.ס. אַ גרוס צו מײַן ברודערס זון דעם יונגן־מאַן מו״ה דוב־בער, זאָל לעבן. ווען דו וואָלסט געזען מײַן טײַערע טאָכטער, ווי זי שײַנט אין דער פּראַקטיקער שיינקייט פון איר פּאָטשיילע, וואָס דײַן מוטער, זאָל לעבן, האָט איר געשיקט, וואָלט אין דײַן האַרצן זיך זיכער צעברענט אַ פײַער פון ליבע צו איר! — פאַר דײַן בענטשונג זײַ אויך געבענטשט צוזאַמען מיט דײַנע טײַערע עלטערן.

ווי עס איז דער ווונטש פון דער זעל פון דײַן פעטער.

שלום

פּ.פּ.ס.ס.ס. דעם יונגן־מאַן שלום שור זאָלט איר זאָגן, אַז ווען ער וועט מיר אָפּשיקן די ביכער, וואָס ער האָט גענומען בײַ מיר, וועל איך אים שיקן נאָך אַנדערע ביכער צו יענער צײַט, — און אַ גרוס, ווי דער מינהג איז, אויך צו אים.

## 5. צום זעלבן

**בעלאַיאַ צערקאָוו, 22סטן יוני 1884**

לכבוד מײַן טײַערן ברודער כמר אליהו, זאָל לעבן מיט זײַן גאַנצן הויזגעזינד אין פרידן. מײַן טײַערער ברודער!

ווו אַ ביטערער און נויטבאַדערפטיקער מענטש — דעם שיקסטו צו מיר, איך ווייס ניט צו וואָס און פאַר וואָס!

רב לייזער דעם פעטער ניסלס איידעם איז געקומען צו מיר פון אַ ווײַטן לאַנד, פון דער געבענטשטער שטאָט וואָראָנקאָוו, מיט אַ בקשה, איך זאָל אים געבן אַ שטעלע; און אויף מײַן פראַגע, ווער האָט אים געשיקט אַהער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז דו האָסט אים געזאָגט, אַז איך בין, גאָט צו דאַנקען, אַ גרויסער גביר, און דעריבער בין איך אין קראַפט אַרײַנצונעמען אים צו איינער פון די שטעלעס, אא״וו. ווי אַ פאַרוואונדערטער בין איך געשטאַנען, געקוקט אים אין פּנים אַרײַן און געטראַכט בײַ זיך אין האַרצן: „וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט נעכטן און אייערנעכטן — זאָל פאַלן אויף מײַנע שונאימס קעפּ מיט אַלע שׂונאי־ציון בכלל!״...

וואָס זאָל איך טון, ברודער, אויב אַז ביז הײַנטיקן טאָג איז דיר ניט באַוווסט מײַן לאַגע בײַ מײַן שווער אין שטוב, אַזוי אַז דו האָסט מיר געגעבן אַן עצה צו האַנדלען מיט האָבער און מיט שאָר־ירקות; און איך האָב דאָ ניט קיין שום מיסחר אין מײַן האַנט, וואָרעם מײַן שווער גיט אונדז ניט אונדזער געלט צו מאַכן דערמיט עפּעס אַ געשעפט, און איך קאָן דאָס ניט בעטן בײַ אים, צוליב אַ סך טעמים, וואָס איך וויל ניט פאַרשפּרייטן זיך וועגן זיי צו פיל. איז ווען איך זאָל איצט קומען צו מײַן שווער בעטן אַ שטעלע פאַר איינעם פון מײַן משפחה, וואָלט ער מיר זיכער אָפּגעזאָגט, אויך צוליב פיל טעמים, וואָס ס'איז ניט נייטיק צו פאַרשפּרייטן זיך וועגן זיי, ווי באַלד דיר איז ניט באַוווסט אַפילו איינס פון טויזנט. און גלאַט, ווי אַזוי האָסט דו געקאָנט שיקן אַן אָרעמען מענטשן אַן אביון צו

לייגן פיל הוצאות אויפן וועג אַהער צו זוכן בײַ מיר „שטעלעס", איידער דו האָסט זיך איבערגעצײַיגט צו וויסן, צי וועט ניט אומזיסט זײַן זײַן רײַזע? און אויף יעדן פאַל איז דאָך פאַראַן אַ פּאָסט בײַ אונדז אין לאַנד, וואָס פאַר דרײַ קאָפּיקעס וואָלט ער געקאָנט וויסן, צי גיין רעכטס אָדער לינקס — און דו, אַחוץ וואָס דו האָסט גורם געווען, אַז דער אויבן־דערמאָנטער רב לייזער זאָל פאַרלירן אומזיסטע הוצאות, האָט ער נאָך געהאַט אַ היפּש ביסל שפיכות־דמים, ווײַל ער איז געקומען צו מיר אין אַן אומגליקלעכער שעה, בעת מײַן שווער און שוויגער זײַנען געווען בײַ אונדז און אַ שווערער קאַמף (מיטן מויל) איז פאָרגעקומען צווישן אונדז ווען אונדזער שלעכטער און ביטערער לאַגע, וואָס דו וועסט עס גאָרניט פאַרשטיין, און דעריבער בין איך געווען געצוווּנגען צו ריידן מיט אים אין הויף, ווי מיט עפּעס אַ שלעפּער, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט געווען קיין לײַבלעכער קרוב צו מײַן פאָטערס משפּחה — — —.

און כּדי דו זאָלסט אויך פאַרשטיין כאָטש וויפל עס איז פון אונדזער לאַגע, וועל איך דיר זאָגן קורץ און שאַרף, אַז איך וואָלט געווען איינער אַ גליקלעכער אויף דער וועלט, ווען איך זאָל קאָנען געפינען פאַר זיך עפּעס אַ שטעלע ערגעץ אין אַ קאַנטאָר אָדער אין אַ געשעפטהויז פאַר אַ קליינעם לוין און ניט עסן אָט דאָס לײַכטע ברויט אויפן טיש פון מײַן שווער — —... אויב דו וועסט פאַרשטיין די ווערטער פון דײַן ברודער, איז גוט, און אויב ניט... זיי מיר געזונט, דו און אַלע דײַנע, ווי עס ווינטשט דיר דײַן יינגערער ברודער

שלום

פ.ס. מיט גרויס פרייד וואָלט איך גערן גענומען אויף זיך עפּעס אַ שטעלע אין בראָדסקיס קאַנטאָר אין קיִעוו, אָדער אין אַן אַנדער אָרט, פאַר ניט אַזאַ גרויסן געהאַלט, וואָרעם מײַן שווער צאָלט אונדז צו יעדער צײַט דאָס פּראָצענט פון אונדזער געלט, די סומע פון טויזנט זעקס הונדערט רובל אַ יאָר, אָדער הונדערט פערציק רובל אַ חודש, און דעריבער וועל איך זיך ניט נייטיקן אַזוי אין מײַן געהאַלט, וואָרעם ניט דאָס פאַרדינסט איז בײַ מיר דער עיקר, נאָר די שטעלע. און פאַר דעם וואָס פאַרשטייט איז דאָס גענוג.

פּ.ס.ס. אויפן בריוו פון דעם אומצײַטיקן משׂכּיל, דעם שוטה א., האָב איך געפונען פאַר נייטיק ניט צו ענטפערן אים גאָרנישט, וואָרעם ער איז אַ גרויסער טיפּש, און אַלע משׂכּילים פון באַריספּאָל, פונקט ווי די קולטור־טרעגערס אין מײַן געבורטשטאָט פּערע־יאָסלאַוו, זײַנען ווי דאָס שאָלעכץ פון קנאָבל בײַ מיר אין די אויגן, און זייער חכמה איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט! אויב דו ווילסט, זאָג דאָס דעם חכם א., אַז — — —...

## 6. צום זעלבן

קיִעוו, יום ו' עש"ק, 27סטן יולי 1884

צו מײַן טײַערן ברודער, דעם גרויסן למדן, דעם נגיד און דעם שאַרפן מאַגנאַט און חסיד, הרבני מוהר"ר
אליהו נ"י, דער זון פון מנחם נחום

דער זון פון זאב דער זון פון נחום דער זון פון זאב
דער זון פון נחום דער זון פון זאב דער זון פון נחום
דער זון פון זאב, ביז אַהרן הכהן.

וואָס מאַכסטו, מײַן ברודער!

אמת, ברודער, שוין אַ שאָק מיט יאָרן אַז מיר האָבן זיך ניט דורכגערעדט איינער מיטן אַנדערן, איך בין דער שולדיקער און דו ווערסט פאַרגעבן. וואָס זאָל איך דיך לאָזן הערן נײַס? דײַן געערטער שווער האָט דיר געוויס דערציילט וואָס ער האָט געהערט פון מיר, אַז קיין נײַס איז נישטאָ. אין אַ צוויי שעה אַרום פאָר איך קיין שדה לבן אַהיים (און אַזוי טו איך שבת אין שבת, ווי אַן אמתער חסיד) צו אַרומנעמען די וואָס מײַן זעל האָט ליב, דאָס מיינט מען מײַן איידעלע פרוי און מײַן בילדשיינע טאָכטער, וואָס איז מיר טײַערער פון אַל דאָס רײַכטום. פון מײַן שווער האָב איך געקריגן אַ בריוו, אַז ער איז צופרידן פון מײַן שטעלע ניט מצד דעם געהאַלט, וואָס איך באַקום, וואָרעם וואָס פאַר אַ ווערדע האָט עס, נאָר מצד מײַן אויסמישן זיך מיט מענטשן סוחרים, וואָס איך וועל זיך איבערצײַגן צו וויסן, אַז דאָס געלט איז אַ באַרג, וואָס אַלע ווענדן זיך צו אים, און אַפילו אַזאַ גרויסער גביר ווי בראָדסקי האָט אויך ליב געלט, קאָן זיך ניט אָנזעטיקן, וואָרעם השׂכּלה אָן געלט איז ניט ווערט גאָרנישט... „און אין דער אמתן — זאָגט מײַן שווער אינעם בריוו — אַזאַ שטעלע איז אַ זעלטענע זאַך אין אַזאַ צײַט, בעת אַלע געשעפטן זײַנען פאַרגליווערט געוואָרן, האָבן זיך געשטעלט ווי אַ וואַנט פון רינענדיקע וואַסערן, און זייער קוואַל איז פאַרשטאָפּט געוואָרן, נאָר זײַן טאָכטער און אַלע וואָס זײַנען באַהעפט מיט אים נייטיקן זיך ניט אין דעם, דאָס הייסט, צו לעבן אויפֿן געהאַלט, וואָרעם זי האָט איבער גענוג..." — — — מײַן שוויגער זאָל לעבן איז אַצינד בײַ אונדז אין שדה לבן, און מײַן שווער קאָן ניט פאַרלאָזן זײַן הויז, וואָרעם די צײַט פון שניט איז אָנגעשטאַנען, דעריבער וועט ער שוין קומען מיט געזאַנג מיט די וואָס טראָגן זײַנע גאַרבן...

זײַ געזונט און געבענטשט אין אַלץ, ווי עס ווינטשט דיר דײַן ברודער וואָס האָט דיך ליב.

שלום עליכם

פּ.ס. צו דײַן פרוי און צו דײַן טאָכטער און צו אַלע דײַנע זין און טעכטער און קינדסקינדער פרידן און אַל דאָס גוטס אייביק.

און אָט דאָס איז מײַן אַדרעס: קיִעוו, אין דער הויפּט־קאַנטאָר פון י.מ. בראָדסקי. פאַר ראַבינאָוויטשן.

## 7. צום זעלבן

שדה לבן, 11/10 יוני [18]85

מײַן טײַערער ברודער!

מיט אַ האַרץ פול מיט ווייטיק און מיט אויגן פולע מיט טרערן גיב איך דיר צו וויסן, אַז נעכטן בײַ נאַכט איז מײַן פרוי זאָל לעבן פאַרשלאָפט געוואָרן, און איך בין געוועזן

געצוווּנגען צו ברענגען זי אַהער קיין שׂדה לבן צו זוכן רפואה און הילף בײַ אירע דאָקטוירים, וואָס ווייסן פון לאַנג, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט איר בשעת זי איז קראַנק.

אמת, איר ווייטיק איז ניט אַזוי גרויס און ס׳איז חלילה ניטאָ קיין שום סכּנה, נאָר דו קאָנסט זיך לײַכט פאָרשטעלן, ווי גרויס איז מײַן בראָך און אונדזערביידנס אומגליק צוזאַמען, וואָס מיר האָבן געלאָזט אויף פרעמדע הענט אונדזער אויג אין קאָפּ, אונדזער טאָכטער, וואָס איז אונדז טײַערער פון אַל דאָס רײַכטום און פון אַלע אַנטיקן אין דער וועלט!

ווי געשריען, גאָט דער האַר! ביז וואַנען וועלן מיר זײַן ווי אַ קויל אין די הענט פון דער גרויזאַמער צײַט, פון איין שטויס צום אַנדערן, פון איין צרה צו דער צווייטער, פּונקט ווי נאָר דערויף זײַנען מיר באַשאַפן געוואָרן?!

מיט אַ טאָג פריִער — ערשט אויך דײַן בריוו האָט מיך דערגרייכט ניט אויף פאַרגעניגן און נחת, נאָר אויף עגמת־נפש און האַרצווייטיק, ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט דיר צו העלפן אַצינד. נאָר זאָלן מיר ניט פאַרלירן אונדזער בטחון און מיר וועלן האָפן אויף דער צוקונפט, וואָס וועט אונדז ברענגען היילונג אין אירע פליגלען — וואָרעם אונדזער האָפענונג איז דער אָטעם פון אונדזערע נאָזלעכער אייביק.

די רייד פון דײַן ברודער, וואָס שרײַבט מיט אַ צעבראָכענעם האַרץ און מיט אַ געדריקטן געמיט,

שלום

## 8. צו נאַטאַשע מאַזאָר

קאַרלסבאַד, 16טן (29סטן) יוני 1886

מײַן טײַערע פלימעניצע נאַטאַשע!

...די מאָראַל פון אָט דעם משל?...

...אַז דו וואָלסט געדאַרפט אַ ביסל זיך אונטערהיילן מיט קאַרלסבאַדער וואַסערן... אַגב, אַזוי ווי דו האָסט נאָך ניט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה בכבודיקייט, וואָלט איך דיר געעצהט, אַנשטאָט דעם וואַסער, האַלטן זיך בלויז בײַ דער פײַנלעך נישטיקער דיעטע, וואָס מע האָט צוגעשריבן דײַן אומגליקלעכן, הונגעריקן פעטער, וועלכער נערט זיך בלויז מיט לופט און מיט די פּראַכטפולע לאַנדשאַפטן פון דער נאַטור... נאָר דו וועסט זען, ווי איך וועל נקמה נעמען אין אַלע אָט די אַכזריותדיקע פּײַניקערס מײַנע ווען איך וועל קומען אַ געזונטער אַהיים. אָ, דעמאָלט וועל איך אויסליידיקן, אַזוי צו זאָגן, דעם בויערקער מאַרק, באַזונדערס אין הינזיכט פון קאַלבנפלייש.

נאָר איך קאָן ניט רעדן וועגן עסן: איך ווער פאַרצאָרנט דעמאָלט, און איך דאַנק דעם גורל כאָטשבי דערפאַר, וואָס איך האָב ניט אָנגעוווירן, ווי אַנדערע, דעם אַפּעטיט, וואָס באַשטעטיקט טיילווײַז דײַן האָפענונג, אַז איך וועל זיך אומקערן אַהיים אַ געזונטער פעטער. גאָט זאָל העלפן!

אומזיסט האָסטו זיך באַוואָרנט אינעם בריוו, אַז דו האָסט אָנגעשריבן עפּעס אַ שטותערײַ. זײַט וויסן, פרײַנד מײַנע, אַז פאַר מיר עקסיסטירט ניט אַצינד קיין שטותערײַ, ווען עס גייט אַ רייד וועגן מײַן הויזגעזינד און וועגן די נאָענטע מיר מענטשן. מיר איז

טײַער אַ באַליביק ידיעהלע, כּלערליי, אַפילו קלייניגקע פּרטים, ווען זיי קומען פון מײַן היימווינקל. וואָס זשע זאָל מען טאָן מיט דער גאַטור? ווען איך הער צופעליק, ווי מע רעדט אויף רוסיש, ווער איך ניט־ווילנדיק אויפגעציטערט. אָבער — אויף ווידערזען. דערפאַר שיק איך יעדערן פון אײַך קאָנווערטן, איר זאָלט מער און אָפטער שרײַבן.

דײַן פּעטער סאָלאָמאָן

## 9. צו דער זעלבער

קאַרלסבאַד, 18טן (30סטן) יוני 1886

ליבער פרײַנד נאַטאַשע!

מיט דיר, ברודערקע, וועל איך זיך ניט צערעמאָניען. פאַר וואָס שרײַבסטו מיר ניט? ס'איז דיר שוין דערעסן מיר צו שרײַבן? אָדער די פוילקייט האָט דיך בײַגעקומען? אָ, וואַרט צו, איך וועל זיך נאָך מיט דיר צערעכענען! דײַן גליק, וואָס איך בין איצט הונגעריק און אײַל זיך אויף דער ריוויערע מיטיקן. אַניט וואָלט איך נאָך ניט אַזוי זיך אויסגעזידלט, דער רוח זאָל עס נעמען! און נאָך דעם באַשולדיקסטו מיך נאָך אין נודאָטע, מרה־שחורה, כניקעניש אאַז״וו. איך וועל דיך צווינגען — דו הערסט? — אויסצושרײַבן אַ גאַנצן בויגן פּאַפּיר פון אַלע זײַטן אָט מיט אַזעלכע אותיות: טײַערער פּעטער! אײַער בריוו האָב איך פּינקטלעך דערהאַלטן. איך בין אַבסאָלוט אַ שרעקלעכער חזיר, וואָס איך האָב אײַך ניט געשריבן...

אָט מיט אַזאַ שריפט אומבאַדינגט, אַניט וועל איך דיך אין דרײַען צונויפבייגן, אין אַ פּראָשעק צערײַבן און מיטן ווינט צעווייען! מיט מיר שפּאַסט מען ניט.

אויף ווידערזען.

דײַן בייזער פּעטער סאָלאָמאָן

## 10. צו ערנעסטינע ראַבינאָוויטש

קאַרלסבאַד, 26סטן יולי 1887

ליב טעכטערל מײַנס טיסי!

זאָג דער מאַמע, אַז מיר איז אַזוי ניט גוט אויפן האַרצן, ווען איך באַקום ניט קיין בריוו פון דער היים! גיב אַ קוש סאַראָטשקען און זײַט מיר אַלע געזונט!

דײַן פּאַפּאַ

## 11. צו נאַטאַשע מאַזאָר

קיִעוו, 10טן אָקטאָבער 1887

טײַערע נאַטאַשע!

טיסי זאָגט: „נאַטאַסיאַ באַלנאַיאַ״ און גריסט דיר אָפּנהאַרציק. שׂרהטשקע אויך. ווען

מע וועט אראָפּנעמען דעם קאַראַנטין און מיר וועלן זיך קאָנען זען, בין איך זיכער, אַז דו וועסט ניט דערקענען שׂרהטשקען; ווי אַזוי האָט זיך אויסגעמענטשלט אָט דאָס עופעלע. מיט אומגעדולד וואַרטן מיר, ווען מיר וועלן ווידער דיך זען אין פריערדיקן בליענדיקן געזונט. מע האָט דיר געגעבן אַ גוט־אויג, נאַטאַשקע, זאָלן זיי זיך אָפּבײַסן אַ האַלבע צונג, זאָלן זיי אין די אויגן — אַלעמען, ווער עס איז מקנא געווען אויף דײַן פּרעכטיקן ווײלזײַן. צי דאַרף איך עפּעס צוגעבן צו יענער דיעטע, וואָס די דאָקטוירים שרײַבן דיר צו און וואָס דו פּילסט, ווײַזט אויס, ניט אויס? טיסי גריסט דיך אייגנהאַנטיק, זי לייענט „פּוסקינען". ענטפער ניט אויפן בריוו. לייג אָפּ אויף אַן אַנדער צײַט. זײַ געזונט, בליענדיקע, רומיאַנע, ווי דו ביסט געווען ביז אַהער און אויף אייביק.

דײַן פּעטער סאָלאָמאָן

## 12. צום ברודער וואָלף (וועוויק)

קיעוו, 22סטן אָקט' 1888

אָחי יקירי!

איך האָב דערהאַלטן דײַן קורצן בריוועלע מיטן פאַרשטעלטן מזל־טוב, וואָס דו שרײַבסט אַליין, אַז עס איז „קורץ און בינדיק". איך מיין דיר דערויף אויך ענטפערן „בינדיק", אָבער ניט אַזוי קורץ.

איך בין געווען אין בערדיטשעוו און האָב גערעדט מיט דײַן כּלה און פאַרבראַכט מיט איר אין שטוב אַ פּאָר שעה. קאָן איך דיר זאָגן דרײַ מאָל מאַלאַדיעץ, וואָס דו האָסט אויסגעזוכט אַ פײַנע כּלה דווקא אין בערדיטשעוו און וואָס דו האָסט ניט געזוכט ערגעץ דאָרטן בײַ די דײַטשלעך, פריער געלט און נאָך דעם אַ מענטשן... געלט איז בלאָטע שעביבלאָטע, געלט קומט אָן, געלט גייט אָוועק. דער עיקר איז טאַקע מענטש! און מזל איז בײַ גאָט. מיר איז אַפילו אַ חידוש געווען, וואָס דו האָסט מיר ניט דעפּעשירט דײַטלעך, ווען איך זאָל אַרויספאָרן קיין ב"ד. איך בין פון דײַן דעפּעש אַרויס ניט וויסנדיק. אפשר ביסטו פון מײַן דעפּעש אויך אַרויס ניט וויסנדיק? זײַנען מיר, ברוך־השם, איינער פון דעם צווייטן אַרויס ניט וויסנדיק. מיט דײַנע דעפּעשעס האָט געטראָפן דאָס, וואָס עס טרעפט ניט איין מאָל מיט דעפּעשעס. עס איז געוואָרן פון די ווערטער אַ פאַרדרייעניש, אַ פאַרפּלאָנטעריש, אַ מיספאַרשטייעניש, איך זאָג דיר, — אַ וואַכלאַקלאַקעס!... פּונקט דאָס אייגענע האָט אָוודאי אויך געטראָפן מיט מײַן דעפּעש. איך בין אויך געווען בײַ שׂרה־ריבהן. ערשטנס, האָט זי זיך מיט מיר אָפּגערעכנט פאַר אַלטע חטאים. והשנית, האָב איך אַרויסגעזען, אַז זי איז אײַך ביידן ניט קיין גוט־ווינטשנדער פרײַנד, נאָר דו וועסט זיך געוויס דערפון ניט נעמען צום האַרצן.

איך בין אויך געווען בײַ שעפּטלען. נאָר צי וועט זיך מיר אײַנגעבן צו דרוקן מײַנע ווערק, לאָזט זיך נאָך ניט זאָגן.

שרײַב, וואָס טוט סאָסי, צי פאַרשטייט זי די אַרבעט, און צי האָט זי דערצו אַ געפיל? פאַר וואָס שרײַבט זי גאָרניט? לאָמיך טאַקע בײַ איר אַליין אויך פרעגן:

ליבע שוועסטער סאָסי! (דו זאָלסט מיר טויזנט מאָל מוחל זײַן, נאָר סאָסי געפעלט

מיר אַ סך מער, ווי זאָפּיע) פֿאַר וואָס לאָזסטו זיך ניט הערן? דו ביסט דאָך אַן אייגענע שוועסטער. איך געדענק דיך זייער שוואַך און פֿאַרלאַנג דיך קענען, אַזוי ווי מע באַדאַרף קענען אַן אייגענע שוועסטער. זײַט מיר בײדע געזונט און גליקלעך.

אײַער ברודער שלום־עליכם

ביבע גריסט אײַך בײדן ג״פּ.

## 13. צום זעלבן

קיִעוו, אויגוסט 1889

אָחי יקירי!

איך וואָלט אויך זייער פֿאַרלאַנגט ווערן אַ פּאַריזשער אויף אַ שטיקל צײַט, און איך דענק, אַז איך וועל דאָס טאַקע זײַן. דערווײַל פֿרייט מיך זייער, וואָס איך האָב שוין אַ פּאַריזשער ברודער. עס וואָלט מיך אָבער פֿיל מער געפֿרייט, ווען דו זאָלסט מיר שרײַבן פֿון פּאַריזש אַ ביסל פֿריילעכערע גרוסן. ווי איך זע, לעבט זיך דיר דאָרט ניט ווי גאָט אין אַדעס, און אַפֿילו ניט ווי אַ הענטשקע־מאַכער אין בערדיטשעוו.

דאָס, וואָס מ׳האָט דיך אויף דער שוואַרצער גרענעץ בדיל־הדל געשטעלט, ביסטו אַ ביסל אַליין אין דעם שולדיק. מיר איז גלאַט געווען אַ חידוש אויף דיר, פֿאַר וואָס דו האָסט צו מיר פֿריִער ניט געשריבן, אַז דו קלײַבסט זיך אין פּאַריזש. איך וואָלט דיך בפֿירוש געוווען אָפּגעהאַלטן צו פֿאָרן אין אַזאַ ווײַטער רײַזע, הײַנט ווער שמועסט שוין קיין אויסלאַנד און אָן אַ פּאַס! אַהין באַדאַרף מען פֿאָרן, ווי אַלע אָנשטענדיקע מענטשן, מיט אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט. נאָר דאָס איז שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע זאַך.

צי גיט זיך דיר אײַן צו פֿאַרשטיין די שפּראַך, וואָס דו הערסט אין פֿראַנצויזן־לאַנד (דאָס איז ספּעקטאַרס אַ וואָרט), אָדער זי איז פֿאַר דיר אין גאַנצן תּרגום־לשון? דו ווילסט זיך גיך אויסלערנען ריידן אַזוי, ווי די פֿראַנצויזלעך, — טאָ שעם זיך ניט און הייב גלײַך אָן ריידן. אַז מ׳וויל זיך אויסלערנען שווימען, לייגט מען זיך גלײַך אויפֿן וואַסער און מע לאָזט זיך שווימען. וואָס? סע שווימט זיך ניט? דו קאָנסט נאָך גאָרניט? זאָל דאָס דיך גאָר ניט אָפּשרעקן. רייד דאָס, וואָס דו קענסט ניט!... אַבי דו וועסט נאָר כאַפּן די ערשטע פֿאָר ווערטער — איז גימל. דאָס איבעריקע דערמאַכט מען שוין מיט די הענט, מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אָדער גאָר מיט אַ פֿינטל מיט די אויגן. נאָך דעם וועט דאָס שוין גיין ווי אַ מיזמר. נאָר ווי אַזוי עס וועט שוין דאָרטן זײַן, צי דו וועסט מיט אַ מאָל אָנהייבן שווימען, מיין איך ריידן פֿראַנצויזיש, צי ניט אַזוי גיך, זאָלסטו אין אונדזער מוטערשפּראַך קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן.

אַז איך שרײַב דיר דאָס, קענסטו שוין פֿאַרשטיין, ווי טיף דו האָסט מיך דערפֿרייט דערמיט, וואָס דו לייענסט אויך אין פּאַריזש יידישע ביכער בכלל און מײַנע ווערק בפּרט, און וואָס דו לייענסט זיי אויך בציבור אין אַ „קרוזשאָק" פֿון יידישע חברים. לאָמיר האָפֿן, אַז עס וועט גיך קומען די צײַט, ווען איך וועל אין דײַן פּאַריזש פֿאַרמאָגן הונדערטער לעזער און, ווער ווייסט, אפֿשר אויך טויזנטער? ווען דו וועסט זיך טרעפֿן אין פּאַריזש מיט נאָך יידישע יונגע־לײַט, וואָס רעדן אויף אונדזער מוטערשפּראַך, און מיט יידן מיט

בערד, וועלכע האָבן ניט לאַנג עמיגרירט אין דעם פראַנצויזן־לאַנד, זאָלסטו ניט פאַרגעסן פרעגן ביי זיי, צי האָבן זיי געהערט פון אַזאַ מין שלאַק, וואָס מע רופט אים שלום־עליכם. ווער ווייסט? איך קלייַב זיך ערשט זייַן אין פאַריזש, אפשר בין איך שוין אַ דאָרטיקער פון אַ צייַט. אַ מענטש פאַרמאָגט פיס און קאָן אויך פאָרן מיטן באַן, און אַ ספר רירט זיך ניט אַליין פונעם אָרט. דאָך קאָן זייער טרעפן, אַז דער ספר זאָל אַריבעריאָגן דעם מענטשן...

אַזוי ווי מ'האָט דיך ביי דער שוואַרצער גרענעץ בדיל־הדל געשטעלט, שיק איך דיר דורך דער באַנק פופציק רוסישע רובל, און דו וועסט באַקומען מיט פראַנקן לויט דעם קורס. דאָ האָסטו דאָס פּאַפּירל, ווו עס איז שוין בפרוטרות אָנגעוויזן וועגן אַלץ. זוך פאַר זיך אַ גוטן פּלאַץ און כאַפּ זיך ניט גלאַט צו וואָס עס מאַכט זיך. אַ גוטן פּלאַץ געפינט מען ניט אין איין טאָג.

דייַן ברודער, וועלכער ווינטשט דיר פיל גליק אין פאַריזש און אין דער גאַנצער וועלט,

שלום־עליכם

## 14. צום ברודער אליהו

קיעוו, 6טן סעפטעמבער 1889

מייַן טייַערער ברודער!

דער שידוך, וואָס עס האָט מיר פאָרגעלייגט דייַן פרוי, מייַן שוועגערין מרים, וועגן ה., איז מיר זייער געפעלן, וואָרעם איך האָב שוין לאַנג געהערט וועגן די דאָזיקע מענטשן, אַז זיי זייַנען געהויבענע, רעכטפאַרטיקע און פון ערלעכן וועג, ובפרט אַז דער דאָקטאָר איז אַ באַגלייבטער מענטש, וואָס אַלע וואָס זעען און קענען אים האָבן אים ליב, חן און לייַטזעליקייט באַקרוינען אים, און ס'איז געוויס זיכער אויף אַזעלכע מענטשן, אַז זייער יינגערער זון איז אויך אַ גוטער און אַן ערלעכער און אַ טייַערער מענטש. — נאָר ס'איז פאַראַן אַ שׂטן אויף דעם דאָזיקן וועג, און ער שטייט אין מיטן וועג און זייַן שווערד איז אויסגעצויגן אין זייַן האַנט; — — — אַ טאָכטער פון די ייִדישע טעכטער היינטיקע צייַטן וועט ניט אייַנשטימען בשום־אופן צו פאַרבינדן זיך דורך אַ שדכן אָדער אַפילו דורך דעם חתן אַליין, אין פאַל אַז ער זאָל קומען זען און געזען צו ווערן, זאָל גאָט היטן! דעריבער, אויב די זאַך געפעלט דעם ה., באַדאַרף ער זייַן, אַחוץ אַ חתן מיט שיינע אויגן, אויך אַ גרויסער דיפּלאָמאַט, דהייַנו: אַז זייַן קומען אַהער זאָל זייַן פאַרשטעלט (אינקאָגניטאָ בלע"ז); און אַזוי ווי ער האָט דאָ אַ געבילדעטן ברודער, דאָס איז דער דאָקטאָר, און דער דאָזיקער דאָקטאָר איז מייַן פרייַנד שוין ביי אַ האַלב יאָר, דעריבער וועט שוין לייַכט זייַן, אַז דער יונגער־מאַן זאָל קומען צו זייַן עלטערן ברודער, און ביידע וועלן קאָנען אַרייַנקומען צו מיר אין הויז צו זוכן מייַן באַקאַנטשאַפט, ווי דער מינהג איז אין דער וועלט, און ביי מיר אין הויז וועט יעדער געבילדעטער מענטש געפינען אַ נוצן, וואָרעם מייַן הויז איז אַ זאַמלהויז פאַר חכמים און משׂכּילים אין קיעוו, ווי עס איז באַוווסט צו אַלע וואָס קומען אין דעם טויער פון מייַן שטאָט. — מייַן עצה איז, ברודער, אַז דו זאָלסט אָט די אַלע זאַכן איבערגעבן דעם ה., און ער פון זייַן זייַט און אויך זייַן זון פון זייַן זייַט זאָלן שרייַבן צום עלטערן זון דעם דאָקטאָר, און נאָך דעם, אויב זיי וועלן

געפינען, אַז דער וועג איז גלײַך פאַר זיי, זאָל קומען דער באַשפּראָכענער, דאָס הייסט דער חתן, קיין קיִעוו צו באַזוכן זײַן ברודער, און אַז ער וועט זײַן דאָ, וועט ער פּאַר זיך געפינען אַ וועג צו באַזוכן מיך אין מײַן הויז, און איך וועל אים פאָרשטעלן פאַר מײַן פרוי און פאַר דער טאָכטער פון מײַן שוואָגער, און אויב ער וועט זיי געפעלן, און אויב די זאַך איז באַשערט פון גאָט, וועט דער דאָזיקער יונגער־מאַן זײַן דער גליקלעכער אויף דער ערד, וואָרעם אָן חניפה קאָן איך זאָגן אויף דער טאָכטער פון מײַן שוואָגער: אַז ווויל איז דעם, וואָס וועט אַזאַ האָבן. און ווייס, ברודער, אַז מע לייגט מיר פאָר פאַר איר שידוכים מיט הונדערט טויזנט רובל; נאָר די אויגן פון אונדז אַלעמען זײַנען ניט צו געלט געווענדט, נאָר צום קערן אַליין, און אַזוי ווי עס זעט מיר אויס, און אַזוי ווי מיר ווייסן דעם כאַראַקטער פונעם דאָקטאָר, זײַנען מיר זיכער, אַז דאָס געזיכט פון זײַן יינגערן ברודער וועט ניט פאַרבלייכט ווערן אין אַלע היגזיכטן.
— דעם עיקר האָב איך ניט פאַרגעסן: אָט די אַלע זאַכן מוזן זײַן באַהאַלטן און פאַרזיגלט און פאַרבונדן ביז צום ענד, און נאָר מיר און איר, דאָס הייסט: איך, מײַן שוויגער און מײַן פרוי, דו, דײַן פרוי און ה. און זײַן פרוי און די ברידער — און אויסער אונדז טאָר זיך ניט אַרײַנמישן קיין פרעמדער. און דער עיקר פון אַלע עיקרים — אַז די באַשפּראָכענע כלה זאָל ניט וויסן און זאָל ניט פאַרשטיין קיין ברעקל זאַך, אַניט וועט, חס־ושלום, קומען דער שׂטן צו אַוועקשטעלן זיך פאַר גאָט, צו קאַליע מאַכן דעם ענין פון אָנהייב ביז סוף, און די גאַנצע זאַך וועט ווערן צו נישט... און עס וועט זײַן געגנוג בזיון און צאָרן. — לייען די דאָזיקע ווערטער מײַנע מיט קאָפּ, און טו דײַן טועכץ, און גאָט וועט באַגליקן, וואָרעם די זאַך איז מיר נאָענט צום האַרצן מער ווי דו האָסט זיך פאָרגעשטעלט, לויט ווי איך זע אַרויס פון דײַן בריוו. — און גריס דײַן פרוי און דאָס גאַנצע הויזגעזינד דײַנע, און זאָל קומען קיין ציון דער אויסלייזער, און מיר זאָלן זײַן געבענטשט צום נײַעם יאָר, ווי עס ווינטשט דײַן ברודער, דער וואָס באַגערט דײַן פרידן,

שלום

פּ.ס. אויף יעדן פאַל בעט איך דיך צו שרײַבן מיר העברעיִש און ניט ייִדיש.

## 15. צום זעלבן

באַיאַרקאַ, 17טן אויגוסט 1890, ג׳ אלול תר״ן

פרידן צו מײַן טײַערן ברודער אאַז״וו. הר׳ אליהו נ״י, און פרידן צו זײַן גאַנצן הויזגעזינד און צו די איבעריקע ברידער מײַנע, פרידן צום ווײַטן און צום נאָענטן!

מיר דאַכט, אַז זינט אונדזער פאָטער זכרונו־לברכה איז געשטאָרבן, זענט איר ניט געווען, ניט דו און ניט אונדזערע אַנדערע ברידער, „אויף קבר־אָבות", און דעם דאָזיקן פאַרצײַטיקן מינהג האָט איר פאַרגעסן, ניט געדענקט — און אַזוי טוט מען ניט. אמת, אַ ייִד איז זייער פאַרטראָגן הײַנטיקע צײַטן און די פרנסה פון ייִדן קומט אָן שווער ווי קריעת־ים־סוף, פון דעסטוועגן באַדאַרף יעדער מענטש, ווײַל ער איז אַ מענטש, צו וויסן,

אַז וואָס צום לעבן איז צום לעבן און וואָס צום טויט איז צום טויט, און דער לעבעדיקער באַדאַרף דערמאָנען דעם געשטאָרבענעם... ווייל איך דערציבער, ברידער, אַז איר זאָלט קומען צו פאָרן קומענדיקע וואָך קיין קיִעוו, דאָרט ווו אונדזער פאָטער זכרונו־לברכה רוט אין פרידן אויף זײַן געלעגער, צו אויסשפרייטן זיך אויף זײַן קבר און אָפּגעבן כּבוד און ערע זײַן נאָמען און אָנדענק און בעטן פאַר זײַן נשמה אין גן־עדן. דו, ברודער, זאָלסט זיך לאָזן אין וועג אַרײַן, אם־ירצה־השם, דינסטאָג, ווי נאָר דו וועסט באַקומען אָט דעם בריוו מײַנעם, דורך דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו, און פון דאָרטן וועסטו פאָרן אין דער באַגלייטונג פון אונדזער ברודער הערשל און פון אונדזער יינגערן ברודער שלמה (וואָרעם איך וויל אָט דעם זען) קיין רזשישטשעוו, און פון רזשישטשעוו, צוזאַמען מיט אונדזער שוועסטער ברכה, וועט איר קומען מיטן דאַמפשיף קיין קיִעוו דאָנערשטאָג, דעם 23סטן אויגוסט, י״ט אלול אין דער פרי, און וועט גיין פון שיף גלײַך אויפן בית־עולם, און אויך איך וועל קומען אַהין צען אַ זייגער אין דער פרי (איך וווין אין באָיאַרקע, און אין קיִעוו זאָלט איר מיך ניט זוכן, וואָרעם איר וועט מיך ניט געפינען אין מײַן הויז). און אַזוי ווי עס וועט זײַן אַ טאָג פון קריאת־התורה, דעריבער וועט אונדז אפשר געלינגען צו דאַוונען דאָרט שחרית בציבור, וואָרעם מע האָט געמאַכט זייער אַ שיינעם צאָם, אויך אַ שול זייער אַ פײַנע אויפן קיִעווער בית־עולם, אויפן חשבון פון די גבירים בראָדסקי. און צוועלף אַ זייגער, אָדער שפּעטער אַ ביסל, וועלן מיר זיך צעשיידן איינער פונעם אַנדערן: איך וועל גיין קיין באָיאַרקע, און איר וועט פאַרקערן אויף אײַער וועג בשלום. און די הוצאות הדרך פון אײַך אַלעמען נעם איך אויף זיך און אויף מײַן האַלדז. זע זשע, ברודער, איך האָב דיך אויפגעפאָדערט מיט מײַנע דאָזיקע ווערטער און האָב ניט געשריבן צו קיין אַנדערן, אויסער צו דיר, און אויף דיר בין איך גוזר, דו זאָלסט וואָס גיכער אַרויספאָרן, און איר זאָלט מיך ניט אָפּטעקן מיט דער נייטיקייט פון אַ „יאַריד" און פון „פּדיון", וואָרעם איך בין אויך באַלאָדן, אַזוי ווי דו, מיט אַ סך זאָרגענישן און אויסשטייענישן, איך האָב אויך „יאַרידים" און „פּדיונות", און ס'איז דאָ אַ צײַט צו יעדן ווונטש אונטער דער זון: אַ צײַט צו טאַנצן און אַ צײַט צו קלאָגן — אַ צײַט צו אַרומטאַנצן אויף דער פּראַקטישער וועלט, אַ וועלט וואָס איז אין גאַנצן נאַרישקייט און ווינט־יאָגעניש און אויסגעדאַכט גליק, און אַ צײַט אויף צו באַקלאָגן דעם געשטאָרבענעם און צו באַווייגען אים. אויך טליתים און תפילין פאַרגעסט ניט צו ברענגען מיט זיך, און איך וועל קומען אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע פרײַנד און באַקאַנטע מײַנע. און זאָל דאָס זײַן אַ גרוס פון אײַער ברודער, וואָס באַגערט אײַער אַלעמענס פרידן היינטיקן טאָג.

שלום

פּ.ס. זאָלסט מיר ניט ענטפערן ניט דורך אַ בריוו, ניט דורך אַ טעלעגראַמע, נאָר טו ווי איך בעט דיך אַלץ אין צײַט, און, אם־ירצה־השם, דאָנערשטאָג, י״ט אלול, צען אַ זייגער אין דער פרי, אַז איך וועל קומען אויפן פעלד, זאָל איך אײַך טרעפן דאָרט אַלעמען, היינו: דיך, און אונדזערע ברידער הערשל און שלמה, און אונדזער שוועסטער ברכה (איך מיין, אַז אונדזער שוועסטער סאָסי דאַרף בלײַבן אין דער היים, ווײַל מיידלעך גייען ניט אויף קבר־אָבות, און אפשר האָב איך אַ טעות ?). אויך אונדזער פעטער פּינחס, אויב ער האָט חשק, זאָל מיטפאָרן מיט אײַך, אויף מײַנע הוצאות.

אחיך הנ״ל

פּ.פּ.ס. — נאָך דעם ווי איך האָב געשלאָסן מײַן בריוו, האָב איך מיך מישב געווען, אַז ס'וועט גלײַכער זײַן, ווען דו גיסט מיר צו וויסן דורך אַ טעלעגראַמע אין דעם טאָג, וואָס דו וועסט דערהאַלטן מײַן בריוו, וועל איך וויסן פאַר זיכער, אַז איר וועט געוויס קומען, און וועל זײַן גרייט אויך איך צו קומען קיין קיִעוו אין דעם באַשטימטן טאָג.

## 16. צו ערנעסטינע ראַבינאָוויטש

קיִעוו, 8טן מאַרץ 1893

ליב און טײַער טעכטערל מײַנס, טיסי!

דײַן בריוו האָב איך באַקומען. איך בין זייער צופרידן, וואָס דו שפּילסט שוין „יעכאַל קאַזאַק זאַ דונאַיעם". גיב גאָט, מיר זאָלן דערלעבן הערן פון דיר גאַנצע אָפּערעס! דײַן מאָס פאַר אַ היטעלע האָב איך דערהאַלטן. ניט שוין זשע איז דײַן קאָפּ פאַר זעקס וואָכן צײַט אַזוי אויסגעוואָקסן? שרײַב מיר, צי שרײַט שוין ניט מער ליאַלי „איך בין אַ גוט קינד"? און עמאַ? און מישעל שלאָגט זיך נאָך? און מאַריצאַ וואַקסט, צי ניין? פאַר וואָס שרײַבט זי מיר ניט? איך האָב שוין געקויפט, טיסיוק, פאַר דיר אַ טינטערל — פּשוט אויף חידושים! און ליאַלין, און עמאַן, און מישאַן, און אַפילו מאַריצאַן — פאַרשיידענע שפּילצײַג. נאָך אַ טאָג אַכט־נײַן וועלן מיר זיך זען. קוש דער מאַמע און די קינדערלעך פאַר מיר. גריס דער באָבע.

דײַן פּ אָ פּ אָ

## 17. צו אָלגאַ ראַבינאָוויטש

אָדעס, 29סטן מאַרץ 1893

טײַערע ביבצי מײַנע,

עס ווילט זיך מיר בײַם געזעגענען זיך איבערלאָזן דיר עטלעכע שיין אָנגעשריבענע און וואַרעם אַרויסגעזאָגטע ווערטער, מחמת פון וועג קאָן איך דיר אַנדערש ניט שרײַבן נאָר אײַלנדיק. און איך ווייס, ווי ווײַט דו האָסט ליב מײַן עכטע עלעגאַנטע האַנטשריפט, ובפרט אַז עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט צו דערקלערן זיך דיר אין ליבע און איבער־געבנהייט, כאָטש דו ביסט אָן דעם אויך רעכט איבערגעצײַגט אין ביידע זאַכן. פאַר וואָס זשע זאָל איך דיר ניט פאַרשאַפן אָט דאָס פאַרגעניגן?... אויף ווידערזען, מײַן ליבע. האָב ליב און בעט גאָט פאַר דײַן טרײַסטן און איבערגעגעבנסטן פרײַנד

ס אָ ל אָ מ אָ ן

## 18. צו רחל לאָיעוו

[קיִעוו, 1896]

מישאַ איז אויפגעשטאַנען מיט אַ גוואַלד: מניע סנילאַס באַבוסקאַ! און מאַרוסי

שרייַט: אי יאַ טאַזע! אי יאַ טאַזע! און די קולות גייען ביזן זיבעטן הימל. ס׳איז הייַנט חגא און די קינדער גייען ניט אין גימנאַזיע. טיסי אַרבעט קרוזשעווע און ליאַלי טראָגט אַרום דאָס נייַע בוך, וואָס מע האָט איר געקויפט פאַר 45 קאָפּיקעס, פון איין אָרט אויפן אַנדערן, און עמאַ איז איר מקנא.

דברי חת׳ שלום

## 19. צו רב שמואל מאָהליווער

קיוב, ב״ה י״ט אדר א׳, תרנ״ז [1897]

פון ציון זאָל געבענטשט ווערן מייַן האַר דער רב דער גאון, דער טענענבוים וואָס אין לבנון, די קרוין פון אונדזער פּראַכט, דער איינציקער אין אונדזער דור, דאָס איז רבינו שמואל מאָהליווער, רב אין ביאַליסטאָק.

ווי די שייַן פון רעגן־בויגן אין מיטן אַ וואָלקן, אַזוי איז דורכגעגאַנגען אין מייַן זכרון פאַר מייַנע אויגן דאָס געשטאַלט פון מייַן האַר דעם רב פון אַמאָליקע טעג, אונטער דעם שאָטן פון מייַן באַלקן.

און יענע טעג זייַנען געווען בעסערע פון די הייַנטיקע!...

אַ סך וואַסערן זייַנען אַוועקגעפלאָסן, אַ סך וואַסערן זייַנען איבערגעלאָפן, אַ היפּש ביסל יאָרן איז אַוועקגעפלויגן, און מענטשן, וואָס זייַנען מיט אונדז געגאַנגען האַנט בייַ האַנט און אָרעם בייַ אָרעם, זייַנען פאַרשניטן געוואָרן און זייַנען שוין מער נישטאָ. און מיר, גאָט צו דאַנקען, לעבן אַלע הייַנט צו טאָג, דעריבער וועלן מיר האָפן, אַז עס וועלן נאָך קומען טעג און עס וועט דורכברעכן דער מאָרגן־שטערן אויך איבער אונדז און עס וועט אַרויסשייַנען די זון פון אונדזער גליק, אַזוי ווי פריִער, און עס וועלן אַנטלויפן טרויער און זיפץ.

און איך קום מיט מייַן פאַרלאַנג און מיט מייַן געבעט פאַר מייַן האַר דעם רב: אָט דער יונגער־מאַן, וואָס שטייט פאַרן כבוד פון מייַן האַר, אַ זעלנער אין דער אַרמיי, אַ „גיבור" פון שלאַכט, איז אַ זון פון מייַנעם אַ ברודער און זייַן נאָמען איז דובער ראַבינאָוויטש פון פּאָלטאַווער גובערניע. בעת דער דאָזיקער יונגער־מאַן איז געווען אויף זייַן אָרט, איז ער געווען דער אַרויסברענגער און אַרייַנברענגער אין זייַן פאָטערס הויז, דער שפּייַזער פון אַלעמען, — און אַצינד איז ער איינזאַם און עלנט, אַ פרעמדער אין אַ פרעמדן לאַנד, נישטאָ בייַ אים קיין ברודער און קיין געזעל, קיין נאָענטער פרייַנד און קיין העלפער, אויסער גאָט דעם העלפער. דעריבער בין איך געקומען בעטן מייַן האַר און שטאַרק בעטן, אַז ווען דער דאָזיקער יונגער־מאַן, דער זון פון מייַן ברודער, וועט קומען פאַרן כבוד פון מייַן האַר אין אַ צייַט פון די צייַטן — זאָל אויפגיין מייַן געדעכעניש פאַר מייַן האַר, און זאָל ער זיך קערן צו זייַנע רייד און זיך ווענדן צו זייַן געבעט, און זאָל טון אַלץ וואָס אין זייַן מעגלעכקייט איז צו טון, ניט אַוועקלאָזן און ניט פאַרלאָזן אים, וואָרעם אויף דעם דאָזיקן יינגל האָב איך תפילה געטאָן! —

ב ר י ו ו  פ ו ן  ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

אַזוי זײַנען די רייד פון דעם ייִנגסטן פון זײַנע טויזנטער תּלמידים, וואָס שטויבן זיך אין דעם שטויב פון זײַנע פּיס,

ש. ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש
וואָס ווערט גערופן
„ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם"

## 20. צו ערנעסטינע ראַבינאָוויטש

קיִעוו, 16טן אַפּריל 1897

טיסי!

איך בין ניט קיין מײַסטער לידער צו שרײַבן, איך האָב ליב פּראָזע, פּשוטע, גוטע, ערלעכע פּראָזע. הײַנט, דעם 16טן אַפּריל יאָר 1897, איז דיר פול געוואָרן ד ר ײַ צ ן יאָר. ווען דו זאָלסט געבוירן ווערן אַ ייִנגל, וואָלטן מיר הײַנט געפּײַערט דײַן רעליגיעזע פּוליעריקייט, לויט דעם מינהג פון אונדזער פֿאָלק. עס קומט אויס דעריבער אָפּצולייגן דעם יום־טוב אויף אַ יאָר פינף, ביז דו וועסט דערגרייכן דעם עלטער, וואָס איז דורכן געזעץ באַשטימט פאַר בירגערלעכער פּוליעריקייט. איך ווינטש דיר, עס זאָלן דערפילט ווערן אַלע דײַנע פאַרלאַנגען, און גיב גאָט, אַז דײַנע פאַרלאַנגען זאָלן תּמיד זײַן אונדזערע, און אונדזערע פאַרלאַנגען — דײַנע. אָמן.

דײַן פּ אַ פּ אַ
ס. ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש

## 21. צו דער זעלבער

[קיִעוו], 30סטן יוני 1897

טײַערע טיסי!

איך אײַל מיך געבן דיר צו וויסן, אַז מיר זײַנען בשלום דערפאָרן אַהיים און באַלד געגאַנגען שלאָפן. איצט איז מוזאַ אויפגעשטאַנען מיט אַפּלאָדיסמענטן: בראַוואָ, מאָסקאַ־ליאָוו! מישאַ איז אויך אויפגעשטאַנען, נאָר ליאַלי און עמאַ, געפינענדיק זיך אין די אָרעמס פון מאָרפעוס, פּאָפּן. — אַז איך וועל אַוועקפאָרן, וועל איך דיר געבן צו וויסן, אויב איך וועל צײַט האָבן, כּדי דו זאָלסט מיך קאָנען באַגעגענען אויפן וואָקזאַל און דאָרט זיך געזעגענען. זײַ געזונט, שפּאַציר אין וואַלד און לאַנגווײַליק זיך ניט.

דײַן פּ אַ פּ אַ

## 22. צו דער זעלבער

טײַערע טיסי!

פון וואַגאָן וואַרף איך דיר אָט דעם גרוס. צי וועט עס דיך גרייכן — ווייס איך ניט. אויב יאָ, איז אויף ווידערזען. איך קוש דיך אַ מיליאָן מאָל.

דײַן פּאַפּאַ

7טן יולי 1897, אין וואַגאָן, בײַ באָיאַרקע

## 23. צו דער זעלבער

בעלאַיאַ צערקאָוו, 21סטן יולי 1897

טײַער טעכטערל!

דו וואַרטסט געוויס אויף אַ בריוו. דערפֿיל איך דײַן פֿאַרלאַנג. זײַ געזונט און שרײַב מיר און דער מאַמע. גיב איבער אַ גרוס נאַטאַשאַן מיט קאָלקאָן און אַ גרוס דער גאַסט־פּרײַנדלעכסטער פון אַלע בערטעס. איך גלייב קוים, צי מיר וועלן זיך קומענדיקן שבת זען, אויב איך וועל ביז שבת פון דאַנען אַוועקפֿאָרן ווײַטער. ווען און ווהין — ווייס איך נאָך אַליין ניט. אויף יעדן פֿאַל, שיק איך דיר דרײַ הונדערט זיבן און אַכציק טויזנט זעקס הונדערט פֿינף און נײַנציק קושן, און נאָך איין קוש גאָר דעם לעצטן, ניט גערעכנט דרײַ הונדערט קושן פֿאַרבײַגייענדיק.

דײַן פּאַפּאַ

נאָך איין קוש נאָר. און נאָך איינעם אַ קליינינטשקן. און נאָך איינעם אַ לעצטן. און נאָך צוויי בסוד. און נאָך און נאָך...

## 24. צו די קינדער

בעלאַיאַ צערקאָוו, 21סטן אויגוסט 1897

טײַערע טיסי מײַנע! און ליאַלי און עמאַ און מישאַ און מוזאַ!

באַקומען דײַן בריוו און די בריוו פון די קינדער. אַ דאַנק, וואָס איר שרײַבט. מאָרגן, ד"ה פֿרײַטאָג אָדער שבת, וועל איך קומען אַהיים, אויב עס וועט נאָר זײַן מעגלעך. —

שפּילט זיך מיט מישאַן און זעט, אַז די מאַמע זאָל ניט זײַן אַזוי אויסגעמוטשעט. איך קוש אײַך.

אײַער פּאַפּאַ

מישאַ! דער זייגער גייט גוט?

פּאַפּאַ

## 25. צום ברודער אליהו

קיִעוו, 18טן אויגוסט 1898

פרידן צו דיר, מײַן ברודער!

און גאָט האָט מיך דערמאָנט, נאָך דעם ווי ער האָט מיך געשטראָפט מיט שווערע לייד און גרויסע יסורים, וואָס מע קאָן זיי ניט באַשרײַבן!... און די הצלחה, וואָס האָט פאַרבאָרגן איר געזיכט פון מיר שוין אַזוי פיל יאָרן, האָט אָקערשט ווידער אָנגעהויבן מיר צו לײַכטן — אַזוי זאָל גאָט געבן אויף ווײַטער און „זאָל באַנײַען אונדזערע טעג ווי אַ מאָל" — אָמן.

און אין דעם טאָג, וואָס ער האָט מיך דערמאָנט, האָב איך אויך דיך דערמאָנט, ברודער מײַנער, און איך שיק דיר דאָ פינף און צוואָנציק זילבער צום קומענדיקן יום־טוב; און איך בעט דעם גאָט פון אונדזער פאָטער, ער זאָל אויך דיך בענטשן צום נײַעם יאָר, וואָס קומט אונדז אָקעגן צום גוטן, דו זאָלסט ניט דאַרפן אָנקומען ניט צו מענטשנס גאָב און ניט צו זייערער אַ הלוואה, ווי עס ווינטשט דײַן ברודער, וואָס גלייבט אין גאָט און איז פאַרזיכערט אין זײַן העכערער השגחה — אייביק,

שלום ראַבינאָוויטש

פ.ס. די טעג האָב איך געמאַכט צוויי וויכטיקע געשעפטן און פאַרדינט ביז פינף און צוואָנציק טויזנט — — —.

## 26. צו נאַטאַשע מאַזאָר

קיִעוו, 1טן סעפּטעמבער 1898

טײַערע נאַטאַשע!

אין דער היים איז בײַ דיר אַלץ כּשורה. מישאַ האָט זיך ניט בלויז באַרויִקט, נאָר אַפילו פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ מאַמע ערגעץ אין פּעטאָסיע. אַלגע איז בײַ דיר אַלע טאָג. אַגב, זי שרײַבט דיר אַליין. פאַרגעס ניט, ביטע, נאַטאַשע, אַ פּעסעלע ווײַן, ווײַסן, מוסקאַט. עס וואָלט געווען ניט שלעכט, ווען דו שיקסט אונדז איבער אַ קויש אָדער אַ פעסל ווײַנטרויבן אויף יום־טוב, לכל־הפּחות אויף יום־כּיפּור. פּאָפּראָבוע זיך, זײַ געזונט און דיק, ווי עס ווינטשט דיר דײַן פעטער, וואָס האָט דיך ליב.

סאָלאָמאָן

איך באַגריס דיך — עמאַ איז הײַנט אַרײַנגעטראָטן אין דער גימנאַזיע. מײַן גאַנצע רעפּובליק שיקט דיר אַ גרוס.

## 27. צו דער זעלבער

קיִעוו, 8טן סעפּטעמבער 1898

ליבע נאַטאַשע!

דײַן ערשטן בריוו האָבן מיר הײַנט באַקומען און מיר פילן שטאַרק מיט דײַנע פריירנדיקע גלידער אויפן דרום־ברעג פונעם קרימער האַלבאינדזל! ווי נאָר בײַ אײַך וועט אויספאַלן דער ערשטער שניי, טעלעגראַפיר אונדז — און מיר וועלן דיר אַרויסשיקן אַ פעלץ; און דערווײַל עצהנען מיר דיר אויסהייצן די הרובע און זיך באַזאָרגן מיט קאַלאָשן (טיפע). בײַ אונדז, אויף צפון, איז דערווײַל נאָך ניט אַזוי קאַלט, הגם אין ים באָדן מיר זיך ניט, און ווײַנטרויבן זײַנען בײַ אונדז אין גאַנצן צײַטיק געוואָרן אויף דער בעסאַראַבקע בײַ די סעדעכעס, נאָר זיי קאָסטן גוואַלדיק טײַער און כּמעט שטענדיק זײַנען זיי פאַרפוילטע: און דעריבער שיק אונדז אַרויס אַ קויש צי אַ פעסל ווײַנטרויבן וואָס גיכער. ווײַן אין פלעשלעך דאַרף מען ניט: בײַ ליסענקאָוון קאָן מען קויפן פאַר 30 קאָפּיקעס אַ פלעשל פון דער סאַמע בעסטער קיסליאַטינע. מיט דײַנע חברה זעען מיר זיך גאַנץ אָפּטלעך. אין ערשטן טאָג ראָש־השנה זײַנען בײַ אונדז געוועזן מ(אָיסיי) ס(אָוועליעוויטש) און מישאַ, און אויפן אַנדערן טאָג די זעלבע און ליוסיע, וועלכער איז קלוג ניט לויט די יאָרן זײַנע. און הײַנט בין איך געוועזן בײַ דיר אין דער היים און געזען די גאַנצע טראַיקע דײַנע, וועלכע האָבן ממש איבערגעקערט די שטוב מיט די פיס אַרויף. איך האָב דאָרט געטראָפן אַ סך קליִענטן. מאָיסיי איז געזונט און האָט מיר איבערגעגעבן זײַן מזל־טוב, ד״ה זײַנע יסורים. אײַל זיך צו מיט די ווײַנטרויבן, ווײַל אויסער ווײַנטרויבן איז מיר אַלץ פאַרבאָטן. אַדיע!

דײַן פּעטער סאָלאָמאָן

## 28. צו דער זעלבער

18טן סעפּטעמבער 1898

ליבע נאַטאַשע!

נאָר וואָס צוריקגעקומען פון פּאַריז, דאָס הייסט פון בערדיטשעוו, און געטראָפן דײַן בריוול! אַ גרויסע מציאה אַרויסשיקן אַהער ווײַנטרויבן! מע נעמט אַ פורמאַן און מע פאָרט אויפן מאַרק נאָך אַ קאָרב, נאָך דעם פאָרט מען אויפן גאָרטן אָדער אַפילו אויפן מאַרק, מע קויפט ווײַנטרויבן, נאָך דעם שלעפּט מען זיי אין האָטעל „וווּנדערלעכע היים״, דערנאָך פאָרט מען נאָך שטריקלעך און מע פאַרקילט זיך; דערנאָך נעמט מען זיך פּאַקעווען זיי, און אַזוי ווי עס גייט ניט די זאַך, גייט מען נאָכן דוואָרניק, מע זידלט זיך מיט אים. מע גיט אים אַ האַלב קערבל און שיקט אים צו אַל די רוחות, וואָרעם ער איז שיכּור, אין דער זעלבער צײַט, וואָס די גאָסטפּרײַנדלעכסטע בערטע עסט זיי (עס וועט איר ניט שאַטן). דערנאָך פאָרט מען אויפן וואָקזאַל, און סע ווײַזט זיך אַרויס, אַז קיין אַרטעלניק איז ניטאָ, מוז מען דאָס אָפּלייגן אויף מאָרגן. און מאָרגן איז זונטיק, און דעריבער שיקט מען דאָס אָפּ ערשט דינסטיק (וואָרעם מאָנטיק האָט מען פאַרגעסן), און

אַזוי אַרום, נאָך לאַנגע מאַטערנישן, דערהאַלט מען אין קיִעוו אַ קוויטאַנציע, דורך וועלכער מע באַקומט תּיכּף, דאָס הייסט ווייניקער ווי אין דריטהאַלבן וואָכן אַרום, אַ קאָרב מיט ליידיקע הײַטלעך און אַנדערע פּוילעניש, און פאַר דערפאַר זידלט זיך די באָבע, שפּאָסט און דערקלערט קריג ניט נאָר דעם קאָרב מיטן שטינקענדיקן מיסט, נאָר אַלע קוראָרטן בכלל און די קרימער בפרט. דאַכט זיך, די פּראָצעדור איז גאָר ניט אַזאַ קאָמפּליצירטע, און פון דעסטוועגן אַנטזאָגסטו זיך און אונדז אין אַזאַ גרויסער טובה. ביסטו פּשוט אַ בייזע פּריצה און מער גאָרניט. וואָס איז שייך דער ציין־אײַליקייט מחמת די זויערע טרויבן, וועגן וועלכע דו שרײַבסט, בין איך גיכער מסכּים אײַנצושטימען מיט דער מיינונג פון אײַער דאָקטער. זייער פּשוט: וואָס מער זויערניש — אַלץ מער ציין־אײַליקייט, וואָס מער ציין־אײַליקייט — אַלץ ווייניקער אַפּעטיט; וואָס ווייניקער אַפּעטיט — אַלץ מער זויערניש, וואָס מער זויערניש — אַלץ מער אַאַז״וו. קלאָר ווי דער טאָג; שוין זשע פאַרשטייסטו ניט? אַנו, גיב אים אַ פרעג, וואָס טראַכט ער מכּוח מאָנאַסטירסקע קאַוועגעס, רויטע, זיסע, סיפּקע? זײַנען זיי ניט בעסער פון פעאָדאָסיער ווײַנטרויבן? פון דעסטוועגן, דאָ איז דאָך ניטאָ און סע קאָן דאָך ניט זײַן אַזעלכע צפון־מיזרחדיקע ווינטן און שטורעם־ווינטן ווי דאָרט אינעם געבענטשטן דרום. דו ביסט אַ גליקלעכע, נאַטאַשע, אוי, גליקט דאָס דיר! מיט ליבע צו דיר דײַן פעטער

ש.־עליכם

## 29. צו ערנעסטינע ראַבינאָוויטש

הײַסין, מאָנטאָג, 10טן נאָוועמבער... 1898

טײַערע טיסי מײַנע!

איך נעם אַרום דיך און אײַך אַלעמען און בענק אַהיים!

אײַער פּאַפּאַ

אין קיִעוו, אין האָטעל קאָנטינענטאַל, איז פיל בעסער, ווי דאָ! דער שווייצאַר (וואָלקאַ הייסט ער) איז בלינד אויף 1 אויג, הינקעדיק אויף 1 פוס און טויב אויף ביידע אויערן און זאָגט: ציצאַס — ציצאַס! נישטאָ דאָ ניט קיין צײַטונגען, ניט קיין ביכער — גאָרנישט! פּונקט ווי דרײַפוס אויפן טײַוולס־אינדזל.

## 30. צו די קינדער

קאַרקאָוו, 15טן אויגוסט 1899

טײַערע, ליבע טיסי!

נו וואָס — איר זענט שוין אין שטאָט? וואָס וועט איר טון אין די אָוונטן, צווישן 8 און 10 אַ זייגער? אָרעמער באַיאַרקער וואָקזאַל! אָרעמע באַיאַרקע נעבעך! קאַרקאָוו איז אַ פּאַסקודנע, אַ פּאַרשיווע שטעטל! ליאַלי (ד״ה סאַראַ, פּאַרדאָן!), ווי אַזוי האָסטו

געפונען קיִעוו? עמאַ, מישאַ און מוזאַ! געפעלן אײַך די „שפּאַלערן"? אויב ניט, קאָן מען איבערקלעפּן די גאַנצע דירה פון דאָס נײַ — ס'איז אַ קלייניקייט! ווען וועל איך קומען — ווייס איך ניט.

אײַער פּאַפּאַ

## 31. צו די זעלבע

כאַרקאָוו, 16טן אויגוסט 1899

טײַערע, ליבע קינדער!

איר ווילט וויסן, וואָס איז אַזעלכעס כאַרקאָוו? נעמט אונדזער באַיאַרקער שטינקור אין זייער אַ הייסן זומערדיקן טאָג (לאָמיר זיך עס פאָרשטעלן) און כּפלט עס אויף 9999, — וועט איר באַקומען כאַרקאָוו. אין דעם זינען פון שטינקעכץ איז דאָס עטוואָס איבער־נאַטירלעכעס. יאָ! און אַזוי ווי איר ווינט שוין אין קיִעוו, גראַטולירן איך אײַך און קאָן אײַך פאַרזיכערן, אַז קיִעוו, אין פאַרגלײַך מיט אָט דער שטאָט, ווו איך קום אָפּ אַצינד און בענק, — איז אַ גן־עדן. כ'לעבן!

איך קוש אײַך אַלעמען 9999 מאָל.

אײַער פּאַפּאַ

## 32. צו די זעלבע

כאַרקאָוו, 22סטן אויגוסט 1899

טײַערע, ליבע טיסי! איך בין זייער באַליידיקט פון דער נאָכלעסיקייט און קורצקייט פון דײַן בריוו! ליאַלי, גיב איבער אַ גרוס עמאַן. עמאַ, גריס מישאַן. מישאַ, גיב אַ קוש מוזאַן און, איך בעט דיך, רײַס זיך ניט מיט איר. מיר האָט זיך געחלומט, אַז דו האָסט איר יאַקבי דערלאַנגט איין קלאַפּ און געמאַכט אַ לאַמטערן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַ ליגן, וואָרעם ווער גלייבט עס אין חלומות? פון דעסטוועגן, קאָן זיך עס טרעפן אויך אויף דער וואָר צווישן געוויסע יינגעלעך און מיידעלעך. איך זאָג עס גלאַט אַזוי, פאַרבײַגייענדיק.

פּאַפּאַ

## 33. צו ערנעסטינע ראַבינאָוויטש

קיִעוו, 25סטן נאָוועמבער 1900

צו איר הויכגעבאָרנקייט, אַרטיסטין פון די קייזערלעכע טעאַטערס, ע. ס. ראַבינאָוויטש (לויט דער בינע לאַרינאַ).

גנעדיקע פרוי!

כאַטש איר זענט אַן אַרטיסטין פון די קייזערלעכע טעאַטערס, פון דעסטוועגן ווערט אײַך גאַנץ שטרענג פאַרגעשריבן צו אײַנוויקלען זיך אין די בײַגעבראַכטע פאַטשיילעס, און פאַר אײַערע הויכטאַלאַנטירטע פיס ווערט אײַך צוגעשיקט אַ טאַלמע, כּדי די גרויסע אַרטיסטין זאָל ניט כאַפּן קיין קאַטער. מאַדאַם, מע באַדאַרף היטן די כּוחות אויך פאַר דער גרויסער בינע, וואָס ווערט אָנגערופן לעבן. איך האָף, אַז דער דערפאָלג האָט אײַך ניט פאַרדרייט אויף אַזוי פיל דעם קאָפּ, אַז איר זאָלט גרינגשאַצן אַזעלכע „קלייניקייטן״. אויב איר זענט הונגעריק, קויפט אײַך אַ פּוטערברויטל און פאַרטרינקט מיט טיי.

דער נישטיקער פאָטער פון דער גרויסער אַרטיסטין,

דײַן פּאַפּאַ ס. נ. ראַבינאָוויטש

## 34. צו די קינדער ערנעסטינאַ און נומאַ

אָדעס, 19טן אויגוסט 1904

טײַערע טיסי!

די מאַמע וועט דיר שוין איבערגעבן, אַז איך וועל אפשר אין גיכן קומען אויף איין טאָג אַהיים, און אפשר ניט. ניט שוין זשע איז אויך הײַנט בײַ אײַך קאַלט? איך פאַרהאָף, אַז ביזן קומענדיקן דינסטיק וועט איר נאָך פאַרבלײַבן אין באָיאַרקע, אויב נאָר דאָס וועטער וועט זײַן גינציק. צעקוש נומטשיקן. איך נעם דיך אַרום.

דײַן פּאַ

נומטשיק מײַנער, טײַערער! איך האָב דיר געקויפט: 4 פערדלעך, 1 פּײַפּעלע, 1 האָנעכל, 2 קריגעלעך, 1 שאָלעכל, 1 טעצעלע, 6 סאָלדאַטלעך רוסישע, 2 יאַפּאַנצעס, און אויך אַ זייגערל, און קאָנפעקטן. אויף ווידערזען.

דײַן פּאַפּאַ

## 35. צו ערנעסטינע ראַבינאָוויטש

ווילנע, 1טן סעפּטעמבער 1904

טײַערע טיסי!

וואָס פאַר אַ וועג איך האָב געהאַט — לייען איבער בײַ ליאַלין. געטראָפן די פאַמיליע דובנאָווס אַלע צוזאַמען. דאָ איז אויך צו גאַסט מאַדמואַזעל גינצבערג (אחד־העם). — — —. אין אַלגעמיין, גוטע, ליבע מענטשן. גאַסטפרײַנדלעכע — אַזוי ווי מיר, דאָס הייסט, ביז קאָמיזם. די שטאָט זע איך דערווײַל דורך אַ פענצטער פונעם פערטן שטאָק, און דעריבער איז נישטאָ וואָס צו באַשרײַבן. געשלאָפן, געזונט, די ציין טוען ניט ווי׳. איך שרײַב אַ נײַע זאַך מיטן נאָמען „בערל״ — ניט באַס, און בכלל ניט קיין מענטש,

נאָר טאָקע אַן אמתער בער. זייער אַן אָריגינעלע דערציילונג. זײַ געזונט און שרײַב מיר. וואָס מאַכט נומטשיק? ער פֿאַרשטייט, אַז איך בין אַוועקגעפֿאָרן? איך נעם דיך אַרום.

דײַן פּאַ

## 36. צו די קינדער

סט׳ פּעטערבורג, 15טן נאָוועמבער 1904

ליבע קינדער!

איך שרײַב אײַך אַ ל ע מ ע ן אונטערן פֿרישן אײַנדרוק פֿון מײַן ערשטן וויזיט בײַם קומיר פֿון אונדזערע טעג, דעם באַהערשער פֿון געדאַנקען, מאַקסים גאָרקי. ער האָט מיך אויפֿגענומען עכט חבריש. גלײַך נאָך די ערשטע ווערטער, נאָך דעם ווי ער האָט מיך באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, האָט ער מיך פֿאַרבעטן אין עסצימער אַרײַן צו טיי. און עס איז אַוועק בײַ אונדז אַ געשפּרעך וועגן ענינים פֿון ליטעראַטור, פֿון דער אַלגעמיינער און דער ייִדישער, און כלעבן, איך האָב מיך אַפֿילו ניט אומגעקוקט, ווי עס איז אַריבער אַ שעה (פֿון 11 ביז 12). ער האָט געבעטן אַרײַנקומען צו אים גאַנץ פּשוט. אַליין געקומען אויף זיך צו באַקענען מיך מיט די בעסטע פֿאַרשטייערס פֿון דער פּרעסע — הכּלל, געווען פֿרײַנדלעך, גאָר ניט אויפֿן מאַקסימישן שטייגער. — — — זײַן אויסזעעג איז גאָר ניט דאָס, וואָס מיר האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט. אַן אינטערעסאַנטער ג ו י ע ץ, אַ פּ אָ נ י ק ע אין פֿולן זינען פֿונעם וואָרט, מיט אַ גוט אָפּן, ריין פּנים און מיט אַ ברייטער נאָז. אַליין אַ הויכער, אַ געזונטער (גאָר ניט קיין קראַנקער), אַ ווייכער, כאָטש אַ ביסל אַ קאַנטיקער, אין אַ בלוזע, פֿאַרשטייט זיך, און אין הויכע שטיוול (פֿאָרזעצונג קומט). —

פּאַפּאַ

## 37. צו דער טאָכטער ערנעסטינאַ

סט׳ פּעטערבורג, 15טן נאָוועמבער 1904

טײַערע טיסי מײַנע!

באַקומען דײַן טײַערן בריוו פֿונעם 12טן און האָב מיך דערפֿרייט. —

— — הײַנט האָב איך אײַך אַלעמען געשריבן וועגן מײַן ערשטן וויזיט בײַ מאַקסים גאָרקי, וועלכער האָט מיך אויפֿגענומען ה ע כ ס ט פֿרײַנדלעך, ר י י ן חבריש און האָט מיך באַצויבערט. —

איך באַניץ מיך מיט דער געלעגנהייט און שיק דיר אַ דרײַערל אויף פּאָסט־הוצאות און איך בין זייער צופֿרידן, וואָס איך קאָן אַרומגיין די מלוכה אויף 15 קאָפּיקעס. סײַ ווי באַגנבענען אַלע די מלוכה אַצינד; לאָמיך, טראַכט איך מיר, אויך טאָן דאָס אייגענע. אַן מיר איז בײַ דיר געווייס ניט פֿאַראַן קיין סאַנטים, מחמת די מאַמע איז דאָך אַ קאַרגע פֿרוי, ובפֿרט בשעת איר טײַסטער איז אָנגעפּאַקט מיט קנעפּלעך, מיט קוויטאַנציעס פֿונעם האָלצהענדלער, מיט אַלטע קאָנווערטן און מיט נאָך אַזעלכע זאַכן —

וואָס מאַכט נומטשיק? ווי עס טוט מיר ווײ מײַן הארץ, אַז איך זאָג אַרויס אָט דעם נאָמען! ווי דערלעב איך שוין אײַך צו זען! אויף ווידערזען. אַ מיליאָן קושן.

דײַן פּ א

## 38. צו דער זעלבער

סט׳ פּעטערבורג, 29סטן נאָוועמבער 1904

פריַינד — טיסי!

עס קומט אַלץ נעענטער די צײַט פון אונדזער ווידערזען, און מיט ציטער אין הארצן וואַרט איך אויף דער שעה, ווען איך וועל קאָנען פאַרלאָזן דאָס פאַרשאָלטענע פּעטערבורג. ס׳איז דאָ אַ האָפענונג, אַז די דאָזיקע שעה איז נאָענט, זייער נאָענט. בסוד שרײַב איך דיר, אַז שבת אָוונט וועל איך אַרויספאָרן — און פריִער פון אַלץ, פאַרשטייט זיך, קיין קיִעוו, ס׳איז מיר שווער אָפּצולייגן ביז שבת, אָבער ניט אין מיר ווענדט זיך עס, נאָר אין די אומשטאַנדן.

— — —

וואָס עס טוט זיך דאָ — איז שווער צו באַשרײַבן. נעכטן איז געווען אַ שלאַכט — אַ מין רעפּעטיציע צו דער רעוואָלוציע. מע וואַרט מאָרגן אויף עפּעס גראַנדיעזעס... עס פאַרשטייט זיך, אַז איך געפין מיך אין דער ווײַטן פון „די דאָזיקע זאַכן" (ווי קום איך צו פּאָליטיק!), און דעריבער זאָל די מאַמע פאַר מיר זיך ניט באַאומרויִקן.

כאָטש איך האָף אין גיכן אַרויסצופאָרן, נאָר איר זאָלט מיר קיין בריוו ניט זשאַלעווען. איך קוש דיך שטאַרק.

פּ א.

## 39. צו דער זעלבער

וואַרשע, 1טן פעברואַר 1905

פרײַנד טיסי!

ניט שוין זשע האָסטו פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס דו ביסט אין פּעטערבורג, ניט געקאָנט זיך אַוועקזעצן און אָנשרײַבן מיר איין גרויסן, אויספירלעכן בריוו, ווי אַזוי דו פאַרברענגסט דײַן צײַט? אויב אַ פּאָסטקאַרטל איז פאַר דעם ניט גענוג, און צוויי זיבנקאָפּיקענע מאַרקעס וועלן צו פיל באַלאַסטיקן דײַן בודזשעט, באַניץ איך מיך מיט אָט דעם פּאַקעט און לייג אין אים אַרײַן אַ דרײַערל, מיט דער האָפענונג, אַז דאָס טשיקאַווע אויג פונעם בריווטרעגער וועט אין אים ניט אַרײַנקוקן. אַ כּפּרה זאָל אײַננעמען פּאָני, מכּות וועל איך אים גיין שטיין אויף דער פּאָטשט — וואָס איז? איך שיק מײַן טאָכטער אַ דרײַערל אויף מאַרקעס! — — —

איך קוש דיך.

פּ א.

## 40. צו דער זעלבער

הוררראַ! קיִעוו, 22סטן מאַרץ 1905

טײַערע טיסי!

שטעל זיך פֿאָר — איך בין אין דער היים!

נאַר... דו מיינסט, אַט אַזוי גיך נעם איך און קום צו פֿאָרן? האָט איר אַ טעות, מאַדאַם פינקלשטיין! אין קאַזאַטין בין איך אַנטשלאָפֿן געוואָרן, און דער צוג האָט מיך פֿאַרפֿירט קיין האַלענדרע (אַ צווייט אָסיפּאָוויטש). איך האָב געמוזט אויסשטײַגן אין האַלענדרע און אויסזיצן אַכט שעה, אום צו פֿאָרן צווועלף אַ זייגער בײַ נאַכט צוריק קיין קאַזאַטין, און אַנשטאָט נײַן אין אָוונט בין איך געקומען אַהיים ערשט הײַנט אין דער פֿרי, זעקס אַ זייגער מיט פּופּצן מינוט. אָרעמער גומטשיק נעבעך! ווי שטאַרק ער האָט זיך אויפגערודערט, אַז ס'איז אָנגעקומען מײַן טעלעגראַמע פון האַלענדרע! — געטראָפֿן האָב איך אַלעמען, אַ דאַנק גאָט, געזונטע. נאָר איין עמאַ איז פֿאַרקילט, און אויך גומטשיק איז אַ ביסל דאָסיק, און די מאַמע זיפּצט אויך, קלאָגט זיך אויף אַ נײַער קראַנקייט, אַ ווייטיק אין רוקן, אַ פּנים רעוומאַטיזם. עס לייגט זיך דאָך ניט אויפֿן שׂכל, איך זאָל קומען אַהיים און טרעפֿן אַלעמען אַלעמען אויף די פֿיס. דאָס וואָלט שוין געווען כּמעט ניט־אָנשטענדיק. נאָר האָב קיין יסורים ניט. בײַ מיר וועלן זיי אַלע מיטן קוק קומען צו זיך, און אַלצדינג וועט ווידער אָוועק כּשורה.

— — —

וואָס זאָל איך דיר שרײַבן וועגן מײַן אויפהאַלט אין בריסק? ס'איז געווען אַ פּולשטענדיקער טריומף. אָוואַציעס אָן אַ שיעור. אַ באַגלייטעניש צום וואָקזאַל, אאַ"וו, אאַ"וו. דער עולם האָט מיך גאָר אין גאַנצן צעבאַלעוועט. — — —

איך קוש דיך, טיסי.

דײַן פּ אַ.

## 41. צו דער זעלבער

קיִעוו, 12טן אַפּריל 1905

טײַערע טיסי! — — —

שטעל זיך פֿאָר, טיסי, עס קאָן זײַן, איך זאָל אַראָפּפֿאַלן פון הימל צו דיר אויף דײַן געבורטסטאָג. די זאַך דערפֿון איז, וואָס איך פֿאָר הײַנט מיטן קוריערצוג קיין וואַרשע צו דער צווייטער פֿאָרשטעלונג פון מײַן פּיעסע. נאָך דער ערשטער טעלעגראַמע האָב איך באַקומען אַ צווייטע טעלעגראַמע בזה־הלשון:

„קיִעוו, צו ס. ראַבינאָוויטש — בײַם דערשײַנען צום ערשטן מאָל אויף דער וואַרשעווער בינע פון דײַן (אַהאַ! אויף „דו"!) שאַפֿונג, אין וועלכער דו האָסט מײַסטער־האַפֿט געשילדערט דעם פֿונאַנדערפֿאַל פון דער הײַנטיקער ייִדישער פֿאַמיליע און דאָס שימערן אין איר פֿון די נײַסטע שטרעבונגען צו אַ נײַעם ייִדישן לעבן, שיקן מיר, די,

וואָס האָבן זיך געווידמעט דער אידייע פון דער ייִדישער אויפלעבונג, אונדזער הייסע באַגריסונג צו אונדזער באַליבטן פאָלקסשרײַבער שלום-עליכם". — דערנאָך קומען עטלעכע צענדליק אונטערשריפטן.

פריִער האָב איך דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, אַז מאָנטיק איז די פּיעסע דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג און אַז איך זאָל אומבאַדינגט קומען צו דער צווייטער פאָרשטעלונג (פאַרשטייט זיך, אויף די הוצאות פון דער דירעקציע) — — — דערווײַל קאָן איך באַשטימט גאָרניט זאָגן. נאָר אויב איך וועל האָבן צײַט און נאָך עפּעס, וועל איך אומבאַדינגט פאַרקערעווען קיין ווילנע, און פון דאָרטן — שוין אַהיים. —

וויי-וויי! אָט די ספּעקולאַנטן-פאָטאָגראַפערס האָבן מיך צעקאַליעטשעט! וואָס טוט מען? ווי אַזוי קאָן מען אויסראָטן אָט דאָס גאַנצע פּאַסקודסטווע? סײַדן אַלצדינג אָפּקויפן?... וווּ זשע נעמט מען בראָדסקיס פאַרמעגן?

— — —

דאָ זײַנען די נײַטיקע אויסבעסערונגען צום „וויג-ליד". איך בעט דיך, פאַרריכט אין אַלע קאָפּיעס.

איך לאָז איבער אַן אָרט פאַר דער מאַמע. איך קוש דיך נאָך אַ מאָל, פאַרשטייט זיך, ני ט אויפן חשבון פונעם געבורטסטאָג.

דײַן פּ אַ.

## 42. צו דער זעלבער

וואַרשע, 14טן אַפּריל 1905

פרײַנד טיסי! — — —

וואָס זאָל איך דיר שרײַבן וועגן נעכטיקן טריומף? איך אַליין פלעג זיך אַ מאָל באַטייליקן אין משוגענע אָוואַציעס, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן צו באַליבטע אַרטיסטן. נאָר אַזעלכעס האָב איך ניט געזען אַפילו אין מײַן שרײַבערישער פאַנטאַזיע. נאָכן ערשטן אַקט האָט מען מיך (בוכשטעבלעך) פאַרשאָטן מיט בלומען. דערנאָך, נאָך יעדן אַקט, האָט מען מיך וויפל מאָל אַרויסגערופן. בײַם פערטן אַקט איז דאָס פּובליקום פּשוט אַרויס פון די כּלים, האָט אַפּלאָדירט יעדער פראַזע, וואָס האָט אויסגעדריקט וועלכע עס איז שײַכות מיט דער אידייע פון דער פּיעסע. און נאָכן שלוס האָבן גענומען פליִען היטלען און עפּעס אַ ווילדע עלעמענטאַרע קראַפט האָט זיך צו מיר געריסן ווי אײַנצושלינגען מיך. פאַר איין מאָמענט האָב איך געמיינט, אַז דאָס טעאַטער פאַלט אײַן, איך האָב מורא געהאַט פאַר דעמאָנסטראַציעס. איך ווייס ניט, מיט וואָס זאָל מען עס דערקלערן: צי טאַקע מיט דער פּאָפּולאַריטעט פונעם פאָלקסשרײַבער, אָדער דערמיט, וואָס דאָס ייִדישע פּובליקום לעכצט נאָך אַ ייִדישער בינע, אָדער פּשוט מיט דער אומגעצאַמטקייט פונעם המון? בײַם אַרויסגאַנג האָט אַ טויזנט-קעפּיקע מאַסע אָפּגעוואָרט איר קרבן. נאָר אויף דער קלוגער עצה פונעם פּאָליצמײַסטער האָט מען מיך פאַרהאַלטן אין אַ פאַרמאַכטער לאָזשע אַרום אַ האַלבער שעה און דערנאָך אַרויסגעלאָזט דורך דער הינטערטיר אויף אַן אַנדער גאַס. גאָט מײַנער! וואָס וואָלט שוין געווען, ווען עס זאָל מעגלעך זײַן צו שפּילן אויף ייִדיש?

מײַן גורל און אײַער צוקונפט (איך װענדע מיך צו מײַנע נאָכפאָלגערס) זײַנען ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן ייִדישן טעאַטער. פאַרשרײַב דאָס דיר אין דײַן קאַלענדאַר. און דערװײַל לאָמיך דיך אַ קוש טון, טײַערע. אוי, װילט זיך מיר זײַן אויף דײַן געבורטסטאָג! צי װעט זיך עס אײַנגעבן — װייס איך ניט, כלעבן, מחמת געלט איז נישטאָ קיין סאַנטים ניט. די פּרוכט שנײַדן דערװײַל אַנדערע, ניט איך.

דײַן פּ אַ.

## 43. צו דער זעלבער

ליבױ, 22סטן אַפּריל 1905

טײַערע טיסי מײַנע!

ענדלעך בין איך טאַקע פאַרט געקומען קיין ליבױ, און לערך ניט שפּעט — אַ ן פ י נ ף מ י נ ו ט צ ו װ י י אַ ז י י ג ע ר ב י י נ אַ כ ט. אױפן װאָקזאַל האָט מיך ב אַ ־ ג ע ג נ ט דאָס אַ ר אַ נ ז ש י ר ־ ק אָ מ י ט ע ט. אַ סך דאַמען (פון װעלכע איינע איז אויף דער צײַט, דאַכט זיך, אין זיבעטן חודש). דער אָװנט, פאַרשטייט זיך, איז אָ פּ ג ע ל י י ג ט — אויף זונטאָג.

מע האָט מיך פאַרפירט אין האָטעל „ראָם“. אָהער טאַקע בעט איך צו אַדרעסירן די בריװ.

איך האָב זיך קוים אויסגעשלאָפן נאָך אַזאַ מערקװערדיקער נסיעה.

ד ע ם קאָמיטעט האָט מען געמאַכט אַ סקאַנדאַל: עס זײַנען געקומען אַלע אַנטייל־נעמערס, געװאָלט שפּילן, נאָר דאָס פּובליקום האָט געגװאַלדעװעט: גיט אונדז שלום־עליכמען! מײַן טעלעגראַמע װעגן דעם, אַז דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט, האָט דעם עולם נאָר צערייצט. איין דאַמע (שטעל דיר פאָר — ניט קיין טראַגעדיקע) איז געװאָרן היסטעריש. מע האָט געמוזט אויסלעשן דאָס ליכט. אום צו באַרויקן דאָס פּובליקום, װעט מען מיך הײַנט אַרויספירן עפנטלעך אויפן מאַרקפּלאַץ, אַלע זאָלן זען און זיך איבערצײַגן, אַז שלום־עליכם איז ניט קיין מיטאָס, ניט קיין פאַנטאַזיע, נאָר אַ װירקלעכקייט. װאָס ס׳איז שייך דעם מאַטעריעלן דערפאָלג פונעם אָװנט, איז ער מער װי פאַרזיכערט: „קיין בילעטן איז שוין נישטאָ, און בעלנים זײַנען דאָ אַ סך“. שלעכט איז נאָר דאָס, װאָס ס׳איז איבערגעבליבן דער גאַנצער „בופעט“, אַלע בלומען, קאָנפעטי וכדומה. פוטערברויטלעך אַליין װעט מען דאַרפן אַרויסװאַרפן אויף אַ קערבלעך 25. מײַן עצה איז געװען, מע זאָל עס אָפּשיקן קיין װילנע, צום קאָמיטעט פון דער ח ב ר ה „שאַבייסעגאַכטס“ (אין הויז פון טשערנאַװיטשן).

אײ־אײַ־אײַ, איז איסאַק אַלעקסאַנדראָװיטש גאָלדבערג מ י א ו ס אַרײַנגעפאַלן! דאָס הייסט, שולדיק איז ניט ער, נאָר הירשביין: ער האָט באַדאַרפט אויסגעפינען, װ אָ ס ע ר צוג גייט איבער דװינסק. װעגן מיר איז ניטאָ װאָס צו ריידן: איך בין תּמיד פּעיִק צו פ אַ ר פ אָ ר ן אַפילו קיין מאַנדזשוריע; אויף מיר פאַרלאָזן זיך טאָר מען ניט.

ג אָ ט מײַנער! װאָס זאָל איך טון מיטן „װ ע ג װ י י ז ע ר“ (75 קאָפּ.!!!)? װאָס מער איך שטודיר אים, אַלץ װייניקער פאַרשטיי איך אים. ער װעט מיך פון זינען

אראפּפירן! זאָל הירשביין אים בעטן ביי מיר: אפשר וועט ער אים אַ מאָל צו ניץ קומען. איך וועל אים גערן אָוועקשענקען.

איך וואַרט אויף דײַן בריוו. איך קוש דיך און דריק די האַנט הירשביינען.

דײַן פּ א.

## 44. צו דער זעלבער

וואַרשע, 30סטן יוני 1905

פרײַנד טיסי!

ענדלעך האָב איך אַ פרײַע האַלבע שעה צו שמועסן מיט דיר.

פריִער פון אַלץ און דער עיקר פון אַלץ — וועגן צײַטונגען, צײַטונגען, צײַטונגען. הונדערט טויזנט צײַטונגען! אַחוץ דער היגער צײַטונג „דער וועג", איז דערלויבט „די יידישע צײַטונג" אין אָדעס און עס אָרדנט זיך אײַן „דער טאָג" אין ווילנע. אויסער דעם, רעדט מען וועגן אַ צווייטער צײַטונג „דער טעלעגראַף", וואָס איז שוין יאַקבי דערלויבט אין וואַרשע. מע וואַרט נאָר אויף פאָרמאַליטעטן וכדומה. — — — דערווײַל האָב איך מיך אָפּגעבעטן בײַם „וועג" ביז שבת, ביז עס וועט קומען די מאַמע, ווען איך האָב אַרויסגערופן אויף אַ באַראַטונג וועגן נאָך אַן ענין, אַ טעאַטראַלישן.

דער דאָזיקער צווייטער ענין באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב שוין אָפּגעמאַכט מיט דער דירעקציע פון ספּיוואַקאָווסקי און אַדלער, וועלכע האָבן געדונגען דאָס גרויסע טעאַטער אין אָדעס פאַרן ווינטערדיקן סעזאָן. איך האָב גענומען אויף זיך, ערשטנס, אַ פאַרפליכטונג איבערצוגעבן אין זייער אויסשליסלעכן רשות מײַנע פּיעסעס אויף אַ גאַנץ יאָר; פּיעסעס, וואָס זײַנען שוין אָנגעשריבן און וואָס דאַרפן אָנגעשריבן ווערן פון מיר. צווייטנס, רעדאַקטיר איך פּיעסעס, וואָס זײַנען געשריבן פון אַנדערע מחברים. איך דאַרף בײַזײַן אויף די רעפּעטיציעס און פּרעמיערעס פון מײַנע פּיעסעס. עס וועלן אויפגעפירט ווערן נ אָ ר מײַנע פּיעסעס, אָדער אַזעלכע, וואָס איך וועל גוטהייסן. הכּלל, זיי האָבן זיך גענומען מיט מײַן הילף ריכטיק אָוועקצושטעלן די זאַך פונעם יידישן טעאַטער, אויפצובויען אַ מין יידיש־ליטעראַריש קונסט־טעאַטער. — — — פאַרן ערשטן סעזאָן האָב איך צוגעגרייט — (און אַרבעט נאָך איצט) צוויי גרויסע און פיר איינאַקטיקע פּיעסעס (עס זײַנען געבוירן געוואָרן אין קאָפּ נאָך אַ צוויי־דרײַ גרויסע פיר־ און פינף־אַקטיקע פּיעסעס). און וואָס ס'איז שייך דער אַרבעט, בין איך גאַרניט מחויב צו זיצן אין אָדעס, נאָר איך קאָן זיי שרײַבן אין דער היים. איך וועל נאָר דאַרפן, לטובת דעם ענין, בײַזײַן אויף די רעפּעטיציעס און פּרעמיערעס.

אויף אַזאַ אופן האָט זיך די טעאַטראַלישע זאַך בײַ מיר ניט שלעכט אײַנגעשטעלט. אַדלערס דירעקציע איז אַ רײַכע און די סאַמע אָנשטענדיקע אין רוסלאַנד. מיט דער פאַרבעסערונג פון דעם רעפּערטואַר וועט אויך פאַרבעסערט ווערן דער צוזאַמענשטעל פון דער טרופּע. ווינטער וועלן זיי שפּילן אין אָדעס, און זומער גאַסטראָלירן אין רוסלאַנד און אין פּוילן.

עס וואָלט זייער גוט געווען, ווען צו דעם אָדעסער טעאַטער זאָל נאָך זײַן אַ צײַטונג

אין אַדעס — דאָס וואָלט געווען שוין איין מאָל גוט! מיר וואָלטן דעמאָלט אַלע גאָר איבערגעוואָנדערט קיין אַדעס. — — —

נו, טיסיוניאַ, איך האָב דיר שוין אַלצדינג וועגן אַלץ אָנגעשריבן. דאַכט זיך, אַלץ שטעלט זיך גוט איַין. דערווײַל אָבער איז ניט אַזוי פֿויגלדיק, מיר לעבן, הייסט עס, מיטן מאָרגן. שרײַב מיר אויך אַלצדינג וועגן אַלץ, איך קוש דיך.

דײַן פּאַ.

אַ גרוס דײַן גאַנצער קאָלאָניע.

## 45. צו דער זעלבער

[באַיאַרקע], 8טן אויגוסט 1905

טײַערע טיסיוניאַ!

הײַנט דערוואַרטן מיר פֿון דיר אַ בריוו, מחמת דו ביסט פּינקטלעך ווי אַ לוח, און דערפֿאַר פֿאַרדינסטו יעדן לויב. בײַ אונדז איז אַ ווינט, כּמעט אַ שטורעם. מיר קלײַבן זיך שוין אין שטאָט אַרײַן. מיך אָבער, ווי אַלע מאָל, באַזוכט די מוזע יעדן טאָג, לאָזט מיך כּמעט ניט אָפּ. מענטשן קלאָגן זיך, אַז עס פֿעלט טעמעס. רבונו־של־עולם! ווו נעמט מען אַזוי פֿיל צײַט פֿאַרטיק צו ווערן מיטן מאַטעריאַל, וואָס זאַמלט זיך אָן אין די באַהעלטענישן פֿון דער נשמה! — נאָר מע דאַרף פֿון דעסטוועגן געבן פּלאַץ אויך פֿאַר אַנדערע. איך קוש דיך.

פּאַ.

## 46. צו דער זעלבער

קיִעוו, 11טן סעפּטעמבער 1905

טײַערער טיסיוק!

איך שיק דיר אַ קוש דורך דער מאַמע און אָט די דאָזיקע פֿערזלעך (מע דאַרף זיי צעקײַען...).

1

אונדזערע גבאים
מיט די שיינע בערד,
ווילדע מענטשן, פּראָים —
ס'נעמט זיי ניט די ערד!

פּלאַצן קאָן מען ממש
צו צוזען דאָס:

איסר אונדזער שמש
פירט אונדז בײַ דער נאָז.

2
אונדזערע גבאים
מיט די שײנע בערד,
װילדע מענטשן, פּראָים —
ס׳נעמט זײ ניט די ערד!

אויסגײן קאָן מען ממש
צו צוזען דאָס:
איסר אונדזער שמש
אונדזער באַלעבאָס!...

3
אונדזערע גבאָים
מיט די שײנע בערד,
װילדע מענטשן, פּראָים —
ס׳נעמט זײ ניט די ערד!

שטאַרבן קאָן מען ממש
צו צוזען דאָס:
איסר אונדזער שמש
לקחנט אָן אַ מאָס.

4
אונדזערע גבאָים
מיט די שײנע בערד,
װילדע מענטשן, פּראָים —
ס׳נעמט זײ ניט די ערד!

פּאַלן קאָן מען ממש
צו צוזען דאָס:
איסר אונדזער שמש
זשליאָקעט פון אַ גלאָז.

ענדע.

(פון מײַן נײַער דערציילונג „אָפּגעשלאָגענע הושענות: בועז דער שמש". די דער־צײלונג װעט דערשײַנען אינעם יום־טובדיקן נומער „דער װעג").

## 47. צו דער זעלבער

קיִעוו, 21סטן אָקטאָבער 1905

טײַערע טיסי!

מיר האָבן ניט געשריבן, ווײַל ס'איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט, ניט געווען קיין צײַט, ניט געווען קיין אָרט. מיר האָפן, אַז מיט אָט דעם בריוו וועסטו באַקומען אייניקע צײַטונגען, און חוץ דעם האָסטו פון די טעלעגראַמעס זיך דערוווּסט, אַז בײַ אונדז איז געווען אַ פּאָגראָם פון דעם 18טן אין אָוונט ביז צו הײַנטיקער נאַכט. אַ דאַנק עפּעס אַ מין נביאישן געפיל האָבן מיר בײַצײַטנס, מיט סכנת־נפשות, זיך געראַטעוועט אין האָטעל „אימפּעריאַל". וואָס ס'איז געוואָרן מיט אונדזער וווינונג — ווייסן מיר נאָך ניט. נאָענט אַרום אונדז האָט מען געמאַכט אַ חורבן, דאָס קלייטל בײַ אונדז אונטן האָט מען צעטראָגן. די נאָכבאַרשאַפֿט (די גימנאַזיע) האָט מען אָרומגעשאָסן. נאָר אַ כּפּרה די וווינונג. וויכטיק איז דאָס, וואָס מיר אַלע לעבן און זײַנען ניט צעשלאָגן, אויף וואָס עס זאָגן עדות די אונטערשריפֿטן. מע האָט צעקלאַפּט אַלע אונדזערע מיליאָנערן, די בראָדסקיס, די זײַצעווס, דעם באַראָן, ראָזענבערגן און די איבעריקע. עס זײַנען פֿאַראַן געהרגעטע (דאַכט זיך, ניט פֿיל) און אַ סך פֿאַרוווּנדעטע. דעם סטודענט בראָדסקי (אַלעקסאַנדערס זון) האָט דער מאָב שווער און בעסטיאַליש פֿאַרוווּנדעט (מע זאָגט, דערהרגעט). די בראָדסקיס האָבן געזוכט צו באַהאַלטן זיך בײַ גוטע קריסטן, אַ סך אַנדערע האָבן אָנגעווענדט אָט דעם מיטל, נאָר די גוטע קריסטן, מיט זייער זעלטענע אויסנאַמען, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון גאַסטפֿרײַנדלעכקייט. זיי האָבן אויסגעדריקט זייער פֿולע גרייטקייט, נאָכדעם ווי אַלץ וועט זיך צוריק אײַנשטעלן, צו קומען צו די ייִדישע מאַגנאַטן אויף זייערע בעלער און טאַנצן מיט זייערע טעכטערלעך אַ מאַזורקע. אַן אַלגעמיינע פּאַניק, וואָס לאָזט זיך ניט באַשרײַבן. דאָס לעבן פון פּערציק אָדער פופציק טויזנט איזראַעליטן איז געהאַנגען אויף אַ האָר. געשמדטע ייִדן און ייִדענעס האָבן געגנעכטיקט אין ייִדישע קעלערס. אַזוי איז דאָס, פֿרײַנד טיסי, מיר לעבן, און אויב מיר ועלן אויך ווײַטער לעבן, וועלן מיר אין גיכן דערלעבן בעסערע צײַטן. מיר האָבן יסורים וועגן דיר. אויב בײַ אײַך איז די קלענסטע אויפֿרעגונג, וואָלסטו בעסער געקומען אַהער אויף אַ געוויסער צײַט. איך קוש דיך טויזנט מאָל.

**דײַן פּאַפּאַ**

מע זאָגט, אַז דאָס הויז 35 איז גאַנץ. נאָר אַז מיר לעבן — דאָס איז אַ פֿאַקט.

## 48. צו דער זעלבער

קיִעוו, 22סטן אָקטאָבער 1905

טײַערע טיסי!

נעכטן האָב איך דיר באַשריבן, ווי די לאַגע איז. דער פּאָגראָם האָט זיך אָפֿיציעל געענדיקט דאָנערשטיק בײַ נאַכט. נאָר די פּאַניק איז נאָך ניט אַריבער. מענטשן קריכן

ביסלעכווײַז אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. די דערציילונגען און באַריכטן וועגן דעם דאָזיקן גוט־אָרגאַניזירטן רויבער־אָנפאַל זײַנען פּשוט פֿאַנטאַסטיש. איבערגעלאָזט די טראַגישע זײַט פֿאַר קלאָגמוטערס, גיי איך אַריבער צו די טראַגיקאָמישע עפּיזאָדן, וואָס אין דעם באַשטייט מײַן אַמפּלוּאַ. דעם אַלטן זײַצעווס ווײַב האָט פֿאַרבראַכט אַ נאַכט אין שטאַל, אין דער געזעלשאַפֿט פֿון זייערע טײַערע פֿערד. די באַראָנעסע גינזבורג האָט אויסגעהאַלטן אַ באַלאַגערונג אויפֿן בוידעם פֿון איר אייגענעם, אויף שטויב צעשטערטן פּאַלאַץ. לעוו בראָדסקי מיט די ייִנגערע טעכטער האָבן בשלום אַריבערגעקלעטערט דעם פּאַרקאַן, צוגעקומען צום „אינסטיטוט פֿון ווילגעבאָרענע מיידן", וועלכער האָט די אַנטרונענע אָפּגעזאָגט אין גאַסטפֿרײַנדלעכקייט. שׂרה און מאַרגאַריטאַ בראָדסקי האָבן אומזיסט געקלאַפּט אין טיר צום דירעקטאָר פֿון דער גאָסודאַרסטוועני באַנק. די פּוטער־שנײַדערס פֿון דעם געשמדטן ייִדן טויבאַ האָבן אים געצווונגען צו זאָגן דרײַ מאָל „אַטשע נאַש". דײַן חברטע קלאַראַ בראָדסקי־פּאָליאַקאָוו האָט אומזיסט געזוכט שוץ בײַם גובערנאַטאָר (בײַם געוועזענעם). אונדזער ווינונג האָט געראַטעוועט די קריסטלעכע קעכין מיט דער הילף פֿון איקאָנעס און צלם־צייכנס. עפּשטיינס קאָנטאָר האָט מען צעקלאַפּט פֿאַר גלהים אין די אויגן. אָן אַ שיר קוריאָזן, פֿון וועלכע די רוסישע געזעל־שאַפֿט דאַרף רויט ווערן. און זי וועט נאָך רויט ווערן. לאַנג, לאַנג!... מיר באַאומרויִקן זיך וועגן דיר זייער שטאַרק. פֿריִער פֿאַר מאָנטיק וועלן מיר ניט איבערפֿאָרן. אַ גרוס דעם אַרום־דער־וועלט־רײַזנדן בערקאָוויטשן. איך שיק דיר אַ נומער „קיִעווליאַנין". דער הער פּיכנאָ, איינער פֿון די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם, גיסט אַצינד קראָקאָדיל־טרערן אויפֿן אומגליקלעכן ייִדנטום, וואָס וועט אין אומגליק באַזיגן אי אים אי די, וואָס זײַנען מיט אים. אָמן.

דײַן **פּאַ.**

די מאַמע און די קינדער שלאָפֿן שוין. אַלע זײַנען געזונט. מע האָט באַדאַרפֿט זען נומטשיקן אויפֿן פּאָגראָם!

## 49. צו דער זעלבער

קיִעוו, 26סטן אָקטאָבער 1905

טײַערע!

ענדלעך איז דאָ פֿון דיר אויך אַ בריוו, פֿון וועלכן מיר האָבן טאַקע אַ ביסל אַ וויין געטאָן, פֿאַרשטעלנדיק זיך די שרעקלעכע שעה וואָס דו האָסט פֿאַרבראַכט אין די קוסטעס אונטערן שוץ פֿון דײַן שומר בערקאָוויטש. יאָ, ער איז באמת געקומען ווי אַ מלאך־מושיע, און זאָל דאָס אים ניט פֿאַרגעסן ווערן אויף אייביק! מיר האָבן שוין געוואָלט דיר הײַנט טעלעגראַפֿירן, אַז מיר זײַנען שוין אין דער היים און אַז דו זאָלסט אומבאַדינגט קומען אַהער צוזאַמען מיט בערקאָוויטשן. אויב שטאַרבן, זאָל שוין זײַן אין איינעם. אויב אַוועקפֿאָרן פֿון רוסלאַנד, איז אין איינעם. בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט וואָלטן מיר צוזאַמען עמיגרירט קיין אַמעריקע. אונדז האָט מען דאָך רויניִרט מער פֿון

אַלעמען, וואָרעם עס איז רוּיִנירט דאָס גאַנצע רוסישע ייִדנטום. — — — מיר זײַנען דאָך נאָר דורך אַ נס אַלע גאַנץ געבליבן, און זײַנען מיר דען באַוואָרנט פונעם מאָרגנדיקן טאָג? שטעל דיר פֿאָר, דאָס רעדט צו דיר אַ מענטש, וואָס איז אָפּטימיסטיש געשטימט. וואָס זשע וועלן שוין זאָגן די סקעפּטיקערס? — — — מיר בעטן דיך און בערקאָוויטשן בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט קומען צו אונדז. אונדז באַאומרויִקט נאָר דאָס אומשטײַגן אין זשמערינקע, מחמת דאָרטן ריזיקירט מען אַרײַנצופֿאַלן צו די כוליגאַנעס אין די הענט אַרײַן, ווי מע שרײַבט וועגן דעם אין די אַדעסער צײַטונגען. — — — זאָל בערקאָוויטש זיך קויפֿן אַ היטל פֿון אַ טשינאָווניק מיט אַ קנעפּל — און דאַן קאָנט איר זיך דרײַסט לאָזן אַהער, און דווקא מיט דער צווייטער קלאַס. אונדז גיט אַ טעלעגראַמע. אויפֿן וואָקזאַל וואַרט ניט אויף אונדז. פֿון וואָקזאַל פֿאָרט גלײַך, דרייט זיך ניט אום בײַם אַרויסגאַנג. — — — די זאַכן גיט אָפּ אַלע אין באַגאַזש, בלײַבט גאָר אָן זאַכן, וואָרעם די כוליגאַנעס רויבן, און גלײַך נאָך דער רויבערײַ ווערט מען געשלאָגן. — — — און אַצינד זײַ געזונט. אַ גרוס בערקאָוויטשן.

דײַן פּאַ.

## 50. צו י. ד. בערקאָוויטש

קיִעוו, 23סטן נאָוו' 1905

מײַן טײַערער זון בערקאָוויטש! איך שרײַב דיר די דאָזיקע צײַלן, בשעת איך בין אַרומגעקרוינט מיט קאָמפּרעסן פֿון קאָפּ ביז דער באָרד (כאָטש זי איז געגאָלט), וואָרעם איך לײַד ציינווייטיק זייער און זייער!

דאָס בילד, וואָס דו האָסט מיר געשילדערט, — די רעדאַקציע פֿון די „הזמן"־לײַט — איז ווי לעבעדיק פֿאַר מײַנע אויגן, נאָר פֿון דעסטוועגן גלייב איך אין בן־אַביגדורן, אַז ער וועט דערגרייכן זײַן ציל.

איך שיק דיר דאָ „אַן אויפֿשריפֿט אויף דער מצבה פֿון מײַן קבר", וואָס איך האָב פֿאַרצייכנט אין די דאָזיקע „שוואַרצע" טעג, און איך וועל דיך בעטן צו איבערזעצן עס אין פֿערזן, ווי בײַ מיר; און אויב דו קאָנסט עס ניט גרייכן, וועסטו בעטן אין מײַן נאָמען אונדזער פֿרײַנד שניאור, וואָס איז אַ „מזיק" אין דער אַרבעט פֿון שיר.

געווען אַ ייִד אַ פּשוטער,
געשריבן „עברי־טײַטש" פֿאַר ווײַבער
און פֿאַרן פּראָסטן פֿאָלק האָט ער —
דאָ ליגט אַ זשאַרגאָניסט אַ שרײַבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט, —
אַליין, אוי־ווי, געווען אויף צרות!

און דווקא ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקוועלט און פלעג זיך פרייען,
האָט ער געוויינט — דאָס ווייסט נאָר גאָט —
בסוד, אַז קיינער זאָל ניט זען...

שלום-עליכם

אינעם יאָר פון קאָנסטיטוציע און פּאָגראָמען (1905).
(די מאָס פון די יאַמבן איז אַכט און נײַן).

## 51. צו דער טאָכטער ערנעסטינאַ

קיִעוו, 23־24סטן נאָוועמבער 1905

טײַערע טיסיוניאַ!

איך שרײַב אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אַלע שלאָפן, און איך וואַך ביז פרימאָרגן, וואַרט אויף דער פאַרשטייענדיקער עקסטראַקציע (האָסט נאָך ניט פאַרגעסן די ציינדאָקטערשע טערמינאָלאָגיע?). מײַנע יסורים גייען אַריבער אַלע גרענעצן, און איך זוך באַרויִקונג אין שרײַבן צו דיר און צו בערקאָוויטשן (אויף דער צווייטער זײַט). אַגב שיק איך אים מײַן עפּיטאַפּיע אין פּערזן, וואָס איך וואָלט וועלן האָבן אויף מײַן קבר (איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, פאַרשטייט זיך) איןביידע ייִדישע שפּראַכן. די פּערזן זײַנען רעגלמעסיקע, 8־פּערזפוסיקע און 9־פּערזפוסיקע יאַמבן; אַזעלכע וואָלטן זיי באַדאַרפט זײַן אויך אויף העברעיִש, אויב דאָס איז מעגלעך. וואָס ס'איז שייך דעם טערמין, איז עס ניט דווקא צו דער מינוט: איך קלײַב מיך נאָך ניט אויף יענער וועלט. איך רעכן נאָך צו מאַכן אַ טורנע איבער אַמעריקע, נאָכדעם אומקערן זיך צוריק אַהער צו געניסן די אמתע פרײַהייט אַ פּאָר צענדליק יאָר. דערווײַל קוש איך דיך זייער שטאַרק.

דײַן פּאַ.

## 52. צו מיכאל קויפמאַן

קראָקע, 15טן מאַרץ 1906

ליבער מיקאָעלאַ!

ווי איר זעט, בין איך אין קראָקע. די שטאָט איז אַ שטילע, אַ רויִקע. מע קאָן שלאָפן אַפילו דעמאָלט, ווען עס ווילט זיך ניט. הײַנט איז דאָ מײַן אָוונט, און מאָרגן, פאַרשטייט זיך, אַ „קאָמערס", אויף וועלכן עס וועט פאַרקומען דאָס אומפאַרמײַדלעכע געפעכט פון רעדנערס (אָ, גאָט, דערבאַרעם זיך!). איך שיק אײַך דערמיט עטלעכע מײַנע פאַקסימילעס און אַן אויטאָגראַף — אַן עפּיטאַפּיע, פאַרפאַסט פון מיר אויף יעדן פאַל, טאָמער וועט מיר ווען עס איז אויסקומען צו שטאַרבן. אָנו, פּרוווט עס איבערזעצן מיט די זעלבע פּערזן (8 און 9) אויף רוסיש. איך האָב געזען אײַער אַרבעט פון ליכטשריפט בײַ ליאָלין.

פאָטאָגראַפירט, איך בעט אײַך, אָט דאָס אויך, פאַר וואָס איך זאָג אײַך שוין אַ דאַנק. און ווען רעכנט איר צו זײַן אין לעמבערג? שרײַבט מיר קיין לעמבערג.

איך דריק פרײַנדלעך אײַער האַנט.

שלום־עליכם

## 53. צום זעלבן

יאַסי, 22סטן אַפּריל 1906

אַ גרוס אײַך, ליבער מיקאַעלאַ, פון דעם חידושדיק־שיינעם, אָרעם־רײַכן, פרײַ־געדריקטן, ערלעך־גנבהשן, אײראָפּעיִש־אַזיאַטישן רומעניע! —

ש. עליכם

## 54. צו די בערקאָוויטשעס

גאַלאַץ (רומעניע), 30סטן אַפּריל 1906

מײַנע טײַערע טיסיוניאַ און בערקאָוויטש!

ווי אַזוי לעבט זיך עס אײַך? פאַר וואָס שרײַבט איר מיר ניט? עס קאָן דאָך זייער פּאַסירן, אַז מיר זאָלן זיך גאַרניט זען אַזוי גיך, אָדער נאָר אויף איין שעה. גוט וועט זײַן, אויב די געשעפטן וועלן דערלויבן זיך צו באַזעצן אין דער שווײַץ. און אויב ניט? עס שטייט מיר פאַר אַ נסיעה קיין ענגלאַנד, און פון דאָרט — גאָט מײַנער! — קיין אַמעריקע. דער געדאַנק אַליין וועגן אַ מעגלעכער צעשיידונג וואַרפט אָן אויף מיר אַן אומעט... וואָס טראַכטן זיך אונדזערע „רעדאַקטוירים"? ניט שוין זשע קאַפּוט? איך מיין, אַז מיר וועלן זיך גיך זען. איך נעם אײַך אַלעמען אַרום.

אײַער פּ אַ.

ליאַלין, עמאַן, מאַרוסין און נומטשיקן אַ גרוס!

## 55. צו די זעלבע

[לאָנדאָן, אָן אַ דאַטע]

טײַערע טיסי און בערקאָוויטש!

קאָלאָסאַל, גראַנדיעז, דערדריקנד, פאַרניכטנד, קאַלט, פײַכט, גרוי, רויכיק, האַרע־פּאַשנע, פרײַ, ברעגלאָז, קולטורעל, ווילד, נעבלדיק, פרעמד, מוראדיק — אָט האָט איר לאָנדאָן. וועגן איבעריקן שרײַב איך דער מאַמע. בערקאָוויטש! ניט שוין זשע האָט בן־אַביגדור ניט געענטפערט? איך בעט אײַך, טײַערע, שרײַבט מיר, איך בין שרעקלעך עלנט. אַלצדינג, וואָס ס'איז פאַראַן פאַר מיר, שיקט מיר איבער אַהער.

איך קוש אײַך.

פּ אַ.

## 56. צו די זעלבע

לאָנדאָן, 29סטן מײַ 1906

טײַערע טיסי און בערקאָוויטש!

איך בין ווייער באַליידיקט. איר האָט מיך טאַקע ניט באַערט מיט אַן ענטפער אויף מײַנע בריוו. דאָס איז חזירײַ, אויב מע זאָל ניט זאָגן אַ שטאַרקערן וואָרט.

איך האָב געלייענט בערקאָוויטשעס אַרטיקל אין דעם לעמבערגער צײַטונגל וועגן טעאַטער און בין געוועזן אַנטציקט. ער האָט געכאַפּט דעם סטרי... זאָג אים, אַז ער וועט שרײַבן, וואָרעם ער יכולט, און דווקא יידיש!

שרײַבט מיר אָן וועגן אײַער רײַזע און וועגן אײַערע אײַנדרוקן. שרײַבט שוין בעסער קיין פּאַריז. אין גיכן וועלן מיר זיך זען.

אײַער פּ אַ.

## 57. צו י. ד. בערקאָוויטש

פּאַריז, 3טן יוני 1906

מײַן טײַערער זון בערקאָוויטש!

דײַן בריוו האָב איך באַקומען. די שילדערונג וואָס דו האָסט מיר געגעבן האָב איך פאַרגעלייענט פאַר קויפמאַנען, און ווי לעבעדיק איז געשטאַנען פאַר אונדז דאָס דאָזיקע שיינע בילד. אײַער נסיעה שטייט און בעט זיך צו באַשרײַבן ווערן מיט אַן אײַזערנער פען אויף ווײַסן פּאַפּיר, און דערנאָך געדרוקט צו ווערן אין איינער פון די צײַטונגען (אָבער ניט בײַ... וואָס זעצט אונדזביידן אָן). אפשר ווילסטו, מײַן טײַערער, נעמען אויף זיך די דאָזיקע אַרבעט? זע, אָט גיב איך דיר אַ שיינע טעמע פאַר אַ זשאַרגאָנישער סאַטירישער דערציילונג. פּרוּוו דײַן כּוח, וואָרעם ער איז גרויס!

טו אַ קוש טיסין פון מײַנט וועגן.

דײַנער און אײַערער

## 58. צו מיכאל קויפמאַן

זשענעווע, 7טן יוני 1906

פרײַנד מישעל!

געקומען, פאַרשטייט זיך, בשלום און געטראָפן מײַן רעפּובליק גאַנץ. ביז צו הײַנטיקן טאָג קאָנען זיי צו זיך ניט קומען פון דער נסיעה. אַ גרוס דעם ד״ר שרײַבער. הײַנט בין איך שוין געזונט און שפּאַציר. מײַן גאַנצע „כאַליאַסטרע“ בעט אין איין קול צו גריסן.

אײַער ש. עליכם

## 59. צו די קינדער

לאָנדאָן, 16טן יוני 1906
4 אַ זייגער פאַר טאָג

ליבע און טײַערע!

איר ווונדערט זיך מסתמא, וואָס איך שרײַב אײַך אַזוי פרי, 4 אַ זייגער פאַר טאָג. באַלד וועט איר אַלצדינג וויסן. איר קאָנט אונדז אָפּגעבן מזל־טוב. מיר ביידע, איך און די מאַמע, האָבן געפונען פאַר זיך אַן אַרבעט, און זייער אַן אײדעלע אַרבעט, כאָטש זי האָט גאָרניט צו טאָן ניט מיט ליטעראַטור, ניט מיט ציינדאָקטערײַ. איך ווייס נאָר ניט, צי מיר וועלן זיך לאַנג האַלטן בײַ דער דאָזיקער באַשעפטיקונג. נאָר איר הייבט שוין אָן צו ווערן אומגעדולדיק, איר ווילט וואָס גיכער וויסן, צו וואָס פאַר אַ טעטיקייט מיר האָבן עס אָװעקגעגעבן אונדזער גאַנצע ענערגיע? האָט זשע געדולד נאָך איין מינוט. מיר כאַפּן וואַנצן! ענדלעך האָט איר זיך דערוווּסט, נו, גאָט צו דאַנקען! אַצינד וועל איך אײַך דערציילן אַלצדינג באריכות, ווי און וואָס און ווען.

נאָך אַ סך צרות מיט יסורים, מיט שלעפּן זיך איבערן ווײַטשעפּל האָבן מיר סוף־כּל־סוף דערטאַפּט צוויי פּראַכטפוּלע חדרים, אַ קאַבינעט מיט אַ שלאָפצימער, לערך ניט טײַער, מיט מעבל, מיט בלומען, מיט אַ גערטל אַפילו, נו, און, פאַרשטייט זיך, מיט אַן ענגלישן וואַטערקלאָזעט, און, חוץ־לזה, מיט זייער אַ ליבער באַלעבאָסטע, דאַכט זיך, פון די גאַליציאַנער איזראַעליטן, מיט נײַן קינדער, זעקס טעכטער און דרײַ זין. הײַנט בעטן, מאַטראַצן, קאָלדרעס — אַלצדינג ערשט פון דער נאָדל. און שטעלט אײַך פאָר, צוויי אַ זייגער בײַ נאַכט כאַפּט זיך אויף די מאַמע, וועקט מיך מיט איר אויקען. וואָס איז געשען? דאָס קינד וואַרפט זיך, קאַטשעט זיך פון איין זײַט אויף דער אַנדערער. איך אַליין פיל עפּעס אויך דאָס בײַזײַן פון אַ זײַטיקן קערפּער, און ניט פון איינעם, נאָר פון אַ סך קערפּערלעך, וואָס גייען זיך דורך מיט דריבנע טריטלעך איבער מײַן גוף. מיר צינדן אָן אַ ליכט און — אָ, אַ שרעק! — אַ וואַנץ, און נאָך איינע, און נאָך צוויי, נאָך 5, נאָך 11, נאָך 34, נאָך 58, נאָך 82, נאָך 99 וואַנצן; און דאָרטן אַ מאה און אַ צווייטע איז צו באַמערקן אונטער די קישנס. גיב אַהער דאָס ליכט, לאָמיר זיי ברענען, די אויסוווּרפן! מיר כאַפּן אַ קוק פאַרבײַגייענדיק אויף די ווענט — עהע־הע! אין די הונדערטער, אין די טויזנטער עמיגרירן זיי פון די ווענט צו דער סטעליע און צוריק. מיר קוקן אַרײַן אין קאַמין, אין שפּיגלשראַנק, אין טישקעסטל. נישקשה, זיי זײַנען דאָ, גאָט צו דאַנקען, אומעטום; אַפילו אויף דער ערד שפּאַצירן זיי אום, די בעסטיעס. זײַנען מיר אויפגעשטאַנען און גענומען זיך אָפּטרייסלען, טאַנצן און שפּרינגען. איך בין אַ בעלן געווען אַ טאַפּ טאָן אין די הויזן־קעשענעס, צי איז דאָרטן נישטאָ קיין וואַנצן? אַוודאי, וואָס זשע דען? געפונען עטלעכע שטיק. בײַ דער מאַמען אויפן קאָרסעט, איך שווער בײַ מײַן ערע, האָבן מיר געפּאַקט איין חברהמאַן. מיר זײַנען דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מיר זײַנען געקראָכן זוכן אין בומטשיקס שפּילצײַג און אַפילו אויפן ציפערבלאַט פון מײַן זייגער. אַצינד גייט אַרײַן, איך בעט אײַך, אין אונדזער לאַגע: נאַכט. הויפּטשטאָט פון גרויסבריטאַניע. ענגלישע קאָנסטיטוציע. קראָמוועל. דיזראַעלי. אַ מיליאַרד וואַנצן. דאָס ליכט האַלט בײַם סוף. מיר קומען אויס מיט שוועבעלעך. וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער,

אַז די שוועבעלעך וועלן אויך אויסגיין? אין גרויס פֿאַרצווייפֿלונג בין איך געגאַנגען און אויפֿגעוועקט דער באַלעבאָסטעס צוויי זין. דערציילט זיי אונדזער אומגליק. זיי וווּנדערן זיך, גלייבן ניט. „דאָס הייסט, זאָגן זיי, מיר האָבן, חלילה, ניט די העזה אײַך ניט צו גלייבן; נאָר ס'איז אוממעגלעך צו גלייבן, אַז בײַ אונדז זאָלן זיך געפֿינען וואַנצן". ווײַז איך זיי אויף אַ וואַנץ, וואָס קריכט טאַקע בײַ זיי אויפֿן קישן, און זאָג: „און דאָס, לויט אײַער מיינונג, איז ניט קיין וואַנצן?" זאָגן זיי: „סך־הכּל איינע אַ וואַנץ!" אַוודאי איז בײַ אונדז געבליבן גאַנץ פֿרי צו מאַכן פּליטה. נאָר צי וועלן מיר דערלעבן ביז אין דער פֿרי? צי וועלן אונדז די גרויסבריטאַנישע וואַנצן ניט אויפֿעסן ביז דעמאָלט? פֿון הינטער דער שכנישער וואַנט הערט זיך אַ פֿאַרשטיקט געלעכטער. דאָס לאַכן פֿון אונדז דער באַלעבאָסטעס צוויי זין. אַך, פֿאַרשאָלטענע! אַ שאָד, וואָס איך האָב ניט מיט זיך קיין באָמבע! אויפֿרײַסן וואָלט מען זיי באַדאַרפֿט אין איינעם מיט די גרויסבריטאַנישע וואַנצן!... (פֿאָרזעצונג קומט).

אײַער פּ אַ.

נ.ב. ליאַליאַ! עס ווערט דיר איבערגעגעבן צו קאָפּירן דעם דאָזיקן בריוו וואָרט בײַ וואָרט און אָפּשיקן אַ קאָפּיע צו קויפּמאַנען קיין פּאַריז. דו הערסט? און אויך דו, מישאַ, נעם אַראָפּ אַ קאָפּיע און שיק צו דײַן חבר קיין רוסלאַנד. זאָל די גאַנצע וועלט וויסן, וואָס איז אַזעלכס די גרויסבריטאַנישע קאָנסטיטוציע מיט אירע וואַנצן.

## 60. צו די זעלבע

לידז, 6־7טן יולי 1906

ליבע קינדערלעך!

איידער איך הייב אָן אײַך צו באַשרײַבן אונדזער אויפֿהאַלט אינעם פּראָווינציעלן ענגלאַנד, פֿיל איך מיך געצוווּנגען צו געבן אײַך אַ פֿײַערלעכע שבֿועה, אַז אַלצדינג, וואָס איר וועט דאָ לייענען, איז לויטער אמת, ד"ה אַז דאָס איז ניט קיין פֿעליעטאָן, נאָר אַן אמתע פּאַסירונג.

אַרויסגעפֿאָרן פֿון מאַנטשעסטער זײַנען מיר אין אײַלעניש (בחיפּזון), אָן פֿרישטיק, און אָנגעקומען אַהער אַ זייגער צוויי הונגעריקע, אַזוי ווי ליאַליאַ אין זעקסטן קלאַס גימנאַזיע. אָדער אַזוי ווי מישאַ, וואָס האָט נעכטן אויף דער נאַכט ניט געגעסן קיין וועטשערע. די ציוניסטן (גיט קויפּמאַנען אַ גלאָז וואַסער), וואָס האָבן אונדז באַגעגנט, האָבן אונדז פֿאַרפֿירט פֿריִער אין איינעם, דערנאָך אין אַ צווייטן האָטעל, אויף וואָס עס האָט זיך געפֿאָדערט אַ שעה צײַט. די ערשטע פֿראַגע, וואָס איז פֿאָרגעלייגט געוואָרן די הונגעריקע רײַזנדער, איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: „ווי אַזוי קוקן די רוסישע ייִדן אויף דער שפּאַלטונג אין ציוניזם נאָך הערצלען און צי האָט דער טעריטאָריאַליזם אין רוסלאַנד אַ צוקונפֿט?" דערויף האָב איך געענטפֿערט, אַז מיר זײַנען ניט נאָר ניט קיין געגעסענע, נאָר מיר האָבן אַפֿילו קיין טיי ניט געטרונקען. דער ווונק איז גלײַך (קויפּמאַנען אויף צו להכעיס!) פֿאַרשטאַנען געוואָרן, און איינער פֿון זיי האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַן ענגלישן אַקצענט: אָ! וועגן עסן מעגן מיר זײַן גאַנץ רויִק, וואָרעם מר' פּ. האָט אונדז

צוגעשטעלט זײַן עסצימער אויף דער גאַנצער צײַט, וואָס מיר וועלן פֿאַרברענגען אין לידז! — און אָט איז ענדלעך געקומען מר׳ פ. אַליין, אויסגעפֿרעגט, ווי אַזוי ס׳איז אונדז געגאַנגען די רײַזע, און פֿאַרבעטן אונדז צו זיך. גייען מיר. געגאַנגען — געגאַנגען, געגאַנגען — געגאַנגען, געקומען. אָוועקגעזעצט זיך. זיצן מיר. שמועסן וועגן דעם, וועגן יענעם און מער פֿון אַלץ וועגן ציוניזם. אָט איז בײַ אים פֿאַראַן אַ ייִנגל (אַ באָי), פֿערצן יאָר אַלט, אויך אַ ציוניסט, דעקלאַמירט ער אויסגעצייכנט „ציון" פֿון ליובאָשיצקי. „עי, סעם, קום אַקאָרשט אַהער! טו אַ דעקלאַמיר פֿאַר די טײַערע געסט 'ציון'! אָבער פֿײַנטשיק!" — און דער פֿערצן־יאָריקער סעם האָט זיך אָוועקגעשטעלט דעקלאַמירן פֿאַר אונדז „ציון", פֿון וואָס עס האָט אונדז אָנגעהויבן צו שפּאַרן אונטערן לעפֿעלע (ווײַזט אויס, פֿון הונגער, מחמת ס׳איז שוין געווען העט אַרום 4 אַ זייגער), און נומטשיק נעבעך — דער האָט זיך אַזש צעוויינט: „מאַמע, עסן! מאַמע, אַ בולקע!" דער דאָזיקער דועט האָט געדויערט ניט לאַנג, סך־הכּל אַ מינוט 48 — און מע האָט אונדז סוף־כּל־סוף פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דער באַלעבאָסטע, וואָס איז די גאַנצע צײַט געווען פֿאַרנומען מיט איר טואַלעט. אָפּגעזעסן מיט מרס׳ פ. אַ מינוט 20 און דורכגעשמועסט זיך וועגן דעם קלימאַט פֿון דער „היגער שטאָט" און וועגן דער אָנגעווייטיקטער צײַטפֿראַגע אין ענגלאַנד (דינסטן), זײַנען מיר ענדלעך אַליין אויפֿגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין מיט דער באַלעבאָסטע אין עסצימער אַרײַן. אויף אונדזער אומגליק האָבן מיר באַדאַרפֿט דורכגיין פֿאַרבײַ דער פּיאַנע, און דער מאַמע האָט זיך פֿאַרוואָלט פּלוצעם אַרויסוואַרפֿן דער באַלעבאָסטע אַ פֿרײַנדלעכקייט, אַ פֿרעג געטאָן: „וואָס, אײַערע קינדער שפּילן?" דערפֿון האָט זיך די באַלעבאָסטע אַזש געפֿונען באַליידיקט: וואָס הייסט? נאָך אַ מין שפּילן! „עי, טאָכטער. טו אַקאָרשט אַ שפּיל פֿאַר די טײַערע געסט 'פּונעם בוך'!" אויף דעם דאָזיקן רוף האָט זיך גלײַך באַוויזן אַ באַשעפֿעניש מיט פֿונאַנדערגעלאָזטע לאָקן, געמאַכט אַ רעווערענס און דאַוואַי צימבלען אויף וואָס די וועלט שטייט. מיר זײַנען פֿאַרגליווערט געוואָרן, די גאַנצע צײַט געשטאַנען אויף די פֿיס; נאָר איין נומטשיק האָט פֿון צײַט צו צײַט געשטערט די האַרמאָניע, דערקלערט גאַנץ הויך אויף אַ קול: „מאַמע, איך וויל ניט קיין מוזיקע, איך וויל עסן!" (אָט אַ שייגעץ!). נאָר צו אַלצדינג אויף דער וועלט איז פֿאַראַן אַ גרענעץ. איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מר׳ פ., אַז די צווייטע מוזיקאַלישע אָפּטיילונג וואָלט איך געבעטן אָפּלייגן אויף נאָך מיטיק, מחמת דאָס קינד, זאָג איך, איז הונגעריק און מיר אַליין האָבן הײַנט נאָך אויך קיין טיי ניט געטרונקען. זײַנען מיר אַראָפּ אין עסצימער (אינעם אונטערשטן שטאָק). אויפֿן טיש זײַנען שוין געווען צוגעגרייט שאָלעכלעך, אַ טעלערל מיט טרוסקאַווקעס, אַ צוויי־דרײַ ריפּטלעך ברויט, באַשמירט מיט ווייכער געלער פּוטער (אַקוראַט דאָס, וואָס איך האָב שטאַרק ליב, מע קאָן זאָגן — איך פֿאַרגעטער!) און... מער גאָרניט! „וואָס גלײַכט איר בעסער — סאָדע־וואַסער אָדער לימאָנעד?" זאָג איך: „ניין, ניט דאָס, ניט יענעס. נאָר אויב ס׳איז מעגלעך — ברויט, אָבער אָן פּוטער". מאַכט צו מיר די באַלעבאָסטע: „פֿאַר וואָס? איר גלײַכט ניט ברויט מיט פּוטער?" האָב איך שוין געוואָלט זאָגן: „דאָס איז קאַקעפּיצי, ניט קיין פּוטער", — האָט מיך נומטשיק פֿאַרכאַפּט און רופֿט זיך אָן צו דער מאַמע: „אָט דאָס אָ רופֿט זיך בײַ זיי מיטיק? אַ שיינער מיטיק" (אַ שייגעץ קאָן!)

עפּילאָג

אַרום אַ זייגער אַכט אין אָוונט האָבן די שטילע איַנוווינערס פון דער שטאָט לידז געקאָנט באַמערקן, ווי צוויי אויסגעמאָגערטע רײַזנדער מיט אַ יינגעלע אין מיטן שלעפּן זיך אָן אַ ציל און אָן האָפענונג איבער די גאַסן, שטעלן אָפּ די פרידלעכע ענגלענדער און ווענדן זיך צו זיי אויף אַ געבראָכענער שפּראַך מיט דער פראַגע: „רעסטאָ־ראַנט!?"...

(אַ סוף. פאָרזעצונג קומט נ י ט.)

עס האָבן מיך אַרויסגערופן די ציוניסטן. איך בין נאָך הונגעריק. שוין באַלד האַלבע נאַכט. קיין רעסטאָראַן האָבן מיר ניט געפונען. איך טראַכט מכּוח אַ בראָונינג. ס'איז סומנע אין דער פרעמד אָן מיטיק...

איך קוש איַך.

## 61. צו נאַטאַשע מאַזאָר

1906 11טן אויגוסט

ליבע, טיַיערע נאַטאַשע!

דאָס איז אַלע מאָל אַזוי מיט מענטשן, איידער זיי צעשיידן זיך, אָדער נאָך דעם ווי זיי צעשיידן זיך אויף לאַנג: שטאָף אויף צו ריידן געפינען זיי שוין נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך צעשיידט. און צעשיידט האָבן מיר זיך מיט דיר גאָט ווייסט אויף ווי לאַנג. זייער מעגלעך, אַז אויף שטענדיק, אַלנפאַלס, אַזאַ פאָרגעפיל איז געווען ביַי מיר אין יענער מינוט, ווען דו ביסט געשטאַנען אויפן טרעפּל פונעם וואַגאָן. דעם אמת זאָגנדיק, פאָר איך קיין אַמעריקע פול מיט די שענסטע האָפענונגען, נאָר דאָס געפיל פון געזעגענען זיך מיט רוסלאַנד, מיט אונדזער קיִעוו און מיטן איינציקן ווען (מיט דיר), וואָס דערמאָנט אונדז, אַז אויך מיר האָבן אַ מאָל געהאַט אונדזער אייגענע פאַמיליע־נעסט, — רופט אַרויס אָן אומגעהיַיערע בענקעניש... איך וואָלט געזאָגט — טרערן, נאָר איך האָב מורא, אַז איך וועל אויסזען קליינמוטיק, ווי אַ יידענע, זאָל זיַין אַפילו אין די אויגן פון דיַין קליינוואַרג, וועלכע פאַרשטייען אַלץ אויסגעצייכנט און קריטיקירן אַלץ אויסגעצייכנט. אַגב, וועגן דיַין קליינוואַרג. איך קען זיך ניט איַינהאַלטן, איך זאָל ניט אַ לויב טאָן דיַין מישען. ער מאַכט אַ וווּנדערלעכן איַינדרוק. אַלנפאַלס, מיך האָט ער באַצויבערט. אַלזאָ, ליבע, זיַי געזונט. מיר וועלן, פאַרשטייט זיך, דיר שריַיבן פון די שיינע מרחקים אַזוי אָפט, וויפל נאָר דאָס וועט אונדז דערלויבן די ציַיט און די געשעפטן. וועסטו אויך טאָן דאָס אייגענע? איך האָף, אַז דו וועסט אונדז ניט פאַרגעסן, באַזונדערס די משפּחה, וואָס בליַיבט דאָ איבער צווישן פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן, פּונקט ווי אויף אַ ניט־באַווינטן אינדזל. דו זאָלסט טאָקע אַזוי טאָן: שיק זיי צו בריוו אַהער, קיין זשענעווע, און זיי וועלן אונדז די בריוו איבערשיקן קיין ניו־יאָרק. וואָס זשע שייך אונדזער „איַינאָרדענען זיך" אין דער ניַיער וועלט, ווייס איך ניט, צי האָט דיר אָלגע געזאָגט, אַז דער הויפּט־יסוד זיַינען דאָ די טעאַטערס. צי וועט אַמעריקע זיך באַוויַיזן פאַר די אַרגאָנאַווטן ווי אַן אמתע קאָלכידע — דאָס וועט זאָגן דער ערשטער

סעזאָן. די וואָס קענען אַמעריקע און מיך, זאָגן פאַר אַ גלענצנדיקע צוקונפט. דערווײַל אָבער איז שווער, זייער שווער, אין אַלע פּרטים, און ערגער פון אַלץ איז דער באַוווסטזײַן, אַז דו צעשיידסט זיך מיט דײַן פאַמיליע, כּמעט אויף אַ גאַנץ יאָר! וועגן אַנדערע אומאָנגענעמלעכקייטן, ווי פאַטערלאַנד, חובות און נאָך, און נאָך, רייד איך ניט. פון אַלץ צוזאַמען ווערט אַן אָקעאַן מיט אויפרעגונג, וואָס טיילט אָפּ די אַלטע וועלט פון דער נײַער, און ניט וועלנדיק ווערסטו אַ פאַטאַליסט און רעדסט אויף דער שפּראַך פון די רוסישע זעלבסטהערשערישע קרוינען־טרעגערס, ווען ס׳קומט זיי אויס אונטערצושרײַבן עפּעס אַזאַ מין וויכטיקן מאַניפעסט וועגן מלחמה אָדער קאָנסטיטוציע: „מיט אונדז איז גאָט“...

איך האַלט פאַר איבעריק זיך דאָ ברייט צו צעלייגן, וויפל גליק איך ווינטש דיר, מאַיסיי סאַוועליעוויטשן און די קינדער, און דער עיקר, זײַן געזונט, רויק און מונטער.

איך קוש דיך. דײַן פעטער סאָלאָמאָן

דערווײַל איז אונדזער אַדרעס, ווי דו זעסט, אין לאָנדאָן. אַהין טאָקע בעטן מיר דיך שרײַבן פון צײַט צו צײַט. מיר וועלן מסתּמא פאַרבלײַבן אין לאָנדאָן אַ וואָכן צוויי אָדער דרײַ. פון דאָרטן וועלן מיר דיר ווידער שרײַבן.

## 62. צו דער זעלבער

לאָנדאָן, 7טן סעפּטעמבער 1906

טײַערע, ליבע נאַטאַשע!

איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַן אָנזען האָט געהאַט קיִעוו אין אײַערע אויגן נאָך בערלין. וואָס איז שייך לאָנדאָן, איז די דאָזיקע שטאָט שוין צו פיל גרויס. דאָ האָבן די מענטשן עטוואָס איבערגעכאַפּט די מאָס, איבערגעזאַלצן. אויב מיר האָבן דאָ איבערגע־לעבט דעם גיהנומדיקן אויגוסט (123 לויט פאַרענהייטן), הייסט עס, אַז מירן לעבן לאַנג. און ווי דערעסן האָט ער אונדז! וואָס גיכער שוין אַוועקפאָרן. מיר האָבן ניט געקאָנט קריגן קיין בילעטן פריִער פון 6טן נאָוועמבער (1טער טאָג חול־המועד), און קומען צו פאָרן קיין ניו־יאָרק וועלן מיר דעם 13טן (אויפן אַנדערן טאָג שׂימחת־תּורה — שבת), אַ שאָד בלויז, וואָס מיר זײַנען צוגעבונדן דאָ, צוגעשמידט; און מיר קאָנען זיך ניט אַרויסרײַסן כאָטשבי אויף אַ וואָכן צוויי קיין זשענעווע. קאָן זײַן, אַז אפשר צום סוף סעפּטעמבער וועלן מיר קאָנען זיך אַרויסרײַסן. אַך, וואָס פאַר אַ מתּנה וואָלסטו אונדז געמאַכט, אויב דו וואָלסט כאָטש איין מאָל אין וואָך אונדז צוגעשיקט אַ נומער אָדער צוויי פון אַ וועלכער ניט איז קיִעווער צײַטונג! אַניט קומט אויס זיך דערוויסן וועגן דעם טויט פון איינעם צי אַ צווייטן דורך דיר, מײַן „פּאָכאָראָנע“ פלימעניצע! די צײַט, וואָס מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט, איז דורכגעגאַנגען ניט אומזיסט, איך האָב פאַרענדיקט נעכטן די צווייטע דראַמע. הײַנט בין איך צוגעטראָטן צו דער דריטער. דאָס וועט זײַן אויפן גאַנצן סעזאָן. דאָרטן איז אָ גרויסער ספק, צי עס וועט זײַן צײַט צו שרײַבן. אונדזער בערקאָוויטש האָט צוגעשיקט אַהער אַ דערציילונג („אוגערקעס“), איבער

וועלכער דרײַ רעדאַקטאָרן שלאָגן זיך דאָ און צאָלן גרויס געלט פאַר האָבן די רעכט צו דרוקן. דאָס איז ווירקלעך זייער אַ טאַלאַנטפולע זאַך, וועלכע וואָלט געקאָנט באַצירן די זײַטלעך פון אַ באַליביקן דיקן זשורנאַל. די „אוגערקעס״ דרוקן זיך אינעם ציוניסטישן יידישן זשורנאַל אין ווילנע „דאָס יידישע פאָלק״ (דער אַדרעס — פּאָגוליאַנקאַ, 7), אין די נומערן, דאַכט זיך, 11, 12, 13. אויב ס׳איז שוין אַוועק אַ רייד וועגן ליטעראַטור, טייל איך מיט מאַיסיי סאָוועליעוויטשן, אַז אויף דער טעמע וועגן דער סאָציאַלער אָרדע־נונג, וועגן וועלכער מיר האָבן געשמועסט אין זשענעווע, ווען מיר האָבן געזוכט דעם נעכטיקן טאָג, ד״ה אַ דאַטשע מיט אַ פּאַנסיאָן, דרוקט זיך איצט אין אַ לאָנדאָנער זשורנאַל מײַן שפּאַס אונטערן נאָמען „אויס געלט״! — איך וועל צושיקן.

און וואָס טוט זיך בײַ אײַך, אין רוסלאַנד? גאָט מײַנער! ס׳איז אַפילו אַ בזיון צו רעדן וועגן ליטעראַטור. אַלגע און נומטשיק שלאָפן שוין.

איך קוש דיך.

**דײַן פּעטער סאָלאָמאָן**

## 63. צו די בערקאָוויטשעס

לאָנדאָן [10טן סעפּטעמבער 1906]

טײַערע טיסיוניאַ און בערקאָוויטש!

הוררראַ! געווען בײַ מיר דער סעקרעטער פון דער רעדאַקציע פונעם „כראָניקל״ און האָט געלאָזט וויסן אין נאָמען פונעם רעדאַקטאָר, אַז די דערציילונג „אוגערקעס״ איז אָנגענומען און האָנאָראַר פאַר איר וועט מיר אַרײַנגעטראָגן ווערן פרײַטאָג אָדער מאָנטאָג — הערט און שטוינט! — 250 פראַנק! (צוויי און אַ האַלב מאָל מער ווי בײַ ד״ר לוריע!), מיט דעם תּנאי, אַז איך דאַרף באַזאָרגן די דערציילונג מיט מײַן הקדמה. דערבײַ זײַנען געווען ברענער און ביילין. — — — ברענער האָט זיך דערפרייט און אויסגעשריגן: „אַי, בערקאָוויטש!״ רבונו־של־עולם, וואָס וועט איר טון מיט אַזאַ פאַרמעגן? צי רעכנט איר ניט זיך קויפן אַ ווילע אין זשענעווע, אָדער, אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, צוויי ווינטערדיקע מאַנטלען אַקעגן אָסיען? נאָר גייט דאָרט ניט אַראָפּ פון זינען פאַר גרויס שׂימחה, דער רוח זאָל עס נעמען! שיקט צו, למען־השם „וואַרע״, אָבער וואָס מער, ווי באַלד איר זענט אַצינד אין דער מאָדע. ס׳איז דאָ אַ גרויסער נאָכפרעג אין לאָנדאָן, אויפן ליטעראַרישן מאַרק, אויף בערקאָוויטשן. אײַערע אַקציעס שטײַגן. די גאַנצע פרעסע שרײַט אין איין קול: גיט אונדז בערקאָוויטשן! און דווקא נאָר אוגער־קעס! עפּעס איינער אַ פּרוכטהענדלער פון ווייטשעפּל איז געקומען צו מיר נאָך בערקאָ־וויטשעס אוגערקעס. ער פאַרזיכערט, אַז ער קאָן פאַרנעמען וויפל ס׳איז דאָ פאַראַן. (טיסינקע, קאָן מען ניט לײַען בײַ דיר אַ ביסל געלט? בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט וועל איך אָפּגעבן. בערקאָוויטש, זאָגט ניט אָפּ! —). הכּלל, די געשעפטן, הייסט עס, זײַנען כ׳מיין?... מיאַ... צוריק שמועסנדיק, האָב איך עס תּמיד געזאָגט... נו, און אַזוי ווײַטער. איך קוש אײַך.

פּ א.

## 64. די הקדמה צו „אוגערקעס״

רבקה
דערציילונג
פון
י. ד. בערקאָוויטש
מיט אַ פאָררעדע
פון
שלום־עליכם

דור הולך ודור בא...

איין גענעראַציאָן גייט אונטער, די אַנדערע קומט אָן...

דער דאָזיקער געדאַנק איז מיר געקומען, בשעת איך האָב דורכגעקוקט די ערשטע דערציילונג אין יידישן פון י. ד. בערקאָוויטש. בערקאָוויטש איז אין דער יידישער ליטעראַטור צוואָר ניט קיין נעכטיקער; זיינע העברעישע סקיצן אין „הצופה״, „הזמן״, „השלוח״ האָבן אים געשאַפן אַ גאַנץ שיינעם נאָמען אין אונדזער נאַציאָנאַל־ליטעראַטור. זיין ערשטע דערציילונג „מאַשקעלע חזיר״, וואָס האָט באַקומען דעם ערשטן פּרייז אויפן בעלעטריסטישן קאָנקורס פון „הצופה״ אין וואַרשע, איז זיינערצייט געווען אַ מין יום־טוב ביי די יונגע יידישע שריפטשטעלערס און לעזערס. דער מחבר איז דעמאָלט אַלט געווען אויב נישט זעכצן יאָר (איצט איז ער שוין אַלט אַלע צוואַנציק). אָבער אין אונדזער יידישער פאָלקשפּראַך, וואָס מע רופט זי נישט ריכטיק זשאַרגאָן, איז רבקה דאָס ע ר ש ט ע ווערק פון י. ד. בערקאָוויטש. — איבער דעם אינהאַלט פונעם ווערק וויל איך נישט זאָגן גאָרנישט: דאָס ווערק רעדט אַליין פאַר זיך, און דער לעזער, וואָס האָט אַ געשמאַק און ז ו כ ט עפּעס אין אַ ווערק, וועט געוויס באַלד אַליין פאַרשטיין מיט וועמען ער האָט צו טון. דאָס וואָס איך וואָלט יאָ וועלן זאָגן איז וועגן בערקאָוויטש בכלל אַלס ליכטיקע דערשיינונג אין אונדזער יונגער ליטעראַטור. איך האָב געבראַכט דאָס וואָרט „ליכטיקע״ מיט אַ כּיוון, ווייל אין אונדזער יונגער אָרעמער פאָלקס־ליטעראַטור האָבן די לעצטע צייט איינגעוואַנדערט, גאָט ווייסט פון וואַנען, אַזעלכע שרייבערס, צום מיינסטן יונגע (אין העברעיש רופן זיי זיך „צעירים״), מיט אַ גאַנץ נייעם שניט פון דעקאַדאַנס, אָדער פון „שטימונג״, ווי זיי רופן דאָס אָן. ווילט איר וויסן וואָס איז דאָס אַזעלכעס שטימונג? שטימונג הייסט: ווערטער, סתּם ווערטער, הויכע, געבלאָזענע, קיילעכיקע, שפּיצעכיקע, מוראַדיקע ווערטער, מיט פּינטעלעך, אַ סך און מיט פּאַסיקלעך. דערצו אַ צוויי־דריי בילדלעך, אַ ביימעלע וואָס גוססט, אַ צווייַגעלע וואָס ווינקט, אַ פייגעלע וואָס בענקט, אַ ווינטעלע וואָס לאַכט, אַ קאַץ וואָס לאָזט אַ טרער — און פאַרטיק! קיין שום סיפּור־המעשה, קיין ברעקל פּסיכאָלאָגיע, קיין שפּור פון שילדערונג, טיפּן, כאַראַקטערן, — אַבי עס קלינגען שיין (ניט אַלע מאָל שיין) די ווערטער, אַבי ס'איז שווער צו פאַרשטיין דעם אינהאַלט — און אַדרבה, וואָס ס'איז שווערער צו פאַרשטיין, וואָס ווינציקער אינהאַלט, דעסטאָ מער שטימונג. אַ מאָל האָט דאָס געהייסן „מליצה״, היינט הייסט דאָס „שטימונג״. איר קאָנט עפענען אַ זשורנאַל אָדער אַ בוך און באַגעגענען אַ דערציילונג פון סאַמע שטימונג, אַ ליד פון שטימונג, אַ פּובליציסטישן

אַרטיקל פון שטימונג, אַ קריטיק פון שטימונג איבער שטימונג — בקיצור, שטימונג — דאָס איז אַ חולאת געוואָרן, אַזאַ מין קרענק רחמנא־לצלן, וואָס עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז אונדזערע קריטיקערס זאָלן זיך אויף דעם אָרומקוקן.

גליקלעכערווייַזע האָט די דאָזיקע שטימונגסקרענק בערקאָוויטשן נישט אָנגע־רירט, און מיר זעען פאַר זיך אַ טאַלאַנט אַ געזונטעס, אַ פרישעס, וואָס לעבט, וואָס צאַפּלט, וואָס שילדערט, וואָס מאָלט אונדז טיפן און בילדער פונעם אַלטעגלעכן ייִדיש־מענטשלעכן לעבן, יאָגט זיך ניט נאָך קיין עפעקטן פון שטאַרקע ווערטער, באַניצט זיך ניט מיט קיין פּינטעלעך, זוכט ניט קיין שטימונג. שטימונג קומט אַליין, במילא, נאָך דעם. פירט ער אייַך אַרויס אַ ייִדל אַ קראַנקס, אַ שלימזל, אַ נפש וואָס הונגערט און הוסט, זעט איר דאָס געלע פּאַרמעט־פּנים, איטלעכס האָר פון דעם געדיכטן בערדל, די פאַלדן פון דער צעריסענער קאַפּאָטע, איר שפּירט דעם ריח פון דעם ציגאַר, וואָס ער פּיפּקעט, הוסט און פּיפּקעט, איר הערט ווי ער הוסט בייַ נאַכט אין דער פינצטער און דאָס בעטל אונטער אים העלפט אים קרעכצן... באַשרייַבט ער אייַך אַ ייִדענע אַן אָרעמע, אַ פאַרוואָגלטע נשמה, מיט קינדער אַ גאַנצע כאַליאַסטרע, זעט איר זי מיט די פאַרשלומפּערטע קליידלעך און מיט די אַרומגעבונדענע שאַלן און מיט די קאַריאַווע הענט און מיטן פאַרזאָרגט־פאַרטאַרעראַמטן פּנים, און איר הערט איר לשון, אַ „מענה־לשון" פון אַ ייִדענע, וואָס גאָט האָט זי געשטראָפט מיט קינדער, נאָר נישט מיט פּרנסה... מאָלט ער אייַך אַ מיידל, זעט איר אַ גאָטס באַשעפעניש, בלוט און מילך, מיט אַן איידעלער נשמה וואָס ציט זיך ערגעץ, מיט אַ האַרץ וואָס פילט, וואָס ליבט, וואָס צאַפּלט, פלאַטערט, גייט אויס נאָך ליבע אינעם וויסטן עלנט פון דעם פאַרחושכטן דלות. שילדערט ער אייַך די נאַטור, זעט איר זי און פילט זי. איר זעט פאַר זיך און פילט אַ זון, וואָס ברענט און גיסט מיט ליכטיקייט און וואַרעמקייט אויפן קליינעם אָרעמען שטעטל, אויף די שוואַרצע גרינבלעכע דעכער פון די אייַנגעהויקערטע גרויע הייַזלעך, אויף דעם איינפּאַכן לאַנגן גאָרטן מיט די צוגעסמאַלעטע האָדענע פון די אוגערקעס, וואָס קוקן אַרויס פון אונטער די בלעטלעך און שמייכלען צו אייַך, און איר זעט זיי, איר הערט זייער גרינעם ריח, און איר גלוסט צו זיי, און עס ווילט זיך אייַך מאַכן „שהחיינו" — און אַלעס אַרום און אַרום לעבט און וויל לעבן...

בערקאָוויטש מאַכט נישט קיין העלדן, וואָס פליִען אין הימל, טראַכט נישט אויס קיין איבערמענטשן, וואָס ווילן און וויסן ניט וואָס זיי ווילן, ער בלאָנדזשעט ניט אין די הויכע ספערן; ער לאָזט זיך אַראָפּ אין די קליינע פינצטערע אָרעמע הייַזלעך גאַנץ נידעריק, קוקט אַרייַן אין דער פאַריתומטער נשמה פון די פאַרגעסענע קליינע מענטשעלעך גאַנץ טיף, נידערט אַרייַן צו זיי אין פאַרביטערטן האַרצן אַרייַן מיט ריינע הענט און מיט זויבערע מחשבות, און — מערקווערדיק! — ערשט דאָרטן, אין די קליינע פינצטערע אָרעמע הייַזלעך, בייַ די פאַרגעסענע קליינע מענטשלעך, דעקט ער אויף פאַר אייַך אַזאַ מוראדיקן העלדישן און פּאָעטישן טראַגיזם, וואָס צערייַסט אייַך דאָס האַרץ אויף שטיקער, און איר האָט רחמנות אויף די דאָזיקע אָרעמע, פאַרוואָגלטע און פאַר־געסענע, און איר באַקומט זיי ליב מיט לייַב און לעבן.

נאָך אַ פּאָר ווערטער וואָלט איך וועלן זאָגן איבער דער שפּראַך, איבערן סטיל פון בערקאָוויטש. דאָס איז ניט יענע געבלאָזענע אומנאַטירלעכע שפּראַך פון די נייַע

„שטימונגס־מחברים", וואָס אום אַרויסצורופן אָדער אַרויפצוואַרפן אויף אײַך וואָס מער שטימונג, הייבן זיי אָן תּמיד מיט אַ „און" און באַניצן דאָס צײַטוואָרט שטענדיק אויפן סוף. צום בײַשפּיל:

„...און ווען דאָס מיידל איז אין שטאָט געקומען, איז דער הימל פּאַרוואָלקנט געוועזן, און אַ רעגנדל האָט אין דרויסן געמראַקעט, און ווען זי האָט הונגער דערפילט, איז זי אַהיים עסן געגאַנגען..."

אַ געוויינלעכער מענטש וואָלט געזאָגט טאָקע דאָס אייגענע, נאָר אַ ביסל אַנדערש:

„אַז דאָס מיידל איז געקומען אין שטאָט, איז דער הימל געווען פּאַרוואָלקנט און עס האָט געמראַקעט אַ רעגנדל, און אַז זי האָט דערפילט, אַז זי איז הונגעריק, איז זי געגאַנגען אַהיים עסן".

דאַכט זיך, וואָס קאָן זיין ערלעכער און פּשוטער און געזינטער און חנעוודיקער, ווי אַז מע רעדט פּשוט, ווי מענטשן ריידן?... און אָט אַזוי ריידן בײַ בערקאָוויטשן זײַנע העלדן, און אָט אַזוי רעדט דער מחבר אַליין.

דור הולך ודור בא... אַ גענעראַציאָן גייט אַוועק, אַ גענעראַציאָן קומט אָן. עס דאַרף זיך פרייען, מיין איך, יעדער ייִדישער שרײַבער, וואָס געהערט צו דעם אָפּגייענדיקן דור, אַז ער זעט פאַר זיך צווישן די יונגע באַגינענדע שרײַבערס, וואָס הייבן ערשט אָן זייער קאַריערע, אַזאַ גליקלעכע דערשײַנונג, ווי י. ד. בערקאָוויטש.

שלום־עליכם

גענף, אַפּריל 1906.

[סעפּטעמבער 1906]

## 65. צו די בערקאָוויטשעס

[לאָנדאָן, אָן אַ דאַטע]

טײַערע טיסיוניאַ און בערקאָוויטש!

הורראַ! קאַראַול! טאַרראַראַבומביאַ! (אָדער, ווי נומטשיק זאָגט אין אַזעלכע פאַלן: „פּאָזאַר!"). מיר האָבן באַקומען 250 (זאָג: צוויי הונדערט פּופּציק) פראַנק פאַר בערקאָוויטשעס „אוגערקעס" מיט אַ הקדמה פון ש.־על., וועלכע, פאַרשטייט זיך, איז שוין אָנגעשריבן און איבערגעגעבן, און די דערציילונג וועט זיך אָנהייבן דרוקן אין „דזשואיש קראָניקל" צו סוכּות. דאָס דאָזיקע האָנאָראַר 250 (זאָג: צוויי הונדערט פּופּציק) פראַנק ווערט אָפּגעשיקט צו אײַך אויפן אַדרעס פון דער באַבע, וואָרעם בערקאָוויטשן וועט מען נאָך אפשר ניט אָפּגעבן, ס'איז סכּנה. ס'איז דאָך ציטעריקעס געלט, און ווו ס'איז דין, דאָרט רײַסט זיך. דערמיט ווערן אויך בײַגע־לייגט פּאַספּאָרטן פאַר אײַך אַלעמען. דער היגער רוסישער קאָנסול גיט אַרויס אַזעלכע אומזיסט. דאָס איז די איינציקע גוטע זאַך אין לאָנדאָן. און נאָך איין גוטע זאַך איז דאָ אין לאָנדאָן, וואָס פאַר אוגערקעס צאָלט מען אַזעלכע געלטער... הכּלל, ביזן קומענדיקן בריוו. איך קוש אײַך ביידן.

אײַער פּאַ.

מײַן טײַערער יצחק דוב! זאָלסט וויסן זײַן, אַז צוליב דער „רבקה" איז דערוויַיל

אָפּגעלייגט געוואָרן דער „מפטיר", און אָט די לעצטע וועט זײַן געדרוקט נאָך דער ערשטער. איך, אויך ברענער, אויך דער רעדאַקטאָר פונעם „דזשואיש קראָניקל" האָבן באַשלאָסן מיט אַ „מאַיאָריטעט שטימען" באַטיטלען די דערציילונג מיטן נאָמען „רבקה". איין עקזעמפּלאַר וועסטו באַקומען פון דער רעדאַקציע און עטלעכע עקזעמפּלאַרן וועל איך דיר שיקן פון דאַנען, וואָרעם די דערציילונג וועט דערשײַנען איידער מיר פאָרן אָפּ.
— אין מײַן הקדמה האָב איך קיין סך ניט מאריך געווען, איך האָב גערעדט וועגן אונדזערע „יונגע" בכלל און וועגן דיר בפרט. און דו, מענטש, שיק אַרויס דײַן בילד אומגעזאַמט, און אויב דאָס איז פאַר דיר שווער, זאָל עס טון טיסי, און דו וועסט שטיין פון ווייטן.

**אין גאַנצן דײַנער**

## 66. צו די קינדער

**לאָנדאָן, אין דער פרי, 11טן סעפּטעמבער 1906**

טײַערע קינדער!

ענדלעך האָבן מיר באַקומען פון אײַך און פון מישאַן אַ פּאָר בריוו. גוט, וואָס איר שרײַבט אָפט. אונדז ציט אַהיים, און מיר האָפן. נאָר... ס׳איז ניט אין אונדזערע הענט. —

עס וואָלט זיך זייער געוואָלט אַ קוק טון אויף אײַך, איידער מיר פאָרן אַוועק אין אַזאַ ווײַט לאַנד! פאַרלירט ניט די האָפענונג.

איך קוש אײַך אַלעמען. **אײַער פּאַ.**

ליאַלי! איך ראָט דיר זיך צושאַרן צו טיסין. זי איז אַצינד אַ נגידית... פאַר וואָס שרײַבסטו מיר ניט כאָטש איין מאָל אין וואָך? שעמען מעגסטו זיך! עמאַ! מוזאַ! מיר האָפן זיך אַראָפּצוכאַפּן אין דער שווייץ.

**פּאַ.**

## 67. צו די קינדער

**פון לאָנדאָן ביז ניו־יאָרק**

**אַ טאָגבוך**

**צווישן הימל און וואַסער. אַטלאַנטישער אָקעאַן,**
**מאָנטאָג, 16טן אָקטאָבער 1906**

טײַערע!

איך שרײַב אײַך די בלעטלעך, ליגנדיק אין אַ קאַבינע פון צווייטער קלאַס. הײַנט איז דער ערשטער טאָג, וואָס מע קאָן שוין האַלטן אַ בלײַשטיפט אין האַנט. שבת, דעם גאַנצן טאָג, איז געווען שטיל. מיר האָבן געשפּאַצירט, געגעסן, געטרונקען, פאַרפירט באַקאַנטשאַפט אאַ״וו. זונטאָג אין דער פרי האָט אונדז אויפגעוועקט דער גלאָק, וואָס

רופט צו פרישטיק. מיר זײַנען אויפגעשטאַנען. אָנגעטאָן זיך. אַרויס אויפן דעק. געוואַלט צום טיש. נאָר ס׳האָט שוין דערבײַ ניט געהאַלטן. דער אָקעאַן האָט זיך צעשפּילט. עס וואַרפט דאָס שיף אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ שפּענדל. שלעכט. מענטשן ווערט נישט־גוט. עס לײַדן פרויען, עס לײַדן קינדער. די מאַמע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אויבן אויף דער פּלאַטפאָרעם, אויף אַ ווייכן שטול, מוטשעט זיך. איך האָב זיך אײַנגעאָרדנט אויפן דעק, אויף אַ האַרטן שטול, האַלט זיך. נומטשיקן האָב איך גענומען אויפן שויס, דערצייל אים אַ לאַנגע מעשׂה אָן אַן עק. ער דרימלט, שטייט אויף, קלאָגט זיך, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי און ס׳איז אים נישט־גוט. עסן ווילט זיך אין גאַנצן ניט. דער אָקעאַן שטורעמט. אַ מוראדיקע נאַגעניש. מיט מאַטערניש גייען מיר אַראָפּ אונטן. קוים זיך אויסגעטאָן, געלייגט זיך. ווי אין אַ טשאַד ווערן מיר אַנטשלאָפן. מיר כאַפּן זיך אויף מאָנטאָג זיבן אַ זייגער אין דער פרי. שלעכט. דער אָקעאַן ווערט ווּטיק. מיר קאָנען שוין ניט אויפשטיין. מיר קלינגען. עס קומט אַריין אַ סטואַרט מיט אַ וועכטערין. ברענגען קאַפע. נאָר ווער וועט עס טרינקען? מיר לעבן מיט וואַסער, מיט מאַראַנצן, מיט ווײַן (מאַדערא). נומטשיק כאַפּט זיך אויף מיט אַ פראַגע: ווו זײַנען מיר? ער וויל ניט קיין אַמעריקע, ער וויל קיין זשענעווע. דאָס האַרץ ווערט פאַרקלעמט פון ווייטיק. עס גיסן זיך שטילע טרערן. — — —

היינט, דעם פערטן טאָג, דינסטאָג, האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט זיבן אַ זייגער. אויפשטיין ווילט זיך ניט. נאָר נומטשיק האָט זיך אָפּגעבעטן. מיר האָבן אים אָנגעטאָן ליגנדיק. איצט זיצט ער אויף דער ערד, זיפּצט, שפּילט אין דאָמינאָ אַליין מיט זיך און מאָלט אָן אָן אויפהער. מיר האָבן גוט פאַרדעקט דאָס פענצטערל, מיר זאָלן ניט זען די שטורעמדיקע כוואַליעס פונעם ווּטיקן אָקעאַן, אָנגעצונדן די עלעקטריק. און אָט איז שוין 48 שעה, וואָס ציִען זיך פונקט ווי אַ לאַנגע נאַכט. — — — ביז דאָנערשטאָג זײַנען מיר אָפּגעריסן פון דער וועלט. דאָנערשטאָג וועלן מיר געבן אַ טעלעגראַמע דורכן דראָטלאָזן טעלעגראַף (מאַרקאָני) קיין ניו־יאָרק, און דאָרט וועט מען אונדז אָפּוואַרטן בײַם האַפן. — — —

מע האָט אַריינגעטראָגן מיטאָג. געקאָנט עסן נאָר זופּ און אײַזקרעם. דער אײַנדרוק — גלײַך מיר זײַנען אין אַן אַרעסטאַנטן־שפּיטאָל. און דער גיגאַנט טראָגט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער צום פאַרשפּראָכענעם לאַנד, קעמפט מיט די שיפּענדיקע כוואַליעס פון דעם בייזן אָקעאַן. דער געדאַנק, אַז דאָס איז שוין דער פערטער טאָג, גיסט אַרײַן פרישן מוט אין דער נשמה. אַך, נאָר פיר טעג נאָך!!!

הורראַ! פאַר נאַכט זײַנען מיר מיט נומטשיקן אויפגעשטאַנען און אַרויפגעגאַנגען אויבן עסן מיטאָג. די מאַמע האָט ניט ריזיקירט אויפצושטיין. מיר האָבן איר געבראַכט אַ געבראָטענעם הערינג מיט פּאָטייטעס (קאַרטאָפל). די שׂימחה איז געווען אויסער־געוויינלעך. אַ קלייניקייט — הערינג, און נאָך געבראָטענער דערצו! איך שפּאַס ניט. נאָך דער ענגלישער קיך, וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר די רשעים אין גהינום, איז אַ געבראָטענער הערינג אַ זעלטענער מאכל. דאַכט זיך, די ים־קראַנקייט איז שוין אַוועק.

מיטוואָך, דעם 17טן, פינפטער טאָג.

דער גלאָק האָט אונדז אויפגעוועקט 7 אַ זייגער אין דער פרי, און 8 רופט מען צו ברעקפעסט (פרישטיק). איך מיט נומטשיקן זײַנען אויפגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן,

כאַטש עס קאַטשעט אונדז נאָך. מיר האַלטן זיך קוים אויף די פיס. — — — איך רײַס איבער.

אַרום 11 אַ זייגער.

מיר האָבן אַרויסגעפירט דער מאַמע אויפן דעק. אַוועקגעזעצט אויפן שטול. דער אָקעאַן — פונקט ווי אַ שפיגל. מיר האָבן זי אײַנגעדעקט פון אַלע זײַטן. די אָנזיכט איז וווּנדערלעך. דאָס וועטער — אַ פּראַכט. זון. איך מיט נומטשיקן קוקן זיך צו צום קאַרטנשפּיל, וואָס גייט אָן אין פולן גאַנג. אַמעריקאַנער מאַכן אַ קערטל. דײַטשן זשליאָקען ביר. ענגלענדער פרעסן. עפּעס איינער אַ סלאַוו צימבלט אויף אַ באַלאַלײַקע. אויף דער נשמה איז פריילעך. דער אַפּעטיט איז גרויס!

אויפן דעק.

זון. דער אָקעאַן — קוועקזילבער. דאָס שיף... איר ווילט וויסן, וואָס הייסט אַ שיף? דאָס איז אַ קליינע באַוועגלעכע קאָלאָניע, מיט גאַסן, מיט געסלעך, מיט הײַזלעך, מיט געזינדלעך, מיט קינדער, מיט אַ געשריי, מיט אַ יאַריד. פאַראַן אַ בירשענק, אַ באַרבער־הויז, אַ פּאָסט, אַ טעלעגראַף, אַ באַנק, אַ קיך, אַ קאָלאָסאַל עסצימער, ד"ה עטלעכע עסצימערן. די באַפעלקערונג פון אונדזער קאָלאָניע ציילט, זאָגט מען, 3500 נפשות. הכּלל — אַ קליין באַהוסלאַוו.

— — —

מיר ריידן וועגן אײַך, טײַערע. האָט איר באַקומען אונדזער בריוו מיטן געלט פון לאָנדאָן? מאָרגן שיק איך אַ טעלעגראַמע קיין ניו־יאָרק דורכן דראָטלאָזן טעלעגראַף, אַז מיר קומען שבת נאָך מיטאָג. אויף אײַער צײַט וועט דאָס זײַן בײַ נאַכט. דעריבער וועט איר פריִער פון זונטאָג אונדזער טעלעגראַמע ניט באַקומען. און אונדזערע בריוו, וויי־וויי, ערשט אין אַכט, צען טעג נאָך דער טעלעגראַמע. מיר וועלן אײַך שרײַבן אַזוי פיל מאָל, וויפל מאָל אין וואָך עס גייען אָפּ שיפן קיין אייראָפּע. דאַכט זיך, דרײַ מאָל אַ וואָך. איר אָבער שרײַבט יעדן טאָג.

מיטוואָך, דעם 17טן אין אָוונט, 8 אַ זייגער.

— — —

ווייניק יידן אויף אונדזער שיף, דעריבער איז אומעטיק. יידן האָבן שוין אַ באַזונדער טבע: זײַנען זיי אַ סך, איז שווערלעך זיי צו פאַרטראָגן; זײַנען זיי נישטאָ — בענקט מען נאָך זיי.

איר וואָלט באַדאַרפט זען נומטשיקן, ווי ער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אין קאַבינע אויף דער ערד צווישן די בעטלעך, אָפּגעצאַמט זײַנע מאַיאָנטקעס. עס זיצט זיך אַ קינד און זינגט זיך: „אָקע־אַן! אָקע־אַן!"... אַגב, אַלע פּאַסאַזשירן אויפן אָקעאַן זײַנען קינדער.

דעם 18טן, דאָנערשטאָג, אין דער פרי.

איך שרײַב אויפן דעק, אויף אַ שטול, אין הענטשקעס, מיט נומטשיקן אויף די הענט. די שׂימחה פון די פּאַסאַזשירן בײַם באַוווסטזײַן, אַז ערד איז נאָענט, האָט ניט קיין גרענעצן. מאָרגן, זאָגט מען, וועלן מיר זען יבשה.

אָקערשט געשיקט אַ טעלעגראַמע קיין ניו־יאָרק דורכן דראָטלאָזן טעלעגראַף. דער אָקעאַן איז שטיל געוואָרן. נאָר מיר וואַלגערן זיך נאָך אַלץ אויף אונדזערע

שיפלעך אין דער קאַבינע, ווו ס'איז רויִק, וואַרעם, ליכטיק, און עס קאַטשעט ווייניקער. כּדי עס זאָל אונדז זײַן פריילעכער, גנבענען מיר עפּל און אָרענדזשעס און דערנאָך עסן מיר זיי.

אַרום 12 אַ זייגער בײַ טאָג האָב איך מיך אַרונטערגעלאָזט אין דריטער קלאַס, „צום פאָלק". גאָט מײַנער! וואָס פאַר אַ שוידער! מענטשן ווערן דאָ באַטראַכט, ווי פיך. ניין, איידער פאָרן מיט דער דריטער קלאַס, איז שוין גלײַכער מיט דער ערשטער. — באַלד האָט מיך אַרומגערינגלט די גאַנצע ייִדישע קאָלאָניע. דאָס האָט גלײַך באַמערקט די דינערשאַפט און האָט מיך געבעטן מחילה צוריק אין „סעקאָנד" קלאַס. נאָך דעם האָט זיך מיר אונדזער געצעלט (צווייטע קלאַס) אויסגעוויזן ווי אַ גן־עדן.

מאָראַל: מענטשנזון! קוק נידעריקער פון דיר...

2 אַ זייגער בײַ טאָג.

— — —

אַ וויכטיקע באַקאַנטמאַכונג. הײַנטיקער מיטאָג איז באַשטאַנען פון אָט די מאכלים (ליאַלי! מאַרוסי! איר האָט, דאַכט זיך, ליב צו לייענען שפּײַזצעטלעך?): 1) ברויט. 2) ים־זופּ מיט קרײַטעכצער. 3) ווײַספּיש, הייסע, מיט יויך. 4) פּירעזשקעס. 5) שאָפּנפלייש מיט סאַלאַרי. 6) הינערשע לעבערלעך מיט פעפער. 7) סוויטפּאָטייטעס. 8) סאַלאַט. 9) געבראָטן חזיר־פלייש. 10) אונטערגעברעמטע ריפּטלעך ברויט. 11) אײַזקרעם. 12) מאַרמעלאַד־זשילע. 13) מאַראַנצן. 14) קאַפּע.

פון דעם אַלעם האָבן מיר געקאָנט עסן אָט וואָס: 1) זופּ, 2) פיש, 3) אײַזקרעם, 4) קאַרטאָפל, 5) קאַפּע, 6) צו איין מאַראַנץ אויפגעגעסן און צו צוויי אַוועקגעגנבעט. מיר האָבן אויך געגנבעט אַ בולקעלע און באַהאַלטן אויף אין אָוונט. אַז מיר וועלן זיך אויסהונגערן, וועלן מיר עסן בולקע מיט אָרענדזשעס. בכלל, ווערט דאָס דאָזיקע געבאָט (לא תגנוב) אויפן אָקעאַן ניט אָפּגעהיט. אַלע גנבענען, פון דעם קאַפּיטאַן ביזן לעצטן סטואַרט. — — — אַ גוטער בײַשפּיל פאַר די פּאַסאַזשירן און אַ לערע פאַרן יונגן אויפגעקומענעם דור. (נ.ב. נומטשיק פרעגט מיך: „וויפל, פּאַפּאַ, האָסטו הײַנט געגאַנווועוועט מאַראַראַנצן?"...). ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז בעת מיר זײַנען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט פון גנבענען פרוכט, האָט זיך נומטשיק צעשריִען איבערן גאַנצן זאַל:

— פּאַפּאַ! מע דאַרף איין מאַראַנץ אַאַאַוועקגנבענען פאַר דער באַבאַבוסקע! אַ גליק, וואָס קיינער פון די ענגלענדער פאַרשטייט ניט קיין רוסיש!

אָוונט, דעם 18טן.

אַן אינצידענט. — איינער אַ וואַרשעווער פאָרט קיין אַמעריקע איבער לאָנדאָן. דאָרטן איז ער געווען אויף מײַן אָוונט. האָט זיך אים שטאַרק פאַרגלוסט צו פאָרן דווקא אויף איין שיף מיט מיר. איז אָבער, צום אומגליק, מער קיין בילעטן ניט געווען. האָט ער געמוזט קויפן אַ בילעט פון דריטער קלאַס. צום סוף האָט די אומברח־מנותדיקע ים־קראַנקייט אונדז צעשיידט אויף אַ דרײַ־פיר טעג. ערשט אויפן פינפטן טאָג האָט ער זיך אויסגעקליבן אַרויפצוגיין אויבן. האָט מען ניט דורכגעלאָזט. אויפן זעקסטן טאָג האָב איך מיך דערמאָנט אָן מײַן אָרעמען חסיד (וואָס איז, אַגב, רײַכער

פון מיר) און האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אין דריטער קלאַס צו אויפזוכן אים. אָפּגעזוכט, אַרויפגענומען אים אויבן. זײַן פרייד האָט גאָר קיין שיעור ניט געהאַט. ער האָט געגעסן שלום־עליכמען, ווי אַ הונגעריקער וואָלף, ביז סאַמע מיטאָג. דערנאָך זײַנען מיר זיך צעגאַנגען. אַרום פּאַר נאַכט איז די קאָנטראָל־דינערשאַפט אַרומגעלאָפן איבערן שיף זוכן דעם יידישן שריפטשטעלער שלום־עליכם. איר קאָנט זיך פאָרשטעלן דער מאַמעס איבערשרעק. וואָס זשע לאָזט זיך אויס אַ מעשׂה? עטלעכע פון „אונדזערע" האָבן זיך מתקנא געווען אינעם יונגן־מאַן און האָבן פאַרמסרט פאַר „נאַטשאַלסטווע", אַז הייסט עס, אַזוי און אַזוי: זוכט בײַ אײנעם אַ שלום־עליכם אין דער צווייטער קלאַס, וועט איר געפינען טריפה סחורה — אַ פּאַסאַזשיר פון דריטער קלאַס. צום גליק פון אָט דעם קאָנטראַבאַנד־קרבן, איז דער קרבן אַליין שוין לאַנג געווען בײַ זיך אין דער קאַבינע פון דער דריטער קלאַס. דאַכט זיך, אַז דער אינצידענט איז געענדיקט.

פרײַטאָג, דעם 19טן, 7 אַ זייגער אין דער פרי.

— — —

וואָס פאַר חלומות! עס האָט זיך מיר געחלומט גראַף טאָלסטאָי. ער האָט מיך פאָטערלעך געבענטשט. די מאַמע שלאָפט נאָך. נומטשיק — איבער מיר. אין דער שכנישער קאַבינע גראַגערן ענגלענדער. אָט כאַפּט זיך שוין אויף די מאַמע. דאַנקען גאָט, פרײַטאָג!

8 אַ זייגער.

מיר זײַנען אַרויס אַלע דרײַ אויפן דעק. גאָט! וואָס פאַר אַ בילד! זון. דער הימל איז ריין. דער אָקעאַן איז בלוי געוואָרן, בלאַנקט ווי אַ שפּיגל. שטעלט אײַך פאָר אײַער זשענעווער זע, פאַרגרעסערט אַ מיליאָן מאָל — און איר וועט באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם אָקעאַן אין דער מינוט. אין אַ האַלבער שעה אַרום וועט מען אונדז רופן צום ערשטן ברעקפעסט. דער אַפּעטיט שעפּטשעט אויפן אויער אַ לידל וועגן געבראָטענעם הערינג מיט פּאָטייטעס... וואָס וואָלט געוואָרן פון מענטשן, ווען זיי וואָלט אויסגעקומען צען יאָר נאָך אַנאַנד אָט אַזוי חלומען אויף דער פּראַקטיקער בלויקייט פונעם אָקעאַן וועגן געבראָטענעם הערינג מיט קאַרטאָפּל?

דעם זעלבן טאָג. אויפן דעק.

אַזאַ וווּנדערבאַר וועטער, אַז עס גלייבט זיך גאָרניט. פונקט ווי אַ צויבער־חלום. זומער. אַ חמימות. די זון — העל. דער הימל — קרישטאָל. דאָס וואַסער — בלווישטיין. ווי אין אַ קינדער־מעשׂה. מיר שרײַבן אײַך יעדער טאָג אַ פּאָסטקאַרטל.

צוויי אַ זייגער בײַ טאָג.

נאָר וואָס באַקומען אַ טעלעגראַמע (אַ דראָטלאָזע) פון ניו־יאָרק, פון אַ נײַער צײַטונג „דער יידישער אַמעריקאַנער", מיט אָט דעם אינהאַלט:

„דהי יידיש אַמעריקאַן, דאָס נײַע זשורנאַל, וועלכעס עבען נײַ הערויסגעקאָממען איזט, הייסט זיע וויללקאָממען אונדז זענדעט איהנען דיע בעסטע גריססע ענטגעגען. וואָללען זיע ביטטע זאָגלײַך טעלעגראַפּירען וואָס איהרע וויזיטע פיר איינע בעדויטונג האָט אונד וויע דיע סיטואַציאָן אים רוססלאַנד שטעהט אונד ביטטע אַנטוואָרט זאָגלײַך אויף אונדזערע רעכענונג.

דהי אידיש אַמעריקאַן".

מײַן ענטפער — אויף דער צווייטער זײַט:

דזשואיש אַמעריקאַן, ניו־יאָרק. — איך דאַנק פאַר דער טעלעגראַפישער באַגריסונג. לײדער, דערלויבט מיר ניט די ים־קראַנקייט אַ סך צו שרײַבן. דער הויפּטצוועק פון מײַן רײַזע איז צו שטודירן די לאַגע פון מײַנע ברידער אין אַמעריקע, צו פאַרטראַגן וועגן דעם אמתן צושטאַנד פון די רוסישע ייִדן דורך בילדער, צו באַקענען זיך מיטן ייִדישן טעאַטער, און פאַר דעם זעלבן, אויב מעגלעך, אויך צו אַרבעטן. אַלע קאַלעגן די בעסטע גרוסן.

שלום־עליכם

אַלזאָ, מײַן טאָגבוך, אויב מע קאָן עס אָנרופן טאָגבוך, דערנעענט זיך צום סוף. איך רעכן בײַצײַטנס עס צו שליסן, קריגן מאַרקעס און אָפּשיקן עס אײַך. איך בעט אײַך, נאָכן איבערלייענען, איבערצושיקן אָט דאָס העפט קיין קיִעוו, אויף נאַטאַשאַס אַדרעס. מישאַ נעבעך זיצט דאָך אויך צען טאָג אָן בריוו.

איך גיי זיך גאָלן, צוזאַמענלייגן די זאַכן.

דעם זעלבן טאָג, 8 אין אָוונט.

— — —

די נאַכט איז אַ וואַרעמע, אָן אויסגעשטערנטע. אין דער דריטער קלאַס גייט אָן אַ געזאַנג, אין כאָר. און פון דעסטוועגן איז קיין זאַך ניט אין שטאַנד צו פאַרטרײַבן דעם אומעט, דאָס האַרצנאַגעניש. עפּעס ווי אַ נעפּל האָט זיך געלייגט אויף דער נשמה. און דאָס שיף קאַטשעט נאָך אַלץ, שווער צו שרײַבן ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

שבת, דעם 20סטן. 8 אין דער פרי.

ענדלעך דערלעבט! מע זאָגט, צוויי אַ זייגער בײַ טאָג וועלן מיר זײַן אין ניו־יאָרק. הײַנטיקע נאַכט איז געווען די סאַמע לענגסטע, די סאַמע שווערסטע. מיר גייען צו ברעקפעסט. — — — קיין „ערד" זעט מען נאָך ניט. דער אַפּעטיט וואַקסט.

די לעצטע שטונדן.

(12 אַ זייגער בײַ טאָג, דעם 20סטן).

הורראַ! ערד! ערד!...

אַזוי האָבן אויסגעשריִען קאָלומבוסעס מאַטראָסן אין יאָר 1492. אַזוי האָט אויסגעשריִען אין יאָר 1906 — נומטשיק. אין דריטהאַלבן שעה אַרום וועלן מיר זײַן אין ניו־יאָרק. נישטאָ קיין ווערטער צו באַשרײַבן די שימחה פון די פּאַסאַזשירן. — — — עס לאָזט זיך הערן אַ קלינגערײַ. מע רופט צו מיטאָג. וואָס פאַר אַ גליק פאַרצופּילן די נאָענטקייט פון באָדן — האַרטן, ניט שאָקלענדיקן באָדן. מיר גייען מיטאָג עסן. הײַנט וועט זיך קוים ווער באַשליסן צו גנבענען כאָטש איין מאַראַנץ אַפילו...

די לעצטע מינוטן.

דורכגעבלעטערט די דאָזיקע זײַטלעך, בין איך נשתומם געוואָרן: ניט מײַן סטיל, ניט מײַן כּתב. אַלץ אַזוי אָן אַ צוזאַמענהאַנג, אומלאָגיש, קוים וואָס מע קאָן דורכקריכן. איך מיין, אַז בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן אַרבעט דער מוח ניט־נאָרמאַל.

אין אַ שעה אַרום וועלן מיר געבן אַ טעלעגראַמע אַהיים. אויף דער רעדאַקציע פון דער טעלעגראַמע האָבן מיר געאַרבעט אַ גאַנצן פרימאָרגן, און ס'איז ערשט אַרויסגעקומען נאַריש.

3 אַ זייגער. דעם 20סטן. שבת.

ענדלעך זײַנען מיר אין ניו־יאָרק! דער האַפן איז פאַרפּלייצט מיט מענטשן. די שיף גייט צו פּאַמעלעך. עס לאָזט זיך הערן אַ הויכער „הידד!" אין דער לופטן באַווײַזן זיך היט, אַ סך היט. וואָס איז געשען? די געשרייען „שלום־עליכם!" האָבן אונדז אַלצדינג קלאָר געמאַכט. דער עולם איז באַשטאַנען פון דעלעגאַטן פון די ציוניסטישע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. עס האָבן אונדז אַרומגערינגלט פאַרטרעטערס פון דער יידישער און ענגלישער פּרעסע. מע האָט מיך אויפגעהויבן אין דער לופטן. נומטשיק האָט זיך צעוויינט. אויף אונדז דרײַען האָט מען אָנגעשטעלט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן. פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך מיט מיר צעקושט, האָט זיך אַרויסבאַוויזן איינער אַ יונגער דזשענטלמאַן מיט אַ געל בערדל. דאָס איז מײַן ברודער בערנאַרד. דער דאָזיקער דזשענטלמאַן האָט אויסגעשריגן: „פאַראַן אַ טעלעגראַמע! בײַ טיסין אַ מיידעלע!"... דער מאָמענט איז געווען מער ווי פײַערלעך!... איך ענדיק און שטעל אַ פּינטעלע (ווי ליאַלי זאָגט).

א סוף פונעם טאָגבוך.

## 68. צו ערנעסטינע בערקאָוויטש

ניו־יאָרק, 21סטן אָקטאָבער 1906, זונטאָג, 8 אין דער פרי

טײַערע טיסיוניאַ מײַנע!

אין דעם מאָמענט, וואָס מיר זײַנען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, אין דער סאַמע פײַערלעכער מינוט פון דעם גראַנדיעזן קבלת־פּנים, וואָס די אַמעריקאַנער ייִדן האָבן אונדז געמאַכט, זײַענדיק נאָך אויפן שיף, האָבן מיר דערהערט פון מײַן ברודער בערנאַרד (בײַ וועמען מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט): „אַ מיידעלע! טיסי האָט געבוירן אַ מיידעלע!" איך קאָן ניט איבערגעבן די געפילן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. מיר האָבן ניט געוווּסט: צי זאָלן מיר זיך פרייען, אָדער זאָלן מיר וויינען? עפּעס אַזוי אומגעריכט און אין אַזאַ מאָמענט! אונדזער ערשטער געדאַנק — דאָס איז דײַן געזונט. ווײַטער אַרבעט ניט דער קאָפּ, מחמת מיר זײַנען דאָ אַרײַנגעפאַלן פּונקט ווי אין אַ קעסלגרוב. עפּעס אַ כוואַליע האָט אונדז אויפגעהויבן צו הויך, און אין די אויערן קלינגט און שאַלט: „שלום־עליכם!" „ווילקאָמען!" און באַלד נאָך דעם — דעלעגאַציעס אָן אַ סוף, אינטערוויוערס אײַנגעגעסענע, און ביזנעס — געשעפטן, געשעפטן, געשעפטן. מע זאָגט צו גילדענע בערג פון אַלע זײַטן. פאַרשטייט זיך, דעם ערשטן טאָג איז נאָך נישטאָ פון וואַנען דאָס גאָלד זאָל זיך שיטן, נאָר די נאָענטע צוקונפט זאָגט פאָרויס אַ סך, אַ סך גוטעס. אַ פּנים, אַ נײַע ערא גייט אויף אויף אונדזער האָריזאָנט, פול מיט דערפאָלג, מיט גליק און פרייד. איך קאָן מער ניט שרײַבן, טײַערע, איך וויל נאָר וויסן, ווי אַזוי

איז דײַן געזונט, איך וויל זען כאָטש איין שורה, געשריבן מיט דײַן האַנט. איך קוש דיך און פיל עפּעס אַ מין נײַעם ווייטיק אָדער אַ נײַע צוגעבונדנקייט.

דײַן פּאַ.

## 69. צו י. ד. בערקאָוויטש

ניו־יאָרק, 21סטן אָקטאָבער 1906

מײַן טײַערער יצחק דוב!

מזל־טוב דיר, מזל־טוב טיסין און מזל־טוב אונדז אַלעמען! דער איצטיקער מאָמענט איז אַ מאָמענט פון גלעלעגנהייט און גליק, דער ערשטער מאָמענט פון אַ נײַער עפּאָכע אין אונדזער לעבן און אינעם לעבן פון אונדזער פאַמיליע. די צײַטונגען, וואָס איך שיק דיר, וועלן דיר דערציילן און דערקלערן מײַנע ווערטער. ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון דײַן אויג היט אָפּ טיסין. נאָר דו וועסט זי סײַ ווי היטן. אַזוי מיין איך. איך שיק אײַך שטריכן און פאַרצייכענונגען, וואָס איך האָב געשריבן אויפן שיף, און דו וועסט עס איבער־לייענען פאַר טיסין. מער איז נישטאָ וואָס צו שרײַבן דיר. אַלצדינג איז גוט און עס זעען זיך אַרויס דאָ גוטע האָפענונגען פאַר אונדז אַלעמען. הלוואי מיר זאָלן באַנײַען אונדזערע טעג ווי אַ מאָל, וואָרעם ס'איז שוין לאַנג צײַט.

אין גאַנצן דײַנער

## 70. צו די בערקאָוויטשעס

ניו־יאָרק, 28סטן אָקטאָבער 1906

טײַערע טיסיוניאַ מײַנע!

איך קאָן נאָך בשום־אופן ניט צוגעוווינען זיך צום געדאַנק, אַז דו ביסט אַ מוטער און אַז איך בין אַ זיידע. דאָס איז מסתּמא אַ חלום, איאָ? שרײַב יעדן מאָל אומבאַדינגט אַליין, וואָרעם כאָטש ס'איז אַ חלום, פון דעסטוועגן זײַנען מיר זייער אומרויִק וועגן דײַן געזונט. בערקאָוויטש! היט אָפּ טיסין און גיט אַ קוש טאַמאַראַן, אויב זי פאַרדינט עס.

איך קוש אײַך דרײַען.

פּ.

## 71. צו די קינדער

ניו־יאָרק, 6טן נאָוועמבער 1906, דינסטאָג

טײַערע!

הײַנט האָבן מיר געדונגען אַ דירה אַ ביסל ווײַטער פון שטאָט, נאָר נעענטער צום ברודער, דערפאַר ווײַל מיר זײַנען נאָך זייער גרין, די שפּראַך קענען מיר ניט, די זיטן

איך ניט, און נאָך אַזעלכע זאַכן. דאָס דירהלע, ווען איר זאָלט אויף דעם אַ קוק טון, וואָלט איר געבליבן פאַרגאַפּט. נאָר אין אַמעריקע קאָנען געמאָלט זײַן אַזעלכע באַקוועמ־לעכקייטן. ליאַלי, אויפמערקזאַם! אַנשטאָט אַ מיסטקאַסטן איז פאַראַן אַזאַ באַזונדער שאַפּקעלע, וואָס לאָזט זיך אַרונטער אויטאָמאַטיש טיף אין שאול־תּחתּיה אַרײַן. הײַנט די קיך, אין וועלכער מע קאָכט, איז גאָר אַ פאַרגעניגן. הייס וואַסער האָט איר צו יעדער צײַט, סײַ בײַ טאָג און סײַ בײַ נאַכט. די טאַפּעטן, די פענצטער, די פאַרבן, די שאַפּקעלעך אין אַלע ווענט און אין אַלע ווינקעלעך — דער רוח זאָל עס נעמען, טיסי, אַ גן־עדן און גאָר! אויף צו איבערוואַשן דאָס געפּעס, עמאַטשקאַ, איז גענוג נאָר איין סעקונדע: געעפנט דעם קראַן — און פאַרטיק. און וואָס פאַר אַ סטעלי, מאַרוסי, אַי, וואָס פאַר אַ סטעלי! ווען איר זאָלט זען, בערקאָוויטש, וואָס הייסט אַ שרײַבטיש אין אַמעריקע! אָדער אַ שרײַבשטול — אַ לענשטול — אַ טשער — אַ שאָקלשטול, — וואָלט איר גאָר אָן אַ שום ספק געקומען צו פאָרן אַהער, פאַרכאַפּט מיט זיך אין איין האַנט טיסין, אין דער אַנדערער טאַמאַרקען. אַגב, ווי אַזוי איז זי — זי שווײַגט, אָדער זי שרײַבט? איך קאָן מיך נאָך אַלץ ניט צונויפנעמען מיט די געדאַנקען, אום צו שרײַבן, מחמת מיר זײַנען נאָך בײַם ברודער. מיר רעכענען ערשט הײַנט־מאָרגן איבערפאָרן — „מופן".

שבת וועלן מיר זײַן בײַ בערקאָוויטשעס משפחה אין ברוקלין. איך לאָז איבער אָן אָרט פאַר דער מאַמע און נעם אײַך אַרום און קוש.

פּ אַ.

## 72. צו רחל לאָיעוו

[ניו־יאָרק, 6טן נאָוועמבער 1906]

כבוד חמותי היקרה שתחי'.

ביבי האָט אײַך שוין נעכטן געשריבן פון אַלעס. מיר האָבן שוין געדונגען אַ דירה, וועלכע איך באַשרײַב צו די קינדער. נומטשיקן איז זי שטאַרק געפעלן. ס'איז שיין און וואַרעם און שטיל און באַקוועם. בריוו גייען אָפּ נאָר דרײַ מאָל אין דער וואָך. וועל אײַך מאָרגן מערער שרײַבן.

חתנכ' דו"ש והצ' שלום

## 73. צו די קינדער

ניו־יאָרק, 12טן נאָוועמבער 1906

טײַערע!

מיר האָבן באַקומען פון אײַך הײַנט אַ באַרג מיט בריוו. אַזוי מסתּמא איז דאָס אייגענע אויך מיט אײַך. עס קומט אָן פאַר איין מאָל אַ גאַנצער פּאַק, און נאָך דעם וואַרטסטו דרײַ־פיר טעג — ניט קיין איין שורה. און אַזוי ווי עס פּאַסירט בײַ אַ מענטשן מיט זײַן מזל, אַזוי איז עס אויך מיט בריוו: איין בריוו דערגייט כּמעט אויפן נײַנטן

טאָג, און אַ צווייטער שלעפּט זיך, שלעפּט זיך, אַקוראַט ווי מישאַ פּאָרט קיין קיִעוו עקזאַמענירן זיך. אַגב, וואָס איז מיט מישאַן? אויב ער האָט באַשלאָסן צו קומען אַהיים, דאַרף ער שוין, לויט אָט דעם חשבון, זײַן אין דער היים. אויב אַזוי, דערוואַרטן מיר אין גיכן אַ בריוו פון אײַך אַלעמען צוזאַמען. און מכּוח אונדז, האָבן מיר ערשט הײַנט זיך באַזעצט אין אונדזער נײַער דירה און ערשט איצט קאָן איך מיך נעמען צו דער אַרבעט. טיסיוניאַ, ווען דו'סט לייענען דײַנע בריוו, פירט זיך אויף דײַן טאַמאַראַ אַזוי ווי דער דערוואַקסענער בערקאָוויטש. מיר, פאַרשטייט זיך, זײַנען גרייט צו שענקען איר אַ טייל פון אונדזער ליבע צו דיר, נאָר מיט איין תּנאַי: די ווערטער „זיידע און באָבע" דאַרפן ניט אָנגעווענדט ווערן אויף אונדז. זאָל זי אונדז רופן: דער אַמעריקאַנער פּאַפּאַ און די אַמעריקאַנער מאַמע. אַ באָבע האָט זי אין זשענעווע, אָט וואָס! איך קוש אײַך אַלעמען, ניט אויסגעשלאָסן טאַמאַראַ בערקאָוויטש. אַגב, בערקאָוויטש, מיר זײַנען סוף־כּל־סוף דערגאַנגען הײַנטיקן שבת אײַער אמתן נאָמען: בערל. אַזוי רופט אײַך אײַער יוגנט־חבר. דער דאָזיקער האָט זיך באַניצט מיט אונדזער קרובהשאַפט און האָט מיך שיִער ניט אויפגעגעסן אַ לעבעדיקן. דאָס הויז פון אײַער משפּחה האָט געמאַכט אויף אונדז זייער אַ גוטן אײַנדרוק; אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר זײַנען אין דער היים, צווישן אײַגענע.

## 74. צו די זעלבע

ניו־יאָרק, 9טן פעברואַר 1907

טײַערע!

נו, דעם עקזאַמען האָב איך אויסגעהאַלטן און, דאַכט זיך, גלענצנד. די זאַך דערפון איז, וואָס ס'איז ניט מעגלעך געווען אַרויסצוטראָגן אַ גאַנצן אײַנדרוק, ווײַל ס'איז אויסגעקומען צו צערײַסן זיך אויף צווייען: איך בין געווען אויף צוויי אַקטן אין איינעם, און אויף צוויי אַקטן אינעם צווייטן טעאַטער. אי דאָ, אי דאָרטן האָט מען מיך אַרויסגערופן אַ סך מאָל, געמאַכט אָוואַציעס. דער עולם, ווי עס שײַנט, איז געבליבן צופרידן. יעדן פאַלס איז געווען אַזוי פיל נײַקייט, אַז עס האָט געקלעקט גענוג. „סטעמפּעניו" האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פון עפּעס, וואָס איז פּאָעטיש, פּאַטריאַרכאַליש. „דער אויסוווּרף" ווידער האָט געצווונגען דאָס פּובליקום די גאַנצע צײַט צו האַלטן אָפן דאָס מויל און צו לאַכן ביז וואַנען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן. דאָס איז אויך דאָ נײַ, מחמת די באַלאַגאַן־סאַטירע האָט זיך שוין צוגעגעסן, און דער הומאָר פון די היגע מאָדישע דראַמאַטורגן איז אַזוי אָרעם, אַז ס'איז פּראָסט אַ רחמנות אויף זיי. זיי קויפן „וויצן" פּאַר געלט, אָדער זיי נעמען איינער בײַם אַנדערן אויף פּראָקאָט. — הײַנט גייען מיר אויף גאַנץ „סטעמפּעניו", און מאָרגן — אויף גאַנץ „פּאָסטערנאַק". דעמאָלט וועלן מיר שוין אָנשרײַבן מער באַשטימט. וואָס ס'איז שייך דער פּרעסע, איז פּאַר דער ענגלישער בין איך רויִק, וואָרעם זי איז ערלעכער פון דער יידישער; די יידישע איז פּאַרטייִש, פון איר דערוואַרט איך קיין שום גוטס ניט. נאָר זי איז אין גאַנצן ווערט אַ גראָשן. דער עיקר איז דאָס פּובליקום, דער גרויסער עולם.

ווי איר זעט, לעבן מיר אין אַ באַזונדערער, טעאַטראַלישער וועלט. דאָס לעבן האָט

אונדז אַרײַנגעשטופּט אין אַט דער וועלט, און עס שטייט מיר נאָך פֿאַר אַ סך שטרויכלונגען אויף דעם דאָזיקן נײַעם וועג, אַ גרויסער קאַמף, און איך האָף אַרויסצוקומען אַ באַזיגער.

איך נעם אַרום אײַך אַלעמען מיט טאַמאַראַן.

אײַער פּ. אַ.

## 75. צו די זעלבע

ניו־יאָרק, 3טן מאַרץ 1907
18טן פעברואַר, פֿאַר נאַכט

טײַערע!

נאָר וואָס איז אָנגעקומען אײַער טעלעגראַמע דורך דעם ברודערס געשעפטהויז (נאָך נעכטן איז זי אָנגעקומען אין געשעפט). אַ גאַנצן שטורעם פֿון זכרונות, געדאַנקען און געפילן האָט די טעלעגראַמע אַרויסגערופן. אין דער מחשבה האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן אַהין, ווו מיר אַלע, כאָטש אין זאָרגן, אָבער פֿאַרט צוזאַמען, פלעגן פײַערן דעם דאָזיקן טאָג, אין וועלכן יעדער איינער און יעדע איינע פון אײַך האָט זיך געפילט עפּעס יום־טובדיק. יאָ, ס׳איז טרויעריק, זייער טרויעריק. איך האָב קיין מאָל ניט געטראַכט, אַז דעם 18טן פעברואַר וועל איך זײַן אויף אַזאַ ווײַטער שטרעקע פון אײַך! נעכטיקן טאָג — פּורים — האָבן מיר אויך טרויעריק פֿאַרבראַכט. וואָס זשע וועט שוין זײַן פּסח? איר ווייסט, ווי פײַערלעך איך בין אין דעם דאָזיקן פײַערלעכן יום־טוב — פּסח! איך שיק אײַך נומטשיקס צייכענונגען — זײַן איינציקע אונטערהאַלטונג. אַך, ווי ער בענקט נאָך אײַך! אַ גליקלעכע איז טאַמאַראַ: זי ווייסט נאָך ניט אַט דאָס געפיל — פון בענקשאַפט.

אײַער פּ. אַ.

## 76. צו ליאַלי ראַבינאָוויטש

ניו־יאָרק, 25סטן אַפּריל 1907

ליאַלי!

דײַן בריוו האָבן מיר באַקומען. דו ביסט אַ גרויסע חכמה. איך האָב עס דיר שוין לאַנג געזאָגט און איך בלײַב בײַ דעם.

וואָס ס׳איז שייך איבערזעצונגען, איז עס פּשוט אַ זינד, וואָס ביז הײַנט האָסטו זיך ניט אויסגעלערנט (אַליין) קיין ייִדיש. איך בין זיכער, אַז קיינער וועט מיך אַזוי ניט איבערזעצן, ווי דו. אין וואָס זשע איז דער אָפּהאַלט? ביסט דען זעכציק יאָר אַלט? הייב אָן פון אַלף־בית. די העברעיִשע ווערטער שטרײַך אונטער און ווענד זיך צו בערקאָוויטשן. איך בין איבערגעצײַגט אין דײַן גיכן דערפֿאָלג. מײַן „מבול" איז נייטיק איבערצוזעצן אויף רוסיש. פֿאַרשטייט זיך, פֿאַראַן דאָרט אַ סך קעגן דער צענזור. וועט מען קאָנען אויסלאָזן די שאַרפע ערטער. נו, גייט עס?

אויף יעדן פֿאַל דאַרף איך דיר זאָגן פֿריִער, אַז איבערזעצן באַדאַרף מען ניט בוכשטעבלעך, און מע מוז האַלטן אין זינען די אוידיטאָריע, דאָס הייסט דאָס רוסישע פּובליקום. נו, איך קוש דיך.

דײַן פּאַפּאַ, וואָס האָט דיך ליב

## 77. צו י. ד. בערקאָוויטש

זשענעווע, 21סטן אויגוסט 1907

מײַן טײַערער זון!

היינט האָבן מיר באַקומען דײַן ערשטן בריוו פון דעם נײַעם לאַנד און אויך דײַנע באַשרײַבונגען פונעם שיף האָבן מיר אַלע געלייענט און הנאה געהאַט. זיי בעטן זיך צו זײַן געדרוקט אַזוי ווי זיי זײַנען געשריבן.

די פען איז ניט ביכולת צו איבערגעבן דיר אונדזער געמיט־צושטאַנד אין אָט די טעג. אַצינד פילן מיר אַלע דעם גרויסן פאַרלוסט. יעדן טאָג דאַוונט מען בײַ אונדז מיט אַ מנין, און איך זאָג קדיש נאָך אונדזער מוטער, ווײַל אַזוי איז געווען איר ווילן פאַר איר טויט. איך שלאָף אויף דײַן בעט און דײַן טאַמאַראַ וועקט מיך פון שלאָף זעקס אַ זייגער, איך זאָל אויפשטיין צו דער אַרבעט, אָבער אַרבעטן לאָזט זי מיך ניט, מחמת זי האָט ליב צו טאַפּן מיט אירע קליינע צאַרטע פינגערלעך מײַן גרויסע נאָז און מײַן לינק אויג דווקא, און זי מאַכט צו מיר תּמיד אַ שמייכלענדיק פּנים און רופט מיך באַ־באַ אָדער פּאַפּאַ, און עס ווײַזט זיך מיר אויס, אַז זי האָט מיך זייער ליב, כאָטש מע קאָן ניט געטרויען דעם שיינעם מין. —

מײַן טײַערער! מיר האָבן דאָך דיר שוין דערציילט דעם אמת פונעם נײַעם לאַנד, נאָר דו האָסט ניט געגלייבט, אָדער דו האָסט ניט געוואָלט גלייבן... פון דעסטוועגן פאַל בײַ זיך ניט אַראָפּ, נאָר שטאַרק זיך און פעסטיק זיך און זיי אַ מענטש, —

ווי עס ווינטשט דײַן פאָטער, וואָס נעמט דיך אַרום מיט פיל ליבשאַפט,

שלום־עליכם

## 78. צום זעלבן

זשענעווע, 24סטן אָקטאָבער 1907

מײַן טײַערער!

איך בין ערשט געקומען. — ווער ס'האָט ניט געזען די שׂימחה פון טאַמאַראַן, וואָס האָט מיך ניט געזען צוויי וואָכן צײַט, דער האָט קיין שׂימחה אויף זײַן לעבן ניט געזען. פריִער האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט אירע שוואַרצע אויגן עטלעכע מינוט, דערנאָך איז זי שטאַרק רויט געוואָרן. נאָך דעם האָט זי געעפנט דאָס מויל און האָט זיך ביטער צעוויינט. אַ קול אין דער הויך לאָזט זיך הערן! דאָס וויינט טאַמאַראַ אויף איר „פּאַפּאַפּאַ"

(וואָרעם אַזוי רופט זי מיך, ניט פּאַפּאַ, נאָר „פּאַפּאַפּאַ", דרײַ מאָל פּאַ!). אויך שיכלעך האָב איך געבראַכט פאַר אירע גרויסע פּיס, אויך אַ שטול מיט אַ טיש האָט מען איר צוגעגרייט, זיצט זי און שפּילט זיך און קושט זיך מיט יעדן איינעם, אַפילו מיט דער קאָנסיערזשקע. דערמיט ענדיקן זיך מײַנע רייד וועגן טאַמאַראַן.

און אין אַמעריטשקע בײַ אײַך וואָס הערט זיך? הײַנט האָב איך אַרויסגעשיקט דעם „אַמעריקאַנער" די נײַע מעשׂיות פון מאָטל פּייסיס, וואָס זײַנען צען מאָל בעסער פון די ערשטע. אַז דו וועסט זיך זען מיט אונדזער פרײַנד מר. סאַפּירשטיין, וועסטו אים אָפּגעבן אַ גרוס אין מײַן נאָמען און בעטן אַנטשולדיקונג, וואָס ס'איז פון מיר אַרויס־געקומען אַן אָפּהאַלט, צוליב מײַן גרויסער נסיעה אין בעלגיע און האָלאַנד. פון הײַנט אָן און ווײַטער וועט „דער אַמעריקאַנער" באַקומען פון מיר מײַנע דערציילונגען איינס נאָכן אַנדערן, אָן אַן אָפּשטעל.

און פאַר וואָס האַלט זיך אײַן דאָס „טאַגעבלאַט"? — אויף דײַנע בריוו וואַרטן מיר אַלע, אַפילו נומאַ, וואָס לערנט אַצינד אין שול צוויי מאָל יעדן טאָג.

דײַן ש.

## 79. צום זעלבן

[זשענעווע], 10טן נאָוועמבער 1907

מײַן טײַערער!

פון די צוויי בײַגעלייגטע בריוו וועסטו במילא פאַרשטיין דעם גאַנצן זייער אינטערעסאַנטן ענין. דו דאַרפסט זיך אײַלן (אויב דו ווילסט, פאַרשטייט זיך) קודם־כּל צום גרויסן „אַדלער" — — —. וועסט זאָגן אַדלערן, אַז איך וויל ניט, אַז די זאַך זאָל דערגיין צו גאָרדינען — — —. אויך דאָס זאָלסטו אים זאָגן: אַז אויב ער וועט דאָס דערציילן גאָרדינען, וועט גאָרדין לאַנג זיך ניט אײַנהאַלטן און וועט דערציילן מילערן, און מילער וועט דערציילן באַראָנדעסן, און באַראָנדעס מאַסליאַנסקין, און מאַסליאַנסקי לובאַרסקין, און לובאַרסקי — דער גאַנצער וועלט! נישטאָ קיין סודות אין ניו־יאָרק! — — — מע באַדאַרף וויסן, מײַן טײַערער, ווי אַזוי זיך צו באַגיין — — —. „מיט דער לינקער האַנט אָפּגעשטויסן, מיט דער רעכטער צוגעצויגן"; „אַ ביסל אָפּגעדעקט, אַ סך צוגעדעקט". דאָס זײַנען, דאַכט זיך, פּרינציפּן פון די בעלי־התּלמוד, און ווער איז נאָך גרעסער פון די בעלי־התּלמוד? — — — און דיר זאָג איך מיט אַן אמת, אַז מיר איז געלונגען צו מאַכן אַ געריכט, וואָס אַזעלכעס איז נאָך ניט געשטעלט געוואָרן אויף דער יידישער בינע, ווי דו וועסט זיך, אם־ירצה־השם, אַליין איבערצײַגן, אַז דו וועסט באַקומען פון מיר דעם מאַנוסקריפּט (נאָך דעם ווי איך וועל דערהאַלטן דײַן ענטפער).

און איך בין אין גאַנצן דײַנער

טיסי האָט דיר געוויס געשריבן, ווי אַזוי איך דערצייל פאַר טאַמאַראַן מעשׂיות וועגן אַ הונט און וועגן אַ קאַץ און וועגן אַ בער און וועגן אַן אָקס מיט הערנער און וועגן אַ קליין אָרעם מיידעלע, וואָס מע האָט דעם ניט געגעבן קיין שאָקאָלאַד, — פון

וואָס טאַמאַראַ וויינט, עס רינען איר טרערן איבער די בעקלעך. כ׳לעבן, דײַן טאָכטער איז מער חכמה פון אַלע חכמי־התלמוד! (שאַ! דערצייל עס ניט אין אַמעריקע פאַר די מענטשן פון „מאָרגנזשורנאַל" און פון „טאַגעבלאַט", וואָרעם זיי וועלן מיך פאַר־שטיינען!)...

## 80. צום זעלבן

**זשענעווע, 7טן־8טן אַפּריל 1908**

מײַן טײַערערער זון בערקאָוויטש! איך בין פאַרצווייפלט און איך גלייב ניט, צי וועל איך שוין באַקומען אַן ענטפער פון דיר אויף דער טעלעגראַמע — איך וועל געוויס ניט באַקומען — איך האָב מיך שוין מיאש געווען און האָב שוין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט דערויף. מיר וועלן שוין געהאָלפן ווערן פון אַן אַנדער אָרט. און פון דעסטוועגן בין איך מיך ניט מיאש אויף די שפּעטערדיקע טעג. איך גלייב מיטן פולן גלויבן, אַז עס וועט קומען אַ צײַט, וואָס מע וועט זוכן דעם „אוצר" מיט ליכט, און מע וועט זיך אַרומטראָגן מיט אים, און מע וועט הנאה האָבן פון אים, און מע וועט ריידן פון אים זייער און זייער אַ סך! נאָר דערווײַל איז די זאַך זייער שווער — וואָס זשע זאָלן מיר טאָן און וואָס קאָנען מיר טאָן? מע דאַרף אָפּוואַרטן נאָך אַ האַלב יאָר — ניט מער. איך בין זיכער, אַז דער לעבנשטראָם און די צייכנס, וואָס איך זע אין אונדזער לאַנד, אינעם בלוטיקן לאַנד, זײַנען גוטע סימנים פאַר אונדז, קלאָרע באַווײַזן, אַז באַלד וועט די זון אויפשײַנען איבער אונדז. דאָס יידישע טעאַטער וועט זיך אַנטוויקלען דאָרטן, דווקא אין רוסלאַנד, און ערשט נאָכדעם אויך אין דעם יאַנקי־לאַנד, און מיר, מיר וועלן זײַן די באַלעבאַטים אויף אונדזער וועלט, און די דאָזיקע פלעדערמײַז — — — וועלן גיין צו אַל די רוחות, און זייער נאָמען וועט זײַן צו אייביקער שאַנד. מײַנע אויגן וועלן דאָס אפשר ניט זען, אָבער דו וועסט עס געוויס זען, וואָרעם דו ביסט יונג און דער וועג פון לעבן איז נאָך גרויס פאַר דיר. דעריבער דאַרפסטו אויך ניט זײַן פאַרצווייפלט. אויב דו געפינסט ניט דאָרט קיין אַרבעט לויט דײַן גײַסט, שרעק זיך ניט איבער און פאַל ניט אַראָפּ בײַ זיך, וואָרעם אפשר איז עס באַשערט, אַז אויך מיר, אויך דו זאָלן ניט געהאָלפן ווערן אין דעם דאָלאַרלאַנד, און מסתּמא וועלן מיר ניט שטאַרבן פון הונגער אויך דאָ, אין די מערב־לענדער, און דאָס, וואָס ס׳איז נוגע דיר, דאַרף איך ניט איבערחזרן נאָך אַ מאָל מײַנע ווערטער, וואָס איך האָב דיר שוין געזאָגט פונעם טיפן האַרצן, אַז אונדזער הויז איז דײַן הויז, און פון אונדזער ברויט וועסטו עסן, און טאָמער, חס־ושלום, עס וועט ניט זײַן פאַר אונדז וואָס צו עסן, וועט ניט זײַן אויך פאַר דיר, ווי דער שטייגער איז אין אונדזער קאָמונע. — — — (און טאַמאַראַ קריכט אונטער מײַנע פיס, וואַלגערט זיך אויף דער ערד און זינגט אַ לידל אונטערן טיש).

און איך בין אין גאַנצן דײַנער, וואָס נעמט דיך אַרום מיט פאָטערלעכער ליבע,

ש ל.

## 81. צום זעלבן

זשענעווע, 14טן מײַ 1908

מײַן טײַערער!

די הקדמה צו מײַן נײַער פּיעסע, דאָס הייסט צום „אוצר", וואָס איך האָב איבער־געמאַכט איר נאָמען אויף „די גאָלדגרעבער", האָב איך דיר שוין אַרויסגעשיקט, נאָר די פּיעסע אַליין האָבן מיר פאַרגעסן [צו שיקן]. שיק איך דיר זי הײַנט. — — —

און איך וואַרט נאָך אַלץ אויף אַן ענטפער פון תשר"ק איידער איך פאָר אַרויס פון דאַנען קיין רוסלאַנד, וואָס איך ווייס נאָך ניט, ווּהין איך וועל מיך ווענדן: קיין וואַרשע, אָדער קיין אַדעס? און וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? ס'איז וויסט און לער און פינצטער אויפן אָפּגרונט — און ווו איז דער גײַסט פון גאָט? אַזאַ ביטערע צײַט איז בײַ אונדז נאָך ניט געווען זינט מיר האָבן אויסגעוואַנדערט פון רוסלאַנד. און דו, מײַן טײַערער, אויב דו האָסט דאָרטן עפּעס אַן אָנהאַלטעניש, אײַל זיך ניט אַוועק־צולאָזן עס, איידער מיר ווייסן ווו מיר זײַנען אין דער וועלט — אויפן הימל, צי אויף דער ערד? און אַז איך פאָר אינעם בלוטיקן לאַנד, ווייס איך ניט, צו וואָס פאַר אַ תכלית און צו וואָס פאַר אַ צוועק, נאָר בלײַבן דאָ איז אוממעגלעך, און איך בין שוין סײַ ווי אַ פאַרלאָרענער. — — —

דײַנער

## 82. צו נ. יע. מאַזאָר

22. 8. [19]08

טײַערע נאַטאַשאַ!

אונדזער בריוו־אויסטויש ווערט אַ פּולקום נאַטירלעכער: איין מאָל אין דרײַ חדשים. אַזוי דאַרף טאַקע זײַן. דאָס איז דאָך פון דעסטוועגן בעסער איידער גאָרניט. וואָס זאָל איך דיר זאָגן וועגן זיך? גאָרניט, איך שרײַב זייער אַ סך, כּמעט אין אַלע ייִדישע דרוקאָרגאַנען פון דער נײַער און אַלטער וועלט. און נחת איז וויניק. די נשמה רײַסט זיך אין אַן אַנדער וועלט, צו די גויים. אויף אַ ייִדישן שרײַבער, אַפילו אויפן סאַמע פּאָפּולערן, וואַרט אַ קבר אויפן חשבון פון קהל. אַז מע אַרבעט אָפּ אַ פערטל יאָרהונדערט צווישן דעם אײגענעם פאָלק, קען מען ניט ניט קומען צו אַזאַ אומעטיקן אויספיר... דו ביסט באַקאַנט מיט מײַן פרײַנד סירקינען. דערוויס זיך, ווי האַלט עס מיט זייער אונטערנעמונג מכּוח אַ גרויסן בוך וועגן דער ייִדישער פאָלקס־ליטעראַטור. אַגב, גיב אים איבער אַ גרוס פון מיר. און וואָס הערט זיך מיט אײַער מאָנרעפּאָ אויפן פאַרשטייענ־דיקן זומער־סעזאָן? איז פאַראַן אַ האָפענונג זיך ערגעץ צו זען? האָסט אונדז שוין לאַנג ניט געשריבן קיין קיִעווער נײַס. ווער איז געשטאָרבן? ווער האָט אָנגעזעצט? ווער איז רײַך געוואָרן? מעגלעך, אַז צוליב אייניקע ענינים (טעאַטראַלע) וועט מען

מיך אַרויסרופן אויף עטלעכע טעג קיין רוסלאַנד. נאָר וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן, אַז עס וועט שוין זײַן עפּעס ממשותדיקס.

זײַ געזונט. דײַן פּעטער סאָלאָמאָן

מאַיסיי סאָוועליעוויטשן און די קינדער אַ גרוס פון מיר.

## 83. צו דער זעלבער

(נערווי), 7(20). 10. 1908

ליבע נאַטאַשע!

דאָס מזל שפּילט זיך מיט מיר, אָט דער רשע, ער וויל מיר פאַרפּינצטערן די נשמה, קאַליע מאַכן די שטימונג, אַרײַנשלײַדערן מיך אין חושך און מרה־שחורה, נאָר איך בין ניט פון יענע, וואָס ווערן אַזוי גיך צעיאַכמערט. צעיאַכמערט בין איך נאָר געווען אין יענער עפּאָכע, ווען דו ביסט ווי אַ ליכטיק טײַבעלע אַראָפּגעפלויגן צו מיר אין באַראַנאָוויטש, אינעם אומפאַרגעסלעכן באַראַנאָוויטש. אָ, דאָן איז געווען גאָר אַן אַנדער זאַך. דאָן פלעגט טרעפן, אַז איך האָב געוויינט צוויי מאָל אַ טאָג, נאָר, דאַכט זיך, מיט לויזע טרערן. איצט וויין איך שוין ניט. איך דערשרעק זיך נאָר אַ ביסעלע און מער גאָרניט. אָט, למשל, האָט זיך אײַערנעכטן אין דער פרי ווידער אַ מאָל באַוויזן בלוט, ד"ה ניט קיין בלוט, נאָר ווייס איך וואָס, גאָלע נאַרישקייטן, אַזוי זיך „בלוט־קײַקעלעך אינעם אויסגעטיילטן לייכעץ"... און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט וועט זיך איבער־חזרן די באַראַנאָוויטשער געשיכטע. צו וואָס זשע האָט דאָן געלוינט זיך מטריח זײַן אַהער אין אָט דעם געטלעכן לאַנד? נאָר עס איז געקומען דער דאָקטער (מאַנדעלבערג — אַ ליבער מענטש) און האָט זיך אויסגעלאַכט פון אונדז; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַן אַפּשלוקערץ פון די אַלטע באַראַנאָוויטשער זינד. און, טאַקע, איך בין אויפגעשטאַנען, איך שפּאַציר איבער דער „מאַרינע" (שטראַנד), און עס לאַשטשען מיך די גאָלדענע שטראַלן פון אַזאַ זון, וואָס איך האָב נאָך ביז איצט קיין מאָל ניט געזען. סאַראַ זון! סאַראַ לופט! אויב איך וועל פון דאַנען ניט אַוועקפאָרן אַ גיבור, הייסט עס, אַז מײַן גורל איז פאַרזיגלט. דו וועסט באַקומען, נאַטאַשע, אָט דעם בריוו פּונקט אין דעם טאָג פון מײַן פײַערונג, פון מײַנע ליטעראַרישע „אימענינעס", צו וועלכע מע גרייט זיך, ווי מע שרײַבט אונדז, אומעטום, אין אַלע ווינקעלעך. און איך וועל אין דעם דאָזיקן טאָג אומבלאָנדזשען אַן עלנטער אויפן ברעג פונעם מיטלענדישן ים, אַליין מיט מײַנע מחשבות, פינצטערע, ווי די נאַכט, אין אומבאַגרײַפלעכער שרעק פאַר דער אומבאַוווסטער צוקונפט, וואָרעם איך ווייס ניט הײַנט, מיט וואָס מיר וועלן דורכלעבן דעם מאָרגנדיקן טאָג... און אויב מיר וועלן יאָ דורכלעבן, טאָ אויף וועמענס מיטלען? אויף די מיטלען פון דער „געזעלשאַפט"? יאָ, ווי דו זאָלסט ניט דרייען, בלײַבט עס אַלע מאָל טרויעריק, כאָפּט עס דער טײַוול, און אין יעדן פאַל שוין ניט אַזוי פריילעך, ווי דאָס ווערט געוויינטלעך געשילדערט אין מײַנע נאַרישע, נאָר פריילעכע שרײַבערײַען. ס'איז אַ מאָל געווען פריילעך אויך, נאָר דאָס איז געווען שוין לאַנג, דאָס איז געווען אין יענער גליקלעכער צײַט, ווען מיר האָבן געפּײַערט דײַן 19־יאָריקן יובילײ (אין אָדעס,

געדענקסט?). נו, איך דאַרף שוין גיין צום ים. איך ווינטש אײַך זיך משׂמח צו זײַן אויף דער דאָזיקער וועלט. מאָיסיי סאַוועליעוויטשן, נ. ס. סירקינען, יעווגעני לוואָוויטשן און אַלע מײַנע פֿרײַנד אין אומגליק און אין פֿרייד — מײַן וואַרעמסטער גרוס!

דײַן פעטער, וואָס פאַלט בײַ זיך ניט אַראָפּ,

שלום-עליכם

## 84. צו דער זעלבער

בערלין, 29סטן (12טן) סעפּטעמבער 1908

טײַערע נאַטאַשע!

מע דערציילט וועגן איינעם אַ ייִד, וועלכער האָט, פאַרנדיק ווי אַ האָז אונטער דער באַנק, געענטפערט אויף דער פראַגע: „וווּהין פאָרט איר?" — „אויב עס וועלן אויסהאַלטן מײַנע זײַטן, וועל איך אויף שבת זײַן אין קעשענעוו..."

פּונקט אַזוי איז מיט מיר. אויב דאָס געזונט וועט ניט אונטערפירן, וועלן מיר אויף שבת זײַן אין איטאַליע. דערווײַל איז מיר גאַנץ שווער. ווי נאָר מיר וועלן קומען אויפֿן אָרט, וואַרשײַנלעך קיין נערווי אָדער נערוויס, וועלן מיר געבן אַ טעלעגראַם און וועלן בעטן אונדז שרײַבן אַהין. דערווײַל זשע אויף ווידערזען; און דער דײַטש זאָל אַזוי כּוח האָבן צו לעבן, ווי איך האָב כּוח צו שלעפּן זיך מיט זײַנע שנעלצוגן.

מאָיסיי סאַוועליעוויטשן, די קינדער, ווי אויך נ. מ. סירקינען און אַנד' מײַן גרוס.

דײַן פעטער סאָלאָמאָן

## 85. צו דער זעלבער

נערווי, 7טן (20סטן) אָקטאָבער 1908

טײַערע נאַטאַשע!

הײַנט האָב איך דיר אָפּגעשיקט אַ בריוו אַ מער ווייניקער טרויעריקן. נאָר ס'איז אָנגעקומען די פּאָטשט און דײַן בריוו. צײַטונגען האָב איך ניט באַקומען. אָבער אַ דאַנק, וואָס דו פאַרגעסט אונדז ניט. דאָס איבעריקע וועט דיר אָנשרײַבן אָלגע, אויב דו ביסט אַ בריה צו לייענען אירע בריוו, אַנטשולדיק — ניט לייענען, נאָר זיך אָנשטויסן, אַרויסכאַפּן דעם מיין לויט עפּעס אַ שכינה פּונעם אייבערשטן. מיט אַזאַ טאַלאַנט איז באַשאַנקען ניט יעדער איינער און דעריבער איז ניט קיין חידוש, וואָס איינער אירער אַ קאָרעספּאָנדענט האָט די טעג זיך אויפגעהאַנגען, איבערלאָזנדיק אַ צעטעלע: „איך בעט קיינעם ניט באַשולדיקן, אַחוץ דער מאַדאַם שלום-עליכם מיט איר שרעקלעכן כּתב..."

דײַן פעטער שלום-עליכם

מאָיסיי סאַוועליעוויטשן, סירקינען, שקלאָווסקין און אַלע פרײַנד, ווי אויך מישען אונדזערן און מישען אײַערן, מײַן גרוס.

## 86. צו דער זעלבער

נערווי, 16טן (29סטן) אָקטאָבער 1908

ליבע טײַערע נאַטאַשע!

אַ דאַנק פאַר דײַנע בריוו און פאַר דער ליבלעכער באַציִונג און זאָרג וועגן מיר. און איך וועל דיר שוין באַווײַזן, ווי אַזוי עס פאַפּראַווען זיך דאָ קראַנקע! דו וועסט מיך ניט דערקענען אויף אייביק! ווען נאָך אַ צימער וואָלט מען מיר געגעבן, ווי דו שרײַבסט, אויף דרום, און אויף דער זון דער היגער. בײַ אײַך איז נישטאָ, גלייב מיר, אַזאַ זון. ווי קומט איר צו אַזאַ!... און וואָס שייך דער לופט, איז דאָס דאָך באַלזאַם, נו, אַ רפואה גלײַך פון דער אַפּטייק — און שאַבאַש! און וואָס פאַר אַן אַפּעטיט אַזאַ, גאָט מײַנער! הלוואַי וואָלט נאָר געווען וואָס צו פרעסן. ווײַל געלט, הערסטו, ברענגט ניט די פּאָטשט איין מאָל ניט... ברענגט ניט, און טו איר עפּעס! און טעלעגראַמעס — אָן אַ שיעור! אַ טויזנט פראַנק האָבן מיר איבערגעצאָלט בלויז די טעלעגראַם־טרעגערס. עס האָט באַוויזן, ווער זי איז, אונדזער ייִדישע נאַציע, אַז מיר זײַנען לײַט מיט לײַטן גלײַך. רירנדיק! נו, האָב איך, גלייב מיר בנאמנות, דאָ ניט לאַנג געלאָזט אַ טרער. איך רעד ערנסט, און בכלל בין איך אַ מענטש אַן ערנסטער. צו דער דאָזיקער ערנסטקייט כאָטש וויינקער הוסטן. עך־עך־עך! פאַרגעס ניט. שרײַב שוין בעסער אַ סך, אַבי אָפטער. יאָ־ס...

דײַן ניט געפאַלענער בײַ זיך פעטער ש. ע.

...און ווי גייט עס, ברודערקע מישעל, בנוגע יענער אָט סאַמער געאָגראַפיע? אַ נודנער ענין, דאָס איז אמת, אָבער אַ נייטיקער. וואָס קאָן מען טאָן. פאַרענדיק שוין דאָרט יענע צוויי קלאַסן. כאַפּט זיי דער וואַטן־מאַכער. און דערווײַל זײַ ניט קיין פאַר־שלאָפענער, לייען ביכער, און שרײַב בריוו און זײַ געזונט.

פּאַפּאַ

## 87. צו די בערקאָוויטשעס

באַראַנאָוויטש, ערב רה״ש תּרס״ט [1908]

טיסין און בערקאָוויטשן

טײַערע קינדער מײַנע!

ערשט הײַנט, ערב ראָש־השנה, בין איך אויפגעשטאַנען, און אָט האָב איך אויסגע־בעטן בײַ דער מאַמע פּאַפּיר, אויף אָנצושרײַבן אײַך, קינדער, אַ בריוו — דעם ערשטן בריוו נאָך זיבן וואָכן, אַזעלכע שווערע! איך וועל קיין סך ניט שרײַבן, מע דאַרף אויך די אַנדערע קינדער אַ פּאָר ווערטער [שרײַבן]. אַלזאָ, קינדערלעך, מיר לעבן, הייסט עס. מאָלט אײַך, אויף גיין בין איך נאָך אַ ביסל שוואַך, דאָס הייסט, איך קאָן נאָך אַפילו גאָרניט שטיין, ניט חלילה מחמת שוואַכקייט, נאָר פשוט, איך האָב מיך אָפּגעוווינט — און אַן עק. וועלן מיר זיך לערנען, ווי טאַמאַרקע אין איר צײַט. דערווײַל בין איך נאָך אין לענשטול. אין אַ טאָג דרײַ אַרום וועלן מיר מסתּמא זיך אויסלערנען שטיין, און

דערנאָך — באַוועגן זיך, און מאַרש אין וועג אַריַין. אַך, ווי דערלעבט מען שוין אין וועג אַריַין! צי מיר וועלן פאָרן קיין מעראַן, צי קיין איטאַליע — נאָר זען וועלן מיר זיך שוין אויף זיכער. וועסט גלייבן, טיסי, נאָך ווען איך בענק און עס ווייִנט די נשמה? נאָך טאַמאַרקען — כלעבן! ואתה בני, ברקאָוויץ בני, תודה לך בעד אגרותיך שהיו לי לשעשועים, אף־על־פי שאין אתה ותרן גדול! עוד מעט ונתראה פנים ונשב יחדיו על מקום אחד, כי באה עת לחננה כי בא מועד. אלא אַל־נא תמנע מלכתוב לי אגרותיך היפות. און טאַמאַרקע האָט מסתמא שוין לאַנג פאַרגעסן דעם פאַפּאַ. מע דאַרף איר איַינחזרן, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּאַפּאָקאַ (בערקאָוויטש) און ס'איז פאַראַן אַ פּאַפּאַ (איך).

איך קוש איַיך דריַיען.

פּ א.

## 88. צו ערנעסטינע בערקאָוויטש

נערווי, 23סטן אָקטאָבער 1908

טיַיערע טיסיוניאַ!

האָב קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך שריַיב דיר הייַנט שוין אויף איטאַליעניש. בישט האָבנדיק וואָס צו טון, האָב איך מיך גענומען שטודירן דאָס זעלטענע לערבוך פון פאַליגלאָט קונצע: „דער רוס אין איטאַליע" (פּריַיז 1 פראַנק 25 סאַנטים), און, דאַכט זיך, איך מאַך אַ גרויסן דערפאָלג. אין דער אמתן, איז די איטאַליענישע שפּראַך אַזאַ קלייניקייט, ווי צען מאָל גאָרנישט. אַלזאָ, צו דער זאַך.

בואָן דזשאָרנאָ, סיניאָראַ טיסי! מאַלטאָ בענע גראַציע. פּערקע נאָן ע וועגוטאָ אַ טראָוואַרמי? מי פאַ מאָלטאָ פּיאַטשערע. ווערראָ וועדערלאָ דמאַני ווערזאָ זעראַ, דאָנאָ לאַטשענאַ עללעטאַ, איל טערנאָ פּאַרטע סוביטאָ.

און דאָס, וואָס דו פרעגסט וועגן מיר, איז דעוואָ פאַגאַרנע איל דאַציאָ, אָ פּאַמע, און פּיקאָלאָ קוקייאַיאָ, אַטשעטאָ, אָליאָ דאַ פּאַסטאַ, מאַנצאָ באָליטאָ קאָן טשיפּאָלע.

און וועגן בערקאָוויטשן איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז מי פּאַטשאָ און פּרעצאָ מאָדעראַטאָ, פּראָ באַביל מענטע רעסטעראָ קוויפּיו לונגאָ טעמפּאָ, פּרעגאָ די פּאַרמי לאַ באַרבאַ ע מי פּעטטיני און פאָ אי קאַפּעללי. זאָל בערקאָוויטש באַלד אָנשריַיבן אונאַ קאַרטאָלינאָ פּאָסטאַלע מיט אַזאַ אינהאַלט: דוע מוטאַנדי, סיניאָרע, ראַקאָנטשי לע קאַלטשע! מחמת מי דואָלע לאַ גאַמבאַ ע אַ און ראַפּרעדאָרע, און דעריבער, אויב איר ווילט, גיט מיר און מעדיאָ קאָנטראָ לאַ דיאַררעאַ, נו, און אַזוי וויַיטער אין דעם זינען. איך בין זיכער, אַז ער וועט האָבן דערפאָלג. טיסי, גיב אַ קוש באַמבינאָ טאַמאַרינאָ. דאָ וועט זי זיך אָנוואַרעמען. אַרעוועדערטשיאָ.

פּאַפּאַ

סיניאָראַ מאַמאַן, סיניאָרינע עמאָ און מאַרוסי, ווי אויך פּיקאָלאָ גאַרסאָנע נומאָ שיקן דיר איל פּעצאָ די סאַפּאָנע און 1000 קאָנדעלע! אַדריאָ, מיאָ קאַראַ! שיקט אונדז און מאַנדאַטאָ פּאַטשאַמענטאָ. לענטראַטאַ ע ליבעראָ.

## 89. צו די בערקאָוויטשעס

נערווי, 25סטן אָקטאָבער 1908

מײַן טײַערער זון בערקאָוויטש!

האָסט מיך דערפרייט מיט דײַנע טעלעגראַמעס, און נאָך מער — מיט דײַן בריוו. יעדן מאָל, ווען איך באַקום פון דיר אַ בריוו, פריי איך מיך. נעכטן פאַר נאַכט האָבן אָנגעהויבן פליִען טעלעגראַמעס פון אַלע עקן און הײַנט אין דער פרי זײַנען אָנגעקומען אַ סך מיט אַ מאָל. נאָר מײַן שׂימחה איז אויסגעמישט מיט צער און עגמת־נפש, וואָס ס'איז אונדז אָוועקגעשטאָרבן דער איינציקער קרוב אין אונדזער ליטעראַרישער משפּחה, „דער פרײַנד". — — — אין דעם מאָמענט, וואָס איך האָב געלייענט זאַבלודאָווסקיס בריוו פון ביאַליסטאָק וועגן דעם דאָזיקן פּלוצעמדיקן טויט, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן און טרערן האָבן זיך שיער געגאָסן. אַזאַ אָרגאַן איז נאָך ניט געווען אין אונדזער ליטעראַטור, און ווער ווייסט, אויב אַזעלכער וועט נאָך בײַ אונדז זײַן? צי קאָנען מיר דען האָפן אויף „אונדזער לעבן"? אָדער אויפן „הײַנט"? אָדער אויף אַ נפלע, וואָס האָט נאָך די זון ניט געזען, פון אונדזערע מאָדערניסטן? ווי געשריִען, גאָט! ווילסט טאַקע מאַכן אַ סוף צו דער בעסטער פון אונדזערע צײַטונגען?!

און איך, דער שוואַכער יובילאַר, האָב צוגעגרייט אַ ספּעציעלע דערציילונג צו דעם דאָזיקן טאָג און האָב אויך אויסגעקוקט אויף אים די אויגן — ערשט מײַן האָפענונג איז געוואָרן צו נישט! און אויך דו, מײַן טײַערער, באַווייִנסט מסתמא דעם דאָזיקן גרויסן פאַרלוסט — וואָס איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דיר; נאָר האָב קיין יסורים ניט, מחמת ס'איז ניט מעגלעך, עס זאָל ניט געבוירן ווערן אַן אַנדער קינד, אַ טרייסט אויף זײַן אָרט — מיר האָבן דאָך די גאַנצע וועלט פאַר זיך! — — — גיב אַ קוש טיסין און טאַמאַראָן.

זײַ אַזוי גוט, באַווײַז אָט דעם בריוו אונדזער פרײַנד און חבר בן־עמי און גיב אים איבער אַ גרוס פון מיר און פון אונדז אַלעמען.

ש. ע ל.

מײַן טײַערער! אין דער 17טער שורה ועסטו געפינען צוויי ווערטער, אַ ביסל צינישע... נאָך דעם ווי דו וועסט זיי איבערלייענען, דו און בן־עמי, און אפשר אויך ווייצמאַן, זאָלסטו זיי אויסמעקן פונעם בריוו, מחמת טאָמער ווערט דער בריוו מגולגל איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר צו אַ ליטעראַרישער מויז, וועל איך דערפון חלילה האָבן בזיונות אין גן־עדן...

טיסינקע מײַנע! דײַן אָפּוועזנהייט פיל איך אַצינד מער, ווי ווען עס איז אַנדערש. נאָר אָט־אָט, באַלד וועלן מיר שוין זײַן צוזאַמען. דער פּריצײַטיקער אונטערגאַנג פונעם „פרײַנד" האָט מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ גלײַך אין האַרצן אַרײַן. איך האָב דאָך פאַרבונדן מײַן נאָמען מיט אים פון זײַן ערשטן נומער אָן. ס'איז אַ פאַרלוסט אויך פאַר בערקאָ־וויטשן. נאָר גאָרנישט, נעמען זיך צום האַרצן באַדאַרף מען נישט. עס וועט געוויס עפּעס געבוירן ווערן אויף זײַן אַש. אַך, ווו נעמט מען כּוחות און געזונט, אָוועקצולאָזן זיך אין דער „טשערטאַ" אַרײַן און עפענען אַ צײַטונג, אָבער אַזאַ, וואָס זאָל זײַן אַ שרעק פאַר שׂונאים און אַ פרייד פאַר גוטע פרײַנד! נאָר גיי מאַך, אַז די הענט זײַנען קורץ.

און אפשר וועלן זיי נאָך אויסוואַקסן? ווער קאָן וויסן? ווען מע גיט מיר אַצינד בערקאָ־וויטשעס יאָרן (און דערצו נאָך בראָדסקיס געלט)! נאָר דערווײַל טו אַ קוש טאַמורקען און גיב איבער מײַן גרוס ווייצמאַנען. מע מעג אויך אים באַווײַזן אָט דעם בריוו.

דײַן פּאַ.

## 90. צו נאַטאַשע מאַזאָר

נערווי, 1טן (14טן) נאָוועמבער 1908

איך האָב געזען אַ חלום...

ווי מיר וואָלטן געלעבט אויפן סאַמע ברעג פונעם מיטלענדישן ים. פון ביידע זײַטן פון מיזרח און מערב — שמעקנדיקע פּאַרקן. די הויפּט־פענצטער מיט צוויי ווערענדעס — אויף דרום, און די זײַטיקע פענצטער — אויף מיזרח און מערב. אַזוי אַרום, ווערט ניט פאַרפאַלן אומזיסט פאַר מיר קיין איין שטראַל פונעם פלאַקערנדיקן קײַלעך. דעם גרעסטן (פאַרהעלטענישמעסיק) צימער האָט מען כלומרשט אָפּגעגעבן מיר. אַלץ איז פון דאָרטן אַרויסגעטראָגן. מע האָט איבערגעלאָזט בלויז אַ ציכטיקע בעט, אַ פּיצינקן וואַשבעקן, אַ שאַפּקעלע און כלומרשט אַ שרײַבטישל און אַ באַזונדערע ווערענדע. און איך שלאָף אין אָט דעם ליכטיקן און ציכטיקן צימער איינער אַליין. בײַם אָפענעם באַלקאָנטשיקל אויפן ים, און עס פאַרוויגן מײַן שלאָף גלײַכמעסיקע, מעלאָדישע ים־כוואַליעס. אין דער פרי, ווי נאָר עס צינדט זיך אָן דער ערשטער שטראַל פונעם בײַטאָגיקן לײַכטזײַל, און די שטערנדלעך, וועלכע האָבן אַ גאַנצע נאַכט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די כוואַליעס לעשן זיך איינס נאָכן אַנדערן אויס, כאַפּ איך זיך כלומרשט אויף, און גלײַך באַווײַזט זיך אויף דער בינע אַ גאָגל־מאָגל, מע רײַבט מיך אײַן מיט ים־וואַסער, איך טו זיך אָן, אויף פרישטיק — פעטע שינקע, 3 לויזע אייער און אַ מילכיקע קאַשע מיט טאַניאָקאָ, און דערנאָך גיי איך כלומרשט אויף דער מאַרינע (אויפן ים־ברעג), אויף וועלכער, אייגנטלעך, מיר וויינען. דאָרטן פאַרברענג איך מיטן העפטל און מיטן בלײַער אין די הענט אויף דער זון, וועלכע וואַרעמט אין אָט דער צײַט באַזונדערס מילד און אָנגענעם, ווי אַ פרוי, — פון 9 ביז 12 אַ זייגער. דערנאָך גיי איך פּאַמעלעך כלומרשט אַהיים, ווו עס וואַרט אויף מיר אַ געגרייטער טיש. די מיטיקסט כלומרשט זייער געשמאַק, ווײַל אַלץ איז צוגעגרייט — אַזוי דאַכט זיך מיר אויס — מיט אַלגעס הענט. דאָ האָסטו ייִדישע פיש, זיסער פון האָניק, און אַ סוף אַ וווּנדערלעכער, און אַ ייִדישער ראָסלפלייש, און פריש גרינוואַרג, ערשט פונעם גאָרטן, און פרוכטן זאַפטיקע, פײַגן פונעם בוים כלומרשט און אַנד׳. פאַרענדיקט האָט זיך דער מיטיק און מיך, דעם גאָטס קנעכט, פירט מען האַלב צוויי אויפן באַלקאָן נומער 2, דעם דרום־מערבדיקן אויף אַ הייל־קור. און עס חלומט זיך מיר, אַז דאָרט איז אַ בעטל אַ ציכטיקס, מיט אַ שירעם צוקאָפּנס, אַלס אַ שוץ פון אַ זונענשלאַק, און מע לייגט מיך דאָרט אײַן אויף גאַנצע 2 שעה, אין משך פון וועלכע איך דאַרף כלומרשט אויסטרינקען מיט קליינע קעלישעקלעך אַ גאַנצן ליטער סטעריליזירטע מילך. דערנאָך, פיר אַ זייגער, איז כלומרשט טיי, אַ שפּאַציר אויף דער מאַרינע. און פינף אַ זייגער פאַרמאַכן זיך טיר־און־פענצטער — אויף צוויי שעה (כלומרשט אַ זונפאַרגאַנג) און 6 אַ זייגער אין אָוונט אַ וועטשערע —

ווידער אַ מאָל זייער אַ זעטיקע און זייער אַ געשמאַקע, אויך כּלומרשט צוגעגרייט דורך דער זעלבער אַלגע. נאָך דער וועטשערע גייט אַ שפּיל אין 66, אָדער מיט נומען אין קאָרטן, אָדער צוזאַמען אין טערטל־מערטל. דער זייגער האָט געשלאָגן 8 — ווידער אַ מאָל לויזע אייער, נאָך אַ מאָל אַ מילכיקע קאַשע מיט מאַקאַראָנעס אַלס צוגאָב. דאָ ווערט דער חלום אַ ניט־פאַרשטענדלעכער, ווײַל אייער און סוף מיט מאַקאַראָנעס נאָך וועטשערע — דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַן אַנאַכראָניזם... אויב צוגעבן צו דעם, אַז 10 אַ זייגער אויף דער נאַכט, איידער דו ווערסט אַנטשלאָפן, ווידער אַ מאָל אַ פּאָר אייער אין אויסזען פון אַ גאָגל־מאָגל, ווערסטו פאַרשטיין, אַז חלומות קאָנען אַ מאָל זײַן גאַנץ אויסטערלישע און אומבאַגרײַפלעכע. נאָר גאָט מײַנער! אַלץ, וואָס איך האָב דיר דאָ באַשריבן, איז דאָך ניט קיין חלום, נאָר וואָר!

פון אַזאַ לעבנס־אופן איז קיין חידוש ניט, וואָס אין אַ קורצן צײַט־משך האָב איך אָנגענומען אויף זיך בײַ 3 קילאָ (6—7 פונט) און וואָלט נאָך מער אָנגענומען, אויב ניט דער איבעררײַס, וועגן וועלכן אַלגע האָט דיר שוין געשריבן. אַ צוקילונג פּלוצעם, אַ הוסט מיט בלוט, אַ טעמפּעראַטור העכער 37 און אַאַז״וו. אָבער דאָס איז שוין דורכגעגאַנגען, און איך לעב איצט אַזוי, ווי איך האָב דיר באַשריבן אינעם אויבן דערמאָנטן חלום. און דער עיקר — ווען ניט די דאגות וועגן „מאָרגנדיקן טאָג״... אָט דער „מאָרגנדיקער טאָג״ קאָסט מיר אַ סך לעבן!...

אַלזאָ, דו קלײַבסט זיך קיין נערווי? מיר טרוימען שוין וועגן יענער צײַט, אַפילו אַ בעט פאַר דיר אויסגעטיילט, אינעם דרום־מערבדיקן צימער, נאָומטשיק קלײַבט זיך דיר באַווײַזן דעם „רוסישן פעלדז״ — די איינציקע מערקווערדיקייט פון נערווי.

איך קוש דיך און גריס מ(אַיסיי) ס(אַוועליעוויטשן) און די קינדער.

דײַן פעטער ש.

מישע! צי די ליאַמקע; אין דײַן עלטער מוז מען בלויז זיך לערנען פאַרשיידענע חכמות. די קינדער שרײַבן דיר באַזונדער. און די מאַמע גריסט.

דײַן פּאַ (פּאַ)

## 91. צום זון מישאַ

נערווי, 27סטן נאָוועמבער (10טן דעצעמבער) 1908

טײַערער מישעל!

אָט האָסטו דיר אַ קינדערישע, אַזוי צו זאָגן, אַ ווײַנאַכט־דערציילונג „ניסלעך״. זאָל דאָס זײַן דײַן דעביוט. צו ערשט לייען זי איבער איין מאָל. דערנאָך דאָס צווייטע מאָל. דערנאָך פרעג בײַ אַ יידיש־קענער יעדער וואָרט, וואָס איז דיר ניט אין גאַנצן פאַרשטענדלעך, און פאַרשרײַב אין ביכעלע מיט אַן אָנמערקונג פון דעם זײַטל און שורה אין אָריגינאַל. דערנאָך קויף זיך אַ העפט פון גוטן פּאַפּיר און אַ גוטע פען. שרײַבן בלויז אויף איין זײַט. פון יידע זײַטן פונעם פעלד. שרײַבן זייער דײַטלעך. דערנאָך וועסטו איבערלייענען די איבערזעצונג זיך זעלבסט און נאָך עמעצן, וועסט פאַרריכטן אַלע ניט־גלאַטקייטן און וועסט איבערשרײַבן אויף ריין שוין אין אַ באַזונדערן העפט

באזונדערס דײַטלעך און שײן, מיט גרויסער שריפט; אנדערש וועט די רעדאַקציע אָפּוואַרפן דעם העפט. אייניקע רעדאַקציעס זאָגן זיך אַפילו אָפּ נעמען דעם מאַנוסקריפּט, אויב ניט אויף קיין רעמינגטאָן. אייניקע ווערטער האָב איך איבערגעזעצט אינעם אָריגינאַל. איבערזעצן דאַרף מען ניט אַלץ גלײַך, נאָר 2—3 זײַטלעך אַ טאָג. ביז ווײַנאַכט ווערסטו באַוויזן. מיט דער גימנאַזיע מאַנקירן איבער די איבערזעצונגען דאַרף מען ניט. אין גרויסע פאַרלעגנהייטן וואָלט דיר געקאָנט העלפן מאַיסיי סאָוועליעוויטש. איך האָב אין זינען באַזונדערע ווערטער און אויסדרוקן. אָט, למשל, אויף דער זײַט 4 אין דער שורה 26: „אָפּשפּרעכן אַ גוט־אויג".

אַלזאָ, אין אַ גוטער שעה.

דײַן פּאַ (פּאַ)

און פאַרעפנטלעכן די דערציילונג און באַקומען האָנאָראַר וועט דיר העלפן מ(אַיסיי) ס(אָוועליעוויטש) סירקין, ווען איך באַגריס האַרציק.

## 92. צו נאַטאַשע מאַזאָר

נערווי, 30סטן נאָוועמבער (13טן דעצעמבער) 1908

ליבע און טײַערע נאַטאַשע!

איך שיק דיר דערמיט צווי בלאַנקן אין פאַל, אויב איינער וועט קאַליע ווערן. איך האָף, אַז דו וועסט ניט מיסברויכן מיט מײַן צוטרוי און וועסט ניט אַרויסשטעלן אויף מיר אַ התחייבות אויף 200.000. וואָס איז שייך דעם, וואָס דו שרײַבסט, אַז דו ווייסט נאָך ניט וועגן דײַן פאָרן קיין איטאַליע, פאַרשטיי איך דיך אויסגעצייכנט און פיל דיר מיט. דו ווילסט אונדז מאַכן אַ סורפּריז. דאָס איז אין מײַן גײַסט: אַלזאָ, דו וועסט אין נערווי דאָך ניט זײַן. גוט־ס. מיר וועלן פאַר דיר צוגרייטן אַ צימער מיט אַ פענצטער אויף דרום און אויף מערב. דו וועסט זען אַזאַ זונפאַרגאַנג, וואָס דו האָסט אין לעבן ניט געזען. ווער וואָס! צי האָסטו דען עפּעס געזען, אַחוץ דעם סאָפּיעווער סאָבאָר? וואָס עפּעס האָסטו פּלוצעם אָנגעהויבן אונטערהוסטן? דאָס איז דאָך לויט מײַן ספּעציאַליטעט. איך דערלויב ניט — און שוין. איך דאַרף דיר שרײַבן אַ גאַנצע ירמיהואַדע — אָן אָנקלאָג אויף אַלגען, נאָר אויף וויפל ס'איז שוין שפּעט, לייג איך עס אָפּ אויף אַן אַנדערש מאָל. און דערווײַל אויף ווידערזען, דאָס הייסט זײַ געזונט, ווײַל דו וועסט דאָך קיין נערווי ניט פאָרן? ביטע, נאַטאַשע, ווען דו וועסט פאָרן קיין נערווי, פאַרכאַפּ די „אַדרעסן".

דײַן פעטער ש. ע ל.

## 93. צום זון מישאַ

נערווי, 3טן דעצעמבער 1908

טײַערער מישעל!

אָט פאַר דעם לויב איך דיך, וואָס דו שרײַבסט, ערשטנס, דײַטלעך, צווייטנס, אָפּט,

און דריטנס, וועגן אַלץ. נאָר באַזונדערס לויב איך דיך פאַר דער דײַטלעכקייט. שרײַבן אומדײַטלעך, אויף דער גיך, איז אַ סימן פון ניט אויפמערקזאַמקייט, אַ פאַרלאַנג וואָס גיכער פּטור ווערן פון דער אומאָנגענעמער פליכט. איך ווער געזינטער ניט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שעה צו שעה. פאַר דער לעצטער וואָך איז מיר צוגעקומען 11 קילאָ — 3.25 פונט). אויב עס וועט אַזוי גיין ווײַטער, וועט זיך באַקומען אַזאַ דיאַגראַם: 11 × 50 = 75. מײַן אורשפּרינגלעכע וואָג 58 קילאָ = 340 פונט = 8.5 פוד. מיט אַזאַ וואָג קאָן מען פאָרן קיין אַמעריקע זיך באַווײַזן פאַרן געערטן פובליקום און מאַכן אַ סך בעסערע געשעפטן, איידער מיט ליטעראַטור. איך האָב אַפילו צוגעגרייט אַ מעלדונג אין צוויי עקזעמפּלאַרן:

שלום־עליכם! אַן אומגעזעענער נס! שלום־עליכם!
דער גרעסטער הומאָריסט!
וועגט 133 קילאָגראַם!
קומט! איבערצײַגט זיך!
גיט איבער די פרײַנד און באַקאַנטע!

מיר וואַרטן אויף ווײַטערדיקע דײַנע בריוו, אַלץ מער און מער דײַטלעכע און שיינע (אין זין פון האַנטשריפט). מיר קושן דיך.

דײַן פּאַ (פּאַ)

## 94. צום זעלבן

נערווי, 5טן (18טן) דעצעמבער 1908

טײַערער מישעל!

לאַנג האָט די מאַמע געזוכט פּאַפּיר, כּדי דיר אָנשרײַבן אַ בריוו, און האָט ענדלעך אַרויסגעריסן בײַ נומעטשקען פון די ציין, און דעריבער איז דאָס פּאַפּירל עטוואָס אַרומגעהריזעט. ווײַטער גיב איך דיר איבער אַ מזל־טוב מיט ליאַליס טעלעגראַם, אויב דאָס איז אַ חתונה; און אויב דאָס איז גלאַט אַזוי, וועלן מיר זיי אָפּשיקן דעם מזל־טוב מיט אַ צוריק־רעקאָמענדירטן בריוו. און ווי האַלט עס מיט די איבערזעצונגען? מיט דער צײַט וועט גיין גוט, אויב דו וועסט וועלן, פאַרשטייט זיך. און דערנאָך קוש איך דיך אויף דעם אָפּגעהריזעטן שטיקל פּאַפּיר.

דײַן פּאַ (פּאַ)

## 95. צו נאַטאַשע מאַזאָר

(נערווי), 7טן (20סטן) דעצעמבער 1908

טײַערע נאַטאַשע!

מיר שיקן דיר דאָס צווייטע מאָל בלאַנקן. מכּוח די נישט־געשטויגענע סומעס, וואָס

דו שרײַבסט, קאָנען מיר צוגעבן פּאָלגנדעס: וועגן באַקו האָט אונדז געשריבן אַלס אַ קלאַנג דובנאָוו פון פּעטערבורג, נאָר מיר ווייסן גאָרניט. אויף אַלע אונדזערע אָנפרעגן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז דערווײַל אַ קלאַנג. דער לאָנדאָנער 1טער אָוונט האָט געגעבן 300 רובל. וועגן דעם 2טן האָבן מיר נאָך ניט קיין ידיעות. דאַכט זיך, אַז ער איז אַפילו ניט געווען. ניו־יאָרק קלײַבט זיך ערשט אין אַ וואָך אַרום אָפּמערקן דעם ע ר ש ט ן יובילעי־אָוונט (דעם 15טן (28) דעצעמבער). איך האָב דאָרט אַ סך פרײַנד: פּינסקין (אַ שרײַבער) און ליובאַרסקין (אַ קאָמערסאַנט). דער 2טער קאָן זײַן אַ מער דערפּאָלגרײַכער, איידער דער 1טער. ווײַטער, וואַרשע האָט פאָנדן 2.000 און אין לאָדזש 650 אין באַנק. כּדי אויסקויפן אַלע מײַנע ווערק (מיט די גרייטע עקזעמפּלאַרן בײַ 4000 שטיק), וועט מען דאַרפן האָבן ביז 5000 ר׳. אָט איז די גאַנצע מעשׂה. נעכטן האָט געדאַרפט זײַן אין פּעטערבורג אַ גרויסער ליטעראַרישער אָוונט. אייניקע ניט קיין גרויסע סומעס זײַנען צוגעשיקט געוואָרן אונדז אַהער, נאָר, פאַרשטייט זיך, ניט אין אַזעלכע מאָסן, מיר זאָלן קאָנען זאַרגלאָז אָפּלעבן דאָ אַ סעזאָן. מער פון אַלץ קימערט מיך די פראַגע וועגן אויסקויפן די ווערק. זיי זײַנען אין אַזעלכע שווערע, קליינלעכע און אומריינע הענט, אַז איך וועל זיך האַלטן פאַרן גליקלעכסטן מענטשן, אויב דער ענין וועט צו שטאַנד קומען. מײַן געזונט איז ווי אַ מאָל. איין טאָג אַ וווּנדערלעכער, און אַ צווייטער טאָג — ניט דאָס... נישטאָ קיין אַפּעטיט — דאָס איז ערגער פון אַלץ. נאָר פאַר דער גאַנצער צײַט האָב איך אָנגענומען 5 קילאָ וואָג, ד״ה 12 מיט עפּעס פונט. נאָר איך בין דאָך געווען אַ סקעלעט. מיר ציילן שוין די טעג, ווען דו וועסט קומען. פאַר אונדז איז עס אַ גרויסער יום־טוב. אָבער פאַררײַס זיך ניט און שרײַב בריוו.

דײַן פּעטער ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם, וואָס האָט דיך ליב.

## 96. צום זון מישאַ

נערווי, ווילע בריאַנאָ 8. 12. 1908

טײַערער מישאַ! פאַרנעמען זיך מיט איבערזעצונגען איז אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער ענין. מע קאָן פון דעסטוועגן ניט וויסן אַפריער, ווער וועט גוט און ווער וועט שלעכט איבערזעצן. פיל איז געווענדט אין טאַלאַנט, נאָר נאָך מער אין געווינטשאַפט. און לויט מײַן מיינונג איז אַלץ געווענדט אין פאַרלאַנג. אַפילו דאָס, וואָס מענטשן זעען אין מיר טאַלאַנטפולס, רוף איך אָן בלויז פאַרלאַנג, שטאַנדהאַפטיק ווערלן. אָן איבערזעצער דאַרף, אויסער דעם, וואָס ער קען און פאַרשטייט ביידע שפּראַכן, בלויז ווערלן גוט איבערזעצן. אויף צו ווערלן פאָדערט זיך באַמיזונג. מע דאַרף זיך אַרײַנטראַכטן קודם־כּל אין אָריגינאַל. נאָך דעם ווי די איבערזעצונג איז שוין געמאַכט, דאַרף מען זאָרגעוודיק דורכקאָנטראָלירן יעדער פראַזע, צי רעדט מען אַזוי, צי שרײַבט מען אַזוי אין רוסיש? יעדער שפּראַך האָט אירע אידיאָמען, וועלכע מע קען ניט צו מאָל איבערזעצן. מע דאַרף זוכן די אַנטשפּרעכיקע עקוויוואַלענטן. בײַשפּילן זײַנען פאַראַן אין די טויזנטער. איך וועל ברענגען ווייניקסטנס איינעם:

יידיש: פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס, רוסיש:
Тише едешь, дальше будешь.
אָדער נאָך אַ ביישפּיל:
יידיש: אָט האָסטו דיר! רוסיש: Вот тебе на!
און נאָך, יידיש: אַ פּאָלג מיך אַ גאַנג.
רוסיש: Попал пальцем а небо
יידיש: עס הייבט זיך גאָר ניט אָן!
רוסיש: Ничуть не бывало
ביי שווערע אידיאָמען בין איך שטענדיק גרייט דיר צו דינען. הייב אָן! מיר וועלן נאָך ניט איין מאָל שמועסן וועגן דער קונסט פון איבערזעצן. מיך וועט עס פרייען ניט נאָר צוליב פּאַרדינסט, נאָר איבער פיל אַנדערע מאָטיוון. די טעג וועל איך דיר צושיקן עפּעס וואָס פאַרן ערשטן דעביוט. איך קוש דיך.

פּאַפּאַ.

נ. ב. קודם־כל שטעל איך אַ באַדינגונג: שטענדיק, אַפילו אין די טשערנאָוויקעס, שרייבן דייטלעך און קלאָר. אָט די קלאָרקייט ווערט אויך איבערגעגעבן דעם געדאַנק. פאַרשטייי זשע עס.

## 97. צום זעלבן

נערווי, 30סטן דעצעמבער 1908 (12טן יאַנואַר 1909)

טייערער מישעל!

ביסטו, הייסט עס, „צעלאָזט" און דעריבער פריי. איך דאַרף דיר באַמערקן, אַז מיר וואָלט געוועזן אַנגענעם צו הערן, אַז אין אָט דער צעלאָזטער צייט פאַרנעמסטו זיך מיט די קלאַס־ענינים. דו מוזסט אַריבערגיין אין פאָלגנדן קלאַס מיט פערטלעך. עס האָט זיך איצט אַ סך געעביטן אין לעבן. שוין צייט אויך אָט דאָס זאָל זיך ביטן. וואָס שייך די איבערזעצונגען, חזר איך איבער דאָס שוין געזאָגטע: איך וועל זיין זייער צופרידן, נאָר מיטן תנאי, אויב דאָס וועט ניט פאַרשאָטן די פאַרנעמונגען אין דער גימנאַזיע. סיי מיר, סיי דו, סיי אַנדערע ברענגען דיין גימנאַזיע אַזוי פיל קרבנות, אַז זיך באַציִען גרינגשעצעריש צו איר וועט זיין מער ווי אַ חטא. און צווישן אונדז און נאָטאָשען און די מאַזאָרס האָבן זיך איצטער איינגעשטעלט אַזעלכע באַציִונגען, אַז באַלעסטיקן דיין אויפהאַלט ביי זיי וועסטו ניט. און אויב איך האָב זיך דערפרייט מיט דיינע ליטעראַרישע פרווון, איז דאָס אַוודאי ניט צוליב געלט, וואָס גאָט ווייסט, צי וועט עס נאָך זיין, נאָר איבער דעם, וואָס אַ פּוסט אָרט וועט ווערן פאַרפולט. קלאָר, אַז אין דער ערשטער ריי זיינען די גימנאַזיע־פאַרנעמונגען, און שוין דערנאָך ליטעראַטור און אַפּרו. צוליב איבערזעצן איז נאָך נייטיק אַ סך לייענען אויף יידיש. איך וועל זיך באַמיִען צו קריגן פאַר דיר אַלץ, וואָס עס איז איצט דערשינען אין וואַרשע פון מיינע ווערק. עס וואָלט ניט געשאַדט, דו זאָלסט זיך באַקאַנען מיט אָט דעם גאַנצן כלאַם, וואָס האָט פאַרשלונגען

25 יאָר פון מײַן לעבן. ס'איז אַ גרויסער איצט נאָכפרעג גראָד אויף אָט דעם כלאַם מצד דער רוסישער פאַרלעגערישער ליטעראַטור (און פון דער דײַטשישער). אַ מאָסקווער פירמע האָט בדעה אַרויסצוגעבן מיך אין אַן איבערזעצונג. זי האָט אירע איבערזעצערס. און אויף מײַנע נײַע ווערק איז גאָר אַ גרויסער נאָכפרעג. שרײַב איך טאַקע איצט אַלץ נײַע — אויף ייִדיש, געוויינלעך. אינעם יאַנואַר־ביכל פון „יעווריייסקאַיאַ מיסל" (סאַנקט־פעטערבורג) וועט זיך באַווײַזן אין דער רוסישער איבערזעצונג מײַן נײַע דערציילונג „טעוועל, דער מילכיקער ייִד, פאָרט קיין פאַלעסטינע". אַז איך וועל באַקומען — וועל איך צושיקן. און אָט צו דיר אַ ביטע, הגם דו פילסט ניט אויס אַזעלכע בקשות. די טעג האָט אין „קיִעווסקאַיאַ מיסל" זיך באַוויזן מײַן גרעסערע דערציילונג אין אַן איבערזעצונג. וואָס פאַר אַ דערציילונג — ווייס איך ניט. דאַכט זיך, „101". גיי אַרײַן אין רעדאַקציע, דערוויס זיך, קויף פינף עקזעמפּלאַרן און שיק מיר אַרויס מיט אַ רעקאָמענדירטן באַנדעראָל. וועגן אַנדערע זאַכן וועט די מאַמע אָנשרײַבן.

דײַן פּאַפּאַ

## 98. צום זעלבן

(נערווי), 10(23). 1. 09[19]

טײַערער מישאַ!

דעם אמת זאָגנדיק, זײַנען מיר דײַנע ביידע בריוו ניט געפעלן. אינעם ערשטן בריוו לייגסטו אַוועק עפּעס אַ סקעפּטיש טשײַלד־האַראָלדישע פילאָסאָפיע פון נודעניש. אינעם הײַנטיקן בריוו מאַכסטו אַ סך־הכל פון די לימודים פאַר די פאָריקע יאָרן און קומסט צום אויספיר, אַז ביז צו אַ גאָלדענער מעדאַל וועסטו ניט דערגיין. צי דען גייט דאָ אין דער מעדאַל? און צי דען זײַנען די מעדאַליסטן גאַראַנטירט, און די ניט־מעדאַליסטן וועלן דען אומבאַדינגט בלײַבן אויסער די ווענט פונעם אוניווערסיטעט? דאָ גייט אין דעם, אַז דו דאַרפסט זיך סטאַרען באַקומען וואָס מער פינפן — און קיין איין צוויי ניט. וועגן אוניווערסיטעט פאַרגעס דערווײַלע. טראַכט נאָר וועגן אַן אַטעסטאַט און וועגן אַ גוטן אַטעסטאַט, און דאָס האָסטו דיר די גאַנצע פילאָסאָפיע. וואָס זשע שייך דער פילאָסאָפיע פון אַנטוישונג — איז שפּײַ זיך אויס אויף איר, לייען ניט די הײַנט־צײַטיקע אידיאָטן, לייען בעסער די קלאַסיקערס. אָט דער גאַנצער שטראָם פון דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור־דעקאַדאַנס (באַזונדערס פון דער רוסלענדישער) וועט זייער גיך דורכגיין! אַ שאָד, וואָס דו האָסט מיר ניט צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון דײַן איבערזעצונג, איידער דו האָסט זי אָפּגעשיקט אין רעדאַקציע. נאָר אויב דו האָסט שוין אָפּגעטראָגן, איז דאָך שוין פאַרפאַלן. איך האָב דיך געבעטן, דו זאָלסט קריגן די „קיִעווסקאַיאַ מיסל" און מיר אומבאַדינגט צושיקן. פון נאַטאַשען און פון מ.ס. האָבן מיר כמעט אַלע טאָג בריוו פון ניצע.

דײַן פּאַ (פּאַ).

## 99. צו נ.יע. און מ.ס. מאַזאָר

נערווי, 15. 1. 09[19]

טײַערע!

הײַנט איז בײַ אונדז אַ טאָג פון שימחות, איך אײַל מיך דאָס אײַך צו דערציילן. מיר האָבן באַקומען פון וואַרשע אַ מעלדונג, אַז מיטן הויפּט־פאַרלאַג, מיט לידסקין, האָבן זיי שוין פאַרענדיקט. מע האָט אים אויסגעצאָלט 2700 רובל און באַקומען פון אים אַלע רעכט און דעם סטערעאָטיפּ און טויזנט עקזעמפּ׳ פון די לעצטע אויסגאַבעס. אונדז וועט שווער זײַן צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן, וויפל דאָס איז ווערט. דעם קאָמיטעט שטייט פאָר נאָך צו פאַרענדיקן מיט 2 פאַרלאַגן, וועלכע מע וועט דאַרפן אויסצאָלן אַ וואָסערע־ניט־איז 500—800 רובל, און אויף אַזאַ אופן וועט ער האָבן פאַרטיקע, אויס־געזעצטע 8 בענד זייער גאַנגבאַרע סחורה, באַזונדערס איצט, אין אייראָפּע און אַמעריקע. אָן באַזונדערע אילוזיעס, קאָן מען פּאָזיטיוו זאָגן, אַז פון הײַנט אָן זײַנען מיר געזיכערט מיט אַ הכנסה פון 2000 רובל אַ יאָר מינימום.

פון אַמעריקע האָבן מיר באַקומען 500 רובל טעלעגראַפיש פון ניו־יאָרק, די רעזולטאַטן ווייסן מיר נאָך ניט. דאָס איז פונעם אײַנאָרדענען אַ יובילײ־אָוונט. דערנאָך האָבן מיר הײַנט באַקומען אַ מעלדונג פון סט.־לויס. (אַמעריקע), אַז דער אָוונט פונעם 2טן יאַנואַר האָט אונדז אַרײַנגעטראָגן נעטאָ 500 רובל. דאָס געלט האָט מען ניט אַרויסגעשיקט, און וווהין מע וועט אַרויסשיקן — ווייסן מיר ניט. אויב פון אַמעריקע וועט דאָס גאַנצע געלט אָפּגעשיקט ווערן אין (נערווי), וועט דענסט מאָל דאָס קיעווער געלט בלײַבן אומבאַרירט. איך קאָן אײַך ניט באַשרײַבן דעם צושטאַנד פון מײַן נשמה נאָך דעם, ווי מע האָט אויסגעלייזט מײַנע ווערק און אַלע רעכט בײַ די פאַרלעגערס. מע האָט אויסגעלייזט ניט די ווערק מײַנע, נאָר די נשמה. איצט וועגן וועטער. נעכטן איז געווען זומער, הײַנט אין דער פרי — ווינטער. איצט, אום האַלבן טאָג, לײַטערט זיך אויס און ס׳האָט ווידער אַ שמעק געטאָן מיט זומער. פון דעסטוועגן, פון מיזרח און פון צפון קומען דראָענדיקע וואָלקנס. דאָס געזונט אָבער נאָכן „אויסלייזן די נשמה״ וועט אַוועק מיט גיגאַנטישע טריט פאָרויס. זײַט געזונט. רוט זיך אויס, האָט הנאה און... שרײַבט.

אײַער ס.

## 100. צו נאַטאַשע מאַזאָר

נערווי, איטאַליע, ווילע בריאַנאַ, 25. 1 (2.7). 09[19]

טײַערע נאַטאַליע יעווסייעוונע!

סאַראַ שאָד, וואָס איר האָט אַנשטאָט קיין פאַריז, ניט פאַרקערעוועט בעסער קיין נערווי. אָט וואָלט איר דאָ גוט אָפּגערוט! 32 גראַד לויט רעאָמיור איז דאָ הײַנט געווען. די אָוונטן זײַנען אויך וואַרעמע. אַ פּראַכט. נאָר — דאָס, וואָס איז שוין אַוועק, וועסטו צוריק ניט כאַפּן. לאָמיר לעבן מיט דער האָפענונג, וואָס איר האָט מיר געגעבן אַז מיר וועלן זיך זען אין רוסלאַנד. זאָל גאָט געבן. כאָטש די האָפענונגען זײַנען קליינע, אַ

ביסעלע ווײַטלעך. איבעריקנס, מע קאָן איצט גאָרניט זאָגן. הײַנטיקע וואָך איז מיר צוגעקומען בלויז איין פערטל קילאָ און די טעמפּעראַטור אין אָוונט איז 37,1. דער דאָקטער מאַנדעלבערג לייגט פֿאַר אײַנשפּריצן טובערקולין. מיר רעכענען זיך אָן עצה האַלטן מיט יע. ל. סקלאָווסקין. מיר וועלן אים אָנשרײַבן. די יובילײ־אָוונטן אין אַמעריקע זײַנען איצט אין רעכטן ברען. דערווײַל האָט ניו־יאָרק געגעבן 500 רובל, ס.־לויִס 500 ר׳, מאָנטרעאָל אַ רובל 200. אין טשיקאַגאָ גרייט זיך אַ גרויסער אָוונט. וואָס זשע שייך פילאַדעלפיע (3000 ר׳), בלײַבט די רעטעניש נאָך דערווײַל אַלץ אַ רעטעניש — נישטאָ קיינע ידיעות. פון אַלעקסאַנדריע (מצרים) 400 פראַנק, פון אַנטווערפּען 150 פר׳ און נאָך קליינע סומעס אויף 200 פראַנק. פֿאַר טביהס נײַער דערציילונג (זע „יעווריייסקי מיר" און „פריינד") האָב איך באַקומען פון אַמעריקע 100 רובל האָנאָראַר. אַזוי פיל וועל איך אויך באַקומען פון „יעווריייסקי מיר" און אַ רובל 50 פונעם אָרעמען „פרײַנד". איצטער האָב איך אָנגעשריבן נאָך צוויי דערציילונגען אויף די זעלביקע באַדינגונגען בערך. דו האָסט דאָך דאָ פאָרט צו טאָן מיט קבצנים פון קאָסרילעווקע. אָך, ווען איך זאָל קענען אַרויסשווימען אינעם אָקעאַן פון דער רוסישער ליטעראַטור! דאָס וועט אומבאַדינגט פאָרקומען. ס׳איז אָבער אַ שאָד. איך וועל שוין דאַן ניט זײַן. און אפשר וועל איך יאָ זײַן. ווער ווייסט? כ׳וועל זײַן! כ׳וועל זײַן!

צום ווידערזען. אײַער ס.

## 101. צום זון מישאַ

נערווי, ווילאַ בריִאַנאַ, 25סטן יאַנואַר (7טן פעברואַר) 1909

טײַערער מישעל!

נו, אָט איז פײַן, גוט, וואָס דו פאַרנעמסט זיך קודם־כּל מיט וויסנשאַפטן פון דער גימנאַזיע. און וועגן באַנקראָט קלער ניט. נאַטאַשע אָדער מאַיסיי סאַוועליעוויטש וועלן שוין אַרײַנטראָגן די דאָזיקע סומע. דאָס איז ניט דײַן, נאָר אונדזער חוב. וואָס שייך קליינגעלט אויף קעשענע־הוצאות, איז שעם זיך ניט. ווענד זיך צום זעלבן אַדרעס. גלײַך ווי דו וואָלסט זיך געווענדט צו דער מאַמען אָדער צו מיר. חוצפּה איז אַ שטריך ניט קיין סימפּאַטישער, אָבער אָן איבעריקע און ניט־פּאַסיקע דעליקאַטקייט איז אויך ניט אָנגענעם סײַ פֿאַר זיך, סײַ פֿאַר אַנדערע. דערצו האָט די מאַמע געגעבן נאַטאַשען אַ ביסל מינץ פֿאַר דײַנע נייטיקסטע באַדערפעניש. פון ליאַלין האָבן מיר באַקומען אַ גרויסן בריוו. צו איר האָט זיך אומגעקערט דער פריִערדיקער שאַרפזין. שרײַב זיך איבער מיט איר. אויך לידער שרײַבט זי. פיל בעסער פון בונינס פּאָעטישע פערל. גיב איבער ליוסיען, אַז זײַן גרוס האָט אונדז אַלעמען דערשטוינט מיט זײַן, אַזוי צו זאָגן, קאַליגראַפישקייט, אין פאַרגלײַך מיט דײַן ריין הינערישן כּתב. איך דאַרף דאָ שטעלן אַ פונקט. איך קוש.

פּאַ (פּאַ)

דערפריי נומען. שרײַב אים אָן באַזונדער אויף זײַן נאָמען אַ קאַרטל. באַגליק אים.

## 102. צו א.ל. פריצקער פאַר נ. יע. מאַזאָר

[19]09 .2 .4

טײַערע מאַיסיי סאָוועליעוויטש און נאַטאַליע יעווסייעוונע!

זײַט איר, הייסט עס, אויסגעוואָרן אַ וועלט. געווען אין פּאַריז, איצטער זײַט איר אין בערלין. באַזונדערס בין איך צופרידן, וואָס נאַטאַשע האָט סוף־כּל־סוף דערזען מײַן פּאַריז, וואָס איך שטאָלציר אַזוי מיט אים. איך האָף, מאַיסיי סאָוועליעוויטש, אַז מע האָט דיר דאָרטן געוויזן אַלץ, אָנגעהויבן פונעם לוווּר־מוזיי און לוווּר־מאַגאַזין און געענדיקט מיט דער la Grand Opera. און דער בולוואַר? און די קאַפעען אָוונטצײַט? עך, נאַטאַשע, נאַטאַשע! ווי נעבעכדיק עס זעט איצט אויס קיִעוו נאָכן גלאַנצנדיקן פּאַריז און נאָכן ציכטיקן בערלין! פון דעסטוועגן, ווען מע גיט מיר זיך אויסצוקלײַבן איינע פון אָט די דרײַ שטעט, וואָלט איך מיך דווקא אָפּגעשטעלט אויף קיִעוו, כאָטש ער שמעקט ניט אַזוי און איז ניט אַזוי ווייל אײַנגעאָרדנט. און וואָס אָפּטער איך הער, אַז מיר וועט אויסקומען צו בלײַבן דאָ ניט איין סעזאָן און ניט איין יאָר, אַלץ מער ציט מיך אַהין, אַ ה י ים... ביז הײַנטיקן טאָג האָב איך זיך געפילט אויסגעצייכנט, אַ סך געשפּאַצירט אויף דער מאַרינע און נאָך מער געשריבן. הײַנט נאָר האָט די טעמפּעראַטור אַ שפּרונג געטאָן, נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט. איך הוסט אַ סך ווייניקער. אַפּעטיט האָב איך. וואָג איז צוגעקומען. וואָס זשע דאַרף מען נאָך? דער וועטער בײַ אונדז איז פּשוט אַ חיות. ס'האָט אַ שמעק געטאָן מיט מײַ. נעכטן האָב איך אײַך געשריבן קיין קיִעוו, אויך וועגן דעם „ערשט־פּעוורעליקן" ליגן אין דער ווילנער „יידישע צײַטונג" וועגן מײַן יובילײ אין פילאַדעלפיע. דאָס איז נאָך אַ רעטעניש ביז הײַנטיקן טאָג. איך פאַרענדיק מײַן בריוו מיט אַ גרוס צו דער פיל געערטער אַנע לוואָוונע און איך ווינטש אײַך און איר אַל דאָס בעסטע.

אײַער סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש

## 103. צו נ. יע. מאַזאָר

[נערווי], 11. (24). 2. [19]09

טײַערע נ. יע.!

מיר לעבן דאָ איצט איבער אַ שטיקל ווינטער. נעכטן בײַ נאַכט איז געווען 10° (נידעריקער פון נול. בײַ טאָג — 5°). איצט קוטען מיר זיך אין פּערינעס אאַז"וו. ווײַזט אויס, די רוסלענדישע שניי־זאַווערוכעס האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונדזער אַטמאָספער אויך. פון דעסטוועגן, קאָן מאָרגן זײַן בײַ אונדז זייער הייס, אָט איז דאָך, למשל, נעכטן בײַ טאָג געווען מער פון 25° אויף דער זון.

נעכטן און הײַנט האָבן מיר באַקומען פון וואַרשע צוויי בריוו, וועלכע איך שיק דערבײַ. כּדי איר זאָלט זיי פאַרשטיין, דאַרף איך אײַך דערציילן אַלע פּרטים. ווי איר ווייסט, האָט מען שוין מיטן הויפּט־פאַרלעגער, מיט לידסקין, פאַרענדיקט (ער האָט אַרויסגעגעבן צוויי יובילײ־בענד צו 1 רובל און אַרום 30 קליינע בראָשורן, וועלכע צעגייען זיך זייער גוט). מע האָט אים באַצאָלט 2700 רובל פאַר אַלע רעכט אויף 75

דרוקבויגנס און פאַר 1000 עקז׳ פון אָט די צוויי בענד. די דאָזיקע עקזעמפּלאַרן און די בראָשורן זײַנען פאַרפאַקט און וואַרטן אויף די ווײַטערדיקע רעזולטאַטן פון די אונטערהאַנדלונגען מיט די אַנדערע צוויי פאַרלעגערס. אייגער פון זיי („תּושיה״) האָט זיך שוין אונטערגעגעבן. מיט אים האָט מען פאַרענדיקט פאָריקע וואָך. מע האָט בײַ אים צוגענומען די ערשטע, שוין לאַנג אַרויסגעלאָזטע פיר בענד מיט אַלע רעכט. וויפל דער קאָמיטעט האָט באַצאָלט דער „תּושיה״, שרײַבט מען מיר ניט. אויף אַזאַ אופן האָט דער קאָמיטעט אין זײַן רשות 6 בענד און אַרום 30 בראָשורן, ד״ה חוץ די ביכער, מאַטריצן־סטערעאָטיפּן, אַלץ, הייסט עס, וואָלט געווען זייער גוט, ווען דאָ זאָל ניט זײַן אַ שטיקל צרה. און די צרה איז אַזאַ: מיט בײדע פאַרלעגערס האָט מען פאַרענדיקט מיטן תּנאַי, אַז אויך דער דריטער פאַרלעגער (קרינסקי) זאָל מסכּים זײַן אָפּצוטרעטן זײַנע רעכט, וואָס ער האָט באַקומען אַלס שותּף אויף 20 בויגנס פּראָזע (קליינע בראָשורקעס) און 10 בויגנס דראַמאַטישע ווערק. און אָט, שטעלט זיך פאָר, אַז דווקא דער דאָזיקער קרינסקי איז אַזאַ מין נוס, וואָס לאָזט זיך ניט צעקנאַקן, ווי איר וועט עס זען פונעם ד״ר לעווינס און דינעזאָנס בריוו, וואָס איך שיק דאָ אײַך. און פאַר וואָס עס לאָזט זיך ניט — דאָס איז אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך. איך ווייס, למשל, אויף זיכער, אַז די איין בראָשורקע „דער פעטער פּיניע״, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַ סך אויפלאַגעס, האָט אים אַרײַנגעטראָגן ניט ווייניקער פון 3—4 טויזנט. אַחוץ דער דאָזיקער בראָשור, האָט ער אַרויסגעגעבן נאָך 20 בראָשורן, וואָס אייניקע פון זיי האָבן אויסגעהאַלטן 3—4 און 5 אויפלאַגעס. אַזוי אַרום האָבן זיי אים, לויט מײַנע חשבונות, פאַר 4 יאָר צײַט געגעבן 12—15 טויזנט רובל ריווח, וואָס אַ טייל דערפון האָט געדאַרפט געהערן צום אַוטאָר. אין דער אמתן אָבער האָט דער אַוטאָר ביז הײַנטיקן טאָג ניט נאָר ניט באַקומען קיין איין סאַנטים פונעם ריווח, נאָר אַפילו דעם האָנאָראַר האָט מען אים אויך ניט אין גאַנצן אויסגעצאָלט (לויטן אָפּמאַך האָב איך אים אָפּגעטראָטן אויף 20 יאָר דאָס רעכט אַרויסצוגעבן 20 בויגנס פּראָזע פאַר אַ האָנאָראַר פון 20 רובל אַ בויגן און 10 בויגנס דראַמאַטישע ווערק צו 40 רובל אַ בויגן. אַחוץ דעם באַקום איך די ערשטע 10 יאָר 10% און די צווייטע 10 יאָר — 25% פונעם ריווח). גאַנצע דרײַ יאָר האָב איך געמאָנט בײַ אים דעם האָנאָראַר מיט די פּראָצענטן, נאָר ער האָט מיר קיין איין מאָל ניט געענטפערט. איצטער האָט ער דעם קאָמיטעט צוגעשטעלט אַ צעטל, אַז ער האָט כּלומרשט אַרום און אַרום פאַרדינט בלויז 5200 רובל. דערפון רעכנט ער פאַר רײנעם ריווח בלויז 50%, ד״ה 2600 רובל, פון וועלכע ער איז מודה, אַז עס קומט מיר 260 רובל און צום האָנאָראַר נאָך אַ רובל הונדערט. אָבער ניט אין דעם גייט דאָ. דער אומגליק איז, וואָס ער וויל זיך ניט געזעגענען מיט דער אויסגאַבע. ער פאָדערט אַ סך טויזנטער אָפּטרעטגעלט, דער קאָמיטעט, ווײַזט אויס, האָט זיך פאַרלוירן, וואָרעם מיטן דאָזיקן הער איז פאַרבונדן דער גאַנצער ענין פון אויסקויפן מײַנע ווערק. האָט איר אײַך איין מאָל אַוועק. און צווייטנס, אָט איז שוין אַ פאָר חדשים, ווי דער פאַרקויף פון ביכער און בראָשורן האָט זיך צוליב אונדזער שולד כּמעט אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. מיר לאָזן דורך די גאָלדענע צײַט! אָבער... דאָ גייט אַ גוטער „אָבער״. אין מײַן קאָנטראַקט מיט דעם דאָזיקן הער (און דער קאָנטראַקט מײַנער איז ערגעץ אין וועג צווישן די פּאַפּירן, וואָס גייען פון וואַרשע קיין נערווי שוין מער פון אַ חודש) איז פאַראַן, צווישן אַנדערע, איין פּונקטעלע אַזאַ, וואָס זאָגט: „אויב דער אַוטאָר פאַרקויפט אַ פ ו ל ע זאַמלונג פון זײַנע ווערק,

דאַרף ער, קרינסקי, אָפּטרעטן אויך זײַנע 30 בויגנס אויף דעם זעלביקן פּרײַז מיט אַלע רעכט" אאַז"וו. אויף אַזאַ אופן קאָן איך פאַרקויפן די פולע זאַמלונג אײַך אָדער דעם קאָמיטעט, אַ דריטן, אַ פערטן, לאָמיר זאָגן, אויפן פּרײַז פון 10—15 רובל אַ בויגן און אַזוי אַרום פאַר וועלכע ניט איז דרײַ־פיר הונדערט רובל ליקווידירן מיט אים דעם גאַנצן ענין. ס'וועט פאַרבלײַבן בלויז אויסצוקויפן בײַ אים דעם רעשט עקזעמפּלאַרן, לויט אַן אָפּשאַצונג אָדער לויט אַן אויסגלײַך, און אויך די סטערעאָטיפּן. אַזוי אַז מיר וועלן דעם אַפּעטיט זײַנעם אַ ביסל אײַנהאַלטן. ס'איז נאָר אַ פראַגע: ווי אַזוי פירט מען דאָס דורך? דערווײַל האָב איך וועגן דעם פונקט אָנגעשריבן דעם קאָמיטעט. אָבער דער קאָמיטעט איז דאָך נאָר אַ קאָמיטעט. ווען איך וואָלט געווען שוין אין גאַנצן געזונט, וואָלט זיך אַלגע אַליין אַראָפּגעכאַפּט קיין וואַרשע. מע מוז אומבאַדינגט אים שיקן אַ נאָטאַריעלע מעלדונג וועגן צערײַסן, ערשטנס, דעם קאָנטראַקט. פאַרן ניט אויספילן די עלעמענטאַרע באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט. צווייטנס, וועגן פאַרקויפן די פולע זאַמלונג אאַז"וו (ווי ס'ווערט געזאָגט פריִער). אַ שאָד, וואָס וואַרשע איז אַזוי ווײַט פון קיִעוו. ווען ניט, וואָלט נאַטאַשע געקענט אַ סך העלפן, און איר, מאַיסיי סאַוועליע־וויטש, וואָלט זיך אויך געוויס ניט אָפּגעזאָגט אַרויסצוהעלפן דעם קאָמיטעט מיט אײַערער אַ גוטער עצה. אַפילו אַז סע זאָל אויסקומען איבערצוגעבן דעם ענין אויף אַ יושר־געריכט, איז נישטאָ, ווער עס זאָל אַרויסטרעטן פאַר מיר. און ערגער פון אַלץ איז דאָס, וואָס דער דאָזיקער סוביעקט טאָרמאָזירט דעם אויסקויף, ווי אויך דעם פאַרקויף פון די ביכער. איך קען אײַך ניט אויסמאָלן, וויפל אויפרעגונג און יסורים איך האָב דערפון. פאַר די לעצטע 8—10 יאָר האָבן מענטשן פאַרדינט אויף מײַנע ווערק צענדלי־קער, יאָ, צענדליקער טויזנטער רובל. און איך האָב באַקומען אַרום און אַרום נעבעכדיקע עטלעכע הונדערט רובל!!! דערצו נאָך האָב איך פאַרברעכעריש צוגענומען בײַ מײַנע קינדער דאָס איינציקע פאַרמעגן, וואָס קאָן בלײַבן נאָך מיר... און אַלץ האָט דאָס געמאַכט די נויט, וואָס האָט מיך געהאַלטן, ווי מיט אַן אײַזערנער רייף, די דאָזיקע אַלע יאָרן פון מײַן שלימזלדיק לעבן... זײַט מיר מוחל, טײַערע, וואָס איך בין אַרײַנגעקראָכן צו אײַך מיט מײַנע „געשעפטן". ס'האָט זיך געוואָלט אויסריידן דאָס האַרץ און גאָר. דעם בריוו וואָס איך שיק דערבײַ, בעט איך אײַך פאַרהיטן. איך האַלדז אײַך און איך קוש די קינדער אײַערע.

אײַער סאָלאָמאָן

## 104. צו דער זעלבער

נערווי, 14טן (27סטן) פעברואַר 1909

דאָס איז די שרײַבמאַשין, וועלכע מע האָט מיר צוגעשיקט פון אַמעריקאַ: אַ מתנה צו מײַן 25־יאָריקן יובילײ פון מײַנע קאָלעגעס די שריפטשטעלערס, — דערווײַל לערן איך זיך נאָך שרײַבן; הלוואַי נאַטאַשע זאָל זיך אַזוי גיך אויסלערנען לייענען, ווי איך וועל קענען שרײַבן. אַ גרוס מישען, מינען, ליוסקען, קאָליען,

סירקינען און אַלעמען; אַז איך וועל זיך אויסלערנען שרײַבן, וועל איך אײַך שרײַבן אַ סך מער.

ס.ר.

פון דערפון אַלעם קאָן מען מאַכן אַן אויספיר, וואָס פאַר אַ טעטיקייט איז בײַ מיר איצטער, אַן אמתער ליטעראַרישער פיבער. וואָס רעדט איר, אַז ווען מע קאָן שרײַבן עטלעכע קאָפּיעס גלײַך, ניט אײַנטונקען קיין פען אין טינט. נידער מיט דער טינט! זאָל לעבן רעמינגטאָן! פאַרן געזונט פון די אַמעריקאַנער ייִדישע ליטעראַטאָרן, הו־ר־ר־ר־ר־אַ!

וואָס זשע שייך דײַנע, נאַטאַשע, פינאַנסיעלע מיינונגען, וואָלטן מיר געהאַלטן אַז דער 2טער פּלאַן איז מער אָננעמבאַר, איידער דער 1טער, ד״ה בעסער האַלטן אין פּראָצענט־פּאַפּירן, און די פּאַפּירן האַלטן אין באַנק.

אַ פּאַרטרווישײַן אויף דײַן נאָמען (אין 2 וואַריאַנטן, ווײַל אַ מאָל, ביז דער באַקאַנט־שאַפט מיט מיר, האָסטו געטראָגן אַ פּאָעטישן, נאָר אַ גאַנץ נאַציאָנאַלן נאָמען (חיה־טויבע־טײַבל־טײַבעלע) לייג איך דאָ צו.

פון יאָהאַנעסבורג (אַפריקע) איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז דאָרטן איז געווען אַן אָוונט, וואָס האָט געבראַכט ריינע 450 ר׳. פון זיי האָבן זיי 300 ר׳ אָפּגעשיקט די ברידער באַכראַך אין וואַרשע און נאָך 150 וועלן אָפּגעשיקט ווערן.

דער ווינטער איז בײַ אונדז פאַרגאַנגען, און ס׳איז דאָ אַ האָפענונג, אַז מאָרגן וועט זײַן זומער. בײַ אונדז טוט זיך עס איינס און צוויי.

אײַער סאָלאָמאָן

## 105. צום זון מישאַ

נערווי, 16טן פעברואַר 1909

מיר האָבן באַקומען, מישע, אַלע דײַנע קאַרטלעך. אַז דער נומער „קיִעווסקאַיאַ מיסל״ איז ניטאָ אין פאַרקויף — איז דאָס ניט קיין ענטפער. אין דער רעדאַקציע זײַנען שטענדיק פאַראַן רעזערוו־נומערן. איך דאַרף בלויז וויסן, וואָס פאַר אַ דערציילונג און ווען איז דאָרט אָפּגעדרוקט און ווער האָט איבערגעזעצט. אַגב, זיי האָבן געזאָגט נאַטאַשען, אַז זיי וועלן צושיקן האָנאָראַר (50 ר׳) אַהער. זיי האָבן דעם האָנאָראַר דערווײַל ניט צוגעשיקט. איך דאַרף, אַחוץ דעם, האָבן אַ קאָפּיע פון דער דאָזיקער איבערזעצונג, אויב עס איז ניטאָ דער נומער.

איך קוש.

דײַן פּאַ (פּאַ)

## 106. צו נ. יע. און מ. ס. מאַזאָר

נערווי, 2טן (15טן) מאַרץ 1909

טײַערע מ(אָיסיי) ס(אָוועליעוויטש) און נ(אַטאַליע) יע(ווסייעוונע)!

צוליב נאַטאַשען, וועלכע קען ניט איר נאַציאָנאַלע שפּראַך, בין איך געצוווּנגען זיך אָפּזאָגן פון מײַן ייִדישער מאַשינקע און שרײַבן ליגנדיק מיט אַ בלײַער.

אַ פּאַרטרווישײַן האָב איך אָפּגעשיקט אײַך אויף צו באַווײַזן דעם קאָנסול. אַזוי אַרום, איז אַלץ אין אָרדענונג. מכּוח פּראָצענט־פּאַפּירן פּאַרלאָזן מיר זיך פּולקום אויף אײַך. איר זײַט אויפן אָרט — זעט איר בעסער. נאַטאַשע, דו האָסט צוגעזאָגט צושיקן דאָס צעטל פונעם דאָקטער ביכ(אָווסקי). איך דאַרף אים האָבן ניט צוליב אַ חשבון, נאָר צוליב וויסן, פון וועלכע ערטער איז אָנגעקומען געלט. צי זײַנען פאַראַן בײַ די חשבונות וועלכע ניט איז בריוו, אַפילו אַדרעסירט ניט צו מיר דירעקט? גיב איבער אויך נ. מ. סירקינען, אפשר האָבן זיך בײַ אים אָנגעזאַמלט וועלכע ניט איז בריוו, וואָס האָבן אַ שײַכות צום יובילײ? וואָס זשע שייך דעם עצם יובילײ, קומען אָן ביז הײַנט פון אַמעריקע ידיעות, אַז דאָ און דאָרט האָט מען אָפּגעמערקט און ד״גל. פון וואַרשע זײַנען דערווײַל ווייניק ידיעות. ס׳איז געווען אַ בריוו פון פּאָדלישעווסקין, נאָר אַ פּאַרשפּע־טיקטער לויטן אינהאַלט. דערווײַל איז אונדז באַוווּסט, אַז בײַ לידסקין זײַנען אָפּגעקויפט 75 בויגנס און אָפּגעצאָלט 2700 ר׳. אין קאַסע איז פאַראַן נאָך 800 ר׳ אויף אָפּצוצאָלן („תושיה״ פאַר 50 בויגנס). מיט קרינסקין איז דערווײַל דער ענין שוואַך. אָן אַ געריכט וועט מען זיך ניט באַגיין. מיר קלערן ערנסט וועגן דעם, אַז אַלגע זאָל פאָרן קיין וואַרשע אויף אַ וואָך צײַט. מיר וואַרטן אויף אַ בריוו. און איך האָב אָט די גאַנצע וואָך געקרענקט טאַקע גאַנץ ערנסט, די טעמפּעראַטור האָט זיך צעלאָזט, נו, און דער קאָפּ, דער הוסט, דער מאָגן — ווי עס מאַכט זיך. שוין גוט דערעסן... ווי אַזוי פילט איר זיך נאָך ניצע, מאָיסיי סאַוועליעוויטש? זיך אַרײַנגעוואָרפן אין יאָך מיטן גאַנצן וועזן?... אויף פּורים האָב איך אָנגעשריבן 2 דערציילונגען. אויף פּסח — 3. הייסט עס, אַז מיר לעבן, קײַען ברויט. אויף ווידערזען. אַלעמען אַ גרוס.

## 107. צו מיכאל קויפמאַן

נערווי, 6טן מאַרץ 1909

ידידי מיקאָעלאָ!

עס וועט זיך גאָרניט העלפן — מײַנע בריוו צו אײַך וועלן שוין מוזן זײַן געשריבן אויף ייִדיש. מן השמים עכבוני! מיר איז דאָס שרײַבן דורכויס פאַרבאָטן. דערלויבט איז מיר נאָר אויף אַ מאַשין. וואָס זשע טוט גאָט? גיט ער אַרײַן מײַנע ניו־יאָרקער קאָלעגעס אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז זיי זאָלן מיר קויפן אַ שרײַבמאַשין — אַ מתּנה צו מײַן ליטעראַרישן יום־טוב. רבונו־של־עולם! די הענט זאָלן זיי ניט וויי טון!

ליבער פרײַנד! אַ דאַנק אײַך פאַר אײַערע אָפּטע בריוולעך. בײַ אַ מענטשן ווי איר, וואָס ליגט אין קישינעוו אויף דער געאָגראַפיע, איז דאָס ווירקלעך אַ בריהשאַפט און

אַ שטיק העלדנטאַט. איך דאַנק אײַך אויך פאַר די צוגעשיקטע צײַטונגען. לעזט איר אַ מאָל דעם „פרײַנד״? האָט איר געזען דעם „יעווריעיסקי מיר״, ווי אַזוי מע האָט מיך איבערגעפּירט?... גייען אין קישינעוו די קליינע ביכעלעך פון דער אָדעסער אויסגאַבע „מוריה״? צי איר זענט איצט ניט שייך צו אַזעלכע זאַכן? — שרײַבט, שרײַבט.

עס גריסן אײַך אַלע אונדזערע. איך ווינטש אײַך אַל דאָס גוטס.

שלום-עליכם

## 108. צו נ. יע. און מ. ס. מאַזאָר

11טן (24סטן) מײַ 1909

טײַערע גאַט(אַליע) יעוו(סייעוונע) און מ(אַיסיי) סאַוו(עליעוויטש)!

אָט איז אונדזער אמתער אַדרעס, לכל-הפּחות, ביז אַ שטיקל צײַט. דאָ איז גוט, נישטאָ וואָס צו זאָגן. די פראַגע — וואָס וועט זײַן ווײַטער אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס איך דאַרף האָבן העכער און העכער, אין די בערג. מירן הערן, וואָס עס וועט זאָגן דער גאָט פון מעדיצין — סאָלי? דערווײַל בין איך טאָקע גאַנץ שוואַך. פון דער שווייץ האָב איך געוואַרט מער, און דאָ נאָך די אינפלוענץ, און אפשר ניט די אינפלוענץ? איך האָב ניט זיך ליב נאַרן. און וואָס זאָגן וועגן דעם היגן לעבן? וועגן דער נאַטור? וועגן דער לופט? נאָר דאָס איז שוין ניט קיין נאָווינע. אַ גן-עדן אויף דער ערד, נאָר אַ קורץ-טערמיניקער. דערצו נאָך איז דאָס ניט יעדערן צוגענגלעך. די איינציקע טרייסט, וואָס לכל-הפּחות, קיין שום פּריסטאַוו וועט זיך ניט אָנפרעגן וועגן דעם פּאַספּאָרט און פּראַוואָזשיטעלסטווע. וואָס איז בעסער — זײַן געזונט, נאָר פאַרטריבן פון בויערקע, אָדער זײַן אַ קראַנקער און פרײַ לעבן אין דער שווייץ? אין אַ פרײַער שעה לייזט אָט די פראַגע. אַ גרוס סירקינען און די קינדער.

אײַער סאָל(אָמאָן)

## 109. צו די זעלבע

שוואַרצוואַלד, 12טן יולי 1909

טײַערע נ(אַטאַליע) יע(ווסייעוונע) און מ(אַיסיי) ס(אָוועליעוויטש)!

ווי איר זעט, בין איך אין אַ דײַטשישן סאַנאַטאָריום. דאָס איז כּמעט ווי אין אַ שפּיטאָל. דער רעזשים איז דער סאַמע שטרענגער. און אַ שאָד, וואָס איך האָב ניט אָנגעטראָפן אַהער גלײַך פון נערווי, הגם דער וועטער איז דאָ געוועזן און איז אַ רעגנדיקער. איך וואָלט ניט פאַרלוירן אַזוי פיל געזונט און אומזיסט געפּטרט אַזוי פיל צײַט אין דער שווייץ. און דער עיקר — ניט באַקומען קיין בראָנכיט, וואָס איך דאַרף אים האָבן אַזוי ווי דו, נאַטאַשע, דײַן קראַסנוכע. זע נאָר, קיין איין קינדער-קראַנקהייט קאָן דיך ניט אויסמײַדן. אין גיכן וועלן זיך בײַ דיר נעמען אויסשנײַדן די ערשטע

ציינדעלעך. איך שטעל זיך פֿאָר, ווי מאַיסיי סאַוועליעוויטש וועט זײַן אַנטציקט. און דערווײַל לעב איך, ווי אין אַ מעשׂהלע; ניט מיט ווערטער דערציילן, ניט מיט דער פּען באַשרײַבן. אַ גאַנצן טאָג אויף דער לופֿט, אין סאָסנאָוון וואַלד, אונטערן רעגן. כּמעט קיין שום באַוועגונגען. דערנאָך — אײַנרײַבונגג, דוש אאַז״וו. די שפּײַז איז אָן איינאַרטיקע, נאָר אַ זעטיקע, אַ דײַטשישע. די לופֿט דערמאָנט באַיאַרקער, אָן אַ צומיש פֿון שלעכטע קלאָזעטן, שטויב און פּוילעניש. די הייך איבערן ים־ניוואָ — 800 מעטער, אָבער זי פּילט זיך ניט אַזוי, ווי אין דער שווייץ. וויפֿל וועל איך דאָ נאָך איבערפֿרירן — ווייס איך ניט אַליין. שרײַבן דאָ איז אויסגעשלאָסן. אַ גרויסער אומעט. ניט קיין נודאָטע, נאָר אַ טרויער. דאַכט זיך, שוין וועגן אַלץ. אַ סך שרײַבן טאָר איך ניט. בלויז מיט איבעררײַסן, צווישן מיטיק און ליגן.

מיט וועלכע באַלן זײַנען דורכגעגאַנגען אײַערע כלאָפּצעס? מישע איז שוין, אַ פּנים, אין באַראַנאָוויטש. ליאַליע זאָגט, אַז ער וועט האָבן אַ מ אַ ס ע לימודים. אַלגע שרײַבט באַזונדער. איך נעם אײַך אַרום.

ס.

## 110. צו נאַטאַשע מאַזאָר

לוגאַנאָ, 24סטן סעפּטעמבער 1909, ערב יום־כּיפּור

טײַערע, ליבע נאַטאַשע!

הײַנט איז אַלגע אַוועקגעפֿאָרן קיין לוצערנע אויף יום־כּיפּור. פֿון דאָרטן וועט זי זונטיק, אַ פּנים, פֿאָרן מיט מאַרוסיען און טאַמאַרען קיין וואַרשע. די זאַך איז אין דעם, וואָס טיסי אָרדנט זיך אײַן און בערקאָוויטשן אין רוסלאַנד. אַלגע מיינט, אַז איר וועט זיך אײַנגעבן אויך מאַרוסיען ווי ניט איז אײַנאָרדענען בײַ טיסין. ליאַלי האָט חתונה איצט נאָך סוכּות (פֿאַר קויפּמאַנען). צו ביסלעכווײַז, הייסט עס, ווערט צעשווימט אונדזער משפּחה. מיט מיר זײַנען פֿאַרבליבן דערווײַל עמאַ, אָן ווען איך קאָן זיך אין גאַנצן ניט באַגיין, ווײַל איך בין איצט שוואַכער, איידער אין שוואַרצוואַלד, און נומטשיק. און וואָס טאָן מיט מיר — ווייס איך אַליין ניט. פֿון אַלגען באַהאַלט איך אויס מײַן שוואַכקייט און דיך בעט איך אויך ניט שרײַבן וועגן דעם. און אויב ס'איז מעגלעך, זאָג אויך ניט מישען. און אויב מישע וועט ווי ניט איז זיך דערוויסן, בעט איך אים אויך ניט שרײַבן אַלגען קיין וואָרט וועגן מײַן קראַנקהייט. מעגלעך, אַז דאָס איז אַ צײַטווײַליקע שוואַכקייט, וואָס וועט איבערגיין. איך האָב מורא, עס זאָל זיך ניט איבערחזרן די קראַנקהייט, ד״ה דער פּראָגרעסירנדיקער פּראָצעס... און אפשר זײַנען דאָס נערוון, אָדער פּשוט ס פּ ל י ן. ספּלין — דאָס איז אויף ענגליש; און אויף ייִדיש — אָנגעדאָסט אויפֿן האַרצן... עס ווילט זיך ניט שטאַרבן — דער טײַוול זאָל עס נעמען! פֿון אַלע נאַרישקייטן, וואָס איך האָב אויפֿגעטאָן אין לעבן, וואָלט דאָס געווען די סאַמע אומגעהײַערע. און דער וועטער איז דאָ אַ גן־עדנדיקער. אַ גרוס מאַיסיי סאַוועליעוויטשן.

דײַן פּעטער ס.

## 111. צום זון מישאַ

לוגאַנאָ, 18טן אָקטאָבער 1909

טײַערער מישעל!

דו שרײַבסט מיר גאָרניט וועגן דײַנע ענינים (אין גימנאַזיע און וועגן מיליטער־פליכט), אויך די מאַמע שרײַבט ניט וועגן דעם. זי איז איצטער, דאַכט זיך, נאָך אין אַדעס. איך זאָג — דאַכט זיך, ווײַל אַ בריוו גייט פון דאָרטן אַ טעג 5. וועגן מײַן געזונט־צושטאַנד וועסטו געפינען אינעם בריוו צו נאַטאַשען. נומע האָט איבערגעטראַכט און וויל ניט אַרײַנוואַרפן זײַן גראַמאַטיק אין דער אָזערע. בעסער ווינטער אין אויוון. לכל־הפּחות, זאָגט ער, וועט זײַן עפּעס אַ נוץ פון איר. ער לערנט גראַמאַטיק אַליין, לויטן אוראַלטן מיטל. ער מאָלט און שפּילט אויפן ראָיאַל. נאָר דער עיקר כאַפּט ער פיש. בײַ אונדז איז זומער. דער מאַמען וועסטו, פאַרשטייט זיך, אָנשרײַבן. איך קוש דיך.

פּאַפּאַ

## 112. צו נאַטאַשע מאַזאָר

2טן (15טן) נאָוועמבער 1909

טײַערע נאַטאַשע!

בײַ אונדז איז אַ זומערדיקער געוויטער. עס דונערט און עס בליצט. דערפון בין איך, ווײַזט אויס, אַזוי קראַנק. און אפשר ניט דערפון. אָבער אָלגע פאַרלאָזט מיך אין 2 טעג אַרום. זי פאָרט קיין זשמערינקע אויף ליאַליס חתונה, וועלכע וועט פאָרקומען פרײַטיק דעם 26/13 נאָוועמבער (איך האָף — הײַנטיקס, 1909 יאָר). עס וואָלט גוט געווען, ווען דו וואָלסט געקאָנט מקריב זײַן איין מעת־לעת און צופאָרן אויף דער חתונה אַנשטאָט מיך. אָלגע פאָרט דורך ווין, און דאָרט וועט זי קויפן פאַר דיר אַ העמד, וואָס זי וועט אָנטאָן אויף זיך, כּדי ניט צאָלן קיין צינש. אַ גרוס מאָיסיי סאַוועליעוויטשן און סירקינען.

דײַן פּעטער ס.

## 113. צו ליאַלי ראַבינאָוויטש

נערווי, 23סטן נאָוועמבער 1909

ליאַליוק!

ס'איז אין גאַנצן דרײַ טעג געבליבן ביז דײַן אַרויסגיין אין טיראַזש. סע וואָלט געווען ניט שלעכט, ווען עס וועט מקוים כאָטש אַ הונדערט־חלק פון די ברכות, וואָס איך ווינטש דיר און דײַן אויסדערוויילטן. נעמט אָןביידע צו עטלעכע קושן פונעם

פּאַפּאַ

פּ.ס. — ס'איז פאַראַן בײַ אונדז אַן אַלטער מינהג — צו דערמאַנען און מזכּיר

נשמות זײַנען די אַוועקגעגאַנגענע אין דער אייביקייט אין די פֿײַערלעכסטע מאָמענטן פֿון אונדזער לעבן. מעמענטאָ מאָרי — אַ גוטער מינהג. דאָס ווירקט דערוווייכנד אויפֿן האַרצן און אויף דער נשמה. אויב אָט דער בריוו וועט דערגיין צו דיר אין דעם טאָג פֿון דײַן חופּה, וואָלסטו באַדאַרפֿט דערמאַנען די באָבע, וועלכע האָט זיך אַ סך מקריב געווען פֿאַר אונדז אַלעמען. און נאָך דעם — לאָמיר זיך פֿרייען און לאָמיר לעבן.

## 114. צו מאַרוסי ראַבינאָוויטש

**נערווי, 23סטן נאָוועמבער 1909**

טײַערע מאַרוסי!

היות אַזוי ווי דו האָסט געדונגען אַ נײַע וווינונג אויפֿן שאָשע און צאָלסט שוין טײַערער מיט 50 קאָפּיקעס אַ חודש, איז אַ יושר, אַז איך זאָל דיר שוין שרײַבן אויף דײַן אַדרעס, און אַז דו זאָלסט שוין איבערגעבן די בריוו צו טיסין און בערקאָוויטשן, ניט פֿאַרקערט. פֿון דעסטוועגן, ליבע מאַרוסי, ווי אַזוי האָסטו עס בײַ זיך געפּועלט צו ריזיקירן מיט 50 קאָפּיקעס אַ חודש מער? האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז דאָס מאַכט אויס 6 רובל אַ יאָר, און אין 100 יאָר 600 רובל? איך באַשולדיק דיך חלילה ניט אין אויסברענגערײַ, נאָר גלאַט אַזוי, איך דערמאָן דיר, אַז מע דאַרף לעבן מיט רעכענונג. 600 רובל איז דאָך אַ סומע. 100 יאָר וועלן אַוועק ווי — פֿפֿו! און געלט (600) איז אַ קאַפּיטאַל! אמת, וווינען אויפֿן שאָשע איז עפּעס אויך ווערט. נאָר מיר דאַכט, אַז טיסי וווינט נאָך עד־היום אויף דעם זעלבן שאָשע? אָדער דײַן שאָשאַ איז אַן אַנדערע? אויב אַזוי — נו, פֿאַרשטייט זיך, איז גאָר אַ דריטע זאַך.

פֿון אָט דעם בריוו, דאָס הייסט פֿון זײַן טאָן, קאָנסטו שוין אַרויסזען, ווי אַזוי איך האַלט מיט מײַן געזונט און בכלל. אַ גרוס דיר פֿון xxx, פֿון ראָזינען, פֿון ריססאָן און פֿון דער דיקער פּרוכטהענדלערין. איר וואָג איז איצט 132 קילאָ (פֿאַר אַ יאָרן איז געווען 114). אַנו, גיב דאָרט אַ קוש טאַמורקען אין פּיסקל.

**פּאָפּאָ**

## 115. צו די בערקאָוויטשעס

**נערווי, 23סטן נאָוועמבער 1909**

נו, טיסיוניאַ, האָסט שוין געענדיקט צו שטעלן פֿראַגעס בערקאָוויטשן? אָדער דו דערגייסט אים נאָך אַלץ די יאָרן? אָרעמער מאַרטירער! ער דאַרף נעבעך ענטפֿערן אויף יעדער נאַרישקייט: וויפֿל וועגט דער פּאַפּאַ? און ווען שטייט ער אויף? און וואָס עסט ער? און ווו געפֿינט זיך דאָס עסצימער? און וויפֿל פֿענצטער איז דאָ אין שלאָפֿצימער? און ווי אַזוי איז דאָס באַדצימער? אָט אַן אײַנגעגעסענע זאַך! ניין, בערקאָוויטש, עס האָט זיך ניט געלוינט קומען צו פֿאָרן קיין באַראַנאָוויטש, און נאָך אויסגעריסן ווערן! פֿון דעסטוועגן, טיסיוניאַ, בעט איך, צו דײַנע פֿראַגעס צוגעבן נאָך איין פֿראַגע

נאָר, פון מיר: פאַר וואָס האָט ער, דער גזלן, ניט געשריבן גאַנצע צוויי וואָכן?!?! — — —

גיטביידע אַ קוש פון מײַנט וועגן טאַמאַרענציען.

פּאַפּאַ

## 116. צו ליאַלי ראַבינאָוויטש

נערווי, 24סטן נאָוועמבער 1909

ליבע ליאַליוסי!

אָ, ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס בײַ אונדז טוט זיך! נומטשיק גרייט זיך צו „ליאַליס קאָנצערט". אַחוץ „לאַך, דו פּאַיאַץ", דאַרף ער זינגען איין איטאַליענישן און איין שפּאַנישן ראָמאַנס: „לאַ איספּאַניאָלאַ סאַמאַר קאָזי". דאָס גאַנצע הויז איז פול מיט קלאַנגען, און איך לויף צום ברעג ים פון די דאָזיקע זיסע טענער.

וועסטו שרײַבן פּינקטלעך אויך נאָך דעם ווי דו וועסט אַרויס אין טיראַזש? אָדער דו וועסט פאַרגעסן „קאָס. פּאָסט. 66 נערווי"? ניין, דו וועסט ניט פאַרגעסן, וואָרעם אויך איך פאַרגעס ניט און וועל קיין מאָל דיך ניט פאַרגעסן. איך קוש דיך און מיקאָעלאָן. איך ווייס ניט, ווען וועסטו באַקומען אָט דעם בריוו, און צי וועסטו אים באַקומען? איך וואַרט אויף אײַך ביידן דאָ, אין דעם פּראַכטפולן איטאַליע.

אײַער פּאַפּאַ

## 117. צו די בערקאָוויטשעס

[נערווי], 26סטן נאָוועמבער 1909

פרײַטאָג, דעם טאָג פון ליאַלקעס חתונה

באַקומען, טיסיוק, דײַן בריוו און בערקאָוויטשעס פונעם „היימלאַנד"... איך בין זייער צופרידן. ווען בערקאָוויטש זאָל קאָנען אַזוי ריידן, ווי ער שרײַבט, כאָטש אַ הונדערט-חלק דערפון, וואָלט ער געווען אַן אָראַטאָר, וואָס פאַרפּישופט די וועלט.

איר האָט באַדאַרפט אַ קוק טון אויף מיר אין דער מינוט. אַ פראַק, אַ ווײַסער שניפּס. און נומטשיק? און עמאַ? און די בלומען, וואָס אין שטוב? און די געסט?

גיב אַ קוש, טיסי, פאַר מיר דער מאַמע און טאַמאַרקען.

פּאַ.

דער מאַמע שרײַב איך קיין באַראַנאָוויטש. אַלצדינג, אַלצדינג איז גוט.

## 118. צו די זעלבע

[נערווי], 27סטן נאָוועמבער 1909

טיסיוניאַ און בערק!

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן אונדזער פאַרצווייפלונג: די טעלעגראַמע קיין זשמערינקע האָט מען אין נערוויטשקע ניט געוואָלט אָננעמען. ס'איז אויסגעקומען צו טעלעגראַפירן דורך די פּאָלינקאָווסקיס אין אַדעס. גוט, אויב די מאַמע האָט די טעלעגראַמע באַקומען. און אויב ניט? — איך וויל גאָר דערפון ניט טראַכטן.

ענדלעך האָט ליאָלי טאַקע חתונה געהאַט. אָדער דאָס איז אַ חלום? ס'איז אָבער איינגענעם, אַפילו אויב דאָס איז אַ חלום...

— — —

גיט אַ קוש טאַמאַרקען.

## 119. צו אָלגאַ ראַבינאָוויטש

[נערווי], שבת פרי, 27סטן נאָוועמבער 1909

פריינד מיינער!

היינט אין דער פרי האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון זשמערינקע מיט אַ מזל־טוב פון די מחותּנים און האָב מיך באַרויִקט. הייסט עס, אַז אונדזער טעלעגראַמע איז אָנגעקומען אין צייט און דו האָסט ניט געהאַט קיין סיבה צו זיין אומרויִק.

דער קאָנצערט איז אַריבער גלענצנד. אַ באַזונדערן דערפאָלג האָט געהאַט נומטשיק.

איך בין געזונט. איך קוש. איך שרייב.

דיין ס.

## 120. צו דער רעדאַקציע „די נייע וועלט"

[נערווי], 4טן דעצעמבער 1909

געערטע רעדאַקציע!

אַזוי ווי איך בין אייערער אַ שטענדיגער האַבאָנענט פון אייער צייטונג די „נייהע וועהלט", האָב איך געלייהענט, אַז אַ „פּאַרפּאַהלק" (מיט אַ קינד) זוכט 2 צימערען אין אַ הינטעליגענטנע הויז פריי בענוצען מיט דער קיך, לכן בין איך אייך מודיע, אַז איך האָב 2 צימערען מיט אַ קיך און בין אַ הינטעליגענטנע הויז און קאָן צונעמען דאָס פּאַרפּאַהלק (מיט אַ קינד). הויב איהר זיינט סאַגלאַהסנע שיקט מיר דאָס פּאַרפּאַהלק (מיט אַ קינד) צו מיר אין מיין הינטעליגענטנע הויז. איך וואָהן אין נ ע ר ה ר ו ו י אין א י ה ט אַ ל י ע ו ו י ה אַ ד ע ל פּ אָ ה צ צ אַ 65 און מיין האַדרעס איז נערווי קאָס. פּאָס. 66, איטאַליאַ. און הויב זיי ווילען איז מיט העסען און טריהנקען און אַ טיהש

צום שרייבען מיט אַ שרייהבמאַהשיהן רעהמיהנגטהאַהן מיט האַלע אודאָהוואָהלסטוויהעס.
מיטהאַכאַכטונגסספאַהל פון מיר איַיער האַבאָהענהנט וואָס לאָזט ניט דורך אַפילו קיין אַהנאָהנסען פון איַיהער געהעהרטער צייהטונג.

שלום-עליכם

אַ גרוס בערקאָוויטשן. הײַנט אַרויסגעשיקט אים אַ טראַנספּאָרט-ראָמאַן.

## 121. צום זון מישאַ

**נערווי, 4טן (17טן) דעצעמבער 1909**

טײַערער מישע!

הײַנט האָב איך דיך אָפּגעשיקט לויט דעם דאָזיקן אַדרעס מיט אַ רעקאָמענדירטן פּאַקעט אַ פעליעטאָן פאַר די „קיִעווער קבצנים", דאָס הייסט פאַרן „קיִעווער וואָרט". איך האָב אַ קלייניניקע אויסבעסערונג. אין סאַמע אָנהייב פונעם פעליעטאָן ווערט געזאָגט: „איך ליג מיר..." עס דאַרף זײַן: „ליג איך מיר..."

נעם און שטעל אַוועק אויפן וואָרט „איך" — אַ 2, און אויבן אויפן וואָרט „ליג" — 1. אויב דו ווילסט אַליין ניט אויסבעסערן, גיב עס איבער דעם רעדאַקטאָר. דאָס איז אַ פעלער אַ סטיליסטישער, אָבער אַ וויכטיקער לויט מײַן פאַרשטאַנד.

איך קוש דיך.

**פּאַפּאַ**

## 122. צו מאַרוסי ראַבינאָוויטש

**נערווי, 14טן דעצעמבער 1909**

טײַערע מאַרוסי!

דאָס איז גוט, וואָס דו שרײַבסט אַלצדינג באַריכות. דו האָסט נאָר פאַרגעסן אָנצושרײַבן מער ב אַ ר י כ ו ת וועגן טאָמאַרקען.

— — —

אויב די מאַמע איז נאָך אין וואַרשע, גיב איר איבער, אַז אין דער היים איז אַלצדינג גוט. מאַרוסי! וועסט זיך אפשר אויסלערנען בײַ בערקאָוויטשן שרײַבן אויף דער מאַשין, און דווקא אויף יידיש? אי די צײַט וועט אַוועקגיין, אי אַ נוצן וועט זײַן. און פאַר וואָס איז בײַ דיר נישטאָ קיין לערער? איך קוש.

**פּ אַ.**

בערקאָוויטשן און טיסין שרײַב איך יעדן טאָג אויפן אַדרעס פון דער רעדאַקציע.
— — — גיב אַ קניפּ טאָמאַרקען. אָבער גוט! — —

## 123. צו אָלגאַ ראַבינאָוויטש

**נערווי, 17טן דעצעמבער 1909**

טײַערער פרײַנד!

כאָטש אונדז איז ניט באַוווּסט אויף זיכער, ווו דו ביסט און ווען דו ביסט אין זשענעווע, פון דעסטוועגן זאָלסטו וויסן, אַז אַלצדינג איז דאָ כשורה. אַלצדינג איז אויפן בעסטן אופן. איך שרײַב דעם ראָמאַן. עמאַ באַלעבאָטעוועט. נומאַ לערנט זיך. און מיר אַלע וואַרטן אויף דיר. איך ווידער וואַרט און בענק, פונקט ווי אין לוגאַנאָ, אויב דו געדענקסט... — — — פון אַלע קינדער גוטע בריוו. איך שרײַב קיין פעטערבורג, מאָסקווע, וואַרשע און בערלין. עס וואָלט דיר ניט געשאַט אין זשענעווע זיך אָפּצורוען, אָדער פאָרן מיט צווייטן קלאַס. איך קוש דיך.

דײַן ס.

## 124. צום זון מישאַ

**נערווי, 2טן יאַנואַר 1910**

טײַערער מישע!

נעכטן האָב איך באַקומען אַ בריוו פונעם רעדאַקטאָר פון „קיִעווער וואָרט". זיי לייגן מיר פאָר 3 קאָפּ' אַ וואָרט. איך האָב געגעבן די הסכּמה פון צײַט צו צײַט זיי געבן פעליעטאָנען. דעם 25סטן (7טן) יאַנואַר לאָזן זיי אַרויס דעם 1טן נומער.

איך קוש דיך.

איך שרײַב אויפן ברעג.

דײַן פּאַפּאַ

## 125. צום זעלבן

**9טן (22סטן) יאַנואַר 1910**

טײַערער מישעל!

אַ דאַנק, וואָס דו האָסט זיך באַמיט צו באַקומען האָנאָראַר פאַר מיר. אָבער פאַר וואָס האָסטו שוין ניט אויסגעשריבן מיר די צײַטונג, כאָטשבי פון אָט דעם האָנאָראַר, אויב זיי זײַנען אַזעלכע חזירוקעס, וואָס זיי שיקן ניט אַרויס אַליין. אָדער האָט די צײַטונג אפשר שוין אויפגעהערט צו עקסיסטירן? דאָ זײַנען פאַראַן קיִעווער, וועלכע האָבן אויך געזען בלויז דעם נומער 1, מער איז ניטאָ. הייסט עס, נישטאָ מער די צײַטונג? און איך שיק דיר פון דעסטוועגן פאַר איר טאַקע, פאַר דעם זעלבן „קיִעווער וואָרט", דעם צווייטן פעליעטאָן. אויב די צײַטונג לעבט נאָך, גיב זיי אָפּ דעם דאָזיקן פעליעטאָן און זאָג, אַז זיי זאָלן זיך ניט שרעקן: אָפּט וועל איך זיי ניט שרײַבן. נאָך אָט דעם 2טן פעליעטאָן וועל איך זיי צושיקן אַ הומאָריסטישע דערציילונג אונטערן נאָמען „קיִעווער קאָנטראַקטן". זאָלן זיי זי געבן גראָד צו די קיִעווער קאָנטראַקטן.

דערנאָך אויף פּסח, גאָט וועט געבן, וועל איך זיי געבן אַ פעליעטאָן. ביטע, שרײַב בײַ זיי אויס פאַר מיר די צײַטונג און באַצאָל פאַר 3 חדשים פאָרויס (אויב דו ביסט זיכער, אַז די צײַטונג לעבט און האָפט דערציִען ביז פּסח. האָט אַ לעבנס־שטאַנד־האַפטיקייט!).

דעם צווייטן פעליעטאָן שיק איך אַרויס מאָרגן — ער הייסט „ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן".

איך קוש. די מאַמע שרײַבט.

פּאַפּאַ

## 126. צום זעלבן

9טן (22סטן) יאַנואַר 1910

טײַערער מישע!

אויב דו ביסט זיכער אין דעם, אַז אין קיִעוו גייט נאָך אַרויס די צײַטונג „קיִעווער וואָרט" (איך בין אין דעם ניט זיכער, ווײַל קיין צײַטונגען באַקום איך ניט), באַמי זיך אַרײַנצוגיין אין דער רעדאַקציע און גיב זיי איבער מײַן 2טן פעליעטאָן „ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן". גלײַך נאָך דעם דאָזיקן פעליעטאָן, אָבער ניט אַזוי גיך, וועל איך זיי צושיקן אַ דערציילונג פון מײַן קאָנעלער העלד, וואָס זײַן פיזיאָנאָמיע האָב איך אויס־געמאָלט אין אָט דעם 2טן פעליעטאָן. די געשיכטע איז, געוויס, אַ לעכערלעך־פריילעכע און אין דער זעלבער צײַט אַ גאַנץ טראַגישע. נאָר וועגן דעם שפּעטער. הײַנט האָבן מיר אַלע געשריבן דיר און אויך נאַטאַשען. איך קוש דיך.

פּאַפּאַ

## 127. צו זײַן יוגנט־חבר אליהו באַרכאַש

יאַנואַר 1910

...לאָמיר אָנהייבן כאָטש פון אונדזערע שפּאַציר־רײַזעס אין די הייסע זומערדיקע טעג איבער דעם פילוואָסערדיקן „טרובאַילאָ", בעת מיר פלעגן זיך ביידע אַרויסלאָזן אויף אַ שיפל. אָט האָב איך אַ קוק געטאָן אויף דײַן פאָטאָגראַפיע, און עס פאַלט מיר אײַן אַ געדאַנק: אַך, ווען עס שפּרינגט דעמאָלט אַרויס [פונעם וואַסער] אַ כּישוף־מאַכער און באַווײַזט אונדז אָט דעם פאָרטרעט דײַנעם און טוט אַ זאָג: „אָט אַזוי וועט אויסזען איינער פון אײַך אין אַ יאָר דרײַסיק אַרום — קלײַבט נחת!"... ניט שוין זשע איז דאָס טאַקע דו, אלי? ווו זײַנען אַהינגעקומען די לאַכנדיקע אויגן, דאָס פריילעך־לאַכנדיקע פּנים, וואָס איז יעדער מינוט גרייט געווען אויסצושיסן מיט אַ געלעכטער און באַווײַזן דער וועלט אַ ריי ווײַסע געזונטע ציין? און די ברוסט, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט פאָרויס, און די פאָסטאַציע, כּמעט אַ מיליטערישע, און די גריווע האָר, וואָס האָט ניט געוואָלט פאָלגן דעם קעמל, און די טאַנצנדיקע קינבאַק: „ביירין, כאַראָש אָבעזיאַן! אַמעריקיינשקו!" און פּלוצעם — כאַ־כאַ, אַ שפּאַניש בערדל, און וואָנצעס

פאַרדרייטע, און אין די האָר — זע נאָר — גרויקייט! פע, שעמען מעגסטו זיך! אָט בין איך, לכל־הפּחות, אַ קראַנקער מענטש, און דעם דאָזיקן בריוו צו דיר שרײַב איך האַלב־ליגנדיק (מיט אַן אויטאָמאַטישער פּען). אויב איך זאָל גלייבן די דאָקטוירים, בין איך קראַנק אויף פאַרשיידענע קראַנקייטן, שלעפּ מיך אום איבער אַלערליי אויסלאַנדן, איבער איטאַליע, איצט איבער דער שווייץ, אין גיכן איבער דײַטשלאַנד, אאַז״וו, אָן אַן ענד, דאָס הייסט, מיט אַן ענד, וואָס וועט קומען אין אַ שוואַרצער ראָם: געשטאָרבן דער יידישער שרײַבער... כאַ־כאַ! אָבער דערווײַל לעב איך און שרײַב, און שרײַב. אַך, וויפל איך צעשרײַב! אי דאָס — בגנבה. מע לאָזט ניט...

...געדענקסטו אונדזער דירעקטאָר, דעם אויפזעער דעם שיכּור סימאָנענקאָ? „קינסט־לער!״ — אַזוי פלעגט ער מיך אויסרופן צו דער ברעט. אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן. דורך וואָס פאַר אַ מין נביאישן געפיל האָט ער מיך, דעם נישטיקן ייִנגל, שוין דעמאָלט געקרוינט פאַר אַ קינסטלער? און מיכאַיל מיכאַילאָוויטש באָגוש? אַי, וואָלט זיך מיר אַצינד געגלוסט אונטערצוטראָגן אים, נו, כאָטש אַן אַרטיקל פון אַ. אַמפיטעאַטראָוו וועגן שלום־עליכם! און דער דאָזיקער באָגוש איז דאָך ניט געווען קיין שונא־ישראל. פון דעסטוועגן פלעגט ער אונדז גוטמוטיק דערציילן, אַז ייִדן זײַנען אָרגאַניש ניט פעיִק דורכצודרינגען זיך מיט דער רוסישער קולטור. אַ סימן: אַ ייִד, וואָס האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט, האָט אַ מאָל אָנגעשריבן אין זײַן דיסערטאַציע אָנשטאָט „עטאָ פּאָלעזנאָ״ — „עטאָ פּאָלזיטעלנאָ״. און וואַסילי איוואַנאָוויטש טשעפּיגאַ? געדענקסט זײַן געגעצנדיקע פיזיאָנאָמיע? ביידע שלאָפן זיי שוין מסתּמא רויִק אין קבר.

| מ. באָגוש, 5 |
|---|

אָט איז אַ באַל פאַר אַ פאַרפאַסונג, וואָס איז פאַרבליבן אין מײַן זכּרון...
...געדענקסטו, אלי, דאָס רוסישע לידל, וואָס מיר פלעגן אַ מאָל זינגען:

דו צום טײַכל גיב אַ גיי,
מיט זיך נעם אַ קאָפּיקעס צוויי,
וועלן מיר קויפן פיש־טאַראַן,
וועלן מיר פאָרן צום יאַרדאַן.

(ד. ה. „טרובאַילאָ״)

## 128. צו די קויפמאַנס

נערווי, 11טן יאַנואַר 1910

טײַערע ליאַלי און מיכאל!

מיר האָבן באַקומען דײַן בריוו, ליאַלינקע, און האָבן זיך זייער מצער געווען, וואָס

איר האָט אויף אַזוי לאַנג אָפּגעלייגט אײַער קומען אין אונדזער פּראַכטשיינעם לאַנד. — — — און וועגן מיר — שרײַב איך זייער אַ סך און דרוק זיך כּמעט אומעטום. אַ דאַנק אַללאַהן, וואָס דאָס געזונט דערלויבט עס מיר. עס דערלויבן מיר ניט נאָר צוויי פּאַרשוינען: די מאַמע און דער דאָקטאָר. נאָר ווער הערט זיי ?... ליבער מיכעל, איך האָב צו אײַך אַ בקשה: אַ נאָמען פון אַ וואָסער עס איז הונט אויף מאָלדאַוואַניש. בײַ אונדז, למשל, איז ראַבטשיק, זשוק, סירקאָ. גיט מיר איין נאָמען אַזעלכן. און אַזוי ווי איך דאַרף עס ב אַ ל ד, קלאַפּט זשע מיר אַ דעפּעש נאָר פון איין וואָרט, אָבער שרײַבט אָן דאָס וואָרט דײַטלעך, מיט לאַטײַנישער שריפט. — — — און ווײַטער נעם איך אײַך ביידן אַרום און וואַרט אויף אײַך. מיר אַלע וואַרטן אויף אײַך.

אײַער פּ אַ.

## 129. צו די בערקאָוויטשעס

[נערווי], 18טן אַפּריל 1910

טײַערע!

איך האָב שוין לאַנג אַזוי ניט געלאַכט, ווי פון דער „הגדה של פּרעסע". מיר אַלע האָבן געלאַכט, נאָר איך — טאַקע ממש ביז הייזעריק ווערן. איך האָף, אַז די זאַך וועט פונעם פּובליקום אָפּגעשאַצט ווערן. דאָס איז שאַרפער און ווירקנדיקער פון יעדער קריטיק. איין קאַלאַמבורישע סאַטירע אַזאַ קאָן מער אויפטון, ווי אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען וועגן „קונסט". נאָך מײַן מיינונג, האָט מען דעם „חד־גדיא" געקאָנט מאַכן פּאַר דער קרוין פון דער דאָזיקער שפּאַסיקער הגדה, ווען מע זאָל עס לענגער מאַכן, דער הויפּט אין אָנהייב, וווּ עס דאַרף דערציילט ווערן די געשיכטע, ווי אַזוי ס'איז אויפגעקומען די שונד־ליטעראַטור. מע האָט באַדאַרפט אָנהייבן פון דער יאַפּאַנישער מלחמה און ווײַטער, און ערשט נאָך דעם איבערגיין צו דעם קאַמף פון די קריטיקערס. וואָס רעדט מען אין וואַרשע וועגן דעם דאָזיקן געלונגענעם שפּאַס אויף יום־טוב?

איך קוש.

פּ אַ.

## 130. צום זון מישאַ

שוואַרצוואַלד, באַדענווײַלער, 29סטן מײַ 1910

טײַערער מישע!

אָט דאָס איז אונדזער לעצטע סטאַנציע און די זומערדיקע רעזידענץ. מיט נאַטאַשען שרײַבן מיר זיך אינטענסיוו איבער, און עמאַ איז שוין דאָרטן מיט איר, אין ווײַסענבערג. און באַדענווײַלער — דאָס איז אַן ערדישער גן־עדן. שרײַב. די מאַמע פֿאָרט אין גיכן קיין וואַרשע, און טיסי וועט קומען צו פֿאָרן אַהער...

אַ גרוס מ(אָיסיי) ס(אַוועליעוויטשן).

דײַן פּ אַ פּ אַ

## 131. צו י.ד. בערקאָוויטש

באַדענווײַלער (שוואַרצוואַלד), ווילאַ קוננע, 24סטן יוני 1910

מײַן טײַערער ברק!

מיר וווּנדערן זיך דאָ און מיר הייבן נישט אָן צו וויסן. ווער זײַנען די גייערס? ווער פאָרט און ווער בלײַבט? נו־נו! איך האָב הײַנט געשיקט אונדזער מישאַן אַ צײַגעניש וועגן זײַן רײַזע. איך בין אָבער אין ספק, צי וועט מען אים אין קיִעוו געבן אַ פּאַספּאָרט. וואָס זשע וועט זײַן דער סוף? און ליאַלי און מיכל וועלן מסתמא וואַרטן, אָדער איר פאָרט צוזאַמען זאָלבע דריט? פאַר וואָס ביסט דו פאַרבליבן אין וואַרשע ביז זונטאָג? וואָס פאַר אַ מין טאָג איז עס געווען? — ס'אַ רעטעניש! פאַרגעס אָקאָרשט ניט, אַז דו האָסט אַ טאָכטער, וואָס הייסט טאַמאַראַ (דאָ האָבן מיר איר אַ נאָמען געגעבן „וואַמפּוקאַ"). ברענג פאַר איר אַ וועגעלע (מאַלינקאָ פּאָוואָזעצקאָ — אויף איר שפּראַך). גיב אַ קוש מיכלען און זײַן צרה מרת ליאַלי זאָל לעבן.

דײַנער

די [איבעריקע] פינף פעניג, וואָס איך האָב באַצאָלט דער פּאָסט פאַר אָט דאָס [קאַרטל], זאָל דער דײַטש באַצאָלן דעם דאָקטאָר, רבונו־של־עולם! (עס זײַנען פאַראַן דאָקטוירים אין דײַטשלאַנד!).

## 132. צום זעלבן

לוגאַנאָ, 10טן אָקטאָבער 1910

זער געערטער ער בערקאָוויטש!

דאָ ליגט אַ בריוו'ל פונ'ם זער געערטען ער ר'דאָקטער פון ד'ר נייער' צייטונג וואָס'ר גייט'רויסגעבען נ'וואַרשאָ. לייענט'ס גוט דורך און זעהט'ז'ך מיט'ים ערגיץ אינ'אָקאָפּע און ערטי'ם אויס ו'ס'מיינט'ר צ'געבן פאַר'ן ר'מאַן למשל? אויב'ס'ניט ק'ן'חלום אונר'אָט טאַקי אָביסל געלד ווי'ר'שרייבט, זאָל'ר אַראַנ'טראָג'ן צו בכרך אַ דראַ — לפּחות — צוויי טויזנדר' יבל — ניין, כ'מיינט' אָקי דראַ, פּ'ר'ס'ניט? כ'אָ'אים האָנט ג'שריבען אַנ'טקריטקע, אַז'יר'ט'זיך מיט'ימ'זעהען נ'וואַרשאָ. טהוט'ס וויכ'זאָג'ייך. —

## 133. צום זעלבן

[לוצערן], 28סטן אָקטאָבער 1910

טײַערער ב.!

טפו! איך האָב שוין כּמעט פאַרגעסן צו שרײַבן דיר **אויף אונדזער שפּראַך**. און שולדיק אין דעם איז טיסי. און ניט אַזוי טיסי, ווי טאַמאַראַ, מיט איר ריינער רוסישער שפּראַך: מאַשאַ קוואַרטיראַ אימעיעט מנאָגאָ פּאָדושקאָוו, וכדומה. וואָס האָט

מיר סאַלי געזאָגט? עס זײַנען נאָך פאַראַן סימנים פון מײַן קראַנקייט. נאָר ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אַקעגן זומער וועט ער מיר דערלויבן צו פאָרן אין דאָס בלוטיקע לאַנד (מיט צוויי באַדײַטונגען — וואָלט געזאָגט אונדזער פרישמאַן). טאַמאַראַ לאָזט מיך מער ניט שרײַבן, מחמת איך דאַרף מיט איר גיין אין „סומאַטאָגראַף". איך נעם דיך אַרום מיט ליבשאַפט.

דײַנער

לידידנו לדינעזאָהן שלום רב!

## 134. צו די בערקאָוויטשעס

[נערווי], 10טן יאַנואַר 1911

טײַערע!

איך האָב איבערגעלייענט דעם יובילעי־נומער פון „העולם". אָך, וואָס פאַר אַן אונטערשייד צווישן „אילן זה" ביז „אויטאָ־דאַ־פע" אין „הצפירה"! ווי פון טאָג צו נאַכט! ניין, איבערזעצן מיך, אויסער אײַך, קאָן קיינער ניט, און דאַרף קיינער ניט, און איך וועל קיינעם ניט לאָזן! איר אַליין ווייסט שוין, וואָסערע הוספות איך וואָלט געמאַכט, און איר שטעלט זיי אַרײַן. איר האָט מיך אויסגעשטודירט גרונטלעך. איר קענט מיך אויף אַ 5 מיט אַ פּלוס. ניין, איך וועל מער קיינעם נישט לאָזן מיך איבערזעצן!

טיסיוניאַ! איך האָב צו דיר אַ בקשה: אַלץ וואָס דערשײַנט פון מײַנע זאַכן אויף וואָסער עס איז שפּראַך — אָפּלייגן און באַהאַלטן מיט אַן אויפשריפט אויף די קאָנווערטן. טו אַ קוש מײַן ליבע טאַמאַרענציע.

אײַער פּ א.

## 135. צו די זעלבע

[נערווי], 16טן יאַנואַר 1911

טײַערע!

ס'איז אוממעגלעך, עס זאָל אַריבער אַ טאָג אָן אַ בריוו צו אײַך. — — —.

---

עס האָט זיך מיר געחלומט הײַנטיקע נאַכט טאַמאַרקע. מע האָט זי יאַקבי אָוועק־געגנבעט. אָך, האָב איך געוויינט! די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף — אַזוי שטאַרק האָב איך געוויינט. גיב איר אַ קוש פאַר מיר.

פּ א.

## 136. צו מ. ס. און נ. ע. מאַזאָר

2טן אַפּריל 1911

טײַערע מאַיסיי סאַוועליעוויטש!

אײַער רעקאָמענדירטן (בריוו) און דעם איבערוויַיז האָבן מיר באַקומען. 2 שליאַפּעס־פּאַנאַמקעס ווערטיבעל זײַנען אײַנגעקויפט. מיר זוכן אַ געלעגנהייט, כּדי איבערגעבן קיין קיִעוו.

וואָס שייך אײַער חשבון, איז ער, צום באַדויערן, ניט קיין ריכטיקער און ניט קיין יושרדיקער. איר זאָגט, אַז איר זײַט ניט אויף אַזוי פיל אָרעם און מיר ניט אויף אַזוי פיל רײַך אאַז״וו. עס קאָן זײַן. נאָר איר האָט ניט גענומען אין אַכט, אַז ניט קיין רײַכע מענטשן האָבן אויך די רעכט אַרויסצוווײַזן גאַסטפרײַנדלעכקייט צו יענע, וועלכע זײַנען זיי ליב. נאָר אײַער באַמערקונג אויפן ק ו ר אָ ר ט פאַרווונדערט מיך. אויב דאָס וואָלט געזאָגט נאַטאַשע, וואָלט מען ניט געקאָנט אויף איר האָבן פאַראיבל, ווײַל זי קען ניט דעם תּלמוד און איר געדענקט, ווײַזט אויס, וואָס עס איז געזאָגט וועגן הכנסת־אורחים, ווען עס גייט אַ רייד וועגן אַ תּלמיד־חכם: „ואפילו עבדים רצים לפניו״.

פאַר נאַטאַשען וועט מיר אויסקומען איבערצוזעצן. אויב עס קומט דיר אויס אויפצונעמען אין דײַן שטוב אַ גאַסט אַן אינטעליגענט, אַ תּלמיד־חכם, דאָס הייסט אַ חשובן, אַ געגאַרטן גאַסט, דאַרף מען ניט זשאַלעווען פאַר אים קיין שום לוקסוס, אַפילו ווען ער איז געוווינט, אַז די קנעכט זאָלן לויפן פאַר זײַן רײַטוואָגן. אַז איר זײַט געווען פאַר אונדז אַ גאַסט אַ געגאַרטער, האָט איר, האָף איך, קיין ספק ניט. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס מע קאָן ניט אָפּלייקענען. פאַר וואָס זשע ווײַזט איר אַרויס אַ פאַרלאַנג אונדז צו שטערן כאָטש מיט עפּעס אָפּצאָלן אײַך מיט אַ געפעליקייט פאַר אַ געפעליקייט?

אויפן סמך פונעם אויבן געזאָגטן דערלויבט מיר אַרויסצושטעלן אײַך אַ קאָנטער־חשבון:

פאַר 2 שליאַפּעס צו 13 = 26

קומט אײַך פערזענלעך — $\frac{260}{234}$

וואָס די דאָזיקע סומע האָבן מיר הײַנט אײַך איבערגעשיקט דורכן באַנק.

און ווײַטער גייען נערווישע נײַס — רכילות. שאַפּיראָ, גאָט צו דאַנקען, האָט זיך פאַפּראַוועט. ער האָט באַקומען נאָך 2 פּוד וואָג. די מאַדאַם, פאַרקערט, האָט אָנגעווירן 2 קילאָ — איבער דער „יידישקע״, וואָס שלעפּט זיי צו 2 לירעס אַ וואָך (פאַר יעדע 2 לירעס — אַראָפּ 2 קילאָ). שעפּטעל איז פּלוצעם... געוואָרן אַ חכם! ער פאַרמאָגט איצט מזומן העכער 300 לירעס. און אַז מע האָט געלט, איז מען אַ חכם. די בערדיטשעװער יידענעס זײַנען שוין אַוועקגעפאָרן. יעליזאַוועטאַ יאַקאָוולעוונאַ האָט זיך אָפּגעזוכט. זי האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין עקספּרעסצוג הינטער רוים און האָט געדאַרפט, געוויינטלעך, שפּאַנען צו פוס. נומאַ האָט פאַרגעסן, ווי אַזוי מע שפּילט אין „טורעם״. ער שפּילט איצט אין אינדייצעס, וועלכע צילן אַן זייערע פײַלן אין ווילדע און טרעפן אין ציוויליזירטע. נאַטאַשע קען זײַן שפּיז. דאָס איז ניט דער באַוווּסטער שטעקן, וואָס מישאַ הייבט אויף פאַר זײַן ריזיקן שירעם, וועלכער פאַרטיידיקט אים פונעם שאָטן פון דער

פאַרגייענדיקער זון. דער שטעקן האָט, ווי באַוווסט, אַן אײַזערנעם היפּשן עקהוט. און אָט האָט דער דאָזיקער אינדייעץ, דאָס הייסט נומאַ, זיך דורכגעגנבעט צו די היגע עדענער פערדשטאַלן און פון דאָרטן געריכטעט זײַן זיכערע פײַל גלײַך מיטן אײַזערנעם עקהוט אין אונדזער באַלקאָן, דורכברעכנדיק דאָס גלאָז, וואָס האָט זיך צעבראָכן אויף שטיקלעך אויף מײַן היטעלע און כאַלאַט (ס'איז געווען 2 אַ זייגער בײַ טאָג), דער־שרעקנדיק אויף טויט קודם־כל אַלגען, אונדז אַלעמען, שטיינבערגן, דאָבינען, נאָר מער פון אַלעמען האָט זיך דערשראָקן דער יעגער זעלבסט און האָט זיך אַזוי צעוויינט, אַז עס איז אויסגעקומען אים באַרויִקן און אָוועקלייגן אין בעט. קיין אומגליק איז מיט די מענטשן ניט געווען. די „ראַקעטע" איז קליגער ניט געוואָרן, נאָר שענער געוואָרן. מע האַלט, אַז זי איז שענער פון דער מאַדאַם ש־נג. אָבער דאָס איז מאָיסיי סאָוועליעוויטשן ניט אָנגענעם. מילא. איך וועל פאַרענדיקן.

איך קוש אײַך. ס.

צי האָסטו, נאַטאַשע, געגנוג ביכלעך פאַר בריוו ?

## 137. צו די קויפמאַנס

באַדענווײַלער, ווילאַ רופּפּערט, 15טן מײַ 1911

טײַערע מײַנע !

אײַער אַלגעמיינעם בריוו — ליאַליס, מיכאַלס און בעלאָס — האָב איך באַקומען. יאָ, ליאַלקע איז אַ מענטש, גאָרניט קיין צעקראָכענע. טאָקע גאָר געראָטן אין מיר. ליאַלי, איך בין דיר אַ בעל־חוב אין צווייען: ערשטנס, ביסטו ערשט נעכטן געווען אַן אימעניניצע. צווייטנס, ביסטו אַן ערשטלינג־מוטער. ס'איז אײַנגעפירט, אַז אַ געווינערין שיקט מען מתנות. איז אָט וואָס: דאָ האָט זיך געעפנט לעבן דער אַפּטייק אַ קלייט, אויסשליסלעך פון מאָדישע דאַמענזאַכן. בעלאָס ביידע מומעס (עמאַ און מאַרוסי) וועלן דיר באַשטעטיקן, אַז מע קאָן אַראָפּ פון זינען פון דעם דאָזיקן קלייטל ! אַלצדינג איז דאָרטן איבער נאַטירלעך ! וועל איך אַרײַנגיין מיט דיר, און דו אַליין וועסט זיך אויסקלײַבן אַלצדינג, וואָס דיר וועט זיך פאַרגלוסטן. קיין אָפּזאָג וועט ניט זײַן. און אויך פאַר בעלאָן וועט זיך דאָרט עפּעס געפינען. איך שפּאָס ניט. דו זע נאָר צו געזונט ווערן און קום צו פאָרן וואָס גיכער מיט דײַן „אומשולדיקער קראָסאַוויצע" מיטן „אויסערגעוויינלעכן שׂכל". און וואָס ס'איז שייך דיר, איז ליבשאַפט צום קינד מאַכט אַ יונגע מוטער טויזנט מאָל שענער. איך קוש אײַך דרײַען און פיל אַ געוויסע סימפּאַטיע צו אַ געוויסן קליינעם נפשל, וואָס האָט נאָך ניט צײַט געהאַט רעכט צו באַטראַכטן די דאָזיקע שיינע וועלט פון גאָט.

פּ א.

## 138. צו זײַן יוגנט־חבר אליהו באַרכאַש

[באַדענווײַלער], 22סטן יוני 1911

אלי ! האַרצעניו ! ליובעניו ! זאָג מיר דעם אמת, ווי פאַר אַן אייגענעם ברודער:

ווער האָט אָנגעשריבן פאַר דיר אָט דאָס ייִדישע בריוול? וועסט מיך ניט איַינריידן, אַז דאָס האָסטו אַליין, מיט דייַן האַנט און פון דייַן קאָפּ, געשריבן! ובפרט דו אַליין שווערסט, כאַפּסט די ערד, אַז דרייַסיק יאָר האָסטו קיין ייִדישע פּען ניט געהאַלטן — הייַנט ווער'ט דיר גלייבן אויף נאמנות? און אַז ס'האָט זיך יאָ געטראָפן אַזאַ זאַך, איז דאָך עס טאַקע אַ נס מן השמים, און מע מעג דיך אַרויספירן אויף דער וועלט און באַווייַזן אויף בילעטן:

„— 20 קאָפּיקעס!!!" —

„קוקט, ייִדן, אַ פענאָמען — 30 יאָר געוועזן אַ גוי און פּלוצעם געוואָרן אַ ייִד, שרייַבט ייִדיש ווי אַ משומד! 20 קאָפּ' אַ קוק!!!"

איך וואַרט אויף דייַן ענטפער, אויף דייַן ייִדישן ענטפער.

**שלום־עליכם**

## 139. צו מיכאל קויפמאַן

מאָנטרע, 1טן סעפּטעמבער 1911, ערב יום־כּיפּור תרע"ב

טייַערער מיכאל!

איך האָב איבערגעלייענט די לעגענדע „איש חסיד". ס'איז אַ פּראַכט! איך האָב צו רעכט געמאַכט אַ צוויי־דרייַ אומפּינקטלעכקייטן. איך וואָלט פאַרגעלייגט צום סוף נאָך איין שורה צוגעבן — — —.

די פראַגע איז: וווהין שיקן? די זאַך איז אַ פייַנע! אין אַ טעגלעכער צייַטונג איז נישטאָ קיין אָרט פאַר פּאָעמעס. קיין רעכטע זאַמלביכער איז בייַ אונדז נישט פאַראַן. סייַדן שיקן קיין אַמעריקע? הגם אויך דאָרטן איז אין דער ליטעראַטור אַן אומעט און אַ גרויס טריקעניש. איך וועל מיך אַן עצה האַלטן מיט גאָרעליקן. ער איז אַצינד דאָ.

באַלד טרעט אַרייַן יום־כּיפּור. עס רעגנט. ס'איז אומעטיק. קאַלט. טרעפט, ווער האָט אונדז אַמוזירט אַ האַלבע שעה כּסדר? בעלאַ! אויף מייַן וואָרט — זי. מיר האָבן זיך אַלע מיט איר נאַריש געמאַכט, און אויסגעקומען איז, אַז דאָס לאַכט זי גאָר פון אונדז: גו־גי! — און פאַרקריכט מיט די פינגערלעך צו מיר אין די וואָנצעס אַרייַן. ניין, זי איז שוין מער ניט אַ שטיקל פלייש, וואָס ליגט אין אַ וועגעלע. אַ מענטש, אַ פאָלנע מענטש!

איך קוש און ווינטש מיט אַן אמת אַ גוט קוויטל **אויף כּל־ישראל.**

**פּ אַ.**

## 140. צו די קינדער

אונדזערע „מעצענאַטן"

**ניצע, 8טן פעברואַר 1912**

געקומען צו פאָרן זייַנען מיר אין מ. שוין אַקעגן אָוונט. אויפן וואָקזאַל האָט אונדז אָפּגעוואַרט דער פאַרערער פון מייַנע טאַלאַנטן. נאָכן פּנים האָט מען באַלד געקאָנט אין

אים דערקענען דעם מעצענאַט. פון העכסטן גראַד אַן אײדל געזיכט, באַזילבערט מיט גרויקייט פון אַ געלערנטן מאַן. גלײַך נאָך די ערשטע באַגריסונגען פון בײדע זײַטן האָבן מיר זיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אויטאָמאָביל, וואָס מע האָט פון אונדזערט וועגן צוגעגרייט, און לײַכט, ווי אַ פויגל, זײַנען מיר דורכגעפלויגן די העל באַלײַכטע גאַסן פון דער אויסערגעוויינלעכער שיינער שטאָט מיטן בלויען הימל פון דרום־פראַנקרײַך. דורך צוויי שורות ציפּרעסן און פּאַלמעס זײַנען מיר צוגעפאָרן צו אַ גלעזערנער גאַלע־רייע, וואָס איז געווען בוכשטעבלעך פאַרפלייצט מיט עלעקטרישן ליכט. אונדז אַקעגן זײַנען אַרויסגעלאָפן צוויי באַדינערס: אַ מולאַט, אַ מין גרום, אָנגעטאָן אין אַ ליווריי, און אַ שמייכלענדיק מיידל האָבן אונטערגעכאַפּט מיך מיט דער מאַמע (די זאַכן האָט צוגענומען איינער אַ מין גידאַלגאָ־שווייצאַר), אַרײַנגעפירט אין די אינוויינעקסטע אַפּאַר־טאַמענטן פון דער ווילע־־ (אויף אַוועניו־־), און דאָס ערשטע, וואָס אונדז האָט איבער־ראַשט, איז געווען ניט די קייסערלעכע הויז־אויסשטאַטונג און ניט די פאַנטאַסטישע באַ־לײַכטונג מיט די גראַטעס און מיט די וואַסערפאַל־פאָנטאַנען, נאָר די באַלעבאַטים אַליין, די באַזיצערס פון דעם דאָזיקן כּישוף־פּאַלאַץ. סך־הכּל זײַנען זיי צוויי: מאַן און ווײַב. ער — אַ בכּבודיקער, אַ זעלטן נאָבעלער און שיינער זקן, אַ טיפּ, וואָס דערמאָנט אָדער אין טורגעניעוון, אָדער אָן וויקטאָר הוגאָ. אָנגעטאָן איז ער לויטן קינסטלער־געשמאַק פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע. אַלצדינג, וואָס ער טראָגט, איז אומגעוויינלעך זויבער, ווײַס ווי געפּאָלענער שניי און, ניט געקוקט אויף זײַן עלטער, אַפילו גראַציעז. זי ווידער איז ניט נאָר אַ געוועזענע שיינהייט, ניין — דאָס וואָלט געווען שאַבלאָנמעסיק, ניט יושרדיק, אַפילו אַ באַליידיקונג. פאַר אונדז איז דערשינען — אָדער בעסער געזאָגט: מיר זײַנען דערשינען פאַר אַ שפּאַנישער קיניגין, פאַר אַ מאַרקיזע דע פּאָמפּאַדור, מיט אַ מאַיעסטעט־טישן געזיכט פון אַ מאַדאָנע — אויף דער עלטער. די פּראַכט־שיינע גרויסע אויגן, וואָס האָבן אָפּגעהיט צוזאַמען מיטן יוגנטלעכן גלאַנץ אויך אַ געוויסע שעלמישקייט אינעם שמייכל, האָבן עדות געזאָגט וועגן דעם רירעוודיקן שׂכל און דער ווייכער גוטמוטיקייט פון דער דאָזיקער נאָך רייצנדיקער פרוי, וועמען היינע און בײַראָן און שעלי וואָלטן זיכער באַזונגען, ווען זיי באַגעגענען זי אויף זייער לעבנסוועג.

פאַרגעשטעלט פאַר אונדז זײַן פרוי, האָט דער בכּבודיקער זקן אונדז פאַרזיכערט, אַז זי שעצט זיך גליקלעך ניט ווייניקער פון אים אויפצונעמען אין זייער באַשיידענעם נעסט דעם, וועמען זיי בײדע רעכענען פאַרן נאַציאָנאַלן שטאָלץ פון ישראל, אאַז״וו, אאַז״וו. ס׳איז געווען שוין צו שמייכלהאַפט און אַזש איבער דער טבע אויסצוהערן אָט די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע און עטוואָס מליצהדיקע רעדע.

דערנאָך האָט מען אונדז אַרײַנגעפירט אין פיר גרויסע צימערן, וואָס מע האָט פאַר אונדז צוגעגרייט: אַ סאַלאָן, אַ קאַבינעט, אַ ביבליאָטעק און אַ שלאָפצימער (דאָס באָד־צימער, דאָס וואַש־ און שפּריץ־צימער און נאָך זאַכן רעכן איך ניט), און גאָר אין גיכן האָט זיך געלאָזט הערן אַ קלונג, וואָס האָט גערופן צום טיש. צײַט עסן מיטיק אָדער אָוונטברויט.

איך וויל ניט פאַרמאַטערן אײַער אויפמערקזאַמקייט מיט אַ באַשרײַבונג פון דעם אָוונטברויט, וואָס איז באַשטאַנען פון צען געריכטן, מער אינטערעסאַנט פון דעם אָוונטברויט איז געווען דאָס געשפּרעך, וואָס די באַלעבאַטים האָבן געפירט בײַם טיש,

געפלייסט זיך די גאַנצע צייַט צו אונטערהאַלטן אונדז אַלץ מיט אַזעלכע ענינים, וואָס דרייען זיך אויסשליסלעך אַרום דער יידישער ליטעראַטור און אירע פריסטערס.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ביידע זייַנען, ווירקלעך, גוט באַהאַוונט אין דער זאַך. נאָר מער פון אַלץ האָט אונדז איבערראַשט, וואָס אָט די ביידע עכטע אַריסטאָקראַטן קענען אונדזער פּאַלקסלעבן, ווי מע זאָגט, דורך און דורך. און זיי שעמען זיך גאָר ניט דערמיט, ווי עס טוען אַ סך פון אונדזערע קרעזוסן, וואָס קרימען פון זיך גאָט ווייסט וואָס פאַר געבוירענע לאָרדן און פּרינצן.

געבליבן אַליין אין אונדזערע אַפּאַרטאַמענטן נאָך אַזאַ אויסערגעוויינלעך וואַרעמען קבלת־פּנים, איז אונדז געוועזן פאַר זיך אַליין זייער פּריקרע. וואָרעם ניט אונדזערע קליידער, ניט אונדזערע אָרעמע טשעמאָדאַנעס מיטן קאָרב (וואָס האָט, אַגב, אויפן וועג פאַרלאָרן דעם דנאָ און האָט אַרויסגעשטעלט פאַר דער וועלט גאָר ניט קיין פּאָעטישע פאַר גאַטקעס) האָבן בשום־אופן ניט געפּאַסט צו אָט דער גאַנצער פאַנטאַסטיש־לעגענדאַרישער אומגעבונג, אין וועלכער מיר זייַנען אַזוי אומגעריכט אַרייַנגעפאַלן. דער הויפּט אין פּרימאָרגן, בשעת די פריי־אויפגעוואַכטע דרום־זון האָט באַגאָסן מיט אירע ערשטע גילדענע שטראַלן דעם פּרעכטיקן פּאַרק, וואָס רינגלט אַרום די פאַר־כישופטע ווילע, האָבן מיר זיך דערפילט פונקט ווי פּריטשמעליעטע פון דעם דאָזיקן רייכן בילד פון נאַטור און קונסט. און וואָס מער די פייגל האָבן געזונגען און וואָס שטאַרקער די רויזן און די צעבליטע מאַנדלביימער האָבן געשמעקט, אַלץ מער אומאַנ־גענעם האָבן מיר זיך געפילט, זייַענדיק אַבסאָלוט ניט צוגעגרייט צו אַזאַ זעלטן רייַכן לעבן און פּרעכטיקער אויסשטאַטונג. און דעריבער האָבן מיר, נאָך דעם ווי מע האָט פאַר אונדז סערווירט קאַפע אויף דער אָריענטאַלישער ווערענדע אין אַראַבישן סטיל, זיך אָפּגעזעגנט מיט די גוטהאַרציקע באַלעבאַטים, באַדאַנקט פאַר זייער ליבער גאַסט־פרייַנדלעכקייט, צוגעזאָגט, אַז צוריקוועגס פון ניצע וועלן מיר אומבאַדינגט פאַרברענגען בייַ זיי לענגער, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס רופן אונדז קיין ניצע זייער וויכטיקע ענינים, וואָס קאָנען ניט אָפּגעלייגט ווערן. אין פופצן מינוט אַרום האָט אונדז דער עלעקטרישער אויטאָמאָביל שוין אַוועקגעטראָגן צוריק אויפן וואָקזאַל, און דעם זעלבן טאָג, פאַר נאַכט צו, זייַנען מיר געווען אין ניצע, און אויפן צווייטן טאָג זייַנען מיר אַרייַנגעפאַלן קיין באַליע־סיור־מער, ווו מיר האָבן זיך אייַנגעאָרדנט אויף אַ וואָך צייַט גאָר נישקשהדיק און ניט זייער טייַער, כּמעט אויפן סאַמע ברעג פונעם מיטלענדישן ים.

אַצינד וועט איר דערלויבן אויסצומאָלן פאַר אייַך דאָס זעלבע בילד מיט אַ ביסל אַנדערע פאַרבן. עס וועלן אויף אַזאַ אופן אַרויסקומען צוויי וואַריאַנטן פון איין דער־ציילונג. קלייַבט אייַך אויס די, וואָס וועט זיך אייַך באַווייַזן מער וואָרהאַפטיק.

צוגעפאָרן זייַנען מיר צו מ. שוין אָקעגן אָוונט. אויפן וואָקזאַל האָט זיך קיינער ניט באַוויזן. נאָר בייַם סאַמע אַרויסגאַנג האָבן מיר דערזען עפּעס אַן אַלטן תּרח, אין אַ קורצן טולופּל, אַזאַ, וואָס בייַ אונדז טראָגן עס וואַלד־פּריקאַשטשיקעס, און בייַ אונדז ביידן איז געבליבן, אַז דאָס דאַרף מסתּמא זייַן אונדזער מעצענאַט, דער פאַרברענטער חסיד פון מייַנע טאַלאַנטן. דער ערשטער געדאַנק אונדזערער איז געווען — דורכגליטשן זיך פאַרבייַ און ניט ווערן; נאָר דער אַלטער תּרח האָט שוין, אַ פּנים, אונדז באַמערקט און האָט מיך הויך אויפן קול אַ רוף געטאָן. מילא, פאַרפאַלן. אָפּגעגעבן אים שלום־עליכם, האָב איך באַלד דערפילט אַ שאַרפן ריח פון פּראָסטן בראָנפן. ניט שוין זשע איז ער אַ

טרינקער ? עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז יאָ, אַ טרינקער, און דווקא אַ שטאַרקער טרינקער ! נאָר צו דעם וועלן מיר קומען שפּעטער.

נאָך די ערשטע באַגריסונגען האָט אונדזער אַלטער תּרח אַרויסגעטשאַמקעט עפּעס זייער אַ גראָבן וויץ וועגן זײַן ייִדענע, אַז זי איז אָדער אַנטלאָפֿן, אָדער אײַנגעזונקען געוואָרן אין דער ערד. אַזוי צי אַזוי — גאָר קיין גרויס אומגליק, זאָגט ער, איז עס ניט. אין טולע קאָן מען שוין געפֿינען סאַמאָוואַרן.

אונדז ביידן איז געוואָרן זייער קאַלעמוטנע, דערצו נאָך האָט זיך געזיפּט אַ רעגנדל און דער הימל האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן. אַ בלאָטע — זאָל גאָט היטן. די באַלײַכטונג — אַן עכט רוסישע. די אָרדענונג צווישן די איזוואָשטשיקעס אויך אויפֿן רוסישן שטייגער. מע דאַרף זיך דינגען. און אַזוי ווי דער אַלטער תּרח האָט זיך אַרויס־באַוויזן צו זײַן זייער אַ שפּאַרעוודיקער מענטש, דאָס הייסט פּשוט אַ קמצן, האָט ער אונדז בשום־אופן ניט געלאָזט באַניצן זיך מיט אַ טרעגער, נאָר אַליין גענומען אויף די פּלייצעס איין טשעמאָדאַן, דעם אַנדערן געגעבן אונדז שלעפּן איבער דער קויטיקער קלעפּיקער בלאָטע, און אַזוי האָבן מיר זיך קוים דערשלעפּט צו אַן איזוואָשטשיק, פֿון דעם ערגסטן סאָרט, אַזאַ, וואָס מע קאָן טרעפֿן סײַדן אין קיִעוו, און אַפֿילו ניט אין קיִעוו, נאָר אין אומאַן צי אין בעלאַצערקאָוו.

באַזעצט זיך קוים מיט צרות אין דעם אומבאַקוועמען טרייסלענדיקן פֿאַעטאָן, צוזאַמען מיטן האַלב־שיכּורן אַלטן תּרח, האָבן מיר גענומען זיך העצקען איבער די בלאָטיקע גאַסן פֿון דער שלעכט־באַלויכטענער האַפּנשטאָט, וואָס איז געבליבן ווײַט הינטערשטעליק אַפֿילו פֿון אונדזער גוט באַקאַנטער איטאַליענישער גענוא.

מיר ביידע זײַנען געוואָרן באַטריבט און האָבן אַראָפּגעלאָזט די נעז. וואָס וועט עס זײַן ? וווהין זײַנען מיר אַרײַנגעפֿאַלן ? און צוליב וואָס, אייגנטלעך ? ניט געזאָרגט האָט נאָר דער אַלטער תּרח. ווענדיק דורכויס זיך אַרויסשטעלן פֿאַר אַ שאַרפֿן וויצלינג, האָט ער וועגן דעם, וואָס איך פֿאָר מיט דער מאַמע, אונדז דערציילט זייער אַ לאַנגן און זייער אַ גראָבן און פֿלאַכן אַנעקדאָט וועגן עפּעס איינעם אַ פּרוש, פֿון וואָס אונדז ביידן איז ניט גוט געוואָרן און עס האָט זיך אונדז געגלוסט די מינוט אַראָפּשפּרינגען פֿונעם פֿאַעטאָן און לויפֿן צוריק צום וואָקזאַל. און מיר וואָלטן געוויס אַזוי געטאָן, ווען ניט דער באַגאַזש און די פֿינצטערע רעגנדיקע נאַכט.

דערזען, אַז זײַן עכסט פּיקאַנטער אַנעקדאָט נעמט אונדז ניט, האָט ער אונדז באַלד מכבד געווען מיט נאָך אַ פּאָר אַנדערע, ניט ווייניקער פּיקאַנטע אַנעקדאָטן. נאָר אויך די זײַנען פֿאַרבליבן אָן קיין שום ווירקונג. ווי עס ווײַזט אויס, איז ער געווען איבערראַשט דערפֿון, וואָס דער ייִדישער הומאָריסט האָט גאָר ניט ליב קיין אַנעקדאָטן !

דערווײַל האָט דער קוטשער, וואָס האָט זיך אויך אַרויסבאַוויזן צו זײַן רעכט פֿאַרקנאַקט, גענומען פֿרעגן דעם אַלטן תּרח, וווהין ער זאָל פֿאָרן. עס איז אויסגעבראָכן צווישן ביידע אַ זידלערײַ, האַלב־פֿראַנצייזיש, פֿאַרשטייט זיך, פֿון וואָס מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער קוטשער הייבט ניט אָן צו וויסן פֿון אַזאַ מין ווילע, וואָס טראָגט דעם נאָמען - - - און וואָס נאָר איין טײַוול ווייסט עס !

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז צו אָט דער ווילע קאָן מען גאָר ניט צופֿאָרן, ווי, למשל, צו דער ווילע בריאַן אין נערווי ; נאָר דער חילוק איז, וואָס צו דער ווילע בריאַן קאָן מען כאָטש צופֿאָרן אויף אַ שיפֿל פֿון דער זײַט פֿונעם ים, אין דער צײַט, וואָס די

ווילע האָט אַזאַ שײַכות מיטן ים, פּונקט ווי די שטאָט מ. האָט אַ שײַכות מיט נערווי. ס׳איז אויסגעקומען דערצאָלן דעם איזוואָשטשיק נאָך אַנדערהאַלבן פראַנק, און מע האָט אונדז אויסגעלאָדן אויפן עק פון אַוועניו, ־־־ און פון דאָרטן, שלעפנדיק אויף די הענט די טשעמאָדאַנעס און טיאַפּקענדיק אין דער בלאָטע, האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט מיט סכנת־נפשות אַראָפּ אַ באַרג און דערזען פאַר זיך עפּעס אַ לאָך, וואָס מײַן חסיד האָט זיך פאַרגונען אָנצורופן עס מיטן נאָמען „ווילע״, און נאָך ־־־ דערצו! אָנגעזאָגט אונדז אַפּריער, אַז מע באַדאַרף דאָ גיין זייער פאָרזיכטיק, האָט אונדזער מעצענאַט אַרײַנגע־פירט אונדז אין אַזאַ מין הײַזל, וואָס באַשטייט טאַקע באמת פון פיר צימערן, אָבער אַזעלכע, וואָס ס׳איז געזינטער פאַר זיי, אַז מיר זאָלן זיי ניט אָנרופן מיט אַזאַ געהויבענעם נאָמען. אין פּירהויז, וואָס מײַן מעצענאַט האָט אין זײַנע בריוו אַנדערש ניט גערופן נאָר „וועראַנדע״, האָבן מיר געטראָפן אַן אַלטע קעכנע אַ מעגערע, וואָס האָט אונדז אַרײַנ־געשטעקט אַ קאָריאַווע האַנט און עפּעס אַ בורטשע געטאָן אויף אַ מין לשון, וואָס ס׳איז שווער געווען צו כאַפּן, צי ס׳איז פראַנצייזיש, צי ס׳איז דײַטשמעריש, ווּעלכעס די קורלענדער ייִדן ריידן, — און אָט די באָבע־יאַכנע איז עס געווען ניט קיין אַנדערע, נאָר טאַקע די באַלעבאָסטע אַליין, וואָס האָט אונדז גלײַך אַרײַנגעפירט אין קיך אַרײַן, דאָרט ווו זי האָט געגרייט וועטשערע פאַר די טײַערע געסט. באַזעצט אונדז אין עסצי־מער, האָט דער אַלטער זיך גענומען עפּענען אַ פלעשל בראָנפן און אַ פלעשל ווײַן און גלײַך אויפן אָרט אַליין איבערגעקערט דעם ערשטן קעלישיק און דעם אַנדערן אונטער־געטראָגן מיר, דערנאָך דער מאַמע, גאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס מיר טרינקען ניט, דערבײַ האָט ער ניט פאַרפעלט צו אונטערוואַרעמען אונדז מיט אַ צוויי־דרײַ גראָב־שמאַלציקע — דער הויפּט, פלאַכע און אַלטע, ווי די וועלט — אַנעקדאָטן. קאָמישער פון אַלץ איז געווען, וואָס יעדן אַנעקדאָט האָט ער דערציילט זייער לאַנג, שטאַרק געסמאַקעוועט יעדער וואָרט, ווי ער וואָלט דאָ געמאַכט גאַנצע אַנטפּלעקונגען.

מע האָט דערלאַנגט בוליאָן באַזונדער און לאָקשן באַזונדער. די אַלטע מעגערע האָט אָנגעשטעלט אויף מיר די ברילן און האָט אַ האַוקע געטאָן:

— נעמט בוליאָן אָדער נעמט לאָקשן. איר קאָנט עסן אי דאָס, אי יענעס, אויב איר ווילט.

און ווידער געבורטשעט עפּעס פאַר זיך, ניט אָפּרײַסנדיק פון מיר די אויגן. דערבײַ האָט זי פון צײַט צו צײַט געכאַפּט אַ קוק אויף איר הערשער, וועלכער איז, ווי עס ווײַזט אויס, גאָר נישקשה פון אַ דעספּאָט. ער לאָזט קיינעם ניט ריידן, ער רעדט בעסער אַליין. גיט נאָך צו צו דעם זײַן אויסערגעוויינלעך שמוציק אָנטאָן און אויסזען (אויפן קאָלנער פונעם שרעקלעכן ברודיקן העמד טראָגט ער אַ וואַרעמען שאַליק) און אויך דאָס, וואָס עס פעלן אים פון דער לינקער זײַט די ציין און ער מוז עסן מיט די הענט, — וועט איר שוין באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דער דאָזיקער וועטשערע.

נאָר שענער פון אַלץ איז געווען דער חדר, ווו מיר האָבן באַדאַרפט שלאָפן. אַ קעלער, אַ שיסל אויף דער ערד, אַ סטערינעווע ליכט אַרײַנגעשטעקט אין אַן אַשבעכער — אָט דאָס איז אונדזער נאַכטצימער.

געבליבן אַליין, האָבן מיר בײדע, איך און די מאַמע, זיך איבערגעקוקט — און אויף אונדז איז אָנגעפאַלן אַזאַ געלעכטער, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן מורא צו האָבן, עס

זאָל ניט איבערגיין אין אַ היסטערישן געוויין. עס זאָל ניט געווען זײַן אַ פינצטערע נאַכט מיט אַ רעגן, וואָלטן מיר, פאַרשטייט זיך, דורכן פענצטער אַנטלאָפן פון אָט דער תּפיסה. איך האָב פאַרגעסן איין אײנצלהייט. איידער מיר זײַנען געגאַנגען שלאָפן, האָט אונדז דער אַלטער הינער-כאַפּער אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן, למען-השם, ניט פאַרשליסן די טיר פון אינעווייניק, מחמת ס'איז אַזאַ טיר, וואָס אַז מע פאַרשליסט זי, וועט מען זי שוין קיין מאָל ניט קענען עפענען. דאָס דאָזיקע האָט נאָך פאַרשטאַרקט אונדזער געלעכטער.

באַלד האָט זיך געלאָזט הערן אַ גוואַלדיק כראָפּען פון אונדזער ליבן באַלעבאָס, פון וואָס מיר האָבן נאָך מער געלאַכט. פון שלאָפן האָבן מיר שוין ניט געטראַכט. אונדזערע געדאַנקען זײַנען געווען פאַרנומען מיט איין פראַגע: וועט אַ מאָל קומען פרימאָרגן און ווי אַזוי וועלן מיר זיך אַרויסקלײַבן פון אָט דעם לאָך?

ס'איז אַריבער די נאַכט, אַ פײַנלעכע, אומענדלעכע נאַכט. אַ האָן האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז דער פרימאָרגן קומט, און אין איינוועגס האָט ער אונדז שוין געגעבן צו וויסן, אַז אונדזער צימער געפינט זיך פונקט איבערן הינערשטײַג. און ווי גרויס איז געווען אונדזער איבעררעשונג, ווען מיר האָבן זיך גענומען צו אונדזערע זאַכן און דערזען — אַז אַלצדינג איז מאָדנע פּײַכט, דאָס הייסט פּיטש-נאַס. דער קעלער האָט זיך אַרויסגעשטעלט צו זײַן אַ פּײַכט פלאַץ, וואָס טויג זיך מער, מע זאָל דאָרטן האַלטן קאַרטאָפל, איידער אַ מענטשן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן די שווייץ און איז געפאָרן אויפן דרום!...

וואָס זשע האָט אונדז געראַטעוועט? גאָרניט. נאָר די פּאָסט. עס איז אָנגעקומען די פּאָסט, — מאָלט אײַך, נאָר צײַטונגען, — נאָר מיר האָבן שוין אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן כּלומרשט אַ בריוו פון דער היים, אַז אונדזער נ י כ ט ע, די פּלימעניצע הייסט עס, איז געפערלעך קראַנק געוואָרן אין ניצע און אַז מיר מוזן מיטן ערשטן צוג אַוועקפאָרן קיין ניצע.

עס איז אוממעגלעך צו באַשרײַבן דעם צער פון די באַלעבאַטים! ניט שוין זשע וועלן מיר טאַקע נעמען און אָט אַזוי אַוועקפאָרן? נו, און מיטיק? אָט האָט די אַלטיטשקע געקויפט — נאָט זעט — צוויי פונט רינדפלייש, און אָן איי איז דאָ, וואָס די הון האָט געלייגט, ניין, זאָל זיך די מאַדאַם שלום-עליכם פאָרן צו איר ניכטע, און שלום-עליכם זאָל בעסער אָפּרוען. ווּהין וועט ער פאָרן? ניצע — אַזאַ פּאַסקודנע שטאָט! האָט מען שוין געמוזט צוטראַכטן אַ נײַעם ליגן: אַז די ניכטע איז, אייגנטלעך, מײַנע, ניט דער מאַמעס, און מע מאַכט איר זייער אַ קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע, און אָן מיר וועט זי געוויס שטאַרבן. מיר האָבן אויסגעהאַלטן אַ שרעקלעכע אַטאַקע. מיר האָבן געגעבן דאָס וואָרט, אַז די מאַמע בלײַבט אין ניצע אַליין און איך קום צוריק אויף שבת קיין מ., צו זיי, פאַרשטייט זיך. און ניט לאַנג געטראַכט, האָבן מיר זיך גענומען צו די זאַכן. אַליין געשלעפּט די טשעמאָדאַנעס אַרויף אַ באַרג, קוים דערשלעפּט זיך צום טראַם. ס'איז אויסגעקומען אומשטײַגן צוויי מאָל. אַלע יסורים פון גיהנום זײַנען גאָרניט אין פאַר-גלײַך מיט דעם, וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען אין דעם פרימאָרגן. וואָרעם אומעטום איז אונדז נאָכגעגאַנגען אָט דער אַלטער גאָטפאַרדאַמטער ניבול-פּהניק, וואָס האָט זיך צו אונדז צוגעקלעפּט ווי פּעך. קיין טרעגער האָט ער ניט צוגעלאָזט פאַר קיין פאַל

אין דער וועלט, און דעם צוג האָבן מיר צוליב אים אויך פאַרשפּעטיקט. מיר האָבן קוים געפונען אַ רעסטאָראַן און זיך געזעצט פרישטיקן, און דער מעפיסטאָפעל — מיט אונדז. פּלוצעם איז פאַר אונדזער פענצטער אויסגעוואַקסן די מעגערע. די אַלטע זײַנע איז אויך געקומען באַגלייטן די טײַערע געסט און האָט, אַגב, פאַרכאַפּט מיט זיך די פּראָוויזיע, די צוויי פונט רינדפלייש און אַ שטיק חלה מיט פּוטער.

כאַפּט ניט. אונדזערע יסורים האָבן זיך נאָך ווײַט ניט געענדיקט, מע דאַרף פאָרן. ווי איר ווייסט, האָט דער מעצענאַט מיר געשריבן, אַז פון אים ביז ניצע איז ניט מער ווי דרײַ פערטל שעה רײַזע. לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז אַ ביסל מער, דהײַנו: מיטן לוקסוסצוג דרײַ שעה, און מיטן עקספּרעס — פינף. ער אַליין האָט זיך דערפרעגט אויפן וואָקזאַל און האָט אונדז אַרײַנגעזעצט אין אַ צוג, וואָס האָט אונדז באַדאַרפט ברענגען קיין ניצע זעקס אַ זייגער אין אָוונט, אויפן וועג אָבער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער צוג וועט אָנקומען ערשט צען אַ זייגער בײַ נאַכט, און געקומען איז ער נאָך שפּעטער. דערבײַ האָבן מיר דורכגעלאָזט צוויי אַנדערע, בעסערע צוגן. און דאָס אַלץ איז געווען צו פאַרדאַנקען אָט דעם אַלטן ליידיקגייער, וואָס איז, דאַכט זיך, גאָר ניט געווען שיכּור, וואָרעם מיר זײַנען אַרויס מיט אים צו פּרי פון שטוב.

אין דער צײַט, וואָס מיר האָבן געוואַרט אויף יענעם באַרימטן צוג, צו וועלכן ס'איז שווער צו געפינען אַ גלײַכן אַפילו אין רוסלאַנד, האָבן די דאָזיקע ליבע מענטשן זיך צעטיילט מיט אונדז צווישן זיך. די אַלטע האָט פאַרנומען אין אירע הענט די מאַמע און האָט איר עפּעס געטשאַמקעט וועגן אירע קינדער, וועגן איר ווײַטער פאַרגאַנגענהייט אאַז"וו. ער ווידער, דער אַלטער כּל־בוניק, האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ קנעפּל, אויסדערציילט מיר אַלע זײַנע סודות, אָנגעהויבן פון זײַן פּרעכטיקער יוגנט אין דעם ליבן קורלאַנד און... ער איז דערגאַנגען נאָר ביז צום צוואַנציקסטן יאָר פון זײַן לעבנס־געשיכטע, איבערגעלאָזט דאָס ווײַטערדיקע אויף שפּעטער, ווען איך וועל קומען צוריק פון ניצע.

מע האָט באַדאַרפט זען אונדזערע פּנימער, דאָס הייסט, ווי אַזוי איך מיט דער מאַמען האָבן זיך איבערגעקוקט אין אומענדלעכן האַרצקלעמעניש. ניט שוין זשע וועט אַ מאָל נעמען אַ סוף צו אונדזערע יסורים? און פאַר וואָס קומט עס אונדז, פאַר וועמעס זינד? אַזוי פיל ייִדישע שרײַבערס פאַראַן — פאַר וואָס פּאַסירט מיט קיינעם ניט דאָס, וואָס קאָן פּאַסירן נאָר מיט מיר?!...

אָבער צו אַלצדינג קומט אַ סוף. דער צוג איז שוין דאָ. קוים שלעפּנדיק די פיס, זײַנען מיר אַרײַן אין דעם עקלהאַפטן פראַנצייזיש־איטאַליענישן שטײַגל. נאָך אונדז האָבן נאָכגעפלאָגט די צוויי פונט רינדפלייש, וואָס איך האָב שוין געוואָלט אַרויסשמײַסן דורכן פענצטער, נאָר איך האָב אײַנגעהאַלטן דעם יצר־הרע. ס'איז דאָ צײַט!

די לעצטע מינוטן זײַנען געווען די סאַמע שווערסטע מינוטן אין אונדזער לעבן פאַר די אַכט און צוואַנציק יאָר פון אונדזער צוזאַמענגיין. דער צוג האָט זיך גערירט. איך און די מאַמע האָבן פריִער אָנגעהויבן צו לאַכן הויך אויף אַ קול, ווי די משוגעים, און גלײַך נאָך דעם האָבן מיר גענומען וויינען.

פאַרשטייט זיך, פאַר פרייד.

א סוף

## 141. צו דער טאָכטער עמאַ

נערווי, 2טן מאַרץ 1912
לויטן אַלטן סטיל 18טן פעברואַר, אײן טאָג פון מײַן געבוירן

טײַערע עמאָטשקאַ!

אוי וויי, דער פאַרפלוכטער דײַטש האָט פאַרניכטעט אַלע נעגאַטיוון! איך וועל מיך אומיסטן אַראָפּנעמען מיט דיר אין מאָנטרע, אין מײַן ווײַסן אָנצוג, און דו וועסט אַרײַנפּאַלן אין טיסיס אַלבאָם, מיט אַ באַמערקונג: „איינע פון שלום־עליכמס ייִנגערע טעכטער, עמאַ — זײַן הויפּט־סעקרעטאַר". איך שפּאַס ניט. אַזוי טאָקע גיב איבער טיסין אין מײַן נאָמען. איך וואָלט נאָך צוגעגעבן די ווערטער: „די סאַמע באַליבטע", נאָר איך וויל מיך מיט זיי ניט זאָטשעפּען. זיי וועלן אויפהייבן אַ בונט. דער הויפּט ליאַלי. און טיסי אויך דאָס אייגענע. און מאַרוסי איז אויך ניט קיין הונט.

איך קוש דיך שטאַרק.

פּ אַ.

## 142. צו די בערקאָוויטשעס

נערווי, עדן־האָטעל, 5טן מאַרץ 1912

**מעניו**

סופּ מיט מייערלעך און מאַנעגרײַפּלעך און שוועמלעך.

ווײַסע פיש, קרובים פונעם לויתן, מיט ווײַסן „סאָוועסט" — טעם גן־עדן!

יונגע קאַרטאָפּלילעך, וואָס צעגייען זיך אין מויל.

ראָסטביף, וואָס אַ מכה וועט פּוטער זײַן אַזוי ווייך! צוגעגעבן: פּאַסאָלקעלעך, קרויט, מייערלעך, אַרבעסלעך, ספּאַרזשע, ברוסעלקעלעך, מיט צרות, מיט שלעק!

זאָל איך אַזוי ויסן גלות, ווי איך ווייס וואָס דאָס איז פאַר אַ מין! צעגייט זיך אין מויל.

פּשוט עוף, ווײַס עוף, סאַמע ביילעק, געפּילט מיט גן־עדן־עפּעלעך און צוגעפּראַזשעט מיט ציבעלקעלעך, שמעקט ווי די בעסטע בשמים!

סאַלאַט — שוין איין מאָל אַ סאַלאַט! פון סאַלאַטן־לאַנד! מע מעג אים עסן מיט ברויט!

אַזאַ מין טערטל מיט שאַרלאָטן־שלאַגזאַם, זעט אויס ווי מלכות־ברויטלעך, און אַ טעם פון צפּיחית בדבש!

פּרוכטן — אַלערליי פּירות: פון עפּל, באַרן, פלוימען, ניס, ביז פייגן, טייטלען און באַנאַנעס, ראָזשינקעס אאַז״וו, מיט אַלערליי היימישע פּיראָזשנעס.

און טאָמער איז קאַרג — נאָט אייך דעסערט! נאָר ווער׳ט אים עסן? יענער, וואָס איר ווייסט, זאָל אַזוי כּוח האָבן צו לעבן, ווי מע האָט כּוח אויפצושטיין פון טיש! אוי, ווו נעמט מען ספּעקטאָרן?!

## 143. צו די זעלבע

[נערווי], 7טן מאַרץ 1912

טאַמאַראַ! דו ביסט אַ רוסישע, צי אַ ייִדישקע? שרייַב מיר אָן! איך דאַרף דאָס וויסן!

פּאַפּאַ

### לאַנטשען

לאַנטש — אָנבייַסן הייסט עס! זייגער 12 — 1 כאַפּט מען איבער, ס׳זאָל ניט חלשן דאָס האַרץ.

אויף אונדזער לשון — לעבערלעך, מיט צוגעדושעטע אויף סמעטענע גריבקעלעך, טעם גן־עדן. מע עסט, מע עסט — און עס ווילט זיך נאָך.

אַ ביפשטעקסל, וואָס צעגייט זיך אין מויל. און צו דעם — קאַרטאָפל־פּיורע, געקאָכט, אַ פּנים, אויף מילך, צי וואָס? מע פילט דאָס גאָרניט.

מייערלעך, געפּראָזשעט און געפּרעגלט, מחיה־נפשות! דאָס קאָן מען עסן גלאַט אין מיטן בייַטאָג.

קאַלט עוף, קאַטשקע, קאַלבסבראַטן, רויטפלייש, שינקען, קאָלבאַס (כּשר) — און פון אַלע מינים אַזוי פיל, אַז אַפילו ספּעקטאָר וואָלט געזאָגט: האָדי!

נו, סאַלאַט, גוט פּרעפּאַרירט מיט מיט מיט... דער שוואַרץ־יאָר ווייסט זיי! סאַלאַט אויך אַ מאכל. ס׳איז אָבער גוט. סע עסט זיך!

געקאָכטע באַרן, מיט פלוימען, מיט פערשקעס, מיט אַנאַנאַסן־יויך, בכדי ס׳זאָל שמעקן. אַ השגה!

קעז און פּוטער — מילא, קעז בין איך אייַך מוחל! נאָר פּוטער! דאָס איז אַזאַ מין פּוטער, וואָס אַפילו אַזאַ משוגענער פּריוועדניק, ווי איך, עס אָן ברויט! הייַנט

וואָס וואָלט שוין ספּעקטאַר זאָגן ? אַי, ספּעקטאַר, ספּעקטאַר ! ווו נעמט מען אים אַהער כאַטש אויף איין וואָך ? ! — — —

## 144. צו די זעלבע

[לאָזאַן, אַפּריל 1912]

!בחדר״ג!

בײַם עפּענען זאָל אומבאַדינגט זײַן טיסי ! און טאַמאַראַ אויך. זי איז געוויס אויך אַזוי טשיקאַווע, ווי איר מאַמע. נאָך אַ מין !

!בחדר״ג!
פּאַוואַליע! גלאַז!

דאָ ליגן דרײַ פראַנצייזישע הונדערטער אויף אָפּנאַרן פּאַניען ! — — — אַ מכּה וועט די פּאָסט טרעפן, אַז דאָ ליגט געלט. ובפרט, אַז ס׳שטייט בפירוש בחדר״ג !
איר קאָנט אויסבײַטן בײַ בונימאָוויטשן און באַקומען פּאָניש געלט — אַ מכּה אים אין בויך !

## 145. צו נאַטאַשע מאַזאָר

2טן (15טן) אַפּריל 1912

טײַערע נאַטאַשע !
ענדלעך וועלן מיר הערן, וואָס עס וועט דיר זאָגן קראַוזע. צי דען וועט אויך ער דיך שיקן קיין שוואַרצוואַלד (קאָן זײַן קיין באַדענווײַלער) ?
הײַנט בין איך געווען אין לאָזאַן בײַ ראַיען. נאָר בײַ אים איז נישטאָ קיין אָרט אין דער קליניק. עס וועט אויסקומען צו נעמען אַן אָרט אין אַן אַנדער קליניק און אײַנלאַדן אויף אַ קאָנסולטאַציע ראַיען. די היגע דאָקטוירים מיינען, אַז מע וועט דאַרפן מאַכן אַן אָפּעראַציע, ווײַל קיין שום מיטלען העלפן ניט. אָפּיום באַרויִקט בלויז דעם ווייטיק. מאָרגן וועט זײַן דער דאָקטער — וועלן מיר זען. דערווײַל האָב איך געדונגען (באַדינ־גלעך) אַן אַמבולאַנס־אויטאָמאָביל (עס קאָסט 90 פראַנק) אויף איבערצופירן די סאַמע נייטיקע זאַכן. נאָר איך האָף, אַז גאָט וועט העלפן, מירן זיך באַגיין אָן לאָזאַן. מאָרגן וועל איך דיר נאָך אַ מאָל אָנשרײַבן, איך מיין, אַז צו אָט דער צײַט וועסטו שוין זײַן אין בערלין. און ווי אַזוי פילסטו זיך בכלל ? איך מיין, אַז קראַוזע וועט דיך האַלטן אין בערלין אַ וואָך צײַט. ס׳איז אַ קליינער אומגליק, אַבי דערגיין עפּעס אַ טאָלק. גיב איבער מינען מײַן גרוס. און אַנע לוואָוונען, אויב זי איז אין בערלין, און ווי איז דיר געפעלן ליאַלי מיט איר בעלען ? צי דען טרײַבט זי ניט איבער און שאַצט ניט איבער, ווי, אַגב, יעדע מוטער ? און איך בין שוין אין גאַנצן געזונט און שרײַב אַ סך. מעגלעך, אַז האַרבסטצײַט וועט זיך באַווײַזן מײַן ראָמאַן אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ״. איך האָב

שוין איבער אים אומאָנגענעמלעכקייטן: מע האָט קאָנפיסקירט דעם נומער פון דער צײַטונג „הײַנט", און מעגלעך, אַז די הה׳ רעדאַקטאָרן פונעם פאַרלאַג (זיי זײַנען צוויי) וועלן זיך זעצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. בײַ מיר איז געווען אַ נײַער רוסישער פאַרלעגער פון מאָסקווע, ערשט נאָר וואָס. ספּעציעל געקומען צו פאָרן. בכלל אינטע־רעסירן זיך די רוסישע פאַרלעגערס מיט אונדזער ייִדישער ליטעראַטור. מיר האָבן דערלעבט. נאָר אַלץ פירט זיך אַזוי אויף דער וועלט: שפּעט קומט דאָס גליק, און רום, און אַלץ. צי זעסטו כאָטש בערלין, אָדער „ווער? וואָס?" (ווי עס דריקן זיך אויס מײַנע איבערזעצערס).

דײַן פּעטער סאָלאָמאָן

## 146. צו דער זעלבער

8טן (21סטן) מײַ 1912

טײַערע נאַטאַשע!

איך האָב דיר שוין געשריבן, וואָס איז דאָס פאַר אַ קרענק בײַ אַלגען. זי רופט זיך „פלעביט", און קיין רפואה איז ניטאָ, אויסער ליגן, געדולד און צײַט. דײַן אויספיר וועגן אַלגעס געזונט־צושטאַנד, וואָס איז באַזירט אויפן סמך פון מײַן בריוואויסטויש מיט מאַרגאַלינען איז אַ ביסל אַ מאָדנער. אָדער מיר האָבן דיך ניט פאַרשטאַנען? דו פרעגסט וועגן טיסין? זי פאָרט קודם־כּל קיין וואַרשע מיט בערקאָוויטשן אין שײַכות מיט דער אויסגאַבע, ווײַל אַלגע טאָר אַפילו ניט טראַכטן וועגן פאָרן קיין רוסלאַנד הײַנטיקס יאָר. דערנאָך וועט זי אַרײַנפאָרן קיין בערלין, כּדי זיך עצהנען מכּוח דעם האָרץ (בײַ איר איז דאָך ניט אַלץ אין אָרדענונג מיטן האַרץ). פון דאָרטן וועט בערקאָוויטש זי אָפּפירן זיך באָדן (אין וועג וועט ער, געוויינלעך, פאַרפאָרן צו אונדז, איבערלאָזנדיק, אָדער ווי זיי דריקן זיך אויס: „אַרײַנוואַרפנדיק" אונדז טאַמאַרען, וועלכע מיר וועלן גערן „אונטערכאַפּן"). ליאַלי זשע, נעבעך, מיט איר קראַסאָוויצע בעלען איז דערווײַל געצווונגען, איבער אַלגעס קראַנקהייט, וועלכע האָט צעשטערט אַלע אונדזערע פּלענער, זיך מוטשען אין בערלין. זי וועט פאָרן, ווײַזט אויס, אויף זומער קיין ליפּקאָן מיט מיכאַילס מוטער, וועלכע געפינט זיך איצטער צו גאַסט בײַ זיי, און דערנאָך בלויז פאַרבלײַבן בײַ אונדז אויף אַ חודש, דאַכט זיך. דער עיקר, וואָס אַלגע ליגט — הייסט עס, אַז אַלץ איז ניט גוט, אַלץ גייט קאַפּויער, מיטן קאָפּ אַראָפּ. און דו וועסט דאָס פאַרשטיין, מער קיינער ניט. ווען זשע פאָרסטו קיין בערלין? אָט איז ליאַליס אַדרעס:

34 יאָהאַכים פריש־שטראַסע, האַלענזעע, בערלין.

מיכאַיל וואָלט געקאָנט מיט דיר זײַן בײַם פּראָפעסאָר. שעם זיך ניט. דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ פּרעכטיקער חברה־מאַן איז אָט דער קויפמאַן. און ער איז איצט מער אין קורס פון די ענינים, אַ סטודענט־מעדיק און לערנט זיך פלײַסיק. די טעג זײַנען איך און עמאַטשקע קראַנק געוואָרן און געלעגן אַ פּאָר טעג. דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ בילד — די שטוב אָן אַלגען און אָן עמען...

איך האָב אָוועקגעשטעלט אַ גאַנצע שורה פּונקטן, וועלכע ריידן מער פון וועלכע ניט איז ווערטער. באַזונדערס פ אַ ר ד י ר. אונדזער שטוב אָן אַלגען און אָן עמען! נײַן,

דאָס איז לעכערלעך! דאַכט זיך, אַלץ? יאָ, מישע איז אַרײַנגעטראָטן אין לאָזאַנער אוניווערסיטעט, נאָר ער היילט אין לאָזאַן מער דעם האַלדז, איידער ער לערנט זיך אינעם אוניווערסיטעט. און ער איז אין גאַנצן ניט געזונט. נערוון און דעס גלײַכן. ער דאַרף זיך נאָך היילן אַ גאַנץ יאָר. נומטשיק לערנט זיך אויף 5 (דאָ איז עס 10). מאַרוסיע איז געוואָרן די באַלעבאָסטע. אמת. זײַ געזונט. ווען און ווו וועלן מיר זיך זען?

סאָלאָמאָן

## 147. צו דער זעלבער

לאָזאַן, 9טן (22סטן) אָקטאָבער 1912

טײַערע נאַטאַשע!

אויף דער פאָרקערטער זײַט פונעם קאַרטל איז אונדזער ווינטערדיקער אַדרעס. דײַן באַרישניע בובליק איז געווען בײַ אונדז אין מאָנטרע אין יענעם טאָג בעת מיר זײַנען אַריבערגעפאָרן. פון דעסטוועגן האָט מען זי אײַנגעאָרדנט אין דעם האָטעל־פּאַנסיאָנאַט „קאַטערער" אין קלאַראַן, גאַנץ גוט און וואָלוול. אַ העכסט סימפּאַטיש מיידל. נאָר ס'האָט זיך באַקומען אַ קוריאָז: איך בין — איך ווייס ניט פאַר וואָס — געווען איבערצײַגט, אַז זי איז אַ ייִדישקע און גערעדט מיט איר מער אויף ייִדיש. איך האָב איר דערציילט, אַז זי האָט אַ קרוב אין ניו־יאָרק גדליה בובליק, וועמען איך קען ווירקלעך. זי האָט בלויז געשמייכלט און עטוואָס זיך גערויטלט. מיר וואַרטן אויף בריוו.

דײַן פּעטער ס.

## 148. צו טאַמאַראַ בערקאָוויטש

לאָזאַן, 31סטן אָקטאָבער 1912

טאַמאַראַ מײַנע טײַערע!

שלחן. בית. כסא. מנורה. קסת. עט. לחם. אַבא. אמא.

איך קוש.

פּאַפּאַ

## 149. צו די בערקאָוויטשעס

לייזען (שווייץ), 23סטן דעצעמבער 1912

טײַערע!

איר זאָלט אונדז שרײַבן קיין לאָזאַן, כאָטש איך אַליין, ווי איר זעט, בין אין לייזען. איך האָב מיך געריסן צו דער זון און האָב זי באַקומען. און נאָך וואָס פאַר אַ זון! אַ ים

פון זונשטראַלן, און אונטן אַ ים פון נעבלען. תּענוג גן־עדן. איך ליג אויף אַ וועראַנדע און ענדיק דעם ראָמאַן. מיט דער מאַמע ריידן מיר זיך דורך אויפן טעלעפאָן. אַלצדינג איז כּשורה. מיר וואַרטן אויף בריוו.

איך קוש.

**פּ אַ.**

**תמרה! שמש! חמה! אור! גן־עדן!**

**אַביך**

## 150. צו די זעלבע

**לייזען, 25סטן דעצעמבער 1912**

**טײַערע טיסיוניאַ!**

**איך שיק די שפּײַזקאַרט פון אַ מיטאָג אין מײַן האָטעל אין לייזען. פאַרלייענען דאַרף עס בערקאָוויטש אָדער ביאַליק, וואָרעם בײַ דיר וועט דערפון קיין שום טאָלק ניט אַרויסקומען. די איבערזעצונג איז אָנגעשריבן געוואָרן בײַם טיש, וואָס בײַ די ענגלענדער האָט עס אַרויסגערופן דערשטוינונג. איך קוש אײַך אַלעמען און טאַמאַראַן.**

**פּ אַ.**

## 151. צו ערנעסטינע בערקאָוויטש

**[לייזען], 27סטן דעצעמבער 1912**

**טײַערע טיסיוניאַ!**

שרײַב מיר אָן גלײַך, מיט דער צווייטער פּאָסט (אויפן לאָזאַנער אַדרעס): **ו ו ע ר ה אָ ט ח ת ו נ ה מ י ט ב ע ט י ש אַ פּ י ר אַ?** אויב דו וועסט טרעפן, וועל איך דיר שיקן 50 פראַנק (פון מײַנע אייגענע קעשענע־געלטער) אויף... קאָרטן. דאָס הייסט, דו וועסט האָבן באַזונדערע 50 פראַנק אויף קאָרטן. דער ענטפער דאַרף זײַן אַ קלאָרער, אָן מאָטיוון און אָן „איך מיין״, „איך רעכן״, אאַז״וו.

איך קוש.

**פּ אַ.**

דאָס 110טע קאַפּיטל וועט עס קלאָר מאַכן. דעריבער בעט איך זיך צואײַלן, וואָרעם שפּעטער וועל איך קיין 50 פראַנק ניט געבן! טרעפן דאַרפסטו אַליין, אָן בערקאָוויטשעס הילף. אויף בערקאָוויטשעס ערלעכקייט פאַרלאָז איך מיך, ווי אויף דער גאָסודאַרסטוועני באַנק.

## 152. צו די בערקאָוויטשעס

לייזען, האָטעל בעלוועדער, נײַיאָר 1913

**מעניו.**

Consommé double Médicis

1) קאָנסאָמע איז די טײַטש זופּ. עס שווימען אַרום עפּעס מאָדנע זאַכן, וואָס קיינער ווייסט ניט וואָס דאָס איז. כאַפּן מיטן לעפל איז שווער. אַז ס'כאַפּט זיך, איז גוט, אַז ניט — ניט.

Ombre du lac á la Luculluss

2) פיש, וואָס דער באַרימטער גביר לוקולוס האָט געגעסן. וואָלט געווען גוט. האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק, וואָס מ'האָט בשום־אופן ניט געקאָנט פאָרויסזען: גיי זײַ אַ נביא, אַז לוקולוס — ימח־שמו וזכרו — פלעגט פרעסן פיש מיט... ראַקעס! פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב שיִער־שיִער ניט געחלשט. לוקולוס וואָלט געמעגט אויסגערונען ווערן איידער ער איז געבוירן געוואָרן!

Chapons du Houdan á la Chevaliére

3) קאַפּהינער פון הודאַן. איט'יר הערן, מיט וואָס אַ פראַנצויז פּילט זיי אָן און באַפּוצט זיי: מיט יאָדערן פון קאַשטאַנעס! חוץ־לזה, גייען גריבקעס, פּאַטלאַזשאַנעס און שאר־ירקות. הײַנט קאַרטאָפליעס צעריבענע און צוריק צונויפגעשטעלט קײַלעכיק — נאָט אײַך אַ קאַרטאָפליע! פרעגט זיך: צו וואָס דאַרף מען זיי צערײַבן און צוריק צונויפנעמען און מאַכן זיי פאַר כּלומרשט גאַנצע קאַרטאָפליעס? — זאָגט מישאַ: עס און פרעג ניט קיין קשיות!

Parfait de foie gras de Strassbourg

4) פּאַרפע — דאָס איז אַ מין, וואָס ס'איז געמאַכט געוואָרן פון פייגלשע לעבערלעך מיט צינגלעך פון קאַנאַריקלעך. פרעג איך מישען: פאַר וואָס איז דאָס ניט געל? זאָגט ער: ס'אַ משל! דעריבער גייען קאַטשקעס באַרוועס.

Sorbet Marquise

5) ווידער אַ מאָל די אייגענע חכמה: אין מיטן עסן מאַראָזשענע: דער דאָקטער האָלט אַ „רעטש", און דער עולם עסט.

Selle de Marcassin rótie. Salade

6) פּשוט אַן עסיקפלייש. — אַ ביסל אַ סמיכות־הפּרשה! נאָך אַלע זאַכן — אַן עסיקפלייש. און דווקא מיט סאַלאַט. בײַ אונדז אַן עסיקפלייש איז אַן עסיקפלייש, אײַנגעטונקען ווייכע בולקע — און אַן עק! און בײַ זיי אַן סאַלאַט הייבט זיך ניט אָן.

Fonds d'artichauts á la Clamart

7) אויסגעשניטענע אַרטישאָקלעך, אָנגעפילט מיט אַרבעסלעך. מײַנע שונאים זאָלן אַזוי כּוח האָבן צו לעבן, ווי מע קאָן שוין עסן אַרבעס! אַ גליק, וואָס מע גיט דערצו שאַמפּאַניער ווײַן.

Omelette en surprise á la Nàpolitaine

8) אַ סורפּריז־אָמלעט — טאַקע אַ סורפּריז: קאַלטע מאַראַזשענע, אַרומגעלייגט מיט הייסע ווײַסעכלעך און אָנגעפּילט מיט הייסע ווײַנשל. פּרעגט זיך: איז דאָך די אייגענע מעשׂה, וואָס מיט דער הרובע פון פּוטער? ס'וועט דאָך צעגיין? זאָגט מישאַ: ס'וועט ניט דערלעבן.

Fruits du Midi

9) אַלערליי מינים פּירות פון ארץ־ישׂראל.

Mignardises

10) צוקערלעקעך, טאָרט, שטרודל, קישעלעך, פאַרפעלעך, אײַנגעמאַכטס — דער גוטער־יאָר ווייסט זיי, ווו זיי נעמען מאַגנס אויף איבערצוקאָכן אַזאַ גוזמאַ מאכלים אויף איין מאָל! —

## 153. צו דער טאָכטער ערנעסטינאַ

לייזען, 4טן יאַנואַר 1913

טײַערע טיסיוניאַ!

וואָס פאַר אַ חכמה דו ביסט: דו שרײַבסט אַ פּאָסטקאַרטל, און דעם ענטפער אין צוויי ווערטער האָסטו אַרויסגעשיקט אין אַ באַזונדער קאַרטל. האָסט דען ניט געקאָנט אין דעם זעלבן פּאָסטקאַרטל אַרײַנשטעלן יענע צוויי ווערטער? איך האָב דאָס באַזונדערע קאַרטל ניט באַקומען. אפשר האָט עס עמאַ אומיסטן באַהאַלטן, כּדי צו פאַרדינען די 50 פראַנק? נאָר עמאַ איז צו ערלעך, זי זאָל באַגיין אַזאַ זאַך. שרײַב זשע גלײַך נאָך (אַ דריט) קאַרטל, נאָר שרײַב ניט קיין קאַרטל, אַז דו שיקסט אַ קאַרטל.

פאַר וואָס זאָל בערקאָוויטש באַזונדער (אין אַ פאַרמאַכטן בריוו און אויף העברעיִש) ניט טרעפן? ער וועט אויך זײַן באַרעכטיקט צו 50 פראַנק. עס וואָלט געווען געוווּנטשן צו וויסן די מיינונג פון אַלע לעזער פונעם ראָמאַן; פאַרשטייט זיך, אָן דער פּרעמיע, וועלכע ווערט געגעבן נאָר די מיטגלידער פון דעם שרײַבערס פאַמיליע, וואָרעם אַ ניט — ווו וועט ער נעמען אַזוי פיל געלט? 100.000 עקזעמפּלאַרן ווערן געלייענט פון אַ האַלבן מיליאָן ייִדן; געכפּלט אויף 50 פראַנק, מאַכט עס אויס: 25.000.000 פראַנק; וועלן מיר זאָגן, אַז נאָר אַ העלפט וועט טרעפן, איז דאָך אויך 12.500.000 פראַנק. אַזאַ סומע וועט זיך בײַ מיר קוים געפינען! —

דערווײַל האָט קיינער פון דער פאַמיליע ניט געטראָפן.

איך קוש.

פּ א.

## 154. צו די בערקאָוויטשעס

[לייזען], 7טן יאַנואַר 1913

טײַערע!

הורראַ! הײַנט האָב איך געענדיקט דעם ראָמאַן. איך האָב אָוועקגעשיקט דעם עפּילאָג אין דער רעדאַקציע און אַצינד וועל איך אָפּרוען. דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי „אָפּרוען". איך וועל שרײַבן צו איין דערציילונג אַ וואָך. ווי געפעלט אײַך אַב. קאַהאַן? ענדלעך האָט ער מיך אָנערקענט, לכל־הפחות, אַז איך באַזיץ די ייִדישע שפּראַך — אָבער נישט מער. גם זו לטובה!

טיסיוניאַ! אומזיסט האָסטו מײַן פראַגע אָנגענומען פאַר אַ וויץ. אָט האָט עמאַ געטראָפן, ניגער האָט געטראָפן, און — איך בין זיכער — בערקאָוויטש וועט טרעפן. עמאַ און בערקאָוויטש וועלן יעדערער באַקומען די צוגעזאָגטע 50 פראַנק. הגם ביז זונטאָג קאָנסטו נאָך אויך. ערשט זונטאָג וועט דער עפּילאָג זײַן געדרוקט.

— — —

— — —

איך קוש.

פּ. אַ.

## 155. צו עמאַ ראַבינאָוויטש

צווישן מאָנטרע און עגל, 15טן [יאַנואַר 1913]

...און עמאַ האָט טאַקע געטראָפן! עמאָטשקאַ! איך בין דיר שולדיק 50 פראַנק. ווילסט זען געלט? אָדער דו וועסט צוואַרטן ביזן „סאָוורעמעננ‍יק"? צי ביזן „הײַנט"? איך קוש.

## 156. צו ערנעסטינע בערקאָוויטש

[אָן אַ פּלאַץ און אָן אַ דאַטע]

טיסיוניאַ! איך וואַרט אויף געלט פון יאַצקאַנען און וועל דיר אַרויסשיקן אין אַ רעגיסטרירטן בריוו 50 פראַנק פּאַפּירגעלט, און איך גיב דיר אַ געלעגנהייט גוט זיך רייצן מיט בערקאָוויטשן. לאָז ער ניט זײַן קיין אײַנגעשפּאַרטער ליטוואַק און ענטפערן, אַז מע פרעגט אים!

פּ. אַ.

עמאַ האָט אויך פאַרדינט 50 פראַנק. געטראָפן האָט אויך ניגער, נאָר אָן צוזאָג פון 50 פראַנק.

## 157. צו י. ד. בערקאָוויטש

בערן, 18טן יאַנואַר 1913

מײַן טײַערער זון דוב זאָל לעבן!

דורך עמאַן אין לאָזאַן האָב איך געשיקט מײַן טאָכטער טיסין עטלעכע ווערטער, אום זי צו באַרויִקן, זי זאָל ניט האָבן קיין פאַרדאַכט וועגן מײַן געזונט־צושטאַנד. אָבער אין דער אמתן בין איך ניט אין לייזען און ניט אין לאָזאַן, נאָר אין בערן, אין קליניק לינדענהאָף, אונטער דער אויפזיכט פון אַ געניטן און באַרימטן פּראָפעסאָר, און מײַן פרוי איז אויך מיט מיר, און מײַן צושטאַנד איז זייער שלעכט. ווען איך קום ניט אַהער, וואָלט איך געשטאָרבן, וואָרעם די לייזענער דאָקטוירים ווייסן ניט פון דאַנען אַהין. איך האָב געטעלעגראַפירט צו מײַן פרײַנד ניגער, און ער האָט אויפגעזוכט דעם ספּעציאַ־ליסט — — —. דער ווייטיק און דער צער, וואָס איך פיל, זײַנען ניט צו באַשרײַבן און ניט אַרויסצוזאָגן. אַלע יסורים פון גיהנום זײַנען גאָרנישט אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס איך טראָג איבער, און אַ דאַנק כאָטש די עטלעכע מענטשן, וואָס קומען מיך באַזוכן, דאָס זײַנען ניגער, „רב צעיר", פּראָפעסאָר רייכסבערג, ד"ר ליפּשיץ און נאָך. ווען וועט נעמען אַ סוף צו מײַנע צרות — ווייס איך ניט. דער פּראָפעסאָר באַרויִקט מיך, אַז גאָר אין גיכן, נאָר איך גלייב ניט אין זײַנע הבטחות. איך האָב געפונען פאַר נייטיק צו געבן דיר צו וויסן וועגן דעם, טאָמער וועסטו עס דערגיין דורך אַנדערע, ובפרט מײַן טאָכטער, וואָס דו דאַרפסט עס פון איר אויסבאַהאַלטן ווי ווײַט דיר איז מעגלעך. אפשר וועט טאַקע קומען אַ דערלײַכטערונג אין גיכן. שרײַבן זאָלסטו מיר אויפן אויבן געצייכנטן אַדרעס, און טיסי זאָל דערפון ניט וויסן.

און איך בין דײַן פאָטער, וואָס האָט דיך ליב, ש.

## 158. צו ערנעסטינע בערקאָוויטש

לאָזאַן [בערן], 19טן [18טן] יאַנואַר 1913

טײַערע טיסיוניאַ!

כאָטש דו ביסט אויפגעבראַכט אויף דער האַנדלונג פון מײַן בעטין, פון דעסטוועגן האָסטו געטראָפן, און דעריבער קומט דיר 50 פראַנק, וועלכע דו וועסט די טעג דער־האַלטן. און בערקאָוויטש האָט טאַקע אַרויסגעלאָזט פון האַנט 50 פראַנק. רעכט אַף עם: ווי מע זאָגט אין סלוצק, אָדער אַ מיצווה, ווי מע זאָגט בײַ אונדז.

איך קוש. פּ אַ.

צופעליק, אויף עטלעכע שעה, בין איך אַרײַנגעפאָרן קיין לאָזאַן.

## 159. צו י. ד. בערקאָוויטש

בערן, 25סטן יאַנואַר 1913

מײַן טײַערער זון!

איך בין נאָך זייער קראַנק. פון דיר האָב איך גאָרנישט באַקומען. כּדי צו באַהערשן

מײַן טרויער און מײַנע ווייטיקן, שרײַב איך פון צײַט צו צײַט מײַן אויטאָביאָגראַפיע, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין נערווי (געדענקסט?), פאַר ניגערס „פנקס”. און דו האָסט ניגערן ניט געענטפערט, און ער איז זייער אויפגעבראַכט. און ער איז אַ טײַערער יונגער־מאַן. די גאַנצע אויטאָביאָגראַפיע וועל איך אים ניט געבן, נאָר די ערשטע דרײַ קאַפּיטלען. און איך ווייס ניט וואָס צו טון מיטן איבעריקן? וווהין זאָל איך עס שיקן אויף צו דרוקן און צו וועמען זאָל איך מיך ווענדן? צי איבערלאָזן עס ביז נאָך מײַן טויט? און די קאַפּיטלען לייגנען זיך, ווי אַ ראָמאַן. — — —

דײַן פאָטער של.

## 160. צום זעלבן

בערן, 1טן פעברואַר 1913

זון מײַנער, בערקאָוויטש מײַן טײַערער! פאַריקע נאַכט בין איך אַראָפּ אין קבר. ס'איז געווען נאָר איין טראָט צווישן מיר און דעם טויט. איך האָב פיל געשריִען און נאָך מער געוויינט, וואָס איך וועל ניט זען טיסין, איידער איך שטאַרב. און אָט איז געקומען דער פּראָפעסאָר און האָט געטאָן, וואָס מע דאַרף, און ס'איז מיר אַ ביסל לײַכטער געוואָרן. און הײַנט בײַ טאָג וועט ער נאָך אַ מאָל קומען מאַכן מיר אַן אײַנשפּריצונג אונטער דער הויט, צו פאַרטויבן דעם ווייטיק, ביז די נאַטור וועט טאָן דאָס איריקע. נאָר איך בין ניט קיין גרויסער מאמין אין דעם... עס קאָן זײַן, אַז איך וועל מיך אויסהיילן, און עס קאָן זײַן, אַז איך וועל גיין אין גרוב. און איך האָב גרויסע יסורים, וואָס איך וועל ניט דערלעבן אײַך אַלעמען צו זען. און איר, וואָס זענט צוגעבונדן צו מיר, לעבט אַלע הײַנט. איך בין מיך כלל ניט מצער, וואָס מײַן לעבן ווערט איבערגעשניטן. וואָרעם איך האָב גענוג געלעבט, אויך אַ סך כּבוד געהאַט בײַם לעבן, און אויך אַ שטיקל ירושה האָב איך איבערגעלאָזט אויף נאָך מײַן טויט פאַר מײַן פאָלק, וואָס איך האָב ליב געהאַט מיט גרויסער ליבשאַפט. אָבער — אָט די יונגע שעפעלעך, וואָס האָבן זיי געזינדיקט? און די שעפעלעך זײַנען נאָך זייער יונג! טאַמאַראַ און בעלאַ וועלן מיך שוין גאָר ניט געדענקען, און אַפילו נומאַ האָט נאָך ניט דערגרייכט צו בר־מיצווה. און מײַן פרוי, די געליבטע פון מײַן זעל — ווײ! — וואָס וועט מיט איר זײַן? — — — הײַנט וועט דאָס קאָנסיליום באַשטימען וואָס צו טאָן. די בײַשפּילן, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט אין דײַן בריוו פון פאַרשיידענע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט די זעלבע ווייטיקן, האָבן מיך געמאַכט צו לאַכן. איך האָב דאָך אַ גאַנצע נאַכט ממש געקײַט די ערד, און מײַנע געשרייען זײַנען געגאַנגען ביזן הימל. גריס מײַנע פרײַנד ביאַליק און ראַווניצקי און אַלע אונדזערע אייגענע מענטשן. עס פאַרדריסט מיך זייער, וואָס איך האָב דאָ ניט קיינעם, וועמען איך זאָל קאָנען דיקטירן מײַנע לעצטע ווערטער. אַ מענטש איז אַזאַ נאַר, וואָס ער לייגט אָפּ פון טאָג צו טאָג שרײַבן זײַן צוואה. די דאָקטוירים פאַרזיכערן מיך, אַז ס'איז פאַראַן אַ האָפענונג. אויב מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען. דערווײַל שרײַב מיר יעדן טאָג.

דײַן פֿאָטער, וואָס שרײַבט מיט אַ צעבראָכענעם געמיט, אָבער בײַם קלאָרן פֿאַרשטאַנד.

ש.

## 161. צום זעלבן

**בערן, 4טן פֿעברואַר 1913**

מײַן טײַערער זון דוב זאָל לעבן.

איך בין געשלאָפֿן 9 שעה. דער ווייטיק איז קלענער. דער דאָקטאָר איז נאָך ניט געווען בײַ מיר. אָבער איך פֿיל, אַז איך בין שוין אַרויס פֿון געפֿאַר און ס׳איז דאָ אַ האָפֿענונג. קליינוואַרג האָבן דעלעגירט מאַרוסין אַלץ דעפּוטאַט צו זען וואָס איך מאַך, און אַצינד פֿאָרט זי צוריק אַהיים קיין לאָזאַן. זײַ געזונט און שרײַב מיר דײַנע ליבע גאָלדענע ווערטער.

דײַן פֿאָטער, וואָס האָט דיך זייער ליב, ש ל.

## 162. צום זעלבן

**בערן, 24סטן פֿעברואַר 1913**

בני דוב שיח׳!

מאָרגן איז מײַן יום־הדין בײַ סאַלין. איך געדענק ניט, צי כ׳האָב אײַך געשריבן, אַז מע האָט מיך געפּירט (און דאָס איז געווען אַן איבעריקע זאַך, מע האָט געוואָלט צו גוטן, לסוף איז געווען ניט גוט!) צו קאָכערן. אַ גוי אַ קצב! ער האָט מיך באַטראַכט מער ניט אַז איין מינוט און אויסגעהערט אַ האַלבע מינוט און געזאָגט, אַז כ׳מוז [האָבן] אַן אָפּעראַציע גאָר אָן אַ שום תּירוץ, און באַלד, און בײַ אים טאַקע, אַניט, טאָמער חזרט זיך איבער בײַ מיר נאָך אַ מאָל די געשיכטע — — — דאַן בין איך פֿאַרפֿאַלן! — מיט וואָס פֿאַר אַ האָרץ מיר זײַנען אַרויס (דאָס איז געווען פֿאַראַכטאָגן)ביידע פֿון דעם אַראַקול פּראָפֿעסאָר קאָכער, קאָן איך אײַך ניט באַשרײַבן. דער עיקר, וואָס איך האָב געוויינט, זיך געבעטן, איך וויל ניט צו קאָכערן, איך וויל צו סאַלין. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז מיר גייען צו אַ רוצח! איך בין מער ווי איבערצײַגט, אַז איך וועל אַזאַ אָפּעראַציע ניט איבערטראָגן, און לעבן דאַרף איך נאָך עטלעכע יאָר — איז כּדאַי צו שפּעקולירן?... וואָס טוט גאָט? גייט מיר פֿון קאָכערס מישפּט אָן פֿון טאָג צו טאָג אַלץ בעסער און בעסער. יעצט — — — באַקום איך שוין אַפּעטיט, נאָר שלאָפֿן מוז איך נאָך מיט נאַרקאָטישע פּראָשקעס. איך פֿיל, אַז כ׳בין נאָך ניט אין גאַנצן, איך מוז מיך נאָך היילן בײַ אַ גרויסן ספּעציאַליסט (אין ווין). מאָרגן וועלן מיר זען. דערווײַל בין איך, דאַכט מיר, מער אויף דער וועלט.

אָביך אוהבך מאד ש ל.

## 163. צום זעלבן

בערן, 26סטן פעברואַר 1913

בני יקירי אשר אהבתי דוב שיחי'.

איך שרײַב שוין ניט העברעיִש, ווײַל טאַמער וועט דאָס מוזן מגולגל ווערן צו טיסין. — — — איך בין שוין אויפגעשטאַנען, און וועל שוין הײַנט שפּאַצירן אויף דער גאַס, און בין שוין אַ מענטש, און איך לאַך שוין הויך, און איך האָב שוין ווידער האַפענונג צו לעבן און שרײַבן און פאָרן און אַלצדינג, כאָטש איך דאַרף מיך נאָך, נאַטירלעך, היילן. אָבער די היילונג קאָן מען שוין אין דער היים פאַרזעצן. און מײַן פרייד האָט ניט קיין שיעור, אַז איך דערמאָן מיך, אַז איך וועל אײַך נאָך אַלעמען קאָנען זען, און מיט טאַמאַרען ריידן, און בעלען אויף די הענט האַלטן, און מיט טיסין שפּאַצירן, און מײַנע ביכער לעזן, און מיט גוטע־פרײַנד אפשר נאָך אַ גלעזל ווײַן טרינקען, און דאָס פּובליקום, וואָס האָט מיך ניט פײַנט, צו באַגריסן און לאַכנדיק מאַכן — הכלל, נאָך אַ גרויסע וועלט שטייט פאַר, און איך בין געוועזן על [עברי] פּי פּחת, שטאַרק פאַרצווייפלט און כּמעט פאַרטיק זיך געזעגענען מיט דער זון, וועלכע איך האָב אַזוי ליב, און מיטן הימל, וואָס דאַכט זיך מיר אויס, אַז ער איז מײַנער, און מיט דער ערד, וואָס טראָגט מיך אַזוי געדולדיק, און מיט די מענטשן, וואָס איך האַלט זיי כּמעט אַלע פאַר מײַנע נאָענטע און געטרײַע. די צוואה שרײַבן האָב איך שוין ווידער אָפּגעלייגט, און ס'איז אַ נאַרישקייט. איך קוש אײַך, טיסין און טאַמאַרען.

אָביך של.

## 164. צו די בערקאָוויטשעס

ווין, 28סטן פעברואַר 1913, פרײַטאָג, 9 אין דער פרי

טײַערע! די אַקאַדעמישע יוגנט האָט מיך פײַערלעך באַגעגנט. דערווײַל האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין „קאָנטינענטאַל". געשלאָפן אויסגעצייכנט. מיט די גרויסע לײַכטערס פון דער וויסנשאַפט וועל איך מיך באַקענען ערשט בײַ טאָג. ליאַליס „ווינער שיק" איז ניט אַזוי שטאַרק אָנגעזען, קויטיק און קאַלטלעך. — — — הײַנט וועל איך פון דאַנען בערקאָוויטשן אַרויסשיקן דאָס פערטע קאַפּיטל. די היגע זעמעלעך זײַנען אַ פּראַכט. נאָר אַלץ דערמאָנט אָן „לעמבעריק". געוועזן דאָ אַ פרץ־אָוונט, און עפּעס ניט גאָר געלונגען, מיט אַ דעפיציט. לכבוד מיר שטעלט מען דינסטאָג אין טעאַטער „מענטשן"; די הכנסה פונעם אָוונט גייט לטובת אָן אייגענער יִדישער צײַטונג, און די הכנסה פון דער צײַטונג וועט גיין אויף צו גרינדן אַ קאָלאָניע אין פּאַלעסטינע אויף מײַן נאָמען, און די הכנסה פון דער קאָלאָניע — אויף אויסצוקויפן פּאַלעסטינע פון טערקײַ, און די הכנסה פון פּאַלעסטינע — אויף אָפּצוקויפן אַמעריקע פאַר יִדן, און די הכנסה פון אַמעריקע — אויף אויסצוהאַלטן „די וועלט" און דעם „העולם", און די הכנסה פון אָט די צײַטונגען — אויף... (פאַרזעצונג קומט). איך קוש.

פּ אַ.

## 165. צו די זעלבע

ווין, 1טן מאַרץ 1913

טײַערע!

די מאַמע האָט אײַך שוין אָנגעזאָגט נעכטן די פריילעכע בשׂורה, אויך אַ טעלעגראַמע האָב איך געשיקט אויף ראַוויניצקיס נאָמען, אַז דעם קאַשמאַר פון אַן אָפּעראַציע האָט דער באַרימטער פּראָפעסאָר צוקערקאַנדעל פון מיר אַראָפּגענומען, און מיר פאַרן קיין נערווי, איבער ווענעציע, וועלכע האָט בײַ בערקאָוויטשן ניט נושׂא־חן געווען. איר קאָנט זיך קוים פאָרשטעלן מײַן פרייד און דער מאַמעס. אין דער שווייץ האָט דאָך קאָכער (אויך אַ באַרימטקייט) אונדז אַזוי אָנגעשראָקן מיט זײַן דיאַגנאָז (דווקא אַן אָפּעראַציע! אַניט — איז קאַפּוט! — דער דאָזיקער בלוטדאָרשטיקער קאָכער האָט שוין אַפילו געהאַט אויסגערעדט פאַר זיך אַ פּרײַז, 1000 פראַנק, נאָך אַן אוידיענץ פון צוויי מינוט!), אַז פון דעם אַליין איז מיר שוין געוואָרן ערגער. פּראָפעסאָר צוקערקאַנדעל האָט מיר נאָר פאַרגעשריבן אַ רעזשים און האָט לחלוטין פאַרוואָרפן יעדן געדאַנק וועגן אַן אָפּעראַציע, געהייסן פאָרן קיין נערווי נאָר אויף אָפּצורוען און אײַנצושטילן די נערוון. מיר פאָרן מסתּמא אויף איין חודש. איר קאָנט שרײַבן אויף מײַן נאָמען קיין נערווי, „עדן"־האָטעל. דאָרט מסתּמא וועלן מיר וווינען. איך קוש אײַך און בעט, איר גאַנצן זיך צו באַרויִקן.

פּאַ.

תמרה! אני נוסע נרויה.

## 166. צו די זעלבע

ווין, 2טן מאַרץ 1913, 9 אין דער פרי

טײַערע!

הייסט עס, הײַנט אין אָוונט פאָרן מיר קיין ווענעציע — נערווי. גאָט! וויפל מענטשן עס זײַנען דאָ בײַ אונדז איבערגעוועזן! די מאַמע וועט מיך באַזאָרגן אין נערווי און אַליין וועט זי אָוועקפאָרן אַהיים. איך ווידער וועל דאָרט מסתּמא פאַרבלײַבן אַ וואָך זעקס. די מחבלים האָבן מיר נעכטן געשטערט אָפּצושיקן אײַך דאָס פערטע קאַפּיטל. מע לאָזט ניט אַרבעטן. דאָס וועטער איז דאָ אַ קאַלטס. מיר טראַכטן אויף זומער זיך באַזעצן אין טהעסלוי, 25 מינוט פון ווין. דאָרטן זײַנען פאַראַן טערמאַלבעדער, וועלכע צוקערקאַנדעל האָט מיר פאַרשריבן. איך קוש. שרײַבט: נערווי, „עדן" האָטעל.

פּאַ.

תמרה! אני נוסע ויניציה — נרויה.

פּאַפּאַ

בערל! עס גריסן דאָ אײַך אַ סך מענטשן. אַלע קענען אײַך און האָבן אײַך ליב. און טש. אין בערן האָט זיך מודה געווען, אַז אין די איבערזעצונגען האָט איר אַריבער־

געפּוצעוועט דעם „זיידן". אַגב, אַלע האָבן אַזאַ מיינונג. אַפילו דער פּראָ־אָדם פּ. איז פון דער איבערזעצונג פונעם „בוג" אַזוי אַנטציקט, אַז ער גייט שיִער פון זינען ניט אַראָפּ. ער שווערט זיך, אַז לויט דער שפּראַך איז עס בעסער פון ב. און אַפילו מעגלעך צו באַשרײַבן ניט די לופט, ניט דעם אַראָמאַט פון די בליִענדיקע מאַנדלען און מאַראַנצן, ניט די זון, ניט דעם ים. מיט איין וואָרט, איך האָב אָפּגעלעבט, וואָרעם איך בין אין מײַן לאַנד, אין איטאַליע, און אין אײַער איבערגעבונג איז אַ פּראַכט! שרײַבט. איך קוש אײַך און וואַרט אויפן זומער.

אײַערער

## 167. צו די זעלבע

נערווי, „עדן"־האָטעל, 4טן מאַרץ 1913, 11 אין דער פרי

טײַערע!

נו, אָט זײַנען מיר אויפן אַלטן פּלאַץ. ס'איז ניט פון יהודה לייב גאָרדאָן! און ווירקלעך, דער „בוג" נערווי. נאָר איין ראָזינען האָבן מיר נאָך ניט געזען, ווײַטער האָבן מיר אַלעמען באַגעגנט און אַלע האָבן זיך אַזוי דערפרייט מיט אונדז, פּונקט ווי מיט אייגענע. אין „עדן" איז אונדז געלונגען ביליק צו באַקומען אַ וווינונג. איך פיל מיך ווי אַ סאָלדאַט, וואָס איז געקומען פון דער דינסט אויף „אָטפּוסק" אַהיים. מיר וואַרטן אויף אײַערע בריוו. איך קוש.

פּ. אַ.

תּמרה! אני כבר בנרווי!

## 168. צו די קינדער אין לאָזאַן

נערווי, 4טן מאַרץ 1913, האַלב צוועלף אין דער פרי

טײַערע!

נישטאָ קיין ווערטער צו באַשרײַבן, וואָס פאַר אַ לופט דאָ איז נאָך בערן, ווין און אַפילו ווענעציע! איך האָב אָפּגעלעבט, ווי אַ געכאַפּט פּישל, וואָס מע האָט עס צוריק אַראָפּגעלאָזט אין ים.

איך קוש אײַך.

פּ. אַ.

נומטשיק! מענטשעלעך!

## 169. צו די בערקאָוויטשעס

נערווי, 10טן מאַרץ 1913

טײַערע!

מיר באַקומען אײַערע בריוו זייער פּינקטלעך. ווענגן זיך קאָן איך שרײַבן, אַז איך

ווער צוריק געזונט. ווען ניט דער פאַרשאָלטענער קאַטער, וואָס איך האָב געכאַפּט (אַ פּנים, אין וועג), וואָלט איך שוין גאָר געווען אַ מענטש. איך וועל אין גיכן מסתמא פאַרגעסן, אַז איך בין אַ מאָל געווען אין בערן און פלעג וויינען יעדן טאָג, אין דער פרי און אין אָוונט, הויך אויפן קול צוויי שעה נאָך אַנאַנד. ס'איז גענוג געווען איך זאָל מיך דערמאָנען עפּעס אַ וואָרט, וואָס טאַמאַרקע צי בעלקע האָבן ווען עס איז אַרויסגעזאָגט, — און טרערן פלעגן זיך שוין גיסן. אָט די אַלע טעג, וואָס איך בין דאָ, האָב איך נאָך קיין איין שורה ניט אָנגעשריבן. איך האָב אַבסאָלוטע רו. די מאַמע זאָגט, אַז ביז וואַנען איך וועל ניט צונעמען די דריַי און אַ האַלב קילאָ, וואָס איך האָב אָוועקגעגעבן אין בערן, וועט זי מיך ניט לאָזן אַרבעטן. נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען! מיר וועלן זי איַינבעטן. אָט איז שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס די מאַמע ראַטעוועט מיך אַרויס פון די נעגל פונעם מלאך־המוות. ווו וואָלט איך שוין אַצינד אָנגעשפּאַרט, ווען ניט די מאַמע! נאָר לאָמיר ריידן פון פריילעכערס. — — —

איך קוש.

פּ אַ.

## 170. צו טאַמאַראַ בערקאָוויטש

נערווי, 11טן מאַרץ 1913

טיַיערע טאַמאַראַ מיַינע!

דיַין בריוו האָב איך באַקומען. דו שריַיבסט, אַז דו ווילסט אויך קיין נערווי. זייער גוט. איך שיק דיר דאָ איטאַליעניש געלט, 10 לירעס, אויפן וועג. לייג צונויף דיַינע זאַכן, וועש און ביכלעך, קויף זיך אַ בילעט אויפן וואָקזאַל און פאָר אַרויס גליַיך קיין נערווי. פריִער געזעגן זיך מיטן פּאַפּאַטשקאַ און מיט דער מאַמאַטשקאַ און מיט אַלע חברטעס און באַקאַנטע, מיט פּאַיען, מיט ראַוויניצקין, מיט ביאַליקן און מיט אַלע אַנדערע, און זאָג אַלעמען, אַז דו פאָרסט קיין נערווי, צו מיר אין געסט; און טאָמער וועלן זיי ניט גלייבן, וועסטו זיי באַוויַיזן דעם בריוו און דאָס געלט. זיי וועלן דיר מסתמא זייער מקנא זיַין. איך וואַרט אויף דיַין טעלעגראַמע: „איך פאָר קיין נערווי. טאַמאַראַ".

איך קוש דיך שטאַרק.

פּאַפּאַ

## 171. צו נאַטאַשע מאַזאָר

14טן מאַרץ 1913

טיַיערע נאַטאַשע!

מיר וואַרטן אַלץ און וואַרטן פון דיר בריוו. מיר האָבן געמיינט, אַז ליוסיע וועט זיַין אַזוי ליבהאַרציק אויך אויף וויַיטער. לאָזט זיך אויס, אַז אויך ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַ בליץ געטאָן מיט צוויי קאַרטלעך — און שוין.

מיר ווערט פון טאָג צו טאָג בעסער. זאָל גאָט העלפן, אַז אויך דו זאָלסט געהאָלפן ווערן פון דײַן קראַנקהייט, ווי איך פון מײַנער. דער וועטער איז אַ ווונדערלעכער. אַן אומגליק — גאָרנישט, קיין אות שרײַב איך ניט. דאָס קימערט מיך אַ ביסל. נאָר איך זע אַז מיר איז נייטיק אַן אָפּרו, אַן אַבסאָלוטע רו. די סיבה פון מײַן קראַנקהייט (דער לעצטער) — גײַסטיקע איבערגעמאַטערטקייט. הגם „ווו איז די אימעניע, ווו איז דאָס וואַסער״ ? ווו זײַנען מײַנע גײַסטיקע פעיִקייטן און ווו איז מיין אורין־פענכער ? אָבער ס׳איז טאַקע אַזוי, מיט די דאָקטוירים טאָר מען זיך ניט קריגן. אויב זיי זאָגן אַזוי. אַלזאָ, אויב עס איז דיר שווערלעך, זאָל ליוסיע זיך באַמיִען פאַר דיר. אַ קאַרטל אָנשרײַבן איז גאָרניט מיט נישט. מיר וואַרטן.

דײַן פעטער ס.

## 172. צו טאַמאַראַ בערקאָוויטש

נערווי, 21סטן מאַרץ 1913

ליבע, טײַערע טאַמאַראָטשקאַ !

אַ שאָד פון דעסטוועגן, וואָס דו האָסט אָפּגעלייגט דײַן רײַזע אויף נאָך פּסח. מיר איז אומעטיק אַליין צו שפּאַצירן אויף דער מאַרינע. דערפרעג זיך, ווען וועט שוין זײַן פּסח, און קום צו פאָרן וואָס גיכער. און דערווײַל שרײַב אָן נאָך עפּעס אַ דערציילונג. דײַן צווייטע דערציילונג האָב איך באַקומען און איבערגעשיקט צו נומאַן. ער שרײַבט אויך דערציילונגען. און איך שרײַב אויך דערציילונגען. מיר אַלע שרײַבן דערציילונגען.

פּאַפּאַ

## 173. צו דער זעלבער

נערווי, 22סטן מאַרץ 1913

טײַערע טאַמאַראָטשקאַ !

מע וועט מוזן, הייסט עס, דיר שיקן פריש געלט אויף דער רײַזע ? גוט. איך וועל מיך באַמיִען. נאָר איך האָב אַן אַנדער פּראָיעקט. איך רעכן אַוועקשיקן דײַנע ביידע דערציילונגען אין דער רעדאַקציע פון דער צײַטונג „קינדערבאַלזאַם״ און באַקומען פאַר זיי האָנאָראַר, דאָס הייסט געלט, וועסטו האָבן מיט וואָס צו פאָרן. שרײַב מיר, ווי אַזוי זאָל איך דיך אונטערשרײַבן : „טאַמאַראַ אָדעססאַ״ ? צי „טאַמאַראַ בערקאָוויטש״ ? אָדער גלאַט „טאַמאַראַ״ ? און וואָס איז מיט די פונקטואַציע־צייכנס ?

איך קוש דיך.

פּאַפּאַ

## 174. צו דער זעלבער

לאָזאַן, 10טן יאַנואַר 1914

ליבע טאַמאַראַ.

איך האָב באַקומען דײַן בריוו און האָב מיך געשעמט, וואָס איך האָב דיר אַזוי לאַנג ניט געשריבן! איך שרײַב אַלץ ביכער און ביכער, און דיר קיין איין שורה ניט! אָבער דאָס מיינט ניט, אַז איך האָב דיך פאַרגעסן; פאַרקערט, איך שרײַב און טראַכט אַלץ, וואָס וועט זאָגן טאַמאַראַ, ווען זי וועט לייענען מײַנע ביכלעך? הייסט עס, אַז איך האָב דיך ניט פאַרגעסן. אַיאָ? גיב איבער אַ גרוס פרוי בעלאַ קויפמאַן. זאָג איר, אַז זי שרײַבט, פונקט ווי אַ הון אויפן זאַמד. איך קוש דיך און טראַכט: ווען וועט שוין זײַן זומער?

דײַן פּאַפּאַ שלום־עליכם

און נאָך עפּעס האָב איך דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז בשעת איך בין געווען אין פּאַריז, האָב איך געזען אַ מיידעלע מיט אַ קליין מאַלפּעלע, ס'איז געווען קאַלט, און ביידע האָבן געפרוירן, ביידע האָבן געציטערט און ביידע האָבן געבעטן אַ שטיקל ברויט, ס'איז געווען אַזאַ רחמנות צו קוקן, אַז עס האָט זיך געגלוסט אַזש וויינען.

און נאָך עפּעס האָב איך דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז אין פּאַריז איז פאַראַן אַ סינע־מאַטאָגראַף אין דרויסן און מע באַווײַזט אַזעלכע לעכעריקע בילדער, אַז מע קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער. איך מוז דיך אַ מאָל נעמען קיין פּאַריז. גיב אַ קוש פון מײַנט וועגן דער מאַמאַטשקאַ און דעם פּאַפּאַטשקאַ און ליאַלין און בעלאַן און מיכאַלן.

## 175. צו דער פאַמיליע קיין לאָזאַן

נערווי, שטראַנד־האָטעל, 21סטן פעברואַר 1914

טײַערע!

אין שכנות מיט מײַן צימער וווינט אַ פּראָפעסאָר פון דעם קיִעווער אוניווערסיטעט, בין איך אין איין שרעק, מחמת ער איז דאָ מיט אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר אַכט־נײַן. פלוצעם וועט ער הרגענען דאָס ייִנגעלע, וועט אים מאַכן דרײַצן ווונדן און וועט זאָגן, אַז דאָס האָב איך אים געמאַכט אַ „ריטואַל". יעדן טאָג בעט איך גאָט, אַז דאָס ייִנגעלע זאָל זײַן געזונט. ס'איז דאָ אַ האָפענונג, אַז זיי פאָרן אַוועק קיין ראַפּאַלאָ. אַז איך האָב מיך דערפון דערוווּסט, האָב איך מיט אַ כּיוון, איבערן טיש, גענומען פאָרן דאָקטאָר זאָק הויך אויפן קול, אויף רוסיש, צו לויבן ראַפּאַלאָ אין טאָג אַרײַן! — — —

## 176. צו אָלגאַ ראַבינאָוויטש

נערווי, 25סטן פעברואַר 1914

פרײַנד מײַנער!

ווי עס זאָל זיך ניט וועלן שרײַבן וועגן וועטער, נאָר אַז מע שטייט אויף אין דער

פרי און אַנשטאָט נערווי טרעפט מען נערוויטשקע, מוז מען שוין אָנהייבן ריידן פון וועטער. — — —

דערפאַר אָבער איז אויפן הארצן אַזוי גוט! אַזוי פריילעך! ווייסטו, פאַר וואָס פריילעך? מחמת דערפאַר, וואָס איך ענדיק שוין די דראַמע. וואָס הייסט, איך ענדיק? אָט אַזוי! איך האָב דאָך נאָך דעם, ווי דו האָסט זי איבערגעלייענט, גענומען און זי איבערגעשריבן פון דאָס ניי, דאָס הייסט, אָנגעשריבן גאָר אַ נייַע דראַמע, לויט יענעם פּלאַן, וואָס איך האָב דיר אומגעפער דערציילט. אַצינד, האָף איך, איז זי אַרויס ווי עס באַדאַרף צו זייַן. ווּעסט זען. הייַנט דערשרייַב איך דעם פערטן, לעצטן אַקט. ס׳איז אַרויסגעקומען, אַזוי ווי דו האָסט געזאָגט, פיר אַקטן און זיבן בילדער. די ערשטע דרייַ אַקטן זייַנען גרויסע. דער פערטער איז אַ קליינער, נאָר אַ רירנדיקער. דער הויפּט איז רירנד, ווען טביה געזעגנט זיך מיט די נאַקעטע ווענט, קושט זיי און לייגט רחמנות אויף דער פאַריתומטער קאַץ, זאָגט, אַז מע טאָר זי ניט איבערלאָזן, ס׳אַ צער בעלי־חיים... פאַר קריסטן (אויב די דראַמע וועט האָבן די זכיה צו זען די ברעטער פון אַ קריסטלעכן טעאַטער) וועט דאָס זייַן אַ גרויסער קאָנפוז, וואָס דער ייִד, וועלכער ווערט פון זיי אַרויסגעטריבן, האָט רחמנות אויף אַ קאַץ...

ווי נאָר איך וועל ענדיקן, אַזוי וועל איך באַלד אָפּשיקן בערקאָוויטשן אויף איבער־צושרייַבן און וועל זיך נעמען פאַר מייַן „מאָטלען". ער קומט מיר צו חלום יעדער נאַכט אין פאַרשיידענע געשטאַלטן. נאָר אַחוץ מאָטלען דערקוטשען מיר אויך אַנדערע טעמעס. ניט אָפּצוטרייַבן זיך פון זיי. ווו נעמט מען אַזוי פיל כּוחות און — דער עיקר — אַזוי פיל צייַט, פאַרטיק צו ווערן מיטן גאַנצן מאַטעריאַל? און דאָ ליגט דער „מבול" און ווייַנט: פאַר וואָס האָב איך אים פאַרוואָרפן אין אָריגינאַל און אין דער איבערזעצונג?

איך קוש אַלעמען.

דייַנער

## 177. צו י.ד. בערקאָוויטש

נערווי, 9טן מאַרץ 1914

מייַן טייַערער!

— — — ער ווייַנט ניט און קושט ניט, נאָר פון זייַנע ווערטער איז צו זען, אַז ער איז גרייט צו פאַרגיסן טרערן, אַז ער וויל קושן די ווענט פון זייַן שטוב, אָבער טון טוט ער דאָס ניט: „וואָס רעדסטו? איך וואָלט ניט געקושט אָט די ווענט? איך וואָלט ניט צוגעפאַלן צו אָט דער ערד? דו פאַרגעסט, אַז דאָ בין איך געבוירן און וו."

די פאַרלאָזטע און פאַריתומטע קאַץ רופט ער מיטן נאָמען „חיה":

— רחמנות דאַרפן מיר האָבן אויף אַ פערד, ווי להבדיל אויף אַ מענטשן. אָט זעסטו? אַ קאַץ — דאַכט זיך, וואָס? אַ חיה? פון דעסטוועגן... ווי אין דער תּורה שטייט געשריבן: „צער בעלי־חיים"...

איז שוין פאַראַן אַ חילוק?

## 178. צו נומאַ ראַבינאָוויטש

**נערווי, 26סטן מאַרץ 1914**

טײַערער נומטשיק!
איך גראַטוליר דיך מיט דײַן אַרײַנטרעטן אין גימנאַזיע (קאָלעדזש) און ווינטש זיך און דער מאַמע, מיר זאָלן דערלעבן צו דײַן אַרײַנטרעטן אין אוניווערסיטעט און צו דײַן ענדיקן אים. אויף דײַן בר־מיצווה, פֿאַרשטייט זיך, וועל איך קומען צו פֿאָרן.
איך קוש דיך.

**פּאַפּאַ**

## 179. צו משה באַראָטשין

**נרווי, שושן פורים תרע״ד**

לכבוד ידידי הישיש, **ה ח ו ת ך ח י י ם ל כ ל ח י** (אם הוא בן זכר מזרע היהודים), איש חמודות, רב פעלים ומהיר במלאכתו, וכו׳ וכו׳ וכו׳, כמר משה באַראָטשין נ״י.

אײַער ליבער בריוו, רב משה, האָט מיר געבראַכט פֿיל פֿרייד און פֿיל עגמת־נפש. געפֿרייט האָב איך מיך, וואָס מיר ביידע האָבן דערלעבט די בר־מיצווה פֿון מײַן מיזיניקל, וועלכן איר האָט אַזוי קונציק אָפּערירט, אַז ער קאָן שוין איצט ניט אַרײַן נישט אין קיין שום רישעשע גימנאַזיע, נישט אין קיין שום רישעשן אוניווערסיטעט, אם־ירצה־השם, און אַפֿילו איבערנעכטיקן אַ נאַכט אין אײַער הייליקער שטאָט קיִעוו טאָר ער שוין אויך ניט, און אַ סברה, אַז אַפֿילו אויף דער סלאָבאָדקע וועט ער שוין אויך באַלד ניט טאָרן. טשעבעריאַטשקע מעג, און ער ניט! וואָלקיוונען איז דערלויבט, אים — ניט! הכּלל, איר האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ לײַט, און ער וועט אײַך קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן די טובה, וואָס איר האָט אים געטאָן מיט דער אָפּעראַציע, וואָס איז אײַך אַזוי גערעאָטן, אַז מיר האָבן אַזש געטרונקען ווײַן פֿונעם אמתן כּרמל מיטן נאָמען „עין־גדי״, און נאָך באַהאַלטן אַ פֿלאַש „עין־גדי״ צו דער בר־מיצווה זײַנער!... דאַנקען השם־יתברך, איר זאָלט זען אַ יונגאַטש! הויך און שיין און געזונט קיין עין־הרע, און אַ שקאָץ קיין עין־הרע, און לערנט קיין עין־הרע, דער ערשטער צווישן די שווייצאַרישע גויים אין קאָלעדזש (גימנאַזיע בלע״ז), און שפּילט שאָך מיט גרויסע שפּילערס און גיט זיי אַ בערדע, און לערנט ייִדיש און לשון־קודש אין דער היים, בײַם לאָזאַנער רב, וואָס קען נישט מער, אָבער נישט ווינציקער, וויפֿל בײַ אונדז אַ באַהעלפֿער בײַ אַ דרדקי־מלמד, — הכּלל, עס וואַקסט אַ ייִד מיט גאָטס הילף — און דאָ קומט דער צווייטער פּונקט פֿון אײַער בריוו, וואָס האָט מיר פֿאַרשאַפֿן אַזוי פֿיל עגמת־נפש:

סטײַטש, איר קענט מיך, דאַכט זיך, פֿון אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך, — איר זאָלט מיר שטעלן אַזאַ שאלה: צי האַלט מען נאָך בײַ מיר פֿונעם מינהג פֿון בר־מיצווה? איז איין מאָל אָוועק. והשנית, איר זאָלט מיך אַפֿילו ניט קענען פֿערזענלעך, נאָר גלאַט וויסן, אַז איך בין עפּעס מיט גאָטס הילף אַ שטיקל שרײַבער בײַם ייִדישן פֿאָלק, וואָס האָט

ליב דאָס פאָלק, און דאָס פאָלק אים האָט, דאַכט זיך, אויך נישט פֿײַנט, — בײַ שלום־עליכמען זאָל מען ניט האַלטן פונעם מינהג בר־מיצווה?! און אַז ניט קיין שרײַבער — גלאָט אַ ייד, וואָס איז ניט פֿרעמד אין די קליינע אותיות, דאַרף געדענקען דעם פּסוק: לילה ויום קיץ והורף וכו׳ וכו׳. אַז ס׳איז יאָ אַזוי, דאַרף מען אײַך אָפּצאָלן דערמיט, איר זאָלט וויסן, אַז אָט דער שייגעץ טראָגט אַ טלית־קטן פון קליינוויינז אויף, ווערט ניט אַנטשלאָפֿן ביז ער זאָגט ניט אָפּ „שמע־ישראל״, דאָס זעלבע אויך אין דער פֿרי, פאַרן קאָלעדזש. און אַנו, פּרוּווט אים געבן, אַדרבא, פּסח זאָל ער עסן חמץ! אָדער גלאָט לאָז עמעצער זאָגן אַ שלעכט וואָרט אויף אַ יידן! איך בין ניט מקנא יענעם גוי, וואָס זאָל אים זאָגן „זשיד״! אַ גליק, וואָס בײַ אונדז הערט מען עס ניט לעת־עתה...

אַצינד, מײַן ליבער בּאַראַטשין, אַז איך האָב מיך מיט אײַך אַ ביסל אָפּגערעכנט פאַר מײַן קריוודע, וועלן מיר אַריבערגיין צום גוף הענין, צו דער בר־מיצווה פון מײַן בן־זקונים שיחי׳.

די בר־מיצווה איז אַקוראַט שבת ראש־חודש ניסן פּרשה ויקרא, דעם 28/15 מאַרט. נאָר מיט אַ תּנאַי: אויב איך וועל קאָנען זיך אויסדרייען פון דאַנען אַהיים קיין לאָזאַנע ביז יענעם שבת, אַניט — וועלן מיר פּראַוון די בר־מיצווה מיט אַ וואָך שפּעטער, שבת הגדול. מײַן בר־מיצווה איז אויך געווען שבת הגדול, כאָטש געבוירן בין איך אין פעווראַל. געווען, הייסט עס, אַ נדחה. דער חילוק איז נאָר, וואָס איך האָב געזאָגט אַ דרשה, אַ גאַנצן שיעור, אַ געדרייטן, אַ געפּלאָכטענעם, אויף אונדזער יידיש, און מײַן בן וועט אַנדערש דרשענען, אויף אַן אַנדער לשון — איך ווייס ניט, וועלכע דרשה איז בעסער... נאָר וואָס זאָל מען טון — מען איז אין גלות, רחמנא־לצלן! הכּלל, ליבער פרײַנד, איך וועל אײַך נאָך געבן צו וויסן בדיוק, וואָרעם איך וועל מיך נאָך צעפרעגן בײַ די אַנשי טאַמאַזשנע, אויב ס׳איז מעגלעך איבערצושיקן אַ פלעשל ווײַן פון אײַער מדינה, ס׳זאָל ניט ווערן נסכּדיק און מע זאָל עס ניט אויסטרינקען חלילה ביז ס׳וועט קומען צו דער גרענעץ? אויב ס׳איז מעגלעך, וועל איך אײַך בעטן, איר זאָלט מיר, פאַרחתמעטערהייט בגושפּנקא שלכם, אַרויסשיקן דאָס פלעשל „עין־גדי״ קיין לאָזאַנע על־ידי נאַכנאַמע אויף דרײַצן רובל (כּמנין שנותיו של הבר־מיצווה), וועלכע איר וועט זײַן אַזוי גוט אָפּגעבן דער ערשטער אָרעמער קימפּעטאָרין, וואָס וועט געלעגן ווערן מיט אַ בן־זכר הײַנטיקן ערב פּסח. און באַם, חס־ושלום, דאָס איז אויסגעשלאָסן און דער ווײַן בלײַבט בײַ אײַך, וועט איר אַזוי גוט זײַן דאָס פלעשל אויפעפענען, אַ רעכטן כּוס אָפּטרינקען לחיי הבר־מיצווה, און צוריק דאָס פלעשל גוט פאַרקאָרקעווען — איך רעכן, אם־ירצה־השם, באַלד נאָך פּסח אַראָפּכאַפּן זיך פון מײַן נסיעה איבער „ריסענלאַנד״ צו אײַך קיין יעהופּעץ, — וועלן מיר אויך פאַרזוכן פונעם דאָזיקן „יין המשומר״, — און אַז ניט, לאָז עס ליגן בײַ אײַך אין קעלער עד יום חתונתו ויום שׂמחת לבו של הבר־מיצווה, און לאָז גאָט געבן, אַז מיר אַלע זאָלן דערלעבן טאַקע צו זײַן חתונה, מיט בשׂורות טובות ישועות ונחמות אויפן כּלל־ישׂראל — אָמן ואָמן.

ידידכם אוהבכם ודו״ש עכב״ב
שלום־עליכם

וואָס מאַכט אײַער פּלונית, אײַער טאָכטער, אײַער איידעם און זייער טעכטערל — געווען אַ ברען אַ מיידעלע! און אײַער זון וואָס מאַכט? שרײַבט ענטפער תּיכף־ומיד.

מאַכט איר נאָך אַ מאָל אַ זעקס־און־זעכציק, אָדער אַ טויזנט, אָדער אַ פּראָסטע ייִדישע סטוקעלע ?...

## 180. צו די בערקאָוויטשעס און קויפמאַנס

לאָזאַן, 1טן אַפּריל 1914

טײַערע!

הייסט עס, איך בין אין דער היים. כּמעט נאָך אַ צוויי־מאָנאַטלעכן איבעררײַס. אָ, ווען איר זאָלט זען נומטשיקן און ווען איר זאָלט הערן, ווי אַזוי ער לייענט די פּרשה פון דער תּורה, וואָס ער וועט דאַרפן זאָגן שבת אין שול, און די ברכות, נאָר דער הויפּט די פּרשה: וּמִפֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד, — וואָלט איר אויך געווען גערירט, אויב ניט אַזוי ווי איך, איז כאָטש האַלב דערפון. מיר האָבן צעשיקט אַרום פּופציק אײַנלאַדונגען, שטאָטישע און אויסשטאַטישע (אויך בן־עמין, וועלכער וועט מסתּמא קומען), אויך צו די קויפמאַנס קיין ליפּקאָן. אָקערשט איז געווען אַ הייסער ויכּוח צווישן מיר (דעם עקסטרעם־לינקן אָפּטימיסט) און צווישן דער מאַמע (דער עקסטרעם־רעכטער פּעסימיסטקע). דער אָפּטימיסט האָט פּאָרגעלייגט, אַז מע זאָל אײַך אַלעמען אויסשרײַבן פון בערלין אויפן קומענדיקן שבת צו דער בר־מיצווה, און פאַר איין וועגס — שוין אויף פּסח (אויף די ערשטע טעג; און אפשר אויף אַלע טעג — עס ווענדט זיך אין וואַרשע). און מישאַ וואָלט אויך געקומען. מיט איין וואָרט, דער יום־טוב און די שׂימחה וואָלטן געווען פאַר פול. די פּעסימיסטקע אָבער האָט מיך אָנגערופן עגאָיִסט. זי באַהויפּט, אַז פאַר אײַך איז עס גאָרניט אַזוי וויכטיק, ווי פאַר אונדז. דאָס איז איינס. והשנית, אַז די זאַך איז פּאַקטיש אוממעגלעך: מיכאל עקזאַמענירט זיך, און ס׳איז פאַרבונדן מיט הוצאות — די נסיעה אַליין הין און צוריק באַטרעפט 400 פראַנק, אאז״וו. אַזוי, אַז מײַן חלום, וואָס איך האָב געשפּונען, ווערט צעקראָכן און די משפּחה ווערט צעריסן. דאָס איז זייער טרויעריק. ס׳איז ניט דערגרייכלעך, למשל, צו קויפן אַ ווילע, צי אַ צוקער־פאַבריק, צי אַן אייגענע צײַטונג. אָבער אַזאַ זאַך, פון דעסטוועגן, איז דאָך ניט אַזוי שווער צו דערגרייכן. וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן עטלעכע הונדערט פראַנק דאָרט, ווו עס גייען אַוועק טויזנטער און ווו עס פעלן אויס טויזנטער ? — — —. מעגלעך, אַז מיך באַוועגט דאָ אַ ריין עגאָיִסטישער אינסטינקט. עס גלוסט זיך מיר תּמיד אַרומנעמען דאָס, וואָס לאָזט זיך ניט אַרומנעמען. און אויך סענטימענטאַליזם איז בײַ מיר פאַראַן אַ סך. למשל, איך האָב מיך דערמאָנט, ווי אַזוי די באָבע האָט איין מאָל, קוקנדיק אויף נומטשיקן, זיך אויסגעדריקט, אַז זי וואָלט נאָר ווען דערלעבן ביז זײַן בר־מיצווה. איך האָב מיך עס דערמאָנט גראָד אין דער מינוט, ווען ער האָט געזונגען פאַר מיר דאָס ברכת־התּורה און זײַן קלינגענדיק קול האָט אָפּגעהילכט אין מײַנע אויערן, — און די אויגן זײַנען מיר פאַרלאָפן מיט טרערן. אָט אַזאַ מענטש בין איך פון דער נאַטור און אַזאַ וועל איך שוין שטאַרבן, און איך בין מקנא יענע, וואָס קאָנען אָננעמען פאַר ליב די האַרטע ווירקלעכקייט. — און פון דעסטוועגן ווילט זיך מיר זייער, אַז איר אַלע — אַלע זאָלט דאָ זײַן אויף דעם שבת, און אויב ס׳איז אײַך אוממעגלעך צו פאַרבלײַבן ביזן סדר, וואָלטן מיר אויפן סדר געפאָרן צו אײַך, שוין מיט אײַך צוזאַמען. — — — אַך, ווען טאַמאַרקע

זעט נומאַן אין דעם פּאַרמעלן היטל! און ווי הויך ער איז אויסגעוואַקסן! און ווי שיין ער איז געוואָרן! אַ פּאַרשוין!

איך קוש. פּ אַ.

## 181. צו י. ד. בערקאָוויטש און מיכאל קויפמאַן

לאָזאַן, 5טן אַפּריל 1914

בחדר"ג!!!

לבני היקרים דוב ומיכל, ברקוביץ וקויפמאַן!

אײַערע פּלוניתטעס האָבן אונדז אָפּגעטאָן, הייסט עס, אַ שפּיצל — געקומען צו פאָרן אָן אַ שום ידיעה און געמאַכט אַ טאַרעראַם, אַרויסגערופן געלעכטערן ביזן הימל, פאַרכאַפּט אַ שטיק בר־מיצווה, אונדז געבראַכט פאַרגעניגן און פרייד עד אין קץ — און דאָך פאַרדינען זיי, מע זאָל זיך מיט זיי אָפּרעכענען און משלם זײַן בכפל־כפליים. איך האָב אַ פּלאַן אַ גאָלדענעם! אָבער טאַקע גינגאָלד! אַזוי ווי, הייסט עס, זיי זײַנען די קלוגע און די גליקלעכע, און איר ביידע זענט נעבעך די איבערגעבליבענע „שטרויענע אַלמנס", און אַזוי ווי עס גייט צו פּסח, אַזאַ יום־טוב, און מיר זײַנען שוין דאָ אַלע, חוץ אײַך צווייען, און זיי, אײַערע קלוגע ווײַבער, זײַנען זיכער, אַז איר זיצט דאָרטן טרויווערדיק אין בערלין, עלנט אָן אַ קינד, אָן אַ רינד, על־כּן איז אַ שׂכל און אַ יושר און אַ מיצווהָ און אַן אויפטו און אַ המצאה, אַז ס'זאָל זיך עפּענען בײַ אונדז פרײַטאָג ערב פּסח די טיר און איר ביידע זאָלט אויסוואַקסן, ווי פונעם הימל אַראָפּגעפאַלן! איך שטעל מיר פאָר די געלעכטערן שוין באַצײַטנס! ניין, אַחוץ דעם תּענוג מיטן נחת־רוח, וואָס איר וואָלט אונדז מיטגעבראַכט אַלע אין איינעם, בנערינו ובזקנינו, צום סדר — ווער ווייסט, וויפל פּסחן עס שטייען נאָך פאַר אונדז, וואָס מיר זאָלן אַ ל ע קאָנען זײַן אין איינעם? — אַחוץ דעם, וואָס דאָס וואָלט גלאַט געווען אַ יושר, ס'איז אין גאַנצן דרײַ־פיר טעג ווערן צעריבן, אַחוץ דעם, וואָס איר וואָלט אי אונדז, אי זיך געטאָן אַ טובה, — אַחוץ די אַלע זאַכן, בין איך פונעם אײַנפאַל און פונעם וויץ אַזוי באַגײַסטערט, אַז ווען איך בין רויטשילד, שענק איך אײַך דערפאַר אַ מיליאָן! איצטער זיצן בײַ אונדז אין סאַלאָן די קאַבאַקס, טיסי דערציילט עפּעס פון גרופּעס טשערנאָוויץ־גאָלדבערג מיט נאָקעטע נשים אין אַבאַצציאַ, און דער עולם קאַטשעט זיך דאָרט פאַר געלעכטער, בעלאַ און תּמרה זײַנען שוין געגאַנגען שלאָפן, און קיינעם פאַלט אפילו ניט אײַן, אַז איך שרײַב צו אײַך אָט דאָס פּראָוואָקאַטאָרישע בריוול! אַך, קינדער! קינדער! טוט מיר די געפעליקייט און זעצט אײַך אויף דאָנערשטאָג האַלב פיר אויף דער באַן, אין דער זעלבער צײַט וואָס אײַערע ווײַבער, און קומט צו פאָרן פרײַטאָג אין דער פרי צו אונדז. ס'איז אַלעס פאַרטיק. דעם סדר האָבן מיר באַשטעלט בײַ שעכטמאַנען, צוזאַמען מיט די קאַבאַקס, אין אַ באַזונדער זאַל. אַ קוואַרטיר וואַרט אויף אײַך בײַ אונדז. געסט וועט איר זײַן זייער־זייער אָנגעלייגטע בײַ אַלעמען. אַ מיצווה וועט איר פאַרדינען אין אײַערע קינדער, און נאָך מער אין מיר, ובזכות זה וואָס מירן זיך אָנלאַכן, האָבן תּענוג, פאַרברענגען צוויי טעג, זיך פאָטאָגראַפירן אַ גרופּע (מישאַ קומט אויך אויף פּסח פון

לייזען), וועט איר האָבן אַ מאָל פון אײַערע קינדער דעם זעלבן נחת, וואָס מיר פון אײַך — און פאָרן וועלן מיר אויך אַלע אין איינעם, אם־ירצה־השם, זונטאָג אויף דער נאַכט קיין בערלין, וואָרעם 1/14 איז מײַן ערשטער אָוונט אין וואַרשע. רק איר זאָלט פריִער קויפן אונדז צוויי בילעטן צווייטער קלאַס מיט שלאַפוואַגען איבער קאַליש — בערלין — וואַרשע און ברענגען זיי מיט זיך, און קיין דעפּעש — הזהר והשמר — ניט געבן, און קומען אומגעריכט און זאָגן אַ גוט־מאָרגן — און שאַ!

דברי אביכם החפץ לראותכם בקרוב ובלב שמח
שלום־עליכם

פּ.ס. — איך ווייס דאָך ווען דער צוג דאַרף קומען פרײַטאָג אין דער פרי, 11.30, וועל איך אײַך אָפּוואַרטן אויפן וואָקזאַל און ברענגען אײַך צו פירן אונטער די הענט ביידן גלײַך אין שטוב אַרײַן און אַפילו נישט פאַרקרימען זיך — אַט זײַנען זיי!

נ.ב. — אַגב איז דאָ וויכטיקע זאַכן איבערצושמועסן וועגן דעם סאָקאָלאָווסקי, וואָס קומט פון אַמעריקע, און וועגן דעם חברה־מאַן, וואָס וואָרקל שרײַבט (רצ"פּ אגרתו), און מיר וועלן זיך גאָר ניט קאָנען זען, אויב חס־ושלום איר קומט ניט. ש. איז אויך דאָ אויף פּסח און קומט אַלע טאָג, און ער האָט אויך עפּעס גראַנדיעזע פּראָיעקטן. ער גיט שוין 100 טויזנט רובל אויף אַ טאָגצײַטונג אין וואַרשע מיט אַ פאַרלאַג, כאָטש איך גיב ניט פאַר זײַנע 100 טויזנט קיין 2 פּראַנק אַפילו.

## 182. צו די בערקאָוויטשעס

**ווילנע, 3טן מײַ 1914**

ווען די מאַמע גייט אַוועק, דעמאָלט קומט צו מיר אַיעדער אומגליק.

עס עפנט זיך האַסטיק די טיר און עס פאַלט אַרויף גלײַך אויף מיר אַ שרעקלעכע, אַן אַלט־צעפּוילטע, שלעפּעריש געקליידטע פיגור, וואָס פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ טויטלעכן ריח. איך בין פאַרציטערט געוואָרן. נאָר איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַרום־צוקוקן זיך, בין איך שוין געווען אין די אָרעמס פון אָט דער מוראַדיקער, אין שמאַטעס פאַרוויקלטער פיגור, צוויי ביינערדיקע הענט האָבן מיך אַרומגעכאַפּט, און איך האָב מיך דערפילט אין דער מאַכט פונעם טויט. טויטלעך פײַכטע ליפּן האָבן מיך אַ טשמאָקע געטאָן אין באַק, און אין דער נאָז איז מיר פאַרגאַנגען אַ ריח פון מיסט, אויסגעמישט מיט נאָך עפּעס ערגערס... אַ מויל אָן ציין האָט אַ טשאַמקע געטאָן אַ ברכה אויף העברעיִש:

— ברוך מחיה המתים!

איך בין געוועזן אויף אַ האָר צום חלשן. ניט שוין זשע איז דאָס דער מלאך־המוות? ניין. דאָס איז געווען מזח!

— — —

איך שיק אײַך זײַן ביכל, פאַר וועלכן איך האָב אים אַרײַנגעשטופּט אין האַנט פינף

רובל און קוים איינגעבעטן, ער זאָל נעמען. בײַ זײַן שרעקלעכער אָרעמקייט האָט ער אין זיך אָפּגעהיט אַ שטאָלצע איידעלע נשמה.

## 183. צו נאַטאַשע מאַזאָר

קאָפּענהאַגען [סעפּטעמבער 1914]

טײַערע נאַטאַשע!

נאָך דעם, ווי איך האָב אָנגעשריבן סירקינען אַ טרערנבריוו, בעטנדיק מיר טעלע־גראַפירן וועגן דײַן געזונט, איז אָנגעקומען דײַן רעקאָמענדירטער און דערנאָך אַ טעלע־גראַם. גאָט צו דאַנקען, ווײַל מיר האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ. גאָט וועט העלפן, די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן און, פאַרשטייט זיך, מיטן זיג פון רוסלאַנד, — דעמאָלט וועט אַלץ זײַן גוט! נאָר דערווײַל דאַרף מען פאָרן קיין אַמעריקע זוכן גליק. די פראַגע איז, ערשטנס, ווו נעמט מען געלט? און איך האָב דאָך ניט קיין צדקה געבעטן, נאָר אַ הלוואה אונטער זייער גוטע וועקסלען פונעם פאַרלאַג „צענטראַל". צווייטנס, ווו נעמט מען געזונט? בײַ מיר איז דאָך אַ נײַע קראַנקהייט — צוקער־קראַנקהייט אָן צוקער. דאָס הייסט אָן אומגעהײַערער דאָרשט! די דאָקטוירים זאָגן, אַז דאָס איז אַ „שאָק", אַ רעזולטאַט פון נערוון־אָנשטרענגונגען. בײַטן דעם קלימאַט וואָלט געווען פאַר מיר אַ מין גן־עדן. באַזונדערס איטאַליע. אונדזער געלטאַדרעס, אויב די בענק נעמען שוין אויף סומעס מער פון 300 רובל, איז דורכן אַזאָווער באַנק מיט אַ טעלעגראַף־אַנווײַזונג אויף דער היגער „לאַנדסמאַנסבאַנק". נאָר מע דאַרף טעלעגראַפיש אונדז מיטטיילן וועגן דעם מיט אַ פּינקטלעכער אָנווײַזונג פונעם באַנק און פון דער סומע. אויב אָבער דורכן באַנק איז נאָך ניט מעגלעך, דאַרף מען טעלעגראַפיש דורך דער היגער גענעראַלער רוסישער מיסיע אָדער קאָנסולאַט. אָבער דורכן באַנק איז באַקוועמער. אין פאַל, אויב מער פון 300 ר' נעמט ניט אָן דער באַנק, דעמאָלט וועט אויסקומען די סומע צעדרויבלען און אַרויסשיקן: צו 300 רובל אויפן נאָמען — מײַנעם, אָלגעס, בערקאָ־וויטשעס, מישעס, יע. בערקאָוויטשעס (און אַנד') — און אַלעמען אויפן אַדרעס, וואָס איז אָנגעוויזן אין קעפּל (פונעם בריוו), ד"ה פּראָווינץ־האָטעל. זײַ מיר מוחל, וואָס איך דול דיר דעם קאָפּ וועגן געלט, וואָס וועט ניט זײַן... און אפשר וועט זײַן — ווער קאָן וויסן?...

אַ גרוס מאָיסיי סאָוועליעוויטשן און די קינדער.

דײַן סאָלאָמאָן

## 184. צו דער זעלבער

קאָפּענהאַגען, 12טן נאָוועמבער 1914

טײַערע נאַטאַשע!

פון דער דאָזיקער דאַטע וועלן מיר אין זיבן טעג אַרום (דעם [6] 19 נאָוועמבער)

אַפּשווימען אויף דער שיף „פּרעדעריק-8" קיין אַמעריקע. נאָר אָנשטאָט 12 מענטשן, ווי מיר האָבן געטראַכט פריִער, פאָרן מיר בלויז 7. מיכאַיל, ליאַלי און בעלאַ — אין ליפּקאַן. מישע איז אין סאַנאַטאָריע לעבן קאָפּענהאַגען, און עמאַ פאַרבלײַבט אין קאָפּענ-האַגען אויף אַ צײַט. מיר האָפן, אַז מע וועט זיי דורכלאָזן קיין שווייץ. און אויב ניט, וועט אויך זיי אויסקומען צו פאָרן קיין אַמעריקע, ווי גיך עס וועט דערלויבן דאָס געזונט. דערנאָך האָפן מיר אַלע זיך צונויפזאַמלען אין איין פּונקט — אין רוסלאַנד, וועלכע וועט, אַ פּנים, אַרויס אַלס זיגערין פון אָט דער גרויסער מלחמה. זײַ געזונט, שטאַרק דעם גײַסט. אַ גרוס מאַיסיי סאַוועליעוויטשן און די קינדער.

איך קוש.

דײַן פּעטער סאָלאָמאָן

## 185. צו דער זעלבער

1914 דטן (20סטן) נאָוועמבער

טײַערע נאַטאַשע!

אַ גרוס דיר און אַלע דײַניקע פונעם פאַראָכאַד, וועלכער פירט אונדז קיין אַמעריקע. דערווײַל איז דער ים רויִק. ווי מיר וואָלטן אין האָטעל געוווינט. פון ניו-יאָרק — אויב גאָט וועט העלפן, מירן דערפאָרן בשלום, — וועלן מיר אײַך געבן אַ טעלעגראַם.

מיר קושן.

סאָלאָמאָן

## 186. צו עמאַ ראַבינאָוויטש

1914 [דאַמפּשיף „פרעדעריק דער 8טער"], 21סטן נאָוועמבער

טײַערע עמאָטשקאַ!

מיר גלייבן נאָך אַלץ ניט, אַז מיר פאָרן קיין אַמעריקע, מחמת מאַרוסי טראַכט נאָך אַפילו ניט צו לײַדן. דערפאַר האָט זיך דער אַפּעטיט בײַ אַלעמען צעוואַקסן. מישאַן שרײַב איך באַזונדער יעדן טאָג. נאָר אָט באַלד וועט קומען אַ צײַט, וואָס מע וועט באַדאַרפן זיך אָפּזאָגן צו שרײַבן אַפילו אַזעלכע בריוו.

איך קוש.

פּ. אַ.

## 187. צו נאַטאַשע מאַזאָר

1914 ניו-יאָרק, 3טן דעצעמבער

טײַערע נאַטאַשע!

פון אונדזער נעכטיקער טעלעגראַם ווייסטו שוין, אַז נאָך אַ צווייוואָכעדיקן שווערן וועג האָבן מיר ענדלעך דערגרייכט די ברעגן פון אַמעריקע. מיר האָבן איבערגעלעבט

אַלץ: סײַ אַ שטורעם, סײַ אַ הוראַגאַן, סײַ שרעק פאַר מינען־פּאַרצוימונגען. אַלע האָבן געליטן פון ים־קראַנקהייט, אַחוץ מיך. איך האָב געשריבן כּמעט די גאַנצע צײַט. איך האָב אָנגעשריבן אַ פּיעסע פאַר אַן אַמעריקאַנער ע נ ג ל י ש ן טעאַטער. אויב זי וועט דורכגיין, וועל איך זײַן אַלרײַט! אויף דעם קאָן מען נתעשר ווערן, ניט געקוקט אויף אַלגעס פּעסימיזם. שוין דאָס אַליין, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פונעם דאַרשט אויף דער שיף, האָט אַ ווערט! אַלע צײַטונגען, סײַ די יידישע, סײַ די ענגלישע, זײַנען פול מיט מײַן קומען. באַגעגנט האָט מען מיך פּאָמפּעז, מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, מיט אינטערוויוען און ד״גל און ד״גל. דער ערשטער אָוונט מײַנער איז דאָ דעם 14טן. מע זאָגט, אַז אַלע בילעטן זײַנען אויספאַרקויפט, ד״ה פאַרשריבן. מיר האָבן זיך אָפּגע־שטעלט אין האָטעל צײַטווײַליק, און טיסי איז בײַ די בערקאָוויטשעס. מיר זוכן אַ דירה.

אַ גרוס מ(אָיסיי) ס(אָוועליעוויטשן) און די קינדער.

דער אַדרעס איז דערווײַל דער פריערדיקער.

איך קוש.

סאָלאָמאָן

## 188. צו עמאַ ראַבינאָוויטש

ניו־יאָרק, 110 לענאָקס עוועניו, 12טן דעצעמבער 1914

טײַערע עמאָטשקאַ! אַנטשולדיק, וואָס איך האָב אַזוי פיל טעג דיר ניט געשריבן. דו האָסט קיין באַגריף ניט וועגן דעם, וואָס הייסט זיך אײַנאָרדענען אין ניו־יאָרק. ערשט הײַנט זײַנען מיר ענדלעך אַריבערגעפאָרן אויף אונדזער וווינונג. און איבער מאָרגן איז מײַן ערשטער אָוונט — און איך האָב נאָך גאָרנישט ניט צוגעגרייט. איך שרײַב דיר און מישאַן און ליאַלין נאָר אונדזער באַשטענדיקן אַדרעס און נעם דיך אַרום.

פּ אַ.

## 189. צו נאַטאַשע מאַזאָר

ניו־יאָרק, 15טן דעצעמבער 1914

טײַערע נאַטאַשע!

נעכטן איז געווען מײַן ערשטער אָוונט. אַ שאָד, וואָס מע קאָן נישט שיקן ניט קיין יידישע, ניט קיין ענגלישע אָפּרופן. דאָס איז אַן אמתער יום־טוב. דער ריזיקער קופּער־יוניאָן איז געווען פול געפּאַקט, נאָר אַ טויזנט־קעפּיקער עולם איז געבליבן אָן בילעטן, דעריבער פּראָיעקטירט זיך אַ 2טער אָוונט אין קאַרנעגי־האָל, וואָס איז אויסגערעכנט אויף ביז זיבן טויזנט מענטשן. ס'איז שווער צו באַשרײַבן די פרייד פון די יידן, וועלכע האָבן מיך באַגעגנט. איך האָב דאָס געוווסט און זיך געריסן אַהער, נאָר ס'איז ניט געווען פאַר וואָס צו דערקלײַבן זיך אַהער, און העלפן האָט קיינער ניט געוואָלט, קיינער ניט

פון אונדזערע רוסיש־ייִדישע מאַגנאַטן, אַפּילו כאָטשבי אין דער פאָרעם פון אַ טובה. דאָס האָט געטאָן אַ דענעמאַרקער ייִד, פּראָפעסאָר סימענסען — אַ דאַנק אים. אַנדערש וואָלט אויסגעקומען צו שטאַרבן אין קאָפּענהאַגען! מיר האָבן געדונגען אַ דירה צוזאַמען מיט טיסין. זיך אײַנגעאָרדנט אויפֿן אַמעריקאַנער אופן גאַנץ נישקשה. בערקאָוויטש האָט באַקומען אַן אָרט פון אַ רעדאַקטאָר פון אַ וואָכנבלאַט. פון עמען און מישען באַקומען מיר בריוו, וועלכע גייען אַ וואָכן דרײַ. פון ליאַלין האָבן מיר שוין פון לאַנג ניט געהאָט קיין בריוו. מיר, וועלכע זײַנען געוווינט זיך איבערצושרײַבן טאָג־טעגלעך! מיר וואַרטן אויף דײַנע בריוו, גוטע בריוו. אַ גרוס מ(אַיסיי) ס(אָוועליעוויטשן) און די קינדער דײַנע.

דײַן פעטער סאָלאָמאָן

## 190. צו דער זעלבער

ניו־יאָרק, 29סטן דעצעמבער 1914

טײַערע נאַטאַשע!

איך גיב דיר צו וויסן, אַז הײַנט האָב איך געשלאָסן אַן אַגרימענט (אַן אָפּמאַך) מיט דער רײַכסטער ייִדישער צײַטונג אין ניו־יאָרק פאַר אַ גאַנץ פײַנעם האָנאָראַר: אַ רובל אַ שורה, ד״ה פאַר 10.000 שורות — 10.000 רובל אַ יאָר. די באַלעבאַטים פון דער צײַטונג זײַנען מיראַ שאַפּיראָ און אַראָנסאָן.

דער אָנהייב איז ניט קיין שלעכטער, די אַנדערע מײַנע ביזנעסן זײַנען נאָך אין וועג (טעאַטער, איבערזעצונגען, סינעמאַ און אַנד׳). עס זאָל בלויז זײַן געזונט. נאָך דעם אַנדערן אָוונט (דעם 9טן יאַנואַר) קלײַב איך זיך אויף אַ וואָכן צוויי קיין קאַלי־פאָרניע — די היגע ריוויערע. אַלגע שרײַבט דיר באַזונדער. אַ גרוס אַלע דײַניקע.

איך קוש דיך.

דײַן פעטער סאָלאָמאָן

## 191. צו עמאַ ראַבינאָוויטש

ניו־יאָרק, 14טן יאַנואַר 1915

טײַערע עמאָטשקאַ!

איך שיק דיר אַ גרוס און אַ קוש. אַ סך שרײַבן האָב איך קיין צײַט ניט. צו פיל אַרבעט. עס פּראָיעקטירט זיך אַ טור איבער די פאַראייניקטע שטאַטן. מײַן אימפּרעסאַריאָ איז אַן ענגלענדער. — — — דערווײַל אָבער וועל איך פאָרן אויף אָפּרו קיין לייקווּוד (אַ פּיכטן־וואַלד), צוויי שעה פון דאַנען, אויף אַ טאָג צען. אויף אָפּרו — הייסט עס, איך וועל דאָרטן שרײַבן.

איך קוש דיך שטאַרק־שטאַרק.

פּ אַ.

## 192. צו דער זעלבער

[ניו־יאָרק], 15טן אַפּריל 1915

טײַערע עמאָטשקאָ מײַנע!

שוין אַזוי לאַנג דיר ניט געשריבן. נאָר איך שיק דאָך דיר די צײַטונג, און עס דאַכט זיך מיר, אַז צוויי מאָל אין דער וואָך שמועס איך מיט דיר. עמאָטשקאַ, בײַ אונדז האָבן אַלע כסדר איבערגעקרענקט. ערשט נעכטן איז געוועזן דער ערשטער טאָג, וואָס „דאָס קינד" איז אויפגעשטאַנען. ער איז שוין פון מײַן וווקס, רעדט ענגליש, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ געבוירן געוואָרן. מיר וואַרטן אויף אײַך, אויף דיר און אויף מישאַן, אין מאָנאַט יולי, נאָך בעסער — אין יוני. אין מײַ מאַך איך אַ קליין טורל איבער די יונײַטעד סטייטס.

איך קוש. פּ. אַ.

## 193. צו דער זעלבער

[ניו־יאָרק], 17טן אַפּריל 1915

טײַערע עמאָטשקאָ,

דו פרעגסט וועגן מײַן דאָרשט — ער איז נאָך פאַראַן, אָבער ניט אין אַזאַ גראַד [ווי פריִער].

הײַנט גייען מיר באַוויינען פּרצן.

איך קוש דיך. פּ. אַ.

## 194. צו דער זעלבער

נ"י, מאַנהעטן־האָטעל, 26סטן יוני 1915

טײַערע עמאָטשקאָ!

אַלע דײַנע און מישאָס בריוו וועלן מיר איבערגעשיקט, און איך מוז אײַך ביידן אָפּגעבן אַ שבח פאַר אײַער פּינקטלעכקייט. די מאַמע קלײַבט זיך אַהער ערשט צום סוף פון דער קומענדיקער וואָך. דאָ איז זעלטן גוט. איך האָב קיין מאָל ניט דערוואָרט פון אַמעריקע אַזאַ ווינקל. מיט מיר איז דאָ נאָר גומאַ. דער דאָרשט באַהערשט מיך נאָך אַלץ.

איך קוש דיך. פּ. אַ.

## 195. צו עמאַ און מישאַ ראַבינאָוויטש

נ"י, 7טן יולי 1915

טײַערע!

הייסט עס — איר האָט באַשלאָסן צו פאָרן אין אויגוסט? מיר וועלן בעטן גאָט

אויף אַ גינציקן ווינט, מחמת דאָס איז די סאַמע אָנגענעמע צײַט פון פאָרן מיטן שיף. עמאָטשקאָ, פּאַרגעס ניט וועגן ביר. פאַרנעמט מיט זיך אַ גאַנצן קאָסטן. נאָר איך ווייס ניט, צי וועט עס שוין האָבן דעם פריִערדיקן טעם, וואָרעם דער דאָרשט פאַרלאָזט מיך ביסלעכווײַז. און דו, מישאַ, האָסט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין קאָמערציע? איך האָב מורא, דו זאָלסט אָקאָרשט ניט ווערן אַ מאָרגאַן און פאַרבינדן זיך מיטן אַנטאַנט, און דאַן וועט קומען עפּעס אַ פאַנאַטישער דײַטש און וועט דיר דורכשיסן דײַן ווײַסן זשילעט מיט דײַנע פלאַנעלענע הויזן.

איר קלאָגט זיך, וואָס מיר שרײַבן אײַך ניט פון אונדזער אַמעריקאַנער לעבן, דאָס איז ניט לײַכט, מחמת אַלע זײַנען פאַרנומען (ביזי). איך וועל גיין כּסדר. איך — שרײַב. צוויי מאָל אין דער וואָך פאָרן „טאָג" און — דער הויפּט — אַ קאָמעדיע פאַרן טעאַטער (זי הייסט: „ד אָ ס ג ר ו י ס ע ג ע ו ו י נ ס"). איך האָף צו אויפפירן זי אין האַרבסט אָדער בײַ אַדלערן אָדער בײַ טאָמאַשעווסקין. דאַכט זיך, אַז דער דערפאָלג וועט זײַן אַ זיכערער. ווײַטער, פאַר דער מאַמע איז גאָר שווער צו שרײַבן. זי האָט אַלץ צו טאָן מיטן פּוס. די בעדער האָבן געהאָלפן נאָר דעם האָטעל, ווו זי האָט געוווינט, און דער אײַזנבאַן. די אײַנשפּריצונגען ווידער האָבן געבראַכט מער נוצן די דאָקטוירים, איידער איר. בערקאָוויטש קלאַפּט אויף דער מאַשין מײַנע און זײַנע אייגענע אַרבעטן. טיסי איז פאַרנוּמען מיטן סינעמאַטאָגראַף, וועלכן זי באַזוכט זייער זעלטן, סך־הכּל איין מאָל און אַ מאָל — צוויי מאָל אין אַ טאָג. און טאָקע דערפאַר כאַפּט זי זיך ניט אַרויסצופאָרן אויף אַ זומערפּלאַץ, ווו די סינעמאַטאָגראַפן, ווי עס איז באַוווּסט, געפינען זיך אין אַ מאָגערן צושטאַנד. מאַרוסי וואָלט אײַך געשריבן זייער גערן. נאָר, ערשטנס, פּוילט זי זיך גיין נאָך פּאַפּיר. צווייטנס, דאַרף מען דאָס אָנגעשריבענע אָפּטראָגן אָדער אויף דער פּאָסט אָדער צום בריווקאַסטן, וועלכער געפינט זיך דער רוח ווייסט ווו — אַזש אין פּירהויז. נומאַ האָט דרײַ באַשעפטיקונגען: 1) ער לייענט ווערביצקין, 2) בײַסט די נעגל און 3) שפּילט אין שאָך. זאָל ער נאָך שרײַבן בריוו? „ט ו ט אַ ט ר אַ כ ט, א ו י ב ס'א י ז א ײַ ך נ י ט ש ט אַ ר ק ה י י ס", ווי עס זאָגט ס אָ ל אָ ו ו י י ט ש י ק ד ע ר ש ד כ ן אין מײַן נײַער קאָמעדיע. אויף אַזאַ אופן, בלײַבט נאָר מיר אַליין צו באַשרײַבן אײַך אונדזער אַמעריקאַנער לעבן. נאָר ווו נעמט מען צײַט? טוט אַ טראַכט אויף וועגן דעם, אויב ס'איז אײַך ניט שטאַרק הייס. איך גיב אָט דאָס, וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבן, מאַרוסין — אפשר וועט דאָס זי אַ נעם טאָן, און זי וועט אײַך אָנשרײַבן אַ גרויסן בריוו, ניט נאָר „איך קוש, מאַרוסי"...

איך קוש. פּ אַ.

## 196. צו בעלאַ קויפמאַן

25סטן יולי 1915, אַמעריקע

טײַערע, ליבע און פײַנע בעלאָטשקע מײַנע!

דאָס שרײַב איך דיר, אַז איך האָב דיך זייער ליב!

דײַן פּאַפּאַ ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 197. צו דער זעלבער

5טן אויגוסט 1915

מײַן ליבע טײַערע בעלאָטשקע!

איך שרײַב דיר, אַז בײַ אײַך איז אַ מלחמה און בײַ אונדז ניט, אַז דו ביסט אין אַדעס אויפן פּאָנטאַן און מיר אין אַמעריקע אויף אַ דאַטשע, און אַז דאָ איז זייער הייס, און אַז בײַ אײַך איז פאַראַן אַ ים, הייסט ער דער שוואַרצער ים, און בײַ אונדז איז פאַראַן אַ ים, הייסט ער אָקעאַן, דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, און נאָך שרײַב איך דיר, אַז איך האָב דיך זייער־זייער ליב און אַז איך האָף נאָך צו זען דיך און די מאַמע און דעם פּאַפּאַ מיכאַיִל, וואָס איז שוין באַלד אַ דאָקטאָר. און איך בין ניט קיין דאָקטאָר. איך בין אַ שרײַבער.

דײַן פּאַפּאַ שלום־עליכם

## 198. צו נאַטאַשע מאַזאָר

ניו־יאָרק, 2טן סעפּטעמבער 1915

אָט אויף דעם אַדרעס דאַרף מען אונדז שרײַבן.

דײַן בריוו האָסטו אומזיסט אַדרעסירט קיין מאָנטעקלעמען. מיר זײַנען איצטער אין בעלמאַר, בײַם ים. אָלגע וואָזגעט זיך נאָך אַלץ מיטן פוס. טיסי איז קראַנק געוואָרן אויף גריפּ. בכלל האָט דער זומער אונדז געבראַכט ווייניק פאַרגעניגן. היינט וואָלטן געדאַרפט אַרויספאָרן פון קאָפּענהאַגען אַהער עמאַ און מישאַ. מאַרוסיע איז אין שטאָט, זוכט אַ דירה פאַר אונדזער ווינטערדיקער רעזידענץ. ניו־יאָרק איז אַ שטאָט מיט 6 מיליאָן באַפעלקערונג, און אָנשטענדיקע דירות האָט ער ניט. ס'איז שווער אונדזער ברודער אייראָפּעער זיך צופּאַסן צו דעם אַמעריקאַנער אייגנאַרטיק־העסלעכן לעבן. דער יקרות איז אַן איבערראַשנדיקער. באַקומענדיק 10 טויזנט בײַ דער צײַטונג, אַחוץ זײַטיקע הכנסות, קומען מיר קוים אויס! מיר בעטן גאָט, עס זאָל זיך פאַרענדיקן די מלחמה, מיר זאָלן זיך אומקערן אַהיים. שרײַב, שטיי ניט אָפּ. אַ גרוס מ(איסיי) ס(אוועליעוויטשן) און די קינדער.

דײַן פעטער סאָלאָמאָן

## 199. צו די קויפמאַנס

[בעלמאַר, נ. דזש.], 2טן סעפּטעמבער 1915

טײַערע ליאַלי!

ווייניק פריילעכעס. די מאַמע האָט נאָך אַלץ צו טון מיטן פוס. טיסי איז קראַנק געוואָרן אויף אינפלוענצע. מאַרוסי איז אין שטאָט, זוכט אַ דירה, וואָס ס'איז ניט צו

געפינען. מיר קומען דאָ אָפּ אין לעכער, וואָס טראָגן דעם נאָמען ווילע („באַנגאַלאָ״). עמאַ און מישאַ זײַנען ערשט הײַנט אַרויסגעפאָרן פון קאָפּענהאַגען אויף „פרעדעריק דעם 8טן״ און וועלן זיך שלעפּן צוויי וואָכן, אויב ניט דרײַ. מיר וואַרטן, אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן, וועלן מיר אין גאַנצן אַוועקפאָרן אַהיים. טו שטאַרק אַ קוש בעלאָטשקען און גיב איר איבער מײַן בריוו. מיכאלן — אַ קוש.

פּאַפּאַ

אַ בריוו פאַר בעלאָטשקען: דאָס שרײַב איך דיר אַ בריוו, אַז דו זאָלסט וואָס גיכער אויסוואַקסן און זיך אויסלערנען צו שרײַבן מיר בריוו. און כּדי דו זאָלסט אויסוואַקסן, דאַרפסטו טרינקען אַ סך מילך, עסן זופּ און גרינס און וואָס ווייניקער קאָנפעטן. אַ גרוס דײַנע ליאַלקעס.

דײַן פּאַפּאַ שלום־עליכם

נומאַ און טאַמאַראַ גריסן דיר.

## 200. צו די קינדער עמאַ און מישאַ

ניו־יאָרק, 15טן סעפּטעמבער 1915

טײַערע מײַנע, עמאַ און מישאַ!

לכתחילה, האָב איך געהאַט אין זינען צו באַשרײַבן אַלצדינג, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט פאַר אָט די צוויי וואָכן, דאָס הייסט פון דעם מאָמענט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן צו וואַרטן אויף אײַער קומען, ביז דער גרויסער אַנטוישונג, דאָס הייסט ביז דעם מאָמענט וואָס איך בין אַרויס (דעם 13טן) צו באַגעגענען „פרעדעריק דעם 8טן״, און האָב דאָרט באַגעגנט, אַנשטאָט אײַך — דעם הער ***! אָבער דערנאָך האָב איך מיך איבערגעלייגט, מחמת מײַן פּען האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו זײַן שוואַך. לאָמיר בעסער שמועסן וועגן דעם, וואָס עס וועט זײַן, איידער וועגן דעם, וואָס ס׳איז געווען. איך קאָן ניט נאָכגעבן דעם געדאַנק, אַז מיר וועלן ניט פאַרווירקלעכן מײַן אָנגעצייכנטן פּלאַן צו פאַרברענגען מיט דיר, מישאַ, דעם ווינטער צוזאַמען אין קאַליפאָרניע. מיר געפעלט, זייער אָט די פּערספּעקטיוו. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז באַלד נאָך יום־כּיפּור זאָל די מאַמע אַרויספאָרן צו אײַך קיין קאָפּענהאַגען און פון דאָרטן וועט זי מיט דיר קומען צו פאָרן סוף אָקטאָבער אַהער. זומער וואָלט איך אַליין געקאָנט פאָרן קיין קאָפּענהאַגען, וואָרעם פאַר מיר איז עס אַ שפּאַציר־רײַזע, נאָר איצט הייבט זיך גראָד אָן מײַן אַרבעט (דאָס טעאַטער, די רעדאַקציע, רעקאָרדס און לעקטשורס). דאָ אין אַמעריקע איז דער קלימאַט אַ סך בעסער ווי אין סקאַנדינאַוויע. דערצו זײַנען דאָ פאַראַן וואַרעמע, ווי אויך קאַלטע קלימאַטישע סטאַנציעס. אַ שאָד, וואָס דו ביסט זומער ניט געקומען מיט דער ערשטער שיף. נאָר אויב די מאַמע וועט ניט קאָנען פאָרן, וועל איך אײַך פון דעסטוועגן אַרויס־שיקן צוויי שיפקאַרטעס ערשטער קלאַס דעם 22סטן סעפּטעמבער, וועט איר קאָנען דעם 12טן אָקטאָבער (מיט „פרעד׳ דעם 8טן״) אַרויספאָרן אַהער. אויך געלט אויף הוצאות וועט איר באַקומען. ס׳איז שווער און אוממעגלעך אַפילו צו שיקן געלט טעלעגראַפיש.

נאָר איך וועל פּרוּוון טעלעגראַפֿיש. הייסט עס אין אַ חודש אָדער פֿינף וואָכן אַרום, האָף איך, וועלן מיר זיך זען. ס׳איז שוין צײַט. דאָס האַרץ איז אונדז שוין אַזוי אויך צעריסן אויף שטיקער. שוין באַלד אַ יאָר, אַז איך האָב דיך ניט געזען, מישאַ, און איך וואָלט זייער געוואָלט דיך זען! און אויך דיך, עמאַ! שוין גענוג האָבן מיר זיך אָנגעליטן. מיר האָבן אָנגעקוקט וווינונגען און יעדן מאָל געפּלאָנט: אָט דאָס איז מישעס צימער, און דאָס איז פֿאַר עמאַן מיט מאַרוסין. אַפֿילו אַ שרײַבטיש (אַ קלייניקעם דעסק) פֿאַר מישאַן. שוין פֿאַרגעשטעלט זיך אויך די באַגעגעניש. אַפֿילו טאַמאַראַ — אויך זי פֿרעגט אַלץ: ווען זשע וועט מישאַ קומען צו אונדז? און דער עיקר — קאַליפֿאָרניע, לאָס־אַנזשעלעס אאַז״וו. ניין, מיט דער ערשטער שיף נעמט און קומט צו פֿאָרן! איך נעם אײַך אַרום אין די געדאַנקען און קוש אײַך ביידן.

פּאַפּאַ

## 201. צו די קויפֿמאַנס

ניו־יאָרק, 21סטן סעפּטעמבער 1915

טײַערע ליאַליטשקע! ליבער מיכאל!

עס ווילט זיך אויסגיסן דאָס אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפֿן, אויף פּאַפּיר, אין ווערטער אַרויסזאָגן דעם טרויער, וואָס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט. נאָר ווו נעמט מען ווערטער? ווו איז פֿאַראַן יענע שפּראַך, אויף וועלכער מע קאָן עס טון? עס וועט אַלץ אַרויסקומען בלייך, באַנאַל און אַפֿילו לעכערלעך. מע האָט באַדאַרפֿט איבערלעבן כאָטש אַ טייל פֿון יענער דערוואַרטונג, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. מע באַדאַרף לייענען די בריוו — מישאָס לעצטע בריוו, ווו ער שרײַבט אונדז וועגן זײַן בענקשאַפֿט און וועגן זײַן ליבע צו אונדז. „איך בין נײַ־געבוירן — שרײַבט ער אין אויגוסט. — איך האָב באַגריפֿן, אַז איך האָב אײַך ליב און אַז איר האָט מיך ליב, און איך בענטש דעם טאָג, ווען איך וועל אײַך ווידער זען״. און צו דער מאַמע שרײַבט ער באַזונדער: „איך בין גליקלעך פֿונעם באַוווסטזײַן, אַז איך וועל זײַן מיט אײַך, איך וועל אַכטונג געבן אויף דײַן קראַנקן פֿוס״. און לאָזט אויס: „דו האָסט מיר געזאָגט אין סאַנאַטאָריע, בשעת דו האָסט זיך געזעגנט, אויף ווידער זען — הייסט עס, אַז מיר וועלן זיך זען״. דעם 22סטן אויגוסט שרייבט ער: „בײַ דעם וואָרט מאַמאַ אַליין ווערט שוין פֿריילעך אויף דער נשמה״... דאָס איז געווען זײַן לעצט וואָרט. וואָס ווײַטער איז פֿאַרגעקומען — ווייסן מיר נאָך דערווײַל ניט, מחמת עמאַטשקאַ איז נאָך אין קאָפּענהאַגען (דעם 30סטן פֿאָרט זי אַרויס און וועט דאָ זיין דעם 12־14טן אָקטאָבער). פֿון דער טעלעגראַמע האָבן מיר זיך נאָר דערוווּסט, אַז טובערקולאָז אין מאַרך האָט אים דערשלאָגן — און ער איז ניטאָ. ניטאָ מער מישאַן אויף דער וועלט. און מיר זיצן שיבעה לויטן דין. און אַ מנין איז בײַ אונדז צוויי מאָל אַ טאָג. און איך זאָג קדיש — לויטן דין. אָבער וואָס קומט פֿאָר אין אונדזערע פֿאַרוווּנדעטע הערצער? וואָס טוט זיך אין אונדזערע צעריסענע נשמות? ווי אַזוי זאָל מען עס אַרויסברענגען? ווי אַזוי זאָל מען עס אויסמאָלן? אין מײַן צוואה בעט איך מײַנע קינדער (די זין), אויב זיי וועלן חשק האָבן, קאָנען זיי זאָגן נאָך מיר

קדיש. אויב אָבער זיי וועלן קיין חשק ניט האָבן, זאָלן זיי מיך דערמאָנען דערמיט, וואָס זיי וועלן זיך צונויפקלײַבן אַלע אין איינעם און איינער פון זיי וועט פאַרלייענען וואָס עס איז פון מײַנע ווערק, אַפילו דאָס סאַמע פריילעכע, און זאָל מײַן נאָמען דערמאָנט ווערן מיט געלעכטער, ניט מיט טרערן, צו מײַן יאָרצײַט. דאָס איז אַלץ איינס, אָבי דער נאָמען זאָל ניט פאַרגעסן ווערן. איך אָבער רעכן מיך פאַר אַ ייִדן פון די אַלטע טראַדיציעס און האַלט פון זאָגן קדיש. און איך זאָג קדיש. נאָך וועמען? נאָך מײַן עלטערן זון. אין דער צײַט, וואָס דאָס האָט ער באַדאַרפט טון, ניט איך. דאַרף מען נאָך אַ גרויזאַמערע טראַגעדיע? — ווי אַזוי האָט זיך אויף אונדז אָפּגעשפּיגלט אָט דער טויט? אומגלייבלעך. וואָס ס'איז שייך דער מאַמע — גיב גאָט, זי זאָל עס אַריבערטראָגן. און איך — גאָר־נישט: איך טראָג אַ טויטן אָרון אין מײַן נשמה. און איך וועל אָט דעם אָרון אַוועקטראָגן מיט זיך אין קבר אַרײַן. פון אַ סך פאַרלאַנגען איז דער סאַמע ערשטער פאַרלאַנג בײַ מיר, אַז ס'זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן אָט די מלחמה פון ברודערמאָרד, און אויב מיר וועלן לעבן און וועלן זיך אומקערן צוריק קיין אייראָפּע, וועלן מיר אומבאַדינגט זײַן אין קאָפּענהאַגען און וועלן גיין אויף זײַן קבר, און די ווערטער, וואָס איך וועל אים זאָגן, וועלן זײַן קורץ: „זײַ מוחל, מאַרטירער!"... וואָרעם אַ מאַרטירער איז ער געווען דאָס גאַנצע לעבן. שוין זײַן אַרײַנטרעטן אין גימנאַזיע אַליין איז געווען אַ גאַנצע ריי פון יסורים, און דאָס אָנקומען אין אוניווערסיטעט איז געווען די קרוין פון זײַנע ליידן. און דער פּועל־יוצא פון אַלעם דעם איז געווען — קראַנקייט און סאַנאַטאָריע, סאַנאַטאָריע און קראַנקייט. און וואָס פאַר אַ ריינע נשמה ער האָט פאַר־מאָגט! אָט דאָס ייִנגל האָט דאָך פאַר זײַן גאַנץ לעבן קיין ליגן ניט געזאָגט! זאָל דאָס זײַן זעלבסט־אײַנריידערײַ פון אַ פאָטער? — ניין. ער איז געווען ריין, ווי קרישטאָל, ריין אין גוף און ריין אין דער נשמה. אונדזער פּײַן און אונדזער אומגליק ווערן פאַר־גרעסערט נאָך דערפון, וואָס מיר האָבן אויף אים געוואַרט פון טאָג צו טאָג, וואָס אַלצדינג איז געווען גרייט צו אַרומנעמען אים מיט ליבע; מיר האָבן געוואַרט נאָר אויף איין וואָרט: „אַרויסגעפאָרן" — און אָנגעקומען איז אַן אַנדער וואָרט: „געשטאָרבן". וואָלט ער כאָטש נאָר איין וואָך מיט אונדז געלעבט! וואָלט ער כאָטש אויף דער מאַמעס הענט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם! וואָלט כאָטש איך, זײַן פאָטער, געקאָנט באַגלייטן אים צו זײַן אייביקער רו! אַצינד אָבער — גאָר דאָרטן ערגעץ, אין דעם ווײַטן קאַלטן דענעמאַרק! אַך, ווי דער בייזוויליקער גורל האָט עס אונדז צעוואָרפן און צעשמיסן איבער דער גאָרער וועלט! וווּ וועט ערגעץ אַהינקומען מײַן געביין?... זײַ מוחל, ליאַליטשקע, די מאַמע איז ניט אין שטאַנד צו שרײַבן. מאַרוסי האָט דיר נעכטן עטוואָס געשריבן. אויך עמאָטשקאַ נעבעך קאָן מסתּמא ניט שרײַבן. אויף איר חלק איז אויסגעפאַלן דאָס סאַמע שווערסטע. נומטשיק איז אויך דערשלאָגן. אויך ער האָט באַגריפן אונדזער בראָך (מײַן אָרעמער בן־יחיד אַצינד!). שרײַב אונדז, ליאַלי, דו קאָנסט דאָך שרײַבן, און טרייסט אונדז מיט גוטע בשורות וועגן זיך, וועגן מיכאַלן און בעלאָטשקען. איך נעם אַרום אײַך דרײַען.

פּאַפּאַ

פּ. ס. — אויב דו ווילסט, דאָס הייסט, אויב דו פילסט אַ באַדערפעניש, קאָנסטו זיך זעצן שיבעה — אויף איין שעה.

## 202. צו דער טאָכטער ליאַליאַ

ניו־יאָרק, 14טן אָקטאָבער 1915

טײַערע ליאַליטשקע!

מיר האָבן באַקומען מיט איין מאָל צוויי גרויסע בריוו דײַנע. איך רעכן, אַז דו האָסט מײַן רעגיסטרירטן [בריוו] באַקומען און דאָרטן האָסטו געפונען אַן ענטפער אויף דײַן פראַגע, ווי אַזוי פילט זיך מישאַ „אויף יענער זײַט אָקעאַן". אוי־ווײ! ער איז שוין ניט נאָר אויף יענער זײַט אָקעאַן, נאָר אויך „אויף יענער זײַט וועלט". ס'איז פּאַרגע־קומען אַ מיספאַרשטענדעניש: אָנשטאָט דעם, וואָס דער זון זאָל יעדן טאָג זאָגן קדיש נאָכן פאָטער, טוט עס דער פאָטער נאָכן זון. און כאָטש ס'איז שוין אַוועק גענוג צײַט, נאָר די טרערן טריקענען ניט אויס און די ווונד האָט זיך נאָך ניט פאַרהיילט. געוואַרט האָבן מיר נאָך אויף ראָש־השנה פון קאָפּענהאַגען אויף צווייען, געקומען איז איינע (עמאַ). זי וועט מסתמא אַליין דיר שרײַבן. פון דער מאַמע זאָלסטו קיין סך ניט דער־וואַרטן — זי איז קוים אין שטאַנד צו שרײַבן, ניט מחמת זי איז קראַנק פיזיש; פאַרקערט, איר געזונט איז אַצינד בעסער; איר זעלישע רו איז צעשטערט און זעליש איז זי באַליידיקט, זייער באַליידיקט. מיר האָבן זיך ניט געריכט אויף אַזאַ גיכער קאַטאַסטראָפע. ווען דו זאָלסט זען זײַנע לעצטע פאָטאָגראַפישע בילדער און די לעצטע בריוו, וואָלסטו ניט געגלייבט, אַז אַזאַ האָט געקאָנט שטאַרבן... נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו דײַנע בריוו. דײַן טעלעגראַם וועגן דעם גוטן סוף פון מיכאַילס עקזאַמענס האָבן מיר דערהאַלטן פונקט אויפן 13טן טאָג נאָך דעם, ווי זי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן. מיר גראַטולירן אים און דיך פונעם פולן האַרצן און מיר וואַרטן צו הערן פון אײַך, אַז ער האָט זיך שוין אײַנגעאָרדנט און אַז איר זענט צוזאַמען, וואָס אין דעם באַשטייט, דאַכט זיך, אײַער הייסטער ווונטש. און דאָס ציגעלע בעלאַ וואַקסט מסתמא, און ווערט קליגער פון טאָג צו טאָג. שענק איר אַ קוש, נאָר אַ שטאַרקן, פון מײַנעט וועגן. דעם „זיידן" מײַנעם גיב איבער מײַן גרוס. ס'איז מיר אַ חידוש, וואָס ער האָט מיר ניט געענטפערט. ער איז שטענדיק געווען צו מיר אויפגעלייגט, און אַצינד איז עפּעס ניט דאָס. און וועגן מײַן גײַסטיק־שעפעריש לעבן קאָן איך מיך ניט באַקלאָגן. איך שרײַב כסדר, ווי מײַן שטייגער איז, און דרוק צוויי ווערק צוזאַמען, אַחוץ זײַטיקע אַרבעטן. די באַגײַסטערונג צום שאַפן פאַרלאָזט מיך ניט אויך אין אָט די שווערע טעג. עס קאָן זײַן, אַז דאָס גיט מיר כּוחות אַריבערצוטראָגן די קלעפּ פונעם גורל. — אַז דו וועסט זען ביאַליקן, גיב אים איבער מײַן האַנטדרוק. איך האָב שיר ניט געזאָגט: אַ קוש, נאָר איך האָב מיך דערשראָקן פאַר מיכאַילן: ער איז דאָך עפּעס אַ מיליטערישער דאָקטאָר, מיט עפּאָלעטן און מיט אַ שפּאַגע — גליַיכער ניט אָנהייבן זיך מיט אים! נומאַ האָט זיך אַזוי אויסגעצויגן, אַז ס'איז שווער אים צו דערקענען. טאַמאַראַ וואַקסט אויך, פּונקט ווי אַן אוגערקע, און מאַרוסי איז אַן אַמעריקאַנער גיירל אָדער אַן ענגלישע ליידי, קנאַקט ענגליש. ספּעקטאָרן אַ גרוס. מיר ווינען מיט פּינסקין אין שכנות און ריידן וועגן אים אָפט. די פּינסקיס האָבן אים אַרויסגעשיקט צוויי מאָל געלט — און קיין ענטפער איז נישטאָ. איך לאָז איבער אַ קליין אָרט פאַר דער מאַמע. איך קוש דיך און אײַך אַלעמען אַ סך מאָל.

פּאַפּאַ

## 203. צו נאַטאַשע מאַזאָר

16טן (29סטן) אָקטאָבער 1915

טײַערע נאַטאַשע!

אורטיילנדיק לויט דײַן בריוו פאַרן 20סטן סעפּטעמבער, האָסטו נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט וועגן מישעס טויט. איך מיין, אַז פון ליאַלין האָסטו זיך שוין דערוווּסט אין משך פון דעם דאָזיקן חודש וועגן דעם אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן און וואָס צו אויסדריקן אים האָב איך אַפילו ניט קיין ווערטער! וואָס זשע שוין זאָגן וועגן אַלגען? בעסער שוין גאָרנישט ניט זאָגן... אויב דו האָסט נאָך ניט געגעבן קיין אַנאָנס אין דער אָרטיקער צײַטונג („מיסל”) צי וואָלסטו איצטער ניט געגעבן? ער איז געשטאָרבן דעם 29סטן אויגוסט אין קאָפּענהאַגען, קלײַבנדיק זיך קיין אַמעריקע, אין עלטער פון 24 יאָר, אַ סטודענט פונעם לעצטן קורס פון לאָזאַנער אוניווערסיטעט. אָט איז אַלץ. 2 וואָכן צוריק האָט עמאָטשקע זיך אומגעקערט אַהער אַליין. אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד — קאָנסטו זיך פאָרשטעלן. מיר האָבן אויף זיי געוואָרט אין צווייען, און זי האָט זיך אומגעקערט איינע... מער איז נישטאָ וואָס צו שרײַבן און וועגן וואָס צו שרײַבן. איך האָב פאַר אָט דעם יאָר פאַרלוירן 25 פונט וואָג, נאָר איך האַלט זיך אויף די פיס און אַרבעט אומאויפהערלעך. אַלגע, איז אַ גרויסער ספק, צי זי קאָן שרײַבן, אַחוץ אַ גרוס. זײַ געזונט און שרײַב אונדז. פון ליאַלין האָבן מיר פריידיקע בריוו. גאָט צו דאַנקען. טיסי איז מיט אונדז. אַלע זײַנען געזונט.

איך קוש.

דײַן פעטער סאָלאָמאָן

ביטע, פאַרגעס ניט צושיקן דעם נומער פון דער צײַטונג.

## 204. צו די קויפמאַנס

ניו־יאָרק, 2טן דעצעמבער 1915

טײַערע!

וואָס זאָל איך אײַך שרײַבן? ווייניק פריילעכעס. עס ענדיקט זיך דאָס יאָר (1915) און צוזאַמען מיט דעם ענדיקט זיך מײַן קאָנטראַקט מיט דער צײַטונג, אין וועלכער איך אַרבעט — — — נאָר מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט, און אַמעריקע איז אַ גרויסע מדינה. מירן זען. אפשר וועלן מיר ניט פאַרפאַלן ווערן. איין שטיקל נחמה, וואָס אין אייראָפּע איז אַצינד פיל ערגער! מיר קוקן אַרויס אויפן סוף פון דער מלחמה. אוי, וועלן מיר זיך עס דעמאָלט אַ לאָז טון קיין אייראָפּע! נאָר שאַ — שטיל! זאָג עס קיינעם ניט אויס, אַניט וועט דער שלום פאַרהאַלטן ווערן... און בעלאַ לייענט שוין? וואַרט נאָר — אָקערשט ווי מע קוקט זיך ניט אום, וועט זי חתונה האָבן. מײַן טביה זאָגט, אַז אַלע מיידלעך האָבן אַ מיאוסע געוווינטשאַפט: בײַ טאָג עסן זיי, בײַ נאַכט וואַקסן זיי. איך קוש אײַך אַלע דרײַען.

פּאַפּאַ

## 205. צו די זעלבע

ניו־יאָרק, 29סטן יאַנואַר 1916

טײַערע מײַנע ליאָלי און מיכאַיל!

ערשטנס, האָב איך אַלץ געוואַרט פון אײַך אַ בריוו און טאַקע זיך ניט דערוואַרט. צווייטנס, האָב איך אַ וואָך זעקס אָפּגעקרענקט — אויף אינפלוענצע, אָבער ניט אַזוי שטאַרק. הגם איך בין די גאַנצע צײַט געלעגן. געלעגן און געשריבן. פונעם ערשטן יאַנואַר בין איך אַרויס פון דער צײַטונג „טאָג" און בין איבערגעגאַנגען אין אַן אַנדער צײַטונג — „וואָרהייט". די באַדינגונגען זײַנען ניט קיין שלעכטע. אַרבעט — צוויי מאָל אַ וואָך. איך פיל מיך אין אָט דער צײַטונג אַ סך בעסער. אַן אמתער פּרעמיער. אַחוץ דעם, דרוק איך זיך, פון דעם ערשטן יאַנואַר, אין איבערזעצונג, אין דער ענגלישער צײַטונג „וואָרלד" (די וועלט) מיט איר סינדיקאַט. דאָס מיינט, אַז אין אַלע פּאַר־אייניקטע שטאַטן דערשײַנט יעדע וואָך, זונטיק, מײַן פעליעטאָן אין וואָסערע צוואַנציק אָדער מער גרויסע צײַטונגען, וואָס האָבן ביז פינף מיליאָן לעזערס אָדער מער. זיי דרוקן „מאָטל פייסי דעם חזנס" מיט אילוסטראַציעס. די רעקלאַמע איז אַ קאָלאָסאַלע. למשל, אין ניו־יאָרק, אויף אַלע סטאַנציעס פון דער שטאָטישער לופטבאַן, איז מיט גרויסע אותיות אַנאָנסירט: „לייענט שלום־עליכמען, דעם ייִדישן מאַרק טווען, אינעם זשורנאַל „וואָרלד"! אָריגינעל! נײַ! הומאָריסטיש! לייענט שלום־עליכמען!" — — — דאָס איז אַ גוטער אָנהייב. — — — דאָס גיט מיר אַ מעגלעכקייט אַרײַנצוטרעטן אין דער ברייטער ענגלישער ליטעראַטור. עס זײַנען שוין פאַראַן בעלנים פאַרלעגערס אַרויס־צוגעבן אַ פולע אויסגאַבע אויף דער ענגלישער שפּראַך. די צרה איז אָבער, וואָס ס'איז נישטאָ קיין גוטע איבערזעצערס. קאַליקעס. מוטשען מיר זיך. איך זוך איבערזעצערס. פאַר גוט געלט. אפשר פון מײַן אויטאָביאָגראַפיע, וואָס איז אײַך, קינדער, געווידמעט, וועלן די טעג אַרויסגיין די ערשטע צוויי בענד. די „וואָרהייט" גיט אַרויס. דאָרטן דרוק איך אויך די פאָרזעצונג (דעם דריטן און פערטן באַנד). אַחוץ דעם דרוק איך יעדער וואָך דעם צווייטן באַנד פון „מאָטלען" („מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אַמעריקע") און אַ ריי אַנדערע פעליעטאָנען. בכלל, אויף אומפּרודוקטיווקייט קאָן איך מיך ניט באַקלאָגן. אַדרבא, דיאַמעטראַל אַקעגנגעשטעלט צום געזונט, שטאַרקט זיך דער גײַסט. און אַ דאַנק גאָט דערפאַר. אין אַ חודש אַרום טרעט אַרײַן בערקאָוויטש אַלס רעדאַקטאָר פון דער העברעיִשער צײַטונג „התורן". אַלע אין אַלגעמיין זײַנען געזונט, נאָך דעם ווי מע האָט איבערגעקרענקט אויף אינפלוענצע. און וואָס מאַכט בעלאָטשקע? נאָך אַלץ שיין און ליב? אויף ווידערזען.

איך קוש אײַך.

אײַער פּאַפּאַ

## 206. צו לוי פייגנבערג

לייקווּוד [ניו־דזשערסי], 5טן פעברואַר 1916

טײַערער ליאָוואַ!

איך האָב אָקערשט באַקומען פון עמאַן, לויט אײַער באַפעל, אײַער קוש. זי האָט

עס פאַרשטאַנען בוכשטעבלעך. און זי האָט עס בוכשטעבלעך אויסגעפאָלגט. איך מיין, אַז פונקט אַזוי בוכשטעבלעך וואָלט זי אויסגעפילט אויך מײַן באַפעל — אַ קוש פאַר אַ קוש — ווען ניט דער אַטלאַנטישער אָקעאַן. זי איז אַצינד בײַ מיר צו גאַסט אין דער אַמעריקאַנער שווייץ.

איך נעם אײַך אַרום.

אײַער ש. על.

אײַער משפחה, בײַ אַ געלעגנהייט, מײַן גרוס.

## 207. צו די קויפמאַנס

ניו־יאָרק, 17טן אַפּריל 1916, ערב פסח

טײַערע ליאַלי און מיכאל.

ענדלעך איז אָנגעקומען אײַער בריוו פון יאַנואַר 1916. אויסער דעם האָבן מיר זינט דעצעמבער 1915 פון אײַך גאָרנישט ניט געהאַט. עס הייבט זיך ניט די האַנט צו שרײַבן צו מענטשן, וואָס אין אַפּריל איז בײַ זיי דער 17טער דעצעמבער אין קאָפּ... טײַערע ליאַלי! דו האָסט מסתמא נאָך ניט פאַרגעסן, וואָס פאַר אַ שטימונג בײַ מיר איז, אַז עס קומט פסח. עס גלוסט זיך מיר דערמאָלט אַלעמען, אַלעמען האָבן צום סדר. נאָר וואָס קאָן מען טון מיטן גורל, וואָס באַגייט זיך תּמיד אַזוי ווי ער וויל!... מע דאַרף זיך אונטערגעבן דעם ווילן פון דעם, וואָס פירט די וועלט...

אַצינד — אַ ביסל נײַס: בײַ אונדז אין ניו־יאָרק איז געווען אַ „ייִדישער באַזאַר" לטובת די געליטענע פון דער מלחמה. טיסי איז געווען איינע פון די דאַמען־פּאַטראָנעסן. עמאַ און מאַרוסי (און אויך טאַמאַראַ) זײַנען געווען פאַרקויפערינס. געלט האָט מען צונויפגעקליבן אַרום 200 טויזנט רובל. צווישן אַנדערע זאַכן האָט מען אויפן באַזאַר געשפּילט אויף פּלאַטן מײַנעם אַן אַלטן כּתב־יד (20 יאָר אַלט). פאַר אַ בריוו פון לעוו טאָלסטוי צו מיר האָט איינער ש. (אַ מיליאָנער) באַצאָלט 300 רובל. מע האָט פאַרקויפט אַ סך פאָרטרעטן — מײַנע, דעם „זיידנס", פּרצעס און פון אַנדערע שרײַבערס. פאַר מײַן אויטאָגראַף (איין שורה) האָט מען באַצאָלט 20 רובל (10 דאָלער). דאָרטן איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ זאַמלבוך און עס האָט זיך געדרוקט אַ צײַטונג „דער באַזאַר". סך־הכּל איין וואָך. איצט גרייט מען אַ יאָרצײַט־אָוונט נאָך פּרצן. מע וועט קלײַבן געלט פאַר ייִדישע [מלחמה־] יתומים.

די ערשטע טעג חול־המועד רעכענען מיר צו פײַערן באַשיידן ביאַליקס יובילײ. ס'איז טרויעריק. וואָלטן מיר דען אָט אַזוי געפײַערט דעם דאָזיקן יובילײ בײַ אַנדערע אומשטאַנדן? ליאַלי! היות אַזוי ווי דו ביסט אין אַ געוויסער מאָס אַ דאַמע און אַ דאָקטאָרס אַ ווײַב, פּאַסט עס דיר ניט צום פּנים. זאָל זשע בעלאָטשקע אַ קוש טון ביאַליקן פאַר מיר לכבוד זײַן יובילײ. עס וועט זײַן אַ שאָד, אויב בעלאָטשקע וועט ניט קענען העברעיִש גענוג, אום צו לייענען אין אָריגינאַל אונדזער הערלעכן פּאָעט!

איך קוש אײַך דרײַען שטאַרק.

פּאַפּאַ

מיט דער מאַמע טאָר מען אַצינד ניטריידן — ערב־פּסחדיק! זי מאַכט אַלצדינג כּשר. דאַרפט איר איר מוחל זײַן. זי קושט אײַך אין די געדאַנקען.

פּאַפּאַ

## 208. צו מענדעלע מוכר־ספרים

м. Белая церковь (Киев. губ.)
בעלאַיאַ צערקאָוו,
[18]84.12.23

Г-ну С. М. Абрамовичу в Одессе
פיל געערטער יובילאַר,
גנעדיקער הער, סאָלאָמאָן מאָיסייעוויטש!

איך פיל, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט מיט מײַן שרײַבן; נאָר ניט מײַן שולד איז אין דעם. עס קאָן זײַן, אַז אין דער מאַסע בריוו און באַגריסונגען וועט אײַער אויפמערקזאַמקייט ניט ווילנדיק זיך אָפּשטעלן אויף די דאָזיקע שורות, וועלכע עס שיקט אײַך פון דער ווײַטער פּראָווינץ, פון די טיפע אינגעווײדן, אַזוי צו זאָגן, פון אונדזער רוסישער געטאָ, אַ יונגער, נאָר אַ פֿײַערדיקער פאַרערער פון אײַער טאַלאַנט, אַ פאַרערער, וואָס אַרבעט אויפן באָדן, וועלכער איז פון אײַך צעאַקערט געוואָרן, נאָכפאָלגנדיק אײַנגעשפאַרט און פלײַסיק די טריט, וואָס איר האָט אַזוי שאַרף איבערגעלאָזט אויף די פעלדער פון אונדזער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור. אויב איך האָב ביז איצט, אין פאַרלויף פון מײַן צוויי־יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקייט אינעם „יודישעס פאָלקסבלאַט" און פון אַ קורצער צײַט אָן אויך אינעם זשורנאַל „יעווריייסקאָיע אָבאָזרעניע" (זעט אינעם זיבעטן יולי־ביכל פון „יעוו' אָבאָזר'" די דערציילונג „טרוימער" — אַ בלאַסער אָפּגלאַנץ פון אײַער פּראַכטפולן „מסעות בנימין השלישי"), אויב איך האָב, זאָג איך, מיט מײַנע אומבאַדײַטנדיקע אַרבעטן נאָך גאָרניט ניט געגעבן, — דערפאַר אָבער וואָס פאַר אַ צוקונפט עס שטייט פאַר מיר, ווי פאַר אָן אָנפאַנגער, וואָס פאַר אַ ברייט פעלד פאַר יעדן איינעם, וואָס ווינטשט צו ווידמען זײַן צײַט דער עבודה אויפן מזבח פון אונדזער פאָלקסמוזע! נאָר איך האָב אָנגעהויבן מיט אַ האַרציקער באַגריסונג צום יובילייאַר און אויסגעלאָזט האָב איך דערמיט, וואָס איך האָב אָנגערעדט זיך אַליין אַ באַרג מיט שבחים, — אַ שוואַכקייט פון יעדן אָנפאַנגער! אָבער איך האָב גע מו זט ציִען אײַער אויפמערקזאַמקייט אויפן שרײַבער פון די דאָזיקע שורות — כאָטש אויף אַזאַ וועג, וואָס איז ניט אַזוי לויבנסווערט. און געמוזט האָב איך [עס טאָן] ניט אין פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר אין אינטערעסן, וואָס זײַנען נוגע אי דער דאָזיקער „מאַסע", וועלכע פֿײַערט אַצינד אײַער יובילײ־פֿײַערונג, אי אונדזער אָרעמען, פאַריאָגטן און דורכויס עקספּלואַטירטן זשאַרגאָן, אי מיך אַליין, אי אָפילו אײַך. ניט וועלנדיק ריזיקירן אפשר מיט איבעריקע רייד, לאָז איך איבער דעם „ענין" ביז צו אײַער ענטפער, און דערווײַל, אויסדריקנדיק אײַך מײַן טיפסטע איבערגעגעבנקייט און ווינטשנדיק אײַך פונעם ריינעם האַרצן צו באַצייכענען אויך דעם קומענדיקן 25־יאָריקן יובילײ מיט ניט־ווייניקער הערלעכע דערפאָלגן אויף דעם דאָזיקן געהויבענעם געביט פון טעטיקייט, פאַרבלײַב איך, מיט טיפסטער אַכטונג, אײַער אונטערטעניקער דינער

ס. ראַבינאָוויטש

## 209. צו י. ח. ראַווניצקי און צ. ז. פראַנקפעלד

בעלאַיאַ צערקאָוו, 5טן יאַנואַר 1886

הערן ראַווניצקי, הערן פראַנקפעלד, אָדעססאַ.
אַדוני הנכבדים! ידידי היקרים!

לא, אַדוני הנכבדים, לא! לוא לא נתתם להמאסף שלכם טענדענציע אשר בקודש יסודתה, כי אָז מצאתם אצלי חומר למדי, כי לצון חמדתי, וזה סוסי (מאַי קאָניאַק) בליטעראַטור, ובפרט הזשאַרגאָנית! איך וואָלט אײַך ניט געזשאַלעוועט קיין דראַמעס, סאַטירישע עפּיזאָדן, הומאָריסטישע ראָמאַנטשיקלעך, שטעכעדיקע נאָדלען, בײַסנדיקע פליגעלעך אאַז״וו. וואָס זשע — אַז איר גיט מיר אַ זשורנאַל נאָך אײַער גוסט און הייסט מיר שרײַבן! איר גיט אַרויס אַ סבאָרניק און זאָגט צו מיר אַזוי:

— נעם נאָר, שלום־עליכם, און שרײַב אָן עפּעס אַ ראָמאַן, אין וועלכן עס זאָל זײַן אײַנגעוויקלט די הייליקע אידעע פון פּאַלעסטינע, וואָזראָזשדעניע, אאַז״וו.

דערצו, ברידערלעך, דאַרף מען אָבער האָבן אַליין דעם זעלבן גוסט, וואָס איר: מע דאַרף אַליין זײַן דורכגעשפּיגעוועט מיט דער דאָזיקער אידעע; מע דאַרף גלייבן אין איר, ווי מע גלייבט אין גאָט, אין אמת, אין מענטשלעכקייט. אָבער אַרבעטן „פּאָ זאַקאַזו" טויג אויף כּפּרות!... איך קאָן נישט זײַן קיין ליצעמער, קיין חונף און קיין צוויי־פּנימדיקער; איך קאָן ניט הייסן יענעם גלייבן דאָרט, וווּ איך גלייב אַליין זייער ווינציק. אָך, ברידער, איך זע, איר פאַרקרימט מיט אײַערע נעזער און הייבט שוין אָן חרטה האָבן, וואָס איר האָט זיך מיט מיר אַ ביסעלע באַקענט... איך מוז דעריבער אַ קאַפּעלע פונאַנדעררעדן זיך מיט אײַך, ברידערלעך. הערט מיך אויס מיט חשק, וועט איר מיך אויך פאַרשטיין, ווי איך אײַך.

איך וויל אַזוי, אַז אײַער אידעע זאָל אָנגענומען ווערן, ניט ווינציקער פון אײַך. וואָס זאָל איך אָבער טון. אַז איך קען מײַן פאָלק ישראל אַזוי שטאַרק, אַז איך קאָן נישט גלייבן, ער זאָל דאָס נעמען צום האַרצן? איר פאַרשטייט וואָס איך זאָג? איך קאָן נישט גלייבן — ניט איך גלייב נישט! דאָס איז פאַר מיר זעלבסט פיל ערגער, ווי איך זאָל ניט וועלן גלייבן! פאַר וואָס דאָס איז אַזוי — איז דערינען פאַראַן אַ סך צו רעדן, און מיר איז דאָס גאָרניט אײַנגענומען אַרויסגעבן אײַך מײַן ווזגליאַד אויף דעם דאָזיקן וואָפּראָס, אין וועלכן איר זענט אַזוי פאַרברענט! איך קאָן אײַך נאָר ווינטשן, אַז גאָט זאָל אײַך העלפן, איר זאָלט האָבן אַ סך נאָכדענקערס און נאָכטוערס און אײַער טירחה זאָל ניט זײַן אומזיסט. דאָס זעלבע קאָנט איר אַרויסזען פון מײַנע פאַראַלעלן „בזה־הלילה"; דאָס זעלבע קאָנט איר זען אין דער דאָזיקער דיכטונג, וואָס איך שיק אײַך דאָ. — עס קאָן זײַן, אַז די גרעסערע שרײַבערס און פּאָעטן, „וואָס זייער קליין פינגערל איז גרעבער פון מײַנע לענדן", דהײַנו: גאָטלויבער, צונזער, גאָלדפאַדען אד״גל, קריכן אויף די ווענט, כאַפּן די שטערן פונעם הימל, און פון גרויס היץ האָבן זיי אײַך אַזוי פיל אַרויסגעזאָגט אין זייערע שירים, אַז נאָך דעם, לייענענדיק, וועלן זיי אַליין ניט וועלן גלייבן, אַז דאָס איז זייער אַרבעט... נאָר איך, ליבנדיק מײַן פאָלק מיטן הייסן האַרצן און מיטן קאַלטן ראַזסודאָק (שלעכט, אַז דער ראַזסודאָק ווערט הייסער פונעם האַרצן!...), זאָג דעם אמת. — — — קיין

מלאָכה ניט צעפלאָקערן זיך ביז עטלעכע און זיבעציק גראַד היץ: נאָך אַזאַ היץ מוז די טעמפּעראַטור פאַלן, און שטאַרק פאַלן! — — —

לכן, ברידערלעך, בעט ספּעקטאָרן; ער וועט אײַך געבן אַ ראָמאַן: ער איז אַ ראָמאַניסט. איך בין איבעראַל [איבער הויפּט] ניט ספּאָסאָבנע צו קיין סעריאָזנעם ראָמאַן. זעט איר, שפּעטן, אויסלאַכן, חוזק מאַכן, אַרײַנקריכן יענעם אין די גרגרת, און פון דעסטוועגן צושטעלן דעם לעזער פאַרגעניגן, אַז ער זאָל מיך פאַר מײַן חוזק מאַכן אויך ליב האָבן — זעט איר, אָט דערויף בין איך אַ מזיק, אַ כוואַט, וויפל איר ווילט! וואָס בין איך שולדיק, אַז אין יעדער זאַך און אין יעדן מענטשן דערזע איך באַלד די ערגסטע זײַט?... ענטפערט מיר, ברידערלעך, פון דעסטוועגן, אויף מײַן בריוו. שעמט זיך ניט מיט מיר, סטעסניאַיעט זיך ניט מיר זאָגן, ווי איר פאַרשטייט און ווי אײַער האַרץ פילט. גלייבט מיר, אַז איך וועל אויף אײַך דערפאַר נישט זײַן ברוגז און וועל אײַך ווײַטער ליב האָבן און ווינטשן אַלעס בעסטע און בלײַבן אײַך אויף שטענדיק אַ גוטער פרײַנד,

אײַער ברודער שלום-עלכם

פּ.ס. — צו ספּעקטאָרן שרײַב איך אַלע טאָג, ער זאָל אײַך עפּעס שיקן. איר מעגט שוין זיכער זײַן, אַז ער וועט פון מײַנע הענט נישט אַרויסדרייען. איך האָב פײַנט, אַז מען זאָגט צו אַ סך און מען טוט אַ ביסעלע!...

## 210. צו די זעלבע

בעלאַיאַ צערקאָוו, 23סטן יאַנואַר 1886

ה' י. ח. רבניצקי,
ה' צ. ז. פראַנקפעלד,
אַדעסאַ.

אדוני היקרים!

אַ ציקאַווערסט מיט די הייסע קעפּ, מיט די אידעע-לײַט, מיט די אַלע, וואָס שלאָגן זיך פאַר „עפּעס"! מענטשן קלוגע, מענטשן מיט שכל, מיט מוח, מיט טינט און פּעדער — קומט צו זייער אידעע — אַהאַ! ניטאָ קיין לאָגיק, ניטאָ, ווי גאָגאָל האָט געזאָגט, קיין קייסער אין קאָפּ!

סטײַטש, איר זאָגט אַליין, אַז איר האָט מיך גוט פאַרשטאַנען (און האָט מיך באמת פאַרשטאַנען אין אייניקע זאַכן), אַז איך קאָן ניט האָפן, איך קאָן ניט גלייבן. צום סוף ענדיקט איר מיט פּאַפּאַס:

ער מעג האָפן און שרײַבן, שרײַבן און האָפן!...

— — —

איר זאָגט, ברידער, איך קאָן מיר שרײַבן וואָס מיר גלוסט זיך, וואָס מײַן טאַלאַנט פאַרלאַנגט. און צום סוף שטעלט איר מיר אַ פּונקט: „אַ שטייגער, למשל, פאַרצושטעלן דעם אמתן „נאַרישן" אַסימילאַטאָר מיט אַלע זײַנע אאַז"וו." און דערמיט גיט איר מיר שוין אַ טענדענץ אויף צו באַאַרבעטן און זאָגט צו מיר: „שלום-עליכם! נאָט אײַך אַ

קוואַטש מיט פאַרבן און מאָלט אונדז אויסעט דעם און דעם אַזוי, אַז די נאָז זאָל זײַן אַ לאַנגע, די אויגן גיינקאָוואַטע, דער פּנים געשוואָלן, דער בויך ווי אַ באַרג, די פּיסעלעך קורצע און אויסגעבויגענע, אַאַז״וו, אַאַז״וו — און גיט אים אַ נאָמען „אַסימילאַטאָר״.

אַז אָך און וויי איז דעם מאָלער, דעם כודאָזשניק, אַז מען דאַרף אים שוין געבן פּלאַנען, ווי אַזוי צו מאָלן! אַז אָך און וויי איז דעם סאַטיריק, אַז מען הייסט אים לאַכן פון דעם אָדער פון יענעם! — — — נײן, ברידערלעך! דער כודאָזשניק דערזעט אַליין די שיינע, איידעלע, ליכטיקע, טרויעריקע זײַטן פון יעדער זאַך און כאַפּט און וואַרפט אָן מיטן בערשטל, אַזוי ווי אים מאָלט זיך אויס, אַזוי ווי זײַן דוכאָוונע אויג שטעלט זיך פאָר. דאָס גלײַכן דער סאַטיריק דערזעט אין יעדער זאַך די נאַרישע זײַט, אַזוי אַז נעמט אים אויף צום לאַכן, — כאַפּט ער די פעדער און ליאַפּעט אָן, אַזוי ווי אים געפעלט, און באַוויַיזט דערמיט יעדן באַזונדער, אַז עס איז טאַקע באמת דאָ אויף וואָס צו לאַכן... אַ סאַטיריק, אַזוי ווי איך פאַרשטיי אים, איז ניט קיין פּאַיאַץ אין פּורים־שפּיל, ניט קיין קאָמעדיאַנטשיק, וואָס ברעכט זיך און ווערט זיך — איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ סאַטיריק איך מיין...

איך בין ניט קיין אַסימילאַטאָר און ניט קיין פּאַלעסטינעץ: איך בין אַ ייִד און האָב ליב אַ ייִדן, מחמת איך בין אַ מענטש און האָב ליב אַ מענטשן. יעדער אידעע, ווי הייליק זי זאָל ניט זײַן, קוים פאַלט זי אַרײַן צו אונדז, מענטשן, אין די הענט אַרײַן, אַזוי הייבט מען זי אָן קנעטן און קנייטשן, אַז זי מוז באַקומען די נאַרישע, לעכערלעכע זײַט. דערום קאָן מען חוזק מאַכן אי פון עם אַסימילאַטאָר, אי פונעם פּאַלעסטינעץ. איך וואָלט אײַך געקאָנט שענקען אַ קליינע סצענע צווישן איין אַסיפה פון דעם און פונעם אַנדערן לאַגער, אַז עס וואָלט געווען אַן אַנטיקל, איז קאָן איך דאָס אָבער ניט טאָן איבער צוויי טעמים: ערשטנס, וועט איר ניט וועלן, און צווייטנס, האַלט איך די דאָזיקע אידעע פאַר צו הויך און הייליק און מײַן אָרעם פּאָלק פאַר צו אומגליקלעך, אַז איך זאָל זיך שפּילן מיט זײַן לעצטער האָפענונג. — — — „מיט פײַער — האָט מיר נאָך מײַן מאַמע געזאָגט — טאָר מען זיך ניט שפּילן״...

דערום, ברידערלעך, ווייל איך גאָר ניט אָנהייבן מיט אַזאַ איידעלער מאַטעריע... מײַן ווזגלאַד אויף דער דאָזיקער הייליקער אידעע (וועלכער איך בין אַליין געווען איבער־געגעבן מיט מײַן גאַנצן לעבן ערשט פאַר אַ יאָר־דרײַ) איז געגרינדעט אויף דער טעאָריע און אויף דער פּראַקטיקע, און ווייס מיט וואָס זי וועט זיך ענדיקן, און ווייס, אַז ניט אין הײַנטיקן יאָרהונדערט איז זי געבוירן געוואָרן און ניט אין הײַנטיקן יאָר־הונדערט וועט זי שטאַרבן, און זי וועט נאָך ניט איין מאָל אויפשטיין צו אָנ־צינדן פײַער אין מענטשלעכע הערצער...

— — —

הײַנט פאַרשטייט איר שוין, רבותי, וואָס איך בין פאַר אַ מין סחורה? (אַזאַ יאָר אויף מײַנע שׂונאים, רבונו־של־עולם!) און איך שטעל מיר פאָר, ווי איבערראשט איר װאָלט געוואָרן, אַז איר זאָלט דערזען מײַן רוסישן ראָמאַן „ופעריאָר״, וועלכן איך האָב געשריבן פאַר צוויי יאָרן, איידער דער טשאַד איז נאָך אַרויס, און אין וועלכן עס קומט פאָר צום סוף אַזאַ מין אידיליע:

„פּאַלעסטינע... קאָלאָניע נ.נ. ... זי זיצט אין פעלד... ער לעבן איר... די זון

בראַט... די אָקסן רוען... דאָס פעלד בליט... דער היישעריק שמועצערט... דער סאָלאָוויי פּײַפט... קאַרטינע... ראַזגאָוואָר... גליקלעך...

„אוונט... אַן אַסיפה... צײַטונגען, ביכער, רעדעס, לאָטערייעס, רעמעסלענע שקאָ־לעס, אַרבעטער...״

— — —

און איצטער — גוואַלד איצטער!... ניטאָ יענע גליקלעכע צײַט, ניטאָ!... אָך ברידער, עס וועט קומען די צײַט, ווען איר וועט אַריבער אויף מײַן שטאַנד, וועט אײַך אויך אַזוי וויי טאָן דאָס האַרץ, ווי מיר אַצינד... נאָר ניין! לאָז אײַך גאָט אָפּהיטן! קריכט בעסער ווײַטער און ווײַטער! דראַפּעט זיך העכער און העכער, טאָמער, טאָמער וועט גאָט העלפן, אַז דאָ־אַרימער וועלן אונדזערע בידנע ייִדעלעך געהאָלפן ווערן. הלוואַי, רבונו־של־עולם!

אויף דעם דאָזיקן בריוו וואַרט איך אײַער אַנטוואָרט. וואָס וועט איר עפּעס זאָגן מכּוח דער סצענע, וואָס איך טראַכט אײַך אָנשרײַבן, צווישן דער אַסיפה פון די אַסימי־לאַטאָרן מיט די פּאַלעסטינצעס? איז אויב איר וועט נאָר מרוצה זײַן, קאָן זײַן, אַז גאָט וועט וועלן, וועט אַרויס אַ רעכט שטיקל אַרבעט, און אײַערע פּאַלעסטינצעס וועלן ניט אָבידעט ווערן, חלילה: איך וועל זען אָטנעסען זיך צו זיי, ווי אַ ברודער, ניט ווי אַ פּרעמדער... מיר וועלן זען!

אײַער אײַך איבערגעבענער אויף תּמיד.

שלום־עליכם

פּ.ס. — עפּעס קריכן, מחילה, אײַערע בריוולעך זייער לאַנגזאַם פון אַדעסאַ!

## 211. צו י. ח. ראַווניצקי

סטאַנציע באָיאַרקאַ, 5טן יוני 1887

ידידי בר־קצין!

פריִער לאָם איך אײַך קלאָר מאַכן (אויב איר זענט משוגע), צו וואָס האָב איך זיך נאָכגעפרעגט, ווער איז דער בר־קצין. יעדער צײַטונג האָט זיך אירע געליבטע קאָרעספּאָנדענטן, אירע בעסטע שריפטשטעלערס. ווען מיר באַקומען דעם נומער, למשל, פונעם זשורנאַל, אַזוי טוען מיר זיך תּיכּף־ומיד אַ וואָרף צום ערשטן בלאַט: האַ? וואָס איז דאָס עפּעס? שטשעדרין? טאָלסטאָי? — ניין! עפּעס אַן איוואַנאָוו, אַ סטעפּאַנאָוו, דער רוח ווייסט ווער... דאָס זעלבע איז, ווי געוויינטלעך, מיט אַ ייִדישער צײַטונג אויך. למשל, דעם „המליץ״ אַז איך באַקום, קוק איך, ווער איז אין פעליעטאָן — „אזוב״, צי אַן אַנדערער? אינעם „עזרת סופרים״, און נאָך מער אין די קאָרעספּאָנ־דענציעס, דערזע איך אַ ד ע ס. ווער איז — בר־קצין, צי ניין? — אַלזאָ, פאַרשטייט איר שוין, אַז איך סימפּאַטיזיר בר־קצינען מער ווי אַן אַנדערן. פאַר וואָס? דערפאַר, וואָס איך האָב ליב צו לעזן זײַנע אַרטיקלען, ווען אַפילו מיך זאַנימאַיעט גאַנץ ווינציק

די אַדעסער געשיכטעס מיט די רבנים: דערפֿאַר, ווײַל איך געדענק ווי דורכן שלאָף, אַז בר־קצין פֿלעגט ניט־שלעכט שרײַבן אין „הקול": דערפֿאַר, ווײַל דער בר־קצין האָט אין זײַן שרײַבן אַ ביסעלע זאַלץ פֿון הומאָר און סאַטירע; דערפֿאַר, ווײַל בר־קצין, ווען ער שרײַבט עפּעס, וואָס סע ניט איז, איז דאָס צוקער־זיס, געצײַלטע ווערטער, קורץ און שאַרף, אָן חכמות, אָן לאַנגע הקדמות, אָן מוסר־זאָגעכצן, אָן רעזאָניאָרסטווע — מיט איינעם וואָרט, דערפֿאַר, ווײַל איך האָב ליב! הײַנט ווייסט איר שוין?

— — —

איר פֿאָדערט פֿון מיר מײַן מיינונג וועגן דעם צווייטן „וועקער"? איך בין דערויף אַן אַנדער משוגענער: איך זאָג, אַז דער ערשטער „וועקער" דאַרף זײַן מיט מער זאַלץ און מיט מער שמאַלץ פֿונעם צווייטן. וואָס פֿאַר אַ פּנים וואָלט געהאַט דער שוסטער, ווען ער זאָל אַרויסשטעלן די ערשטע פּאָר שיך און זאָל זאָגן: „קוקט ניט דערויף, וואָס זיי זענען ניט אַזוי שיין און ניט אַזוי גוט; איר וועט זען, אם־ירצה־השם, די אַנדערע פּאָר, וועט איר לעקן די פֿינגער!"... ווען סע זאָל זײַן אויף מיר, וואָלט איך דעם ערשטן „וועקער" באַפּוצט אַזוי פֿיל שיין און באַהאַנגען און באַקלאַנגען, אַז דער רוח זאָל דעם לעזער אָוועקכאַפּן, ניט אַנדערש! מחמת, פֿאַרשטייט איר מיך, איר ווילט דאָך האָבן אוספּיעך — און דער בעסטער אוספּיעך גיט זיך אָפּ נאָר צום ערשטן מאָל. נאָר עס איז דאָך שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע זאַך, על־כּן צו וואָס זאָלן מיר זיך דולן אומזיסט?

— — —

צום צווייטן בוך פֿונעם „וועקער" האָב איך פֿאַר אײַך אַ גאַנצע פּראָגראַמע מיט פֿאַרשיידענע פּראָיעקטן אָן אַ שיעור; נאָר לאָמיר דערלעבן זען פֿריער דעם ערשטן.

— — —

אַלזאָ, ברודער, בר־קצין טײַערער, קאָן איך שוין מײַן „ל"ג־בעומר" (אַ קליינינטשקע נאָוועלכען — אַן אַנטיקל!) אײַך צום ערשטן בוך ניט שיקן? למאי זאָלט איר דרייען מיטן צונג? זאָגט גלײַך: יאָ־יאָ, ניין־ניין! איך האָב דערויף אַן אײַך געווגוג בעלנים, אַפֿילו אין די העברעיִשע זשורנאַלן „האָסיף", „כּנסת ישראל" וכו', צוליב וועלכע איך וואָלט זיך אַ קאָפּעטשקעלע צוגעמוטשעט איבערזעצן אויף העברעיִש (איר ווייסט דאָך, אַז אין דער דאָזיקער הייליקער שפּראַך בין איך אויך ניט קיין סטאָליער...).

— — —

איר ווײַזט מיר אויף מײַנע חסרונות אין מײַן שרײַבן. גרויסער גאָט! צי דען איז פֿאַראַן אויף דער וועלט אַ זאַך גאָר אָן חסרונות? איך בין אין גאַנצן מסכּים מיט אײַך, אַז אָפֿט מאָל פֿאַל איך אַרײַן אין קאַריקאַטור און דריי גלאַט אַ ספּאָדיק. ווייסט איר, פֿון וואָס דאָס נעמט זיך? פֿון פֿוילקייט, מײַן ליבער פֿרײַנד! פּשוט עס גלוסט זיך ניט, עס דערעסט אָפֿט מאָל צו באַאַרבעטן אַ טיפּ ווי עס באַדאַרף צו זײַן, און דורך דעם פֿאַרוואַנדלט ער זיך אין אַ שאָטן, וואָס פֿאַרלירט זײַן קראַפֿט. נאָר וווּ זשע ליגט די סיבה? איר מיינט אפשר, ווײַל איך בין בטבע אַן אָפּגעלאָזענער? האָט איר אַ טעות. באַרעכנט זיך נאָר, מיט וועמען עס קומט מיר אויס צו אַרבעטן, אַזוי צו זאָגן, בײַ איין טיש? נעמט כאָטש די לעצטע בײַלאַגע צום „אידישען פֿאָלקסבלאַט" — „די ארורה". וואָס פֿאַר אַ מיאוסקייט! וואָס פֿאַר אַ טאַלאַנטלאָזיקייט! וואָס פֿאַר אַן עם־האָרצות!

וואָס פאַר אַן עקל! דער סוזשעט — אַלט, ווי גאָטס וועלט, און אין גאַנצן געגומען פון באַגראַווס בוך „כּתבים פון אַ ייִדן". דערפאַר אָבער — סאַראַ סטיל! סאַראַ צאַצקעדיקע באַאַרבעטונג! הײַנט וויפל אויסרוף־צייכנס אַנשטאָט קאָמאָס! אָט די דאָזיקע נישטיקייט האָט דער מחבר אַרומגעצאַמט מיט זײַן „נאָכדרוק שטרענג פאַרבאָטן" און האָט דערצו ניט פאַרגעסן צוגעבן: „געוויסער פּאַרפאַסער, אייגן הויז אין אַדעסאַ". ניט קיין אַבי־ווער, הייסט עס! נאָך אַזעלכע דעביוטן פון אָט די דאָזיקע משרתים, וואָס פאַרשווערכן דאָס געדרוקטע וואָרט, ווערט מיר שטענדיק אַזוי פּאַסקודנע אויף דער נשמה, אַז עס גייען אַוועק גאַנצע וואָכן, ביז וואַנען איך קאָן מיך ווידער נעמען צו דער פּען. איז דען אַ ווונדער, אַז מע וואַרפט אָפּט מאָל אַוועק די אַרבעט נאָך ניט אין גאַנצן קיין דערענדיקטע? און אין דער זעלבער צײַט — וויפל מאָל זיצט מען אָפּ גאַנצע נעכט נאָר צוליב דער שפּראַך אַליין, נאָר צוליבן סטיל, צוליב דער פאָרעם, שוין ניט רעדנדיק פון געדאַנק, פון אינהאַלט, אין וועלכע מע לייגט אַרײַן דעם מאַרך פון די ביינער און מע פאַרלירט ניט ווייניק בלוט. דער רוח ווייסט עס! עס לוינט זיך ניט צו אַרבעטן! איר רעדט וועגן דער גרויסער מיסיע פון אונדזער זשאַרגאָן. איר באַגײַסטערט זיך פון דער באַדײַטונג זײַנער אַלס פאָלקסשפּראַך, וואָס דריקט אויס די נשמה און די געפילן פון דער ייִדישער מאַסע. אמת. נאָר ווו זשע איז די ליטעראַטור? ס'איז פאַראַן זשאַרגאָן, נאָר ניטאָ קיין ליטעראַטור. ניטאָ קיין אָרגאַן, ניטאָ קיין פּרעסע, ניטאָ קיין זשורנאַליסטיק. די פינצטערע מאַסע קוויקט זיך מיט די עקלהאַפטסטע שרײַבעכצן פון דעם שוסטער [שמ"ר] און זײַן גלײַכן. די געבילדעטע מינדערהייט מיאוסט זיך דערוועגן און בראַקירט מיטן זשאַרגאָן. אַקעגן זשע אונדזערע פּלײַסיקע קולטור־טרעגערס, וואָס האָבן פאַרכאַפּט אין זייערע הענט דאָס רעכט אויף אַרויסצוגעבן דאָס זשאַרגאָנישע בלעטל, עקספּלואַטירן דאָס דאָזיקע רעכט אויף אַ געוויסנלאָזן אופן און פאַרוואַנדלען די זשורנאַליסטיק אין אַ באַקאַליי־קרעמל. מיט איינעם וואָרט, וווהין מע טוט זיך אַ קער — איז ניט פריילעך, און בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן גיי זײַ אַ בריה, נעם זיך אָן מיט רוח־הקודש, האָרעווע דערויף, בכדי מע זאָל דיך דערנאָכדעם ניט פאַרשטיין און ניט אָפּשאַצן. אַז איך זאָג ניט אָפּשאַצן, מיין איך ניט חלילה קיין דאַנק אָדער לויבגעזאַנגען (בעט בײַ מיר אַ שפּײַ פאַרן גײַסטיקן מאָנומענט, וואָס איך וואָלט זיך אפשר געקאָנט אַוועקשטעלן...). איך רעד פון דער צוועקלאָזיקייט און שפּורלאָזיקייט, אָט פונקט ווי דער מגיד דער בעל־דרשן, וואָס האָט אָפּגעקנאַקט זײַן דרשה — און אַראָפּ פון באַלעמער! אָט וועגן וואָס עס טרויערט מײַן נשמה, אָט וואָס עס ברענגט מיך אַרײַן אין אַ מרה־שחורה, נעמט אַוועק פון מיר דעם חשק צו שרײַבן. און שרײַבן האָב איך דווקא ליב; דאָס איז מײַן לײַדנשאַפט, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס צוליב די אומשטאַנדן איז מיר באַשערט אַרומצודרייען זיך אין אַזאַ סביבה, וואָס קאָן ווייניקער פון אַלץ סימפּאַטיזירן מיט מײַן שרײַבערישער נייגונג. די דאָזיקע סביבה — דאָס איז אונדזער געהויבענע אַריסטאָקראַטיע, דער סוחרישער שטאַנד, מענטשן פון קאַפּיטאַל, וואָס שעצן פיל העכער מײַנע פינאַנסן, איידער מײַן ליטעראַרישן טאַלאַנט, וועגן וועלכן זעלטן ווער עס האָט אַ באַגריף, מחמת מײַן ליטעראַרישער פּסעוודאָנים איז פאַר זיי אַ טעררא־אינקאָגניטאַ, און אויפן קאָמערציעלן באָדן באַגעגענען מיר זיך ווי גלײַכע, ווי יאַגעדעס פון איין פעלד, מיט איינע און די זעלבע ענגע באַגריפן וועגן לעבן און דעם אינהאַלט פון לעבן. — — — [דער סוף פון בריוו פעלט].

## 212. צום זעלבן

באיארקע, 21סטן יוני 1887

ידידי בר־קצין!

אייער בריוו פון נעכטן האָב איך הײַנט דערהאַלטן. מילא, „ל״ג־בעומר", יאָק „ל״ג־בעומר": עס איז אַ קליין סיפּורל, אַ ברעקעלע, נאָר אַ פּיַנס, אַן אַנטיקל. פון דעסטוועגן וואָלט איך אײַך צוליב אַזאַ קליין סיפּורל ניט געהייסן פאָרן פון אַדעס קיין וואַרשוי. נאָר צו דעם האָב איך נאָך אַ זאַך, וואָס פּאַסט נאָר צום „וועקער", ניט צו קיין אַנדער זשורנאַל. די דאָזיקע זאַך איז — „די זיסע חלומות". איז ווי באַלד די דאָזיקע ביידע זאַכן, איך מיין דעם „ל״ג־בעומר" מיט די „זיסע חלומות", — אַט דעמאָלט וואָלט שוין אײַער נסיעה כּדאַי געווען. על־כּן וועלן מיר אַזוי טון. איך וועל אײַך צושיקן ביידע זאַכן — און איר וועט זיך פּרוּוון אַרײַנרוקן זיי אין דעם ערשטן „וועקער", און מסתּמא וועט דאָס אײַך געראָטן. איך טו דאָס ניט צוליב זיך און ניט צוליב אײַך, נאָר צוליבן „וועקער", אַז ער זאָל קאָנען דערוואַרטן אוספּיעד אויף ווײַטער: און איך וויל, אַז דער „וועקער" זאָל גיין אַ גאַנג — אויך ניט צוליב אײַך: צוליבן זשאַרגאָן, וועלכער זאָל קאָנען האָבן אַן אייגענעם זשורנאַל. איר פאַרשטייט, צי ניין? זשאַרגאָן — דאָס איז מײַן ליבע, מײַן צווייטע לײַדנשאַפט, מײַן אידעע־פיקס. אַלזאָ, האָב איך הײַנט פאַר נאַכט געטעלעגראַפירט קיין, פּעטערסבורג, אַז מע זאָל מיר תּיכף־ומיד צוריקשיקן מײַן „ל״ג־בעומר" מיט די „זיסע חלומות" (זיי זענען אַהין אָפּגעשיקט געוואָרן ביידע אין „פאָלקסבלאַט" אַרײַן), און איך רעכן אין אַ דרײַ־פיר טעג אַרום זיי מקבל זײַן, וועל איך אײַך זיי תּיכף־ומיד אָפּשיקן און וועל אײַך טעלעגראַפירן, ווען איך האָב זיי אַרויסגעשיקט (אויף ה׳ ליליענבלומס אַדרעס).

— איך לייג אויך אָפּ אַלע שמועסן אויף אַן אַנדערש מאָל, מחמת איך האָב אויך קיין צײַט ניט אָפּצוגעבן זיך אין גאַנצן דער ליטעראַטור: מע דאַרף עפּעס טראַכטן מכּוח דער בירזשע אויך, און איר האָט דאָך געהערט, אַז „אם אין קמח אין תּורה", הייסט דאָס אויף אונדזער לשון: „נעמאַ פּאַפּע, גיי ליוליע".

זײַט מיר געזונט און גריסט דעם הויכגעשעצטן הער ליליענבלום, וואָס האָט מיך אָוועקגעקוילעט אַ מאָל מיט זײַן אויסגעצייכנטן „חטאת נעורים", אומבאַקאַנט.

שלום־עליכם

## 213. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 28סטן אָקטאָבער 1887

Г-ну Я. Диненсону, Варшава

אַדוני קיניג!

וואָס איז אײַער באַגער? וואָס פאָדערט איר פון אײַער קנעכט „שלום־עליכם", און מיט וואָס קאָן איך אײַך דינען?

שרײַבט מיר אַרויס בקיצור: וואָס ווילט איר? אַ גרויסע זאַך אָדער אַ קליינטשיקס?

פראָזע אָדער דיכטונגען? בעת הזאת יש אצלי לעגענדאָ אחת, ובעוד ימים שלושה ווערט זי פאַרטיק: מע דאַרף זי נאָך אַ ביסל צופרעסן, אויסשלײַפן פעטליעס, אַרויסשלעפן די סטריגאָוואַניע און דורכפוצן, די דאָזיקע לעגענדע איז אין דיכטונגען в белых стихах און גוט באַאַרבעט.

Пишите Ваши условия и когда Вы приступаете к первому выпуску. Готовый служить делу Вашему.

שלום־עליכם

## 214. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 30סטן נאָוועמבער, אויפן ערשטן דעצעמבער 1887

אדוני קעניג, הער בר־קצין!

איר זענט גערעכט, גערעכט און גערעכט!

נאָר וואָס קאָן טון אַ געמיינער ליטעראַט מיט אַ קליינעם טאַלאַנט, וועלכער איז מחויב (באשר זיי זאָגן — איך בין גרויס!) צו געבן די פּרעמיע פונעם סוף יאָר, די צווייטע (ד״ה די דריטע) פּרעמיע צום אָנהייב נײַעם יאָר, פעליעטאָנען, דיכטונגען און עפּעס נאָך, און עפּעס נאָך (אַזוי ווי אײַער קנעכט נעמט הײַנט אָן אַקטיווע אוטשאַסטיע אינעם „פּאָלקסבלאַט״)? — — — —

דערצו איז דאָ אַ „הויזפרײַנד״, מיט אַ „פאַמיליענפרײַנד״, מיט אַ „ליעבענפרײַנד״, מיט אַ „דעררוהוויסטוואָספּאַראָפרײַנד״, וועלכן איך האָב צוגעזאָגט מיטהעלפן — און וואָרט מוז מען האַלטן. איך בין, חלילה, קיינעם ניט פאַרקויפט, קיינער קאָן מיר קיין דעה ניט זאָגן; נאָר מײַן ליבשאַפט צום זשאַרגאָן איז בײַ מיר פיל עלטער פון אַ האָר און פון אַן אָדון. דערום בין איך גאָטאָוו יעדן, יעדן מיטהעלפן. הער איך צוויי ייִדן, צוויי ווײַבער רעדן זשאַרגאָן — בין איך דאָ. ראַבינאָוויטש איז מער „שלום־עליכם״, ווי ראַבינאָוויטש. סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש איז פיר שעה אין טאָג אויף דער בירזשע אַ מאַכער, אַ דריייער, אַ שטיקל טויז, ברוך־השם; נאָר פון זייגער פינף בײַ טאָג ביז דרײַ־פיר אין דער נאַכט בין איך „שלום־עליכם״. יעצט שרײַב איך צוויי ראָמאַנען, איין דערציילונג, איין פעליעטאָן, איין קאָמעדיע, איין לייטאַרטיקל, איין קריטישן עטיוד און עפּעס נאָך. נו, און לעזן דאַרף מען גאָרניט? איר ווייסט כאָטש, אַז מיר זענען גראָבע יונגאַטשעס? איר ווייסט כאָטש, אַז יעדער ליטעראַט מוז יערלעך איבערקוקן די רוסישע, דײַטשע און איבעריקע ליטעראַטורן? איר ווייסט, אַז אַפילו אַ פּאָעט מעג אויך לערנען אַדאַם סמיט און ד. ס. מילל — — טפו! זעט נאָר, ווי ער האָט זיך אַ ביסל צעפלאַפּלט! — — —

יאָ, איר פרעגט בײַ מיר מײַן עצה אויפן צווייטן „וועקער״. נאָר איר הערט מיך דען, אַז איך זאָג אײַך? איך זאָג אַזוי; טויזנט מאָל האָב איך אײַך געזאָגט:

טענדענץ, פּאַרטייִישקייט — דאָס אַלץ צום טײַוול! איר זענט אַ „וועקער״? וועקט בײַם פאָלק זײַן נאַציאָנאַלן געפיל, נאָר לאָזט צו רו די אויסשליסלעכע אידעען וועגן פּאַלעסטינע, אַמעריקע אד״גל, זײַט אַ ייִד, ניט נאָר אַ פּאַלעסטינעץ. גיט

פלאַץ אין אייער זאַמלבוך פאַר אַלץ וואָס איז גוט, פאַר אַלץ וואָס איז שיין, פאַר אַלץ וואָס איז ייִדיש: קלאַפּט אָבער ניט אין איין זײַט אַרײַן — — — נאָר מיר וועלן נאָך צו דעם זיך אומקערן.

איר ווילט אַלץ וויסן מײַן מיינונג איבער דעם ערשטן „וועקער”. הערט זשע אויס:

פון ה׳ ליליענבלום האָב איך געוואַרט אַ סך מער, פּשוט אינעם זינען פון כמות. עס זעט אויס, ווי ער וואָלט געפּאַקט דעם לעזער ערגעץ אונטערוועגנס, אויף אַ וואָקזאַל, און אַרויסלייגנדיק פאַר אים אין אײַלעניש זײַן טעאָריע, זײַן פּראַכטפולע טעאָריע, קוקט ער אַלץ אומרויִק אויפן זייגער:

— שוין דרײַ פערטל צו פיר... דער צוג גייט אָפּ פיר... הם... אַלזאָ, דער גרויסער הערדער זאָגט אַזוי און אַזוי... שאַ, מע קלינגט שוין! אויף ווידערזען, ליבער הער, מירן זיך נאָך אפשר באַגעגענען אַ מאָל, וועלן מיר שוין דעמאָלט שמועסן... אַ גוטן טאָג!

— — —

אַ שטיין פון עם הארץ... נאָר וואָס קאָן איך זאָגן אויף גאָלדפאַדען, וועלכן איך האַלט פאַרן ערשטן, גרעסטן, שטאַרקסטן, ליבסטן ייִדישן פאָלקספּאָעט? איך האָב זיך אַ מאָל נזדמן געווען מיט דעם דאָזיקן סימפּאַטישן פּאָעט לפונדק אחד, האָב איך פון אים געהערט ווײַט ניט אַזאַ מיינונג וועגן וואַניושאַן און וועגן די „קלאָפּערס” און די „געקלאָפּטע”. אַלץ בײַט זיך אונטער דער לבֿנה!

— — —

וואָס טוט מען?... ה׳ אײַזמאַן טוט ראַציאָנאַלער פון ה׳ ליליענבלום. ער זאָגט גלײַך: ברודער, דו ביסט נישט געזונט; בײַ דיר איז אינעווייניק נישט לאַדנע; דו דאַרפסט אַ רפֿואה; איך האָב יעצט קיין צײַט ניט — לאָז זײַן אויף אַן אַנדערש מאָל; אויף ווידערזען, הער!...

נאָר פאַר דער שפּראַך שיקט אים איבער פון שלום־עליכמען הונדערט קוש. אָט אַזוי האָב איך ליב, אַז מע שרײַבט ייִדיש!

— — —

די מאַמע רופט... ננו!... מהיכא־תיתי!... גאָטליבער... איין אַלטער מאַן... אַ בלינדער... פאַרט גאָטליבער!... איר פאַרשטייט?

— — —

אַהיים!... מויל, פאַרשליס דײַנע לעפצן! צונג, באַהאַלט זיך פון יענער זײַט ציין! טינט, גיס זיך אויס! פען, אַנטלויף!... ווען מאַריע לערנער זאָל זײַן משה לעמעשקע, ווען הײַנט זאָל ניט זײַן מאָנטאָג, 30סטן נאָוועמבער, זייגער דרײַ בײַ נאַכט (און מאָרגן פרי דאַרף איך אָפּגעבן 175 ווינגרישנע בילעטן, וועלכע איך האָב פאַרקויפט אויף דעם 1טן דעצעמבער על מקח 275 רו״כ עם 15 רו״כ אויפגאָב... איר פאַרשטייט?... צעפרעגט זיך אין אַדעס אויף דער בירזשע, וועט מען אײַך קלאָר מאַכן אין דער דאָזיקער ליטעראַטור...), וואָלט איך אײַך געגעבן אויף דעם דאָזיקן געמאַכטן ראָמאַן אַ קריטיק גאָר אויף איין אַנדער אופן. נאָר אַזוי ווי מאַריע לערנער איז ניט משה לעמעשקע, און הײַנט איז יאָ מאָנטאָג, 30סטן נאָוועמבער, זייגער דרײַ בײַ נאַכט (שוין אַ פערטל אויף פיר), און מאָרגן דאַרף איך די 175 בילעטן יאָ אָפּגעבן, — מוז איך זיך באַנוגענען מיט צוויי געציילטע ווערטער. סע איז דאָ אין בעלאָצערקאָוו אַ פּריץ, אַ גרויסער שיכּור, וועלכער איז דאָס ערשטע מאָל געווען אויף אַ קאָנצערט, און אַז

איך האָב געפּרעגט זײַן מיינונג [וועגן קאָנצערט], האָט ער מיר געענטפערט: „קידוש לוטשע״...

פאַרשטייט אַליין: אַ וועקער, אַ יידישער וועקער. די אידעע־פיקס איז פּאַלעסטינע. די דערציילונג איז די איינציקע אינעם גאַנצן בוך. אַננאַ איז די איינציקע, וועלכע הייבט אויף דאָס פענדל און שרײַט אויס: „פּאַלעסטינע!״ האָט משה לעמעשקע, איך מיין מרים לערנער, נישט געפונען קיין אַנדער העלדין, נאָר אַזעלכע, וואָס איז פריער אַנט־לאָפן מיט אַן ערל... בכדי? בכדי זי זאָל דערזען אַ פּאָגראָם... באשר? באשר, אַז ווען ניט דער ערל, ווען ניט אַננאַ, ווען ניט דער פּאָגראָם — הײַנט וואָס וואָלט געטאָן מרים לערנער? איז דערפון געדרונגען, אַז דער גרויסער קאַליקע פּעטריקאָווסקי (פאַר וועלכן איך, לאָקש, האָב אַ מאָל, פאַר רחמנות, געשריבן אַ פאַנעגיריק אין „פּאָלקסבלאַט״) האָט געפּעדערט מרים לערנער, און מרים לערנער האָט איבערגעשטשעגאָליאַיעט פּעטרי־קאָווסקין; נימצא, אַז סע איז געקומען אַפילו זייער אַ פּײַנע דאַמע, וועלכע האָט אויסגע־שנײַצט די נאָז בײַ אײַך אין ביכל און האָט צעשמירט מיטן קליינעם אַנטיטשנע פּיסל... נאָר צו מרים לערנער האָב איך כּלל וכלל נישט; זי איז, ווי עס ווײַזט אויס, נאָך גאַנץ יונג אין יאָרן אָדער אין שׂכל, און אַזאַ מין דערציילונג האָט אײַער איבערגעגעבענער קנעכט אַ מאָל אויך געשריבן אונטער דעם נאָמען „נאַטאַשאַ״, פאַר וועלכער איך וואָלט אַצינד געגעבן טויזנט קערבלעך, אַז די יונגע זשאַרגאָן־ליטעראַטור זאָל זי אויסמעקן, פאַרגעסן. מײַן גאַנצע טענה איז צום אַרויסגעבער, צו אײַך, מײַן טײַערער בר־קצין, און ניט דערפאַר, וואָס איר האָט געגעבן אַ שמאַטע, נאָר דערפאַר, וואָס איר וועט געבן אפשר נאָך אַזאַ מין קעבעבע מיט לאַקריץ פון אַ ווילדער פאַנטאַזיע, אָן אַ שום רעאַלנע פונדאַמענט... פאַרשטאַנדן?

— — —

יודל סעמיט... וווּנדערבאַר! אַן אַנטיק! וואָס פאַר אַ סטיל! וואָס פאַר אַ פּראָסטקייט! וואָס פאַר אַ ניט־געמאַכטער, ריין־הײַנעשער הומאָר!

— — —

דאָס פּינטעלע יוד... די שפּראַך איז גאָלד, 96 פּראָב. די געדאַנקען זענען געזונט, פריש, לויטער. נאָר איין חסרון איז דאָ: אַ ביסעלע צו פיל היץ, צו פיל בייז, כּעס... כּעס איז עבודה־זרה, הער ראַווניצקי. שוין זשע ווייסט איר דאָס ניט? — — — טײַערער בר־קצין! ווען איר זאָלט אַזוי שפּרעכן מיט מיר, וואָלט איך אײַך געפרעגט, וויפל האָט איר באַצאָלט פאַר אײַער שליאַפּע, אָדער פאַרן שטעקל, וואָס איר שרײַט אַזוי? — — —

— — —

יודעשקע... איך בין אַ ווילדער אַפּיקורס און לייקן אָפּ לחלוטין דעם פּאָעטישן טאַלאַנט אין דעם דאָזיקן בדחן מיט די לאַנגע פּסוקים. זײַן שפּראַך איז ניט קיין פּאָלקס־שפּראַך; ער לײַגט. איך וועל ניט פאַרבײַטן איין שורהלע פון גאָלדפאַדען:

„גיב אַהער, וואַניושע, דײַן חנעוודיקע מאָרדע״...

אויף אַלע לאַנגע ציטאַטן פון צונזערן מיט זײַנע ווונדערלעכע אויסדרייעכצן:

„זי האָט זיך אַזוי 1000 מאָל באַנאַרישט, שטענדיק געהאַט אַ פּסק,
טויזנט מאָל זיך פאַרליבט, ענדלעך געבליבן אַ דוראַק״...

מחיה־נפשות! און נאָך דעם גייט אַ „שפּאַניעץ״(?) מיט אַ „געשמאַק״, „באַק״, „פּראַק״, „קולאַק״, „פּאַק״, סיניאַק״ — און — — —!

„אויס כּלה, ווײַטער מויד״ האָב איך קיין מאָל נישט געהערט: איך האָב געהערט: „אויס כּלה און ווידער אַ מויד. — הדרן עליך אליקום בדחן.

— — —

אין דער דאַזיקער נאַכט פון פּסח (פון שלום־עליכם)... דער דאַזיקער בעזדיעלניק, דער דאַזיקער געפּעסטעטער פון דער פאָרטונע, וועלכן דאָס גליק גייט דורך טיר און דורך טויער אין אַלע פאַכן, איז ווערט, מע זאָל אים אַנידערלייגן און אָפּציילן אחת ואחת...

— — —

בריוו פון פּאַלעסטינאַ... עס וואָלט געמעגט זײַן כאָטש נאָך צוועלף אָדער פופצן בריוו; ניט צוויי „קאַזיאָנע״ קאָרעספּאָנדענציעס.

— — —

יאה ענויתא לישראל (ראַוויניצקי)... איר געדענקט די סצענע מיט כלעסטאַ־קאָווס בריוו אין גאָגאָלס „רעוויזאָר״? „ניין, זײַט אַזוי גוט, לייענט שוין אַלץ״...

די ערשטע פיר־זעקס סטראָפעס איז נאָך געווען בײַ מיר ווי סע ניט איז. און אוי, וויי איז מיר, ווינד איז מיר! — אַז סע איז געקומען צום געשטאַלצירט, געצירט, שטרויס, אַרויס, נאַרן, פאַנאַרן!... גוואַלד, גזלן, וואָס האָסט דו צו מײַנע ציין? וואָס ווילסט דו האָבן פון מײַן מאָגן, וועלכער איז ניט אין שטאַנד איבערצוקאָכן געקײַטע קלאָטשעס מיט שאָלעכץ פון אייער, אָן אַ קאַפּ זאַלץ, נאָך וועלכן סע שלאָגט מיר אַרויף און סע נודעט מיך און סע טאַטשעט מיך, ווי ווערעם עסן מײַן לײַב?!

„נישטאָ קיין היים — דאָס איז אַ חלף.
אַהיים! אַהיים! דאָס דאַרף זײַן דער סאַמע אַלף.
אין דער פּרעמד מוז ער מאַכן פונעם(?) בעל־הבית אַ וואָרע,
און בײַ זיך אַליין זײַן בטל טאַקע כּעפרא דאַרעא״(!).

אַ קאָנצערט פון אַ קאַץ, אַ קוימען־קערער. אַ פּיפּערנאָטער מיט איין אַלטער מויד... — — — [דער סוף פונעם בריוו פעלט].

## 215. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 27סטן דעצעמבער 1887

ח׳ ה׳ דינענזאָן,

אויב איר האָט גאָט אין האַרצן — דאַרפט איר די רגע אַרויספאָרן קיין פּעטערסבורג! גוואַלד, נעמט טוט אַ קוק אין דעם לעצטן נ׳ 52 פונעם „פּאָלקסבלאַט״ אַ האַרצווייטיק צו צוזען, ווי אונדזער טײַערער זשאַרגאָן גייט צו גרונט! נעמט זעט cmp. 909—910 זעט די שפּראַך, זעט דעם סטיל, נעמט זעט, — לעזט און ווערט אַזוי צעפּלאַצט, ווי עס פּלאַצט אין מיר דאָס האַרץ! זעט די פּערעדאָוויצע פון ד״ר קאַנטאָר! גוואַלד! דער „פּ״ב״ איז אומגליקלעך! ער האָט ניט קיין שום סאָטרודניק внутри. איך קאָן ניט, זיצנדיק אין קיִעוו, זען, וואָס סע טוט זיך דאָרט אין פּייטערבאַרג! פּאָרט! פּאָרט! פּאָרט!

פאַרט! פאַרט, הער דינענזאָן. פאַרט! — וועט איר מיך דערהאַלטן בײַם לעבן! וואָס וואַרט איר! וואָס זיצט איר? פאַר וועלכס האָט איר מורא? רירט זיך! פאַרט! איר וועט קיין חרטה ניט האָבן!

שלום־עליכם

## 216. צום זעלבן

קיִעוו, 28סטן דעצעמבער 1887

Милостивый государь г-н Диненсон!

Я столько... виноват! Стыдно, чтобы два жаргониста говорили между собой по-русски. Итак

איך האָב אַזוי פיל אײַך צו זאָגן, אומבאַקאַנטער ה׳ דינעזאָן, אַז איך ווייס ניט פון וואָס צו אָנהייבן... פּאַלאַזשים, פון וואָס אָנצוהייבן ווייס איך שוין דווקא יאָ; נאָר איך ווייס ניט, צי מיר וועלן קומען אַ מאָל צו אַן ענדע און צי וועל איך אײַך זאָגן אַלעס, וואָס איך וויל אײַך זאָגן און דאַרף אײַך זאָגן?

איר געפינט, אַז איך בין אויף אײַך אַ ביסל ברוגז? סע קאָן זײַן, אַז איך וואָלט באַדאַרפט זײַן אויף אײַך ברוגז. פאַר וואָס? פאַר כמה־וכמה זאַכן.

ערשטנס, וואָס ציטערט איר אַזוי פאַר אַ דעפּעש? דער תּירוץ איז... איך האָב געזען אצל ידידנו ה׳ ווייסבערג (וועלכן, קסטאַטי, איך הייב אָן ליב צו קריגן), נאָר דער תּירוץ איז — אַ פוילער תּירוץ.

צווייטנס, אַטנאָסיט איר זיך צו מיר недоверчиво. איר זײַט דאָ אפשר גערעכט: איך בין בײַ אײַך אין די אויגן אַ буржуа און נישט מער, נאָר דאָס אַרט מיך ניט, ווײַל איר קאָנט מיך ניט, און אויב איר וועט מיך ניט קאָנען, אַרט מיך ווידער ניט.

דריטנס, אַז איך רוף אײַך קיין קיִעוו, טאָרט איר זיך ניט אָפּזאָגן איבער אַ סך זאַכן, וועלכע איך פויל זיך דאָ אַלע אַרויסשרײַבן; אין הוצאות איז קיין תּירוץ ניט, ווײַל אַז שלום־עליכם איז אַזאַ מיאוסניק און שלעפּט דינענזאָנען פון וואַרשע נאָך פּעטערסבורג דורך קיִעוו, וועט ער (שלום־עליכם) מסתּמא ניט פאַרלאַנגען, אַז יענער זאָל האָבן צוליב זײַן קאַפּריז הוצאות...

דעם דאָזיקן בריוו שרײַבנדיק, איז געקומען ווײַסבערג צו מיר (מאַכט רש״י: טשאָרט יעוואָ פּריניאָס), האָב איך דעם בריוו געמוזט איבעררײַסן, און אַצינד, אויפן צווייטן טאָג, קאָן איך שוין אַזוי פיל ניט שרײַבן, וויפל איך האָב געוואָלט, מחמת העכער האַלב פּײַער האָב איך אויסגעשאָטן פאַר ווײַסבערגן, הײַנט וואָס איז געבליבן פאַר אײַך.

וואָס איז דער פּײַער אַזוי גרויס? ולאש מה זו עושה?

גאַנץ איינפאַך: מע מוטשעט מיך; מע שינדט מיר מײַן הויט, מע טרענט מיר די אָדערן; מע עסט מיך לעבעדיקערוויַיזע, וואָס ווייסט איר? וואָס ווייסט איר? איך האָב ליב דעם זשאַרגאָן אַזוי ווי... נאָר צו וואָס?

נעמט דעם לעצטן (דאַכט זיך, 51 „פ״ב") און זעט די פּעראַדאָוויצע פונעם „יידישן גזלן" — פון לוי — וועט איר זען; זעט דעם פעליעטאָן אַן אמתער בילד (ניט

אמתעס בילד?), — וועט איר זיך ממש מחיה זיַין פון דעם נחבי בן ופסי (די ניכפּה זאָל ער באַקומען!) — — — אויב עס קלאַפּט ביַי איַיך אַ יידיש האַרץ, — אויב די פאָלקס־שפּראַך און איר אָרעמע און יונגע ליטעראַטור זיַינען איַיך טיַיער, אויב איר האָט אַ געשמאַק און פאַרשטאַנד אין אַלץ, וואָס איז שיין, מוזט איר אויפגעציטערט ווערן מיט אַלע איַיערע אברים, ווען איר זעט אָט די מיאוסע, העסלעכע חוזק־מאַכעריַי פון געדאַנק, אינהאַלט, שפּראַך, פאַרעם אאַז"וו.

... — איר ווייסט, אַז איך האָב איַיערס נאָך גאַרניט געלעזן? שיקט מיר וואָס איר האָט, העברעיִש שריַיבט איר גוט. אויב איר שריַיבט ניט ערגער זשאַרגאָן, האָב איך איַיך ליב, זיַיט איר מיַין ברודער, פאַרט! פאַרט! שריַיבט זיך דורך מיט מיר, איר וועט קיין חרטה ניט האָבן!

**שלום־עליכם**

P.S. ה. וויַיסבערג האָט מיר געזאָגט, אַז איר קאָנט שריַיבן, אַז איר **ווייסט** שריַיבן, — איז שוין גענוג פאַר מיר, הגם איך בין אַ גרויסער פּעדאַנט און אַ שטיקל משוגענער און פאָדער פון יענעם מער, וויפל איך קאָן געבן אַליין; ergo אַז אַ מבין בין איך אַ סך מער ווי אַ שריַיבער. Намотайте себе на ус.

## 217. צום זעלבן

קיִעוו, 4טן—5טן יאַנואַר 1888

**ליבער הער דינענזאָן!**

איך בין היַינט, לא־עליכם, אַזוי צעטראָגן, אַז איך ווייס ניט, אויב איך וועל איַיך קאָנען דעם בריוו ענדיקן; נאָר מיט איַיער בריוו האָט איר מיך אַזוי צענומען, אַז איך **מוז** איַיך תיכף ענטפערן. —

צעטראָגן בין איך, וויַיל מיַינע צוויי אויגן אין קאָפּ, מיַינע צוויי פּיצלעך קינדער, וועלכע נישט מיַין ריַיכטום מיטן ריַיכטום פון אַלע ראָטשילדן אויף דער וועלט קאָנען אויסקויפן, די דאָזיקע צוויי קינדער מיַינע זיַינען דעם 1טן יאַנואַר פּלוצלעם פאַרשלאָפט געוואָרן, און וויַיל דאָס איז צום ערשטן מאָל אויף מיַין לעבן און זייער לעבן, דערום קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין ביז נעכטן אַרומגעגאַנגען, און ערשט נעכטן איז זיי גרינגער געוואָרן און, צו גאָט אַ האָפענונג, זיי זיַינען ווידער **מיַינע** ווי פריִער! נאָר אַזוי ווי איר זיַיט אַ פלג־גוף, דערום האָב איך מיט איַיך דערפון ניט וואָס צו רעדן. אַז גאָט וועט איַיך שענקען „דאָס, וואָס איר ווילט", און „דאָס, וואָס איר ווילט", וועט איַיך שענקען אַ קינד, און דאָס קינד וועט געבן דעם ערשטן הוסט און סע וועט באַקומען אַ קאָפּהיץ — און סע וועט איַיך אַרומנעמען מיט צוויי פּיצלעך הענטלעך אַרום איַיער האַלדז, און סע וועט איַיך מיט אָנגעגאָסענע אייגעלעך זאָגן: „אוי, פּאַפּאַ, באָזשע מאָי! באָזשע מאָי!..." — וועט איר ערשט דעמאָלט פאַרשטיין, וואָס איך פיל אַצינד, ווען דאָס זעלבע ברעקעלע זיצט איצט ביַי מיר אויף די הענט און מיט די פּיצינקע פינגערלעך פלעכט עס מיר אַ צעפּל פון מיַינע האָר און

סע פאַרגיסט זיך מיט אַ געלעכטער: — סאָטי, פּאַפּאַ, דיע טוואַיאַ קאַסאַ — כאַ־כאַ־כאַ? נאָר... גענוג סאַנטימענטאַלנאַסטן צו שרײַבן, אַזוי לאַנג שמײַסט מען אײַך, ווי לאַנג איר פאַרשטייט דעם פאַרגעניגן!

אַצינד נעם איך זיך ווידער צו אײַער ליבן בריוו. אָך, דינענזאָן! נאָך אַ צוויי אַזעלכע בריוולעך, וועל איך אײַך אָנרופן „ברודער" און וועל אײַך באַקומען ליב, איר ווייסט, צי ניין? איר האָט דאָך אַ ביסל מײַן משוגעת, כ'לעבן, אָבער אַזוי ענלעך, אַזוי אַנאַלאָ־גיש! ניט אַנדערש, אַז ווײַסבערג, דער דאָזיקער פּאַהאַנער ליטוואַק (אַזוי הייסן בײַ מיר אַלע ליטוואַקעס), וועלכן איך האָב ליב, האָט אײַך, ווײַזט אויס, אַ ביסל אָפּגעקאָפּירט מײַן משוגעת Мои волнения при виде малейшей подлости, мою раз-дражительность от несправедливости людской, мою эксцентричность в восторге или в гневе и т. д. ער, ווײַסבערג, קאָן מיך אַ ביסל. די מעשה מיטן טיפּש, ד״ר סקאָמאָראָשקאָ און מיטן הארי שבחבורה גרעטץ הגדול הגבור והנורא, ווייס איך פריִער פון אײַך, און האָב צרות דערפון, נאָך איידער סע איז געקומען אויף דער „הצפירה" מיטן „המליץ". פאַרשטייט איר מיך, דינענזאָן, דאָס האָב איך געזאָגט, אגב־אורחא, דעם דאָקטער סקאָמאָראָוויץ, אַז איך וואָלט אַ בעלן געווען אָנקוקן די יידישע געשיכטע פון גרעץ פאַרן פאָלק און זען, אויב זי נוצט איבערצוזעצן פאַר אונדזער פאָלק אויף זשאַרגאָן. איז געגאַנגען דער דאָזיקער פּיי־צדיק, וועלכער זוכט אַ כּלה, און האָט אַרויסגעהאַנגען זײַנע קויטיקע פּלודערן אויפן טין פון דער העברעיִשער ליטעראַטור לעיני השמש, אַז ברוך מיט יחזקאל זאָלן זען: מרוץ אגרות ביני ובין ד״ר פר' גרעץ! דאָס הייסט: איך און גרעץ, גרעץ און איך — גיט מיר אַ כּלה מיט פּופּציק טויזנט קערבלעך, איך בין אַ „דאָקטאָר"! און האָב אַ פּערעפּיסקאָ מיט גרעצן! — איר פאַרשטייט?... אָך, ברודער דינענזאָן, אַ סך וואָס צו רעדן, ניטאָ וואָס צו הערן! אין „המליץ" וועל איך אַליין אָפּענטפערן; אין „הצפירה" ענטפערט איר — און למען־השם! אין „פאָלקסבלאַט" וועל איך געבן וועגן דעם אַ גאַנצן פעליעטאָן. אײַערע ווערק שיקט מיר צו, דאָס קלענסטע און דאָס בעסטע. וועגן דרוקן מײַנס דורך אײַך מיט נקודות איז מיר טיף אין קאָפּ אַרײַן. גיב גאָט, מײַנע קינדערלעך וועלן געזונט ווערן אין גאַנצן, וועלן מיר אַ סך און אַ סך רעדן! שרײַבט מיר, און הערט ניט אויף צו שרײַבן. Куй железо, пока горяче. איר פאַרשטייט?

שלום־עליכם

## 218. צו י.ח. ראַווניצקי

קיוב, 7טן יאַנואַר 1888

ליבער בר־קצין!

דאַנקען גאָט, וואָס איר זענט ניט ברוגז — אַזוי האָב איך אײַך ליב. מײַנע חסרונות זאָגט מיר אויס, וועל איך אײַך דאַנקבאַר זײַן. וואָס איר מאַכט אַן אַנאַלאָגיע פון מײַן פּאָעזיע צו אײַער דיכטונג — הער איך און דריי מיר די וואָנצעס; זייער פײַן. נאָר וואָס איר זאָגט, אַז דאָס „פייגעלע" איז געצייכנט גוט און געלקחנט פון געטען — קאָן

זײַן, אַז איר זענט געֶרעכט; נאָר אַזוי לאַנג שמײַסט מען אײַך, ווי לאַנג איך ווייס פון אַ „פייגעלע" צו זאָגן! סע איז יאָ געווען אין „פאָלקסבלאַט" אַזאַ מין שיר פון — חאַשקע די ווילנערקע (חאַשקעס), צו וועלכן איך האָב אַזאַ מין אַנטיפּאַטיע, אַז איך קאָן גאָר זײַן נאָמען ניט הערן. יענער שיר, געדענקט זיך מיר, הייבט זיך אָן „דאָס פּ ו י ג ע ל ע". איר פאַרשטייט? — דאָס פּ ו י ג ע ל ע, ניט דאָס פייגעלע. אַלזאָ, ליבער בר־קצין, טוט זיך אַ רײַב אין פּיסק אַרײַן און זאָגט: „וואָס איך האָב גערעדט, האָב איך געבילט — — —". גוט?

— — —

וועגן אײַער בקשה צו דער פּרעמיע — אויסגעצייכנט! אין איינציקע טעג אַרום באַקומט איר פון מיר אַ סאַטירישן אָטשערק נישט קיין גרויסן. ווי באַלד איר זענט אַ פּשוטער ייִד, ניט קיין ירושלים־ייִד, ניט קיין משיחל, האָב איך אײַך ווידער ליב. סע הייסט, איך האָב אײַך סײַ ווי סײַ ליב; נאָר אַזוי האָב איך אײַך בעסער ליב... — — — מײַן לײַב טוט אויף מיר ציטערן, אַז איך נעם אויפן קאָפּ, אַז מע וועט מיך נעמען אין אײַער „וועקער" צום סמיך. מע וועט מיך, הייסט דאָס, אויסטון נאַקעט און, אַ פּנים, שטעלן אין קונע (אָדער קינה?). איין זאַך פרייט מיך, וואָס איך וועל זוכה זײַן צו שטיין אויף איין צעטל מיט שמ"רן, בעקערמאַן אד"גל.

אָן לצנות: זאָגט מיר, ווער איז דער הער לערנער? איר ווייסט, וואָס הייסט זײַן אַ קריטיקער? סע אַרט מיך ניט פאַר מיר; איך ווייס מײַן מאַכט און מײַן אוממאַכט, מײַנע מעלות און מײַנע חסרונות. מיך וועט עס נאָר דערפרייען, וואָס עס געפינט זיך צווישן אונדז איין ערנסטער קריטיקער. שרײַבט מיר וועגן אים און וועגן זײַן פרוי, מאַדאַם לערנער. מיר געפעלט עס זייער, וואָס עס געפינט זיך בײַ אונדז אַ פרוי, וואָס ו ו י ל שרײַבן זשאַרגאָן.

— — —

די „זיסע חלומות" וועל איך שרײַבן ווײַטער און וועל אײַך אויך צושיקן. וואָס איז דאָס פאַר אַ תנועה — ענטפערן אין דרײַ יאָר אַרום יענעם אויף אַ בריוו?

— — —

מײַנע ווערק וועל איך אײַך צושיקן. וואָס קאָן מען טון? — שפּיליע אַפּ, שלום־עליכמוניו, די קנעפּעלעך, לייג זיך, פּיצעלע, ציִ זיך אויס, ברעקעלע, וועט דיר דער רבי רב לערנער אַרײַנפּיצקען אַ ביסעלע:

— אַ ייִנגעלע, אַ ייִנגעלע זאָל ניט אַרבעטן!
אַ ייִנגעלע, אַ ייִנגעלע זאָל ניט לאַכן!
אַ ייִנגעלע, אַ ייִנגעלע זאָל ניט חוזק מאַכן!

— — —

נעמט, רב לערנער, דעם קאַנטשיק: אַט אַזוי! אַט אַזוי!...

אויב איר ווילט, קאָנט איר דאָס דאַזיקע בריוועלע דעם הער לערנער ווײַזן, נאָר די מאַדאַם לערנער זאָל ניט שטיין דערבײַ: איך שעם זיך פאַר אַ ייִדענע, ווען מע שמײַסט מיך.

נו, שרײַבט זשע, שרײַבט. די פּרעמיע גיט אַרויס. דעם „וועקער" אַוודאי.

אײַער קנעכט שלום־עליכם

## 219. צו אַברהם שלום פרידבערג

קיעוו, 7טן יאַנואַר 1888

ידידי היקר!

מכתבך בצירוף ההעתקה נכון השנתי, ובעבור הראָמאַנען היקרים של שמ"ר אסיר תודה אַני לך ולחתנך. ואותו אַני אַבקש, שייטיב לחקור בבתי-מיסחר הספרים, צי עס געפינט זיך נאָך ערגעץ אויף דער וועלט שמ"רס אַנטיקלעך: איך דאַרף עס נייטיק, ווי אין לעבן אַרייַן!

לאָז מיר ספעקטאָר אויסצייכענען דייַטלעך, וואָס מיינט ער, איך זאָל אים אונטער-צייכענען ביַי שמ"רן מיטן רויטן שטיפטל? די טאַלאַנטפולע אַביאַסניעניעס וואליובווי, צי גלאַט אַזוי קלוגע ווערטער און אַנטיקלעך?

די פּראָגראַם מיט דער פּרעמיע (לאָז דאָס הייסן „פּרעמיע צום הויזפרייַנד", ניט „פאַמיליענפרייַנד" — איך בעט אייַך! טוט מיר צו ליב!) האָב איך נאָך ניט דערהאַלטן.

איך איַיל זיך, ווייַל מיַין עלטערע טאָכטער טיסי (ספעקטאָר קען זיך מיט איר) האָט נעבעך געהאַט די קרופּ און האָט געמאַכט פון מיר אַ תּל! אַצינד איז זי, ברוך-השם, געזונט און איך בין ווידער אַ מענטש. איז זיך מישב מייַן צווייטע טאָכטער (אַ ווילדע מלומדת פון אַכט חדשים!) און ווערט אויך שלאָף, נאָר ניט אַזוי געפערלעך, ווי די עלטערע. איך האָב קיין צייַט מער צו שרייַבן.

אייַער שלום-עליכם

פּ.ס. איך בעט אייַך, שרייַבט מיר, ווער און וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פּטיצאָ דער הער לעווי? צי איר האָט אפשר מורא פאַר מיר מיט אַ סוד? ווי איר ווילט זיך!

## 220. צו יעקב דינעזאָן

15. 1. 1888

ליבער דינענזאָן!

ניין, איך קאָן ניט, — איך קאָן ניט אָפּענטפערן דעם ד"ר סקאַמאַראָווסקי ניט אין „המליץ", ניט אין „פ"ב". איך קאָן אים נאָר אַרייַננעמען צו זיך אין די „בילדער פון דער זשיטאָמירער גאַס" אי"ה בעגלא ובזמן קריב ואמרו אמן! ע"כ עושו! חושו! גשו! פושו! נעמט אין דער גיך און שרייַבט אַ פּראָטעסט אין „הצפירה", אין „המליץ" און ד"גל אין „יוד' פ"ב".

איך בעט אייַך וואָס גיכער, דען דער "Восход„ קוועלט גאָר אָן פון דער מעשה. — אַ רציחה! אַ ראַזבוי! איך קאָן ניט גלאַט אַזוי אָפּענטפערן: איך מוז אַרויפנעמען אויפן צוהונדער און קייַען אים, און אויסשפּייַען אים, און מאַכן פון אים אַ תּל, און צו גלאַט אַן אַרטיקל בין איך צו פיל אין כעס, קאָן איך ניט! על-כן, נעמט וואָס גיכער — איך בעט אייַך!

אייַער בעסטער פרייַנד שלום-עליכם

P.S. אייניקע חברה פון קיִעוו וועט איר אם־ירצה־השם גיך באַגעגענען אין דער „זשיטאָמירער גאַס"...

## 221. צום זעלבן

18טן יאַנואַר 1888

ליבער פריַינד! גוטער־ברודער!

אַ דאַנק! אַ דאַנק! אַ שיינעם דאַנק פאַר דער הייסער זאַשטשיטע, פאַר דער קריוודע פונעם זשאַרגאָן! אָט דאָס זע איך צום ערשטן מאָל איַיער שריַיבן, — און סע געפעלט מיר און סע געפעלט מיר ניט: סע געפעלט מיר, וויַיל סע איז מיט פיַיער, און סע געפעלט מיר ניט, וויַיל סע איז מער דיַיטש, אַלס ייִדיש; נאָר דעם תּירוץ האָב איך אַליין: פאַר אונדז, אין פּוילן, איז דאָס דיַיטש, און פאַר איַיך, אין ליטע, איז דאָס ייִדיש.

דאָך איז דאָס גוט, ערנסט, אמת, האַרצלעך — מיט יישוב־הדעת, с чувством, с толком, דען, ווען איך זאָל וועלן ע ר נ ס ט רעדן דערפון, וואָלט איך אויסגעשאָסן ווי פון אַ האַרמאַטע און וואָלט זיך זעלבסט מיט פיַיער באַשאָטן... און איר האָט זיך אָפּגעזאָגט, וואָס איר האָט באַדאַרפט, במתינות, געוועגן און געמאָסטן, טאַקע נאָר ווי אַ דיַיטש. נאָר אין איין זאַך האָט איר געפעלט, וואָס איר אָבראַשטשאַיעט זיך צום פר' גרעץ מיט טענות; עס דערמאָנט מיר, ווי ספּעקטאָר האָט זיך אַ מאָל אין „פאָלקס־בלאַט" שטאַרק צעפלאַקערט און האָט געהאַט אַ ויכּוח מיט סוואָרינען און מיט פּיכנאָן און האָט געמאַכט פון זיי אשפּה... האָב איך ניט געקענט צוזען דאָס צער־בעלי־חיים פון די דאָזיקע צוויי ווילדע חיות, האָב איך געשריבן צו ספּעקטאָרן בזה־הלשון: „אדוני קיניג! נעם אָן מיַין תּפילה און האָב רחמנות אויף פּיכנאָן מיט סוואָרינען! פאַרשוואַרץ ניט זייער פּנים אין „פאָלקסבלאַט", איך בעט דיך, דערבאַרעם זיך אויף זייערע וויַיב־און־קינדער און טשעפּע זיי שוין מער ניט — גענוג! ביז וואַנען איז דער שיעור צו שטראָפן?" אאַז"וו.

אויסער דעם און מיט דעם בין איך איַיך דאַנקבאַר זייער און זייער! נאָר מיט דעם סקאָמאַראָווסקי וועל איך נאָך האָבן אַ חשבון!

איַיער גוטער־פריַינד ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 222. צום זעלבן

קיִעוו, 5טן פעבר[ואַר] 1888

ליבסטער דינעזאָן!

איך זע, איך ווייס, איך פיל, אַז איר זיַיט אויף מיר ברוגז. נאָר אומזיסט. די שוואַרצע ברעגן פונעם בריוו זאָגן איַיך, אַז סע איז אַן אומזיסטיקע שׂינאה, אַן אומזיסטיקער ברוגז. פריִער האָב איך איַיך שריַיבן ניט געקאָנט, וויַיל מיַין זעליקער פאָטער איז שלאָף געלעגן און איך האָב אים זיַינע שמערצן די לעצטע טעג פאַרגרינגערט. אַצינד ווען זיַין

נשמה איז בײַם גן־עדן און איך בין אין „שיבעה״, קאָנט איר אויך קיין סך פון מיר ניט פאָדערן. דערום מאַך איך בקיצור און קום אײַך נאָר לאָזן הערן, אַז איך בין דאָ, אַז איך לעב, אַז איך בין ניט פון די חזירים, וואָס לאָזן יענעם אָן אַן ענטפער, יהיה מי שיהיה, בפרט איר, דינענזאָן, וואָס איך האַלט אײַך פאַר אַ ברודער, און איר זײַט דאָך טאַקע מיר אַ ברודער.

אײַער ביטער האַרץ וועגן דעם אַרטיקל, וואָס מע האָט אײַך אָפּגעטאָן אויף טערקיש, קאָן קיינער אַזוי גוט ניט פאַרשטיין, ווי איך. פון דעסטוועגן, פאַלט בײַ זיך ניט אַראָפּ און זאָגט מיר צו, אַז איר וועט אם־ירצה־השם נאָך און נאָך שרײַבן בײַ אונדז אין „פאָלקסבלאַט״, דען מײַן גאַנצער ווונטש איז „צונויפזשעברען״ דאָס ביסל זשאַרגאָניסטן אין איין קופּקעלע — און חברה זאָלן טאָן מיט האַרץ, מיט חשק, און אַז מיר וועלן זיך צוהערן צו יעדער נאַרישקייט און נעמען זיך צום האַרצן יעדער קלייניקייט, וועט דאָך בײַ אונדז, נערוונע מענטשלעך, קיין געהירן ניט סטײַען. בכלל איז דאָס אַרטיקל גאָר ניט אַזוי שלעכט, ווי איר מיינט: איך האָב אײַך, דאַכט זיך, נאָך פריִער געזאָגט, אַז מיר געפעלט ניט נאָר דער סיגנון, דער טאָן פון פאָלעמיק צום פּר׳[אָפעסאָר] גרעץ, איך האָב וואָאַבשטשע פײַנט פאָלעמיק אין ד ע ר פאָרמע, — נאָר וועגן דעם איז דאָ פיל צו רעדן — און רעדן פיל קאָן איך יעצט ניט. נאָר איין זאַך: מײַן גאַנצער מיין איז געווען ברעכן ביינער דעם סוואָלאַטש, דעם רופא מיט דער קאַנע, וואָס ער רוקט אָן געלט דעם פּר׳ גרעץ בפני כל עם ועדה למען יראו, אַז איך האָב אַ מרוץ אגרות ביני ובין פּראָפּפּעססאָר גראַאַטץ! נו, — כאַפּט אים דער רוח!

בזה הרגע איז געקומען דער ליטוואַק (ווײַסבערג) מיט אײַער בריוול (אַ גליק, וואָס דאָס בריוול איז ניט צו מיר: איך וואָלט אײַך געריבן אַ מאָרדע פאַר דער אַ ט ק ר י ט ק ע, איך האָב עס פײַנט!). דער בריוו איז שוין אָן ענטפער אויף אײַער „בריוול״ אויך.

וואָס זאָגט איר אויף אונדזער „פ״ב״? דער עולם קריכט אַהין ביסלעכווײַז? וואַרט צו, איר וועט זען דאָרט אַ ל ע. איך בעט אײַך פון דעסטוועגן, זײַט ניט אַזוי אין גרימצאָרן, ברודער, דען כּעס איז עבודה־זרה...

ווײַסבערג גריסט אײַך ג״פ. אַז ער וועט וועלן, וועט ער אײַך ענטפערן. זײַט געזונט און געזונט.

שלום־עליכם

## 223. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו [20סטן פעברואַר 1888]

נייגט אײַער אויער און פאַרנעמט צו מײַנע רייד, הער בר־קצין!

איר ווילט געבן אַ פּרעמיע צום צווייטן „וועקער״ — איאָ? און אַ רעכטע פּרעמיע דערצו? ניט קיין טינופות של בית־רבן — ניין? זײַט איר אַ מזיק, און איך האָב אײַך ליב. הערט זשע מיט קאָפּ:

צום אָנדענק פון מײַן זעליגן פאָטער, בשעת שיבעה, ווען מײַן אָרעמע מוזע האָט זיך אָנגעקליידט מיט טרויער, האָב איך אויסגעקליבן פון מײַנע געדאַנקען די בעסטע,

די טײַערסטע פערלען און האָב פון זיי געמאַכט אַ בוקעט, אַ „בינטל בלומען" (צרור פרחים) אַנידערצולייגן אויפן פרישן קבר פון מײַן פאָטער ז"ל. דאָס דאָזיקע בינטעלע אינהאַלטעט אין זיך „פּאָעזיע אָן גראַמען" — סטיכאָטוואָרעניע וו פּראָזע, אויף דעם אופן פון טורגעניעוו און גיו־דע־מאָפּאַסאַן, אָן אָריגינעלע זאַך, וואָס דער זשאַרגאָן האָט דאָס ניט נאָך ניט געהערט און ניט געזען. בסך־הכל אַכצן קליינע אָטשערקלעך, פּאָעמעלעך, נאָוועלעכלעך:

1. צוויי נשמהלעך. 2. נעכטן און הײַנט. 3. אַ העזה אַ ביסל! 4. אָח לצרה. 5. עסטערס אויגן. 6. איך שעם זיך. 7. צוויי ברידער. 8. היט זיך פאַר גנבים. 9. דער מלאך־המוות. 10. יאָסל פּאַטריאָט. 11. איך וויל זיך נוקם זײַן. 12. דאָס פּאָרפּאָלק. 13. דער פעטער הערץ. 14. אויף ווידערזען. 15. אונטערן הימל. 16. כותל מערבי. 17. אומגליק. 18. עק וועלט.

שטעלט אײַך פאָר, אַז ס'וועט אין גאַנצן פאַרנעמען אַ צוויי אָדער דריטהאַלבן דרוקבויגנס, — איר פאַרשטייט אָן עסק?

וואָס זשע טוט שלום־עליכם? גיט ער עס אָפּ צום צענזאָר. און אַצינד ליגט דאָס שוין, ברוך־השם, אין בערדיטשעוו אין דרוק, און אין אַ וואָך אָדער צוויי אַרום איז דאָס פאַרטיק. נאָר וואָס מיינט איר איז דאָס פּ אַ ר אַ ביכל? אויפן בעסטן פּאַפּיר, ראָסקאָשנע אויפלאַגע, ווי איר קאָנט זיך דענקען. וויפל וויל איך עס דרוקן? עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן — נישט אויף מיסחר.

אַצינד, ברודער, אויב איר ווילט אַ פּרעמיע, סע זאָל הייסן פּ ר ע מ י ע, האָט איר צײַט צען טאָג אויף צו באַטראַכטן זיך. וועל איך עס אײַך לאָזן דרוקן 2000 עקזעמפּלאַרן — — — איר שטעלט אײַך אײַער פּרײַז, וועלן מיר זיך דינגען, מעשה־סוחר. פאַרקויפן איז דער פּשט: די עקזעמפּלאַרן פאַרקויפט, ניט דאָס ווערק. דאָס ווערק וועל איך אײַך ניט פאַרקויפן פאַר קיין 3000 רובל אויך. נאָר אַזוי ווי מיר זײַנען סוחרים, לכן דאַרפט איר דאָך די סחורה אָנקוקן, וועל איך אײַך צושיקן דעם ערשטן עקזעמפּלאַר — די ערשטע מצה, וועט איר זען: וועט אײַך לוינען, איז גוט; ווען ניט, נעם איך און פאַרברען 1500 עקזעמפּלאַרן און די 500 וועל איך צעטיילן דער וועלט. וועט איר דאָך מיר זאָגן, אַז איך בין אַ משוגענער און וועט מיר נעמען פאַרלייגן פלאַנען — הער איך אײַך, ווי דעם קאָטער, און לאָך אויס אײַער באָבע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן. שרײַבט, ענטפערט, רעדט ווערטער, יאָ־יאָ, ניין־ניין, אָן דריידלעך, אָן חכמות, אָן יעזשעליס, גייט עס?

אויס מיסחר — ווידער ליטעראַטור. מכּוח שמ"רן האָט איר מיך ניט פאַרשטאַנען. איר מעגט און דאַרפט דווקא יאָ קריטיקירן אַ ווערק אָדער צוויי פון זײַנע שמאַטעס, אָבער ניט מער. און איר מעגט דאָס מבטיח זײַן, איך מיין, מבשׂר זײַן, אונדזער ליב־האַרציקן „פונפאַפּיר־שמאַטעמאַכער" שמ"רן, אַז שלום־עליכם וועט אים אם־ירצה־השם אין גיכן צעגלידערן, צעשנײַדן, אַנאַטאָמירן אויף פּיצפּיצלעך, ניט דורכלאָזן קיין ביינ־דעלע, קיין קישקעלע, קיין אָדערל, בכדי דער עולם זאָל טאַקע וויסן זײַן, ווער און וואָס שמ"ר איז. דעם הער זאַמאָשטשין און דער פרוי לערנער ענטפער איך באַזונדער.

שלום־עליכם

## 224. צום זעלבן

קיִעוו, 5טן מאַרץ 1888

ליבסטער בר־קצין!

אייַער בריוו האָב איך ערהאַלטן. די צען טעג האָט איר אויסגעהאַלטן, ווי אַן ערלעכער ייִד האַלט אויס בה״ב. זייַט איר אַוודאי אַ מזיק, און איך האָב אייַך ליב!

וועגן אונדזער טאָרג קאָן זייַן, אַז מיר וועלן דורכקומען. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז ס'איז נאָך ניט פאַרטיק דער באָרשטש? וואַרט צו אַ קאַפּעלע. ער וועט נאָך אַ ביסעלע אַ זיד טאָן — וועט עס פאַרטיק ווערן — וועט מען אייַך דערלאַנגען — וועט איר עסן צעזעצטערהייט.

אַצינד דאַרף איך אייַך אַ ביסל אונטערזייפן פאַר אַ פּאָר ווערטער, וועלכע איר האָט אַרייַנגערוקט אין אייַער לעצטן בריוו.

„איך ווייס דאָך, — זאָגט איר, — אַז איר זייַט אין פּאָעזיע שוואַך, און ווער שמועסט אין פּראָזישע פּאָעזיע״...

סע קומט אייַך פּעטש. ניט ווייַל איר זאָגט אויף מיר אַזעלכס — ניין! דערפֿאַר קומט אייַך ברעכן ביינער, וואָס איר טשעפּעט צונויף „גראַמען״ מיט „פּאָעזיע״ און מיינט, אַז קוים גראַמט עמעצער גוט, איז ער שוין אַ פּאָעט. צום בייַשפּיל, איר פּריזנאַיעט, אַז אַ שרייַבער בין איך יאָ, הייסט עס, אַז איך בין אַ כודאָזשניק און אַ פּאָעט, נאָר אַזוי ווי מייַנע סטיכעס זייַנען ניט געלונגען, בין איך שוין בייַ אייַך אויס פּאָעט? אַזוי קומט אויס, צי ניין? גאָגאָל איז ניט קיין פּאָעט? טורגעניעוו אויך ניט? קאַרל עמיל פראַנצאָז ניט? חלילה! זעט איר, צונזער איז יאָ אַ פּאָעט, ווייַל סע גראַמט זיך בייַ אים. ניט אַנדערש! דערום, אַז מייַן „בינטל בלומען״ איז סטיכאָטוואָרעניע וו פּראָזע און אַזוי ווי קיין סטיכעס קען איך גלאַט ניט שרייַבן, לכן דאַרף מייַן פּאָעזישע פּראָזע זייַן ערגער פון צונזערס פּראָזישער פּאָעזיע. קלאָר ווי דער טאָג! פּרישמאַנס עטלעכע נאָווע־לעלעך אינעם „האסיף״ (פאַר אַ יאָרן) זייַנען פיל פּאָעזישער פון אַלע גראַמען פונעם „וועקער״ מיטן „הויז־פרייַנד״ צוזאַמען. נאָר אַזוי ווי זיי זייַנען נאָוועלן, זייַנען דאָך אָן גראַמען, לכן איז פרישמאַן ניט קיין פּאָעט און זאַטולאָווסקי מיט זייַן „שטראָם־גראַם מאָך מיר אַ לעטניק״ איז געוויס אַ פּאָעט. אַזוי איז נאָך אייַער משוגענעם שׂכל? איאָ? היט זשע זיך פאַרן שאַרף פונעם שפּיץ פון דער פעדער פון

שלום־עליכם

## 225. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 5טן מאַרץ 1888

ליבער הער דינענזאָן!

סע וואָלט שוין, כלעבן, צייַט געווען פאַרגעסן, אַוועקוואַרפן די ספּלעטניעס. מילא בקיצור, יאָ געזאָגט ניט געזאָגט, יאָ פאַלקסבלאַט ניט פאַלקסבלאַט, אָבער דינעזאָן בלייַבט דאָך דער זעלבער דינענזאָן און „שלום־עליכם״ וועט שטאַרבן „שלום־עליכם״. לאָמיר בעסער שמועסן גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרייַן: לאָז אייַך לעווי לעבן

120 יאָר; ער איז ניט אונדזער סטראַפּטשע. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס איז די מעשׂה מיט אײַער שווײַגן? איר געדענקט, אַז איר האָט מיר אַ מאָל צוגעזאָגט צו שיקן אײַערס אַ ווערק צו באַקענען זיך מיט אײַער ליטעראַרישער פיזיאָנאָמיע?

איך טו אײַך באַשווערן בצבאות או באילות השדה, אַז תּומ״י מוזט איר מיר עס אַרויסשיקן גאָר בלא שום תּירוץ! איך האַלט אײַך עד־היום פאַר אַן ערלעכן מענטשן און פאַר אַ נפש מיט אַ האַרץ, מיט אַ געפיל; איך דאַרף, איך מוז האָבן אַ באַגריף וועגן אײַער שרײַבן. ציטערט ניט: איך וועל אײַך שוין אַהין מער ניט שיקן, האָט קיין מורא ניט!...

איך אײַל מיך אַזוי מיט דעם בריוו, אַז גאָט ווייסט, צי איר וועט פאַרשטיין, וואָס איך דראָקע: איך בין פאַרוואָרפן מיט אַרבעט ביזן האַלדז.

זײַט געזונט און פאַרגעסט דעם יאַדוועבניק מיטן „בן פרי״, מיטן שלעפער דעם טאַביאַש מיט אַללע מיט אַנ־ב־אַנדער, כאַפּט זיי דער וואָטן־מאַכער!

שלום־עליכם

## 226. צו יצחק־יואל לינעצקי

קיִעוו, 19טן—20סטן מאַרץ 1888

Милостивый государь Линецкий!

Я не писал Вам до сих пор, потому что не мог писать; а не мог я писать Вам потому, что не был Вам известен, עד שבאו טשערני ווע־סאָקאָלאָווסקי און די דאָזיקע מײַנע צוויי גוטע־פרײַנד האָבן אונדז אַ ביסל באַקאַנט געמאַכט, אַפילו פון ווײַטן, נאָר דאָך זײַנען מיר שוין אַ ביסל באַקאַנט — צי ניין?

נאָר לאָמיר שמועסן אַ ביסל מעניננו, אָן הקדמות. דאָס וואָס איך האָב פאַרקלערט דורך איינעם פון מײַנע גוטע־ברידער, האָט אײַך שוין מסתּמא טשערני געשריבן. איך האָב געבעטן די דאָזיקע צוויי יידישע דאָקטוירים (ייִדן און יידישע דאָקטוירים האָבן מיר הײַנטיקע יאָרן ניט קיין סך...), אַז זיי זאָלן אײַך פאַרלייגן, אַז איך ווינטש און וויל און באַגער אײַער הילף אין יענעם מקום אַרײַן, ס'הייסט אינעם זשורנאַל אַרײַן, וואָס מײַן גוטער־ברודער האָט פאַרטראַכט (ער איז אַ גוטער יונג, איר מעגט זיך אויף אים פאַרלאָזן!). לסוף האָבן זיי אײַך וועגן דעם גופא ניט געשריבן, און הײַנט איז געוועזן בײַ מיר דאָ אַ גאַסט רב נאַכעמטשע מעאַרעכאָוו, דאָס איז ד״ר סאָקאָלאָווסקי, אַ גוי מיט אַ ייִדיש האַרץ, און האָט מיר געזאָגט, אַז איר קאָנט מיך שוין אַ ביסל, על־כּן שרײַב איך אײַך שוין אַליין — און ס'איז טאַקע אַ יושר, אַז אַזאַ מאַלאָקאָסאָס, ווי איך, זאָל פריִער שרײַבן צו איינעם פון די, וואָס הייסן אין אונדזער בידנעם זשאַרגאָן „ארי שבחבורה״.

די פּראָגראַם פונעם זשורנאַל איז אַזוי פול, Обширна, оригинальна зрело обдумана, אַז סע לאָזט זיך ניט שרײַבן וועגן דעם בקיצור, און באריכות איז ניט שיין צום ערשטן מאָל צו פּלאַפּלען: סע איז ניט קיין דרך־ארץ. נאָר דאָס גרעסטע נײַס, וואָס איך האָב אויפגעטאָן, איז דאָס, וואָס סע וועט געצאָלט

ווערן אַלע מיטאַרבעטערס, און רעכט געצאָלט ווערן, אַזוי אַז אַ ייִדישער שרײַבער וועט שוין אויפהערן צו זײַן אַן ערל טמא פאַרן רעדאַקטאָר; וואָס זאָל שרײַבן פאַר אַ טרונק־בראָנפן מיט אַ שטיקל קוילעטש... אויך וויל איך, אַז דער פּרײַז פונעם זשורנאַל, וואָס מײַן חבר וועט אַרויסגעבן, זאָל גרייכן ביזן מינימום, און ניט נאַרן קיין קערבלעך פּריִער בײַם עולם, פּריִער מיט אַ גאַנצער שמיטה, און נאָך דעם ערשט געבן אַ פּײַג. אַלזאָ, הער לינעצקי, ווי אַזוי וועט איר באַפוילן: צי איך זאָל אײַך שטאַרק בעטן, צי אַזוי בעטן?... פון אײַך קאָן איך בעטן אַזאַ מין אַרטיקל: סע זאָל זײַן אַ סצענקע פונעם ייִדישן פּשוטן לעבן, נאָר אַ פריילעכס און אַ לעבעדיקס, אינעם אָרט פון אײַערע „וויבאָרעס" — איר געדענקט? — אַ קורצס און אַ פעטס, איר פאַרשטייט? — איך פאַרלאָז מיך שוין אויף אײַער געשמאַק. אין פּראָזע זאָל עס זײַן, ניט פּאָעזיע.

אַצינד האָבן מיר צו שמועסן וועגן אײַער „נאַטור־געשיכטע". צי סע איז גוט איבערגעזעצט, צי ניין — דאָס דאַרף איך אײַך ניט שרײַבן, דען איר פרעגט עס ניט בײַ מיר. צי סע איז ניצלעך, צי דער עולם פּאָדערט עס, צי ניין — דאָס דאַרפט איר בעסער וויסן, אַלס איך, דען איר זײַט עלטער און פּראַקטישער אַלס איך. נאָר צי ס'איז מעגלעך מוציא מן הכח אל הפועל זײַן, צי ניין — דאָ קאָן איך זיך שוין אונטערנעמען און זאָגן: ניין, ניין, ניין און ניין! פאַר וואָס? למאַי? דערין איז דאָ פיל צו ריידן. איר מיינט, איך האָב ניט געזען אײַער בריוו וועגן דעם צו טשערנין? — איך האָב געזען, און זאָג אײַך, אַז סע וווּנדערט מיך אויף אײַך, אויף לינעצקין, אַז לינעצקי — גוואַלד! — לינעצקי זאָל זײַן אַזאַ אידעאַליסט אין דעם פאַך!!!

ווען איך זאָל זיך נאָך קאָנען אַראָפּכאַפּן צו אײַך, קיין אַדעס (מע זאָגט, סע אַ שיין שטעטל אַדעס, עמעס?), וואָלטן מיר וועגן דעם געקאָנט אַרײַנשמועסן באַריכות. איך וואָלט טאַקע אַ בעלן געוועזן זײַן אין אַדעס: איר האָט אין אַדעס כמעט אַלע אונדזערע זשאַרגאָניסטן, און איך האָב ניט פֿײַנט קיין זשאַרגאָניסט, איך האָב ניט פֿײַנט דעם זשאַרגאָן.

צום ערשטן מאָל — אײַאָ — איז גענוג?

זײַט געזונט און גליקלעך, ווי עס ווינטשט אײַך

שלום־עליכם

## 227. צום זעלבן

קיִעוו, 27סטן מאַרץ 1888

אַדוני לינעצקי, מײַן האַר לינעצקי! דער טאַטע וויל גיין אין שול — און דאָס קינד וויל גיין אין שול — ווער איז בילכער? וועט איר זאָגן: דער טאַטע? — ניין — דאָס קינד! איר ווילט פאָרן פון אַדעס קיין קיִעוו, און איך וויל פאָרן פון קיִעוו קיין אַדעס — ווער איז בילכער? סע בלײַבט נאָר איבער די פראַגע: ווען? אם־ירצה־השם, אם־ירצה־השם בקרוב בימינו אָמן! אַצינד האָט איר ביד צו שטעלן אײַערע 20 שאלות, ניט נאָר 20, אַפילו 200 — איר וועט באַקומען דערויף גלײַך תשובות — האָט קיין מורא נישט.

נאָר איידער איר וועט מיך פרעגן די שאלות, וועל איך אײַך פריִער אויסשטעלן די תּשובות. אָט הערט:

א) איך האָב אַ צד אין פּיטערבאָרג און האָף, אַז ס׳וועט זײַן רעכט.

ב) מע זאָגט ניט אויס דעם נאָמען פון דעם קינד, ביז סע ווערט געבוירן.

ג) ביז דער זשורנאַל וועט אַרויס, וועל איך אַרויסגעבן איינעם נאָכן אַנדערן צוויי סבאָרניקעס, מיט וועלכע איך וועל פאַרשמײַסן די וועלט.

ד) די פּרײַז בזיל־הזול בכדי לזכות את הרבים.

ה) די זאַטייע מײַנע איז ניט צוליב אַ געשעפט, נאָר לכבוד דעם זשאַרגאָן.

ו) די פּראָגראַמע איז אַזעלכע שלא היתה כמותה בישראל.

ז) אַלעס פון פויגלמילך וועט דאָרטן זײַן.

ח) אַ סיסטעמאַטישע קריטיק אויפן זשאַרגאָן ווערט אײַנגעפירט.

ט) ווו ס׳איז דאָ ערגעץ אַ זשאַרגאָניסט און אַ רעכטער, איז ער שוין מײַנער.

י) איך צאָל (אָבער טאַקע געצאָלט במיטב כּספּי) פאַר יעדער שורה פון 2 ביז 10 ק׳ פאַר פּראָזע און פון 10 ביז 20 פאַר פּאָעזיע.

יא) איך וויל אַרויסטרײַבן די מאָדע פון עקספּלואַטירן דעם מחבר מיט חניפהלעך.

יב) אינעם ערשטן סבאָרניק גיב איך אָריגינאַלנע אַרטיקלען פון פאַרשיידענע זשאַרגאָניסטן, העברעיִסטן און רוסישע שרײַבערס (אויף זשאַרגאָן), גאַנצע, ניט זייער גרויסע דערציילונגען, נאָוועלעס, פּאָעמעס, איין ראָמאַן, אַ ביסל דיכטונגען (און גוטס) און פאַרשיידענעס בכל ענפי המדע והשפה.

יג) מעדיצין, היגיענע, מאכלים און משקאות וכדומה וועט אויך זײַן.

יד) פּאָפּוליאַרנע שטיקלעך פון בערנשטיין, דאַרווין, ברעם, באָקל מיל, חכמי התלמוד ועוד, ועוד.

טו) על־כּן קאָן אײַער איבערזעצונג פון דער נאַטור־געשיכטע ניט האָבן קיין אָרט: סע איז Слишком жирно. און איך האָב מורא מיט אַזאַ גרויסער דאָזע ניט קאַליע מאַכן די לעזערס דעם מאָגן.

טז) וואָס טו איך פון אײַך בעטן, אַדוני לינעצקי? — גאָר אַ קלייניקייט: אַ בילד, אַ קאַרטינקע פונעם ייִדישן לעבן из народ. быта אויף דעם שניט פון אײַערע „וויבאָרעס״; איך היט זיך פון חניפה, נאָר דאָ מוז איך אַרויסזאָגן מײַן געשמאַק, וואָס און וועלכעס געפעלט מיר אין דעם אַרט שרײַבן.

יז) סע געפעלט מיר די פאַרטרעטן по-гейневскому און די פּאָלקסשפּראַך по-щедринскому, און דאָרט, ווו איר שרײַבט פונעם נאַראָד, דאָרט זײַט איר לינעצקי, און דאָרט, ווו איר שלאָגט הושענות, — דאָרט זײַט איר שוין ניט לינעצקי. דאָס דאָזיקע מיינונג מײַנס ווייסן טשערני מיט סאָקאָלאָווסקין.

יח) נאָר מיינט ניט, אַז איך ווײַס ניט, למאַי און צוליב וואָס איר זאָגט הושענות. איך ווייס, איך ווייס!

יט) אײַערע „בילדער״ וועלן בײַ מיר זײַן מין המובחר און באַלוינט ווערן ניט אַזוי ווי ספּעקטאָר באַלוינט מיט הבטחות, טאַקע על צד היותר טוב ובזומן.

כ) די בילדער זאָלן קאָנען זײַן אַ דרײַ, פיר, קליינע, בליִענדע, לעבעדיקע. אַצינד, אדוני לינעצקי, אַז איר האָט שוין מײַנע 20 תּשובות, מעגט איר מיר שוין ענטפערן אויף זיי מיט אײַערע שאלות, וועל איך אײַך תּיכּף־ומיד אָפּפרעגן מיט אַ תּשובה, וועט

איר מיר באַלד ענטפערן מיט אַ שאלה, אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן זיך דערשלאָגן פּאָרט צו אַ ברעג.

נו, גייט עס? אַני עבדך בן אַמתך שלום-עליכם.

P. S. אין דעם טאָג פון מײַן טון טאָן פאַרן קיין אַדעס וועל איך אײַך געבן אַ ידיעה, דערווײַל ענטפערט. וואַרט ניט, ניטאָ קיין צײַט. שרײַבט מיר אײַער דײַטלעכן אַדרעס.

שלום-עליכם

## 228. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו [29סטן מאַרץ 1888]

ידידי היקר בר-קצין ורבי קצין בן-קצין!

וואָט טיעביע יוצר המאורות! נאַ דיר אַ „רעצענזיע" אויף שמ"רן! איר האָט זיך פאַרקאַטשעט אין אײַערע „צווישן שמאַטעס" גאָר באופן אחר — צום סוף איז געקומען אַ ווילדער מבין, אַ „רעצענזענט" פון יענער זײַט באַד, און זאָגט, אַז שמ"ר איז גאָר אַ מין טורגעניעוו, זאָלאַ, דיקענס אד"גל! און זײַנע טיפן זענען טאַקע גוטע, אמתע טיפּן — גלײַך פונעם יידישן לעבן גענומען(?!?!?). איך שטעל מיר פאָר די נאָז פונעם רעצענזענט, אַז ער וועט דערזען מײַן שמ"רן! און מערקווערדיק — גראַדע אָט די דרײַ אַנטיקלעך פון שמ"ר זענען כמעט דאָס ערגסטע, און פאַר זיי באַקומט ער פון מיר אַזעלכע פײַערדיקע פעטש, אַז איך גופא האָב אויף אים רחמנות — דאָס וועט זײַן די בעסטע נאָקאַזאַניע פאַרן רעצענזענט... נאָר וואָס זאָגט איר דערויף? גוואַלד, איר זענט דאָך גאָר אַ פיש, אַ זשאַבע, ניט קיין מענטש, אַז איר שווײַגט עס! אָט אַזוי שרײַבט מען אַ קריטיק?! גלאַט גיי גלייב אָט דעם דאָזיקן איזוואָשטשיק דעם רעצענזענט אויף נאמנות! (איר ווייסט ניט, ווער איז ער? איך קען אים ניט!...). און וואָס זאָגט איר אויף דער פילאָסאָפיע מיט דער „גמרא זאָגט" און מיטן „מאבד עצמו לדעת" — ס'אַ משל לעמעשקע! סע איז דאָך עפּעס גאָר אַ פּסיכאָפּאַט, אַ פּיפּערנאָטער, און מע דאַרף אים ברעכען ביינער — ואתם מחשים?! גוואַלד!!! ווען איר זאָלט זײַן שטיקלעך ברואים, יידן, יידעלעך אויף דער וועלט, וואָלט איר גענומען דאָרטן און וואָלט אַ גאַנצע חברה (פאַרשטייט זיך, אָן ת...-לעקערס פון לעווי וכדומה) און וואָלט אָוועקגעשיקט אַ קאָלעקטיוונע בריוו צו קאַנטאָרן, ניט צו לעווין, און וואָלט אים קלאָר געמאַכט, ווי אַזוי ער לאָזט פאַרשמירן מיט טינוף, זײַט מיר מוחל, זײַן נאָמען „קאַנטאָר", און אַפילו „קנתר" (ווי ל. גאָרדאָן רופט אים). וועט איר דאָך מיך פרעגן: נו, און איר? — זאָרגט זיך נישט: איך האָב פון מײַן זייט געגוג גאַל, געגוג שוועבל, געגוג סם-המוות אויסגעגאָסן... נאָר איר וועט מיך ווידער אַ מאָל פרעגן: „ווייס איך! צו וואָס טויג עס אונדז?"... אַ? צו וואָס טויג עס אײַך? לכם ולא לו-ו-ו-ו?... (מיטן ניגון פון דער הגדה). גוואַלד! דער זשאַרגאָן, דער זשאַרגאָן, דער זשאַרגאָן! מע וויל מאַכן אַ תל פונעם זשאַרגאָן! מע וויל אים פאַרפּאַסקודען מיט ליטווישע קאָלטענעס! מע וויל אים פאַרפאַרשיוועון מיט לייַז! וואָס שווײַגט איר? נעמט אַ בלאַט פון די לעצטע נומערן „יודישער פאָלקס-בלאַט", וועט איר זען!... נאָר סע נעמט אײַך ניט? אַבי אײַער פופיקל איז באַרוט? האָרט זשע, וועט מען אײַך אַלעמען אײַנטיילן!!! רעדט זשע ווערטער! טוט! ריירט

זיך! באַוויַיזט, אַז איר לעבט, אַז סע רינט בלוט אין אײַערע יידישע אָדערן, אַז סע רירט זיך בײַ אײַך אַ יידיש האַרץ! ניין, איך וועל אײַך לאָזן אַליין רעדן!... ענטפערט! אויף ווידערזען!

שלום־עליכם

פּ.ס. ה׳ ליליענבלום וואָלט געמעגט, כ׳לעבן, אַוועקשרײַבן צו קאָנטאָרן אַ בריוול וועגן דעם, וואָס מע עקספּלאָאַטירט אַזוי דעם זשאַרגאָן, וועגן דעם, וואָס ער לאָזט דרוקן זײַן ערלעכן נאָמען אויף אַ טאַבליצע פון אַ — — —... איך בעט אײַך! למען־השם!

## 229. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 1טן אַפּריל 1888

אדוני ה׳ דינענזאָן!

וויפל איך ברעך מיר דעם מוח צו געפינען די אורזאַכע, וואָס איר זענט אויף מיר געוואָרן אין גרויס גרימצאָרן און ווילט מיר שוין ניט שרײַבן, קאָן איך ניט טרעפן, דען חף אני מפשע, נקי וטהור, וזך וכו׳, נאָר ידידנו ה׳ ווײַסבערג שווערט מיר, אַז איר זײַט לחלוטין אויף מיר נישט ברוגז, וואָס זשע שווײַגט איר?

— — —

אַצינד, גוטער־ברודער, האָב איך צו אײַך אַ וויכטיקע בקשה. נאָר אקדמות מילין ושריות שותא, וויל איך בײַ אײַך נעמען דאָס הייליקע וואָרט, אַז סע וועט זײַן בסוד־סודות. דען, אַז איך האָב אַ מאָל פאַרטרויט אַ סוד פון לעווין פאַר ווײַסבערגן, וועלכער האָט עס אײַך געשריבן, זענט איר געגאַנגען און האָט עס בתמימות, אָן שום מחשבה־זרה און האָט עס איבערגעגעבן דעם אידיאָט טאָביאַש, וועלכער האָט עס תיכף־ומיד אַוועקגעשריבן צו לעווין; לעווי האָט מיר דעם בריוו פון טאָביאַש איבערגעשיקט — און פון יענער צײַט אָן האָט זיך צווישן אונדז, מיר מיט לעווין, אויפגעהויבן אַ העליש פײַער, וועלכער וועט זיך, דאַכט זיך, ענדיקן מיט אַ פאָלנעם разрыв, ווי איר קאָנט שוין באַמערקן פונעם „פאָלקסבלאַט" גופא, וועלכן „שלום־עליכם" הייבט שוין אָן צו ווײַכן ביסלעכווײַז...

ע״כ מצאתי לנכון להעירך, ידידי, ולבקש מלפניך, וגם בטוח אני בישרת לבך, שלא תגלה את הדבר, אשר בידך אפקיד סוד כמוס כזה — עד עדן ועדן.

אַ שטייגער, ווי מיינט איר, זאָל איך שווײַגן, וואָס מע מאַכט אַזאַ תּל פון אונדזער בידנעם זשאַרגאָן? נעמט די לעצטע 3־4 נומערן „פאָלקסבלאַט" — וועט איר זען, וואָס דאָרטן טוט זיך! איך האָב ניט קיין ווערטער; מײַן צונג איז צום גומען באַהעפט, מײַן פעדער איז שוואַך אַרויסצוגעבן די שמערצן, וואָס איך טראָג דערפון! איר פאַרשטייט מיך, ברודער, איר מוזט מיך פאַרשטיין! נאָר וואָס קאָן איך העלפן, אַז איך בין דאָ, און ער, דער משוגענער עקשן, איז דאָרט? געגנוג בלוט האָב איך זיך שוין אויסגעקאָכט איבער אים און האָב, ענדלעך, אַ שפּײַ געטאָן, אַראָפּגענומען די האַנט פונעם האַרצן, — לאָז ער זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט מיטן „פאָלקסבלאַט" מיט מזחס וואָקאַלן און מיטן בעל־עגלה אולריך קאָלמוס צוזאַמען!

וואָס זשע, זאָל „שלום-עליכם" אַוועקלייגן, הייסט עס, שער-און-אײַזן — און אַן עק, אויס זשאַרגאָן — און זיך נעמען צום האַנדל? וואָס זאָגט איר? אַ יושר? נו, און די מוזע? און דאָס קיצלען, וואָס סע קיצלט? (Лит. зуд) און דאָס פאָלק? ניין, דאָס וועט איר בײַ „שלום-עליכמען" ניט פועלן!

מה עשה „שלום-עליכם"? הלך ומסר את נפשו לשם שמים — און האָט אויפגעבראַכן אַ נײַס: אַ מאָנאַטלעכן זשאַרגאָנישן זשורנאַל, אויף וועלכן איך האָב מסתּמא שאָנסן מיט צדדים בפמליא של מעלה, נאָר אַזוי ווי סע מוז דויערן אַ חדשים צוויי-דרײַ ביז עפּעס וואָס, און „שלום-עליכם" איז פון די קונדסים, וואָס האָבן קיין צײַט ניט, לכן וועל איך צעפּלעטן דעם קאָפּ דעם עולם דאַמיט, וואָס אין אַ שיינעם פרימאָרגן וועט פּלוצעם אַרויס אַ גרויסער יידישער סבאָרניק — אָבער טאַקע אַ ציאַצקע, נאָר אַן אַביאַוולעניעס, אַן פּויקערײַ, אַן טאַרעראַם, אַן געלט אויסנאַרן, אַן פּרעמיעס, נאָר מיט אַן אָריגינאַלנער פּראָגראַם, מיט אַ טאַקסע פּאַר אַלע מיטאַרבעטערס מיט אַ ביליקסטן פּרײַז, מיט אַלע זכות-אָבות מיט אַלע פּריווילעגיעס; — הכּלל, ברודער, דאָס וועט זײַן עטוואָס בעזאָנדערס, וועלכס איז נאָך אין העברעיִש אויך ניט געווען. — און שטעלט אײַך פאָר, ווי אַזוי סע איז געפעלן דעם עולם, אַז אין אַ פּאַרלויף פון צוויי וואָכן האָב איך שוין העכער האַלב מאַטעריאַל, און וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל! און פון וואָסערע שרײַבערס! פון וואָסערע זשאַרגאָניסטן! סחורה מיט אַ מ׳ [מאַרקע]. די ערשטע מודעה וועגן אים וועט זיך יאַווען, ווען סע וועט פאַרטיק ווערן אין גאַנצן דער סבאָרניק: אין געלט איז קיין מניעה ניט, און קלינגען דאַרף איך ניט...

אַלזאָ, ברודער דינעזאָן, האָב איך צו אײַך צוויי בקשות:

1 — עצהן מיך מיט אַן עצה נכונה. ווי אַזוי און וואָס און ווען, דען איך האַלט אײַך אי פאַר אַ מבין אי פאַר אַ גוטן-פרײַנד.

2 — ווײַסבערג האָט מיר געזאָגט, אַז איר זײַט רעכט באַלעזט אין דער דײַטשישער ליטעראַטור, לכן וואָלט איר געקאָנט מיר געבן אַ היפּש ביסל אַפאָריזמען פון קלוגע מענטשן, עפּיגראַמען, ווערטלעך אַד"גל. און אויב איר האָט עפּעס אַ גרייטס, ניט קיין גרויס בילד, אַ נאָוועלע אָדער זאָ עטוואָס, וואָלט איך אײַך בעטן עס צושיקן מיר וואָס צום גיכסטן, דען איך וויל בעוד חודש ימים לגשת אל המלאכה.

דרוקן וועל איך דעם סבאָרניק מיט נקודות, תּחת השגחתי בעיר הקדושה באַרדיטשעוו.

איר וועט באַקומען פון מיר האָנאָראַר, לפי ערך העבודה. איך וועל בכלל יעדן מיטאַרבעטער באַפרידיקן, און ניט אָפּקומען מיט חניפהלעך און מיט גוטע ווערטער, ווי אונדזערע יעזויִטן טוען, ניין: מײַנע מיטאַרבעטערס זײַנען מײַנע חברים, מײַנע שותּפים, מײַנע ברידער! יעדנס עצה איז בײַ מיר טײַער, יעדנס ווונטש איז בײַ מיר הייליק, איך וועל גיין במדת אהרון הכהן און וועל מײַן זשורנאַל ניט מאַכן פאַר קיין קלײַזל אויף צו קריגן זיך איבער אַן „עליה", קיין טענדענציע וועט דער זשורנאַל ניט טראָגן, ער וועט זײַן ניט קיין פּאַלעסטינעץ, ניט קיין אַנטיפּאַלעסטינעץ, ניט קיין אַנטי-אַנטיפּאַלעסטינעץ, נאָר אַ פּשוטער ייד, אַזאַ ייד, ווי איך בין, אַן חכמות, אַן אייבערקעפּלעך, אַן כּמו-מיאוסלעך! דעם נאָמען זאָג איך אײַך נאָך ניט, דען איידער דאָס קינד ווערט געבוירן, זאָגט מען ניט דעם נאָמען. דאָס פאַרשטייט איר שוין אַליין, אַז איך מאַך דערמיט, חלילה, קיין „געשעפט". דאָס, וואָס סע וועט בלײַבן רחווה, וועט עס צעטיילט

ווערן צווישן די מיטהעלפערס, כּמין דיווידענד, להבדיל, און אַז מע וועט דאַרפֿן, חלילה, דערלייגן, איז דאָ, ווער סע זאָל דערלייגן, געלויבט איז גאָט. נאָר די שרײַבערס וועל איך אַלע צאָלן סײַ ווי סײַ.

נו, ווי געפֿעלט אײַך עפּעס מײַן אויפֿטו? איך שטעל מיך פֿאָר לעוויס אויגן מיט דער נאָז, אַז ער וועט דערזען דעם ערשטן בליז. איך האָב מורא, ער זאָל ח״ו ניט באַקומען די „שלעכטע זאַך". אַ קשה אויף אַ ליטוואַק?...

די אַפּאַריזמען, גוואַלד, די אַפּאַריזמען שיקט מיר צו: דען דערצו האָב איך קיינעם ניט, חוץ אײַך. ווײַסבערג זאָגט, אַז איר האָט דאָרט אין וואַרשע גאָר אַ זעלטענע ביבליאָטעק. שרײַבט מיר תּומ״ד אײַער מײַנונג, אײַער ראָט, אײַערע מחשבות וועגן דעם, וואָס איך טו אויף; שרײַבט מיר אָפּנטלעך און פּינקטלעך; העלפֿט מיר!

נאָר ניט לעווי אַליין וועט פּאַרציטערט ווערן. איך דענק, אַז ספּעקטאָר וועט אויך דערפֿון ניט אָנקווועלן, אַז ער וועט דערזען אויפֿן בלאַט „יצא לאור מאסף וכו' מאת שלום־עליכם וכו'!" סע וועט אים אויך אַ קלעם טאָן בײַם פּופּיק, דען ער קאָן מיך, און ער ווייסט, אַז איך וועל עפּעס טאָן, וועל איך עס טאָן, ווי עס דאַרף צו זײַן... נאָר מיינט ניט, אַז איך וויל זיי דערמיט עמעצן קאַליע מאַכן! שטראָף מיך גאָט; פֿאַרקערט, איך שרײַב אַצינד אי פֿאַרן „וועקער" אי פֿאַרן צווייטן „הויזפֿרײַנד" (הגם דער ערשטער „הויזפֿרײַנד" ליגט נאָך אין די וויקעלעך, אָדער בײַ דער מאַמען אין בויך...).

אַלזאָ, ידידי, וואַרט איך אויף אײַער גיכן אַנטוואָרט בשלום און האָף, אַז סע וועט בלײַבן בײַ אײַך בסוד до поры до времени — ביז איך וועל אײַך שרײַבן: „זאָגט".

אַצינד האָב איך נאָך אַ בקשה צו אײַך.

טוט אַ פֿרעג בײַ אַן ערלעכן דרוקער:

1 — וויפֿל נעמט ער פֿאַרן דרוק אַליין, אָן זײַן פּאַפּיר, אָן זײַן אָבלאָזשקע, נאָר פֿאַרן דרוק מיט הוצאות, מיט בראָשוראָווקע, פֿון יעדן בויגן? (1000 און 2000 עקזעמפּל׳).

2 — וויפֿל רעכנט זיך אַ בויגן: פֿון בײדע זײַטן, צי פֿון איין זײַט? למשל, 16 צי 32 זײַטן?

3 — צי סע איז דאָ אַ חילוק צווישן קליינעם און גרויסן פֿאָרמאַט?

ליבער דינעזאָן! טאָמער זײַט איר גלאַט אַזוי ברוגז געווען — פֿאַרגעסט, טאָמער האָט אײַך עמעצער אָנגעפּירט אַ רכילותל (דאָס טרעפֿט זיך צווישן אונדזערע מחברימלעך, זאָלן לעבן און געזונט זײַן), שפּײַט אָן יענעם אין פּנים. טאָמער האָב איך אײַך זאַטשעפּעט מיט אַ שאַרף וואָרט, עפּעס, חלילה, נוגע בכּבֿוד געווען אַאז״וו — זאָלט איר מיר מוחל זײַן, ואם יהיו חטאי כּשני כּשלג ילבּינו — און לאָמיר זיך געבן די האַנט און לאָמיר ווידער ווערן גוט־ברודער, ווי פֿריִער, דען קיין לעווי האָבן מיר שוין הײַנט ניט אין מיטן, און איך דאַרף אײַער עצה, אײַער הילף, אײַער מיינונג, אײַער גלײַכוואָרט, דען איך בין דאָך פֿאָרט אַ פֿריץ, — באַרעכנט מיך!

אײַער איבערגעגעבענער שלום־עליכם

P. S. איך שיק אײַך „זאַקאַזנאָיע"! איך האָב מורא פֿאַר מזיקים: אין וואַרשע איז דאָ גנבֿים, זאָגט מען.

## 230. צו יהודה־לייב גאָרדאָן

קיוב, 7טן אַפּריל 1888

אַדוני הנכבד, ה' י"ל גאָרדאָן!

האוכל לקחת דברים עם אַדוני בשׂפתנו הקדושה, ואַני ערל־שפתים אָנכי? לכן יסלח לי אַדוני היקר, אם ארהיב עוז בנפשי לדבר אליו יהודית, ווי אַ בן־כּפר. פּשוט יידיש, אויף זשאַרגאָן, בלשון הנשים. וואָס פאַר אַ מין הקדמה וואָלט איך, אייגנטלעך, באַדאַרפט שרײַבן און מיט וואָסער אַ מליצה וואָלט איך באַדאַרפט אַרויספאָרן אין מײַן ערשטן בריוו? נאָר איך וועל עס מאַכן „דערפון" קורץ און שאַרף.

איך, הצעיר באלפי יהודה, לאָז אַרויס אויף גאָטס וועלט אַ גאַנץ גרויסן סבאָרניק, כּמין זשורנאַל, להבדיל, אויף זשאַרגאָן, נישט צוליב געשעפט, חס־ושלום (איך האָב אין קיִעוו ב ע ס ע ר ע געשעפטן), נאָר להרים קרן שפת יהודית — צו הייבן דעם האָרן פונעם אָרעמען זשאַרגאָן.

סע פאַרשטייט זיך, אַז ווו סע איז דאָ אַ זשאַרגאָניסט, איז ער מײַנער. ערשטנס, ווײַל דער עולם קען מיך שוין אַ קאַפּ, אַז איך דאַרף די ציג ניט מעלקן, און, צווייטנס, ווײַל איך האָב אויפגעטאָן אַ נײַעס אין דער יידישער ליטעראַטור, דהײַנו: צאָלן יעדן שרײַבער פאַר דער שורה (ווער האָט געצאָלט ביז אַהער געלט פאַר זשאַרגאָן שרײַבן?), און פײַן צאָלן. למשל, אַבראַמאָוויטשן גיב איך 10 קאָפּ' פון דער שורה פאַר פּראָזע, ער מעג אָנשרײַבן אַ מיליאָן שורות; לינעצקין אויך דאָס זעלבע כּמעט; און אַפילו די קטנים, וואָס מע דאַרף זיי אויפרופן „עם כּל הנערים", גיב איך פון 3 ביז 5 קאָפּ. נאָך אַ נײַעס: איך וועל נישט געבן קיין שום מודעה און וועל נישט אויסנאַרן קיין קערבלעך בײַם עולם, ביז דאָס בוך וועט ניט אַרויס פון דרוק (אין באַרדיטשעוו), און דעם מקח וועל איך שטעלן ביליקער פון באָרשטש, בכדי לזכות את הרבים. גאָר פויגלדיק!

לכן, אַדוני, אליך נפשי אשא, לך עיני תּלויות, כאָטש מיט וואָס סע ניט איז דער־קוויקן מיך פון אײַערע יידישע ווירשן, מיט וועלכע איר קאָנט ערב־שבת בין־השמשות, צווישן יאָ און ניין, אַ קיצל טון די מוזע — און לאָז זען דאָס פאָלק, דאָס אָרעמע פאָלק, אַז „ער" אַליין, גאָרדאָן, „דער גאָרדאָן", שעמט זיך ניט און שרײַבט אויך זשאַרגאָן!

וועגן האָנאָראַר רעד איך נישט מיט אײַך: פון 20 קאָפּ' פאַר יעדע שורהלע שטעל איך אײַך אַליין — און דאָס איבעריקע שטעלט אײַך אַליין ביז 50 קאָפּ', ועד בכלל. נאָר מיינט ניט, אַז איך וויל אײַך „קויפן" פאַר געלט; איך ווייס, וואָס הייסט זײַן אָפּגעריסן פון אַ שפּראַך און זײַן רעכט פאַרנומען מיט אַ צײַטונג — רעכן איך אַז צײַט איז געלט, און פאַר געלט וועל איך אײַך אויך מקריב זײַן די גילדענע צײַט, הגם גאָט־ברוך־הוא האָט מיך געשטראָפט מיט היבשע עטלעכע קערבלעך...

איך וואַרט אויף מײַן קוויטל, וואָס וועט זײַן אָנגעצייכנט פון אײַך בקרוב.

שלום־עליכם

פּ.ס. — גוואַלד! ווו דערטאַפּ איך ערגעץ אײַער קרוב מ. גאָרדאָן מיט זײַנע קונציקע לידעלעך?

ס'איז געווען אַ צײַט, וואָס צעדערבוים פלעגט מיך אַרײַנברענגען אין גרויס צאָרן מיט זײַן קאַלטער באַציונג צו זײַן בלעטל. הײַנט קומט מיר אויס צו זאָגן: „חבל על

דאבדין". אַצינד איז דאָרטן אַלצדינג אַזוי פאַרדאַרבן, אַזוי משונה ווילד, אַז ניט ווילנדיק פאַלסט דו אַרײַן אין גרויס פאַרצווייפלונג און דערביטערונג, און העלפן איז ניטאָ מיט וואָס. אָט דאָס האָט מיך דערוועקט צו נעמען זיך פאַר אַ זאַך, וואָס איז אפשר ניט באַקוועם פאַר מײַן קעשענע. אַחוץ מײַן בקשה צו אײַך, וואָלט איך מיך געוואָלט באַנוצן, זייער געערטער לערער גאָרדאָן, מיט אײַערע קלוגע עצות און גוטע אָנווײַזונגען בנוגע דער פּראָגראַם פון מײַן זשורנאַל־אַלמאַנאַך, וואָס וועט זײַן אַ ליטעראַריש־וויסנשאַפט־לעכער און קריטישער, און לויט דער ברייטקייט פון זײַן פּראָגראַם און דער פאַרשיידנ־אַרטיקייט פון זײַנע אַרטיקלען, דאַרף ער זײַן העכסט אָריגינעל.

## 231. צו יעקב דינעזאָן

8טן אַפּריל 1888

ידידי יקירי!

בלב מלא גיל וחדוה קראתי היום את דבריך הנעימים: אין אײַך האָב איך קיין טעות ניט געהאַט, ב"ה! בעינים כליות אחכה לדבריך ולפּרי עשתּנותיך: איך האָב געוווּסט, דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל געפינען אין אײַך אַ משענת נכונה. אפשר קאָנט איר נאָך עמעצן פאַרווערבעווען צו אונדז, אַזוי עפּעס אַ רעכטס?

אָ, איך האָב אונדזער מערדער דעם ראָמאַן־מאַכער שמ"ר צעפּלעט דעם קאָפּ! — אָט וועט איר באַלד זען, וועט איר זאָגן דאָס, וואָס ווײַסבערג האָט מיר געזאָגט: „געבענטשט זאָלן זײַן די הענט..." אויך וועט אין אַ טאָג 8 אַרום אַרויס מײַן „צרור פּרחים", וואָס האָב געמאַכט זיצנדיק „שיבעה" נאָך מײַן זעליגן פאָטער ז"ל. דאָס וואָס איך האָב אײַך געפרעגט וועגן דרוקערײַ, איז ניט אויף פּלאַטן, נאָר אַזוי ווי מע דרוקט בײַ אונדז אין באַרדיטשעוו. למשל, שעפּטעל בבאַרדיטשעוו נעמט בײַ מיר פאַר 16 זײַטן, קליינער פאָרמאַט (ווי דער „פאַמיליען־פרײַנד") פאַר 1000 עקז' 27 רובל מיט מײַן פּאַפּיר מיט מײַנע אָבלאָזשקעס; פאַר 2000 עקז' רעכנט ער מיר, דאַכט זיך, נאָר 30 רובל. איז דאָס מיט יושר, צי ניין? — איך בין דאָך אַ פּריץ!

איך רעכן שרײַבן פרידבערגן, אַז ספּעקטאָר זאָל מיר אויך צושיקן אין מײַן סבאָרניק אַרײַן (דען מיט ספּעקטאָרן גופא בין איך...) ווי מיינט איר? איז דאָס ניט קרום? איך וואַרט, ביז איר וועט מיר ענטפערן. נאָט אײַך מײַן האַנט, ברודער, איך בין אײַער איבערגעגעבענער אויף תּמיד.

שלום־עליכם

## 232. צו אַברהם־שלום פרידבערג

קיִעוו, 12טן מײַ 1888

ידידי הר־שלום!

איר וועט מיך בײַ מײַן לעבן דערהאַלטן, אַז איר וועט מיר תּיכּף־ומיד ענטפערן, ווער האָט געמאַכט אָדער איבערגעזעצט דאָס פאַבל:

דער לייב און די מילבן

אין אַ שיינעם טאָג, איך געדענק נישט ווען,
הערט אַ מעשׂה, וואָס קאָן געשען,
האָבן זיך די מילבן מישב געווען... אאַז״וו.

עס דאַרף זײַן אָדער פון ד״ר עטינגער, אָדער גאָטלאָבער, אָדער רייכערסאָן? התני ספעקטאָר דאַרף געוויס געדענקען.
איך בעט אײַך, למען־השם תיכף־ומיד אַנטוואָרט.
שלום־עליכם

## 233. צו שמעון דובנאָוו

קיִעוו, 29סטן מײַ 1888

בײַליגגנדיק דערבײַ מײַן חיבור „דאָס בינטל בלומען״, אָדער „דער בוקעט״, פּערזען אין פּראָזע (אין דער ייִדישער שפּראַך דער ערשטער פּרווו צו שרײַבן אַזעלכע לידער, וואָס דערפירט די שפּראַך צו פולשטענדיקייט, ניט אַנקומענדיק ניט צו קיין דײַטשישע, ניט צו קיין רוסישע אויסדרוקן און ווערטער), בעט איך אײַך צו געבן וועגן דעם אַ פּאָר ווערטער אינעם נאָענטסטן בוך פון „וואָסכאָד״.
עס איז ניט באַשערט געווען, מיר זאָלן זיך דאָ טרעפן; ערשט ווען איר זײַט אָפּגעפאָרן, האָט מיר ה׳ קאַלמאַנסאָן איבערגעגעבן, אַז איר זײַט געווען אין קיִעוו. כ׳האָב געהאָט מיט אײַך אַ סך צו רעדן, דער עיקר וועגן מײַן אונטערנעמונג — אַרויס־צוגעבן אַ ייִדישן זשורנאַל אין זשאַרגאָן.
עס וואָלט זיך אויך שטאַרק געוואָלט זאָגן אײַך אַ פּאָר ווערטער מכּוח אײַער אַרבעט „די געשיכטע פון חסידיזם״. די מעשׂה, פאַרשטייט איר מיך, באַשטייט אין דעם, וואָס דאָ איז פאַראַן אַ גאַנץ אָריגינעלע פּערזאָן (מײַנער אַ גוטער באַקאַנטער), וואָס טענהט, אַז איינער פון די איידעלע צווײַגן פונעם בעש״ט האָט זיך געשמדט און האָט אַ לאַנגע צײַט געדינט אין פּעטערבורג, ווי אַ באַאַמטער פון עפּעס אַ דעפּאַרטאַמענט. איך ווייס ניט, אויף ווי ווײַט אַזאַ מין פאַקט איז אַן און פאַר זיך אינטערעסאַנט פאַר אײַער אַרבעט, ווײַל אײַער „הקדמה״ באַצייכנט ניט גענוג קלאָר דעם כאַראַקטער פון אײַערע ווײַטערדיקע אַרבעטן.
ביז אײַער ליבווערדיקן ענטפער פאַרבלײַב איך מיט אמתער אַכטונג.
שלום־עליכם

## 234. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 8טן יוני 1888

ידידי יקירי רב קצין!
אַ דאַנק! אַ דאַנק!! אַ דאַנק!!!
איר ווייסט שוין פאַר וואָס! פאַר וואָס? פאַר אײַער אויסגעצייכנטן בריוו צום הער

ליטוואַק אין נומער 22—23 „פאָלקסבלאַט״. אַ דאַנק!!! אַזוי צוטרעפן, ווי איר האָט מיר צוגעטראָפן, אַזוי מכוון זײַן לדעתי, ווי איר, אַזוי גלײַך, גרינג, קלוג און קונציק, ווי איר האָט געענטפערט! אַ דאַנק!!!

אין כּוח בעט, ווי אַבראַמאָוויטש זאָגט, איך בין גאָרניט אין שטאַנד (מאָלט אײַך, איך בין יאָ אין שטאַנד!) אײַך איבערצוגעבן שריפטלעך, ווי גוט, ווי גלײַך איר האָט געטאָן — און אין אַלע אופנים! לאָז אײַך גאָט לײַטזעליגן, בענטשן אײַער פעדער, וואָס איר האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר אונדזער ליבהאַרציקן פאָלקסזשאַרגאָן, אין וועלכן איך, משוגענער, בין אײַנגעליבט ווי אַ חדר־ייִנגל! ברודער, גלייבט זשע מיר, איך האָב שוין אַ לונגפעלער פונעם אומרעכט, פון דער נ אַ ס י ל י ע, וואָס מע טוט מיט אונדזער טײַערן זשאַרגאָן דורך די הענט פון אַ... אוי, איך קען ניט רעדן מער, און דעריבער בין איך עד־היום (און וועל ווײַטער אויך ניט) נאָך ניט אַרויסגעטראָטן אין „פאָלקסבלאַט״ מיט מײַן מיינונג... מ י י נ ו נ ג? וואָס הייסט מיינונג? ווען איך, למשל, רעשע מיך זאָגן אַ צוויי ווערטער — קאָן איך אַנדערש ניט, סײַדן אויסגיסן אַ מאַסע פּעך און שוועבל מיט פײַער, מיט זודיקע וואַסער אויף די דאָזיקע... אוי, איך בעט אײַך, רעדט ניט מיט מיר וועגן דעם, רעדט ניט!! אַזוי האָב איך געשוויגן אַ צײַט וועגן שאָמערן, ביז עס האָט זיך אַרויסגעגאָסן מיט אַ מאָל אַלץ, וואָס ס'איז אָנגעזאָטן בײַ מיר אויף מײַן האַרצן! דאָס בראָשורקעלע איז שוין, ברוך־השם, אַרויס אויף דער וועלט, ווי אײַערע אויגן וועלן באַלד טון זען רעכטיקייט, אם־ירצה־השם.

— — —

די פּרעמיע, וועגן וועלכער מיר האָבן אַ מאָל געשמועסט, ליגט בײַ מיר אין 2000 עקזעמפּלאַרן, נאָר גאָט ווייסט, אויב איר וועט זי קאָנען האָבן, דען זי קאָסט מיך מער, וויפל זי איז ווערט...

איר ווילט דאָך וויסן אַוודאי וועגן מײַן עסק (דעם סבאָרניק) — זאָג איך אײַך, ידידי, איך בין אין צוויי חדשים גרוי געוואָרן, ווי אַ טויב, בײַ 28—29 יאָר (מאָלט אײַך, איך בין נאָך ניט גרוי: איר קאָנט מיך אָנקוקן בײַ לינעצקין און בײַ זאַמאָשטשינען).

און וואָס הערט זיך מיט אײַער „וועקער״? איך מוז אײַך נאָך אַ מאָל מאַכן אַ שטיקל קאָמפּלימענט, אַז אײַער בריוו אין „פאָלקסבלאַט״ איז אָנגעשריבן ריין, גוט און קלוג — פּאַזדראַוולײַאיו וואָס! איר געדענקט די אונטעראָפּיצירשע פון גאָגאָל, וואָס האָט זיך זעלבסט אָפּגעשמיסן? אָט אַזוי פּונקט האָט געטאָן דער ליטוואַק און האָט גענומען און האָט זיך גוט אָנגעפּיצקעט און האָט שבק חיים לכל חי געוועזן...

אײַער פרײַנד
שלום־עליכם

## 235. צו יצחק־יואל לינעצקי

12. 6. 88[19]

מײַן ליבהאַרציקער פרײַנד לינעצקי נרו יאיר!

פאַר וואָס איך האָב אײַך ניט געשריבן ביז אַהער צו, וועט איר מיר געוויס

פאַרצייַען, אַז איך וועל אייַך אָפּגעבן אַ מזל־טוב, ד״ה: איר וועט מיר אָפּגעבן אַ מזל־טוב מיט אַ טאָכטער, וואָס מייַן געליבטע פרוי האָט מיר די טעג געשענקט.

אַצינד גייען מיר גלייַך אַריבער צו אונדזער ענין, ווערענד איר האַלט מיך פאַר אַ גרויסן דיפּלאָמאַט און רופט אָן מייַן בריוו „געשפּיצלט״ און „געקינצלט״. מילא, וואָס קאָן איך העלפן? לאָז זייַן אַזוי!

איר ווילט ניט, איך זאָל טיילן אויף דער האַלב? פאַר וואָס? נאָר נייטן קאָן איך דאָך אייַך ניט, און איר שרייַט נאָ גוואַלד: שיק מיר אָפּ צוריק! מוז איך אָפּשיקן צוריק. כאָטש גאָט איז יודע דעם אמת, אַז עס גלוסט זיך מיר ניט אָפּשיקן, דאָך ווילט זיך מיר קיין „עוכר־ישׂראל״ ניט זייַן, און נאָך איבער אַ קלייניקייט, וואָס איר נעמט עס אָן פאַר אַ געלט־ענין (און באמת גייט דאָ ניט אין געלט, ווי ווייַטער שטייט געשריבן).

אַלזאָ, זע איך, אַז איך קאָן מיט אייַך גאָרניט מאַכן, און מייַן לינעצקי, וועלכער איז געווען בייַ מיר איינער פון די צוויי לייבן שבחבורה, קריכט אַוועק פון מיר ברצונו הטוב און זאָגט מיר, איך זאָל אים אָפּשיקן דאָס, וואָס ער האָט צוליב מיר און פון מייַנעט וועגן אָנגעשריבן און צעגיין זיך „באהבה״(!) בין איך מסכּים, דען אַז אייַך איז דאָס ליב, איז דאָס מיר ניחה, און זאָג אייַך בהן שלי, אַז איך טראָג ניט אויף אייַך קיין שׂינאה דערויף און בין אייַך דער זעלבער דורש טוב (דווקא בלא „דו״) וואָס פריִער; דאָס, וואָס מעגלעך איז, וועל איך טאָן. איך האָב מיט ה׳ וואָלף גערעדט וועגן דעם, וואָס איר האָט מיר געשריבן, זאָגט ער, אַז ער איז כּמעט אויף דער זייַט, רק, נייַערט ער וואַרט אויף סאָקאָלאָווסקין, וועלכער שרייַבט אים, אַז ער קומט — און קומט ניט. וואָס איז מיט אים די מעשׂה? — קאָן איך ניט פאַרשטיין, אַפילו אויף מייַן מזל־טוב איז אַ סברא, אַז ער וועט אויך ניט זייַן הגם מע רופט אים אַהער אַרויס אין דער אַגענטסטווע, וועלכע וועט אים, מיט גאָטס הילף, אַרייַנברענגען איבעריקע עטלעכע הונדערט רובל אַ יאָר; ער דאַרף זיי נעבעך זייער האָבן! נאָר אַז ער קומט ניט, וואָס קאָן איך העלפן? פאַר דער באָרד שלעפּן וועל איך אים ניט; מאַלע וואָס איך האָב געוואָלט! איך האָב געוואָלט זייער אַ סך! איך האָב אַוודאי געוואָלט לינעצקיס „נאָכ־ווייעניש״ פונעם „פּוילישן יִינגל״, וועלכע זייַנען געשריבן געוואָרן פון מייַנעט וועגן, ניט פון בן־עמיס וועגן, וועלכער צאָלט 40 רובל פאַרן בויגן, און פאַר וועלכס איך צאָל 10 ק׳ הייסט מער אַלס 50 רובל, און פריִער געלט. נאָר וואָס העלפט מיר מייַן וועלן? אַז „ער״ וויל, און זי וויל ניט!...

נו, מילא, הייסט עס, האָבן מיר זיך צעפּאָרן און נישט אויסגעהאַנדלט? יעצט וועל איך אייַך כאָטש זאָגן, וואָס הייסט בייַ מיר צעטיילן? עס הייסט, עס געפינען זיך דאָרט אין דער מיט אַ 3 קאַפּיטלעך, וועלכע קאָנען גיין גאַנץ באַזונדער, ניט אָנרירנדיק דעם בנין; קיין קאַליע־מאַכער בין איך ניט און אַ שטיקעלע מבינות האָב איך, און איר וואָלט מיר פאַר מייַן אייַנטיילן געשטעלט אַ 5. נישט מער, אַזוי ווי עס בלייַבן איבער די 3 קאַפּיטלעך אויפן צווייטן בוך (וועלכער וועט קומען בייַ מיר גיך, גאָר גיך, נאָך גיכער פון בן־עמיס ערשטן) און אַזוי ווי איך קויף עס בייַ אייַך אין גאַנצן (ניט לצמיתות), ד״ה אַלע 1000 שורות, לכן וואָלט איך געקאָנט אייַך דאָס צו ליב טאָן און וואָלט אייַך באַצאָלט תּומ״י [תּיכּף־ומיד] דעם גאַנצן האָנאָראַר פאַר אַלע 1000 שורות с тем, אַז איר זאָלט עס מיר דערלויבן און איר זאָלט מיט מיר שמועסן ניט אַזוי, ווי מע דאַרף שמועסן מיט אַן אַנדערן.

היוצא לנו מזה וואָס וויל איך? וואָס קאָן איך? איך וויל זיך מיט אײַך ניט צעקריגן, דען איך דאַרף אײַך אויף ווײַטער (אי״ה), דאָס וויל איך. איך קאָן אָפּקויפן בײַ אײַך דאָס כּתב־יד (נאָר אויף איין מאָל אָפּדרוקן אין מײַן סבאָרניק) פאַר אַ הונדערטער; ובאם עס וועט זיך געפינען דאָרט מער אַלס טויזנט שורות, בין איך מחויב אײַך צו דערצאָלן 10 קאָפּ׳ אויף יעדער איבעריקער שורה, אויף וועלכן חשבון איך האָב, אַ פּנים, אצלכם אַ כּאָפּהייער. הײַנט אַז איר ווייסט שוין פּינטקלעך, וואָס איך וויל און וואָס איך קאָן, וואָס זשע האָבן מיר זיך איבער וואָס צו גריזשען? זאָגט מיר אָצינד, אויב איר ווילט מיט אַן אמת צוריק נעמען בײַ מיר דאָס כּתב־יד און אָפּגעבן עס בן־עמין, צי ווּעמען דאָרט, וועל איך עס אײַך אָפּשיקן תומ״י; אָדער שרײַבט מיר, אויב איר זײַט מרוצה די 3 קאַפּיטלעך מיר לאָזן אויף שפּעטער, וועל איך אײַך באַצאָלן פאַר זיי תומ״י — נאָר מיר זאָלט איר שוין שרײַבן דײַטלעך אײַער הרשאה, דען איך זע, אַז איר שרײַט אַצינד ניין, איז נאָך נישקשה; און אַז איר וועט שפּעטער זאָגן ניין, וועט עס זײַן ניט אַזוי שיין, עפּעס גאָר משונה ייִדישלעך...

איך וואַרט אָפּ אײַער אַנטוואָרט, אויף וועלכן איך וועל אײַך לאַנג ניט לאָזן וואַרטן, ווי ביז אַהער (איר זעט דאָך, אַז מן־השמים סטאַרעט מען זיך אײַך אַנצוזאָטלען אויף מיר, כּי באותו יום, וואָס איך האָב מקבל געווען אײַער בריוו, האָט רעייתי היקרה אָנגעהויבן גיין צו קינד!...). דערווײַל זײַט איר דאָרט גוט בייז אויף מיר און איך בין גאָט די נשמה שולדיק!

אײַער אמתער פרײַנד
שלום־עליכם

רעזולטאַט: די מיטלסטע 3 אָדער 4 קאַפּיטלעך בלײַבן בײַ מיר אויפן צווייטן בוך: שיק איך אײַך, נאָך אײַער כּוח־הרשאה, צו דעם הונדערטער, און דער 25ער בלײַבט על חשבון השורות הנותרות אָדער, חס־ושלום, אַז איר ווילט דווקא אין גאַנצן דרוקן — קאָן איך נישט. איך קאָן נישט! неужели גלייבט איר מיר ניט? וואָס פאַר אַ מיין קאָן איך דאָ האָבן, אַז איך צאָל אויף פריִער פאַר אין גאַנצן, מער ווי עס קאָן קומען 125 רו״כ? נימצא, אַז סע גייט דאָ אין אַ נצחון און איר ווילט מיר טאָן אַ צו־להכעיס און אָפּגעבן מײַנס אַ פרעמדן... לאָז גאָט געבן מיט גליק!

## 236. צו יעקב דינעזאָן

1888 .6 .12

ידידי יקירי, יעקב בר׳ בנימין!

И ты, Брутт?!

הגם אתה, יקירי, באת להקניטני „ולעשות לי סקאַנדאַל קטון" בשלשה פּאָסט־מאַרקען, כּאשר עשה לי גם ידידנו ה׳ פרישמאַן? או עשיתם חוזה ויד אחת להקטין ולבזות את כּבודי? או זאת היא תשובתך ותשובת ה׳ פרישמאַן על הטעלעגראַמע והמכתבים שלי? נו, בין איך נישט גערעכט געווען, אַז דאָ מוז עפּעס זײַן אַ היפּשעס

רכילות אויף מיר פאַר אײַך ביידן? איר האָט מיר נאָך קיין מאָל נישט געשריבן קיין „לכּבוד" און אײַער אַדרעס, ווייסט איר גאַנץ גוט, אַז איך געדענק אים און וועל אים געדענקען! סע איז נייטיק, איר זאָלט אָדער דורך אַ בריוו אויספּירלעך אויפדעקן מיר, וואָס איז די מעשׂה, אָדער אפשר וועלן מיר פאַרט אַ מאָל זוכה זײַן צו זען אײַך אין אונדזער „מחננו"? פון מײַן זײַט גאָט אײַך מײַן ערן וואָרט, אַז איך בין דער זעלבער אײַער גאַנצער און אַכטנדער פרײַנד, וואָס פריער.

שלום־עליכם

## 237. צום זעלבן

16. 6. 1988

ידידי, ידידי, ידידי!

איך בין שוין גאָרניט אין שטאַנד אײַך צו שרײַבן, ווי גרויס מײַן האַרצווייטאָג איז, וואָס איך האָב אַנגעוואָרן פרישמאַנען — און איבער ועמען? — איבער אײַך! דאָס הייסט, איבער אײַער קלײַבן זיך קיין קיִעוו שוין באַלד אַ האַלב יאָר, און איך וואַרט פון טאָג אויף טאָג, און צום סוף — נאָ דיר! איך האָב זייער געוואָלט פרישמאַנען, און אַז איך וועל אים ניט אויספירן, וועל איך זײַן ניט „שלום־עליכם", דען אַז איך האָב געקאָנט נעמען ר' מענדעלין מוכר־ספרים, לינעצקין, שאַצקעסן, גאָטלאָבערן, מ. גאָרדאָן, י. ל. גאָרדאָן, 4 דאָקטוירים, 2 סטודענטן, ועל־כּולם 3 טײַערע אומדערשעצלעכע מאַנוסקריפּטן פון המנוח ר' יצחק בער לעווינזאָן (די „הפקר־וועלט"), פון המנוח אַקסענפעלד, פון המנוח צווייפעל און נאָך פיל אויסגעצייכנטע ווערק, אשר אין ערוך להם, — זאָל איך אַרויסלאָזן פרישמאַנען?! היה לא תהיה!!!

מילא, וואָס ביז אַהער איז געווען, איז פאַרפאַלן: דאָ מוז זײַן עפּעס אַ ספּלעטניע, אַ רכילותל אָדער אַזוי עפּעס אַ Недоразумение — און וויסן זאָלט איר, אַז איך בין אין אײַך פאַרגלייבט, ווי אין אַ רבין, דען חוץ גוטעס, האָב איך נאָך אויף אײַך נישט געהערט, רק גוטס און גוטס; לכן וואָס זשע פעלט דאָ? נאָר איין זאַך: הײַנו, איר דאַרפט מיך קאָנען פערזענלעך, וועט אַלץ זײַן רעכט; און איך האָב נאָך אַ האָפענונג, אַז איר וועט קומען קיין קיִעוו.

נאָר ביז וואָס עפּעס וועט זײַן בעט איך אײַך פאַרריכטן דאָס וואָס איר האָט ניט ווילנדיק קאַליע געמאַכט: איין מאָל איבער אַלע מאָל — פרישמאַנס עסקיז זאָלט איר מיר געבן! סע איז ניט מײַן עסק, ווי אַזוי און ווי אַרום, נאָר איז מוזט מיר אים באַקומען! איך צאָל אים (גלײַך ווי אַבראַמאָוויטשן) 10 ק' פאַר יעדער שורה פּראָזע (פאַר פּאָעזיע צאָל איך אויך ניט מער!).

איך האָב פרישמאַנען הײַנט אַ זאַקאַזנע בריוו געשיקט. איך בעט אײַך, טוט און לאָמיר זען אַז איר וועט ניט פועלן — בין איך אײַך קלאָר ניט מקנא! — איך אײַל מיך!

אײַער בעסטער פרײַנד שלום־עליכם

# 238. צום זעלבן

קיִעוו, 26סטן יולי 1888

מײַן ליבער ערלעכער דינענזאָן!

אָט אַזוי האָב איך אײַך ליב — צוגעזאָגט און אויסגעפּאָלגט, מאַלאָדיעץ! און איר זאָלט זען דאָס פּיקעניש פון ווײַסבערגן, אַז איך האָב אים אײַער בריוו געוויזן — אַזאַ פײַער, זאָל גאָט היטן! אַ מיצווה, לאָז אים בראָטן. נאָר וואָס מיינט איר? שוין יוצא? אָבער גאָר לוי? איר האָט מיר ניט געשריבן וועגן „אונדזער" (טע־טע־טע!) פרישמאַנען קיין וואָרט אָפּילו, ווו, וואָס, ווען אאַז"ו און מכוח יענעם, וואָס איר ווייסט, ווו האַלט ער ווו אאַז"ו. הײַנט האָט איר מיר ניט צוגעשיקט פון גאָלדפאַדען גאָרניט. הײַנט האָט איר מיר ניט געשריבן מכוח פרישמאַנען, וואָס מאַכט ער עפּעס גוטס. הײַנט האָט איר מיר ניט מודיע געווען, צי איז שוין פאַרטיק פרישמאַנס פּאָעמע. הײַנט האָט איר מיר פאַרגעסן דערציילן מכוח דער פּאָעמע פון פרישמאַנען. הײַנט האָט איר זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק, וואָס זאָגט עפּעס פרישמאַן. הײַנט אאַז"וו... אַן אַן עק.

אַצינד לאָמיר אָוועקוואַרפן דעם רב און זיך נעמען צו דער בת־מלכּה אַקאָרשט, אַנידערלייגן און באַטראַכטן זי, דאָס הייסט ספּעקטאָרן, מײַן ליבן „ידידי", וואָס האָט זיך אַזוי שיין אויסגעפּײַנט אין דער בײַלאַגע פונעם „פּאָלקסבלאַט" „זיבן קונים אויף איין סוחר" — אַזוי שיין, אַז צוזאַמען מיט אײַער בריוו, מיט אײַער ליבן גוטן בריוו קומט עס אויס עפּעס אַ מין קאָנצערט פון אַ סאָלאָוויי מיט אַ קאָטער, אָדער פון אַ קאַנאַריק מיט אַ חזיר... נאָך אַ מאָל — אײַער בריוו, ווו איך זע אַרויס דינענזאָנען אין גאַנצן מיט דינענזאָנס גוטעס ייִדישעס האַרץ, מיט דינענזאָנס ליבע צו יעדן — פון איין זײַט, און ספּעקטאָרס פּאַסקודנער דאַנאָס (וועלכן דער מטורף לוי האָט איבערגעניצעוועט אויף זײַן שטייגער) פון דער אַנדערער זײַט — אַ שיינעס בילד! — „חזקה"! „פּוילע עפּעלעך"! „קאָנקורענציע"! „רחמנות"! „אָרעמער הויזפרײַנד"! Предостережение — קיין גרעסערע פּײַג, קיין נידעריקערע באַליידיקונג פאַר ספּעקטאָרן אַליין טאָקע האָב איך זיך ניט געקענט פאָרשטעלן! —

און נאָך אַזעלכע נאַרישע און מיאוסע דאַנאָסן פאַרגינט איר זיך מיר אײַנריידן, אַז ספּעקטאָר האָט בודטאָ אײַער בריוו ניט דערהאַלטן (נעבעך!) און ציט אויף אים אַרויף אַ פּאָדעם פון געגנאָד אומזיסט און אומנישט, ווען ער איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק, ווען ער האָט געהאַלטן שוין נאָכן דאַנאָס שרײַבן — פע, דינענזאָן! רעדט מיט מיר מער ניט פון דעם דאָזיקן קטונער: ער איז ניט ווערט אײַער טינטערל מיט אײַער זעמדערל!

אַ מזיק איז דער געדונגענער רעצענזענט פון מײַן בידנעם ר' סענדער בלאַנק: די אמתע חסרונות, אויף וועלכע נאָר פרישמאַן האָט מיר געקענט אָנווײַזן, האָט ער דורכגעלאָזט און האָט אויפגעשטעלט אַזעלכע, וואָס יעדער גימנאַזיסט פון 3 קלאַס קאָן אויסשטעלן שעקספּירן. נאָר עס טוט מיר הנאה, וואָס אונדזער זשאַרגאָן האָט זיך דערלעבט אַ קריטיק! ביז אַהער איז געווען הפקר. אַצינד איז כאָטש דאָ אַ שטיקל רעצענזיע, מהיכא־תּיתי! ווי זאָגט ער: „ווי אַזוי די מעשׂה איז, צי גערעכט, צי אומגערעכט — אַבי אָפּגעשמיסן אַ ייִדן"...

גוואַלד, דינענזאָן, וואָס טראַכט איר זיך! פרישמאַנס פּאָעמע, פרישמאַנס פּאָעמע!

(שאַט, זאָגט ניט פרישמאַנען, אַז איך שרײַ נאָ גוואַלד...) גוואַלד, דינעזאָן, פרישמאַנס פּאָעמע! גוואַלד, דינעזאָן, פרישמאַנס פּאָעמע! גוואַלד, דינעזאָן, פרישמאַנס פּאָעמע! — עד סוף כל הגוואַלדן!!!

ווייסט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, דינעזאָן? אַז איר זײַט אָוועקגעפֿאָרן, האָט מיר אָנגעהויבן „באַנג" צו טאָן (אַזוי הייסט לוי שרײַבן דאָס וואָרט בענקען — בענגען — דעם צונג האַלט שטאַרק צום גומען און זאָג בענגען — ניט בענקען חס־ושלום).

נו, אַלזאָ, דינעזאָן סערדצע, האָב איך אָנגעהויבן צו בענקען נאָך אײַך, ווי אמת נאָך אַ היימישן מענטשן... ווען וועט איר זײַן נאָך אַ מאָל אין קיִעוו? (מיט פרישמאַנס פּאָעמע וואָס הערט זיך?)

פאַרברענט, זאָגט איר, זאָל ווערן מײַן בלאָער קאַראַנדאַש? איר ווייסט, וואָס איך האָב געטאָן מיט אײַערע קרעפּלעך? איך האָב באַניצט צו זיי מײַן בלאָען קאַראַנדאַש און האָב געמאַכט פון דעם אַן אַנטיקל. נאָר אַזוי ווי איר ווייסט דאָך, ווי די האָר ברענען אויף מיר, לכן קאָן איך דאָס אײַך פּריִער ניט צושיקן, בכדי איר זאָלט עס אָנקוקן — און נעמען דרוקן עס אַזוי אָן אײַער וויסן קען איך אויך ניט, דען איך בין ניט לוי, על־כן האָב איך לעת־עתה געגעבן דעם צענזאָר און וואָרט אויף אײַער אַנטוואָרט און אַז איר וועט מיר, חלילה, ענטפערן, אַז איר ווילט זיך אויף מיר ניט פאַרלאָזן, וועל איך דאָס אײַך אָפּשיקן, נאָר מיט רויטן קאַראַנדאַש צעקאַרדאַשעט די ביינער!

יאָ, איך האָב אײַך גאָר פאַרגעסן אַ פרעג טאָן, וואָס הערט זיך עפּעס מיט פרישמאַנס פּאָעמע? ווען קאָן זי פאַרטיק ווערן? עפּעס קומט מיר אָן שווער, עפּעס האָב איך קיין גליק ניט צו פרישמאַנען! ער קאָן מיך ניט; אָט דער „שלום־עליכם", וואָס פרישמאַן שטעלט זיך פאָר, איז פונקט דער היפּוך פון דעם „שלום־עליכם", וואָס דינעזאָן האָט אים געזען!

שרײַבט מיר, שרײַבט מיר אַלעס און וועגן אַלעס!

ממני — פון מיר, אײַער בלאָען קאַראַנדאַש.

שלום־עליכם

## 239. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיִעוו, 26סטן יולי 1888

מײַן טײַערער ליבהאַרציקער זיידע־לעבן!

איך געפין מיך שטאַרק שולדיק אַקעגן אײַך. נאָר מיינט ניט, אַז איך האָב אײַך פאַרגעסן; עס ברענען אויף מיר די האָר: סע איז דאָ גענוג אַרבעט! די „ביבליאָטעק" דרוקט זיך שוין אין באַרדיטשעוו. אײַער „פריזיוו" האָב איך מיט דאַנק דערהאַלטן און צוויי מאָל דורכגעלייענט. עס איז דאָ דאָרטן אויף וואָס אָפּצושטעלן זיך; איך פיל, אַז איר האָט באַדאַרפט, זיידע־לעבן, גוט צו שוויצן אויף אים. באַזונדערס — אויף דעם שלוס פון דער דראַמע, דען עס געפינט זיך דאָרט אַ סך געדאַנק, אַ סך קלערעכץ און אָפּוועגעכץ, דער סוף שמעקט מיט Темное царство פון אָסטראָווסקי און סע איז גוט באַקלערט, שטאַרק צוגעהאָרעוועט; בכלל מעג איך מיר קלערן, אַז דאָס „ווינטשפינגערל", למשל, איז געשריבן מיט הארץ, און „דער פריזיוו" — מיט קאָפּ, דאָס הייסט מיט מער

קאַפּ, הגם רייזעלע איז אַ האַרצעדיק מיידל, נאַר, גוואַלד, ניט דאָס מיין איך; איך מיין דאָ אײַער האַרץ... אָדער, אויב איר פאַרשטייט מיך ניט אויפן וווּנק, ווילן מיר דאָס לאָזן אויפן צווייטן מאָל. יעצט בין איך אַזוי פאַרכאַלעפּורימט, אַז איך קאָן „דאָס שפּײַעכץ ניט אײַנשלינגען" (מליצה!). ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אויפן באַרדיטשעװער דרוק? איך האָב צו אײַך אַ שטיקל בקשה, זיידע־סערדצע. אַזוי ווי איך שרײַב צו דער „ביבליאָטהעק" אַ ראָמאַן, אָבער אַ יידישן ראָמאַן, ווי איר ווילט, לכן וואָלט איך געוואָלט, אַז דער זיידע זאָל אים פריִער זען און זאָגן זײַן מיינונג! ווי אַזוי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? סע הייסט, איך מיין, צי קאָנט איר דאָס נעמען אויף איבערצולייענען אויף עטלעכע טעג, וואָלט איך עס אײַך צוגעשיקט. נאָר עס איז נאָך לעת־עתּה ניט פאַרטיק: איך דאַרף עס נאָך ענדיקן און אַרומפּײַלן, ווי איר זאָגט. איך פאָלג אײַך אין אַלעם! ענטפערט מיר, וואָס מאַכט איר אין געזונט און ווו האַלט מענדעלע?

אײַער איבערגעגעבן אייניקל שלום־עליכם

## 240. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 28סטן יולי 1888

מײַן ליבער, האַרצעדיקער בר־קצין!

אײַער ליבן בריוו מיט אײַערע פאַרוווּרפן (אין וועלכע איר זענט זייער גערעכט) האָב איך מקבל געווען, און נעם און הייב זיך אָן פאַר אײַך צו פאַרענטפערן. — בהן שלי זאָג איך אײַך, אַז איך האָב אײַך ווירקלעך אַ גרויסן בריוו, אַ גוואַלדאָוונעם בריוו, אָנגעשריבן; נאָר הערט אָן אומגליק, וואָס עס טרעפט זיך אין קיִעוו. בײַ נאַכט זענען אַרויף אויפן טיש צו מיר צוויי אָדער דרײַ מײַז און האָבן דעם בריוו צעגריזשעט מיט די ציין, אַזוי, אַז זיי האָבן נישט געלאָזט פון אים קיין שׂריד־ופליט, נאָר דעם אַדרעס „בר־קצין" און מײַן חתימה־טובה „שלום־עליכם" האָבן זיי איבערגעלאָזט. אַ האַרצ־ווייטיק!

— — —

טײַערער בר־קצין! איר שרײַבט מיר אין אײַער בריוו, אַז איר האָט חשק צו נעמען אויף זיך דעם קריטשן אָטדיעל אין דעם „הויזפרײַנד". איך האָב צו אײַך גאָרניט. נאָר אַזוי ווי איר קענט זיך מיט מיר אויך ניט פון נעכטן — — —, לכן וואָלט אַ יושר געווען, אַז איר זאָלט מיך אויך ניט פאַרלאָזן, ובפרט אַז אין אײַערע „וועקערס" האָב איך דאָך עפּעס אַ שמינית שבשמינית און ספּעקטאָר גאָרניט. וואָס זשע וויל איך פון אײַך? איך וויל, ליבער בר־קצין, אײַך איבערגעבן דעם ביבליאָגראַפישן אָטדיעל אין מײַן „ביבליאָטהעק", אין וועלכער עס מעג אײַך אָנשטיין צו זיצן גלײַך מיט אַלע מײַנע מיטאַרבעטערס, פון וועלכע איר האָט שוין מסתּמא געהערט רעדן. — מײַן ביבליאָגראַפישע אָפּטיילונג, דאָס הייסט רעצענזיעס (אָדער קריטיק), איז צעטיילט בײַ מיר צווישן דרײַ מיטאַרבעטערס: ד"ר טשערני, ה' ביכערפּרעסער און איר, מײַן ליבער בר־קצין. די ביכלעך, וואָס איך קלער אײַך צו געבן, זענען: „אין וואָס איז אײַער הילף", פון ח. י. דאָקטאָר, „דער הויזפרײַנד", 1888, פון ספּעקטאָר, און נאָך אַ צוויי ביכלעך. דעם דאָקטאָר טשערנין

האָב איך געגעבן „די צוויי דײַטשע קאָכביכער", און דעם ה׳ ביכערפּרעסער האָב איך אײַנגעטיילט אַ פינף־זעקס שמאַטעס.

— — —

צײַט דערויף גיב איך אײַך צוויי וואָכן, האָנאָראַר 5 ק׳ פאַר דער שורה, און אַז איר וועט בײַ מיר ווערן מער, וועלן מיר דורכקומען, בזה התנאי, אַז אין אײַערע „וועקערס" בין איך ווידער אײַער „שלום־עליכם", ווידער דער זעלבער

שלום־עליכם

פּ.ס. — דער געדונגענער אָדעסער קריטיקאַן האָט פאַרט איספּאָלנעט לעוויס רצון און האָט אָנגעשריבן אַ זעלטענע קריטיק, אַזוי ריין, אומפּאַרטייִיש, מיט אַ ריינעם געוויסן, אַזוי, אַז דיווירקלעכע חסרונות האָט ער דורכגעלאָזט און האָט אַרויסגעשטעלט אַזעלכע, וואָס איז באמת די הינער אויף געלעכטער! נאָר ווי די מעשׂה איז, טוט מיר די זאַך הנאה, וואָס אונדזער זשאַרגאָן האָט שוין דערלעבט אַ קריטיק; זייער רעכט, דערווײַל האָט מען דאָך געשמיסן אַ ייִדן... און מער דאַרף מען ניט.

— — —

איך פאַרהאָף, מײַן ליבער בר־קצין, אַז איר וועט שלום־עליכמען ניט אָפּזאָגן, דען שלום־עליכמען האָט נאָך קיינער ניט אָפּגעזאָגט, אַפילו יל"ג, וועלכער האָט אַזוי ליב דעם זשאַרגאָן, ווי אויגן־ווייטיק... — — — וועגן „שמ"רס משפּט" האָט איר רעכט, ס׳וואָשעי טאָטשקי זרעניאַ. בכלל הער איך פון אײַך, לכל־הפּחות, אַ מיינונג, ווי פון אַן א מ ת ן מענטשן — און בין אײַך דאַנקבאַר, ווי יעדן, וואָס זעצט מיר אויס מײַנע פעלערן. אַזוי דאַרף צו זײַן. ענטפערט מיר וואָס גיכער. איך האָב שוין די מײַז פאַרטריבן מיט אַזאַ מין שפּרעכעניש ווײַט־ווײַט הינטער די הרי־חושך, און איר וועט שוין באַקומען פון מיר ענטפער שנעל, אָבער טאַקע וואָס שנעל הייסט.

ידידך הנ"ל

## 241. צו שמעון דובנאָוו

7טן אויגוסט 1888

אײַער פרײַנטלעכן בריוו פונעם 31סטן יולי דערהאַלטן. כּדי אײַך נאָך שטאַרקער צו באַווײַזן, אַז איר ד אַ ר פ ט אײַנשטיין בײַ מיר, מוז איך אײַך איבערגעבן אַ גאַנץ באַדויערנסווערטן עפּיזאָד וועגן דעם, ווי אַזוי דאָ האָט פאַרבראַכט איינער פון אײַערע באַקאַנטע, וועלכע איך האָב ליב. מען רופט אים י. דינעזאָן. דער דאָזיקער פײַנער מאַן איז אײַנגעשטאַנען אויף פּאָדאָל בײַ זײַנע באַקאַנטע, און פּונקט אין חצות, בעת ער האָט זיך געקוויקט מיטן לייענען מײַן „בוקעט" (דאָס זאָג איך דרך־אַגב), האָט מען אָנגעקלאַפּט צו אים אין טיר... נו, און אַזוי ווײַטער. מען האָט אים געבעטן, ער זאָל מוחל זײַן איבערלאָזן די „פּערזן אין פּראָזע" אויף אַן אַנדערש מאָל, און „איידער וואָס ווען" האָט מען אים אָפּגעהאַלטן אַ שעה צען אין עפּעס אַ קבר. דאָס איז פאָרגעקומען ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט מער קיין מאָל מײַנע

ווערק ניט צו לייענען, אָבער אויך אויף פּאָדאָל מער ניט צו בלײַבן. איצט, דאַכט זיך, איז קלאָר, אַז איר דאַרפט וווינען בײַ מיר. ווענן ענגשאַפט קען קיין רייד ניט זײַן. דערצו נאָך קלײַבט זיך מײַן ווײַב אין סעפּטעמבער קיין יאַלטע, און איר וועט מיך פּשוט מחיה זײַן. כ'האָב אײַך פאַרגעסן דעמאָלט מודיע צו זײַן, אַז בײַ מיר זײַנען פאַראַן צוויי מלאָכימלעך אין דער געשטאַלט פון מיידעלעך, וועלכע איר וועט באַלד ליב קריגן, פּונקט ווי דינעזאָן האָט זיי ליב באַקומען און האָט נאָך געבראַכט דערצו, אַז ה' פרישמאַן זאָל זיך פון ווײַטנס (אַזש פון וואַרשע) אין זיי פאַרליבן.

איר פרעגט מיך, וואָס פאַר אַ זאַמלבוך איך גיב אַרויס און ווען ער וועט דערשײַנען? כ'וועל אײַך ענטפערן פריִער אויף דער לעצטער פראַגע: דערשײַנען וועט ער פּונקט אין אַנדערהאַלבן חדשים אַרום, און ביז דער צײַט ווערן ניט אָנגענומען קיין באַשטע־לונגען, וואָרעם דער בידנער לעזער פונעם ייִדישן בוך צאָלט אָפּ די שווער־פאַרהאָרע־וועטע קאָפּיקע און קאָן זיך שפּעטער אויפן בוך ניט דערוואַרטן. אויף דער ערשטער פראַגע ווידער וועל איך אײַך ענטפערן נאָך קירצער: איך בין זיכער, אַז ער (דער זאַמלבוך) וועט פולשטענדיק געווינען אײַער סימפּאַטיע. זײַן ציל איז אַ צווייפאַכיקער: ערשטנס — געבן ווי ווײַט מעגלעך בעסערן מאַטעריאַל פאַר אַ צוטריטלעכן פּרײַז און געבן די מעגלעכקייט די באַדערפטיקע שרײַבערס (און וועלכער שרײַבער איז ניט קיין ניצרך?) צו פאַרדינען אַ רובל־צוויי, וואָס עס גיט זיך, ווי אײַך איז באַוווסט, אין אונדזער ליטעראַטור (ד"ה אין דער ייִדישער בכלל) ניט אַזוי גרינג אײַן. עס וועט זײַן געגנוג צו באַמערקן, אַז ביז דער הײַנטיקער דאַטע האָב איך אויסגעצאָלט האָנאָראַר מײַנע קאָלעגעס מיטאַרבעטערס כּמעט טויזנט רובל. נאָר דערמיט שעפּט זיך נאָך ניט אויס דער הויפּטציל פון מײַן זאַמלבוך. איך האָב זיך געוואָלט דערהייבן צו אַזאַ הייך, צו וועלכער עס איז ניט דערגאַנגען קיין איינע פון דעם מין אויסגאַבעס, ניט אויסשליסנדיק דעם „האסיף", „כּנסת" א"אַנד — און דערבײַ בלײַבן צוטריטלעך פאַרן פאָלק. איך האָב באמת גרופּירט אַלץ, וואָס איז נאָר פאַראַן גוטס אין אונדזער ליטעראַטור. אינעם ברען פון ליבע צו ייִדיש זײַנען צו מיר אַריבער די בעסערע קרעפטן פון דער העברעיִשער ליטעראַטור, וואָס אין זייער שפּיץ וועט איר טרעפן י.ל. גאָרדאָנען און ד. פרישמאַנען — און הינטער זיי דער באַיאָרטער גאָטלאָבער, און שאַצקעס, און ווײַס־בערג, און י. יהל"ל, און קאַלמאַנסאָן אאַז"וו. פון די שריפטן, וואָס זײַנען געבליבן נאָכן טויט, האָב איך אַרויסגענומען זייער אַ טײַערן, אין היסטאָרישן זין, ווערטפולן כּתב־יד פון יצחק־בער לעווינזאָן און די קלוגע פערזן פון צווייפעלן, ווי אויך אַ בריוואויסטויש, וואָס איז זייער אינטערעסאַנט, צווישן יצחק־בער לעווינזאָן מיטן דאָקטאָר עטינגער. אַ לעבעדיקן אָנטייל אין מײַן אויסגאַבע נעמען אויך אַבראַמאָוויטש און לינעצקי. ס'איז אוממעגלעך אין בריוו אַלעמען אויסצורעכענען. איינע פון שאַצקיס אַרבעטן קאָן זײַן אינטערעסאַנט אויך פאַר אײַך, ווי אַ מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון „חסידיזם", נאָר איך וועל עס אין ערשטן באַנד פון מײַן ביבליאָטעק, דאַכט זיך, ניט געבן, נאָר אַז איר וועט דאָ זײַן, וועט איר זיך דערמיט באַניצן, אויב איר וועט עס האַלטן פאַר נייטיק.

לסוף אַ בקשה און אַ הכנעהדיקע בקשה. אויפן פעליעטאָן פונעם ה' צופּעליקער פעליעטאָניסט אינעם לעצטן נומער „וואָסכאָד" האָב איך אָנגעשריבן אַן ענטפער, וואָס איך האָב געקלערט אָפּצושיקן אין דער רעדאַקציע פון „וואָסכאָד", האָב איך אָבער אַ טראַכט געגעבן — און גאַנץ באַגרינדעט, — אַז מײַן ענטפער וועט אַוועק גלײַך אין

קאַרב אַרײַן, און איך וועל זיך נאָך, בײַ די בעסטע באַדינגונגען, דערוואַרטן אַן ענטפער אין דעם „פּאָסטקאַסטן פון דער רעדאַקציע". דערפאַר ווענד איך זיך צו אײַך מיט אַ שטאַרקער ביטע צו טון מיר די אַזוי פאַר מיר וויכטיקע טובה, וועלכע איך וועל אײַך ניט פאַרגעסן, ווײַל איך לעב. זײַט מיר בלויז מוחל, וואָס ניט זײַענדיק מיט אײַך באַקאַנט אַפילו, דערעס איך אײַך שוין מיט מײַנע בקשות. וואָס וועט ערשט זײַן שפּעטער? עס וועט גאַרניט זײַן. איר וועט אײַך נאָר דערווערבן אַ הייס איבערגעגעבענעם פרײַנד, וועלכער קאָן אײַך זײַן ניצלעך און אָנגענעם אין אַלע הינזיכטן (ווי די גאַגאַלישע דאַמע).

איך האָב אײַך נאָך געוואָלט פרעגן: ווען רעכנט איר צו ענדיקן אײַער „געשיכטע פון חסידיזם"? איך האָב שוין גערעדט מיט איינעם אַ סטודענט, וועלכער איז מסכּים איבערצוזעצן אײַער אַרבעט אויף ייִדיש פאַר מײַן „ביבליאָטעק", צווייטער באַנד, פאַרשטייט זיך, אַז קודם־כּל דאַרף איך אײַער הסכּמה, און דערנאָך מוז איך מיט אײַך אַ שמועס טאָן מכּוח דעם, אַז ס'איז אומבאַדינגט נייטיק אין געוויסע ערטער די אַרבעט קירצן. דער עיקר מוז מען מיט „מײַנע" לעזער אין גאַנצן אין אַן אַנדער טאָן רעדן מכּוח „שבחי בעש"ט". „מײַנע" לעזער קאָנען עס אָננעמען פאַר אַ גוטער מטבע, און דעמאָלט וועט דערפון אַרויס אַ צווייטער „שבחי בעש"ט". איך לייג אָפּ די דאָזיקע באַראַטונג ביז אונדזער פּערזענלעכער באַגעגעניש.

כ'וועל אײַך ניט אָפּלאָזן. נאָך איין שאלה. ה' קאַלמאַנסאָן (דער זון) האָט אָנגעשריבן פאַר מײַן „ביבליאָטעק" (ערשטער באַנד) ניט קיין שלעכטע קאָמפּילאַציע וועגן די מיינונגען פון פאַרשיידענע געלערנטע און פילאָסאָפן וועגן ייִדישן פאָלק. די אַרבעט איז אָנגעשריבן ניט שלעכט, נאָר מיך באַאומרויִקט דער געדאַנק, אַז פאַר קיין פאָלק פּאַסט ניט צו מאַכן אַזאַ צימעס דערמיט וואָס מיר, מישטיינס געזאָגט, זײַנען אַ צאַצקע בײַם רבונו־של־עולם און אתּה בחרתּנו. ווי איז אײַער מיינונג וועגן דעם? איך וואַרט אויף אַן ענטפער, גרייט צו אײַער דינסט, אײַער איבערגע־געבענער

ראַבינאָוויטש

עיקר־שכחתי: פאַרגעסן וועגן מײַן ביטע, איך בעט אײַך, איר זאָלט זיך משתּדל זײַן פאַר מיר אין דער רעדאַקציע „וואָסכאָד". שיקט צו מײַן „בריוו" אַהער, און דעמאָלט וועלן זיי זיכער דרוקן, אויב אָבער אײַך איז אומבאַקוועם, דער בריוו זאָל דורכגיין דורך אײַערע הענט, דאַן שיקט מיר אָפּ דעם בריוו צוריק, און איך וועל אים שוין אַליין שיקן, איר שרײַבט זיי דערווײַל אָן. איך שיק אים אײַך אין אַ פּאַרטיקן קאָנווערט, און איר וואָלט דעם בריוו גלײַך געקענט אַוועקשיקן, אויב איר זאָלט וועלן, פון מסטיסלאַוול, די רעדאַקציע וועט ניט באַמערקן.

## 242. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיִעוו, 9טן אויגוסט 1888

מײַן טײַערער ליבהאַרציקער זיידע, רב מענדעלע נ"י!

וואָס איז די מעשׂה, וואָס איר ענטפערט מיר ניט אויף מײַנע בריוו? איך האָב

יסורים, אַז איך האָב ניט פֿונעם זיידן קיין בריוול. וואָס מאַכט איר אין געזונט? ווי גייט עס אײַך אין גלופּסק? וואָס טוט דאָס פערדל? אאַז״וו.

אײַער אייניקל, וואָס איז אײַך געטריַי באמת,

שלום־עליכם

פּ. ס. — כּמעט האַלב (העכער האַלב) פֿונעם „ווינטשפינגערל" איז שוין פאַרטיק אין דער דרוק.

## 243. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, דעם 17טן אויגוסט 1888

ברודער בר־קצין!

סטיַיטש, ווי דען? וואָס איז פאַר אַ פראַגע? שיקט, שיקט, שיקט! איך מיין אי אײַער קריטיק איבערן „הויזפריַינד" און „פאַמיליענפריַינד", אי די פאַנטאַזיע פון ה׳ שטאַרקמעד, פאַר וועלכע איך דאַנק אײַך שוין און האָף, אַז עס וועט מיר געפעלן, אם־ירצה־השם, — קוים איז דאָס אײַך געפעלן; אונדזער געשמאַק גליַיכט זיך, דאָס זע איך פון אײַערע „צווישן שמאָטעס". אַלזאָ, שיקט איר מיר, צי ניין? אויף וואָס וואַרט איר? די צוגעזאָגטע ביכער שיק איך אײַך אַרויס בקרוב. מיַין פרוי איז ניט געזונט, מיַינע קינדער שלאָף, און אַליין בין איך אויף דער צייַט מיט אַ תּכשיטל, וואָס דאַרף אָנמאַכן אַ גוטן איַינדרוק אויף מיַינע לעזער און אַ שטיקל רעש צווישן מיַינע קריטיקערס, וואָס קאָנען, ליידער, מיַין טאַלאַנט ניט סובל זיַין... אַיאָ, איך רעד שוין כּמעט ווי שמ״ר?... מיַין אומגליק איז, וואָס איך ווייס, אַז איך האָב אַ טאַלאַנט. איך האָב שוין לאַנג געזאָגט אונדזער בעסטן זשאַרגאָניסט, וואָס איך דערקען אים אַלע מאָל בעסער און טיפער, אַז מיר, יונגע צוציקלעך, דאַרפן אַ קאַנטשיק, אוי דאַרף מען אונדז קאַטעווען! — וועט אפשר זיַין ליַיט פון אונדז. אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן ביז אַהער, האָב איך קיין מאָל ניט איבערגעשריבן אויף ריין, ווי עס איז אײַך באַוווּסט, און כּמעט ניט איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע. אָנגעשריבן, אַוועקגעשיקט, אָפּגעדרוקט — און אַן עק אַ סוף! דאָס לעצטע ווערק, וואָס איך שרייַב יעצט, איז שוין נישט אַזוי. דאָס הייסט, איך פאַליר עס, איך פייל עס, איך אַרבעט שוין מיט מער באַטראַכטקייט, בהדרגה, ניט אַזוי געכאַפּט, ווי תּמיד — און איך האָף צו דעם, וואָס שענקט אַ גוטע מחשבה, אַז עס וועט זיַין, אם־ירצה־השם, געראָטן, ווי איך וויל (דאָס איז דאָס ערשטע מאָל ביַי מיר, וואָס איך וויל, אַז דאָס ווערק זאָל אַרויס גוט). — אַ חידוש איז מיר אויף אײַך, וואָס אין אײַער איבערזיכט איבער בוכבינדערן, רעדנדיק וועגן מיַין שמ״ר, האָט איר אַפילו נישט מזכּיר געווען וועגן „שמ״רס מישפּט" פון יוצא וועגן.

שיקט זשע מיר צו די רגע אײַער קריטיק און דאָס ליד פון שטאַרקמעד.

אײַער טריַיער שלום־עליכם

פ.ס. — איר ווייסט דאָס ווערטל: „פּאַר אַ נאַר טאָר מען קיין האַלבע אַרבעט ניט ווײַזן". נו, איז דאָס מקוים געוואָרן אויף מײַן רעצענזענט (וואָס שרײַבט אויסגעצייכנט גוט, נאָר ער איז פאָרט אַ נאַר!), וואָס האָט זיך גענומען צו מײַן „רב סענדערן" און האָט גאָר איבערגעלאָזט דאָס, וואָס רב סענדער איז איין טייל פון אַ גרויסן ראָמאַן, ווי עס איז ניכּר פון די לעצטע ווערטער בײַ אים. נו, גענוג פּלאַפּלען!

## 244. צום זעלבן

קיִעוו, 21סטן אויגוסט 1888

ברודער בר־קצין!

אַצינד, אַז איך האָב שוין אייער אַרטיקל דורכגעלייענט אין גאַנצן, דאַרף איך אײַך, חוץ מײַן הערצלעכן דאַנק, חוץ קאָמפּלימענטן, אַרויסזאָגן מײַן טיפע מיינונג איבער אײַך, דאָס הייסט, איבער אײַער אַרט שרײַבן. איר האָט אַ טאַלאַנט, אַ מין אַנאַליטישן טאַלאַנט, אַ קריטיקער צו זײַן: איר וועט זײַן אַ גוטער קריטיקער. אין דעם איז אײַער גײַסט, אײַער כּוח; דאָס איז אײַער ספערע. נאָר קיינער האָט דאָס אײַך ביז אַהער ניט געוויזן, דערום האָט איר גענומען און אָנגעשריבן אַ שיר (איאָ, איר ווערט פאַרבערענט פאַר חרפּה?) „יאָה עניותא לישראל" (איר געדענקט?... איר געדענקט מײַן בריוו?...). מיר, שלום־עליכמען, האָט קיינער ניט געזאָגט, אין וואָס באַשטייט מײַן זאַדאַטשע, בין איך געגאַנגען און האָב אָנגעשריבן אַ קריטיק אויף שמ"ר — — —, בין איך געגאַנגען און האָב געוואָלט אויסבויען אַ גרויסן טורעם ביזן הימל אונטער דעם נאָמען „בלאַנק" (איך מיין אַלע דרײַ ראָמאַנען: „רב סענדער", „מאַרקוס בלאַנק דער צווייטער" און „דער לעצטער פון די בלאַנקעס", וועלכן איך שרײַב נאָך). גרויסע ראָמאַנען שרײַבן איז בכלל ניט קיין מיסחר, און פאַר מיר בפרט... נאָר וועגן דעם וועלן מיר אַן אַנדערש מאָל שמועסן. על־כּן זאָלט איר וויסן זײַן, ליבער בר־קצין, אַז אײַער אַרבעט איז — קריטיקירן, רעצענזירן, באַאָבאַכטן פרעמדע ווערק, גריבלען, זוכן, נישטערן, קראַצן, אַרויסקראַצן, געפינען. איר גייט זיך אַזוי גלאַטיק, קאַלטבלוטיק, מיט אַ שמייכעלע (ניט קיין בייזער געלעכטער, ווי איך), מיט אַ וואַרעם האַרץ (ניט מיט אַ צעהיצטער, צעפלאַקערטער נשמה, ווי איך), און זאָגט זיך אָפּ גאַנץ איינפאַך, פשוט, זייער פּראָסט (איי פּראַסט, איי גוט פאַרן פאָלק!), און גאַנץ גלײַך און וויציק, און ניט וועלנדיק צו ווערטלען זיך — ניין, נאָר פאָרט וויציק.

בראַוואָ, בר־קצין, בראַוואָ! —

איר זײַט דער שטענדיקער רעצענזענט אין דער „ביבליאָטהעק": כּך נמנה ונגמר בדעתי.

— — —

נאָר... שאַ! וואָס איז שוין פאַר אַ „נאָר"? נאָר אייניקע ערטער מוז איך פאָרט דורכלופטערן; ליטשנע נאָמיאָקן פאָרט אַרויסוואַרפן; דורכגעלאָזענע שטיקלעך פאָרט אָנפילן; קליינע פעלערן פאָרט אויסבעסערן; דערלויבט עס מיר, בר־קצין!

נאָך אַ מאָל זאָג איך אײַך. נישט גלײַך האָט איר געטאָן, וואָס איר האָט נישט מזכּיר געווען נישט פונעם „גט", נישט פונעם „עושר". וואָס האָט איר מורא? וואָס בין

איך עס עפּעס? לעווי? אײַ, גוואַלד, עס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אומגערן דער טרפהנער נאָמען זײַנער! רבונו־של־עולם, וואָס האָסט דו צו מיר, דײַן קנעכט, צו די בני־ישראל, צו זײַן בידנע לשון און צו אונדז אַלע? נעם אים צו, דעם ליטוואַק, צו זיך, באַשיץ אים דאָרט אונטער די פליגל פון דײַן שכינה, טו אים אָן אַ ספּאָדיק אויפן קאָפּ און באַזעץ אים צווישן אַלע צדקניות שבגן־עדן — אַבי לאָמיר זײַנער פּטור ווערן, סלה, אויף אייביק, במהרה בימינו, אָמן!

איך וואַרט אויף אײַער הוספה צו דער רעצענזיע און אויף אַלע איבעריקע רעצענזיעס מיט אומגעדולד.

אײַער ברודער שלום־עליכם

## 245. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 22סטן אויג[וסט] 1888

ליבסטער דינענזאָן!

עת לדבר...

אָט אַזוי האָב איך געוואָלט אָנהייבן צו שמועסן מיט אײַך, נאָר איך האָב זיך באַלד אַרומגעקוקט, אַז עס פּאַסט ניט, אַז ניט מיט דינענזאָנען שמועסט מען אַזוי, דינענזאָן דאַרף נישט מ ײַ ן מליצה. עס איז מיר ביטער צו רעדן און שווער צו שווײַגן... נאָר איך מוז דאָך פּאָרט רעדן און רעדן צוליב דעם, אַז איר זאָלט זײַן רויִק און זאָלט פּרישמאַנען באַרויִקן און איר זאָלט ניט מיינען, מי יודע וואָס. איך האָב חלילה קיין טענות ניט צו אײַך, ניט צו פּרישמאַנען; איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, מהיכא־תיתי, ווען? וואָס?... איר פאַרשטייט? איך האָלט שוין בײַם ענדיקן דעם בעלעטריסטישן אָפּטיילונג, דאַרף איך דאָך דאָס האָבן לכ״הפּ תּיכּף נאָך ראָש־השנה, דאָס הייסט עשרת ימי תּשובה זאָל דאָס אַרויסגעשיקט ווערן, וועט דאָס מוצאי יום־כּיפּור אי״ה גיין אונטער דער פּרעס.

אַצינד האָב איך מיט אײַך אויך עפּעס צו שמועסן: נאָר וואָס וועלן מיר שמועסן? אַליין ווייסט איר דען ניט? איר ווייסט, דינעזאָן, נישקשה, איר ווייסט...

לכן אקצר...

אַי גוואַלד, ווי איך בין דאָס פאַרנומען!

אײַער שלום־עליכם

P.S. אויב איך וועל האָבן אַ בריוו פון מײַן דרוקער, ווו ער האַלט, וועל איך אײַך אָנפרעגן מיט אַ טעלעגראַמע — אַ, היט זיך פאַר מײַנע טעלעגראַמעס: שלאָפן וועט איר שוין ניט קאָנען און עסן אַוודאי ניט! היט זיך, דינענזאָן! אָן גייט אַ ראַזנאָשטשיק — איר זעט? Извольте телеграмму!

## 246. צום זעלבן

קיִעוו, 23סטן אויג[וסט] 1888

שעה 11.45 בלילה — צו זכור ברית.

ליבסטער און בעסטער פרײַנד דינענזאָן!

דעם ערלעכן ייִדן העלפט גאָט: דערפאַר וואָס איך [האָב] זיך געריעשעט צו זיצן ביז

זייגער 2 לכ״הפ און אַרײַנקוקן אין די סליחות אַרײַן — צו זכור ברית — האָב איך אײַער דעפּעשע מקבל געווען, און הגם זי איז אַ ביסל שפּעטלעך אָנגעקומען, דאָך האָב איך געוווּסט, אַז אָנקומען וועט זי, און אויב חלילה נישט, וועל איך אַ בריוו געוויס האָבן; אַ דאַנק אײַך פֿאַר דער תּשובֿה; לכ״הפ ווייס איך, אַז איך האָב 2 וואָכן צו וואַרטן; דעם אמת דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז דאָס גליק איז, וואָס די 2 וואָכן זענען יום־טובֿדיקע 2 וואָכן, וואָס אַ ייִדישע דרוק אַרבעט ממילא ניט, און ווען חלילה נישט קיין יום־טובֿדיקע וואָכן, וואָלט די פֿאָעמע געמוזט פֿאַרשפּעטיקן, חלילה, און דאָס וואָלט פֿאַר מיר געווען אַ שלעכט קוויטל פֿון גאָט צום נײַעם יאָר תּרמ״ט מיט וועלכן איך בענטש אײַך און אונדזער ליבן פֿרײַנד פֿרישמאַנען, וואָס האָט בוגד געווען אין מיר מיט זײַן העדר מכתּבים...

אַ נײַ גליקלעך יאָר אײַךביידן ווינטשט אײַך אײַער איבערגעגעבענער

שלום־עליכם

## 247. צו שמעון דובנאָוו

2טן סעפּטעמבער 1888

גלײַכצײַטיק מיטן נומער „וואָסכאָד״ באַקומען אויך אײַער פֿרײַנדלעכן בריוו, און איך מוז מיך מודה זײַן, איך בין איצט אין אַ פֿאַרלעגנהייט: איך ווייס ניט, מיט וואָס קאָן איך אײַך אָפּדינען פֿאַר דער גרויסער טובֿה, וואָס איר האָט מיר געטאָן. איך בין פֿולשטענדיק זיכער, אַז אָן אײַער מיטווירקונג וואָלט דער בריוו ניט געדרוקט געוואָרן. די וויכטיקייט, פֿאַרשטייט איר, פֿון דער זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב זיך אַ ביסל פֿאַרענטפֿערט פֿאַרן עולם. אין גאַנצן ניט, הגם אַלע, וואָס קאָנען מיך און וואָס קאָנען מיך ניט, ווייסן גאַנץ גוט, אַז מײַן אונטערנעמונג איז ניט קיין מיסחר־זאַך, נאָר אַ גוטע זאַך. איך האָב בלויז געוואָלט פֿאַר די לעזערס פֿון „וואָסכאָד״, וואָס דאָס רובֿ קוקן זיי אויף זשאַרגאָן מיט די אויגן פֿונעם צופּעליקן פּעליעטאָניסט, אַוועקשטעלן מײַן געליבט ייִדיש אין אַ שענערער ליכט, אַזוי ווי עס (דאָס ייִדישע לשון) פֿאַרדינט, מיט וואָס איר, ווי איך זע, זײַט אויך מסכּים. צום באַדויערן, טיילן ניט קיין סך אונדזער מיינונג. אַנדערע קוקן באמת אויף אונדז ווי אויף קליינינקע מענטשעלעך, פּימפּערלעך, אַנדערע הייבן מיט די אַקסלען פֿון פֿאַרוווּנדערונג; אַנדערע ווידער, וואָס קוקן אויף אָט דער נײַער ליטעראַטור דורך די געלע אויגן פֿון שׂינאה, ווערן פֿאַרברענט פֿון כּעס. אין אָט אַזעלכע באַדינגונגען קומט אויס צו אַרבעטן. וואָס פֿאַר אַ דערפֿאָלג קאָן דאָ שוין זײַן, מישטיינס געזאָגט?

דאַרף איך אײַך דעריבער דאַנקען פֿאַר אײַער אָנטייל, נאָר דאַנקען וועל איך אײַך ניט, איך וועל בעסער וואַרטן אויף אַ צופֿאַל, ווען איך וועל אײַך קאָנען בײַ דער ערשטער געלעגנהייט אָפּדינען.

אַלס צייכן פֿון אָנערקענונג און פֿון מײַן טיפֿער אַכטונג צו אײַך שיק איך אײַך מײַן פֿאָטאָגראַפֿיע, און כ׳וואָלט זייער געווען צופֿרידן, ווען איר צאָלט מיר אָפּ מיט דעם זעלביקן.

כ'האָב אײַך פאַרגעסן צו באַמערקן, אַז „רב סענדער בלאַנק" איז דער ערשטער טייל פונעם ראָמאַן. דעם צווייטן טייל — „מאַרקוס בלאַנק" — ענדיק איך איצט אין כתב־יד, און דעם דריטן — „דער לעצטער פון דער משפחה בלאַנק" — וועל איך ערשט אָנשרײַבן מיט דער צײַט, ווען איך וועל זיך בעסער, גענויער און אַלזײַטיקער באַקענען מיט אונדזער יונגן דור, וואָס איז ווערט ערנסט שטודירט צו ווערן. ווי איר זעט, האָב איך זיך אָנגעשטעקט מיט עמיל זאָלאַס געדאַנק בנוגע דעם צונויפשטעלן פון זײַן אומשטערבלעכן ווערק „די קאַריערע פון די רוגאָנס" (להבדיל).

איך פאַרליר נאָך אַלץ ניט די האָפענונג אײַך דאָ צו זען.

פאַר מײַן זאַמלבוך שרײַב איך אַ „י י ד י ש ן ראָמאַן" מיטן נאָמען „סטעמפעניו". דער דאָזיקער נאָמען געהער צו אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס היסטאָריש. יעדן פאַלס פאַרן מערב־דרומדיקן ייִדנטום. סטעמפעניו איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי אַ מערקווערדיקער מאַעסטראָ, אַ פידלער אין בערדיטשעוו. הײַנט בין איך צוריקגעקומען פון בערדיטשעוו, וווּ איך האָב אויפן אָרט צונויפגעזאַמלט אַ ביסל ידיעות וועגן דעם דאָזיקן העלד, — און שטעלט אײַך פאָר, אַז אַלע פּרטים, וועלכע איך האָב פאַרשריבן, זײַנען אויסערלעכקייט אַד"גל שטימען אויף דער האָר מיט די אינפאָרמאַציעס פון די בערדיטשעווער אַלטע לײַט. בלויז אין איין פּרט האָב איך געזינדיקט קעגן אמת: פאַר מיר איז געווען זייער וויכטיק, אַז סטעמפעניו זאָל נאָך זיך קיין קינדער ניט לאָזן, און אָט לאָזט זיך גאָר אויס, אַז אין בערדיטשעוו לעבן זײַנע קינדער ביזן הײַנטיקן טאָג. טיפּן, ד"ה כ'האָב געוואָלט זאָגן כ אַ ר אַ ק ט ע ר ן, זײַנען אין גאַנצן פאַראַן קוים דרײַ: סטעמפעניו, אַ קינסטלער, אַ דיכטער און דאָס גלײַכן אינעם ייִדישן זינען, זײַן ווײַב — אַ קליינלעכע, זשעדנע און אַכזריותדיקע פּערזאָן, און לסוף — די ייִדישע לאַוראַ, דער אידעאַל פון ריינקייט, זיסקייט, שיינקייט און פילבאַרקייט. דער סוזשעט גופא איז ניט שטאַרק דערפינדעריש, דער ליבע־פּראָצעס אַן אויגנבליק, ווי עס פּאַסט פאַר ייִדן מיט צוואַנציק יאָר צוריק, דער סטיל דערפירט צו פאָלקומענהייט...

גאָט מײַנער, סאַראַ רײַכקייט די שטאָט בערדיטשעוו איז פאַר אונדזער ברודער דעם קינסטלער. אַ שאָד, וואָס די געשעפטן (די פאַרשאָלטענע געשעפטן) דערלויבן מיר ניט לענגער צו בלײַבן אין אָט דעם ייִדישן פּאַריזש. איך וועל זי אָבער באַזוכן פון צײַט צו צײַט. בײַ אונדזער פּערזענלעכער באַגעגעניש וועל איך אײַך דערציילן אַ געשיכטע פונעם אמתן לעבן אין בערדיטשעוו, פון וועלכער איר וועט דערקוויקט ווערן. אָט איז דאָס לעבן!... נאָר איך האָב אײַך שוין מן־הסתם געַנוג דערעסן. דעם 7טן פאַר איך אויף דרײַ טעג אַוועקפירן מײַן ווײַב, וואָס פאָרט קיין יאַלטע. איך פאַר קיין אַדעס. ענדלעך וועל איך זען אַבראַמאָוויטשן. ער איז אַ גרויסער מענטש. ווען איך זאָל ניט וויסן, אַז די צײַט איז אײַך אַזוי טײַער, וואָלט איך, — ניט געקוקט דערויף, וואָס מע פירט זיך ניט אַזוי, — אַרויסגעשיקט אײַך זײַן אַרבעט (אין דער קאָרעקטור) „דאָס ווינטשפינגערל", וואָס איך וועל דרוקן אין מײַן „ביבליאָטעק".

איך האַלט פאַר מײַן אָנגענעמען חוב צו טיילן זיך מיט אײַך מיט דער גוטער ידיעה, אַז בן־עמי שיקט מיר אַרויס זײַנע אַן אַרבעט פאַר דער „ביבליאָטעק". חוץ דעם האָט מיר ה' מ.־ג. מאַרגוליס אויסגעדריקט זײַן גרייטקייט מיטצואַרבעטן אין דער „ביבליאָטעק". מי לאדני אלי! אַלע אַהער!

איך האָב נאָך מיט אײַך וועגן עפּעס צו שמועסן און זיך מישב צו זײַן, נאָר איך

האָב שוין פּשוט קיין האַרץ ניט. איך דריק אײַך די האַנט. אײַער טיף איבערגעגעבענער

סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש

פּ.ס. ווען פאָרט איר אַריבער קיין פּעטערבורג און ווען וועל איך האָבן אײַער אַדרעס.

## 248. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 7טן סעפּטעמבער 1888

ברודער רבי קצין!

איר זענט זייער גערעכט, זייער גערעכט! מע דאַרף פרעגן דעם טאַטן. נאָר במה דברים אמורים, אַז מע שמועסט וועגן אַ גאַנצן שטיק אַרויסוואַרפן, אָדער אַרײַנשטעלן; אָבער אַז מע רוקט אַרײַן אַ וואָרט און מע שנעלט אַרויס אַ פּאָר ווערטער, איז גאָר ניט כּדאַי, מיין איך, צו מאַכן דערפון אַ גאַנצן עסק. ובפרט נאָך בײַ ניט קיין בעלעטריסטיש ווערק, דען דאָס האָט אין זיך שוין גאָר אַן אַנדער דין — — — — — —

זעט איר, אין אײַער הקדמה צו דער רעצענזיע, דאָס הייסט אינעם „וואָרט", מוז מען אַרויסוואַרפן, דאָס הייסט אַ ביסל ווייכער מאַכן, אַ גאַנצן שטיק, ווו איר רײַבט צו שטאַרק אַלע יִדישע שרײַבערס, דאָס הייסט אויך אבראַמאָוויטשן אַד"גל, און מיט אַזאַ סגנון, ווי איך האָב געשמועסט וועגן שמ"רן. — איך בעט אײַך, זײַט רוּיִק; אויב עס וועט אײַך חלילה אָנרירן אײַער כּוונה, וועט איר מיך אָנרופן פּאַרך שבפּאַרך.

נו, פאַר וואָס שיקט איר מיר שוין ניט דאָס איבעריקע? און די רעצענזיע אויפן „גט"? שיקט, שיקט!

צי בן־עמיס דערציילונג איז מיר געפעלן — איז אַן איבעריקע פראַגע. איר גלײַכט שטאַרקמעד צו בן־עמין — פּע, חוזק! נאָר אָפּשיקן שטאַרקמעדן האָב איך געמוזט, לויט זײַנע שטרענגע „וורעמענע פּראַווילעס", מיט וועלכע ער, אַ צוציקל אין דער ליטעראַטור, איז אַרויסגעטראָטן. מילא, אַז רב מענדעלע מוכר־ספרים שרײַבט: „ניט טשעפּעט מיך", אָדער בן־עמי זאָגט: „ניט רירט מיך אָן", אָדער פרישמאַן, פרוג, זאַמאָשטשין, לינעצקי, רבי קצין, שלום־עליכם — אָבער שטאַרקמעד! ווער זענט איר? פון וואַנען קומט אָן אַ ייִד? פון וואָסער אַ קאַנט?...

שרײַבט מיר אײַער מיינונג איבער דעם פּרײַז. דאָס בוך קאָסט מיר מער אַלס 1 רובל; וויפל קאָן מען עס שטעלן? גיכער, ענטפערט מיר!

שיער שיער בין איך ניט אַראָפּגעפאַלן קיין אַדעס אויף סוכּות. אַן אומגליק, עס איז מיר ניט באַשערט אָנקוקן אַדעס!

שרײַבט, שרײַבט, שרײַבט! פאַר בן־עמין — אַ דאַנק אײַך!

גריסט דעם ה' לילינבלום און זאָגט אים, אַז ס'איז אַ ליגן, אַז ס'האָט מײַנער אַ גרויסער שונא אויסגעטראַכט, אַז איך בין אַ שונא־ציון... איך ווייס אַפילו, ווער...

אײַער שלום־עליכם

## 249. צו דוד פרישמאַן

קיִעוו, 10טן סעפטעמבער 1888

אָחי יקירי, — הלא אָחי אתה!

אין כוח בעֶט... נאָר געגוג קאָמפּלימענטן! ווי אַזוי דען איז אַנדערש? ווי אַזוי דען דאַרף פרישמאַן שרײַבן! איך וואָלט נאָר אַ בעלן זײַן וויסן, וואָס וועט זאָגן דערויף פּרוג? דער דאָזיקער משורר האָלט מיך, אַ פּנים, ניט פאַר קיין קליינעם פאַרך... ער וויל מיר אַלץ ניט געבן גאָרניט!

— — —

וואָס איז די מעשׂה, ברודער, וואָס איר זענט ברוגז אויף „שלום־עליכמען"? עפּעס גענומען אָפּגעשיקט אָן אַ בריוול — נאַ, וואַרג זיך! פּע, כ'לעבן; ניט אַזוי האָב איך פאַרדינט, זײַענדיק אײַך איבערגעגעבן מיט פּאָעמעס און אָן פּאָעמעס — מיט לײַב און זעלע (פרעגט דעם גנב דינעזאָן).

— — —

לאָמיר אַקאָרשט אָפּריידן מכּוח אַלע זײַטיקע ענינים און נאָך דעם וועלן מיר זיך אומקערן צו דער פּאָעמע גופא. — געלייענט האָב איך זי, געוויינלעך, דרײַ מאָל, נאָר די שורות האָב איך נאָך קיין צײַט געהאַט איבערצוציילן; לכן שיק איך אײַך אָן אָנזר' על 50 ר"כ, רעכענענדיק אײַך 20 קאָפּ' בעד כּל שורה; אויב אײַך וועט אַרויסקומען נאָך עטלעכע קערבלעך, וועלן מיר זיך שוין צום צווייטן בוך אָפּרעכענען, און אויב מיר וועט פון אײַך אַרויסקומען, וועלן מיר זיך שוין צום צווייטן בוך אָפּרעכענען, און אויב אונדז בײדן וועט אַרויסקומען, וועלן מיר זיך שוין צום צווייטן בוך אָפּרעכענען...

— — —

אַצינד גיי איך אַריבער צו דער פּאָעמע — נאָר אַזוי ווי די פּאָסט שטייט ניט, דאָס אָנזר' איז שוין פאַרטיק, איך בין פאַרנומען אַ סך מער, ווי איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, לפי כּך שיק איך אײַך אָפּ דעם בריוו מיט מײַן טיפסטן דאַנק פונעם טיפן האַרצן און ווינטש אײַער זעלטענעם טאַלאַנט, ער זאָל טאַקע בליִען און בליִען און איין ברכה צום נײַעם יאָר האָט זיך נאָך בײַ מיר פאַרוואַלגערט, שיק איך אײַך זי אויך אָפּ: „איר זאָלט ניט דאַרפן לעבן פון דער פען"... אויף ווידערזען.

אחיכם שלום־עליכם

פּ.ס. קוקט ניט, וואָס איך שרײַב אײַך אויף יִדיש; מיר זאָלט איר שרייַבן העברעיִש דווקא.

## 250. צו י. ח. ראַוויניצקי

קיִעוו, 13טן—14טן סעפטעמבער 1888

אָחי רבי קצין!

אײַער ליבן בריוו מיטן אַרטיקל האָב איך דערהאַלטן. די רעצענזיע איז ניט שלעכט;

פאַראַן אַ צוויי פעלערלעך (אַסאָסיאַציע — אַססאָציאַציע), וכדומה אַזעלכע קליי־ניקייטן, ווייס איך — שטותעריי!

— — —

פון אײַערע פריִערדיקע בריוולעך, און גלאַט מיט מײַן אייגענעם חוש, האָב איך אָנגעשמעקט, אַז איר זענט אַן ערלעכער מאַן; די בריוו פון בן־עמין האָבן עס מיר פּאַטווערדעט — און דאַנקען השם־יתברך דערפאַר, דען מײַן אידעע האָט מיך געבראַכט דערצו, אַז איך מוז זיך באַגעגענען מיט זייער נידעריקע לײַט, פון וועלכע איך וואָלט בעת אַחרת באַדאַרפט ווײַכן... נאָר וואָס טוט מען ניט בשביל חנינא בני?...

— — —

אַן עוולה פון אײַך, וואָס איר האָט מיר קיין וואָרט ניט געשריבן וועגן אַ מ ע נ ט ש ן וואָס איר ווייסט! איר וואָלט מיך געקאָנט פאַרהיטן פון אַן אומכבוד. און איצט איז שוין אפשר צו שפּעט, הגם איך האָף... אַן עוולה פון אײַך, רבי קצין מײַנער, אַן עוולה!

— — —

יאָ, ווער איז דער י. לערנער, דער מחבר פונעם „טעות הדפוס" און פון ע פּ ע ס נ אָ ך ? וואָס איז ער? שרײַבט מיר, איך דאַרף עס וויסן! עפּעס שמועסט ער מיט מיר וועגן אײַך גאָר חבר־לאַפּ, מעשׂה בלאָזנע...

— — —

דער פּרײַז וועט מער ניט זײַן ווי אַ רובל — זײַט רויִק. אָבער ווינציקער איז שוין אוממעגלעך (דאָס בוך וועט מיך קאָסטן „אין קלייט אַרײַן" כמעט מער אַלס אַ רובל). פאַרן לעזער איז פינף גילדן און אַ קערבל כמעט אַלץ איינס.

— — —

למען־השם, די קריטיק אויפן „גט"!

— — —

וואָס זאָגט איר, ווי לעווי פּײַפט און פרוג טאַנצט? נו־נו, יבוא יומו!...

— — —

למען־השם, מײַנע בריוולעך קיינעם ניט ווײַזן (ווי עס ווײַזט אויס, לאָזט דער בעל־מחבר פונעם „טעות הדפוס" אַ ל ע מײַנע בריוולעך צו אײַך — פע! דאָס טוט נישט!).

— — —

דער בן־עמי געפעלט מיר פאַר אַ הייסן ייִדן און פאַר אַן ערלעכן מענטשן.

— — —

אײַ־ווײַ, רבי קצין, ס'איז דאָ אַ גרעסערער פּאָעט אַלס פרוג! זײַן נאָמען איז דוד פרישמאַן. אָט וועט איר זען אַ פּאָעמע פונעם דאָזיקן שלאַק־פורעניות — מע דאַרף משוגע ווערן! אַ נײַער היִנע, אַ י י ד י ש ע ר ה י ִ נ ע ; נאָר יענער היִנע איז דען נישט געווען, אַ פּנים, קיין ייִדישער היִנע? איך מיין, די מוזע זײַנע איז דען נישט געווען אוּ נ ד ז ע ר ייִדישע מוזע? איך זאָג אײַך, ברודער, ייִדן — דאָס איז אַוודאי אַ פאַרדאָרבן פאָלק, שמועסט מען, — אָבער אַזאַ פעיִק פאָלק! אַזאַ פעיִק פאָלק!

— — —

מײַן „ביבליאָטעק" לאָזט לעווין ניט שלאָפן; פּײַפט ער, און פרוג טאַנצט. טאַנץ, פרוגעלע, טאַנץ, נישקשה, יבוא יומך!...

— — —

איר ווײנט אויף צונזערן? ער האָט שוין זײַנס פון סאַלאָמאָן ביכערפרעסער, נישקשה, און דווקא נאָר פאַר איין ליד, ניט פאַר די צען לידער.

— — —

ווו זאָל איך אײַך נעמען בעסערע סחורה? גלייבט מיר, אַז אײַערס איז נאָך גאָלד קעגן יענע, וואָס איך האָב אָוועקגעגעבן סאַלאָמאָן ביכערפרעסער.

— — —

די „מודעה" האָט פּאַרשפּעטיקט איבער די ימים־טובים, וועלכע האָבן זיך מיר געשטעלט פאָפּעריק, ווי אַ ביין אין גאָרגל.

— — —

וואָס ציטערט איר אַזוי פאַר ספּעקטאָרס „הויז־פרײַנד"? פּריער־שפּעטער, אַ נפקא־מינה אַ ביסל!

— — —

אַן עוולה, וואָס איר האָט מיר ביז אַהער ניט געשריבן מכּוח יענעם פּאַרשוין — אַן עוולה!

געננוג שוין צו פּלאַפּלען — ניטאָ קיין צײַט.

אײַער ברודער שלום־עליכם

## 251. צום זעלבן

קיִעוו, 13טן—14טן סעפּטעמבער 1888

ברודער רבי קצין!

יאָ, ברוך מזכיר נשכּחות! איך האָב צו אײַך אַ גרויסע בקשה: תּיכּף־ומיד זאָלט איר מיר ענטפערן יאָ צי ניין, אויב ס'איז מעגלעך, דורך אַ דעפּעש:

קיִעוו, מאַלאָוואַסילקאָווסקאַיאַ 26, ראַבינאָוויטשו. דאַ. ראַוווניצקי.

אָדער:

קיִעוו, מאַלאָוואַסילקאָווסקאַיאַ 26, ראַבינאָוויטשו. ניעט. ראַוווניצקי.

ומה־שהיה כּך־יהיה:

אַזוי ווי די קריטיק ווערט אײַנגעטיילט אין צוויי חלקים: פּאָלאָזשיטעלנאַיאַ אי אָטריצאַטעלנאַיאַ, האָב איך די פּאָלאָזשיטעלנע אָפּגעגעבן אײַך, רבי קצין, און די אָטריצאַטעלנע דעם ביכערפרעסער. נו, האָט זיך געטראָפן אַזאַ מין אינצידענט: צווישן די צען שמאַטעס, וואָס בײַ ביכערפרעסערן, האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט צוויי גאַנץ היפּשע ביכעלעך פון י. טרובניק — איבערזעצט פון ק. פראַנצאָז און פון זאַחאַר מאַזאָה. און דאָס גלײַכן בײַ אײַך האָט זיך אויך געטראָפן אַזאַ מין סיבה: צווישן אַלע פּאָלאָזשיטעלנע ווערק האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אָסטראָווסקיס „מאַסקאַראַדן־באַל", וועלכער נאַרושאַיעט בײַ אײַך אין גאַנצן די האַרמאָניע. לכן האָב איך צוגעקלערט אַזאַ מיטל: איך וועל נעמען די רעצענזיע פון די גוטע צוויי ביכלעך בײַ ביכערפרעסערן און וועל זיי אַרײַנרוקן צו אײַך, און אײַער אָסטראָווסקין — צו ביכערפרעסערן, וועט דאָס אויסקומען אָגיל־ואשמח. פּאָלגט מיך, רבי קצין, איר וועט זיך ביידע ניט אָפּנאַרן. נישקשה, פּאָלגט מיך!

— — —

זײַט מסכּים אויפֿן חילוף — פֿאָלגט מיך. איר קענט מיך שוין אַ קאָפּ, קאָנט איר אויף מיר שטעלן. איז ס'איז דאָך, אמת, ניט קיין עפּל מיט קיין באַר אויף צו בײַטן זיך? זאָג איך אײַך ווידער אַ מאָל, אַז עס מאַכט ניט אויס כּלל וכלל. און וויסן וועט קיין פֿויגל ניט פֿון דעם! — זאָגט: יאָ!

איך וואַרט אויף אײַער אַנטוואָרט ביז פֿרײַטאָג פֿרי.

אײַער בעסטער שלום־עליכם

פּ.ס. — שרײַבט מיר, ווער איז בן־עמי און וואָס איז ער?

## 252. צום זעלבן

קיִעוו, 20סטן סעפּטעמבער 1888

ברודער רבי קצין!

גזירה היא מלפֿני — עס מוז געביטן ווערן — אַנדערש קאָן עס ניט זײַן!

איך זאָל האָבן אַזאַ יאָר, ווי איר זענט גערעכט: איך בין, אמת, אַ ביסל (און אפֿשר טאַקע אַ סך?) אַ הייסער — אָט אַזוי ווי בן־עמי. נו, אַ חסרון איז דאָס, אָבער ניט קיין גרויסער. גאָר אַ קאַלטע זאַך, קאַלט ווי אײַז, טויג אויך ניט. איך האָב פֿײַנט קאַלטע קברים; קאַלט וועלן מיר ניט פֿאַרשפּעטיקן זײַן נאָכן טויט; כּל־זמן דער מענטש לעבט, זאָל ער לעבן! — דאָך איז פֿרישמאַנס אַ פֿאַעמע אַ לאַ הײַנע געשריבן, און איך שווער, אַז פּרוג פֿאַרמאָגט ניט קיין האַלב פֿאָעזיע פֿון אים!

„דאָס בינטל בלומען" שיק איך אײַך. אײַער מיינונג וועט בײַ מיר זײַן טײַער, זייער טײַער.

— — —

אײַער רעצענזיע אויף צווייפֿעלס ביכל מיט דער קורצער ביאָגראַפֿיע (וועלכע זאָל זײַן בתּוך הרעצענזיע) האָט איר צײַט צו שרײַבן צען טאָג, הײַנו, איך דאַרף זי פֿון אײַך באַקומען לא יאוחר פֿון דעם 1טן אָקטאָבער. — גייט עס?

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 253. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 1טן אָקט[אָבער] 1888

ליבער ברודער דינעזאָן!

פֿון אײַער לעצטן בריוו זע איך אַרויס אין אײַך עפּעס אַ מין פֿאַרענדערונג, עפּעס זײַט איר מיר גאָר שטאַרק בייז געוואָרן. נאַר, ליבער ברודער, איך זע, איך פֿיל, אַז ס'איז אײַך אָנגעדאָסט אויפֿן האַרצן, און אַזאַ נפֿש ווי איר מיט אַזאַ ייִדישער נשמה מוז טראָגן תּמיד פֿרעמדע צרות און קרעכצן אויפֿן שווערן פּעקל, וואָס אונדזער בידנע פֿאָלק־ישׂראל טראָגט אויף זײַנע האַרבאַטע פּלייצעס שוין אַזוי פֿיל יאָרן... נאַר וווּהין בין איך פֿאַרקראָכן? — יאָ, איר קומט תּמיד אָפּ פֿאַר יענעם; איר, דינעזאָן, זײַט דאָס

כּפּרה־הינדל בײַ אונדז אין דער חברה. איך זאָג עס אַנטקעגן פֿרישמאַנען. למשל, פֿרישמאַן איז משוגע געוואָרן, ד"ה פּאָעטיש געוואָרן, און האָט מיר אָנגעשריבן זייער אַ מיאוס בריוול, אויף וועלכן איך האָב זיך אַ ביסל פֿאַרווונדערט, אַ קאָפּ באַליידיקט און סוף־כּל־סוף געמאַכט אַ ברכה: „געכײַ בודע טאַק" און אויסגעלאַכט זיך. פֿרישמאַן ווידער, פֿון זײַן זײַט, מיינט אַוודאי, אַז ער איז גערעכט און האָט גאַנץ קלוג געטאָן, מאַכנדיק מיך פֿאַרן „איש מלוה" און זיך פֿאַרן „עבד לוה", מיך פֿאַרן רײַכן באַלעגאָלע און זיך פֿאַרן איידעלן פֿאַרשוין אאַז"וו — אָבער ווער האָט יסורים, האַרצוויטיק? דינעזאָן!

באַרויִקט אײַך, געטרײַער פֿרײַנד, עס וועט קומען אַ צײַט, וועל איך אײַך אָפּדאַנקען פֿאַר אַלע אײַערע השתדלות און פֿאַר אײַער אמתן גוט־פֿרײַנדשאַפֿט, כאָטש איר האָט דאָך מיר געטאָן שלא על מנת לקבל בלאַגאָדאַרנאָסט...

גיט מיר אַן עצה, צי זאָל איך שרײַבן פֿרישמאַנען, צי סע זאָל שוין הייסן פֿון זײַן זײַט אַ ברוגז, וואָס ברוגז הייסט? וואָס איר וועט הייסן, וועל איך טאָן, איך פֿון מײַן זײַט בין אים מוחל במחילה גמורה. נאָר אפֿשר איז ער אויף מיר אין גרימצאָרן? אַ מאָדנער מענטש איז ער! איך וואָלט אַ בעלן זײַן אים קאָנען, טאַקע קאָנען!

איר האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען, ברודער! ניט דערפֿאַר רײַבט אײַך דער רעצענזענט, וואָס איר האָט געמימעלט אויפֿן זיידן רב מענדעלע; נאָר דערפֿאַר, וואָס אײַער גאַנץ אַרטיקל אין „ה"פּ" איז בכלל ניט געראָטן, נאָר בתוכם כאַפּט ער אײַך אויף דער וועגטקע מכּוח אַבראַמאָוויטשן אויך.

אײַער ידיעה וועגן דעם פֿאַרמישפּטן יעקב דעם משרת, איך מיין אָט יענעם „פֿונפֿאַפֿירשמאַטעמאַכער", איז עפּעס אויסגעקומען זייער ייִנגלש; איר גלײַכט אַ רעצענזיע אין מײַן „ביבליאָטעק" צו־ן־אַ פּאַטשקערײַ פֿון אַ האָלאָטניק אַ ראָמאַניסט, וואָס האַלט אַ גאַנצן בית־מרזח מיט עטלעכע בתי־זנונים פֿון „העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען". פּע, דינעזאָן, עס פּאַסט ניט צו־ן־אײַך אַזאַ פֿאַרגלײַכעניש. אַפֿילו די באַשטעלטע רעצענזיע אין „פּ"ב" אויף מײַן „רב סענדערן", וואָס איז געווייִנלעך מיר ניט שטאַרק לרצון, אַפֿילו אַזאַ רעצענזיע וועל איך ניט פֿאַרבײַטן אויף אַלע יענע ראָמאַנען מיט זײַנע אַלע „כריטיקעס", נאָר איך האַלט עס גאָר פֿאַר אַן אומכּבֿוד צו שמועסן מיט אײַך פֿון אַזאַ פּאַסקודנעם ענין...

איך האָב נאָך צו שמועסן מיט אײַך וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין און אַ ביסל זאָגן אײַך מוסר, כאָטש עס איז מיר ניט אַזוי אָנגענעם, נאָר איך מוז עס אײַך פֿירהאַלטן. ווײַסבערגס טאָכטער האָט זיך מיר געקלאָגט אויף אײַך, אַז איר ענטפֿערט איר ניט אויף אירע בריוו. מילא, וואָס איר שרײַבט ניט צו ווײַסבערגן — בין איך אײַך מוחל, זײַט איר אַ „דבר־אחר" און מער ניט, אָבער אַ דאַמע, אַ פֿרײַלין!!! ווי קומט דאָס צו אײַך, דינעזאָן? זיי זאָגן, אַז איר קערט זײַן אויף זיי ברוגז. איך האָב מיך אָפּגעקריגט פֿאַר אײַך, פֿאַרענטפֿערט, ווי ווײַט איך האָב געקאָנט; אָבער סוף־כּל־סוף איז דאָס זייער אָבידנע פֿאַר אַ מאַמזעל, וואָס שרײַבט און באַקומט ניט קיין ענטפֿער, ניט שיין, דינעזאָן, זייער ניט לײַטיש!

פֿאַר וואָס גיט איר מיר ניט קיין רעכטן, פּעיִקן און ערלעכן סוכן אויף מײַן „ביבליאָטעק"? עס איז שוין צײַט, אָט באַלד וועט איר באַקומען די מודעה רבה.

— — —

איר וועט אין דער „מודעה" באַגעגענען צווישן מײַנע 40 מיטאַרבעטערס איינעם אַזאַ מין נפש, אַז איר וועט אויפעפענען מויל און אויערן, נאָך דעם וועט איר זיך אָנכאַפּן מיט בײדע הענט פאַר די זײַטן און וועט אָוועקלאַכן אַ שעה זעקס, ביז עס וועט אײַך איבערגיין דער ערשטער שפּאַר, און נאָך דעם וועט איר זאָגן: וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט יענע נאַכט אאַז"וו, זאָל אויסגיין צו שלום־עליכמס קאָפּ און צו זײַן לײַב־און־לעבן! כאַ־כאַ־כאַ!

אַדיע! אײַער ברודער און געטרײַסטער פרײַנד

שלום־עליכם

אײַער „באַראָן ראָטשילד" פּאָרט צו אײַך דורך אַ פּאָסילקע.

P. S. אויב איר געפינט פאַר נייטיק, שיקט אָוועק דעם בריוו צו פרישמאַנען, און זאָל ער מיר לכל־הפּחות זאָגן, מיט וואָס האָב איך אים אַזוי צעבייזערט? איך געדענק די מעשׂה בקיצור: ער שרײַבט מיר, אַז אַזאַ ייִדן ווי איך קער אַוודאי „דער הזכּרת־נשמות" מער געפעלן אַלס דער „אופיר". געוויינלעך, האָב איך אים פאַר אַזאַ אָבידנע מיינונג ניט אָפּגעשוויגן און געזאָגט, ווי קומט דאָס, ער זאָל מיך האַלטן פאַר אַזאַ ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס אאַז"וו. דערויף ענטפערט ער מיר, אַז איך האָב אַ זכרון, ווי אַ ייִד, וואָס... פע, איך קאָן עס פאַר מײַן מויל מער ניט ברענגען, און נאָך אַזעלכע זילזולים מיט הורים, מיט מורים... פאַר וואָס? — און מיט אַ הבטחה, אַז מער וועט ער שוין אין „ביבליאָטעק" ניט שרײַבן און וועט שוין קיין עבד לווה ניט זײַן, אאַז"וו. זײַט איר, דינענזאָן, דער דיין צווישן אונדז און שאלהט אונדז די פּסקה.

## 254. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 4טן אָקטאָבער 1888

ברודער רבי קצין לעב!

ערשטנס, וואָס איז פאַר אַ תנועה פון אַ מלמד שרײַבן בריוולעך אָן אַ דאַטום? איר דאַרפט וויסן זײַן, אַז אײַ ע ר ע בריוו און אַלע לײַטישע ליטעראַרישע בריוו ליגן בײַ מיר צונויפגעבונדן אין באַזונדערע פּעקלעך פּאַ־פּאַריאַדקו.

צווייטנס, שיק איך אײַך די אינסטרוקציעס וועגן דעם ווערק, וואָס איך וויל אײַך צושיקן אויף אָפּצודרוקן אין אָדעס. האַלט אָט דאָס בריוול בײַ זיך אין קעשענע, בכדי איר זאָלט קאָנען אָפּט אַרײַנקוקן אין דעם, בשעת איר וועט דאַרפן אַ קוק טאָן, ווי אַזוי און וואָס, בײַם דרוקן.

1. דאָס ווערקל הייסט „סטעמפּעניו", אַ י י ד י ש ע ר ראָמאַן. ער גייט צום לעצט פון דער „ביבליאָטעק" מיט אַ באַזונדערער נומעראַציע, הגם אין דער „מודעה" שטייט ער בײַ מיר אינעם ערשטן אָטדיעל.

2. די מאָס פון די אותיות מיט דער פּריבליזיטעלנאַיאַ פאָרמאַ קאָנט איר זיך משער זײַן פון דעם בלעטל, וואָס איך שיק אײַך דאָ, פון מײַן „ביבליאָטהעק" פון דער באַרדיטשעווער דרוק.

3. די נומעראַציע זאָל זיך אָנהייבן 1, 2, 3, אאַז"וו.

4. אָרנאַמענטן, דאָס הייסט קאַנטן, זאָלן זײַן נעפּרעמעננאַ, לויט דאָס האַלבע בלעטל, וואָס איך שיק אײַך דאָ, פון לינעצקיס היסטאָריע, וואָס איז געדרוקט בײַ שולצן (מסתמא וועט איר אויך דרוקן בײַ שולצן? דאָס איז דאָך די בעסטע טיפּאָגראַפיע בײַ אײַך).

5. פון דער רעכטער האַנט אויבן אויף יעדן בלעטל זאָל שטיין צוויי ווערטער, און פון דער לינקער האַנט אויבן אויף דער צווייטער זײַט — אויך צוויי ווערטער, כּזה (אויף אַלע בלעטלעך):

2 סטעמפּעניו, ראָמאַן פון שלום־עליכם 3

— — —

6. [אויף] דעם שער פּאַסט אַפילו ניט אַרויסצושטעלן: אַדעס, דרוק שולצע — — — לכן ווייס איך ניט, ווי אַזוי וואָס צו טאָן.

7. זעט איר, אויף די אַטטיסקן, וואָס איך קלער צו מאַכן באַזונדער — דאָרט מוז מען שוין אַרויסשטעלן אַלע שאַלעמייזן.

8. אַטטיסקן וויל איך מאַכן 1,000; רק, אויב דער מאַנוסקריפּט וועט אײַך געפעלן, דאָס הייסט, אויב דער ראָמאַן גופא וועט אײַך געפעלן (אויף אײַער געשמאַק פאַרלאָז איך מיך), וועל איך דרוקן 2,000 אַטטיסקן.

9. יעדער בויגן, וואָס ווערט פאַרטיק, למען־השם, צושיקן מיר — אויף אַנצוקוקן, נישט אויף צו קאָרעקטירן, מחמת דאָס איז אוממעגלעך אַפילו פון באַרדיטשעוו, אחוץ פרישמאַן, פּרץ און נאָך געציילטע, וועלכע איך האָב געמוזט אַליין קאָרעקטירן: ווײַטער האַלט איך דאָרט אַ קאָרעקטאָר.

10. דער קאָרעקטאָר זאָלט איר זײַן, און ניט קיין אַנדערער.

11. אַכטונג געבן אויף דער אָרטאָגראַפיע און אויף די זנאַקי פּרעפּינאַניאַ.

12. איך גיב אײַך רשות גאַנצע ווערטער אויסבעסערן, אַרויסוואַרפן, צושטעלן, נאָר בתנאי, אַז איר זאָלט יעדער וואָרט פאַרצייכענען אויף אַ באַזונדער פּאַפּיר און מיר תיכּף מודיע זײַן וועגן דעם.

13. אויב איר וועט געפינען אַ גאַנצע שטיק אַז מען דאַרף אַרויסוואַרפן, אָדער איבער אַ נײַעס צושטעלן, זאָלט איר מיר צײַטלעך שרײַבן, בכדי מיר זאָלן קאָנען דעם חסרון להמנות.

14. איך גיב אײַך רשות באַשטעלן דאָס דרוקן, און אַלע הוצאות, וואָס איר וועט אָנווײַזן, נעם איך אָן בלא שום טו״מ וד״ר כלל. (הוצאות הפּאָסט, איזוואָשטשיקעס, דעפּעשן וכו׳ וכו׳ — עלי ועל צוארי).

15. קודם־כּל איבערלעזן דעם מאַנוסקריפּט און באַלד זאָגן מיר אײַער מיינונג.

16. דאָס וואָס ס׳איז מעגלעך און ס׳איז דאָ צײַט — וועל איך זיך ניט פוילן איבערמאַכן; אָבער אויב דאָס גאַנצע ווערק איז ניט געראָטן — דאָס איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. נישקשה, דעם „עולם" וועט דאָס געפעלן. אמת, ס׳איז דאָ פיל בעסערס פון דעם; עס איז אָבער אויך דאָ אַ סך מער ערגערס פון „סטעמפּעניון".

17. פּאַפּיר וועל איך אײַך אין גיכן צושיקן. לערך ביז 40 סטאָפּ, אויב אויף 5,000 עקזעמפּלאַרן. און אויב נאָר אויף 3,200 עקז׳ (אַזוי פיל דרוק איך די „ביבליאָטעק"), וועל איך אײַך צושיקן נאָר 25 סטאָפּ.

18. איך רעכן, עס וועט זײַן אַכט בויגן־דרוק, און אַזוי ווי פון אַ בויגן פּאַפּיר קומט

אויס 32 זײַטלעך, דאָס הייסט צוויי דרוקבויגנס, הייסט דאָס אַ ביכל פאַרנעמט פיר פּאַפּיר־בויגנס, 5,000 ביכלעך איז 20,000 בויגנס. אַ סטאָפּ האַלט 500 בויגנס: אויב איר קאָנט חילוק, נעמט און טוט אַ רעכן.

דאָס האָט איר אײַך לעת־עתּה די ערשטע אינסטרוקציע. שפּעטער וועלן מיר נאָך שמועסן מכּוח דעם.

אחיך שלום־עליכם

## 255. צום זעלבן

קיִעוו, 7טן אָקטאָבער 1888

ברודער רבי קצין!

איך האָב אײַך שוין געשריבן, אַז די דרוק פון וואַרשעווער געפעלט מיר זײַער. זאָגט אים, אַז איך בין אַ יאַר־קונה, אַ גוטער זאַקאַשטשיק, וואָס מע קאָן בײַ מיר פאַרדינען אַ קערבל; לכן לאָז ער זיך מיט מיר דורכשרײַבן און סטאַרען זיך, אַז „סטעמפּעניו" זאָל אַרויס קונציק — וועט זײַן רעכט. לאָז ער פאַרשעמען די באַרדיטשעווער דרוק.

איך שיק אײַך אַ קוויטאַנציע על 30 סטאָפּ פּאַפּיר. למען־השם, די מאָס פונעם זאַץ זאָל זײַן פונקט ווי דאָס בוך „ביבליאָטהעק", דען עס זאָל צום אַרומשנײַדן ניט אַרויס קיין טשעפּוכאַ. דאָס מאַנוסקריפּטל איז אין דער רעכטער אַרבעט. אײַ־ווײ, עס ציטערט מיר דאָס לײַב, טאָמער וועט דאָס אײַך חס־ושלום ניט געפעלן, און אײַך האַלט איך פאַרן גרעסטן מבין צווישן די יונגע מבינים (דער גרעסטער מבין איבער אַלע מבינים איז נאָר דער זיידע אַליין). דען אַלע אַנדערע יונגע מבינים געפעלט אָט דאָס, וואָס אײַך געפעלט ניט; און פאַרקערט: וואָס אײַך געפעלט ניט — געפעלט זיי יאָ. לייענט זשע מיט קאָפּ און פאַרצייכנט אויף אַ באַזונדער בויגן פּאַפּיר בשעת לייענען אַ ל ע אײַערע געדאַנקען מיט אַלע מעלות און מיט אַלע חסרונות, נאָר איבער הויפּט ד י ח ס ר ו נ ו ת. איך דאַרף די מעלות צוליב איין ענין, און די חסרונות דאַרף איך צוליב אַ סך ענינים. זײַט מיר געזונט און שרײַבט מיר, צי דאַרפט איר שוין געלט?

אײַער שלום־עליכם

## 256. צום זעלבן

קיִעוו, 12טן אָקטאָבער 1888

ידידי רבי קצין!

איך שרײַב אײַך פ אַ ר דער פּאָסט.

מײַן „סטעמפּעניו" איז בײַם צענזאָר; אם־ירצה־השם, פרײַטאָג גייט ער אַרויס פון קיִעוו און טוט זײַנע טריט קיין אַדעס צו־נ־אײַך.

מסתּמא האָט דאָך וואַרשעווער דימענט־אותיות מיט נקודות? די אותיות דאַרף

איך צוליב די לידלעך מיט די בריוולעך, וואָס געפינען זיך אינעם ראָמאַן, און צוליב דער הקדמה, וואָס איך טראַכט צו שרײַבן און ערשט נאָך דעם צושיקן אײַך. יאָ, מכּוח דער הקדמה. איך גופא האָב פײַנט הקדמות, און אין אַלע מײַנע צוועלף ביכלעך געפינט איר נישט קיין איינציקע הקדמה. נאָר דאָ, בײַ סטעמפּעניון, גיב איך — נישט קיין הקדמה ממש — אָן אַרט בריוול צו דעם, וועלכן איך ווידמע דאָס גאַנצע ווערק. דאָס בריוול דאַרף וואַרפן אַ קוק אויפן בוך און דערקלערן די זאַך, פאַר וואָס הייסט דער ראָמאַן אַ יידישער ראָמאַן. נאָר איך וועל אײַך דאָס בריוול צושיקן ערשט דענסטמאָל, ווען איך וועל באַקומען פון אײַך אײַער מיינונג, אויב סטעמפּעניו האָט עפּעס אַ ווערט; וואָרעם באם לאו, ווען סטעמפּעניו איז נישט געראָטן — צו וואָס טויגן נאָך די בריוולעך מיט די הקדמות? — בכלל האָב איך אײַך פירגעגעבן אַ שיין שטיקל אַרבעט: איר וועט זיך, מחילה, מוזן פאַרשליסן מיט מײַן סטעמפּעניון בסוד־סודות און דאַרט זיך מיט אים גוט דורכשמועסן און אויסטאַפּן בײַ אים וווערטער מיט אינעווייניקסטע מחשבותן...

געלט וועל איך אײַך צושיקן על־ידי אָנווײַזונג מאָה רו״כ קודם־כּל, בכדי די אַרבעט זאָל בײַ וואַרשעווערן גיין געשמאַקער, אַז איר וועט אים אונטערשמירן מיט אַ קערבל — מחמת אַ ייִד האָט ליב זעען זיך מיט אַ קערבל.

גרייט זיך צו, זײַט אײַך מכין צום עסק: פאַרשליסט טיר און טויער, מאַכט צו די לאָדן, טרײַבט אַרויס אַלע פרעמדע מענטשן פון שטוב, צינדט אײַך אָן אַ לאָמפּ און נעמט זיך צו סטעמפּעניון.

אײַער בעסטער שלום־עליכם

פּ.ס. — מיר איז נישט געראָטן איבערצוקוקן דעם איבערגעשריבענעם סטעמפּעניו, לכן איז דאָרטן פאַראַן גרײַזן לרוב; גם ערטערווײַז גאַנצע פראַזעס נישט גאָר ייִדיש און פעלערן פאַרשיידענע; דאָס אַלץ לייג איך אַרויף אויף אײַך. געדענקט נאָר, אַז סטעמפּעניו איז בטבע אַ ייִדישער ראָמאַן, לכן טערפּעט ער נישט קיין גערמאַניזמען מיט קיין רוסיציזמען — דער הויפּט איז נאָר ייִדיש. גם פאַרגעסט ניט אַכטונג געבן אויף די זנאַקי פּרעפּינאַניאַ, דען אין אײַערע אַרטיקלען האָב איך געזען, אַז איר זענט לחלוטין נישט מקפּיד אויף אַ זאַפּיאַטאַיאַ, היינו, אַז פאַר אַן „אַז", „וואָס", „וועלכער", „ווי" אד״גל געפין איך בײַ אײַך אָפטלעך קיין שום זאַפּיאַטאַיאַ — און איך בין דערויף אַ גרויסער איבערקלײַבער.

הנ״ל

## 257. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 16טן אָקט[אָבער] 1888

ליבסטער און טרײַסטער דינענזאָן!

מיר האָבן זיך פאַרביטן מיט די יוצרות: הײַנט שרײַבט איר פריילעכע בריוולעך און איך ווײנענדיקע. אָבער טאַקע קלאָגלידער. אַ גרויסער אומגליק האָט געטראָפן

אונדזער הויז: איינע פון מײַנע גוטע, טײַערע שוועסטערלעך, אָדער פּלימעניצעס, פון די וואָס איר האָט פּילײַכט געזען, בלײַענדע ווי די רויזן, — איז איינע פון זיי (אָט די האָב איך געשדכנט פרישמאַנען פאַר אַ כּלה, ס׳פאַרשטייט זיך אויף צו קלאָמערשט...) פאַרשלאָפט געוואָרן אויף אַ גיכער שלאָפקייט, און מײַן פרוי איז מיט איר קיין יאַלטע אַוועקגעפאָרן און מע זאָגט, אַז זי איז געפערלעך טאַקע מפרפרת בין החיים ובין המוות און מוטשעט זיך נעבעך און מוטשעט מײַן פרוי און אונדז אַלעמען, און איך מוז תּחילת נאָוועמבער אַ ל ע ס אַוועקוואַרפן און אויך פאָרן קיין יאַלטע, איך קאָן אײַך אַזוי פיל ניט אַרויסשרײַבן, ווי דער אומגליק איז גרויס; שטעלט אײַך פאָר, אַז אייניקע טעג פריִער, איידער זי איז שלאָף געוואָרן, איז זי אַ כּלה געוואָרן פאַר זייער אַ פײַנעם סטודענט מעדיק מיט 25 ט. רובל נדן און מיט גרויס כּבוד — און אַצינד איז דער חתן „אַ חתן דמים״ און מיר דאַרפן דאָס צוזען און טראָגן אַזעלכע אוממענטשלעכע שמערצן, וואָס זענען נישט מעגלעך צום באַשרײַבן. איין גאָט זאָל אונדז כּוח געבן דאָס איבער־צוטראָגן.

היוצא לנו מזה — אין נאָוועמבער בין איך גיכער אַ יאַלטער ייִד, אַלס אַ קיִעווער אָדון; די גאַנצע רעדאַקציע פון דער ביבליאָטעק האָב איך איבערגעגעבן אַ מענטשן. (יאַמפּאָלסקין, ווען מען דען?) איך וועל אײַך נאָך שרײַבן. שרײַבט מיר אויך, גוואַלד! איך בין אויסגעשטעלט. וואָס טוט מען? —

ביז ווי לאַנג נאָך וועט אָט דער קטונער אַרומגיין מיט ליגנס? אויב ער וועט גאָר דערציילן אַזאַ משוגעת, אַז מע גיט פרוגן אלף רו״כ פאַר אַ פּאָעמע — איז ער דאָך נאָך מער פּיי צדיק, ווי ער איז באמת; נאָר איך פאַרשטיי זײַן כּוונה; איך גיב אים תּומ״י 1000 פײַגן און לאָז ער געטרייסט ווערן!

ווי אַרום קומט צו אים זאַמאָשטשינס אַ שטיקל? איך בעט אײַך שרײַבט דאָס מיר; איך דאַרף עס וויסן!

פרישמאַנען האָב איך געענטפערט אויף זײַן בריוו און איך בין שוין מער אויף אים נישט ברוגז.

די אידעע וועגן דעם פ״ב אָפּקויפן בײַ לעווין איז אַ פאַלשע מחשבה, נאָך ערגער ווי אַ פּאָטאַ מאַרגאַנאַ; בכלל גייען ליגנס אויפן ליטעראַרישן מאַרק ווי האָלץ; לעווי וועט אַפילו פאַר 20/ט. רו״כ דעם פ״ב נישט פאַרקויפן — זײַט זיכער; אַצינד פאַר קיין געלט ניט!

ידידך אחיך הכּותב בחפזון ובמר נפש

שלום־עליכם

P. S. פרישמאַנען מײַן הערצלעכן גרוס. ווו איז ער — אין לאָדזש צי במחנכם? אַוודאי איז בײַ מיר אָנגעלייגט א יִע ר סוכנות! איך וועל מיט אײַך שמועסן וועגן דעם אי מביתי אי מדרכּי אי מעיר יאַלטע גאַנץ באריכות.

הנ״ל

P. S. S. וועגן דעם פ״ב בײַ לעווין האָט מען מיר געזאָגט ליגן געשריבן פון אַדעס אויך, יאַקבי ער וויל צוויי טויזנט רובל(!?)

## 258. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 20סטן אָקטאָבער 1888

מיַין ליבסטער רבי קצין!

איך האָב ניט־אומזיסט אויסגעקליבן איַיך פאַר מיַין אופּראַוווליאַיעשטשע איבער „סטעמפּעניון": איר זענט אַ גרויסער נישטער, אַ טיפער גריבלער, אַ שרעקלעכער קריכער. אם־ירצה־השם, אַז גאָט וועט העלפן, צו דער צווייטער „ביבליאָטהעק", וועלכע איך וועל דרוקן, בלי נדר, אין אָדעס, וועט איר ביַי מיר זיַין פאָלנע אופּראַוווליאַיעשטשע. נאָר דאָס איז בנוגע די פרעמדע ווערק; נאָר מיַינע אייגענע וועל איך ניט אַרויסלאָזן צום דרוקן ביז עס וועט ניט דורכגיין דורך איַיערע קריטישע פינגער.

איך האָב איַיער בריוול מכּוח די צוויי דריטל „סטעמפּעניו" דורכגעקוקט און האָב נישט געפונען קיין עוולה פון איַיך צו טעלעגראַפירן, ווי איר שריַיבט מיר. דאָס איז אַלץ דקדוקי עניות, וואָס צו אַמפּערן זיך פאַר אַ וואָרט איז נישט כּדאַי; פאַרקערט, אַן איבעריק וואָרט וואַרפט אַרויס, אַזוי ווי איך האָב איַיך שוין לאַנג געבעטן. נאָר וואָס וועט זיַין מיט גאַנצע שטיקער, מיט גאַנצע געדאַנקען? דערויף מוזט איר קודם־כּל אַראָפּכאַפּן אויף פּאַפּירביידע טעקסטן, דאָס הייסט, מיַין טעקסט און איַיער אויסגעבעסערטן טעקסט. למשל, אָט איז די פאָרעם:

| שלום־עליכם: | רבי קצין: |
|---|---|
| לאָזן פלוצעם אַ וואַסער אָדער אויפּ־הענגען. | געלאָזט פלוצעם אַ וואַסער, אויפּ־געהאָנגען. |
| גייען מיר אויף בילעטן. | לויפן מיר אויף בילעטן. |

און איך וועל איַיך אָנצייכענען אויף יעדער אויסבעסערונג מיט רויטן טינט נאָך מיַין השגה.

דאָס וואָרט יודעש אינעם פּראָספּעקט איז אַ דרוקפעלער; אין דער „ביבליאָטהעק" גופא שטייט יודישע.

זאָגט וואַרשעווערן, אַז אויב ער וויל זיַין מיַין דרוקער, זאָל ער אָפּהיטן די דאָזיקע כּללים:

1. דרוקן נאָך מיַין גוסט, ניט ווי אים געפעלט.

2. אַ בלעטל, אַ שורה פון מיַינע ווערק, איידער עס גייט אַרויס דאָס בוך, זאָל זיַין הייליק, און קיין שום בן־אָדם זאָל זיך ניט אַרומטראָגן מיט מיַינע בלעטלעך, איידער דאָס גאַנצע ווערק גייט אַרויס אויף דער וועלט.

3. לכן זאָל ער אַליין זיַין געהיט פון צו זאָגן עמעצן, אָדער באַוויַיזן, אָדער אַריַינלאָזן אַ פרעמדן כאַפּן אַ קוק.

4. ער זאָל פאַרזאָגן די בחורים די זעצערס, אַז זיי זאָלן זיך מיט מיַינע בלעטלעך נישט דערוועגן אַרומטראָגן.

וויפל איך האָב ניט אָנגעזאָגט אין באַרדיטשעוו — צום סוף שריַיבט מען מיר פון וואַרשאַ, אַז — — — טראָגט זיך אַרום מיט מיַינע קאָרעקטן. די באַרדיטשעווער דרוק האָט זיך נישט געגאַרט פון מיר, נישקשה; איך, אַז איך ווער אין גרימצאָרן — זאָל גאָט

שומר־ומציל זײַן! דעמאָלט ווינטשט מען זיך דעם טויט! האָט דאָס אין זינען, רבי קצין, עס וועט אײַך אַ מאָל צו נוץ קומען. —

אַ שאָד, וואָס איר האָט ניט אָנגעזאָגט, מע זאָל ניט וויסן, ווען איך ווידמע דאָס בוך. זײַט נישט צעטראָגן און היט אײַך די ביינער! ענטפערט מיר, צי זאָל איך שרײַבן אַ הקדמה, צי ניין? די הקדמה, וואָס איך וויל שרײַבן, איז ניט גלאַט אַ הקדמה פון אַ גאַנץ יאָר; דאָס פאַרשטייט איר שוין אַליין. זײַט געזונט און לאָז אײַך גאָט געבן ליכטיקע אויגן מיט אַ ליכטיקן פאַרשטאַנד.

אײַער שלום־עליכם

## 259. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 20סטן אָקטאָבער 1888

ליבער אמתער פרײַנד דינעזאָן!

נעמט אָט דאָס בריוול און גייט, זײַט מוחל, מיט דעם אַריבער צו ספּעקטאָרן און צו זײַן הויזגעזינד, און דאָרטן לייענט דאָס דורך בקול־רם, און זײַט מודיע, אַז כּפי איך האָב [בין] שוין מיט מײַן ערשטער „ביבליאָטעק" אויף אַ לאָד און זי וועט דאָך אין גיכן אַרויס — און אַזוי ווי איך בין אַ ביסל מיד, מחמת איך האָב מיך גענוג אָנגעמאַרדעוועט אַרום איר, און אַזוי ווי איך בין דאָך אַ בן־אָדם, לכן מוז איך מיך אַ ביסל אָפּרוען נאָך אַזאַ שוויצבאָד. על־כּן זאָלט איר זאָגן ספּעקטאָרן, אום צו דערווייזן אים, אַז איך בין ניט זײַן זײַן קאָנקורענט און ניט קיין שׂונא, ווי מע האָט מיר איבערגעגעבן פון זײַנט וועגן, וועל איך מיך אַצינד אָפּגעבן אַ ביסל מיט זײַן צווייטן „הויזפרײַנד". דהײַנו: חוץ, וואָס כ׳וועל אים מײַן אייגענע אַרבעט צושיקן, וועל איך זען צוציִען צו אים אַלע מײַנע ליבע פרײַנד, בײַ וועלכע איך האָב פאַרדינט אַ שטיקל נאָמען. מײַן אַרבעט וועל איך אים שיקן גראַטיס, דאָס הייסט חינם, אין כּסף, און בכדי אים ניט צו באַליידיקן דערמיט, וועל איך בײַ אים דערפאַר פאָדערן צו מײַן צווייטער „ביבליאָטעק" אויך מתּנות פּרי עטו, דען איר ווייסט, אַז שלום צו מחלוקת געהער זיך ניט אָן, און איך וויס, ווי צו שעצן זײַן טאַלאַנט. דעם צוועק פון מײַן „ביבליאָטעק" וועט איר אַרויסזען נאָכדעם; עס איז ניט ווי פרידבערג האָט מיר געשריבן, אַז איך קאָן זיך גאָר מיט כּבוד ניט אָנעסן לשׂובע; איך בין אײַך מוחל דעם גאַנצן כּבוד, איר מעגט דאָס מיר גלייבן; אַ גוי זאָגט אַ גלײַך וואָרט: Покуда солнце взойдет, роса глаза выест. ביז איך וועל אַ מאָל הערן פון אַן אמתן פרײַנד אַ גוט וואָרעם וואָרט פאַר מײַן „ביבליאָ־טעק", וועל איך הונדערט מאָל געזידלט און באַליידיקט ווערן פון די פאַלשע פרײַנד, נישקשה, איך קאָן אַ ביסל אַ ייִדן, זײַט זיכער. דער צוועק איז בײַ מיר דאָך הייליק, און ניט נאָר מײַן מי פאַרלירן, נאָר אויך איין יחיד אַ רעה זאָל דערפון אַרויסקומען, אַפילו מײַן לײַבלעכן ברודער, קימערט דאָס מיך ניט, כאָטש בטבע בין איך ניט אַזאַ גזלן, נאָר ווילן ווילט זיך מיר פאַרט ניט יענעם קאַליע מאַכן, קאַליע מאַכן בדברים הנוגעים להקע־שענע, לכן וויל איך פאַרריכטן, אויב איך האָב קאַליע געמאַכט, מיט וואָס זשע קאָן איך פאַרריכטן? מיט מײַן גוטן רצון, מיט מײַן אָרעמער פעדער, מיט מײַן באַקאַנטשאַפט אומעטום; פון מײַן זײַט וועל איך צולייגן כּל הסטאַראַטעלסטוועס, אַז איך זאָל זײַן

ניצלעך דעם „הויזפרײַנד", דען ער איז דאָך דער עלטערער ברודער פון מײַן „ביבליאָטעק", און דאָרט, ווו מע שמועסט וועגן זשאַרגאָן, ווייסט איר דאָך מײַן משוגעת.

נאָר בכדי ספּעקטאָר זאָל ניט מײנען (אַ שונא טראַכט באַלד איבער), אַז איך טו דאָס צוליב עפּעס אַ זאַך, צוליב אַ טובה, עפּעס אַרויסציִען, אַרויסנאַרן פון אים — בכדי ער זאָל אַזעלכס ניט איבערקלערן, וויל איך ניט און פאַרלאַנג ניט פון אים די צוגעזאָגטע 2000 אַדרעסן, בכדי ער זאָל ניט זאָגן „אני העשרתי את אברם" און אַז עס קומט צו עפּעס, קומט מען זיך קלאַניען... על־כן וויל איך דאָס ניט. אַז ער וועט יאָ חשק האָבן מיר אָפּצוטאָן דערפאַר אַ טובה, איז נאָר ווי אַן אמתער גוטער־פרײַנד — מיט דער פּען. די פּען דאָס איז אונדזער רײַכטום, און דאָ ווייסט מען ניט פון קיין פּערווע גילדיע און וטאָרע גילדיע; הלא אַנשים אַחים אַנחנו! דאָס האָט רעכט צו זאָגן יעדער ליטעראַט.

נאָך אום צו באַווײַזן (אַ שונא גלייבט ניט אויפן וואָרט) ספּעקטאָרן, אַז איך מיין דאָ, חלילה, קיין חכמות, גיב איך אים רשות אין זײַנע מודעות בפירוש אַרויסשרײַבן מײַן נאָמען, אַלס מיטאַרבעטער אין זײַן צווייטן „הויזפרײַנד", און אַז איך וועל מיך אַ ביסל אויסרוען די ביינער און אַרומקוקן זיך, ווו איך בין אין דער וועלט, וועל איך אים צייכענען דעם נאָמען פון מײַן ראָמאַן, וואָס ליגט בײַ מיר אין די וויקעלעך אַצינד, און פון אַלע מײַנע אַנדערע נאָך גרינע ווערקע.

נאָך אום צו באַווײַזן (אַ שונא איז אַלץ קאַרג!), אַז איך בין ניט זײַן קאָנקורענט און לאָזן די פּאַרכעס וויסן, אַז שלום־עליכם טוט ניט אויף קיין ליטעראַרישן עסק צוליב געלט, צוליב כּבוד, צוליב אַ שונא אָדער צוליב אַנדערע נידעריקע חפציות פון קליינע מענטשעלעך — אום צו באַווײַזן דאָס אַלץ, וועל איך, חוץ מײַנע אויבן־דערמאָנטע הבטחות, אויפנעמען אין מײַן „ביבליאָטעק" אַ מודעה פון ספּעקטאָרן וועגן זײַן „הויז־פרײַנד". גוואַלד, ווען וועט שוין קומען די צײַט, וואָס מענטשן וועלן פאַרשטיין, אַז דער, וואָס איז באמת פאַרגלייבט אין אַן אידעע (זי מעג זײַן אַ משוגעת), פאַרמאַכט ער די אויגן, פאַרשטעלט די אויערן און וויל ניט זען און וויל ניט הערן, וואָס זאָגט ד ע ר, וואָס זאָגט י ע נ ע ר? ער טוט זיך זײַן זאַך ערנסט; אײַ, גייענדיק אַהין פאַרטשעפּעט ער דעם פאַרן קנעפּל, יענעם רירט ער אָן אין אַן אַרבל, דעם דריטן טרעט ער אָן אויף אַ מאַזאָל, דעם פערטן טוט ער אַ רוק מיטן עלנבויגן און איז אַ מאָל אויך גורם היזק אומגערן — וואָס זשע קאָן ער טאָן? ער גייט זיך זײַן גאַנג לבטח, זיכערלעך... און אַז ער קוקט זיך אַרום און זעט די שאָדנס, וואָס ער טוט אָן, רײַסט אים אַוודאי דאָס האַרץ, אויב ער האָט אַ האַרץ, און וויל מסכּן זײַן, אויב יענער פאַרלאַנגט דאָס פון אים... און פרידבערגן זאָגט, וואָס איז מיט אים דער מער? וואָס איז ער ברוגז? זאָגט זיי אַלע, לאָזן זיי זיך אויפהערן צו בלאָזן, ווי חתנס צד, און זיי מעגן מיר, זייער שׂונא, מער גלייבן, אַלס זייערע יענע גוטע ליבע פרײַנד, וואָס שושקען זיי אין די אויערן אַרײַן שקרים וכזבים מיט 1000ער פּאַר פּאָעמעס און נאָך אַזעלכע שטותים לרוב; פאַרגעסט ניט, אַז די גאַס, דער מאַרק האָט ליב צו קוקן, ווי מענטשן רײַסן זיך, ווי די קעץ, און בײַסן זיך, ווי די הינט, און אַז די הינט האָבן ניט קיין חשק צו הריזשען זיך, געפינט זיך אַ קונדס מיט אַ שטעקל, אַ ליידיקגייער אָדער גלאַט אַ פּאַרך און רייצט אַזוי לאַנג קסי־קסי־קסי, ביז סע ווערט צווישן די הינט פריילעך און פונעם מאַרק ווערט אַ גאַנצער יאַריד: „שלום־עליכם... ספּעקטאָר... ביבליאָטעק... הויזפרײַנד... צוויי הויזפרײַנדן... גוט געזאָגט... אַ ממזר... אײַ־אײַ רײַסט ער אים... געשריבן... געזאָגט... זאָגט ער... זאָגט ער!..."

לייענט איבער נאָך אַ מאָל דאָס בריוול, און אויב זיי פילן, אַז מײַנע ווערטער גייען גלײַך פונעם האַרצן, וועלן זיי געוויס אַרײַנקומען צו זיי אין האַרצן, און אויב, חלילה וחלילה, נישט — בין איך ניט שולדיק, און זײַט געזונט. גריסט זיי אַלעמען גאָר פרײַנדלעך. טאַקע פרײַנדלעך און באמת ובתמים, ווי פרײַנדלעך באמת ובתמים איך בין צו אײַך, אײַערער

שלום־עליכם

## 260. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 22סטן אָקטאָבער 1888

ידידי רבי קצין!

אײַער בריוו פונעם 20סטן אָקטאָבער האָב איך נאָר וואָס מקבל געווען.

איך האָב אײַך פריִער געזאָגט, אַז אויף אײַערע אויסבעסערונגען בין איך הינטער די אויגן אויך מסכּים; נאָר איך האָב אײַך געבעטן, איר זאָלט אויסשטעלן אויף אַ באַזונדער פּאַפּיר מײַן טעקסט מיט אײַער טעקסט און צושיקן מיר — וועל איך שוין באַשטעטיקן אײַערע אויסבעסערונגען, כּדת־וכּדין.

— — —

אין אײַער קליינעם איבערבליק האָט איר דורכגעלאָזט אַ פֿאַרשוין, וואָס זי פֿאַרנעמט בײַ מיר אַן אָרט: איך מיין פריידלען מיין איך. דען אין „סטעמפּעניון" געפינען זיך דרײַ כאַראַקטערן, אָדער צוויי כאַראַקטערן מיט איין טיפּ: סטעמפּעניו מיט רחלען זענען כאַראַקטערן, און פריידל איז אַ טיפּ פון אַ ייִדישער שאַכערקע, אַ באַרדיטשעווער מאַכליאַרקע פּאָ פּריראָדיע, פּאָ וונוטרענניעמו סקלאַדו, פּאָ פּריזוואַניו. קלאָמפּערשט שפּילט זי דאָרט בײַ מיר אַ צווייטע ראָלע, נאָר געמיינט האָב איך זי זייער און זייער! פריידל איז אַ טיפּ, מחמת אַזעלכע ייִדישע ווײַבלעך איז דאָ אַ סך בײַ אונדז! סטעמפּעניו איז אָבער נאָר איינער געווען בײַ אונדז, דערום איז ער אַ כאַראַקטער, און מע דאַרף אים באַטראַכטן ווי אַ כאַראַקטער, דאָס הייסט, ווי אַ יוצא־מן־הכּלל. אויך רחלע, די ערלעכע נשמה, וועלכער איך האָב אָוועקגעשענקט אַלע מײַנע סימפּאַטיעס, איז אַ כאַראַקטער; נישט פיל איז דאָ אַזעלכע ווײַבלעך; דאָס הייסט, ערלעכע דריפּקעס מיט קרבן־מינחהס, פּאָזשאַלוי, וועט איר געפינען, אָבער אַזעלכע ווײַבלעך מיט אַזעלכע געפילן, מיט אַזעלכע פּאָעטישע נייגונגען און מיט אַזאַ ליבלעך האַרץ און מיט אַזאַ פרומקייט, אמת ייִדיש פרומקייט, — איז נישטאָ קיין סך. דערום דאַרף מען זי באַטראַכטן ווי אַ כאַראַקטער, היוצא־מן־הכּלל.

חיה־עטל (למאַי רופט איר זי חיה־יענטע? משוגענער רבי קצין! איר זענט שוין צעדולט געוואָרן?) חיה־עטל — האָט איר זיך גוט אַרײַנגעקוקט צו חיה־עטלען אין האַרצן אַרײַן? האָט איר כאָטש באַמערקט, אַז איבער איר קורצער ביאָגראַפיע איז שוין כּדאַי אַ באַזונדערן ראָמאַן צו שרײַבן? חיה־עטל איז בײַ מיר, ווי אַ רעמל אין אַ רעמל, אַ בילד אין אַ בילד, פּאַססאַזש וו פּאַססאַזשע, און אַז גאָט וועט שענקען יאָרן, וועל איך זיך מיט איר אַ מאָל באַשעפטיקן גאָר באַריכות, מחמת דאָרטן, קוקט זיך צו, שטעקט ערגעץ אין אַ ווינקעלע אַ מין בנימין, אַ ווילער יונגער־מאַן, אַן ערלעכע נשמה, נאָר

אַ לעמעשקע נעבעך. נאָר נישט דאָס איז דער עיקר פון חיה־עטלס ראָמאַן; דאָרט איז דאָ אַ פּ ע ט ע ר, אַ ירושה, אַ יתומהלע, אַ פּײַג... קײַט, קײַט, רבי קצין, און צעקײַט עס אַקוראַט, וועט איר זען, אַז איך האָב רעכט, וואָס איך האָב חשק זיך אָפּצוגעבן אַ מאָל מיט דער דאָזיקער ג ע וו ײ נ ל ע כ ע ר געשיכטע. אָך, ווען וועלן שוין פאַרשטיין אונדזערע קריטיקערס (ניט אײַך מיין איך; איך מיין דעם הערדנער וכדומה), אַז די בעסטע אינטריגע איז די געוויינלעכקייט און די פאַרפלאָנטעסטע פאַבולע איז נאָר די איינפאַכקייט פונעם אמתן לעבן. הײַנט פאַרשטייט איר שוין, צו וואָס און אויף וואָס איך וויל אַ הקדמה שרײַבן? ענטפערט גיך!

מכּוח אײַער שיטה פונעם סוביעקטיוויזם פון מײַן אַרט שרײַבן איז דאָ אַ סך צו רעדן. און מחמת אין „סטעמפּעניון" געפינען זיך גאַנץ ווינציק אַזעלכע ערטער, ווו איך שמועס מיר פאַר זיך, לכן איז שוין גלײַכער, איר זאָלט זיי אַרויסוואַרפן. נאָר אין יענע ווערק, ווו איך וועל שמועסן מיט מײַן שיטה, ווי אין „סענדער בלאַנק", וועט אײַך שוין קיין שום רבונו־של־עולם ניט העלפן. פערזענלעך וועלן מיר שוין שמועסן וועגן דעם באַריכות. דערווײַל וואַרפט אַרויס, שטעלט אַרײַן, בראַקט, האַקט, שינדט — נאָר לאָם איך אויך זען וואָס און ווען. און זײַט מיר געזונט.

אײַער ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

פּ.ס. — — —

ווו איז אײַער רעצענזיע אויף „אַקאָסטאַן"?

נו, דרוקט 4,220 עקזעמפּלאַרן. נאָר איך מיין, אַז עס וואָלט גענוג געווען 500 עקז' איבעריקע, ניט קיין 1000.

למען־השם, כ מ ע ל נ י צ ק, ניט כמעלניק. און דאָס וואָרט י ו ד ע ש אומעטום אויסבעסערן אויף י ו ד י ש.

אַ שאָד, וואָס וואַרשעווער האָט ניט קיין דימענט מיט נקודות. איך דאַרף אַ בריוו אָפּדרוקן, אַ בריוו פון ד"ר קאַמינער — אַ הקדמה איז דער בריוו צו דער „ביבליאָטהעק". נישקשה, וואַרשעווער מעג קויפן דימענט מיט נקודות.

## 261. צו יעקב דינעזאָן

קיִעוו, 25סטן אָק[טאָבער] 1888

ידידי יקירי, דענענזאָן שלי!

היום השגתי מכתב מאת ה' שפר שבו יציע לי לסוכן „להביבליאָטהעק" את גיסו מוה"ר ליפּמאַנען זינגערעוויטש.

אויב איר קאָנט אים און אויב איר ווילט מאַכט מיט אים ווי איר קאָנט און ווי איר פאַרשטייט — מיר דאַכט אַז 15 פּראָצ' איז גענוג — איך פאַרלאָז מיך אויף אײַך. — רק המעות זאָל זײַן מזומן ועל קאָמיסיע וועל איך קיין אַגענטן ניט געבן אַפילו עקז' אחד, כאשר דברנו. —

באלה הימים קאָן זײַן איך זאָל זיך דורכפאָרן ליאַלטע (אַלץ מחמת מחלת אחותי היקרה) וועל איך ניט זײַן בביתי. אויב איר האָט עפּעס נייטיקס, שרײַבט מיר ע״ז האַדרעס: .Въ Ялту, До востребованія, Соломону Рабиновичу

אחיך אוהבך ומכבדך מאד

שלום־עליכם

## 262. צו א.־ב. גאָטלאָבער

קיִעוו, 6טן נאָוועמבער 1888

ידידי הישיש!

מה מאד צדקת בדבריך, אדוני, צדקת, צדקת! שולח לך, ידידי, את פסל תמונתי ותמורתה בטח ג״כ אקבל במהרה, ובפרט שנחוץ לי מאד הדבר הזה, כי בהמאסף הזשאַרגאָני שלי תתנוסס תמונתך בין חכמי עמנו שהקדישו את עטם לבעבור אחיהם „הקטנים״, שאינם מבינים בלתי את השפה המדברת ואשר יקראו לה „זשאַרגאָן״.

החדשות ונצרות שכתבתי לך על אודותם הוא אשר כבר כתבתי לך הרבה פעמים וועגן אײַערע געלונגענע מעמואַרן. איך מוז זיי דאָך פּאָרט צונויפבינדן, אײַנשליסן, אויסאַרבעטן אַ ביסל, בכדי עס זאָל אויסקומען אַ גאַנצע זאַך, לכן גייט מיר אָפּ אַן אָנהייב, איך מיין ניט קיין הקדמה, דען איך האָב ניט ליב קיין הקדמות, איך מיין אַ מין בריוו פון אײַך צו מיר, צום אַרויסגעבער, עטלעכע ווערטער, וועלכע זאָלן וואַרפן אַ שטיקל שײַן אויף די מעמואַרן גופא. איז אויב פאַר אײַך איז דאָס שווער, וועל איך, במחילת כּבודכם, מוזן אַליין אַזאַ בריוו צו שרײַבן, לכן בעט איך אײַער הסכמה וועגן דעם, דען אַנדערש קאָן איך זיך ניט דערלויבן.

נאָר דאָס הויפּט חדשות ונצרות איז דאָס, וואָס אַ דאַנק אײַערע מעמואַרן האָב איך באַקומען „די הפקר־וועלט״ פון המנוח ר׳ יצחק־בער לעווינזאָן און „די פרײַמאַר״ פון המנוח אַקסענפעלד. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז גדול כבוד הראשון מהאחרון, נאָר וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן.

אַצינד האָב איך צו אײַך אַ בקשה. אפשר האָט איר געהערט אָדער געזען אַ ווערקל, אַ פּאָעמע פון אַ ליטוואַק: „דער דוכסל״, ווי אַזוי אַ גראַף האָט זיך אײַנגעליבט אין אַ מלמדס אַ טאָכטער און וועלכס עס הייבט זיך אָן אַזוי:

אין אַ קליין שטעטל אין דער זאַמוט
— זאַמוט איז נאָך געוועזן פוילן —
איז אַ מאָל געוועזן אַ מלמד
פלעגט מאַן צו דערציילן... אאז״וו.

המשורר י.־ל. גאָרדאָן שרײַבט מיר, אַז סע איז גאָר אַן אַנטיק!

אפשר קענט איר מיר צושיקן אויף אַ קליינער צײַט די פאָטאָגראַפישע בילדער פון: עטינגער, גאָלדפאַדען, דיק, מיכל גאָרדאָן, אַ. צעדערבוים? איר וועט מיר אַ גרויסע טובה טאָן דאָמיט.

ווײַסבערג איז איצט אין אומאַן אַ מחותן אויף אַ חתונה (פון ד״ר בענדערסקי, זײַן תּלמיד). דאָס האָט אײַך ווײַסבערג אַ טובה געטאָן בײַ קופּערניקן.

אנא סלח נא לי בעד מניעת מכתּבי בעתם כי מאד מאד טרוד אני כעת בעניני „המאסף״ שלי שיוצא בקרוב לאור עולם.

אוהבך שלום־עליכם

פּ.ס. הבשורה הרעה ששמעתי, כי חולה אתה מאד, וממך לא השגתי מכתב זה שבעים, לכן היה לי עני מזה.

## 263. צו שמעון דובנאָוו

קיִעוו, 11טן נאָוועמבער 1888

גלײַכצײַטיק דערמיט שיק איך אײַך אַרויס עקספּרעס מײַן נײַ ווערק „סטעמפּעניו״ (מײַן ערשטן ראָמאַן), וועלכן איך האָב אײַך שוין לאַנג צוגעזאָגט. „סטעמפּעניו״ איז אַ קינסטלעריש ווערק, און פון אים איז אָפּהענגיק דער גאַנצער ווײַטערדיקער גורל פון מײַן ליטעראַרישער טעטיקייט. דורכגעדרונגען זיך מיטן געדאַנק אָנצושרײַבן אַ יִדישן ראָמאַן פאַרן פּאָלק, האָב איך זיך צו אים אַראָפּגעלאָזט, צום פּאָלק, איבערגענומען פון אים אַלע וווּנדער־שיינע לעגענדעס וועגן דער דאָזיקער, אַזוי צו זאָגן, היסטאָרישער פּערזענלעכקייט. סטעמפּעניו איז באמת אַ פּערזענלעכקייט, וועלכע עקסיסטירט אין אונדזער לאַנד, און אין בערדיטשעוו (ווו ער איז געבוירן געוואָרן), זשיטאָמיר און אַנדערע שטעט פון וואָלין און אוקראַיִנע איז ניטאָ קיין איין אַלטער יִדישער אײַנוווינער, וואָס זאָל ניט קענען — אויב ניט סטעמפּעניו אַליין, — איז ווייניקסטנס די גרויסע צאָל אַנעקדאָטן, געשיכטעס און לעגענדעס וועגן אים. מיט אָט דעם צוועק בין איך געפאָרן קיין בערדיטשעוו, גענומען זיך איבערשרײַבן און פאַרבונדן פּערזענלעכע באַציִונגען מיט קלעזמערס, וועלכע האָבן טיילווײַז אַנטפּלעקט פאַר מיר די נשמה פון דעם דאָזיקן מענטשן; דאָס איבעריקע האָט שוין אויסגעפּילט מײַן שעפעריש פאַנטאַזיע. פון דעסטוועגן, אַזוי ווי איך קען זיך ניט דערוואַרטן אויף אײַער געדרוקטער מיינונג, בעט איך אײַך מיטצוטיילן מיר שריפטלעך אײַער זייער פאַר מיר אויטאָריטעטע מיינונג. איך בין זיך משער, אַז איר זײַט נאָך אין מסטיסלאַוול, ווײַל איך האָב נאָך ניט באַקומען פון אײַך די צוגעזאָגטע ידיעה וועגן אײַער אַריבערוואַנדערן קיין צפון.

איך לייג דאָ בײַ דעם אינהאַלט פון מײַן זאַמלבוך, פון וואַנען איר וועט זיך דערוויסן, אַז דער זאַמלבוך איז שוין פולשטענדיק פאַרטיק. די טעג וועט ער ווערן פונאַנדערגעשיקט. די אַרבעט XXXVI, וועלכע איז גענומען אין אַ רויט רעמל, איז נוגע אײַך פּערזענלעך. איך וואַרט אויף אַן ענטפער. אײַער איבערגעגעבענער

שלום־עליכם

## 264. צו יעקב דינעזאָן

קיעוו, 27סטן נאָוו[עמבער] 1888

ידידי יקירי מוה״ר יעקב דינעזאָן שלי!

על כל מכתביך הראשונים עניתיך מיאַלטע (סופר עברי יכתוב ילתה) בטרם עברתי משם, ועל אגרתך האחרונה אענך עתּה.

אויב איר זענט נאָך פרישמאַנען (אונדזער פרישמאַנען) אַ גוטער פרײַנד, ווי פריער, וואָלט איר אים נישט באַדאַרפט ראָטן צו פאָרן אין אַזאַ שטאָט, ווו מען כאַפּט אויף דינעזאָנען אין „הלופעניטש״ און מע הייסט אים אָנטון דעם לייבסערדאַק און מע פירט אים אַהין... אין אַזאַ שטאָט פון וועלכער איך וואָלט אַליין בתופים ובמחולות אַוועקגעפאָרן, ווען עס זאָל זיך מיר אין וואַרשע אָדער אין איין אַנדער יודישער שטאָט מאַכן אַ רעכט געשעפט. נאָר ס'איז דאָך נאַריש, — אַז איך זאָל יענעם זאָגן עצות; דאָס זאָג איך אײַך, דינעזאָן, און איר פאַרשטייט, אַז פרישמאַן קאָן מיר ווינציק וואָס קאַליע מאַכן; פאַרקערט, אַדרבה ואַדרבה; גאָר אויף אַן אַנדער אופן. נאָר כפי איך זה אַרויס פון זײַנע בריוולעך, דאַרפן אַזעלכע צוויי קעץ, ווי שלום־עליכם און פרישמאַן ניט קאָנען הויזן, ניט נאָר אין איין זאַק, אַפילו אין איין שטאָט. איך ווייס אײַער האַרץ, ברודער, נאָר איך קאָן אײַך גאָרניט העלפן; איך האָב אַזעלכע צרות אַ סך מער ווי איר — איר ווייסט דאָס... איבעריקנס, אַלס אָרנטלעכער מאַן זאָג איך אײַך, אַז העלפן בכל מה שיש באפשרי וועל איך אַוודאי, — נאָר קויפן אצלו אַרבעט קודם מתּן־תּורה טאָר איך נישט. אַ צווייטע „ביבליאָטהעק״ וועל איך אי״ה געוויס אַרויסגעבן, נאָר איך מוז זיך דאָך אָפּרוען כאָטש אַ פּאָר חדשים; איך האָב דאָס פאַר־שפּראָכן מײַן פרוי און מוז דאָס מקיים זײַן, דען די ביבל' קאָסט מיך געגנוג געזונט! — אָט דאָס האָט איר אײַך אַ קורצע תּשובה אויף אײַער לעצטן בריוו און הייס איך און בעט אײַך איר זאָלט דעם דימאַנט ניט לאָזן אין בלאָטע ליגן — איך וועל אײַך מיטהעלפן, נאָר פאַנטאַזיעס וואַרפט אַרויס פונעם קאָפּ, דען אַז איך האָב שוין ניט געקאָנט יוצא זײַן, וואָס איך בין מיט לײַב און זעלע (און אויך מיט קעשענע...) איבערגע[גע]בן מײַנע מיטאַרבעטערס, הײַנט וואָס קאָנט איר שוין טון? לסוף האָט איר נאָך טענות, פאַר וואָס איך זידל אײַך נישט אָפּ, ווי אײַך קומט, דערפאַר, וואָס חוץ צרות מיט אומזיסטע יסורים האָב איך דורך אײַך ניט געהאַט. משוגענער! זענט איר דען שולדיק אין דעם? איז דען פרישמאַן שולדיק, וואָס איר האָט פון אים יסורים? פאַרשטייט מײַנע ווערטער און זײַנט אַ מענטש.

וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח „געשעפט״? איר זאָלט וויסן זײַן אַז נור ביזן 1 יאַנואַר וועט די „ביבליאָטהעק״ קאָסטן 1 רו״כ; שפּעטער — פיל טײַערער (מחמת זי וועט מיך קאָסטן טײַערער. אַ שפּילעכל, 33 בויגנס?!... און מיט האָנאָראַר ממש!...) האָט איר שוין אַ סך אַבאָנענטן? אויב איר האָט 50 (אַפילו 25) שיקט צו די אַדרעסן בכדי מע זאָל זיי באַצײַטנס פאַרשרײַבן. געלט איז ווי איר ווילט; — שענער וואָלט געווען ווען איר זאָלט צושיקן פאַר 100 אַבאָנענטן מיט אַ מאָל, און ווײַטער ווי איר פאַרשטייט. יענע 9 חתומות שיקט אויך צו איבער אַ נײַס...

ס'איז אמת, אַז פרידבערג איז אַ צענזאָר געוואָרן? — עס פרייט מיר איבער צוויי זאַכן: ערשטנס, וואָס ער האָט אויף דער עלטער אַ רעכטע שטעלע; און צווייטנס... דאָס

איז לע"ע אַ סוד און איך וויל מיינען, אַז איר שטויסט זיך [אָן]; און אויב נישט, טאָ קייַט שטרוי... הכּלל — מזל־טובֿ!

מייַן פּלימעניצע איז ניט אין בעסטן; גאָט זאָל זיך אויף אונדז אַלע מרחם זייַן. וואָס מאַכט א י ר, ברודער? צי קלערט איר מכּוח חתונה האָבן, צי ווער וואָס?

גריסט נאָר אַלעמען, ווער עס אינטערעסירט זיך נאָר אין מיר באמת.

איך בין אייַער אמתער, ווי פריַער

שלום־עליכם

## 265. צום זעלבן

6. 12. 88[18]

ידידי יקירי!

היום השגתי תּלגראַמע מיאַלטע שנחוץ לי לעזוב את ביתי ואת כל מחמדי נפשי ולנסוע לשם על זמן אי מוגבל. דעת לנבון נקל ווי אַזוי מיר איז איצט אויף דער נשמה!

אייַער בריוו דערהאַלטן — איר זאָלט אַזוי וויסן פון שלעכטס צו זאָגן ווי איך ווייס צו ענטפערן אייַך!

מכּוח אַבאָנענטן זעט דעם לעצטן „פּאָלקסבלאַט" די מודעה. אויף אַלעס וואָס איר וועט טון בין איך מרוצה.

איך האָב דעם ה' קאַראַסיק אַ גוט וואָרט געזאָגט און געבעטן ער זאָל אייַער כּתבֿ־יד לאַנג נישט האַלטן, הגם ער איז פאַרנומען זייער וועט ער עס טון למעני.

וואָס איר שרייַבט אַז אין אַדעס איז ניט געפעלן אייַערע „קרעפּלעך" איז דאָס מיר ווי מיט אַ דאָבניע אין קאָפּ! פון וואַנען ווייסט פון זיי אַדעס? גוואַלד. עס זיצט בייַ מיר ערגעץ אַ גנבֿ! אַ היימישער גנבֿ!

צוווייטנס זאָג א י ך אייַך (איך דאַרף אייַך ניט חנפענען וואָרעם איך דאַרף דאָך אייַך אויף ערבֿ יום־הכּיפּורים), אַז די די קרעפּלעך איז אַן אויסגעצייכנט נאָוועלעכן, וואָס מען דאַרף גאָר נישט בעסער, און איר הערט אָט די אַלע כּלבֿים?

אַז איר וועט צונויפקלייַבן אַ 50 אַבאָנענטן שיקט מיר אַרייַן די תּאומות עם הכּסף, דען איך האָב אַן עקספּעדיטאָר געלאָזט. די פּרייַז פון 1 יאַנואַר וועט זייַן אָדער 1.25 אָדער 1.50; אויב איר וועט אַליין פאַרקויפן וועט איר זיך נעמען 20% און אויב איר וועט דורך אַן אַנדערן וועט איר האָבן נור 5% (15%); נאָר אויב איר זאָלט, ווי איר זאָגט, אויסברענגען 500 עקז' וואָלט איך אייַך בעסער די 500 עקז' פאַרקויפט לפי המקח וואָס וועט שטיין אחרי 1 יאַנואַר בנכּיון 25% ויותר עד 90 קאָפּ' (28%). נאָר בתּנאַי אַז די ערשטע מאה באַקומט איר לפי המקח הישן, והמותר לפי המקח החדש (אויפן בוך וועט שטיין די הויכע פּרייַז). אַז איר וועט קויפן די 500 עקז' וועלן מיר מיט געלט אַזוי זיך נוהג זייַן. די ערשטע 100 אָדער 200 וויפל איר דאַרפט בלא מעות והמותר ע"י נאַכנאַמע, בכדי ס'זאָל זייַן מעשׂה סוחר, ניט מעשׂה מחבר. איבעריקנס שרייַבט אייַער מיינונג. שרייַבט. מייַן עקספּעדיטאָר האָט פולמאַכט אויף אַלעס עד חצי המלכות ותּעש!

איך וואָלט זייער גערן מיט אייַך דאָס געשעפט צו האָבן; ערשטנס בכדי איר זאָלט פאַרדינען עטלעכע קערבלעך, והשנית האָב איך פייַנט די בוכהענדלערס די געלדפרעסערס. די ביבליאָטהעק גייט צו קינד. זי איז אומגעהייַער גרויס. כּמעט 40 דרוקבויגנס. זי איז

מציאה אויף טרפה' 2 רו"כ. איך וועל אפשר לסוף מוזן שטעלן די פּרייז 2 רו"כ. ווי מיינט איר, איז דאָס ניט קרום? דעם ה' ציטראָן וועט נישט אַרויסקומען אַפילו פ"א. עס וועט מיר אַרויסקומען פון אים.

זייַט געזונט און גליקלעך. גריסט. שרייַבט. פון יאַלטע וועל איך אייַך שרייַבן, אויב איך וועל קאָנען.

אייַער שלום־עליכם

## 266. צום זעלבן

קיִעוו, 13טן דעצ[עמבער] 1888

אייַער בריוו האָב איך מקבל געווען. דאָס כּתב־יד נאָך ניט. אייַער ווונטש וועט דערפילט ווערן נאָך גיכער, ווי די „ביבליאָטהעק" וועט אַרויס. אַי צרות צרות! אונטער די אויגן אַ „ביבל'". צו דרוקן איז עפּעס ניט אַזוי גרינג. איך קאָן אייַך גאָר ניט שרייַבן. מייַנע יסורים זענען גרעסער פונעם ים, וועלכער וואַשט די ברעגעס פון די יאַלטער בערג, אויף וועלכע עס שטייט אַ פרישע מצבה אויפן קבר פון מייַן אומגליקלעכער פלימעניצע, וועלכע וועט זיך שוין מער צוריק ניט אומקערן.

— — —

זאָגט מיר, וואָס באַדייַט דער חלום: עפּעס אַ ייִנגל האָט געבראַכט מייַן פרוי אַ בריוול פון אייַך מיט אַ געדרוקט ליד פון אונדזער פרישמאַן. — די ציפער באַווייַזן 690. שוין זשע איז דער „הויזפרייַנד" אַזוי ווייַט פאַרקראָכן ביז 690? הייסט דאָס איז ער דאָך שוין מער פאַרטיק אַלס מייַן „ביבליאָטהעק"? מה החלום ומה שברו? שרייַבט מיר, וואָס מאַכט ער, פרישמאַן? איך בין אויך אַזוי שלאָף ווי ער. נאָר וואָס ווערט דערפון? שלאָף הייַנט שלאָף מאָרגן — אַבי מע לעבט. דער שיר פרישמאַנס געפעלט מיר ניט: מיר געפעלט ניט פּרוגס תּנועות — נעמען די הייליקע מוזע און פליאַסקען מיט איר נחבי בן ופסין מיט שמ"רן מיט נאָך אַזעלכע; ניט דערויף קוקט זי אַרויס די מוזע; אמת, הייַנע האָט דאָס אויך ניט פייַנט געהאַט, איז אָבער הייַנע געווען אַ פּאָעט מיט אַ פּאָליטישן קוק; אָבער מיר, זשאַרגאַניסטן; אָבער נחבי בן ופסי; אָבער שמ"ר, פּרוג — פע!

פון פרישמאַנען האָב איך קיין בריוו דערהאַלטן. אַדיע. אייַער בעסטער

שלום־עליכם

## 267. צו מענדעלע מוכר־ספרים

יאַלטע, 15טן דעצעמבער 1888

מייַן ליבער געטרייַער זיידע לעבן!

מיר איז כּלל ניט צום שרייַבן בריוולעך: איך בין אין יאַלטע מיט אַ קראַנקער שוועסטער אַ כּלה, וועלכע שטאַרבט נעבעך אַלע מינוט, אַלע רגע. —

נאָר מכּוח „עסק" מוז מען שרייַבן. די מעשׂה דערפון איז אַזוי: פּלוצעם האָב איך

אַ בריוו פון ר׳ סאָקאָלאָוו — — —: דער בריוו איז ניט אָנגעקומען אד״גל. האָב איך געשריבן צו מײַנעם אַ גוטען ברודער, וועלכער וועט אים שוין פּאַר געוויס איבער־געבן: אַז 100 רו״כ מיט 500 עקזעמפּלאַרן, לא פחות. און האָב אים געשריבן, אַז איך האָב פון אײַך אַ כּוח־הרשאה אַ פּאָלנע.

זײַט געזונט. די „ביבליאָטהעק״ פון דעסטוועגן באַקט מען דאָרט אין באַרדיטשעוו. און מע זאָגט, אַז זי וועט גיך־גיך זײַן פאַרטיק, אם־ירצה־השם.

גריסט אַלע „אונדזעריקע״.

מיט אַ ביטער האַרץ,

אײַער בעסטער אייניקל שלום־עליכם

פּ.ס. — צו „סטעמפּעניון״ דרוקט זיך אין באַרדיטשעוו נאָך צוויי גרויסע קאַפּיטלעך, און דווקא אין דער מיט. אַ תּנועה פון איינעם פון די „אחשתרנים״.

בסוף ירח דעקאַבר בין איך אין קיִעוו.

## 268. צו אברהם־בער גאָטלאָבער

1888

ידידי הישיש — מײַן אַלטער (גרײַזער) פרײַנד און נאָך און נאָך און נאָך, רב א.־ב. גאָטלאָבער!

איך האָב געהערט, מײַן האַר, איך האָב געהערט פון דײַן פּײַן, און פון דײַן שווערן שיקזאַל האָב איך געהערט. און ס׳איז מיר מײַן האַרץ פאַרגאַנגען. אַזוי גייט עס דעם פאָלקסשרײַבער, אַזוי איז בכלל דער גורל פון יעדן שרײַבער בײַ יעדן פאָלק.

איך האָב אַן אַלטן חוב, וואָס איך בין דיר שולדיק, פאַר דײַנע אײַנגענעמע זיסע רייד, וואָס זײַנען פאַר מיר געווען די בעסטע שפּיל אין מײַנע קינדער־יאָרן, בשעת איך האָב געשפּילט אַ ליבע מיט אונדזער הייליקער שפּראַך. און דערנאָך האָב איך זי פאַרלאָזן און פאַרביטן מיט איר פאַרמיאוסטער יינגערער שוועסטער (זשאַרגאָן). ווײַל געבענטשט איז זי און אַ ברכה אויף איר קאָפּ, און איך האָב זי אמת ליב געקראָגן, און כ׳האָב מיט איר אויף שטענדיק אַ שידוך געמאַכט. כאָטש מ׳קוקט אויף מיר, ווי איך זיץ אויפן זיבעטן הימל פון גליק, מיט חוזק און אומכּבֿוד...

די צען רובל, בעט איך אײַך: באַקומט! און אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך אײַך מכבד זײַן מיט מײַן קליינעם ביכל „ צרור פּרחים״, וואָס איך האָב צונויפגענומען און געמאַכט עס ווי אַ בוקעט און איך וועל עס לייגן אויפן טאַטנס קבר — זײַן אָנדענק זאָל זײַן געבענטשט, — וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק און נאָך וועלכן איך בין אין גרויסן טרויער.

דײַן קנעכט שלום־עליכם

פּ.ס. פון דײַנע לידער האָב איך ניט געקענט עפּעס אויסקלײַבן. וועגן די סיבות וועט דיר מיטטיילן מײַן פרײַנד ה׳ ווײַסבערג.

זײַ אַזוי גוט און שיק נאָך עפּעס צו.

דײַן פרײַנד דער זעלבער

## 269. צו יעקב דינעזאָן

2. 1. 1889

גוטער ברודער!

איך בין דען אין שטאַנד אַרויסגעבן אײַך מײַן שימחה וועגן הפרישמאַן שלנו, וואָס וועט אפשר אויפגעריכט ווערן באלו הימים? לאָז אים גאָט העלפן, ווי איר און איך ווינטשן אים! זײַן בריוו צו מיר איז ווידער פול חדודין חדודין; איך זע, אַז דער יונג האָט מיך פײַנט, ער קאָן מיך ניט סובל זײַן, און ער וועט מיך פײַנט האָבן, כל־זמן ער וועט מיך ניט קאָנען פערזענלעך, — געדענקט מײַן וואָרט. —

— — —

איך האָב פון אײַך עטלעכע מאָל אַדרעסן באַקומען, נאָר איך טו מיט זיי גאָרניט. איך וועל אײַך בעסער לכתחילה צושיקן 100 עקז' און צעטיילט זיי, פאַרקויפט זיי, שענקט זיי, בראָקט זיי — טוט מיט זיי מה שלבכם חפץ, און מיר זאָלט איר מיט אַ מאָל צושיקן אַ שטיק ביכל (למען דעת את שמות האנשים הקוראים את ה"ביבל.") פון לא פחות 50 אַדרעסן עם הכסף המגיע א"נ % כדת וכדין. —

ליהוי ידוע לכם, ידידי, אַז מן 1 יאַנואַר ש"ז שנתחדשה עלינו לטוב אָטוועטשאַיעט איר מיר אויף דעם נײַעם מקח, הײַנו 1.25 (עם פּאָרטאָ 1.35)... נעמט דאָס אײַך אויף דער נאָז, ווי עס געהער צו זײַן און האָט דאָס אין זין. כפי האויסזיכט לפי־שעה, וועט מיר ניט כאַפּן אַ פּאָר טויזנט עקס', פאַרשטייט איר שוין, אַז מען האָט נישט וואָס צו שטופּן דאָס בוך אין אַלע לעכער אַבי פּטור ווערן און איר זאָלט זיך האַלטן אָן דער פרײַז פעסט, שטאָל און אײַזן! — וועגן המקח החדש איז געדרוקט בכל מכה"ע לבני ישראל, און אויפן טאָוול, און אויפן טאָוול פונעם בוך שמועסט מען ניט.

— — —

צווישן אײַערע אַבאָנענטן געפין איך 2 מאָל דעם נאָמען ישעי כהן נומער 903. הכלל איך וועל אײַך בעסער צושיקן הולאָם אויף דער קאָראָבקע די עקז', און טוט אײַך ווי איר פאַרשטייט.

— — —

וועגן אַגענטן און סובאַגענטן איז ג"כ געפּובליצירט בכל מכה"ע, ווי איר האָט מיר געהייסן. — הויפּטאַגענטן האָב איך נאָר דרײַ: זיך, אײַך און ראַבניצקין. סובאַגענטן האָב איך אַ האַלבע מאה בכל ערי מושבות ב"י.

אײַער מאַנוסקריפּט איז איבערגעגעבן להאדון הצענזאָר און עס טוט מיר לײַד, וואָס איר האָט מיר לכתחילה ניט געשריבן, אַז איך זאָל עס אָנקוקן — דרום האָב איך עס תומ"י איבערגעגעבן. גריסט פרישמאַנען ליבלעך און זאָגט אים, עס וועט קומען אַ צײַט, וועט ער מיך אויך ליב האָבן.

זײַט געזונט און גליקלעך צום נײַעם גוייִשן יאָר.

שלום־עליכם

## 270. צום זעלבן

קיִעוו, 8/7. 1. [18]89

ברודער דינעזאָן!

איך שרייַב אייַך יעצט אַ וויכטיקע נייַס. מייַן ליבע פרוי און מייַן איינציקע איבער־געבליבענע פלימעניצע, נאָכן שלאָק, מיט וועלכן גאָט האָט אונדז געשטראָפט, פאָרן זיך דורך אַ ביסל פרישע לופט געניסן אויף דער וועלט, און אַזוי ווי אין אָדעס אָדער אין יעהו־פּעץ האָבן מיר קיין באַקאַנטע און קיין גוטע־פרייַנד ניט, לכן איז געבליבן בהסכם כולנו, אַז זיי זאָלן פאָרן קיין וואַרשע, ווייַל אין וואַרשע געפינט זיך אַ מענטשל, וואָס הייסט דינעזאָן, וועלכער וועט געוויס ניט זשאַלעווען זייַן טירחה צו זייַן פאַר זיי אַ וועגווייַזער להורות להן את הדרך ווי עס געהער צו זייַן. זיי וועלן די שטאָט וואַרשע רעכט באַטראַכטן. נאָר ניט אַלס צופרידענע זאַטע מענטשן, אום געלט אויסצוברענגען, נאָר אַלס ערלעכע טוריסטקעס „דאָס לאַנד" צו באַטראַכטן, השמנה היא או רזה — און עס איז נאָך דאָ אַ ציל אויך דערין פאַר איינעם פון אונדזערע פרייַנד, וואָס וויל זיך באַזעצן אין וואַרשע. מייַנע לייַט רעכענען אַרויספאָרן, אם־ירצה־השם, דעם 16טן יאַנואַר, ניט פריִער. גם פאַרהאָף איך, אַז פרישמאַן שלנו וועט זיך אויך ניט אָפּזאָגן צו זייַן אַ טשיטשעראָנע פאַר מייַנע לייַט, וואָס פאַרדינען עס, דאַכט זיך, ביי יעדן כאשר תחזינה עיניכם אי"ה בקרוב.

איך האָב אייַך פאַרגעסן זאָגן, אַז מכּוח דעם, וואָס איך שרייַב אייַך, אַז איינער פון מייַנע אייגענע וויל אפשר אַרויספאָרן לוואַרשע, זאָל ניט געזאָגט ווערן קיין פרעמדן, דען החכם מייזאַך אָדער יענער קטונער וועט באַלד אַרויסלאָזן אַ קלאַנג, אַז „שלום־עליכם" פאָרט (ניט שלום־עליכמקע) און שלום־עליכם פאָרט שוין אַרויס קיין וואַרשע, גיט אַרויס אַ בוך, אַ זשורנאַל, אַ גאַזעט אאַז"וו. הכלל, ברודער, גאָרניט — שאַ! אויב פרישמאַן שלנו איז אויף מיר שוין ניט ברוגז, בעט איך אים זייער און זייער! פון אייַך, דינעזאָן, בעט איך, איר זאָלט מיר תיכף־ומיד ענטפערן מכּל דבר שורש. דהייַנו: דעם מאַרשרוט לוואַרשע? ווהין זיי זאָלן פאַרפאָרן? (זייַט וויסן, אַז זיי ווילן דאָרט זייַן צווישן ייִדן און עסן ייִדיש) הכלל מכּל דבר שורש!

אייַער איבערגעגעבענער שלום־עליכם

זעט, איך שיק אייַך דעם בריוו „זאַקאַזנאָיע" על־ידי וואָקזאַל און וואַרט דעם 13/12 אַנטוואָרט, מחמת זיי ריכטן זיך, אַז איר וועט זייַן על הוואָקזאַל; זיי וועלן אייַך פריִער טעלעגראַפירן.

הנ"ל

## 271. צום זעלבן

11 Января 1889

ליבער פרייַנד דינעזאָן!

פון דער Оглавление זעט איר אַרויס, אַז די „ביבליאָטהעק" איז ווירקלעך

פאַרטיק. זי געפינט זיך איצט ביי די בראַשיראָווטשיקעס און וועט טאַקע גאָר אין גיכן, ניט אַזוי ווי מע שרייבט געוויינלעך, צעשיקט ווערן אַלע אַבאָנענטן. —

איך שיק אייך באַזונדערס איין געבראַשירטן „סטעמפּעניו", בכדי די אַבאָנענטן און אַלע זאָלן זען, אַז אַלץ איז שוין פאַרטיק. איר טאָרט ניט פאַרגעסן, אַז איך זיץ ניט אין וואַרשע ביי דער דרוק, אַז איך בין אַ קיִעווער און די דרוק איז אין בערדיטשעוו; ביז די געדרוקטע בלעטער וועלן אַריבערגעשיקט ווערן, גייט אויך אַוועק עטלעכע טעג, און בויגנס איז דאָ כמעט 40; היינט דאָס איינבינדן געדויערט אויך עפּעס, היינט דאָס אַריבערשיקן אאַז"וו. הכּלל ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך...

— — —

וועגן דעם, וואָס אייך קאָסט 10 קאָפּ' יעדער פּאַקעט. ווער איז אייך שולדיק, אַז איר זייט אַ מלמד און האָט ניט קיין פּאָסטבילעט годичный פאַר 1,50 ר"כ? עס וועט קאָסטן פיל מער אַלס 10 קאָפּ' און אַפילו מער אַלס 20 קאָפּ', נאָר אייערע איינציקע אַבאָנענטן וועלן מיר אַליין אַרויסשיקן די ביכער, מיר האָבן אַ מיטל, עס זאָל וויניקער די פּאַרטאָ קאָסטן. —

אויף אייער בריוו־אַנטוואָרט וועגן דער נסיעה פון מיין פאַמיליע וואַרט איך בכליון עינים. — 1 עקז' „סטעמפּעניו" נעמט זיך און דעם 2טן גיט להפרישמאַן שלנו.

איך בעט אייך עם הקטונער הידוע ווינציקער וואָס שפּרעכן וועגן מיר און וועגן מיין „ביבליאָטעק". ער דאַרף ניט וויסן פון אייערע אַבאָנענטן.

אייער שלום־עליכם

פון דעם שטיקל, וואָס עס ליגט דאָ צוגעלייגט, קאָנט איר אויך זען, אַז ס'איז שוין אַלץ פאַרטיק; דאָס האָט איר דעם נומ' 60, דאָס הייסט 30 בויגן; „סטעמפּעניו" האַלט כמעט 8 בויגן. אַחוץ איז קאַמינערס אַרטיקל מיטן שער און מיט שאָר־ירקות כמעט 2 בויגן; בסך־הכּל געפינט זיך אין דער „ביבליאָטעק" ביז 40 בויגן, דאַכט זיך, ס'איז ווערט אויף פּאַפּיר 25־1?! היינט געפינט זיך דאָרט סחורה, וואָס סחורה הייסט.

— — —

יאָ, אייך קומט האָנאָראַר פאַר 130 שורות צו 10 ק' (ווי אַלע גדולים) 13 רו"כ. אייער בילד, כאָטש ס'איז קליין, וועט דאָס, האָף איך, ניט אַראָפּפאַלן קעגן גרויסע; עס געפעלט אַ סך מבינים, וואָס זאָגן, אַז דער עולם וועט אָנקוועלן פון דעם, הגם עס איז ניט נאָך מיין גוסט, מיין זשאַנער. — רעכנט אייך אָפּ די 13 רו"כ לטובתכם והנאתכם מכּסף החתומים און פאַרשרייבט זיי אויף קאָנטע שלי.

ידידך אחיך שלום־עליכם

עס ווייזט זיך אויס, אַז אייער קטונער האָט געוואָרט, איך זאָל אים אַליין צושיקן אַ זאַך, ניט ער דאַרף מיר שרייבן, ווי עס פירט זיך?...

## 272. צום זעלבן

11 Января 1889

ברודער דינעזאָן!

נעמט מישט אויף דעם 1 פון דער „פאָלקסבלאַטע", (זייטן 8, 9) וועט איר דאָרט

געפינען חוץ פּאַסקודנע שפּײַעכץ פון פּאַהאַנע מענטשן, וואָס הייבן אָן משוגע צו ווערן פון גרויס קינאה, חוץ דעם אויך אַ באַווײַז, אַז פון אונדזער חדר ווערט אַרויסגעטראָגן אייגענע סודות, וואָס זענען נוגע מיר, אײַך און פרישמאַנען (גרינשפּאַן); און ווער איז שולדיק? טאָקע פרישמאַן אַליין. ער האָט געוויס געשריבן (אָדער אפשר דערציילט בײַ יענעם קטונער) צו פרוגן (און דאָרט ווו פרוג, דאָרט איז לעווי) מכּוח מײַן געוויסער טעלעגראַמע, וואָס איך האָב געשיקט צו פרישמאַנען און מכּוח די 50 רו"כ; — קוקט זיך צו, וועט איר געפינען אַלעס...

דערויף רײַס איך די האָר און טו שרײַען „אַהה! אַלע בעסטע מינוטן פון מײַן לעבן, אַלעס וואָס פריידט מיך און באַגײַסטערט מיך, ווערט אויסגעלאַכט דורך אַזעלכע פּאַרכעס!!! ווי די מעשׂה איז — מע ווייסט, וואָס בײַ אונדז קאָכט זיך און פרישמאַן וועט זײַן ערגער פון ערגער, אויב ער וועט ניט אונטערפירן אַ קלאָרן חשבון אינעם „הויזפרײַנד" אויף דער „פּאָלקסבלאַטע", כּיד־השם הטובה עליו; עס איז גלאַט אָן אַלעמען צײַט עפּעס צו זאָגן אויף דער „פּאָלקסבלאַטע"; שוין צו פיל האָט זיך דער משוגענער ליטוואַק צעלאָזט פון דער קייט — שוין צײַט! שוין צײַט! רעדט איבער מיט וועמען מע דאַרף און טוט אַליין אויך אינעם עסק — עס איז כּדאי, כ'לעבן.

אײַער אין גאַנצן שלום־עליכם

אבקש את ידידנו היקר הר' גרינשפּאַן לבל יתרשל בדבר הזה; ישנס נא את מתני לשונו ויחגור את שארית עטו (שׂפת נ"ס) ויפיץ קדקוד הפּאַראַזיטן הדעמאַגאָגים האלה — ושפתים ישק!

ידידו הנ"ל

איך וואָלט גערעכנט, אַז ווײַסבערג האָט דאָס לעווין אָפּגעטראָגן, מחמת צווישן די צוויי איז אַצינד אַן אהבה בלי מצרים גאָט זאָל שומר־ומציל זײַן! איז אָבער ווײַסבערג לא־עליכם שוין העכער אַ 1/2 יאָר מיט מיר אויס גוטער־ברודער און ווייסט לחלוטין ניט וואָס בײַ מיר מחוט ועד שׂרוך נעל און מיר זעען זיך זעלטן...

## 273. צום זעלבן

16 Января 1889

ליבער דינענזאָן!

מאָרגן אי"ה בלי נדר מאָנטאָג, עס הייסט דינסטאָג פרי פאָרן מײַנע דאַמען נאָך וואַרשע; איר וועט אַ דעפּעש פון זיי באַקומען צײַטלעך. —

די ביבליאָטעקע שיקט זיך אײַך אַרויס ע"י באַגאַזש (כּמה עקז' וועל איך ערשט וויסן בערב היום או מחר בבוקר). די ספּעציאַלנע עקז' פאַר אײַך, פרישמאַנען און אַנדערע אַלע מיטאַרבעטערס וועט איר מקבל זײַן ע"י פּאָסילקע. —

החכם נאַטאַנזאָהן בערנאַרד איז טאָקע אַ חכם; ער שרײַט אויף אַלע גאַסן, אַז שלום־עליכם האָט אים אָפּגענאַרט מיט לעווענזאָנס כּתב־יד (!?!!?! אַ יאָ?!) און פאַר דער ביאָגראַפיע, וואָס ער(?) האָט מיר געשריבן האָב איך ווינציקער באַצאָלט ווי

פרישמאַנען וכ׳ וכ׳... גיי זיי יוצא פאַר אַ וועלט מיט ל״ו סאַטרודניקעס! — גריסט דאָרטן מײַנע ליבע דאַמען ג״פ. פרישמאַנען שרײַב איך באַזונדער. —

אײַער אויף תמיד שלום־עליכם

## 274. צו ד. פרישמאַן

קיִעוו, 17טן יאַנואַר 1889

מײַן פרײַנד! וואָס זאָגסטו אויף מײַן פּרווי, זאָל לעבן? וואָס זאָגסטו אויף מײַן פּרויס איידעלער פּלימעניצע? און וואָס זאָגסטו אויף „סטעמפּעניו״?

צי האָסטו דען פאַרגעסן, אַז דײַן אורטייל (וועגן דעם לעצטן, וואָרעם פון אים שמועסט דער שרײַבער) איז בײַ מיר טײַער ביז גאָר? אָדער צי ווייסטו ניט, אַז מיר איז נייטיק צו וויסן דײַן מיינונג, די מיינונג פון דעם געהויבנסטן דיכטער, דעם דיכטער, „וואָס שאַפט וועלטן״? צי ווייסטו עס ניט?

דו ביסט אַ טײַערער דיכטער, נאָר אַ שלעכטער מענטש, אַ רשע, אַ גזלן, אַ רוצח! אונדזער פרײַנד דינעזאָן איז בעסער פון דיר טויזנט מאָל אַזוי פיל. ער האָט מיר אויסגעדריקט זײַן גײַסט, אויסגעגאָסן זײַן גאַנץ האַרץ פאַר מיר. ער האָט מיר אַרויסגעזאָגט אי דאָס גוטע, אי דאָס שלעכטע. און דו? ביסט אַ טײַערער און ליבער דיכטער ביז גאָר, אָבער אַ שלעכטער מענטש אאַז״וו... איאַ, מײַן פרײַנד? ניין! אויך אַ מענטש אַ טײַערער ביסטו, אויך אַ מענטש אַ ליבער, ווײַל אַזוי וויל איך דיך זען, אָדער, לכל־הפּחות, הערן וועגן דיר פון די איידעלע דאַמען, וואָס שיצן זיך אַצינד אין דעם שאָטן פון דײַנע פליגלען און די פליגלען פון דינעזאָנען אין וואַרשע. אויף דײַנע ווערטער וואַרט איך ווי אויף מיטיק, בשעת איך בין הונגעריק.

דײַן פרײַנד, וואָס פאַרערט דיך און האַלט דיך טײַער אאַז״וו.

שלום־עליכם

## 275. צו י. דינעזאָן

קיִעוו [17/18. 1. 1889 ?]

ליבער דינעזאָן!

אײַער וואַרעמען בריוו האָב איך מיט פיל פאַרגעניגן און מיט גרויס דאַנק געלעזן. אַ דאַנק אײַך, מײַן ליבער פרײַנד, פאַר אײַער טירחה, וואָס איר האָט זיך גענומען דורכקוקן סטעמפּעניון און אָנשרײַבן מיר אויף אים עטלעכע הייסע שורות, וועלכע זײַנען בײַ מיר אַן אָנדענק אויף לאַנג! אויף לאַנג! שאָדע, וואָס איך האָב קיין צײַט ניט געהאַט אויף „סטעמפּעניו״ אַ ביסל מער צו צוהאָרעווען און באַאַרבעטן אים ווי עס געהער צו זײַן; ער וואָלט פיל פײַנער אַרויס, נאָר עס איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך.

איך וואָלט זייער אַ בעלן זײַן הערן, וואָס זאָגט הפרישמאַן שלנו אויף „סטעמפּעניו״. היט אָפּ מײַנע לײַט און גריסט זיי ליבלעך; זעט, אַז עס זאָל זיי ניט זײַן סקוטשנע;

קריכט פון דער הויט אַרויס און מאַכט זיי פריילעך. יונגע־לײַט, יונגע־לײַט, ווײַזט זיי! וואָס מער יונגע־לײַט! און שענערע פון מיר, קליגערע פון מיר, וואָס בײַסן ניט קיין נאָגל (אַ מכּה וועלן זיי אָבער אָנשרײַבן אַזאַ „סטעמפעניו" אין 2 וואָכן!). נאָר לאַנג זאָלט איר זיי ניט פאַרהאַלטן. איר זאָלט דערמאָנען דער שלום־עליכמקע, אַז אין קיִעוו האָט זי איבערגעלאָזט ווי אויפן וואַסער אַ שלום־עליכם מיט דרײַ פּיצלעך שלום־עליכמלעך. אַ גאָטס רחמנות!...

גריסט פרישמאַנען אויך און זאָגט אים, אַז עס איז שוין צײַט, ער זאָל אויפהערן זײַן משוגע און זײַן אַ מענטש גלײַך מיט אַלע מענטשן. אָמן!

הײַנט אָוונט פּאַקט זיך אײַך אַ טראַנספּאָרט ביכער, און ערשט שבת וועט אײַך אַרויסגעשיקט ווערן די באַזונדערע געבונדענע תּפוחי כּסף במשכיות זהב) עקז' — אײַך, פרישמאַנען און די איבעריקע אונדזערע חברים די מיטאַרבעטערס.

אײַער שלום־עליכם

איר וואָלט ניט קליין געווען, איר אָדער פרישמאַן, אָנשרײַבן אַ קריטיקע אויף „סטעמפעניו" אין דער „ביבליאָטעק". נישקשה.

## 276. צום זעלבן

קיִעוו, 18/17. 1. 89[18]

ידידי יקירי!

מעבר השני תמצא שתי שאלות ואבקשך, יקירי, לתת לי תשובה נכונה עליהם, למען לא יצא סכסוך מזה ח"ו. —

היום בבוקר כתבתי לכם וכתבתי וכתבתי. מחר אי"ה געהאַט אַ פּעקל סחורה צו אײַך — אָבער סחורה!! איך בעט אײַך, אַז איר וועט אַחר שבת מקבל זײַן די „גוטע" (געבונדענע) עקז', זאָלט איר על הוצ' שלי צושיקן זיי לבעליהן, לויט אַ צעטל, וואָס איר וועט מקבל זײַן מאת העקספּעדיטאָר שלי אחת ואחת. —

ידידך אוהבך שלום־עליכם

פ"ש לזוג' ולבת א"ז ולפרישמאַן.

שאלה 1

902. В Слонимъ (Город.) Мирону Исаковичу Шерешевскому 1 экз.

אין די קוויטלעך איז ער דאָ, אָבער אין דעם בריוו ניט. ער איז לפי חשבון שלכם דער 14טער למספר החותמים שלכם; ומעות רשמתי על חשבון רק 13 רו"כ.

ווי אַזוי זאָל מען דאָ טאָן? —

שאלה 2

צווישן אײַערע קוויטעלעך האָט זיך געפונען דער אָבאָנענט פון Динабургъ, Шая Каганъ צוויי מאָל, און אין אײַער בריוו פון נאָכהער — נאָר 1 מאָל.

וואָס זשע הייסט דאָס?
הכּלל, מאַכט מיך קלאָר ע״י חשבון שני.

## 277. צום זעלבן

[18]89 .1 .19

ליבער דינעזאָן!

וואָס וויל פון מיר אײַער ר׳ נחמי טשערנאָוויץ? צעפּרעגט זיך אָקאָרשט בײַ אים אַקוראַט!

איך האָב אַצינד מיט מײַן זיידן מענדעלע אַ פּערעפּיסקע מכּוח אַן ענין, צו וועלכן אײַער בריוו קער זיך שטאַרק אָן; לכן האָב איך אײַער בריוול געמוזט אָפּשיקן צו אים; און וואָס ער וועט מיר ענטפערן דערויף וועל איך אײַך שרײַבן. —

גריסט מײַנע לײַט. וואָס מאַכן זיי דאָרט?

אײַער שלום־עליכם

## 278. צום זעלבן

קיִעוו, 24סטן יאַנ[ואַר] 1889

ליבער ערלעכער פרײַנד דינעזאָן!

אײַער הערצלעכעס בריוועלע האָט מיר פיל שמערצן און פיל פאַרגעניגן מיט־געבראַכט; שמערצן מצד דעם, וואָס איר זענט דורך מיר געפּלאָגט געוואָרן, און פאַרגעניגן מצד יענעם, וואָס אײַער קלאָר ריין האַרץ האָט זיך אַרויסגעוויזן נעמלעך אינעם דאָזיקן בריוועלע. בלאָ שפתי חנף זאָג איך אײַך, אַז צווישן אַלע מײַנע ליטע־ראַרישע ברידער און פרײַנד געפין איך אײַך לע״ע איינעם אַן איינציקן אמת ערלעכן פרײַנד. אַך, דאָס איז אַ הויכע זאַך: אַן אמתער ערלעכער פרײַנד! אשמתי, בגדתי, גזלתי, דברתי דופי... נאָר כאַפּט זיך ניט, עס איז ניט אַזוי די מעשׂה, ווי איר מאַכט, מען מוז אויסהערן דעם צד שכּנגד אויך — — — [ווײַטער איז דער בריוו אָפּגעריסן]

## 279. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, דעם 24סטן יאַנואַר 1889

ליבער ברודער רבי קצין!

טובה תוכחת מגולה מאהבה מסותרת. איר האָט מיך אַ ביסל דורכגעקלאַפּט, און זענט אַוודאי און אַוודאי און זיבן מאָל אַוודאי גערעכט, גוטער־ברודער! נאָר צדיק הראשון בריבו — הערט זשע אָבער וואָס איך וועל אײַך זאָגן, וועט איר זען, אַז ס׳איז

ניט הכּצעקתך. קורץ דערפון: דער דריטער פעליעטאָן „פונעם וועג" איז נאָך פון יאַלטע אַרויסגעשיקט געוואָרן, און איך זאָל אַזוי וויסן פונעם משוגענעם ליטוואַק, ווי איך האָב גאָר געדענקט, אַז עס ליגט נאָך בײַ אים מײַן פעליעטאָן. דען איר ווייסט ניט, בײַ וואָסערע אומשטענדן איך האָב דעם פעליעטאָן געשריבן. אַז — דענסמאָל איז מײַן פלימעניצע געלעגן כּמעט אויפן טויטן־בעט אין יאַלטע; עס איז געווען בײַ נאַכט גאַנץ שפּעט, שלאָפן האָט מען נישט באַדאַרפט, און בײַ מיר איז דאָ אַ פּראָקליאַטע חולאת, וואָס ווערט אָנגערופן, לאַ־עליכם, „פעליעטאָנאָמאַניע", על־פּי חקירת הרופאים האחרונים, און עס ציט זיך בײַ מיר, ניט פאַר אײַך געדאַכט, ווי סטענגעס בײַ אַ פּאָקוסניק פונעם מויל, מאַטעריאַל אויף פעליעטאָנען אָן אַ שיעור; כאַפּט עס מיך אויף אום האַלבע נאַכט און זאָגט מיר: „שלום־עליכם סערדצע, שרײַב אָן אַ פעליעטאָן!" — ווערט באַשאַפן אַ פעליעטאָן. פרעגט מיך אַצינד בחרם, וואָס שטייט דאָרט ווײַטער — ווייס איך ניט. אַ סימן האָט איר, אַז עס איז ניט ווי איר מיינט: אַז אָט דער לאַנגער פעליעטאָן, וואָס האָט ניט קיין סוף, ווי דער יִדישער גלות, איז אַצינד, נאָך מײַן ראַספּאָריאַזשעניע, איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן, און איך גלייב, אַז אינעם 4טן, אָדער ווײַט־ווײַט אינעם 5טן, נומער פון דער „בלאַטע" וועט ער איבערגעהאַקט ווערן — טפּררו.

נאָר דאָס איז נאָך פון די קלייניקייטן, וואָס אײַך אַרט מײַן כּבוד אָדער מײַן אומכּבוד; בלאַטע! מיר רײַסט מײַן האַרץ על האַי שופרא דבלי בעפרא — אויף דעם איינציקן זשאַרגאָנישן בלעטל, וואָס עס ווערט פון דעם אַ תּל. גוואַלד, מה אעשה לכרמי? קאָן מען דען מיט אַ „ביבליאָטהעק" אַליין אויסלייזן דעם זשאַרגאָן משיני רשעים? וואָס טוט מען? זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, אַ ביסל קענט איר מיך פּנים־אל־פּנים, אַ ביסל פאַרשטייט איר מיך שוין דורך מײַנע בריוו און פון מײַן שרײַבן — איך דאַרף נישט, ברוך־השם, דעם כּבוד, וואָס מײַן נאָמען וועט זײַן געדרוקט באותיות מרובעות אין „פאָלקסבלאַט"; נאָר איך שווער אײַך, אַז איך פיל, ווי צווישן מיר און צווישן דעם פאָלק, דאָס הייסט, צווישן די אַלע לײַט, וואָס לייענען זשאַרגאָן, עקזיסטירט עפּעס אַ מין בונד, אַ סוויאַז, און איך בענק, איך קאָן נישט ניט דורכרעדן מיך מיט מײַנע לעזער, וואָס ליבן מיך און וואָס זענען געליבט פון מיר. עפּעס פיל איך מיך הײמיש מיט זיי; עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז איך דאַרף זיי און זיי באַדאַרפן מיך. עס קאָן זײַן, אַז ס'איז נאָר אַ כּוח־הדמיון, אַ פאַנטאַזיע און געגנוג — נאָר אַזוי איז דאָס. און איר שמועסט דאָ גאָר פון כּבוד — שמאָוועד! אַ שיינע ריינע כּפּרה אײַך. גלייבט מיר, אַז אַלע לייענען זײַנע משוגענע העויות און לאַכן אויס זײַן באָבע; ער שמײַסט זיך אַליין אַלע וואָך בפני כּל עם ועדה; וואָס אַרט דאָס אײַך? דער גרעסטער באַווײַז, ווי הויך איך שטיי קעגן אים און אַלע זײַנע לײַט, איז דאָס, וואָס אין דער גאַנצער „ביבליאָטהעק" האָב איך אים מיט קיין וואָרט ניט אָנגערירט. טשעפּעט ניט, לאָזט אים געמאַך — יבוא יומו. וואָס אַרט אײַך? שווײַגט! —

מײַן „סטעמפּעניו" האָט אָנגעמאַכט אין וואַרשע אַ שטיקל רעש. דער עולם קוועלט. נאַראָנים: זיי ווייסן ניט, וואָס איך שרײַב אַצינד.

זײַט געזונט, און אַ טיפן דאַנק אײַך פאַר אײַער אמת גוט־פרײַנדשאַפט, כאָטש חברה קאָפּאַיען בײַ מיר אויף אײַך גאָר בריה"ש. נאָר האָט קיין יסורים ניט: איך קען אײַך.

אײַער איבערגעגעבנסטער פרײַנד שלום־עליכם

פ.ס. — מע האָט אײַך אַרויסגעשיקט, חוץ די פרעמדע עקזעמפּלאַרן, אויך נאָך אײַער זאַקאַז אָדער 51 אָדער 71 עקז׳ — און אויך מײַן מתּנה 25 עקזעמפּלאַרן. ווערט געוואָר, איך בעט אײַך, ווי אַרום קאָן איך איבערשיקן לינעצקין דעם געבונדענעם עקזעמפּלאַר? און ווי איז זײַן אַדרעס? — יאָ, מחשבותן: פאַר וואָס שרײַבט איר מיר ניט אײַער רעצענזיע איבער דער „ביבליאָטהעק״ בכלל?

הנ״ל

## 280. צו יעקב דינעזאָן

27. 1. [18]89

ליבער פרײַנד דינעסזאָן!

אַצינד, אַז מײַנע לײַט זענען שוין געקומען בשלום למחוז חפצם, נעם איך מיר דעם פאַרגעניגן אײַך אָפּצודאַנקען פאַר אײַער מי און פאַר אײַער גוט־פרײַנדשאַפט, וועלכעס איר האָט באַוויזן מיר אַצינד. איבעריקע ווערטער פון דאַנקבאַרקייט רעכן איך פאַר אַ באַליידיקונג פאַר אונדזער גוט־פרײַנדשאַפט, לכן נאָט אײַך מײַן האַנט און איך זאָג אײַך אויף גויִיש: Спасибо. מסתּמא האָט איר שוין דערהאַלטן מײַן פּאַסילקע פון דער עקספּעדיציע און געוויס צעטלייט דעם עולם אי די געבונדענע אי די געוויינלעכע עקזעמפּלאַרן. אויף מײַנע אַלע בריוו וואָס ביז אַהער האָב איך נאָך פון אײַך קיין ענטפער, מסתּמא וועל איך גיך האָבן. —

וואָס זאָגט דער עולם אויף דער „ביבליאָטהעקע״ בײַ אײַך? אין קיִעוו קאַכט עס! מע קאָן ניט זאָגן, אַז דאָס בוך איז אַ כּלה נאה וחסידה, נאָר הלוואי וואָלטן אַזעלכע ביכער געווען געדיכטער און אָפטער בײַ אונדז. איך האָב נאָך געגנוג צו רעדן מיט מײַנע לײַט מכּוח וואַרשע און מכּוח דער רײַזע בכלל, לכן אקצר ואומר שלום ועוד הפעם ת״ר לך, יקירי, בעד טרחתך ועמלך, און האָף אַז איך וועל אײַך נאָך אַ מאָל געוויס אָפּדאַנקען, נאָר ניט מיט קיין בייזע קריטיק פון אַ „קצין״ (סײַדן איר וועט ווידער ווערן אַ קריטיקער).

זײַט געזונט און גריסט פרישמאַנען ג״פ

אײַער שלום־עליכם

מײַן פרוי מיט מײַן פלימעניצע גריסן אײַך זייער ליבלעך און בעטן איבערגעבן אַ דאַנק דעם ה׳ שערעשעווסקי מיט אַ גרויס גאַנץ וואַרשע. אַ הערצלעכן גרוס! פאַר די אויערן, נאָך אײַער באַפעל, האָט מען מיך גוט אָנגעריסן. —

## 281. צו י. ח. ראַוויניצקי

[דער בריוו איז אָן אַ דאַטע]

ליבער פרײַנד רבי קצין לעבן!

חס־ושלום! לאָז דעם געזאָגט ווערן אַ גוט־יאָר, ווער ס׳האָט אײַך געזאָגט, אַז איר

זענט אַ שלימזל; געזאָגט האָב איך נאָר, אַז איר זענט אַ מלמד — און האָב אויך חרטה. און חרטה האָב איך געקריגן זינט כ'האָב איבערגעלייענט אײַער געצייכנט אַרטיקל „היש צורך בספרות הזשאַרגאָנית?" כמים קרים לנפש עייפה היו לי דבריך, ידידי, און יעדער וואָרט האָט מיך געשמירט, ווי אַ גוטער באַלזאַם. לעבן זאָלן ערלעכע גוטע מענטשן, וואָס קאָנען שעצן אַ ניצלעכע זאַך! הידד!! — — —

אַצינד דאַרף איך אײַך ענטפערן אויף אײַער בריוול, על ראשון אחרון ועל אחרון שני: וואָס איז פאַר שאלות מכוח „קריטיק"? עפּעס זע איך אַרויס פון אײַערע לעצטע ווערטער, אַז איר זענט מיט אַ מאָל אָפּגעקילט געוואָרן צו דער „ביבליאָטהעק"; זעט נאָר, צי האָט אויף אײַך דאָרט נישט אַ בלאָז געטאָן אָט אַ יענער קליינער — — — ?... וואָס פאַר שאלות פּלוצעם? איר דאַרפט מיר די „קריטיק" מאַכן, אַנפּילן און שרײַבן אַ היפּש אַרטיקל, איך זאָל מיט אײַך אויסנעמען, ווי צום ערשטן מאָל. און ווײַטער, וועגן מאַטעריאַל — זיצט איר דאָך אין אַ יידישער שטאָט, ווו מע קריגט אַ זשאַרגאָניש ביכל אַלע מאָל. — מסתמא וועט איר דאָך דעם צווייטן „הויזפרײַנד" אויך אַ בלעטער טון? הײַנט זאָלט איר, למען־השם, קריגן דעם נײַעם ראָמאַן פון החכם זייפערד, ווי הייסט ער דאָרט: „צווישן דערנער", „צווישן סאָניטשניקעס", צי „צווישן די געמאַרקען" — ווייסט דער רוח דעם טאַטן זײַנעם! נו, און וועגן דעם מטורף דעם לוי, ברענען זאָל ער אײַך אויפן פײַער: די בעסטע שטראָף זײַנע — מע זאָל פון אים אַ וואָרט ניט רעדן, קיין חצי דבור אַפילו, ער זאָל לאָפנען פאַר דאָסאַדע. און ער פאַרדינט טאַקע אַזאַ פּסק, דען רעדן איבער אים דאַרף מען אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר כּסדר — און, כלעבן, ס'איז ניט כּדאַי צו פּאַסקודען זיך מיט אַ מענטשן, וואָס אַ מאָל האָט ער געשריבן דאָנאָסן און הײַנט דרוקט ער דאָנאָסן. בײַ אײַך אין אַדעס האָט ער אַ פּאָר חסידים — לאָזן זיי זיך מיט אים וואָרגן, ואנחנו נלך לבטח דרכנו! בן־עמי איז גערעכט און זײַן ברכה איז מקוים געוואָרן: „די הינט וועלן בילן, די חזירים וועלן כרוקען — און מיר וועלן טון אונדזערס: זייען גוטע, געזונטע קערנדלעך, צעשפּרייטן ליכטיקייט און אַרויסגעבן רעכטע ביכער פאַר אונדזער אָרעם פאָלק". — עפּעס איז דאָ אַ דראַמע — „יהודית" הייסט זי, דאַכט זיך — פון יענעם מחבר, — נעמט זי אויך אַרײַן אין חדר אַרײַן. שמ״רן דאַרף מען ניט: געשטאָרבן שמ״ר, אויס שמ״ר! לוי מיט שמ״רן זענען אָפּגע־שטאָרבן פאַר דער קריטיק; לאָזן זיי זיך מיִען פאַר אונדזערע אַלטע כאַלעוועס, ותּהי נשמתם צרורה בצרור החיים — זאָגט קדיש.

נו, אַצינד וועט איר שוין מער נישט זוכן קיין פּריטשעפּקעס און וועט זיך שוין נעמען צו דער אַרבעט געשמאַק. אַזוי ווילט זיך מיר האָפן, דען איך רעכן אײַך פאַר איינעם פון מײַנע בעסטע חסידים.

אײַער איבערגעבענער שלום־עליכם

פּ. ס. — מיט אײַער „מוכיח" (וועגן צווייפעל) וועל איך זיך באַניצן, דאַכט מיר, אַצינד, אינעם צווייטן בוך.

אוי, שרײַב איך איצט אַ ראָמאַן! אין וואַלד, אין אַ פּיכטענוואַלד, קיינער טשעפּעט מיך ניט, און איך שרײַב אַ ראָמאַן. אוי, שרײַב איך אַ ראָמאַן! — — —

וועגן דעם שידוך שרײַב איך אײַך באַזונדער אַ בריוול. — בסוד.

## 282. צו ש. דובנאָוו

קיִעוו, 9. 2. 1889

אַ גרויסער שאָד, וואָס די אומשטאַנדן האָבן אײַך געשטערט זיך אַדורכצוזגיין איבער מײַן זאַמלבוך. איך וויל האָפן, אַז נאָך אײַער קומען קיין מסטיסלאַוול וועט איר ניט פאַרגעסן זיך צוריק אומצוקערן צו אונדזער זשאַרגאָן, וועלכער פאַררעכנט אײַך פאַר זײַן הויכן קרוב, נאָך דעם ווי גאַנצע צען יאָר און אפשר מער האָט אונדזער עמאַנציפּירטע שוועסטער, די רוסיש־ייִדישע ליטעראַטור אין גאַנצן איגנאָרירט איר באַגאַבטע ייִנגערע שוועסטער — ייִדיש. באַזונדערס אינטערעסירט מיך אײַער אומפּאַרטייִישע מיינונג וועגן „סטעמפּעניו", וועלכער איז שוין ניט קיין קאָפּיע פון דערווירקלעכקייט, נאָר אַ קינסטלעריש בילד, וואָס באַלעבט די ווירקלעכקייט מיט זײַנע שיינע, האַרמאָנישע און קלאָרע בילדער און שטריכן. דאָס איז מײַן ערשטער פּרוּוו איבערצוגעבן עפּעס זייער שיינס דער הערשאַפט פון דער פאַנטאַזיע, אויף אַ ייִדישן פאָלקסטימלעכן אונטערשלאָק. איר דאַרפט עס אָפּשאַצן, צי די אויפגאַבע פונעם קינסטלער איז דורך מיר ריכטיק אָדער ניט ריכטיק געלייזט געוואָרן. אין מײַנע ווײַטערדיקע ווערק קער איך זיך אום צו מײַן געוויינלעכן זשאַנער — צו דער באַשרײַבונג.

איר פרעגט, ווי גייען די באַשטעלונגען, ד"ה דער פאַרקויף פון דער „ביבליאָטעק". אויב דאָס איז אַ דערפאָלג, קאָן די „ביבליאָטעק" אויף אים פּרעטענדירן, ווײַל אין משך פון חודש יאַנואַר איז צעשיקט געוואָרן ביז צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן און מע שרײַבט נאָך אַלץ אויס, אַזוי, אַז — לויט דער מיינונג פונעם עקספּעדיטאָר — דאַרף זיך די אויפלאַגע אין פעוראַל און מאַרט פאַרקויפן אין גאַנצן און שפּעטער ווערן שוין אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנקייט. די מיינונגען פון מבינים דערגרייכן שוין אין זייער באַגײַסטערונג אַ סך העכערע גרענעצן, נאָר אײַער מיינונג איז פאַר מיר וויכטיק, איידער איך נעם זיך קלײַבן מאַטעריאַל פאַרן צווייטן באַנד, צו וועלכן איך האָב חשק צוצוטרעטן גאָר אין נאָענטן, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, אומאַנגענעמלעכקייטן, געמיינקייט, נידעריקייט און אומנייטיקע רכילות... אין גאַנצן אײַערער

שלום־עליכם

פּ.ס. צי וועט אין דער וואָכן־כראָניק פון „וואָסכאָד" קיין וואָרט ניט דערמאָנט ווערן וועגן דער „ביבליאָטעק" ?

## 283. צו א. א. האַרקאַווי

14. 4. [18]89

געערטער און געהויבענער הער!

איך האָב די ערע אײַך צו מעלדן דערבײַ, אַז הײַנט איז אײַך אַרויסגעשיקט געוואָרן דער יאָרבוך, וועלכן איך גיב אַרויס אין זשאַרגאָן, „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", און איך בעט אײַך אָפּצוגעבן אײַער אויפמערקזאַמקייט דעם דאָזיקן זאַמלבוך. און איר דאַרפט

מיר ניט באַצאָלן פאַר אים גאָרניט. וואָרעם ניט אויף געלט קוק איך אַרויס, נאָר איינס בעט איך אײַך, איר זאָלט אַזוי גוט זײַן און זיך מטריח זײַן מיר מודיע זײַן פאָלגנדיקס:

1) וואָסערע קווען עקזיסטירן, וועלכע טראַקטירן וועגן דער געשיכטע פונעם יידישן קאָסטיום?

2) צי זײַנען פאַראַן וועגן דער פראַגע ביכער אָדער אַרטיקלען אין די זשורנאַלן און אין וועלכע נעמלעך?

3) ווו קאָן איך דאָס אַלץ קריגן?

און איך פאַרבלײַב אײַער פאַרערער און שעצער. ש.־ע.

פּ.ס. צי קען מען קריגן ערגעץ ווו די לעקציע פון פּראָפעסאָר דאָבראָסלאַווין וועגן דער יאַרמלקע בײַ יידן? ווו איז זי אָפּגעדרוקט?

## 284. צו יהודה לייב גמזו

1889 .4 .25

חשובער הער!

איר האָט גוט געפרעגט, אָבער איך צווייפל ניט, אַז איר האָט שוין געזען הער לעווינסקיס רייד אין „המליץ" און אויך מײַן ענטפער (נומ׳ 80). אָבער איר האָט פאַרגעלייגט זשאַרגאָנישע לידער, גוטע און גרויסאַרטיקע. ענטפער איך אײַך: שיקט זיי צו, מײַן הער, און מיר וועלן זען אײַערע גוטע און גרויסאַרטיקע לידער, און מיטן גאַנצן האַרצן וועל איך אײַך באַצאָלן פאַר זיי וויפל איר וועט באַשטימען, כּדי צו געבן זיי אין דער צווייטער „ביבליאָטעק", תּרנ"ט (1889), פון 10 ביז 20 קאָפּיקעס פאַר יעדער שורה אין פערזן. אויב נאָר זיי זײַנען גוטע ווי איר זאָגט.

אײַער שלום־עליכם

## 285. צו „המליץ"

7טן מיי 1889

צום ה׳ אַרויסגעבער פון דער צײַטשריפט „המליץ"!

ווענען וועט ניט ווי טאָן דאָס האַרץ, זעענדיק, ווי געצייכנטע מענטשן בײַ אונדז טראָגן איבער נויט און לײַדן, די חרפּה פון הונגער אויף זייער עלטער, און קיינער זעט ניט, קיינער לייגט ניט קיין אַכט און קיינער קרענקט ניט אויף דער דאָזיקער חרפּה אונדזערער, די חרפּה פונעם גאַנצן פאָלק? ווענעמס האַרץ וועט זיך ניט אַ ריר טאָן אויף [צו טאָן] אַ גוטע זאַך בײַם אויפרוף פונעם ה׳ ל. קאַנטאָר (אין „המליץ" 97), ווען ער דערמאָנט דעם לייענער־עולם — די ליבהאָבערס פון דער העברעיִשער שפּראַך — דעם ערנפולן יום־טוב, דאָס איז דער יום־טוב פונעם 70סטן יאָר לעבן פון אונדזער עלטסטן שרײַבער ה׳ ק. שולמאַן? נאָר אָט וועט קומען דער טאָג, און דער דאָזיקער הייליקער עולם וועט ניט שטיין פון דער ווײַטנס, און יעדער פון אונדז וועט זיכער אים מכבד זײַן

מיט די געפילן פון זײַן האַרץ; וועט געוויס קומען מיט פיל מליצה, וועט זיך אויפהייבן ביזן הימל, אַראָפּנידערן ביז צו די אָפּגרונטן, דיכטן אין גראַמען, זינגען זייער פאַר־שטאַנדיק, און די לעבנס־געשיכטע פונעם שרײַבער וועט דערציילט ווערן פאַרן קומענדיקן דור — אַלע וועלן קומען און דערציילן זײַנע מעשׂים־טובים, אַ גאַנצן טאָג זאָגן זײַן לויב... אָבער הלוואַי וואָלטן געגומען אין אַכט די נדבנים פון אונדזער פאָלק, דאָס פאָלק פון גאָט און אַברהם, אַז ניט מיט קיין הוילע מליצות און מיזמורים וועלן מיר אויספילן אונדזערע פליכטן בנוגע צו די עלטסטע פון אונדזערע נאַציאָנאַלע שרײַבערס, וואָס זיי זײַנען גאָטס פּריסטערס, הייליקע קינדער, און אַ הייליקער חוב איז פאַר יעדן, וואָס האָט ליב זײַן פאָלק און זײַן שפּראַך אויף דער אמת, מכבד צו זײַן דעם דאָזיקן שרײַבער אונדזערן צום טאָג פון זײַן האַרציקער פרייד מיט דער ג ע ש אַ נ ק  פ ו ן  ז ײַ ן  ה אַ נ ט, י ע ד ע ר  א י י נ ע ר  װ ע ד ל י ק  ג אָ ט  ה אָ ט  א י ם  ג ע ב ע נ ט ש ט, וואָרעם אָרעם איז דאָס ייִדישע פאָלק צווישן די פעלקער און זײַנע שרײַבערס זײַנען אָרעמע. און אַ יום־טוב פאַרן שרײַבער איז אַ יום־טוב פאַרן גאַנצן פאָלק, און דאָס איז שוין אַן אַלטער ענין. און פונעם ה׳ אַרויסגעבער בעט איך באַקומען דאָס בײַגעלייגטע... אַלס אַ ריינע גאָב און גיך זי אָפּצושיקן צום געצייכנטן שרײַבער דעם ה׳ ק. שולמאַן און אין איינעם מיט מײַן באַגריסונג צו זײַן פרייד, און הלוואַי זאָלן מײַנע ברידער זען טאָן אויך אַזוי, און עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דאָס ווערטל פונעם פאָלק, צווישן וועלכן מיר זיצן: „צו אַ גראָשן פון אַלע עקן ערד — און דעם שרײַבער צענער טויזנטער״...

באָיאַרקע, ל״ג־בעומר ה׳תרמט [7טן מײַ 1889].  ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 286. צו יהודה לייב גמזו

Ю. З. Ж. Д. ст. Боярка, дача 26

8. 5. [18]89

מײַן חשובער הער!

אײַער אויסגעצייכנטע ליד האָב איך באַקומען און געפונען אין אײַך אַ גוטן טאַלאַנט, און איך זע, אַז איר ווייסט, אַז עס איז פאַראַן אַ געזעץ, אַ וואָג און מאָס אויך פאַר זשאַרגאָנלידער. כאָטש אין עטלעכע ערטער זינדיקט איר קעגן די דאָזיקע געזעצן און דינים, און עס איז אַרויס אַ „יאַמב״ אַנשטאָט אַ „כאָריי״.

נאָר ס׳איז דאָ אָרט און צײַט צו פאַרריכטן דעם פעלער. אָבער וועגן דעם עצם אינהאַלט פון דעם ליד קאָן איך ניט מסכים זײַן מיט אײַך, ווײַל ווער וועט אין די איצטיקע ביטערע צײַטן קומען ריידן האַרבע רייד מיטן רב פון דער שטאָט און אָפּלאַכן פון זײַנע בגדים און פון זײַנע לאַנגע פיאות? אָבער פון דער אַנדערער זײַט, האָט איר זייער גוט געטאָן, וואָס איר דעקט אויף אָפן די שאַנד פון דעם רב, וועלכער זיצט אויף זײַן רבנות, ווי אַ הון אויף אירע אייער. מײַן הער! מיר טוט באַנג דאָס דאָזיקע שיינע ליד אײַערס, און איך עצה אײַך, אויב איר וועט מיך נאָר וועלן פאָלגן: טרעט אַרויס מיט אײַערע פײַלן אַנטקעגן אונדזערע בײדע רבנים מיט אַ מאָל, — דעם שטאָט־רב און

דעם „קאַזיאָנע" רבֿ, מיט איין סטיל, מיט איין וואָג און מאָס און רופֿט אָן אײַער ליד „צוויייערליי רבנים". און דעם אייראָפּעיִשן רבֿ זאָלט איר דערלאַנגען אַ גאָב, אַ צווייעג־דיקע פּאָרציע. און איר זאָלט קורץ און שאַרף דערציילן זײַן געשיכטע און ביאָגראַפֿיע און וועגן דער טעטיקייט פֿון דעם דאָזיקן הער, וועלכער ליגט אויף די „מעטריקעס" און רײַסט פֿון לעבעדיקע און פֿון טויטע. דאַן וועט זיך באַקומען גאָר אַ וווּנדערלעכער עפֿעקט. און גאָט זאָל אײַך געבן אַ האַרץ צו פֿאַרשטיין און וויסן, אַז בלויז אײַער טובֿה וויל

אײַער קנעכט שלום־עליכם

## 287. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, במלון בדרך. 12טן—13טן מײַ 1889

ליבער פֿרײַנד, רבי קצין לעבן!

דברתי ואקיימה — איך האָב אײַך צוגעזאָגט שרײַבן מכּוח דעם שידוך בסוד און איך בין ממלא מײַן הבטחה. די מעשׂה דערפֿון איז אַזוי:

עס איז דאָ אין קיִעוו בײַ איינעם פֿון מײַנע בעסטע פֿרײַנד אַ מיידל פֿון אַ יאָר זיבעצן אָדער אַכצן, זייער אַ שיינע, אַן ערלעכע, אַ קלוגע אַ געלערנטע, מיט אַלע מעלות, פֿון זייער אַ פֿײַן אָרט — איך קאָן נאָר זאָגן אויפֿן חתן, וואָס גאָט וועט איר באַשערן: אַשרי האיש שככה לו! נדן גיט מען איר 25 טויזנט רובל מזומנע און אַחוץ עפּעס נאָך. זי איז אַ יתומה און האַלט זיך אויף בײַ אַ פֿעטער, אַ גאַנץ לײַטישער מענטש, אַ גבֿיר און גאָר נישט קיין עם־האָרץ; אפֿשר האָט איר געהערט פֿון אים: הייסן הייסט ער סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש און חתמעט זיך דאָרט אויף די גאַזעטן „שלום־עליכם".

דער שפּיץ איז אָבער: עס מוז צוגיין בסוד, אַז די כּלה טאָר נישט וויסן אַז מע רעדט איר אַ שידוך... איר פֿאַרשטייט שוין, צי ניין? אויב איר ווילט פֿאַרדינען אַ גראָב שדכניש קערבל, קאָנט איר מיר שרײַבן, ווער איז די צאַצקע, וואָס איר זאָגט, און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין? איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז צו מיר אין שטוב קאָן קיין עם־האָרץ נישט זײַן און אַ — — — אַוודאי ניט. דער עיקר — ער זאָל זײַן פֿון אַ פֿײַן אָרט, נישט מיאוס, געבילדעט, ער מעג זיך זײַן אַ דאָקטאָר, נאָר ניט פֿון די דאָקטוירימלעך, וואָס מע קויפֿט זיי אויפֿן צענדליק, ער מעג זײַן אויך נישט קיין דאָקטאָר, אָבי נישט קיין יונגאַטש, און העיקר של כּל העיקרים — ער זאָל זײַן רײַך אַליין, אָדער פֿון רײַכע עלטערן. אויך באַדאַרף מען, ער זאָל ניט זײַן קיין מחבר; סײַדן אַזאַ מין מחבר, ווי איך — איז נישקשה. הכּלל, איר דאַרפֿט עס גוט איבערקײַען און וויסן, ווי אַזוי דאָס אָנצונעמען. געוויינלעך, אַז איך וועל באַקומען פֿון אײַך אַ קלאָרע ידיעה פֿון דעם אָדער פֿון יענעם, וועלן מיר נאָכדעם אָפּמאַכן, אַז ראשית־חכמה זאָל איך די צאַצקע אַליין זען מיט מײַנע אויגן, און נאָך דעם וועט זי קאָנען קומען צו מיר, די צאַצקע מײַן איך, און אַז ס'איז אַזאַ־נ־אַנטיק, ווי איך מיין, וועט דאָס זײַן מן־השמים — און די כּלה טאָר אַלץ ניט וויסן, אַז דאָס איז אַ חתן, חס־ושלום. ממה־נפשך, איז דאָס פֿון כריין, וועט זיך עס צעגיין, איז דאָס פֿון מייערן, וועט זיך עס פֿאַרשלייערן, והכּל שריר וקיים!

ממני אײַער בעסטער שלום־עליכם

פּ. ס. — למען־השם, אל תגידו בגת ובאשקלון פונעם גאַנצן ענין, ובפרט צווישן אײַערע אַדעסער מחברים, מישטיינס געזאָגט — איך קען זיי!

## 288. צום זעלבן

סטאַנציע באַיאַרקע, 22סטן מײַ 1889

ידידי!

סטײַטש, איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ גזלן: איר קענט זיך מיטן ה׳ לעווינסקי פון גאָרנאָסטאַיעווקע און זאָגט, אַז ער איז אײַערער אַ „ידידי״, ולסוף שרײַבט איר מיר ניט, ווער ער איז און וואָס ער איז! בײַ אונדז זאָגט מען יאַקבי, אַז ער איז גאָר ניט ער, אַז ס׳איז אַ מיף! ער איז דאָך עפּעס גאָר אַ מין לעווי, ער שלאָגט מיט אים בלאַט, די זעלבע טענות, וואָס יענער משוגענער! זעט נאָר, צי איז ער מיט אים נישט קיין חבר־לאַפּ. עפּעס געפֿין איך שוין אין „פֿאָלקסבלאַט״ אַ מין זאַך פון לעווינסקין, טויג עס, דאַכט מיר, אויף כּפּרות — און שרײַבט אַליין זשאַרגאָן, און לאַכט פונעם זשאַרגאָן — אַ טשודאַק! עס טוט מיר שטאַרק באַנג, וואָס לעווויס דור הייבט אָן אַריבערצוגיין אין „המליץ״ אַרײַן; דאָס טויג גאָר אויף כּפּרות! מילא, אַז יענער משוגענער אין דער „פֿאָלקסבלאַטע״ שרײַבט פּאַסקודנע נודנע קריטיק אויף מײַן „קינדערשפּיל״ פֿאַר די פּינטעלעך, וואָס דער משוגענער האָט אַליין אָנגעשטעלט און איך האָב מיך מיט אים דערפֿאַר געריסן — איז כאַפּט אים דער רוח: לײַטישע לעזער האָבן שוין לאַנג אַ שפּײַ געטאָן אויפֿן „פֿאָלקסבלאַט״; אָבער דער „המליץ״ זאָל אונדז פּאַטשקען — דאָס טאָר מען נישט! אויב ס׳איז אמת, אַז איר זענט אַ גוטער ברודער מיט לעווינסקין פון גאָר־נאָסטאַיעווקע, טאָ פּירט אים צונויף מיט מיר, באַקענט אונדז — וועט זײַן רעכט. ער איז אַ מענטש מיט אַ טאַלאַנט, אָן עבירה, וואָס ער איז אַרײַן צו אַזאַ משוגענעם אין די לאַפּעס אַרײַן, אַ משוגענער און אַ פּאַסקודנער מסור! איר ווייסט כאַטש, אַז פון אַזעלכע פּאַסקודנע מוסרים הייבט מיר אָן נימאס ווערן דער גאַנצער עסק און עס קומען אָן מינוטן, וואָס ווילט זיך אַ שפּײַ טון... נאָר ניין, גאָט וועט אויספֿירן פון שלעכטע מענטשן... מע דאַרף האָפֿן!

אײַער שלום־עליכם

## 289. צו „המליץ״

[23סטן מײַ 1889]

צום געערטן הער אַרויסגעבער פון „המליץ״!

מײַנע ברידער, די פֿאָלקס־גענאָסע מײַנע, וואָס וווינען דאָ אין די זומער־ווווינונגען, זײַנען ווערט אַ לויב און אַ רום פֿאַר זייער אָפּגעבן כּבוד דעם עלטסטן פון אונדזערע שרײַבערס ה׳ קלמן שולמאַן, צום טאָג פון זײַן פרייד, דעם יום־טוב פון זײַן 70סטן יאָרטאָג, וואָס זיי האָבן געגעבן זייער גאָב, וואָס איך האָב בײַ זיי צונויפֿגעזאַמלט די

סומע דרײַסיק רובל, יעדער לויט דעם געשאַנק פון זײַן האַנט, אַזוי ווי ס'איז אָנגעצייכנט אונטן. הלוואַי וואָלטן אונדזערע ברידער אומעטום אַזוי געטאָן, וועט אונדזערע שרײַבערס קומען אַ באַפרײַונג און זייער גערעכטיקייט וועט באַשטיין אויף אייביק.

און איך פאַרבלײַב זײַן דינער, דער, וואָס שעצט דאָס יידישע פאָלק און זײַנע שרײַבערס.

שלום־עליכם

באָיאַרקע (לעבן קיִעוו), ערב שבועות תרמ"ט [23סטן מײַ 1889].

פ.ס. און דאָס זײַנען די נעמען פון די מנדבים: די ה"ה ה' איינהאָרן, ה' באָדיק, ה' גאָלדענבערג, ה' וואָלקנשטיין, ה' פלוני אלמוני, ה' עטינגער, ה' עסמאַן, ה' שאָליטע.

דאָס דאָזיקע געלט האָבן מיר הײַנט געשיקט לויט זײַן באַשטימונג.

דער אַרויסגעבער.

## 290. צו יהודה לייב גמזו

Ю. З. Ж. Д. ст. Боярка, дача 26
28 Мая 1889 г.

מײַן חשובער הער!

ווירקלעך, אײַער ליד „די רבנים" קאָן אַרײַנגיין אין „ביבליאָטעק". אָבער נאָר בתּנאַי, אויב איר וועט מיר דערלויבן צו מאַכן דאָרט ענדערונגען קליינע און גרויסע. וואָס הייסט קליינע? עס זײַנען פאַראַן אַ סך ערטער, ווו די אויסדרוקן זײַנען פרעמדלעך און ווו דער מעטער שטימט ניט מיט די געבוי־געזעצן פון כאָריי. וואָס הייסט גרויסע? מע דאַרף זייער און זייער קירצן דאָרט, ווו איר זײַט צו פיל מאַריך. אויב איר זײַט מסכּים מיט די דאָזיקע באַדינגונגען מײַנע, זאָלט איר מיר געבן צו וויסן, וועל איך אײַך צושיקן דאָס ליד מיט מײַנע באַמערקונגען, וועלכע איך וועל באַצייכענען מיט רויטער פאַרב, וועט דאָס זײַן אַ קלאָרער סימן ווו צו פאַרריכטן דעם פעלער און איבערצושרײַבן דאָס ליד פון דאָס נײַ. און בלויז דאַן וועל איך עס אָננעמען מיט פאַרגעניגן און וועל באַצאָלן האָנאָראַר ווי געהעריק; אָדער אפשר וועט איר מיר נאָר דערלויבן קאָפּירן זיי דורך מײַן איבערשרײַבער, און אײַך זאָל איך שיקן נאָר אַ קאָפּיע, כּדי אײַערע אויגן זאָלן זען די שאַפונג פון אײַערע הענט. און וואַרטנדיק אויף אײַער ענטפער, בלײַב איך דער, וואָס ערט אײַך און שעצט אײַער ווערק.

שלום־עליכם

## 291. צום זעלבן

Ю. З. Ж. Д. ст. Боярка, дача 26
28 Мая 1889 г.

מײַן טײַערער הער!

וויסנדיק פאָרויס, אַז איר וועט באַוויליקן מײַן פאָרשלאָג, וואָס איך האָב אײַך

מיטגעטיילט אין מײַן פּאָסטקאַרטל נומ׳ 1341, שיק איך דאָ אײַך אָפּ אײַער ליד מיט די סימנים און באַצייכענונגען, און איר דאַרפט דאָס ליד אומקערן אויסגעבעסערט, פאַרשע־נערט און באַפּוצט, אַזוי גוט, ווי אײַער דיכטערישע האַנט איז דאָס אין שטאַנד. איר האָט דאָס רעכט צוצוגעבן אָדער אַראָפּצונעמען דערפון, נאָר איך בעט אײַך, איר זאָלט ניט פאַרגעסן, אַז לויט מײַן אָרעמער מיינונג איז דער סוביעקטיווער עלעמענט (די ביאָגראַ־פיעס פון די רבנים) ניט גאָר געלונגען און אַנטשפּרעכט ניט דעם אָביעקטיוון געדאַנק, אויף וועלכן עס באַזירט זיך דאָס ליד, דעריבער וועט גאָרניט לײַדן, אויב מע וועט אַראָפּ־וואַרפן דערפון די דאָזיקע [צוגעפּוצטע] פּעדערן.

דאָס גלײַכן בעט איך אײַך, מײַן הער, אַכטונג געבן אויף דער אָרטאָגראַפיע, איך זאָל ניט דאַרפן ווידער איבערשרײַבן דאָס ליד. וואָרעם אײַער האַנטשריפט איז ריין און שיין אויף חידושים. אויב איר וועט וועלן פאָלגן מײַן עצה, וועט אַרויס בײַ אײַך אַן אויסגעבעסערטע און פאַסיקע זאַך. און איר זאָלט מיך אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב זיך דערלויבט אַרײַנטראָגן אויסבעסערונגען אין אײַערע ווערטער, איידער איך האָב באַקומען אײַער הסכּמה, ווײַל די צײַט איז קורץ און אַרבעט האָב איך זייער פיל.

מיט אַכטונג און גרוס
שלום־עליכם

## 292. צום זעלבן

Ю. З. Ж. Д. ст. Боярка, дача 26
21. 6. [18]89

מײַן הער! אויך אײַער צווייטן בריוו האָב איך באַקומען. דערווײַל קאָן איך אײַך נאָך וועגן אים גאָרניט זאָגן. נאָר דאָס טייל איך אײַך מיט און בעט אײַך, אַז איר זאָלט אַזוי גוט זײַן איבעראַרבעטן דאָס ערשטע ליד, אַזוי ווי איך האָב אײַך אָנגעוויזן, וועט עס אַרײַנגיין אין „ביבליאָטעק״ און איר וועט באַקומען האָנאָראַר (צען קאָפּ׳ פאַר יעדער שורה), און וועגן דעם צווייטן וועלן מיר זען, ווי עס וועט זיך באַקומען: אויב עס וועט נאָך זײַן אָרט, וועל איך דרוקן, און אויב ניט, זאָלט איר קיין פּרעטענזיעס צו מיר ניט האָבן. נאָך אַ מאָל: אײַער ערשטע ליד קען ניט אַרײַן אַפילו אין דער פאָרעם, אין וועלכער איר האָט מיר צוגעשיקט צום צווייטן מאָל. עס קען אויף קיין פאַל ניט געדרוקט ווערן, אַפילו אויב איר זאָלט מיר צוזאָלן צען רובל פאַר יעדער שורה, און איר זאָלט ניט מיינען, אַז דאָס איז מחמת קמצנות חלילה. איך בלײַב דער, וואָס ערט אײַך און שעצט אײַער ווערק.

שלום־עליכם

פּ.ס. איר זאָלט שטענדיק מבטל זײַן אײַער ווילן צוליב יענעמס ווילן, ווײַל איך בין אויך מבטל מײַן ווילן צוליב דעם ווילן פון אַנדערע אַ סך מאָל אין טאָג, און מיר אַלע זײַנען אונטערגעוואָרפן דער מיינונג פון אַנדערע, כאָטש מיר אַלע זײַנען חכמים אאַז״וו.

## 293. צום זעלבן

Боярка, 29. 6. [18]89

מייַן הער! איך האָב ניט געזאָגט, אַז אייַער פּאָעמע איז ניט גוט און גרויס־אַרטיק. איך האָב אייַך נאָר מיטגעטיילט, אַז אפשר וועט זי אין „ביבליאָטעק״ ניט אַרייַנגיין, ווייַל איך האָב זיך באַשטימט, אַלס געזעץ, ניט אַרויסזאָגן מייַן מיינונג קיין שום שרייַבער, וואָס לויבט זייַנע ווערק פאָרויס: איך בין אויך אַ שרייַבער בייַ ייִדן און האָב קיין מאָל קיין שום מענטשן ניט געזאָגט וועגן מייַנע ווערק, אַז זיי זייַנען גוט און גרויסאַרטיק, איידער עס האָבן זיי געזען אַנדערע, גרעסערע פון מיר. און וועגן „די רבנים״ בעט איך אייַך נאָך אַ מאָל, אַז איר זאָלט אַזוי גוט זייַן פאַרריכטן דאָס ליד לויט דעם ערשטן וואַריאַנט, וואָס איך האָב אייַך געשיקט, און אויב איר ווילט נאָך צוגעבן דערצו, האָט איר דאָס רעכט, נאָר מייַן עצה איז אויסצומייַדן יעדער סוביעקטיווע זאַך, אַזוי ווי די ביאָגראַפיעס אייַערע, ווייַל אין אַזאַ פּאָעמע איז נייטיק, אַז דער גרונט זאָל זייַן ווירקלעך דורכויס אָביעקטיוו, אַזוי ווי מיר וואָלטן רײדן וועגן אַלע אונדזערע רבנים און ניט נאָר וועגן די צוויי רבנים, וואָס איר קענט זיי. אויב איר וועט גרינטלעך פאַרשטיין מייַן מיינונג, וועט איר וויסן, אַז איך מיין בלויז אייַער טובה, און דער כּבוד פון מייַנע מיטהעלפּערס איז אויך מייַן כּבוד, און פאַר אַ חכם איז גענוג אַ ווונק.

אייַער קנעכט שלום־עליכם

## 294. צו ד. ה. מגיד

באָיאַרקע, 16. 7. [18]89

חשובער הער מגיד!

לויטן פאָרשלאָג פון ה. גורוויטש ווענדע איך זיך צו אייַך מיט אַ ביטע אומבאַדינגט אויסגעפינען די זשאַרגאָנישע בראָשור „מעשה גדולה בטבח אומאַן״, וועגן וועלכער ה׳ דובנאָוו שרייַבט מיר, אַז זי געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. אויב מע וועט זי אייַך אויף אַהיים ניט אַרויסגעבן, קאָנט איר גרינג פאַר צוויי־דרייַ מאָל איבערשרייַבן זי אין אַ העפט; פאַר דער דאָזיקער אַרבעט וועט איר באַקומען פון מיר אַן אָנשטענדיקן האָנאָראַר, אָפּהענגיק פון דעם פאַרנעם פון ביכל. זייַט אַזוי גוט און גיט מיר צו וויסן אייַער אַדרעס.

ש. ראַבינאָוויטש

פּ.ס. איך וואַרט אויף אייַער ענטפער. אַדרעס — יוגאָ־זאַפּאַדנאַיאַ זשעלעזנאַיאַ דאָראָגאַ, סטאַנציע באָיאַרקע, דאַטשע 26.

פאַר סטראַכירטער קאָרעספּאָנדענץ — קיִעוו, סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש — און גאָר.

## 295. צו שמעון דובנאָוו

**באָיאַרקע, 18טן יולי 1889**

אַ דאַנק אײַך פֿאַר דעם קאַרטל, זײַט מוחל, וואָס כ'האָב אײַך ביז איצט ניט געענטפערט. ענינים, אינטערעסן און ענינים! (קודם־כּל ליטעראַרישע.) אין גיכן טרעט איך צו צום דרוקן דעם צווייטן באַנד „ביבליאָטעק", וועלכער דאַרף איבערשטײַגן דעם ערשטן באַנד אין אַלע זײַנע אָפּטיילונגען. כ'האָב אַליין אָנגעשריבן אַ ראָמאַן „פּערעלע", וואָס קאָסט מיך אַ האַלב יאָר אַרבעט און, דאַכט זיך, עטלעכע יאָר לעבן. איך האָב נאָך קיין מאָל אַזוי ניט געהאָרעוועט איבער אַ ווערק און ניט באַאַרבעט אַזוי גענוי אַ זאַך פֿון אַלע זײַטן. דער כאַראַקטער פֿון מײַן נײַעם ראָמאַן איז אַ לירישער. בײַ מײַן גאַנצער נייגונג צו פֿריילעכן הומאָר האָב איך אין אונדזער הײַנטיקער סאָציאַלער לאַגע ניט קיין האַרץ צו מאַכן זיך נאַריש, בפֿרט ווען איך געפֿין און גראָב אויס אינעם לעבן, וואָס איך באַשרײַב, אַזעלכע פּערל, ווי פּערעלע אָדער רחלע אין „סטעמפּעניו". אַגבֿ, „סטעמפּעניו" דרוקט זיך איצט אין אַ דײַטשישער איבערזעצונג אין לעמבערגער „איזראַעליט". האָבן זיך פֿון דעסטוועגן דאָך געפֿונען מענטשן, וועלכע זײַנען בכּוח אָפּצושאַצן אַ זאַך, כאָטש זי איז געשריבן אויף זשאַרגאָן. אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור האָב איך איצט אַזוי פֿיל קעגנערס, אַז איך פֿאַרשטיי באמת ניט, פֿאַר וואָס קומט מיר אַזאַ כּבֿוד, וואָרעם „אַ סך שׂונאים — אַ סך כּבֿוד". טייל מאָל ווערט מיר טאַקע געגנוג פֿײַנלעך אין אַזעלכע אומשטאַנדן.

צי האָט איר ניט אַזאַ באַקאַנטן אין פּעטערבורג, וואָס זאָל זיך וועלן אונטערנעמען — פֿאַר אַ געהעריקער באַלוינונג — איבערצושרײַבן די בראָשור „מעשׂה גדולה מטבח אומאַן" אין דער ביבליאָטעק פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע? ווען רעכנט איר צו זײַן אין פּיטער? איך דאַרף עס וויסן. זײַט נאָך אַ מאָל מוחל, וואָס איך האָב פֿאַר־שפּעטיקט מיטן ענטפֿער, אין גאַנצן אײַערער

ש. ראַבינאָוויטש

פּ.ס. צי ווייט זײַן אין גיכן אַ ידיעה אין „וואָסכאָד" וועגן מײַן „ביבליאָטעק"? מײַנע העברעישע „טיפּן און סילועטן" דרוקן זיך איך „המליץ". כ'וועל אײַך שפּעטער צושיקן אַ גאַנץ ביכל מיט די דאָזיקע קליינע זאַכן.

## 296. צו „יעווריייסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ"

קיִעוו, יעליזאַוועטינער גאַס, נומ' 8, 3טן אויגוסט 1889

חשובֿער הער,

אײַער קאַרטל האָב איך באַקומען. איך דאַנק אײַך פֿאַרויס פֿאַר אײַער מי, כאָטש איך בין נאָך ניט באַקאַנט ניט מיט דעם תּוך פֿון דער זאַך, ניט מיט דעם, אויף וויפֿל דער מאַטעריאַל איז צוגעפּאַסט אויף פּובליקירן אין „ביבליאָטעק". דאָך האָף איך, אַז איך וועל זיך קאָנען באַניצן מיט דעם היסטאָרישן דאָקומענט. איך בעט אײַך נאָר, אַז

אַלץ זאָל זײַן אַ פּינקטלעכע קאָפּיע פון די אַרײַנפּירן, אינהאַלט־פאַרצייכענישן און אַנדערע באַמערקונגען, וועלכע איר וועט דאַרטן געפינען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איר דאַרפט אויסמײַדן אייגענע באַמערקונגען אין די קאָפּיעס, וועלכע איר נעמט אַראָפּ. אַ שאָד, וואָס איר האָט מיר ניט געגעבן צו וויסן וועגן דער צאָל זײַטן אין יעדער אויסגאַבע און אויף וויפל זיי שיידן זיך אונטער איינע פון דער צווייטער, כּדי קענען באַשליסן וואָס צו דרוקן — איין אויסגאַבע אָדער ביידע. איך וואַרט אויף אײַער דרינ־גענדיקן ענטפער.

מיט אַכטונג

ש. ראַבינאָוויטש

פּ.ס. דער אַדרעס איז אָנגעוויזן אויפן קעפּל פון בריוו.

## 297. צו שמעון דובנאָוו

באָיאַרקע, 17. 8. 89[18]

אײַער פּאָסטקאַרטל דערהאַלטן. און אײַער רעצענזיע אין „וואָסכאָד" (יולי) איבערגעלייענט. איר זײַט דער איינציקער שרײַבער, וועלכער באַציט זיך מיט מיטגעפיל און הומאַניטאַר צום אָרעמען זשאַרגאָן... ס'איז מיר שווער אויסצודריקן אײַך די וואַרעמע דאַנקבאַרקייט, וועלכע איך וואָלט אײַך געדאַרפט אויסדריקן. איך לעב לעצטנס אַדורך אַזוי פיל רדיפות און אומגערעכטע אָנפאַלן אויף מיר און אויף ייִדיש, מיט וועלכן איך האָב פאַרבונדן מײַן נאָמען, אַז איך מוז זיך פרייען מיט יעדן גוטן וואָרט. דער עיקר האָב איך פיל אויסצושטיין פון איינעם אַ פּסיכאָפּאַט, וועלכער האָט אַרײַנגענומען אין זײַנע אומריינע הענט די איינציקע „פאָלקסבלאַט", וואָס איז דורך אים פאַרוואַנדלט געוואָרן איצט אין אַ מיסט־אָרט צו גיסן די פּאָמעניצעס אויפן אַדרעס פון ייִדיש און זײַנע אַדעפּטן — אָנהענגערס, און דער עיקר אויף מײַן אַדרעס, — נאָך דעם ווי איך האָב, נו שטעלט אײַך פאָר וואָס? אָפּגעזאָגט דעם דאָזיקן מנוול (לוי) אַ הלוואה פון זעקס טויזנט רובל!!... פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן הייבט זיך אָן זײַן קאַמפּאַניע קעגן מיר און קעגן ייִדיש (דער אָרעמער, גאָט דער נשמה־שולדיקער ייִדיש!), און איר האָט באַדאַרפט זען, ווי אַזוי אַן אַרויסגעבער (ער איז דאָך דער פאַקטישער רעדאַקטאָר) פון אַ ייִדישער צײַטונג שרײַט אין יעדן נומער: „נידער מיטן ברודיקן זשאַרגאָן!" אָט אַ העלדישקייט! נאָר דאָס וואָלט נאָך גאָרניט געווען. כּדי אין גאַנצן אונטערצוגראָבן דעם אויטאָריטעט פון ייִדיש, גיט ער אין די לייטאַרטיקלען, אין די פעליעטאָנען, פּאָלי־טישער און אויסלענדישער כראָניק צו וויסן די לייענערס וועגן דעם, אַז שלום־עליכם רייכערט צענרובלדיקע ציגאַרן און קויפט אונטער זײַנע קריטיקערס (צווישן זיי אויך אײַך, נאַטירלעך), כּדי צו רעקלאַמירן זײַנע ווערק, אאַז"וו. שמוץ, וואָס איז אַ חרפּה איבערצודערציילן. ס'איז אַ חידוש, וואָס נאָך אַלע פאַרפאָלגונגען מצד ליטעראַרישע שונאים, איז זיך פון דעסטוועגן מײַן „ביבליאָטעק" אַזוי גיך און מיט אַזאַ דערפאָלג פונאַנדערגעגאַנגען צווישן פאָלק; און דער אָפּרוף און מיטגעפיל פון אויפריכטיקע

מענטשן גיבן מיר צו כּוחות און מוט זיך צו ראַנגלען קעגן דער אָפֿענער אומגערעכ־טיקייט אויף צווייערליי וועגן: פּראַקטונגספֿולע באַציִונג צו יעטווידן מין מנוולים און ענערגישע שטרעבונג פֿאָרויס — די פֿאַרשפּרייטונג פֿון ניצלעכע ביכער צווישן די מאַסן. — אײַער באַמערקונג בנוגע דעם, וואָס אין דער „ביבליאָטעק" פֿעלן פּאָפּולער־היסטאָרישע אַרטיקלען, נעם איך צו קענטעניש מיט האַרציקער אָנערקענונג.

אײַער איבערגעגעבענער ש. ראַבינאָוויטש

## 298. צו „יעווריייסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ"

קיִעוו, 3טן סעפּטעמבער 1889

חשובֿער דוד הילאַריאָנאָוויטש!

די קאָפּיע, וועלכע האָט מיך שוין פֿון לאַנג אינטערעסירט, האָב איך באַקומען, און איך דאַנק אײַך זייער פֿאַר דער טובֿה, וועלכע איר האָט מיר געטאָן. איך האָב ניט געוווּסט, אַז ביידע אויסגאַבעס שיידן זיך אַזוי ווייניק אונטער איינע פֿון דער אַנדערער לויטן תּוך און לויט דער פֿאָרעם. דאַכט זיך, אַז מיר וועט אויסקומען אָפּצודרוקן איין וואַריאַנט, אַנווײַזנדיק אויף דעם אין מײַן אַרײַנפֿיר. איר האָט, קאָנטיק, פֿאַרגעסן חתמענען זיך „דער איבערשרײַבער ד. מגיד". אָדער אפֿשר ווילט איר דאָס ניט? דעמאָלט וועל איך אונטערשרײַבן „אַרויסגעגעבן פֿון שלום־עליכם", און אַלץ. איך ווייס אויך נאָך איצט ניט, צי וועל איך אָפּדרוקן די בראָשור אין גאַנצן, אָדער נאָר ביז דעם אָרט, ווו עס הייבט זיך אָן „פּאָעזיע", ד"ה נגינות ע"פּ אלף־בית. גיכער — נאָר ביז דעם דאָזיקן אָרט. כאָטש דער האָנאָראַר, וועלכן איר האָט באַשטימט, איז אַ ביסל צו הויך פֿאַר די מיטלען פֿון דער „ביבליאָטעק", דאָך וועט איר אים באַקומען, ווי נאָר איך וועל צוטרעטן דרוקן דעם צווייטן באַנד (גלײַך נאָך סוכּות).

בנוגע די לידער פֿון דעם אַנאָנימען אויטאָר, וועלכע איר האָט צוגעשיקט, קאָן איך נאָר אָנווײַזן, אַז בײַ דעם אויטאָר איז פֿאַראַן אַ טאַלאַנט פֿון ווערסיפֿיקאַציע און ער פֿאַרשטייט דעם ענין; פֿאַראַן אויך אַ ריטעם, אַ ריכטיקע און אַ שטרענגע מאָס און אַפֿילו געפֿיל; נאָר עס איז ניטאָ דער צעמענט, וועלכער זאָל צונויפֿבינדן די דאָזיקע זאַכן מיט אונדזער פֿאָלק, און דעריבער זײַנען זיי פֿאַר דער מאַסע ניט צוגעפּאַסט. בכלל זײַנען נאָך פֿריצײַטיק עראָטישע לידער אויף זשאַרגאָן. דער אונטערשייד צווישן די לידער פֿון דעם אַנאָנימען אויטאָר און פֿרוגס לידער, למשל, באַשטייט ניט אין דעם ניוואָ פֿון זייער טאַלאַנטירטקייט, פֿרישקייט אד"גל, נאָר אין דעם, וואָס דער אַנאָנימער אויטאָר דענקט און פֿילט אויף דײַטש און שרײַבט ייִדיש, בעת פֿרוג דענקט ווי ער וויל, נאָר דערפֿאַר פֿילט ער און שרײַבט ריין ייִדיש און פֿאַר ייִדן, ניט פֿאַרגעסנדיק די אוידיטאָריע, וועלכע הערט אים. דאָס דאַרף גוט פֿאַרשטיין דער אַנאָנימער אויטאָר, און דאַן, בין איך איבערצײַגט, וואָלט ער געקאָנט אָנשרײַבן אַ גוטע זאַך. אָפּשיקנדיק אײַך צוריק די „פּראָבעס" פֿונעם אַנאָנימען אויטאָר, פֿאַרבלײַב איך אײַער דאַנקבאַרער און איבער־געגעבענער

ש. ראַבינאָוויטש

## 299. צו „יעווריייסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ"

קיִעוו, 4טן סעפטעמבער 1889

חשובער הער דוד הילאַריאָנאָוויטש!

איינצײַטיק מיט דעם וועט איר באַקומען צוריק אײַער כּתב־יד דורך זאַקאַזנאַיאַ באַנדעראָל. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב אים באַוויזן דעם היגן צענזאָר, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז דורכלאָזן וועט ער אים אפשר דורכלאָזן, נאָר ער וועט אָבער מוזן אַרויסוואַרפן און פאַרמעקן אייניקע ערטער, און דאָס וועט ברענגען שאָדן דעם מאַנוסקריפּט אַלס היסטאָרישן דאָקומענט. איך בעט אײַך דעריבער, סטאַרעט זיך דורכלאָזן דעם מאַנוסקריפּט בײַ אײַך. איר זענט דאָך מסתּמא באַקאַנט מיט אײַער דאָרטיקן צענזאָר. וועגן דעם רעזולטאַט בעט איך אומבאַדינגט געבן מיר צו וויסן.

אײַער איבערגעגעבענער

ס אָ ל. ר אַ ב י נ אָ וו י ט ש

## 300. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 4טן סעפטעמבער 1889

ידידי יקירי!

כּמה וכּמה ימים, ירחים ושנים שלא נדברנו! במי האָשם? פאַרשטייט זיך, איר זענט דער חייב! ווי דען איז אַנדערש? — איך שיק אײַך נאָך סחורה, שפּאָגל נײַע. אויף גאַרדאָנס מ ו ז ט איר עפּעס שרײַבן, און יענע צוויי — אויב איר האָט חשק... נאָר מיר דאַכט, אַז זיי זענען ניט ווערט אײַערס אַ וואָרט אַפילו — כאַפּט זיי בעני! — איר ווייסט, אַז אײַער שווײַגן איז יידישלעך? איר ווייסט, אַז איך האָב נ י ט ג ע ק אָ נ ט שרײַבן און איר האָט ב אַ ד אַ ר פ ט שרײַבן, צי ניין? איר ווייסט, אַז די „ביבליאָטהעק" דרוקט זיך שוין שטילערהייט? איר ווייסט, אַז איך וואַרט אַ בריוו צו באַקומען פון בן־עמין — אַ בריוו, איבער וועלכן די „ביבליאָטהעק" איז געבליבן שטיין? — גוואַלד, ברודער, איז דאָ סחורה! איר וועט זען אַ ביבליאָטעק, וועט איר משוגע ווערן! (נ"ב — אַ נײַעס: מײַן ראָמאַן, וואָס איז שוין אַרויס פונעם צענזאָר, האָב איך צעקײַעט און אײַנגעשלונגען און שרײַב אַ נײַעם!!!).

אײַער ש ל ו ם - ע ל י כ ם

## 301. צו ב. ל. פלעקסער

Киев, 5 сентября 1889 г.

גנעדיקע פרוי בערטאַ לוואָוונאַ!

אײַער חשובן בריוו האָב איך דערהאַלטן. דאָס מיטלײַד, וואָס איר האָט צו דעם אָרעמען יידישן שרײַבער האָרעפּאַשניק, איז געוויס, פון אײַער זײַט, זייער לײַטיש. נאָר וואָס קען איך טאָן פאַר אים? ווען אויף דער גאַנצער וועלט זאָל זײַן נאָר איין אָרעמאַן,

וואָלט ער, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ מיליאָנער. צום אומגליק, זײַנען זיי פֿאַראַן אומעטום אַ סך, און צווישן די שרײַבערס, בפֿרט נאָך די ייִדישע — איז דאָך זייער צאָל אומגעהײַער (имя им легион). דאָס איינציקע, וואָס איך קאָן טאָן פֿאַר טרובניקן, איז דאָס — צווישן זײַנע האַנטשריפֿטן, וועלכע געפֿינען זיך בײַ מיר, איז פֿאַראַן אויך אַ טײַטשביכל פֿאַר פֿרעמדווערטער, וואָס איז, אַגב, זייער שלעכט צונויפֿגעשטעלט. זיך באַניצן מיט דער דאָזיקער אַרבעט אין דער „ביבליאָטעק״ איז זייער אומבאַקוועם, באַזונדערס אין דעם אויסזען, אין וועלכן דאָס איז איצט. נאָר איך קאָן אַרויסציִען פֿון דאָרט די ווערטער די צום מייניסטן אומפֿאַרשטענדלעכע פֿאַר דער ייִדישער מאַסע, צוגעבן זיי מײַן אויס־טײַטשונג, און אַזוי ווי די ווערטער־אָרדענונג וועט גענומען ווערן בײַ אים (כאָטש, דאָס קאָן, פֿאַרשטייט איר, יעדער מאַכן מיט דער הילף פֿון וואָסער ניט איז ווערטערבוך), וועט דעם אויטאָר קומען האָנאָראַר, נאָר זייער אַ נעבעכדיקער האָנאָראַר. פֿון דעסטוועגן, שײַנט מיר, איז אַזאַ רובל טײַערער פֿון צען „פֿילאַנטראָפּישע״ רובלען. איז זײַט מסכּים מיט מיר. דעריבער שיק איך אײַך אַרויס דערמיט צען רובל, וועלכע איר קאָנט אים איבערגעבן, זאָגנדיק אַפֿילו פֿון וועמען און פֿאַר וואָס. איבעריקנס, כּדי ניט אָנצורירן זײַן אייגן־ליבע, שיק איך אַצינד ני ט אַרויס דאָס געלט, וואַרטנדיק אויף אײַער ענטפֿער. מיגלעך, אַז איר וועט געפֿינען פֿאַר מער באַקוועם, אַז איך זאָל אים אַליין אָנשרײַבן, אַז איך דאַרף האָבן זײַן ווערטערבוך, אאַז״וו. אַזוי אָדער אַנדערש וואַרט איך אויף אײַער ענטפֿער און באַניץ זיך מיט דער געלעגנהייט אײַך אויסצודריקן מײַן טיפֿסטע אַכטונג.

אײַער אונטערטעניקער דינער

סאָל. ראַבינאָוויטש

## 302. צו „יעווריייסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ״

קיִעוו, 22סטן סעפּטעמבער 1889

חשובֿער הער,

הייסט דאָס, אַז מיר וועט אויסקומען אויסוואַרטן, ביז דער היגער צענזאָר וועט דורכלאָזן די ראָשור. איך האָף, אַז צוזאַמען מיט דעם איבעריקן מאַטעריאַל וועט זי אויך בשלום דורכגיין.

בנוגע די לידער פֿון דעם אַנאָנימען אויטאָר... זײַט זיך מודה, סוף־כּל־סוף, אַז דאָס זײַנען אײַערע ווערק! פֿון אַלע איבעריקע וואָלט דאָס „וויגליד״ נאָך געקאָנט דורכגיין, ווען איר וואָלט מסכּים געווען אויף אייניקע ענדערונגען, וועלכע איך וועל אײַך אָנווײַזן. איך וואַרט אויף אײַער ענטפֿער און אויף אײַער אויספֿאַרריכטן ליד. ניט פֿאַרגעסט, אַז נײַנציק פּראָצענט לייענערס פֿון „ביבליאָטעק״ זײַנען אויסשליסלעך אָרטיקע, פּוילישע ייִדן, און איר זענט דווקא אַ ליטווישער. פֿאַרדריסלעך! אַזעלכע ווערטער, ווי „אַפּולע״ אַד״גל, ניצן מיר קיין מאָל ניט.

גרייט צו דינען שלום־עליכם

פּ.ס. אומבאַדינגט שיקט צו דאָס אויספֿאַרריכטע ליד צוזאַמען מיט דעם אָריגינאַל,

אויף וועלכן עס געפינען זיך מײַנע באַמערקונגען. צי דען רעכנט איר אויף אַן אמת [באַליידיקן זיך] ? מאָדנע !

## 303. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 24סטן סעפטעמבער 1889

ידידי היקר !

איך דאַנק אײַך פּאַר אײַער טירחה מיר דעם „וואָרעם" צו צושיקן. איך האָב אײַערע תּנאים פּינקטלעך אויף זיך מקבל געווען. עס פרייט מיך, וואָס איך קאָן אַ געפאַלענעם ברודער באַהילפיק זײַן כאָטש יענער איז מיר אַ דם־שונא דערפאַר, וואָס ער איז אין יענעם חדר אַרײַן. נאָר באופן (זה) קאָן אײַער רצון ממולא ווערן, סײַדן איר וועט מיר ענטפערן פון זײַן נאָמען וועגן, אַז ער גיט מיר, גלײַך ווי פאַר אַ יאָרן, אַ כּוח־הרשאה צו טון מיט זײַן אַרטיקל אַלץ, וואָס איך וויל, הײַנו: עס געפינען זיך דאָרטן פיל צינישע ווערטער. ווי ת...ת, געדריפּעט, טינוף וכדומה... דאָס קאָן די „ביבליאָטהעק" נישט פאַרדײַען בשום־אופן. אויך איז דאָרטן דאָ אַ צוויי בלעטלעך, וואָס שמוצט שוין אַ ביסל איבער דער מאָס די שיינע „ערלעכע" יידן. דאָס קאָן איך נישט דורכלאָזן בשום־אופן־ואופן. איר זענט באַקאַנט מיט דער נאַפּראַווליעניע פון דער „ביבליאָטהעק", דאַכט זיך, לכן איז מיר אַ חידוש, וואָס איר האָט דאָס דורכגעקוקט גאַנץ קאַלטבלוטיק. די בלויע צייכנס זענען מסתמא אײַערע. איך האָב זיך מיט זיי, געוויינלעך, באַניצט. בכלל איז דער „וואָרעם" אויסגעצייכנט: אונדזער אַלטער וועטעראַן, אַז ער וויל, קאָן ער שרײַבן. אונדזערע אַלטע זשאַרגאָניסטן באַווײַזן, אַז זיי גייען ווּפּעריאָד, ניט צוריק, ווי בײַ אַנדערע שרײַבערס פירט זיך אין דער וועלט. זקני תּלמידי־חכמים כּל־זמן שמזקינין דעתם מיושבת עליהם. בראַוואָ ! אויב ער גיט מיר פולמאַכט — שיק איך אים נאָך אויף סוכּות צו דעם האָנאָראַר (הגם עס וועט אים קומען ווינציקער), ובאם לאו — שיק איך אײַך אָפּ דאָס אַרטיקל צוריק, לויט אײַערע תּנאים. פון דער אָרטאָגראַפיע שמועסט מען ניט, אַז זי מוז געבעסערט ווערן. די „ביבליאָטהעק" דרוקט זיך שוין. וואָס שווײַגט איר וועגן אײַער קריטיק ? עפּעס מאַכט איר זיך גאָר נישט־וויסנדיק !

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 304. צו י. דינעזאָן

25 сентября 1889

ידידי יקירי !

אַ דאַנק אײַך פאַר אײַער טירחה צוליב מײַן „ביבליאָטעק". איך האָב נאָך הײַנט פרי אָוועקגעשיקט אַ בריוו אַ זאַקאַזנע צו גאָלדפאַדען קיין פּאַריזש. שרײַבט אים, איך בעט אײַך, פון זיך אַ בריוול, אַז ער מעג מיר פאָרויס צושיקן זײַנע מעמואַרן און לידער, ער וועט באַלוינט ווערן ווי עס קער צו זײַן. רעקאָמענדירט מיך פאַר אים, מחמת ער

האַלט מיך מסתמא פאַר אַ „יִדישן רעדאַקטאָר אַ מוכר־ספרימניק״ — איך וואָלט זײַנע מעמוארן געגומען מיט מער הנאה אַלס זײַנע לידער, דען לידער האָב איך איבער גענוג! — — —

וועגן דעם בר־נש און וועגן רויבשטיין האָב איך אײַך געשריבן אין יענעם בריוו. —

אײַער שלום־עליכם

## 305. צו ב. ל. פלעקסער

Киев, 1 октября 1889

פיל געערטע בערטע לוואָוונע!

אײַער טעלעגראַם האָט מיך, פאַרשטייט זיך, דערשלאָגן, ווי מיר זאָלן ניט זײַן גרייט אַלע צו באַגעגענען זיך מיט אָט דעם ערגסטן פלאָג פון גאָט. עס טוט לייד, פאַרשטייט זיך, אויפן חבר, וואָס איז פאַר דער צײַט פאַרשניטן געוואָרן דורכן טויט, נאָר ביטערער פאַר אַלץ איז דער גורל פון דער פאַמיליע, וואָס איז געבליבן אָן אויסקומעניש. איך פון מײַן זײַט וועל זיך סטאַרען, ווי איך האָב אײַך געשריבן אין דער טעלעגראַם, טאָן עפּעס וואָס פאַר דעם אומגליקלעכן טרובינס פאַמיליע. איך קלער, אַז איר וועט אויף זיך נעמען די מי אָנצופירן מיט דער אַלמנה אינעם געגעבענעם פאַל. איך קלער אויך, אַז די אַלמנה איז אַ פּראָסטע פרוי, וואָס וועט קאָנען, בײַ געוויסע באַדינגונגען, זיך מאַכן אַ קרעמל — צי וואָס — אויף צו שפּײַזן זיך און די יתומים. איך וואָלט אײַך אויך געבעטן, אויב ס'איז מעגלעך, צו שיקן מיר ידיעות וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם טרובניקס לעבן און זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט, און כאָטש די „ביבליאָטעק״, וועלכע איך גיב אַרויס, נעמט ניט אַרײַן קיין נעקראָלאָגן, פון דעסטוועגן וועט פאַר אַ מיטאַרבעטער, וועלכער איז אַרויסגעפאַלן פון אירע רייען, זיך שטענדיק געפינען אָן אָרט. איך וואָלט אײַך געוועזן זייער דאַנקבאַר, ווען איר שיקט מיר צו אַ נעקראָלאָג, כאָטשבי אויף רוסיש. כ'וואָלט אַליין דאָס איבערגעזעצט אויף זשאַרגאָן מיט אײַער אונטערשריפט, פאַרשטייט זיך. דערוואַרטנדיק אײַערע אָפטע בריוו, פאַרבלײַב איך מיט טיפער אַכטונג אײַער דינער

ס. ראַבינאָוויטש

## 306. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 3טן אָקטאָבער 1889

ליבער פרײַנד רבי קצין!

ווי מיר יִדן זעגען — ס'איז ניטאָ קיין צײַט אַפילו די נאָז אויסצושנײַצן, ווי עס געהער צו זײַן, ניט נאָר שרײַבן בריוולעך אַפילו צו די בעסטע פרײַנד, מיט וועלכע עס ווילט זיך דורכשמועסן מכוח וויכטיקסטע ענינים! — באַרעכנט מיך, אַז איך האָב נישט אַפילו איין מיטאַרבעטער אין דער „ביבליאָטהעק״, און איך אַליין מוז יעדנס אַרבעט אויסבעסערן, איבערפוצן, איבערשרײַבן. מאַלט אײַך, אַזאַ שמאַטע, ווי דער „איש

חסיד״ פון א.ב.ג., וואָס איר האָט מיר אין אַדעס געגעבן, האָב איך אַליין געדאַרפט אויסבעסערן, אויסגלעטן, עס זאָל האָבן אַ פּראָווילנע ראַזמער, און טאַקע מחילה כּמעט איבער אַ נײַעס דאָס איבערמאַכן — דערפאַר איז דאָס אַצינד אַזוי, אַז איר וועט אַליין זען. — דאָס אייגענע איז אויך מיט אַנדערע — געוויינטלעך, חוץ דעם זיידנס, בן־עמיס, אײַערס און פון נאָך אַ צוויי־דרײַ. — איך האָב אַצינד אַזוי פיל מאַטעריאַל, אַז עס וועט כאַפּן אויף דרײַ „ביבליאָטהעקעס״, און בכלל וועט די צווייטע „ביבליאָטהעק״ פאַרשעמען די ערשטע בכל האופנים, אַפילו מיט מײַן „סטעמפּעניו״. — דאָס וואָס איר האָט מורא, איך זאָל מיט מײַן איבערמאַכן צום 6טן מאָל ניט קאַליע מאַכן, איז אַ תּפילת־שווא, דען ניט איך מאַך צו רעכט, זאָנדערן איך שרײַב גאָר אַ נײַ ווערק — עס איז גיך פאַרטיק בײַ מיר — אָבער אַזעלכעס, אַז „סטעמפּעניו״ מעג נעמען דאָס פידעלע און גיין ווײַטער אַ ביסעלע — פון יענער זײַט טיר. — אַפּראָפּאָ, מכּוח מײַן נײַעם ראָמאַן. כּפי די צײַט איז קורץ, ווײַל איך אים דרוקן אין אַדעס. אפשר איז מעגלעך, איר זאָלט זיך דורכרעדן מיט שולצן און צושיקן מיר אַ מאָדעל פון אַלע אותיות, וואָס געפינען זיך בײַ אים, און שרײַבן מיר פּינקטלעך דעם פרײַז פונעם בויגן (16 זײַטלעך), און צי געפינט זיך בײַ אים אַלץ, וואָס מע באַדאַרף. געוויינלעך, זאָלט איר זײַן דער קאָרעקטאָר, און ווײַטער קיינער ניט. אויך דאָס וואָרט אײַערס זאָלט איר מיר געבן, אַז קיין שום בן־אָדם וועט דעם ראָמאַן נישט זען ביז די גאַנצע „ביבליאָטהעק״ וועט אַרויס, און אויך קיינער זאָל ניט וויסן, אַז מײַן ראָמאַן דרוקט זיך אין אַדעס. אָבער איר הערט? קיין בן־אָדם זאָל דערפון נישט וויסן! איז דאָס מעגלעך? — ווו האָלט איר אין אײַער קריטיק? — איך האָב אַ פעליעטאָן, וואָס שמועסט מכּוח ארץ־ישראל — וועט מען לעקן פון אים די פינגער, ניט נאָר די חובבי־ציון, נאָר אַפילו די וואָס ווייסן ניט מה דקאמרי חובבי־ציון! — הכּלל, ס׳איז רעכט.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — נו, און לעווינסקי מגאָרנאָסטאַיעווקע שרײַבט עפּעס? — בײַ לינעצקין האָב איך געמוזט אַרויסוואַרפן אַ סך ערטער, ווו ער האָט שוין צו פיל צעלאָזט דאָס צינגל מכּוח דער גמרא און מכּוח גלאַט ייִדישקייט...

## 307. צו „יעווריסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ״

קיִעוו, 13טן אָקטאָבער 1889

חשובער הער,

איך דאַנק אײַך זייער, וואָס איר האָט זיך גענומען איבעראַרבעטן דאָס לידל. צום באַדויערן, האָט איר איצט אין גאַנצן קאַליע געמאַכט די ערשטע סטראָפע מיט דעם, וואָס איר האָט אַרויסגעשניטן אַ גאַנצן פערזן־טאַקט און דערצו האָט איר נאָך אַרײַנגעשטעלט אַ ריין ליטווישן אויסדרוק, וועלכער איז אין גאַנצן פרעמד פאַר די זשאַרגאָן־לייענערס. איך רייד וועגן דעם וואָרט „גדולענקע״. אָט נעמט און ציילט איבער:

7 =V—V—V—V שלאָף, מײַן קינד, מײַן גדולענקע,

8 = —V—V—V—V אין אַ פרומער שטאָט פון ייִדן.

אַזוי אַרום האָט איר גלײַך פון אָנהייב אַרויסגעכאַפּט אַ גאַנצן טראַף. שטעלט זיך פאַר, ווען לערמאָנטאָוו וואָלט געטאָן אַזוי, ווי איר, וואָלט זיך בײַ אים, למשל, באַקומען אָט ווי:

Спи, младенец, мой сынок =,7
Стану сказывать я сказки = 8

וואָס וואָלטן מיר געטאָן מיטן רעפרען ? צי דען וואָלטן מיר אײַנגעשלונגען דעם קלאַנג, אַ, מבליעה געווען, אַזוי ווי איר האָט געטאָן ? איך בין מסופק. ווײַטער, אין דער צווייטער סטראָפע... אין דעם ערשטן וואַריאַנט באַקומט זיך בעסער — פאַר דיך האָב איך... אין אַלגעמיין איז דאָס לידל זייער גוט אויסגעפאַרריכט. אויב איר וועט מיר דערלויבן אַרײַנטראָגן אייניקע ענדערונגען, וועל איך אײַך צושיקן אײַער אויסגעפאַר־ריכטן ליד, וועלכן איר וועט אַזוי גוט זײַן נאָך איין מאָל איבערשרײַבן און אַן עק. דערצו: דער בעלעטריסטישער אָפּטייל פון „ביבליאָטהעק" פאַרענדיקט זיך שוין אין דרוק, דעריבער בעט איך אײַך צואײַלן זיך מיטן ענטפער, און דערפאַר וועל איך אײַך זײַן זייער דאַנקבאַר. אין פּראָגראַם פון זאַמלבוך, ד"ה אין אינהאַלט־פאַרצייכענונג, איז אײַנגע־שלאָסן אײַער לידל.

בײַ דער זײַט שרײַב איך אײַךביידע וואַריאַנטן פון דער ערשטער סטראָפע. באַשטעטיקט איינעם פון זיי. נאָר וואָס גיכער.

אין גאַנצן אײַערער שלום־עליכם

שלאָף, מײַן קינד, מײַן זון מײַן גיטער,
שלאָף זשע, זונעניו.
גאָט אין הימל איז דײַן היטער,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו.

שלאָף, מײַן קינד, מײַן זון מײַן שיינער,
שלאָף נאָר, זונעניו.
מיר זאָל זײַן פאַר דײַנע ביינער,
משה־לייבעניו.

דעם נאָמען קאָנט איר ענדערן, ווי איר ווילט. איר קאָנט אויך איבעראַרבעטן די גאַנצע סטראָפע, עס זאָל נאָר אויסקומען די מאָס 5. 8. 5. 8, ווי אין אַלע איבעריקע.

פּ. ס. „לכל־הפּחות — נחת" — אַ שלעכטער גראַם.

## 308. צו ב. ל. פלעקסער

Киев, 14—15 октября 1889 г.

פיל געערטע בערטע לוואָוונע!

אײַער בריוו האָב איך באַקומען. כ'בין פאָרויס מיט אײַך אין גאַנצן מסכים, וואָרעם וואָס קען איך וויסן דאָ אונטער די אויגן, איבער בערג ? איר קאָנט איר בלויז צוזאָגן מײַן פולע מיטהילף אין אַלץ, זיך סטאַרען מיט אַלע קרעפטן עפּעס צו טאָן דאָ וועגן דער פאַריתומטער משפחה, ווי איך האָב אײַך שוין געשריבן. ווײַטער וואַרט איך אויף

אײַערע מיטטיילונגען. איך בין שטענדיק גרייט מיט אײַך זיך צו עצהנען וועגן דעם ענין. אויב עס וועט זײַן אַ וואָסער ניט איז נויט אין מײַנע אָנווײַזונגען אָדער אין מײַן אָנפירן, מעגט איר זײַן זיכער, אַז איך וועל זיך שטעלן אין גאַנצן אײַך צו דינסט. כ׳וואָרט אויך אויפן נעקראָלאָג. מיר איז אינטערעסאַנט צו וויסן, צי קאָנט איר אויך יידיש ? איר זענט דאָך, ווי איך פאַרשטיי, אַ געבילדעטע, אינטעליגענטע פרוי; איר מעגט זיך שעמען, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, ניט וויסן אײַער א י י ג ע נ ע (родного) שפּראַך, איך רעד, פאַרשטייט זיך, ניט וועגן דער העברעיִשער, וואָס איז לחלוטין ניט צוגעננגלעך פאַר אונדזערע הײַנטצײַטיקע פרויען. איך מיין, ווייניקסטנס, דעם זשאַרגאָן. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס אַ פרוי מיט אײַער בילדונג וואָלט זייער ניצלעך געווען אונדזער פאָלק אויפן פעלד פון אונדזער נײַסטער פ אָ ל ק ס־ליטעראַטור. אַנטשולדיקט מיך גרויסמוטיק, וואָס איך האָב זיך דערלויבט אײַך צו זאָגן אַ ביסל מוסר. אויף ווידערזען.

אײַער איבערגעגעבענער דינער
ס אָ ל. ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש

## 309. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 26סטן אָקטאָבער 1889

ליבסטער פרײַנד רבי קצין!

ע, איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַן אומגליק! איר מיינט, איך בין לעווי? איך שרײַב ניט: קומממען, נעמממען, אַלללע, פאַלללען, קוקקקען, בליקקקען וכדומה. אַ כ ט ו נ ג ג ע ב ן מיינט מען מ ײַ ן אָרפאָגראַפיע. ווידער „אַרגער״ שרײַב איך אויך ע ר ג ע ר. נאָר „דאָס קעפּעל״ שרײַב איך ד אָ ס ק אָ פּ ע ל — און טאָמער וועט איר שטעלן „קעפּעל״, וועל איך זיך מיט אײַך דערפאַר נ י ט גטן. נאָר אַזוי ווי די גאַנצע „ביבליאָ־טהעק״ דרוקט זיך פונקט מיט דער אָרפאָגראַפיע, וואָס מײַן מאַנוסקריפּט (חוץ אַבראַ־מאָוויטשעס סיפּור), הײַנט אַז איר וועט מײַן „יוסילען״ געבן אַן אַנדער אויסלייגעכץ, וועלן מיר שוין האָבן אַ מישמאַש, אַ יידישע שׂימחה.

בן־עמין שרײַב איך אַ בריוו. איך האָב געגעוג צרות מיטן צענזאָר פאַר זײַנע מעשׂהלעך. קומט איר מיר נאָך זאַלצן אויף די ווונדן. —

אַ גרויסע טובה וואָלט געווען פאַר דער „ביבליאָטהעק״, ווען איך זאָל זיך מיט אײַך קאָנען זען. און זעען זיך מיט אײַך איז איצט אַ שעת־הכּושר, הײַנו: מײַן ווײַב זאָל לעבן האָט מיר געהאַט אַ בן־זכר, און דינסטאָג, ח״י חשוון, 31סטן אָקטאָבער, איז דער ברית, אם־ירצה־השם. ווען איר און בן־עמי זענט מענטשן, וואָס מענטשן הייסט (אַבראַ־מאָוויטש איז אַ זיידע, אים מטריח זײַן איז מיר עפּעס פּריקרע), וואָלט איר גענומען און וואָלט זיך ביידע דורכגעפאָרן צו מיר, פאַרפאָרן גלײַך צו מיר — פאַר אײַך ביידן איז דאָ אַ באַזונדער צימער און... נאָר וואָס רעדט מען מיט יידן — יהודים?

ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 310. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיִעוו, 26סטן אָקטאָבער 1889

ליבסטער טײַערער זיידע לעבן!

איך, אײַער אייניקל „שלום־עליכם", און אויך מײַן ווײַב זאָל לעבן קומען ביידע צו אײַך מיט אײַער ווײַב זאָל לעבן מיט אַ בקשה צו בעטן אײַך אויפֿן ברית פֿון אונדזער זון, וואָס איז אונדז געבאָרן ביום ג׳ (דער ברית איז דינסטאָג, אם־ירצה־השם, ח״י חשוון, 31סטן אָקטאָבער) — דער ערשטער זון, אויף וועלכן אַ סך אויגן האָבן אַרויס־געקוקט אַ סך מיט יאָרן. אונדזער בקשה איז ניט קיין מזל־טוב־בריוול, וואָס לאָזט זיך אויס מיט אַן „אדלג שיר"; דאָס איז אַן אמת געבעט פֿונעם האַרצן, וואָס אײַער טון קומען צו אונדז וועט זײַן אַ יום־טוב בײַ אונדז אויף אייביק! פֿאַרצייכנט אײַך די לעצטע ווערטער און טוט צו ליב מענטשן, וואָס זענען אײַך גוטע פֿרײַנד און וואָס האַלטן אײַער גוטפֿרײַנדשאַפֿט פֿאַר אַ גרויסן כּבוד.

אײַער אייניקל, וואָס האָט אײַך ליב,
שלום־עליכם

פּ.ס. — אַ קוואַרטיר האָט איר בײַ מיר גאָר אַ פֿײַנע, צוגעגרייט מיט אַלע כּבודן; שיקט נאָר אַרײַן פֿריִער אַ דעפּעש פֿון אַ פּאָר ווערטער: „מיר פֿאָרן — אַבראַמאָוויטש".

## 311. צום זעלבן

קיִעוו, 10טן נאָוועמבער 1889

טײַערער געטרײַער זיידע לעבן!

צוויי זאַכן האָבן מיך אויפֿגעהאַלטן פֿון צו שרײַבן אײַך ביז אַהער און נאָך איין זאַך אַ דריטע. ראשית, דער ברית. והשנית, מײַן „יוסילע סאָלאָוויי"; דאָס איז מײַן ראָמאַן, וועלכן איך האָב איבער אַ נײַעס געמוזט אָנשרײַבן, נאָך דעם אַז איך האָב מײַן פֿריערדיקן ראָמאַן „אסתּר" פֿאַרברענט אויפֿן פֿײַער. איך האָב זיך מיט מײַן „יוסילען" גענוג אָנגעמאַרדעוועט. איך האָב שוין אַוועקגעשיקט פּאַפּיר אין דער דרוק און געלט און אַלעס — נאָר איך האָב אים פֿאַרשלאָסן אויף אַ פּאָר וואָכן, בכדי איך זאָל אים אַרויסנעמען נאָכדעם און זיך רעכט באַקענען מיט אים. גיב גאָט, ער זאָל נושׂא־חן זײַן אין מײַנע אויגן און איך זאָל אים חלילה ניט דאַרפֿן עוקר מן השורש זײַן... די דריטע סיבה איז, וואָס איך האָב ערשט נעכטן באַקומען די לעצטע קאָרעקטור פֿון אײַער גילדן „ווינטשפֿינגערל", און לויט די שורות דאָרטן, טראָגט דער חשבון, אַז עס קומט אײַך אַרויס פֿון מיר געלט לערך אַ ק״ן קערבלעך, וועלכע איך שיק אײַך, זיידעניו, דאָ מיט אַ צושריפֿט: בעז אוווידאָמלעניאַ — דאָס טײַטש: תּיכּף־ומיד, למען־השם, לא יאוחר אַרויסגעבן! —

איר זאָלט וויסן זײַן, ליבער האַרציקער זיידע, אַז חוץ יענע פּייטערבאַרגער, וואָס איר האָט מיר צוגעזאָגט און וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז אין קול ואין קשב, חוץ יענע, בלײַב איך אויך אָן אַרטיקלען פֿון אײַער ר׳ מנשה מרגליות און אונדזער

ליליענבלומען. אַצינד איז שוין כּמעט פאַרפאַלן. נאָר זאָרגט ניט: מאַטעריאַל איז דאָ גענונג, ברוך־השם! יאַנואַר, רעכן איך, זאָל די „ביבליאָטהעק״ אַרויסגיין; זי דרוקט זיך אין צוויי דרוקן.

אײַער געטרײַ אייניקל שלום־עליכם

## 312. צום זעלבן

קיעוו, 17טן נאָוועמבער 1889

ליבער טײַערער זיידע!

גוואַלד, מע קוועטשט מיך! מע לאָזט מיך נישט ענדיקן מײַן „יוסילען״! איך בעט אײַך, ענטפערט מיר תּיכּף־ומיד, ווי אַזוי זאָל איך שרײַבן: צי יוסילע סאָלאָוויי, צי יוסעלע סאָלאָוויי, צי גאָר יוסעלע סאָלאָווייא?

דאָס „ווינשפינגערל״ שיק איך אײַך. ווי איר זעט, איז דאָס לידל פון „איש חסיד״ אַרויסגעפלויגן. עס פּאַסט פּאַר גאָטליובערן, ניט פאַר אײַך. איצט הרגעט מיך, שלאָגט מיך, שמײַסט מיך! מיר איז טײַער אײַערס אַ וואָרט מער ווי מײַנס; אַז איך מאַך אַ פעלער, איז דאָ אַ תּירוץ: פאַרט אַן אייניקל; דער זיידע אָבער, אוי־ווי, אַז ער פאַלט אַרײַן אין שאַרזש, קאָן עס דאָס אייניקל נישט דערלאָזן בשום־אופן! דערמאָנט זיך די מעשׂה מיט נחן... איבעריקנס, האָב איך אַ בריוול פון אײַער בן־עמין, וווּ ער שרײַבט מיר בפירוש, איך זאָל, גוואַלד, דאָס לידל בעטן מחילה... אײַער בריוועלע, זיידע לעבן, האָט מיך באמת מחיה געווען. לאָזט מיך נאָר מיט מײַן ביבליאָטעק אָפּפּאַרטיקן זיך, וועלן מיר זיך נעמען צו אײַער געדרוקטער סחורה.

אײַער אייניקל שלום־עליכם

## 313. צו י. ח. ראַווניצקי

(אָן אַ דאַטע)

### כּללים בשעת דרוקן מײַן „יוסילע סאָלאָוויי״

געשריבן צו מײַן חבר, מײַן געטרײַען קאָרעקטאָר, רבי קצין זאָל לעבן

1. איך האָב אָנגעפרעגט בײַם זיידן זאָל לעבן, ווי אַזוי צו שרײַבן דעם נאָמען: צי „יוסילע סאָלאָוועיי״? צי „יוסעלע סאָלאָווייא״ (ווי ער שרײַבט)? צי גאָר „יוסילע סאָלאָוויי״? אפשר זאָל בלײַבן מײַן אָרפאָגראַפיע.

2. אין דער צײַט, אַז איר וועט באַקומען מײַן ראָמאַן, וועט איר דאַך קודם־כּל וועלן איבערלייענען, זאָלט איר טון אַזוי ווי פאַר אַ יאָרן, אויב איר געדענקט. דאָס הייסט, פאַרשפּאַרן זיך אויף אַ גאַנצע נאַכט, אָדער אויף צוויי נעכט, און נאָכדעם, בדעה מיושבת, מיר שרײַבן אײַער מיינונג.

3. איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז אַפילו דער זיידע אַליין און אַפילו בן־עמי זאָלן מיך ניט זען נאַקעט, נישט אָנקוקן מײַן יוסילען אין די ווינדעלעך; אויך וויל איך ניט, איר זאָלט זיי ווײַזן שטיקלעכווײַז קאָרעקטן — נאָר גאַנצערהייט, אַ פאַר־טיקן, ווי עס געהער צו זײַן!

4. נאָר אויב עס איז בײַ אײַך נישט מעגלעך און איר קאָנט זיך בשום־אופן נישט אײַנהאַלטן, זאָלט איר, לכל־הפחות, נאָך אײַער ערשטן איבערקוקן, דאָס מאַנוסקריפּט אָוועקטראָגן צום זיידן און דאָרטן פאַר אים מיט בן־עמין אין אַ פאָר געכט דורכלייענען, ניט געכאַפּט און דײַטלעך.

5. למען־השם, אויפן כתב־יד גופא קיין שום אָנמערקונגען בײַ דער זײַט נישט מאַכן; האַלט בײַ זיך אַ גאַנצן בויגן פּאַפּיר מיט אַ שטיפטל און צייכנט אײַך אָלץ, וואָס מע באַדאַרף.

6. איבערשרײַבן דעם כתב־יד באַדאַרף מען ניט: ער איז ריין.

7. מיר זאָלט איר צושיקן אַ באַזונדער צעטל פון פעלערן, אײַנזועכצן, שינויים וכדומה — בכדי איך זאָל דאָס רעכט באַטראַכטן און זען, צי זענט איר גערעכט, צי ניין.

8. אַכטונג געבן אויפן מאַנוסקריפּט, עס זאָל נישט געמינערט ווערן פון אים חלילה אַ האָר.

9. דאָס מאַנוסקריפּט איז אײַנגעטיילט אין פיר טעטראַדן, צו פאַרגרינגערן בשעת דרוקן.

10. די אָרפאָגראַפיע איז שוין אָקאָנטשאַטעלנאַ אויסגעבעסערט; די גערמאַניזמען אַרויסגעוואָרפן.

11. בשעת קאָרעזשירן האַלטן בײַ זיך דעם עצם כתב־יד, בכדי צו פאַרגלײַכן מיט מײַן מיינונג אויך.

12. צושרײַבן אַ וואָרט אָן מײַן וויסן — הזהר והשמר. דער עיקר איז: האַלטן בײַ זיך אַ פּאַפּיר מיט אַ שטיפטל!

13. אויף די נקודות גוט אַכטונג געבן, ווו עס גייט אַ צירה און ווו אַ סגול.

**איצט גייען כּללים, וואָס זענען שייך צו דער טיפּאָגראַפיע:**

1. דרוקן בסך־הכל 4,000 עקזעמפּלאַרן. דאָס הייסט, 3,800 עקז' פּשוט און 200 גוטע, רעגאַל.

2. למען־השם, דאָס גאַנצע בלעטל זאָל גיין אין אַ רעמל, דאָס הייסט, אָן אָרנאַ־מענטל, אָבער אַ שיינס, און דער עיקר — אַ דינס, אַ ניעזשנע; נאָר אויב עס געפינט זיך ניט אַזעלכעס, און אויב איר וועט געפינען, אַז עס וועט נאָר פאַרנעמען אומזיסט אַ סך אָרט, זאָלט איר שטעלן דאָס זעלבע קאַנטל, דאָס שלענגעלע, וואָס פאַר אַ יאָרן בײַ „סטעמפּעניון".

3. די נעמען פון איטלעכס קאַפּיטל שטעלן מיט גרויסע אותיות מיט נקודות — למען־השם.

4. איטלעכס קאַפּיטל הייבט זיך אָן בײַ מיר מיט אַ וואָרט פון גרויסע אותיות. אויב איר וועט געפינען, אַז ס'איז ניט מיאוס — זאָלט איר אַזוי הייסן דרוקן.

5. שורות אין איטלעכן דף באַדאַרף זיך געפינען לפי מיספּר הזאַץ 36.

6. פון איין קאַפּיטל צום אַנדערן שטעלן קליינע אָבער שיינע אָרנאַמענטלעך, צאַצקעלעך, ווי אין דער „קליאַטשע", אויב עס געפינט זיך נאָר. אויב ניט — שטעלט פּראָסטע: — —

7. דרוקן נישט ווייניקער פון דריַי בויגנס אַ וואָך, און דאָס פּאַרטיקע פּאַפּיר אַרויסשיקן אַלע וואָך מאַלאַי סקאָראָסטיו נאַ פּרעדיאַוויטעליאַ, נעמענדיק פריִער, געוויינלעך, פון קיִעווער צענזורע אַ פּראָפּוסקנאָי בילעט, וועלכעס איך וועל איַיך שוין צושטעלן אַלע מאָל בעתו ובזמנו. איר באַדאַרפט נאָר צושיקן פון דער טיפּאָגראַפיע להצענזאָר 13 עקזעמפּלאַרן מן כל בויגן, כנהוג.

8. מיר אַרויסשיקן די ערשטע שוואַרצע קאָרעקטע, בכדי לאשר ולקיים דברי הברית והתנאים.

9. די שפּעטעריקע קאָרעקטעס שיקן מיר אין ריינעם בכל יום ויום במיספר 2 עקזעמפּלאַרן.

10. געלט שיק איך איַיך מיט דעם אַן אָנוויַיזונג על סך מאה רו"כ. והמותר זאָלט איר מיר תמיד שריַיבן ווען איר דאַרפט — שיק איך צו.

11. די בויגנס מוז איך מיר אויסרעכענען פריִער פריבליזיטעלנאָ; און דאָס קאָנט איר וויסן נאָכן ערשטן בויגן.

12. דאָס לעצטע קאַפּיטל (עפּילאָג), אַזוי ווי עס פּירט זיך אונטער אַ חשבון פון אַלע פּאַרשוינען, — איז אויב עס וועט טראָגן דער חשבון כפי די דפים פונעם לעצטן בויגן, זאָלט איר שטעלן צווישן איטלעכן פּאַרשוין דריַי שטערנדלעך — — —.

13. למען־השם ולמען־השם, איטלעכס קאָרעקטור־בלעטל דורכקוקן מיטן מאַנוסקריפּט.

פּ.ס. — געוויינלעך, די 13 עקזעמפּלאַרן וואָס פּאַרן אָדון הצענזאָר דרוקן מעל החשבון פון די 4,000 עקז', היַינו, דרוקט 4,020 עקז', מחמת 7 מוזן גיין לאיבוד, פּחת. אָמן, כן יהי רצון.

איַיער בעסטער שלום־עליכם

## 314. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיִעוו, 24סטן נאָוועמבער 1889

טיַיערער געטריַיער זיידע לעבן!

ניט איַיך, חלילה, האָב איך געמיינט מיט דעם, וואָס מע לאָזט מיך ניט ענדיקן מיַין „יוסילען". איך וועל איַיך אַ מאָל דערציילן — וועט איר וויסן זיַין. אַצינד, ברוך־השם, מאַך איך אַ ברכה: „ברוך שפּטרני". איך בין שוין איבערגעקומען די שווערע ציַיט, דאָס קינד געהאַט, געוויקלט, איַינגעזאַלצן און אָפּגעשיקט, מע זאָל דאָס יִידיש ן, דאָס הייסט, אין דער יִידישער דרוק צו רעכט מאַכן, דאָס הייסט, איבערפירן, דאָס הייסט... איר ווייסט דאָך, וואָס אַ יִידישע דרוק באַדיַיט...

אַצינד פון געשעפט לאָמיר שמועסן. זאָגט מיר אָפנטלעך: איר קאָנט אַראָפּלאָזן פון איַיערע צוויי ביכער (די „קליאַטשע" און „פישקע") 50% אויף הורטאָם צו פאַר־קויפן? מיינט נאָר ניט, זיידעניו, אַז איך בין, חס־ושלום, אַ מוכר־ספרימניק געוואָרן —

לאָז מיך גאָט היטן און איַיך און אַלע אונדזערע ליבע! — איך באַדאַרף דאָס וויסן פּאָרויס. איך האָב אַ פּלאַן — אַ טויזנט פּאָרלעך צו פאַרקויפן. עס וועט איַיך אַריַינפּאַלן אַ מזומנע מטבע, וואָס אַרט איַיך? איַי, עס קאָסט איַיך אַליין 50 קאָפּ — נו, האָט איר געמאַכט אַ שלעכט געשעפט! וואָס זאָל מען טון? — שריַיבט, זיַיט מוחל, אַקוראַט אַרויס.

איַיער איבערגעבן אייניקל שלום־עליכם

## 315. צום זעלבן

קיִעוו, 1טן דעצעמבער 1889

ליבער טריַיער זיידע!

איַיער בריוו האָב איך מקבל געוועזן. איך פאַרשטיי ניט, ווי אַרום קומט מיַין בריוו צו איַיך דורך בן־עמין גאָר! אין זאת, אַז ס׳איז אַ טעות געוועזן פונעם אָדון הפּאָטשטאַליאָן.

איך האָב איַיך מהאַי טעמא אָנגעפרעגט דעם מקח פון איַיערע ספרים, בכדי איך זאָל קאָנען דורך צוויי דרכים זיי אויסברענגען; עס איז קיין תּכלית ניט, זיי זאָלן ליגן ביַי איַיך אויפן בוידעם און וואַרטן, ביז די ייִדעלעך זאָלן לעבן וועלן זיך צונויפקומען אַלע קיין אַדעס, אויף באַזאַרנע אוליצע נומער 91, און באַלעגערן די שטוב: „גוואַלד, רב אַבראַמאָוויטש! גוואַלד, איַיערע ספרים גיט אַהער!"... לכן וואָס וויל איך? איך וויל, אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף — אַראָפּ פון מאַרק! דערויף בין איך העכער האַלב סוחר און ווינציקער האַלב מחבר. ראשית, וועל איך צו אַלע מיַינע אַגענטן בכל תּפוצות ישראל שאַלן אַ שאַלונג, אַז נאָר איך האָב צו פאַרקויפן על־פּי סלוטשאַי איַיערע צוויי ביכלעך, און בזיל־הזול, און ניט אַנדערש ווי צו 100, 50 און לכל־הפּחות 25 פּאָרלעך. צווייטנס, וועל איך דאָס זעלבע אָביאַווען אין דער „ביבליאָטהעק" גופא — און מיר דאַכט זיך, אַז צוזאַמען מיט דער „ביבליאָטהעק" זאָל עס גיין אַ גאַנג. איר באַדאַרפט וויסן זיַין, אַז מיַין „ביבליאָטהעק" גייט נישט אָן געלט אין ערגעץ, נאָר במזומן. באַקלערט דעם עסק און שענקט אָן ענטפער.

איַיער אמת געטריַיער אייניקל שלום־עליכם

## 316. צו ד. ה. מגיד

קיִעוו, 1. 12. 89[18]

חשובער הער,

איך בעט איַיך זיך ניט באַאומרויִקן וועגן דעם האָנאָראַר. איר ווייסט זייער גוט, איבער וואָס עס פאַרהאַלט זיך. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, די בייַטש פון אַלע אַרויס־געבערס און אַוטאָרן — צענזור. איך וואַרט היַינט־מאָרגן אויף אַ גוטן רעזולטאַט, און מיט דער ערשטער פּאָטשט וועל איך איַיך אַרויסשיקן די סומע, וועלכע ס׳פּאָדערט זיך, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך קאָן ניט (צוליב דער זעלבער סיבה...) דרוקן

דעם מאַנוסקריפּט אין גאַנצן, נאָר איך נעם פון אים אַרויס אייניקע ציטאַטן. נאָר פאַר דעם רעכן איך אײַך ניט אָפּ, ווײַל איר האָט געאַרבעט און איבערגעשריבן אין גאַנצן. איך פאַרזיכער אײַך נאָך אַ מאָל אין מײַן גוטער באַציִונג און דאַנקבאַרקייט צו אײַך.

ש. ראַבינאָוויטש

## 317. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, דעם 4טן דעצעמבער 1889

ידידי יקירי ואהובי!

אויף אײַער בריוו פונעם... דעקאַבר ענטפער איך אײַך על ראשון ראשון ועל אחרון אַחרון.

איך זע אַרויס, אַז איר האָט „יוסילען״ געלייענט טאַקע על־רגל־אַחת. אם־ירצה־השם, אַז איר וועט אים נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דורכלייענען, וועט איר פילן נאָך מער טעם. איך בין איבערצײַגט אין דעם, מחמת „יוסילע״ איז אַזוי ווײַט פון „סטעמפּעניון״, אַזוי ווי „סטעמפּעניו״ איז ווײַט פון מײַנע פריִעריקע ווערקלעך. — נאָר נישט דאָס איז די כּוונה פון מײַן בריוו. איך וויל אײַך ענטפערן פּינקטלעך און אָנווײַזן, ווו איר זענט גערעכט און ווו ניט.

קיין נאָכאָמונג דעם זיידן, שוואַער איך אײַך בהן צדקי, אַז איך פיל מיך ניט. אַי, טאָמער געפינט איר פאָרט, אַז עס פאָוטאָרעט, בעט איך אײַך טאַקע זייער און זייער אַרויסוואַרפן אָדער איבערמאַכן, נאָר קודם־כּל מיר אָנווײַזן וואָס און ווו.

עס וווּנדערט מיך, וואָס איר געפינט דעם גאַנצן אַנטיק נאָר אין דער ביטאָוואָי סטאַראָנע. מיר דאַכט, אַז אינעם ראָמאַן געפינט זיך נאָך אַ זײַט, וועלכעס קיין איינציקער זשאַרגאָניסט האָט דאָס נאָך ניט באַאַרבעט, הײַנו: די פּאָעזיע. ניט די פּאָעזיע, וואָס ליגט אין דער באַשרײַבונג פון דער נאַטור, נאָר יענע פּאָעזיע, וואָס ליגט בײַ אונדז גופא, בײַ יוסעלען אין דער נשמה.

די ערטער, ווו איך בין מאַריך, ווײַזט מיר אָן, וועלן מיר זיי פאַרקירצן.

מכּוח דער נאַטור באַשרײַבן. איך פיל, אַז איך בין זייער שוואַך, מחילה, אין דעם ענין. נאָר וואָס זאָל איך טון? איך מוז דאָך כאָטש ווי סע ניט איז אַרויסזאָגן, אַז בײַ נאַכט איז ניט בײַ טאָג, און גאַנץ פרי איז ניט שפּעט. אַדרבה, גיט מיר אָן עצה. דעם אמת זאָגנדיק אײַך, האָב איך געוואָלט די נאַטור גוט באַשרײַבן, האָב איך פּשוט מורא געהאַט, עס זאָל ניט אויסקומען נאָכגעטאַנצט דעם זיידן.

די נײַע מעלה פון אָפּמאָלן מיט צוויי־דרײַ שטריכן אַ גאַנצן טיפּ — האָט איר געטראָפן. עס איז מיר געקומען פּלוצעם — איך ווייס ניט ווען.

דערפאַר האָט איר דורכגעלאָזט נאָך אַ נײַע מעלה; איר געפינט נישט אינעם גאַנצן ראָמאַן כּמעט קיין צוויי פאַרשוינען, זיי זאָלן זײַן פּאָכאָזשע איינס אויפס אַנדערע. דאָס איז אויך אַ נײַעס אין מײַן אַרט שרײַבן.

אײַך געפעלט ניט די ערשטע סצענע, ווו יוסעלעס מוזיקאַלישע נשמה כאַפּט זיך

אויף, הײַנו: די מעשׂה מיט דער קאַץ און מיטן פײגעלע. גוואַלד, רוצח! נו, און דער וואַלדיקער גן־עדן? נו, און דער קאַסטיאַל? נו, און די איבעריקע ערטער?!...

ניט מיצי קומט קיין מאַזעפּעווקע, נאָר פּיצי. פֿאַרגעסט דאָס נישט, למען־השם! עס זאָל נישט אויסקומען קיין כאַלעבודע נאָכדעם.

איר זענט גערעכט: נישט נאָר די קאַפּאָטקעלעך, נאָר דאָס זינגען באַדאַרף אויף אים מאַכן אַן אײַנדרוק. מע דאַרף דאָרט, למען־השם, פֿאַרריכטן. פֿאַרצייכנט דאָס אײַך, איך בעט אײַך, טאַקע אויפֿן אָרט.

און דאָרט, ווו ער מאַכט נאָך דעם סאָלאָוויי אין וואַלד, האָט איר אַ טעות. לכתחילה מאַכט ער נאָך דער קוקושקע גאָר, נאָכדעם פּרוּווט ער זיך דעם סאָלאָוויי. ווּפֿראָטשעם, ווי אַזוי איר פֿאַרשטייט. איך האַלט תּמיד דעם לעזער פֿאַר אַ גרעסערן מבֿין, ווי דער מחבר. און בפֿרט אַזאַ מחבר, ווי איך, וואָס האָט אינעם יוסעלען אַרײַנגעלייגט נאָר פּאָעזיע און פּאָעזיע, און טאַקע אַ ביסל געכאַפּט.

דאָס קאַפּיטל, ווו עס ווערט אים נימאס גנילאָפּיאַטעווקע מיט פּערעלען, מיט מיט מיט... זענט איר גערעכט. מע באַדאַרף דאָרט לייגן אַ היבשע לאַטע. עס איז צו געכאַפּט. דאָס האָט מיר מײַן ווײַב באַלד געזאָגט. דער חסרון איז, וואָס אַזאַ מין לאַטקע קאָן זי ניט לייגן; דאָס באַדאַרף איך אַליין. איר שיקט מיר צו אַ קאָפּיע באַצײַטנס פֿון יענעם גאַנצן ווינקל. דאָס הייסט, ווען איר זאָלט זײַן אַ מענטש (קאָמפּלימענט!), וואָלט איר מיר אַ גאַנצע קאָפּיע צוגעשיקט. וואָס וועט דאָס קאָסטן? רק איך קאָן נישט פֿאַר־גלייבן זיך אויף קיין פֿרעמדן, חוץ אײַך.

וזה העיקר: יוסילעס זינגען ווײַזט אויס בײַ אײַך אַ ביסל צו איבערגעשפּיצט. נו, האָט איר, אַ פּנים, נישט געהערט דערציילן פֿונעם ווילנער בעל־הביתל מיט ישעיקע פּײַפֿער, מיטן „יונגעלע", מיטן „פֿידעלע", אאַז"וו, אאַז"וו, אָט וועט איר הערן, וואָס בן־עמי וועט אײַך זאָגן.

נאָך אַ זאַך: מכּוח דער שטים צו זעכצן יאָר זענט איר פֿולקום גערעכט; נאָר מיט איין שורה קאָן מען די גאַנצע לאָך פֿאַרשטעקן. הײַנו: דאָרט, ווו עס רעדט זיך, אַז יוסעלע רײַסט זיך אַהיים פֿון דער וועלט, איידער ער קומט קיין סטרישטש, באַדאַרף מען צושטעלן די דאָזיקע ווערטער:

...אגבֿ האָט זיך יוסילע געפֿילט, אַז די שטים זײַנע הייבט אים אָן אָפּט מאָל צו פֿאַלשעווען; אין האַלדז איז אים עפּעס נישט ווי אַלע מאָל; דאָס מיידלשע קול זײַנס הייבט אָן ערטערווײַז צו באַקומען אַ נײַ מין הילך, אָן אָפּקלאַנג שוין פֿון אַ גראָבער מאַנסבילשער שטים. צווישן די חזנים ווערט דאָס אָנגערופֿן: „דאָס קול בײַט זיך". אין יענער צײַט איז מען זיך נוהג אָפּצו־רוען אַ ווײַלע, ביז וואַנען מע באַקומט „די רעכטע שטים"...

מכּוח דעם עפּילאָג — פֿע, ברודער, אַ טעות גמור! לאהצי מיט איר געליבטן חתן איז אַ ריף פֿונעם פּאַלק, אַ שטיק פֿלייש פֿון זײַן פֿלייש, און נישט רעדן פֿון דעם, דווקא בקיצור, איז אַן עוון פּלילי. אויף מיר די עבֿירה! ווידער זאָגט איר גאָר: „דעם עפּילאָג מוז מען האַקן אַ סך". גאָט זאָל אײַך שומר־ומציל זײַן פֿון אַזאַ שלעכטער מחשבֿה. דעם

עפּילאָג (איך האָב פּײַנט נאָר דעם נאָמען „עפּילאָג"!) טאָר מען נישט אָנרירן. דאָס איז דער אַפּאָפעאָז, וועלכער קרוינט דאָס ווערק — און איר זאָגט גאָר האקן!?

מכּוח דרוקן — ווו, ווי אַזוי, ווי טײַער, וכדומה — פֿאַרלאָז איך מיך אין גאַנצן אויף אײַך.

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 318. צו ד. ה. מגיד

קיִעוו, 7 דעצעמבער 1889

השובער הער ד. ה. מגיד.

הגם דער צענזאָר האָט נאָך דאָס אַרטיקל ניט דורכגעלאָזן, דאָך האַלט איך וואָרט און שיק אײַך איבער וואָס אײַך קומט — דרײַסיק רובל. איך בעט אײַך, ערשטנס, געבן מיר צו וויסן, אַז איר האָט דאָס געלט באַקומען, און, צווייטנס, ניט אָפּזאָגן זיך העלפֿן מיר, אויב עס וועט נייטיק זײַן, אין שײַכות מיטן אַרטיקל, אין הויפּט־פֿאַרוואַלטונג פֿאַר דרוק־ענינים.

מיט פֿולער אַכטונג

סאָל. ראַבינאָוויטש

## 319. צו מענדעלע מוכר־ספרים

14 января 1890 г.

ליבער געטרײַער זיידע־לעבן!

אַוודאי בין איך חייב קעגן אײַך, וואָס איך האָב אײַך ניט געענטפֿערט אויף אײַערע בריוו, נאָר איר זאָלט וויסן, וויפֿל בלוט, צײַט און געזונט זי קאָסט מיך, די „ביבליאָטעק" מײַנע, וואָלט איר מיר געוויס מוחל געווען די עבירה גלײַך מיט אַלע אַנדערע עבירות מײַנע, וואָס זײַנען זייער פֿיל. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן מכּוח אײַער הקדמה? לויבן זי, דערציילן גליקן — עס איז קיין נײַס ניט: דער זיידע, אַז ער זעצט זיך אַנידער בײַם וואַרשטאַט און נעמט זיך צום קלאַפּער־געצײַג, גייט אַרויס פֿון זײַנע הענט גאָר אַן אַנדער מין שטיקל אַרבעט, עפּעס גאָר ניט אַזוי ווי בײַ לײַטן, עפּעס מאָדנע, משונה פֿאַרענדערט: בײַ דער וועלט הייסט עס אָריגינאַלנע, סוואָיעאָבראַזנע.

נאָר וואָס דען? דרוקן עס אַזוי, ווי עס איז איצט, אוי־ווײ, קאָן מען נישט; פֿאַר וואָס? ערשטנס, איז דער „או נשיש" מיטן „להקטינין", וואָס זײַנען גוט באַקאַנט מיר מיט נאָך אַזעלכע עטלעכע, זײַנען זיי אָבער פֿאַרן איבעריקן עולם כּמעט גאָר אַ בלינדער אתרוג. והשנית קאָן איך ניט סובל זײַן דאָס, וואָס ווערט אָנגערופֿן אַ לועג־לראָש. פֿאַר מיר, זיידע, פּאַסט נישט צו זײַן אַ לועג־לראָש. איר פֿאַרשטייט, וואָס און ווען איך מיין. על־כּן מוז מען די הקדמה איבערלײַטערן, נאָר איר זענט דאָך דער זיידע, זאָל מאריך־ימים זײַן, און וועט דאָך מן־הסתּם מאַכן דאָס גרעסטע געלעכטער: „פֿע, עולם? אַ שיינע ריינע כּפּרה! אַזוי באַדאַרף עס בלײַבן!!..." זאָלט איר אָבער דאָ

ווייכער זײַן; עס איז פאָרט ניט קיין סיפור-המעשׂה, ווו אַ פרעמדער טאָר נישט אַרײַנ־שטעקן די נאָז און שטוקעווען. אויב איר וועט מיר געבן רשות, וועל איך אײַך אָנווײַזן, וואָס איך האָב בדעה צו בעטן, און איר וועט דאָס שוין צונויפשטריגעווען, עס זאָל זיך האַלטן. ווער שמועסט, איר זאָלט זיך וועלן פאַרלאָזן אויף מיר, וואָלט איר אויך קיין חרטה ניט געהאַט: שוין זשע בין איך טאַקע אַזאַ פאַרטאַטש, וואָס דער זיידע קאָן זיך אויף מיר ניט פאַרלאָזן? צוגעשניטן האָט איר דאָס, און צונויפנייען וועל איך, האַלטנדיק זיך נאָך אײַערע צייכנס פינקטלעך, גלייבט מיר, איך זאָל האָבן אַזאַ יאָר מיט אַזאַ פרנסה; — נו?...

אײַער איבערגעגעבן פאַרליבט אייניקל

שלום-עליכם

## 320. צום זעלבן

„Еврейская Народная Библиотека"
Издание Соломона Рабиновича,
Киев, 22 января 1890

ליבער זיידע!

ניט האָבנדיק קיין צײַט צו שמועסן מכּוח יענעם ענין פון דער הקדמה — מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל דערצו אומקערן — וויל איך וויסן פון אײַך די לעצטע שורה וועגן אײַערע ספרים.

איר זענט גערעכט, וואָס איר זאָגט, אַז מיט מײַן מודעה, אַז א י ך פאַרקויף אײַערע ספרים, קאָן איך אײַך אָנטאָן אַ שאָדן. על־כּן באַדאַרף מען דרוקן אין דער „ביבליאָטעק" סתם אַ מודעה, אַז „פישקע" ניט דער „קליאַטשע" לאָזן זיך ביטן, צו באַקומען זיי אין אַלע בוכהאַנדלונגען, בײַם מחבר אַליין (Одесса, Базарная 91) און אויך אין דער רעדאַקציע פון דער „ביבליאָט' ". גם האָב איך געקלערט צו שטעלן אַ מודעה, אַז דער, וואָס שרײַבט אויס די „ביבל' ", קאָן פאַר אַ קערבל האָבן ביידע אײַערע ביכער. נאָך דעם האָב איך מיך באַרעכנט אַזוי: 1 ר"כ פון צוויי ספרים ל א ח ד י ם, הײַנט ווו איז פאָרטאָ? לכן איז פיל גלײַכער מײַן ע ר ש ט ע ר פלאַן, דהײַנו: פאַר מוכרי ספרים 1 קערבל אַ פאַר, ווען? אַז זיי שרײַבן אויס ניט ווייניקער פון 50 פאָר; קאָסט שוין די פאָרטאָ אַ קלייניקייט (товаром малой скоростью). נאָר בכדי אײַך ניט צו קאַליע מאַכן אין קיין זאַך, וועל איך וועגן אַזאַ משוגענעם פרײַז אין דער „ביבל' " ניט מודיע זײַן; וואָס זשע דען? איך וועל זיך דורכרעדן מיט זיי נאָר דורך היימישע בריוולעך און האָף אײַך געבן צו לייזן געלט אם־ירצה־השם. און אין דער „ביבל' " וועל איך אַנאָנסירן, אַז דער פרײַז פון איטלעכס בוך באַזונדער איז טאַקע פאָרט אַ קערבל; נאָר דער, וואָס שרײַבט אויס ביידע ביכער אין איינעם, צי בײַם מחבר, צי פון דער רעדאַקציע פון דער „ביבליאָטעק", דער צאָלט נאָר 1,50 שוין מיט פאָרטאָ. מיר חלומט זיך, אַז נאָך דער רעצענזיע אויף דער „קליאַטשע" מיט אַ קליין הערהלע פון מיר, וואָס געפינט זיך דאָרט בײַ דער זײַט, באַדאַרפן זיך געפינען צווישן די בהמות פון דער שטאָל אַ סך

בעלנים צו באַקענען זיך מיט איר פון דער נאָענט: — צינד וואָרט איך אויף אײַער אויספּירלעכן בריוו מיט דער לעצטער שורה, לעצט שבלעצט.

אײַער פאַרטאַרעראַמט אייניקל

שלום־עליכם

## 321. צום זעלבן

קיִעוו, 31סטן יאַנואַר 1890

ליבער טײַערער זיידע לעבן!

כאָטש פאַרטאַרעראַמט בין איך גוט, דאָך האָב איך אין זינען אײַך און שיק אײַך אַ קאָרעקטע פון ראַווניצקיס אַרטיקל, ווו עס קומט אַרײַן אײַער „קליאַטשע". האָט נחת. געווײנלעך, באַדאַרף דערפון ראַווניצקי ניט וויסן, עס וועט זײַן ניט לאָווקע; שפּעטער, אַז דאָס בוך וועט שוין אַרויס אין גאַנצן, איז עפּעס אַנדערש. — גם וועט איר זען, מיט וואָס מע ענטפערט אָפּ אַזעלכע כּלבים, ווי יענע משוגעים, וואָס בילן קעגן דער לבנה... אַזוי ווי עס איז אין גאַנצן נאָך אַן אַ בילעט פונעם צענזאָר, לכן טאָר מען דאָס ניט אַרויסלאָזן פון דרוק, על־כּן בעט איך אײַך, אַז דאָס געדרוקעכץ, וואָס איך שיק אײַך (אַלץ וואָס געדרוקט איז), איז נאָר אײַך אַליין, און דערום זאָל קיינער עס ניט זען. נעמט לייענט דאָס איבער און פאַרשליסט עס אין קעסטל בײַ אײַך.

מכּוח דער מודעה אין „פאָלקס־ביבליאָטהעק" האָב איך געמאַכט אַ ראַספּאָראַזשעניע אַזוי: ראשית, גלאַט אַ מודעה, אַז די ביכער איז צו קריגן בײַ אײַך און אומעטום אין די גרויסע סקלאַדן. און מוכרי־ספרים, וואָס קאָנען אויסשרײַבן מיט אַ מאָל אַ היבשע צאָל עקזעמפּלאַרן, זאָלן זיך ווענדן אין דער רעדאַקציע פון דער „יודישער פאָלקס־ביבליאָ־טהעק"; אָדנים סלאָוואָם, אַז לאַחדים איז צו קריגן בײַ אײַך, און הורט איז בײַ מיר. וואָרעם לאַחדים מע זאָל אויסשרײַבן בײַ מיר איז אוממעגלעך; עס וועט אָוועק־גיין צווייענדיקע הוצאות, און זומער בין איך דאָך [ניט] קיין קיִעווער. זעט איר, איך זאָל געוועזן מאַכן אַזוי, אַז די אַבאָנענטן פון דער „ביבליאָטהעק" האָבן אַ פּריווילעגיע: פאַר 1 רו"כביידע ביכער („פישקע" און „די קליאַטשע"), דעמאָלט וואָלט מען געמוזט שליסן דורך קיִעוו; אָבער אַזוי האָט דאָס שוין ווידער אַן אַנדער דין. — גם דאַרף איך מיט אײַך איבעררעדן אַן ענין, וואָס איז גם־כּן שייך צו אײַערע ביכער. איר דאַרפט וויסן, אַז אין דער „ביבליאָטהעק" האָט מען מיר ניט אָנגעזעצט אַפילו קיין פּרוטה אַחת, הגם איך האָב געגעבן קרעדיט; נאָר אַז איך גיב קרעדיט, ווייס איך וועמען איך גיב. על־כּן וועל איך שרײַבן אין אָנהייב „ביבליאָטהעק", דאָרט ווו עס שטייען אויסגע־רעכנט אַלע מײַנע אַגענטן (אַקעגן אַ האַלבע מאה), אַז בײַ זיי געפינט זיך צו פאַרקויפן אײַערע ביכער. איז דערפון געדרונגען, אַז ווי באַלד איך וועל אײַך אָנווײַזן: אַהין שיקט אַזוי פיל און אַזוי פיל פאָרלעך, זאָלט איר שיקן, צי דורך אַ נאָכנאָמע, צי אויף קאָמיסיע, לויט איך וועל אײַך שרײַבן; דאָרט, ווו איך וועל אָנווײַזן שיקן אויף קאָמיסיע, איז דאָס ניט קיין מוכרי־ספרים און ניט קיין בלוטזויגערס, נאָר סתּם יונגע־לײַט, פאַר־חסידעטע אַפּיקורסים, ווי איר רופט זיי אָן. — אַצינד גיט מיר די לעצטע תּשובה אײַערע — און אַ סוף. יאָ, פאַרגעסט זשע ניט, אַז ערב זײַן פאַרן געלט בין

איך ניט, נאָר נראַוסטווענאַ נעם איך אויף זיך דאָס ערבות, אַז מײַנע אַגענטן קאָנט איר גלייבן, און איך וועל שוין אַליין האָבן מיט זיי אַ רעכענונג. — גם דאַרפט איר וויסן, אַז די דאָזיקע אַגענטן וועלן פאַרקויפן צו קערבלעך אַ שטיקל, מחמת זיי זענען ניט קיין מוכרי־ספרים. על־כּן איז דאָס גאָר אַ באַזונדערע סטאַטיאַ און עס געהער זיך גאָרנישט אָן מיט דעם, וואָס גרויסע מוכרי־ספרים וועלן קויפן צו קערבלעך אַ פּאָרל. הכלל, איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל, אַז אם־ירצה־השם, איר וועט לייזן געלט און אײַערע ביכער וועלן אויפהערן צו ליגן אויף די בוידעמס, וואָס פאַר זיי פּאַסט עס גאָר ניט.

זײַט מיר מוחל, וואָס [איך] שרײַב אַזוי בחיפּזונדיק: אַחשתרנים!!!

אײַער אמת געטרײַ אייניקל, וואָס טראָגט אײַך אויפן קאָפּ,

שלום־עליכם

## 322. צום זעלבן

קיִעוו, 23סטן פעברואַר 1890

ליבער זיידע־לעבן!

מיר קומט שוין שמיץ: איך האָב אײַך ניט געענטפערט און ניט געשריבן אַזאַ צײַט. זײַט זיכער, אַז ניט מחמת איך פאַרגעס אָן אײַך, נאָר גאָרניט, מע איז גוט פאַרטאַ־רעראַמט, וואָס טויג מיר מעשיות, הײַנט איז דאָך עפּעס קאָנטראַקטן — געלט שמעלט, — גלייבט מיר, עס גלוסט זיך שוין מייקענען פון דעם געלט; ס'איז ניט כּדאַי, כ'לעבן, צו זײַן אַ נגיד און האָבן אַזוי פיל קאָפּדרייעניש, ווי איר זעט מיך לעבן! —

וועגן אײַערע ספרים קלײַב איך אַ רעמל מיט בריוולעך אײַך צו באַווײַזן, וואָסערע ממזרים אונדזערע מוכר־ספרימניקעס זײַנען.

די „ביבליאָטהעק" שטייט מיר ווי אַ ביין אין האַלדז, ניט אַהער, ניט אַהין; איז שוין אַלעס פאַרטיק, שטאַרבט בײַם דרוקער אַ קינד, באַדאַרף ער זיצן שיבעה — און פון מיר פאַלן שטיקער פלייש.

אין דער „ביבל'", צום גאַנצן רעמל שרײַבערס, פעלט מיר נאָר אײַער זון. האָב איך מיך מישב געווען און איבערגעזעצט איינע פון זײַנע „טאָג־לידער" („Из песен дня") מיט אַ קליין הערהלע פונעם איבערזעצער. עס קאָן זײַן, ס'איז אַפילו ניט אַזוי לײַטיש, וואָס איך האָב אײַך פריִער ניט אָנגעפרעגט און וואָס איך האָב צו אים גלײַך ניט געשריבן, נאָר ס'איז שוין צו שפּעט און איך האָב זייער, זייער געוואָלט, אײַער זונס אַ וואָרט זאָל זיך געפינען בײַ מיר. — נעמט מיך אַקאָרשט אַרויס פון אַחריות פאַר אײַער זון; מע איז דאָך לעבעדיקע, ווי זאָגט ער, מענטשן! — ווער איז דער „פּיסאַטעל ראַבינאָוויטש פון סימפעראָפּאָל'", וואָס האָט זיך געטויפט? איך האָב דאָס געזען אויף די גאַזעטן, איז מיר געוואָרן דרײַ לעכער אין האַרצן; ערשטנס, גלאַט אַ ייִד, אַן עבירה, עס בלײַבט בײַ אונדזער פאָלק דאָ הי אין רוסלאַנד, ווו עס געפינט זיך פינף מיליאָן יהודים, נאָך אַזאַ מעשׂה בסך־הכּל 4.999.999 ייִדן; צווייטנס — מײַן פאַמיליע און דריטנס, איז, דאַכט מיר, אונדזער בן־עמי אויך אַ ראַבינאָוויטש, אויך אַ

פיסאַטעל און אויך אַ סימפעראָפּאָלער... — היינטיקע צייטן — אַ קשיא אויף אַ מעשׂה!...

אײַער איינילק
שלום-עליכם

## 323. צום זעלבן

Киев, 23 марта 1890
(ערב פּסח תר"נ)

אַ גוט-יום-טוב, זיידע!

איך זאָג אײַך אַ גוט-יום-טוב מיט אַ פרײַ געמיט און מיט אַ לויזערן מוח. דאַנקען גאָט, היינט איז געענדיקט די עקספּעדיציע פון דער „ביבליאָטעק" און שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה זעץ איך מיך צום סדר מיט אַ קלאָרן קאָפּ! די צרות, די יסורים, דאָס האַרצווייטיק, וואָס איך האָב איבערגעטראָגן ביז אַהער, איז, כּלעבן, ניט כּדאַי „די ביבליאָטעק". אויב עס וועט חלילה ווײַטער אויך גיין אַזוי שווער, ווייס איך ניט, צי איך וועל דעם דריטן טאָם אַרויסלאָזן אויף דער וועלט (אל תּפתח פּה לשׂטן) — — — מײַן מתּנה האָט איר שוין מסתּמא מקבל געווען. וואָס זאָגט איר עפּעס? איז כאָטש כּדאַי, וואָס איך האָב זיך אַזוי אָנגעטויטשעט? — מיט אײַער הקדמה איז געווען צוויי מעשׂיות: דאָס ערשטע, וואָס איך האָב זי לכתּחילה געוואָלט מתקן זײַן, האָב איך זי קאַליע געמאַכט, ווי געוויינלעך, אַז מע וויל פון אַ רעכטן פּראַק מאַכן אַ פּאָר לאַטאַזשנע תּחתּונים מחילה... נאָך דעם האָב איך מיך מישב געווען. ניין, דעם זיידנס הקדמה, נישקשה, מעג גיין אַזוי ווי זי איז. קומט מיר פּלוצעם אויס אַ מעשׂה, וואָס איך דאַרף אָנקומען צום פעטער שמערלען אַליין! האָב איך שוין אַזוי גראָב ניט געקאָנט זײַן און האָב מחילה געבעטן אײַער הקדמה צוריק, שוין נאָכן צענזאָרס הגהה מיט אַלע מיט אַנאַנדער און אַליין זיך מטריח געווען אָנדראָקען עטלעכע ווערטער פאַר אַ הקדמה, מחמת דאָס, וואָס איך דערוואַרט פונעם פעטער שמערל, איז אַ גרויסע טובה פאַר אונדז אַלעמען! הלוואַי עס זאָל נאָר אויסגעפירט ווערן, ווען ניט, איז זייער פּאַסקודנע. נאָר איך האָף, אַז יאָ. איך שיק אײַך דערום אײַער הקדמה אָפּ, און אם-ירצה-השם נאָך פּסח, אַז מיר וועלן זיך זען פּנים-אל-פּנים, וועל איך אײַך דערציילן אין גרויס נחת אַלץ, וועט איר פאַרשטיין אַקוראַט. דערווײַל האָט אַ גוטן יום-טוב און קוקט אַרויס אויף אײַער געטרײַען ערב-פּסחדיקן איינילק

שלום-עליכם

## 324. צום זעלבן

Ст. Боярка (Ю. З. Ж. Д.), дача 26, 6 июня 1890

מײַן טײַערער געטרײַער האַרציקער זיידע-לעבן!

זײַט וויסן, אַז איך מיט מײַן ווײַב קלײַבן זיך אם-ירצה-השם היינטיקן זומער צו

פאַרן קיין אַדעס ווי געוויינלעך. אַרויספאָרן וועלן מיר אין דער געוויינלעכער צײַט און פאַרפאָרן אויף דער געוויינלעכער סטאַנציע און שטיין אַ געוויינלעכע צאָל טעג. זיצן זיצן מיר לעת־עתּה דאָ אויף דער געוויינלעכער דאַטשע און זײַנען פאַרנומען מיט געוויינלעכער אַרבעט. די געשעפטן גייען ווי געוויינלעך. די דריטע „ביבליאָטהעק" וועט מסתּמא אויך אַרויסגיין אין דער געוויינלעכער צײַט מיטן געוויינלעכן מאַטעריאַל. קיין בריוו פון אײַך האָב איך ניט ווי געוויינלעך און רעכן, אַז געוויס איז אײַך אויפן האַרצן ווי געוויינלעך... מחמת מיר איז אויך שטאַרק אָנגעזאָלעט די לעצטע צײַט, עפּעס ווי איך וואָלט געהאַלטן בײַ אַוועקגיין פון דער וועלט, כ'לעבן. נאָר מסתּמא וועלן מיר דאָך אַלע שטאַרבן אין דער געוויינלעכער צײַט! — — —

זײַט זשע מיר געזונט, גריסט אײַער הויזגעזינד און אַלע אונדזערע געוויינלעכע פרײַנד און שרײַבט ענטפער. אײַער פאַרזאָרגט אייניקל

שלום־עליכם

## 325. צו ב. ל. פלעקסער

קיִעוו, 7. 6. 1890

פיל געערטע בערטע לוואָוונע!

נאָר וואָס געקומען צו פאָרן אין שטאָט און אײַל זיך באַפרידיקן אײַער פאָדערונג — און שיק אַרויס דערבײַ 20 רובל פאַר דער פרוי טרובניק. מײַן קאַסע האָט שוין היפּשלעך געליטן איבער דעם פלוצעמדיקן טויט פונעם פאַרוואַלטער פון שעפּטעלס דרוק אין בערדיטשעוו ה' עפּשטיין. ער האָט געלאָזט אַ פאַמיליע ניט ווייניקער אומגליקלעך איידער טרובניקס פאַמיליע. וואָס איז שייך דעם פעליעטאָן, וועלכן איר בעט, איז די „זיסע חלומות" קען איך שווערלעך אַרויסלאָזן אויף דער שײַן, ווײַל איך האָב זיי געשריבן צוריק מיט 5 יאָר. איך וואָלט טײַער באַצאָלט, ווען איך וואָלט קענען אַרויסנעמען פון געבערויך אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן ביז 1889 יאָר. אויף אַזוי פיל איז דאָס ניט פאַרפולקומט און אומרײַף. אָנשרײַבן אַ נײַעם פעליעטאָן — איז עפּעס אַנדערש. פון אײַך העגט אָפּ מיר צו וויסן געבן, וועלכע און וועמעס מאַטעריאַלן האָט איר אין אײַער רשות פאַרן געפּלאַנטן זאַמלבוך.

איך האָב אַ האָפענונג, אַז איר וועט ניט אַרויסלאָזן אַזאַ באַנאַלקייט ווי, אַ שטייגער, „דער קליינער וועקער", וואָס איז די טעג אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורך די אַדעסער באַנדיטן, וואָס רופן זיך אָן ליטעראַטן... אויף ווידערזען.

מײַן אַדרעס: (סט. באָיאַרקע) Ю. З. Ж. Д.

דאַטשע נומ' 26, אויף מײַן נאָמען

א. א. סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש

## 326. צו צדוק הכהן

[פאַריז, סעפּטעמבער 1890]

געבענטשט זאָלסטו זײַן פון גאָט דעם אייבערשטן, מײַן האַר דער רבי פון פראַנקרײַך, ה׳ צדוק כהן נ״י!

אַ יִידישער מענטש פון רוסלאַנד דעם לאַנד,
פרעמד און איינזאַם אין אַ פרעמדער שטאָט,
באַגערט, מײַן האַר, אַרײַנקומען צו דיר —
באַזוכן, בענטשן און באַגריסן דיך,
ניט צו בעטן גענאַד און רחמנות פון דיר,
ניט זילבער, ניט גאָלד, ניט ברויט און קיין קלייד;
נײַערט דײַן נאָמען האָב איך הערן געטאָן,
דעריבער האָב איך מיך מישב געווען —
מיט יִראת־הכבוד צו גיין צו דיר
און זעטיקן זיך מיט דײַן בילד אויף דער וואָר.

איך בין דײַן קנעכט, דער זון פון דײַן דינסט, סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש,

שלום־עליכם

פּ.ס. — איך בעט מײַן האַר דעם רב צו באַערן מיך מיט זײַן ענטפער, אין וועלכן טאָג און אין וואָסער שעה וועל איך מיך קאָנען שטעלן פאַר אים. און אָט דאָס איז מײַן אַדרעס: — — —.

## 327. צו שמעון דובנאָוו

קיִעוו, 2. 10. 1890

דאָס וואָס איך גיי אײַך דאָ מודיע זײַן, וועט זײַן פאַר אײַך זייער פּײַנלעך, אָבער ווי איז דאָס שוין פאַר מיר?! אײַער געבראָכענער פרײַנד, וועלכער האָט אַזוי שטורמיש דורכגעמאַכט אַ שטורמיש לעבן, איז געשטרויכלט געוואָרן און איז פאַרלוירן... פאַרלוירן פאַר דער וועלט פון גאָלד און פּאַפּירן. ס׳האָט אויסגעשלאָגן זײַן לעצטע שעה, און ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס געווער און זיך אויסגעדרייט צום אַנטלויפן. פאַרשטייט זיך, אַז ביז אַ צײַט. וואָס וועט זאָגן די „וועלט״? ווי וועלן עס אויפנעמען מײַנע פרײַנד, די אויפריכטיקע און אומאויפריכטיקע? נאָר צי ליגט עס מיר איצטער אין זינען. איך האַלט אײַך פאַר מײַנעם אַן אויפריכטיקן פרײַנד און איך בעט אײַך זיך דערמאָנען וועגן דעם, וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט אין באַיאַרקע. שוין דעמאָלט זײַנען די ענינים געשטאַנען שלעכט. בלויז איין שריט, וועלכן איך האָב געמאַכט, כּדי אַרויסצוגיין פון דער אומבאַשטימטער און אומזיכערער לאַגע, האָט דערנעענטערט דעם סוף. צוויי־דרײַ גרעסערע אומדערפאָלגן, צוויי־דרײַ שרעקלעכע באַנקראָטן — און איך האָב זיך דערזען

אין פײַער. אַרומגעכאַפּט פון אַ פלאַם פון חובות און פאַרפּליכטונגען, וועלכע דראָען מיר ניט בלויז מיט אַ חורבן, נאָר אויך מיט עפּעס שרעקלעכס. וווהין איך וועל זיך לאָזן — ווייסט איין גאָט.

איך פריי זיך זייער, וואָס איר געפינט זיך אין אַדעס. אדני שלחך. דאָרט ווינט איצט מײַן משפחה. צי דאַרף איך אײַך בעטן, איר זאָלט זײַן איר טרייסטער? טרעפט זיך מיט בן־עמין. ער איז אַ הייליקער מענטש. בײַ אים וועט איר זיך דערוויסן דעם אַדרעס פון מײַן ווײַב און קינדערלעך. זײַט געזעגנט, טײַערער פרײַנד.

אין גאַנצן אײַערער
שלום־עליכם

## 328. צו י. ח. ראַווניצקי

10טן נאָוועמבער 1890

ידידי רבניצקי!

עוד ידידך שלום־עליכם חי, חי עודנו, אף כי חייו אינם חיים, ולולא אהבתי לחמדת לבבי היחידה בעולמי, היא רעייתי שתחי', ולבנותי ולבני היחיד לי — לולא זאת, כי אז כבר שמתי קץ לחיי, כי קצתי בחיי! אולם חי אנכי ועוד חיה אחיה, כי לכך נענשתי ונאנסתי!... כלעבן, ס'איז מיר שווער אַצינד צו שרײַבן אַ ייִדיש וואָרט, אַזוי בין איך דערהרגעט, געקוילעט און ניט דערקוילעט! איך פֿיל, עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז אַלע מײַנע בעסטע פרײַנד האָבן זיך שוין רעכט דערווײַטערט פון מיר מיט זייערע הערצער, און ס'איז שוין בײַ זיי גאָר אַ שאלה, אויב מע זאָל מיך נאָך פאַר אַ פרײַנד רעכענען, נאָר לעת־עתה קאָן איך בעסערס ניט פאַרלאַנגען. און פון אײַך פאַרלאַנג איך, חס־ושלום, ניט קיין בריוועלע און ניט קיין טובה, דאָס הייסט, ניט קיין טירחה, נאָר איבעררעדן מיט בן־עמין אַ צוויי־דרײַ ווערטער בסוד, כּפי אַזוי ווי ער און איך זענען אַצינד גלײַכע נגידים, כלעבן, און אפשר געפינט זיך אויף זײַן פאַרמעגן עפּעס מער, ווי בײַ מיר, לכן — איך קאָן עס אים אַליין ניט שרײַבן, און צו מײַניקע אַוודאי ניט — זאָלט איר אים זאָגן, אַז די עטלעכע קערבלעך, וואָס געפינען זיך בײַ אים (ער ווייסט, וועלכע און וויפל), זאָל ער דורך אײַך אָפּשיקן צו מײַניקע — עס וועט זיי אַצינד, גלייבט מיר, זייער־זייער גוט צו ניץ קומען, און אפשר אויף אַ האַלב יאָר צו לעבן!... די עטלעכע שורות קאָסטן מיך בלוט, און איך פאַרהאָף, אַז איר וועט זיך דערמאָנען, אַז איך, ווי באַלד ס'איז געגאַנגען יענעם אין לעבן, בין איך תּמיד מיט מײַן טירחה, דאַכט מיר, גרייט געווען. טוט דאָס אָפּ, ווי עס געהער צו זײַן, און איך גלייב אין גיכן צו באַקומען אַ ידיעה, אַז נאָך עטלעכע קערבלעך האָבן זיך געפונען... און וועגן מיר קאָן איך אײַך נאָר איבערחזרן, אַז איך לעב... — און מער נישט! איך געדענק, איין מאָל בין איך פאַר מײַן אַוועקפאָרן געזעסן בײַם זיידן און האָב זיך געקלאָגט אויף מײַן געזונט, האָט ער מיר אַ מאַך געטאָן: „ע, איצט וועט איר שוין זײַן געזונט!"... פאַרשטייט איר דאָס טיפקייט? —

אײַער אַלטער־אַלטער אחשורוש

## 329. צו יהודה לייב גמזו

רעדאַקציע פון דער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק“,
אָדעסאַ, 10. 8. 92[18], תרנ״ב

חשובער הער!

שיקט, וועלן מיר זען. איר זענט גערעכט מיט אײַער מיינונג וועגן דעם באַוווסטן פאַרלעגער, וועלכער ווייסט ניט קיין פרק פּאָעזיע און „מאַכט לידער“ אין די טויזנטער און צענטויזנטער!

אײַערע לידער אין „בית עקד“ האָב איך געזען און, ווי מיר דאַכט, זענט איר איינער פון די ווייניקע, וועלכע ווייסן, אַז ס'זײַנען פאַראַן געזעצן פאַר לידער און באַפּוצונגען פאַר פּאָעזיע. אויב איר וועט אונדזער ביטע ניט פאַררעכענען פאַר אַ באַליידיקונג, וואָלטן מיר אײַך פאַרלייגן, איר זאָלט אונדז באַשרײַבן דעם צושטאַנד און דעם לעבן־שטייגער פון אונדזערע ייִדן („אחינו בני־ישראל“) פון אײַער שטאָט, ווײַל מיר האָבן געעפנט אַ באַזונדערן אָפּטייל פאַר ציכטיקע און געלײַטערטע קאָרעספּאָנדענצן.

די לידער־אָפּטיילונג אין דער „פאָלקס־ביבליאָטעק“ איז שוין פול און איבערפולט, נאָר פון דעסטוועגן וועט איר גאָרניט אָנווערן, סײַדן די פּאָסטמאַרקעס, אויב איר וועט אונדז שיקן אײַערע חשובע לידער.

מיט גרוס שלום־עליכם

## 330. צו אַ. ש. ראַבינאָוויטש

17. 8. 92[18]

שלום גם עליך, משכיל נבון ושומר תושיה ה״ר א״ש ראַבינאָוויטש בזאַלאָטאָנאָשאַ.

שמחתני בדברי אגרתך, עס פריידט אונדז זייער און זייער, וואָס עס געפינען זיך דאָ און דאָרטן אמתע גוטע־פרײַנד, וואָס פאַרשטייען און פילן — צוויי מתנות, וואָס ניט יעדער איז זוכה זיי צו פאַרמאָגן. מיט דאַנק וועלן מיר אויפנעמען אײַער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איר זאָגט אונדז צו. לויט אײַערע בריוו זײַנען מיר איבערצײַגט, אַז די קאָר' אײַערע וועט זײַן מיט זאַלץ און פעפער, מטעמים כאשר אהבתי, — און דאָס, וואָס איר שרײַבט מכּוח דעם „בלאַט“, האָט איר געטראָפן; מיר שלאָפן ניט אין דעם, מיר אַרבעטן אויף אַלע דרכים — נאָר לד' הישועה ובו מבטחנו סלה! יעדן פאַלס האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן די „פאָלקס־ביבליאָטעק“ 3־4 מאָל אין יאָר אַרויסצולאָזן, און חוץ איר נאָך אַנדערע ווערק, אַזוי אַז די קליינע קינדער זאָלן ניט דרימלען בײַ דער הגדה... A proros, אפשר ווייסט איר ערגעץ אַ מענטשן אַזעלכן, וואָס זאָל פאַרשטיין און פילן און אויך וועלן אַרײַנצולייגן עטלעכע קערבלעך אין דעם ענין פון אַ ייִדישער צײַטונג אַרויסצוגעבן אין פאַל, ווען מיר וועלן דערלויבעניש באַקומען? דאָס באַדאַרף אָבער זײַן אַ סוד, וואָס נאָר אײַך פאַרטרויען מיר עס, אַ סוד до поры, до времени...

שלום־עליכם

## 331. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 1טן סעפטעמבער 1893, צום גדליה, התרנ״ד, קיוב

אָחי מידד! רבניצקי ברודער!

עת לדבר! עס איז געקומען די צײַט פון צו דברן, איך מיין רעדן עסק, נישט גלאַט אַזוי בעבען דברים בטלים. די מעשׂה דערפון איז אַזוי: עס איז געשטאָרבן צעדערבוים און דער „מליץ״ איז געבליבן אַ יתום. ווו און צו ווען ווען וועט ער אַרײַנפאַלן אַצינד — ווייסט מען דאָך נישט. יעדן פאַלס איז אַן עבירה — מע קאָן איצט עפּעס מאַכן. מײַן פּלאַן איז אַזוי: מע זאָל דאָס בלאַט, אָדער דאָס אַרויסגעבן פונעם בלאַט, אָוועקקויפן און, אויב ס׳איז מעגלעך, דאָס אַריבערפּעקלען קיין אָדעס; דעם „המליץ״ גופא אַרויסגעבן איין מאָל אין דער וואָך אין העברעיִשן און איין מאָל אין דער וואָך אין זשאַרגאָן אונטער דעם נאָמען „דער מליץ״. דער נאָמען אין אַ סגולה צו אַן עין־רשע... דאָס געשעפט אין אָדעס איז גאָר אַ גרויס גליק, נאָר אַפילו אין פּעטערבורג איז דאָס אויך אַן אַנטיק. איך בעט אײַך, זעט זיך מיטן זיידן רב מענדעלע און טוט אַ רעד מכּוח דעם און הערט וואָס וועט ער עפּעס זאָגן דערויף? אויך שרײַבט אָוועק אַ בריוול צו לעווינסקין. איך מיין, אַז די חובבי־ציון באַדאַרפן זיך אָן דעם אָנכאַפּן מיט ביידע הענט! — — — מער קיין נײַעס... ניין, נײַעס איז פאַראַן אַ סך, נאָר קיין צײַט איז ניטאָ! גריסט דער גאָרער וועלט און זאָגט זיי, אַז עס לעבט נאָך

שלום־עליכם

פּ.ס. — אוי, אָדעס! אוי, די שול! די בראָדער שול!...

„געלט פאַרדינען זאָל מען פאָרן קיין קיִעוו; געלט אויסברענגען זאָל מען פאָרן קיין אָדעס! לעבן זאָל אָדעס!״ — שרײַבט דאָס דאָזיקע ווערטל אָוועק צום אַרויסגעבער פונעם „הויזפרײַנד״, אָדער — שאַ, ווייסט איר גאָר וואָס? — צו זאַגאָראָדסקין קיין וואַרשע; דאָרט צאָלט מען דערפאַר גראָב געלט!... אַ קלייניקייט, אַ פאָנד פון 87 רובל אויף גלײַכווערטלעך?! ננו, וואַרשע! — — —

אַ כּתיבה וחתימה־טובה!

אַדריסתי שלי: קיִעוו, סאָלאָמאָנו ראַבינאָוויטשו. דאָ וואָסטרעבאָוואַניאַ.

## 332. צו אַברהם רייזען

קיִעוו, 17טן סעפטעמבער 1893

ליבער הער רייזען!

איך האָב דערהאַלטן אײַער בינטל לידלעך, זיי רעכט דורכגעקוקט און זאָג אײַך מײַן מיינונג אויף זיי: עס טוט מיר באמת הנאה, וואָס איך האָב מיך, ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, אין אײַך כּלל וכלל נישט אָפּגענאַרט, דהײַנו, איך זע, אַז איר האָט אַ געפיל און אַ געשמאַק — — —. איך ווייס ניט, צי איר ווייסט וואָס הייסט פּאָעטיטשעסקי ראַזמער. נאָר דאָס זעט מען, אַז איר האָט אַ מוזיקאַלישן אויער, און זעלטן־זעלטן טרעפט זיך

ביי איַיך אַן איבעריקער טאָן. און וואָס אָנבאַטרעפט דעם אינהאַלט פון די לידלעך, זענען זיי אויך מיינסטן טייל גוט פאַרקלערט און רעכט פאַרשטאַנען, און איבער הויפּט דאָרט, ווו איַיער מוזע קומט אַן גלײַך פונעם פאָלק, זענען איַיערע לידלעך צוקער זיס, און איך פאַרהאָף, איך גלייב, אַז פון איַיך זאָל איך אַ מאָל האָבן גרויס נחת. איר באַדאַרפט נאָר, האָט מיר קיין פאַראיבל, אַ ביסעלע צולערנען זיך, פיל לייענען אין אַנדערע לשונות — הכּלל אַרבעטן, נישט שלאָפן, בכדי איר זאָלט נישט בלײַבן ביי דעם, ווו איר שטייט אַצינד. —

יעצט וועל איך איַיך אויספּירלעך ווײַזן אויף איטלעכס ליד באַזונדער:

1) „דער פריַינד" אאַז"וו איז מיר נישט אַזוי שטאַרק געפעלן.

2) „די (דאָס!) צוויַיגל" איז אויך נישט גוט.

3) „עליעגע" (עלעגיע!) איז גוט.

4) „מיד בין איך שוין לאַנג געוואָרן" — נישקשהדיק.

5) „— פון (פונעם) עלנדן" — נישט גוט. וואָס פאַר אַן אַרט ריימען זענען „איך" און „איך"? „זיך" און „זיך"?

6) „פאַנטאַזיע" — נישקשה.

7) „די אַלטע פּרוי" — נישט שלעכט, נאָר פאַר — — — נישט אָנגעמאָסטן.

8) „דער יתום און די (דאָס!) פייגעלע" — איז אַפילו אַ פאָלקסגעדיכט, נאָר צו קינדעריש, איך מיין, צו וויַיבעריש. —

9) בעסער פון אַלע זענען די „טרויעריקע ניגונים" („געווידמעט אָרעמע-ליַיט" — אויסגעצייכנט!).

10) „וואָס העלפט בעל-עגלה" — זייער גוט, נאָר דער סוף איז אַ ביסל צעקוועטשט און צעריבן:

דיַין לעבן, שלימזל,
איז צרות אַ ים.
דו מעגסט די ציַיט טריַיבן —
זי גייט אַלץ לאַנגזאַם...

איַיך גלוסט זיך דעם אַפּזאַץ מאַכן אויפן „זאַם" — און דאָס טויג נישט; מיט „גוואַלד" טאָר מען אין דער פּאָעזיע נישט אַרבעטן!

11) אַנטציקט בין איך פון דער דיכטונג:

ניט מייַן נאַרישקייט,
מייַן אומוויסנהייט
האָט מיר קליין געמאַכט
ביַי יעדערן...

עס כאַפּט דעם אָפּבליק פון די — — — באַלאַדעס אָדער בילינע. אין יידישן איז דערויף שהחיינו צו מאַכן. שאַדע, וואָס די שפּראַך איז ביַי איַיך אַ ביסל צו ליטווישדיק, למשל: מע שענדערט דיר (דיך!)... מע לאַכט מיר (מיך!) אויס... געזידלט דיר (דיך!)... די... דער... דאָס... אאַז"וו.

12) „אין אַלבאָם" — נישטאָ נאָך לעת-עתּה ביַי יידן קיין אַלבאָמען... אַפילו די

דיכטונג „אירע אויגן קענסט דו, ברודער", וואָס איז גאַנץ נישקשה, איז נאָך אויך דערוויַיל אומפאַרשטענדלעך פאַרן פאָלק. אַ ייִדן באַדאַרף מען געבן אָדער גאָר וויינענדיקס, האַרבס ווי כריין, עס זאָל אַזש גיין טרערן, אָדער אַז חוזק מאַכן און לצעווען — זאָלן פליען פונקען. דאָס הייסט, אַ ייִד האָט ליב, מע זאָל אים זאָגן טאַקע אַ ביסל פאַרשטעלט, נאָר דאָך זאָל מען פאַרשטיין, אַז מע שעלט אים אין טאַטן אַריַין — אַ קאַפּוליער אַנצוהערעניש !...

— — —

איך וועל אינעם 3טן טאָם „פאָלקס־ביבליאָטהעק", אם־ירצה־השם, פון איַיערע לידלעך געוויס אויסקלויבן די בעסטע מסתּמא. טוט, אַרבעט, דאָס הייסט, לעזט, לערנט, און אַ מאָל, אַז עס שריַיבט זיך, זאָלט איר שריַיבן. —

— — —

איינער פון די גרעסטע חובבי־ציון גיט אַרויס אַ סבאָרניקל אין ייִדישן ; האָב איך אים צוגעזאָגט אַ פּאָר לידלעך פון איַיערע צו שיקן. אויב עס געפינט זיך ביַי איַיך עפּעס, וואָס האָט אַ שיַיכות צום ענין פון „ארץ־ישראל" — שיקט מיר צו, וועל איך עס אויסבעסערן און איבערשיקן אַהין. — אַדיעו !

שלום־עליכם

פ.ס. — ווער זענט איר ? וואָס זענט איר ? וויפל זענט איר אַלט ? — שריַיבט, איך בין ניַיגעריק צו וויסן — מען איז דאָך נישט מער ווי אַ ייִד !

פ.ס. — דאָס העפטל „אויף ייִשוב ארץ־ישראל" קאָסט, דאַכט מיר, 25 קאָפּ' און געפינט זיך צו פאַרקויפן אין קיִעוו אויפן אַדרעס : — — —

## 333. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 23סטן נאָוועמבער 1893

...עליכם־שלום ! וואַרטן מיטן לייענען, ווען דער גאַנצער עולם שטייט שוין פאַרטיק — ווער האָט דאָס פאַרדינט ? אַ שיינעם דאַנק איַיך פאַרן כּבֿוד, וועלכן איך האָב נישט פאַרדינט. לאָז דער עולם דאַוונען ; איך זאָג איַיך צו „בהן שלי", אַז איך קום, אם־ירצה־השם, אין שול אַריַין, בלי נדר, אָן אַ שום תּירוץ... און קומען וועל איך צו איַיך אין „הויזפריַינד" אַריַין מיט אַ פעליעטאָן, וואָס הייסט מיט זיַין ליבן נאָמען „קאָנקורענציע". נאָר ביז איך בין מיט אים פאַרטיק, שיק איך איַיך דערוויַיל דאָס בריוול, בכדי איר זאָלט זיַין גאַנץ רויִק און זיך טון איַיער אַרבעט : נישקשה, איך וועל נישט פאַרשפּעטיקן גאָרנישט. און אַז מע קומט אַ מאָל צו דער אַנדערער שמונה־עשרה, איז אויך נישט קיין גרויסער גוואַלד ; ובפרט, אַז איך פאַרשטיי, אַז ביַי איַיך האַלט מען נאָך גאָר פון פאָרנט, מחילה פאַר די נקיות... מילא, איך בין דאָך עפּעס אַליין אויך אַ שטיקל בעל־תּפילה — היַינט וואָס באַדאַרפן מיר דאָ אָנשטעלן ? איַי, הערט איר, אונדזער עולם, נישקשה, איז נישט קליין נאָך אַ קאַפּעלע צו וואַרטן. אמת, דאָס חיות גייט אים אַוודאי אויס : עפּעס אַ ווערטעלע — די ליטעראַטור ? נאָר נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע טאַקע

ווידער, צוריקשמועסנדיק, זעען מיר גאַנץ גוט אַרויס, אַז דער גוטער־יאָר נעמט זיי ניט אָן דער ליטעראַטור אויך: מען איז געוויינט צו גרעסערע צרות!...

אַ תּנאַי מוז איך קודם־כּל מיט אײַך אויסנעמען, רב קרוב, אַז אין קיין שום אָנאָנסן טאָרט איר לעת־עתּה מײַן נאָמען נישט אַרויסשטעלן, ביז איך וועל אײַך זאָגן; דעם טעם דערפֿון וועט איר וויסן שפּעטער. דערווײַלע זײַט געזונט און גריסט דעם גאַנצן עולם גאָר פֿרײַנדלעך פֿון מיר,

שלום־עליכם

## 334. צום זעלבן

קיִעוו, 3טן דעצעמבער 1893

געערטער קאָלעגאַ!

לאָז דאָס בריוול זײַן אַ שליח, אַז דער פֿעליעטאָן „סטאַנציע מאַזעפּעווקאַ" שרײַבט זיך. איך בין יעצט זייער באַשעפֿטיקט און האָב צײַט אַלע טאָג נישט מער ווי אַ האַלבע שעה צו שרײַבן.

שלום־עליכם

## 335. צו אַברהם רייזען

קיִעוו, 4טן דעצעמבער 1893

צו הער אַברהם רייזען!

די פֿאַרזעצונג פֿון אײַערע לידער באַקומען. צווישן זיי איז דאָ עטלעכע אויסגעצייכנטע, דערפֿאַר עטלעכע שוואַכע.

„די נבואה", כאָטש ניט פֿון די גלענצנדיקע, נאָר פֿאַרן זאַמלבוך פֿון די חובבי־ציון קאָן זי גיין.

מיט אַכטונג,

שלום־עליכם

## 336. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 5טן דעצעמבער 1893

פֿאַני ספּעקטאָר!

נו־נו, האָט איר מיר אָנגעדרוקעט אַ קאָפּ! מײַנע שונאים זאָלן אַזוי צײַט האָבן צו עסן, ווי איך האָב צײַט פֿעליעטאָנען צו שרײַבן! נאָר ס'איז עפּעס אַ תּירוץ, אַז דער גאַנצער עולם איז פֿאַרחלשט, פּאַטשט אין די סטענדערס (לעווי עליו־הסנאָבל וואָלט אַ מיתה־משונה אײַנגענומען, ער זאָל דערזען, אַז מע שרײַבט „סטענדערס", ניט שטענדערס!), און אַפֿילו די ווײַבער, זאָגט איר, זענען שוין אויס מענטש? העלפֿט נישט קיין

חכמות; פאַר וויַיבער באַדאַרף מען האָבן דרך־ארץ — אַ קלייניקייט ביַי ייִדן אַ וויַיב ?... ובפרט אַ סך וויַיבער! האָסט דו געהערט אַ ביסל ? !

בקיצור, איך שיק איַיך דאָ מיַין פעליעטאָן, און לאָמיר זען איַיער כשר וואָרט, אַז ס'איז שוין אַלצדינג פאַרטיק. אַדרבה, באַוויַיזט אַ תּנועה, שוין גאָר נישט קיין ייִדישע תּנועה: אומר ועושׂה... און מכּוח דרוקן האָב איך מיט איַיך, דאַכט מיר, נישט וואָס צו רעדן; איר קענט מיך פאַר אַ שטיקל מפונק אין דעם ענין. זעט זשע, אַז ס'זאָל זיַין פּיַינטשיק, טשאַקענדיק, עס זאָל האָבן אַ פּנים פון ליַיטן. איך מיין די שריפט, די שורות, די פּונקטואַציע און אַלץ אַרום און אַרום. מיט דער קאָרעקטור פאַרלאָז איך מיך נאָר אויף איַיך אַליין, נאָר בתּנאַי, אַז איר זאָלט האַלטן דאָס אָריגינאַל פאַר די אויגן.

זיַיט געזונט און האָט הנאה פונעם דריטן „הויזפריַינד", ווי עס ווינטשט איַיך באמת, אַן חכמות,

שלום־עליכם

פּ.ס. — די לעצטע קאָרעקטור, שוין נאָכן אָפּדרוקן, שיקט מיר צו זאָקאַזנאָיע. נישקשה, פאַר מיר האָט קיין מורא!

## 337. צו ג. סטאַוויסקי

קיִעוו, 8טן דעצעמבער 1893

ידידי שאר־בשׂרי!

ראשית, קומט איַיך אַ דאַנק פאַר איַיער גוטן ווילן זיך אַריַינלייגן אין אַן ענין, וואָס איז נוגע דעם כּלל־ישׂראל, און פאַר איַיער טירחה אויף צו דערנעענטערן דער־וויַיטערטע... דעם רעזולטאַט פון איַיער מיסיאָן זעט איר אַרויס דורך דעם פעליעטאָן, וועלכן איך האָב די טעג אַרויסגעשיקט צו ה' ספּעקטאָר. און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם בלאַט, וואָס מיר האָבן גערעדט אַרויסצוגעבן אין איינעם אין וואַרשע, נעם איך מיַין וואָרט, חלילה, קיין מאָל ניט צוריק. איך וועל מיך שעצן גליקלעך דעם טאָג, ווען איך וועל זען „שוואַרץ אויף וויַיס", אַז מיר האָבן אַ ייִדיש בלאַט אין זשאַרגאָן, עס מעג אַרויסגעבן ווער עס וויל זיך, אַבי דאָס פאָלק זאָל האָבן וואָס צו לייענען. איך בין גרייט מיטצוהעלפן מיט אַלע מיַינע כּוחות: מיַין אָרעמע פען איז אין גאַנצן משועבד צו אַזאַ הייליקער און ליבלעכער זאַך! ווען עס געפינט זיך אַצינד אַ מענטש, וואָס קאָן אַריַינלייגן אַ פאָר טויזנט קערבלעך, דער וואָלט באמת זיַין אַ גואל ומושיע, דער וואָלט זיך באמת געקויפט אַ נאָמען אין דער ייִדישער היסטאָריע! איך מיין דאָס איַיך, ליבער פריַינד, איַיך, הער סטאַוויסקי! גלייבט מיר, איר וואָלט זיך קונה־שם געווען מער ווי איר קאָנט זיך פאָר־שטעלן, און איַיער געלט וואָלט אויך געווען גאַראַנטירט, און אפשר נאָך מיט ריווחים אויך. מי יודע, אפשר איז באַשערט, אַז איר זאָלט טאַקע זיַין דער אמתער שליח!

דברי שאר־בשׂרו דורש־שלומו ומיחל לתשובתו בקרוב,
שלום־עליכם

פּ.ס. — רעדט איבער מיט ה' ספּעקטאָר וועגן דעם נאָך אַ מאָל. הפוך בה והפוך בה.

## 338. צו מרדכי ספעקטאָר

קיעוו, 8טן דעצעמבער 1893

פּאַני ספּעקטאָר!

זײַט אַזוי פֿיל גוט און זײַט זיך מטריח אויף דער פּאָסט — איך האָב אײַך הײַנט אַרויסגעשיקט זייער אַ נייטיקן בריוו, נאָר אָן אַ מאַרקע. דער בריוו איז נוגע מער אײַך, ווי מיר. לכן זאָלט איר מוחל זײַן באַצאָלן פֿאַר מײַן פּאָרטראָגן זײַן די 14 קאָפּ׳ און דעם בריוו אָפּנעמען. למען־השם, אויסקויפֿן דעם בריוו — ער איז לטובתכם!!

שלום־עליכם

## 339. צום זעלבן

קיעוו, 8טן דעצעמבער 1893

יאַסנאָוויעלמאָזשני פּאַן ספּעקטאָר!

איך שיק אײַך דאָ מײַן בריוול מיט אַ בלויער חתימה וועלכע לייטעט, אַז איר האָט זיך, מחילה, אָפּגעזאָגט פֿון דעם, ווײַל איר האָט באַדאַרפֿט באַצאָלן פֿאַר מײַן צעט־ראָגן זײַן 6 אָדער 7 קאָפּיקעס... אויב איר געדענקט יענע זיסע יונגע יאָרן פֿון אונדזער ערשטער ליבע, האָבן מיר זיך צעקריגט, דאָס הייסט איך בין פּלוצעם געוואָרן אויף אײַך אָנגעברוגזט, נאָר איבער אַזאַ קלייניקייט, אין וועלכער איר האָט זיך קעגן מיר געשטעלט עפּעס זייער נישט לײַטיש — — — גאָט ווייסט, וואָס מיר בײדע וואָלטן ביז אַהער געקאָנט מתקן זײַן, ווען נישט יענע קלייניקייט! —

— — —

נאָך אײַער בריוול זע איך אַרויס, אַז מײַן קאַרטל האָט איר געזען, און די פּאָסט שרײַבט זיך בתמימות: אַדרעסאַט פּיסמאַ ניע פּרינימאַיעט... פֿאַר אַזאַ מעשה פֿאַרדינט איר אַ גרעסערע שטראָף ווי 14 קאָפּ׳, וואָס איך האָב באַצאָלט און וואָס איר באַצאָלט אַצינד; נאָר גאָרנישט, לאָז הײַנטיקס מאָל אָפּגיין אַזוי, און אויף ווײַטער וועט איר שוין קעגן מיר זײַן אַ דזשענטעלמען, ווי עס איז קעגן אײַך

שלום־עליכם

## 340. צום זעלבן

קיעוו, 19טן דעצעמבער 1893

געערטער הער ספּעקטאָר!

שאַדע, וואָס מײַן בריוו האָט דעם ה׳ סטאַוויסקין נישט געטראָפֿן אין וואַרשאַ. שאַדע, וואָס ער איז אַזוי גיך אָפּגעפֿאָרן. שאַדע, וואָס איך ווייס ניט, וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק מײַן בריוול האָט אויף אים געמאַכט — שאַדע, שאַדע! איך גלייב, אַז איר

וועט פון אים ענטפער באַקומען און מיר באַלד שרײַבן מכל דבר שורש. דאָס איז געוווּן אַזאַ געלעגנהייט, וואָס ניט אַלע מאָל טרעפט זיך אַזעלכעס.

וואָס באַדײַט, למשל, אײַער צוזאָגן: „איך וועל זיך סטאַרען די קאָרעקטע שיקן״? צו אַזאַ זאַך באַדאַרף מען זיך גאָר אַזוי ניט סטאַרען, מע נעמט און מע שיקט! זעט איר, ווען עס איז שווערלעך אַ קאָרעקטע צו שיקן? אַז מע דרוקט נישט. אָבער ווי באַלד עס דרוקט זיך נאָר, איז אַ קאָרעקטע בלאָטע שבבלאָטע!

— — — הײַנט זעט איר שוין, ווי קלוג איך האָב אײַך געשריבן דענסטמאָל, אַז ס׳איז כּלל נישטאָ זיך וואָס צו אײַלן; די קינדער־ישראל — דאָס איז אַזאַ פאָלק, וואָס גייט נישט אַרויס פון מצרים פאַר דער צענטער מכּה... איך וואַרט און וואַרט און וואַרט.

אײַער גליקווינטשנדער שלום־עליכם

## 341. צום זעלבן

קיִעוו, 20סטן דעצעמבער 1893

איך האָב מיר אויסגעאַרבעט אַ כּלל, אַז ווען אַ ייִדישער אַרויסגעבער דרוקט מודעות: „יצא לאור״, איז אַ סימן, אַז עס וועט אַרויס אין דרײַ יאָר אַרום (נ. סאָקאָלאָוו מיט זײַן „אָסיף״). און אויב ער שרײַבט: „בקרוב יצא לאור״, הייסט דאָס, אַז עס וועט שוין קיין מאָל ניט אַרויסגיין... אין אײַער מודעה אין „וואָסכאָד״ זאָגט איר: ווישאַל אין פעטשאַטי — — — קאָנען מיר האָבן אַ שטיקל האָפענונג, אַז תּיכּף אם־ירצה־השם נאָך פּסח זאָל זיך אָנהייבן צו דרוקן לעת־עתּה דער ערשטער בויגן... זײַט נאָר נישט ברוגז, קאָלעגאַ, וואָס איך שפּאָס אַ ביסל איבער די ייִדישע אַרויסגעבערס: איך בין דאָך אויך דאָס זעלבע, און אַז צוויי דאָקטוירים קומען זיך צונויף בײַ אײַן חולה, שמועסן זיי צווישן זיך אויף לאַטײַניש, און נאָר איין גאָט, דער יודע מחשבות, ווייסט זייער שמועס... בקיצור, איך האָב אײַך יענע וואָך געשריבן מכּוח מײַן בריוול צו ה׳ סטאַוויסקי — וואָס הערט זיך? אַ פּנים, אַ וואָסילקאָווער ייִד איז גאָר קיין בעלן נישט זײַן פאַרשריבן מיט גילדענע אותיות אין דער געשיכטע פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור... נאָר פאַר וואָס שרײַבט איר נישט גאָר קיין האַלב וואָרט וועגן דעם? איר האָט אָנגעהויבן צו שמועסן מכּוח עפּעס אַן ענין און האָט נישט געענדיקט. איר שרײַבט גאַנץ אויספירלעך: ווי אַזוי מיינט איר אַ צײַטונג? ווו? אויף וואָסערע אופנים? וואָס דאַרף עס קאָסטן לכתּחילה? וויפל באַדאַרף מען אַרײַנלייגן געלט אינעם עסק אויף דער ערשטער צײַט? אויף וויפל זענט איר גאַראַנטירט אַצינד, אַז עס וועט אײַך געראָטן? איך קוועטש דאָס וואָרט אַצינד, ווײַל דעמאָלט האָט אַן אַנדער פּערזאָן פאַר אײַך געכלאַפּאָטשעט. הכּלל, גערעדט, נאָר נישט אויפן ווינט. איך האָב נאָך ניט פאַרלאָרן קיין האָפענונג, אַז מיר וועלן האָבן אַ צײַטונג. גלײַכער וואָלט געווען, ווען מיר בײדע זאָלן דאָס האָבן — אָמן ואָמן.

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 342. צו „פילאַדעלפיער שטאָדט־צײַטונג״

קיִעוו, 25סטן דעצעמבער 1893

אָן די רעדאַקציע „פילאַדעלפיער שטאָדטצײַטונג״ אין פילאַדעלפיע.
געערטע הערן!

איך האָב דערהאַלטן אײַער בריוו מיטן פּראָספּעקט. דער בריוו האָט מיך געפריײט; דער פּראָספּעקט האָט מיך געוווּנדערט. געפריײט האָט מיך, וואָס איר האָט מיך אײַנגע־לאַדן צו נעמען אַן אָנטייל אין אײַער נײַעם זשורנאַל, וואָס זעט אויס צו זײַן נישט קיין שלעכטע אויסגאַבע, לויט אײַערע הבטחות, ווען איר וועט זיי נאָר קאָנען ווירקלעך אויספירן. געוווּנדערט האָט מיך אָבער, וואָס איך האָב דערזען אין אײַער פּראָספּעקט, צווישן אײַערע באַשטענדיקע מיטאַרבעטערס, די „ריעזענקרעפטע״, מײַן כּשרן נאָמען מיט גרויסע אותיות שוין אָפּגעדרוקט!!! אמת, אַמעריקע איז אַזאַ לאַנד, וואָס „אײדער טאַטע־מאַמע האָבן חתונה געהאַט, טאַנצט שוין זייער זון אויפן דאַך״ — אויף אַזאַ לאַנד איז קיין חידוש ניט; עס קאָן דאָרטן אַלצדינג געשען... בײַ מיר איז צו גלייבן גאַנץ לײַכט, איך זאָל דערהאַלטן דעם ערשטן נומער פון אײַער צײַטונג מיט מײַן פּאָרטרעט (וואָס איר פאַרלאַנגט פון מיר), וועלכן אײַער קינסטלער האָט געזען אין חלום און געמאָלט אויף דער וואָר — אַ קשיא אויף אַמעריקע? בײַ מיר האָט איר געפועלט, אַז ניט נאָר מײַן בילד, מײַן פעדער, מײַן פעליעטאָן — איך אַליין בין געווען בײַ אײַך אין פילאַדעלפיע אין דער רעדאַקציע — אַ קשיא אויף אַמעריקע? אײַ, איך בין גאָר אין קיִעוו, ניט אין פילאַדעלפיע? וואָס איז די ראיה? למאי ספּעקטאָר? ספּעקטאָר איז דאָך געוויס אין וואַרשע, פון דעסטוועגן זעט איר דאָך!... דערפון לערנען מיר אָפּ אַ קל־וחומר, ווי פון אַ לעפל מיט אַ גאָפּל: מה־דאָך פליייש, וואָס קיינער עסט ניט מיט קיין לעפל, עסט מען מיט אַ גאָפּל, — לא כל־שכּן יויך, וואָס אַלע עסן מיט לעפל, מעג מען דאָך אַוודאי עסן מיט אַ גאָפּל!... נאָר ליצנות אָן אַ זײַט, איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט — אײַער צײַטונג געפעלט מיר; און כאָטש אַפילו איך בין נאָך מיט אײַער פּראָגראַם ווינציק — דאָס הייסט כּמעט גאָרניט — באַקאַנט, נאָר נתפּעל בין איך פון דער געשווינדקייט, ווי עס גייט דאָרטן בײַ אײַך צו: וויל איך, שטיי איך מיר אויף גאַנץ פרי, רײַב מיר דורך די אויגן און זאָג צו זיך אַליין: „אַך, וואָס פאַר אַ שיינער טאָג ס'איז הײַנט! ווהין גייט מען זיך דורך? ווען איך זאָל אָבער האָבן, למשל, אַ צײַטונג!... האַ? אַ צײַטונג? פאַר וואָס דען ניט? פילאַדעלפיע איז ניט פּייטערבאַרג, דער אָדון דער צענזאָר ליגט דאָ נײַען איילן אין דער ערד און באַקט בייגל, פאַר וועמען האָב איך מורא? — שנײַד אַ צײַטונג!״... אַמעריקע, לעבן זאָל דאָס? ווו האָט איר נאָך אַזאַ גליקלעך לאַנד אויף דער גאָרער וועלט, ווו ייִדן, פײַנע, לײַטישע מענטשן, וואָס אין דער היים זענען זיי געגאַנגען אין שטרײַמלעך, נישט געטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, גייען דאָרט אַרום פראַנק און פרײַ מיט קאַראָבקעס אויף די פּלייצעס, זיצן ווי די שררות בײַ מאַשינעס און אַרבעטן זאָקן, אָדער גייען אַרום ווי די גראַפן איבער די הײַזער, זוכן אַרבעט און שוואַלן זייער שיין פאַר הונגער — און דאָך, אַז ער שיקט אַ בריוול אַהיים, שרײַבט ער: „מיר מאַכן דאָ מיט גאָטס הילף אַ גוט לעבן. יעדער מאַכט דאָ אַ גוט לעבן. קומט צו פאָרן, וועט איר דאָ מאַכן, אם־ירצה־השם, אַ גוט לעבן...״ אַך, אַמעריקע! אַמעריקע!... נאָר לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו אײַער צײַטונג.

50 סענט אַ יאָר!!

אמת, איך בין ניט קלאָר אין אײַערע אַמעריקאַנישע געלטער. בײַ אונדז, אין מאַזעפּעווקע, למשל, זענען מיר געוויינט צו רעכענען אײַך אויף דאָלער. דער שוחט, זאָגט מען, נעמט בײַ אײַך פאַר קוילן אַן עוף אַ גאַנצן דאָלער. אַ שמעק טאַביקע, זאָגט מען, קאָסט בײַ אײַך אַ דאָלער. הײַנט ווער שמועסט אַן עליה אין בית־המדרש — איז זיך גאָר נישט צו דערקויפן! מיט איינעם וואָרט, געלט איז בײַ אײַך בלאָטע און דאָלערס וואַלגערן זיך אין די גאַסן — עפּעס אַ ווערטעלע אַמעריקע? און בײַ דעם אַלעם קאָסט אײַער צײַטונג אַזוי גרויס ווי 50 סענט אַ יאָר, דאָס הייסט, אויב איך בין מיך ניט טועה, אַ קאָפּיקעס 80 אָדער 90 אויף „אונדזער" געלט! דערצו באַקומט מען נאָך אַ פּרעמיע פון 10 ביז 25 דאָלער, ווי באַלד נאָר עס גליקט אָפּ צו טרעפן דעם געוווּנטשטן נומער. לויט דעם חשבון קומט אויס, אַז בײַ אײַך אין אַמעריקע צאָלט מען צו דעם לעזער, ער זאָל נעמען אַ בלאַטצײַטונג אין די הענט אַרײַן? אַך, אַמעריקע! אַמעריקע! עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס קאָסט שוין בײַ אײַך אַ תּחינה פון שׂרה בת־טובים, אַ לוח, אַ סליחה און, להבדיל, אַ העכט אינטערעסאַנטער ראָמאַן פון שמ"ר? וויפל באַדאַרף מען צוצאָלן, אַז מע זאָל זיך צורירן צו אַזאַ סחורה? עס איז, כ'לעבן, צוליב דעם אַליין כּדאַי צו זײַן אין אַמעריקע! איך שטעל מיר פאָר, ווי אַ יידל גייט זיך אַרויס אין פילאַדעלפיע שפּאַצירן, די הענט פאַרלייגט אַרונטער, און זינגט זיך אין נאָז אַ לידל. פּלוצעם שטעלט מען אים אָפּ:

— „די פאַרשאָלטענע מויד אָדער דער געשוואָלענער ממזר", אַ העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן אין 24 טייל, פאַרפאַסט פון שמ"ר! פּרײַז 1/2 סענט. איר באַקומט אַ פּרעמיע 18 דאָלער — אַבי לייענט!

— „דער צעטראָגענער מלמד אָדער די לופטיקע באַקדייזשע", אַ היסטאָרישער זייער רירנדער ראָמאַן אין 40 טייל, פאַרפאַסט פון בלווישטיין. פּרײַז אַ שמעק טאַביקע און פּרעמיע אַ האַלב יאָר שטיוול פּוצן אַן געלט — אַבי נעמט!

— „אַ סקריפּ פון דער טיר און אויס ליבע, אָדער אַ מאַן פון 10 ווײַבער", אַ גרויסאַרטיקע האַרצרײַסנדע דראַמע אין 21 אַקטן מיט זייער שיינע מוזיק, אַראַנזשירט פון בעקקערמאַן. פּרײַז אַ שאָקל מיטן קאָפּ און פּרעמיע אַ פּאָר שפּאָגל נײַע הויזן אייגענער אַרבעט — אַבי ווילט נאָר!...

אַך, אַמעריקע! אַמעריקע! בײַ אַזעלכע מינהגים איז זייער אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס פאַר אַ האָנאָראַר אַן אַרויסגעבער פון אַ צײַטונג איז אין שטאַנד צו צאָלן זײַנע מיטאַרבעטערס? איך בין עס טאַקע, פאַרשטייט איר מיך, נייגעריק צו וויסן, ווײַל אין אײַער בריוו זאָגט איר מיר צו סתּם, אַז איר וועט מיר צאָלן האָנאָראַר, וויפל איך וועל אײַך רעכענען. „רעכענען"? עס איז פאַראַן צווייערליי רעכענונגען: איינער רעכנט, אַז מע וועט אים מסתּמא רעכענען; און דער אַנדערער רעכנט, וואָס אַרט דאָס אים, אַז יענער וועט זיך רעכענען, אַז מען וועט אים רעכענען? לאָז ער זיך רעכענען, אַז מע וועט אים רעכענען וויפל מע וועט אים רעכענען, און מיר דאַרפן בײַ זיך רעכענען, אַז יענער מעג זיך רעכענען, אַז מע וועט אים רעכענען וויפל מע וועט אים רעכענען, אַבי ער זאָל ניט רעכענען, אַז מע וועט אים רעכענען, אַז ער וועט זיך רעכענען, אַז מע וועט אים גאָר ניט רעכענען... איר פאַרשטייט, ווי טיף דאָס איז?

איר פאַרלאַנגט פון מיר אַ ראָמאַן, „נאָר ניט זייער קיין גרויסן". דערפון איז געדרונגען, אַז ער מעג יאָ זײַן אַ גרויסער: וואָרעם מאי קא משמע לן — וואָס לאָזט ער מיך דאָ הערן? נאָר וואָס זשע דען? איר בעט זיך נעבעך, עס זאָל כאַטשבי ניט זײַן אַריבערגעכאַפּט די מאָס, דאָס הייסט, מע זאָל פון אים חלילה ניט בלײַבן אונטער די הענט, ווי געוויינלעך בײַ אַ ייִדישן מחבר, אַז ער נעמט זיך „מאַכן" אַ ראָמאַן. אַ ייִדישער מחבר, אַז ער „מאַכט" אַ ראָמאַן, ווילט זיך אים זייער אויסגיסן דאָרטן אַלצדינג, וואָס בײַ אים אין קאָפּ און וואָס אויפן האַרצן טוט זיך. מהיכי־תיתי, אַז מע האָלט שוין אין מיטן רעדן, גלוסט זיך שוין טאַקע איבערשמועסן פון אַלצדינג אַרום און אַרום, אַרויסזאָגן אין גאַנצן. דעריבער פּאַקט אָן אַ ייִד אין אַ ראָמאַן פון כּל־טוב: פון חכמות, פון וויסנשאַפט, פון תּורה, פון סחורה, פון מיסחר, פון „פּאָליטיקע", פון וועלט־ענינים גלאַט; און ווי באַלד ער האַלט שוין אין מיטן שרײַבן, געפינט ער שוין אַ געלעגנהייט אַ ביסל אויסזידלען זיך, מאַכן מיט דער בלאָטע גלײַך. איי, וואָס קער זיך אָן קריטיק, פּאָליטיק אָדער מיסחר צו אַ ראָמאַן? וועמען גייט דאָס אָן? בײַ זיך אין דער היים איז זיך יעדער אַ פּריץ און מעג זיך רעדן וואָס ער וויל — אָט אַזוי שרײַבט מען בײַ ייִדן אַ ראָמאַן!... ניין, איך וועל אײַך, זײַט רויִק, קיין גרויסע „ייִדישע" ראָמאַנען ניט שיקן. אויב איך וועל אײַך שיקן, וועל איך אײַך שיקן „קליינע", נישט קיין „ייִדישע", ראָמאַנען. נאָר גיכער פון אַלץ וועל איך אײַך קיין ראָמאַנען גאָרניט שיקן. איך וועל אײַך שיקן פעליעטאָנען, נאָר פעליעטאָנען — און דאָס וועט זײַן געווענדט אָן אײַך; אַבי איר וועט נאָר רעכט צעקײַען אַלץ, וואָס איך האָב אײַך דאָ געשריבן, און איר וועט זיך פירן ווי עס געהער צו זײַן — דעמאָלט בין איך אָנגעגרייט צו דינען אײַך און אײַערע לעזער, מײַנע אַלע אַמעריקאַנישע שוועסטער און ברידער, וועלכע איך גריס גאָר פרײַנדלעך.

שלום־עליכם

פּ.ס. — בײַ מײַן מיטאַרבעטן בײַ אײַך שטעל איך אײַך אַ תּנאי: למען־השם, ניט אָנרירן אין אײַער צײַטונג קיין פּאָליטיק, קיין פּאָליטישע פּערזאָנען, און איבער הויפּט רוסלאַנדס — זאָנסט קאָן איך בײַ אײַך ניט אַרבעטן.

שלום־עליכם

## 343. צו א.־י. סלוצקי

קיִעוו, 2טן יאַנואַר 1894

מײַן פרײַנד! אָט שיק איך אײַך „אליהו הנביא"... וואָס איז דאָס מיט דיר געוואָרן, מײַן פרײַנד? דער פעליעטאָן איז שוין פאַרענדיקט און ליגט בײַ מיר, ביז דו וועסט קומען צו מיר מיט מיט דײַנע בריוו מיך צוואַײַלן, ווי דער שטייגער איז פון אַלע ייִדישע פאַרלעגערס, — און דו שווײַגסט גאָר! אָדער אפשר האָסטו זיך אַריבערגעקליבן קיין ביאַליסטאָק, אַזוי ווי דו האָסט מיר געגעבן צו וויסן אין איינעם פון דײַנע בריוו? אָדער אפשר האָסטו זיך אָפּגעשאָקלט פון דעם גאַנצן עסק, וואָס דו האָסט פאַרטראַכט צו טאָן אין אונדזער ליטעראַטור? אָדער אפשר... האָסטו קיין געלט ניט? מזל־טוב — איך

האָב אויך ניט קיין געלט אַרויסצוגעבן מײַן „פֿאָלקס־ביבליאָטעק" (דעם דריטן טייל), און איך קאָן דיר דעריבער העלפֿן נאָר מיט אַ קרעכץ, און נישט מער. — וועגן דײַן פּלאַן אַרויסצוגעבן קאָפּיקע־ביכלעך אין אונדזער העברעיִשער שפּראַך ווייסטו געפֿינען אַ ווונק אין מײַן פּעליעטאָן, וואָס איז די טעג געדרוקט געוואָרן אינעם „הויזפֿרײַנד". — בכלל זע איך אין דיר, אַז דו ביסט אַ מענטש פֿון גוטע אײַנפֿאַלן, אָבער ניט קיין מענטש פֿון אויפֿטועכצן, און ס'איז אַ שאָד אויף דעם פּעליעטאָן מײַנעם, וואָס ליגט בײַ מיר אין קעסטל, וואָרעם ס'איז אַ זאַך, וואָס האָט צו טאָן מיט דער צײַט! — און איך בין דײַן פֿרײַנד, וואָס ווינטשט דיר אַ גוט יאָר צום בירגערלעכן נײַ־יאָר.

שלום־עליכם

## 344. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 5טן יאַנואַר 1894

צו הער מ. ספּעקטאָר.

ובני קורח לא מתו... אַ פּנים, אונדזער אָרעמען זשאַרגאָן איז שוין באַשערט צו האָבן אײנעם אַ משוגענעם. פֿריִער האָט זיך נאָסיאַדעט אויף אים אײנער עפּעס אַ מטורף, אַ לעווי, ימח־שמו־וזכרו, און איצט האָט זיך אָפּגעריסן פֿון אַ שטריק אַ פּרץ — — —, וואָס ווען ניט איך, נאַרישער שלום־עליכם, וואָלט ער נאָך עד־היום געלעגן ערגעץ פֿאַרשטעקט מיט זײַן „פּאָעזיע", „געפּראַנגען מיט די צוואַנגען און געבראָגיעט מיטן ווײדל"... אַזאַ נאַכאַל! וואָס טוט ער דאָרט בײַ אײַך? עס ווײַזט אויס, אַז ער איז בײַ אײַך אַ שטיקל בן־בית: ער איז געוואָר געוואָרן, אַז איך האָב אײַך געשיקט אַ פּעליעטאָן, איז ער ניט פֿויל אויף דער פּען און שרײַבט מיר אַרײַן אַ בריוועלע (אויף רוסיש) בזה־הלשון:

„— — — איר האָט אַפּילו קעגן מיר נישט אַזוי לײַטיש יוצא געווען, דאָך האָב איך אײַך שוין לאַנג מוחל געווען. איך האָב אײַך גערעכנט פֿאַר אַ דער־רוח־ווייסט־וואָס, נאָר איך בין דערפֿאָרן פֿון אַ ריכטיקער קוועלע (דינעסזאָן), אַז איר זענט גראָדע אַ גוטער מענטש, נאָר אַ משוגענער. איך גיב אײַך אַ חודש צײַט מיר צו שיקן אַ פּעליעטאָן אין מײַן „ביבליאָטיקע". האָנאָראַר ווי געוויינלעך. ווען ניט, איז אַ סימן, אַז איר האָט זיך נאָך נישט אויסגעהיילט. — ל. פּרץ".

אַזאַ נאַכאַל! נעמען און אַרויסהענגען אַ בלעטל פּונקט מיט יענעמס פֿירמע; נאָכטאַנצן יענעם; אומפֿאַרשעמט זיך באַנוצן מיט יענעמס נאָמען אד"גל — און ער איז נאָך מוחל!! נישקשה, ער מעג שוין וואַרטן מער פֿון אַ „גאַנצן חודש צײַט" — ער וועט פֿון מיר קיין ענטפֿער נישט באַקומען ווײַל ער וועט לעבן! איך האָב אים תּמיד גערעכנט פֿאַר אַ שטיק משוגענעם; נאָר אַז ער זאָל זײַן אַזאַ נאַכאַל — — — דאָס האָב איך גאָרנישט געוווּסט, כ'לעבן. — — —

— — —

וואָס זענט איר מיט אַ מאָל אַנטשטומט געוואָרן? איר געדענקט כאָטש אײַערע בריוועלעך אַ מאָל, פֿריִער מיט אַ וואָך דרײַ־פֿיר? עס איז, כ'לעבן, נישט שײן פֿון אײַך! — איך פֿרעג מיך נאָך, פֿאַרשטייט איר מיך, אַלץ אויף יענער מעשׂה (מכּוח אַ

יידישער צייטונג). גוואַלד, מיר דאַרפן האָבןביידע אַ יידישע צייטונג פאַרן פאָלק!
— — —

ווי געפעלט אייַך דאָס נאָכאַלסטוואָ פון אונדזערע צוויי „אָרדנטלעכע רעדאַקטערע אין פילאַדעלפיע”? איך באַקום פון זיי אַן אַנגאַזשמענט אויף צו שרייַבן אין דער „פּהילאַדעלפיער שטאָדצייַטונג”, צוזאַמען מיט אַלע „ליכטיקע שטערן”, ווי, למשל, דער „באַוווסטער הומאָריסט” טשערגי, לילייענבלום וכדומה — און, איך טו אַ קוק, אַהאַ! שלום־עליכם ליגט בייַ זיי אויפן צעטל, מחילה, אָנגעדרוקט מיט „יקום־פּורקן”־כתב גאָר אויף אַן אַנדער אופן! נאָר שענער פון אַלץ זענען די געווינסן פון 600 ביז 900 — אַ „העכסט אינטערעסאַנטער ראָמאַן” פון ספעקטאָר! וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט אייערנעכטן און פאַר אַ יאָרן זאָל אויסגיין צו זייער קאָפּ מיט לעווין און מיט פרצן מיט מזחן — טפו! — — — פאַר גרויס שימחה האָב איך געכאַפּט און האָב זיי אַוועקגע־שיקט אַ פעליעטאָן — אַ תשובה אויף זייער בריוול; נאָר מכות וועלן זיי דאָס דרוקן! — — — נו, אַ וועלט מיט קליינע וועלטעלעך!
— — —
— — — איך זאָג אייַך ווידער אַ מאָל: אַ צייַטונג! אַ צייַטונג! גוואַלד, אַ צייַטונג!
— — —

שרייַבט בריוולעך און מאַכט גוטע געשעפטן, ווי עס ווינטשט אייַך

שלום־עליכם

## 345. צום זעלבן

[אָן אַ דאַטע]

ליבער ספעקטאָר!

דער געוויסער „רעדאַקטאָר און עדיטער” פון דער „פילאַדעלפיער שטאָדצייַטונג” הר' מליץ יושר (אַ מליץ־יושר זאָל ער זייַן פאַר אונדז דאָרטן, אויף דער אמתער וועלט — אַמעריקע איז דאָך אַ לאַנד פון לויטער אמת!) האָט מיר געמאַכט אַ סורפּריז און האָט „אָפּגעקוועטשט” מייַן „פּיקטשור” (בילד) בייַ זיך אין בלאַט מיט מייַן פאַקסימילע, און צו מאַכן מיר אַ נחת־רוח האָט ער מיר דאָס קלישע געשיקט אַ מתנה. אויף וואָס דאַרף איך דאָס? — לכן האָב איך מיך מישב געווען, איך וועל דאָס שיקן פון אייַער כבוד וועגן, אפשר וועט איר זיך וועלן מיט דעם באַניצן בייַ זיך אין „הויז־פרייַנד”, נאָר מיט אַ תּנאַי, אַז:

1) איר זאָלט דאָס אָפּקוועטשן אויף גוט עכט גלאַזירט פּאַפּיר.

2) קיין שום ביאָגראַפיע ניט שרייַבן, נאָר צוזעצן אַ פּאָר ווערטער, אַז דאָס בילד איז שלום־עליכם, ער איז אַלט אַריבער דרייַסיק יאָר, האָט אַ סך געשריבן אין זשאַרגאָן און האָלט ערשט אין רעכטן שרייַבן, ער איז דעם זיידנס מענדעלע מוכר־ספרימס אַן אייניקל, אַ הייסער חסיד פון אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור, האָט זי ליב באמת, מע קאָן זאָגן, כּמעט ער איז פאַרליבט אין איר, וכו' — עס וועט ניט זייַן קיין ליגן. נאָר קיין גרויסן „לכבוד”, בעט איך אייַך, זאָלט איר ניט מאַכן.

אייַער שלום־עליכם

## 346. צום זעלבן

קיעוו, 16טן יאַנואַר 1894

געערטער קאָלעגאַ, מ. ספּעקטאָר!

נעכטן האָב איך באַקומען (מיט דאַנק) דאָס דריטע קינד אײַערס, דעם „הויז־פריַינד" נומער 3, האָב עס רעכט באַטראַכט, בודק געווען פון אַלע זײַטן, זיך באַקענט מיט דעם — און הײַנט שרײַב איך אײַך מײַן מיינונג וועגן דעם, בכלל און בפרט:

בכלל קאָן איך אײַך זאָגן, אַז דאָס דריטע קינד אײַערס איז פיל געראָטענער פון אײַערע עלטערע צוויי אין אַ סך ענינים. איך האָב מיך מיט דעם פאַרנומען און געקליבן נחת הן פונעם אויסזען, הן פון די חכמות, וואָס ס'האָט מיך געלאָזט הערן. דאָס פאַרשטייט יעדער, אַז גאָלע גוט גיבט עס ניט אויף דער וועלט און אַ כלה אָן אַ חסרון — איז שוין אַ חסרון. דעריבער וויל איך אײַך דאָ אַרויסזאָגן מײַן מיינונג בפּרוטרוט, דאָס הייסט, אויף איטלעכס אַרטיקל באַזונדער, דעם גאַנצן אמת, אָן אַ שום נוגע בדבר — עס וועט אײַך, נישקשה, אַ מאָל צו ניץ קומען...

בפרט הייב איך אָן פון בראשית, דאָס הייסט, פונעם זיידן רב מענדעלעס קאַפּיטל „אַ נאַכט אין צרות". אוי, דער זיידע, לעבן זאָל ער! וואָס זאָגט איר עפּעס אויף זײַן אַרט באַשרײַבן ליבע אויף ייִדיש? איך פרעג אײַך, ספּעקטאָר, דערפאַר, ווײַל בײַ אונדזער פאָלק זענען מיר ביידע, איך מיט אײַך, מישטיינס געזאָגט, כמעט די איינציקע, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צו באַשרײַבן ליבע בײַ ייִדן. אַ שיינעם פּנים האָבן מיר מיט אונדזער אַרט שרײַבן קעגן דעם זיידן רב מענדעלע מוכר־ספרים! בײַ אים קומט עפּעס אויס גאָר נישט געמיינט ליבע־שמיבע, נאָר גלאַט אַזוי, הערשעלע ליגט אויף אַ ריקבעט, וואָס סקריפּעט און פּײַפּט, און ער קאָן ניט שלאָפן: „או־וואַ — אַ מעשה — אים לאָזט ניט שלאָפן ביילע!"... און חנצע מיט רפאלן, ווי זיי באַגעגענען זיך, און ווי בריהש עס ווערט פאַרבײַגייענדיק אָפּגעמאָלט זייער פאַרקאָכעניש איינס אינעם אַנדערן, — ווי ווײַט אמת, ווי ווײַט פּשוט דאָס איז! וויפל קונסט און וויפל פּאָעזיע דאָ שטעקט! טויזנט בלעטער, צען פלאַש טינט, אַ מאה פּענעס וואָלט אַ ייִדישער „ראָמאַן־מאַכער" באַדאַרפט אויסברענגען אויף איבערצוגעבן כאָטש וואָס ס'ניט איז פאַכאָזשע אויף ליבע. טרערן, הייסע טרערן, קוש, לאָקש, בוידעם, ציבעלעס, נעכטיקער טאָג — אָט וואָס אין יענע ראָמאַנען ליגט! ניין, ברודער, מיר דאַרפן זײַן שטאָלץ מיט אונדזער זיידן און בעטן גאָט פאַר אים, ער זאָל אונדז נאָך לאַנג־לאַנג מזכה זײַן מיט אַזעלכע פּערלען, ווי „דאָס ווינטשפינגערל". עס טוט מיר ווירקלעך הנאה, וואָס ער האָט אײַך געגעבן כאָטש איין קאַפּיטל דערפון, כאָטש „דאָס ווינטשפינגערל" איז אין גאַנצן געווידמעט און כמעט אין גאַנצן אָנגעשריבן געוואָרן לכבוד דער „ביבליאָטהעקע" מײַנער. נאַרישקייטן, עס גייט מיר דאָ ניט אין כּבוד — מײַן איינציקסטער ווונטש איז, אַז „דאָס ווינטשפינגערל" זאָל שוין אַרויס אויף דער ייִדישער וועלט. עס גייען נאָך דעם קאַפּיטלעך אַזעלכע, וואָס פּשוט גין־גאָלד איז צו דעם ניט גלײַך. עס מעגן זאָגן אונדזערע אָדעסער ווײַסע־חברהניקעס, אַז איך בין משוגע, פאַרליבט משוגענערווײַז אין דעם אַלטן זיידן — איך הער זיי, ווי די קאַץ! —

נאָך דעם גייט אײַער סקיצע „מאַן און ווײַב". ווייסט אײַך דער גוטער יאָר, וואָס

אײַך איז געוואָרן! וואָס ווײַטער שרײַבט איר אַלץ בעסער, באַקלערטער און באַטעמטער. איך קאָן אײַך זאָגן, אַז איך האָב שוין לאַנג אַזוי קיין הנאה געהאַט פון אַ נאָוועלע, ווי איצט פון אײַער פּאַרפּאָלק. איך האָב מיך פּשוט מחיה געווען. אײַער פּערעלע האָט בײַ מיר, גלייבט מיר, צוגענומען אַ שטיק געזונט, און אַז איך האָב זי דערלעבט זען צוריק אין דער היים, האָבן זיך בײַ מיר, ווי איך בין אַ ייִד, געשטעלט טרערן אין די אויגן. אַזוי פּשוט, אָן קונצן, און אַזוי לויטער אמת, אָן חכמות, באַשריבן דאָס אמתע לעבן! אָט האָט איר אַ צווייטן באַווײַז, אַז מע באַדאַרף גאָר נישט גיין זוכן קיין סוזשעט אויף אַ ראָמאַן צו באַשרײַבן; מע באַדאַרף אויף כּפּרות זיך ברעכן דעם מוח אויף אויסצוטראַכטן אַ מעשׂה. אָט האָט איר געכאַפּט אַ מאָמענט פון אַ צוויי־דרײַ וואָכן בײַ אַ פּשוט פּאַרפּאָלק, אָן פילאָסאָפיע, אָן פּאָעזיע (הלוואַי וואָלט איר תּמיד אַזוי זיך געפירט!), און ס'איז אויסגעקומען בײַ אײַך אַ בילד אַ צאַצקע, מלא־חן! אײַ, וואָס שטעקט אַזעלכעס, למשל, אין אַזאַ וואָכעדיקער אידעע, ווי „יאָ” אָדער „ניין”? צי דרײַ, צי פיר קינדער? צי מיט פּערעלען, צי אָן פּערעלען? וואָס אָבער פאַר אַ טיפער זין, וואָס פאַר אַן אָרנטלעכע מאָראַל עס ליגט דאָ באַהאַלטן פאַר ייִדישע קינדער און פאַר מענטשן בכלל! ברודער־לעבן, אײַער „מאַן און ווײַב” איז אַ מײַסטערווערק, וואָס באַווײַזט אונדז נאָך אַ מאָל, אַז אין אײַך ליגט פאַרבאָרגן אַ זעלטענער טאַלאַנט, מיט וועלכן איר באַניצט זיך נישט אַלע מאָל גלײַך. איר באַדאַרפט האָבן אויף זיך, גלײַך מיט מיר, אַ קאַנטשיק, און אַ רעכטן. אוי, דאַרף מען אונדז ברעכן די ביינער! אוי, דאַרף מען אונדז לערנען שרײַבן! אוי, באַדאַרפן מיר ביידע אויף זיך אַ רבין, אַ רעדאַקטאָר!!!

[18]94 .6 .18

הײַנט, אין פינף חדשים אַרום, נעם איך מיך ענדיקן מײַן בריוו! איך וואָלט אײַך גאַנץ אויספירלעך מײַן רעצענזיע איבערן „הויזפרײַנד” געשריבן, זענט איר אַליין שולדיק: איך האָב אײַך שוין אַ מאָל דרײַ געבעטן, איר זאָלט מיר אײַערע אַלע ווערק צושיקן במתּנה, מאַכט איר זיך טויב — זייער שיין פון אײַער זײַט! לאָז אײַך דער בריוו כאָטש רעכט שטעכן די אויגן, אולי ירחם, טאָמער וועט איר זיך שאַנעווען קעגן אײַער

איבערגעבנסטן שלום־עליכם

## 347. צום זעלבן

קיִעוו, 4טן יוני 1894

געערטער קאָלעגאַ, ליבער חבר, מ. ספּעקטאָר!

...טוט מען זשע אַזוי מיט אַ גוטן־ברודער? אַז מע דאַרף צו אים האָבן, שרײַבט מען צו אים בריוועלעך מיט בריוועלעך, און קומט צו עפּעס — בין איך ניטאָ אין דער היים!? — נאָר וואָס דען? איך בין אײַך דן לכּף זכות און זאָג צו זיך אַליין בזה־הלשון: „אפשר איז יענעם דער קאָפּ אַזוי דערשלאָגן, אפשר זענען די געשעפטן אַזוי צעדרייט, אַז עס קריכט אים נישט אין קאָפּ צו שרײַבן בריוועלעך?...” איך ווייס עס פון זיך אַליין. אַזוי פיל גוטע יאָר זאָל איך האָבן, וויפל בריוו עס ליגן בײַ מיר אָנגעהויבענע, אָדער

צוגעגרייטע צו גוטע פרײַנד — און דער קאָפּ, מישטיינס געזאָגט, איז אין דער ערד! שווערע צײַטן, ביטערע יאָרן!! מילא, איז בריוו — בריוו; אָבער ביכלעך? סטײַטש, איך האָב געבעטן, מע זאָל מיר אַרויסשיקן, און באַלד, אַלע דרײַ טאָמען „הויזפרײַנד" לזכּרון, און אויך די איבעריקע ווערק אײַערע — פֿאַר וואָס שווײַגט איר? דאָס איז דאָך טאַקע עפּעס גאָר פֿאַסקודנע, שוין צו ייִדישלעך, מחילה!...

הײַנט וואָס וואָלט געווען, למשל, ווען איך זאָג צו אײַך: „ברודער ספּעקטאָר! איר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט האָנאָראַר פֿאַר מײַן פּעליעטאָן — נו, קום איך אײַך מודיע זײַן, אַז איך וויל מײַן האָנאָראַר, הײַנו, איך וויל, איר זאָלט מיר צושיקן אַ קליין דער־ציילונגל פֿאַר מײַן דריטן טאָם „יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק"; לאָז דער עולם זען, אַז שלום־עליכם מיט ספּעקטאָרן זענען נישט קיין „געפּערלעכע" קאָנקורענטן, צוויי קרעמערס אויף „מעסערשטעטך". — ווי געפֿעלט אײַך דער פּלאַן?

אַנשטאָט אַנטוואָרט, אַז איר וועט מיר שיקן די ביכער, האָף איך די ביכער צו באַקומען; אַנשטאָט אַנטוואָרט, אַז איר וועט מיר שיקן איין דערציילונגל, האָף איך אײַער דערציילונג צו דערהאַלטן. דען איך קאָן מיר ניט פֿאָרשטעלן, אַז ספּעקטאָר וועט צו מיר שרײַבן בריוולעך נאָר דעמאָלט, ווען ער דאַרף צו מיר האָבן, און ניט דעמאָלט, ווען איך דאַרף צו אים... אויב יענע ייִנגלשע (אידעאַלנע) ליבע צווישן שלום־עליכם און ספּעקטאָר איז געלאָשן געוואָרן, זענען דאָך אָבער שלום־עליכם מיט ספּעקטאָרן געבליבן די אייגענע מענטשן, וואָס אַ מאָל. צי אפשר האָב איך, חלילה, אַ טעות? ניין, עס קאָן ניט זײַן, עס קאָן ניט זײַן!!!

אײַער באַשטענדיקער שלום־עליכם

קיִעוו, ניזשנעוולאַדימירסקאַיאַ 5, סאָלאָמאָנו ראַבינאָוויטשו.

## 348. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 7טן יוני 1894

ליבער רבניצקי!

מזל־טוב! איך בין פֿאַרגאַנגען אויף טראָגן מיטן דריטן בוך „יודישע פֿאָלקס־ביבליאָ־טהעק", איך בין שוין רעכט אויף־דער־צײַט, און מבינים זאָגן, אַז גיך־גיך וועל איך מיך מוזן אַרײַנקלײַבן אין קינדבעט אַרײַן אין אַ גוטער שעה, אַ מזלדיקער שעה. —

שיין וועט זײַן, אויב איר וועט מיר ניט צושיקן (אין גיכן) די קריטיק. לאָז אײַך גאָט געבן אַזאַ זין, איר זאָלט מיר פֿאַרשלאָפֿן — בין איך אײַך נישט מקנא! —

נעמט דאָס דריטע בוך „הויזפרײַנד". דאָרט וועט איר געפֿינען צוויי דערציילונגען פֿון ספּעקטאָרן, פֿון וועלכע איר וועט האָבן הנאה. איך בין פֿון זיי געוועזן נתפּעל! אַ יושר, איר זאָלט איבערן „הויזפרײַנד" אַליין געבן אַן אַרטיקל. קיין אַנדער מאַטעריאַל זע איך ניט אַרויס בײַ אונדז. אַנטשלאָפֿן געוואָרן דער זשאַרגאָן, אַנטשלאָפֿן געוואָרן די זשאַרגאָניסטן. איך וויל זיי, אם־ירצה־השם, אויפֿוועקן, נאָר ניט ווי, געוויינלעך, מע וועקט יענעם אויף מיט דרך־ארץ: „זײַט זשע מוחל... זײַט זשע מוחל... שטייט אויף".... ניין! איך וויל זיי אויפֿוועקן מיט אַ טראַסק, אַ דונער, אַ זעץ אין קאָפּ אַרײַן, זיי זאָלן

אַראָפּפאַלן פון די געלעגערס — און דעריבער מאַך איך נישט קיין רעש, ניט אין די בלעטער, ניט דורך קיין בריוולעך. דער איינציקער, וועמען איך האָב געשריבן, איז דער איידע זאָל לעבן, און דער צווייטער זענט איר. — דאָ אין קיִעוו ווייסן: קאַראַסיק, מאַקס בראָדסקי (וועלכער נעמט אָנטייל אין דער אויסגאַבע) און שולמאַן. דרוקן דרוק איך אין באַרדיטשעוו. אַרויס וועט דאָס בוך אויף גאָטס וועלט, אם־ירצה־השם, אויף סוכּות, לא יאוחר (אָבער טאָקע לא יאוחריסימוס!!!). זעט זיך מיטן איידן, גריסט אַלעמען גאָר פריינדלעך און שרייַבט בריוולעך.

איך שלום־עליכם

פּ.ס. — מעגלעך, איך וועל אייַך בשתיקה צושיקן מייַן ראָמאַן (אַלס בייַלאַגע), איר זאָלט אים אָפּקוועטשן אצל דוכנא.

פּ.פּ.ס. — ווו איז ערגעץ פּאָלינקאָווסקי? זאָגט אים, אַז אַלטער פּעסיס זיצט אַן אַלמן און קלמן שדכן לייגט־איַין די וועלט, ווי געוויינלעך...

## 349. צום זעלבן

קיִעוו, 18טן יוני 1894

איך האָב אייַער בריוול מקבל געווען. איך האָב הנאה, אַז איר האָט נאָך צו מיר טענות, פאַר וואָס איך שרייַב אייַך ניט קיין אָפּטע בריוולעך! —

מילא, וואָס קומט אַרויס, טענות אַהין, טענות אַהער? עסק באַדאַרף מען שמועסן, עסק! — איר זענט שוין צו אַ שטאַרקער אַפּיקורס. וואָס קאָן איך אייַך העלפן? איך זאָג אייַך, אַז איך דרוק דעם דריטן טאָם „ביבליאָטהעקע" — ווילט איר, גלייבט, אלא ניט, זייַט אייַך געזונט אין אַדעס און איך דאָ אין קיִעוו.

איך האָב צו אייַך אַ מין בקשה, אַ קלייניקייט: שרייַבט מיר גענוי, ווער איז ביי אייַך הייַנט דער בעסטער מדפּיס: דוכנא, צי סאַקאָוויטש־ביילענסאָן? מעגלעך, איך וועל מוזן דעם גאַנצן מאַטעריאַל דרוקן אין אַדעס. דוכנא גלוסט זיך מיר עפּעס נישט; ער האָט זיך מיר פאַר צוויי יאָרן, ניט הייַנט געדאַכט, אַ ביסל צוגעגעסן און עפּעס זייער מיאוס קעגן מיר זיך באַגאַנגען, שוין צו פיל ייִדישלעך... אין באַרדיטשעוו דרוקן איז כּמעט אוממעגלעך: ס'איז נישט קיין דרוק, ס'איז עפּעס, מחילה, גאָר אַ באָד אָן אַלטע, אַ שברי־כּלי, אָן אַ שום אָרדענונג, און דערצו נאָך אָן אַ בעל־הבית — מע קאָן דאָרט פאַרפאַלן ווערן! איך קאָן אייַך אויסזאָגן אַ סוד (קיין פרעמדע טאָרן דערפון לעת־עתּה ניט וויסן), אַז אונדזער קאַראַסיק שיחי' וועט האָבן הייַנטיקן זומער דאָ בק"ק קיִעוו אַן אייגענע דרוק, מיט ייִדישע אותיות אויך — דעמאָלט וועט זייַן אַ יום־טוב: אַן אייגענע חתונה מיט אייגענע כּלי־זמר! — רק עוד חזון למועד...

אייַער אידעע מיט האָרינשטיינס וועגן דעם „עולם קטן" געפעלט מיר זייער־זייער. איר וועט מאַכן אַ גוט געשעפט, אויב איר וועט קאָנען צוציִען דעם איידן. מייַן „מעסערל" אויף איבערזעצן איז נאַריש; דאָס וואָלט איך באַדאַרפט אַליין טון, וואָלט איך דאָס אויסגעבעסערט, אָדער כאָטש אונטער מייַן רעדאַקציע; נאָר נעמען זיך אַליין צו דער

אַרבעט אַ צ י נ ד איז פאַר מיר קשה כּקריעת ים־סוף, דען איך בין טיף אין דער אַרבעט. נײַערט איך שרײַב אַצינד פאַר דער „ביבליאָטהעקע" אַ סיפּור פאַר קינדער אין זשאַרגאָן „צער־בעלי־חיים", װעל איך אײַך שיקן אַ קאָפּיע, איז ממה־נפשך: װעט דאָס אײַך געפעלן, איז מה־טוב; אלא טאָמער חס־ושלום ניט — פאַר װאָס ניט? ניין, עס װעט, אם־ירצה־השם, געװיס געפעלן, אַזוי װי עס װעט אײַך געפעלן מײַן „מאַרקוס בלאַנק", װעלכן איך האָב, נאָך פינף יאָר צײַט, איבער אַ נײַעס איבערגעאַרבעט פון אַלף ביז תּיו. גריסט אונדזער פרײַנד האַרינשטיין. זאָגט אים: אַ ח ר י ב ל ו ת ו ה י ת ה ל ו ע ד נ ה. נאָר אָן אַ בתמיה. ער װייסט שוין װאָס איך מיין, ער איז ניט קיין — — —. זעט זיך מיטן זיידן און גריסט אים גאָר פרײַנדלעך.

ממני אײַער אמתער ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 350. צום זעלבן

קיעװ, 24סטן יוני 1894

ידידי!

בנאמנות, איך האָב פאַרגעסן פון די „יידישע אוצרות", צי איך האָב זיי װען געזען, צי ניין? שיקט, װעלן מיר זען. — פּרצעס „ליטעראַטור און לעבען" האָב איך אויך ניט געזען און װ י ל זיי ניט זען. איך גלייב ניט, אַז דער מטורף פּרץ (דער צװייטער לעװי) זאָל קאָנען עפּעס װיכטיקעס מתקן זײַן. אונדזער „קריטיקוס" האָט גאַנץ גלײַך געזאָגט אין לעצטן ביכל „װאָסכאָד", אַז פּרץ מיט בעטי פּלעקל (מיין איך פלעקסער) האָבן זיך נאָר ג ע פּ ר ו װ ו ט נאָכמאַכן, אָבער עס איז זיי ניט געראָטן. אין דעם איז פאַראַן אַ סוד — און דעם סוד פאַרשטייט דובנאָװ... איך שיק אײַך אַ קליין קוריאָזע װעװוריקל (מיין איך װערקל). קוקט דאָס דורך און זעט, אַז אומעטום, װוּ עס קריכן אַרום גרויסע װערעם מיט שרצים ורמשים, מוזן זיך געפינען אויך קליינע לײַז, װאָס שטופּן נאָך די קאַרעטע. — איך געדענק נישט, צי האָב איך אײַך געשריבן, װי װײַט אַנטציקט איך בין געװען פון בן־עמיס „מאַלענקאַיאַ דראַמאַ" („װאָסכאָד", 1893, נומ׳ 12)? — דאָס איז דאָס בעסטע, װאָס בן־עמי האָט אָנגעשריבן! אָקעגן װאָס זאָג איך עס? אָקעגן אײַער „עולם קטן". איר זאָלט זײַן אַ מענטש, װאָלט איר דאָס, מחילה, אַליין איבערזעצט אין העברעיִשן; עס װעט קונה־שם זײַן און איר װעט קונה־שם זײַן און װעט מאַכן אַ גוט געשעפט. איר מיינט, אין זשאַרגאָן װאָלט דאָס געװען אַ קליינער אוצר? איך װאָלט דעם אַ נאָמען געגעבן „די ערשטע פאַר שטיװועלעך". עס װאָלט נאָך מער אויסגענומען, װי „חנוכּה". עפּעס גלייב איך ניט אין אײַער ק״ז װיסאָצקי. עפּעס הער איך נאָר מע זאָגט, אַז ער גיט... גריסט דעם זיידן זאָל לעבן און איטלעכן באַזונדער גאָר פרײַנדלעך. שרײַבט, װוּ איז פאַלינקאָװסקי? מײַנע גריסן אײַך גאָר פרײַנדלעך.

אײַער ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

פּ.ס. — אַז אָך און װיי איז צו די יאָרן, אַז דער זיידע קאָן מיר נישט געבן קיין תּשובה ביז ער װעט נישט באַקומען קיין בריװ פון ש... דער זיידע זאָל אים אַזוי קענען, װי איך, װאָלט ער אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט און װאָלט געזאָגט אויף אים „פאַרך!"

בן־עמי וואָלט געזאָגט: מיעחחח־זאַוויעץ!!! און איך זאָג: ער איז אַ לאַקיי, אַן עבד לעבדים... וד״ל.

## 351. צו דער „טויב״

(קיִעוו, יוני 1894)

צו דער „טויב״.

„די טויב״! פאַר וואָס עפּעס „די טויב״? פאַר וואָס ניט „דער פּיפּערנאָטער״?

אָט די שאלה איז מיר געקומען אַקעגן, בשעת איך האָב באַקומען די מ ו ד ע ה ר ב ה, אַז אין גיכן וועט דערשײַנען אין פּיטסבורג אַ ייִדישע צײַטונג אונטער „ד ע ם ר י י נ ע ם י י ִ ד י ש ע ן נ אָ מ ע ן״ „די טויב״. פאַר וואָס איז „די טויב״ אַ ייִדישער נאָמען, און נאָך אַ ריינער דערצו — זאָל מיך אַזוי וויסן בית און גימל! זאָל איך זאָגן, אַז ס'איז דערפאַר, ווײַל אונדזער פאָלק איז געגליכן צו דער טויב מיט זײַן אָרנטלעכקייט און פײַנקייט, אַזוי ווי אין דער מודעה שטייט, — איז נאָך נישט אין גאַנצן פאַרענטפערט. עס איז נאָך אַ שטיקל פלוגתא וועגן אונדזער „אָרנטלעכקייט״ און אונדזער „פײַנקייט״ — למאי זאָלן מיר זיך נאַרן, כ'לעבן? — מיר רעדן דאָך ייִדיש, און קיין גוי וועט אונדז ניט פאַרשטיין, — מיר זענען נאָך לעת־עתה, מיט אונדזער אומשולדיקייט, גאַנץ ווײַט פון דער טויב. פון דעם, וואָס מיר זענען אַ מ אָ ל געוועזן, רעדן מיר נישט. מיר שמועסן פון אַציינד. מיר רעדן אויך ניט פון איינצלנע פאַרשוינען — פאַראַן, פאַראַן בײַ אונדז זייער פײַנע איידעלע מענטשן. מע שמועסט אָבער פונעם כלל — ס'רוב פון אונדזער פאָלק אין די לעצטע יאָרן פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט. וואָס באַגעגענען מיר אַציינד אין אונדזער פאָלק, צווישן אונדז רעדנדיק? אוי־וויי, פּיפּערנאָטערס, ניט קיין טײַבע־לעך!... שווינדלערס, עגאָיִסטן, פּראָצענטניקעס, מאַלפּעס, אויסברענגערס, שבתי־צבינ־קעס, כל־בוניקעס, מוסרים — גוואַלד, מוסרים, מוסרים, מוסרים! איר האָט דען אַ באַגריף פון די מוסרים מיט די מסירות וואָס בײַ אונדז אין רוסלאַנד? איר קאָנט זיך דען פאָרשטעלן, אַז העכער האַלב גזירות און צרות, וואָס מיר האָבן דאָ, וואַקסן נ אָ ר פון אונדזערע אייגענע מסירות? אמת, עס נעמט זיך פון אונדזער גלות, אָרעמקייט, שפלקייט און דחקות, וועלכעס ברענגט אונדז צו אַלע נידעריקייטן, זינד און פאַרברעכע־נישן. עס קאָן זײַן, אַז בײַ אײַך, אין דעם פרײַען גליקלעכן לאַנד, אין אַמעריקע, ווו ייִדן זענען פאַררעכנט פאַר מענטשן גלײַך מיט אַלע צווייפיסיקע באַשעפענישן, זענען אפשר אונדזערע ברידער לײַטישער און פײַנער, ווי מיר דאָ אין גלות, — דאָס דאַרפט איר וויסן בעסער פון מיר. מעגלעך, אַז איר זענט דאָרטן לויטער טײַבעלעך. הגם, „אַז מע וויל דאָס אייגענע טאַקע נאָך אַ מאָל ווידער צוריק״, האָבן זיך דערווײַלע בײַ אײַך אונדזערע ברידער נאָך נישט אַזוי שטאַרק אויסגעפײַנט. פון די בריוולעך, וואָס איך באַקום פון פיל מײַנע באַקאַנטע אין אַמעריקע, זע איך אַרויס, אַז יעדער איינציקער, וואָס קומט אַ ה י ן, שטופּט זיך און שלאָגט זיך מיט אַלע כוחות, ער זאָל זיך „מאַכן אַ גוט לעבן״. ווי אַזוי און פון וואָס ער „מאַכט זיך דאָס לעבן״ — דאָס איז שוין זײַן עסק... און אַז גאָט העלפט אים, ער „מאַכט שוין דאָס לעבן״, לייגט ער אַרײַן די הענט אין די קעשענעס, פאַררייכערט אַ ציגאַר און גייט זיך פאָטאָגראַפירן, בכדי צו באַווײַזן אונדז דאָ, אַז ער

דאָרט, אין דעם פרײַען לאַנד, „מאַכט, דאַנקען גאָט, אַ גוט לעבן" — און מער נישט אַ לעק! דאָס גוטע לעבן פאַרשטייען מיר דאָ גאַנץ גוט; מיר שטויסן זיך אויפן ווונק און מיר זעען דאָס אַרויס בחוש, אַז עס טרעפט, אַז אַן איידעלער אינטעליגענטער מענטש שלאָגט זיך צו, חלילה, אַהין — ווי טיף אומגליקלעך, ווי ווײַט פאַרוואָגלט ער איז! עס ליגן בײַ מיר בריוו פון אונדזערן אַ יונגן גײַסטפולן פּאָעט, ה' ד., וועלכן די בייזע כוואַליעס האָבן אַרויסגעוואָרפן פון מאָסקווע קיין ניו־יאָרק — רבונו־של־עולם: וויפל טרערן! וויפל בלוט! אַ שטיין באַדאַרף צעגאָסן ווערן, לעזנדיק די דאָזיקע קינות, קלאָגבריוו פונעם אומגליקלעכן יונגן פּאָעט, וואָס האָט פאַרבראַכט די בעסטע יאָרן זײַנע אויף לידער שרײַבן און ניט אויף צו לאַטען הויזן. ער האָט זיך אומגעטראָגן איבער ניו־יאָרק מיט זײַנע לידער אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אַרויסגעזען באַשײַמפּערלעך, אַז קאָלבאַסעס, דאַרע קישקעס, איז אינעם פרײַען לאַנד אַ סך מער סחורה, ווי די הייליקע ריינע פּאָעזיע — און דער פּאָעט ד. איז געוואָרן צו מזל אַ קאָלבאַסניק... איך שטעל מיר פאָר דאָס שיינע בילד, ווי אונדזער יונגער טאַלאַנטפולער פּאָעט שפּאַצירט אַרום איבער דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, ווו עס געפינען זיך אַריבער צוויי הונדערט טויזנט ייִדן (זאָלן זיך פרוכפּערן און מערן!) מיט אַ קאַראָבקע דאַרע קישקעס, עכט ייִדישע, עכט כשרע! אין דער גויִשער שטאָט מאָסקווע, צווישן באַרבאַרן, האָט דער ייִדישער פּאָעט יאָ געקאָנט עקסיסטירן, און אין דער גרויסער פרײַער שטאָט ניו־יאָרק, צווישן צוויי מאָל, הונדערט טויזנט אַחינו בני־ישראל, קאָן ער אַנדערש ניט לעבן, סײַדן אַרומטראָגן כשרע קאָלבאַסעס אין די גאַסן — שעמען מעגסט דו זיך, קאָלומבוס, מיט דײַן אַמעריקע! שעמען מעגסט דו זיך, דו כנסת־ישראל, וואָס דו ביסט געגליכן צו אַ טויב און ניט צו קיין פיפערנאָטער!...

בלײַבט דאָך טאַקע אַלץ די שאלה: פאַר וואָס עפּעס „די טויב"? עפּעס שטעקט דאָך אין דעם אַ מיין, אַ סוד אָדער אַ ווונק? איך האָב מיך אַ וואָרף געטאָן צום אייביקן ביכעלע, צו דער תּורה, און האָב מיך דערמאָנט אָן אונדזער אַלטן־אַלטן זיידן נוח, בשעת ער האָט געמאַכט די געוויסע לוסטרײַזע איבערן מבול אין דער תּיבה פון פּימסענהאָלץ. שטייט דאָרט אין פּסוק אַזוי געשריבן:

„און ס'איז געווען צום סוף פון פערציק טעג, האָט נוח געעפנט דאָס פענצטערל פון דער תּיבה, וואָס ער האָט געמאַכט... און ער האָט אַרויסגעשיקט די טויב פון זיך צו זען, אויב עס זענען גרינגער געוואָרן די וואַסערן אויף דער ערד. און זי האָט נישט געפונען, די טויב נעבעך, קיין רו צו אירע פיס, און זי האָט זיך אומגעקערט צו אים אין דער תּיבה, ווײַל ס'איז נאָך געווען דאָס וואַסער אויף דער גאַנצער ערד. האָט ער אויסגע־שטרעקט זײַן האַנט און האָט זי גענומען און האָט זי אַרײַנגעבראַכט צוריק אין דער תּיבה אַרײַן..."

אין דעם זין, ווײַזט אויס, באַדאַרפן מיר פאַרשטיין, פאַר וואָס די פּיטסבורגער צײַטונג האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „די טויב". דאָס איז די טויב, וואָס וועט זײַן אַרויסגעשיקט פון פּיטסבורג צו זען, אויב עס זענען גרינגער געוואָרן די וואַסערן אויף דער ערד?... און זי וועט נעבעך נישט געפינען קיין רו צו אירע פיס, ווײַל דאָס וואַסער פון שווייס און פון ייִדישע טרערן איז נאָך גרויס אויף דער גאַנצער ערד, און זי וועט זיך אומקערן צוריק אין איר רו אַרײַן, קיין פּיטסבורג,

אַז איין „איילבירטבלאַט" אין מויל, ווי אין פסוק שטייט, אָן אַ ליבלעכן גרוס, אָן אַ בשורה־טובה פון די מיליאָנען ייִדן אין גלות, וואָרעם עס זענען נאָך נישט אַוועקגע־גאַנגען די זיבן טעג, וואָס אין פסוק שטייט, און גאָט דער האַר ווייסט, ווען די זיבן טעג וועלן אַוועקגיין...

אָט אַזעלכע אומעטיקע געדאַנקען האָט אַרויסגערופן בײַ מיר די מודעה, אַז אין גיכן וועט דערשײַנען אין פּיטסבורג אַ ייִדישע צײַטונג אונטער דעם ריינעם ייִדישן נאָמען „די טויב". איך בעט הונדערט מאָל מחילה בײַ די געערטע אַרויסגעבערס און בײַם גאַנצן פּובליקום, וואָס איך האָב זיי ניט געשענקט אויף הײַנטיקס מאָל קיין פּריילעכערן פעליעטאָן „אויף צו לאַכן". לאַכן איז גוט דעמאָלט, ווען עס לאַכט זיך. לאָזט אים צו רו, דעם פעליעטאָניסט: אַ שרײַבער איז ניט קיין בדחן, ניט קיין קלאָון אין צירק, וואָס איז געשטעלט געוואָרן צו קיצלען דעם עולם, אַז דער עולם זאָל לאַכן. די מלאָכה פון אַ פעליעטאָניסט, פון אַ שרײַבער, איז אַ פרײַע מלאָכה. לאָזט אים לאַכן, בשעת ער איז אויפגעלייגט אויף צו לאַכן, און לאָזט אים דערפאַר אויסוויינען זיך דעמאָלט, ווען עס גלוסט זיך אים לאָזן אַ טרער...

ניין, עס איז פאָרט נישט רעכט צו ענדיקן מיט טרערן. מע מוז אײַך דערציילן עפּעס אַ מעשה מיט אַ ייִדישן שרײַבער. עס קאָן זײַן, איר וועט לאַכן, און אפשר, ניין...

אַ מאָל — אַ מאָל איז געווען אַ ייִדישער שרײַבער, כּלומרשט אַ הומאָריסט, נאָר אַ גרויסער נאַר, און געהייסן האָט ער שלום־עליכם. דאָס הייסט, געהייסן האָט ער אַנדערש, נאָר אַ נאָמען האָט ער זיך געגעבן שלום־עליכם. וואָס עפּעס שלום־עליכם? פאַר וואָס ניט עליכם־שלום? דערויף האָבן זיך שוין אַ סך קלוגע מענטשן געבראָכן דעם קאָפּ, און קיינער איז נאָך עד־היום־הזה נישט דערגאַנגען דעם שׂכל, וואָס דאָ שטעקט, אַזוי ווי עס איז בכלל שווער צו דערגרונטעוווען זיך צום שׂכל, וואָס אַ שרײַבער האָט ליב צו חתמענען זיך ניט מיט זײַן אייגענעם הייליקן נאָמען, נאָר מיט אַ פּסעוודאָנים, גלײַך ווי דאָס וואָלט זײַן אַ דין. איך קען, למשל, אַזעלכע שרײַבערס, וואָס חתמענען זיך טאָפּלט, דאָס הייסט, אי דעם אייגענעם נאָמען, אי דעם פּסעוודאָנים. צום בײַשפּיל: שמואל וואָלף טראַכטענהאָלץ המכונה ש'ו'ט'ה; אַדער ברוך הערש מאַרהאָלין המכונה ב'ה'מ'ה; און כּדומה נאָך אַזעלכע חכמים. ווי געוויינלעך אַ יונגער שרײַבער, איז דער ערשטער דעביוט (התחלה) פון שלום־עליכם געווען — לידלעך; נאָר אַזעלכע לידלעך, וואָס וואָלט פאַר דעם מחבר געווען אַ גרויסער כּבוד, ווען זיי וואָלטן זײַן ניט אָפּגעדרוקט... נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן צו שיקן פעליעטאָנען, לעבעדיקע, פריילעכע פעליעטאָנען „אויף צו לאַכן", אין אַ ייִדישע צײַטונג אַרײַן. די פעליעטאָנען האָט מען געדרוקט, און דער עולם האָט פון זיי געלעקט די פינגער. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט באַקומען אַ נאָמען פון אַ הומאָריסט, ראָמאַניסט, זשאַרגאָניסט... דערצו האָט אים גאָט מזכּה געווען מיט שיינע עטלעכע גילדן, איז ער אויסגעוואַקסן בײַ ייִדן נאָך מיט דרײַ קאָפּ העכער; דהײַנו: פריִער, אַז מע האָט צו אים זיך אַדרעסירט אין אַ בריוו, פלעגט מען אים שרײַבן אַ קורצן לכבוד: „צו מײַן פרײַנד, דעם קלוגן, דעם געהויבענעם, דעם פאַרשטאַנדיקן, דעם באַוווּסטן, דעם געליבטן און געאַכפּערטן שרײַבער, דעם הומאָריסט און סאַטיריקער שלום־עליכם"... און נאָכדעם, אַז ער האָט פּלוצעם באַקומען אַ סך געלט, האָבן אים שוין מחברים געשריבן אַ ביסל אַ גרעסערן לכבוד: „צו מײַן טײַערן און געליבטן פרײַנד,

דעם קליגסטן פון אַלע מענטשן, דעם שרעקלעך־דערהויבענעם, דעם טיף־פֿאַרשטאַנדיקן, דעם וויַיט־באַוווסטן, דעם פּיל־געלויבטן און אומעטום־געאַכפּערטן שריַיבער, דעם גרויסן הומאָריסט און סאַטיריקער פון דער וועלט, וואָס זיַין פּעדער איז שאַרפע פּיַילן און זיַינע ווערטער זענען פלאַם־פיַיער, דעם גביר דעם שטאַרקן, דעם איידלסטן, דעם גוט־האַרציקן שלום־עליכם"... אַוודאי קאָן זיך פֿאַרדרייען דער קאָפּ פון אַזעלכע געפּלאָכטענע טיטלען, און שלום־עליכם האָט זיך ביסלעכוויַיז — ביסלעכוויַיז, וויַיטער — וויַיטער, אָנגעהויבן איַינצורעדן, אַז ער איז באמת טאַקע עפּעס אַ גרויסער הומאָריסט און סאַטיריקער אין דער וועלט, וואָס זיַין פּעדער איז „שאַרפע פּיַילן" און זיַינע ווערטער זענען „פלאַם־פיַיער", — האָט ער גענומען צו סמאַליען אַ וועלט גאָר אויף אַן אַנדער אופן: דרוקן ביכער, אַרויסגעגעבן זשורנאַלן, צאָלן שריַיבערס האָנאָראַר אין טאָג אַריַין — הכלל, ער האָט פֿאַרקאָכט אַ קאַשע, געמאַכט אַ גאַנצע עפּאָכע, מישטיינס געזאָגט, אין דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור. די געשעפטן זענען ביַי אים דערפון נישט געגאַנגען בעסער, דאָס געלט האָט ער פֿאַרלאָרן, דעם קאָפּ האָט ער זיך פֿאַרדרייט, די פּעדער האָט ער באַהאַלטן, דאָס טינטערל איז אויסגעטריקנט געוואָרן, די גוטע פריַינד האָבן אים פֿאַרגעסן — און פון שלום־עליכם איז געוואָרן עליו־השלום...

דאָ קומען עטלעכע שורות פּינטעלעך. אויף אונדזער גויִיש לשון הייסט דאָס: כּאַטאַ פּאָקרישקאַ, און אויף העברעיִש זאָגט מען דאָס: ודי לחכימא ברמיזה — דאָס טיַיטש: פרעגט ניט, ס'איז רעכט!... עס קאָן זיַין, איך וועל אין גיכן די פּינטעלעך אויספילן מיט אותיות, און אפשר טאַקע דאָ, אויף דעם אייגענעם אָרט... דערוויַילע קער איך מיך אום צוריק צו דער מעשה.

ויהי היום, עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ יאָר דריַי, די וואָלקנס האָבן זיך צעגאַנגען, דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט, די לופט איז געוואָרן אַ ביסל פרישער, און שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן ווידער אַ מאָל אויפצולעבן און האָט באַקומען חשק אַרויפצוקלע־טערן ווידער אַ מאָל אויפן באַרג, פון וועלכן ער האָט זיך ערשט ניט לאַנג אַראָפּגע־קיַיקלט, ווי געווײנלעך אַ מענטש, אַז ער שטייט אויף פון אַ קרענק, באַקומט ער ביסלעכוויַיז דעם זעלבן אַפּעטיט וואָס פריִער, און עס קערן זיך אום צוריק אַלע חושים מיט אַלע תאוות... ווער ווייסט ניט, אַז די תאוה פון כּבוד און פון זיַין באַוווסט, און ווער שמועסט ביַי שריַיבער, און ווער שמועסט ביַי אַ יידישן שריַיבער, איז די גרעסטע תאוה אין דער וועלט? איר ווייסט טאַקע, אַז ס'איז נאַריש, ס'איז ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי. וואָרעם אַז מע וויל שמועסן פילאָסאָפיש, באַדאַרפן מיר גיין כּסדר: ראשית־חכמה, לאָמיר אָקאָרשט באַטראַכטן דעם גאַנצן כּדור אונדזערן, מע מיינט די ערד. וואָס איז זי, מישטיינס געזאָגט, קעגן דער זון, דער לבנה מיט די שטערן, מיט די אַלע גלגלים פון דער וועלט? אַ מיאַטשיקל, אַ קאַרטאָפל, אַ גאַרנישט מיט אַ נישט! אָט הערט, וואָס זאָגט אַ געוויסער אַסטראָנאָם פאַלב. ער גייט מיט איַיך אין געוועט, אַז אינעם 1899 יאָר (וואָסער טאָג און וואָסער חודש געדענק איך ניט) וועט דורכגיין אַ קאָמעט און וועט אָנרירן מיטן ווידל די ערד (אַ קאָמעט האָט אַ ווידל), און די ערד וועט צעשאָטן ווערן אויף פּיצפּיצלעך, עס וועט פון איר נישט בליַיבן קיין שׂריד־ופליט! היַינט באַרעכנט, וואָס פאַר אַ פּנים אַ מענטש, אַ בשׂר־ודם, קאָן האָבן קעגן אַזאַ גרויסער וועלט, וואָס איינע פון אלפי אלפים מיליאַרדן קאָמעטן קאָן מיט אַ שפּיץ ווידל איבערקערן און

צערײַבן די ערד, דערקוועטשן, ווי אַ קליין ווערעמל; הײַנט באַרעכנט, וואָס פאַר אַ פּנים מיר, עטלעכע מיליאָן ייִדלעך, האָבן קעגן אַזאַ וועלט מיט מענטשן, וואָס שפּײַען אויף אונדז קלעק און זאָגן אונדז אָפּ פון געפּאַטערשאַפט, און מע וויל אונדז נאָך אײַנרעדן, אַז מיר זענען דאָס ווערט; הײַנט באַרעכנט לאָ־כּל־שכּן, וואָס פאַר אַ פּנים אַ ייִדישער מחבר קאָן האָבן מיט זײַן גאַנצן כּבֿוד, מישטיינס געזאָגט, קעגן אַזוי פיל מענטשן, קעגן אַזאַ גרויסער ערד, קעגן אַזאַ ווײַדל פון אַ קאָמעט, וואָס קאָן זי איבערקערן, קעגן מיליאַרדן קאָמעטן, קעגן אלפי אלפים מיליאַרדן פּלאַנעטן און גלגלים, קעגן דעם גאַנצן הימל, קעגן דער גאַנצער וועלט, קעגן דעם כּוח, וואָס פירט די וועלט, קעגן דעם כּוח, וואָס האָט באַשאַפן אַזאַ כּוח און וואָס מיר רופן אָן מיטן נאָמען גאָט — — — אַך, עס ברעכט דער מוח! עס קילט דאָס בלוט! מע פאַלט אַראָפּ בײַ זיך אין די אויגן! מע פאַרגלײַכט זיך צו אַ ווערעמל, וואָס פויזשעט ערגעץ אונטער אַ גרעזעלע, צו אַ טראָפּן וואַסער, וואָס פאַלט אַרײַן אין ים אַרײַן, צו אַ קליין זעמדעלע, וואָס דער ווינט כאַפּט דאָס אויף אויף די פליגל און טראָגט דאָס אַוועק וויַיט־ווײַט אין די מדבריות אַרײַן! און פון דעסטוועגן...

פון דעסטוועגן גלוסט זיך פאַרט אָנשרײַבן אַ שיינעם פעליעטאָן, אַז אַ הויפן ייִדלעך זאָלן אים לייענען, און ער זאָל זיי דווקא געפעלן! לאָז דער גרויסער אַסטראָנאָם פאַלב זיך אָפּזאָגן פון צו עסן אַלע טאָג, און פון צו שלאָפן, און פון צו שעפּן פרישע לופט, וכדומה אַזעלכע נאַרישע תּאוות, וועל איך מיך אָפּזאָגן פון צו שרײַבן אַ פעליעטאָן און פון צו ווערן זײַן פּאָפּולאַר צווישן אַ הויפן ייִדלעך, וואָס קענען מיך און ווייסן מיך און שעצן מיך... „אָט אַזוי פירט זיך דאָס אויף דער וועלט: איינער האָט דעם בײַטל, דער אַנדערער — דאָס געלט". אַזוי פלעגט תּמיד אויסלאָזן אַלע מעשׂיות מײַן רבי עליו־השלום און דערבײַ אָנשטופּן אַ פולע נאָז מיט טאַביקע.

— יאָ, יאָ! — פלעגט אים ענטפערן דער שכן, שמערל דער שנײַדער, אַ טײַערער בעל־מלאָכה, אַ גוטער מענטש און אַ גרויסער שיכּור. — יאָ, יאָ! דער מענטש איז געגליכן צו אַ היפּטל קרויט: הײַנט לעבט ער און מאָרגן וויל ער ווידער אַ טרונק בראָנפן...

שלום־עליכם

## 352. צו הלל מאַלאַכאָווסקי

קיִעוו, 28סטן יוני 1894

שלום לידידי ה. מאַלאַכאָווסקי נ"י.

איך שיק אײַך נאָך אַ פעליעטאָן — „אַ גרוס פון דער היים". דאָס איז אַ בריוו צום בחור־הזעצער שׂמחה־פּינחס. — פּריוואַט דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז דער בחור־הזעצער איז איינער פון די לײַטישסטע און ערלעכסטע בחורים־הזעצערים, גאָר אָן לצנות. זײַט צו אים מיט חסד! גיט אים אַרבעט. ער איז זייער אַ פעיִקער יונג און האָט ליב און קען די אַרבעט און פאַרשטייט זי. — פון וואַנען אײַער פרוי קען מיך — איז מיר אַ חידוש. יעדן פאַלס, גריסט איר פון מײַנט וועגן ג"פ. — שרײַבט מיר, צי עס עקסיסטירט בײַ אײַך

אין פּיטסבורג אַ יידיש טעאַטער? איך האָב אָנגעשריבן אַ קאָמעדיע און וואָלט אַ בעלן זײַן זי שטעלן כאָטש אין אַמעריקע. נ. ב. נישט קיין אָפּערעטע מיט לידלעך, נאָר אַ „ריינע קאָמעדיע" פון אונדזער קיִעווער בערזע, אַ לאַ „רעוויזאָר" פון, להבדיל, גאָגאָל זכרו לברכה.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — געוויינלעך, וועל איך מײַן קאָמעדיע פריִער דרוקן בײַ אײַך און ערשט נאָכדעם שטעלן אויף דער סצענע. — וויפל צײַט רײַזע איז פון אײַך קיין ניו־יאָרק? צי האָט איר פאַרבינדונג מיט ניו־יאָרק? שרײַבט מיר אַלע פּרטים פון דער „טויב" און פון אירע לעזער. שרײַבט!

## 353. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 20סטן יולי 1894

ליבער ספּעקטאָר!

קודם־כּל באַדאַרף איך אײַך געבן אַ ת"ח פאַר אײַערע ביכער. איך האָב, אַרײַנקוקנדיק אין זיי, געפונען אַ בלעטל מיט שוואַרצע קאַנטן „געווידמעט אַלינקען און יאַשינקען" — און עס האָט מיך גערירט, און עס האָט אַרויסגערופן בײַ מיר פאַרשיידענע מחשבות און זכרונות... נישטאָ נאָך קיין צען יאָר, דאַכט זיך, אין דעם, אַז איר זענט געווען בײַ מיר אין „שוואַרץ־טומאה" מיט אַ פריילעך געמיט, אַ פאַרליבט האַרץ, אַ שײַנענדיק פּנים, גליקלעכע אויגן און ליכטיקע־ליכטיקע פּלאַנען — — — און איצט? אַ בלעטל מיט שוואַרצע קאַנטן, אַ שטילער קבר, ווו עס ליגט אַ יונגער, אַ לעבעדיקער ניפטר... איר געדענקט נאָך די שוואַרץ־טומאהדיקע לבנהדיקע נעכט בײַם קאָסטיאָל? איר האָט נאָך נישט פאַרגעסן יענע אונדזערע ייִנגלשע פּראָיעקטן, הויכע נאָר נאַרישע געדאַנקען, ריינע און געטלעכע געפילן, ערנסטע און אמתדיקע, ווי גאָט אַליין? אָ, איך געדענק דאָס גאַנץ גוט, האָב נ י ט פאַרגעסן! די וועלט, זאָגט מען, איז אַ חלום, און איך זאָג, אַז די וועלט איז אַ וועלט, נאָר פול מיט חלומות. אוי, זיסע חלומות! אייניקע פון זיי ווערן מקוים אויף דער וואָר, נאָר מער פון זיי בלײַבן חלומות. בײַ איטלעכן פון אונדזביידן זענען געווען חלומות, און אַז פון מײַן פאַמיליען־לעבן האָט זיך ניט אויסגעלאָזט, ווי בײַ אײַך, אַ חלום, זענען אָבער בײַ מיר געווען חלומות אין אַנדערע זאַכן...

הבל הבלים אָמר קהלת —<br>
גאָרניט איבער גאָרניט, זאָגט קהלת,<br>
הכּל הבל —<br>
ס'איז גאָלע גאָרנישט!...

אַצינד באַדאַרף איך אײַך ענטפערן אויף אײַער ליבן בריוו, אין וועלכן איר שייגעצט דאָס מיך אַ ביסל אויס און זאָגט מיר, אַז ס'איז שוין צײַט, איך זאָל ווערן אַ מענטש... אויך פרעגט איר מיך, איך זאָל אײַך זאָגן מײַן מיינונג איבער אײַער „יענעם גרויסן

אויספירלעכן בריוו״, ווו איר לייגט פאַר נײַע פּלענער, וכדומה. — מה נאמר ומה נדבר ? וואָס קאָן איך ענטפערן אויף אַ בריוו, וועלכן איך האָב אין מײַנע אויגן נישט אָנגעקוקט ? מילא, וואָס איר שטראָפט מיך און זאָגט, אַז ס׳איז שוין צײַט איך זאָל זײַן אַ מענטש — אַרט מיך נישט, וואָרעם איר זאָגט דאָס מיר פאַר ליבשאַפט, און יעדן פאַלס ניט פאַר שׂינאה. נאמנים פּצעי אוהב, דאָס גוטע קינד שטראָפט מען... אָבער פאַר אַ פאַלשן מענטשן אַ ליגנער האַלט איר דאָך מיך ניט ? און אַז איך וועל אײַך נאָך שווערן בײַ מײַן לעבן, אַז איך האָב פון אײַך שוין אַ צײַט קיין שום בריוו ניט דערהאַלטן, וועט איר מיר מסתּמא גלייבן ? נו, זאָג איך אײַך בײַ מײַן ערנוואָרט און בײַ מײַן לעבן, אַז פון דער צײַט, וואָס איך האָב אײַך געבעטן מיר שיקן אײַערע ביכער מיט אַן אַרטיקל אין מײַן „פאָלקסביבליאָטהעק״, האָב איך פון אײַך ניט געהאַט קיין אײַנגעטונקטע פּען, ביז הײַנט. — אַצינד קאָנט איר שוין פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט שוין בײַ מיר אײַער מוסר זאָגן מיט אײַער אויסוואַרפן מיר, פאַר וואָס איך שרײַב אײַך ניט, און ענטפער (?) אײַך ניט, און בין קיין מענטש ניט !... זאָל איך לערנען דעם פּשט, אַז דאָס איז פון אײַך נאָר אַ מאַנעווער (אויף יידיש : אַ מאַניפאָרגעלע), דער געוויסער מאַנעווער פון די חכמים, וואָס פילן זיך, אַז זיי זענען שולדיק ? האַלט איך אײַך אָבער אויך ניט פאַר אַ ליגנער, דאָס הייסט, פאַר אַזאַ מיאוסן, גראָבן ליגנער, דען אויף אַ קליין אומשולדיק ליגנדל זענען מיר אַלע פעיִק, מיר זענען אַלע אָפט מאָל, פילווינציק, דיפּלאָמאַטיש ; מע מוז, אַך און וויי, ס׳איז אַ פאַלשע וועלט געוואָרן : ניע אָבמאַניעש, ניע פּראָדאַש... נאָר יענער מין מאַניפאָרגע הייסט בײַ מיר מיט אַן אַנדער נאָמען : נאַגלאָסט, נאַכאַלסטוואָ, און אַזוי ווי איך האַלט אײַך נישט פאַר קיין נאַכאַל, און זיך אַוודאי ניט, לכן מוזן מיר גיין מיטן פּשט, אַז יענער „אויספירלעכער״ בריוו איז פאַרפאַלן געוואָרן, וחבל על דאָבדין ולא משתּכּחין ! מילא, איך בין קיין מענטש ניט. איר זענט דאָך אָבער יאָ אַ מענטש. נעמט מען, ווי באַלד מען איז נאָר אַ מענטש, און מע שרײַבט אָן נאָך אַ מאָל, איבער אַ נײַעס, אַן אויספירלעכן בריוו. איך וויל טאַקע וויסן און ד אַ ר ף עס וויסן ! אַך, ברודער ! איר האָט אונדז אַ ביסל קאַליע געמאַכט דערמיט, וואָס איר האָט זיך פאַרבונדן מיטן צווייטן לעווי, אַ מטורף, און האָט, נאָך אונדזער אָפּרעדן, פּלוצעם אַרויסגעלאָזט צוזאַמען מיט אים עפּעס בלעטלעך ! איך האָב גערעכנט, אַז ע ר איז דאָס די סיבה, וואָס איר ווילט מיר ניט ענטפערן און ניט שיקן ניט קיין ביכער, ניט קיין אַרטיקל. פאַרשטייט איר שוין, וואָס דאָ טוט זיך ? אַ גאַנצער ראָמאַן ! —

איך האָב אַ סך — אַ סך צו רעדן מיט אײַך ; איך האָב אייניקע זאַכן שוין פאַרטיקע, איך וואַרט אויף אײַער פּראָיעקט. איך וויל הערן פון אײַך ווערטער. — איך דאַרף אײַך זאָגן, en passant, אַז אײַער קליין סיפּורל „דער ע ר ש ט ע ר תּענית״ באַדאַרף הייסן „דער ל ע צ ט ע ר תּענית״. דאָס גאַנצע בלעטל בכלל איז אַוודאי און אַוודאי ניט שלעכט. הלוואי וואָלט שוין אונדזער פאָלק זיך גענומען צו קויפן אַזעלכע בלעטלעך אָנשטאָט שמ״רס שמאַטעס ! אַך, ס׳איז דאָ אַ סך צו רעדן ! גוואַלד, זאָג איך אײַך נאָך אַ מאָל, גוואַלד, אַ יידישע צײַטונג ! איך מיט אײַך טאָרן ניט שטאַרבן, ביז מיר וועלן ניט האָבן קיין אייגענע צײַטונג אין זשאַרגאָן — די וועלט זאָל זיך קערן ! —

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 354. צום זעלבן

קיעוו, 21סטן סעפטעמבער 1894
צום גדליה, תרנ״ה

צו הער מ. ספעקטאָר אין וואַרשע.

קאָלעגאַ! לשנה טובה תכתב ותחתם!

אַזוי ווי עס האָט אַרײַנגעטראָטן דאָס שפּאָגל־נײַע יאָר תרנ״ה, באַדאַרף מען אײַך, ערשטנס, בענטשן מיט אַ גליקלעך־גוט־פריילעך יאָר, ווי דער מינהג איז, און, צווייטנס, מוז איך מיך מתוודה זײַן קעגן אײַך — איך האָב געזינדיקט! חטאתי עויתי ופשעתי לפניך! הערט אַ מעשׂה: בשעת איך האָב דערהאַלטן אײַער צווייטן בריוו, האָב איך געוווינט אין באָיאַרקע אויף אַ דאַטשע, און אײַער ערשטן בריוו האָט מען אָפּגענומען אין שטאָט אָן מיר; איך האָב אים שוין באַקומען נאָכדעם און האָב אַרויסגעזען, אַז איך האָב אײַך אומזיסט באַשולדיקט, חושד געווען אַ רעכטפאַרטיקן און אויסגעטראַכט אַ בילבול, רחמנא־לצלן, אויף אַ גאַנצן און אויף אַן ערלעכן! לאָז מיר גאָט מוחל זײַן — איך בין אין דעם אויך ניט שולדיק — און איר וועט מיר געוויס מוחל זײַן, מיר זענען דאָך ניט מער ווי מענטשן און ייִדן, עס גייט ערב יום־כיפּור — טאָר מען זיך ניט בלאָזן און מע דאַרף זיך פאַרגעבן, מוחל זײַן איינס דאָס אַנדערע אַלע זינד. — — —

פאַר וואָס זשע האָב איך אײַך ניט געענטפערט? ווײַל איך האָב אײַער פּלאַן (וועגן די „בלעטלעך״) ניט אָנגענומען און אײַער בקשה וועגן אַ דערציילונג אײַך געבן אין פּערטן „הויזפרײַנד״ דערווײַל נאָך ניט געקאָנט אויספילן. צוזאָגן אײַך און ניט מקיים זײַן — איז אַ גרויסע עוולה; על־כן וויל איך אײַך בעסער אָפּזאָגן און אײַך פּאָרט געבן אַ דערציילונג, אויב ס׳איז פאַראַן אָרט און צײַט. אָרט — אַ בויגן; צײַט — אַ חודש. — דער סיפּור וועט הייסן „טביה דער מילכיגער״, באַשאַפן אין באָיאַרקע, דאָס הייסט, די מעשׂה האָב איך געהערט פון טביהן אַליין, בשעת ער איז געשטאַנען מיט זײַן פערד און וועגעלע נעבן מײַן דאַטשע און האָט אונדז געוווּיגן קעז און פּוטער. די מעשׂה איז אינטערעסאַנט, נאָר טביה אַליין איז טויזנט מאָל אינטערעסאַנטער! איך גיב איבער דעם סיפּור־המעשׂה מיט זײַנע ווערטער און פאַרשפּאָר אים שוין מאָלן, דען ער מאָלט זיך אַליין. איך זאָג אײַך אַ בויגן — לערך; מעגלעך מער, און מעגלעך ווינציקער. — מײַן האָנאָראַר וועט זײַן אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן סעפּאַראַט אויף וועלין־פּאַפּיר, שיין בראָשירט, באַשניטן, עלעגאַנט געוויקלט. — חוץ־לזה באַדאַרפט איר מיר די צוויי הונדערט עקזעמפּלאַרן צושיקן איידער דער „הויזפרײַנד״ וועט אַרויס. עס פאַרשטייט זיך, אַז די צוויי הונדערט עקז׳ דאַרף איך ניט אויף מיסחר, על־כן וועט דאָס אײַך ניט שטערן צום „הויזפרײַנד״. — זענט איר איינפאַרשטאַנדען אויף די תּנאים, ענטפערט מיר באַלד, זעץ איך מיך תּיכּף־ומיד און שרײַב אָן דעם סיפּור. — יעדן פאַלס, בעט איך תּשובֿה אויף מײַן בריוו מיט אַ מחילה־גמורה פון אײַך, אַז איר זענט מיר מוחל, און מוחל, אַזוי, אַז „אויב מײַנע זינד זענען ווי רויטע פאָדעם־זײַד, זאָלן זיי ווי שניי ווײַס ווערן״... איך ווינטשעווע אײַך נאָך אַ מאָל אַ גוט יאָר מיט אַ גוזמא ברכות פונעם טיפן־טיפן האַרצן!

אײַער שטענדיקער פרײַנד שלום־עליכם

פּ.ס. — מײַן ברודער און מײַן שוועגערין פון באַרדיטשעוו לאָזן אײַך גריסן גאָר פרײַנדלעך. איך בין ניט לאַנג געווען בײַ זיי צו גאַסט.

## 355. צום זעלבן

קיִעוו, 26סטן סעפּטעמבער 1894

ליבער קאָלעגאַ!

אײַער גליק, וואָס דער בריוו אײַערער האָט מיך דערטאַפּט פונקט דעמאָלט, ווען דער וואַרמעס איז נאָך ניט פאַרטיק, מײַן ווײַב און קינדער זײַנען נאָך ניטאָ, איך בין טויט־הונגעריק און צו קיין אַרבעט קאָן איך זיך ניט נעמען, וואָרעם פאַרן עסן גייט קיין טאַנץ ניט, — האָב איך מיך גענומען צו דער פען אײַך געבן תשובה אויף אײַער בריוול. — נרצה — איר זענט באַוויליקט. דאָס הייסט, ניט שפּעטער ווי אַ חודש צײַט, דהײַנו דעם 20סטן אָקטאָבער, אם־ירצה־השם, באַקומט איר פון מיר דאָס צוגעזאָגט ווערק מיטן נאָמען „טביה דער מילכיקער — די געשיכטע פון זײַן פּלוצעם אויפקומען, דערציילט פון טביהן אַליין און איבערגעגעבן וואָרט בײַ וואָרט פון שלום־עליכם". די 200 עקזעמפּלאַרן, וואָס איך פאָדער פון אײַך, באַדאַרף איך ניט אויף צו פאַרקויפן — האָב איך אײַך שוין געזאָגט פריִער: נאָר אום צו באַרויִקן אײַך, באַדאַרפט איר מיר צושיקן לעת־עתּה נאָר 50 עקזעמפּלאַרן און די איבעריקע ק"נ — שפּעטער. אַלזאָ, ברודער, זעט נעמט אַרויס דאָס גוטע קוויטל אויף דעם יאָר תּרנ"ה, ווי עס ווינטשט אײַך

שלום־עליכם

פּ.ס. פאַר וואָס זאָלט איר מיר דעם לוח ניט שיקן? אײַערס איז דאָך מיר אינטע־רעסאַנט צו לעזן אַלצדינג!

## 356. צום זעלבן

קיִעוו, 20סטן אָקטאָבער 1894

**אַ קאָנטראַקט צווישן שלום־עליכם און מרדכי ספּעקטאָר**

הײַנט, דעם 20סטן אָקטאָבער 1894, האָבן מיר, שלום־עליכם און מ. ספּעקטאָר, געשלאָסן צווישן זיך:

א. — איך, שלום־עליכם, האָב אָנגעשריבן פון ספּעקטאָרס וועגן אַ דערציילונג מיט דעם נאָמען טביה דער מילכיגער אויף אָפּצודרוקן אין „הויזפרײַנד" (4טער טאָם).

ב. — האָנאָראַר באַקום איך פון ספּעקטאָרן — 200 עקזעמפּלאַרן פון דער דערציילונג, וועלכע איך, שלום־עליכם, טאָר ניט פאַרקויפן קיין מוכרי־ספרים אָדער פּריוואַט־מענטשן דורך אַנאָנסן אין די בלעטער, ביז עס וועט ניט אַרויס דער 4טער „הויזפרײַנד" און ביז

איך וועל ניט באַקומען דערויף קיין באַזונדערע דערלויבונג (רשות) פון ספעקטאָרן.
— צעטיילן מײַנע פרײַנד און באַקאַנטע מעג איך ווען איך וויל.

ג. — קיין נײַע אויפלאַגע טאָר איך אויף דעם ווערק ניט מאַכן ביז אַ יאָר נאָך דער צײַט, וואָס דער 4טער „הויזפרײַנד" וועט דערשײַנען (דאָס יאָר רעכנט זיך פון דער ערשטער אַנאָנסע, וואָס ספעקטאָר וועט געבן אין די ייִדישע צײַטונגען, אַז דער 4טער „הויזפרײַנד" איז אַרויס). —

דערויף שרײַב איך אונטער מײַן נאָמען ש. ראַבינאָוויץ
און מײַן פסעוודאָנים שלום-עליכם

## 357. צום זעלבן

קיִעוו, 4טן נאָוועמבער 1894

ליבער קאָלעגאַ!

איך ווייס, אַז איר ווייסט שוין ניט וואָס איבערצוטראַכטן. נאָר אום אײַך צו באַרויִקן, שרײַב איך אײַך דאָס בריוול און בעט אײַך, איר זאָלט זײַן רויִק — עס מוז געדויערן נאָך אַ פּאָר טעג — מע דאַרף דאָס אַ ביסל אויספּוצן: איך קאָן נישט אַזוי גרינג אַרויסלאָזן אַ שטיקל אַרבעט פון די הענט — איך האָב אַ צוואה פונעם זיידן רב מענדעלע זאָל לעבן, אַז אַ ווערק באַדאַרף מען פײַלן... אַ ביסעלע געדולד!

אײַער איבערגעבענער שלום-עליכם

## 358. צום זעלבן

קיִעוו, 7טן נאָוועמבער 1894

ליבער ספעקטאָר!

זעט, ווי איך בין קעגן אײַך פאָרט אַ שטיקל „מענטש": איך שיק אײַך דערווײַל די ערשטע העלפט פונעם סיפור; די צווייטע העלפט איז בײַם איבערשרײַבער אין דער אַרבעט. מאָרגן-איבער-מאָרגן דאַרף ער דאָס ענדיקן, וועל איך דאָס איבערקוקן און — אָפּשיקן אײַך. —

איך שיק דאָס אײַך דערפאַר, ווײַל איך גלייב אײַך, אַז דער גאַנצער עולם וואַרט אויף מיר אין שול — און איך האָב פײַנט, אַז מע וואַרט אויף מיר. שטעלט זשע זיך דאָס טאַקע באַלד אָננעמען דעם זאַץ און, למען-השם, שיקט מיר די קאָרעקטור, ווי מיר האָבן גערעדט. —

שרײַבט מיר, ווי אַזוי זענט איר זיך נוהג מיטן צענזאָר? איר גיט בכתב, צי אין דער קאָרעקטור?

די רגע שרײַבט מיר תשובה.

אײַער איבערגעבנסטער שלום-עליכם

## 359. צו די זעצערס פונעם „הויזפריַינד"

קיִעוו, 7טן נאָוועמבער 1894

לידידי הבחור־הזעצער!

למען־השם, אַכטונג געבן בשעת אויסזעצן די אותיות, אַז:

1. אומעטום, ווו איך צייכן אונטן מיט אַ שלענגל, מײַן איך שפּאַצירט. —

2. אינעם בריוול גייען די ווערטער טביה אַלע מיט גרויסע אותיות. —

3. אויך דאָס וואָרט קטנתי דרײַ מאָל מיט גרויסע אותיות. —

4. אומעטום, ווו איך צייכן אונטער דעם „ע" אַ צירה, דאַרף מען אַ צירה, ניט קיין סגול. —

5. דעם גרײַז: פּערעדאַט גאָספּאָדינו טעוועליו, מאַלאָטשנאָוואָ יעווריי — באַדאַרף מען אַזוי מיטן גרײַז. —

6. די פּאָסוויאַשטשעניע, וואָס איך צייכן לכבוד ספּעקטאָרן, באַדאַרף זײַן אָנגענומען מיט גאַנץ קליינע אותיות, דימענט, מיט נקודות: נאָר די ווערטער מרדכי ספּעקטאָר — פּערל. —

7. דער גאַנצער סיפּור מוז געדרוקט ווערן מיט אַ קרענצל (אָרנאַמענט) אַרום און אַרום, און דער זאַץ גופא באַדאַרף זײַן שיטערער ווי אַלע אַנדערע. —

8. דער רוסישער איבערזעץ גייט נאָר אין די 200 עקזעמפּלאַרן, וואָס דרוקן זיך סעפּאַראַט פון מײַנעט וועגן. —

9. דער שער דאַרף זײַן מיט אַ שיינעם אָרנאַמענט. —

10. ווײַל עס דרוקט זיך סעפּאַראַט־אָבציגע, מוז דער סיפּור האָבן זײַן אייגענע נומעראַציע. —

שלום־עליכם

## 360. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 10טן נאָוועמבער 1894

ליבער קאָלעגאַ, מ. ספּעקטאָר!

ברוך־הבא — „רב טביה" איז דאָ! — — —

נו, מזל־טוב! איך שיק אײַך שוין מיט גאָטס הילף דעם סוף פון דער דערציילונג. איך וויל דאָס שוין מער ניט האַלטן בײַ זיך: וואָרעם אַז איך וועל דאָס נעמען נאָך אַ מאָל איבערקוקן, וועט זיך מיר גלוסטן נאָך אַ מאָל איבערשרײַבן, דאָס הייסט איבער־מאַכן אין גאַנצן. אַצינד שרײַבט אײַער מיינונג אויף טביהן, דען איר זענט דער ערשטער, וואָס האָט אים געזען. האָט קיין פּאַראיבל ניט פאַר מײַן אָרעמער מתּנה: טשעם באָגאַטי, טיעם ראַדי...

אַ גוטן טאָג און אַ גוטן תּמיד.

אײַער בעסטער חבר און בעסטער פרײַנד
שלום־עליכם

## 361. צום זעלבן

קיִעוו, 24סטן נאָוועמבער 1894

ליבער ברודער!

איך שיק איַיך די קאָרעקטע. עס געפינען זיך היפשלעך גריַיזן. נאָר פאַר אַן ערשטער קאָרעקטע, און ווערליק קענען באַרדיטשעוו, הייסט דאָס נאָך גוט. למען־השם, די גריַיזן אויסבעסערן, ווי איך צייכן איַיך. פונעם קיִעווער צענזאָר איז שווער צו באַקומען אויף „נאַבאָר", און קיין ריינע קאָפּיע האָב איך ניט. על־כן לאָז שוין דער וואַרשעווער צענזאָר האָבן צו טון. און איר שיקט מיר, חוץ דער קאָרעקטור, אַ ריינעם עקזעמפּלאַר, שוין אַן אויסגעבעסערטן. — די קאָרעקטע האָב איך נאָר וואָס מקבל געווען פאַר נאַכט, און איצט, ביַי נאַכט זייגער צען, שיק איך איַיך שוין צוריק — היַינט וואָס ווילט איר? — און פון איַיער קריטיק בעט איך איַיך, איר זאָלט ניט זיַין אַראָפּגעפאַלן ביַי זיך — דער וועלט וועט דאָס געוויס געפעלן. איך ווייס ניט, צי דערפאַר, ווייַל די וועלט איז מער מבין פון איַיך, צי דערפאַר, וואָס זי איז גאָר קיין מבין ניט...

איַיער שלום־עליכם

## 362. צום זעלבן

קיִעוו, 14טן דעצעמבער 1894

ברודער ספּעקטאָר!

איך פאַרשטיי דאָך די טיַיטש פון אַרויסגעבן אַ בוך, וואָס איז שוין אָט־אָט אָ פאַרטיק, שוין־שוין — און פאָרט נאָך נישט פאַרטיק. אַלזאָ, באַדאַרפט איר זיך פאַר מיר גאָרניט שעמען און מיר אַנטפּלעקן דעם גאַנצן אמת, ווי פאַר אַן אייגן וויַיב. עס וועט איַיך זיַין אַ סך געזינטער, פאָלגט מיך. — געדענקט זשע: איך האַלט, אַז דער „הויזפריַינד" איז נאָך ניט פאַרטיק, דאָס הייסט, ער איז טאַקע פאַרטיק, נאָר פאָרט ניט פאַרטיק. איך האָב פון איַיערט וועגן אַן אַנטיקל, אַ לעבעדיקס, אַ פריילעכס, אַן אמתע סאַטירע פון שלום־עליכם. עס וועט פאַרנעמען, רעכן איך, הלוואַי אַ האַלבן בויגן. אַ גאַנצע זאַך, ניט קיין פעליעטאָן, נאָר אַ גאַנצע קאָמעדיע, דאָס הייסט, אַ וואָדעוויל אין איין אַקט, פון וועלכן מע וועט זיך האַלטן ביַי די זיַיטן. שריַיבט מיר, אויב עס קאָן נאָך אַריַינקומען אינעם פערטן „הויזפריַינד" — שיק איך דאָס איַיך אַרויס תיכף־ומיד. עס איז שוין פאַרטיק, אָנגעשריבן און איבערגעשריבן. —

שלום־עליכם

## 363. צום זעלבן

קיִעוו, 28סטן יאַנואַר 1895

ליבער חבר מרדכי ספּעקטאָר!

איך האָב מורא, מיַין בריוו זאָל, חס־ושלום, ניט טרעפן דאָס אייגענע, וואָס פאַר

אַ יאָרן. הײַנו: איר געדענקט, איך האָב אָנגעהויבן צו שרײַבן אַ רעצענזיע איבער דעם דריטן טאָם „הויזפרײַנד", און מחמת איך האָב געוואָלט זאָגן אַ סך, האָב איך ניט געזאָגט גאָרניט. וואָס זאָל מען טון? ס'איז הײַנט שוין ניט דער שלום־עליכם, וואָס אַ מאָל. דאגות הזמן און די טרדות הפרנסה, מישטיינס געזאָגט, פאַרשלאָגן דעם קאָפּ. איך האָב פּשוט קיין צײַט ניט געהאַט צו ענדיקן דעם בריוו, און עס איז אויסגעקומען, ווי די גמרא זאָגט: תּפסת מרובה לא תּפסת! איר ווילט דאָך אָבער פאָרט, איך זאָל אײַך זאָגן מײַן מיינונג בפרט און בכלל, און מיר אַליין ווילט זיך אויך, על־כּן וועל איך אָפּרײַסן אַלע טאָג כאָטש אַ האַלבע שעה צײַט און ביסלעכווײַז אַרויסזאָגן אײַך אַלץ, וואָס איך האָב אײַך צו זאָגן.

בכן, הייב איך אָן פונעם ערשטן בלעטל — פונעם בילד. וואָס באַדײַט דאָס בילד? ס'איז עפּעס אַ מין רעבוס, וואָס איך פאַרשטיי אים ניט, עס פאָדערט אַ פּירוש! איבער הויפּט האָבן מיר, ייִדן, קיין הצלחה ניט צו בילדער: פון די בילדער, וואָס אין דער הגדה, מיט די ייִדישע פאָנען, וואָס אויף שׂימחת־תּורה, ביז די לעצטע אילוסטראַציעס — עס גייט ניט, כאָטש צערײַס זיך! אַז איך רעד פון בילדער, באַדאַרף איך אײַך שוין זאָגן וועגן פרוגס בילד אויך. איך קען אונדזער משורר פערזענלעך — און זאָג אײַך בפירוש, אַז דאָס בילד איז אַ בילד, נאָר ניט פרוגס. — נאָטאַ בענע: גוואַלד, פאַר וואָס האָט איר שוין ניט געזען, אַז פרוג זאָל אײַך געבן כאָטש איין געדיכט אינעם פערטן „הויזפרײַנד"? — דער קאָלאָנעל גאָלדשמידט איז עפּעס ווי איבעריק אין „הויזפרײַנד", עפּעס ניט נאָכן סעזאָן. שוין זשע איז ניט געווען קיין בילכערס? — פון די בילדער גיי איך אַריבער צום אויסזען פונעם בוך מיט דער אָרפאָגראַפיע. דאָס פּאַפּיר איז שוין צו פּשוט, די אויסשטאַטונג איז אָפּגעלאָזט (כאַלאַטנאָ) און די אותיות זענען אויך ניט אָמבעסטן: אין וואַרשע דרוקט מען דאָך פיל שענער, ווי אין באַרדיטשעוו, דערפאַר פאָדער איך פון וואַרשע מער ווי פון באַרדיטשעוו. נאָר ערגער פון אַלץ איז די קאָרעק־טור. די קאָרעקטור איז אַזוי פיל שלעכט און גרײַזיק, אַז איך וואָלט זי דעם דרוקער געשמיצט אין פּנים אַרײַן און וואָלט אויף אים נאָך אָנגעגעבן אַן איסק אין צעך אַרײַן. מיט וואָס פאַר אַ רעכט דערלויבט ער זיך צו פונקטירן אַ צירה שטאָט אַ סגול? — — ווו איז דער קאָרעקטאָר, דער עלטערער איבער די בחורים־הזעצערים, און ווו זענט איר אַליין, מחילה, ברודער לעבן? איך לאָז נישט דורך קיין קאָרעקטור, ביז איך קוק זי נישט איבער כאָטש דרײַ מאָל אַליין. איר מיינט, עס איז עפּעס אַ קלייניקייט? דאָס אייגענע איז מיטן אויסלייגן אויך. איך ווייס ניט, ווי איך האַלט מיט אײַך אין דער שפּראַך: צי ליטוויש, צי דײַטש, צי פּשוט ייִדיש? צום בײַשפּיל: איר שרײַבט אַ פּאָסיל, האָנד, קאָפּ (אַבראַמאָוויטש שרײַבט: „פּעסיל", „הענד", „קעפּ" (וכדומה); איר פאַרקריכט אַזוי ווײַט, אַז איר שרײַבט אַזש „האָרצליך", דורך אַן אַלף: איר פאַר־געסט, אַז אין דײַטשן הייסט עס הערץ, ניט האָרץ. אָדער איר שרײַבט: אַללעס, געזעללשאַפט, צוזאַממען וכדומה, מיט צוויי למ"דין, מ"מין אאַז"וו. צו וואָס טויגן אײַך די איבעריקע אותיות, אויף כּפּרות? איר זענט דאָך ניט לעווי דער מטורף, עליו־הסנאָבל! האַלט איר זיך דײַטשעריש — הײַנט ווי אַזוי שרײַבט איר „דריקבויגן", אַז מע דאַרף תּמיד שרײַבן „דרוקבויגן"? נאָר נאַרישער פון אַלץ קומט בײַ מיר אויס, וואָס איר פונקטירט: „נו, געהע שוין בעסער עסן און לעג זיך שלאָפן"... ערשטנס, איז לעג

ניט גלײַך צו גײן : ליגן, געען. און צווייטנס, כאַפּט אַן וואָס פּאַר אַ מין ייִדן איר ווילט, בכּל תּפוצות־ישׂראל, וועט ער אײַך ניט זאָגן לעגען, גײען; אַלע זאָגן: לייגען, גייען. דערפאַר פּונקטיר איך אין אַזעלכע ערטער מיט אַ צירה, ניט מיט אַ סגול, אָדער איר שרײַבט: דאָס שאָנע מאָדעל. ווער רעדט אַזוי? וואָס אַרט אײַך, אַז איר וועט שרײַבן, ווי אַבראַמאָוויטש שרײַבט: „דאָס שיינע מיידיל״? — „אָדער איר שרײַבט: „אללע מאָהל״ (אַלע מאָל), הימעל (הימל). הײַנט שרײַבט איר אַ מאָל „גוטע״ און אַ מאָל „גיטע״, אַ מאָל „געשפּרונגען״ און אַ מאָל „געשפּרינגען״ — אָן אַ סיסטעם. וועגן „געהן״ און „לעגן״ וכדומה וואָלט צײַט געווען צו מאַכן זיך אַ רעגעל אַזוי: ממה־נפשך — שרײַב איך דורך אַן „ע״, הײַנט וואָס באַדאַרף איך דעם סגול? אלא וואָס דען? איר ווילט שוין פּונקטירן, פּונקטירט זשע, ווי מע רעדט!

בײַ זאַמאַשטשינען אין זײַן לידל (פון וועלכן איך וועל שפּעטער רעדן) געפינט זיך „אימעדים און פרים״. וואָס וואָלט אים געאַרט, ער זאָל שרײַבן אָן אַ גרײַז: „אומעדום און פרום״ — עס וועט זיך דען ניט גראַמען? הײַנט ווײַטער גראַמט ער „געלעבט״ מיט „געלייבט״. ווער איז שולדיק? איר מיט אײַער סגול אונטער יעדן „ע״! — — — אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם צונויפשטעלן דאָס בוך: שוין צו פיל עקאָנאָמיע בײַ אײַך, ברודער לעבן! למשל: פלוצעם הייבט זיך אָן „רב טרײַטל״ בײַ אײַך אָן אַ פאָדערבלאַט, אָן אַ שורה מיט גרויסע אותיות, אָן אַ צוויי ליניעס כאַטש דורכגעלאָזט, גלאַט — טיץ טובי דורין, אַט האָב איך אײַך געבראַכט — אַט ליגט דאָס! ברודער! איך פאַרשטיי, גלייבט מיר, וואָס הייסט קאַרגן און אײַנשפּאָרן, איך בין שוין אפשר אויך ניט דער צעוואָרפענער, וואָס אַ מאָל; נאָר דאָך מוזן מיר אויסאַרבעטן בײַ אונדזער פאָלק אַ געשמאַק, זיי זאָלן פאַרשטיין, וואָס הייסט שיין און וואָס הייסט פּאַסקודנע — מיאוס, ייִדישלעך, מעשׂה סליחה אָדער הגדה! שוין צײַט, אַז אונדזערס אַ בוך זאָל, חוץ דעם אינהאַלט, אויך פון דרויסן האָבן אַ פּנים פון לײַטן, עס זאָל ניט שמעקן מיט מוכר־ספרימניק, מיט תּחינות און מיט אַ „בענטשערל״ !...

[שלום־עליכם]

## 364. צום זעלבן

(פאָרזעצונג פון בריוו־רעצענזיע איבער דעם פערטן באַנד „הויזפרײַנד״)

1) „די אַלטע מעשׂה״, פון מענדעלע מוכר־ספרים. וואָס קאָן מען זאָגן דערויף? מע דאַרף הערן, ווי דער זיידע אַליין זאָל מאריך ימים זײַן לייענט די דאָזיקע מעשׂה. די מעשׂה אַליין איז טאַקע אַן אַלטע מעשׂה, נאָר מיר הערן זי פּונעם זיידן. ווען די מעשׂה זאָל אונדז דערציילן, למשל, מזח, וואָלטן מיר אַנטשלאָפן געוואָרן אין דער רעכטער מיט מעשׂה. נאָר די מעשׂה דערציילט אונדז אָבער אַבראַמאָוויטש, און אין דעם ליגט טאַקע דער גאַנצער סוד. אמת, דער זיידע האָט צו דערציילן בעסערע מעשׂיות, נאָר עס מאַכט נישט אויס. למאַי קוילעטש איז געשמאַקער פון ברויט? למאַי אייער־בייגל איז געשמאַקער פון קוילעטש? למאַי פּוטער־בולקעס איז נאָך בעסער? דערפון איז נאָך נישט געדרונגען, אַז ברויט איז ניט געשמאַק. נישקשה, אַ סך ייִדישע

שרײַבערס, די וואָס וועלן געוויס קריטיקירן די מעשׂה, וואָלטן זיך געמעגט ווינטשן, זיי זאָלן אָנשרײַבן אַזאַ מעשׂה! אייגנטלעך, „אַז מע וויל דאָס אייגענע ווידער צוריק", איז גאָר די מעשׂה נישט קיין מעשׂה, נאָר אַ מין עסקיז, אַ פּאַראַלעל פון צוויי טיפּן פון אַמאָליקע יאָרן, נאָר אַזעלכע טיפּן, וואָס זענען נאָך הײַנט אויך ניט געשטאָרבן בײַ ייִדן. אויב יענקוץ הייסט שוין הײַנט ניט בײַ אונדז רב יעקב, הייסט ער זשאַק, אָדער יאַקוב — אַלץ איין שוואַרץ־יאָר: זשאַק אָדער רב יעקב בליט, ווי אַ רויז, קריכט איטלעכן אויפן קאָפּ, בלאָזט פון זיך, עסט און טאָטשעט, ווי אַ וואָרעם, און בנימין נעבעך ליגט אין דער ערד און באַקט בייגל!... קורץ, אַבראַמאָוויטש בלײַבט אַבראַמאָוויטש. ביז אַבראַמאָוויטשן איז נאָך בײַ אונדזער פאָלק נישט געווען קיין אַבראַמאָוויטש, און גאָט ווייסט, אויב נאָך אַבראַמאָוויטשן וועט שוין בײַ אונדז זײַן נאָך אַזאַ אַבראַמאָוויטש!!!...

2) „צווישן זיך גערעדט". ווער איז דער ישׂראליק צביהס? ער שײַנט אַ קלוגער, טיכטיקער מענטש צו זײַן, מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד און מיט אַ ריינעם איבערבליק איבער אונדזער ייִדישער, מישטיינס געזאָגט, ליטעראַטור. ער רעדט צו דער זאַך און שרײַבט, ווי אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט אייראָפּעיִשע ליטעראַטורן. שאַדע, וואָס די שפּראַך איז ערטערווײַז אַ ביסל פאַרדײַטשערט. — אינעם הויפּטפּונקט האָט דער מחבר פאַרגעסן איין זאַך: אונדזער ייִדישע ליטעראַטור איז, אייגנטלעך, אַ דרײַגאָרנדיקע ליטעראַטור, אין דרײַערליי לשונות: העברעיִש ייִדיש און רוסיש. אויך איז דאָ פאַראַן געגונג צו רעדן איבער דעם, ווי אַזוי אונדזער פּובליקום קוקט אויף דער ליטעראַטור בכלל און אויף אַ „שרײַבער" בפרט, און וואָס דער מחבר מאַכט דאָס עפּעס אַזוי אַוועק מיט דער האַנט. — דאָך בין איך פונעם אַרטיקל צופרידן, און וואָלט וועלן וויסן, ווער דער מחבר איז.

3) „די תּורה". איך האָב אָנגעהויבן צו לעזן: „אויף דעם טאָמאַשיוואַטער בית־עולם, צווישן דעם וואַלד פון מצבֿות"... — און האָב געשווינד איבערגעמישט דעם גאַנצן סיפּור: ס'איז געווען, פאַרשטייט איר, שוין שפּעט בײַ נאַכט, און אַקעגן נאַכט האָב איך מורא צו לעזן פון אַ „בית־עולם" מיט מצבֿות, און ווער שמועסט נאָך פון אַ „טאָמאַשיוואַטער" בית־עולם. עפּעס קומט מיר אויס דער נאָמען „טאָמאַשיוואַטער" משונה ווילד, עפּעס כּמו ווי נאַרישעוואַטע...

4) „נאָך אויסלאַנד". זאָגט אײַך וואָס איר ווילט — עס גלייבט זיך מיר ניט, אַז אַ ייִדישער סטודענט זאָל קומען קיין דײַטשלאַנד אין אַ „גאַסטהויז" און רײַסן מזוזות פון דער טיר. ווען איך בין בעל־הבית פון אַ „גאַסטהויז" אין דײַטשלאַנד און עס טרעפט זיך אין מײַן „גאַסטהויז" אַזאַ מעשׂה, נעם איך דעם ייִדישן סטודענט און גיב אים דרײַ פּעטש און וואַרף אים אַרויס אויף דער גאַס. אײַער ייִדישער סטודענט איז אַ ווילדער לץ. ער בעט „בראַנדווײַן" און מע גיט אים „בראָנפן", גייט ער אַרויס פון די כּלים (53, לעצטע שורה). ער זעט קינדער פון זעקס־זיבן יאָר אין טליתימלעך, מיינט ער, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט, אָדער ער מיינט, אַז זיי זענען מתים. נאָכדעם טוט מען אים אַ טאַפּ בײַ די פּאות און מע טוט אַ זיפּץ, ווי יחזקאל, מיט צעבראָכענע לענדן. מיט איינעם וואָרט, ס'איז פון אָנהייב ביזן סוף נאָר חכמות — מען קאָן אַרויס פון די כּלים פון אַזאַ „סאַטיריקאָ"! איך פרעג נאָר: וועלכע שוואַרצע יאָר גלוסט זיך

יעדן משׂכּיל צו שרײַבן, און דווקא וויצלען זיך, גלײַך ווי איינער שטייט אים פון הינטן און שטופּט אים אונטער: זאָג אַ חכמהלע! נו, קוועטש זיך! קוועטש זיך! — און ער קוועטשט זיך...

5) „די מנורה". אומזיסט מוטשעט זיך נעבעך זאַמאָשטשין אײַנטיילן זײַנע נײַע לידער אין זילבן, תּנועות, נאָכמאַכן פּרוגן, פּרישמאַגנען, רייזענען און אַנדערע — עס וועט אים נישט געראָטן! איך האָב דאָס אים געזאָגט פּערזענלעך אין אַדעס, אַז ס'איז שוין צו שפּעט פאַר אים אָצינד אָנהייבן צו לערנען זיך די רעגלען פון שירים. עס וועט האָבן אַ פּנים, ווי אַן אַלטע ייִדענע זאָל פּלוצעם אָנהייבן פּודערן זיך און פאַרבן זיך. עס וועט שוין בײַ אים ניט אַרויס קיין ריכטיקע יאַמבן, כאָרעיען, דאַקטילן, אַנאַפּעסטן, אַמפיבראַכיען אאַז"וו. ער מעג רוקן אַ שורה אַרײַן, אַ שורה אַרויס — עס קלעפּט זיך נישט בײַ אים. זײַנע לידער דאַרפן זײַן פרײַ, ווי בײַ גאָלדפאַדען; זײַן מוזע איז אַזאַ נפש, וואָס האָט פײַנט, מע זאָל איר זאָגן דעות... אַנו, גיט די אייגענע מנורה, אַ שטייגער, פּרוגן אָדער פּרישמאַגנען, וועט איר זען וואָס פאַר אַ פּנים זי וועט בײַ זיי באַקומען!

6) „טביה דער מילכיקער", פון שלום־עליכם. —

— — —

7) „צוויי פעסלעך ווײַן". אין דעם סיפּור איז פאַראַן פיל באַאָבאַכטונג און גוטבאַקאַנטשאַפט, ווי עס ווײַזט אויס, מיטן לעבן פון די בעסאַראַבער ייִדן — נאָר מער גאָרנישט. נישט קיין גאַנצעס בילד, נישט קיין טיף, נישט קיין כאַראַקטער, נישט קיין מאָראַל, און, אויב איר ווילט וויסן, נישט קיין טראָפּן ייִדיש! דער אייגענער איצי־בער האָט געקאָנט זײַן אַ וואָלאַך, אַ פאַרגרעבטער דײַטש, אָדער גלאַט אַ גוי אין פאָסטעלעס. איך פרעג אײַך: פאַר וואָס און מיט וואָס איז דאָס אַ ייִדיש בילד? מעגלעך, אַז אין בעסאַראַביע זאָל אַ ייִד אַזוי ליב האָבן דאָס גלעזל ווײַן (אָבער ניט שטאַרבן איבער ווײַן, און אַזוי שטאַרבן!). מעגלעך, איך בין אויף דעם קיין מבין ניט. נאָר מאַי קאָ משמע לן? וואָס לאָזט ער מיך דאָ הערן? ניין, ס'איז ניט „דער בעל־שם", ס'איז ניט קיין „רב טרײַטל", ס'איז ניט קיין „פאָרפאָלק" („הויז־פרײַנד"), און אַפילו ניט קיין „ייִדישע גליקן", און ווער שמועסט קיין „דראַזשנער בילדער" — אַוודאי און אַוודאי ניט! — — — גוואַלד, ווען וועט מען שוין פאַרשטיין, אַז זשאַרגאָן איז אויך אַ שפּראַך, און אַ שפּראַך באַדאַרף האָבן אירע רעגלען, איר אַרט רעדן און שרײַבן, איך רעד שוין ניט פון גראַמאַטיקע, ד"ה פון אויסלייגעכץ, וואָס איטלעכער דאַוונט פון זײַן סידור! און איבער הויפּט, מיר באַדאַרפן דאָך עפּעס ווײַזן יענעם, לערנען, ווי אַזוי צו רעדן, ווי אַזוי צו שרײַבן, ניט פּלאַפּלען, האַקן, בראַקן אין קרויט אַרײַן! — נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם נאָמען פונעם העלד. איר ווייסט, אַז אַ נאָמען שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אַ ווערק? דער זיידע רב מענדעלע זאָל מאַריך־ימים זײַן האָט זיך מיר מודה געווען, אַז בשעת שרײַבן טרעפט זיך אים אָפּט מאָל, ער זאָל אַוועקזיצן אַ האַלבע שעה איבער אַ נאָמען צוקלערן; דאָרט ווו עס פּאַסט יאָסעלע, פּאַסט ניט קיין נחמיה, און דאָרט ווו עס באַדאַרף זײַן חיים־הערש, פּאַסט ניט קיין שׂמחה־לייבעלע. עפּעס דער נאָמען אײַערער איצי־בערעלע פּאַסט גיכער פאַר אַ ווויל ייִנגל, אַ שיינעם יונגן־מאַנטשיק, אַ זײַדן אײדעמל אד"ג, אָבער ניט פאַר קיין בעסאַראַבער פּופּיק, וואָס וואַקסט אויס אין פעלד, וואָס פרעסט

מאַמעליגע מיט קאָזע און פאַרטרינקט מיט גוטן ווייַן. איר האַלט דאָס פאַר אַ קלייניקייט, און איך זאָג אייַך, ס'איז אַן ענין, וואָס איז כדאי, מע זאָל אין זינען האָבן בשעת מע האַלט ביַי שרייַבן.

8) "בשעת מעשה און דערנאָך". בשעת־מעשה מע לייענט דאָס, ווילט זיך שוין זען, מיט וואָס וועט דאָ אויסלאָזן דער מחבר, און דערנאָך, אַז מע לייענט שוין איבער ביזן סוף, טוט מען אַ שפּיַי און מע זאָגט, ווי שאַצקעס זאָגט: „טפו זאָל ער ווערן — אַ שטילע וועטשערע!" — דער מחבר אַליין לאָזט דאָס אויס קונציק גוט: „בשעת מעשה צוהיצט (צעהיצט) מען זיך און דערנאָך כאַפּט מען זיך... (די דריַי פּינטעלעך זענען דעם מחברס אַליין, ניט מייַנע). — זיס איז די שפּראַך, ווי צוקער, מחיה־נפשות! איך האָב איבער הויפּט ליב דעם ליטווישן זשאַרגאָן, נאָר פון אַזאַ זשאַרגאָן ביַי אַזאַ טעמע אין אַזאַ פאָרמע — קאָן מען, ווי אייַער יידישער סטודענט זאָגט, אַרויס פון די כלים!...

## 365. צום זעלבן

(סוף פון בריוו־רעצענזיע איבער דעם פּערטן באַנד „הויזפריַינד")

9) „דער בעל־שם־טוב". דאַנקען און לויבן דעם וואָס לעבט אייביק, איך בין געקומען צו אייַער „בעל־שם", צו אייַער אמתן שעדעווער, פון וועלכן איך בין געוואָרן ברייטער ווי לענגער. איך האָב מיך ממש מחיה געווען, באמת געפרייט זיך, משונה הנאה געהאַט פון מייַן חבר, מיט וועלכן איך קאָן שטאַלצירן קעגן אַלע אונדזערע „גרויסע". — נאָך איידער איך האָב געלייענט, האָב איך געפילט, אַז אינעם „בעל־שם" וועט איר געבן עפּעס אַ גוטס, עפּעס אַ פרישע זאַך, אַ לעבעדיקע, אויף צו דערקוויקן דאָס פאָלק מיט עפּעס רעכטס. שאַדע, וואָס אַזאַ טייַער ווערק וועט גיין שטיקלעכווייַז, שאַדע, וואָס פון איין שטיקל צום אַנדערן וועט אַוועקגיין אַזאַ צייַט, און נאָך מער שאַדע, אויב דאָס ווערק איז ביַי אייַך ניט פאַרטיק, ניט אָנגעשריבן אין גאַנצן מיט איין פייַער! — שוין פון דער שפּראַך אַליין איז קענטיק, אַז איר זענט אויפן ווערק געזעסן, געאַרבעט, געטראַכט און געשלייַפט, ניט אַרויסגעלאָזט, ווי די „צוויי פּעסלעך ווייַן". עפּעס אַ מין שיינקייט, אַ חן איז אויסגעגאָסן אויפן גאַנצן ראָמאַן — איבערן פּראָסטקייט און איבערן ליבשאַפט, וועלכע איר האָט אַנגעטאָן אין אים און מיט וועלכע איר האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. אָ, יאָ, ליבער חבר, איר פאַרדינט אַ גרויסן־גרויסן יישר־כוח פאַר דער דאָזיקער שיינער מתנה, וואָס איר האָט מזכה געווען אונדזער אָרעמע פאָלקס־ליטעראַטור, גאָט זאָל אייַך נאָר געבן כוח, איר זאָלט אייַער ראָמאַן בשלום ענדיקן נישט ערגער ווי איר האָט אים אָנגעהויבן, דען דאָס וועט זייַן אונדזער ערשטער היסטאָרישער ראָמאַן אין אונדזער פאָלקסשפּראַך; דאָס איז שוין עפּעס נישט יענע געוויסע „היסטאָרישע" ראָמאַנען פון שייקעוויטש מיט זייַן קאָמפּאַניע ——— דאָס איז עפּעס אונדזער אייגענער, נאָענטער, גוט באַקאַנטער און שטאַרק באַליבטער היסטאָרישער ראָמאַן. איך קאָן אייַך, אמת, נאָך גאָרניט זאָגן, אויף וויפל ריכטיק דאָרט וועט זייַן דורכגעפירט די „היסטאָריע" — איר זאָלט,

חלילה, נישט אַריבערפאַלן מיט צו פיל לעגענדעס און היפּערבאָלעס, איר זאָלט זיך האַלטן האַרט ביי דער ערד, דאָס הייסט, נישט צו פיל פאַרגעטערן דעם רב ישראל ברב אליעזר, דען איר דאַרפט געדענקען, אַז ס׳איז אַ מעשׂה סך־הכּל פון הונדערט יאָר, ניט פון אַכצן הונדערט פינף און ניינציק, כאָטש אין אמתן בין איך אַליין אַ מוראַדיקער אידעאַליסט אין אַזעלכע ענינים — ביי מיר וואָלט אייער בעל־שם געוויס אַרויסגעקומען מער גאָט אַלס מענטש. דעריבער, קאָן זיין, גיב איך מיך בעסער אָפּ מיט מענטשן, פראָסטע בשׂר־ודגימס, איך שנייד זיי און בראָק זיי אויף פּיצפּיצלעך, נעם אַרויס די געדערעם מיט די קישקעלעך, באַטראַכט איטלעכס ברעקל און לייג עס צונויף צוריק, וואַש די הענט און גיי עסן... נאָר מיין ווירקלעכע סימפּאַטיע ליגט נאָר צו אַזעלכע דערהויבענע נפשות, ווי דער בעל־שם וכדומה, און צו זיי ציט עס מיך תּמיד מיט לייב און לעבן. איך בענטש אייך נאָך אַ מאָל, ליבער פריינד, גאָט זאָל זיין מיט אייך, איר זאָלט ענדיקן בשלום אייער היסטאָרישן ראָמאַן, מיט וועלכן איר וועט זיך קויפן אַ נאָמען, אויב איר וועט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען ביזן סוף, גאָר אַ גרויסן נאָמען, אויף וועלכן „גרויסע" וועלן אייך מקנא זיין! איך בעט אייך, זייט געהיט מיט די היסטאָרישע פאַקטן; פאַרגעסט ניט, אַז ס׳איז זייער אַן ערנסטע אויפגאַבע; ס׳איז ניט קיין גלאַט־אַזוי־זיך־אַ־מעשׂה; ס׳איז אַ ווערק, וואָס באַדאַרף עפענען די אויגן און באַלייכטן אַ גאַנץ שטיק פון אונדזער טרויעריקער און ווונדערלעכער געשיכטע, ס׳איז אַן עפּאָכע־מאַכנדעס ווערק, וואָס קאָן אייך מאַכן טאַקע באמת אומ־שטערבלעך! איך גיב אייך אַן עצה, איר זאָלט זיך דורכרעדן (כאָטש בריוולעך, אויב ניט פּערזענלעך) מיט אונדזער היסטאָריקער ה׳ דובנאָוו, וועלכער איז דער איינציקער, וואָס איז רעכט באַקאַנט מיט יענער עפּאָכע פון דער ייִדישער געשיכטע. פאַרגעסט ניט, אַז אין יענער צייט איז געווען אויך די געוויסע הייַדאַמאַטשינע. פאַרגעסט ניט אויך די עקסטרעמען פון דעם ייִדישן מיסטיציזם אין דער ליטעראַטור און אינעם לעבן. מיט איינעם וואָרט, טוט, און גאָט לאָז אייך זיין צו הילף. איך האָב אַ מאָל אַליין געחלומט צו שרייבן אַזאַ מין ראָמאַן; איך האָב זיך צוליב דעם דורכגעשריבן מיט אייניקע באַוווּסטע שריפטשטעלערס און היסטאָריקערס, איך האָב וועגן דעם געהאַט אַ דולעניש מיט עליזאַ אָזשעשקאָ, וועלכע האָט מיר געשריבן אַ גאַנץ צעטל פון פּוילישע ספרים איבער דער געוויסער „שחיטה פון אומאַן". נאָר די צייט, מישטיינס געזאָגט, האָט מיר דערשלאָגן דעם קאָפּ, און איך האָב די אַרבעט אָפּגעלייגט אויף די עלטערע יאָרן, אויב גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, און האָב מיך דערווייל גענומען צו מיינע אַריסטאָקראַטישע פאַרשווינדלעך פון יע־הופּעץ, בויבעריק און האַצעקלאַץ. איך האָב שוין סחורה פאַר אייער פּינפּטן „הויזפריינד". (נאָטאַ בענע: אַזוי ווי דאָס בעסטע בוך איז דאָס לעבן, און דער בעסטער ראָמאַן איז דעם מענטשנס לעבן, און מיין לעבן איז גראָדע רייך מיט פאַרשיידענע עפּיזאָדן, כאַראַקטערן און טיפּן, — האָב איך מיך פעסט באַשלאָסן די טעג צוטרעטן צו מיין לעבנס־באַשרייבונג (אויטאָביאָגראַפיע), באריכות, פון מיין געבאָרן ביז צוואַנציק יאָר. איך האָב בדעה מיין אויטאָביאָגראַפיע צו געבן אין אייער „הויזפריינד". מסתּמא פאַרשטייט איר שוין, אַז גלאַט אַזוי באַשרייבן, ווי אַזוי איך האָב געגעסן, צי געלערנט, צי געלאָפן, געשפּרונגען — וועל איך ניט. איך וועל אויסקלייבן די רייכסטע

עפּיזאָדן, וועלכע וועלן גיין רעגלמעסיק, טריט בײַ טריט, און וועלכע זאָלן האָבן אַ באַזונדערן אינטערעס ניט נאָר פאַר מיר אַליין, נאָר אויך פאַר יענעם. — נו, איך האָב מיך אַראָפּגעשלאָגן פונעם וועג און בין אַריבער אויף זיך). אַצינד קערן מיר זיך אום צוריק צו אײַער „הויזפרײַנד“.

10) „צווישן ווײַטע און נאָענטע“. — אַזאַ אַרטיקל, אוי־וויי, אַזאַ וויכטיק שטיקל אַרבעט נעמט איר צו פון עפּעס אַ שנײַדער, צי אַ שוסטער, צי גלאַט אַ יונגן־מאַן פון אַ גאַנץ יאָר, און איר גיט זיך נישט קיין מי אויסצובעסערן אַפילו ניט נאָר די גרײַזן, נאָר דעם גאַנג פון דער באַשרײַבונג, אַזוי, אַז עס קלעפּט זיך דאָרטן נישט איינס מיטן אַנדערן, אָן אַ סדר און אָן אַ שום ליטעראַרישן טאַקט און געשמאַק. — אַן עבירה. כ'לעבן!

11) „סיפּורים פון תּלמוד און מדרשים“. — ...געשריבן פון יהושע הלוי מזח מו״ל גן הפּרחים. — דאָס הייסט: ברחל בתך הנאַקעטע!... עס איז דאָך ניט שייך צו קריטיקירן דעם תּלמוד, נאָר ס'איז פאַראַן וואָס צו זאָגן אויף דעם, ווי אַזוי מע זאָל זיך באַניצן מיט אים. מילא, קודם־כּל איז די שפּראַך נישט איבערצוטראָגן. צום בײַשפּיל: „ער איז געשלאָפן אָן אַ קישן און אָן אַ פערענע“ (זע זײַט 148), „אַ זאַק מיט אַ שלײַדער האָלץ“, וכדומה. די הויפּטזאַך אָבער איז די נעמען, וואָס ער גיט יעדן משל. „גאָטס סטראַפּטשע“ — פאַר וואָס הייסט דאָס „גאָטס סטראַפּטשע“ און ניט „גאָטס יאַרמלקע“? און וואָס געהערט זיך אָן אַהער דער משל מיט קורחן און מיט די קריטיקערס? צי, אַ שטייגער, ווי געפעלט אײַך דאָ דער נאָמען „אַ חכם פון דער מה־נשתּנה אַרויס“? עס פּאַסט טאַקע צו סיפּורים פון תּלמוד און מדרשים! און גלאַט די מעשה (ז) „אַליין אַרײַנגעפאַלן“ וואָלט געמעגט איבערבלײַבן בײַ מזחן אין דער גרויסער קעשענע — אָן אַן אומגליק, כ'לעבן.

ביעדאַ, קאָל פּעטש פּיראָגי וואָזמיאָטסיאַ סאַפּאָזשניק,
אַ טאָטשאָט סאַפּאָגי — פּיראָזשניק.

נאָר נאָך אַלעמען געפין איך די סיפּורים פאַר זייער ניצלעך, אָנגענעם און געווונטשן פאַרן פאָלק.

12, 13) „נײַע ווערטער“ און „דרײַ וואָס האָבן געגעסן“. — אָט די צוויי וויכטיקע, אויסגעצייכנטע, ליבע און זיסע אַרטיקלען באַווײַזן פּונקט דעם היפּוך: אַז די קלענסטע זאַך קאָן אַרויס פון דעם מײַסטערס הענט ריין, און שיין, און פײַן, און קונציק, און געשמאַק, און ניצלעך, ווי געווונטשן. אָט דאָ זעען מיר דעם חילוק פון אַן אייראָפּעער ביז אַ מלמד, פון אַ טאַלאַנט ביז אַ שוסטער. דאַווידאָוויטש איז אַ פּובליציסט מיט אַ ריינעם קלאָרן פאַרשטאַנד, פרישמאַן איז אַ טאַלאַנטפולער בעלעטריסט, אַ פּאָעט מיט אַ הויכער פאַנטאַזיע — און ביידע ווייסן, וואָס הייסט אַ געשמאַק, אַ טעם, אַ טאַקט. אַ ייִדישער מחבר מעג זיך לערנען פון דאַווידאָוויטשעס עטלעכע בלעטלעך, ווי אַזוי מע דאַרף שרײַבן אַן אַרטיקל פאַרן פאָלק, נישט גלאַט אַ „מאמר“, דאָס הייסט פּלאַפּלען אין דער וועלט אַרײַן, שיטן מיט הויכע ווערטער: גוואַלד, נאַציאָנאַליזמוס! פּאַטריאָטיזמוס! דאָס פאָלק! דאָס פאָלק!!

— — —

דאָס פאָלק, דאָס פאָלק, דאָס פאָלק! —
דאָס וואָרט „דאָס פאָלק" איז וואָכעדיק
און אָפּגעריבן, אָפּגעניצט,
פאַרדינגט זיך אויף פּראָקאָט...
מיר ווייסן שוין דעם סוד דערבײַ:
עס איז נישט מער ווי ווערטער נאָר,
נאָר ווערטער שיינע, הילכיקע,
געבלאָזענע, געקינצלטע,
פאַרלערנטע אויף אויסווייניק
און אײַנגעחזרט גוט...
(פון מײַן נישט־געענדיקטער פּאָעמע „פּראָגרעס־ציוויליזאַציע")

אויך די שפּראַך, איך מיין דעם סטיל. מע קאָן נעמען פאַר אַ מוסטער די עטלעכע בלעטלעך, וואָס דאַווידאָוויטש האָט אָנגעשריבן, און כאָטש ער האָט דאָ קיין באַזונדערע נײַעס נישט אויפגעטאָן, נאָר ס'איז ליבער צו הערן עטלעכע אַלטע ווערטער, וואָס זענען איבערגעגעבן ריין, און פײַן, און קלוג, איידער אַ סך נײַע „מאמרים", וואָס זענען געשריבן אָן אַ טעם און אָן אַ ריח. — דאָס אייגענע איז אויך מיט פרישמאַנס עסקיז. דאַכט זיך, אייגנטלעך, וואָס איז דאָרט פאַראַן? ד ר ײַ האָבן געגעסן, און נאָך ד ר ײַ האָבן געגעסן... „אַז מע וויל שמועסן טאַקע נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע ווידער פאַרקערט", ווייס איך ניט, אויב עס איז גלאַט שכיח אַזאַ מעשׂה, אַז אַ רב מיט צוויי דיינים זאָלן עסן יום־כּיפּור, און דווקא בפרהסיה, און דווקא אין שול, און דווקא אויפן בעלעמער. און ווי קומט גאָר פּלוצעם ב ײַ ט אָ ג זאָל מען זאָגן: „על דעת המקום ועל דעת הקהל וכו' ", אַז זאָגן זאָגט זיך עס גאָר בײַ נאַכט, צו „כּל־נדרי"? נאָר גאָרנישט, אויף אַ „מעשׂה" פרעגט מען קיין קשיה ניט. עס איז ד אָ ך אַ טאַטנס אַ קינד, עס איז ד אָ ך אַ מײַסטער־ווערק פון אַ קינסטלער, עס איז ד אָ ך פול מיט פּאָעזיע, עס שמעקט ד אָ ך פון דעם אַ ריח גן־עדן! לאָזן זען אונדזערע שטיוול־פּוצערס, די „פּאָעטן" קלאָמפּערשט, וואָס „מאַכן" לידלעך און זינגען „שירים", און דווקא צום גראַם, — אַז די אמתע פּאָעזיע שטעקט גאָר נישט אין די קורצע שורות מיט די גראַמען. — — —

בקיצור, מײַן בריוול האָט זיך אַ ביסל פאַרלענגערט — עס מוז דאָך נעמען אַ מאָל אַן עק אויך. אַדיעו! אַדיעו! נאָר בײַם געזעגענען זיך מוז מען דאָך אײַך זאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער, איר זאָלט חלילה אויף מיר נישט טראָגן קיין שׂינאה אין האַרצן דערפאַר, וואָס איך זעץ אײַך אויס אַזוי פיל פעלער. — אַזוי ווי איר בעט דאָך מיך, אַז איך זאָל אײַך מײַן ריכטיקע מיינונג אַרויסזאָגן, און אַזוי ווי איך בין אײַך אַן אמתער גוטער־פרײַנד און ווינטש אײַער „הויזפרײַנד" אַל דאָס גוטס, האָב איך אַנדערש ניט געקאָנט, סײַדן איך זאָל אײַך אַרויסזאָגן אַ ל צ ד י נ ג, וואָס איך האָב געטראַכט בשעת לייענען דאָס בוך, אָן צערעמאָניעס, אָן פאַלשע קאָמפּלימענטן, נאָר דעם ריינעם אמת — און איר קלערט אײַך וואָס איר ווילט. אויב איר וועט מײַן בריוו האַלטן פאַר אײַערע אויגן בשעת אַרויסגעבן דעם פינפטן טאָם, וועט איר מיר — אַזוי מיין איך — זאָגן אַ גרויסן דאַנק, און איך וועל אײַך פאַרשטיין און וועל אײַך אָפּשטעקן אַ ברייטן

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי! ווו האָט איר געזען אַ יידיש בריוול אָן אַן „עיקר־שכחתי״? איך האָב באַמערקט אין דעם פערטן „הויזפריינד״, אַז עס פעלט דאָרטן די קריטיקע לחלוטין. ווי געשיקט זיך דאָס? סטייטש, אין אַ יאָרבוך זאָל זיך נישט געפינען כאָטש עטלעכע בלעטלעך קריטיק, אָדער אַזוי אַ פּאָר קורצע רעצענזיעס איבער נייע יידישע ספרים (איך מיין זשאַרגאָנישע, נישט העברעישע). מע זעט אַרויס אַז אייער פערטער טאָם איז אַרויס בחיפזון, צו כאַפּנדיק, ווי די יידן פון מיצרים. אפשר וואָלט געווען אַ סברה, ווי דער רוססע זאָגט: נאַ בעזריביע אי ראַק ריבאַ, דאָס הייסט, איר זאָלט מיין בריוול אָפדרוקן אין פינפטן טאָם „הויזפריינד״ אַלס רעצענזיע אויפן פערטן טאָם? אויב אַזוי, טוט מיר שוין באַנג, וואָס איך האָב נישט גערעדט אַ ביסל מער באַריכות, — און אפשר איז גלייכער בקיצור?

זייט געזונט און מאַכט מיט די יידעלעך גוטע געשעפטן...

אייער קאָלעגאַ שלום־עליכם

## 366. צו י. ח. ראַווניצקי

באָיאַרקע, דאַטשע נומער 4
דעם 4טן יולי 1895

וואָס הייסט, ווער האָט מיר דערציילט, אַז איר פּאָרט קיין סקווירע? פּאַיע און בראָני זענען דאָך געווען ביי אונדז! און וואָס איר זאָגט מכּוח שווער, איז נאָר שווער די הסכּמה, ביז איר ווערט ביי זיך פועלן; די נסיעה אַליין קאָסט היינט אַ שמעק טאַביקע, פיר אָדער פינף רובל, און לעבן וועט איר ביי אונדז, ווי גאָט אין פראַנקרייך, דהיינו: אַ באַזונדער צוגעקליבן חדרל פון אייערט וועגן, מיט אַ קליין בעדל אויף צו באָדן זיך אין דער פרי אין פרישן דניעפּער־וואַסער, געצויגן דורך רערן פון קיעוו, און אַ מאַרמאָר־בעטל מיט אַ קליין באַסיינטשיקל אויף צו שווימען, אַ גאָרטן מיט אַלערליי פּירות, וויינשל, מאַלינעס, קאַרשן און שפּעטער אויך עפּל מיט באַרן, בערהאַמאָטן מיט גדולין, בלומען שיינע, שמעקנדיקע, אַ מאכל מיט פיש און מיט שיפּלעך געפּאַרבטע, מוזיק אַלע פּאָר נאַכט אין וואַלד. טעאַטער־שפּיל און קאָנצערטן אָן געלט, צייטונג און ביכער אַלערליי, יונגע עופות מיט קאַטשקעלעך געבראָטענע, מילכיקס פון טביהן לרוב, קרעפּלעך־וואַרעניקעס, ווערטוטן און מלינצעס נאָר איין זאַך פעלט — משׂכּילים! אַ רענדל אַ משׂכּיל! די חכמי קיעוו קומען אַפילו אָן אַ מאָל אַהער צו פאָרן, נאָר מע זעט זיי נישט, דען זיי טוען באַלד צוריק אַנטלויפן: זיי קאָנען נישט פאַרטראָגן די היגע לופט... הכלל איך זאָג אייך, ס'איז ביי אונדז אַ שטיק גן־עדן. איר וועט זיין ערגער פון געשמדט, אויב איר וועט חלילה נישט אַראָפּכאַפּן זיך צו אונדז היינטיקן זומער כאָטש אויף עטלעכע טעג; עס וועט זיין אַ סימן, אַז איר זענט דאָס ניט ווערט. קאַראַסיק איז שוין, ברוך־השם, געקומען צוריק פון כאַרקאָוו, נאָר ער איז געבליבן אַלץ דער אייגענער קאַראַסיק, וואָס פריער; איך האָב פון אים קיין שום בוך ניט באַקומען. היינטיקן זונטאָג קומט ער צו אונדז קיין באָיאַרקע אויף אַ טאָג, ער און זיין גאַנץ הויזגעזינד. ווען איר האָט שׂכל,

קומט איר אויך זונטאָג; עס וועט זײַן בײַ אונדז הײַנטיקן זונטאָג אַ צונויפפאָר פון געסט אַלערהאַנט; פון קיִעוו, פון באַרדיטשעוו, פון וואַסילקאָוו און פון וואַרשע; דאָרט וועט זײַן אויך זייער אַ שיין מיידל, אַ כּלה וואָס זוכט אַ חתן. קומט צו פאָרן, אַ קשיה, אפשר וועט זיך דערפון אויספּיקן אַ שידוך אויך?... (מיטן לשון פונעם זיידן זאָל מאריך ימים זײַן). גריסט טאָקע דעם זיידן. איך וועל צו אים שרײַבן באַזונדער, כאָטש אַפילו איך דערקוטשע אים דערמיט, און דעם איבעריקן עולם דאָרטן גיט אָפּ אַ גרוס און זײַט מענטשן.

פון מיר אײַער באַשטענדיקער — שלום־עליכם

פּ.ס. — מײַן ווײַב איז ברוגז אויף אײַך, וואָס איר קומט ניט צו פאָרן, דערפאַר לאָזט זי אײַך ניט גריסן. נאַטאַשע בעט אײַך רחמים, איר זאָלט זיך דורכפאָרן אַהער. זי זיצט ניט ווײַט פון אונדז. זי איז שוין געוואָרן אַ מוראדיקע נאַציאָנאַליסטקע און אַ מסוכּנע פּאַלעסטינקע! — — — גאָר נישט די נאַטאַשע, וואָס אַ מאָל!

## 367. צו מענדעלע מוכר־ספרים

באָיאַרקע, דאַטשע נומער 4. 10טן אויגוסט 1895
(ביזן 15טן אויגוסט)

שלום־עליכם אײַך, זיידע־לעבן, וואָס מאַכט איר גוטס?

ראשית, קום איך אײַך מעלדן, אַז מיר זײַנען דאָ אַלע, ברוך־השם, אין בעסטן געזונט. די געשעפטן, גאָט זײַ דאַנק, גייען אַצינד גאָר ניט שלעכט, הלוואַי ווײַטער ניט ערגער, בעסער שאַדט ניט, דאָס וואָס אַ מאָל — אַוודאי ניט, ווי זאָגט ער: צו חדש יומנו קומט דאָס ניט, נאָר דאַנקען גאָט דערפאַר, ס׳איז פריִער געווען פיל ערגער!...

והשנית, בין איך צו אײַך מיט אַ בקשה, ווי געוויינלעך אַ ייִד, וואָרעם ווען ניט קיין בקשה, זעט מען דאָך אים ניט און מע הערט אים ניט. בקיצור, אָט דעם ייִדנס זון, זבאַרסקי, טרעט אַרײַן צו אײַך אין דער תּלמוד־תּורה און האָט מוראַ צו אײַך קומען אָן אַ רעקאָמענדאַציע. בעט ער מיך, איך זאָל פאַר אים בעטן. בעט איך אײַך. איך קען דעם אַבראַם זבאַרסקי. הלוואַי וואָלטן אַלע אונדזערע ייִדן געווען אַזוי ערלעך, און ווער שמועסט אונדזערע נגידים מעגן געוויס זײַן פאַר אים די כּפּרה, נאָר גייט פרעגט גאָט אַ קשיא... זײַט געזונט און שטאַרק, ווי עס ווינטשט אײַך אײַער תּמיד געטרײַ איינִיקל

שלום־עליכם

## 368. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 18טן אויגוסט 1895

מע קאָן זיך אויף אײַך, נישקשה, דערוואַרטן. קוים אַ מאָל זיך אויסגעקראַצט צו ענטפערן! אַצינד וועלן מיר אײַך שוין בעטן אויף סוכּות קיין קיִעוו, ווײַל מיר זיצן שוין,

ברוך־השם, פונעם 20סטן אָן הי אין קיִעוו, דאָס הייסט, מיר קלײַבן זיך, אם־ירצה־השם, זונטאָג אַריבער אין שטאָט אַרײַן.

שאַדע, וואָס איר זענט אַרײַן מיט אײַערע עטלעכע קערבלעך אין אַ פרעמד געשעפט אַרײַן. אַ סך מער מיצווה וואָלט געווען (און מער נחת אויך), ווען מיר לייגן זיך אַלע צונויף און גיבן אַרויס דאָס דריטע בוך „פאָלקס־ביבליאָטהעק". נאָר איר זענט אַלע גרויסע כּלבים; איר שמעקט אָן ווו ס'איז דאָ געלט, אַהינצו דרייט איר מיטן וויידל... לאָז מיר נאָר גאָט אַ ביסל נאָך צוהעלפן, וועל איך אײַך ווײַזן ווער עלטער איז!...

אַ שאלה אַ ביסל, צי איך האָב הײַנטיקן זומער עפּעס געטאָן? זײַט זיכער, עס וועט זיך מיט אַ מאָל אָנרוקן אַ כמארע און עס וועט געבן אַ גאָס — — וואָס איך האָב אײַך צוגעזאָגט פאַרן „פּרדס" וועל איך אײַך אין גיכן צושיקן; די דירה מיטן שלעפּן זיך פון דער דאַטשע האָט צוגענומען ביי מיר אַ סך צײַט — אויך די בעלי־„אַחיאָסף" וועל איך צופרידנשטעלן.

שוין זשע האָט דער זיידע־לעבן נישט געהאַט פון מיר די טעג אַ בריוול דורך אַ געלעגנהייט?

און וואָס איר שרײַבט מכּוח הערשעלע ע"ה, האָבן מיר שוין דאָ פּאָר צוויי וואָכן צוזאַמען מיט יאָסעלען צונויפגעקליבן 125 קערבלעך און אָפּגעשיקט קיין אָדעס. — גריסט דער גאַנצער „משפחה" גאָר פרײַנדלעך.

שלום־עליכם

## 369. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 28סטן אָקטאָבער 1895

אײַער קלאָגבריוו האָב איך מקבל געווען. איך זעץ זיך צו ליב אײַך הײַנט אַוועק און אַרבעט מיט דער גאַל — איך וויל אײַך בלײַבן אַן „אמתער פרײַנד".

פּאַרלויפּיק נאָט אײַך נאָך אַ קלייניקייט, אַ פּאַדראַזשאַניע צו אונדזער גרויסן משוגענעם דיכטער ל. פּרץ. מסתּמא איז דאָך פאַראַן ביי אײַך אין „הויזפרײַנד" אַ רובריק פון קלייניקייטן, רוקט דאָס אַהין אַרײַן. געחתמעט נאָר מיט איין אות „ש".

### צו דער לבנה
(אויף דעם שניט און מיט דער שפּראַך פון פּרץ)

1

וואָס רוישט מיר אין מוח, וואָס זעצט ווי אַ פּאַס?
עמיצנס לידער — איך לויף אויף דער גאַס.

2

עס רוישן די שפּערבער, עס וואָרקען די קאָטערס,
עס שפּרינגען די מײַזלעך און טאַנצן ווי טאָטערס.

3

איך קריך אויף די ווענט, איך פֿאַל אויף די קברים, —
עס גלוסט זיך מיר שרײַבן, אַרויסגעבן ספרים.

4

פייגל גינגאָלדנע בלישטשען און פּראַנגען —
מע האָט דאָרט אַ גאַנער אַ סריס געהאַנגען!

5

און אָקסן און אייזלען, זיי ברומען און בלעקען,
זיי קאָנען ניט האָרכן משוררים מעקקען...

6

זי קוקט, די לבנה, פֿאַרדרייט מיט דער נאָז,
עס ווילט זיך איר זאָגן — ווייסט זי ניט וואָס.

7

ראַפּטעם... טס! פֿאַרשטומט דער וואַלד, הערט ווי עמיץ זינגט.
ווי פּיזעם נאָבעל, און זיס ווי קנאָבעל, און אַ שברים קלינגט.

8

ס׳לאָזן קעץ זיך גיין אַ סך; זאָגט זיי אָפּ גאַנץ איידל
דער קלוגער קאָטער אויפֿן דאַך, — בראַניט מיטן ווײדל.

9

שיכּור טאַנצן די שמשים, אַלע מתים קאַנקאַנירען;
די לבנה ווינקט מיט ד׳אויגן, אַלע שטערן קאָקעטירען...

ש.

## 370. צום זעלבן

קיִעוו, 17טן נאָוועמבער 1895

ליבער קאָלעגאַ!

איך האָב אײַער „גוואַלד־קאַרטל״ מקבל געווען. מײַן בריוו, וועלכן איך האָב אײַך געשיקט פֿריִער מיט אַ טאָג, וועט אײַך פֿאַרענטפֿערן אײַער געשריי. איך שווער אײַך בײַ אונדזער „ליבן זשאַרגאָן״, אַז איך שרײַב, דאָס הייסט, איך ענדיק דאָס, וואָס איך האָב אײַך צוגעזאָגט. וואַרט שוין צו נאָך אַ טאָג, וואָס קאָן דאָ זײַן? — איצט שיק איך אײַך אַ שיר פֿון אַ נײַעם משורר, יעקב רעוווזין. פּרוג און אַבראַמאָוויטש און בן־עמי און מיר אַלע איז אַדעס זענען געווען פֿון זײַנע לידער אַנטציקט, געלעקט די פֿינגער. זעט רוקט

אַרײַן דעם שיר אין „הויזפרײַנד". איר זעט כאָטש, ברודער, ווי ווײַט איך אַרבעט פאַר אײַער זשורנאַל? איך וויל באמת, איר זאָלט זײַן צופרידן; אַזוי בין איך תּמיד: אָדער גאָר, אָדער גאָרניט... איצט בין איך פאַר אײַך גאָר — זײַט זשע ניט קיין דבר־אַחר און פאַרשטייט...

מײַנע „פּאַפּירלעך" אַז איר וועט באַקומען (אם־ירצה־השם, הײַנטיקע וואָך) און וועט זיך שטעלן צו דער אַרבעט, זאָלט איר נעמען אין זינען פאָלגנדעס:

א. 250 עקזעמפּלאַרן סעפּאַראַט־אָפּצוגע.

ב. רעגאַל־פּאַפּיר.

ג. אַ שיינעם העמדל, ווי צו „טביהן".

ד. למען־השם, דאָס אויסלייגן און די קאָרעקטור זאָלן זײַן, ווי איך האָב ליב.

ה. חוץ דעם „הויזפרײַנד" נומער 5 טאָרן די „פּאַפּירלעך" ניט זײַן געדרוקט בײַ אײַך אין ערגעץ און קיין מאָל!

ו. געבן אַן אָרט אין „הויזפרײַנד" פאַר מײַנע בריוולעך גאַנץ באַזונדער, הײַנו: נישט צוגערוקט צו קיינעם און נישט געזעצט מיך מיט אַנדערע פאַרשוינען אויף איין וואָגן; געלאָזט אַ האַלב בלעטל און ניט געזשאַלעוועט נאָך אַ שטיקל פּלאַץ, אויב ס'איז נייטיק. הכּלל — איר ווייסט שוין מײַן שגעון און מוזט דאָס טראָגן, אַ ברירה האָט איר? און ווײַטער זײַט געזונט און לאָזט גריסן יעדן וואָס מע דאַרף.

אײַער בעסטער חבר

שלום־עליכם

פּ.ס. — דעם מחבר פון שיר זאָלט איר, למען־השם, שיקן אַ שיינעם עקזעמפּלאַר „הויזפרײַנד". איר מעגט אים שרײַבן, אַז דאָס האָב איך אים אַ טובה געטאָן, געמאַכט גליקלעך אַ מענטשן. — — —

## 371. צום זעלבן

קיִעוו, 22סטן נאָוועמבער 1895

ליבער פרײַנד, געערטער רעדאַקטאָר!

מיט גאָטס הילף, איך שיק אײַך מײַן ווערק „פּאַפּירלעך", אין אַ גוטער שעה אין אַ מזלדיקער! איר זעט אַלײן אַרויס, אַז איך בין אײַך באמת געטרײַ, און האָב איך צוגעזאָגט — איז דאָס פעסט, אײַזן!

מײַנע קאָנדיציעס האָב איך אײַך שוין געשריבן יענע וואָך. חוץ־לזה וויל איך פון אײַך און באַגער:

1) איר זאָלט מיר צושיקן מײַנע 250 עקזעמפּלאַרן נאָך אײדער דער „הויזפרײַנד" וועט אַרויס, דאָס הייסט, באַלד ווי עס וועט אַרויס פון דרוק.

2) דעם ערשטן בויגן (נאָך אַלע קאָרעקטן) מיר צושיקן; זײַט זיכער, איך וועל אויף דער גאַס נישט אַרויסלאָזן קיין אות אַפילו.

3) אַלע 250 עקזעמפּלאַרן דווקא אויף גוט רעגאַל־פּאַפּיר און דווקא פײַן בראָשירט (ניט ווי „טביה" נעבעך, אין אַ געל צעריסן העמדל).

4) אַ בריוו מיר שרײַבן תּיכּף־ומיד, ווי איר וועט מקבל זײַן די האַנטשריפט (איך שיק עס זאַקאַזנאָי באַנדעראָליו).
5) למען־השם, גוט אַכטונג געבן בײַם קאָרעקטירן נאָכן מאַנוסקריפּט, עס זאָל נישט אַרויס קיין גראָבע גרײַזן. צוקוקן זיך, ווי אַזוי איך פּונקטיר. — — —
6) פון איין בריוו צום אַנדערן לאָזן אַ בלויזן פּלאַץ, כאָטש אַ דרײַ־פיר שורות.
7) מיטן איבעריקן פאַרלאָז איך מיך שוין אויף אײַער געשמאַק.
אַ גוטן תּמיד!

אײַער געטרײַער שלום־עליכם

## 372. צום זעלבן

קיִעוו, 24סטן דעצעמבער 1895

ליבער ספּעקטאָר!

איר זענט גאָר אומזיסט געווען אין כּעס. איר האָט געקאָנט באַלד אויסשיסן אײַער ברוגז און ניט וואַרטן אויף דער „בלינדער נאַכט" (הײַנט איז די „בלינדע נאַכט"). אויב 300 עקזעמפּלאַרן אָבצוגע איז פאַר אײַך אַ ביסל צו פיל — לאָז זײַן נאָר 100. נאָר די מאה „הויזפרײַנדס" זאָלט איר, למען־השם, תּיכּף־ומיד צושיקן, וואָרעם איך גיב הײַנט די מודעות, וועל איך האָבן אַ פּנים פון חוזק, אַז מע וועט זיך צו מיר אַ לאָז געבן און עס וועט נאָך ניט זײַן. — פאַר די גוטע עקזעמפּלאַרן וועל איך קאָנען לייזן טײַערער אַלס 2 רו"כ. בינדן וועט מיך אפשר קאָסטן מער ווי 25 קאָפּ', נאָר איר וועט יעדן פאַלס צום עסק נישט דערלייגן. און וואָס איר זאָגט מכּוח די „פּאַפּירלעך" גופא, אַז ס'איז נאָר פאַר קיִעוו אַ סחורה, האָט איר אַ ווילדן טעות! איך בין ניט פון די, וואָס זענען געגאַרט און מיינען, אַז זייערס איז גוט. נאָר איך בין איבערצײַגט, אַז אַלע לעזער וועלן האָבן הנאה, אם־ירצה־השם, מיט גאָטס הילף. אָט וועט איר זען. —

איך דערוואַרט אײַערע הונדערט „הויזפרײַנדס" ניט שפּעטער ווי אויף שבת, אַז ניט בין איך אויסגעשטעלט. זעט זשע און שיקט וואָס גיכער! אויב איר וועט אוספּעיען, שיקט די 15 גוטע פּער פּאָסט, און די 85 עקזעמפּלאַרן — באַלשאָי סקאָראָסטיו.

אײַער בעסטער פרײַנד

שלום־עליכם

## 373. צום זעלבן

קיִעוו, 20סטן יאַנואַר 1896

ליבער קאָלעגאַ!

פריִער זענט איר געווען אין כּעס, הײַנט בין איך אויף אײַך אין כּעס. און אין כּעס בין איך דערפאַר, וואָס אײַך האָט זיך פאַרגלוסט „אויסבעסערן" מײַן אָרטאָגראַפיע אויפן שניט פונעם משוגענעם לעווי. ערשטנס, האַלט איך נישט פון דער „האַלב־דײַטשער"

אָרטאָגראַפּיע, און צווייטנס, האָב איך אײַך בפירוש געבעטן, איר זאָלט נישט ענדערן קיין אות. צום בײַשפּיל: עס שטייט „פאַרדינען אַ קערבל" — גייט איר און מאַכט איבער „פאַרדינען אַ רובל". אַזאַ יאָר אויף לעווין, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט! איר האָט מיר אָנגעמאַכט אַזוי פיל גרײַזן, אַז איך בעט אײַך, די 100 אָפּצוגע מיר נ י ט אָפּדרוקן; מע באַדאַרף דאָרט אויסבעסערן אַ פּאָר הונדערט ווערטער. למען־השם, נ י ש ט דרוקן!! — קיין מודעות אין די צײַטונגען דערלויבט מען מיר ניט, ווײַל איך קאָן צאָלן שטראָף, פאַר וואָס איך בין נישט דער אַרויסגעבער, און קיין בלעטל אויף אַ „סקלאַד" האָב איך ניט. דאָך וועט פאַרקויפט ווערן פיל־ווינציק עקזעמפּלאַרן. נאָר לעת־עתּה בין איך אויף אײַך רעכט ברוגז. איך מוז מיט דער פּען אויסבעסערן די גרײַזן אין יעדן עקזעמפּלאַר — אַ שיינע אַרבעט! 50 עקזעמפּלאַרן האָב איך אײַנגעבונדן און באַצאָלט 10 רו"כ אויף אײַער חשבון.

פון מיר אײַער ברוגזער

שלום־עליכם

## 374. צום זעלבן

קיִעוו, אסרו חג של פסח, תרנ"ו (27סטן מאַרץ 1896)

ליבער ספּעקטאָר!

איך האָב אַלע אײַערע בריוו און בריוולעך באַקומען. איך האָב אײַך באמת נישט געקאָנט ענטפערן, ניט ווײַל איך האָב זיך געפוילט, נאָר ווײַל איך האָב נישט געקאָנט: מײַן פרוי מיט צוויי קינדער זענען געלעגן קראַנק איינס נאָכס אַנדערע אויף איין שלאָפקייט. איצט זענען זיי שוין, ברוך־השם, געזונט. דעם חשבון פון דעם „הויזפרײַנד" — זאָל מיך אַזוי וויסן בייז. איך האָב 50 עקזעמפּלאַרן געגעבן בינדן און האָב באַצאָלט 10 רו"כ (צו 20 קאָפּ'). מיינסטן טייל די וואָס האָבן גענומען — האָבן נאָך נישט באַצאָלט. מע דאַרף צו זיי שיקן מאָנען. מער פון 1 רובל איז אוממעגלעך צו נעמען פאַר 1 עקזעמפּלאַר. אין אַ פּאָר ערטער האָב איך געשיקט אויף קאָמיסיע, ענטפערט מען מיר ניט דערווײַל. לאָם איך מיך אַ ביסל אַרומקוקן, וועל איך אײַך צושיקן אַ חשבון־צדק מיטן געלט און מיט די איבערגעבליבענע עקזעמפּלאַרן. זײַט רויק און וואַרט צו אַ ביסעלע. האָקט ניט מיט קיין בריוו! מ י ַי ן מײַנונג און די מיינונג פונעם כלל לעזער בײַ אונדז וועל איך אײַך שרײַבן אין אַ באַזונדערן בריוו די טעג.

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 375. צום זעלבן

קיִעוו, 14טן מײַ 1896

ליבער קאָלעגאַ!

ווײ איז מיר — איר וועט דאָך מיר באַלד מאַכן אַ לונגפעלער מיט אײַערע בריוולעך!

איך בעט אײַך, באַרוּיקט אײַך, ס׳איז איצט אַ צײַט, וואָס דער עולם צעפּאָרט זיך אויף די דאַטשעס — נאָך איין וואָך אָדער צוויי ווערט אַלץ רעגולירט אין בעסטער אָרדענונג און די אַלע פֿאַרבליבענע עקזעמפּלאַרן אָפּגעשיקט — איך וועל מיר פֿון זיי קיין פֿאַרמעגן ניט מאַכן! ווען איך בין איצטערט בײַ געלט, וואָלט איך אײַך מײַנס אויסגעלייגט, ביז איך וועל אַ מאָל צונויפֿנעמען. מיר דאַכט, אַז איר קענט מיך ניט פֿאַר קיין ייִדישן מוכר־ספֿרימניק, און צום סוף שרעקט איר מיך מיט אײַער קומען צו פֿאָרן — פֿע, שעמען מעגט איר זיך! אדרבה, קומט צו פֿאָרן, וועט איר זײַן אַ גאַסט אין קיִעוו.
— איינס צום אַנדערן קער זיך ניט אָן — ווו האַלט איר מיטן זעקסטן „הויזפֿרײַנד״?
איך האָב פֿאַר אײַך אַן אַנטיקל, ניט פֿון דער בערזע, גלאַט אַ ייִדישע זאַך...

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 376. צום זעלבן

קיִעוו, 6טן נאָוועמבער 1896

ליבער פֿרײַנד!

איר שלעפּט מיך עפּעס אַזוי בײַ די פּאָלעס, גלײַך ווי איך וואָלט בײַ אײַך באמת פֿאַרנומען געלט! איך האָב אײַך שוין געשריבן וויפֿל מאָל, אַז מע האָט בײַ מיר די ביכלעך צעשלעפּט איינציקווײַז, עס איז געוואָרן, ווי טביה מײַנער זאָגט: לא דובים ולא יער — ניט קיין סחורה, ניט קיין געלט. איך האָב מיר, גלייבט מיר, נישט געמאַכט דערפֿון קיין מאַיאָנטיק. דאָך רעכן איך מיך פֿאַר אײַער בעל־חוב און וועל אײַך, אם־ירצה־השם, מיט גאָטס הילף, אָפּצאָלן, לאָז זיך נאָר דער רבונו־של־עולם מיט מיר איבערבעטן שוין, אויפֿהערן מיר טון אויף קידער־ווידער... איך האָב דערווײַלע אָנגעשריבן פֿון אײַערט וועגן אַן אַנטיקל און אָפּגעגעבן דעם צענזאָר. ניט באַשערט — אַזוי הייסט דאָס (אַ נײַע מעשׂה פֿון טביה דעם מילכיקן, איבער־דערציילט פֿון שלום־עליכם). איך שיק עס אײַך תּיכּף, ווי באַלד איר הייסט נאָר, און איר קאָנט דאָס אָפּדרוקן אָדער אין „הויזפֿרײַנד״, אָדער אין אַ באַזונדער בראָשורל. אויב איר דרוקט דאָס אָפּ באַזונדער, גיב איך אײַך צום „הויזפֿרײַנד״ נאָך אַ ווערקל: אַ פֿאַסקודנע וועלט! (אַ מעשׂה, בחינת ראָמאַן, פֿון שלום־עליכם). די בראָשורע ניט באַשערט איז אַזוי גרויס כּמעט ווי „טביה דער מילכיקער״. ווען איר דרוקט דאָס אָפּ באַזונדער, וואָלט איר קיין געלט ניט דערלייגט. איך וואָלט אײַך אויפֿגעצייכנט אַ צעטל פֿון אַ מאה פֿאַרשוינען, צו וועלכע איר קאָנט צושיקן דאָס ביכל נאַלאָזשענים פּלאַטיעזשאָם. ברודער! איך וויל אײַך זײַן ניצלעך, ווי ווײַט איך קאָן, און קוים האָב איך קעגן אײַך איין מאָל נישט יוצא געווען (כאָטש איר זענט אַקעגן מיר אויך אפשר אַ מאָל ניט יוצא געווען...), בין איך אײַער שטענדיקער בעל־חוב און אויף אייביק איבערגעבענער

שלום־עליכם

## 377. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 26סטן מאַרץ 1897

ליבסטער פריַינד רבניצקי!

גאַנץ מעגלעך, אַז איך זאָל אויף היַינטיקן שבת, אָדער תּיכּף נאָך שבת (און אפשר נאָך פריִער), באַדאַרפן דורכפאָרן זיך אויף אַ טאָג אָדער צוויי קיין אָדעס, געוויינטלעך, וועגן אַ געשעפט; און אַזוי ווי אַלע אונדזערע גוטע פריַינד וועלן דאָך מיך מסתּמא וועלן איטלעכער באַזונדער צו זיך, לכן פאַרכאַפּ איך פריִער און זאָג אייַך בפירוש, אַז איך וויל נישט אין ערגעץ נאָר צו אייַך! דעם טאָג פון מיַין אַרויספאָרן וועל איך אייַך דעפּעשירן, און איך בעט אייַך, למען־השם, נישט מאַכן קיין צו גרויסן טראַסק, אָן דעפּוטאַציעס, אָן מוזיק, אָן באַזונדערע הכנות! גריסט פאַיען און מאַנישן גאָר פריַינדלעך און פרעגט, צי ס'איז דאָ זויערע אוגערקעס צו די העלדזועלעך מיט די פּופּיקעס, וואָס מע וועט מסתּמא אָנגרייטן פון מיַינעט וועגן; פאַר נויט מעג זיַין כריין צו די פיש, אַבי מיט רויטן באָרשט; קיין איקרע אויף צו פאַרביַיסן איז נישט נייטיק — מע קאָן זיך באַגיין מיט סערדעלן, אָדער פרישע סקומבריע געפּרעגלט פון זיך אַליין; און וועגן אַ גלעזל וויַין זאָלט איר זיך ניט זאָרגן, וואָס ס'איז ניטאָ יענער גראַוו (געדענקט?); מיר קאָנען, נישקשה, פאַרדיַיען אַ פּשוט בעסאַראַבער וויַין, אַבי וויַיס און זויער; און אַז גאָט וועט הייסן, איך וועל דאָס געשעפט דורכשלאָגן, וועלן מיר מסתּמא אין דריַיען כאַפּן אַ ריקודל, כּשנים קדמוניות, אפּי"ר. — למען־השם, האַלטן די זאַך בסוד, דאָס הייסט, איטלעכן באַזונדער איַינרוימען אַ סוד אויפן אויער, אַז סע קומט צו פאָרן, קיין אָדעס

שלום־עליכם

עיקר־שכחתּי: איך וועל ברענגען מיט זיך גם־כּן אַ פּעקל ליטעראַרישע נייַעס. מסתּמא האָט איַיך שוין לעווינסקי דער זשאַרגאָניסט איבערגעגעבן. אַז איר וועט זיך באַגעגענען מיט אַברהם אליהון, מעגט איר אים זאָגן — ביַי אים וועט דאָס זיַין ווי אין אַ קבר פאַרבאָרגן... און וויַיטער — ווי איר פאַרשטייט.

מיַין וויַיב וואָלט איַיך אַוודאי לאָזן גריסן איטלעכן באַזונדער נאָר פריַינדלעך, שלאָפט זי נעבעך זייער געשמאַק, שוין זייגער צוויי ביַי נאַכט; אַזוי ווי זי הערט ניט, אַזוי זאָל איר ניט שאַטן.

## 378. צו י. י. פּראָפּוס

קיִעוו, 10טן יוני 1898

מיַין יונגער פריַינד יעקב פּראָפּוס פון קאָוונע (אַלעקסאָטי).

איַיער בריוו האָב איך היַינט דערהאַלטן. איַיערע שירים האָב איך היַינט דורכגע־קוקט און שריַיב איַיך היַינט, ווי איר פאַרלאַנגט, תּשובה אויף אַלע איַיערע שאלות: קיין קאָמפּלימענטן־מאַכער בין איך ניט, און אַדרבא, קאַרגלעך אויף קאָמפּלימענטן;

אויף מײַן לעבן (איצט בין איך אַלט 39 יאָר — קרוב לארבעים) האָב איך אַ סך ייִנגלעך משוררים (מיט אַ מאָל) געמאַכט „על המילה", און אַז איך האָב אײַך געזאָגט דאָס וואָס איך טראַכט, נאָר איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל און איך וועל אײַך זאָגן נאָך צוואַנציק מאָל: ווינציקער ליריק — מער עפּאָס. אײַער מעטריש אײַנזעץ, אײַער מאָס, שווער איך אײַך, איז מערקווערדיק. פון אײַער לידל „די ייִדישע קינדהייט" בין איך בוכשטעבלעך אַנטציקט. אין אַזאַ פאָרעם קאָנט איר דאָך אָנשרײַבן אַ באַלאַדע, וואָס ניט נאָר פּרץ (אַ כפּרה פּרץ!), פרוג וועט אײַך מקנא זײַן! איך מוז אײַך נאָך אַ מאָל אויפמערקזאַם מאַכן, אַז מע טאָר ניט מאַנס זײַן קיין ווערטער און איבער הויפּט לשון־קודשע, צ״ב: „ער דערוויסט זיך באַלד, וואָס גיהנום הייסט"... אויף די דאָזיקע סטראָפן באַדאַרף מען איבעראַרבעטן:

אויף די פּלייצעס דאַרף
מען אַלעס אויסשלעפּן —
און קיין וואָרט, באַהיט
גאָט, ניט אויסרעדן...

ניט דאָס וואָרט „אויסשלעפּן" גייט אַהער, ניט דאָס אַריבערטראָגן „מען" און „גאָט" איז שיין. — וואָס איר פרעגט בײַ מיר, „ווי גייען די עסקים?", ווייס איך ניט, וועלכע עסקים מיינט איר? ליטעראַרישע נומער ערגער, נאָר די מאַטעריעלע וואָלטן געמעגט זײַן בעסער... געוויס האָט איר געהערט, אַז שלום־עליכם האָט אַ מאָל געהאַט אַ סך, אַ סך געלט. נאָר וואָס קומט אַרויס: געוועזן שיין, געקאָנט זינגען, געהאַט געלט — טויג אויף כּפּרות. ס'איז אָבער פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, און צו גאָט אַ האָפענונג, אם־ירצה־השם אין גיכן וועל איך ווידער געלט האָבן. איך וואָלט מײַן „פאָלקס־ביבליאָטעק" איצט אַרויסגעגעבן (דריטער טאָם און פערטער טאָם), נאָר עס פעלט פאָדעם, אַ טויזנט רובל. — קאָן מען אפשר מאַכן אַ קאָמבינאַציע בײַ אײַך אויף דער פּראָווינץ? איך האָב אײַך, דאַכט מיר, אין פאָריקן בריוו אַ פרעג געטאָן: ווער זײַט איר, וואָס זײַט איר, וויפל זײַט איר אַלט און מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך. אויב איך האָב אײַך ניט געפרעגט — פרעג איך אײַך. שרײַבט, שרײַבט, איך וועל תּמיד ענטפערן. מיר געפעלן אײַערע בריוולעך...

אויף ווידערזען

שלום־עליכם

## 379. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 30סטן דעצעמבער 1898

ליבסטער רבניצקי!

נאָר וואָס באַקומען אײַער בריוו פונעם 27סטן און ענטפער אײַך באַלד, ווי דער שטייגער איז בײַ מיר.

די מאָטיוון, וואָס איר שטעלט מיר אַרויס, אַז מײַן בריוו קאָן ניט זײַן געדרוקט,

זענען אַלע פֿאַלש: מײַן בריוו האָב איך גראָדע אַזוי אויסגעשטעלט, אַז איר זאָלט אינעם ערשטן נומער אָפּדרוקן נאָר איין לידל פֿון וואַרשאַווסקין (צום בײַשפּיל: „ציון״, אָדער דעם „אַלף־בית״) — איז שוין יוצא, דען אין מײַן בריוו האָב איך מיט אַ כּיוון אַרײַנגעפּאַקט פֿון די קאָוונער ייִנגלעך אַ פּאָר שטיקלעך מן המובחר, — קומט אויס, אַז מיט דעם בריוו האָט איר יוצא געווען קעגן אַלע דרײַ־פֿיר משוררים, און איך הער נישט קיין שום ריח פֿון רעקלאַמע. איך האָב אויך אַ חוש־הריח; אַדרבה, ס׳איז זייער שיין פֿון אײַער זײַט! מײַנע מאָטיוון, אַז מע דאַרף יאָ דרוקן דעם בריוו, זענען שטאַרקער:

1) מע באַדאַרף דאָס... דליאַ פּאָאָשטשרעניאַ מאָלאָדיך, נאַטשינאַיושטשיך.

2) איך מוז דאָס האָבן לכבוד וואַרשאַווסקין, דען וואַרשאַווסקי איז נישט קיין אָבי ווער; ס׳איז אַ פּאַרשוין, וואָס פֿאַרדינט כּבוד. איך האָב דעם בריוו אים פֿאַרגעלעזן, און פֿלוצעם — והילד איננו! — עס שטייט מיר ניט אָן!

3) מיט דעם בריוו האָט איר אַ געלעגנהייט צו דרוקן כּמעט אַלע משוררים און באַקענט מאַכן מיט זיי די וועלט.

4) עס וועט באַווײַזן, ווי געטרײַ און ערנסט מיר זענען אונדזער פֿאָלקס־ליטעראַטור. נישט נאָר אָבי געבן דעם לעזער געדרוקטע בלעטלעך אַ סך: לאָז מען זען, אַז אַ ייִדישער רעדאַקטאָר און אַן אַרויסגעבער, ווי רבניצקי, איז זיך מפקיר, לייגט אײַן די וועלט, ער זוכט, ער נישטערט, ווי דער אמת איז.

5) מיר זעלבסט איז דאָס אַ טובה: דאָ, די חכמי קיִעוו ימח־שמם, האָבן שוין לאַנג אויף מיר מוציא לעז געווען, אַז איך בין אַזאַ מין מחבר, וואָס פֿאַרגין קיינעם ניט, עיני צרה בשל אַחרים, אַז ס׳איז נאָר אני ואפסי עוד, וכו׳, וכו׳, וכו׳. איך וויל זיי באַווײַזן, אַז אַ רוח אין זייער פֿאָטער און מוטער אַרײַן!

6) הײַנט דער בריוו, דער אַרטיקל אַליין, אַן און פֿיר זיך, איז כּדאַי, ער זאָל זײַן אָפּגעדרוקט אין אײַער „בת־קול״, און דווקא נאָר אינעם ערשטן נומער! (וואַרפֿט אַרויס דאָס פּ.ס. מכּוח האַרינשטיין, וועט דאָס פֿאַרנעמען נאָר אַ קליין שטיקל פּלאַץ!).

7) שלום־עליכם בעט אײַך: עשה למעני אם לא למענך. פֿאַר אומכּבוד, רעקלאַמע אד״גל גאַראַנטיר איך אײַך מיט מײַן נאָמען:

„שלום־עליכם״

## 380. צום זעלבן

קיִעוו, 5טן פֿעברואַר 1899

ברודער רבניצקי!

גאָט ווייסט, אויב מײַן בריוו וועט אײַך שוין געפֿינען אין וואַרשע, דעריבער שרײַב איך אײַך בקיצור:

קיין אויספֿירלעכן איבערזיכט איבערן „יודען״ וועל איך אײַך דאָ ניט שרײַבן, איבער צוויי טעמים: ערשטנס, ווײַל איר פֿרעגט מיך ניט, און צווייטנס, ווײַל אויב ס׳איז שוין דאָ חסרונות, זענען זיי שוין דאָ — און ס׳איז פֿאַרפֿאַלן. למשל, וואָס קאָן

איך אײַך זאָגן אויף דעם נאָמען אַליין? „דער יוד" קלינגט נישט אַזוי, ווי „די יודישע וועלט", אָדער פּשוט „דאָס יודישע בלאַט". צי, למשל, איך זאָל אײַך זאָגן, אַז אײַער לייטאַרטיקל איז אַ ביסל צו לאַנג — וואָס וועט דאָס מיר אַצינד העלפן? צי, אַ שטייגער, איך זאָל אײַך פרעגן: וואָס איז שייך יאָסל צו דער רײַזע פון בן־עמין קיין באַזעל? יאָסל אַליין פאַר זיך איז אַוודאי אַ ווילער יאָסל און באַזעל איז געוויס באַזעל, נאָר יאָסל מיט באַזעל געהער זיך אַזוי אָן, ווי באַזעל מיט יאָסלען — — — ובפרט נאָך אין אַ צײַטשריפט, וואָס מע דאַרף וואַרטן צוויי וואָכן פון איין עסלעפל צום אַנדערן! ניין, אויפמערקזאַם וועל איך אײַך בעסער מאַכן דערויף, וואָס מע קאָן העלפן אויף ווײַטער.

1) ווינציקער פובליציסטיק (איך וואָלט זי גאָר אַרויסגעוואָרפן).

2) מער בעלעטריסטיק.

3) לידער — מהיכא־תיתי, נאָר יִדישע, נישט דײַטשמערישע; אײַער ראָזענפעלד מאָריס, וואָס איר לעקט פון אים אַזוי די פינגער, שטייט אינעם זינען פונעם פאָלק און אינעם ענין פון פשוטקייט אַ סך נידעריקער פון וואַרשאַווסקין, און אַפילו פון די קאָווּנער יִנגלעך. שאַדע, שאַדע, וואָס איר האָט שטאָט ראָזענפעלדן אינעם ערשטן נומער ניט אַרײַנגעזעצט וואַרשאַווסקין (און דווקא מיט מײַן בריוו!) — דאָס וואָלט אײַך צוגעגעבן מיט אַ מאה אַבאָנענטן מער אין קיִעוו אַליין!

4) קריטיק — נאָר אָן הקדמות, ריינע רעצענזיעס, נאָר לעבעדיקע, פריילעכע! נישט פעדאַנטיש, אָן בלויע ברילן! אַנו, גיט נאָר איבער מיר די דאָזיקע אַרבעט! — נאָר קויפט אײַן אין וואַרשע (דאָ אין יעהופּעץ איז נישטאָ) עפּעס פרישע עטלעכע ראָמאַנען, וועל איך אײַך אַרײַנשיקן אַ מין מאכל, וואָס באַטלאַזשאַנעס (איר געדענקט די אַדעסער באַטלאַזשאַנעס?) איז אַ הונט קעגן דעם!

5) דעם פעליעטאָן זאָלט איר תמיד דרוקן אונטן, במדור התחתון, ווי בײַ לײַטן, עס זאָל האָבן טאַקע אַ פּנים פון אַ פעליעטאָן.

6) דאָס, וואָס איר האָט אַרויסגעוואָרפן נקודות, האָט איר זיך גורם היזק געווען עד אין־לשער!

7) פאַר וואָס האָט איר ניט קיין אַגענטן אין אַלע שטעט? עס איז דאָך אַ גאַזעטע, ניט קיין ביכל! איך רעקאָמענדיר אײַך אין קיִעוו אַן אַגענט, אַ יונגן־מאַן, אַ גאַנץ אָרנטלעכן, זיידמאַן הייסט ער; ער וועט אײַך אַליין שרײַבן אַ בריוול; איר זאָלט אים געבן פולמאַכט — און איך וועל אים געבן אַ צעטל פון אַ פּופּציק אַבאָנענטן, וועט ער גיין און וועט קלויבן מבית לבית. ער איז אַ לערער און אַ ליבהאָבער פון דער ליטעראַ־טור. געווינטלעך, וועט איר דאָך אים געבן ראַבאַט. שיקט אים צו אייניקע עקזעמפּלאַרן „דער יוד" אויף מײַן אַדרעס, ס פערעדאַטשעיו גאָספּאָדינו זיידמאַנו, דען בײַ מיר איז ער אַלע טאָג — ער איז מישעס לערער פון דער יִדישער ליטעראַטור.

8) אַצינד וועלן מיר אַ ביסל שמועסן פון זיך אַליין. שרײַבט מיר תיכף־ומיד, צי וועט איר קאָנען דרוקן אינעם „יודען" מײַן קאָמעדיע אין דרײַ טייל? איך פרעג אײַך, ניט דערפאַר, ווײַל איך האָב מורא, טאָמער איז דאָס נישט פּאַסיק; פאַרקערט, ס'איז זייער פּאַסיק: ס'איז טאַקע אַ „קאָמעדיע" און אַ שפּיגל פון אונדזערע יעהופּעצער אַריסטאָקראַטן און מאַזעפּעווקער יאַרמלקעס. איך פרעג נאָר דערפאַר, ווײַל עס וועט

בײַ אײַך מוזן דרוקן זיך אַ גאַנץ יאָר כּסדר. איך מוז אײַער ענטפער האָבן גיך און באַלד, דען אויב די קאָמעדיע איז פאַר אײַך נישט קאָמפּענירנד, מוז איך מיך נעמען אַלזאָ צוגרייטן אײַך עפּעס אַנדערש. מיר וואָלט זיך זייער געוואָלט, די קאָמעדיע זאָל בײַ אײַך זיך דרוקן: איר ווײסט, נישקשה, הנאה האָבן!

9) שרײַבט מיר, צי געדענקט איר, אינעם „הויזפרײַנד" (דעם לעצטן יאָרגאַנג) האָט זיך געדרוקט פון מיר די „פּאַפּירלעך" — אַן איבערשרײַבעניש פון מנחם־מענדלען צו שיינע־שיינדלען און פון שיינע־שיינדלען צו מנחם־מענדלען — איבער דער יעהופּע־צער בערזע. האָב איך אַלזאָ פאַרטיקע נאָך אַזעלכע 24 בריוולעך — אַן אילוסטראַציע פון די יעהופּעצער מעקלערס. — פּאַסט דאָס פאַר אײַך, צי ניין?

10) בשעת דרוקן וואַרשאַווסקיס און די קאָוונער ייִנגלעכס לידער, למען־השם, מײַן בריוו אַרײַנשטעלן — איך נעם אויף זיך אַלע אחריותן. און זײַט געזונט און שרײַבט מיר גיך תּשובה.

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 381. צום זעלבן

יעהופּעץ (קיִעוו), 29סטן מאַרץ 1899

ידידי יקירי!

דעם „מזל־טוב" האָט איר דאָך מסתּמא דערהאַלטן. איצט אַרבעט איך פון אײַערט וועגן אַ פעליעטאָן, וועלכער וועט אָבער מוזן זײַן געדרוקט אין דרײַ אָדער פיר נומערן. חוץ־לזה ענדיק איך די דריטע מעשׂה פון „טביה דעם מילכיקן". הכּלל — דער עולם שלאָפט ניט, הײַנט וואָס פילדערט איר? —

וואָס האָרכט זיך עפּעס מכּוח מײַנע קאָוונער פּאָעטן? און מכּוח וואַרשאַווסקיס לידער? —

הײַנט וועט איר דערהאַלטן עטלעכע לידלעך פון אַ היגן חברה־מאַן, וואָס ער הייסט „קהת". לייענט זיי נאָר דורך, ווי עס דאַרף צו זײַן — איר וועט האָבן הנאה. איר זענט געוויס נײַגעריק צו וויסן, ווער איז דער שלאָק? ס'איז אַ שלאָק פון זײַן ליבן נאָמען. דאָס איז אַ ייִד, וואָס הייסט קהת, אַ סטודענט, וואָס איז פּאַוואָלינקע געווען אויף דרײַ פאַקולטעטן, שרײַבט אויף עטלעכע לשונות, שפּילט אויף אַלערליי אינסטרומענטן, איז אַ מוזיקאַלישער כּראָניקער אין „קיעווליאַנין", אַ קאַליגראַף, אַ קאָמפּאָזיטאָר, אַ בוכהאַלטער, אַ קאָרעספּאָנדענט און... אַ ליטוואַק! (אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק).
— — —

זײַט זיך מטריח, שרײַבט אַוועק אין דער עקספּעדיציע, מע זאָל שיקן דעם „יודען" פונעם ערשטן נומער אָן צו מײַן ברודער קיין באַרדיטשעוו — — — אויף מײַן חשבון. און זײַט מיר געזונט און שרײַבט בריוולעך, שלאָפט נישט!

אײַער טרײַער שלום־עליכם

## 382. צום זעלבן

קיִעוו, 17טן אַפּריל 1899

ליבער רעדאַקטאָר און ליבער פריינד רבניצקי!

הײַנט האָבן מיר מקבל געווען דעם „יודען" (נומער 6) און נאָר וואָס איז געווען בײַ מיר וואַרשאַווסקי. ער איז רעכט ברוגז, און איז נעבעך גערעכט. סטײַטש, איר טוט עפּעס אַזעלכע זאַכן, וואָס ס'איז מיר אַ חרפּה! עצתי, איר זאָלט תּיכּף־ומיד פאַרבעסערן אים כאָטש מיט אַ בריוול, און טאַקע לאָזן דרוקן זײַנע איבעריקע לידער, וואָרעם חוץ דעם וואָס ער איז אַ טאַלאַנטפולער יידישער פאָלקספּאָעט, איז ער אַ הויך געבילדעטער מענטש און זייער אַ לײַטישער, אַ וואַרעמער ייד, און איר זענט זיך נוהג מיט אים פּונקט ווי מיט די קאָוונער יינגלעך... אַי, ברודער, באַדאַרף איך מיך מיט אײַך זעען! ס'איז דאָ אַ האָפענונג, אם־ירצה־השם, אויף הײַנטיקן זומער, מיר זאָלן זיך טאַקע זעען — אָמכּיה"ר! — וואָס זאָגט איר אויף דעם זיידנס הינט? אַי, איז דאָס הינט!... גריסט אים, דעם זיידן, נאָר פרײַנדלעך און דאַנקט אים פון מײַן נאָמען וועגן! —

שלום־עליכם

פּ.ס. — צו וואָס האָט אײַך געטויגט פּרצעס עטלעכע פּוסטע שורהלעך? בכדי שלא להוציא הנייר חלק? דאַכט זיך, אַ סך גלײַכער וואָלט געווען וואַרשאַווסקיס צו דרוקן. זײַן אַדרעס איז: וו קיִעוו. פּריסיאַזשנאָמו פּאָווירעננאָמו מ. מ. וואַרשאַווסקאָמו. —

פּ.ס.ס. — אַז איר וועט האַלטן בײַ שיקן וואַרשאַווסקין האָנאָראַר, זאָלט איר אים שיקן פאַר אַלע (ד"ה פאַר עטלעכע) שירים מיט אַ מאָל, דען ס'איז נישט שיין אים מכבד זײַן מיט פּרוטות, ווי, למשל, איר האָט מכבד געווען רייזענען פון קאָוונע. מע באַדאַרף, ברודער, וויסן, ווי אַזוי מיט יעדן אויסצוקומען — דערויף זענט איר אַ רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל, וואָס הייסט „יוד"...

## 383. צום זעלבן

בויבעריק, 10/5 תרנ"ט (באָיאַרקע, דעם 10טן מײַ 1899)

ליבסטער פרײַנד רבניצקי!

אויך מיר האָבן זיך איבערגעפּעקלט אין אַ מזלדיקער שעה קיין בויבעריק, און מײַן איצטיקער אַדרעס איז געצייכנט אויבן, און אַזוי זאָלט איר שוין שרײַבן דעם גאַנצן זומער.

אויב איך וועל פאָרן צו אײַך קיין אַדעס, פאָר איך מיט מײַן זוגתי הצנועה מרת אָלגאַ שתחי', און געוויינטלעך וועט איר מסתּמא באַקומען פון מיר אַ בריוו באַצײַטנס, בכדי איר זאָלט זיך ריכטן אויף די געסט. דער עיקר — זאָל זײַן סקומבריע, געפּרעגלט אין אייגן פעטקייט, און געגעסן באַדאַרף דאָס זײַן מיט לימענע. אויף דער נאַכט אַ קאַלטער באָרשט אַ מילכיקער און קאַמבאַלאַ געקאָכט אין ווײַניקן „סאָוויעסט". פון זייגער אַכט ביז נאָך האַלבע נאַכט אַ פּלעשל בעסאַראַבער אויפן ברעג ים קעגן דער

זילבערנער לבנה אָפּגעשפּיגלט אין די כוואַליעס, וואָס זאָלן ברומען ווי ווילדע חיות אײדער זיי ווערן אַנטשלאָפן. רעדן זאָל מען פון ליטעראַטור, נאָר ניט פון ליטעראַטן, פון ייִדנטום, נאָר ניט פון ציוניזם, פון ייִדן, נאָר ניט פון דרײַפוסן. אין דער פרי זאָל מען זיך גײן באָדן בשעת גאָט שלאָפט נאָך. דערפון איז צו פאַרשטײן, אַז מיר פאָרן קײן אַדעס צו אײַך און נישט צו קײנעם...

וואָס איז די מעשׂה מיטן „יודען״? נישטאָ ניט דער 7טער, ניט דער 8טער. אַ פּנים, זיי וועלן שוין אַרויס בײדע מיט אַ מאָל; צווילינגען זענען אָפט בײַ ייִדן...

אײַער שלום־עליכם

גריסט פאַיען און מאַניש שווײַגט.

## 384. צום זעלבן

באַיאַרקאַ, דאַטשאַ מיכאַילאָוואַ [אָן אַ דאַטע]

מײַן ליבער רעדאַקטאָר רבניצקי!

וואָס טויג מיר מעשׂיות — איר האָט מיר פאַרגעבן אַ רעכטע זאַדאַטשע! ערשטנס — דעם נאָמען. צווייטנס — וואָס טוט מען מיט די נעמען פון די קאַפּיטלעך? און דריטנס — וואָס הײסט איר וועט אַראָפּנעמען זאַלץ, אַזוי ווי די ייִדענע נעמט אַראָפּ, שוימט אָפּ פונעם טעפּל? איר האָט מיר גאָר אַראָפּגענומען דעם קאָפּ, כ'לעבן! שיקן אים קײן פּעטערבורג האָב איך מורא, פּן יקרנו אָסון, פּשוט פאַר אַ שאָדן. מע מוז איבערמאַכן דעם נאָמען. לאָז ער הײסן אַזוי, שאַט, שאַט:

אַ געזאַנג פון ליבע
אַ ראָמאַן אין צוויי טייל
פון
שלום־עליכם

און דאָס איז דער מאָטאָ צום ראָמאַן:

מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה —
גרויסע וואַסערן קאָנען נישט פאַרלעשן די ליבע,

ונהרות לא ישטפוה —
און קײן טײַכן וועלן זי פאַרפלייצן.

(שיר־השירים)

פון דעם מאָטאָ פאַרשטייט איר שוין דעם אינהאַלט פונעם צווייטן טייל, און דערפאַר מוז דער ראָמאַן הײסן אַ געזאַנג פון ליבע.

אויף די פּאָר מאות עקזעמפּלאַרן וואָס פון מײַנעט וועגן זאָלט איר נישט פאַרגעסן שטעלן אויף רוסיש פון אונטן אַזוי:

אַ געזאַנג פאַן ליבע
טאַ יעסט גימן ליובווי
ראָמאַן וו דוווך טשאַסטיאַך
שאַלאָמאַלייכעמאַ.

— — —

נאָר וואָס איז מיר אײַנגעפאַלן דער דאָזיקער נאָמען; עס הייסט יאָ שיר־השירים און ניט שיר־השירים — און רוף מיך קנאַקניסל! עס קלינגט און ס׳איז אָנגעמאָסטן! (למען השם, אויך דעם מאָטאָ מיט קליינע אותיות נישט פאַרגעסן). הײַנט איז די מעלה, וואָס די קאַפּיטלעך קאָנען שוין בלײַבן מיט זייערע נעמען. נו, דאַנקען גאָט, געפּטרט אַ באַרג, מזל־טוב, מזל־טוב! אַצינד בלײַבט איבער מכּוח דעם „שוימען״, וואָס איר ווילט דאָרטן שוימען. איז אַזוי די מעשׂה: איך האַלט פון אײַך בכלל, ווי איר ווייסט, אַן עולם ומלואו, אויף אײַער מבינות קאָן איך זיך פאַרלאָזן גאַנץ גרינג און אײַער געשמאַק איז מיר באַקענט, און איך דאַרף אײַך מאַכן אַ קאָמפּלימענט, אַז אין דעם „יוד״ באַווײַזט איר אַרויס זייער־זייער פיל טאַקט און געשמאַק. נאָר וואָס דען, איך האָב מורא, טאָמער חלילה וואַרפט איר אַרויס ערגעץ אַזאַ וואָרט, וואָס האָט אין זיך אַ געוויסן געדאַנק, אַ שטאָך, אָדער אַ ווונק, און נאָך מער האָב איך מורא פאַר דעם צונויפבינדן, וואָס איר וועט מוזן אין די ערטער, ווו איר וועט געבן אַ קראַץ אַוועק. איך האָב מורא, איך ציטער! על־כּן, ברודער, טאָמער וואָלט געווען אַ סברא, אַז איר זאָלט מיר לדוגמא נעמען טאַקע תּיכּף־ומיד און כאַפּן די ערשטע צוויי קאַפּיטלעך נאָך אַ מאָל גוט דורכלעזן און אַרויפכאַפּן מיט אַ שטיפטל אויף פּאַפּיר — וועלכע ערטער רעכנט איר פאַר איבעריק, וואָס מע באַדאַרף זיי בעטן מחילה? נאָר אויב ס׳איז, נאָך אײַער מיינונג, פאַראַן אַ סך אַזעלכע ערטער, איז גלײַכער, איר זאָלט נאָר אונטערשטרײַכן מיט אַ שטיפטל און מיר צושיקן אַהער קאַפּיטלעכווײַז, בכדי איך אַליין זאָל זיי איבעראַנדערשן. עס וועט קיין סך צײַט ניט פאַרנעמען, האָט קיין מורא נישט. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ גיכער מלאך. איך זאָג קאַפּיטלעכווײַז, בכדי עס זאָל גיין די אַרבעט גיך און גוט. הכּלל — הײַדאַ!

אײַער בעסטער שלום־עליכם

למען־השם, תּיכּף־ומיד תּשובה מכּוח דעם איבעריקן זאַלץ, אָבער טאַקע באַלד!

פּ.ס. — שרײַבט, זײַט מוחל, אַוועק צו ביאַליקן אַ בריוו מכּוח דעם, וואָס איך האָב אײַך געשריבן אינעם פריִערדיקן בריוו.

פּ.ס. — וואָס וועט איר מיר דערציילן תּירוצים מכּוח „איין״ אָרטאָגראַפיע? שטעלט אײַך פאָר צוויי גלײַכע ווערטער: בריעפליך, וואָס הייסט פּיסמעננאָ, און בריעפלער, וואָס הייסט פּיסמאַ (איך שרײַב נאָר ברייוולעך). דאָס, וואָס איר האָט געגרײַזט ביז אַהער, איז כּלל קיין תּירוץ נישט, און ס׳איז נישט געדרונגען, אַז איר באַדאַרפט גרײַזן ווײַטער. פאָלגט מיך, זײַט נישט קיין עקשן, לערנט זיך פון מיר אָפּ, ווי אַזוי איך זאָג קיין מאָל נישט קיין קבלו דעתי. איך האַלט יענעמס מיינונג תּמיד גרעסער פון מײַן מיינונג! כלעבן.

פ.ס.ס. — אויב איר רעכנט פאַר איבעריק זאָלץ די אָנהייב קאַפּיטלעך מיט די אָפּטע כלומרשט זײַטיקע שמועסן (יומאָריסטיטשעסקיאַ, אי לירישעסקיאַ אָטסטופּלעניאַ) — אויב איר מיינט דאָס אַרויסוואַרפן, איז גלײַכער, איר זאָלט אַרויסוואַרפן **דעם גאַנצן ראָמאַן**. שרײַבט מיר דײַטלעך, איך פאַרשטיי אײַך נישט אַקוראַט.

שלום־עליכם

לאָזט נישט דורך די פּאָסטסקריפּטלעך, איך בעט אײַך!

## 385. צום זעלבן

קיִעוו, 14טן יולי 1899

בעסטער פרײַנד, ברודער רבניצקי!

נאָך דעם זיבעטן מאָל איבערשרײַבן פון מײַן שיר־השירים האָב איך ערשט געפונען אין אַ סך ערטער איבערצומאַכן, אונטערפּוצן, אַרויפקלעפּן, אויסמעקן און צושרײַבן, צוזעצן — ביז קוים־קוים איך בין געקומען אויף אַ לאַד און האָב אים געזאָגט: גיי־גיי געזונטערהייט צו רבניצקין קיין אַדעס (פון דאָרטן קיין פּעטערבורג, פון דאָרטן קיין אַדעס, פון דאָרטן קיין וואַרשע, פון דאָרטן קיין קראָקע, פון דאָרטן קיין אַדעס, פון דאָרטן קיין פּעטערבורג, פון דאָרטן קיין אַדעס, פון דאָרטן קיין וואַרשע און פון דאָרטן ערגעץ אויף דער וועלט — אַזוי, דאַכט זיך, איז דער מאַרשרוט פון אײַער „יודען", אויב איך האָב קיין טעות ניט?)

ואלה המשפּטים (אינסטרוקציעס):

א) תּיכּף נאָך אײַער דורכלעזן דעם ראָמאַן (איך שיק, געוויינטלעך, דעם ערשטן טייל, דען דעם צווייטן באַדאַרף איך נאָך איבערשרײַבן — אַ מאָל זעקס) מיר מודיע זײַן דורך אַ בריוול.

ב) נישט האַלטן אים קיין איבעריקן טאָג; אויב ער באַדאַרף ערגעץ **ליגן**, זאָל ער ליגן בײַ מיר.

ג) מיר מודיע זײַן דעם נומער, פון וועלכן ער וועט אָנהייבן צו גיין.

ד) האַלטן זיך לויט מײַן אָרטאָגראַפיע, צום בײַשפּיל: מיידלעך, יונגלעך, קינדערלעך (נישט מיידליך, יונגליך, קינדערליך, ווי איר ווילט). **שען** — קראַסיוואָ — למען־השם, מיט אַ צירה (איר האָט דאָך געגונג צירהס צוליב די העברעיִשע ווערטער). למשל, **ווערטער, ערטער, שטעט, נעמען** (אימענאַ) — קאָן איך נישט מסכּים זײַן, מע זאָל מיר דרוקן: **וואָרטער, אָרטער, שטאָדט, נאָמען**, ווײַל ס'איז בײַ אײַך נאַקעט, הויל אָן נקודות, האָט דאָס אַ פּנים פון חוזק. מאַכט ניט נאָך דעם דײַטש און קוועטשט ניט, באַשרענקט ניט דעם זשאַרגאָן.

ה) אַלע נעמען פון שטעט און מענטשן דרוקן **דורך אומעטום שפּאַציִרט**.

ו) אָפּקוועטשן מיר בשעת הדפוס אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן סעפּאַראַט. (וואָס קאָן דאָס קאָסטן, מישטיינס געזאָגט? נאָר דאָס פּאַפּיר) און שטעלן אויף מײַן רעכענונג.

ז) ... אפשר וועט זיך נאָך עפּעס אָפּזוכן, וועל איך אײַך מודיע זײַן.

אײַער בעסטער **שלום־עליכם**

פ.ס. — דאַכט זיך, איר האָט מיר אַ מאָל געשריבן וועגן אונדזער וויכטיקן עכטן העברעיִשן משורר ביאַליק. קאָנט איר מיר נישט מודיע זײַן זײַן אַדרעס? פאַראַן בײַ אונדז (אין יעהופּעץ דווקא) אַזעלכע מענטשן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט אים און קאָנען אים עטוואָס ניצלעך זײַן. אויב איר ווילט, שרײַבט אים, לאָז ער מודיע זײַן, ווּ געפינט ער זיך, וואָס טוט ער אַאַז״וו. לאָזט נישט לאַנג וואַרטן, ומיצווה הבאה לידך אל תחמיצנה. — דער לעצטער נומער פונעם „יודען" איז פײַן, וואָס פײַן הייסט. דער „יוד" הייבט אָן באַקומען אַ לײַטיש פּנים. חזק, חזק ואמץ.

## 386. צום זעלבן

קיִעוו, דעם 9טן סעפּטעמבער 1899

מײַן ליבער רעדאַקטאָר רבניצקי!

נאָך מײַן אָוועקשרײַבן אײַך האָב איך אײַער בריוו פונעם 7טן דערהאַלטן. וואָס טוט מען מיט אײַך? איר שנײַדט מיך און בראָקט מיך, איר מאַכט מיט מיר זומער און ווינטער, איר לייגט אָפּ פון איין נומער אויף דעם אַנדערן, פון איין יאָר אויפן אַנדערן (אַ שיינעם דאַנק אײַך!), וואָרעם איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך וועל אײַך נישט זאָגן ניין — אַ פּנים, איר ווילט זיך מיט מיר צעקריגן נישט אויף קאַטאָוועס?! —

די קאַפּיטלעך וועלן שוין זײַן מיט נעמען, אַזוי ווי איך וויל, איר זאָלט מיר אַפילו טאַנצן און שפּרינגען ביז דער סטעליע. נאָר הייסן אײַך דרוקן פאַרן נײַעם יאָר (דאָס הייסט פאַר נאָיאַבר) קאָן איך נישט. טוט, ווי אײַך איז גלײַכער; דערויף זענט איר דאָך דער אָדון דער רעדאַקטאָר! נאָר זײַט אַזוי פרײַנדלעך און שיקט מיר תּיכּף־ומיד אָפּ דאָס ערשטע קאַפּיטל (אויף וועלכע שוואַרצע יאָר דאַרפט איר דאָס בײַ זיך, עס זאָל זיך וואַלגערן ערגעץ צווישן קויטיק גרעט?). שיקט דאָס מיר צו, וועל איך דאָס צוזאַמען מיט די אַלע איבעריקע קאַפּיטלעך אײַך שוין קיין וואַרשע צושיקן אין גאַנצן.

האָט איר געגומען אויפן קאָפּ מײַן פריערדיקן בריוו? זעט איר, איר זאָגט אויך, אַז מיר באַדאַרפן זיך זעען. נו, אַדרבה, קומט צו פאָרן אַהער אויף די אַנדערע טעג יום־טוב, כאַפּט זיך אַראָפּ אויף אַ טאָג. אײַער זײַן דאָ און אונדזער זען זיך קאָן פּיל־פּיל ניצלעך זײַן פאַר אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור, עס קאָן נולד ווערן אפשר אַ גרויסע זאַך, נישט ווײַל מיר זענען אַזעלכע גרויסע מענטשן, נאָר פּשוט ווײַל מיר ביידע שטייען איצט אין אַזעלכע אומשטאַנדן, וואָס קאָנען ווירקן אויפן ערנסטן איינציקן יידישן זשורנאַל. באַרעכנט אײַך נאָר גאַנץ גוט, אַז איבער אײַער פוילקייט אָדער איבער עטלעכע קערבלעך הוצאות קאָנט איר דורכלאָזן אַזאַ צופאַל, וואָס וועט אפשר דאָס צווייטע מאָל זיך ניט אומקערן. צווינגט מיך נישט, איך זאָל קומען צו אײַך. איך זשאַלעווע נישט די הוצאות און עס שפּילט נישט קיין ראָלע די צוויי־דרײַ טעג, נאָר פּשוט איך טאָר ניט אָפּפאָרן פון דער היים גראָדע אַצינד, און זען זיך מוזן מיר, און דווקא איצט, איידער איר פאָרט קיין וואַרשע. זײַט זשע נישט קיין מלמד. פּעקלט אײַך צונויף אין וועג אַרײַן, און פון דאַנען וועט איר שוין פאָרן קיין וואַרשע. איך שרײַב פון אײַערט וועגן אַ פּעליעטאָן, נאָר איך האָב מורא, ער וועט בײַ אײַך אַרויסקומען אויף אם־ירצה־השם איבער אַ יאָר חול־המועד פּורים. —

למען־השם, פאַרגעסט נישט אויף מיין רעכענונג אַ היפּש פּעסל ווײַן, ווײַסן, נישט קיין טײַערן, נאָר ער זאָל זײַן קפּריסין, ער זאָל זיך לאָזן טרינקען, נישט צו פיל זויער, מיט אַ בוקעט, כּמו ווי מושקאַט. — מאַניש (ער שטומט!) ווייסט מײַן גוסט. לאָזט גריסן אַלעמען, און מײַן פון אַלעמען פּאַיען, און זאָגט איר, אַז מע גיט אַפּ גוט־יום־טוב, ענטפערט מען: גוט־יאָר...

אַלזאָ, אויף ווידערזען?

שלום־עליכם

## 387. צום זעלבן

קיִעוו, אור ליום ה׳, י״ז תשרי, דחוה״ס, תר״ס, 1899

ליבער פרײַנד רבניצקי!

איך האָב אײַך ערב סוכּות געשריבן, אַז סע קאָן זײַן, מיר זאָלן זיך אפשר זען. די כּוונה מײַנע איז געווען, וואָס איך האָב מיט אײַך זייער וויכטיקס איבערצושמועסן, און אַזוי ווי איך קאָן נישט וויסן, צי איך וועל קאָנען זײַן בײַ אײַך, לכן שרײַב איך אײַך נאָך אַ מאָל.

איר זאָלט וויסן זײַן, אַז איך ווער אַ פרײַער מענטש פון געשעפטן, און אַזוי ווי איך האָב, ברוך־השם, פאַרדינט עטלעכע קערבלעך, גלוסט זיך מיר באַניצן דאָס צוזאַמען מיט מײַן פרײַער צײַט צו ליטעראַטור, הײַנו, איך האָב חשק אַרויסגעבן אַ יידיש בלאַט. און אַזוי ווי מיר האָבן שוין, ברוך־השם, אַ בלאַט („דער יוד״), לכן וויל איך אַרײַן אין שותּפות צוזאַמען מיטן „אַחיאָסף״, הן מיט מײַן געלט, והן מיט מײַן אַרבעט. איך האָב גרויסע שאַנסן צו באַקומען אין פּעטערבורג דערלויבונג אויף אַ בלאַט דווקא אין רוסלאַנד. רעכן איך, אַז די אַחיאָספניקעס זאָלן נישט זיין קיין מלמדים, וואָלטן זיי זיך באַניצט מיט דעם צופאַל, אַז מיר צוזאַמען זאָלן אַרויסגעבן דעם „יודן״ וואָכנטלעך אין וואַרשע. נאָר אַזוי ווי שטענדיק זיצן אין וואַרשע קאָן איך ניט, דען איך בין דאָך פאָרט געבונדן מיט יעהופּעץ, לכן זאָלט איר זײַן מײַן פאַרטרעטער דאָרטן אין וואַרשע, מיטרעדאַקטאָר ווי פריִער, און אויך קאַסיר, אויף אַזעלכע תּנאים, וואָס זאָלן אײַך קאָמ־פּענירן, געוויינטלעך. און איך וועל אײַך מיטהעלפן ווי ווײַט מיגלעך, אָפּט מאָל אונטער־פאָרן קיין וואַרשע. דאָס בלאַט אונטער אונדזער ביידנס השגחה וואָלט געקאָנט באַקומען אַ פּנים פון לײַטן. איר באַדאַרפט מיך אַ ביסל קענען, אַז אַן אַדמיניסטראַטאָר בין איך אַ געבאָרענער אויף אַ בלאַט, און אויך דער נאָמען מײַנער איז אויך נישט שעדלעך צום ענין.

עס וואָלט זייער־זייער נייטיק און ניצלעך געווען, ווען מיר זעען זיך מיט אײַך פּערזענלעך. איך האָב וועגן דעם אָנגעשריבן אַ בריוו קיין וואַרשע צו די בעלי „אַחיאָסף״. שרײַבט מיר אײַער מיינונג וועגן דעם און שרײַבט זיך דורך אויך מיט זיי, אָדער רעדט איבער מיט זיי, אויב איר וועט דאָרטן זײַן.

איך באַדאַרף אײַך אויפמערקזאַם מאַכן, ליבער פרײַנד, אַז איך טראַכט וועגן דעם גאַנץ ערנסט, נישט צוליב כּבוד, נאָר טאַקע אַלס געשעפט. איך מיין, אַז ס׳איז אַ פּלאַן,

הן פֿאַר מיר והן פֿאַר זיי, און פֿאַר אײַך וועט דאָס זײַן אַ גרויס פֿאַרגרינגערונג. איר וועט בלײַבן „פֿריץ״, ווי פֿריִער, נאָך מיט מער פֿרישקייט. טוט וועגן דעם, אָבער גיך, דען מע באַדאַרף דאָך, אַז מיר זאָלן זיך אַלע זען, איבעררעדן אַלצדינג און פֿאָרן קיין פּעטערבורג באַצײַטנס מכּוח די דערלויבונג צו באַקומען.

שרײַבט, ענטפֿערט אויף דיזן און אויף אַלע פֿריערדיקע בריוו.

אײַער איבערגעבנסטער שלום־עליכם

פּ.ס. — אפשר וואָלט איר זיך „מטריח״ געווען אויף די אַנדערע טעג יום־טוב גאָר אַראָפּפֿאָרן אַהער קיין יעהופּעץ, און דווקא גלײַך צו מיר? גלייבט מיר, איך רײַס מיך צו אײַך קיין אַדעס, נאָר די עבֿירות לאָזן ניט. גראַדע איצט וואַרט איך אויף אַן אָדון, וואָס באַדאַרף קומען די טעג. כּלעבן, קומט צו פֿאָרן, וואָס וועט אײַך אָרן? אַ קוואַרטיר און עסן האָט איר, ציין רײַסט מען אומזיסט. נאָר אַ פּעסעלע ווײַן ברענגט, איך וועל אײַך משלם זײַן מיט רווחים. אויב ס׳איז אײַך סקוטשנע, שלעפּט מיט מאַנישן אויך אויף מײַנע הוצאות הין און צוריק. — טעלעגראַפֿירט!

## 388. צום זעלבן

קיִעוו, 2טן אָקטאָבער 1899

מײַן ליבער געוועזענער רעדאַקטאָר, אויס יודישער יוד, רבניצקי!

נישט דערפֿאַר, ווײַל איר ווערט אויס יוד, האָב איך אײַך נישט געשריבן ביז אַהער, נאָר איבער אַנדערע סיבות. נאָר וואָס איז די נפֿקא־מינה — אַצינד שרײַב איך אײַך. איך האָב באַקומען עפּעס אַ מין בריוו פֿון די אחיאָספֿניקעס — פֿאַרשטייט איך אים ניט. עפּעס דרייען זיי זיך ווי אויף אַ טעלער און שרײַבן מיר, אַז איינער פֿון זיי פֿאָרט קיין אַדעס און קיין קיִעוו, וועט מען שוין איבעררעדן וועגן אַלץ באַריכות. די מעשׂה דערפֿון איז אַזוי: איך האָב שטאַרק־שטאַרק חשק זיך צוטשעפּען צום „יודן״. איך בין איבער־צײַגט, אַז אויב נישט איצט, איז מיט דער צײַט וועט מיר געראָטן באַקומען דערלויבונג, אויף אַ צײַטונג. נאָר אָנהענגען זיך אויפֿן „יודן״, דאָס הייסט בעטן זיך, שטייט מיר ניט אָן, דאָס איז נומער איינס. והשנית, וויל איך נישט בשום־אופֿן אײַך עפּעס קאַליע מאַכן מיט דעם; אַזוי האָב איך זיי געשריבן בפּירוש; ובתּנאַי, אַז אײַך זאָל דערפֿון נישט אַרויסקומען קיין רעה, חלילה. אַצינד, אַז איר שרײַבט קאַטעגאָריש, אַז פֿונעם ערשטן נאָוועמבער ווערט איר אויס „יוד״, און זיי שרײַבן מיר, אַז זיי שיקן אַהער אַ מענטשן, וואָלט געווען נישט קרום, אַז איר זאָלט זיך מטריח זײַן מיט דעם דאָזיקן מענטשן טאָקע אַהער קיין יעהופּעץ, וועלן מיר אַלע אין איינעם עפּעס צוטראַכטן. איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל, איך האָב חשק אַרײַן אינעם „יוד״, דען איך האָב שאַנסן אויף צו באַקומען מיט דער צײַט רעכט אויף אַ יידיש בלאַט אין רוסלאַנד. אויב ס׳איז נייטיק דווקא צו זיצן אין וואַרשע, בין איך מוכן ומזומן דערויף אויך, הכּלל, איך באַדאַרף מיך מיט אײַך אַן עצה האַלטן, און איר באַדאַרפֿט זען צוציִען די חבֿרה צו מיר, סײַדן אפֿשר בלײַבט איר אויף ווײַטער אַ „יוד״, ווײַל איך אײַך נישט גורם היזק זײַן, ווי איר

פאַרשטייט שוין אַליין. שרײַבט מיר באַלד תּשובה און שיקט מיר אָפּ זייער בריוול. —

אײַער באַשטענדיקער פרײַנד

שלום־עליכם

פּ.ס. — איך האָב דאָך אײַך שוין געשריבן, אַז דאָס ערשטע קאַפּיטל פון מײַן ראָמאַן זאָלט איר מיר צושיקן פער „זאַקאַזנאָיע".

## 389. צו יעקב דינעזאָן

15/27 февраля 1900

לידידי יקירי, כמאז כן עתּה, יעקב דינעסזאָהן בוואַרשא.

ליבסטער, ערלעכסטער פרײַנד!

צווישן אונדז, ווי עס ווײַזט אויס, איז דורכגעלאָפן נישט קיין קאַץ, נאָר אַ קאָטער. איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין קיין איינציק וואָרט וואָס איר זאָגט, אַזוי ווי איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס איר האָט זיך פון מיר דערווײַטערט און באַהאַלטן די גאַנצע צײַט. איר זאָגט, אַז איך האָב אײַך באַגעגנט און נישט אָפּגעשטעלט זיך. שווער איך אײַך בײַ מײַנע קינדער, וועלכע איך האָב ליב, אַז איך הער דאָס ערשט פון אײַך. אַדרבה, מײַן ווײַב זאָגט, אַז זי האָט אײַך באַגעגנט, האָט איר זיך פאַרענטפערט, אַז איר קאָנט נישט אַרײַנגיין צו מיר איבער עפּעס אַ זײַטיקע סיבה. אַדרבה ואדרבה, איך האָב מיך וויפל מאָל נאָכגעפרעגט אויף אײַך און האָב גערעכנט, אַז אײַך טוט וויי דאָס האַרץ אויף מיר, וואָס מײַן לאַגע איז דעמאָלט געווען נישט אין בעסטן, נישט הײַנט געדאַכט... צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז איך בין גאָר מי יודע וואָס פאַר אַ בר־עוולה, אַ פאַרברעכער. גאָט איז מיט אײַך! איך בין קיין פאַרברעכער קיין מאָל נישט געווען און קיין טיפּש אַוודאי נישט. טיפּשים האָבן אײַך געזאָגט, אַז איך האָב מיטן געלט אָנגעוואָרן דעם שׂכל, ווײַל טיפּשים האָבן דאָס געוואָלט... אַצינד וועלן מיר גיין כּסדר: קיין בראַשור פאַר אַן אַגענסטווע האָב איך ניט אַרויסגעגעבן קיין מאָל; דאָס מיינט איר אַוודאי דאָס „קול מבשׂר", וואָס האָט געזאָלט גיין בײַ מיר 4 מאָל אין יאָר, און ווײַל ס'איז דאָרטן געווען אַ מודעה פון „עקוויטעבל" און „ראָססיאַ", איז דאָס דערפאַר אַ „חוברת לחברת האחריות"? — דאָס איז אויך אַ טיפּשות פון דעם וואָס האָט אײַך געזאָגט. דאָרטן זענען געווען געדרוקט מײַנע ערשטע בריוולעך „לאָנדאָן" פון מנחם־מענדל צו שיינע־שיינדל; דאָרטן איז געווען דער אָנהייב פון מײַנער אַ פּאָעמע „פּראָגרעס ציוויליזאַציע" (כּ'לעבן נישט ערגער פון די בעסטע לידער פון פרץ!) און דאָרטן איז געווען אויך אַ קליינע רעצענזיע איבער זייער אַ קליין ביכעלע פון פרץ, וואָס ווען איך דערמאָן זיך אין דעם, לאַך איך, אָבער נישט מער; און איר זאָגט עפּעס גאָר תּרגום־לשון: „אבל אתּה יצאת לשום לאל את כּשרונו הנעלה... וללעוג על כּל היוצא מעטו..." פע, דאָס פּאַסט גאָר נישט פאַר אַזאַ ערלעכן מענטשן ווי דינעסזאָהן, ער זאָל אַזעלכעס זאָגן! נאָר אויב איר ווילט וויסן, האָט פרץ מיר מער געטאָן ווי איך אים. פרץ האָט געטאָן דאָס וואָס אַ ייִד באַדאַרף טון. אַ ייִד, אַז גאָט העלפט אים ער קאָן יענעמס קלייטל אָדער יענעמס שענקל צומאַכן, איז אים גוט; נאָר אַז גאָט העלפט אים יענעמס קלייטל אָדער יענעמס

שענקל האָט זיך אַליין צוגעמאַכט — דעמאָלט איז ער גאָר גליקלעך. אַז פּרץ האָט דער־הערט, אַז שלום־עליכם איז געוואָרן עליו־השלום, האָט ער זיך מישב געווען און האָט צוגענומען שלום־עליכמס בלעטל פון דער טיר און האָט דאָס אַרויפגעזעצט אויף זײַן אייגענער טיר, און פון דער „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק" איז געוואָרן תּומ״י אַ „יודישע ביבליאָטהעק". דאָס איז ערגער, מײַן ליבער דינענזאָהן, פון צען טויזנט רעצענזיעס; דאָס שמעקט אַזוי מיט פּאַסקודסטווע, אַז איך דערמאָן זיך, קערט זיך מיר איבער די גרינע גאַל!! — און ווײַטער זאָגט איר: „דע לך כּי מעולם לא היית בעיני לסמל היושר והאמת" — ע, ברודער, ווען איך בין מיט ווינציקער יושר און מיט ווינציקער אמת, וואָלט איך עד־היום געווען אַ גביר! יושר און אמת און אָרנטלעכקייט איז אין מײַן ליטעראַ־טור־אַרבעט אפשר אַזוי פיל, ווי בײַ אַלע ייִדישע מחברים אין איינעם. איך האָב אויף דער ייִדישער ליטעראַטור מקריב געווען באמת האַלב פון מײַן לעבן און אַ גאַנצן קאַפּיטאַל, מער ווי אַלע ייִדישע מחברים אין איינעם. איך בין קעגן אַלעמען געווען מער ווי אַ דזשענטלמען, און אַלע קעגן מיר זענען געווען ערגער פון חיות־רעות, אויב איר מיינט, אַז איר קענט די וועלט, האָט איר אַ טעות; ווען איר ווייסט, וואָס שלום־עליכם האָט געטאָן פאַר זײַנע גוטע־ברידער, און וואָס גוטע־ברידער האָבן אים געטאָן, וואָלט זיך אײַך נישט געלייגט די האַנט צו שרײַבן דאָס וואָס איר שרײַבט איצט צו מיר אין אײַער בריוו. עס ווײַזט אויס, אַז איר האָט מיך קיין מאָל נישט געקענט, איר קענט מיך נישט אוןווילט מיך נישט קענען! — אויב איך האָב יאָ אַ מאָל געזינדיקט קעגן מײַנעם אַ חבר אַ ליטעראַט, איז דאָס נאָר דער איינציקער ספּעקטאָר. נאָר דאָס ווייסט קיינער נישט, נאָר איך אַליין; אַפילו ספּעקטאָר ווייסט אויך נישט מיט וואָס און ווען איך האָב פאַרזינדיקט קעגן אים. אָבער פּרץ — פע, פון אים זאָלט איר מיט מיר ניט רעדן! אים האָב איך געזען מיט נאָך אַ סך אַזעלכע ווי ער אויף מײַן קבר טאַנצן.

— פע, ער עקלט מיך! —

— — —

איך דאַנק אײַך פאַר דער מתּנה „יאַסעלע". לײדער האָב איך דאָס ביכעלע נאָך נישט באַקומען. מסתּמא וועל איך דאָס אין גיכן דערהאַלטן. געהערט האָב איך, אַז ס'איז אַ ווױלע זאַך. אײַערע „דערינערונגען" לייען איך. מיר געפעלט דער גרויסער, דער ערלעכער מער פונעם אַפּיקורס; איבעריקנס דאַרף מען זען וואָס ווײַטער וועט זײַן; בכלל באַדאַרף איך אײַך זאָגן, אַז דאָס איצטיקע שרײַבן אײַערס געפעלט מיר בעסער אַלס דאָס פריעריקע; דאָרט איז געווען צו פיל טרערן. איך זאָג אײַך דעם אמת, כאָטש איר האָט מיך נישט געהאַלטן קיין מאָל פאַר קיין מענטשן פון יושר און פון אמת. — בײַ מיר ליגן אַ 40 אָדער 50 בריוולעך אײַערע, וועלכע זענען געבונדן אין איינעם מיט די בריוולעך פון די נאָענטע און בעסטע פרײַנד מײַנע; דאָרטן האָט איר מער געהאַלטן פון מיר, אַ סך מער! גלייבט מיר, ברודער, ס'איז גאָר נישט איבער פּרצן דער גאַנצער אומגליק — ס'איז גאָר איבער שלעכטע און איבער הויפּט נאַרישע מענטשן (אַ נאַר איז ערגער פון אַ הולטײַ), וואָס האָבן אײַך אָנגערעדט אויף מיר. איך האָב מיך שוין דערמאָנט. — פאַרגעסט, און לאָמיר זײַן ווידער די אַלטע גוטע־ברידער, דען איך בין תּמיד דער אייגענער, נישטאָ בײַ מיר קיין 2 מאָל:

שלום־עליכם

## 390. צו י.־י. ווײַסבערג

אור ליום ב׳, כ״ה כסלו ה׳תרס״א 6־7/12.1900

שלום לידידי מידידי הראשונים בקיוב יצחק יעקב ווײַסבערג נ״י.

די מעשׂה דערפון איז אַזוי:
בײַ אײַך איז דאָך הײַנט יובילײ,
ווילט זיך מיר אַ ביסל ריידן,
אַ ביסל, ניט קיין סך
אין דער ייִדישער שפּראַך
פון אַבראַמאָוויטש דעם זיידן,
דען איטלעכער שרײַבט אַזוי ווי ער קאָן,
פאַר וואָס זאָל מען ניט שרײַבן קיין ייִדיש, זשאַרגאָן?
ובפרט נאָך איך, אַ ייִדישער שרײַבער,
וואָס שרײַבט כּל־ימיו פאַר ייִדישע ווײַבער?...

דאָס איז נומער איינס.

והשנית, וויל איך טאַקע, אַז איר און אײַער הויזגעזינד זאָלן האָבן הנאה, וואָרעם די אַלע ברכות, וואָס אין די גאַזעטן, מיט די אַלע בריוולעך, וואָס איר וועט באַקומען, געווייינלעך אין לשון־קודש, וועלן נעבעך אײַערע לײַט ניט פאַרשטיין קיין איינציקס וואָרט, און נאָך מײַן מיינונג, קומט אָן אַזאַ יום־טוב, ווי אײַער יובילײ, באַדאַרף זײַן ניט נאָר אײַער יום־טוב און ניט נאָר אונדזער יום־טוב, נאָר אויך אַ יום־טוב פון אײַער פאַמיליע.

לאָזן זיי וויסן, אונדזערע ווײַבער,
וואָס באַדײַט אַ ייִדישער שרײַבער!...

...אַ זשמעניע פון ייִדישע משׂכּילים וועלן אפשר קומען, אי דאָס ניט אַלע אין איינעם, אָפּגעבן שלום, נעמען אַ שמעק טאַביק און אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע. און פון דער ווײַטן, פון פרעמדע שטעט, וועט זיך אַ שאָט טאָן בריוולעך מיט „מליצות״, „מליצות״ און נאָך אַ מאָל „מליצות״ מיט גרויסע „לכבודן״, מיט ברכות און מיט ווינטשעוואַניעס און מיט חתימות, מיט ציקלען און מיט דריידלעך, און מיט קוועטשלעך, און מיט וויידלען, און „נדבות״ און „נדרים״ אין די „בלעטער״ פון חברה משׂכּילים חיי קאָפּ. אויף דרײַען לטובת „הפּועלים״, וואָס אין ארץ־ישׂראל... און „מאמרים״ אַ צוויי פון ייִדישע מחברים, וואָס וועלן „באַשרײַבן״ אַ ייִדישן מחבר צו זײַן זעכציק־יאָריקן יובילײ. זיי וועלן אים „באַשרײַבן״ און „באַשײַנען״, „באַפּוצן״ און „באַווײינען״, זיי וועלן אים אויפהייבן גאַנץ הויך, נאָר ניט צו פיל, עס זאָל חלילה אים דער קאָפּ זיך ניט פאַרדרייען... „צווישן זייערע שורות״ וועט שטיין געשריבן, אַז כאָטש אַפילו ער קומט ניט צו אונדזערע קניען, כאָטש אונדזער קליין פינגערל איז גרעבער פון זײַנע לענדן, בכל־זאת, פון דעסטוועגן קענען

מיר ניט לייקענען, אַז זײַן שפּראַך איז ריין און לויטער, אַז זײַנע „מאמרים" האָבן אַ מאָל געפּרייט אונדזערע הערצער, וואָרעם זיי זײַנען פול מיט קלוגשאַפט און מיט וויסנשאַפט און האָבן געטאָן טון זעטן ווי מיט גוטן בוימל אונדזער פאַרכליאַנעטע לײַבער. און אַזוי ווײַטער און ווײַטער מיט אַ ביס פון פאָרנט, אַ ציפּ פון הינטן, אַזוי, אַז ניט יעדער זאָל פאַרשטיין, נאָר אַ מינדסט קינד... מחמת ס'איז דאָך טאַקע אַ ביסל פאַרדראָסיק, וואָס עפּעס פּלוצעם אין מיטן דערינען אַ יובילײ? און וואָס עפּעס ווײַסבערג, פאַר וואָס ניט איך? איך שרײַב אויך אין „המליץ", אין „הצפירה", פון זינט איך בין צו „מײַן" שכל געקומען... אײַ, ער האָט אַרויסגעגעבן אַ „חיבור" און איך ניט? איז וואָס? האָט ער דאָך געהאַט געלט פאַרן חיבור, פאַר וואָס קומט אים נאָך כבוד?!... וכדומה אַזעלכע שיינע געדאַנקען לייען איך צווישן די שורות דאָרטן אין יענע „מאמרים" מיט יענע „מליצות". נאָר אַזוי ווי ס'איז דאָך אַ יום־טוב, וועל איך אײַך ניט שטערן און וויל ניט קוקן „צווישן" די שורות. איז לאָמיר בעסער ריידן פון פריילעכע זאַכן — ווען האָט איר יאָרצײַט? מיין איך, ווען איז אײַער אמתער יובילײ? דער פינף־און־צוואַנציק־יאָריקער ליטעראַרישער יובילײ? און אויב איר פײַערט אײַער איצטיקן זעכציק־יאָריקן לעבנס־יובילײ, צי מאַכט איר עפּעס אַ שטיקל סעודה אין דער היים? צי האָט עפּעס צוגעגרייט אײַער אַלטע גוטן לעקעך מיט גוטע קוכן כּיד ד' הטובה עליה, ווי זי קאָן? איך מיין מיט ראָזשינקעס מיין איך! און צי מע וועט קאָנען זיך אָנשיכּורן מיט דרײַ גלעזלעך טיי און פאַרבײַסן מיט אַ נומער צײַטונג אָדער אַ רעכטן משוגענעם מאמר פון מיכה־יאָסל באַרדיטשעווסקי? און צי וועט מען קאָנען אַ ביסל ריידן פון ציוניזם, פון חדרים, פון ליטעראַטור, פון פּאָליטיקע און גלאַט פון וועלטזאַכן, פון דעם און פון יענעם, אַ ביסל לשון־הרע, אַ ביסל רכילות, אַ ביסל לצנות, חלילה ניט נוגע בכּבוד זײַן עמעצן, נאָר גלאַט אַזוי אין גוטן מוט אָפּלאַכן פון דער גאַנצער וועלט? אויב דאָס אַלץ איז צוגעגרייט, בין איך אָנגעברייט, און אויב חלילה ניין — שיק איך אײַך אָפּ אַ גאַנץ בריוול שלום־עליכם, אײַך און אײַער גאַנצע משפּחה און ווינטש אײַך נאָך אַ מאָל זעכציק, זעכציק און זעכציק האָבן מיר הונדערט און צוואַנציק, אַ גלײַכער מיספּר. מיר זאָלן אַלע דערלעבן פײַערן אײַער פינף־און־צוואַנציקסטן און פופציק־יאָריקן ליטעראַרישע יובילייען טאַקע מיט ווײַן און מיט פיש, און מיט מוזיק און מיט באַנקאָווע בילעטן ווי בײַ לײַטן. אָמן! אָמן! אַזוי ווינטשט אײַך און בענטשט אײַך אײַער אמתער, נאָך אַ מאָל אמתער גוטער־פרײַנד פון אַ מאָל און פון הײַנט

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי. ווען אײַער יובילײ איז פּינקטלעך, ווייס איך ניט, דאָס הייסט, איך קאָן ניט אַרויס פונעם לוח; מיר האָבן עטלעכע טערמינען מיט אַ מאָל, דער ווי־פלטער טאָג אין ייִדישן חודש, דער ווי־פלטער טאָג אין וואָך, דער ווי־פלטער טאָג אין גוייִשן חודש, דאָס ווי־פלטע ליכטל פון חנוכּה אאַז"וו. אויב עס פאַלט מיטוואָך בײַ נאַכט, איז אונדזער קאָנצערט קאַן־בערנשטיין, שוואַרצמאַן. אויב עס פאַלט דאָנערשטיק בײַ נאַכט, איז בײַ מיר אין הויז דער באַנקעט פון וואַרשאַווסקין, און אויב פרײַטיק צו נאַכטס, איז אויסגעצייכנט!

## 391. צו י. ראָזעט

ערב חנוכה תרס"א

שלום לכבוד ידידי ראָזעט המכונה יצר — יצר־טוב!

איך בין קראַנק, איך זיץ אין שטוב,
בין ניט געשטאָרבן און ליג אין גרוב.
קומט בײַ נאַכט — ליג איך און טראַכט:
„גרעשני טשעלאָוויעק,
טאָמער שטאַרב איך אַוועק
און געזעגן זיך אָפּ מיט דער זינדיקער וועלט,
ווער וועט לייענען מײַן „חנוכה־געלט"?
וואָס וועט זײַן מיטן יידישן זשאַרגאָן?
ווער וועט שרײַבן אַ פריילעכן „פעליעטאָן"?
ווער וועט וויצלען?
ווער וועט קיצלען?
ווער וועט מאַכן,
דער עולם זאָל לאַכן
און פון נאָענט און פון ווײַטן
זיך האַלטן בײַ די זײַטן
און ניט אָנהייבן צו פאַרשטיין,
אַז ער לאַכט פון זיך אַליין?...
ווער וועט לייענען פאַר קינדער
מעשיות גאָר אַ וווּנדער
אַלע יום־טוב כסדר
פון יידישן חדר?
וואָס וועט זײַן מיט מנחם־מענדלען
מיט אַלע זײַנע הענדלען?
אַ רחמנות אויף טביהן, —
אים געלאָזט אַן עני ואביון!
וואָס וועט זײַן מיט אונדזערע „אסיפות"?
ווער וועט געבן „קאָמפּאָט", ס'זאָל זײַן חריפות?
איך רעד נאָר פון קיעוו,
בין ניט קיין מחויב
פאַרזאָרגן אַ וועלט.
איך וועל אײַך זאָגן פאַרשטעלט:
כאַפּט זיי דער רוח —
יעדער האָט אין זינען זיך!..."

אָט אַזעלכע מחשבות און שווערע געדאַנקען

קומען ביי נאַכט צו אַ מחבר אַ קראַנקן.
נאָר איידער איך פאַרלאָז די זינדיקע וועלט,
קומט צו גיין, וועלן מיר רעדן ניט פון געלט,
נאָר גלאַט אַזוי, ווי געוויינלעך גוטע־ברידער,
און בדרך־הליכה פון „וואַרשאַווסקיס לידער",
אַ ביסל ליטעראַטור, אַ ביסל זײַטיקע זאַכן,
אַ ביסל ערנסט, אַ ביסל וועלן מיר לאַכן,
ביקור־חולים איז אַ גרויסע זאַך,
און גוטע־ברידער איז ניטאָ קיין סך!...
ממני עבדכם

שלום־עליכם

ערב חנוכּה תרס"א

## 392. צו מאַקסים גאָרקי

[1901]

פיל געאַכטער מאַקסים גאָרקי! — אַנטשולדיקט, וואָס איך רוף אײַך אַזוי אָן, ניט האָבנדיק די ערע צו וויסן אײַער נאָמען און פאָטער־נאָמען.

איך האָב באַקומען אײַער ליבנסווערדיקע אײַנלאַדונג... איך האָב געהאַלטן פאַר אַ גרויסער ערע פאַר זיך צו דורכשרײַבן זיך מיטן „הערשער פון די געדאַנקען פון אונדזער צײַט", צו וועמען, דאַרף מען זאָגן, עס האָט פון לאַנג געשטרעבט מײַן האַרץ. און אָט ווײַזט זיך אַרויס, ווי ס'האָט מיר מיטגעטיילט גאָלדאָווסקי, אַז מײַנע בריוו צו אײַך זײַנען פאַרלאָרן געגאַנגען בײַם ה' פּאָטיאָמקין און ביי אים. באמת אַ באַשערטע זאַך!

איצט אָבער, דערוויסנדיק זיך, אַז מע קען צו אײַך שרײַבן, אַפילו לויט אַ פרעמדן אַדרעס, האָב איך בדעה צו שטערן אײַער רו, צושיקנדיק קאָפּיעס פון מײַנע צוויי בריוו אויף גאָלדאָווסקיס נאָמען (פון 11.12, 12.29), כּדי צו באַקאַנען אײַך מיט דער פּראָגראַם פון אײַער זאַמלונג לויט מײַן פאַרשטאַנד.

איך וואָלט אײַך געבעטן אַרײַנדרינגען אין זייער אינהאַלט און מזכּה זײַן מיך מיט אַ שנעלן ענטפער. אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך אײַך צושיקן קאָפּיעס פון אייניקע זאַכן מײַנע, וועלכע זײַנען שוין איבערגעזעצט געוואָרן פון ייִדישן זשאַרגאָן. איך וויל, אַז איר זאָלט זיך באַקענען מיטן כאַראַקטער פון מײַן שרײַבן, און דעריבער וואָלט איך אײַך בעטן שענקען זיי עטלעכע מינוט אויפמערקזאַמקייט...

שלום־עליכם

## 393. צו דוד פרישמאַן

(15טער שבט, תרס״א, 1901.1.22)

גערטער הער!

געווען צײַטן — און דאָס איז געווען בעסערע צײַטן ווי אַצינד, — ווען איך בין געווען דײַן אַרויסגעבער און דו מײַן שרײַבער. אַצינד האָבן זיך געביטן די צײַטן: איך בין דײַן שרײַבער און דו מײַן אַרויסגעבער.

געווען צײַטן — און דאָס איז געווען בעסערע צײַטן ווי אַצינד, — ווען דו האָסט מיר בפירוש געשריבן: „און איך פאַרבלײַב דײַן פרײַנד, דײַן פרישמאַן״, און אַצינד שרײַב איך צו דיר און רוף דיך אָן „גערטער הער״ און דו וועסט מסתּמא מיר אומקערן, ווי עס קומט מיר „מיט אַכטונג־געפילן״ אאַז״וו... יאָ, יענע צײַטן זײַנען געווען בעסערע ווי אַצינד!

און די מעשׂה דערפֿון איז אַזוי:

כ׳האָב אָנגעשריבן אַ נײַע דערציילונג (און אַ גוטע, אַ שיינע, אַ רעכטע און אַ ווילע), פאַרשטייט זיך, אין דער „היקעוואַטער״ שפּראַך, און אין לשון־קודש, און איך וויל, אַז ס׳זאָל זיך דרוקן אין איינעם — אין „הדור״ און אין „יוד״, ווי אַן אָנדענק צום בית־המיקדש, פונקט אַזוי ווי הלל פלעגט טון טאָן אין דער צײַט, ווען עס האָט עקסיס־טירט דער בית־המיקדש, ווען ער פלעגט אין איינעם אײַנוויקלען זשאַרגאָן און לשון־קודש, ווי עס איז באַוווּסט...

און איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר ענטפערן און מיך ב ע ט ן, אַז איך זאָל דיר צושיקן די דאָזיקע דערציילונג (די דערציילונג איז אַ קליינע, אויף א י י ן פעליעטאָן אָדער צ ו ו י י); ווואָרעם סוף־כּל־סוף בין איך דאָך אַ שרײַבער בײַ ייִדן, אויב ניט אַזאַ ווי ווײַסבערג, אָבער אַזעלכער ווי יחזקאל הלוי לעוויט, וואָס ווערט אָנגערופן „יהל״ל דער צווייטער״, אַוודאי, און אַזעלכער ווי „משה ווײַנבערג פון ב ע ר (לייען באר), פאָדאָליער גובערניע״ אַוודאי און אַוודאי! — — —

שלום־עליכם

## 394. צום זעלבן

1901 .2 .15

Herr D. Frischmann

דײַן ענטפער, מײַן הער, האָב איך נאָך ניט באַקומען. די לעצטע טעג באַמבלט זיך בײַ מיר אין מוח איין געדאַנק: ניט קיין גוטן נאָמען האָב איך געגעבן ראַבטשיקן „כּאַבאַרבאַר״, און דער דאָזיקער געדאַנק לאָזט מיך ניט שלאָפן, — נאָר אָט האָב איך די מינוט געפונען דעם אמתן און דעם סאַמע ריכטיקן נאָמען:

אַ כּ ל ב ש ב כּ ל ב י ם פונעם ייִדישן תּחום (אַ דערציילונג פאַר קינדער) פון שלום־עליכם.

דײַן דינער, וואָס גריסט דיך און קוקט אַרויס אויף דײַן ענטפער.

שלום־עליכם

## 395. אַן אָפענער בריוו צו יואל ענגעל

13טן יוני 1901

געערטער הער:

אינעם נומ׳ 18 „וואָסכאָד" זײַט איר אַרויס מיט אַ פּיַערדיקער רעצענזיע וועגן די ייִדישע פאָלקסלידער פון מ. מ. וואַרשאַווסקי; האָב איך חשק אײַך צו ענטפערן מיט עטלעכע וואַרעמע ווערטער.

קודם־כּל, באַדאַרף איך אײַך בעטן מחילה. האָט קיין פּאַראיבל נישט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן: איר האַלט נישט קיין וואָרט! תּחילה הייבט איר אָן אײַער רעצענזיע מיט אַ הקדמה, אַז איר וועט רעדן נאָר פון דער מוזיק; פון די לידער, זאָגט איר, זאָלן רעדן ספּעציאַליסטן, און תּוך כּדי דיבור הייבט איר אָן צו רעדן דווקא פון די לידער גופא און איר גיט אים, דעם פאַרפאַסער, אַ מיאוסן פּסק, למאַי האָט ער זײַנע לידער אַ נאָמען געגעבן „פאָלקסלידער"? איך גיב אײַך אויך מײַן ערנוואָרט, בנאמנות, אַז איך וועל מיט אײַך רעדן נאָר פון די לידער אַליין; פון דער מוזיק לאָזן מיט אײַך רעדן ספּעציאַליסטן; יאָ, טאָמער וועל איך מיך נישט קאָנען אײַנהאַלטן און וועל מיך אפשר אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט מכּוח מוזיק, וועט איר מיר מוזן מוחל זײַן, — עס וועט זײַן אָפּגעגעבן ברויט, מידה כּנגד מידה.

איר פרעגט אַ קשיא און בייזערט זיך: סטײַטש, וואָס פאַר אַ רעכט האָט דאָס געהאַט וואַרשאַווסקי אָנצורופן זײַנע אייגענע לידער „פאָלקסלידער"? פאָלקסלידער, זאָגט איר, זײַנען לידער אַ ל ט ע, צונויפגעזאַמלטע פונעם פאָלק. אָט, למשל, די ייִדישע פאָלקסלידער פון גינזבורג, און מאַרעק, די וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן דער „וואָסכאָד". אַזוי זאָגט איר, הער ענגעל, און איר זײַט גערעכט, נאָר נ י ש ט אין גאַנצן. בײַ אונדז ווערן אָנגע־רופן מיטן נאָמען „פאָלקסלידער" אַלע לידער, וואָס זײַנען געשריבן אין דער פּראָסטער ייִדישער פאָלקסשפּראַך, וואָס מען רופט זי זשאַרגאָן, און וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן פאַרן פאָלק. נישט מער, עס איז אַ טעות הדפוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון כּמה יאָרן; אָנשטאָט „לידער פאַר דאָס פאָלק", שרײַבט מען פאָלקסלידער, אַ סימן האָט איר, נעמט, זײַט מוחל, די זעלבע ייִדישע פאָלקסלידער פון גינזבורג און מאַרעק און קוקט זיך צו צו דער בײַלאַגע פון ה׳ ווינער, וועט איר זען אַ צעטל פון פאָלקסלידער, וואָס זײַנען באַשאַפן געוואָרן און אַרויסגעגעבן פון מענטשן, וואָס פיל פון זיי לעבן און זײַנען, ב״ה, אין בעסטן געזונט:

1) זעקס לידער פון פּסח אליהו בדחן,
2) פאָלקסלידער, פאַרפאַסט פון אַברהם דוטשינסקי,
3) סאַטירישע פאָלקסלידער פון יצחק יואל לינעצקי,
4) הומאָריסטישע מאָראַלישע, קריטישע פאָלקסלידער פון מ. נ. ליטינסקי,
5) ייִדישע פאָלקסלידער פון אַלטער פּישזאָהן,
6) צען ייִדישע פאָלקסלידער, פאַרפאַסט מיט האַרמאָניע פון צונזער,
7) נײַע 12 פאָלקסלידער פון אליקום בדחן,
8) דרײַ נײַע פאָלקסלידער פון אליקום צונזער,
9) פאָלקסלידער, פאַרפאַסט מט געזאַנג פון צונזער,

10) ייִדי׳ פאָלקסלידער, פאַרפאַסט פון מ. קאַמלער,
11) פאָלקסלידער, פאַרפאַסט פון רש״י קאַצענעלבאָגען,
12) צען נײַע ייִדישע פאָלקסלידער, פאַרפאַסט מיט געזאַנג פון שמולעוויטש.

דאָס איז איין מאָל אַוועק. צווייטנס, זאָגט איר און גיט אַן אָנווײַזונג אויף די פאָלקסלידער פון גינזבורג און מאַרעק, אַז דאָס זײַנען לידער וואָס דאָס פאָלק זינגט פון פאַרצײַטן, וואָס מען ווייסט שוין גאָר נישט, הייסט דאָס, ווער איז געווען דער מחבר פון זיי. קאָן איך אײַך זאָגן, אַז איר האָט, מחילה, אַ טעות. פאַראַן צווישן די דאָזיקע לידער פון גינזבורג און מאַרעק אַ סך אַזעלכע, וואָס זײַנען באַשאַפן געוואָרן גאָרנישט לאַנג און אַזעלכע, וואָס מיר ווייסן פאַר געוויס, אַז דאָס האָט געמאַכט גאָלדפאַדען, אָדער אַן אַנדערער פון די הײַנטיקע. צום בײַשפּיל, נעמט דאָס ליד בײַ גינזבורג און מאַרעק ג׳ 82, ז׳ 73:

שלאָף מײַן קינד, מײַן טרייסט מײַן שיינער,
שלאָף מײַן זונעניו!
שלאָף מײַן קרוין, מײַן קדיש איינער,
ליולינקע ליו־ליו...

ווייסט איר, ווער איז דער פאַרפאַסער פונעם דאָזיקן פאָלקסליד? שלום־עליכם. ווייסט איר, ווען ס׳איז באַשאַפן און אַרויסגעגעבן געווען? אינעם 1892 יאָר אין אָדעס, אינעם „קול מבשׂר״ פון שלום־עליכם. איך ווייס, וואָס איר וועט אויף דערויף זאָגן, הער ענגעל, איר וועט זאָגן: אפשר איז דאָס ליד אין די עטלעכע יאָר געוואָרן אַזוי פּאָפּולער בײַם פאָלק, אַז מען זינגט דאָס אומעטום: אין סוועננציאַן, אין קאָוונע, אין וויטעבסק, אין מינסק און אין גאָדיטש (זע די „ייִדישע פאָלקסלידער״ פון גינזבורג און מאַרעק, זײַט 74). וואָס וועט איר ענטפערן דערויף, אַז איך וועל אײַך זאָגן און אַ סך וועלן אײַך צושווערן, אַז איך זאָג אײַך, חלילה, נישט קיין ליגן, אַז אייניקע פון וואַרשאַווסקיס לידער האָט מען מיט אַ יאָר זעקס פריִער נאָך געזונגען אין אַ סך שטעט, איידער וואַרשאַווסקי האָט נאָך אַפילו אין זינען געהאַט אָפּצודרוקן זיי און אַרויסגעבן פאַרן פאָלק?

הכלל, הער ענגעל, איר זעט, אַז דער נאָמען „פאָלקסלידער״ איז נאָך נישט אַזאַ סכּנה, ווי איר זאָגט, און צוליב דעם איז, כלעבן, נישט כּדאַי געווען צו זידלען אַ מענטשן, וואָס איר קאָנט אים נישט און ווייסט אים נישט און אָפּעסן זיך דאָס האַרץ.

זעט איר, די מוזיק — דאַרט זײַט איר בײַ זיך אין דער היים. און וואָס קאָן איך, מישטיינס געזאָגט, אַ ייִדישער מחבר, פאַרשטיין אין אַזעלכע זאַכן? און איר וועט מיר זאָגן אַכצן מאָל עאַליסקי, דאַרייסקי, מיקסאָלידייסקי, וכדומה אַזעלכע הויכע מוזיקאַלישע ווערטער פון „מלאכים־שפּראַך״, וואָס ווייסן מיר, פּראָסטע מענטשלעך? בײַ אַזעלכע ווערטער עפענען מיר אויף מויל און אויערן און טראַכטן זיך בשעת־מעשה: „אָט, אַ מזיק!״... כאָטש אַפילו, אַז מען וויל שמועסן דאָס אייגענע ווידער צוריק, קאָנען מיר רעדן אַ ביסל פון מוזיק אויך. נגינה איז דאָך אַ ייִדישע זאַך. וועלכער ייִד פאַרשטייט נישט זינגען? דאָס איז דאָך איינע פון יענע דרײַ זאַכן, וואָס מיר, ייִדן, הייסט עס, זײַנען אין דעם די גרעסטע מבינים אין דער וועלט: ווײַן, געזאַנג און ברילאַנטן! איר הייסט

מיר, הער ענגעל, איך זאָל אַרײַנקוקן אין אײַער עטנאָגראַפישן רעפעראַט, וואָס איר האָט געלייענט אין מאָסקווע. און איך הייס אײַך, איר זאָלט אַרײַנקוקן אין מײַן רעפעראַט „אַרבע כּוסות" אינעם „יוד", „פּסח־בלאַט", 1900, וועט איר זען פאַר וואָס אַ ייִד דער־לויבט זיך אַ מאָל צו רעדן פון אַזעלכע זאַכן, וואָס ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין מאַן דקאמרי רביצין...

איר לאַכט, הער ענגעל, פון וואַרשאַווסקיס מוזיק און זאָגט, אַז דער טעמפּ פון אַלע זײַנע מעלאָדיעס באַשטייט פון פּאָלקעס, מאַזורקעס און אַנדערע טענץ, און דערפאַר זײַנען זיי נישט ייִדיש, און איר זאָגט נאָך דערבײַ אַ וויץ, אַז מען לייענט וואַרשאַווסקיס לידער, קאָן מען מיינען, אַז דאָס ייִדישע פאָלק האַלט אין איין טאַנצן. לאָמיר זען אַקאָרשט, אויף וויפל זײַט איר גערעכט? למשל, גאָלדפאַדענס מעלאָדיעס, פון זײַנע ערשטע ייִדישע פאָלקסלידער האַלט איר דאָך געוויס, אַז זיי זײַנען ייִדישע מעלאָדיעס. נעמט זשע אויף אַ טשיקאַווער דאָס ערשטע ליד („קין"):

ווי אַ פויגל פון זײַן נעסט
ווערט שטאַרק ווײַט פאַרפלויגן (פּאָלקאַ).

אָדער:

דאָס יודל, דאָס יודל,
דו קענסט אים, צי ניין (וואַלס).

אָדער:

איך דאַנק דיר ליבער האַרציקער פאָטער
פאַר דײַנע גרויסע חסידים (מאַרש).

פאַראַן, זאָגט איר, בײַ וואַרשאַווסקין מעלאָדיעס, וואָס זענען גענומען פון רוסישע געזאַנגען. אמת. נעמט, למשל, דאָס קלאַסישע פאָלקסליד פון מיכל גאָרדאָן, וואָס מען זינגט דאָס בכל תּפוצות־ישראל:

צי זענט איר, רב ייִד,
אין פּאָלטאַווע געווען?
צי האָט איר נישט דאָרטן
מײַן מאַן געזען?

איז די מעלאָדיע נישט אין גאַנצן גענומען פון אַ רוסיש לידל:

אי טי דיווטשינאַ
זאַרוטשענאַיאַ!
טשאַהאָ טי כאָדיש
טאַקאָ סמוטנאַיאַ?

נו, אם כּן, פאַרלירט דאָס דען דעם געשמאַק? און וואָס איז דער גוואַלד, אַז עס וואַרפט זיך דורך צווישן 25 מעלאָדיעס איינע אָדער צוויי אָדער דרײַ אַפילו פרעמדע, נישט קיין עכט־ייִדישע געזאַנגען? דאָס זײַנען דאָך נישט מער ווי לידלעך פאַרן פאָלק,

פאַרן המון-עם, גלות-לידעלעך, געשריבן אין גלות אויף דער גלות-שפּראַך, איז גאָר אוממעגלעך, אַז דאָ זאָל נישט זײַן קיין מישמאַש, עס זאָל זיך ניט דורכוואַרפן קיין פרעמדע נאָטן אין אונדזער געזאַנג... איך רעד שוין נישט פון דעם, אַז גרויסע מבינים (נישט אַזעלכע ווי איך) געפינען, אַז דער כאַראַקטער פון יידישע מינאָרע לידער איז שטאַרק ענלעך מיטן כאַראַקטער פון דער קליינרוסישער מוזיק.

ווײַטער כאַפּט איר, הער ענגעל. דעם פאַרפאַסער פון די לידער פאַר אַן אויער, און איר פירט אים צו צום ליד ב׳ 3, און איר פרעגט אים אַ שאלה: סטײַטש, „דו צייכנסט אַן אינעם שליסל פון ליד מאַרענדאָ, דאָס הייסט שטיל, ווי פאַרשטאַרבן, און צום סוף שטעלסטו אויפן בײַנטן טאַקט פאָרטאָ. דאָס הייסט, שטאַרקער, העכער?״... איז דאָך עס אין פלוג אַ האַרבע שאלה. נאָר ס׳איז נישט אַזוי די מעשׂה, ווי איר זאָגט, הער ענגעל! ערשטנס, זאָגן מוזיקערס, אַז ס׳איז אין ערגעץ נישטאָ אַזאַ דין, אַז דאָרט וווּ עס הייבט זיך אָן מאַרענדאָ זאָל נאָך דעם נישט טאָרן זײַן פאָרטאָ און פאַרקערט. צווייטנס, האָט זיך גראַד (אויף וואַרשאַווסקיס אומגליק) אַרײַנגעכאַפּט אין די נאָטן פון דעם ליד אַ דרוקפע־לער פונעם בחור-הזעצער: תּיכּף אין דרײַצנטן טאַקט איז געשטאַנען א. פּ. (פּיאַנאָ) און אַזוי זינגט זיך דאָס ליד בײַ וואַרשאַווסקין און בײַ אַלע וואָס האָבן דאָס געזונגען נאָך מיט עטלעכע יאָר פריִער:

גאַנץ שטיל:

טײַערע מאַמע, טײַערע מוטער,
דו, מײַן טײַער כּשר האַרץ,
צי ווייסטו, ווי איך וויין אַזוי ביטער
און ווי גרויס איז דאָ מײַן שמאַרץ?

שטאַרק:

אוי, וואָס וואָלט איך נישט אָוועקגעגעבן,
איך זאָל טאָן אויף דיר אַ בליק!

שטילער:

איך וואָלט פאַר דיר געשטרעקט דאָס לעבן,
איך זאָל קומען צוריק...

נעמט וואָס איר ווילט פאַר אַ מוזיקאַליש ווערק, די שענסטע סימפאָניע פון בעטהאָ־ווען, מאָצאַרט, מענדעלסאָן אָדער טשײַקאָווסקי, וועט איר זען, אַז דאָרט וווּ עס באַדאַרף זיך בײַטן, בײַט זיך דאָס, עס מעג זיך אָנהייבן בחשאי, גאַנץ שטיל, און אויסלאָזן זיך בקולי־קולות. נאָר למאי דאַרפן מיר גיין זוכן בײַ פרעמדע, בעטהאָווען, מאָצאַרט, מענדעלסאָן, טשײַקאָווסקין. אָמער נעמט דעם פעליעטאָן פון הער ענגעל אַליין: דער הער ענגעל גיט אַ נאָמען זײַן אַרטיקל: „וועגן די יידישע פאָלקסלידער פון וואַרשאַווסקי״ (נישט „וועגן דער מוזיק פון די לידער״) און הייבט אָן גאַנץ „מאַרענדאָ״, דאָס הייסט, ג ע ל אַ ס ן, אַז ער וועט ריידן נאָר פון דער מוזיק אַליין; נאָך דעם מאַכט ער אַ שמועס וועגן די לידער גופא, אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער (פאָרטאָ); נאָך דעם ווידער פון מוזיק, וועגן קאַדרילן, פאָלקעס און מאַזורקעס (גראַציאָזאָ), און צעפלאַקערט זיך

אַזוי שטאַרק (קרעסצענדאָ), אַז ער הייבט אַזש אָן רעדן פון זיך, אַז ער האָט דורכגע־שטודירט נאָר זעכציק ייִדישע לידער און האָט געלייענט אין מאָסקווע אַ רעפעראַט פאַר אַ יאָרן אין חודש נאָוועמבער וועגן ייִדישער מוזיק און וועגן דער מוזיק פון קאַווקאַז, פּערסיאַנישע, אַראַבישע און חסידישע געזאַנגען און וועגן גאָר אַלטפראַנקישער מוזיק: עאָלישע, דאָרישע, מיקסאָלירישע וכדומה (פאָרטאָפאָרטיסימאָ!).

לייענענדיק אײַער רעצענזיע, הער ענגעל, קאָן מען זיכער מיינען, אַז וואַרשאַווסקי איז דאָ מסתּמא דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר און איר זענט מיט גאָטס הילף זײַן מוזיקאַל־קריטיקער, האָט איר זיך צעלאָזט מיט אַ ירגזון, מיט אַ כּעס, זאָל גאָט שומר־ומציל זײַן! איר זאָגט, אַז ס'איז אַ מיצווה מען זאָל פאַרהיטן דאָס ייִדישע פאָלק פון וואַרשאַווסקיס לידער. מחמת דער טעמפּ פון די מעלאָדיעס איז געגרינדעט אויף טענץ — אַ קליי־ניקייט אַזאַ־אַ־אומגליק?! — און דערבײַ גיט איר אַ שטאָך מיט אײַער שאַרפער מוזיקאַ־לישער פעדער די ציוניסטן, למאי זיי האָבן רעקאָמענדירט די דאָזיקע לידער. באַרויִקט אײַך, הער ענגעל, די ציוניסטן זײַנען גאָט די נשמה שולדיק. תּיכּף נאָך וואַרשאַווסקיס לידער האָט דער דאָקטאָר כּהן־בערנשטיין רעקאָמענדירט מיטן זעלבן טאָן אויך די „ייִדישע פאָלקסלידער" פון גינזבורג און מאַרעק. דער דאָקטאָר כּהן־בערנשטיין האָט שוין אַזאַ טבע, טאָמער דערזעט ער עפּעס אַ רעכט ווערק אין דער ייִדישער ליטעראַטור דרוקט זיך אָפּ, אַזוי פּויקט ער אויס אין זײַנע בריוועלעך. כּהן־בערנשטיין האָט פאַר־געסן אַכטונג געבן אויפן טעמפּ פון די מעלאָדיעס, טאָמער איז ער געגרינדעט אויף אַ וואַלס אָדער אויף אַ מאַזורקע, וואָס קען חלילה שאַדן דעם ציוניזם און דעם גאַנצן ייִדנטום. אויף ווײַטער באַדאַרף מען זען, אַז דער ד"ר כּהן־בערנשטיין זאָל, למען־השם, אויסלערנען אַלע טענץ!...

זײַט זיך מודה, הער ענגעל, אַז אין אײַער פלאַם־פײַערדיקער רעצענזיע האָט איר אויף דער הייסער שעה אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס און האָט גערעדט אייניקע ווערטער, וואָס איר האָט זיי נישט באַדאַרפט רעדן... עס טרעפט זיך אַ מאָל מען כאַפּט זיך אַרויס, נישקשה, הלוואי זאָל זיך אַזוי נישט טרעפן!

זײַט געזונט און לאָמיר בלײַבן אומבאַקאַנטערהייט די זעלבע גוטע־פרײַנד ווי בין אַהער.

קיִעוו, שלום־עליכם

## 396. צו אָ. ב. גאָלדאָווסקי

קיִעוו, 12טן נאָוועמבער 1901

דעם הויכוויילגעבוירענעם

געהילף פון געשווירענעם אַדוואָקאַט

אָ. ב. גאָלדאָווסקי

אין מאָסקווע

זייער געערטער אָניסים באָריסאָוויטש!

אין איינעם מיט דעם דאָזיקן בריוו וועט איר דערווײַל באַקומען דרײַ מײַנע זאַכעלעך

אין דער איבערזעצונג פון דריי פאַרשיידענע איבערזעצערס אונטער מײַן רעדאַקציע. אַ גרויסער שאָד, וואָס אָט די אַלע זאַכעלעך זײַנען לויט מײַן מיינונג פון די שוואַכסטע ווערק. פאַר אײַער זאַמלונג האָב איך אַ נײַע סעריע פאַרצייכענונגען אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות", וועלכע דרוקן זיך אין דער צײַטונג „דער יוד" פונעם 1טן דעצעמבער ד"י. דווקא מיט די דאָזיקע דערציילונגלעך וואָלט איך געוואָלט דעביוטירן פאַר דעם נײַעם רוסישן פובליקום, און מיט זייער פאַרמיטלונג וואָלט איך געוואָלט פאַרבינדן אַ באַקאַנטשאַפט מיט מ. ג. [געמיינט: מאַקסים גאָרקי.] — אַזוי ברייט נעמען זיי אַרום אונדזער פּראָווינציעל ייִדיש לעבן פון אַלע זײַנע אַנטפּלעקונגס־פּונקטן, און אַזוי זיכער בין איך אין זייער דערפאָלג. אַגב, וועל איך די טעג זיך סטאַרען אַליין איבערזעצן אַ פּאָר פאַרצייכענונגען און וועל זיי אײַך צושיקן פאַר מ. ג., דאָס הייסט פאַר דער זאַמלונג.

מיט אַ געפיל פון פאַרשטענדלעכער פאַרלעגנהייט טרעט איך מיט זיי אַרויס פאַר אַזאַ קינסטלערישן כּוח, ווי מ. ג., און דערפאַר מוז איך נאָך אַ מאָל זיך פאַרענטפערן, אַז די דאָזיקע זאַכן שעפּן ניט אויס מײַן ליטעראַרישן אַמפּלוּאַ.

ווײַטער, וואָס איז שייך דער זאַמלונג, נעם איך אויף זיך גערן אַלע אַרבעטן, וועלכע אײַך וועט נאָר זײַן געוווּנטשן אַרויפצולייגן אויף מיר און וועלכע איך וועל זײַן בכּוח אויסצופילן. פאַר מיר איז אַוודאי גרינגער פון אַלץ גרופּירן דעם מאַטעריאַל, צעטיילן אים צווישן די מיטאַרבעטערס — איבערזעצערס און אָנווײַזן אויף זיי. אַ געוויסן טייל פון די איבערזעצונגען, אָדער אַפילו אַ גרויסן טייל, נעם איך אויף זיך, מיט דער הילף פון צוויי־דריי איבערזעצערס, וועלכע איך האָב שוין געפונען. דערנאָך גייען ביאָגראַפישע ידיעות וועגן די אויטאָרן, וועלכע איר וועט געפינען פאַר נייטיק. איך קען כּמעט אַלע אונדזערע אָנגעזעענע טוערס אויפן געביט פון ביידע ייִדישע ליטעראַטורן — העברעיִש און פאָלקס־ייִדיש, דעם אַזוי גערופענעם „זשאַרגאָן".

איר בעט צונויפשטעלן פאַר אײַך דעם אינהאַלט פון דער זאַמלונג. ביטע. איך הייב אָן פון די העברעיִשע שרײַבערס. פון לידער און פאָעמעס דאַרף מען פאַרלייגן אַזאַ מײַסטער ווי ש. ג. פרוג (אין פּעטערבורג) איבערזעצן ל. אָ. גאָרדאָנס פאָעמע „אין די טיפענישן פון ים". דערנאָך דרײַ לידער ח. נ. ביאַליקס — דאָס איז אַזאַ מין פאָעט, וואָס מע קאָן קוים געפינען אַ גלײַכן צו אים אין אונדזער פיל־דורותדיקער ליטעראַטור (ער איז נאָך אַ יונגער־מאַן, אַן אויסערסט באַגאַבטער). צום באַדויערן, זע איך ניט אין אונדזער העברעיִשער ליטעראַטור, חוץ פאָעטישע מוסטערן, קיין שטייגערזאַכן, וואָס זאָלן טויגן פאַר אײַער זאַמלונג, אויסער די ווערק פונעם זיידן אַבראַמאָוויטש, וועגן וועמען עס וועט גיין אַ רייד שפּעטער. עס איז אָנגענומען אָנצוווײַזן נאָך אויף בראַנד־שטעטערן ווי אויף אַ כּלומרשט גוטן דערציילער. צום באַדויערן, האַלטן ניט אויס די ווערק פון דעם דאָזיקן שרײַבער קיין קריטיק פונעם שטאַנדפּונקט פון שטרענגן קינסט־לערישן אמת.

איצט גיי איך אַריבער צו די ווערק פון אונדזער פ א ל ק ס מ ו ז ע. די דאָזיקע פּערזאָן, זעט איר, נעמט ניט אויס ניט מיט קיין רײַך צירונג, ניט מיט קיין בונטע פאַרבן, ניט מיט קיין איידעלן געזיכט, ניט מיט קיין רייצנדיקע פאָרמען — „אַ פּראָסטע ייִדישע קאַפּאָטע", דערפאַר אָבער וואָס פאַר אַ שלל מיט לעבן! וואָס פאַר אַן אוצר פון אמת!

וואָס פאַר אַ גלענצנדיקער פּײַערווערק פון שאַרפזין, וויץ, פון טיפסטן הומאָר, וואָס דרינגט אין דער נשמה אַרײַן!

פאַרשטייט זיך, אַז איך רעד וועגן מײַן אומשטערבלעכן „זיידע", אַבראַמאָוויטשן און זײַנע הויך קינסטלערישע, אומשאַצבאַרע שאַפונגען, וואָס האָבן צו זיך ניט קיין גלײַכן. אַ שאָד! אים קענען נישט ניט בלויז אונדזערע קריסטלעכע שכנים; אים קען ניט אַ גוטע העלפט פון אונדזער אייגענעם עולם, אויף וועמענס שפּראַך און פאַר וועמען, אייגנטלעך, זײַנע ווערק זײַנען געשריבן. איך קען ניט רעדן גלײַכגילטיק וועגן די ווערק פון דעם דאָזיקן שרײַבער, נאָך מער, ווען עס גייט אַ רייד וועגן דעם, מע זאָל אים באַווײַזן פאַר דער קריסטלעכער וועלט. ס'איז מיר שווער אָפּצושטעלן זיך אויף וועלכן ניט איז איינעם פון זײַנע ווערק. דעריבער וואָלט איך געעצהט געבן עטלעכע קאַפּיטלען פון עטלעכע זײַנער ביכער. דער עיקר רעקאָמענדיר איך פונעם „ווינטשפינגערל" (געדרוקט זיך אין מײַן יאָרבוך „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", 1887—1888) און פון „פישקע דער קרומער" (אַרויס אין אָדעס אין 1892—1893).

נאָך אַבראַמאָוויטשן וואָלט איך געגעבן אַן איבערזעצונג פון יידישע פאָלקסלידער פונעם אַמעריקאַנער יידישן פאָלקספּאָעט, דעם שנײַדער מאָריס ראָזענפעלד, וועלכער דערמאָנט שטאַרק אין דעם פּאָעט ביאַליק. עס וואָלט ניט געשאַט בעטן בײַ פרוגן אַ צוויי־דרײַ לידעלעך פון זײַן אייגענער פאָלקסמוזע. פון די צום מערסטן טאַלאַנטפולע הײַנטצײַטיקע יידישע בעלעטריסטן וואָלט איך זיך אָפּגעשטעלט אויף פּרצן. איך רעקאָמענדיר דער עיקר זײַנע חסידישע נאָוועלעס.

פאַראַן אייניקע גאַנץ סימפּאַטישע דערציילונגען בײַ מ. ספּעקטאָר און ד. פּינסקי, וועלכע זײַנען געדרוקט אין דער זאַמלונג „הויז־פרײַנד", ב. VI און V. מע קאָן אויסקלײַבן צו איין פאַרצייכענונג.

איצטער קומט מײַן ריי. איך חזר איבער, אַז כ'וואָלט געוואָלט אומבאַדינגט אַ גלאַנץ טאָן אין אײַער אויסגאַבע מיט מײַנע לעצטע קליינע דערציילונגען וועגן די „קליינע מענטשעלעך". אפשר וועל איך זיך נעמען זיי איבערזעצן פון יאַנואַר חודש, און קאָן זײַן נאָך פריִער. די מעשה איז, וואָס איך געפין זיך איצט אין פעריִאָד פון פולשטענדיקער פּראָדוקטיווקייט. אַזאַ שלל געשטאַלטן, טיפּן, בילדער און סיטואַציעס און אַזוי פיל זאָרגן וועגן „טאָג־טעגלעכן ברויט"! קיין שום קריסטלעכער שרײַבער קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אין וועלכע אומשטאַנדן עס קומט אויס צו אַרבעטן אונדזעריקן — אַ יידן, וועלכער איז באַגרענעצט ניט נאָר אין לעבנס־מיטלען, נאָר אויך אין ציווילע רעכט. ניט האָבנדיק ניט קיין „שטענדיקע" רעכט צו וווינען אין דער הייליקער שטאָט קיִעוו, ניט קיין שטענדיקע באַשטימטע באַשעפטיקונג, און זײַענדיק דערצו נאָך אַ מטופל מיט אַ פילצאָליקער משפחה, ווייסטו ניט, פון וואָס פריִער צו טראַכטן: צי וועגן רעכט אויף וווינען, צי וועגן אַ נײַ ווערק, וואָס בעט זיך אויף פּאַפּיר?

עס וואָלט געווען אַן עוולה, ווען אַ שטייגער־שרײַבער פונעם פיללײַדנדיקן פאָלק ישראל וואָלט זיך פאַרנומען מיט זײַן אייגענער ליטעראַטור, ווי אייניקע פון זײַנע קריסטלעכע ברידער, בלויז צוליב רום און צוליב די אינטערעסן פון פאַרדינונג. אַלזאָ, חוץ די בײַגעלייגטע דרײַ זאַכעלעך, אָדער אַחוץ זיי, האָב איך בדעה צו געבן צוויי־דרײַ פיצינקע פאַרצייכענונגען פון „די קליינע מענטשעלעך"; וואָס שייך מײַנע גרעסערע

דערציילונגען און ראָמאַנען, ווי „סטעמפעניו" אָדער „יאָסעלע סאָלאָוויי", דאַרף מען זיך אָפּזאָגן פון דעם געדאַנק זיי איבערזעצן שוין דערפאַר, וואָס „סטעמפעניו" האָט שוין איבערגעזעצט איינער אַ פּעטערבורגער מאַרקאָוו פאַר די ביכלעך פון „וואָסכאָד" אויפן 1902טן יאָר.

צום סוף וואָלט איך געוואָלט אָנרירן אויך די אויסערלעכע זײַט פון דער זאַמלונג. כ'האָב געהערט, אַז איר האָט בדעה צו געבן אייניקע צייכענונגען פון גוטע קינסטלערס. איך וואָלט געהאַלטן פאַר זייער אָריגינעל און געלונגען צו געבן אייניקע אילוסטראַציעס צו די מער באַדײַטנדיקע ווערק פון די אָנגעזעענסטע שרײַבערס. למשל, מע זאָל געבן אַ וואָסער ניט איז טאַלאַנטפולן קינסטלער, כאָטשבי דעם ה׳ פּאַסטערנאַק, ער זאָל אָנמאָלן אַ צוויי־דרײַ בילדער צו אַבראַמאָוויטשעס דערציילונגען. צוליב דעם דאַרף מען אַראָפּ־נעמען אַ קאָפּיע פון דעם דאָזיקן ווערק אין דער רוסישער איבערזעצונג אויף דער מאַשינקע „רעמינגטאָן", און מיט דער דאָזיקער אַרבעט אין גאַנצן זיך פאַרלאָזן אויף דעם קינסטלערס פאַנטאַזיע.

צוליב מער אייגנאַרטיקייט פונעם בוך, וואָלט איך געגעבן עטלעכע יידישע אויטאָ־גראַפן, חוץ די בילדער און פאַקסימיליעס פון די שרײַבערס.

איר זעט, אַז איך בין אויסן די אייגנאַרטיקייט (ניט דעם עפעקט) פונעם בוך. און, גלייבט מיר, דאָס איז זייער וויכטיק און ניצלעך. און אויב עס וועלן זיך געפינען לײַט, וועלכע וועלן טאַדלען די אַרויסגעבערס פאַר איבעריקער נייגונג צו יידישקייט, איז דאָך סײַ ווי סײַ, „סיעם ביעד — אָדין אָטוויעט".

פאַראַן, פאַרשטייט זיך, ניט ווייניק נאָך פּרטים, וועגן וועלכע מע וואָלט באַדאַרפט איבערריידן; נאָר צי וועט עס ניט זײַן צו פיל פאַרן ערשטן מאָל? פאַרגעסן אײַך צו זאָגן וועגן דער סכעמע פונעם בוך, וועלכע איז אויפגעשווומען אין מײַן געדאַנק. איך וואָלט ניט געדרוקט די ווערק פון פאַרשיידענע שרײַבערס צעוואָרפן, נאָר פאַר יעדן אויסגעטיילט אַ באַזונדערן אָפּטייל, אָנהייבנדיק קודם־כּל פון די ביאָגראַפישע ידיעות, פונעם פּאָרטרעט, פון דער פאַקסימילע און אויטאָגראַף פונעם שרײַבער, און דערנאָך שוין — דער מוסטער פון זײַנע ווערק.

און צום סאַמע סוף האָב איך איבערגעלאָזט די פראַגע, וואָס איז מיר צום מערסטן דערווידער. דאָס איז די פראַגע וועגן דער גרייס פונעם האָנאָראַר, ווײַל ווי ס'זאָל מיר מיט אײַך ניט זײַן אָנגענעם צו זיצן בײַ אַ טעפּעלע קאַווע אין אַ געמיטלעכן רעסטאָראַן־ווינקל, קומט דאָך אַ מאָל אָן דער מאָמענט, ווען מע דאַרף זיך צעצאָלן לויטן חשבון. דאָס איז אומפאַרמײַדלעך.

בײַם געזעגענען זיך בעט איך אײַך איבערגעבן מײַן טיפסטן גרוס מײַן הויכגאַכבטן ברודער — דעם סלאָוו, וועמעס ווערק איך לייען איצט באַנײַס איבער און בין איבער־ראַשט פון זייער קראַפט און אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט. אַזאַ מענטש, ווי גאָרקי, קאָן נישט ניט זײַן איבערפולט מיט ליבע און מיטלײַד צו דעם פאָלק, וועמעס ליידן שטײַגן איבער אַלע ליידן פון דער וועלט. ס'איז גענוג בלויז אים נעענטער צו באַקענען מיט אָט דעם פאָלק, און מיר וועלן זיך באַמיִען דאָס צו טאָן.

## 397. צו מרדכי ספעקטאָר

קיִעוו, 17טן נאָוועמבער 1901

עליכם־שלום איַיך פון שלום־עליכמען, הער ספעקטאָר!

דאָס פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז ווי באַלד אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור — בין איך איַיערער. איך האָב פון איַיערט וועגן גראָדע אַ שיין בילד פון אַ יִדיש פערדל „מתושלח", אַ מעשׂה פאַר יִדישע קינדער, אין דער גרויס פון אַ „יוד"ישן פעליעטאָן, נישט מער, פונקט אָנגעמאָסטן פאַר איַיער „פאַמיליע", און שיקן קאָן איך עס איַיך אַפילו באַלד, ס'איז שוין איבערגעשריבן אַפילו אויף ריינעם און רעכט אויסגעפוצט, ווי איך האָב ליב. נאָר וואָס דען? איר זאָלט מיר הונדערט מאָל מוחל זיַין — איך מוז וויסן, אויב ס'איז נישט קעגן די בעלי „אַחיאָסף", דאָס הייסט, קעגן אונדזער „יוד"? היַינט באַדאַרף איך וויסן, ווי וועט עס גיין אָפיציעל: אַלס ביַילאַגע צום „יודן", צי גלאַט אַ באַזונדער זשורנאַלכן, אַרויסגעגעבן אָדער רעדאַקטירט פון ספעקטאָר? איך בעט איַיך נאָך אַ מאָל איבער הונדערט מאָל: עס וווּנדערט מיך, פאַר וואָס שריַיבט מיר ניט וועגן דעם קאַפּלאָן, כאָטש איך האָב אים דריַי מאָל אָנגעפרעגט, וואָס רעכנט ער צו טון מיט פרעמיע צום ניַיעם יאָר?

אַלזאָ, באַלד נאָך איַיער תשובה באַקומט איר מיַין פערדל „מתושלח", וואָס „איז אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן". איך רעכן, אַז דעם זיידנס קאַפּיטל צו דער „קליאַטשע", וואָס ליגט אין פאָרטפעל פונעם „יודן", זאָל אויך אַריַינקומען אין דער „פאַמיליע". מע באַדאַרף האָבן, אַז דאָס ערשטע ביכל זאָל זיַין מיט אַ גלאַנץ און מיט אַ קנאַק! איך בעט, אויספּירלעך מיר וועגן דעם שריַיבן. נישקשה. איך מעג וויסן אַלץ. עס קאָן איַיך, אדרבה, צו ניץ קומען.

איַיער גליקווינטשנדער

שלום־עליכם

פּ.ס. — איר ווייסט, ברודער? אָט דאָס זשורנאַלכן וואָלטן מיר ביידע באַדאַרפט אַרויסגעבן, אַפילו אַלס ביַילאַגע צום „יוד". עס וואָלט געווען בעסער אין פיל־פיל ענינים. צעקיַיט דאָס נאָר!...

## 398. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 18טן נאָוועמבער 1901

שלום לידידי לרבניצקי!

אויף צו להכעיס איַיך, ענטפער איך איַיך באַלד און שוין, מחמת איך האַלט די זאַך פאַר אַ מיצווה, דהיַינו: אַזוי ווי איר האָט דאָך מסתּמא אָנגעקליבן אַ פאָר קערבלעך און ווילט זיי פּטרן, און אַזוי ווי צו באַגראָבן אַ ייִדן איז דאָך אַ מיצווה, לכן בין איך מיך מזדרז וואָס גיכער — לאָז אַ ייִד רבניצקי ניט האָבן קיין הונדערטער! — נאָר אָן לצנות, מיר געפעלט די מעשׂה, ובפרט אַז ביאַליק איז אויך דערין — און איר ווייסט

דאָך, ווי איך האַלט פון ביאַליקן — ואחסרהו מעט מאלהים! — איך זאָג עס ערנסט. לכן בין איך אָנגעברייט ממלא זײַן אײַער בקשה און גיב אײַך אַ שפּאָגל נײַע מעשׂה פֿאַר ייִדישע קינדער, אַלאַ „ראַבטשיק". די מעשׂה הייסט מתושלח (אַ ייִדיש פערדל) און וועט זײַן געדרוקט אינעם „יוד" (דאָס הייסט, אינעם חודש־זשורנאַל, וואָס וועט גיין צום „יוד" פון נײַ־יאָר) אין יאַנואַר. איך האָב די דאָזיקע מעשׂה, מחילה, אַליין געגומען איבערזעצן אויף העברעיִש און, דאַכט זיך, ניט שלעכט, בלשון „חברבר החצרוני", פון דער חברה „תּושיה" וועגן, פאַרן „עולם קטן". נאָר מחמת מיצווה און מחמת ליבשאַפט און גוט־פרײַנדשאַפט און מחמת „עניי עירך קודמין", כאָטש אַפילו על־פּי יושר, על־פּי מענטשלעכקייט און על־פּי ווייס איך וואָס איז ניט אַזוי, פון דעסטוועגן, ווײַל איר זענט שוין געקומען מיט אײַער בריוול, אַזוי און אַזוי, האָב איך מיך מישב געווען, ווי זאָגט ער: זכרתי לך חסד נעוריך — איך געדענק נאָך דעם אינדיק פון ניקאָלאַיעוו, ואת הדגה אשר אָכלנו במצרים — און די פּאָמידאָרן, וואָס מיר פלעגן עסן אין אָדעס, דאָס־יענץ, און אַגב ביאַליק, אַ נײַער מענטש; כאָטש אַפילו אַז מע וויל שמועסן נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע ווידער צוריק, האָט בן־אַביגדור נישט פּאַרדינט, מע זאָל אים אַזוי באַהאַנדלען, נאָר אויך די אייגענע מעשׂה: וואָס בין איך עפּעס אַ מחויב זײַנער? איך אַרבעט בײַ אים פון דער פֿאַר? כּחומר ביד היוצר — ווייל איך שרײַב איך, וויל איך שרײַב איך ניט. קיין יאָריד האָב איך אים ניט קאַליע געמאַכט? לאָז ער מיך רופן קנאַקניסל! אײַ וואָס? ווו וועל איך נעמען אַ מעשׂה? מילא אַ דאגה; איר זאָלט שוין אַזוי זײַן באַוואָרנט מיט ציינוויייטיק, מיין איך מיט פּרנסה, ווי איך בין באַוואָרנט מיט מעשׂיות. פּעק, זאָג איך אײַך! איר זאָלט אַרײַנקוקן אין די „קליינע מענטשעלעך" (זיי גייען תּיכּף נאָך חנוכּה אינעם „יוד") — דער ד"ר לוריא איז גאָר די כּפּרה נאָך זיי! און דער „בעל־מחשבות" נעמט גאָר אײַן אַ מיתה־משונה! אַזוי זאָגט מען. איר ווייסט נישט, ווער איז דער דאָזיקער נפש? ווי געפעלט אײַך זײַן רעצענזירן ביכער? איר זענט דאָך עפּעס אין דעם יאָ אַ שטיקל מומחה? און פֿאַר וואָס זאָלט איר עפּעס ניט שרײַבן קיין רעצענזיעס? עס מעג אײַך אָנשטיין, כלעבן, נעמען זיך אינעם „יוד" פונעם נײַעם גויִישן יאָר צו די אַמעריקאַנישע ראָמאַנען, ברענען זאָלן זיי! איר זאָלט זען די אַמעריקאַנישע ייִדישע בלעטער! איר זאָלט וויסן וואָס דאָרטן טוט זיך! איך שרײַב דאָך שוין דאָרטן אין צוויי בלעטער. מע רײַסט זיך דאָרט, ווי די הינט, איבער מיר, ווי אַ ייִד איך בין. טיפּשים גרויסע, נאָר שאַרלאַטאַנעס נאָך גרעסערע! רמאים! אַפּעריסטן!!! בקיצור, אַקעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד? אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט אַ פינפאונצוואַנציקער. מהיכא־תּיתי, שיקט צו מיר אַ פינפאונצוואַנציקער תּיכּף ווי איר וועט באַקומען מײַן „מתושלחן", עס מאַכט ניט אויס, מיר וועלן זיך ניט קריגן. און אויב איר ווילט גיך און געשווינד, דאָס הייסט באַלד און שוין, וועל איך אײַך אים צושיקן אין לשון־קודש ניט קיין געענדיקטן מיטן זשאַרגאָנישן אָריגינאַל, ואתם (איך מיין אײַך מיט ביאַליקן) כּטוב בעיניכם עשו — און ענטפערט מיר באַלד תּשובה, און לאָזט גריסן מאַנישן מיט פאַיען, און דעם „זיידן" באַזונדער אַ גרוס, און אַלע איבעריקע אַנשי־שלומנו גיט אָפּ אַ ברייטן שלום־עליכם פון אײַער אײַך איבערגע־געבענעם

שלום־עליכם

פ.ס. — אײַ, ווען איר קאָנט אויספירן צו מײַן „מתושלחן" בילדער! לכל־הפּחות, זאָלט איר קאָנען געבן דאָס בילד פון „מתושלחן" גופא, אײַ־אײַ־אײַ!

## 399. צום זעלבן

קיעוו, 25סטן נאָוועמבער 1901

ידידי רבניצקי!

איך פאַרשטיי ניט אײַער בריוו — שוין זשע האָט איר מײַן „מתושלח" נאָך ניט מקבל געווען? מסתּמא שפּעטער מיט אַ טאָג? — בכן, איז דאָך עס שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. —

די מאָמענטן פון די בילדער וואָס אין „מתושלח" צו אילוסטרירן זענען די דאָזיקע:

1) דאָס פערדל גופא מיטן שײנעם אַראָפּגעלאָזטן ליפּל, מיטן אויסגעקראָכענעם ווײדל, מיט די הויכע קליבעס, שטייט און זופט אַ פּאָמעניצע, — און כתריליכע, אַ ייִדענע מיט אַ פּאַטשיילע, אַן אָרעמע, שטייט מיט צונויפגעלייגטע הענט און קוקט, ווי מתושלח נעבעך עסט, קיין עין־הרע ניט.

2) מתושלח מיט זײַנע צוויי חברים ר ו ע ן שבת בײַ דער „בויד". אַלע דרײַ האָבן אַנידערגעלייגט די מאָרדעס אויפן וואָגן און זענען מקבל עונג־שבת. —

3) מתושלח אין דער דרעשמאַשין. צוגעבונדן צו אַ שטעקן בײַ אַ גרויסער ראָד, און אַ קליין שייגעצל מיט אַ גרויסן היטל און מיט אַ לאַנגער בײַטש לויפט אים נאָך: הו־הי! הו־הי!...

4) ראובעלע שלעפּט סטרונעס בײַ מתושלחן פונעם ווײדל, און די איבעריקע ווײַסע־חברהניקעס (גלאַט אַ טשאַטע קעפּלעך) קוקן.

5) דאָס לעצטע בילד. מתושלח „אויסגעפּוצט" מיטן פּאַפּירענעם ספּאָדיק, מיטן בעזעם צום ווײדל, און ראובעלע מיט די איבעריקע קונדסים האָבן זיך אָנגעזעצט אויפן רוקן: האָפּ־האָפּ־האָפּ! — — —

די דאָזיקע בילדער, אַז אײַער קישעניאָוווסקי וועט זיך אַ ביסל אַרײַנלייענען אין דער מעשׂה, וועט ער זיי געוויס מאַכן, „כּאשר אָהבתי".

איך בעט אײַך, אַז ווי באַלד איר וועט זיי אויסגראַווירן אויף קלישעען, זאָלט איר מיר אָפּקוועטשן די קאַרעקטור און צושיקן — און אויב זיי וועלן געראָטן, וועל איך בײַ אײַך די קלישעען אָפּקויפן צוליב דער רוסישער איבערזעצונג פאַר מאַקסים גאָרקיס אויסגאַבע. —

— — —

נ.ב.: איך האָב פאַרגעסן נאָך איין בילד: מתושלח אײַנגעשפּאַנט אין פעסל, און כתריאל וואַסער־פירער זיצט אויפן פעסל און זינגט „אַשרי האיש אשר לא הלך"...

אונטער יעדער אילוסטראַציע דאַרף שטיין אַן אונטערשריפט מעניינו.

— — —

פאַר אײַערע איבעריקע העפטלעך פון די אויסגאַבעס „מוריה" האָב איך פרישע מעשׂיות, איינע אַ נײַע, שוין אַ פאַרטיקע:

אויפן פידל
סאָלאָ נאָ סקריפּקע

אַ היגער קינסטלער מאַכט מיר פון זייערט וועגן בילדער צום אילוסטרירן, ווער איך אײַך שיקן קאָפּיעס צו זײַ, און די מעשׂה גופא אויך. נאָר קוועטשט מיך ניט מיטן איבערזעצן, וואָרעם איך בין פאַרוואָרפן מיט אַרבעט: איך שרײַב איצט פאַרן „יוד", פאַר דער „פאַמיליע", פאַרן „בילדונג", פאַר צוויי אַמעריקאַנישע זשורנאַלן, און בין פאַרנומען מיט די איבערזעצונגען פאַר מאַקסים גאָרקי און מיט דער אויסגאַבע פון מײַנע ווערק פאַר זיך אַליין. הײַנט שרײַב איך גלאַט אַזוי אַלע טאָג נײַע זאַכן, „קליינע מענטשעלעך" און איין ראָמאַן אַ גרויסן.

שלום־עליכם אײַך און שלום־עליכם ביאַליקן.

שלום־עליכם

פּ.ס. — שרײַבט מיר, מיט וואָסערע תּקיפות קאָן איך פאַרווערן, מע זאָל מײַנע מעשׂיות ניט איבערזעצן? צי האָב איך דערויף רעכט? מיר דאַכט, אַז לאָ. — — —

## 400. צו ב. ירוחמזאָן

27. 11. 1901

Г-ну Б. Ерихемзону, Б. Церковь

מײַן ליבער ייִד!

אויף אײַער ליבן בריוו אײַל איך מיך אײַך צו ענטפערן, ראשית, אַז די „צען מעשׂיות" — האָט צײַט — זײַנען נאָך ניט אַרויס, און זײַט זיכער, נישט איין מיטוואָך וועט אַוועק, וואָרעם איך וויל אַרויסלאָזן אַזאַ מין בוך, וואָס ע י ן ל א ר א ת ה אין אונדזער ייִדישער פאָלקס־ליטעראַטור און איבער הויפּט אויף אונדזער שמאַטעמאַרק. די הויפּט־מאָמענטן פון יעדער דערציילונג ווערן אילוסטרירט פון יונגע, נאָר טאַלאַנט־פולע קינסטלערס, און דאָס נעמט צו מי־יודע וויפל צײַט. חוץ־לזה האָב איך גענומען אַלע אַלטע מעשׂיות, איבערגעמאַכט אויף ס'נײַ — איז געבליבן פון זיי, מיר דאַכט, נישט מער ווי דער נאָמען אַליין, — הכּלל, ס'איז גאָלע נײַ.

איינע פון די „מעשׂיות" וועל איך, דאַכט זיך, האָבן די ערע צו לייענען בפומבי בײַ אײַך אין אײַער שׂדה־לבן דעם 6טן דעצעמבער אויפן קאָנצערט־אָוונט אין דער מיידלשער תּלמוד־תּורה. כאָטש, אַז מע זאָל וועלן שמועסן צוריק, זײַנען דאָס אײַערע שוואַרץ־טומאהדיקע פאַרכעס אַריסטאָקראַטן ניט ווערט. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז זיי וועלן נאָר דערהערן, אַז שלום־עליכם קומט צו פאָרן מיט עפּעס אַ וואַרשאַווסקין, מע וועט עפּעס לייענען מעשׂהלעך, מע וועט זינגען ציגעלע־מיגעלע — פע, ווי פּאַסט עס פאַר אַ שוואַרץ־טומאהר גביר, וואָס טשעפּעט ניט קיין פליג אויפן וואַנט, אָדער פאַר אַזאַ גביר, וואָס האָט אייגענע הײַזער און אַ פולן שאַבעלטאַש מיט געלט, — זײַנס — יענעמס — אַלץ איינס, — ווי פּאַסט עס, זאָג איך, ער זאָל גיין מיט אַלע קבצנים, מלמדים, פּראָסטע ייִדן און פּראָסטע ווײַבלעך אָן בריליאַנטן, — פע, חלשות! — נאָר אַז מיר וועלן אָבער

שמועסן נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע, ווידער צוריק, באַדאַרף מען אויף צו להכעיס דווקא יאָ קומען און דווקא יאָ לייענען — און לאָזן זיי זיצן אין געהאַקטע ווונדן אין דער היים, זיך גלעטן די בײַכלעך, קוקן אין שפּיגל אַרײַן און זיך צוהערן, צי דער מאָגן קאָכט!... איך קען זיי, די סוואָלאָטשעס, אוי, קען איך זיי! זיי גייען אויס! זיי ווילן אויך הערן אַ גוטן וואָרט, נאָר עס פּאַסט זיי ניט פּאַר זיך אַליין — פּאַרט אַריסטאָקראַטן! — — —

וועגן אײַער התפּעלות פאַרשטיי איך ניט. בײַסט ווײַטער: לייענט די „קליינע מעשׂהלעך", דאָרט הייב איך ערשט אָן צו שרײַבן.

מײַן מנחם־מענדל איז טאַקע געערעכט; ער זאָגט: „איר שרײַבט און שרײַבט און האַלט נאָך גאָר פון פאָרנט". יאָ, איך האַלט נאָך גאָר פון פאָרנט. איך רעכן, אם־ירצה־השם, אין גיכע צײַטן עפּעס אָנהייבן שרײַבן נישקשהדיקע זאַכן. איר ווייסט, די חסידי־אומות־העולם האָבן זיך אָנגעהויבן צוקוקן צו אונדז, צוהערן און אינטערעסירן זיך. איינער פון זיי, אַ מענטש מיט אַ גוואַלדאָוונער פּען, מיט אַ ריזן־טאַלאַנט און מיט אַ גילדן האַרץ — מאַקסים גאָרקי — האָט זיך גענומען צו אונדז גאַנץ געשמאַק. עס וועט דערשײַנען אין רוסיש אַ היפּשער זאַמלבוך פון גאָלע ייִדישע אַנטיקלעך, איבער הויפּט פון זשאַרגאָן, איבערגעאַרבעט אין רוסיש. פון מײַנע זאַכן איז שוין בײַ זיי פּאַרטיק „דאָס טעפּל" (דווקא), „די פּאָן", „ראַבטשיק" און נאָך. דעם „זיידנס" שטיקלעך זאַכן זעץ איך אַליין איבער אין רוסיש. אַ פּאָר לידער פון ביאַליקן (נישט ליאַמע און נישט „איסאַק", אָן אַנדער ביאַליק!). פון גאָרדאָן און דאַליצקי און ראָזענפעלד מאָריסן זעצט איבער פרוג — מע אַרבעט אין געשעפט! און די אַרויסגעבערס זײַנען דווקא אַלע רוסן. די מעשׂה מיט פּרצן איז אַ שאַנדע פאַר אונדז אַלעמען, עס קרענקט מיך שטאַרק; נאָר איך האָף, אַז ס'איז אַ מקח־טעות; איך וועל עס גיך געוואָר ווערן, איך האָב נאָכגעפרעגט. ווי זאָגט איר — באַדאַרפן מיר פאָרן קיין שׂדה־לבן, צי ס'איז ניט כּדאַי? נאָר באמת על־פּי־יושר.

שלום־עליכם

פּ.ס. לאָזט גריסן דעם ד"ר טשערני. ווי געפעלט אײַך מײַן „חנוכּה"? שוואַכלעך, צי נישקשה? בײַ די היגע אַריסטאָקראַטן האָב איך אים געלייענט אין כ"ו[?], האָט מען צעטראָגן די שטוב.

## 401. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 2טן דעצעמבער 1901

**ידידי רבניצקי!**

איך האָב זיך ניט געריכט אויף אײַך, איר זאָלט זײַן אַזוי פּינקטלעך און שרײַבן מיר נאָר אַ פּאָדערבריוול, אַז אָט־אָט וועט איר מיר שרײַבן אַ בריוול — בראַוואָ! הלוואַי זאָל עס זײַן אויף ווײַטער ניט ערגער!

וועגן ביאַליקס „נביאיש" אין חנוכּה־בלאַט קאָן איך אײַך נאָר זאָגן, אַז ווען ישעיהו הנביא זאָל איצט זײַן בײַ אונדז אַ נביא (אַז אַך און ווי וואָלט אים געווען!), וואָלט

ער נישט באַדאַרפט בעסער זאָגן; אָדער ווען ישעיהו אין זײַן צײַט זאָל געוועזן נביאות זאָגן אויף זשאַרגאָן. וואָלט ער בעסער ניט געקאָנט זאָגן. נאָר צי וועט דאָס פאַרשטיין עמעצער פונעם פאָלק, אַחוץ אונדז דרײַ און נאָך עטלעכע???...

Voila la question!

שלום־עליכם

זעט זשע שרײַבט ענטפער גיך, מחמת איך האָב מורא פאַר אײַער אַסיפה. איך קען זיי, די „אַסיפות"!... וואָס טויג אײַך אַסיפות? רעדט איבער מיט ביאַליקן, און אַן עק! צי ס'איז בײַ אײַך גלאַט אַ תּירוץ?...

## 402. צום זעלבן

קיִעוו, 4טן דעצעמבער 1901

ידידי רבניצקי!

אונדזערע בריוולעך איז באַשערט, זיי זאָלן זיך אויסמײַדן. דאָך ענטפער איך אײַך אויף אײַער בריוו פון 2/12, איבער „אַל תּחמיצנה".

דאָס „מעסערל" וועל איך נעמען צום פײַלן, און איך האָב מורא, אַז עס וועט פונעם איבערזועצן בלײַבן נאָר ראָזשקי דאַ נאָזשקי. אָבער צײַט מוז עס האָבן אַ סך, און איך בין פון די, וואָס האָבן פײַנט אָפּלייגן אויף שפּעטער (אחשתרנים!), לכן איז בײַ מיר געבליבן אַזוי: יאָ, איך האָב געענדיקט „אויפן פידל" (אַ מעשׂה פאַר יידישע קינדער) און האָב די מעשׂה אַוועקגעשיקט צו ספּעקטאָרן פאַרן ערשטן ביכל „יוד' פאַמיליע" מיט בילדער. ס'איז צוויי אָדער דרײַ מאָל אַזוי גרויס ווי „מתושלח" און פונקט אָנגעמאָסטן פאַר אײַער „מוריה", און ס'איז שוין אַ פאַרטיקע זאַך, און די בילדער מאָלט מען מיר שוין, און מע זעצט דאָס איבער אויך אין רוסישן — מעג עס גיין בײַ אײַך אין העברעיִשן, און דווקא אינעם ערשטן ביכל. פאָלגט מיך, דען איך בין איבערצײַגט, אַז דאָס „מעסערל" וועט בײַ מיר פריִער ניט אַרויס ווי אין אַ חודש הלוואַי, און אפשר צוויי, וואָרעם אין דעם גוף הסיפּור האָב איך אויך געהנוג צו טון. על־כּן שרײַבט מיר אײַער מיינונג באַלד און תּיכּף און שוין און זאָרעז, וועל איך אײַך צושיקן דאָס „פידעלע" שוין מיט די בילדער, אם־ירצה־השם, נאָך שבת. נאָר קיין אסיפות זאָלט איר ניט מאַכן — דאָס בעט איך אײַך. זעט זיך מיט ביאַליקן — און אַן עק. גריסט אים טאַקע אין איינוועגס און גיט אים אָפּ פון מיר אַ

שלום־עליכם

## 403. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 8טן דעצעמבער 1901

שאַ־שאַ, איך וועל שוין טון אַזוי ווי איר הייסט. איך און די „גאַנצע וועלט" וועלן

מיר שוין שיקן גלײַך צו אײַך. איך האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז איר זענט אַזאַ בייזער פּריץ! — — —

פֿאַר וואָס שיקט איר מיר ניט אָפּ דאָס „פידעלע״? איך האָב געגעבן איבערשרײַבן דעם אויסגעבעסערטן וואַריאַנט און וועל אײַך אים צושיקן נאָך אין אַ פּאָר טאָג אַרום. צי איר גלייבט מיר ניט? — דעם אָנהייב פֿונעם ראָמאַן וועל איך אײַך צושיקן ערשט צום פֿעברואַר־ביכל. איך האָב, אייגנטלעך, צוויי ראָמאַנען: איין „אַמעריקאַנישן״ ראָמאַן עק וועלט און אַ היגן ראָמאַן. רעכן איך אײַך שיקן דעם היגן, וואָרעם מיר שײַנט, אַז איר באַדאַרפֿט מורא האָבן פֿאַר „אַמעריקע״. כ׳האָב געטראָפֿן, צי ניין? — זאָגט, איך בעט אײַך, דינעזאָנען, אַז איך האָב אים געענטפֿערט על אַדרעס „אַחיאָסף״, ווײַל ער שרײַבט מיר ניט זײַן אַדרעס. ער רעכנט, אַז ער ווייסט, ווייסן אַלע, ווי די מויד מיט די לעבערלעך... (דאָס איז אַ מין שאַראַדע פֿון עפּעלבערגס לוח, וואָס זאָגט צו דעם „יודן״ מיטן „הדור״, וועלכער מאַכט זיך צו, עס כאַפּט דעם אומבליק.)

שרײַבט מיר, ווען איז דער לעצטער טערמין צו שיקן אײַך דעם אָנהייב ראָמאַן אויפֿן צווייטן ביכל, און ווען איז דער לעצטער טאָג צום ערשטן ביכל? איך דאַרף עס וויסן. נאָר איך בעט אײַך אָן כּעס!

שלום־עליכם

## 404. צו יעקב דינעזאָן

1901 .12 .8

ידידי אשר אָהבתי, יעקב דינעסזאָהן!

איך האָב אײַך ווידער געשריבן אויפֿן אַדרעס „אַחיאָסף״ און איצט ענטפֿער איך אײַך שוין אויף אײַער אַדרעס. וועגן די נומערן פֿון די היגע צײַטונגען איז אַ תּפֿילת־שווא: זיי האָבן עס געגנומען פֿון די וואַרשעווער גאַזעטן (איינע פֿון זיי האָט זאָגאָר אַ דעפּעש געהאַט וועגן דער מעשׂה) די נומערן צו קריגן איז אוממעגלעך. בעסער וועט עס זײַן, אַז איר וועט טון ווי איך האָב אײַך געשריבן; לאָזט דורך אַ קליינע ידיעה ערגעץ אין אַ בלאַט, עס מעג זײַן אַ יִדיש (בעסער אַ גוייִש). און מיר שיקט צו עטלעכע עקז׳, וועל איך זיי דורכזעצן אין אַלע היגע דרײַ בלעטער און אפשר אויך אין דער עיר־הבירה.

וואָס איז טאַקע באמת די מעשׂה, שמשכת את ידך מן ה„יהודי״? מסתּמא איז עפּעס נישט גלאַט. נאָך מײַן מיינונג קומט אויס אַז איר זענט צו אַן ערלעכער מאַן; איר האָט באַדאַרפֿט געבאָרן ווערן אָדער פֿריִער מיט אַ יאָר 50, אָדער שפּעטער מיט אַ יאָר הונדערט (אויב מיר וועלן גלייבן, אַז מיר גייען אין דער עטיק פֿאָרווערטס). די מאַדאַם אַלכּסנדראָוו האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אַ פּאָר זאַכלעך, ווי די וועלט, פֿרעמדע און אויך אייגענע — עקספּלאָאַטירן אײַך באמת אוממענטשלעך!

איר פֿרעגט מיך ממצבי ומשלומי וממצב ביתי — עך, פֿרעגט נישט! נישט גוט! שטאַרק נישט גוט! מכּוח ווײַב און קינדער דאַנקען גאָט עצהיו״ט; נאָר די געשעפֿטן, אוי ווי פּאַסקודנע, ד׳ ירחם!!! זיי גריסן אײַך (דאָס ווײַב און קינדער, נישט די געשעפֿטן) גאָר פֿרײַנדלעך און איך אַוודאי.

אײַערער ווי תּמיד שלום־עליכם

## 405. צו מרדכי ספעקטאָר

קיִעוו, 10טן דעצעמבער 1901

מײַן ליבער ספעקטאָר!

איך שיק אײַך מײַן „פידל" איבערגעאַנדערשט, באַפּוצט, אַרויסגעוואָרפן די שטיקער פעליעטאָן און געמאַכט פון דעם איין דערציילונג, דאַכט מיר, גאָר נישט שלעכט. שיקט מיר אָפּ דעם פריערדיקן וואַריאַנט. איך גרייט אײַך צו מאַטעריאַל אויף פעוורואַל און אויף מאַרט.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — גיט איבער דעם ליסט פון עטלעכע פּרענומעראַנטן אין דער רעדאַקציע.

## 406. צום זעלבן

קיִעוו, 29סטן דעצעמבער 1901

נאָר וואָס האָב איך געשריבן צו גאָרקין וועגן מאַטעריאַל פון זײַן זאַמלבוך, האָב איך געשריבן, אַז אײַערס גיב איך צוויי זאַכן:

1) סטאַטשקאַ נישטשיך;

2) און או מעדזשיבאָזשסקאַוואַ קאַלאַדצאַ.

לכן בעט איך אײַך, למען־השם, מיר צושיקן ביידע זאַכן, וועל איך זיי איבערזעצן אין רוסישן דורך מײַנע קלאָפּערס און וועל אַליין אַכטונג געבן און צו רעכט מאַכן. איר מעגט זיך פאַרלאָזן, אַז ס׳וועט זײַן גימל!

שלום־עליכם

## 407. צו אַ. ב. גאָלדאַווסקי

הוספה, קיִעוו, 29סטן דעצעמבער [1901]

אַלס הוספה צו דעם דאָזיקן בריוו פונעם 12טן נאָוועמבער, שיק איך אײַך אַן אויספירלעך צעטל פון די זשאַרגאָנישע ווערק, וואָס אַ טייל פון זיי איז שוין איבער־געזעצט און אַ טייל ווערט די איבערזעצונג פאַרענדיקט:

1. אַבראַמאָוויטש (פאַרנעם — פון 3 ביז 4 דרוקבויגנס), נעמלעך:

א) „מסעות בנימין השלישי" — דרײַ־פיר קאַפּיטלען. די טעג וועלן זיי ווערן פאַרטיק און אָפּגעשיקט קיין מאָסקווע.

ב) „דאָס ווינטשפינגערל". צוויי קאַפּיטלען. אין דער אַרבעט.

ג) „פישקע דער קרומער". אין דער אַרבעט.

2. שלום־עליכם (פאַרנעם — פון 3 ביז 4 דרוקבויגנס), נעמלעך:

א) „די קליינע מענטשעלעך": „די שטאָט כתרילעווקע", „אַן אַנגעלייגטער ברית", „נחת פון קינדער", „אים מעג מען מקנא זײַן", „דרײַפוס אין כתרילעווקע", „נישטאָ קיין מתים", „נישט פאַר קיין ייִדן געדאַכט", „ווען איך בין ראָטשילד".

כמעט פאַרטיק, די טעג וועלן זיי אײַך אָפּגעשיקט ווערן קיין מאָסקווע.

ב) „דעם טעפּל" — שוין אָפּגעשיקט און אָנגענומען.

3. ל. פּרץ (פאַרנעם — ניט מער פון איין דרוקבויגן).

א) „די פרומע קאַץ".

ב) „הינערישע חלומות".

ג) „שהשמחה במעונו" (געפינט זיך אין דער אַרבעט).

4. מ. ספּעקטאָר (פאַרנעם — אַ האַלבער דרוקבויגן).

א) „אַ שטרײַק פון קבצנים".

ב) „בײַ דעם מעדזשיבאָזשער ברונעם" (אין דער אַרבעט).

5. ד. פּינסקי (פאַרנעם — אַ האַלבער דרוקבויגן).

צוויי ניט קיין גרויסע פאַרצייכענונגען (אין דער אַרבעט).

אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איז אָפּגעטאָן, און טוט זיך בײַ מיר. איך האָף, אַז אין אַ חודש אַרום, העכסטנס צוויי, וועט אַלץ זײַן בײַ אײַך אונטער דער האַנט. סך־הכּל וועט איר האָבן מאַטעריאַל פאַר 10—12 דרוקבויגנס. בלײַבט, אַזוי אַרום, נאָך אַזוי פיל פאַר די ביאָגראַפישע ידיעות וועגן איינִיקע שרײַבערס און פאַר די ווערק, וועלכע זײַנען בײַ אײַך פאַראַן. פון דעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט באַקענען זיך מיט די דאָזיקע זאַכן. שיקט מיר צו, לכל־הפּחות, אַ גענוי צעטל פון די איבערזעצונגען.

ווײַטער פיל איך אויס אײַער פאַרלאַנג וועגן באַשטימען דעם האָנאָראַר. פאַר איבער־זעצן אַ בויגן פון 16 זײַטן — 40 רובל און פאַר מײַן אַרבעט — פאַר איבערקוקן, פאַר־ריכטן, און האַלטן די קאָרעקטור פון די אַלע איבערזעצונגען, ניט ריידנדיק שוין וועגן דעם, אַז בעתן איבערזעצן מײַנע אייגענע ווערק פון ייִדיש, קומט אויס זיי כּמעט אויף ס'נײַ צו שאַפן, — וואָלט איך פאָרגעשלאָגן פאַר זיך אַ באַזונדער האָנאָראַר אין דער גרייס פון 20 רובל אַ דרוקבויגן.

עס ווענדט זיך פון אײַך — פאַרגרעסערן אָדער פאַרקלענערן די גרייס פון דער באַלוינונג. נאַטירלעך, אַז די איבערזעצונגען, וועלכע איר וועט פאַרבראַקירן, גייען ניט אַרײַן אין חשבון.

עס קומט מיר אויס נאָך אַ מאָל אָפּמערקן, אַז אין אײַער אונטערנעמונג פעלט אויס אָרגאַניזירטקייט. ס'וואָלט געווען זייער ניצלעך, מיר זאָלן זיך זען מיט אײַך, מיט גאָרקין אָדער מיט פּאָטיאָמקינען. נאָר ווי אַזוי אָרדנט מען עס אײַן?

אַ גרויסער שאָד, וואָס מײַנע בריוו צו אײַך ווערן פאַרפאַלן. גאָרקין שרײַב איך באַזונדער, צולייגנדיק אַ קאָפּיע פון דעם דאָזיקן בריוו.

פּולקום אײַערער

שלום־עליכם

## 408. צו מרדכי ספּעקטאָר

[קיִעוו, 1902

ליבער פריַינד ספּעקטאָר!

נעשׂה ונשמע!

איַיער „בעסטער גוטער" פריַינד שלום־עליכם

פּ.ס. — וועגן איבערזעצן רעכן איך נעמען איַיער סטאַטשקע פון אָרעמע־ליַיט. שיקט מיר צו דעם נומער. אפשר געפינט איר עפּעס צוזעצן, זעצט צו.

## 409. צום זעלבן

[קיִעוו, 1902

איך האָב איַיער בריוול פונעם 1/8 מקבל געווען און פרעג איַיך נישט, ווער, וואָס און ווען — אַזוי ווי איר פאַרלאַנגט, און איך זאָג איַיך ווידער: נעשׂה ונשמע! טוט, טוט, און לאָז איַיך גאָט העלפן — אָמן. אַ באַזונדערן אויספירלעכן בריוו שריַיב איך איַיך איבער דעם אויף יענער זיַיט. לעת־עתּה באַדאַרף איך איַיך מודיע זיַין, אַז איך האָב באַלד נישט געקאָנט ענטפערן וועגן דעם, וויַיל איך בין שטאַרק באַשעפטיקט מיטן „וויגרישנע בילעט", וואָס איך אַרבעט פון איַיער „פאַמיליע" וועגן נאָך אויפן צווייטן ביכל. מאָרגן־איבער־מאָרגן שיק איך איַיך דאָס צו. איר וועט זיַין פון דעם אַ סך מער צופרידן, ווי פונעם „פידל", וויַיל דאָס איז אַ מין דערציילונג, כּמו אַ ראָמאַן. און אַ קאָפּ באַרירט שמ"רן מיט דער חברה מיט זייער גאַנצער „פּאַסקודעלאַטור". אַגב באַדאַרף איך איַיך זאָגן, אַז אייגנטלעך איז דער „וויגרישנע בילעט" גענומען ביַי מיר פון די „קליינע מענטשעלעך". איך האָב עס נאָר פאַרגרעסערט, רעכט באַפּוצט, אַרויסגעוואָרפן דאָס וואָרט כּתרילעווקע — און לאָז דער — — — לעקיש קושן אַ בער אונטערן ווידל... תּיכּף נאָכן „וויגרישנע בילעט" באַקומט איר פון מיר אַ ניַיע דערציילונג „מיַין ערשטער ראָמאַן" (מאָיאַ פּערוואַיאַ ליובאָוו) — שוין כּמעט פאַרטיק, און ערשט נאָך דעם — דעם גרויסן ראָמאַן פון די דריַי מחברים און שלום־עליכם אַ פערטער.

— — —

אַצינד קערן מיר זיך אום צוריק צום „נעשׂה ונשמע". איך באַדאַרף איַיך זאָגן דעם אמת, אַז איך האָב איַיער בריוו ווינציק פאַרשטאַנען, מחמת איר רעדט דאָרט זייער קורץ און פאַרשטעלט. נאָר אַז מע שמועסט נעשׂה ונשמע, העלפט זיך נישט. פאָלג איך איַיך און זאָג איַיך צו, ערשטנס, אַז ס'איז אַ הייליקער סוד, ווי אַלצדינג, וואָס מיר רעדן און שריַיבן, און וואָס מיר וועלן רעדן און שריַיבן צווישן זיך איז אַ הייליקער סוד! והשנית, בין איך מוסכּם אויף אַלץ; נאָר וואָס דען? איר באַדאַרפט מיר קיין פאַר־איבל ניט האָבן, וואָס איך וועל איַיך זאָגן אָפנטלעך, אַז איך מיין דאָך ניט נאָר די הגדה אַליין; די הגדה — מהיכא־תּיתי; איך מיין אויך די פאַלירטשיקעס. איר פאַרשטייט? איך באַדאַרף דאָך ניט נאָר פאַרזאָרגן די אויסגאַבע אַליין, איך באַדאַרף דאָך פרעגן:

וואָס וועל א י ך האָבן, א ח ו ץ כּבוד און א ח ו ץ עולם-הבא? איך בין איצט, לא-עליכם, זייער-זייער נויטבאַדערפטיק, ווי נאָך קיין מאָל אין מײַן לעבן! הײַנט פאַרגעסט נישט, וואָס פאַר אַ ריזן-אַרבעט דאָס איז! איך וויל דאָך אַ ל ע זאַכן איבערפרישן, איבערפוצן, און נאָך ווי אַזוי! ס'איז אַ ווערטעלע אויסצורעדן? — און איר האָט מיר נישט געשריבן וועגן דעם גאָרנישט. איר שרײַבט נאָר, אַז ס'וועט זײַן גוט און קאָסטן ביליק, אַ וואָלוועלע און אַ פײַנע אויסגאַבע — דאָס איז אויך מײַן אידעאַל. וואָס קומט אָבער אַרויס, ווו נעמט מען די כּוחות וואָס מוידוויי? ווו נעמט מען דאָס געלט וואָס אַ מאָל? ווי קאָן איך זיי אָוועקזעצן אַרבעטן אַ קײַלעכיק יאָר נאָר פון כּבוד וועגן אַליין? מיינט ניט אַז איך רעד „מיט שפּיצלעך", ווי איר זאָגט. איך רעד פ ו נ ע ם ה א ר צ ן, גאַנץ ערנסט רעד איך! אָט וועגן דעם שרײַבט מיר עפּעס, און שרײַבט מיר טאַקע אַקוראַט, וואָס איז אײַער „וואָס און ווען"? מײַן „וואָס און ווען" איז אַ פּראָסטער חי-וקים: איך וויל צונויפנעמען (איך האָלט שוין דערבײַ), איבערפּוצן אַלע מײַנע ווערק און אַרויסגעבן זיי למקח השווה לכל נפש, און אַליין זאָל איך עפּעס אויך דערפון נאַשן. אַן אָפּגאַנג נ אָ כ ן אַ ר ו י ס ג י י ן וועלן זיי, אם-ירצה-השם, האָבן אַ גוטן. איך בין אין דעם איבערצײַגט. אַצינד נאָט אײַך אַ צעטל פון אַלע ווערק, צונויפגעשטעלט על-פּי קלאַסיפיקאַציע, וועלכעס צו וועלכעס עס באַדאַרף גיין און לערך וויפל דרוקבויגנס עס קאָן פאַרנעמען. געוויינלעך, קען זײַן אַ טעות אין אַ צען בויגנס, אָבער נישט מער. —

דאָס זענט איר גערעכט, אַז עס מוז גיין מיט אַ שטיקל ביאָגראַפיע (איך זאָג אַ שטיקל, מחמת אין דער אויסגאַבע גופא וועט זיך געפינען מײַן א מ ת ע אויטאָביאָגראַפיע, גלאַט, פריילעך און קינסטלעריש אָנגעשריבן), מיט אַ בילד און מיט אַ פאַקסימיליע: לײַטיש, ווי בײַ לײַטן פירט זיך, מע זאָל טאַקע מיינען, אַז ס'איז עפּעס רעכטס. — — — —

און זײַט מיר געזונט און שטאַרק.

אײַער שלום-עליכם

## 410. צום זעלבן

קיִעוו, 20סטן יאַנואַר 1902

ליבער גוטער פרײַנד ספּעקטאָר!

אייער בריוו איז געשריבן, ווי עס ווײַזט אויס, בחפזון. עס פעלן דאָרטן גאַנצע שטיקער. איר הייבט אָן און לאָזט ניט אויס. איר זאָגט אין איין אָרט, עס דאַרף קאָסטן שיינע עטלעכע הונדערטער (80 בויגנס וועלן קאָסטן ה ו נ ד ע ר ט ע ר?) הײַנט זאָגט איר, ס'זאָל זײַן אַזוי און אַזוי, וואָלט מען מיר כאָטש ע פּ ע ס געקאָנט באַצאָלן. וועלכעס הייסט בײַ אײַך „עפּיס"? אַ פּאָר הונדערטער? הײַנט זאָגט איר אַליין, מע דאַרף לײַטערן די פּעליטאָנען, און תּוך כּדי דיבור זאָגט איר: „עס מוז באַלד איבערגעגעבן ווערן גלײַך אין די הענט אַרײַן"; אַניט, זאָגט איר, באַדאַרפן מיר זיך געזעגענען מיט דער אידעע. איך וועל אײַך פאַרגעבן אַ זאַדאַטשע: ווי קאָן מען אַכציק דרוקבויגנס איבערגעבן אין

איין וואָך, זיי זאָלן אַפילו זײַן שוין פאַרטיק אַרום און אַרום? איבערלייענען אַכציק בויגנס באַדאַרף געדויערן (מיט אַ שטיפּטל אין די הענט) לא פחות פון דרײַ־פיר חדשים. איר ווייסט דאָס גאַנץ גוט. איר זענט אויך ניט קיין הינקעדיקער שנײַדער! דאָס איז אַלץ קשיות, וואָס נעמען זיך פון גיכקייט, פון אײַלעניש. אַצינד באַדאַרף איך אײַך זאָגן מײַן פּלאַן.

1) איך וויל זען מײַנע ווערק געדרוקט. און געדרוקט, ווי עס געהער צו זײַן (ווי איר ווייסט).

2) איך אַליין האָב קיין מיטל דערצו.

3) איך קאָן נאָר האָבן אַלע מיטלען צום פאַרברייטן, פאַרקויפן די ביכער צווישן פאָלק.

4) איך וויל, און נאָך מער — איך מוז געניסן דערפון, געוויינטלעך, ניט „עפּעס", נאָר טאָקע עפּעס.

5) איך אַליין רעכן גאָר אַנדערש ניט, אַז פון די 120 בויגנס (איך האָב אײַך געשריבן לערך, ווי זיי האַלטן אַצינד) זאָל בלייבן הלוואי 70 אָדער, העכסטנס, 80 בויגנס, וואָרעם וויפל איר רעכנט זיך „בעזפּריסטראַסטנע", ווי איר זאָגט, צו מײַנע ווערק, בין איך נאָך אַ סך מער „בעזפּריסטראַסטנע". פאַראַן בײַ מיר זאַכן, וואָס איך שעם מיך גאָר מיט זיי, איך וועל זיי אַרויסוואַרפן לחלוטין, און פאַראַן זאַכן, וואָס איך וועל זיי באַדאַרפן לײַטערן, זײַען דורך אַ זיפּ, און נישט איין — נאָר עטלעכע מאָל. הלוואַי, הלוואי ס'זאָל בלײַבן זיבעציק־אַכציק בויגנס!

6) דער אונטערנעמער באַדאַרף זיך מאַכן פריִער אַ רעכענונג אין קאָפּ, וויפל קאָן ער, אָדער וויפל וויל ער אויסברענגען דערויף, און טאָר נישט פאַרגעסן דעם אויטאָרס האָנאָראַר, אַזוי ווי מע טאָר נישט פאַרגעסן, למשל, קיין פּאַפּיר אָדער דרוק.

7) נאָך מײַן מיינונג, טאָר מען ניט פיר היפּשע טאָמען פון שלום־עליכמס אלע ווערק לייזן ווינציקער פון אַ דרײַערל: צום אַלער ביליקסטן — צוויי רובל (חוץ פּאָרטאָ). און איך האָב אַ העזה צו רעכענען אויף 10,000 (עשרת אלפים) עקזעמפּלאַרן זאָל פאַרקויפט ווערן (אין פאַרלויף פון צוויי יאָר). אַצינד רעכנט אויס אַלע הוצאות, און פאַרגעסט נישט רעכענען עפּעס האָנאָראַר — וועט איר זען, צי עס איז אַ געשעפט, צי ניין?

8) דעם אויטאָרס האָנאָראַר קאָן אײַנגעצאָלט ווערן אין פאַרלויף פון צוויי־דרײַ יאָר אין טערמינען.

9) אַזוי ווי דאָס דרוקן אַליין מוז צונעמען אַ יאָר, לכן איז ניט נייטיק אין גאַנצן דעם כלאָם איבערגעבן טאָקע מאָרגן.

10) רעקלאַמירן דעם פאַרקויף, אַגיטאַציאָנסקראַפט דורך חברה ציוניסטן, נאַציאָנאַליסטן און גלאַט ייִדן — איז דאָ בײַ מיר לרוב!

אָט האָט איר מײַנע 10 כללים, וועלכע וועלן אײַך פאַרענטפערן אַלע קשיות. אויפן איבעריקן פאַרלאָז איך מיך אויף אײַך. איך פרעג אײַך ניט, ווער און וואָס און ווען און ווו. איך האָב אײַך איין מאָל געשוואָרן אויפן באַרג סיני „נעשׂה ונשמע" — איז פאַרפאַלן! — וווהין איר וועט מיר הייסן, אַהין וועל איך פאָרן, און וואָס איר וועט מיר זאָגן, וועל איך טון, אַבי נאָר אַ גלײַכס. און וואָס באַדײַט אײַער קשיא: די „מעשׂה

אָן אַן עק״ ? — איך האָב זי דען פאַרקויפט עמעצן לצמיתות ? איך פאַרשטיי ניט וואָס מיינט איר דערמיט ?

— — —

איך וואַרט אויף אײַער באַלדיקער תשובה. דעם „בילעט״ שיק איך אײַך אַרויס, אם־ירצה־השם, מאָנטאָג, לא יאוחר דינסטאָג. וואַרט צו אַ טאָג, וואָרעם דער עולם וועט זײַן ברוגז, אַז עס וועלן אַרויס צוויי ביכלעך אָן אײַער בעסטן

שלום־עליכם

## 411. צום זעלבן

קיִעוו, 21סטן יאַנואַר 1902

ליבער פרײַנד ספּעקטאָר !

ביז אַהער בין איך אַלץ געווען פאַרטאַרעראַמט מיט מײַן נײַער אַרבעט און האָב נישט געקאָנט אײַך אָנשרײַבן אַ ריכטיקע און אויספירלכע רעצענזיע וועגן דער „פּאַ־מיליע״. אַצינד האָב איך עטלעכע מינוט צײַט, שרײַב איך אײַך, אַז איך בין גאַנץ צופרידן ; איך ווייס ניט, ווי דאָס פאָלק וועט דערויף קוקן. איך האָב מורא, אַז איבער דעם, וואָס ס׳איז אָן נקודות, וועט דאָס ניט זײַן פּאָפּולער. ווען וועלן אונדזערע אַרויסגעבערס אָנהייבן פאַרשטיין, אַז אָן נקודות פאַרשטייען 10%. זשאַרגאָן מיט נקודות איז ווי יויך מיט פאַרפל, אָדער פאַרפל מיט יויך ; פאַרפל אָן יויך איז צו טרוקן, יויך אָן פאַרפל איז צו שיטער ; בײדע צוזאַמען איז ווי געווונטשן. — אײַער הקדמה איז געשריבן מיט וואַרעמקייט און ליבשאַפט ; מיר איז דאָס געפעלן. מיטן אייגענעם זשאַנער איז געשריבן די קליינע רעצענזיע ; די צווייטע העלפט פון דער רעצענזיע איז גאָר גוט, טאַקע וואָס גוט הייסט. אײַער דערציילונגל איז אַ ביסל צו קורץ, נאָר די „דאָרטיקע״ ייִדן באַדאַרפן זײַן דערמיט צופרידן. איין מעלה האָט נאָך דאָס ביכל, וואָס ס׳איז, אייגנטלעך, אַ חסרון : וואָס אַלצדינג הייבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס, נישט געצויגן קיין סטענגעס פונעם מויל. ס׳איז אָבער אַ חסרון אויך : איינער פון אונדז ביידן, איר אָדער איך, האָבן באַדאַרפט צוגרייטן אַ ווערק, וואָס זאָל זיך ציִען אַ האַלב יאָר אין פינף־זעקס ביכלעך. ווער איז שולדיק ? איר אַליין און אײַער „אַחיאָסף״, וואָס קראַצט זיך אויס תמיד ערב יום־טוב פאַר נאַכט, אַז מע האַלט שוין בײַ שליסן די קלייטן און דער עולם לויפט פון מרחץ מיט נאַסע פּיאות אין שול אַרײַן... מײַן „פידל״, מיט וועלכן מיר ביידע זענען געווען נישט צופרידן, האָט דווקא אויסגענומען. דער עולם לעקט גאָר די פינגער. טיפּשים ! וואָס וועלן זיי שוין זאָגן אויפן „וויגרישנעם בילעט״, וועלכער איז צען מאָל בעסער פונעם „פידל״ ? איך האָב אָבער מורא, אַז איר וועט מײַן „וויגרישנע בילעט״ ניט אָפּדרוקן אין איין ביכל און וועט אים, חלילה, דאַרפן צערײַסן אויף צווייען, וועט ער אַ סך פאַרלירן. ער איז, דאַכט זיך, צוויי מאָל (אָדער 1.5) גרויס ווי די „פידל״ ; נאָר סחורה ליגט דאָרטן — גאָלע ראָזשינקעס, גאָלע געווירצן, גאָלע שמאַלץ. דער איבערשרײַבער האַלט שוין בײַם עק, אם־ירצה־השם, מאָרגן איבער מאָרגן שיק איך אים אײַך צו. וואַרט צו אַ פּאָר טעג מיטן דריטן ביכל, איידער אַרויסלאָזן דאָס אָן

שלום־עליכמען

פ.ס. — נאָך דעם אַז כ'האָב אײַך אָנגעשריבן דאָס בריוול איז מיר אָנגעקומען נומער 3 „בודושטשנאָסט״ — שרײַבט דאָרטן דער רעצענזענט כּמעט דאָס אייגענע, וואָס איך. ער קוועלט פון דער „פאַמיליע״ און ווינטשט איר לאַנגע יאָר — אָמן!

## 412. צום זעלבן

קיִעוו, 7טן פעברואַר 1902

ליבסטער קאָלעגאַ און בעסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

איר קאָנט זיך דען פאָרשטעלן די יסורים, וואָס איך האָב? איר שרײַבט מיר, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום שרײַבט איר מיר באריכות, לסוף איז שוין אַ פּאָר און צוויי פּאָר און דרײַ פּאָר, שוין באַלד פיר פּאָר — און מע הערט ניט און מע זעט ניט, האָב איך מורא אפשר איז פאַרלאָרן געגאַנגען אײַער בריוו, און אַזוי ווי איר זענט דערויף אַ ביסל אַ שווערער פאַרשוין, האָב איך מורא, אַז נאָך אַ מאָל אָנשרײַבן אַ גרויסן בריוו וועט איר זיך אונטערפוילן — און דער בריוו איז בײַ מיר נייטיקער פון נייטיק!

אײַער שלום־עליכם

## 413. צום זעלבן

קיִעוו, 14טן פעברואַר 1902

קוים מיט צרות באַקומען דאָס ליבע־בריוול פון אײַך (יענס איז טאַקע פאַרפאַלן געוואָרן), און אַז איך האָב עס איבערגעלייענט, בין איך געבליבן שטיין אַפּהענטיק. איך ווייס ניט, צי איר האָט ניט אַלץ געשריבן וואָס מע באַדאַרף, צי ס'איז אַלץ וואָס מע באַדאַרף. איך קאָן אײַך נאָר זאָגן, אַז „עיקר חסר מן הספר״ — עפּעס פעלט דאָרטן. עפּעס זע איך ניט קיין אַכצן און דרײַצן!... באַרעכנט אײַך נאָר אַליין: דער פאַרשוין וועט דרוקן, איך וועל שרײַבן — אַ מעשׂה אויף גוטע צוויי יאָר. נאָך דעם וועט מען פאַרקויפן און דאָס קרן אַרויסנעמען — ווידער אַ פּאָר יאָר, און ערשט נאָך דעם, אין פיר־פינף יאָר אַרום, זיך טיילן מיטן ריווח! — נו, און דערווײַל? איר [ווייסט], אַז נאָר איבערשרײַבן צוויי עקזעמפּלאַרן אַלע ווערק וועט קאָסטן אַ פּאָר הונדערטער. איך מיין, איר פאַרשטייט מיך. — איך מוז דאָ איבעררײַסן און זאָגן אײַך איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אײַך בין איך ניט חושד קיין מאָל אויף קיין האָר אַפילו. איך בין איבערצײַגט, אַז איר זוכט דאָ ניט קיין טובֿת־עצמו און ווילט מיר גוטס טון וואָס צום בעסטן. לכן זאָלט איר מיר קיין מאָל נישט אויפמערקזאַם מאַכן דערויף — דאַן וועלן מיר קאָנען רעדן ווי סוחרים און גוטע פרײַנד, אָן אייבערשפּיצלעך. הכּלל, איך פאַרלאָז מיך אין גאַנצן אויף אײַך און גיב אײַך אַ כּוח־הרשאה, איר זאָלט אויספירן די זאַך לטובה פונעם ענין און לטובֿתי. נאָר וואָס דען? איך פרעג אײַך אַן עצה, ווי בײַ אַ גוטן פרײַנד: וואָס זאָל איך טון? איך בין אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט, איך באַדאַרף געלט, און באַדאַרף איצט,

הײַנט, נעכטן האָב איך נאָך באַדאַרפט — און איר זאָגט מיר צו עולם־הבא פונעם פּאַרדינסט. גוואַלד, גוטער־ברודער, וואָס טוט מען? איך דאַרף, איך דאַרף, איך דאַרף! איר וועט מוזן מאַכן אַזוי, אַז צום קאָנטראַקט זאָל איך נעמען עפּעס געלט, און נאָך דעם בשעת דרוקן, און נאָך דעם בשעת אַרויסגאַנג — און דאָס זאָל אָדער אַרײַן אין חשבון פון הוצאות בתור האָנאָראַר, אָדער עס זאָל זיך אָפּרעכענען פון מײַן חלק ריווח. איר פאַרשטייט? די טובה פונעם אַרויסגעבן איז פאַר מיר אַוודאי אַ גרויסע טובה, נאָר איך קאָן ניט און טאָר ניט און האָב קיין כּוח און קיין רעכט ניט אַזוי פיל צו וואַרטן! איך בין פאַרצויגן מיט אַ שטריק, און ווען איך וואַרט, ווער איך דערוואָרגן — הײַנט וואָס טויג מיר דער עסק, אַז איך וועל שוין אָנשפּאַרן דעמאָלט מי יודע ווו!... נאָך אַ מאָל זאָג איך אײַך, איך הייב אײַך ניט אָן חושד צו זײַן, נאָר איך פאַרשטיי ניט אײַער בריוו — און וואָס זאָגט איר אויף מײַן שלימזל: שרײַבט איר מיר אַ בריוו, און אַזאַ נייטיקן, אַז די אויגן קריכן מיר אַרויס, צום סוף ווערט ער פאַרלאָרן! און אַז איר שרײַבט מיר שוין יאָ נאָך אַ מאָל, שרײַבט איר אַזוי, אַז איך פאַרשטיי ניט, צי איר האָט דורכגעלאָזט דעם ענין פון האָנאָראַר, צי עס רעדט זיך טאַקע אַזוי אָן האָנאָראַר? הכּלל, ס'איז ניט דײַטלעך. אַצינד וועל איך דאַרפן ווידער וואַרטן אַ וואָך צוויי, ביז איר וועט מיר ענטפערן דײַטלעך. לכן בעט איך אײַך, זשאַלעוועט שוין ניט נאָך אַ מאַרקע און שיקט מיר „זאַקאַזנאָיע", דאָ וואָסטרעבאָוואַניאַ. און האָט קיין פּאַראיבל ניט, וואָס איך דול אײַך אַ קאָפּ. איך האָב דאָס לעת־עתּה בײַ אײַך ניט פאַרדינט, איר זאָלט אַזוי פיל טון פון מײַנט וועגן. —

וועגן דעם „וויגרישנעם בילעט" האָט איר גראָד אַ גרויסן טעות, מחילה, — דעם עולם איז ער געפעלן עד אין־לשער, און דער נאָמען פונעם מחבר איז מכפּר אויף אים, אַפילו ווען ער זאָל זײַן, חלילה, טאַקע אַזוי שלעכט, ווי איר זאָגט. איר פאַרגעסט, אַז די טעמע איז הײַנט אַ דבר שהזמן גרמא, סאָווערעמענני וואָפּראָס. נאָר וועגן דעם — אויף אָן אַנדערש מאָל. — פון מײַן „ראָמאַן", האָף איך, וועט איר שוין אויך צופרידן זײַן. איך האָב ערשט האַלב פאַרפאַרטיקט און דאַרף נאָך שלײַפן און פײַלן און פּוצן. איך בעט אײַך, שרײַבט באַלד און אַ סך און דײַטלעך, גאַנץ דײַטלעך.

אײַער שלום־עליכם

## 414. צום זעלבן

קיִעוו, 23סטן פעברואַר 1902

ליבער גוטער פרײַנד ספּעקטאָר!

שוין באַלד צוויי וואָכן ווידער אַ מאָל אַז איך גיי פון טאָג אויף טאָג אויף דער פּאָסט, פרעג נאָך אויף אַ בריוו — און קיין בריוו איז ניטאָ! וואָס זאָל דאָס הייסן? אַ פּנים, דער עסק איז גאַנץ שוואַך דאָרטן? — און איך קוק־אַרויס דערויף, ווי אויף אַ ישועה, ווי אויף אַ גיכער הילף. — — — גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד, שלעכט! — מער קאָן איך אײַך ניט שרײַבן... איצט, ווען עס כאַפּט זיך אונטער דער אונטערנעמער מיט געלט

און שלעפּט מיך אַרויס פון אַ פאַרלעגנהייט — מאַכט ער אַ גוט געשעפט. קורץ, ברודער, זאָגט מיר אין צוויי ווערטער: ס'איז מעגלעך, איך זאָל באַקומען געלט באַלד און וויפל און ווען? צי איך זאָל מיר דאָס אַראָפּוואַרפן פונעם קאָפּ? דען איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל, אַז אויפן האַלדז איז בײַ מיר אַ שטריק, די שטריק ציט מיך אַלע מאָל שטאַרקער, אָט־אָט ווער איך דערוואָרגן, און גאָט ווייסט וואָס עס קאָן זײַן מיט

אײַער בעסטן שלום-עליכם

## 415. צום זעלבן

קיִעוו, 28סטן פעברואַר 1902

ליבסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

איידער איר הייבט אָן לייענען מײַן בריוו נעם איך בײַ אײַך דאָס וואָרט, אַז איר זאָלט מיך נישט לאָזן וואַרטן מיט אײַער ענטפער, ווי איר האָט אַ טבע.

— — —

דער, וואָס וועט אַ מאָל נאָך אונדז, אין אַ צײַט אַרום, שרײַבן אונדזערע ביאָגראַפיעס (אויב עס וועט זיך געפינען אַזעלכער און אויב עס וועט אַ מאָל קומען אַזאַ צײַט), וועט ער זיך אָדער קאַטשען פאַר געלעכטער, אָדער גיסן מיט טרערן, אָדער ביידע זאַכן. — ער וועט אַרויסזען פון אײַער לעצטן בריוו צו מיר, אַז מע האָט אַ מאָל פאַרגעלייגט שלום-עליכמען פאַר זײַנע אַלע ווערק פון 2 ביז 3 רובל אַ דרוקבויגן (16 זײַטן) האָנאָראַר. און דורך וועמען? דורך ספּעקטאָרן! „דאָס זענען געווען די צוויי כּמעט איינציקע ליטעראַטן, וואָס די ייִדישע זשאַרגאָן־זשורנאַליסטיק האָט זיך געהאַלטן אויף זיי, וואָס אָן זיי האָט דאָס איינציקע ייִדישע בלאַט מיטן איינציקן ייִדישן זשורנאַל, אין יענער צײַט (אינעם אָנפאַנג פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט) כּמעט נישט געקאָנט עקסיסטירן! לאַכן דאַרף מען, קײַכן פאַר געלעכטער, אָדער וויינען, אויסגיין פאַר געוויין!" — אָט אַזוי וועט זאָגן איבער 120 יאָר אונדזער היסטאָריקער. און באמת, הערט זיך צו צו אײַערע ווערטער, אויב איר וועט נישט באַלד אַליין אָנהייבן וויינען אָדער לאַכן, אָדער לאַכן און וויינען אין איינעם. מינימום פאַרנעמען אַלע מײַנע ווערק 80 בויגנס (מאַקסימום 120). איר זאָגט, אַז אַלער העכסטנס וואָלט יענער מיר געקאָנט באַצאָלן אַ 2 אָדער 3 הונדערטער האָנאָראַר. נעמט, זײַט מוחל, טיילט 200—300 אויף 80—90 = 2 ביז 3 רובל! נאָר לאָמיר דאָס אַוועקלייגן אויף אַ זײַט, מחמת איך קאָן דאָס גאָר נישט באַגרײַפן וואָס דאָס הייסט, דען מיר דאַכט, אַז בלווישטיין אַפילו (פון שמ"רן רעדט מען שוין ניט) נעמט אויך אַ גרעסערן האָנאָראַר פון 10 רובל אַ בויגן. תּיקו — בלײַבט אַ קשיא. — נאָך אַ קשיא איז פאַראַן אויף אײַער בריוו צו פרעגן: צו וואָס דאַרף עס יענער דווקא זיך אין פאָרטפעל אַרײַן אַ קאָפּיע פון אַלע ווערק? איך שרײַב דאָך אונטער מיט אים אַ קאָנטראַקט. הײַנט ווי איז מעגלעך, מע זאָל 80 דרוקבויגנס (מינימום) קאָנען אָפּקאָפּירן אין פיר, זעקס אָדער אַפילו זיבן וואָכן? מע זאָל קאָנען איבערשרײַבן אַפילו אַ בויגן אין צוויי טאָג, באַדאַרף מען אויך האָבן אַ וואָכן צוואַנציק. הײַנט ווי קאָן דאָס געמאָלט

זײַן, אַז ביז פּסח זאָל אַזאַ ריזן־אַרבעט פאַרטיק ווערן? נאָך אַ קשיא איז פאַראַן צו פרעגן: ווי באַלד אַז האָנאָראַר פאַלט אַראָפּ, הײַנט ווי האָט זיך גענומען בײַ אײַך, אַז עס באַדאַרף יענעם קאָסטן 4,000 רובל? 80 בויגנס געכפּלט אויף 30 רובל אַפילו (שוין מיט אַלע הוצאות) = 2,400. אויב יענער איז גרייט אַרײַנצולייגן 4,000 רובל, קומט אויס, אַז פון 2,000 ביז 3,000 זאָל ער אַרײַנליגן אין פּאַפּיר, דרוק און איבעריקע הוצאות, און פון 1,000 ביז 1,500 זאָל ער טאַקע באַצאָלן מיר, נישט מיט אַ מאָל, נאָר אין צוויי־דרײַ טערמינען, און דער ריווח וועט זיך פאַר אונדז אָנהייבן שוין נאָך די 4,000 רובל. הכּלל, איך קאָן נעמען אויף זיך, אַז מער ווי 4,000 זאָל אים אַרום און אַרום נישט קאָסטן. און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם ריווח, האָט איר מחילה אַ טעות. איך בין דאָ נישט קיין פאַנטאַזיאָר, מנחם־מענדל איז דאָ נישטאָ — ער איז פאַרנומען מיט די יעהופּעצער קאָנטראַקטן —, לויט איך ווייס, ווי ווײַט פּאָפּולער די אויסגאַבע וואָלט געווען, און לויט מײַן גרויס באַקאַנטשאַפט אין דער ייִדישער וועלט, און לויט אַלע הבטחות, וואָס איך האָב פון אַלע גרעסטע ציוניסטישע פאַראיינען, דאָ און אויך דאָרט אין אויסלאַנד, קאָן מען רעכענען אויף מינימום 5,000 עקזעמפּלאַרן צו פאַרקויפן די ערשטע צײַט (אין פאַרלויף פון אַ יאָר אָדער, העכסטנס, צוויי), און דער פּרײַז זאָל דווקא זײַן נישט ווינציקער פון אַ דרײַערל מיט פּאָרטאָ. מוכרי־ספרים און אַגענטן — 33%, בלײַבט ריינע 2 רובל × 5,000 = 10,000 רובל. דאָס וועלן מיר, אם־ירצה־השם, האָבן פון די ערשטע 5,000 עקזעמפּלאַרן. הײַנט ווו זענען די פּלאַנען, די שפּעטעריקע אויסגאַבעס? איך האָב דאָ איינעם אַן אַגענט רובינשטיין, וואָס נעמט זיך אונטער נעמען מיט זיך 500 עקזעמפּלאַרן און פאָרן מיט זיי (ער פאָרט סײַ ווי) איבער אייניקע שטעט און פאַרקויפן זיי אין אַ חודש־צוויי, אַבי איך זאָל אים געבן אַ רובל פאַר איטלעכן עקזעמפּלאַר ראַבאַט. נאָך די 500 עקזעמפּלאַרן וועט ער נעמען ווידער 500 עקזעמפּלאַרן — און ער וועט זיי געוויס אויסברענגען. איך רעכן אַרויסגעבן אָדער פינף קליינע טאָמען אָדער דרײַ גרויסע טאָמען (מיטן בילד, פאַקסימילע, ביאָגראַפיע — פײַן, שיין, ווי עס געהער צו זײַן, און דווקא מיט נקודות). ווינציקער פון דרײַ רובל ט אָ ר מען נישט שטעלן פאַר אַ ל ע ו ו ע ר ק פון שלום־עליכם. איך האָב נאָך אַ מיטל אויסצוברענגען מײַנע ווערק אין די מאַסן! נאָר וועגן דעם קאָנען מיר שמועסן נאָר פּערזענלעך. צונויפפאָרן זיך מיט אײַך וואָלט איך בעסער וועלן אין אַדעס, ניט אין באַדריפּעטש — פע! עס וועט דאָך סײַ ווי סײַ פאַלן הוצאות, לאָמיר כאָטש זײַן צווישן מענטשן, ניט צווישן חזירים... — אַלזאָ, גוטער־ברודער, האָט איר אָנגעהויבן צו טון, מוזט איר ענדיקן. איבערלאָזן גלאַט אַזוי טאָרט איר נישט. שעמט זיך ניט, ווײַזט מײַן בריוו יענעם פאַרשוין. לויט זײַן השׂגה אַרויסגעבן די ווערק איז ניכּר, אַז ס'איז אַ לײַטישער מענטש און אַ בר־דעת, וועט ער פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס איך פאָדער האָנאָראַר איז ניט משוגע, עס רעכנט זיך אַרײַן אין הוצאות. ער וועט קיין געלט, חלילה, ניט פאַרלירן. אַדרבה, ער וועט פאַרדינען, און אַ סך (מיט דער צײַט). הײַנט דער נאָמען און דער כּבוד און די קינפטיקע היסטאָריע פון דער ליטעראַטור איז שוין גאָרניט ווערט? הײַנט די מיצווה, וואָס ער וועט אַרויס־ראַטעווען שלום־עליכמען, איז שוין גאָרניט ווערט? —

שלום־עליכם

## 416. צום זעלבן

קיִעוו, 7טן מאַרץ 1902

ליבסטער פֿרײַנד!

איך האָב אײַך דעפּעשירט, ווי איר האָט פֿאַרלאַנגט. אײַער בריוו האָט מיר אַ סך מער שמערצן פֿאַרשאַפֿן, ווי איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן, און נישט אַזוי דאָס, וואָס מײַן חלום איז אַ חלום, ווי דאָס, וואָס אַ שוואַרצער קאָטער איז ווידער דורכגעלאָפֿן צווישן אונדז. און אײַך האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך רעד מיט אײַך שפּיצעכיק. אָט דאָס הייסט שפּיצעכיק, אַז מע זאָגט יענעם דעם גאַנצן אמת? אַז מע גיסט אויס פֿאַר יענעם דאָס האַרץ און מע זאָגט אים: „איך טרינק זיך, העלף מיר!״—? אויב אַזוי, מעגט איר זיך טאַקע שעמען, פֿאַני! נעמט, זײַט מוחל, נאָך אַ מאָל און לייענט דורך מײַן בריוול (דאָס לעצטע), אויב איר וועט געפֿינען דאָרט שפּיצלעך און אָנווײַזן מיר אויף זיי, דערלויב איך אײַך, איר זאָלט מיך אָנרופֿן מיט וואָס פֿאַר אַ שענדלעכן נאָמען איר ווילט! — —

— בשעת איך האָב אײַך געשריבן דעם געוויסן „נעשׂה ונשמע״, האָבן מיר זיך ביידע ניט פֿאַרשטאַנען, ובפֿרט נאָך דעם, אַז איר (ד״ה יענער) האָט מיר אַנידערגעשטעלט אַזעלכע באַדינגונגען, ווי, צום בײַשפּיל, איך זאָל אין אַ קורצער צײַט, און אפֿשר טאַקע באַלד, איבערגעבן יענעם אין האַנט אַרײַן אַלע מײַנע ווערק, וועלכע, צווישן אונדז גערעדט, איך אַליין האָב זיי נאָך ניט, איך באַדאַרף אייניקע פֿון זיי ערשט דורך אימפּעראַטאָרסקאַיאַ פּובליטשנאַיאַ ביבליאָטעקאַ אין פּעטערבורג איבערקאָפּירן — איר פֿאַרשטייט אַן אַרבעט? הײַנט נעמט דאָס „קינדערשפּיל״, „סענדער בלאַנק״ וכדומה, וועלכע איך מוז איבער אַ נײַעס איבעראַרבעטן, און אויך אַלע איבעריקע אויסבעסערן — אַנדערש קאָן איך ניט! הײַנט ווי איז דאָס מעגלעך? וואָס דען האָב איך געמיינט? איך האָב געמיינט: מע דרוקט דעם ערשטן טאָם, און דערווײַלע בעסער איך אויס דעם צווייטן, נאָך דעם — דעם דריטן, און אַזוי ווײַטער. הײַנט האָב איך געהאַט אַ טעות אינעם חשבון: איך האָב גערעכנט, אַז יענער וועט זיך אַרויסבאַווײַזן מיט דער מטבע — לסוף קאָן יענער קיין געלט נישט געבן, צי ער וויל נישט געבן (פֿאַר מיר איז דאָס הײַנו-הך) — הײַנט ווי אַרום קאָן איך דאָ געהאָלפֿן ווערן? און איך האָב אײַך פֿון מײַן ערשטן ביזן לעצטן בריוו כּסדר געקלאַפּט אין קאָפּ אַרײַן, אַז איך באַדאַרף האָבן הילף, הילף און הילף! צום סוף פֿאַרענטפֿערט איר זיך ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל, אַז איר פֿאַרדינט דערבײַ קיין פּעניג. הלוואַי וואָלט איר, ברודער, דאָ בעסער יאָ פֿאַרדינען, וואָלט מיר בעסער געווען. צי איך גלייב אײַך דען ניט, אַז איר טוט דאָס אַלס גוט-חברשאַפֿט? מיט וואָסער אַ רעכט האָט איר צו זאָגן אויף מיר, אַז איך שפּיצל זיך קעגן אײַך, אַז איך גלייב אײַך ניט און אַז איך וויל אײַך באַרירן אײַער כּבֿוד? ס׳איז דאָך אוממעגלעך מיט אײַך צו רעדן צוויי ווערטער! באַלד עפּעס וואַרפֿט איר מיר אויס שלום-עליכמען מיט זײַנע שפּיצלעך! מיט אײַך רעדט ראַבינאָוויטש ריינע דיבורים פֿונעם האַרצן, מיט בלוט — לסוף זאָגט איר גאָר שפּיצלעך! איר שווערט בײַ אַלעם הייליקן, און איך שווער בײַ מײַן לעבן, וואָס איז שוין יעדן הייליקער פֿון אַלץ, אַז איך גלייב אײַך, אַז איך רעד מיט אײַך, ווי מיט אַן אייגענעם ברודער, איך האָב מיך באַקלאָגט פֿאַר אײַך, אַז עס וואַרגט מיך, איך גיי אויס ווי אַ ליכט, איך

באַדאַרף הילף, הילף באַדאַרף איך! און קיין הילף זע איך ניט. איך זע נאָר, אַז אין אַ יאָר און צוויי אַרום קאָן איך זען מײַנע ווערק געדרוקט — און איך קאָן ניט וואַרטן, איך טאָר ניט וואַרטן! קורץ, בײַ מיר איז איטלעכער הונדערטער באַלד טײַערער פון איטלעכן טויזנטער איבער אַ יאָר, און טויזנט הײַנט ווי צוואַנציק טויזנט איבער צוויי יאָר. שלעכט, ברודער, מיר האָבן ביידע זיך גענאַרט, לאָמיר זיך מוחל זײַן איינס דאָס אַנדערע. איך בעט אײַך, טראָגט נישט קיין שׂינאה אויף מיר. בײַ גאָט, איך בין איצטיקס מאָל קעגן אײַך ריין, ווי אַ קליין קינד, בײַ גאָט שווער איך אײַך! ענטפערט מיר דווקא באַלד אַ בריוו, און לאָמיר בלײַבן די אייגענע גוטע־פרײַנד, וואָס ביז אַהער.

אײַער אמתער פרײַנד שלום-עליכם

„מײַן ערשטן ראָמאַן" שיק איך אײַך אין גיכן צו דערווײַלע אַ האַלבן. די צווייטע העלפט — אַרום פאַר פּסח. ווען איר זאָלט ניט געווען רײַסן דעם „וויגרישנעם בילעט" אויף צווייען, ד"ה האַלב אויף מאַרט און האַלב אויף אַפּריל, וואָלט איך אײַך צושיקן צום אַפּריל־ביכל „דעם מלך מיט דער מלכּה" — אַ הומאָריסטישן ראָמאַן, אַ קורצן לכבוד־פּסח. און ווי באַלד אַזוי, מוז איך אים שיקן אין „יוד" אַרײַן צום פּסח־בלאַט, כאָטש אַהין האָב איך שוין אַוועקגעשיקט צום פּסח־בלאַט אַ פּסחדיקן פעליעטאָן „מה נשתּנה". פון דעסטוועגן, אויב מײַן „מלך מיט דער מלכּה" קאָן אַרײַן אין דער „פאַמיליע" פונקט צום פּסח (עס מעג זײַן חול־המועד), שרײַבט מיר באַלד, וועל איך אים צושיקן אײַך. ער איז געראָטן. נאָר, למען־השם, שרײַבט באַלד. מײַן בריוו וועט איר דערהאַלטן פרײַטאָג. דעפּעשירט מיר שבת צוויי ווערטער: פּרישליטיע, ספּעקטאָר. וועל איך וויסן, אַז איר קאָנט אים דרוקן אין דער „פאַמיליע" צו פּסח און וועל אים צושיקן אײַך. זײַן נאָמען איז: דער מלך מיט דער מלכּה (אַ פּסחדיקער ראָמאַן אין פיר טיילן, פאַרפאַסט פון שלום-עליכם). דאָס הייסט, פיר קאַפּיטלעך. יעדן פאַלס, שרײַבט מיר באַלד ענטפער. — עס וואָלט געווען אַ יושר, מיר זאָלן זיך תּיכּף נאָך פּסח ערגעץ קאָנען זען! —

## 417. צום זעלבן

קיִעוו, 27סטן מאַרץ 1902, מיטוואָך

ליבער פרײַנד ספּעקטאָר!

הײַנט פאַר טאָג איז אָנגעקומען די טעלעגראַמע, וועלכע איך שיק אײַך דאָ. זי איז אײַך ניצלעך. איר דאַרפט זי טאַקע ווײַזן דאָרטן, זיי זאָלן זען, אַז מע שיקט מיר געלט צו ק"ן קאַרבן מיט אַ מאָל, און אָפּט, און גיך, און באַלד, און טעלעגראַפיש. —

פון גרויס אײַלעניש האָב איך נאָר פאַרגעסן אײַך געבן אַ בריוו צו בן־אַביגדורן. לכן שרײַב איך אים שוין הײַנט אַליין אַ בריוו אַ רעכטן, נאָר אָן פּרטים, נאָר גוט, ווי שלום-עליכם קען. איר מעגט זיך שוין פאַרלאָזן! זײַט געזונט!

אָבער וואָס זאָגט איר אויף דער חבֿרה, ווי מע האָט זיך דערשראָקן!

אויף תּמיד אײַער שלום-עליכם

דער יונגער־מאַן לאָזט אײַך גריסן גאָר פרײַנדלעך. און מײַן פאַמיליע אַוודאי. —

## 418. צום זעלבן

קיִעוו, 29סטן מאַרץ 1902

ליבסטער פרײַנד!

איך שיק אײַך באַזונדער, פּער באַנדעראָל, די „פּרעמיע" פֿאַר די פרויען. איך האָב עס, ווי איר זעט, גאָר איבער אַ נײַעס איבערגעאַרבעט און ס'איז אויסגעקומען אַ סך בעסער! — אויך שיק איך אײַך אַ באַזונדערן בריוו פון פרוגס ווענן. צו דעם בריוו באַדאַרף „תּושיה" מוחל זײַן צולײַגן פון זיך אַ בריוו מיט אַ פינפאונצוואַנציקער, ווי מיר האָבן גערעדט — וועט דאָס זײַן גימל.

איצט אַרבעט איך ווײַטער פאַר די ערשטע עטלעכע נומערן מאַטעריאַל. — וואָס זאָגט איר אויף די חברה־לײַט, ווי זיי האָבן זיך עס אַ ביסל דערשראָקן? פריִער אַ הונדערטער און תּיכּף נאָך אַ פופציקער — וואָס וועט שוין זײַן, אַז זיי וועלן געוואָר ווערן? איך קאָן עס מיר גאָרניט פאָרשטעלן! —

דער יונגער־מאַן, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין אײַך, זוכט דעם „דיאַדיאַ" אין אַלע ווינקעלעך, ווײַזט מיטן פינגערל און זוכט מיט די אויגלעך „דאַדאַ!" מע האָט אים, ברוך־השם, איבערגעביטן דאָס פײַפעלע און ער פײַפט! מײַן גאַנצע פאַמיליע גריסט אײַך גאָר פרײַנדלעך, און דאָס „פאַרליבעניש" אײַערס אוודאי און אַוודאי!

זײַט געזונט און אַרבעט אַ ביסל גיכער! פאַרגעסט ניט די קאַפּאָטע, פאַרשפּיליעט די קנעפּלעך און לאָזט גריסן אײַער ווייב. (צי האָט איר ניט פאַרלאָרן, חס־ושלום, די שליאַפּע?).

אײַער אַלטער און נײַער, געוועזענער און שטענדיקער

שלום־עליכם

איך שיק אײַך אַחוץ אַ צעטל פון נײַע דרײַ אַבאָנענטן אויף ביידע בלעטער. גיט דאָס איבער אין דער רעדאַקציע. — און פאַרגעסט ניט שיקן די בלעטער אויך מיר און וואַרשאַווסקין, און קיין אַדעס אַבראַמאָוויטשן פאַרגעסט ניט.

שלום־עליכם

## 419. צום זעלבן

קיִעוו, 30סטן מאַרץ 1902

ליבסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

איך האָב אײַך הײַנט אַרויסגעשיקט די „פּרעמיע" — נאָר איר וועט זי באַקומען ערשט זונטאָג אָדער מאָנטאָג.

— — —

פאַרגעסט נאָר ניט אַלע זאַכן, וואָס מע דאַרף און וואָס כ'האָב אײַך פאַרצייכנט. — פאַרגעסן האָב איך, איר זאָלט מיר צושיקן, אַחוץ אײַער בילד, אויך פינסקיס בילד. אײַער ביאָגראַפיע שרײַבט מיר אָן אַ ביסל לענגער, און פינסקיס ביאָגראַפיע אַ ביסל

קירצער, נאָר אויספּירלעך. — אין אײַער ביאָגראַפיע פאַרגעסט נישט, אַז מיר ביידע זענען געבונדן, אַז ס׳איז באַשערט געווען אַלע מאָל, מיר זאָלן ביידע גיין אין איינעם, ווי אונטער די הענט. פאַרשטייט זיך, אַז שרײַבן באַדאַרפט איר דאָס אין יידיש, ווי ס׳גיט איז; איך וועל עס שוין איבערזעצן אין רוסישן און באַפּוצן. נאָר וואָס גיכער (שרײַבט אַלע טאָג צען מינוט), מחמת פון דער רעדאַקציע פון גאָרקיס אויסגאַבע לאָזט מען מיך ניט אָטעמען. — שרײַבט מיר, איך בעט אײַך, דינעזאָנס אַדרעס. — שרײַבט מיר, ווער און ווו איז קאָברין? זײַן אַדרעס, טאָמער ווייסט איר? און שרײַבט מיר נײַעס פון דעם נײַעם עסק — ווי גייטס?

אײַער פאַרליבעניש גריסט אײַך און פּײַפט אויפן פּײַפעלע.

אײַער שלום־עליכם

## 420. צום זעלבן

קיִעוו, 2טן אַפּריל 1902

קאָלעגאַ!

איך שיק אײַך פּער קרייצבאַנד אונדזער פּרצוף. ווי געפעלט דאָס אײַך? — איך רעכן, אַז איר האָט באַדאַרפט אָנקומען קיין וואַרשע ערשט נעכטן, 1 אַפּריל (אַפילו אַ טאָג פון גאָלע שקרים...), און אַ בריוו פון אײַך וועל איך ערשט האָבן אַרום מיטוואָך־דאָנערשטאָג, ניט פריִער.

די „פּרעמיע" האָט איר שוין מסתּמא באַקומען. איך בין שוין פאַרטיק מיט מאַטעריאַל פאַרן „פּרויענבלאַט", דאָס הייסט, מיט מײַן גרויסן ראָמאַן, 10־12 קאַפּיטלעך, דאָס הייסט, אויף צוויי־דרײַ חדשים. דאָס איז אַזאַ מין ראָמאַן, וואָס כאַפּט דעם עולם פון „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", נאָר מיט מער פרישקייט, מיט מער הומאָר און מיט אַ נײַעם שניט אין מײַן שרײַבן, הײַנו: **דער לעזער וועט פונעם ערשטן קאַפּיטל אָן וועלן וויסן וואָס וועט זײַן ווײַטער**; נאָר מכּות וועט ער בײַ מיר וויסן ביזן סוף! — קורץ, ס׳איז דאָס, וואָס איר דאַרפט און איר מיינט — געטראָפן אין קאַרב אַרײַן!

אַצינד האָב איך זיך גענומען צו דער סעריע פעליעטאָנען פאַר דער „פאָלקס־צײַטונג" — איך וועל צוגרייטן אַ פיר־פינף פעליעטאָנען מיט אַ מאָל, און נאָך דעם נעם איך מיך, אם־ירצה־השם, צו דער אויסגאַבע פון אַלע ווערק, נאָכן צעטעל נאָך, וואָס מיר האָבן אויסגעאַרבעט, בכדי איך זאָל מיך פילן, אַז איך טו אַלצדינג, וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט, וואָס אַלע גוטע פרומע לײַט הייסן, און איך וויל פילן, אַז איך האָב אויף זיך גענומען טאַקע אוודאי אַ שווערע אַרבעט, נאָר לויט מײַנע כּוחות — סײַדן איך וועל חלילה אין מיטן מאַכן אַ שטאַרב. — נאָר ספּעקטאָר האָט געקאָנט מיך אַזוי בינדן און נעמען מיט לײַב און לעבן.

איך וואַרט פון אײַך די דאָזיקע זאַכן:

1. אַן אויספירלעכן בריוו **פון אַלעס** (אַלעס!).
2. אײַער בילד צו גאָרקיס אויסגאַבע.
3. דאָס בילד פון פינסקי.

4. קורצע ביאָגראַפיע אייַערע און פינסקיס.
5. די „בעל־הבתּישע ליטעראַטור".
6. געוואָר ווערן וועגן פּרוגס וויכּוח.
7. דאָס אַלטע בילד מייַנס אָפּשיקן מיר צוריק.

איך פון מייַן זייַט האָב אָפּגעטאָן אַלצדינג.

די חברה־לייַט (איר ווייסט דאָך ווער) שיקן מיר איצטער געלט פון אַלע זייַטן — אַ פּנים, דאָס הארץ זאָגט זיי עפּעס...

אייַער בעסטער און שוין אויף תּמיד שלום־עליכם

דאָס „פּאַרליבעניש" פּייַפט און לאָזט אייַך גריסן.

פּ.ס. — מייַן פרוי שרייַבט אייַך באַזונדער אַ בריוול. מסתּמא וועט איר זייַן אַ דזשענטלמען און נישט קיין פּאַרטראָגענער מלאך און וועט ניט זשאַלעווען מייַנע צוויי קערבלעך און וועט דעם 5טן פּינקטלעך טעלעגראַפיש צושיקן. אָבער טאַקע דעם 5טן און טאַקע טעלעגראַפיש! באַוויַזט, ווער איז „תּושיה" און ווער איז „אחיאָסף"! ס'איז נייטיק פאַר אייַך! — — —

## 421. צום זעלבן

קיִעוו, ערב פּסח, 8טן אַפּריל 1902, 1 בייַ טאָג

ליבסטער ספּעקטאָר!

איך בין אַזוי בייז, אַז איך קאָן ניט שרייַבן. איר פאַרשטייט: איך קאָן ניט שרייַבן!

פון אייַך באַקום איך אַ שלום־לאהובי־בריוול אַרום דאָנערשטאָג־פרייַטאָג, אַז מאָרגן (אייַער „מאָרגן" זעצט מיר אין האַרצן) שרייַבט איר מיר אַ גרויסן בריוו. פון דעמאָלט אָן (שוין ברוך־השם מאָנטאָג) — קיין תּמונת אות פון אייַך!

הייַנט באַקום איך אַ בריוו פון בן־אביגדור. ער שרייַבט מיר אַ גאַנץ פּייַנעם „ברוך־הבא" און לאָזט אויס צום סוף, אַז ער האָט דעם 5טן (!) אַרויסגעשיקט (!!) די הונדערט רובל טעלעגראַפיש (!!!) דורך באַנק גאָלדפעדער (און שרייַבט ניט, אין וואָסער באַנק אין קיִעוו — צו וואָס דאַרף מען עס, אַבי איר ווייסט!). בין איך פון גאַנץ פרי אויסגעלאָפן אַלע קיִעווער בענק, געוועזן אויפן טעלעגראַף, אויף פּאָסט — עס הייבט זיך גאָר ניט אָן, געזוכט אומעטום — קיין שום אָנווייַזונג, קיין שום טעלעגראַמע נישט אויף מייַן נאָמען, נישט אויפן נאָמען פון מייַן פרוי. וואָס הייסט דאָס? אַ מיסטיפיקאַציע? דאָס איז נאָך מער מיאוס פון אַחיאָספס אָנווייַזונג אויף שעפּטלען — — — ס'איז מיר אַ שאַנדע פאַר מייַן הויזגעזינד און אַ חרפּה פאַר אייַך! און ועל־כּולם — וואָס איך האָב קיין שום בריוו און קיין שום ידיעה פון אייַך! איך בין אָנגעלאָדן מיט מאַטעריאַל און האָב געוואָלט הייַנט אָוועקשיקן אייַך — לסוף האָב איך געמוזט איבערלאָזן, וואָרעם איך ווייס ניט וואָס טוט זיך בייַ אייַך!!! איך האָב איבערגעריסן אין מיטן שרייַבן. איך בין אַליין ווי אַן איבערגעריסענער! איך רעד שוין ניט פון דעם, וואָס איר

האָט מיך געטראָפֿן מיטן געלט פּונקט אין קאַרב אַרײַן — ערב פּסח! איך ווייס ניט, ווו איך בין — איך ווינטש אַלע שונאים אַזאַ פּסח!

שלום־עליכם

וואָס האָט זיך געטראָפֿן מיט „תּושיה״ ?... שרײַבט!!! טעלעגראַפֿירט! זשאַלעוועט ניט קיין 50 קאָפּ׳!

## 422. צו מענדעלע מוכר־ספֿרים

קיִעוו, 10טן—11טן אַפּריל 1902,
חול־המועד פּסח, תּרס״ב

גוט־מאָרגן, זיידע!

אַ היפּש שטיקל אַרבעט האָב איך אויף מיר אַליין גענומען. גיי זוך און שלעפּ צונויף פֿון דער גאַנצער וועלט ווו און ווו און וואָס עמעצער האָט וועגן אײַך געשריבן — און אַליין זענט איר קיין בעלן נישט? יענער, מהיכא־תּיתי, לאָז ער זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט! איר מיינט, אַ פּנים, זיידע, אַז יענער טוט גאָרניט? איך בין אויף פֿאַרנומען אַ שעה 25 אין מעת־לעת מיט ליטעראַטור אַליין — הײַנט עפּעס דאגות־פּרנסה! הקיצור, מע וועט אַלעס מוזן אויפֿזוכן — אַ ברירה וועט מען האָבן? אַוודאי וואָלט איר מיר געטאָן (און זיך) אַ טובה, ווען איר שיקט מיר צו די שטיקלעך פֿון „פּישקע״, וואָס מרגליות און אַנדערע האָבן איבערזעצט. איר פֿאַרגעסט, אַז יעהופֿעץ איז ניט אַדעס. אין יעהופֿעץ לאָז עמעצער אויפֿלויפֿן, אײַננעמען אַ מיתה־משונה נאָך אַן עקזעמפּלאַר „פּישקע״ אָדער „קליאַטשע״ — איז ניטאָ! אָט אַזאַ מין ערטל איז יעהופֿעץ, ברענען זאָל עס! —

די טעג בין איך גערופֿן צו אונדזערע גבירים (די בראָדסקיס) וועגן אַ פֿאַרלעזונג פֿון מײַנע ווערק, וויל איך אָבער לעזן אײַערס, האָב איך נישט „פּישקען״, נעם איך „בנימין דעם דריטן״ — וואָס זאָל איך טון? אַ חרפּה אַ בושה — איך האָב ניט דעם זיידנס ווערק! אַ בזיון פֿאַר אונדז ביידן. —

פֿון דער מודעה, וואָס די „תּושיה״ האָט אַרויסגעלאָזט, ווייסט איר שוין מסתּמא, אַז זיי גיבן אַרויס צוויי ייִדישע בלעטער, און גיבן דאָס אַרויס מעשׂה סוחר — זיי צאָלן געלט! צווישן אונדז גערעדט (פֿאַר רבניצקין באַדאַרף עס זײַן אַ סוד, מחמת רבניצקי איז אַ הייסער אַחיאָספֿניק) — „תּושיה״ איז ניט „אַחיאָסף״. בײַ די אַחיאָספֿניקעס אַרויס־ציִען אַ גראָשן קומט אָן מיט ווערעם. „תּושיה״ זענען סוחרים! זיי בעטן מיך, איך זאָל אײַך שרײַבן, איר זאָלט זיי עפּעס צושיקן, וועלן זיי מיט דער ערשטער פּאָסט אַרויסשיקן געלט. מיר האָבן זיי צוגעזאָגט און מקיים געווען על צד היותר טוב — מעשׂה סוחר. „אַחיאָסף״ איז אַ קהלשער עסק, אַ ייִדישע צדקה־פּושקע: „תּושיה״ איז אַ סוחריש הויז. עצתי, איר זאָלט זיי באַלד עפּעס צושיקן, וועט איר זיך זען מיט אַ קערבל. אויף מײַן אַחריות! נאָר, למען־השם, ניט ווײַזן דעם בריוו רבניצקין און קיינעם ניט! בחדר״ג!

ענטפערט מיר אויף יעדן בריוו.

אײַער אייניקל, וואָס האָט אײַך אין זינען,

שלום־עליכם

פ.ס. — בײַם שטעלן זיך אין „תּושיה" האָב איך אויסגענומען אַ תּנאַי, אַז, למען־השם, דער זיידע זאָל אויך זײַן אין קאָן, און צאָלן זאָל מען אים מיט געלט, ניט מיט הבטחות, און ניט ווינציקער ווי דער „יוד" (דאַכט זיך, אַז איר נעמט דאָרט 7 אָדער 7.5 פּער שורה). שרײַבט זיי, אַז איך האָב אײַך אײַנגעלאַדן. שיקט זיי די ניט־געדרוקטע קאַפּיטלעך פונעם „ווינטשפינגערל" און נעמט געלט. רבניצקי איז טאַקע אַ גוט ברודערל און אַ ווילער מענטש, נאָר גוט־ברודערשאַפט איז ניט קיין האַנדלשאַפט: אַ קערבל, זיידע, אַ קערבל! — די צײַטונגען וועלן זײַן קפּריסין! שרײַבט, שרײַבט.

## 423. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 14טן אַפּריל 1902

ליבסטער קאָלעגאַ ספּעקטאָר!

הײַנט פאַר נאַכט פאַרגייען די אַנדערע טעג יום־טוב, און איך האָב נאָך אַלץ ניט דעם פּראָספּעקט. עס ברענט מיר אויף אײַך אַ פײַער. איר זענט מלמדים! איר לאָזט דורך אַזאַ צײַט, ווי פּסח! פאַראַן בײַ אונדז אין קיִעוו 13 שולן! און ניט נאָר אין קיִעוו. אומעטום וואָלט איר באַדאַרפט בעטן אײַערע סוכנים, מע זאָל אויסהענגען דעם פּראָספּעקט אין אַלע שולן. די בעסטע רעקלאַמע און די ביליקסטע. — איר זענט מלמדים! איר קאָנט נישט. ווילן ווילט איר, נאָר איר קאָנט נישט! —

— — —

אײַער בריוו האָב איך געלייענט מיט פאַרגעניגן. עס שטעלט זיך מיר פאָר וואַרשע, ווי עס קאָכט. בעסער פון אַלץ געפעלט מיר די חברה רכילותניקעס, ווי זיי לויפן אַרום הין און צוריק, און די „מיטאַרבעטערס" מיט די „אַוואַנסן" בײַ ביידע פאַרלאַגן. דאָס איז טאַקע גרויסאַרטיק!

— — —

דערווײַל איז בײַ מיר נאָך קיין דעפּוטאַציע נישט געווען, נאָר אַ בריוו פונעם ד"ר לוריא האָב איך געהאַט. זייער נאַיִוו! ער פאַרהאָפט, אַז איך בלײַב געטרײַ דעם „יוד", ווי ביז אַהער. און אויף אײַך איז מען גאָר אש־להבה. סטײַטש, סטײַטש!... איך האָב אים געענטפערט, אַז אויב מע איז זיך באַגאַנגען מיט ספּעקטאָרן נישט בעסער ווי מיט מיר, האָב איך צו אים גאָרניט... איך שיק אײַך דאָ אַ קאָפּיע פון מײַן בריוו צו אים, וואָס מײַן טאָכטער האָט אָראָפּגענומען. —

איך האָב אײַך אַרויסגעשיקט זיבן קאַפּיטלעך אויף זיבן פעליעטאָנען פאַר דער „פרויענוועלט" און איין קאַפּיטל פון די „רײַזע־בילדער" פאַר דער „פאָלקסצײַטונג". צוויי קאַפּיטלעך געפינען זיך בײַם איבערשרײַבער און צוויי קאַפּיטלעך שרײַבן זיך נאָך. איך וואַרט פון טאָג צו טאָג אויף דער בעל־הבתּישער ליטעראַטור — און איר שיקט

ניט! ווו זענען אײַערע ווערטער? רירט זיך, איך בעט אײַך. איך מוז דאָך פֿאַרזאָרגן אײַך מיט מאַטעריאַל, לכל־הפּחות, אויף אַ חודש אָדער צוויי. —

— — —

אויב די „רײַזע־בילדער" דרוקן זיך נאָך ניט, וואָלט איך אײַך בעטן, איר זאָלט צוזעצן אַזאַ מין טיטל:

פּעקלעך
(רײַזע־בילדער)
פון
שלום־עליכם

דערפֿאַר, ווײַל אַלע פעליעטאָנען ועלן באַשטיין פון „פּעקלעך". קיצור, אויב ס'איז שוין אָפּגעדרוקט, איז פֿאַרפֿאַלן, נאָר טאָמער ניט, פּוילט זיך ניט און הייסט צושטעלן פון אויבן אויף די רײַזע־בילדער דאָס וואָרט „פּעקלעך", וואָס זאָל שוין בלײַבן ביז ענדע פון די רײַזע־בילדער.

— — —

זענט איר כאָטש צופרידן פונעם ראָמאַן? פאַר וואָס שרײַבט איר ניט?

אײַער שלום־עליכם

## 424. צו ד״ר יוסף לוריא

קיִעוו, 14טן אַפּריל 1902

זייער געערטער דאָקטאָר!

איר שרײַבט אַז פּרינציפּיעל האָט איר גאָרנישט קעגן דעם, עס זאָלן אויפקומען נײַע זשאַרגאָנישע זשורנאַלן. זײַענדיק אין פולשטענדיקן הסכּם מיט אײַער אָנשווּנג, באַגריס איך אײַער דורכויס הומאַנישע באַציִונג צו אונדזער אָרעמער פֿאָלקס־ליטעראַטור.

אָבער וואָס ס'איז שייך צו ספּעקטאָרס האַנדלונג, קאָן איך אײַך זאָגן, אַז אויב דער פֿאַרלאַג האָט זיך צו אים באַצויגן אַזוי ווי צו מיר אין דער צײַט פון מײַן מיטאַרבעטונג בײַ אײַך, קאָן מען פאַר אים געפינען אַ באַרעכטיקונג... צווישן אונדז גערעדט, זענען אײַערע הערן אַרויסגעבערס גאָר ניט קיין דזשענטלמענער. ווייניקסטנס, בנוגע צו מיר איז אַרויסבאַוויזן געוואָרן זייער ווייניק איידלקייט.

פון דעסטוועגן איז דערפֿון ניט געדרונגען, אַז איך זאָל פאַררעכנט ווערן פאַר אַזאַ „פאַררעטער", ווי עס האָט זיך, נאָך אײַער מיינונג, אַרויסבאַוויזן ספּעקטאָר. איך בין מיט קיין זאַך ניט געווען פאַרפליכטעט ניט צו אײַך, ניט צו קיין אַנדערע, און איך וואָלט אויך אויף ווײַטער וועלן געניסן פרײַהייט און אומאָפּהענגיקייט אינעם קונסטטעמפּל. איך האָב מיך ניט אונטערגעגראָבן אונטער קיינעמס פירמע, ניט אויסגעניצט צום שלעכטן קיינעמס צוטרויען, און דעריבער קאָן דאָ וועגן מײַן ערלעכקייט אָדער אומערלעכקייט קיין רייד ניט זײַן, כאָטש איך ווייס, אַז עס וועלן זיך געפינען שוטים, וואָס וועלן אויך מיך אָנרופן פאַררעטער...

נאָך איין זאַך קאָן איך אײַך זאָגן, אַז אײַערע אַרויסגעבערס האָבן ניט נאָר ניט געוואָלט זאָרגן וועגן די אינטערעסן פון זייערע נ י י ט י ק ע מיטאַרבעטערס און ניט נאָר זיי האָבן ניט געוווסט ווי צו שעצן זיי; זיי האָבן, לויט מײַן מיינונג, וועגן זייערע אייגענע אינטערעסן ווייניק וואָס זיך געזאָרגט. שוין צו נאָכלעסיק, און אַפילו פּאַראַכטנ־דיק, האָבן זיי זיך באַצויגן צו דער „פּאַראַכטעטער דינסטמויד", צו דער „שיפחה נחרפת", דאָס הייסט, צום זשאַרגאָן... — — — [דער סוף פונעם בריוו פעלט].

## 425. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיעוו, 17טן אַפּריל 1902

ליבסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

איך האָב נאָר וואָס אָפּגענומען אײַער יום־טובדיקן בריוו, ווו איר מיינט, אַז איר שרײַבט מיר שוין אַלץ. איר האָט אַ טעות: ס'איז נאָך ניט אַלץ. ראשית, שיקט איר מיר ניט די „בעל־הבתישע ליטעראַטור" — וואָס טראַכט איר זיך? איך קאָן דאָך בלײַבן זיצן, ווי יענער חתן — — — ... מיט פּאַרקאַטשעטע אַרבל: „אַנו, גיט נאָר אַהער עפּעס אַ פריש שטיקל אַרבעט!"... אַ גליק, וואָס מיר לאָזט זיך ניט אויס קיין מאַטעריאַל און, ברוך־השם, סע שרײַבט זיך. איר דאַרפט אָבער וויסן, אַז ס'איז אַן עבירה אַוועקגעבן אין די ערשטע חדשים ד י ב ע ס ט ע אַרבעט א ו מ ז י ס ט: איך מיין א ײַ ך, ניט זיך. והשנית, גלוסט זיך מיר טאַקע זיך פאַרנעמען אַ ביסל מיט אונדזער ליטעראַטור. איך וויל אָנהייבן זיך לאָזן שווימען אויף דער דאָזיקער „גנילאָפּיאַטקע", זיך צוהערן צום קוואַקען פון אונדזערע זשאַבעס און אַ ביסל אָנשמעקן זיך מיטן שיינעם ריח פון דער גרינער בלאָטע, פאַרפוילטע ריטלעך, שאָבעכץ פון פיש און גלאַט זומער־טינוף (איך בעט איבער אײַער כּבוד, נישט אום אסרו־חג דערמאָנענדיק...).

מיר געפעלט, וואָס מײַן ראָמאַן מיט מײַנע פעליעטאָנען געפעלן אײַך, כ א ט ש איר ה אָ ט ז יי נ אָ ך נ י ט ג ע ל יי ע נ ט... יאָ, יאָ, ברודער, איר קאָנט זיך שוין פאַרלאָזן אויף ש ל ו ם ־ ע ל י כ מ ע ן. הלוואַי זאָל נאָר גאָט געבן כּוח אַריבערטראָגן די „שטוב־צרות" (ס'איז זייער פּאַסקודנע: עס גייט אַ זומער, דער בעל־הבית מאָנט דירה־געלט פאַרן ווינטער נאָך, אויף קיין דאַטשע איז נאָך נישטאָ, און גאָט ווייסט, צי ס'וועט אַזוי גיך זײַן! אויב איך וועל ניט אַראָפּ פונעם זינען, וועט זײַן אַ נס מן־השמים!...). איר זענט זייער גערעכט, וואָס איר זאָגט, אַז „מיר" וועלן אַרבעטן, און „זיי" וועלן פירן רכילותן, מאַכן זיצונגען מיט אַסיפות, און ווער עס וועט מאַכן בעסער — וועלן מיר זען.

— — —

איך האָב נאָך לעת־עתּה פון זיי קיין תּשובה ניט אויף מײַנע בריוו. אַז איך וועל האָבן (אַרום איבער מאָרגן, 20סטן, רעכן איך), וועל איך אײַך געבן צו וויסן.

— — —

אַ גרויסן, גרויסן שאָדן האָט איר זיך אַליין געמאַכט, וואָס איר האָט ניט צוגעשיקט מיר אויף די צווייטע טעג יום־טוב די מודעה! מע באַדאַרף וויסן, וואָס קיעוו איז. אין

קיעוו צונויפנעמען אַלע יידן וועט מען קאָנען שוין ערשט סוכּות, אם־ירצה־השם, ניט פריער! — נו, איך בין ניט שולדיק — איר זענט מלמדים!

איך האָב אײַך געהאַט געבעטן, איר זאָלט די רײַזע־בילדער אַ נאָמען געבן „פּעקלעך", לאָז שוין בלײַבן רײַזע־בילדער אליין.

— — —

איר טוט אַזוי: פאַרפאַרטיקט אַלצדינג, וואָס איך דאַרף, און נאָך דעם האַלט פאַר די אויגן מײַן בריוו און ענטפערט מיר אויף יעדער פראַגע באַזונדער.

— — —

געדענקט זשע נאָך אַ מאָל: די בעל־הבתּישע ליטעראַטור, די בילדער מיט די ביאָגראַפיעס.

פאַרגעסט ניט שיקן די בלעטער אַהין, ווו איך האָב אײַך געבעטן.

אײַער געטרײַער שלום־עליכם

פּ.ס. אײַער דיכטונג איז מחיה־נפשות! איך האָב גאָר ניט געוווסט, אַז איר זענט אַזאַ פּאָעט! אַ כּפּרה ביאַליק!

## 426. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיעוו, 20סטן אפּריל 1902

האָט קיין פאַראיבעל ניט, זיידע לעבן, און זײַט מוחל אײַער צעטראָגן און פאַרט־ראָגן אייניקל (אַחשתּרנים!), וואָס איך האָב פאַרגעסן אין יענעם בריוו צולייגן אײַער בילד. איך וואַרט דאָך ענטפער אויף מײַנע בריוו צו אײַך.

נכדכם שלום־עליכם

## 427. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיעוו, 22סטן אפּריל 1902

ליבער טײַערער פרײַנד ספּעקטאָר!

פון אײַער גרויסן געפּאַקטן בריוו האָבן מיר דאָ משונה הנאה געהאַט. דער ערשטער אַרויספאָר איז שוין גוט, וואָס איר שרײַבט, אַז איר ווילט אַזוי שרײַבן מיר אַ בריוו, אַז איר וועט שיער ניט צעזעצט — דאָס געפעלט מיר דווקא! דאַרפט איר זיך אַזוי לאַנג אײַנהאַלטן, איר זאָלט שיער ניט צעזעצט ווערן — אָמער, גיט אַרויס אַלע טאָג אַ ביסל, וואָס דאַרפט איר זאַמלען?

פון קאַפּלאַנס מעשׂיות ווער איך ניט נתפּעל; עס מעגן שוין קומען קאַפּלאַן און קאַפּלאַניכע מיט נאָך אַ צען אַזעלכע, איז פאַרפאַלן — איך בין אײַערער, און קיין צוויי געטער דין איך ניט און קיין צוויי ווײַבער האָב איך ניט, איר קענט מיך, עס איז שוין צײַט, איר זאָלט מיך קענען! —

מיר האָבן זיך דאָ גוט אָנגעלאַכט פון אײַערע וואַרשעווער שרײַבערס מיט די אַוואַנסן, כאָטש ס'איז געװוּג טרויעריק...

וועגן די מעקלערס דאַרפט איר געדענקען, אַז איך האָב אײַך דער ערשטער געזאָגט, אַז דאָס וואָלט זײַן דער בעסטער פּלאַן. פאָלגט מיך, לאָז „תּושיה״ טאַקע אָפּקויפן דעם „יוד״ מיט אַלע אַבאָנענטן — איך מיין דאָס אָן לצנות, אַז ס'איז כּדאַי. פונעם זיידן האָב איך קיין תּשובה ניט — איך וועל האָבן, וועל איך אײַך שרײַבן. ביאַליק שרײַבט מיר, אַז רבניצקי פאָרט קיין וואַרשע מכּוח זייער עפּעס אָן ענין וועגן זייער פאַרלאַג פאַר קינדער אין העברעיִש — „מוריה״.

דער נאָמען אײַערער „תּהלים־זאָגער״ איז אויסגעצייכנט, אָנגעמאָסטן! אַלץ וואָס מיר שרײַבן צווישן זיך איז אַ ס ו ד — וואָס פאַר אַ נײַעס בײַ אײַך?

מײַן ראָמאַן „ווער ווייסט?״ וועט איר ערשט זען וואָס דאָס איז. איך וויל, ער זאָל בכלל מאַכן אַ רושם, מע זאָל פון אים רעדן אומעטום. איך האָב דאָך אײַך געזאָגט: הלוואַי איך זאָל נאָר האָבן מעגלעכקייט אים דערפירן ביז אַהין ווו מע דאַרף, דער קאָפּ זאָל מיר אַזוי ניט זײַן אין דער ערד!

די „רײַזע־בילדער״ זאָלט איר בײַם נומער 4 אָפּשטעלן און אָנהייבן דרוקן די „בעל־הבתּישע ליטעראַטור״. און אויב איר וועט פאַרכאַפּן צו דרוקן פון נומער 3, זאָלט איר זיך נעמען צו דער „בעל־הבתּישער ליטעראַטור״ פון נומ' 3. —

מערקווערדיק! איר שרײַבט מיר, איך זאָל אָנהייבן פונעם „טאָגבוך״; בשעת איך האָב באַקומען אײַער בריוו, האָב איך שוין אַ האַלבן „טאָגבוך״ דורכגעלייענט און אָפּגעקריטיקירט. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ברודער, דאָס וועט זײַן אַ מין פריילעכע לעבעדיקע אינטערעסאַנטע סעריע, וואָס מע וועט דאַרפן זיך צוגרייטן קישקעס אויף צו לאַכן! איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז איך האָב אַליין געקאַטשעט זיך פאַר געלעכטער, לייענענדיק מײַן ערשטע רעצענזיע אויף דעם „טאָגבוך״. די קריטיק איבער הויפּט איז אָריגינעל, נישט אַזוי, ווי מע האָט געשריבן ביז אַהער — אָט וועט איר זען. איך האָב עס געגעבן איבערשרײַבן אויף ריינעם, און נאָך אַ היפּשע שטיק באַדאַרף איך צושרײַבן. דאָס „טאָגבוך״ איז פון די אַנטיקן! (אַ „זשיוואָטנע באַשעפעניש״!). ווו קריג איך נאָך אַזעלכע עטלעכע „זשיוואָטנע באַשעפעניש״? — בעט בן־אביגדורן, ער זאָל מיר צושיקן אין דעם אָרט העברעיִשע ביכלעך, וועל איך זיי נעמען צו דער אַרבעט; איבער הויפּט — סיפּורים, ראָמאַנען, לידער, פונעם מין, וואָס מע קאָן דאָס רופן „זשיוואָטנע באַשעפעניש״. איך האָב אַ רוסישע דראַמע פונעם ייִדישן לעבן, וועט זי אַרײַן אין דער „בעל־הבתּישער ליטעראַטור״ — עס וועט זײַן סחורה מיט אַ מ״ם! — מײַן נאָמען טויג ניט צו ענדערן: איר האָט דאָך שוין איין מאָל מודיע געווען, אַז שלום־עליכם געוועלטיקט איבער ק ר י ט י ק אויך, הײַנט צו וואָס טויגן נײַע פּסעוודאָנימען? — אײַער פאַרליבעניש, דאָס קליינע זשיוואָטנע באַשעפענישל, שיקט אײַך אַ ווײַטן קוש. מײַן פאַמיליע גריסט אײַך גאָר פרײַנדלעך.

אײַער שלום־עליכם

די צײַטונגען זענען נאָך נישטאָ.

## 428. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיִעוו, 3טן מיַי 1902

ווילט איר, הייסט דאָס, זיידע, קלייגע אותיות? מהיכא־תיתי, נעמט זיַיט מוחל אַ מיקראָסקאָפּ און מוטשעט זיך, אפשר וועט איר איבערלייענען, און אפשר ניט? שאָדע, וואָס איך האַנדל ניט איצט מיט ווייץ: איך וואָלט איַיך אויף אַ ווייצעלע אָנגעשריבן אַ בריוול — און ווייסט! — איך שריַיב אויך דערוויַיל אי דאָ, אי דאָרטן. אַדרבה, לאָזן זיך ייִדישע גאַזעטן מערן, ווי פיש אין וואַסער, וואָס אָרט דאָס אונדז? נאָר עפּעס חלומט זיך מיר, אַז בן־אַביגדורס צייַטונגען זענען מיט מער אַריכת־ימים — ס'איז סוחרים!... וועגן איַיערע ווערק אין אַמעריקע וועט זיַין, אם־ירצה־השם, רעכט: איך האָב זיי אין זינען. איך האַלט וועגן אַן ענין מיט מיַינע ווערק, קאָנט איר זיַין זיכער, אַז אַלץ וואָס איך וועל נאָר קאָנען טון פאַר זיך וועל איך טון פאַר איַיך. ועוד חזון למועד. — יאָ, ווייסט איר ניט, וואָס האָט צו מיר דער — — —? ער שריַיבט צו דער חברה „אחיאָסף", אַז זיי דאַרפן מיך אויף כּפּרות, אַז איך בין גאָר קיין שריַיבער ניט — המנס מסירות! אַ רחמנות נעבעך אויף אים, אַ קראַנקער מענטש!... מיַין הויזגעזינד, צו וועלכן ס'איז צוגעקומען נאָך אַ נפשל פון אַ יאָר, גריסט איַיך גאָר פריַינדלעך, איַיך און אַלע איַיעריקע, און רבניצקין אויך.

נכדכם שלום־עליכם

נ.ב. — האָט קיין פּאַראיבל ניט, איך וואָלט איַיך געשריבן נאָך קלענערע אותיות, לעשט דאָס פּאַפּיר, צעגיסט זיך די טינט און די פּען איז אַ גראָבע פּען, ווי אַ קאָטשעלקע — פּען!

פּ.ס. — אומיסטנע געקויפט פון איַיערט וועגן אַ דינע פּען קאָסאָדאָ און וועל זי האַלטן פון איַיערט וועגן. גאָט זאָל מיר נאָך צושיקן עפּעס אַ רעכטע טינט, זי זאָל ניט פליסן! קויפט איַיך פאַר אַ פינף אַ גילדן אַ ברענגלאָז, וועט איר, אם־ירצה־השם, הנאָה האָבן. — כאָטש דער זון פון מיַין פאָלק זאָגט, אַז איך בין גאָר קיין שריַיבער ניט, וואָלט איך וועלן פון דעסטוועגן הערן וואָס וועט עפּעס זאָגן דער זיידע אויף מיַינע „פּעקלעך" און אויף מיַין גרויסן ראָמאַן, וואָס וועט גיין געדרוקט אין די נייַע צייַטונגען? און צי האָט איר געלייענט אַלץ וואָס איך האָב געשריבן אין „יוד"?

בייַגעלייגט מיַין כּתב־ידל מיט אַ גוטער פּען און מיט וויאָלעט־טינט. וואָס ט'איר איצטערט זאָגן?

שלום־עליכם

איבערגעקוקט אין ניו־יאָרק 7 מיַי 1915.

שלום־עליכם

## 429. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 3טן מיַי 1902

בעסטער פריַינד ספּעקטאָר!

איך האָב נאָר וואָס דערהאַלטן איַיער בריוו און ענטפער איַיך אויף דער פּאָסט בחפזון — כאַפּנדיק הייסט דאָס.

איך האָב באַקומען נאָך עטלעכע בריוו און גיב אײַך איבער אַלעס: א) אַ בריוול פונעם זיידן. שרײַבט ער מיר, אַז ער וויל זייער גיין מיט מיר צוזאַמען אין די נײַע בלעטער, נאָר ער קאָן נישט אין גאַנצן אָוועקוואַרפן דעם אַלטן חדר, לכן וועט ער זען געבן אי אַהין, אי אַהער. ב) אַ בריוול פון רבניצקין. בעט ער מיך זייער, אַז על־פּי יושר זאָל איך דעם „יוד" נישט פאַרלאָזן לגמרי. ג) אַ בריוול פונעם — — — מיט אַ סך הויכע מליצות, אַז על־פּי יושר (אַלע מיט יושר) טאָר איך ניט אָוועקוואַרפן דעם „יוד". איך מעג, זאָגט ער, שרײַבן אין די נײַע צײַטונגען אויך, נאָר אינעם „יוד" מער, און זאָגט, אַז די חברה האָבן מיך תּמיד זייער שיין באַהאַנדלט, און מסתּמא אויף ווײַטער ניט ערגער. ער זאָגט, אַז ער האָט געהאָרכט פון עפּעס אַ קאָנטראַקט, וואָס איך האָב געמאַכט מיט דער נײַער חברה, נאָר ער גלייבט ניט. הכּלל, זיי פּרוּוון זיך מיט אַלע המצאות — נאָר איר קאָנט שוין זײַן זיכער, אַז ס'איז פּוסטע דיבורים. איך באַדאַרף זיי נאָך על־פּי חשבון (ניט על־פּי יושר) געבן אַ צוויי־דרײַ בילדער פון די „קליינע מענטשעלעך" — און אַדיעו! — — —

איצט ענטפער איך אײַך אויף דער עצה, וואָס איר פרעגט בײַ מיר מכּוח נקודות. לאָזן די אינטעליגענטן זאָגן וואָס זיי ווילן — נקודות איז אַ גרויסע זאַך! נאָר אויב דער „יוד" וועט איבערגיין צו אײַך, מעג ער גיין ווי ביז אַהער, אָן נקודות, נאָר מיט איין תּנאי: די פעליעטאָנען מײַנע זאָלן זיך דרוקן אַזוי ווי איר האָט אָנגעהויבן, דאָס הייסט, מיט נקודות; און פון דער „פּרויענוועלט" שמועסט מען ניט, אוודאי און אוודאי! — ווען איר זאָלט מיך פרעגן, צי זאָלט איר דעם „יוד" אָפּקויפן — וואָלט איך אײַך געזאָגט: יאָ. און אַ גרויסן יאָ! גלײַכער אַ ביסל זיך אויסברענגען, אַ ביסל איבערצאָלן, נאָר עס זאָלן ניט זײַן קיין צוויי חדרים. הגם פאַר אונדז, שרײַבערס, איז דאָך גלײַכער, ווען ס'איז פאַראַן צוויי חדרים, נאָר בײַ אונדז, בײַ מיר און בײַ אײַך, טאָר דאָס ניט שפּילן קיין ראָלע. דאָס קאָן זײַן אַ מעלה נאָר פאַר די, וואָס נעמען זעקס רובל אַוואַנס. איך וויל דורכויס, אַז די גאַנצע ליטעראַטור זאָל אַרײַנפאַלן אין רעכטע הענט, און מיר דאַכט זיך אויס, אַז בן־אַביגדור — דאָס איז די „רעכטע הענט". דעמאָלט קאָנען מיר ווירקלעך האָפן גרויסעס צו דערלעבן, אַ סך, אַ סך נחת. — — —

אַצינד האָב איך צו אײַך אַ בקשה, אַ קלייניקייט, וואָס בײַ מיר איז דאָס אַ גרויסע זאַך, היינו: אַזוי ווי די בלעטער האָבן זיך אַ ביסל פאַרצויגן, און אַנשטאָט 15טן אַפּריל וועלן זיי אַרויס הלוואי דעם 15טן מײַ, לכן הייסט דאָס אַ חודש שפּעטער, און איך האָב אויסגעשטעלט איינעם אַ טערמין אויף די ערשטע טעג מײַ, בין איך איצט שטאַרק פאַר־ענגט און עס שטערט מיר צו דער אַרבעט, דער קאָפּ איז מיר, לא־עליכם, אין דער ערד. אויב איר קאָנט איבערעדן מיט בן־אַביגדורן, זאָלט איר אים בעטן אין מײַן נאָמען, אַז אַנשטאָט דעם, וואָס מע דאַרף מיר אַרויסשיקן 100 רובל פונעם 4טן נומער, זאָל מען מיר אַרויסשיקן באַלד, דאָס הייסט, תּיכּף ווי איר וועט באַקומען דעם דאָזיקן בריוו — וועט איר מיר טון אַ גרויסע טובה, און איך וועל זען, אַז מע האַנדלט מיט מענטשן. דעם צווייטן הונדערטער וועט איר מיר שוין שיקן מיטן נומער 8, און אַזוי ווײַטער. אויב ס'איז נאָר מעגלעך, רעדט איבער, כאָטש ס'איז מיר איבער דער טבע. ס'זאָל זײַן נישט אַזוי איבער דער טבע, וואָלט איך גלײַך געשריבן צו בן־אַביגדורן, נאָר, ערשטנס, קען איך דאָך אים נישט פּערזענלעך, והשנית, ווייסט איר מיך נישט פון

נעכטן, וואָס פאַר אַ נפש איך בין; ביי מיר איז תמיד אַ סך גרינגער געבן יענעם, ווי בעטן ביי יענעם... נאָר אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט, אַז איך באַדאַרף שוין ניט געבן, נאָר בעטן — לאָם איך דאָס כאָטש נישט טון אַליין, אַז איך האָב אַ גוטן ברודער, וואָס זיין נאָמען איז ספּעקטאָר...

איך דאַנק דער חברה „תושיה" פאַר די ביכער, וואָס זיי שיקן מיר אַרויס, און זע אַרויס לעת־עתה, אַז איך האָב צו טון מיט מענטשן, נישט מיט קיין זלידניס. — די ווייטעריקע קאַפּיטלעך פונעם ראָמאַן שרייב איך, און די „פּעקלעך" אויך. די איבעריקע קריטיק וועט איר באַקומען, אם־ירצה־השם, דינסטאָג צוויי מיט אַ מאָל.

אייער שטענדיקער אויף שטענדיק

שלום־עליכם

פּ.ס. — גריסט בן־אַביגדורן און זאָגט אים, אַז דער עולם קוקט אַרויס אויף די נייע בלעטער, ווי אויף משיחן. טאָמער וועט דער אָנהייב זיין שווערלעך, וועט ער אָבער שפּעטער האָבן זייער פיל נחת, אם־ירצה־השם — מער וויפל ער רעכנט!

שלום־עליכם

## 430. צום זעלבן

קיִעוו, 3טן מיי 1902

ליבסטער פריינד ספּעקטאָר!

איך האָב אייך אויף אייער ליבן בריוו געענטפערט פון דער פּאָסט אין אַ צוגעמאַכטן בריוו און געשריבן אויף אַלצדינג ענטפער. איך זע, אַז איך האָב נישט קרום געטאָן, וואָס איך האָב זיך צוגעלאָזט צו אייך און איבערגעגעבן זיך מיט לייב און זעלע. זייט זשע מיר טאַקע אַ גוטער־ברודער ביזן סוף. — — — מיין בריוו וועט איר דערהאַלטן זונטאָג. רעכן איך, אַז מאָנטאָג וועט מען אַרויסשיקן מעות, וועט דאָס הי זיין מיטוואָך. —

ווערדליק קיין דעפּעש פון אייך איז נישטאָ, איז אַ סימן, אַז דעם „יוד" האָט איר ניט אָפּגעקויפט. פון דער בעל־הבתּישער ליטעראַטור שיק איך אייך מאָרגן (שבת) אַרויס נאָך צוויי פיינע בעלי־בתּים. אויב איר האַנדלט אָפּ דעם „יוד", וועט מיין פעליעטאָן וואָס אין „פאָלקסצייטונג" אַרויספאַלן. — קאַפּלאַן און לוריאַ מוטשען מיך אַלץ, איך זאָל זיי צוזאָגן אויף ווייטער, שרייב איך קאַפּלאַנען, אַז איך קאָן דורך בריוו זיי נישט אַרויסזאָגן גאָרנישט ניט. — דאָס זשיוואָטנע באַשעפענישל איז צופרידן פונעם דיאַדיאַ.

אייער שלום־עליכם

## 431. צום זעלבן

קיִעוו, 4טן מיי 1902

ליבסטער ספּעקטאָר!

איך שיק אייך די אַנדערע צוויי בעלי־בתּים: מאָרגנשטערן מיט זיין קריטיקער קלאָפּ — ביידע וואַרשעווער ליטעראַטן, אַנטיקלעך!

— — —
אויב גאָט וועט אײַך העלפן און דער „יוד" וועט אַריבערגיין צו אײַך, איז עצתי, איר זאָלט פונעם ערשטן נומער אָן ענדערן דאָס בלאַט: דאָס העמדל און די ערשטע מיטל־אותיות און די גאַנצע פאָרעם פונעם שער — הכלל, דער עולם זאָל באַלד זען, אַז ס'איז עפּעס אַ נײַעס פאָרגעקומען, און דאָס שפּילט אַ גרויסע ראָלע בײַם פּראָסטן לעזער און בײַ יעדן לעזער. הײַנט זאָלן מײַנע פעליעטאָנען (די ערשטע כאָטש), למען־השם, זײַן מיט נקודות. אָט אַזוי וואָלט באַדאַרפט גיין דער שער: — — —

סע פאַרשטייט זיך, אַז בײַם מאָלער וועט דאָס אַרויסקומען אַ ביסל שענער. אויך אַרטיקלען זאָלן גיין אויפן ערשטן קלאַפּ נײַע, פרישע, צאַפּלדיקע. דעמאָלט מעג זיך גיין אַ פעליעטאָן („פּעקלעך", „קליינע מענטשעלעך") באַזונדער, און די בעל־הבתישע ליטעראַטור באַזונדער, אינעם זעלבן נומער, צום סוף בלאַט, מיט אַ באַזונדערער צאַצקע פאַרצוויקלט, און דווקא מיט נקודות די אַלע ערטער וואָס זענען גענומען בײַ יענעם — קורץ, ס'זאָל זײַן נײַ, שיין, פײַן, ניט ווי ביז אַהער — אָנגעפּאַקט לימענעס מיט מאַראַנצן מיט אייער און מיט קאַרטאָפלעס און מיט קרויט און מיט לאָבעדע צוזאַמען! —

אײַער שלום־עליכם

פונעם 1טן נומער באַדאַרף גיין אַ מודעה פון דער רעדאַקציע, אַז אַלע אַבאָנענטן — ווער עס האָט ניט צו דער צײַט דאָס בלאַט, אָדער ניט אַלע בלעטער, זאָל ער שרײַבן אין דער רעדאַקציע, וועט אַלץ זײַן אויסגעפאָלגט אויפן בעסטן אופן. דער פּרײַז פאַר די אַלטע אַבאָנענטן טאָר נישט זײַן געענדערט — — — האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך מיש מיך אין אַזעלכע זאַכן...

## 432. צום זעלבן

קיעוו, 5טן מײַ 1902

ליבסטער קאָלעגאַ ספּעקטאָר!

דאָס פּעקל ביכער פאַר ראָזעט האָב איך דערהאַלטן און דאַנק דער חברה פאַר איר אמתע פּינקטלעכקייט. אָט אַזוי באַדאַרפן זיך אייגנטלעך פירן אַלע יידן, וועלן זיי ווערן אויס „יודן"...

אַצינד האָב איך צו אײַך, דאָס הייסט צו דער „פּאָלקסצײַטונג", אַ געשעפט — נישט קיין בקשה, נאָר אַ געשעפט. מע באַדאַרף זען, אַז אונדזערע זאָלן די צײַטונגען אײַנפירן לײַטיש, ווי עס געהער צו זײַן, מע זאָל דורך דעם מאַכן געשעפטן און טאַקע פאַרדינען געלט. איך זוך און טו אַלצדינג לטובת הצײַטונגען — נישט נאָר ליטעראַריש, נאָר אויך מאַטעריאַליש.

איך שיק אײַך דאָ אַ גרויסע מודעה פון אַ גרויסער היגער פאַבריק פון פײַערקאַסעס „סאַלאַמאַנדראַ", אַחוץ דעם, וואָס ס'איז טאַקע אַ ניצלעכע זאַך פאַר יידישע בתי־מדרשים דער אָרון־קודש פון דער סאַלאַמאַנדראַ, איז דער פאַבריקאַנט, אַ ייד, הער ד. שטילמאַן, מײַנער אַן אַלטער גוטער־ברודער און גלאַט אַ גוטער־ברודער און

אײַערער אַ ליבהאָבער פון אײַערע צײַטונגען, כאָטש זיי באַדאַרפן ערשט מאַרגן אַרויס אויף דער וועלט.

די מודעה באַדאַרף זײַן געדרוקט אין „פּאָלקסצײַטונג“ אַלע וואָך, דעם גאַנצן זומער, זי באַדאַרף פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט, אויבן אָן אין „מיזרח“, אויף דער לעצטער זײַט. צו דער מודעה גייט אַ קלישע, וועלכע מיר וועלן אײַך די טעג צושיקן, און פוןביידע זײַטן קלישע באַדאַרף זײַן געדרוקט מיט נקודות דער טעקסט, וואָס איך האָב אַליין בכבודי ובעצמי פאַרפאַסט. די רעכענונג זאָלט איר מאַכן מיט יושר, דאָס הייסט מיט ראַבאַט, און צושיקן אַלע חודש אַ רעכענונג פראַנקאָ, וועט איר באַלד באַקומען געלט. — — — ס'איז גוט געלט. אויך האָב איך פאַרפאַסט אַ שטיקל מאמר איבער דעם דאָזיקן ענין, וועלכן איך בעט אײַך, איר זאָלט דאָס אָפּדרוקן אין „פּאָלקסצײַטונג“, אין דער אָפּטיילונג פון נאַכריכטן, אָדער ביי אײַך, צווישן שטעט און שטעטלעך — מיט איינעם וואָרט, ס'זאָל זײַן אָפּגעדרוקט. איר באַדאַרפט וויסן, אַז מודעות קוקן איינס אויפס אַנדערע. איין מודעה שלעפּט די אַנדערע. איך וועל אײַך זען דאָ נאָך גרויסע פירמעס, וואָס האָבן אַ שײַכות מיט ייִדן אין דער האַנדלסוועלט. מע באַדאַרף זען, אַז אין אונדזערע בלעטער זאָלן זײַן נישט נאָר מודעות פון ביכער און אתרוגים, נאָר אויך פון סוחרישע זאַכן. — איך דערוואַרט ענטפער אויף מײַן פריִערדיקן בריוו מיט דער בקשה צו בן־אַביגדורן. — איך בעט גריסן בן־אַביגדורן און דעם ד״ר הורוויץ גאָר פרײַנדלעך.

שלום־עליכם

פּ.ס. — אויב די „סאַלאַמאַנדראַ“ וועט אײַך ניט צושיקן קיין קלישע, וועט איר שוין מוזן לויט דאָס געמעל באַשטעלן אַ קלישע אין וואַרשע, און וויפל עס וועט קאָסטן — שיקט אײַך „סאַלאַמאַנדראַ“ באַלד אַרויס געלט. — — —

## 433. צום זעלבן

קיִעוו, 9טן מײַ 1902

ליבסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

אײַער גרויסן בריוו, וואָס באַשטייט קעגן צוויי טוץ מײַנע קליינע בריוולעך, האָב איך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט מקבל געווען, ווײַל אָדער ער איז נאָך ניט אַרויסגעגאַנגען, אָדער ער גייט נאָך. וואָס טויג מיר גרויסע בריוו און זעלטן — אַמער, שרײַבט מען קליינע בריוולעך און אָפט. איר האָדעוועט מיך מיט אײַערע בריוו, ווי מײַן מאַמע, עליה־השלום, פלעגט מיך האָדעווען אַ גאַנץ ווינטער ביז פּורים מיט דער סעודה. „וואַרט, וועסטו דו עסן, אם־ירצה־השם, בײַ דער סעודה“ — און מיר דאָס האַרץ חלשט! — איך האָב באַקומען אַ בריוו פון בן־אַביגדורן (מיט אָן אָנווײַזונג אויף די 100 רובל אין שטאַטסבאַנק — ווידער נישט געטראָפן!), האָב איך פונעם בריוו געהאַט ווינציק נחת. די ווײַסע־חברהניקעס רעכענען זיך מיט אײַך, ווי מיט אַ טאַטן! דאָס אָפּציִען פון די צײַטונגען איז אַ ביטערע קרענק. בן־אַביגדור שרײַבט מיר, אַז איבעראַכטאָג וועט אַרויס דער פּראָבע־נומער און נאָך דעם וועט דאָס איבערגעהאַקט ווערן אויף אַ חודש

(לייען: אויף צ ו ו י י), און ערשט נאָך דעם, אין יולי (לייען: אין אויגוסט), וועט שוין גיין גוט. איך ווייס: איר זענט נעבעך דאָ געוויס ניט שולדיק: דאָס האָבן אײַך אָנגעמאַכט די — — —, און מי יודע, וואָס נאָך פאַר שטיקלעך זיי קאָנען אײַך אַרויסוואַרפן!

דערווײַל, וואָס ס'איז מ י ר נוגע, איז מיר ביטער און פינצטער. — — — וואָרעם יעדער בעל־דרשן דרשעט פון זײַנעט וועגן. איך ווייס וואָס „תּושיה" פאַרלירט דערבײַ, מע מעג זיך דאָס ווינטשן פאַרדינען: אָבער מיר איז דערפון נישט גרינגער. באַרעכנט זיך, אַז איך בלײַב אויפן גאַנצן זומער אָן אַ קנעלונג! איך האָב ביזן אַכטן נומער אָפּגענומען, און דער אַכטער נומער וועט אַרויס הלוואי אין סענטיאַבער... און מיך האָט איר דאָך אין גאַנצן גענומען דערמיט, וואָס איך האָב מיר מײַן שטענדיק געהאַלט, די 100 רובל אַ חודש — — —, און לסוף, סאַמע צום אָנהייב, און סאַמע זומער, ווען איך האָב ניט קיין שום אַנדערע געשעפטן (דער עולם צעפאָרט זיך אין דער ערד אַרײַן אויף די דאַטשעס), וועל איך בלײַבן מיטן בײַטשל. באשר, איך זאָל וואַרטן אויף ווינטער, וועט זײַן גוט! איך מאַך אײַך חלילה ניט שולדיק; איך ווייס, אַז ס'איז אַ צופאַל, נאָר וואָס קומט מיר אַרויס דערפון? — — — ווי אַזוי וועט דאָס זײַן, אַז איך וועל דאַרפן זיצן יוני, יולי, אויגוסט און אַ האַלבן סענטיאַבער, שרײַבן און שרײַבן, און אַרויסקוקן, מע זאָל שוין געבן דעם ערשטן בלאַז (ראש־חודש אלול), ביז איך וועל קאָנען בעטן אַ הונדערטער! — — — איך גלייב, אַז ניט איר און ניט בן־אַביגדור וועלן דערלאָזן מיך אין אַזאַ נאַרישער לאַגע סאַמע צום אָנהייב. איך גלייב, מחמת איך גלייב אין אײַך.

אײַערער פול מיט יסורים
שלום־עליכם

פאַר די 100 רובל בעט איך איבערגעבן בן־אַביגדורן מײַן גרעסטן אינערסטן דאַנק!

## 434. צום זעלבן

קיִעוו, 10טן מײַ 1902

ליבסטער פרײַנד!

ס'איז שוין הײַנט פרײַטאָג, און אײַער גרויסער בריוו איז נאָך אַלץ נישטאָ. איך בין געוועזן אויף פּאָסט — בלאָטע! אַז מע שיקט אַרויס אַ בריוו, קומט ער אָן. און אפשר איז ער פאַרפאַלן געוואָרן? אַ קשיא אויף אַ מעשׂה. גדיע טאָנקאָ, טאַם אי רוויאָטסיאַ.

איך האָב אײַך נעכטן אַ ביסל אויסגעגאָסן מײַן האַרץ. איך האָב גערעכנט האָבן פון אײַך עפּעס אַ טרייסטבריוו, צום סוף איז קיין וואָרט נישטאָ — שאַ, שטיל, ווי סליחות־צײַט אין וואַלד (ווי דער זיידע אַבראַמאָוויטש זאָגט אינעם „ווינטשפינגערל", אויב איר געדענקט). די 100 רובל האָב איך מקבל געווען ערשט הײַנט. גיט איבער בן־אַביגדורן אַ דאַנק פאַר זײַן פּינקטלעכקייט און בעט אים, אויף ווײַטער דורך דער גאָסודאַרסטווענני באַנק קיין געלט ניט שיקן, נאָר דורך אַ קאָנטאָר אָדער אַ פּריוואַטבאַנק, וועלכע זענען אין יעהופּעץ, ווי די הינט. בן־אַביגדור פרעגט, וויפל פּראָבע־נומערן צו שיקן קיין קיִעוו. שיקט מיר אַרויס אַ מאה און ראָזעטן אַ מאה. ראָזעט האָט פרענו־

מעראַנטן און האָט מורא בײַ זיי נעמען געלט, דערפֿאַר ווײַל די צײַטונג זעט מען ניט. הײַנט שטעלט אײַך פֿאָר, וואָס וועט זײַן, אַז מע וועט נאָכן פּראָבע־נומער איבעררײַסן אויף אַ חודש (אָדער מער מסתּמא)!!!

אײַער שלום־עליכם

## 435. צום זעלבן

קיִעוו, 13טן מײַ 1902

ליבסטער ברודער ספּעקטאָר!

אַלצדינג וואָס עס קאָן נאָר דינען לטובֿת הצײַטונגען טו איך אָפּ. פֿאַראַן אײנער אַ ייִד. זײַן אַדרעס: — — —. ער פֿאַרנעמט זיך נאָר מיט מודעות; ער קלײבט אַלײן און האָט אַגענטן אין אַלע גרויסע ייִדישע שטעט. גיב איך אים איבער דעם דאָזיקן ענין, ער זאָל אײַך צושטעלן מודעות כּסדר פֿאַר בײדע בלעטער פֿון וואַנען ער וועט נאָר קאָנען. פֿאָדערט ער דאָס דאָזיקע: ערשטנס, איר זאָלט אים מודיע זײַן (שרײַבט אים אויף רוסיש) אײַערע לעצטע פּרײַזן, אַחר נכּיון ראַבאַט, אַרײַנגערעכנט שוין זײַן קאָמיסיע אויך, דאָס הײסט, ער באַדאַרף אײַך צאָלן נעטאָ, און לאָז ער זיך נעמען פֿאַר די מודעות וויפֿל ער קאָן. הכּלל, גײט אַרײַן מיט אים אין פֿאַרקער און שרײַבט אים אַ פֿײַנעם בריוו פֿון מײַן נאָמען. ער איז זײער אַ פֿעיִקער יונגאַטש, מיט אַ געשליפֿן צינגל — אַ געבאָרענער אַגענט פֿון מודעות.

אים צושיקן די פּראָבע־נומערן אַ שטיקלעך 30־50 פֿאַר זײַנע אַגענטן און קונדן, און אײן עקזעמפּלאַר מעגט איר אים שיקן דאָס ערשטע האַלבע יאָר אַחוץ — ער קאָן אײַך פֿיל נוצן ברענגען, ער לעבט דערפֿון. ער האַלט די „ספּראַוואָטשנאַיאַ גאַזעטאַ“ און שטעלט צו מודעות אין צוויי קיִעווער, אײן זשיטאָמירער, ווילנער און אַנדערע צײַטונגען און אַלמאַנאַכן — ס'אַ פֿויגל!

איך וויל מיר באַשטעלן בײַ אײַך בלאַנקן, קאָנווערטן און קאַרטלעך, שיק איך אײַך אַ באַזונדער בריוול וועגן דעם מיט דער פֿאָרעם, וואָס איך מײן. אויב איר קאָנט קריגן אין וואַרשע אַזעלכע ווײַסע גלאַטע קאַרטלעך — איז גוט, אַניט וועל איך אײַך צושיקן פֿון דאַנען.

אײַער געטרײַער שלום־עליכם

## 436. צום זעלבן

קיִעוו, 14טן מײַ 1902

ליבסטער פֿרײַנד ספּעקטאָר!

איך האָב אָוועקגעשיקט הײַנט ד״ר לוריאַ אַ בריוו, סך־הכּל עפּעס אַ זײַטלעך פּופּצן, כּמעט אַ גאַנצן פֿעליעטאָן, אין רוסישן, — מײַן לעצטער בריוו צו דער חבֿרה — — —, נישקשה פֿון אַ בריוול, און דווקא אָן כּעס, דווקא אין גוטן מוט, זיך

גאַנץ פֿײַן אויסגעלאָכט פון זיי און פון זייער באָבע. נישקשה, עס וועט זיי, אם־ירצה־השם, ווערן גוט אויפן האַרצן, זיי וועלן הנאה האָבן. איך האָב אומיסטן אַראָפּגענומען אַ קאָפּיע פון אײַער כּבוד וועגן; איר וועט זי באַקומען באַזונדער אין אַ קאָנווערט, וועל איך אײַך בעטן, איר זאָלט זי איבערלייענען פאַר אײַערע לײַט, בן־אַביגדור און ד״ר הורוויץ. — — — די חברה האָבן מיר דווקא אַרײַנגעשיקט 50 רובל אויף, וועלכע איך וועל זיי אָפּשיקן צוריק. זיי וועלן האָבן אַ פריילעכן שבועות, אם־ירצה־השם. —

אײַער שלום־עליכם

## 437. צו ד״ר יוסף לוריא

קיִעוו, 14טן מײַ 1902

ליבער דאָקטאָר!

נאָך דעם ווי איך האָב אײַך געענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע (נעכטן בײַ נאַכט) אויף אײַער ליבער טעלעגראַמע, אין וועלכער איר האָט מיך אײַנגעלאַדן צו נעמען אָנטייל אינעם שבועות־נומער מיט אַ פעליעטאָן, האָב איך היינט אין דער פרי באַקומען דעם נומער 21 „יוד" און ניט אָן אַנטציקונג דורכגעלייענט דעם אַרויסטריט קעגן מיר פון אײַער געערטער צײַטונג אין דער פערזאָגן פון דעם הער — — —, מע באַדאַרף ניט זײַן באַזונדער קיין וויטיזיכטיקער, אום צו טרעפן, פון וואָסער קוואַל אַזאַ מין אַרבעט גייט און וווהין עס בלאָזט דער ווינט. עס וווּנדערט מיך אויך ניט דער אויסערגעוויינלעכער טאַקט און די מערקווערדיק פײַנע פּאָליטיק, וואָס די צײַטונג האָט פּלוצעם גענומען פירן אַקעגן איר כאָטש ניט אַזוי פיל באַגאַבטן „עסקיזן־שרײַבער" שלום־עליכם, נאָר דאָך ערשט דאָ ניט לאַנג פאַררעכנטן כּמעט פאַרן ליבלינג פונעם „היגן פובליקום". צו באַוווּנדערן דאַרף מען נאָר דאָס, ווי אַזוי נאָך אַזעלכע הייסע שמיץ זאָגט מען עס דעם געשמיסענעם: „אַנו, שטיי נאָר אויף, וועסט דו אונדז אַ ביסל פריילעך מאַכן"... איין זאַך נאָר דאַרף איך אײַך, מײַן ליבער דאָקטאָר, זאָגן פריִער: מיינט נאָר ניט, אַז איך בין באַליידיקט פון אײַער נײַ־געריפענעם קריטיקער, וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן מיר, ווי וועגן אַ שרײַבער, וואָס איז ניט פעיִק צו שרײַבן חסידישע עסקיזן, וואָס חזרט זיך איבער און מאַכט נאָך זיך אַליין, וואָס איז אַ לץ, אַ פּלוידערזאַק וכדומה. אין דער מינוט קומט מיר אויפן זינען לעווי, אַ ליכטיקן גן־עדן אים, אָט דער, וואָס האָט אַ מאָל געהאַלטן אין אַרענדע און באַגראָבן די איינציקע זשאַרגאָנישע צײַטונג „פּאָלקסבלאַט". איך רעקאָמענדיר אײַך צו קריגן די נומערן פון יענער צײַטונג פאַר די לעצטע צוויי יאָר פון איר טרויעריקער עקסיסטענץ. אָט דאָס זענען געווען פערל! — — — דאָרט האָט מען אונדז באַגאָסן מיט גאַנצע פּאָמעניצעס פון סאַמע געקליבענעם שמוץ. דאָרטן האָבן אַזעלכע הערן רעצענזענטן, ווי לערנער, זאַמיעצקי און לעווי, געשריבן, אַז שלום־עליכם דערלויבט זיך צו רייכערן רובלדיקע ציגאַרן און איזוואָשטשיקעס צאָלט ער ניט אַנדערש ווי מיט האַלבע אימפּעריאַלן. און דעם זשאַרגאָן אַליין האָט מען באַשאָנקען מיט אַזעלכע קאָמפּלימענטן, פון וועלכע אַפילו

קוטשערס און פאָליציי־לײַט פלעגן רויט ווערן. און דאָ קומט גאָר פלוצעם — — — מיט זײַן סיסטעם וועגן נאָכמאַכן, אַליין זיך איבערחזרן און פּוסט לצעוועו.

נאָכמאַכן? ווער ווייסט עס דען ניט, אַז שלום־עליכם וואָלט זייער וועלן נאָכמאַכן די חסידישע עסקיזען פון איינעם אַ באַרימטן עסקיזן־שרײַבער, נאָר ווי קומט ער — ער יכולט ניט! ניט יעדן איינעם איז דאָך געגעבן אַ טאַלאַנט! און אַליין זיך איבערחזרן? גאָט מײַנער, קאָן מען דען אָפּלייקענען אַ באַשײַמפּערלעכע זאַך? צי דען טראָגן ניט אויף זיך אַלע קינדער־דערציילונגען פון שלום־עליכם איין־און־דעם־זעלבן שטעמפּל? און די העלדן זייערע זענען דען ניט אַלץ די אייגענע קינדער אָדער בחורימלעך? און צי דען מאָלט ער אונדז ניט אַלץ דעם אייגענעם פינצטערן חדר, מיטן זעלבן בייזן מלמד און מיט די זעלבע השגות? און אָט די דאָזיקע „קליינע מענטשעלעך" — זענען זיי דען ניט אַלץ די אייגענע קליינע מענטשעלעך מיט זייערע קליינע השגות? האָט איר דען געזען אַ מאָל גאַנצע פּופּצן קליינע מענטשעלעך — און ניט איינעם קיין גרויסן? און אין זײַנע צײַטלעכע פעליעטאָנען ווערט דען ניט געמאָלט אַלץ דאָס אייגענע לעבן פון אונדזערע אַריסטאָפּאַרכעס מיט זייערע געטרײַע „מאַדאַ־מען"? אָדער נעמט כאָטש „ראַבטשיקן", איז ער דען ניט דאָס אייגענע, וואָס „טביה", און „טביה" איז דען ניט דער זעלבער, וואָס „מנחם־מענדל", און „דאָס טעפּל" איז דען ניט דאָס אייגענע, וואָס „בויבעריק", אָדער „דער וויגרישנע בילעט" דערמאָנט אײַך דען ניט דעם „פּריזיוו", וועלכער, אייגנטלעך גערעדט, פּונקט ווי „דאָס טעפּל", איז דען ניט מער ווי פּוסטע לצנות, אַן אַרויסגעשטעקטע צונג פאַרן פּובליקום (דער בוכשטעבלע־כער אויסדרוק פונעם הער — — —)? וואָס ס'איז שײַך די בריוו פון מנחם־מענדלען, וואָס דער הער רעדאַקטאָר האָט זיי אַ מאָל אַזוי פאַרצוקערט, איז ניט נאָר אַזאַ ווײַט־זיכטיקער קריטיקער, ווי הער — — —, וועלכער „נאָכן ערשטן בריוו וועט שוין אײַך דערציילן דעם אינהאַלט פון אַלע קומענדיקע", נאָר יעדער שנײַדער וועט עס קאָנען מאַכן. און דאָס איז גאַנץ ריכטיק! און מכּוח אַרויס־שטעקן די צונג, ווענדט זיך עס אָן דער שטימונג (אין דעם זינען פון „שטימען" מוזיקאַלישע אינסטרומענטן...). ביז אַהער האָט סײַ די רעדאַקציע, סײַ דאָס פּובליקום זיך געקאָטשעט פאַר געלעכטער, אָנרופנדיק דאָס הומאָר, געלעכטער דורך טרערן. איצט איז פאַר דער רעדאַקציע געוווּנטשן צו זען אין דעם נישט מער ווי לצנות. איך זאָל ניט מורא האָבן „אַליין זיך איבערצוחזרן", וואָלט איך אײַך דער־ציילט, ווי אַזוי איין מאָל האָט רב ישראל דער שנײַדער אָפּגעענטפערט מײַן טאַטן אויף זײַן באַמערקונג, אַז דער בורנוס, וואָס מע האָט גענייט פאַר מיר, טויג אויף כפּרות.

— אין גאָטעס ווילן, רב ישראל, וואָס פאַר אַ בורנוס? מע וועט דאָך לאַכן!

— חס־ושלום, פון מײַן אַרבעט לאַכט מען ניט, גיכער וויינט מען...

אַלצדינג, הייסט עס, ווענדט זיך אָן דער „שטימונג". געווען אַ צײַט, ווען די צײַטונג האָט זיך געצאַצקעט מיט אָט דעם דאָזיקן טאַלאַנטלאָזן מיטאַרבעטער אירן שלום־עליכם, וואָס קאָן ניט שרײַבן קיין עסקיזן, און קאָמפּלימענטן האָט מען אים געמאַכט, און געצערטלט האָט מען אים, און נאָך אַזעלכע זאַכן. נו, און איצט איז ער פּלוצעם געוואָרן אַלט, „אָפּגעלעבט" (די ווערטער פון דעם קריטיקער). און וואָס פאַר אַ ווונדער איז דאָ, אַז צווישן דעם לעצטן נומער „יוד" און דעם ערשטן נומער

פון דער נײַער צײַטונג, וואָס דאַרף באַלד דערשײַנען, איז אַריבער אויב ניט אַ יאָר פופציק? ניט ווילנדיק ווערסט דו אַלט, אַז עס רוקן זיך אָן די נײַנציקער יאָרן. לייגט צו צו אָט דער עלטער־שוואַכקייט אײַנגעבאָרענע אומפּרוכטבאַרקייט, אומבאַגאַבטקייט צו שרײַבן עסקיזן — דעמאָלט, אָ דעמאָלט איז אַראָפּ מיט אים, מיט שלום־עליכמען! אין קאָרב אַרײַן אים! און אין מיסטהויף אַרײַן!... יאָ, אָבער וואַרט נאָר אַ ווײַלע, — וועט זאָגן דער „ליבער לעזער" — קומט אויס, הייסט עס, אַז די צײַטונג האָט אונדז געפירט אין באָד אַרײַן גאַנצע פיר יאָר? ווו זשע זענען געווען אײַערע אויגן, הערן רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבערס? אָדער אפשר זענט איר אויך אַזעלכע טאַלאַנט־לאָזיקע, ווי שלום־עליכם, — וואָלט איר כאָטש געשטומט, דער טײַוול זאָל אײַך נעמען! און דאָ האָט איר גאָר גענומען און עפנטלעך אָפּגעשמיסן זיך אַליין אומברחמנותדיק. אַזוי וועט זאָגן דער לעזער און וועט זיך אַ נעם טאָן דערגרונטעווען ביז צו די אמתע סיבות פון דעם „נײַעם קורס" (און דער ייִדישער לעזער האָט דאָס שטאַרק ליב!), און ערשט דאָ וועט ער בלײַבן שטיין געפּלעפּט: וואָס טוט מען מיט אָט דעם אומגליקלעכן שלום־עליכם, וואָס האָט אונדז פריילעך געמאַכט מיט זײַן טאַלאַנטלאָזיקן לצעווען כמעט צוואַנציק יאָר און האָט ניט באַוויזן אָנצושרײַבן כאָטש איין עסקיז? צום טײַוול אים! גיט אונדז בעסער נאָר חסידישע עסקיזן, אָבער טאַלאַנטפולע, דורכגעדרונגענע מיט דער אויפריכטיקייט פונעם אַרטיקל פון הער — — —! אַזוי וועט זאָגן דער „ליבער לעזער" און וועט זײַן זייער גערעכט. עס וועט דורכגיין אַ ביסל צײַט און עס וועלן אַרויסקריכן פון זייערע לעכער אַלערליי „שרצימלעך" און „רמשימלעך", וועלכע קוקן נאָר אַרויס אויף אַזאַ גינסטיקן פאַל, כּדי אַ בליץ צו טון מיט זייערע חכמהדיקע אַרטיקלען, און עס וועט זיך אָנהייבן אַ שרײַבעניש אויף טיש און אויף בענק! מע וועט אַנטקרוינען דעם אומגליקלעכן שלום־עליכם, מע וועט צעטראָגן אויף ברעקלעך דעם גאַנצן פוילן מאַטעריאַל, מיט וועלכן ער האָט ביז אַהער מכבד געווען זײַנע נאַרישע לעזער, און עס וועט בלײַבן פון אים נאָר אַ געדעכעניש, אי דאָס — ניט קיין אָנגענעמע...

וואָס זשע וועט טון דער אַנטקרוינטער אומטאַלאַנטירטער שלום־עליכם? דאָס, וואָס ער האָט געטאָן אַ מאָל, אין די צײַטן פון דעם אומפאַרגעסלעכן לעווי, הײַנו: ער וועט צאָלן מיט פאַראַכטלעכן שווײַגן. וואָרעם צו פיל כּבוד וועט זײַן פאַר שלום־עליכמען, אַז מיט אים זאָל זיך פאַרטשעפּען עפּעס אַ נײַער ליטעראַרישער ריז. גוט אָפּשנײַדן דערפון וועט ער דאָך דעמאָלט ניט, אַזאַ שוואַכינקער לץ ווי ער איז סײַ ווי, וואָס עס פּאַסט זיך אים גיכער אויף די עלטערע יאָרן אין רו אַרײַן! יאָ, ליבער פרײַנד, אַזוי איז עס שוין. עס איז פון דעסטוועגן ווערט צו באַוווּנדערן, וואָס נאָך דעם ווי מע האָט באַגראָבן שלום־עליכמען אויף די זײַטלעך פונעם „יוד" און געמאַכט פון אים אַ מחוק, האָט בײַ אײַך און בײַ „אַחיאָסף" (איר זענט דאָך אַלע אונטערגעשריבן אויף דער טעלעגראַמע) געקלעקט קוראַזש צו בעטן שטאַרק (אַזוי, דאַכט זיך, איז געזאָגט?) בײַ מיר אַ פעליעטאָן אויף שבועות. איך, ווי נאָר איך האָב באַקומען די טעלעגראַמע, בין געווען אָנגענעם געשמייכלט, ובפרט, אַז בײַ מיר איז גאָך פון חול־המועד פּסח געלעגן כאָטש אַן אומבאַגאַבטע, נאָר דאָך אַ טשיקאַווע דערציילונגל (פאַרשטייט זיך, ניט קיין „עסקיז" — ווי קומען

מיר, מיט אונדזער וואָכעדיקער קאַפּאָטע, צו שטופּן זיך אויבן אָן!) מיטן נאָמען „גרינס אויף שבועות", וואָס איך האָב שוין געהאַט געגעבן דעם איבערשרײַבער אַראָפּצונעמען דערפֿון אַ קאָפּיע און עס אָפּשיקן צו אײַך. פּלוצעם ברענגט מען מיר צו טראָגן דעם נומער 21! און ס'איז אָנגעשטאָנען געוויין און יאָמער אין מײַן געצעלט. אַוועקגעקוילעט אין גאַנצן! און איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: ווי אַזוי וועל איך מיך קאָנען שטעלן פאַר די ליכטיקע אויגן פון דעם „ליבן לעזער" אין דעם זעלבן אָרגאַן, אין וועלכן מע האָט מיך ערשט נעכטן באַגראָבן? וועט שוין דען ניט בעסער זײַן איבערצוגעבן זיך אַליין צו דער פאַרגעסנהייט?...

— — —

צום סוף דאַרף איך נאָך באַמערקן, אַז פאַר אײַך (אין דעם פּונקט, זייער געערטער דאָקטאָר, ווענד איך מיך צו אײַך פּערזענלעך, ווײַל דאָס איבעריקע באַציט זיך אין גאַנצן צו די „בעלי 'אַחיאָסף' ") געפֿין איך אין דעם דאָזיקן מערקווערדיקן חכמהדיקן ערלעכן און געלונגענעם אָנפֿאַל נאָר איין באַרעכטיקונג, דהײַנו: איר האָט איבערגעלייענט דעם אַרטיקל אינעם נומער 21 פּונקט אַזוי ווי איך. אָניט — ווי אַזוי וועט איר הייסן צוזאַמענשטימען אײַער רעפּוטאַציע, ווי אַן אומבאַפלעקטער ערלעכער מענטש, מיט אָט דער נידערטרעכטיקייט, דאָס הייסט, דעם אַרטיקל, וואָס שמועסט פּלומרשט וועגן „עסקיזן", מיט אײַער טעלעגראַמע?... דערפֿון פאַרשטייט איר אַליין, אַז אָט דער בריוו צו אײַך איז דער לעצטער פון מיר, ווי פון אַ מיטאַרבעטער פונעם „יוד". — און ווײַטער דערלויבט מיר צו דריקן אײַער האַנט.

ריכטיק פונעם אָריגינאַל
שלום־עליכם

## 438. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 16טן מײַ 1902

בעסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

— — —

אָט דאָס וועט איר מוחל זײַן אויף אײַער בלאַנק מיר אויפשרײַבן. — — דעם דאָזיקן בריוו באַדאַרף איך האָבן צו באַווײַזן, ווען מע דאַרף. — — — טאָמער מאַכט זיך אַ מאָל ערגעץ אין אַ שטאָט אַ רוח, אַ שוואַרץ־יאָר, מען זיצט דאָך צווישן יידן... קומט דאָס צו ניץ, ווי אַ מין סופה־שער. איך האָב מיך דערמאָנט אַ שיינע מעשה: מיר האָבן צוגענומען אַ מאָל אין קיִעוו אַ ייִדישע קעכין אויף פּסח, פרעגן מיר זי, צי האָט זי אַ בילעט, אַז זי מעג דאָ ווינען, אַ „פּראַוואָזשיטעלסטווע" הייסט דאָס? מאַכט זי: „אָהאָ! נאָך אַ מין „פּראַוואָזשיטעלסטווע"! — און גייט און פאַרקאַטשעט דאָס קליידל און שלעפּט אַרויס פון דער אונטערשטער קעשענע און באַווײַזט מיר אַ „פּטור" פונעם רעטשיצער רב, אַז זי איז אַ געגטע פון איר מאַן נוח בן־ישראל...

אַקעגן וואָס איז דאָס, הייסט עס, געקומען צו רייד? אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט

באַשעפעניש. געפעלט אײַך עפּעס די מאָרדע זײַנע, ווי ער קוקט ברוגז אויפן פאָטאָגראַף? — אײַער בילד (דאָרט ווו איר זיצט צעלייגט ווי אַ מאַנאַרך) מוז ער אַלע מאָל פאַרן שלאָף האַלטן אין די הענט און מיט דעם אַנטשלאָפן ווערן. וואָרעם אַז ער הייבט אָן קאַפּריזן און וויל מסתּמא ניט גיין שלאָפן, כאַפּן די עלטערע קינדער אײַער בילד פונעם טיש און פאַרטורקען אים די אויערן: „שאַ, שאַ, נאַ דיאַדיאַ, נאַ!" אַזוי לאַנג, ביז מע פאַרדולט אים דעם קאָפּ און ער ווערט מיט אײַך אַנטשלאָפן. — — — גיי, מאַך עפּעס, אַז ס'איז פאַרט אַ ליבע!...

איך האָב אָפּגעמאַכט מיט די היגע קיאָסקן, וואָס אויף קרעשטשאַטיק, פאַר אַ געוויסע קאָמיסיאָן די צײַטונגען אונדזערע. לאָז אַ ייִד דורכגיין און אָנקוקן כאָטש אַ ייִדיש וואָרט! — איך רעכן דאָס אייגענע טון אויף די וואָקזאַלן אויך — ווי מיינט איר?

שלום־עליכם

## 439. צום זעלבן

קיִעוו, 25סטן מײַ 1902

איך באַדאַרף אײַך, ליבער ברודער ספּעקטאָר, אָנזאָגן נישט קיין גוטע בשׂורה. איך האָב גערעכנט פריִער פון אײַך פאַרלייקענען; נאָר אַזוי ווי איר פאַרלאַנגט און מוזט און דאַרפט וויסן אַלצדינג, ווי אַן אייגענער ברודער, ווי אַ ווײַב, וואָס בײַ איר מאַן טוט זיך, לכן שרײַב איך אײַך דאָס אויך און בעט אײַך, איר זאָלט ניט האָבן דערפון קיין גרויס עגמת־נפש. גאָט איז אַ פאָטער, אַן אל־רחום וחנון ארך אפּים, ער וועט מסתּמא אויספּירן. די מעשׂה איז אַ טרויעריקע מעשׂה און אַזאַ שלאַק, וואָס איך האָב זיך אויף דעם ניט גערעכט. קאַפּלאַן שרײַבט מיר, אַז... ליובאַרסקי פון אָדעס, אַברהם אליהו ליובאַרסקי (איר דאַרפט אים געדענקען פון מנחם־מענדלס בריוולעך „עס פידלט ניט"), איז געווען פאַר דרײַ וואָכן אין וואַרשע, איז ער געווען אין „אחיאָסף" און האָט אים אַליין געזאָגט, דאָס הייסט, ליובאַרסקי אַברהם אליהו האָט געזאָגט אים, קאַפּלאַנען, אַז... איך בעט אײַך, ספּעקטאָר, איר זאָלט זיך אַזוי ניט נעמען צום האַרצן, וואָס טויג עס אײַך, איר האָט אַ ווײַב ביז 120 יאָר, איר האָט אַ פּלימעניצע און נאָך אַ שיינע דערצו, און האָט גוטע ברידער. און גוטע פרײַנד און אמתע גוטע פרײַנד, למאַי זאָלט איר זיך ערגערן, אַז העלפן קאָנט איר דערצו גאָרנישט ניט? באַשערט אַן אומגליק, מסתּמא איז דאָך עס פון גאָט. וואָס איז אַ מענטש, מישטיינס געזאָגט, הײַנט לעבט ער און מאָרגן האָט ער אַ פּלימעניצע, מיין איך מאָרגן עסט ער אַ גרינעם באָרשט אַ קאַלטן... אַ גרינער באָרשט אַ קאַלטער — דאָס איז בײַ מיר דאָס חיות! אַקעגן וואָס זאָג איך עס אײַך? אַקעגן דעם טאַקע, אַז טאָמער בין איך אַ מאָל אין וואַרשע און אײַער ווײַב וויל מיך „אַנלאַדן" אויף מיטאָג, איז אַרט מיך ניט, אַזוי ווי דעם ד"ר סקאָמאַראָווסקי אַרט ניט, אַז מע זאָל זײַן נאָמען אָפּדרוקן אויפן בלאַט, אַבי ס'זאָל זײַן אַ גרינער באָרשט אַ קאַלטער. נאָר אויב פיש, אַרט מיך אויך ניט, לאָז זײַן פיש, אַ דאגה איך האָב, אַבי ביר זאָל זײַן אַ פלעשל און נאָך דעם אַ ראָסלפלייש מיט יונגן קנאָבל. איר האַלט פון יונגן

קנאַבל? איך זייער! מע זאָגט אַפילו, אַז ס׳הערט זיך נאָך דעם אַ מיאוסער ריח, נאָר מילא, דערווײַל איז קנאַבל פאַרט קנאַבל, וואָס נאָך דעם וועט זײַן קלערט מען ניט. מע זאָל וועלן קלערן וואָס נאָך דעם, טויג מאַראַזשענע אויך אויף כפּרות! וואָס, ניט אַזוי?... טפו זאָלט איר ווערן, וווהין בין איך פאַרקראָכן? איך האָב גאָר פאַרגעסן מכּוח דעם אומגליק!... אַלזאָ, האָט אים, קאַפּלאַנען הייסט דאָס, אַברהם אליהו ליובאַרסקי געזאָגט, אַז... אויב ס׳איז טאַקע אמת דאָס, וואָס מע זאָגט, אַז שלום־עליכם שרײַבט שוין מער ניט אינעם „יוד״, נאָר אין די נײַע בלעטער, אויב דאָס איז אמת, זאָל ער וויסן, שלום־עליכם הייסט עס, אַז... נאָר איך רעכן, איך זאָל אײַך אפשר ניט אויסזאָגן? וואָס? צו וואָס טויג אומזיסטע עגמת־נפש? איר קאָנט מיר דען עפּעס העלפן דערצו? עס וועט אײַך נאָר קרענקען און עסן און טאָטשען, איר וועט אַרומגיין פינצטער ווי די ערד, אײַער ווײַב וועט מיינען, חס־ושלום, אַז ס׳איז בײַ אײַך עפּעס אַן אינעווייניקסטע זאַך, אײַער פלימעניצע וועט זען, אַז איר האָט אָנגעוואָרן אײַער פריילעכקייט, וועט זי ניט וועלן מער גאַסטן בײַ אײַך און וועט אַוועקפאָרן אַהיים — און וועט זײַן זייער גערעכט: וואָס וועט זי אויסזיצן בײַ אײַך? טויטע מענטשן! יאָ, אויב זי איז נאָך ניט קיין כלה, האָב איך פאַר איר אַ שידוך, אַ גליק, זייער אַ פײַן אָרט און אַ רײַכס, גאָר אַ רײַכס, אַ סברה טאַקע, אַז מע גיט דאָ צען טויזנט מזומנים, און מתּנות, און פּאָוועלע, און מלבושים אויפן שענסטן אָרט, און גוט געבילדעט, מיט פּיאַנע, מיט טאַנצן, מיט אַלצדינג, און שיין שמועסט מען ניט! דער חסרון איז נאָר, אויב אײַער פלימעניצע איז אַ „זי״, וועט דאָס ניט גיין, מחמת דאָ איז אויך אַ „זי״, און פאַרלאַנגען פאַרלאַנגט מען אַן „ער״. אַזוי איז דער מינהג אומעטום: ווי באַלד אַ „זי״ — וויל מען אַן „ער״, און ווי באַלד אַן „ער״ — אַזוי זוכט מען אַ „זי״. משוגעים! נאָר שאַ, טפו זאָלט איר ווערן, איך האָב מיך שוין ווידער פאַרפּלאָנטערט און גאָר פאַרגעסן אינעם אומגליק. הקיצור, ער זאָגט, ליובאַרסקי הייסט עס, אַז אויב ס׳איז אמת דאָס, וואָס מע זאָגט אויף שלום־עליכמען, איז ער, ליובאַרסקי הייסט עס, מער מיט מיר ניט באַקאַנט!!

— — —

מער בין איך ניט אין שטאַנד אײַך צו שרײַבן פאַר צרות. גאָט זאָל זיך אויף אונדז דערבאַרעמען — אָמן.

אײַער שלום־עליכם

## 440. צו י. ח. ראַווניצקי און ח. נ. ביאַליק

קיִעוו, 26סטן מײַ 1902

לכבוד צו מײַנע ליבע פרײַנד י. ח. רבניצקי וח. ביאַליק נ״י.

וואָס פילדערט איר אַזוי? קוקט זיי אָן — גלײַך ווי מע האָט זיי געקוילעט די קאָפּאָטעס! ווו שטייט דאָס, אַז איר מוזט געבן דווקא אַ צווילינג? איר האָט אונטער־געשריבן מיט עמעצן אַ קאָנטראַקט? מאָדנע צוויי ייִדן איר זענט! אַ „פידל״ אַליין איז זיי קאַרג — זיי באַדאַרפן האָבן אַ „פידל״ מיט אַ „מעסערל״! און וואָס וועט איר טון שפּעטער? —

נישט נאָר דאָס איבערגעזעצטע — דאָס „מעסערל" גופא האָב איך גענומען איבער־מאַכן, אָנשאַרפן, אויספּוצן, ס'זאָל גלאַנצן! יענע איבערזעצונג טויג מיר ניט, איך מאַך איבער ס'נײַ — אַ גוט שטיקל אַרבעט, נישקשה! איך קאָן אײַך, ברידער, קיין שום באַשטימטע צײַט נישט געבן. איר זאָלט אַזוי האָבן צײַט עסן און באָדן זיך אין ים, ווי איך האָב צײַט שרײַבן „מעסערלעך". נאָר איך זע, אַז דאָס איז אַן אָנשיקעניש אויף מיר — נאָ דיר אַ רבניצקי מיט אַ ביאַליק, טאָמער איז קאַרג! נאָ דיר אַ „מוריה"! הקיצור, איך האָב אויסגעקראַצט אַ מין „ל"ג-בעומר", וואָס איך האָב עס איבערגעאַרבעט און מחילה אַליין איבערגעזעצט אין לשון־קודש, און, דאַכט זיך, ניט שלעכט — נאַט, וואַרגט זיך!

אײַער בעסטער שלום-עליכם

פּ.ס. — זײַט אַזוי גוט און הייסט דאָס מאַנוסקריפּטל איבערשרײַבן אויף ריינעם, און לאָז עס אַקאָרשט ביאַליק אַ פּוץ טון מיט זײַן הענטל, און דאָס כּתב־יד גופא וועט איר מיר אָפּשיקן צוריק, מחמת שפּעטער מיט 250 יאָר וועט מען פאַר אַזעלכע אַלטע מאַנוסקריפּטן צאָלן אין טאָג אַרײַן, און איך דאַרף איצטער נייטיק געלט — אויף אַ דאַטשע.

## 441. צו מרדכי ספּעקטאָר

### נומער 1

קיִעוו, 31סטן מײַ 1902

ליבסטער ספּעקטאָר!

הורררררררררראַ!!!!

נאָר וואָס באַקומען פון בן־אַביגדורן דעם פּראָבע־נומער פון ביידע נײַע צײַטונגען. — בראַוואָ! בראַוואָ! אמת, פאַראַן קליינע פעלערן, און שאַדע־שאָדע, וואָס די „פּרעמיע" איז געשפּאָלטן אויף דער האַלב (וואָס פאַר אַ פּנים וועט דאָס האָבן — אין אַ חודש אַרום געבן די אַנדערע האַלב??), נאָר בכלל באַדאַרף איך זאָגן: וויוואַט בן־אַביגדור! וויוואַט „תּושיה"! וויוואַט ספּעקטאָר! און טאַקע נאָך אַ מאָל ספּעקטאָר! — אוי־ווײ, איך שטעל מיר פאָר דעם פּנים פון קאַפּלאַן מיט דער חבריא — — —, אַז זיי וועלן דערזען דעם לײַלעך, וואָס הייסט „פאָלקסצײַטונג", מיט דער בײַלאַגע — — —. נעכטן בין איך געווען אין באַיאַרקע, האָב איך זיך צערעדט מיט אַ ייִדן אַ בעל־הבית, ניט קיין ליטעראַט; ער האַלט פון אײַך אַן עולם־ומלואו, ער געדענקט דעם „ראָמאַן אָן אַ נאָמען", מיט „רב טרײַטלען", מיט אַ ייִדענע וואָס גייט אין וואַסער... — הײַנט וואַרט איך אויף אײַער טעלעגראַמע. שוין דרײַ אַ זייגער — און ניטאָ! בן־אַביגדורן האָב איך געענטפערט קיין לײַפּציג מיט אַ יישר־כּוח און זאָג אים, ער זאָל זיך פאַרלאָזן אויף זײַנע צוויי איבערגעגעבנסטע פרײַנד, ספּעקטאָר און

שלום-עליכם

איך רעכן נאָך הײַנט באַקומען אײַער טעלעגראַפֿישע אָנווײַזונג — אַניט... נאָר איך גלייב ניט אויף ניט. עס קאָן ניט זײַן ניט! — מיר גריסן אײַך אַלע. און נאָך אַ מאָל בראַוואָ!

## 442. צום זעלבן

### נומער 2

קיִעוו, 31סטן מײַ 1902

ליבסטער ספּעקטאָר!

שוין באַלד פיר אַ זייגער — און פון אײַך ניט קיין אָנווײַזונג, ניט קיין דעפּעש!

— — —

איך האָב אײַך געבעטן מיר צושיקן אַ רײַסטער פון מײַנע אַבאָנענטן אין קיִעוו — ווילט איר ניט. איך האָב בײַ אײַך געבעטן קאָנווערטן געדרוקטע — שיקט איר ניט. פּינסקיס בילד שיקט איר ניט, וועגן פּרוגן שרײַבט איר ניט. וואָס וועט זײַן פון אײַך, גוואַלד, ספּעקטאָר! —

אײַער שלום־עליכם

## 443. צום זעלבן

### נומער 3

קיִעוו, 31סטן מײַ 1902

ברודער ספּעקטאָר!

שוין נאָך פיר, און פון אײַך איז קיין דעפּעש ניטאָ!...

איך האָב איבערגעלייענט פון אָנהייב ביזן סוף ביידע צײַטונגען און שרײַב אײַך אַ קורצע רעצענזיע:

„פ א ל ק ס צ ײַ ט ו נ ג": 1) לייטאַרטיקל גוט, שאַרף, אַ ביסל לאַנגלעך, נאָר אַנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זײַן. 2) „ייִדישע בעלי־מלאָכות" — אויסגעצייכנט, לײַכט, ערנסט און פאַרשטענדלעך פאַרן עולם. 3) פּאָליטיק — קורץ, אָן פילאָסאָפיע און אָן נאַרישע חכמהרײַען — — —. 4) וועלטנײַעס — פּונקט דאָס וואָס מע דאַרף, גוט, אינטערעסאַנט. 5) „נאָענט און ווײַט" — אַ ביסל בעסער פון דער בין, וואָס האָט זיך צעגאָסן מיט זײַנע לשון־קודש־און גמרא־און מדרש־ווערטלעך און פאַרפּלייצט די וועלט. — גוואַלד, זיי קאָנען ניט אָדער ווייסן ניט וו א ס צו שרײַבן און ווי א ז ו י צו שרײַבן פאַרן פאָלק. מיר מעגן זיך באַרימען, אַז פון ד ע ם סוד ווייסן מיר נאָר ביידע... 6) ייִדישע נײַעס געראָטן. 7) ציוניזם — קורץ און גוט, אָן קראַנצעפּאַליע מיט שמאַלץ. 8) ליפּמאַן לעווין וועל איך ערשט לייענען נאָך דעם, אַז עס וועט זיך ענדיקן. 9) „די נאַטור און

דער מענטש״ — אַט דאָס אַט הייסט פּאָפּולאַריזירט וויסנשאַפט און היגיענע! אַלערליי — מחיה צו קוקן אויפן שריפט, פּערל, ברילִיאַנטן. 11) „פּראַקטישע ידיעות״ — אַט אַזוי זאָל זײַן אַלע מאָל! שאַדע, וואָס ס׳איז נישט אַרײַן אינעם נומער 1 איין דערציילונג פון מאיר אָדער פון אײַך — אַנשטאָט די מודעות! — אויך פעלט דער בריווקאַסטן פון דער רעדאַקציע. בכלל — בראַוואָ!

אײַער שלום־עליכם

## 444. צום זעלבן

קיִעוו, 31סטן מײַ 1902

נומער פיר

רעצענזיע וועגן דער „פרויענוועלט״.

1) די אילוסטראַציע — נישקשה. 2) שריפט — אַ סך בעסער פון דער „פאָלקס־צײַטונג״. 3) לייטאַרטיקל — גאַנץ וואַרעם, פּאָפּולער, נאָר אויך לאַנגלעך, און אַנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זײַן. 4) נײַעס — גוט געגרופּירט, אָבער איך ווייס ניט, ווו וועט איר נעמען אַזוי פיל נײַעס ספּעציעל פאַר פרויען? 5) יידישע נײַעס — דאָס זעלבע. 6) אַרטיקל פון ד״ר הורוויץ — אינטערעסאַנט, מיט טאַלאַנט געשריבן און זייער־זייער ניצלעך. 7) פאַר מוטערס — די שפּעטעריקע וועלן מסתמא ווײַטער זײַן מער אינטע־רעסאַנט. 8) אַלערליי — געראָטן, אינטערעסאַנט, שיין צונויפגעשטעלט. 9) פון רעדאַקציע — פײַן, לײַטיש. 10) אינהאַלט — גוט, וואָס צום סוף — דליא ראַזנאָאָבראַזיאַ. — נאָך אַ מאָל: שאַדע, וואָס די „פּרעמיע״ איז צעהאַקט אויף צווייען און וואָס אַ חודש דאַרף מען וואַרטן! דאָס וואָלט איר נישט באַדאַרפט דערלאָזן אויפן ערשטן אַרויספּאָר; באַדײַ אַן איבעריק פּערטל בויגן צודרוקן (עס וואָלט ניט געווען קיין גרויסער פאַרלוסט בײַם נומער 1, אַלס פּראָבע־נומער). בכלל — אַז אָך און וויי אונדזערע שונאים און וויוואַט „תּושיה״! וויוואַט בן־אַביגדור! וויוואַט ספּעקטאָר! — אַדיעו.

שלום־עליכם

## 445. צום זעלבן

באָיאַרקע, 11טן יוני 1902

ליבסטער ספּעקטאָר!

אינעם נומער 2 זאָלט איר אַרײַנשרײַבן צווישן די ליטעראַרישע נײַעס די דאָזיקע עטלעכע שורות:

די געוויסע יידיש־רוסישע אויסגאַבע פונעם באַרימטן רוסישן שריפטשטעלער מאַקסים גאָרקי וועט דערשײַנען צום נײַעם יאָר 1903. אַהין וועלן אַרײַן, איבערגעזעצט אויף רוסיש, די בעסטע זשאַרגאָנישע ווערק פון אַבראַמאָוויטש, שלום־עליכם, ספּעקטאָר,

פרץ, פינסקי און נאָמבערג, און לידער פון מאָריס ראָזענפעלד, ביאַליק און פרוג. — אייניקע דערציילונגען וועלן זײַן אילוסטרירט פונעם באַרימטן ייִדישן קינסטלער ה׳ ליליען פון בערלין. — אין בוך וועלן אַרײַנקומען די בילדער מיט די פאַקסימילעס (חתימות) פון די אויבן דערמאָנטע שרײַבערס מיט זייער לעבנס־באַשרײַבונג. — דאָס בוך וועט זײַן אַרויסגעגעבן פּרעכטיק שיין, און דאָס געלט וועט גיין אויף צדקה־זאַכן.

איך וואַרט אויף תשובה אויף אַ סך בריוולעך פון מיר. — פאַרגעסט נישט געבן פון נומער 2 די „בעל־הבתּישע ליטעראַטור".

אײַער שלום־עליכם

## 446. צום זעלבן

באָיאַרקע, 15טן יוני 1902

ליבסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

ראשית באַדאַרף איך אײַך איבערבעטן, איר זאָלט ניט זײַן ברוגז פאַר מײַנע קאַפּריזן. — שלום.

והשנית — אַז דאָס זשיוואָטנע באַשעפעניש האָט זיך אויסגעקאַטשקעט און איז, ברוך־השם, בעסער; גיב גאָט, ער זאָל זײַן געזונט.

און דריטנס — מכּות געשעפט. מײַן ווײַב איז אויף מיר שטאַרק ברוגז, למאַי איך שיק אײַך ניט אָפּ דעם קאַפּעליוש. זי זאָגט, אַז זי וועט אײַך דערפאַר אָפּשיקן מײַן צעלענדער, ווי באַלד איך וועל אַוועקפאָרן אין וועג אַרײַן. נאָר ווי קאָן איך אײַך שיקן, זאָגט אַליין, אַ קאַפּעליוש, אַז סע קאָסט הוצאות מער ווי דער קאַפּעליוש איז ווערט? אָט האָט איר אַ חשבון:

חשבון קאַפּעליוש:

| | |
|---|---|
| אַ הילצערנע קאַראָבקע — — — | 1.50 |
| נסיעה לקיִעוו קויפן אַ קאַראָבקע — — — | .95 |
| נסיעה לפּאָדאָל קויפן לײַוונט — — — | .30 |
| לײַוונט — — — | .45 |
| נעכטיקן בקיִעוו — — — | 1.25 |
| שאַטאָ דע פלאָר (וואָרעם אַז מע נעכטיקט בקיִעוו, מוז מען גיין אין שאַטאָ) — — — | 4.50 |
| אַ נאָדל־פאָדעם — — — | .10 |
| הוצאות נסיעה, זעלצער־וואַסער וביר — — — | .45 |
| דעם מענטשן פאַר דער פּאָסילקע אָפּטראָגן — — — | .20 |
| פּאָרטאָ — — — | .28 |
| | 9.98 רו"כ |

נו, איז כּדאַי דער עסק? און אַגב, ווי איר ווילט. איך קאָן אײַך אים שיקן, אויב איר זשאַלעוועט ניט קיין געלט?

אײַער שלום־עליכם

## 447. צו י. ח. ראַווניצקי און ח. נ. ביאַליק

קיִעוו, 18טן יוני 1902

ידידי הנכבדים!

עס זאָל אײַך קיין חידוש ניט זײַן, וואָס איך שרײַב אײַך מיט אַ פרעמדער האַנט: איך ליג צו בעט, איך בין, לא־עליכם, קראַנק, און כאָטש פון שטאַרבן בין איך ווײַט, נאָר שרײַבן אַליין קאָן איך ניט.

אײַערע צוויי טעמים פונעם „פידעלע" מיטן „מעסערל" האָבן בײַ מיר קיין שום טעם: אַדרבה, ווײַל זיי האָבן איין כאַראַקטער, באַדאַרפן זיי ניט גיין צוזאַמען; און און וועגן די פיר בויגנס איז אויך אָן אָן אומגליק: דער רוח וועט אײַך ניט נעמען, אַז איר וועט געבן נאָר דרײַ בויגנס. איר זאָלט האָבן מײַן קאָפּווייטיק, וואָלט אײַך ניט געלעגן אין זינען קיין „מעסערלעך".

וואָס איז פאַר אַ מאָדע שרײַבן אויף יידיש „פערעגאַוואָרן"? שוין זשע האָט איר פאַרגעסן דעם זיידנס צוואה, אַז „פאָני" אין זשאַרגאָן לא יזכר ולא יפקד?

אײַער בעסטער שלום-עליכם

## 448. צו יעקב דינעזאָן

4. 7. 1902

ליבער פרײַנד דינעסזאָן!

וואָס באַדײַט אײַער קרייצבענדל מיט אַ שטיקל ניו־יאָרקער צײַטונג פון מײַנע אַמאָליקע שמאָטעס? — אָן ענטפער אויף אײַער בריוו האָט איר דאָך דערהאַלטן, פאַר וואָס זשע ענטפערט איר ניט?

אײַער גוטער־פרײַנד באמת שלום-עליכם

## 449. צו פרוי י. ראַזענצווײַג, אַדעס

באָיאַרקע, 7טן יולי 1902

געערטע מאַדאַם רויזענצווײַג!

נעכטן האָב איך אײַך טעלעגראַפירט וועגן דער קוואַרטיר. איך דאַנק אײַך פאַרויס פאַר אײַער גוטפרײַנדשאַפט. מײַן טאָכטער פאָרט אַרויס, אם־ירצה־השם, דינסטאָג מיטן שנעלצוג און קומט קיין אַדעס, הייסט דאָס, מיטוואָך זייגער פיר. איך בעט אײַך זייער, אויפנעמען זי טאָקע ווי אַ גאַסט. מײַן טאָכטער, כאָטש זי האָט געענדיקט אַ גאַנצע גימנאַזיע פון אַכט קלאַסן און איז אויף די קורסן און שטודירט דאָקטאָר מיט די ציין, פון דעסטוועגן איז זי אין בעל־הבתישקייט נישט מער בריה פון מיר. ס'איז בײַ איר רעכט, אַז קאָטלעטן זאָלן וואַקסן אויף אַ בוים, און אַ באָרשט נעמט זיך פון אַ גוט אויג; בולקעס מאַכט מען פון געאָגראַפיע, און צימעס — פון אויסגעקאָכטע מאַסלינעס.

קוגלען, מיינט זי, פאַרקויפן זיך בײַ ליודמערן אין מאַגאַזין, און קאַקאַאָ צאַפּט מען אָן פון אַ סיפאָן, ווי זעלצער־וואַסער. אַ־י פאַר וואָס זעלצער־וואַסער זידט און קאַקאַאָ זידט ניט? אַ דאגה, לאָז זי זידן. דערפאַר איז זי איין מזיק אויף רײַסן שיך און מעסטן קליידלעך, אַבי ס'איז נאָר פאַראַן, און אַז ניט — אַרט זי אויך ניט... ביכלעך איז אַ סך נייטיקער פון קליידלעך. ביכער פאַרשפּאַרט מען פּוצן מיט אַ בערשטל יעדן טאָג.

זײַט געזונט!

שלום־עליכם

## 450. צו הענעך עיברי

פאַרלאַג „פאָלקסבילדונג"

רעדאַקציע פון

„יודישע פאָלקסצײַטונג"

און

„יודישע פרויענוועלט"

Боярка, Дача № 16

באָיאַרקע, 10טן יולי 1902

ליבער פרײַנד רב העגעך עיברי!

וואָס שווײַגט איר? אויף וועמען פאַרלאָזט איר זיך? איר וואַרט, ביז יענער וועט אײַך אַרויסרופן? איר וועט אַ ברירה האָבן וואַרטן היפּשע עטלעכע יאָר! פאָלגט מיך, טעלעגראַפירט איר ביידע מיטן כּומר צו יענעם חכם, וועקט אים, טאַרעט אים, מונטערט אים, רופט אַרויס דעם מחותּן פון טאַראַשטשע, לאָז ער זיך דורכפאָרן קיין קיעוו, וועלן מיר ביידע זײַן בײַ אים. איך זאָג אײַך נביאות, אַז סוף־כּל־סוף וועט איר מיטן כּומר צונעמען און איבערגעבן דעם עסק אַן אַנדערן — — — הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן! אַנדערש וועט דאָס קיין עק ניט האָבן. — ענטפערט מיר אויף דעם בריוו אויף דעם אויבן באַצייכנטן אַדרעס.

אײַער בעסטער פרײַנד שלום־עליכם

## 451. צו יעקב דינעזאָן

באָיאַרקע, 14טן יולי 1902

ליבער פרײַנד און גוטער חבר דינעזאָן!

הײַנט האָב איך פון אײַך מקבל געווען אַ קאַרטל, דאָרט שטייט: „קיין תּשובה אויף אײַער תּשובה אויף מײַן ערשט בריוול האָב איך אייגנטלעך ניט, איר האָט דאַכט זיך גאָרנישט געפרעגט..." זײַט אַזוי פרײַנדלעך און גיט מיר פאַרשטיין דעם פּשט פון די דאָזיקע ווערטער, ד"ה דעם פּראָסטן פּשט, איך ווייס ניט וואָס איר מיינט.

שרײַבט מיר כאָטש צי האָט איר דערהאַלטן מײַן בריוו וועלכן איך האָב אײַך געשיקט

תּיכּף ווי איך האָב באַקומען פון אײַך אײַער גרויסן קלאָגבריוו, צי ניין? — אײַער פלעשל האָב איך מיט פאַרגעניגן אָנגעהויבן לייענען, נאָר אַזוי ווי איך האָב נאָך ניט דעם סוף, קאָן איך אײַך פאָרלויפיק דערויף גאָרניט זאָגן. אײַער „ברוכן" וועל איך אָפּגעבן שלום — לאָז ער זיך נאָר באַווײַזן. נעמט צו אַ פרײַנדלעכן גרוס פון אײַער גוטן־פרײַנד

שלום־עליכם

## 452. צו שמעון פרוג

קיִעוו, 15טן יולי 1902

לכבוד ידידי היקר המשורר לעמנו ה׳ ש. פרוג, נ״י.
ליבסטער און בעסטער משורר!

איך האָב אײַך געשריבן צוויי בריוולעך אויף גויִיש, זע איך איר ענטפערט ניט, האָב איך מיך מישב געווען, איך וועל אײַך שרײַבן אויף אונדזער לשון, אויף ייִדיש, טאָמער וועט דאָס זײַן אַ סגולה? איך האָב אײַך געהאַט געשריבן וועגן אײַער ליד „דער לוח", וועלכעס איז בײַ מיר פאַרבליבן נאָך פון מײַן „פאָלקס־ביבליאָטהעק", און אַזוי ווי דאָס ליד איז געווען און איז געבליבן גוט, לכן דרוקן מיר עס איצט אין די נײַע צײַטונגען, און כאָטש האָנאָראַר איז געווען צײַטלעך אָפּגעצאָלט, דאָך האָב איך גערעכנט, אַז דער יושר טראָגט, אַז מע באַדאַרף אײַך געבן צו וויסן וועגן דעם, און טאַקע אין איין וועגס בעטן פון אײַך עפּעס נײַע לידער; מע וועט אײַך צאָלן מיט פאַרגעניגן, איך בין אײַך ערבֿ. די ערשטע צוויי נומערן צײַטונגען האָב איך אײַך געשיקט.

אײַער אַמאָליקער גוטער־פרײַנד

שלום־עליכם

## 453. צו יעקב דינעזאָן

1902.6.25

אַלטער און תּמיד יונגער, ווײַטער און אימער נאָענטער, שטענדיק געשלאָגענער און קיין מאָל ניט אָנגעלערנטער פרײַנד
יעקב דינעסזאָן!

איר האָט געטראָפן — איך ענטפער אײַך אויף אײַער ליבן זיסן בריוו, מיטן גאַנצן לעבן וואָלט איך וועלן אײַך אַ טובה טאָן. איר דאַרפט נאָך געדענקען, אַז אַ טובה טאָן בכלל איז איינע פון מײַנע שוועכע, און בפרט אַ גוטן־ברודער, און בפרט אַזאַ גוטן־ברודער ווי יעקב דינעסזאָן. נאָר וואָס דען? דער נפש, וואָס איר שרײַבט מיר וועגן אים, איז אַזאַ מין נפש, אַזאַ מיאוסער אינטריגאַן און פּע! — אַזאַ פּאַסקודנע מענטשל, אַז אים שרײַבן ק אָ ן איך ניט און וו י ל ניט און וו ע ל ניט! בכלל איז די גאַנצע געשיכטע פון דער קאָנקורענץ בײַ מיר ווי אַ מין אינפלוענציע. ס׳איז מיר נימאס די וועלט, פּאַסקודנע אין מויל, אַ ביסל הויך די טעמפּעראַטור, ניטאָ קיין אַפּעטיט, און

פון דער נאָז רינט... אַ קרענק, חלילה, ניט קיין געפערלעכע, נאָר זייער ניט קיין אָנגענעמע. נישקשה, זי וועט אם־ירצה־השם איבערגיין — — — קיין נביא בין איך ניט, קיין עתידות ווייס איך ניט, נאָר פילן פילט זיך, אַז רוים מוז חרוב ווערן — איך זאָג עס, לײדער, אָן האַרצווייטיק, נאָר אויך אָן שׂימחה... די שפּעטערדיקע נומערן פון די נײַע בלעטער וועלן אײַך באַווײַזן, ווי ליב און טײַער איז מיר דער אָרעמער זשאַרגאָן און ווי ערנסט און געטרײַ עס דינט אים אײַער שלום־עליכם, וועלכן איר הייבט ניט אָן צו קענען! וואָס ליטעראַטור און קונסט אָנבאַטרעפט, האָט שלום־עליכם נאָך קיין אײנציק ווערק ניט אָנגעשריבן, עוד ידו נטויה — ער פאַרקאַטשעט זיך ערשט אָנצוהייבן צו שרײַבן — וימים יודיעו. פאַראַן אַ רוסיש וואָרט: Добрый теленок двух маток сосет איך בין ניט קיין גוט קעלבל — דאָס איבעריקע פאַרשטייט און טוט, ווי איר פאַרשטייט, און בלײַבט מיר אויף לאַנג, לאַנג דער זעלבער דינעסזאָן, ווי איך צו אײַך דער זעלבער

שלום־עליכם

אַגב, ווו איז אײַער פיזיאָגנאָמיע? אַ גרוס אײַך פון מײַן הויזגעזינד.

און וועגן רעדאַקטאָרײַ — אוי־וויי, לעכערלעך! צײַט, יידן זאָלן אָוועקוואַרפן זייערע בית־מדרש־שטיקלעך כאָטש אין דער ליטעראַטור! לאָזט זיך זײַן גבאי, ווער עס וויל — בעל־הבית בלײַבט אַלץ בעל־הבית.

## 454. צו מרדכי ספּעקטאָר

קרעמענטשוג, 21סטן אויגוסט 1902

ברודער ספּעקטאָר!

שוין דער 21סטער, און איך האָב נישט פון אײַך קיין שום ענטפער. איך וואַרט אויף הײַנטיקער פּאָסט, טאָמער וועט זי מיר עפּעס ברענגען. איך בין שוין גאָר מבולבל און ווייס ניט, ווו איך בין אין דער וועלט און וואָס זאָל איך טון. דאָ האָב איך אויסגעפּויקט אין דער סביבה, אַז איך פאָר. מע וואַרט אויף מיר אין די שטעטלעך וואָס אַרום, אין פּאָלטאַווע, אין פּרילוק און אַנדערע. איך רײַס מיך פאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, גערעכנט האָב איך זײַן אין מינסק אויף דעם קאָנגרעס — און איר שווײַגט! רעכענען אויף נײַן — איז מיר אי אַ ווייטיק, אי אַ בזיון. יאָ — איז עפּעס ווי אויסגעמוטשעט. און די מוזע מײַנע זיצט בײַ מיר אין געסט, קושט זיך מיט מיר און האַלדזט זיך מיט מיר. אַ גאַנצע כאַליאַסטרע וועגבילדער — אַזוי ווי איר האָט געטראָפן — האָבן מיך אַרומגערינגלט און בעטן זיך אויף פּאַפּיר. און דעם ראָמאַן „ווער ווייסט" באַדאַרף מען ענדיקן — כאָטש ס'איז נאָך ווײַט צום סוף, און דאָ אַרבעטן באַדאַרף מען, איך האָב דאָס אָבאָנעמענט אויפגעהויבן, מע וועט שוין לייענען, מע וועט שוין **מוזן** לייענען די נײַע צײַטונגען — — — און ואַחרי ככלות הכל פליט מיר דורך אַ מחשבה אין קאָפּ, טאָמער זענט איר געבליבן בײַ דעם ערשטן פּלאַן, דאָס הייסט, איך זאָל **ניט** פאָרן ווײַטער, און עס קומט מיר אויפן רעיון מײַן הויזגעזינד נעבעך און מײַן יעצטיקע לאַגע —

פאַרשטייט איר דאָך, וואָס עס ווערט מיט מײַן אָרעמער מוזע און מײַן ענערגיע און מיט מיר אין גאַנצן!

— — —

איך שיק אײַך דעם צווייטן בריוו. איר פאַרשטייט שוין פון אים מײַן פּלאַן: איך פּלעכט צונויף דאָס לעבן מיט בילדער, מיט טיפּן, מיט שטעט, מיט מיסחר, מיט דער נאַטור — אַ פּלעכטל פונעם אמתן לעבן, און לעבעדיק, אַ לאַ

שלום־עליכם

פּ.ס. — ברודער! איך ווייס, איך האָב עס מיט מײַן פריערדיקן שווײַגן פאַרדינט, איר זאָלט מיר אָפּצאָלן מיט דער זעלביקער מטבע; נאָר ס'איז אַ חילוק: איר זענט קעגן מיר אַן איינס, און איך בין אַ גאַנצע פאַמיליע... איך מיין, אַז איר פאַרשטייט מיך, און איר וועט מיך גיך און באַלד דערפרייען מיט אַ בריוו אויף אַדרעס „שלעז, קרעמענצוג", און ער וועט מיר שוין אָפּשיקן ווײַטער, ווײַל פּאָסט רעסטאַנט ווערט שווער אָראַנזשירט.

פּ.ס.ס. — וועגן די בריוו פון וועג. אינעם ערשטן בריוו האָט געזאָלט אַרײַנקומען גאָר אַ סך פּאָעזיע, אַ גאַנץ שטיק פון מײַן ביאָגראַפיע און פון מײַן געבורטשטאָט; נאָר איך האָב געמוזט נאָך אַ מאָל איבערמאַכן דעם צווייטן בריוו, און די פּאָעזיע מיט מײַן געבורטאָרט איבערלאָזן אויף שפּעטער; איך וועל דאָס צעוואָרפן אין עטלעכע בריוו. גיך וועט איר דערהאַלטן נאָך צוויי בריוו פון מיר.

## 455. צום זעלבן

קיִעוו, 29סטן אויגוסט 1902

בעסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

האָב איך אײַך געפאָלגט, אַוועקגעוואָרפן אַלצדינג און בין געקומען אַהיים. אַ בריוו צו בן־אַביגדורן האָב איך אויך אָנגעשריבן. קיין קאָנדיציעס האָב איך אים ניט געשריבן, און וואָס קאָן איך אים שרײַבן, אַז ער איז אויך געדעכט? — אַצינד פרעגט זיך אַ קשיא: וואָס וועט זײַן ווײַטער? אין אײַער בריוו פון מינסק (אַ קאַרטל) שרײַבט איר מיר: זאָרגט ניט, עס וועט זײַן רעכט. וואָס מיינט איר דערמיט?

— — —

וואָס הערט זיך עפּעס בײַ אײַך? שרײַבט, שרײַבט, ווי פריִער, כּל־זמן איך לעב נאָך און דער קאָפּ דינט נאָך.

אײַער בעסטער איבערגעבנסטער פרײַנד

שלום־עליכם

פּ.ס. — געקומען בשלום אַהיים, האָב איך געטראָפן מײַן טאָכטער נעבעך שלאָף, און דאָס „זשיוואָטנע באַשעפעניש" — שטעלט אײַך פאָר — האָט זיך פון גרויס בענקען נאָך מיר אַזוי אָפּגעלאָזט, פאַרזאָרגט און קראַנק געוואָרן, אַז ס'איז פון אים געבליבן האַלב קינד! ווער ס'האָט ניט געזען זײַן באַגעגענען מיך, פאַלן מיר אויפן האַלדז מיט דריבנע טרערלעך אין די אייגלעך, דער האָט קיין רירנדע סצענע ניט געזען אין זײַן

לעבן! איך האָב, ברודער, ברוך־השם, אַ האַלב טוץ קינדערלעך, זאָלן געזונט זײַן, און איר ווייסט, אַז אַלע האָבן מיך ליב דאָס חיות, און איך זיי; נאָר אַזאַ מין ליבשאַפט און צוגעזאָטנקייט, ווי בײַ דעם קליינעם נפש, האָב איך ניט געזען צײַט איך לעב. די דאָזיקע סצענע מוז איך אַ מאָל באַשרײַבן — ס'איז עין לא ראתה! לאָזט ער מיך ניט אָפּ אויף קיין מינוט, און אַז איך טרעט אָפּ אויף אַ זײַט, מאַכט ער אַזאַ גוואַלד, אַז מע באַדאַרף אַנטלויפן פון שטוב. ער טוט גאָרנישט; ער גייט נאָר צו אַלע מינוט צו מיר, פאַרגנבעט זיך שטילערהייט מיט אַ קוש אין האַנט אַרײַן, אָדער אין דער פּאָלע, טוט אַ זיפּצל און אַ זאָג „פּאַפּאַ" מיט אַזאַ ביטער־זיס שמייכעלע, אַז עס רײַסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ. איך האָב מורא, צי פּילט נישט דאָס קינד בנבואה, אַז... איך וויל נישט זאָגן וואָס. — הקיצור, ס'איז, זאָג איך אײַך, אַ מאָדנע זאַך! איך וואָלט אײַך אַזוי פיל ניט געשריבן! וועגן דעם, ווען ס'זאָל זײַן אַ געוויינלעכער עסק און ווען איך זאָל ניט ויסן, אַז אײַך איז דאָס באַשעפענישל אויך אײַנגעבאַקן אין האַרצן. ער האָט אײַך דערקענט אויפן קאָרטל, גלײַך מיט מיר, און איז, אַ פּנים, צופרידן, וואָס דער פּאַפּאַ שטייט אין איינעם מיטן „דיאַדיאַ" — אַ פּנים, נאָך מער צופרידן פון קאַפּלאַן...

אײַער שלום־עליכם

## 456. צום זעלבן

קיעוו, 4טן סעפּטעמבער 1902

ברודער, ברודער ספּעקטאָר!

נעמט צו פון מיר אַ טיפן זיפץ פונעם האַרצן — מײַן אָלגאַ איז מיר שטאַרק שלאַף, דאָס הייסט, נאָך ערגער פון שלאַף; זי גייט אַרום, דאַכט זיך, געזונט, נאָר מאָרגן פירט מען זי אָפּ אין שפּיטאָל, און צוויי פּראָפעסאָרן מאַכן איר אַן אָפּעראַציע, און גאָר אַן ערנסטע אָפּעראַציע — — —, אַזעלכעס, וואָס מיר האָבן מורא צו אָנרופן דאָס בײַם נאָמען. מיר פאַרלייקענען פאַר איר, כאָטש זי, אַלס אַרצט, פאַרשטייט אַליין גאַנץ גוט, ווי ערנסט דאָס איז... און דערפאַר, אַז איר וועט מיר שרײַבן, זאָלט איר שרײַבן פאַר־שטעלט וועגן דעם. — הקיצור, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? מײַן קאָפּ איז גאָר אַראָפּגע־נומען, די קינדער באַהאַלטן זיך אין די ווינקעלעך און ווײנען, איך טאָר ניט ווײַזן קיין טרויעריקע מינע. — — — איבער מאָרגן, פרײַטאָג, ווערט די אָפּעראַציע געמאַכט, און גיב גאָט, עס זאָל זײַן בשלום — איך ווייס ניט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך גיי אַרום. וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר דער רבונו־של־עולם? פאַר וועלכע זינד?? — שרײַבט מיר, טרייסט מיך, טרייסט אײַער דערשלאָגענעם פרײַנד

שלום־עליכם

מע האָט מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון אײַך פון מינסק און פון אײַער טאָסט, וואָס איר האָט געטרונקען אויפן באַנקעט, און איך האָב געהאַט פון אײַך נחת.

בסוד קאָן איך אײַך איבערגעבן, אַז אויף דער אַסיפה פון דער חברה „אַחיאָסף", וואָס איז געווען אין מינסק, איז געבליבן, מע זאָל אַרויסגעבן די ענציקלאָפּעדיע אויף

אַ פרעמדן נאָמען און די „יודן" זאָל מען פאַרקויפן. נאָר לאָז זײַן בסוד־סודות. —

גוואַלד, איך דאַרף אײַך ענדיקן אײניקע זאַכן פאַר די צײַטונגען, און מע לאָזט מיך ניט! נאָר גאָט איז אַ פאָטער, האָט ניט קײן יסורים — עס וועט מסתמא זײַן רעכט.

שפּעטער מיט צוויי וואָכן באַדאַרף מען מאַכן אויך מײַן צווייטער טאָכטער אַן אָפּעראַציע. — ס׳איז גוט, וואָס זאָלט איר קלערן? ? — גוואַלד, שרײַבט, שווײַגט ניט, שווײַגט ניט!

## 457. צום זעלבן

קיִעוו, באַלניצאַ ניישטובע, 6טן סעפּטעמבער 1902.
12 אַ זייגער בײַ נאַכט.

ליבער בעסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

איך שרײַב אײַך פונעם שפּיטאָל —

— — —

ברודער ספּעקטאָר! ס׳איז אַזאַ ביטערער נסיון פון גאָט, ס׳איז אַזאַ בייזער צאָרן אויף מיר אויסגעגאָסן, אַז איך ווייס ניט פאַר וועלכע זינד און פאַר וועמענס שולד! אַהיים בין איך געקומען הײַנט סך־הכּל אויף אַ האַלבע שעה. זען דעם צער מיטן שטילן ווייטיק מיט די אינעווייניקסטע טרערן פון די קינדער איז אוממעגלעך און נישט צום באַשרײַבן. דאָס קליינע באַשעפעניש האָט בײַם געזעגענען זיך מיט דער מאַמע פאַרן גיין צו דער אָפּעראַציע עפּעס מאָדנע געזיפצט, און הײַנט, אַז כ׳האָב אים געזאָגט, אַז די מאַמע גריסט אים, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן קעפּל, ווי איינער רעדט: יאָ...

האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך הענג אויף אײַך אַן פרעמדע צרות. נאָר איך האָב ניט נאָך אַ מאָל אַזאַ ספּעקטאָר, וואָס איך זאָל פאַר אים קאָנען אַזוי פרײַ אויסגיסן מײַן האַרץ. האָט זשע צרות, ברודער, גלײַך מיט מיר, און דערפאַר, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועט איר האָבן פון אונדז נחת, אם־ירצה־השם — זאָגט אָמן!

ברודער ספּעקטאָר! טאָמער חלילה פאַרשפּעטיק איך מיט מײַן ראָמאַן „ווער ווייסט" אויף אַן איבעריקער וואָך, נעמט גיט דערווײַל מײַנע צוויי דערציילונגען, וואָס איך האָב איבערגעזעצט פון ד״ר הערצל, הגם איך רעכן, אַז איך וועל אוספּעיען מיט אַ פּאָר קאַפּיטלעך באַצײַטנס. איר האָט דאָך נאָך קאַפּיטלעך 10, 11, 12, 13. נאָר איר באַדאַרפט סחורה אויף סחורה. וואָס טוט מען? מאָרגן וועל איך דאָ אין שפּיטאָל צו רעכט מאַכן עטלעכע ווײַטערדיקע קאַפּיטלעך און אײַך באַלד, ווטשערניע, נישט איבערגעשריבע־נערהייט, צושיקן. אַדיעו!

אײַער צערודערטער שלום־עליכם

פּ.ס. — אָדער אויב איר וועט געבן אויפן אָרט פונעם ראָמאַן עמעצנס (אפשר אײַערס) אַ דערציילונג, זאָלט איר מאַכן אַן אָנמערקונג פון אונטן בזה־הלשון: „איבער אַ סיבה, וואָס מע האָט נישט געקאָנט פאָרויס וויסן, מוזן מיר לײדער דעם ראָמאַן פון ה. שלום־עליכם אויף אַ פּאָר וואָכן איבעררײַסן. די רעד."

## 458. צום זעלבן

קיִעוו, דעם 10טן סעפּטעמבער 1902

ברודער ספּעקטאָר!

איך שרײַב אײַך נאָך אַלץ פון שפּיטאָל. איך זע נישט די ליכטיקע וועלט. פון אײַך איז נישטאָ קיין שום ענטפער אויף אַלע מײַנע בריוו, און דאָס קרענקט מיך זייער און זייער! פון מײַן פרוי וואָס זאָל איך אײַך שרײַבן? דאַנקען גאָט, שוין דער זעקסטער טאָג נאָך דער אָפּעראַציע. זי איז שוין העכער האַלב אויף דער וועלט. נאָך אַ וואָך וועלן מיר זײַן דאָ און נאָך דעם אַריבערפאָרן אַהיים, צו אונדזערע קינדערלעך, וועלכע קוקן נעבעך אַרויס אויף דער מאַמע. די קינדער קומען צו גיין איינציקווײַז אַלע טאָג געוואָר ווערן. איך כאַפּ זיך אַראָפּ אַהיים (ס'איז ווײַטלעך) אויף עטלעכע מינוט, אַ קוק טון אויף די קינדער, אַנקושן דאָס באַשעפעניש, וועלכעס לויפט מיר אַקעגן מיט אַ געשריי „פּאַפּאַ!" און קום צוריק. קיין נעכט שלאָף איך ניט, בײַ טאָג לעב איך ניט, דער קאָפּ איז דערשלאָגן, דער מוח צעדולט, מבולבל — נאָר דאַנקען גאָט, אַבי אַלגאַ לעבט! —

שרײַבט, האָט רחמנות, שרײַבט מיר בריוו!

אײַער שלום־עליכם

פאַר וואָס גיט איר ניט קיין לידער? איר האָט פון קהת, פון וואַרשאַווסקין גיט דאָס ליד אָ ן נאָטן.

פּ.ס. — אַך, וואָסערע בילדער, וואָסערע ייִדן, וואָסערע גרויסע זאַכן עס זענען באַשאַפן געוואָרן בײַ מיר במחשבה אין די עטלעכע טעג זיצן און ליגן אין שפּיטאָל בײַ מײַן ווײַב צוקאָפּנס און גאָרנישט קאָנען טון! פיר ווענט, שטילקייט, זיפצן און אויקען פון אַ קראַנקן, קלערן און טראַכטן, רופן אַרויס און באַשאַפן נײַע וועלטן, גרויסע וועלטן!

פּ.ס. — ווי גאָט איז אײַך ליב, שיקט מיר צו אַ קורצלעכע ביאָגראַפיע פון אײַך און פון דוד פּינסקי. איך האָב געהאַט אַ בריוו פון מאַקסים גאָרקיס אויסגאַבע־רעדאַקציע, מע זעצט מיר אין האַלדז און נאַקן. שטעלט אײַך פאָר, אַז אַלע פאַרפאַסערס ביאָגראַפיעס זענען פאַרטיק און אײַערע ניט — וואָס פאַר אַ פּנים וועט דאָס האָבן?...

## 459. צו חיים קרעמענטשוצקי

קיִעוו, 10/2. 9. 1902

צום ה' חיים קרעמענטשוצקי, זײַן ליכט זאָל לײַכטן, אַן אויפגעקלערטער און פאַר־שטאַנדיקער מאַן, וואָס פאַרשטייט פון איין זאַך די צווייטע!

אײַער בריוו האָב איך באַקומען און זייער זיך געוווּנדערט, וואָס עס איז ניטאָ קיין ענטפער און אַפילו קיין גרוס פון אײַער שווער, וואָס צו אים, צו אײַער שווער, האָב איך געווענדט מײַנע רייד...

דעריבער בעט איך אײַך, איר זאָלט זיך מטריח זײַן איבערלייענען מײַנע ערשטע בריוו פאַרן שווער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, און ער, אײַער שווער, רב הענעך עיברי, זאָל מיר ענטפערן דורך אײַך קלאָרע דיבורים, און אפשר גרייט ער זיך קומען קיין קיִעוו, ווי ער האָט צוגעזאָגט, תּיכּף נאָך יום־טוב. מיט אַ פאַרשילטונג און מיט אַ שבועה באַשווער איך אײַך, איר זאָלט זיך מטריח זײַן איבערלייענען פאַר אײַער שווער מײַן ערשטן בריוו. מיר זײַנען דאָך הײַנט צו טאָג לעבעדיקע מענטשן, און אַ מענטש מיט אַ מענטשן באַגעגנט זיך...

דער, וואָס ערט אײַך און ווינטשט
אײַך אַ גוטע חתימה צום יום־טוב,
שלום־עליכם

P.S. בסוד־סודות בעט איך אײַך, איר זאָלט אײַנרוימען אײַער שווער, אַז קיינער חוץ אײַך זאָל ניט וויסן, וועגן תּקיעת־כּף, וואָס אײַער שווער האָט מיר געגעבן אין באַנק ערב יום־כּיפּור! — — — און תּיכּף נאָך יום־טוב וואַרט איך אויף אײַער ענטפער וועגן תּקיעת־כּף און מיט קלאָרע דיבורים! זעט, מײַן האַר, איך זאָג אײַך אָן, עס זאָל זײַן אַ פאַרבאָרגענער סוד! און פאַר אַ קלוגן איז גענוג [אויפן ווונק].

P.S. איך האָב איבערגעגעבן די זאַך אַ באַגלייבטן און קלוגן מענטשן און איך האָף, אַז עס וועט ניט אַרויסקומען דורך אים, חס־ושלום, קיין שטרויכלונג, און דורך אים וועל איך אפשר געהאָלפן ווערן. און פאַר אַזאַ קלוגן ווי איר וועלן זײַן גענוג אָט די קורצע רייד.

## 460. צו ח. נ. ביאַליק און י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, 10טן סעפּטעמבער 1902

ידידים נאמנים, ביאַליק ורבניצקי!

פון דעם בריוול זעט איר אַרויס, אַז איך בין אין דער ערד! איך שרײַב אײַך פונעם שפּיטאָל. דאָ ליגט נעבעך מײַן אָלגאַ רעכט קראַנק. מע האָט איר פאַראַכטאָגן פרײַטאָג געמאַכט אַן אָפּעראַציע, — — — וואָס ווען מע פאַרכאַפּט ניט באַצײַטנס שנײַדן, וואָלט געוועזן זייער־זייער ניט גוט! אַנדערהאַלבן שעה איז זי געווען אונטערן כלאָראָפאָרם. אַנדערהאַלבן שעה זענען מיר אין דרײַען, איך און טיסי און נאַטאַשאַ (דער רויטער ממזר ווייסט, ווער די נאַטאַשאַ איז; ערשט פאַר צוועלף יאָרן האָבן מיר געפּײַערט אין אָדעס איר 19־יאָריקן יובילעום מיט אַן אינדיק און מיטן גוטן זויערן ווײַן), געשטאַנען הינטער דער טיר, געהערט די גוואַלדיק שטילע טויט־לעבעדיקע קולות, און אויב איך בין ניט גרוי געוואָרן ווי אַ טויב, איז נאָר דערפאַר, ווײַל גרוי וועל איך קיין מאָל ניט זײַן — איך וועל עס ניט דערלעבן! הײַנט גייט דער זעקסטער טאָג, און צו גאָט אַ האָפענונג — זי וועט לעבן און זײַן געזונט. — צוזען אונדזערע בני־בית אַצינד, דעם צער פון די פּיצלעך קינדער און די שטילע טרערן פון די גרעסערע, מוז מען אַ פרעג טון בײַם רבונו־של־עולם: „ווו איז דײַן יושר? דײַן גערעכטלעכקייט מיט דײַן רעכט־פאַרטיקייט מיט דײַן גנאָד?" ...איך געפין מיך שטענדיק דאָ, אין שפּיטאָל, צווישן

צעשניטענע און צעבראָקטע און צעברעקלטע, צעקאַראַדאַשעטע מענטשן, און בין שוין אַזוי דערשלאָגן, אַז אַפילו שרײַבן קאָן איך ניט (און איר, רויטער גזלן רבניצקי, ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ „ווערדע" עס האָט בײַ מיר צו שרײַבן אויף אַ לאָקשנבערעט, אָדער אויף אַ טעצל פון אַ סאַמאָוואַר, אָדער אויף אַ דנאָ פון אַ פעסל, אָדער גאָר זיצנדיק אויפֿן טראַמווײַ!). בכן, האָב איך אַ בקשה צום ייִנגסטן פון די רבניצקיס, צו רבניצקי נומער צוויי, ער זאָל מיר קומען צו הילף און זאָל מיר נעמען תּיכּף־ומיד אַ ביכל פּאַר אַ קאָפּיקעס 5 אָדער 10, קויפֿן אַ טינט און פען און אַוועקזעצן זיך אויף איין שעה אַלע טאָג, נישט מער, און שרײַבן אין וואָסער אַ שפּראַך ער וויל: העברעיִש, רוסיש, זשאַרגאָן, פונעם שלאָף (נאָר נישט אויף לאַטיין!) — אַ קורצע ביאָגראַפיע פונעם זיידן רב מענדעלע, אַרויסגענומען פונעם ספר הזכרון לסאָקאָלאָוו, פונעם „וואָסכאָד" און נאָך אַ פּאָר ערטער, וועלכע דער זיידע אַליין וועט אים אָנווײַזן, און איך וועל עס שוין באַאַרבעטן אינעם רוסישן צוליב גאָרקיס אויסגאַבע. דאָס איז נומער איינס. והשנית — אַ קורצע, אַ גאַנץ קורצע ביאָגראַפיע פון ביאַליק (עס ווערן איבערזעצט זײַנע אַ פּאָר לידער), און די ביאָגראַפיע פון י״ל פרץ, וועלכע ער וועט געפינען אין „וואָסכאָד", „בודושטשנאָסט", אָדער „הצפירה", „המליץ" פון פסח ביז שבועות הײַנטיקן זומערצײַט. אָט די דרײַ אַרבעטן זאָל ער אָפּטון ווטשערניע, נישט געקינצלט, נישט איבערגעשריבן, — איך וועל שוין אַליין אַלצדינג טון — און דער קליינער וועט זיך קונה־שם זײַן אין דער וועלט, באַקומען עטלעכע קערבלעך האָנאָראַר, אַ יישר־כּוח פון מאַקסים גאָרקי און אַ גרויסן כּפול־שמונהדיקן דאַנק פון

אײַער שלום־עליכם

נ.ב. — אָלגאַ אַליין ווייסט ניט און טאָר ניט וויסן וואָס איר שלאָפֿקייט איז געווען... און גריסט פּאַיען, אויב זי איז שוין געקומען פון די „בעדער" און פון די „טרויבן", און גריסט מאַנישן, אויב ער האָט שוין פאַרגרוזעט די שיפן אויפֿן ים, און דעם זיידן לאָזט גריסן גאָר פרײַנדלעך!

## 461. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 11טן סעפּטעמבער 1902

בעסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

סטײַטש, סטײַטש, ספּעקטאָר זאָל ניט וועלן ענטפערן אַפילו קיין צוויי ווערטער! עק וועלט!!

איך טו מיר מײַנס: איך שרײַב אַלע טאָג. מײַן פרוי פילט זיך אַלע טאָג בעסער, גאָט זיי דאַנק. אין אַ וואָך אַרום שרײַבן מיר זיך שוין אויס פון דעם שפּיטאָל — און מיר לעבן! אַ טײַער וואָרט דאָס איז — לעבן!

ברודער! למען־השם, שיקט מיר צו אײַער ביאָגראַפיע (אויטאָביאָגראַפיע) אין קורצן. און אויך דוד פינסקיס ביאָגראַפיע גאַנץ קורץ. און טאָמער ווייסט איר וואָס ס'ביט איז

פון נאָמבערגן, ווער ער איז, וואָס ער איז און ווו ער איז. און, גוואַלד, דאָס בילד פון מאָריס ראָזענפעלד, טאָמער האָט איר עס באַגעגנט ערגעץ כאָטש אין אַ זשורנאַל — שנייַדט דאָס אויס און שיקט דאָס צו. און זאָגט מיר, ווו איז געוועזן באַשריבן זייַן ביאָגראַפיע? מע טרענט מיר די אָדערן, און איך בין אַזוי דערשלאָגן!

אייַער שלום־עליכם

## 462. צום זעלבן

קיִעוו, 12טן סעפּטעמבער 1902

ליבסטער, בעסטער און געטרייַסטער פרייַנד ספּעקטאָר!

איך האָב אָבער געפילט, דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אַז ספּעקטאָר וועט זיך אָפּרופן אויף מייַן אָנקלאַפּן צו אים. איר האָט מיר שוין אין אַזאַ קורצער צייַט אַזוי פיל געטאָן, אַז איך ווייס שוין ניט, ווען און מיט וואָס איך וועל אייַך אַ מאָל קאָנען אָפּדינען. נאָר איר זענט גערעכט, ברודער. גאָט לעבט און מיר זענען ניט געשטאָרבן, לכן קאָנען מיר נאָך האָפן און האָפן!

קודם איז מכּוח געזונט: צו גאָט אַ האָפענונג, אַז אויף ראש־השנה זאָל מייַן פרוי שוין זייַן אין דער היים, צווישן אירע ליבע און טייַערע. זי זיצט שוין צו ביסלעך און קאָן שוין פרעגן, וואָס שרייַבט עפּעס ספּעקטאָר און ווען וועט ער אַרויסשיקן אַ גרויסן בריוו (ווי זייַן טבע איז)?...

— — —

וועגן אַ פעליעטאָן צו אייַער יום־טוב־בלאַט, איז ווי אַזוי איך זאָל ניט זייַן איצטער דערהרגעט, זעץ איך מיך אַוועק אויף אַ נאַכט, און טאַקע הייַנט־מאָרגן, און שרייַב אייַך אָן אַ זאַך אונטער דעם נאָמען „אתרוגים”, אָדער „אַן אתרוג”, און מסתּמא וועט דאָס דווקא זייַן געראָטן. ס'איז קיין תּירוץ ניט; אַז ספּעקטאָר זאָגט שרייַב — באַדאַרף מען שרייַבן!

וועגן אייַערע צרות, וואָס איר האָט דאָרטן דורך מיר — איז בלאָטע. גאָט איז אַ פאָטער — איר וועט נאָך האָבן פון מיר גרויס נחת דאָרטן, אם־ירצה־השם! און אפשר נאָך גאָר אין גיכן וועט איר זיי קאָנען באַווייַזן, אַז זיי האָבן זיך מיט שלום־עליכמען דורך אייַך ניט גענאַרט. שווייַגט, עס טוט זיך בייַ מיר אַ גרויסע זאַך, און גאָר אַ גרויסע זאַך!!!

מייַן פרוי און די קינדער גריסן אייַך, און דאָס באַשעפעניש וואָלט איר ניט דער־קענט; ער הייבט שוין אָן ווערן אַ קליין מענטשעלע.

מאָרגן שרייַב איך אייַך נאָך. אַדיעו.

אייַער שלום־עליכם

## 463. צו אַ. צייטלין

15. 9. [19]02

פיל געאַכטעטער אַרנאָלד יאַקאָוולעוויטש!

אין די אינטערעסן פון מאַקסים גאָרקיס אויסגאַבעס איז נייטיק צונויפזאַמלען אייניקע ביאָגראַפישע ידיעות פון ייִדישע שרײַבערס.

כ'האָב באַויפטראָגט מײַן קרוב ה' ראַבינאָוויטש אַרײַנגיין אין יודאַיק און אָפּזוכן אין דער פּעריאָדיק אייניקע מאַטעריאַלן.

איך בעט אײַך זייער דערלויבן אים לייענען און אַראָפּשרײַבן דאָס נייטיקע.

פאַר דער גאַנצקייט און אַקוראַטקייט גאַראַנטיר איך.

מיט טיפסטער אַכטונג ש. ראַבינאָוויטש

(שלום־עליכם)

## 464. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 9טן אָקטאָבער 1902

ליבער ספּעקטאָר!

אַן עק — קיין בריוולעך שרײַבט איר שוין גאָר ניט? פּטור?

דאָס „סוכות־בלאַט" איז אַוודאי קאַפּריסין. אײַער דערציילונג איז צוקער־זיס. פּינסקיס איז געצייכנט גוט. נאָר איין קליינער חסרון, אַ טעות אין די טענץ: שימחת־תּורה טאַנצן נישט חסידים מיט קיין ווײַבער — אַ ביסל אַריבערגעפּאַלן. שאַדע, וואָס איר האָט לכּבוד דעם יום־טוב נישט געגעבן קיין בעסער פּאַפּיר מיט רויטפּאַרביקע אָדער פיאָלעט־פאַרביקע שריפט אין דער ווינעטקע! — ווו איז דאָס יום־טוב־בלאַט פונעם „יוד"? עפּעס זעט מען דאָס ניט!

די „פאָלקסצײַטונג" האָט שוין דורך מיר דרײַ אַנאָנסן: 1) „קאָסאָדאָ", 2) „לעווינ־זאָהן", 3) „גענעראַלנע געזעלשאַפט" — זענען זיי צופרידן?

איך האָב אײַך צוגעשיקט מײַן רעיִסטער פון אַלע ווערק צו אײַער זיצונג — נו, וואָס זשע איז געבליבן?

די טעג האָט איר פון מיר נאָך אַ „פּעקל" און נאָך דרײַ קאַפּיטלעך פונעם ראָמאַן. — האָט איר געזען דעם „יעווריסקי יעזשעגאָדניק" פון יוסף לוריא (פּעטערסבורג)? דאָרט איז מײַן „דאָקטאָר" איבערזעצט מחילה פון מיר אַליין. איך גיב אַ רעצענזיע אין „פּרויענבלאַט" וועגן די ביכער. די טעג האָב איך געענדיקט מײַנס אַן אָריגינאַל ווערק אין רוסישן, אַ קאָמעדיע אין דרײַ אַקטן מיטן נאָמען „מאיר שאַלאַנט". מע וועט דאָס שפּילן אין טעאַטער. שפּעטער וועל איך עס איבערזעצן אין זשאַרגאָן פאַר דער „פּרויענ־וועלט". פאַרקערט די יוצרות.

אַ גוט קוויטל ווינטש איך אײַך, ס'איז הושענא־רבה.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — נאָר וואָס אָרויסגעשיקט אײַך איין קליינעם אַרטיקל „נײַע ביכער", אַ קורצע רעצענזיע איבערן יאָרבוך פון י. לוריא, פּעטערסבורג (פאַר דער „פאָלקסצײַטונג").

## 465. צום זעלבן

קיִעוו, 2טן נאָוועמבער 1902

לזוגתי היקרה מרת ספּעקטאָר שתח'י.

האָסט מיך, הייסט עס, גאָר פאַרוואָראַזשעט, צו אַל די גוטע יאָר! — — —

איך פאַרשטיי ניט, זוגתי היקרה, וועלכער רוח אַרט דאָס דיך, אַז אונדזערע בריוו וועלן זײַן גאַנץ? למאַי זאָלן מיר זיי ברענען? לאָזן אונדזערע שונאים ברענען אויפן פײַער! אַדרבא, לאָז די היסטאָריע איבער הונדערט צוואַנציק יאָר לייענען, ווי צוויי יידישע פאָלקסשרײַבערס, וואָס זײַנען געווען געבונדן בלא חופה־וקידושין, האָבן זיך איבערגעשריבן, און וואָס עס האָט זיך געטאָן מיטן זשאַרגאָן. איך שטעל מיך פאָר, וואָס פאַר אַ פּנים מיר וועלן ביידע האָבן בײַ אונדזערע אוראוראייניקלעך, אַ שטייגער, אין אַ פופציק אָדער הונדערט יאָר אַרום, דעמאָלט, ווען אונדזערע ביינער וועלן שוין לאַנג פוילן אין דער ערד! אַך, דער זשאַרגאָן, דער זשאַרגאָן! מי־יודע וואָס פאַר אַ ראָלע ער וועט נאָך אַ מאָל שפּילן בײַ אונדזער פאָלק! נאָר לאָז די „געשיכטע" גיין איר וועג, און מיר באַדאַרפן לעת־עתה אין זינען האָבן אונדזערס. — זוגתי היקרה! זאָלסט געווען זײַן אין זשיטאָמיר און זען דעם כּבוד, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט צווישן אונדזער פּובליקום, וואָלסטו אײַנגענומען אַ מיתה־משונה פאַר גרויס נחת. ממש אויף די הענט געטראָגן! אויפן צווייטן טאָג איז אין „וואָלין" געווען אַ באַריכט, אַז דער באַוווּסטער יידישער זשאַרגאָן־שריפטשטעלער שלום־עליכם איז אַ גאַסט בײַ אונדז אין שטאָט. דאָרטן איז אויך דערמאָנט דער נאָמען פון מײַן זוגתי („וואָלין", נומער 242). אַלע מאָל, ווו עס ווערט געבראַכט מײַן נאָמען, זע איך, אַז מײַן ווײַב ספּעקטאָר זאָל אויך זײַן — לאָז זי ניט ברענען אויף מיר! שבת צו נאַכטס פאַר מײַן אָפּרײַזן האָט מען מיר געמאַכט אַ באַנקעט — נו־נו! — — — איך שרײַב אַ פעליעטאָן אויף חנוכּה. — מײַן טאָכטער האָט שוין אויך איבערגעטראָגן די אָפּעראַציע, ברוך־השם, און האַלט בײַ געזונט ווערן. דאָס באַשעפעניש האָט אָנגעטאָן אַ גימנאַזיסטיש קאַשקעטל — זאָלסט אים זען, וואָלסטו געווען די כּפּרה! —

איך וואָרט אַצינד אויף גוטע נאָכריכטן פון מײַן זוגתי און גריס פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע.

ממני בעלך שלום־עליכם

## 466. צום זעלבן

קיִעוו, 3טן נאָוועמבער 1902

ליבסטער פרײַנד ספּעקטאָר!

ענדלעך האָב איך אײַער גרויסן בריוו מקבל געווען. מיט אַ פּאָר שעה פריִער

האָב איך געלעזן אין די גאַזעטן פון דער נײַער צײַטונג „פרײַנד", און איר שטעלט אײַך פאָר, וואָס פאַר אויגן איך האָב אויסגעשטעלט! אַצינד איז מיר אַלץ פאַרענטפערט.
— נאָר קודם־כּל באַדאַרף איך אײַך געבן תּשובֿה אויף אַלע פּונקטן:

1) פרידמאַן מיט זײַן „הצופה" קריכט מיר אין דער לינקער פּאָה.
— — —

2) וועגן „ווער ווייסט?" זענט איר גערעכט. שיקט מיר אָפּ באַלד צוריק דעם ערשטן אַקט פון דער דראַמע, און איך וועל אײַך צושיקן אַ פיר־פינף קאַפּיטלעך „ראָמאַן" — ס'זאָל זײַן ביז יאַנואַר, און אויב די קאַפּיטלעך וועלן זיך פאַרשפּעטיקן, קאָנט איר געבן אַט אײנע צוויי דערציילונגען פון ד"ר הערצל, וועלכע איך האָב אײַך איבערגעזעצט.

3) אַ וויכטיקע זאַך איז דער „פרײַנד". איך ענטפער אײַך, ברודער, „מיט מזל זאָלט איר לעבן", און שרײַ גלײַך מיט אײַך! „הורררראַ!!!" שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה! — — —

4) וועגן אײַער טעגלעכער צײַטונג אויף וואַרשע, און נאָך צום נײַעם יאָר 1903, בין איך אַ גרויסער אַפּיקורס! (לאָז גאָט געבן, ס'זאָל זײַן אַן אמת!)

5) איר זענט גערעכט: שלום־עליכם און ספּעקטאָר, ספּעקטאָר און שלום־עליכם. נאָט אײַך מײַן האַנט. אונדזער בונד איז שוין לאַנג געהייליקט און באַשוואָרן! איך טו נישט אָן אײַך גאָרנישט!

6) צו האָפן, אַז דער „פרײַנד" וועט מסתּמא ניט שווײַגן און וועט געוויס אָנקלאַפּן צו שלום־עליכמען אין דער טיר... וואָס זשע וועט שלום־עליכם טון? ער וועט זאָגן: „איך קאָן ניט אַליין אײַך ענטפערן גאָרניט; זײַט זיך מטריח צו מײַן ווײַב, צו ספּעק־טאָרן!"...

7) — — — עס גייט, ברודער, אַ צײַט, אַז ריינע ליטעראַרישע זשורנאַלן וועלן מוזן קנײַען פאַר דער „טעגלעכער ליטעראַטור", כּמעט ווי אין אַמעריקע. געדענקט די ווערטער, וואָס איך זאָג אײַך בנבֿיאות, צעקײַט זיי און טוט אַ דריי די וואָנצי! — — — טוט און באַוואָרנט אײַך און אונדזביידן, און שרײַבט מיר אַלע טאָג, אַלע צוויי טעג, און זײַט מיט מיר „אָפן". — — —

אײַער אין גאַנצן אויף תּמיד

שלום־עליכם

## 467. צום זעלבן

[קיִעוו] 12טן נאָוועמבער 1902

לזוגתי היקרה מרת ספּעקטאָר שתחי'.

איך שיק דיר דאָ בײַליגנד דאָס בריוול, וואָס איך האָב באַקומען פון גינזבורגן דעם רעדאַקטאָר (אַ קאָפּיע). איך האָב אים תּיכּף־ומיד געענטפערט מיט אַ דעפּעש: „איך בעט, צוליב געמיינזאַמע אינטערעסן, זיך אָפּהאַלטן פון צו פּובליקירן מײַן נאָמען אינעם פּראָספּעקט". און איך פאַרהאָף אַז דער גינזבורג איז אַ דזשענטלמען און וועט מסתּמא פאָלגן און מײַן נאָמען ניט אַרויס־שטעלן. — אַצינד, זוגתי היקרה, זע, וואָס דו האָסט מיר אָנגעאַרבעט פאַר אַ חתונה!

מענטשן ווילד־פרעמדע גיבן 100 רובל אַ חודש סך־הכּל פאַר פינף קורצע פעליעטאָנען אַ חודש, אָן שום תּנאָים, איך זאָל זײַן געבונדן און פאַרבונדן און צוגעבונדן מיטן נאָפּל! אַז אָך און ווײ איז אונדז בײדן! מילא, דאָס פאַרבינדעניש איבערן „יודן" פאַרשטײ איך; עס וואָלט געווען אָן עוולה, איך זאָל שרײַבן אי דאָ אי דאָרט. אָבער אין אַ פּעטערבורגער טאָגבלאַט — וואָס געהער זיך אָן? וואָאָבשטשע, דער תּנאַי, וואָס דו האָסט מיט מיר געמאַכט, זוגתּי היקרה, פון ניט קוקן אויף קיין נקבה אין ערגעץ קיין מאָל ניט — איז דאָס אַזאַ באַרבאַרישער תּנאַי געווען, וואָס נאָר אַזעלכע צוויי טיפּשים, ווי מיר בײדע, און נאָר אין אַזעלכע ביטערע אומשטאַנדן, [אין וועלכע] איך בין געווען, איז מעגלעך צוצולאָזן! אַזאַ מעשׂה איז ניט געהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט! אַזוי פאַרקויפן זיך פאַרקויפט זיך ניט אַפילו קיין דינסטמויד, קיין קנעכט, סײַדן אַ מאָל, פריִער מיט אַ יאָר הונדערט אָדער ק"נ. נאָר ס'איז פאַרפאַלן. איך וועל זײַן שוין צוגעבונדן מיטן נאָפּל ביז דעמאָלט, ווען דו, זוגתּי היקרה, וועסט מיר זאָגן: קום, בעלי היקר, מיר זײַנען פרײַ, ד"ה די באַלעבאַטים האָבן אונדז אָפּגעזאָגט. און אַזוי וועט דאָס געוויס, אם־ירצה־השם, זײַן, וואָרעם זײ וועלן ניט קאָנען מלחמה האַלטן מיט דעם נײַעם גולית הפּלישתּי. מע וועט פאַרנעמען דאָרטן די בעסטע ערטער אונדזערע, אַזעלכע מענטשלעך, וואָס מיר וועלן זיך דאַרפן צו זײ חלילה בוקן ביזן גאַרטל. דאָס איז די מאַטעריאַלישע זײַט. הײַנט די מאָראַלישע! סטײַטש, איך, שלום־עליכם, פרײַ פײגעלע, האָב פליגל, קאָן פליִען און וויל פליִען, קאָן זינגען און וויל זינגען, און דער גאַנצער עולם וויל הערן — מוז איך זיצן פון פון דער ווײַטנס אויף אַ בוים, קוקן אויף פרעמדע פויגלען, האָרכן פרעמדע לידער — און שווײַגן, וויגן זיך שטילערהייט אויף אַן עלנט צווײַגעלע, און האָרכן, האָרכן, האָרכן!... יאָ, זוגתּי היקרה, אַז אָך און ווײ איז אונדז בײדן!... איך האָב זײ דערווײַל געענטפערט מיט אַ בריוו אַחוץ, אַז בריוולעך וועלן מיר מיט זײ צו גאָרניט ניט דעררײדן זיך, מע מוז פערזענלעך זיך זען און שמועסן; געווײנטלעך, האָב איך זײ געשריבן דיפּלאָמאַטיש. און בין איבערצײַגט, אַז ניט שפּעטער ווי אין אַ וואָך צײַט קומט מען צו מיר פון פּעטערבורג. אַלזאָ, זוגתּי, זאָלסט וויסן זײַן, אַז דער ערשטער תּנאַי מײַנער איז: אַז איך האָב אַ ווײַב ספּעקטאָר ביז הונדערט צוואָנציק יאָר, וואָס איך קאָן זיך מיט איר ניט גטן פאַר קיין שום תּוספת־כּתובה אין דער וועלט! איך קאָן אָן מײַן ווײַב ספּעקטאָר ביז הונדערט צוואָנציק יאָר זיך ניט רירן פונעם אָרט און ניט שטעלן קיין פעדער, קיין אות אַפילו. אַזוי וועל איך זײ זאָגן. און אַז זײ וועלן מיך פרעגן: וואָס און ווי אַזוי? וועל איך זײ זאָגן, אַז אינעם „פרײַנד" וועל איך קאָנען שרײַבן נאָר דאַן, ווען מײַן ווײַב ספּעקטאָר, ביז הונדערט צוואָנציק יאָר, וועט זיצן אין פּעטערבורג און שטײן בײַם אויוון פונעם „פרײַנד". קיין אַנדערן קאָן איך ניט פאַרטרויען מײַן טײג, מײַן געבעקס מיט מײַנע מאכלים און פאַטראָוועס. ווען געצאָלט מיר פאַר מײַן אַרבעט זאָלן זײ זיך מטריח זײַן אַלץ צו איר, צו מײַן פלונית מרת ספּעקטאָר שתּחיה ביז הונדערט צוואָנציק יאָר. און דיר, זוגתּי היקרה, זאָג איך אָן, זאָלסט וויסן, אַז מיר זײַנען גוט אין דער ערד. די חבֿרה דײַנע וועלן באַקומען זײער טאָגבלאַט דעמאָלט, ווען איך וועל פון דיר געלעגן ווערן. די מעשׂה מיטן בריוו, וואָס יענער שרײַבט אײַך דאָרט, אַז ער האָט גערעדט מיטן מיניסטער, פּאַסט פאַר מײַן מנחם־מענדל — און דו, נאַרישע יידענע, אַ קלאָג צו דײַן פּנים, גלײבסט אין כּישוף!? נאָר איך וױיס, זוגתּי, ס'איז דיר ביטער און פינצטער,

ביסט געבונדן און האָסט מיך צוגעבונדן און האָסט אונדזביידן פאַרבונדן, און מיר ליגן, ברוך־השם,ביידע גאַנץ פײַן אין דער ערד, קיין עין־הרע, און באַקן בייגל!... דו פאַר־שטייסט כאַטש, דו נאַרישע ייִדענע, ברענען זאָלן מײַנע שונאים, וואָס הייסט בײַ מיר איצטיקע צײַט נאָך הונדערט קאַרבן אַ חודש (צו די 40, וואָס איך באַקום פון דאָרטן, לויט די חשבונות, וואָס מע רעכנט מיר אָפּ) ? !... נאָר איך האַלט זיך בײַ מײַן זוגתיס קליידל, וואָס זאָל איך טאָן ? וואָס זאָל איך טאָן, אַז דו ביסט שוין אַזוי ווײַט מעוברת, אָט־אָט דאַרפסטו איבערקומען געזונטערהייט, זאָלסט חלילה ניט מפּיל זײַן, אָדער האָבן אַ מאַן־קאַלב, חס־ושלום, אָדער אַזוי אַ פאַרזעעניש, ס׳זאָל זיך ניט אויסלאָזן חלילה אַ טײַך...

פון מיר בעלך שלום־עליכם

## 468. צו יעקב דינעזאָן

**קיִעוו, 4טן דעצעמבער 1902**

ליבער און בעסטער פרײַנד יעקב דינעסזאָן!

איך שטעל מיר פאָר אײַער נאָז מיט אײַער גרימצאָרן, וואָס איך ענטפער אײַך אי שפּעט, אי קורץ אויף אײַער מגילה, וואָס איז מיר געוועזן זיסער פון דער „מגילה״ (מגילת־אסתּר) און באַטעמטער פון המן־טאַשן מיט מאָן. נאָר וואָס זאָל איך טון, ברודער, איך בין איצט לא־עליכם קראַנק אויף דער פּען. איר וועט זיך גלייבן, אַז איך בין נישט אין שטאַנד איצט אָנשרײַבן אַ האַלבן פעליעטאָן אַפילו פאַר קיין געלט ? איך האָב פײַנט באַקומען דעם שרײַבטיש, געוואָרפן אַן אומחן אויף דער פּען און אויסגעגאָסן דאָס טינטערל. נאָר נישט אויף שטענדיק, חלילה, וואָרעם אויפהערן שרײַבן אויף שטענדיק הייסט בײַ מיר נעמען און אַוועקשטאַרבן חלילה. וואָס וועלן זאָגן מײַן כאָליאַסטרע קיין עין־הרע, אַ האַלב טוץ זאָלן געזונט זײַן!... הקיצור, איך שרײַב אײַך סך־הכּל אויף איין זײַט, דערפאַר אָבער פּיצעלעך געפּערלטע אותיות. ראשית־חכמה: װ ע ן איז דאָס אײַער יובילײ ? איך האָב זיך אָנגעפרעגט אין וואַרשע, ענטפערט מען מיר ניט. וואָס זענט איר אַזאַ אַן עניו ! איר זענט דאָך עפּעס בײַ אונדז פון די חלוצים, אײַער נאָמען איז דינעסזאָן, און קיין צוויי דינעסזאָנס האָט ניט אונדזער אָרעמע יונגע פאָלקס־ליטעראַטור. צו פיל עניוות איז אויך גדלות! אויב איר ווילט ניט און האַלט דאָס ניט פאַר אַ יום־טוב, האָט איר ניט אָבער דאָס רעכט פאַרווערן אונדז, אײַערע חברים, אמתע קאָלעגעס, צו מאַכן זיך אַ יום־טוב. וואָס דען נאָך האָט מישטיינס געזאָגט בײַ ייִדן אַ שרײַבער ? צרות האָט ער, גריזאָטע, עגמת־נפש, דלות, בזיונות און אַראָפּפאַל אָן אַ שיעור, גרויע האָר פאַר דער צײַט, שוואַכע נערוון, אַן אויסגעבויגענער רוקן, חובות אויף זיך אַ סך מיט טעכטער אויף חתונה מאַכן מיט האָפענונג אויף עולם־הבא... ניין, ברודער, אַז מיר וועלן זיך אַליין ניט אָפּגעבן קיין כּבוד איינס דאָס אַנדערע, ווער דען זשע ? זיי האָבן געלט — לאָמיר כאָטש האָבן כּבוד, כּבוד המדומה, אָפּגענאַרטער, געמלאָכהטער, אָבער דאָך כּבוד! אַניט לאָמיר זיך מיט זיי בײַטן: לאָמיר זיי אַוועקגעבן אונדזערע צרות מיט אונדזער גריזאָטע, עגמת־נפש, דלות, בזיונות, עולם־הבא וכו׳,

און לאָזן זיי אונדז אָפּגעבן זייער עולם־הזה מיטן געלט, מיטן גוטן לעבן, מיט דער אָקע מיטן „טערטיל מערטיל" מיט די גוטע ברענענדיקע פערדלעך און מיט זייערע פּײַעריקע קעפּסווײַבער... נאָר וואָס דען? זיי ווילן ניט. האָב זיי אַכציק שוואַרצע יאָר — טאָ לאָמיר זיי מוחל זײַן זייער עולם־הזה און לאָמיר זיך האַלטן מיט אונדזער ליבע טײַערע טאָרבע־ליטעראַטור! והשנית, וועגן אײַער ליבהאַרציקן בריוו. איך האָב מיך גאָר ניט געוווּנדערט אויף אים: איך האָב געוווּסט פריִער, אַז דינעסזאָן באַדאַרף מסתּמא אין זינען האָבן מיך אויך, ובפרט נאָך אַז יענער שרײַבט אים. קיין דאַנק זאָג איך אײַך ניט, וואָרעם ניט צוליב דעם האָט איר דאָס געטון, איר האָט דאָס געטון, ווײַל איר זענט דינעסזאָן, און דינעסזאָן קאָן אַנדערש ניט טון! — איך האָב אײַך אַלזאָ געפאָלגט און האָב תּומ"י אָװעקגעשריבן אַ גאַנץ גרויסן בריוו צו גינזבורגן און האָב אים געמאַכט תּנאים ניט גאָר קיין שווערע און האָב נאָר געבעטן, אַז אויב זיי קאָנען זאָלן זיי מיר תּומ"י צושיקן אַן אַוואַנס על־חשבון העתיד אַ מין דרײַ הונדערט רובלס, וואָס כ'דאַרף זיי איצט האָבן ממש אין לעבן אַרײַן — ווייס איך ניט, צי ווּעלן זיי דאָס טון, צי זיי וועלן זיך מאַכן נישט וויסנדיק. גלײַכער וואָלט זײַן פאַר זיי, ווען זיי זאָלן מיר ניט אָפּזאָגן; נאָר אויב חלילה אָפּזאָגן, איז אָפּזאָגן, ניט אָפּשווײַגן. מסתּמא וועט איר זיי באַלד טאָקע אַוועקשרײַבן אַ בריוו ווי עס געהער צו זײַן און עס וועט שוין רעכט זײַן אי"ה. יעדן פאַלס באַדאַרף איך אײַך, דאַכט זיך, ניט מאריך זײַן וועגן דעם, ווי ווײַט עס באַדאַרף צו זײַן בסוד פאַר אַלעמען. אַ גרויסער חסרון, אַ פעלער פון זיי, וואָס גינזבורג האָט זיך ניט אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ טאָג קיין קיִעוו, עס וואָלט געוועזן פײַן בכל האופנים. נאָר איך האָב מורא אַז ס'איז אומזיסט די גאַנצע טירחה אײַערע, און עס וועט חלילה דערפון גאָרניט זײַן; סײַדן זיי וועלן פאַרשטיין אײַערע ווערטער און מײַן ווערט, וועלן זיי דעמאָלט זײַן מענטשן און עסן אין סוכּה. שרײַבט מיר איך בעט אײַך נאָך און נאָך, מיר זענען לעבעדיקע מענטשן, איך וועל אײַך נאָך אַ מאָל אָפּדינען מסתּמא. זײַט געזונט און לעבט גוט און אַ סך און נעמט צו מײַן ווינטשעוואַניע צו אײַער שטילן יובילײ פון מיר און פון מײַן גאַנץ הויזגעזינד וואָס גריסט אײַך גאָר פרײַנדלעך.

אײַער קאָלעגאַ  שלום־עליכם

## 469. צו י. ח. ראַווניצקי און ח. נ. ביאַליק

קיִעוו, 22סטן יאַנואַר 1903

אַ שיינעם גוט־מאָרגן מײַנע שיינע ליבע פרײַנד רבניצקי און ביאַליק!

קודם־כּל — מזל־טוב אײַך, רבניצקי, מיט אײַער קראָם! מזל־טוב אײַך, ביאַליק, מיט אײַער „גאָרטן"! — איך בין באמת געווען אין גן־עדן, בשעת איך האָב געלייענט אײַער „גאָרטן" (אין „פרײַנד"). מײַן טאָכטער האָט אַפילו געלאַכט פון מיר, וואָס איך קוועל אַזוי — און האָט אָבער אַליין אויך ניט ווינציק געקוועלט. גוט־גוט, מחיה־נפשות, זאָג איך אײַך. הערט איר, ביאַליק? גוט — און געַנוג! — ס'איז גוט! איך זאָג אײַך, אַז ס'איז גוט! איר הערט? איך זאָג אײַך, דאָס זאָג איך אײַך, אַז ס'איז גוט! גוט, וואָס גוט הייסט! בקיצור — ס'איז גוט!... גאַנץ גוט... אָבער טאָקע גוט... פּשוט גוט!

איך שיק אײַך די אילוסטראַציעס צום „מעסערל". איר זאָלט אַזוי צײַט האָבן עסן, ווי איך האָב צײַט צו שרײַבן בריוולעך! זײַט געזונט און שרײַבט נאָך אָן אַזאַ מין „גאָרטן" — לאָזן זיי זען, די כּלבים, אַז מיר, זשאַרגאָניסטן, האָבן אויך אַ ביאַליק. זיי מיינען, אַז נאָר זיי האָבן; מיר האָבן אויך!... אַלזאָ, וואָס נאָך האָב איך אײַך געוואָלט זאָגן? יאָ, איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם „גאָרטן" (אין „פרײַנד"). אײַ, אַ גאָרטן! נו, אַ גאָרטן! ס'איז שוין איין מאָל אַ גאָרטן! צווישן גערטנער אַ גאָרטן! זינט גאָט האַנדלט מיט גערטנער, האָט ער נאָך אַזאַ גאָרטן ניט געזען אין חלום אַפילו! אָט דאָס הייסט אַ גאָרטן — אָ. אָט אַזוי באַדאַרף מען שרײַבן אויף יידיש אַ גאָרטן, אַז מע וויל באַשרײַבן אַ גאָרטן! הקיצור — ס'איז שוין אַ גאָרטן!

און ווײַטער (צו אײַך, רבניצקי, דברט מען!), האָט מיר ספּעקטאָר געשריבן, אַז „תּושיה" רעכנט אײַך איבערגעבן מײַן ביאָגראַפיע אָנשרײַבן צו „אַלע ווערק פון שלום־עליכם". האָב איך הײַנט אַרויסגעשיקט ספּעקטאָרן מײַן אויטאָביאָגראַפיע אין קורצן מיט אַ גאַנץ צעטל פון אַלע מײַנע אַרבעטן (אין רוסישן), וועט דאָס אײַך פיל פאַרגרינגערן די אַרבעט, אם־ירצה־השם. — נו — ביאַליק! נו — אַ גאָרטן! — גריסט פאַיען. איר בקשה מכּוח דעם קרוב — ממלא געווען. לעת־עתּה מעסט ער נאָך די גאַסן אין יעהופּעץ. מיט דער צײַט וועט ער זיך מסתּמא צו עפּעס דערשלאָגן; אַ ביסל העלפט ער מיר שרײַבן. נו, און ווײַטער וואָס נאָך שרײַבט מען אײַך? אַ גאָרטן? אַ רוח אים אין טאַטן אַרײַן, ער האָט דאָס אַ ביסל אָנידערגעלייגט אַ גאָרטנדל, אָט דער ביאַליק! שרײַבט אַ מאָל אויך אַ בריוול, איר זענט ניט קליין, און טאַקע ביאַליק אויך. אַ גאָרט... זײַט געזונט און גליקלעך... אַ גאָר... פון מיר אײַער בעסטער פרײַנד אַ גאָ... אַ ג... אַ...

שלום־עליכם

## 470. צו מרדכי ספּעקטאָר

חול־המועד פּסח תּרס"ג. קיִעוו (1טן אַפּריל 1903)

גוט־יום־טוב, ספּעקטאָר, דער רוח זאָל דיך נעמען!

זאָלסט וויסן, וואָס פאַר אַ מתּנה איך שיק דיר, — ביסט דאָס גאָרניט ווערט! אַ נײַעם ראָמאַן, אַ לאָ „סטעמפּעניו", נאָר אַ סך קירצער, צעשלאָגן אויף 18 קליינע קאַפּיטלעך, מיטן נאָמען „מאָשקעלע גנב". אפשר וועל איך דיר אַרויסשיקן שבת נאָך די ערשטע אַכט קאַפּיטלען, זאָלסטו קיין יסורים ניט האָבן. איך שווער בײַ דער הייליקער מצה, אַז דער ראָמאַן איז געענדיקט און איז שוין בײַם איבערשרײַבער. דינסטיק שיק איך דיר אַרויס אויך די איבעריקע 10 קאַפּיטלעך, און וועסט שוין האָבן מאַטעריאַל ביז שבֿועות, אם־ירצה־השם. איך מוז מיך מודה זײַן פאַר דיר, אַז איך פיל מיך עפּעס ווי נײַ־געבאָרן, מיט נײַע, שפּאָגל נײַע כּוחות. כּמעט, קאָן איך זאָגן, אַז איך הייב ערשט אָן שרײַבן. ביז אַהער האָב איך מיך נאָר געמאַכט נאַריש, מעשׂה קונדס. איך האָב נאָר מורא, טאָמער חלילה גייען אויס די יאָרן... איך בין איצט מעוברת מיט אַזוי פיל מחשבֿות און בילדער, אַז איך בין שטאַרקער פון אײַזן, וואָס איך ווער ניט צעשפּרונגען — און אַז אָך און וויי איז מיר, איך באַדאַרף גאָר לויפן זוכן אַ

קערבל! ברענען זאָל די בערזע! ברענען זאָל דאָס קערבל! ברענען זאָלן די ייִדן אויפן פּײַער, אַז אַ ייִדישער שרײַבער זאָל ניט קאָנען לעבן פון שרײַבערײַ אַליין און זאָל דאַרפן לויפן זוכן אַ קערבל! מע פרעגט מיך, די וואָס קענען מיך און זעען מיך אַלע טאָג, ווען שרײַב איך? כ׳לעבן, אַז איך ווייס אַליין ניט ווען! אָט אַזוי שרײַב איך, גייענדיק, לויפנדיק, זיצנדיק בײַ יענעם אין קאַבינעט, פאָרנדיק אויפן טראַמווײַ, און פּונקט בשעת מע דולט מיר אַ קאָפּ מיט אַ וואַלד, ניט געהאַקטן וואַלד, אַן אימעניע אַ טײַערע, אַ זאַוואָדל — פּונקט דעמאָלט וואַקסן אויס די שענסטע בילדער און עס לייגן זיך צונויף די בעסטע מחשבות און מע קען זיך ניט אָפּרײַסן אויף קיין מינוט, אויף קיין רגע דאָס אַלצדינג אַרויפצוגעמען אויפן פּאַפּיר, — ברענען זאָלן די געשעפטן! ברענען זאָל די וועלט! און דאָ קומט דאָס ווײַב און רעדט מכּוח דירה־געלט, מכּוח שׂכר־לימוד אין גימנאַזיע, און דער קצב איז אַ דזשענטלמען. — ער וואַרט, און דער קרעמער איז אַ פּאַרך — ער וויל ניט באָרגן, און דער אַדוואָקאַט סטראַשעט מיט אָפּשרײַבן די בענקלעך (טיפּש! ער ווייסט ניט, אַז זיי זײַנען שוין לאַנג אָפּגעשריבן...), און די ציוניסטן מאַכן אַ באַל — זאָל איך זיי לייענען, און מע קלײַבט אַ נײַעם ראַבינער — בין איך שולדיק, און דאָס קליינע ייִנגעלע זאָגט „פּאַפּאַ, דענגי!" — ער וויל זיך עפּעס קויפן אַ נייטיקע זאַך, מסתּמא אַ פערדל — גיי זײַ אַ בריה און גיב אים ניט! און ספּעקטאָר פון איין זײַט שרײַט: גוואַלד, מאַטעריאַל! און „דער פרײַנד" קלאַפּט מיט דעפּעשן: מאַטעריאַל! און אַמעריקע שיקט אָפּ דעם האָנאָראַר פריִער, קאָן מען שוין ניט זײַן קיין דבר־אחר און מע מוז שיקן אַהין צו אויך, און „וואָסכאָד" איז עפּעס אויך ניט קיין הונט, און מאַקסים גאָרקיס אויסגאַבע איז דאָך אַוודאַי נייטיק... שאַ, מע קלינגט. מזל טוב, אָדער אַ קרעדיטאָר מיט אַ „סטשאָט" אָדער אַ מעקלער מיט אַן „אָפּיס" פון אַן אימעניע — ברענט אויפן פײַער, אַלע, און דו, ספּעקטאָר, אויך בתוכם, וואָרעם למאַי שרײַבסטו מיר אַזוי זעלטן און אַזוי ווינציק?

דײַן שלום־עליכם

## 471. צום זעלבן

קיִעוו, 11טן אַפּריל 1903

זוגתי ספּעקטאָר!

קוים מיט צרות דערלעבט זען אַן אות! די ערשטע אַכט־נײַן קאַפּיטלעך פון מײַן נײַעם ראָמאַן שוין אַרויסגעשיקט, און שבת, ווי געווונטשן, איז ער אין וואַרשע. למען־השם, באַלד אָנהייבן אים דרוקן. מאָרגן — ניין, זונטיק שיק איך אַרויס דעם סוף — די אַנדערע העלפט.

אויף שבועות איז בײַ מיר פאַרטיק (אין מוח) אַ זאַך — אַ מין „בוג", אַן אַנטיקל. גיט אַרויס אַ „שבועות־נומער". — דער „בוג" האָט ממש מרעיש עולמות געווען. איך פאַרהאָף, אַז דער ראָמאַן „מאָשקעלע גנבֿ" וועט אויסנעמען, אַזוי ווי „סטעמפּעניו" אַמאָליקע יאָרן. איך האָב דעם דאָזיקן ראָמאַן פון די גנבים געקענט פאַרלענגערן אויף

אַ סך גומערן — האָב איך רחמנות אויף „תּושיהס״ קעשענע; בעסער ווינציק און גוט, איידער אַ סך און וואַסערדיק. —

געפעלט דיר „באַשעפעניש״? — די „לידלעך״ שיק; בשעת איך עס, ווער איך זיי דורכקוקן און אויסבעסערן; למאַי זאָל אַ ייִד ווי איך הנאָה האָבן פונעם עסן? —

איך שרײַב אויך אַ קאָמעדיע, און אַ סעריע פעליעטאָנען, און צוויי־דרײַ דערציילונגען, און אַ ביסל „טיפּן און בילדער״, און זײַ געזונט. — — —

— — — הכּלל, עס טאָר קיין איינציקער גומער „פאָלקס־צײַטונג״ ניט אַרויסגיין אָן

שלום-עליכם

## 472. צו פ. מעשביין

ערב שבועות (18טן אַפּריל) 1903

באַנקיר מײַנער מעשביין!

כ׳האָב געוואַרט אויף דיר אַ גאַנצן טאָג, און דו ביסט ניט געקומען, און אַט קום איך צו דיר מיט אַ ביטע. דו וועסט זען פון דעם בײַגעלייגטן בריוו, אַז בן־אַביגדור איז געפאָרן אויף צען טעג קיין דרוסקעניק און זײַן אַדרעס האָט ער מיר ניט מודיע געווען. איז אַט: די אָנגעשטעלטע פון „תּושיה״ האָבן מיר הײַנטיקן חודש אַ סך אַראָפּגערעכנט פון מײַן חוב, און דעריבער האָבן זיי מיר פאַרקלענערט די דיפערענץ ביז 19 רובל, און איך האָב בײַ דיר באַקומען אַן אַוואַנס 30 רובל, הייסט עס, אַז עס קומט דיר נאָך 11 רובל, און מיט 2 רובל פאַר דער פ״צ („פאָלקס־צײַטונג״) בין איך דיר געבליבן שולדיק 13 רובל. איז אַט, ניט נאָר איך האָב דיר ניט אָפּצוגעבן דעם חוב — דאַרף איך נאָך האָבן צוויי מאָל אַזוי פיל געלט. און דעריבער האָב איך דיך געוואָלט בעטן צי אַלס אַ גמילת־חסד צי אַלס אַוואַנס אויפן קומענדיקן חודש (צו חודש מײַ איז געבליבן נאָך 12 טעג), אַז דו זאָלסט מיר שיקן דורכן מוכ״ז נאָך 37 רובל, אַזוי אַז איך וועל דיר בלײַבן שולדיק צום קומענדיקן חודש פופציק רובל, אַזוי אַז אויב דו קאָנסט ניט צווואַרטן ביזן ערשטן יון, וועל איך דיר אָפּגעבן דעם פופציקער פונעם געלט, וואָס איך וועל באַקומען אין עטלעכע טעג אַרום פון פ״ב (פּעטערבורג), פונעם „פרײַנד״ און דעם „וואָסכאָד״ פאַרן „שבועות־גומער״ און פון לאָנדאָן און פון ניו־יאָרק. אַלנפאַלס, קאָנסטו זײַן זיכער, אַז איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן און קיין שום שטרויכלונג חס־ושלום וועט דיר דורך מיר ניט אַרויסקומען, און די זאַך איז אַ זאַך, וואָס די צײַט ברענגט דאָס, ווײַל איך בין שטאַרק אויף צרות!

דער, וואָס איז גרייט דיר צו דינען און דײַן טובה

וועט ער אייביק ניט פאַרגעסן.

שלום-עליכם

און צוליב מער זיכערקייט איז דאָ בײַגעלייגט אַ קוויטל פון מיר אויף די 50 רובל. זאָלסט אויך זײַן אַזוי גוט מיר אומקערן דאָס בריוול דורכן מוכ״ז, און אויב דו וועסט זיך מטריח זײַן קומען צו מיר אין די יום־טוב־טעג, וועסטו מיך טרעפן אין דער היים.

## 473. צו וו. ג. קאַראָלענקאָ

קיִעוו [יוני 1903]

פיל געאַכטער וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש!

דער יִדישער ביכער־פאַרלאַג „תּושיה", וועלכער רעדאַקטירט דעם יִדישן בלאַט „די יודישע פאָלקס־צײַטונג", האָט פירגענומען אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג אויף דער יִדישער שפּראַך, וואָס ווערט אָנגערופן זשאַרגאָן, לטובת די יִדן די געליטענע אין קעשענעוו, און ער האָט מיך באַאויפטראָגט זיך צו ווענדן צו די אָנגעזעענסטע רוסישע שריפטשטעלערס מיט אַ בקשה, צי וועלן זיי ניט מסכּים זײַן אָנטייל צו נעמען אין אָט דער ווילער אונטערנעמונג דירעקט אָדער אומדירעקט. ד י ר ע ק ט רוף איך אָן, אויב איר וועט מסכּים זײַן עפּעס וואָס אָנצושרײַבן פאַר דער זאַמלונג אויף רוסיש, וואָס איך וועל עס אַליין טאַקע איבערזעצן אויפן יִדישן זשאַרגאָן; א ו מ ד י ר ע ק ט, אויב איר וועט מיר דערלויבן איבערזעצן עפּעס וואָס פון אײַערע אָפּגעדרוקטע ווערק.

מיט פונקט אַזאַ בקשה האָב איך זיך געווענדט צום גראַף ל. נ. טאָלסטאָי, וועלכער האָט צוגעזאָגט אָנצושרײַבן „עפּעס וואָס אַנטשפּרעכיק צו די אומשטאַנדן". דאָס זעלבע האָבן מיר געענטפערט אַנדערע. מײַן אויפמערקזאַמקייט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אײַער העכסט טאַלאַנטפולן ווערק „דער בלינדער מוזיקאַנט", פון וועלכן איך האָב איבערגעזעצט, און האָב די דרײַסט צו מיינען, אַז זייער געלונגען, די ערשטע קאַפּיטלען, אײַגנטלעך דעם געבורט פונעם „בלינדן" און זײַן סאַמע פריִע קינדהייט, אַזוי אַז וועגן מוזיקאַנט ווערט דאָ אין דער איבערזעצונג ניט גערעדט. עס איז פאַראַן בלויז אַ בלינד קינד, אַזוי אַז מיר איז אויסגעקומען צו באַטיטלען די איבערזעצונג בלויז מיט איין וואָרט „דער בלינדער".

איך בעט אײַך, 1טנס, מיר געבן דערויף אײַער דערלויבעניש און, 2טנס, צי האָט איר ניט עפּעס וואָס קעגן מײַן קעפּל. אפשר וועט איר געפינען פאַר בעסער צו באַטיטלען דאָס אַזוי: ד י ע ר ש ט ע ק אַ פּ י ט ל ע ן פונעם „בלינדן מוזיקאַנט" פון וו. ג. קאָראָ־לענקאָ? ווײַטער, צי וועט איר ניט זײַן אַזוי גוט און שוין פאַר איינס אַרויסזאָגן אײַער קוק און אײַערע געפילן מכּוח דער טרויעריקער קעשענעווער געשיכטע?

מיט טיפסטער אַכטונג

ס. ראַבינאָוויטש (שלום־עליכם)

## 474. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 7טן יוני 1903

ברודער ספּעקטאָר! — — —

הײַנט האָב איך אַרויסגעשיקט אַ נײַס אויפן אַדרעס „תּושיה". און ווייס, אַז דו וועסט אַ ביסל שפּרינגען און זיך שמיצן אין דער ערד, און מחמת עס וועט דיר ניט העלפן קיין שום רבונו־של־עולם, לכן זאָלסטו זיך פריִער אַ ביסל אויסשמיצן און אויסשפּרינגען, אויסטרינקען אַ גלאָז קאַלט וואַסער און טאָן אַזוי, ווי איך הייס: אָפּדרוקן,

און למען־השם אָפּדרוקן, דעם פּערטן (דאָס הייסט, אייגנטלעך, דעם דריטן) אַקט פון מײַן קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט". — איך האָב ניט אַזוי פיל צײַט אײַנצוטענהן מיט דיר, אויף וויפל ער איז נייטיק, בפרט אַז מע שטעלט די קאָמעדיע (ליוביטעלי) אין פיל ערטער, נאָר איך זאָג דיר, אַז אָן דעם דריטן אַקט איז די קאָמעדיע עפּעס ניט דערערעדט. מאַטווײ קומט אַרויס ניט גאַנץ, דודקע — אַ פאַרבײַלויפּנדיקער פּאַרשוין, אויסער דעם, וואָס די סצענעס פון דעם אַקט זײַנען עכט פאָלקסטימלעך (נאַראָדנאַ), און ווי אויבן, בײַ די אויפגעקומענע אַריסטאָקראַטן, אַזוי אויך אונטן, בײַ די קליינע מענטשעלעך, איז צעזייט און צעשפּרייט! — איך רעכן, אַז דו פאַרשטייסט פאַרט אַן עסק און וועסט ניט מאַכן קיין פוילע שטיק און ניט זאָגן מיר, אַז עס פּאַסט ניט, שוין שפּעט, וכדומה: מיר פּאַסט אַלצדינג —. אָן אַ שום תירוץ, למען־השם, למען־השם, לאָזן אָפּדרוקן, וואָרעם טאָמער חלילה וועסטו זיך פּרוּוון מיר ענטפערן דערוויַילע, אַז ניין, וועל איך דאָך טעלעגראַפירן, אַז דווקא יאָ — הײַנט למאַי זאָלסטו מיר אויסברענגען אומזיסטע הוצאות און פאַרצאַפּן מיר בלוט? טוסט מיר אַזוי אויך געגוג צום טויט! דו ביסט אין לאָדזש און זעסט, אַז מע נעמט דײַן שלום־עליכמען, עפּעס באַלעגאָלעס, און קײַנער איבער זײַנע ווערטער אומברחמנות — און דו שווײַגסט! דו שרײַבסט מיר אַפילו ניט, ווי איך האָב דיך בפירוש דרײַ מאָל געבעטן, וואָס פאַר אַ פּנים האָט דאָרט מײַן אומגליקלעכער מנחם־מענדל? אַז אָך און וויי איז דיר, אַז אַפילו דעם נאָמען פון שיינע־שיינדלען ווייסט ניט דײַן „אַרטיסט"(!?!) פישזאָן און ער רופט זי „שׂרה־שיינדל". ער האָט, ווי עס שײַנט, אַפילו ניט געלייענט קיין וואָרט פון מיר, נאָר געהערט, עפּעס אַ מנחם־מענדל איז פאַראַן בײַ שלום־עליכמען, מיט עפּעס אַ שיינדל — שׂרה־שיינדל, חיה־שיינדל?! — איך האָב דיר מאַי־טעמא געשריבן, ווײַל איך האָב געגרענכנט אַרויס אין „פאָלקס־צײַטונג" מיט אַ פּראָטעסט קעגן אַזעלכע פּאַס־קודסטוועס, וואָס ווערן אָפּגעטאָן דאָ אויפן אָרט (ניט אין אַמעריקע), דאָרט ווו דער מחבר לעבט — און מע פרעגט אים אַפילו ניט! ווער איז דײַן האָכבערג, וואָס רעקאָ־מענדירט מיר אַזוי דײַן אַרטיסט? איך האָב אים אויך געוואָלט געבן אַ פּעטשאַטעק. נאָר איך האָב עס ניט געטאָן, ווײַל ער זאָגט, אַז דו שטייסט בײַ אים — איז ער דאָך פון דײַנע לײַט, האָב איך זיך אײַנגעהאַלטן! —

גוואַלד, וועסט אַ מאָל שרײַבן אַ בריוו, צי ניין?

דײַן שלום־עליכם

פּ.ס. צו קאָראָלענקאָן, טשעכאָוון און נאָך קריסטן — געשריבן. — מאַטעריאַל וועט זײַן פאַרן „הילף" אַ גוזמא — פון קריסטן אַ סך שטאָף! — — —

## 475. צו מ. קליינמאַן

קיִעוו, 3טן יולי 1903

מײַן ליבער לעזער מ. קליינמאַן פון באַרדיטשעוו!

אײַער קאַרטל פון „יאַרמעלינעץ אויפן יאַריד" האָט מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגן. נישט דערמיט, וואָס איר האָט מיר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט (אַ דאַנק פאַר אַ קאָמפּלי־

מענט, ווי עס זאָגט אַ באַרדיטשעווער מיידל, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטקע, בשעת איר חתן, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, טרעט איר אָן טאַנצנדיק אויפן פוס...), נאָר דערמיט וואָס אַז איר האָט געוואָלט האָט איר געפונען דעם ריכטיקן וועג, ווי אַזוי זיך מיטן מחבר דורכ־צורעדן ניט דורכן שיינעם „המליץ". אפשר דערפאַר, ווײַל ס׳איז ניט געווען קיין פּאַסיק וואָרט, ווי „פּילאָקסערע"? למען־השם נאָר ניט רעכענען, אַז איך בין אַ נוקם־ונוטר — אָסור אויב איך געדענק אַפילו, וואָס איר האָט דעמאָלט געשריבן! איך וויל אײַך נאָר פרעגן, ווי אַ ווווילן תּלמיד, אַ קלוגן לעזער און גלאַט אַ ייִדן ניט קיין שוו... שוין זשע דאַרף מען זײַן אַ „מאַרשאַלעק", ווי איר זאָגט, מע זאָל שרײַבן אין „יוד" אַזעלכע זאַכן, ווי „טעפּל", „אויפן פידל", „קליינע מענטשעלעך", „ראַבטשיק", „חנוכּה־געלט", „אַ מעשׂה מיט אַ פּאָן" אאַז״וו. ניט פאַרגעסט נאָר, אַז דאָס איז אַלץ פונעם „יוד" און אַלץ פון יענער עפּאָכע, ווען שלום־עליכם איז, לויט אײַער מיינונג, געווען נאָך אַ מאַרשאַ־לעק. זײַט זיך מודה, אַז פּילאָקסערע איז אַ שיין וואָרט און פּילוקסירה ספרותית אין לשון־קודש איז מחיה־נפשות — און דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן...

און חוץ־לזה איז גלאַט אַ פאַרדראָסיקע זאַך, הלמאַי אונדזערע לעזער ווילן ניט פאַרשטיין קיין הומאָר, האָבן פײַנט סאַטירע! וואָס זאָל איך טאָן, אַז עס קומט צום שרײַבן, עס מעג זײַן דער סוזשעט טרויעריק ביז גאָר, מאַכן מיך די בילדער, די, וואָס איך זע אין געוויין, — לאַכנדיק? בערל דער רויטער, ווי אומגליקלעך ער זאָל ניט זײַן, הענעך דער בחור, וואָס פאַר אַ שלימזל ער זאָל ניט זײַן — קומען אַרויס בײַ מיר פריילעך־לעבעדיק! וויפל טרערן (טײַכן, ריקעס, שטראָמען!) וואָלט דאָ פאַרגאָסן, נעבעך, דינעזאָן, וואָס איך האָב אים באמת ליב פאַר זײַן ערלעכקייט און פאַר זײַן הייליקער נאַיִוויטעט אינעם שרײַבן?

וואָס זאָל איך טאָן, אַז לאַכן איז בײַ מיר אַ מין חלאַת, רחמנא־לצלן, פון קינדווײַז אָן? דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערזען אין מײַן רבין, איז געווען די ווייכע בראָדעווקע, וואָס אויף זײַן נאָז, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט זי אויסציִען מיט צוויי פינגער, ווי מע ציט אויס אַ פּיפּקע פון גומילאַסטיק. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערזען אויף מײַן רביצינס פּנים, איז געווען דאָס, וואָס אײַן ברעם איז געווען בײַ איר אַ שוואַרצע, די אַנדערע אַ ווײַסע. דאַכט זיך אַ קלייניקייט, — איאָ? נאָר אַז איך האָב זיך ניט לאַנג באַגעגנט מיט איינעם אַן אַמאָליקן חבר און האָב אים דערמאָנט דער רביצינס צוויי פאַרביקע ברעמען, האָב איך געמיינט, ס׳איז אַן עק פון מײַן חבר, — אַזוי האָט ער געלאַכט!

וואָס דאַרפט איר מער — דער ערשטער בר־מינן, וואָס איך האָב אין מײַן קינדהייט געזען, האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, אַז ער פינטלט מיט די אויגן און דער געדאַנק, אַז אַ בר־מינן פינטלט מיט די אויגן, און דאָס בילד פון דעם האָט מיך געמאַכט אַזוי לעכער־לעך, אַז איך האָב אַ צײַט ניט געקענט שלאָפן... דער ערשטער אָרעמאַן, וואָס איך האָב באַגעגנט, איז געווען אַ קרומער אויף אַ פוס און האָט געהייסן אברהמל „שפּרינגאַלאַ" דערפאַר, וואָס אַז ער האָט באַדאַרפט גיין, איז ער אונטערגעשפּרונגען אויף איין פוס, דעם אַנדערן צוגעהאַלטן מיט צוויי פינגער פון דער לינקער האַנט און די צוויי פינגער זײַנען אים געוואָרן מאָדנע צעגומען און אויסגעבויגן, ווי בײַ אַ האָן. און בײַ זײַן ערשטער באַגעגעניש מיט מיר, בשעת ער האָט גענומען בײַ מײַן מאַמען אַ נדבה (פּורים איז דאָס געווען), האָט ער די דאָזיקע צוויי האָנען־פינגער ממזריש אַרײַנגעכאַפּט אין

מויל אַרײַן און גיך צוריק אַרויסגעכאַפּט, געמאַכט בשעת־מעשׂה אַזאַ מינע, אַז אַן אײַזערנע קאַטשערע האָט באַדאַרפֿט זיך קאַטשען פֿון געלעכטער. האָט מיר די מאַמע געשענקט צוויי פּעטש, איך זאָל ניט לאַכן פֿון קיין קאַליקע, און אַבֿרהמל שפּרינגאַלאָ (פּאַרכאַפּט זאָל ער ווערן!) האָט געמאַכט אַ קרום פּנים, גלײַך ווי גאַרניט ער...

איך האָב אַליין געזען אַן אָרעמאַן, וואָס האָט פֿײַנט געהאַט בעטלען, האָט ער געגעסן איין ברויטל אַ גאַנצע וואָך, אַלע טאָג אַ שטיקל, און בשעתן בענטשן פֿלעג ער צונויפֿלייגן די הענט אויפֿן טיש, ווי יעקבֿ אָבֿינו, בשעת ער האָט געבענטשט מנשהן מיט אפֿרימען, געקוקט אויפֿן איבערגעבליבענעם ברויט און געקוועטשט דעם ואכלתּה ושׂבֿעתּה אַזוי שטאַרק, אַז מע האָט באַדאַרפֿט זײַן פֿון אײַזן, מע זאָל ניט פּלאַצן פֿון געלעכטער. און נאָך טויזנטער, טויזנטער אַזעלכע בילדער האָב איך געזען אין מײַנע קינדער־יאָרן, בילדער טרויעריקע, וואָס נעמען אַן בײַם האַרצן, נאָר לאַכן מוז מען, וואָרעם ס'איז לעכערלעך! איך האָב באַקומען ניט לאַנג אַ בריוו פֿון „פֿרײַנד", איך זאָל זיי געבן אַ פּעליעטאָן לכּבֿוד תּישעה־באָבֿ, בין איך — — — [פּעלט]. איך האָב מיך געקוועטשט און האָב אָנגעשריבן אַ זאַך אַלאַ דינעזאָן און האָב חרטה, וואָס איך האָב עס ניט פֿאַרברענט. לייענט דאָס איבער אויף טשיקאַווע, וועט איר זען, וואָס פֿאַר אַ פּנים די „ייִדישע נשמה" האָט, אַז זי איז פּאַרווײַנט. ווי מיט שטריק האָב איך געבונדן מײַן פּען, מיט טריוואָקס האָב איך פֿאַרחתמעט מײַנע ליפּן, זיי זאָלן ניט לאַכן — און ס'איז אויסגעקומען חלשות! דערפֿאַר וועט איר לעזן אַן „הילף" אַ סקיצל, מיר רופֿן דאָס „שקיצע", „הונדערט אײנס"; אומגליק, טרויער, פּײַן, קנעכט, מוסרים, פּאַרכעס — נאָר לעבעדיקע, פֿריילעכע, כּפֿי עס פּאַסט און שטייט אַן פּאַר

שלום־עליכם

## 476. צו וו. ג. טשערטקאָוו

קיִעוו, 9.24 (10.9), 1903

פֿיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

ל. נ. טאָלסטאָיס „דרײַ מעשׂהלעך" זײַנען, לויט מײַן איניציאַטיוו, אָנגעשריבן און מיט אַ חודש צוריק מיר צוגעשיקט געוואָרן, איך זאָל זיי איבערזעצן אויפֿן ייִדישן זשאַרגאָן און אָפּדרוקן זיי אינעם זאַמלבוך, וועלכן מיר גיבן אַרויס לטובֿת די געליטענע אין קעשענעוו ייִדן. אין איינעם פֿון זײַנע בריוו טיילט מיר לעוו ניקאָלײַעוויטש מיט, אַז צו מיר ווענדן זיך ווענדן צוויי זײַנע פֿאַרלעגערס־איבערזעצערס: בולאַנזשע (מאָסקווע) און טשערטקאָוו (ענגלאַנד). בולאַנזשע האָט,ווירקלעך, זיך געווענדט צו מיר און מיר האָבן זיך מיט אים פֿאַרשטענדיקט ניט בלויז, ער זאָל דעם רוסישן אָריגינאַל אַרויסלאָזן אײנצײַטיק מיט דער ייִדישער זאַמלונג, נאָר אַז דער גאַנצער ריינער ריווח זאָל אָנקומען צו אונדז פֿאַר די זעלבע צוועקן, וועלכע עס האָט אונדזער ייִדישע אויסגאַבע. פֿון אײַך איז קיין שום בריוו אָדער אַן אָנפֿראַגע ביז איצט ניט אָנגעקומען, און איך האָב אײַער

אַדרעס ניט געוווּסט. און אָט, מיט אַ וואָכן צוויי צוריק האָט זיך צו מיר געווענדט מיטן זעלבן פאַרשלאָג m-r Ajlmer Maade, 9, reat Baddo Chelmsford, וועלכער האָט אַליין פאָרגעלייגט זײַן טירחה סײַ איבערצוזעצן די „מעשׂהלעך" אויף ענגליש, סײַ זיי אַרויסגעבן אין ענגלאַנד, אַז דער גאַנצער ריווח (דער ריינער) זאָל אָנקומען לטובת אונדז. דערבײַ האָט ער זיך פאַררופן אויף בולאַנזשע און אויף לעוו ניקאָלײַעוויטשן. באַקומען פון בולאַנזשע אַ באַפרידיקנדיקן אָפּרוף, האָב איך תיכּף אַרויסגעשיקט דעם הער מאָאַד אַ קאָפּיע פונעם אָריגינאַל מיט עטלעכע טעג צוריק. און אָט, פּלוצעם אײַער ליבלעכער, נאָר עטוואָס פאַרשפּעטיקטער בריוו! פאַר מיר איז, פאַרשטייט זיך, הייליק דאָס, וואָס עס האָט מכּוח אײַך געשריבן לעוו ניקאָלײַעוויטש, וועלכער האַלט אײַך פאַר איינעם פון זײַנע נאָענטע פרײַנד. לעוו ניקאָלײַעוויטשעס אַ נאָענטער פרײַנד קאָן ניט זײַן קיין סיבה פאַר אַ סיכסוך אין אַ באַלעבאַטיש הויז. דעריבער נעם איך זיך אָן מיט דרײַסטקייט צו בעטן אײַך (שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אַז איר זאָלט ניט אַרויסלאָזן אײַער אויסגאַבע אין ענגלאַנד ביז איר וועט ניט דערהאַלטן מײַן טעלעגראַם וועגן דעם דערשײַנען פון אונדזער ייִדישן בוך, ווי אויך אײַער (מאָסקווער) רוסישער אויסגאַבע) — צי וואָלט איר ניט געקאָנט ווי ניט איז זיך זען מיטן הער Ajlmer Maade, באַווײַזן אים דעם דאָזיקן בריוו און אײַנאָרדענען די זאַך אַזוי, איך זאָל ניט אויסזען פאַר אַ געמיינעם מענטשן אין די אויגן פונעם ה' מאָאַד, וועמען איך וועל, אַגב, נאָך הײַנט אָנשרײַבן וועגן דעם. ווײַל איך האָב מורא עס זאָל פון אָט דעם qui pro qvo ניט אַרויסקומען קיין שאָדן אונדזער ווילטעטיקער זאַך. עס גייט דאָך אַ רייד וועגן הונדערטער און טויזנטער באַעוולטע מענטשן. אײַך איז, מעגלעך, באַוווּסט, אַז אין האָמעל איז אויך געווען אַ קליינע הריגה פון ייִדן, דערבײַ איז אונדז ניט דערלויבט געוואָרן אָפיציִעל צו זאַמלען קיצבה און איך האָב אויסגערעכנט אויף דער דאָזיקער אויסגאַבע אין ענגלאַנד, מע זאָל קאָנען ווי ניט איז עפּעס אויסלייזן, ווי ווײַט מעגלעך פריִער, לטובת די האָמלער ייִדן. כ'האָב אַפילו געבעטן דעם ה' מאָאַד מיר צושיקן עפּעס וואָס אַלס אַוואַנס.

איצטער, וואָס איז שייך דעם טערמין פונעם דערשײַנען פון אונדזער ייִדישן בוך, וועט, אַ פּנים, דורכגיין נאָך אַרום אַ חודש צײַט, און איר וועט, ווײַזט אויס, נאָך באַווײַזן סײַ איבערזעצן און סײַ אָפּדרוקן די „דרײַ מעשׂהלעך" צו אָט דער צײַט. בפרט, אַז אונדזער ייִדישע אויסגאַבע איז דירעקט אָפּהענגיק פון דער רוסישער (מאָסקווער) אויסגאַבע, וועלכע געפינט זיך איצט בײַם צענזאָר. מיר האָבן אָפּגערעדט מיט דער דאָזיקער מאָסקווער אויסגאַבע, ווי אויך מיט דער דײַטשישער איבערזעצונג אין בערלין, אויב זי וועט קומען צו שטאַנד, אַז יעדערער פון אונדז וואַרט מיטן אַרויסלאָזן זײַן אויסגאַבע ביז עס וועט דערהאַלטן ווערן מײַן טעלעגראַם, ווײַל בלויז בײַ אַזאַ שטרענגער אָרגאַניזאַציע וועלן קאָנען דערגרייכט ווערן די בעסטע רעזולטאַטן, ניט אָנרירנדיק קיינעמס אינטערעסן.

אין דערוואַרטונג פון אײַך אָנגענעמע מיטטיילונגען, בין איך גרייט צו דינען

ס. ראַבינאָוויטש
שלום־עליכם

## 477. צום זעלבן

1903 .10/9 .13/30

פיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

אַלס צוגאָב צו דעם, וואָס איך האָב אײַך געשריבן, דאַרף איך אײַך מיטטיילן, אַז פונעם הער Ajlmer Maade איז אָנגעקומען 100 רובל אויפֿן חשבון פון אַרויסגעבן די „מעשׂהלעך" אויף ענגליש, וואָס זייער קאָפּיע האָט ער שוין באַקומען און איז, ווײַזט אויס, צוגעטראָטן איבערצוזעצן. דאָס איז איינס. צווייטנס, האָב איך הײַנט דערהאַלטן אַ בריוו פון וואַרשע, ווו עס דרוקט זיך אונדזער (ייִדישער) זאַמלבוך, אַז איבער אומשטאַנדן, וועלכע זײַנען ניט אָפּהענגיק פון דער רעדאַקציע, דאַרפֿן אייניקע זײַנע וויכטיקע אַרטיקלען געענדערט ווערן. אַזוי אַרום וועט זיך די אויסגאַבע פֿאַרציִען נאָך אויף אַ חודש צי צוויי, אַזוי אַז פריִער פונעם סוף חודש קאָן מען אַפֿילו ניט קלערן. וועגן דעם האָב איך שוין געשריבן דעם הער מאָאַד, און אויך אײַך בעט איך עס נעמען אין אַכט. וועגן דעם ווירקלעכן אַרויסלאָזן וועט אײַך געמאָלדן ווערן מיט 2 וואָכן פריִער. איך וואַרט אויף אַן ענטפֿער אויף די פֿאַריקע און אויף דעם.

גרייט צו דינען

ס. ראַבינאָוויטש

## 478. צו אויגוסט שאָלץ

1903 .10 .(14)1

גנעדיקער הער אויגוסט שאָלץ!

דער פֿאַרלאַג „תּושיה" (וואַרשע) האָט מיר מיטגעטיילט וועגן אײַער ליבלעכן פֿאָרשלאָג און האָט מיר איבערגעשיקט אײַער בריוו פונעם 9.25/12 מכּוח אַרויסגעבן (לעוו טאָלסטאָיס) „דרײַ מעשׂהלעך" אויף דײַטש אין דײַטשלאַנד. סײַ די „מעשׂהלעך" גופֿא, וועלכע ל. נ. טאָלסטאָי האָט אָנגעשריבן לויט מײַן איניציאַטיוו (איך האָב זיי איבערגעזעצט אויף זשאַרגאָן), סײַ זייער אויסגאַבע געפֿינען זיך בײַ מיר. האָבנדיק אַ פֿאַרלאַנג צו באַקומען פון זיי ווי ווײַט מעגלעך אַ גרעסערע וויגאָדע ניט בלויז פֿאַר די קעשענעוווער, נאָר אויך פֿאַר די האָמלער ייִדן, וועלכע מע האָט ניט ווייניקער אַכזריותדיק באַעוולט, וואָלט איך געוואָלט אײַנצײַטיק זיי אַרויסגעבן אויך אויף דײַטש. צוליב דעם האָב איך אָנגעהויבן צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער פֿירמע ס. פֿישער־פֿאַרלאַג (בערלין, ביולאָוו־שטראַסע, 91/90). נאָר אויף וויפֿל די באַדינגונגען האָבן אונדז ניט באַפֿרידיקט און דער עיקר ווײַל מיר ביידע ריידן אויף צוויי שפּראַכן, האָבן מיר צונויפֿריידן זיך ניט געקאָנט. דער הער פֿישער וואָלט, למשל, געוואָלט אָפּדרוקן די „דרײַ מעשׂהלעך" פריִער אין זײַן חודשלעכן זשורנאַל, דאָס איז אָבער אַבסאָלוט אוממעגלעך, ווײַל מיר גיבן אַרויס, ווי אײַך איז באַוווּסט, אַ זאַמלבוך, און מיר קאָנען ניט פֿאָרלויפֿיק באַשטימען די פּינקטלעכע טערמינען פון אַרויסלאָזן דעם בוך. דעריבער האָבן מיר געשלאָסן אַ קאָנווענץ מיט אַלע פֿאַרלעגערס (מיטן ייִדישן אין וואַרשע, מיטן רוסישן אין מאָסקווע און מיטן ענגלישן אין לאָנדאָן),

אַז די „מעשׂהלעך" ווערן בכיוון אַרויסגעגעבן איינציַטיק, כּמעט אין איין טאָג (די ייִדישע אויסגאַבע אויף 2—3 טעג פריִער). אַזוי אַרום, זעט איר, אַז אין אַ חודש־לעכער פעריאָדישער אויסגאַבע איז דאָס אַן אוממעגלעכע זאַך. רעדנדיק וועגן אַרויסגעבן די „מעשׂהלעך" אויף דיַיטש, האָב איך אין זינען אַ בראָשור.

איז אָט — צי וואָלט איר ניט געקאָנט מיר מיטטיילן וועגן איַיער פאָרשלאָג מכּוח אָט דעם ענין, וויַיל די אונטערהאַנדלונגען אונדזערע מיטן ה׳ פישער פאַרפליכטן ניט קיינעם פון אונדז, און איך האָב חשק אַריַינטרעטן אין אונטערהאַנדלונגען מיט איַיך באַזונדערס דערפאַר, וויַיל איר אַליין וועט זיי איבערזעצן און אַליין נעמען אויף זיך די טירחה צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט וועמען איר פאַרלאַנגט, כּדי זיי אַרויסצוגעבן, אד"גל.

און וואָס שייך דעם טערמין, האָט אונדזער ייִדישע אויסגאַבע, איבער אומגעבונגען, וועלכע זיַינען פון אונדז ניט אָפּהענגיק, זיך אַ ביסל פאַרהאַלטן, און ס׳איז אַ ספק, צי זי וועט אַרויסגיין פריִער פון סוף נאָוועמבער.

איך וואַרט אויף איַיער ענטפער.

ס. ראַבינאָוויטש

P.S. איַיער פאָרשלאָג וועגן דעם, אַז דער באַוווּסטער דעקלאַמאַטאָר ע. רייכערט זאָל פאָרלייענען די „מעשׂהלעך", פאָדערט, איר זאָלט זיַין אַזוי גוט און מיר אויפקלערן, אין וואָס פאַר אַ פאָרעם לייגט איר דאָס פאָר.

N.B. צי וועט איר ניט געפינען פאַר מעגלעך צוגעבן צום ביכל „דריַי מעשׂהלעך" פון טאָלסטאָיען, אַ 4—5 בריוו פון לעוו ניקאָלאַיעוויטשן, וועלכע זיַינען אַדרעסירט צו מיר, און אין זיי אילוסטרירן זיַין שטעלונג צו ייִדן און צו מענטשן בכלל. איך דאַרף אָבער באַמערקן, אַז אייניקע זיַינע אויסדרוקן זיַינען צו שאַרפע פאַר דער רוסישער רעגירונג. צי קאָן עס ניט אונדז, און מיר באַזונדערס, אָנטאָן שאָדן און אין וועלכער מאָס?

## 479. צום זעלבן

קיִעוו, 14/1. 10. 1903

פיל געערטער אויגוסט קאַרלאָוויטש!

איך שיק איַיך 4 מיַינע דערציילונגען אין דער איבערזעצונג אויף רוסיש. איך וואָלט געוואָלט, זיי זאָלן איַיך באַגיַיסטערן אויף איבערצוזעצן זיי אין דיַיטש און אויך אָפּדרוקן אין אַ וועלכן ניט איז גוטן דיַיטשישן זשורנאַל. דאָ אינטערעסירט זיך זייער די רוסישע פרעסע מיט פּיעסעס וועגן דעם לעבן פון דער ייִדישער געטאָ. איך מיין, אַז אויך די דיַיטשן וואָלטן ניט דערווידערט צו באַקענען זיך מיט דער לעבנס־ספערע און מיט די טיפּן, וועלכע זיַינען פאַר זיי ניַי. איך קאָן איַיך זאָגן — כאָטש דאָס איז ניט זייער אָנגענעם, וויַיל עס גייט אַ רייד וועגן מיר, אַז די דאָזיקע מיַינע זאַכן זעצט מען איבער זייער גערן סיַי אויף רוסיש, סיַי אויף פּויליש.

איך האָף, אַז איר — אויב די זאַכן וועלן אײַך געפעלן ווערן — וועט זיך באַמיִען איבערצוזעצן זיי אויפן בעסטן אופן. וועגן די ווײַטערדיקע באַדינגונגען — שפּעטער. די רעכט איבערצוזעצן געהערט אויסשליסלעך אײַך, אויב, פאַרשטייט זיך, איר ווילט זײַן מײַן איבערזעצער.

מיט טיפער אַכטונג

ס. ראַבינאָוויטש

P.S. וואָס שייך דער איבערזעצונג, קאָן איך אײַך זאָגן, אַז זי געהערט צו די סאַמע בעסטע.

## 480. צו וו. ג. טשערטקאָוו

3. 10. 1903

פיל געאַכטער ה׳ וו. טשערטקאָוו!

איר וועט מיר, האָף איך, מוחל זײַן, וואָס איך בין געצווּנגען וועגן דעם אינצידענט מיט מאָאָדן מיטטיילן לעוו ניקאָלײַעוויטשן, ווײַל אין רעזולטאַט פון אײַער שפּעטער ווענדונג צו מיר, בין איך געצוווּנגען געווען זײַנערצײַט אַרײַנטרעטן אין אַ פאַרשטענדיקונג מיט מאָאָדן, פון וועלכער איך קען איצט ניט אַרויסגיין. אין געגעבענעם פאַל פאָלגן מיר דאָך אַלע נאָך איין ציל, דעריבער מיין איך, אַז אײַך קאָסט ניט גאָרנישט, אויב איר וועט אַרויסגעבן די „מעשׂהלעך״ אויף רוסיש (אין ענגלאַנד) און זייער איבערזעצונג און דאָס אַרויסגעבן זיי אויף ענגליש וועט איר אָפּטרעטן דעם הער מאָאָד, ווענען איך האָב זיי שוין פון לאַנג אַרויסגעשיקט. אַלנפאַלס, אויף וויפל אונדזער ייִדישע אויסגאַבע, איבער די צענזור־באַדינגונגען, האָט זיך פאַרצויגן און וועט דערשײַנען. הלוואַי זאָל איך אַ ליגן זאָגן, ניט פריִער פונעם 1טן דעצעמבער, — האָב איך טאַקע זייער מורא, אַז עמעצער זאָל אונדז ניט איבערכאַפּן אין ענגלאַנד און זאָל דערמיט ניט אָנטאָן שאָדן דאָ, אין רוסלאַנד, סײַ פאַר דער ייִדישער אויסגאַבע, סײַ פאַר דער רוסישער אויסגאַבע אין מאָסקווע („פּאָסרעדניק״ דורך בולאַנזשע), וואָס עס וואָלט געווען זייער און זייער זינדיק.

זײַט מיר מוחל, וואָס איך שרײַב אויף אַ טעלעגראַפישן בלאַנק, איך קלײַב זיך איצט קיין האָמעל אויפן אָרט פונעם פּאָגראָם און דעריבער שרײַב איך אײַך פונעם וואָקזאַל דעם דאָזיקן בריוו.

איך וואַרט אויף אײַערע אָנגענעמע ידיעות.

מיט אַכטונג צו אײַך

ס. ראַבינאָוויטש

קיִעוו, מאַל־בלאַגאָוועשטשענסקאַיאַ, 27, ס. נ. ראַבינאָוויטש

## 481. צו י. ח. ראַווניצקי

Соломон Наумович Рабинович (Шолем-Алейхем).

Киев, Благовещенская, 27.

[8־11 אָקטאָבער (נײַער סטיל) 1903]

ליבסטער חבר, ראַווניצקי ברודער!

איר ווילט, איך זאָל אײַך געבן נאָך אַ ביסל רשימות צו מײַן ביאָגראַפיע? איך האָב זייער מורא, צי איז בכלל ניט קיין איבעריקע זאַך די ביאָגראַפיע מײַנע? אפשר איז נאָך אַ ביסל צו פרי? — דאָס איז נומער איינס. והשנית, האָב איך חשק אַליין אָנשרײַבן די געשיכטע פון מײַן לעבן — אַ גאַנץ ספר. און דריטנס — בין איך איצט לא עליכם שטאַרק פאַרטאָן אין עסק, טאָקע אין ליטעראַטור. זינט איך שרײַב, בין איך נאָך קיין מאָל ניט געווען אַזוי פּראָדוקטיוו, אַזוי פּרוקטבאַר ווי אַצינד. צי גוט, צי שלעכט, נאָר ס׳שרײַבט זיך אַ סך, און איר ווייסט דאָך, ווי אַזוי איך בין מסוגל צו שרײַבן, אַפילו אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדל און אויף אַ שאַרף פון אַ שווערד!... אַ חיסרון — די צײַט איז ניט גוט און בײַ אונדזער פאָלק אין דרויסן איז כמאַרנע, גלוסט זיך ניט לאַכן, און אַז סע לאַכט זיך, לאַכט זיך מיט יאַשטשערקעס... הײַנט דאָס איבערשרײַבן זיך מיט די גרויסע גויים: — גראַף טאָלסטאָי, מאַקסים גאָרקי, קאָראָלענקאָ, טשעכאָוו און נאָך און נאָך — נעמט צו בײַ מיר אַ גוזמא צײַט. און דאָך האָב איך אָפּגעריסן פאַר אײַערט וועגן אַ גאַנצע שעה (רוצח!) און נאָט אײַך נאָך אַ ביסעלע רשימות, אפשר וועלן זיי אײַך צו ניץ קומען בײַ אײַער אַרבעט? און גאָט לאָז אײַך זײַן צו הילף!

אײַער איבערגעגעבנסטער חבר, וואָס איז געווען
אַ מאָל בײַ אײַך אַן „אלדד",

שלום-עליכם

קיִעוו, חוה״מ סוכות תרס״ד

עיקר־שכחתי! פאַרגעסט נאָר נישט בשעת שרײַבן, אַז שרײַבן שרײַב איך אַ סך אויף זשאַרגאָן, זעלטן אויף לשון־קודש, נאָר ליב האָב איך לשון-קודש.

שלום-עליכם

— — — אין אַ קליין שטעטל וואָראָנקאָוו, ווי אַ טל־ומטר די גרייס, ניט ווײַט פון דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו (ווו איך בין אינעם 1859 יאָר געבאָרן) — דאָרט האָב איך פאַרבראַכט די בעסטע גילדענע יאָרן, מײַנע ערשטע גוטע נאַרישע קינדערשע יאָרן. אין דעם דאָזיקן קליינעם וואָראָנקאָוו איז מײַן פאָטער געווען דער מיוחס, דער גביר, דער גבאי־ראשון פון אַלע חברות, „רב נחום ווערוויקס"! און מיר, רב נחום ווערוויקס קינדער, אויך נישט קיין קלייניקייט! אַלע שבת צו נאַכטס איז געווען בײַ אונדז אַ מלווה־מלכה פאַר דעם גאַנצן שטעטל. אַלע יום־טוב איז מען געקומען צו אונדז אויף קידוש, אַלע נײַעס האָט מען געבראַכט צו אונדז — און אַרויסגעטראָגן פון אונדז, אַ גלעזל ווײַן האָט מען געטרונקען בײַ אונדז, פונעם רבין האָט מען גערעדט בײַ אונדז, פון פּאָליטיקע בײַ אונדז — אַלצדינג בײַ אונדז. און אונדז, נחום ווערוויקס קינדער, האָט מען געהאַלטן

חשוב, געפירט בדרך־הישר, אָפּגעגעבן צום בעסטן מלמד, צו רב זאָרעכן, און פרום זײַנען מיר געווען באמת.

איך געדענק נאָך אַציִנד דעם זיסן טעם פון די טרערן, וואָס מיר האָבן פאַרגאָסן פון אונדזער רבינס מוסר. אַלע טאָג פלעג אונדז דער רבי רב זאָרעך זאָגן אַ ביסל מוסר, און מיר פלעגן זיך נאָכדעם בײַם דאַוונען שלאָגן אָשמנו אויף אונדזערע גרויסע, גרויסע זינד, וואָרעם אין איינעם מיטן פרומקייט זײַנען מיר געווען אויך גרויסע, גרויסע בעל־עבירות: ליגנערס, נישט געפּאַלגט דעם טאַטן, געהיפּט אינעם דאַוונען, געגנבעט געלט פון דער צדקה־פּושקע (זע „דאָס מעסערל״), הײַנט הרהורים, מחשבות זרות, געדאַנקען!... איינער איז געווען צווישן אונדז אַ חבר, אַן עלטערער, עלי האָט ער געהייסן, אַ יִינגל אַ חתן, האָט ער אונדז דערציילט מעשׂיות, געוועקט בײַ אונדז דעם יצר־הרע, פאַרדאָרבן, געמאַכט אונדז פאַר גרויסע, און נאָכדעם האָט דער רבי געזאָגט מוסר, און מיר האָבן געוויינט, געגאָסן מיט טרערן און געדאַוונט ערלעך, נישט געהיפּט, געשלאָגן זיך אָשמנו און געוויינט, תּשובה געטאָן.

די פאַנטאַזיע איז בײַ מיר געווען פון קינדווײַז אָן מאָדנע גרויס און צעהיצט. הײַזער האָבן בײַ מיר אויסגעזען ווי שטעט, הויפן — מדינות, ביימער — מענטשן, גראָז — חיל, שטעכלקעס און קראָפּעווע — פּלישתּים, אֱדום און מואָב, און איך פלעג גיין אויף זיי מיט מלחמה (זע „גרינס אויף שבועות״).

אויפכאַפּן דאָס לעכעריקע פון יעדן מענטש. — דאָס איז געווען בײַ מיר כּמעט אַ חלאַת. איך פלעג, ניט ווילנדיק, נאָכמאַכן איטלעכן באַזונדער. פונעם רבין רב זאָרעך מיט זאָרליכען, מיט אַלע חברים, מיט זייערע טאַטע־מאַמע ביז להבדיל אַניסקאָ דעם סטאָראָזש מיט די אויסגעדרייטע פיס — און פאַר אָט דעם נאָכמאַכן האָב איך געכאַפּט פעטש ווי האָלץ. אין חדר בין איך געווען דער קאָמיקער, אַלע פלעגן לאַכן, ביזן טויט לאַכן, אַחוץ מיר. נאָר אין דער היים האָט די מאַמע באַמערקט מײַנע שטיק, און פון דעמאָלט אָן האָט זי גענומען אויסקאָרענ׳ען אין מיר די דאָזיקע תּנועות.

נאָר איינער איז געווען מיט מיר אַ גלײַכן אויף מאַכן אָנשטעלן, זיך פאַרשטעלן, „שפּילן״, זיך „גרימירן״ און בשעת־מעשׂה זינגען שיינע, וווּנדערשיינע לידער. דאָס איז געווען מאירל דעם רבינס, אָדער מאירל מעדוועדיעוו, דער געוויסער, נאָכדעם באַרימטער אַרטיסט מ ע ד וו ע ד י ע וו. די קונץ פון שפּילן איז געווען אַנטפּלעקט פאַר אים נאָך דעמאָלט, ווען ער איז געגאַנגען באָרוועס און געזונגען דאָס שענסטע ליד פאַר אַ גראָשן אָדער פאַר אַ האַלבן עפּל. מיר אַלע האָבן געשפּילט דעם „גזלן״, אַ טעאַטער־שטיק, אונדזער אייגענע פאַנטאַזיע, מעדוועדיעוו איז געווען דער גזלן, איך בין געווען דער ייִד, דער אָרעמאַן, און די איבעריקע חברים זײַנען געווען דער וואַלד (די ביימער פונעם וואַלד כּי אדם עץ השׂדה). איך, דער ייִד, דער אָרעמאַן (דער „אייביקער ייִד״), בין געשטאַנען פאַר אים (פאַרן גזלן) אויף די קניִעס, געטענהט: וואָס האָסטו צו מיר, איך בין אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אַן אביון! און ער, דער גזלן (מעדוועדיעוו), מיט אַ קאָלאָ־דאַטש־מעסער אין האַנט, האָט געזונגען זייער אַ שיין לידל: אַז ער מוז, מוז אויס־קוילען אַלע ייִדן!... אָ, קינדערשער נאַרישער שׂכל! קיין היסטאָריע האָבן מיר נאָך דעמאָלט נישט געלערנט, קיין נביאים זײַנען מיר ניט געווען; פון וואַנען האָט זיך צו אונדז גענומען, אַז דער ייִד איז אַן אביון און באַדאַרף קניִען פאַרן גזלן, און ער, דער גזלן, באַדאַרף זינגען אַ לידל: אַז ער מוז, ער מוז אויסקוילען אַלע ייִדן!?...

ווי וויַיט פאַרדאַרבן און שלעכט דערצויגן מיר זיַינען ניט געווען, איז דאָס געפיל פון צער־בעלי־חיים געווען ביַי מיר אַזוי גרויס, אַז אַ קראַנק פערד האָט מיך געקרענקט (זע „מתושלח״), אַ הונט מיט אַן איבערגעבראָכענעם פוס האָט אַרויסגערופן ביַי מיר טרערן (זע „ראַבטשיק״) און אַפילו אַ קאַץ, וואָס איז גאָר אַ טמא, אַ שרץ, איז ביַי מיר טיַיער און ליב, און פון קראַנקע אָרעמע קינדער שמועסט מען ניט (זע „באַשעפעניש״).

דער חשק פון שריַיבן — מערקווערדיק! — האָט זיך גענומען ביַי מיר פון דעם רבין רב זאָרעכס זעלטן שיין הענטל... פאַר אַ שיינעם כתב האָט אונדז דער טאַטע געשענקט אַ גראָשן („האָנאָראַר״) און צוליב דעם שיינעם כתב האָב איך זיך אויפגענייט אַ ביכל און האָב שיין אָנגעשריבן („פאַרפּאַסט״) אַ גאַנצן חיבור אויף תּנ״ך און אויף דיקדוק, און אַז איך האָב דאָס באַוויזן דעם טאַטן, איז ער נתפּעל געוואָרן פון מיַין „ווערק״ און האָט דאָס לאַנג, לאַנג אַרומגעטראָגן ביַי זיך אין קעשענע, באַוויזן איטלעכן באַזונדער, ווי שיין זיַין זון שריַיבט (אַלט האָב איך געדאַרפט זיַין דעמאָלט אַ יאָר צען), ווי קלאָר ער איז אין תּנ״ך און ווי גוט ער קען דיקדוק. דערויף האָט געזאָגט אונדזער שכן, אַ ייִד אַ חסיד מיט אַ צאָפּן־בערדל — רב איַיזיק, וואָס פלעג קוויטשען בשעת דאַווענען ווי אַ קעצל: דיקדוק שמינדיק פינדיק בלע״ז: דער עיקרשט, איז ביַי מיר דאָס הענטל! אַ גילדן הענטל! (די ערשטע „קריטיקאַ״!).

געצויגן האָט מיך אַלץ אַהין אין יענע עולמות פון רוחניות, פון חלומות, פון נגינה (זע „יאָסעלע סאָלאָוויי״), פון שפּילן (זע „סטעמפּעניו״), און איך האָב אַליין נאָך דער בר־מיצווה בגנבה זיך צוגעכאַפּט צום פידל און האָב געכאַפּט דעם רעכטן פּסק פון מיַין טאַטן (זע „אויפן פידל״).

פאַראָרעמט געוואָרן, זיַינען מיר אַריבערגעפאָרן פון וואָראַנקאָווו צוריק קיין פּערע־יאַסלאַוו. דאָרט האָט מען אונדז אויפגענייט די ערשטע קורצע קאַפּאָטקעלעך, און אַז די מאַמע איז געשטאָרבן (פון דער כאָלערע), האָט אונדז דער טאַטע אָפּגעגעבן אין דער שקאָלע, און איך האָב מיך אויסגעפּיַינט צווישן אַלע קינדער, באַוויזן אַ סך בריהשאַפט, און נאָך דעם ערשטן ביכל, וואָס איך האָב אויף מיַין לעבן געלייענט צו 15 יאָר, „ראָבינזאָן קרוזאָ״, האָב איך תּיכּף־ומיד געמאַכט אַן אייגענעם „ראָבינזאָן קרוזאָ״ מיטן נאָמען: „דער צווייטער ראָבינזאָן״, באַוויזן דעם טאַטן, און דער טאַטע האָט באַוויזן די אורחים (ביַי אונדז איז געווען אַן אַכסניה), און אַלע זיַינען אַרויס פון די כּלים!

פון דעמאָלט אָן האָט דער טאַטע געקוקט אויף מיר ווי אויף אַן אבן־טוב, מיך אַרויסגענומען פון דער שטיפמאַמעס רשות, נישט געלאָזט, מע זאָל מיך שלאָגן, נישט געלאָזט מיך וויגן אירע קליינע קינדער, נישט געגעבן מיר האַקן ראַזשינקעס ווי פריִער (ביַי אונדז איז געווען אויך אַ וויַינקעלער מיטן נאָמען Южный берег) און פאַר־ווערט מיר פּוצן פאַר די אורחים די שטיוול, שטעלן דעם סאַמאָוואַר, לויפן אַ גאַנג, וכּדומה אַזעלכע מלאָכות, וואָס איך פלעג זיי טאָן ביז יענער ציַיט.

אין דער עפּאָכע, וואָס פון 17 ביז 21 יאָר, ביז איך האָב געשטודירט אויף ראַבינער, האָב איך אַ סך, אַ סך געלייענט, נאָר נאָך מער געשריבן, און געשריבן האָב איך אַלץ, וואָס איך האָב געלייענט: לידער, פּאָעמעס, ראָמאַנען, דראַמעס אָן אַ שיעור און גלאַט מאמרים אין דער וועלט אַריַין! מיַינע „ווערק״ האָב איך געשיקט אין אַלע ייִדישע און גויִישע רעדאַקציעס (איך האָב געשריבן אין לשון־קודש און אין רוסיש), און די

רעדאַקציעס האָבן ברוך־השם געהאַט מיט וואָס צו הייצן די הרובעס, פאַרשפּאָרט קויפן האָלץ... נאָר אײן „המליץ״ האָט אָפּגעדרוקט אַ צוויי־דרײַ פון מײַנע „מאמרים״ מיט אַ הערה פון דער רעדאַקציע מיט קליינינטשקע אותיותלעך: שפתך אתך (דײַן שפּראַך איז מיט דיר) שלח דברים וכבדנום (שיק דײַנע רייד, וועלן מיר זיי פאַרצוקערן) — און איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן לשון־קודשדיקע „מאמרים״ אויפן פּוד, גאַנצע וואַגאָנעס מיט „מאמרים״, נאָר מע האָט זיי ניט געוואָלט „פאַרצוקערן״, איך ווייס ניט פאַר וואָס!...

בעת ההיא — אין יענע צײַטן (1883) האָט זיך באַוויזן אַ ייִדיש בלאַט, דאָס ערשטע ייִדישע בלאַט אין זשאַרגאָן („פאָלקסבלאַט״ פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים), און אַזוי ווי די גויִים האָבן מײַנע „ראָמאַנען״ און מײַנע „דראַמען״ נישט געוואָלט דרוקן און לשון־קודשדיקע „מאמרים״ זײַנען אויך געלעגן ניט פאַרצוקערטערהייט, האָב איך מיך געפּרוווט אויף אַ ציקאַוועס אָנשרײַבן עפּעס אַ זאַך פּראָסט אויף דעם לשון, וואָס מע רעדט, אויף דעם לשון פון מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס איז דעמאָלט געקומען מיר אין האַנט, און שטעלט אײַך פאָר, אַז מע האָט דאָס אויפגעכאַפּט, און דער רעדאַקטאָר אַליין האָט מיט זײַן האַנט מיר אָנגעשריבן אַ בריוו און געבעטן (איר הערט? געבעטן!), איך זאָל שרײַבן נאָך — און פון יענער צײַט האָב איך אָנגעהויבן געבן פעליעטאָנען, און וואָס מער איך האָב געגעבן, אַזוי מער האָט מען מיר געשריבן, איך זאָל שיקן נאָך, און צו דעם האָט זיך אונטערגעכאַפּט מרדכי ספּעקטאָר, ווי מיטאַרבעטער אין „פאָלקס־בלאַט״, וואָס האָט געהאַט אויף מיר אַ גרויסן אײַנפלוס, וואָרעם אַ סך זאַכן האָב איך געשריבן צוליב אים, ער האָט מיך ניט אויפגעהערט צו וואָרעמען, איך זאָל שרײַבן עד־היום הזה. דאָס איז אָבער געוועזן בײַ מיר ניט מער ווי אַ שפּילעכל, ביז עס האָט זיך געטראָפן אַ מעשה מיט אַ „מעסערל״, וואָס האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין מײַן אַרט שרײַבן און אויך אינעם גאַנצן לעבן.

יענע צײַט איז געוועזן בײַ מיר אַ צײַט פון מיסחר, פון געלט, פון בערזע, פון פּאַפּירן וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס זײַנען ניט שייך צו ליטעראַטור. איך האָב זיך אַרײַנגעכאַפּט, ווי מע זאָגט, אין די פּעדערן, אין די גרויסע שווערע טויזנטער און וואָלט אפשר אַוועק אויף אַן אַנדער וועג, עס קאָן זײַן, דעם אמתן וועג — ווער קאָן דאָס וויסן? — — — געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן וועגן פאַרשיידענע גרויסע עסקים און אײַנגעמידט פון דעם טאָג, האָב איך זיך געלייגט שלאָפן און האָב נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. בין איך אויפגעשטאַנען, זיך געזעצט צום שרײַבטיש און אָנגעשריבן, ניט אָנגעשריבן, נאָר אויסגעגאָסן אַ זאַך, אַ דערינערונג פון מײַנע חדר־יאָרן און האָב דאָס אַ נאָמען געגעבן „דאָס מעסערל״ און האָב דאָס אַוועקגעשיקט אין דער רעדאַקציע און פאַרגעסן.

ויהי היום, איך לייען דעם „וואָסכאָד״, טרעף איך אַן איבערבליק איבער ליטעראַטור פון „קריטיקוס״ (דובנאָוו) איבער פאַרשיידענע שמאַטעס ובתוכם מײַן „מעסערל״. מיט אַ שרעקלעך האַרצקלאַפּעניש האָב איך איבערגעלייענט די עטלעכע וואַרעמע שורות פון דעם „קריטיקוס״, וואָס לויבט דאָס „מעסערל״ מײַנס און זאָגט נביאות, אַז דער יונגער מחבר פונעם „מעסערל״ ווײַזט אויס אַ טאַלאַנט צו זײַן און ער וועט נאָך אַ מאָל געבן גוטע זאַכן פאַר אונדזער אָרעמער ייִדישער זשאַרגאָן־ליטעראַטור.

מיט טרערן פון פרייד און דאַנקבאַרקייט האָב איך איבערגעלייענט נאָך אַ מאָל די דאָזיקע ווערטער פונעם ליבהאַרציקן „קריטיקוס״ און האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט,

איך זאָל שרײַבן אין דעם אַרט נאָך און נאָך. פון דעמאָלט אָן ביז הײַנטיקן טאָג שטייען מיר פאַר מײַנע אויגן די עטלעכע וואָרעמע, גוטע, געטרײַע ווערטער, און איטלעכס מאָל, ווען איך שרײַב אָן אַ נײַע זאַך, פאַרגעס איך ניט פרעגן בײַ זיך אַליין: „וואָס וועט זאָגן דערויף ,קריטיקוס׳ ?" פון דעמאָלט אָן האָב איך דאָס געלט פאַרלאָרן, נאָר מוט איז מיר געבליבן און האַלט שטאַרק, שטאַרק די פען אין האַנט. צי דאַרף איך אים זאָגן אַ דאַנק, דעם דאָזיקן „קריטיקוס" (דובנאָוו), צי חלילה פאַרקערט ?... — דערויף בין נישט איך קיין באַלעבאָס. איך בין פאַרקראָכן מיט מײַן חלאת (שרײַבערײַ) אַזוי ווײַט, אַז איך הייב שוין אָן געהערן נישט צו זיך און נישט צו מײַן הויזגעזינד, נאָר מער צו אונדזער ליטעראַטור און צו יענעם גרויסן געזינדל, וואָס הייסט פובליקאַ...

שלום־עליכם

## 482. צו וו. ג. טשערטקאָוו

14/13 (27/26). 10. 1903

פיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

ענדלעך האָב איך דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז פון יאַסנאַיאַ פאָליאַנאַ האָט מען געבעטן דעם הער מאָאָד די „מעשׂהלעך" ניט איבערזעצן און ניט אַרויסגעבן. הייסט עס, אַז די אויסגאַבע פאַרבלײַבט אײַערע. דאַנקען גאָט. אַלץ איז גוט, וואָס עס פאַרענדיקט זיך גוט. אַליין דער הער מאָאָד האָט מיר מודיע געווען וועגן דעם. זײַנען מיר מיט אים קוויט. איצט בעט איך אײַך נעמען אין אַכט פאָלגנדע פונקטן:

1) אויב איר האָט ניט קיין פּינקטלעכע אויסגעבעסערטע קאָפּיע פונעם כּתב־יד פון ל[עוו] נ[יקאָלײַעוויטש], קאָן איך אײַך דאָס צושטעלן.

2) צי ווילט איר בײַ די „מעשׂהלעך" אַרײַנשטעלן אויך 3־4 בריוו פון לעוו ניקאָלײַעוויטש, וועלכע האָבן אַן אינטערעס אַלס אויסדרוק פון זײַן באַציִונג צו די ייִדן ?

3) דער טערמין, ווי איך האָב אײַך שוין געשריבן, איז ניט פריִער פונעם 13/1 דעצעמבער.

4) אַזוי ווי איר דאַרפט שוין ניט אויסצאָלן יענע 100 רובל מאָאָדן, צי וואָלט אײַער פאַרלאַג ניט געקאָנט אונדז צושיקן אַלס אַוואַנס אַ רובל 300—400 אויפן חשבון פון די קומענדיקע שׂכירות. געלט דאַרף מען פאַר די האַמלער, פאַר וועלכע עטלעכע הונדערטער זײַנען ווי אַ טראָפּן אין ים. בעסער פון אַלץ איבערשיקן דורכן „רוסישן פאַר אויסערן־האַנדל באַנק" אין לאָנדאָן, קיִעווער אָפּטיילונג, מײַן נאָמען.

5) צי ווילט איר באַקומען דעם כּתב־יד און די קאָפּיעס פון די בריוו דורך מאָאָדן, אָדער דירעקט פון מיר.

6) דעם הער לעווענפעלד קיין בערלין האָב איך געשריבן. אַ דאַנק. פאַרשטענדיקט זיך אויך מיט אַמעריקע.

7) מיט פּאַריזשער פאַרלעגער פאַרענדיקט אַליין און, איך בעט אײַך, — די פאַראַנטוואָרטלעכקייט נעמען אויף זיך (באַזונדערס מכּוח דעם טערמין).

ס. ראַבינאָוויטש

פון ווארשע שרײַבט מען מיר, אַז מע דאַרף לייגן די אויפמערקזאַמקייט אויף דער ענגלישער אויסגאַבע, וועלכע קאָן אונדז, אויב זי וועט זיך באַווײַזן אין אײַער זשורנאַל, שטאַרק שאַטן. אויב דערנאָך, איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין אומגליק...

## 483. צו י. ח. ראַווניצקי

Kiew, 14.10.1903

**לרבניצקי מאת שלום-עליכם**

מילואים לביאוגראַפּיתי.

פון מײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט אַ סך אין רוסישן, אויך אין פּוילישן, אין דײַטשישן, און איצט אין ענגלישן אין לאָנדאָן ווערן איבערגעזעצט אייניקע דערציילונגען.

אין אַמעריקע שפּילט מען אין יידישן טעאַטער מײַנע זאַכן געדרוקטע דאָ און אויך ספּעציעל פאַר אַמעריקע. כאָטש איך שרײַב בחיפּזונדיק, דאָך פאָלג איך דעם זיידנס געבאָט: שלײַפן, שלײַפן! ווינציקער פון דרײַ מאָל ווערט בײַ מיר אַ ווערק ניט אַרויס־געלאָזט פון דער פאַבריקע. אַ מאָל דערגייט דאָס איבערשרײַבן ביז זעקס-זיבן מאָל און ערשט נאָך דעם אַוועקגעשיקט אין דער „דרוקאַציע". דערבײַ שפּילט דאָס פלעשעלע גומעראַביקע-קליי אַ גרויסע, גרויסע ראָלע. עס גייט בײַ מיר געקלעפּט אַ לאַטע אויף אַ לאַטע און אויף דער נײַער לאַטע אַ נײַ קליין לאַטקעלע.

כאָטש איך בין, ווי מע מיינט, אַ פאַרברענטער זשאַרגאָניסט, נאָר ליב האָב איך העברעיִש דאָס חיות! האָב איך נאָר צײַט, אַ מינוט אַ פרײַע, שרײַב איך, לייען איך, זעץ איבער אַליין פון מײַן זשאַרגאָן.

מײַנע אידעאַלן און ליבלעכסטע יידישע מחברים זײַנען: מענדעלע מוכר־ספרים, ביאַליק און דובנאָוו, איטלעכער אין זײַן בראַנזשע, מיט זײַן לשון, וואָס ער שרײַבט.

זשאַרגאָן, האַלט איך, וועט ערשט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער קולטור פון דעם יידישן פאָלק, נאָר מיר וועלן דאָס ניט דערלעבן. צי וועט זשאַרגאָן זײַן אַ מאָל אַ לעבע־דיקע (נאַציאָנאַל־) שפּראַך — באַדאַרף מען זײַן אָדער אַ האַלבער נביא אָדער אַ גאַנצער נאַר, מע זאָל זיך אונטערנעמען דערפון רעדן.

די השכּלה, דער רעכטער אָנהייב פון מײַן שרײַבן הייבט זיך ערשט אָן בײַ מיר פון מאָרגן אם־ירצה־השם. ביז אַהער האָב איך זיך געשפּילט, איך זאָג עס, גלייבט מיר, ערנסט!

## 484. צו וו. ג. טשערטקאָוו

1903 .10 .27/14

פיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

נעכטן האָב איך אײַך געשריבן פון קיִעווער פאַרשטאָט און איצטער חזר איך איבער,

אַז איך בין אומגעהײַער צופרידן, וואָס דער אינצידענט איז בשלום פאַרענדיקט און וואָס די ענגלישע און די אַמעריקאַנער אויסגאַבע געפינען זיך אין אײַערע, ווי איך פאַרשטיי, זיכערע הענט.

וואַרט איך איצט אויף אײַער בריוו, וואָס זאָל באַשטעטיקן דעם ענין, ווי אויך ידיעות פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ.

איך וואַרט אויך אויף אײַער בריוו מכּוח דעם כּתב־יד. צי דאַרפט איר לעוו ניקאָלײַ־עוויטשעס רוסישן כּתב־יד, אָדער איר האָט אים? און צי האָבן פאַר אײַך אַן אינטערעס לעוו ניקאָלײַעוויטשעס בריוו אין שײַכות מיט דער דאָזיקער אויסגאַבע?

איך האָב אײַך געבעטן אויך מכּוח אַן אוואַנס. די סומע 100 ר׳ פון מאָאָדן איז שוין געדעקט און אײַער פאַרלאַג דאַרף מיט אים זיך ניט צערעכענען. איך האָף, אַז די דאָזיקע בקשה, אויף וויפל ס׳איז נייטיק אַ גיכע הילף, וועט איר באַפרידיקן אין אַן אַלמעגלעך ברייטן פאַרנעם.

וואָס שייך דער דײַטשישער אויסגאַבע, האָב איך, גלײַך נאָכן באַקומען פון אײַך דעם לעצטן בריוו (דעם גרויסן), די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פריִערדיקער פירמע אָפּגעשטעלט, ווײַל זיי זײַנען נאָך געווען אויף אַזאַ שטופע, אַז מע האָט זיי געקאָנט אין אַ באַליביקער צײַט איבעררײַסן, און איך האָב, לויט אײַער אָנווײַזונג, זיך געווענדט צו לעווענפעלדן. איצט געפינען זיך אַלע 4 אויסגאַבעס (די יידישע — מײַנע, די רוסישע — בולאַנזשעס, די ענגלישע — אײַערע און די דײַטשישע — לעווענפעלדס) אין פולקום, דאַכט זיך, זיכערע הענט, און מע קאָן האָפן אויף באַשיידנקייט, אַקוראַטקייט און פולער האַרמאָניע. צום 1טן (13) דעצעמבער, מיין איך, וועלן די „מעשׂהלעך״ דערזען די ליכטיקע וועלט אויף אַלע שפּראַכן (די פראַנצייזישע וואָלט איך געבעטן נעמען אויך אין אײַערע הענט און טאָן דאָס אַלמעגלעכע, כּדי צו פאַרגרעסערן דעם ריווח פון דער זאַך, וואָס לעוו ניקאָלײַעוויטש האָט אָנגעשריבן לויט מײַן אינציאַטיוו און אויסשליסלעך לטובת דעם ציל, וואָס מיר האָבן אָנגעמערקט, — אַרויסווײַזן הילף די געליטענע, וועלכע זײַנען געשטעלט אויסערן געזעץ). עס שרײַט אַרויס דער דלות, נאָר די הילפלאָזיקייט און דער ווילקיר זײַנען פיל מאָל מערער!

ש[טענדיק] אַ[ײַערער]
ס. ראַבינאָוויטש

P.S. פון דער צוגעשיקטער צײַטונג וועט איר זיך באַקאַנען מיט דעם עקלהאַפטן באַריכט פון די קאַסאַציעס איבערן עקלהאַפטן ענין. אויב איר וועט דרוקן, דערמאָנט ניט, ביטע, דעם נאָמען פון דעם, ווער עס האָט אײַך צוגעשיקט. בכלל וואָלט איך ניט געוואָלט פאַרבינדן אונדזער ווילטעטיקן ענין מיט פּאָליטיק. אַליין דאָס באַווײַזן זיך פון די „מעשׂהלעך״, למשל, אין אַן אומלעגאַלער אויסלענדישער אויסגאַבע קאָן פּטרן אונדזער אויסגאַבע נאָך קאָלאָסאַלע געלט־הוצאות און גײַסטיקע כּוחות. די רעדאַקציע בעט, איר זאָלט זײַן פאַרזיכטיק באַזונדערס מיט די ענגלישע פאַרלעגערס. אָבער איך קען אײַך אַלס לעוו ניקאָלײַעוויטשעס פּערזענלעכן פרײַנד, און דעריבער, אויסדריקנדיק זיך אויף מײַן יידישן זשאַרגאָן, „שלאָף איך מיט אײַך רויק״. טיילט מיר מיט אײַער טעלעגראַפישן אַדרעס. צוליב איבערשיקן געלט רעקאָמענדיר איך אײַך די לאָנדאָנער

אָפּטיילונג פונעם רוסישן פאַר אויסערן־האַנדל באַנק, קיִעווער אָפּטיילונג, אויף מײַן נאָמען. גוט וואָלט געווען אַ רובל 500.

ש. ע.

## 485. צום זעלבן

1903 .11/10 .3/21

פּיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

פונעם X.27/14, נאָך דעם ווי איך האָב אײַך געשריבן, האָב איך נאָך פון אײַך קיין ענטפער ניט געהאַט. אָנשטאָט דעם האָב איך הײַנט פּלוצעם דערהאַלטן אַ בריוו פונעם ה׳ מאָאָד, אַז איר האָט אים איבערגעגעבן דאָס אַרויסגעבן די „מעשהלעך״ דעם ערשטן. וואָס באַטײַט אָט דער חלום און ווער איז דער אמתער פאַרלעגער? אפשר וועט אײַער בריוו, וואָס געפינט זיך אין וועג, אַלץ דערקלערן. אָבער איך קאָן נישט זיך ניט טיילן מיט אײַך.

איך וואַרט אויף אַן ענטפער אין אַ בריוו.

דער איבערגעגעבענער אײַך

ס. ראַבינאָוויטש

פון לעווענפעלדן (דײַטשלאַנד) קיין שום ענטפער.

## 486. צו י. ח. ראַוויניצקי

1903 .10 .22

חביבי רבניצקי!

איך האָב אײַך אַרויסגעשיקט דעם 2טן טאָם, ווײַל דעם ערשטן האָב איך אַליין ניט. איך האָב געשריבן נעכטן ספּעקטאָרן און גוט מכבד געווען פאַר אײַך! בכלל דאַרפט איר אויף זיי קיין פאַראיבל ניט האָבן, אויב איר האָט כאָטש אַ שטיקל ידיעה אין ספּעק־טאָרן.

איך ענטפער אײַך אויף אײַערע פראַגעס:

1) ווען האָב איך דאָס ערשטע ווערק געדרוקט אין זשאַרגאָן? — אין חודש מײַ 1883 יאָר, דער ערשטער פעליעטאָן אין ידישן „פאָלקסבלאַט״ פון צעדערבוים. דער פעליעטאָן („צוויי שטיינער״, דערציילונג) גייט ניט אַרײַן אין מײַנע ווערק, ווײַל איך וואַרף אַרויס אַ סך און די געבליבענע אַרבעט איך איבער שטאַרק. איבעראַרבעטן — דאָס איז מײַן חלאת! —

2) אין העברעיִש האָב איך געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס און מאמרים אויך אין יענער צײַט (אין „המליץ״ און נאָך ערגעץ, דאַכט זיך, יאָ, אין „הצפירה״), נאָר איך רעכן דאָס ניט פאַר קיין אַרבעט. —

3) פון חכמי אומות העולם האָבן אויף מיר געווירקט מער פאַר אַלע גאָגאָל, הײַנע, סוויפט, טעקערײ און דיקענס און סערוואַנטעס מיט זײַן דאָן קישאָט, פון וועלכן איך

בין קראַנק געוואָרן פֿאַר געלעכטער און די באַלעבאָסטע פון דער אַכסניה האָט געמיינט, איך בין געווירט פונעם זינען, געוואָלט שיקן נאָכן דאָקטער. — איך בין אײַך, חלילה, נישט מגזים! —

4) פון די שפּעטערדיקע העברעישע זאַכן מײַנע ווייסט איר: אין „המליץ״ — „תמונות וצללים״ (סיפורים וציורים) 1889; אין „בית־עקד״ פון אַ מענטשן פון הורוויטש, אין „האסיף״ פון סאָקאָלאָוו (צווישן 1888 ביז 1890), נאָך דעם בײַ אײַך אין „פרדס״ אָנגעהויבן און נאָכדעם מיט אײַך אין איינעם דעם „קבורת סופרים״ (אלדד ומידד) און נאָך דעם אין „הדור״ (חבר־בר החצרוני — ראַבטשיק, 1901), אין „הצופה״ 1903 און אויף ווײַטער איז אם־ירצה־השם. —

5) אַזוי פיל, וויפל איך שרײַב דאָ, שרײַב איך אויך אין אַמעריקע אין דער דאָרטי־קער יידיש־זשאַרגאָנישער פּרעסע, און אויך פּיעסעס פאַרן יידישן טעאַטער, ספּעציעל פון זייערט וועגן, וואָס דאָ קאָן עס ניט אויפגעפירט ווערן. —

6) איבערזעצט אין אַנדערע שפּראַכן זײַנען מײַנע ווערק פיל אין רוסישן, אייניקע אין דײַטשן און אויך אין פּוילישן, און אין ענגלישן ווערן יעצט איבערגעזעצט די „קליינע״ מעשׂהלעך פונעם „יוד״. —

7) די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק״ האָב איך אַרויסגעגעבן 1887—1888, און איר ווייסט די ווערט פון דעם זשורנאַל. —

שלום־עליכם

N.B. איך האַלט פאַר איינע פון די ניצלעכסטע און נייטיקסטע זאַכן פאַר יידן אַצינד — צו באַקענען די פעלקער מיטן יידן און מיט זײַן מצב, און דאָס קאָן מען גרייכן נאָר דורכן איבערזעצן פון זשאַרגאָן אויף גוייִש אין גאַנצן אונדזער שיינע ליטעראַטור. דערפאַר גיב איך אַוועק אַזוי פיל צײַט אויף דער אויסגאַבע פון מײַן פרײַנד מאַקסים גאָרקי שיחיה און רעכן מיט דער צײַט איבערזעצן גאַנץ אַבראַמאָוויטש מיט נאָך ווערק אויף רוסיש און אויך מײַנע אייגענע געקליבענע פון זיי, אונטער מײַן רעדאַקציע. מע האָט שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן, און צו גאָט אַ האָפענונג, אַז איך וועל מײַן אידייע דורכפירן ווי עס געהער צו זײַן.

## 487. צו מרדכי ספּעקטאָר

קיִעוו, 8טן נאָוועמבער 1903

ברודער ספּעקטאָר!

ווי איך האָב דיר צוגעזאָגט, שיק איך דיר דעם פעליעטאָן מיטן נאָמען

לאַטקעס של חנוכּה

אַ געשאַנק דיר פאַר דײַן באמת גוט־פרײַנדשאַפט צו מיר. האָב קיין פאַראיבל ניט, ליבער „אמת״, וואָס אַזאַ געמיינע מתּנה. אפשר ווינציקלעך באַפּוצט? ס׳איז געוועזן צו ווייניק צײַט אויף צו אַרומשלײַפן, ווי איך האָב ליב און ווי דער זיידע מענדעלע הייסט. ווי עס

האָט זיך אַרויסגעגאָסן פונעם האַרצן, אַזוי האָב איך עס דיר אָוועקגעשיקט, קיין צײַט געהאַט אַפילו איבערשרײַבן נאָך אַ מאָל — און הײדאַ, מאַרש קיין וואַרשע!

אַ גוטן תּמיד דיר!

שלום־עליכם

פּ.ס. — גלײַכער וואָלט זײַן, זאָלסט ניט רײַסן אויף צווייען און אָפּדרוקן אין איין נומער (אפשר אין דעם לעצטן פונעם יאָר?). צו קליין פאַר צוויי פעליעטאָנען און נישט גוט האַלבירן אַזאַ בילד — עס ווערט אַ סך פאַרפאַלן. —

## 488. צו אויגוסט שאָלץ

קיִעוו, 27/14 נאָוועמבער 1903

פיל געערטער הער רעדאַקטאָר!

איך בעט אײַך זייער אָננעמען די פאָלגנדיקע באַמערקונגען פון אײַער געאַכטעטער צײַטונג.

הײַיאָר זומער האָט גראַף לעוו טאָלסטאָי מיר איבערגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט פון דרײַ נײַע לעגענדעס, וועלכע ער וויל פאַרעפנטלעכן צו הילף די געראַטעוועטע קרבנות פון קעשענעוו און האָמעל. די דאָזיקע „דרײַ לעגענדעס" וועלן זיך באַווײַזן אײנצײַטיק אין משך פון דעצעמבער חודש אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, ווי אויך אין מײַן איבער־זעצונג אויפן ייִדישן זשאַרגאָן אין די אויטאָריזירטע אויסגאַבעס, די הכנסה פון וועלכע איז באַשטימט פאַר די אויבן דערמאָנטע צוועקן. די דײַטשישע אויסגאַבע פאַרווירקלעכט אויגוסט שאָלץ, גאָרקיס איבערזעצער. איך בעט די הערן רעדאַקטאָרן פון דער דײַטשי־שער פּרעסע זײַן אַזוי ליבנסווערדיק און ניט דרוקן קיין אַנדער איבערזעצונג, נעמלעך די, וועלכע עס האָט פאַרעלייגט א. שאָלץ, ווײַל יעטווידע אַנדערע איבערזעצונג, אַחוץ פון אויגוסט שאָלץ, איז צו שטאַנד געקומען אויף אַ ניט רעכטמעסיקן אופן.

מיט אַכטונג

ס. ראַבינאָוויטש — שלום־עליכם

קיִעוו, 27/14 נאָוועמבער 1903.

## 489. צו וו. ג. טשערטקאָוו

28/15. 11. 1903

פיל געאַכטער ה׳ טשערטקאָוו!

עס דערנעענטערט זיך דאָס דערשײַנען פון די „דרײַ מעשׂהלעך". איך וואָרן אײַך וועגן דעם. איך מיין, אַז אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער (לויטן אַלטן סטיל). אָבער איבער אונדזערע צענזורישע באַדינגונגען קאָן עס זיך פאַרציִען ביזן 28/15 דעצעמבער אָדער שפּעטער. איך רעד וועגן דער ייִדישער אויסגאַבע. וואָס שייך דער רוסישער

אויסגאַבע (אין מאָסקווע), האָט דער מאָסקווער צענזאָר ניט דורכגעלאָזט. מ׳איז אַוועק־געפאָרן זיך משתדל זײַן קיין פעטערבורג. איך בעט אײַך דאָס האָבן אין זינען און מיר ענטפערן אויף דעם דאָזיקן בריוו.

ס. ראַבינאָוויטש

אַ רוף וועגן צדקה אינעם ביכל גופא האַלט איך פאַר ניט אין גאַנצן אַנשטענדיק. אַן אַנדער זאַך — רעקלאַמירן די בראָשור אין די צײַטונגען. און וואָס הערט זיך מיט דער פראַנצייזישער אויסגאַבע?

## 490. צום זעלבן

1903 .12/11 .5/22

פיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

איך האָב די מעגלעכקייט צו מיטטיילן אײַך וועגן דעם ענדגילטיקן טערמין פון אַרויסלאָזן ל. נ. טאָלסטאָיס „מעשׂהלעך״: דעם 28 דעצעמבער, מאָנטיק (ד״ה אָנהייב פונעם 15טן).

צו וויסן געבנדיק אײַך וועגן דעם, בעט איך דאָס נעמען אין אַכט בײַם פאַרעפנט־לעכן אײַערע אויסגאַבעס, וועלכע דאַרפן זיך באַווײַזן ניט פריִער פונעם 28 דעצעמבער.

איך גיב צו, אַז אונדזער צענזור האָט אין גאַנצן פאַרבאָטן איינס פון די דרײַ מעשׂהלעך, אַזוי אַז עס זײַנען געבליבן בלויז צוויי מעשׂהלעך. אויב אַ וועלכע ניט איז אויסלענדישע אויסגאַבע וואָלט זיך באַוויזן אין רוסלאַנד פאַרן טערמין, וואָלט עס געבראַכט צו אַן ענדגילטיקן פאַרבאָט פונעם טיראַזש פון טאָלסטאָיס בראָשור, און איר פאַרשטייט, וואָס עס וואָלט דערפון זיך באַקומען. איך בעט אַן ענטפער.

מיט כּבוד
ס. ראַבינאָוויטש

צי האָט איר געשריבן קיין פאַריזש?

P.S. צי וואָלט איר ניט געוועזן אַזוי גוט און געבן צו וויסן דעם ה׳ מאָאָד, הגם איך שרײַב דירעקט אויך אים.

## 491. צום זעלבן

1903 .12/11 .10/27

פיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

איך האָב אײַך הײַנט טעלעגראַפירט זיך צואײַלן מיט דער אויסגאַבע צום 14/1 דעצעמבער, ווײַל אײַער פראַנצייזישער איבערזעצער אָדער פאַרלעגער האָט — אוי וויי! — מיסגעברויכט מיט אײַער צוטרוי און האָט זיך דערלויבט אין דער פראַנצייזישער צײַטונג „Temp״ אָפּדרוקן טאָלסטאָיס ערשט מעשׂהלע (אַלנפאַלס, ווייס איך וועגן איינס

— „אַסאַרכאַדאָן"). ווען כ'האָב זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָב איך שיער ניט געחלשט. דאָס ערשטע, וואָס כ'האָב געטאָן, — איך האָב טעלעגראַפירט אין אַלע ערטער: קיין מאָסקווע, וואַרשע (די יידישע), בערלין און ענגלאַנד, מע זאָל צואײַלן צום 14/1. דער אומגליק איז נאָך אין דעם, וואָס דעם רוסישן אָריגינאַל האָט פאַרהאַלטן דער צענזאָר, דעם יידישן אויך. און פּלוצעם באַווײַזט זיך די פּרעמדע איבערזעצונג אין רוסלאַנד פריִער, איידער אונדזער אָריגינאַל. הכּלל, איך בין דערהרגעט, פאַרניכטעט! שרײַבט, איך בעט אײַך, ווער איז אײַער איבערזעצער אין פּאַריזש און דער פאַרלעגער? און וואָס הערט זיך בײַ אײַך? איך וואַרט.

אײַער ס. ראַבינאָוויטש

ביטע, שיקט מיר צו אין פאַרמאַכטע קאָנווערטן 1 עקז' פון אײַער איבערזעצונג.

## 492. צום זעלבן

29 נאָוועמבער (12 דעצעמבער) 1903

פּיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

נאָר וואָס דערהאַלטן אײַער צווייטע טעלעגראַם, אין וועלכער איר טיילט מיר מיט, אַז ס'האָט זיך, ווײַזט אויס, באַקומען אַ מיספאַרשטייעניש און אַז איר האָט טעלעגראַפירט קיין פּאַריזש, מע זאָל פאַרהאַלטן דעם אַרויסלאָז. אוי ווײ! דאַכט זיך, אַז ניט קיין מיספאַרשטייעניש איז דאָ, נאָר פּשוט אַ שווינדל מצד אײַער פראַנצייזישן איבערזעצער, וואָס זײַן נאָמען האָט איר פאַרגעסן מיר מיטטיילן. בײַ עמעצן האָב איך באַוויזן זיך צו דערוויסן, אַז פון דער צײַטונג „Temp" האָט איבערגעזעצט איין (דאָס 1טע) מעשׂהלע אויף רוסיש פאַר אַ רוסישער צײַטונג וו. בינשטאָק (פאַרן 5טן פונעם נײַעם סטיל). כ'האָב מורא, אַז אין „Temp" אָדער אין אַנדערע זשורנאַלן זײַנען שוין אָפּגעדרוקט אויך די אַנדערע צוויי, וועלכע וועלן זײַן עקלהאַפט איבערגעזעצט אויף רוסיש, בפרט אַז דער רוסישער אָריגינאַל בײַ בולאַנזשע האָט געדאַרפט דערשײַנען בלויז צום 28/15 דעצעמבער, און איצטער, נאָך מײַנע דרינגנדע טעלעגראַמעס, איז אַ ספק, צי מע וועט באַווײַזן צו די ערשטע טעג פון דעצעמבער, וואָרעם די צענזור האָט פאַרהאַלטן די דאָזיקע „מעשׂהלעך" און האָט דערלויבט ערשט אין די לעצטע טעג און דערבײַ נאָר צוויי, דאָס דריטע האָט זי פאַרבאָטן.

נאָך מער! וואָס פאַר אַן ערגערניש וועט האָבן לעוו ניקאָלײַעוויטש, אויב ער וועט זיך דערוויסן, אַז זײַן ווערק איז איבערגעזעצט אויף רוסיש פון פראַנצייזיש פריִער, איידער [ס'איז פאַרעפנטלעכט] דער אָריגינאַל! און וויפל היזק וועלן מיר האָבן איבער אָט דעם שווינדלער! אונדזער יידישע זאַמלונג, ווידער איבער דער צענזור, וועט דערשײַנען בלויז צום נײַעם יאָר (אַלטער סטיל). איך בין שוין געצוווּנגען געווען צו טעלעגראַפירן אומעטום, מע זאָל אַרויסלאָזן די אויסגאַבע צום 15/1 דעצעמבער. אָבער וואָס פאַר אַ תּכלית, ווען געוויסע פענשמירערס זעצן שוין איבער פון פראַנצייזיש — צוליב זייערע גראָשנס פּטרן זיי אונדז הונדערטער, און מיר — דאָס בלוט און דאָס לעבן. איך בעט מיר מיטטיילן, ווער עס איז אײַער פראַנצייזישער איבערזעצער אָדער דער פאַר־

לעגער. ניט שוין זשע וועט עס אים אָפּגיין גלאַטיק? און איר האָט מיך פאַרזיכערט
מכּוח אײַערע אַרויסגעבערס, וואָרענענדיק מיך וועגן מײַנע דײַטשישע פאַרלעגערס,
וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַ סך אָרנטלעכער פון אײַערע פּראָנצוויזן, דער רוח זאָל
זיי נעמען!

איַיער ס. ראַבינאָוויטש

## 493. צום זעלבן

8(21). 12. 1903

פּיל געאַכטער וו. טשערטקאָוו!

אויף אײַער בריוו אײַל איך זיך צו ענטפערן, אַז „אַסאַרכאַדאָן", וועלכער האָט זיך
באַוויזן אין "Temp„ און איז איבערגעזעצט אין דער היגער צײַטונג, אונטערשיידט זיך
שאַרף פון מײַן וואַריאַנט. איך בין געוועזן איבעררראַשט, וואָס אַסאַרכאַדאָן, וועלכער האָט
פריִער זיך פאַרוואַנדלט אין לאַיִליִע, איז פּלוצעם מגולגל געוואָרן אין אַן אייזל! דאָס
באַטײַט אַ נײַער וואַריאַנט פון לעוו ניקאָלײַעוויטשן גופא, וועלכער האָט גלײַך אָנגע־
טראָפן קיין פאַריזש. גאָט זאָל מיך שומר־ומציל זײַן צו באַשולדיקן אײַך אין עפּעס וואָס.
דערנאָך האָבן אין פּעטערבורגער „נאָוואָסטי" אויך זיך באַוויזן 2 מעשׂהלעך פון
"Berliner Tageblatt". די „נאָוואָסטי" האָב איך נאָך ניט געזען. מאָרגן וועל איך
זען. דער איינצל־פאַרקויף פון די „נאָוואָסטי" איז מצד דעם מיניסטער פאַרבאָטן געוואָרן.
כ'האָב מורא: צי ניט פאַר דעם דריטן מעשׂהלע? די צענזור האָט פאַרבאָטן דעם
„פאַסרעדניק" „אַרבעט, טויט און קרענק". מאַאָדס אויסגאַבע האָב איך באַקומען. אײַערע
איז ניטאָ. איך וואַרט אויף אײַערע בריוו.

ס. ראַבינאָוויטש

## 494. צו מענדעלע מוכר־ספרים

קיִעוו, 17טן דעצעמבער 1903

אַ גוט־מאָרגן, זיידע־לעבן!

מזל־טוב מיט נאָך אַ קינד — „דער טאָג"! לאָז אים גאָט געבן אַריכת־ימים,
אויב די־ן־אָם וועט זײַן אַ גוטע זייגערין און אויב די ניאַנקעס וועלן אים ניט קאַליע
מאַכן, פאַרהאַדעווען און איבערהאָדעווען אים, צו־ן־אַל די שוואַרצע יאַר... אַ יושר איז,
נאָך מײַן מיינונג, אַז מע זאָל דעם „טאָג" באַגעגענען פײַן, מיט אַ ברייטן שלום־עליכם,
ווי דעם „פרײַנד". געזאָגט האָט מען מיר טאַקע, אַז איר האָט שוין צוגעזאָגט אַ מנה יפה
פאַרן „טאָג". דערויף געגרינדעט, האָב איך אויך אָפּגעשטעקט אים אַ שלום־עליכם און
האָב געזאָגט דעם ייִדן, ה' זאַבלודאָווסקי, וואָס וועט זײַן בײַ אײַך די טעג (ער איז אַ
גאַנץ לײַטישער ייִד), אַז ער זאָל זיך נוהג זײַן מיטן זיידן, ווי מיט אַ זיידן, און געדענקען,
אַז קיין סך זיידעס האָבן מיר ניט, סך־הכּל אַרום און אַרום, פון אַלע צדדים, נאָר איין
זיידן. לכן דאַרף מען אים אָפּהיטן, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג, און ניט שטעלן אין

שטאַל צווישן די פערד און ניט אונטערוואַרפן אים קיין ביסל היי — ווײַזן אַ היי אין סידור, וד׳ל... „קנאת סופרים תּרבה חכמה״ איז אַ גרויס וואָרט, הלוואַי זאָל גאָט געבן, אַלע יאָר זאָל געבאָרן ווערן אַ פרײַנד, אַ טאָג, אַ ווײַזלטיר, אַ פּיפּערנאָטער — אַבי אין יידיש־זשאַרגאָן, אַבי ס׳זאָל זײַן לײַטן גלײַך, ניט ייִדישלעך, ווי איר זאָגט.

די „פאָלקסצײַטונג״ נעבעך איז ניפטר געוואָרן די טעג. תנצב״ה. דער רעדאַקטאָר פונעם „טאָג״, לעאָן ראַבינאָוויטש, וויל זיך שאַנעווען, ווערן אויס רבנבץ, נאָר פּשוט ראַבינאָוויטש — לכן דאַרף מען אים אויפנעמען און זאָגן: מהיכא־תּיתי...

מײַן קליינוואַרג האָט זיך געזען מיט אײַער ווערויקל סאַשקע. קיין עין־הרע גוט געפּאַקט, זאָגן זיי, איז ער. זײַט געזונט, זיידע, און שרײַבט עפּעס אַ ביסל מער — ווי איר ווילט און וואָס איר ווילט, אַבי שרײַבט!

אײַער איבערגעגעבענער אייניקל שלום־עליכם

## 495. צו נח זאַבלודאָווסקי

7. 1. 1904

ידידי נ. זאַבלודאָווסקי!

איך האָב נאָר וואָס מקבל געווען אײַער בריוו פון יעק׳. עס ווײַזט אויס אַז איר האָט נאָך מײַן בריוו Rest Post קיין פּאָלטאַווע ניט דערהאַלטן. ווי באַלד איר פאָרט גאָר קיין יעק׳, הײַנט למאַי האָט איר מיך געהייסן שרײַבן קיין פּאָלטאַווע? בכלל טוט איר ניט פּראַקטיש מיט אײַערע אַדרעסן. איר מוזט אַלע פריִער מכריז זײַן דעם ריכטיקן אַדרעס.

איך האָב אַליין שוין מודיע געווען ווי דער רעדאַקטאָר האָט אויסגעהאַלטן ייִדישקייט לפנים משורת־הדין. וועגן דעם „טאָג״ נומער 1 האָב איך אײַך קיין ביאַליסטאָק שוין געשריבן, אַז ער איז וויסט און פינצטער ווי די נאַכט. גוואַלד, פאַר וואָס זענט איר ניט אין פּ״ב?!

הײַנט האָב איך נאָר וואָס באַקומען אַ בריוול פונעם זיידן. קאָן איך אײַך קיין סך ניט שרײַבן, איך דאַרף אײַך נאָר זאָגן, אַז אויב איר זענט דעם „טאָג״ אַ גוטער פרײַנד, זאָלט איר באַלד מקיים זײַן אַלץ וואָס דער זיידע פאָדערט — וועט זײַן רעכט על הצד היותר טוב!!!

פאַרשטייט מײַנע ווערטער און לאָז דאָס זײַן בחדר״ג.

ספּעקטאָר זיצט אַ פּנים פאַרשפּאַרט אין אַ קאַפּאָטע(?) און שרײַבט פאַרן „טאָג״ אַ נײַס, מחמת איך האָב ניט פון אים קיין ת״א פון דעמאָלט אָן.

ידידכם דו״ש

שלום־עליכם

מיטן זיידן דאַרפט איר פאַרכאַפּן וואָס פריִער און נעמען בײַ אים דאָס וואָס ער האָט נאָר וואָס אָנגעשריבן. געדענקט זשע, פּאַניע. איך שרײַב אײַך דאָס בסוד — קיין פויגל טאָר דערפון ניט וויסן. שטויסט זיך אָן וואָס איך מיין און טוט וואָס איך הייס.

## 496. צו מ. ספעקטאָר

קיִעוו, 2טן פעברואַר 1904

ברודער ספעקטאָר!

איך וואָלט דיר ניט געשריבן קיין בריוו. אַזוי האָב איך מיר פאַרגענומען, לכל־הפחות, אַ האַלב יאָר דיר קיין וואָרט ניט געשריבן, פאַר דײַן שיינעם אָוועקפּאָרן פון דאַנען מיט דײַן שטילשווײַגעניש פינף־זעקס וואָכן כּסדר. נאָר צוויי זאַכן, צוויי פאַקטן האָבן זיך געטראָפן, וואָס שרײַבן מוז איך דיר. איך בין דערצו געצוווּנגען.

1) — — —

2) אַ וויסטער, אַ פינצטערער, אַ בייזער, אַ מוראַדיקער, אַ שוואַרצער חלום אויף מײַנע שונאימס קעפּ! איך שמועס פון דײַן משוגענער, משונה אומגעלומפּערטער טראַ־געדיע, וואָס אינעם „טאָג״! דו מיינסט, איך לאַך, און איך רייד גאָר דווקא ערנסט: האָסט גענומען און האָסט זיך אויסגעשמירט מחילה מיט — — — דאָס גאַנצע פּנים — האָסט אָנגעטאָן אויף זיך אַ וויכעט מיט אַ פּאַפּירענעם קאָלפּאַק פון אַ פּורים־שפּילער, ווי אַ מין מאַנדריש מיט גלעקלעך, און ביסט אַרויפגעקראָכן אויפן שפּיץ דאַך פון דער קאַסריילעווקער באָד — — — און דאָס הייסט ספּעקטאָר האָט באַוויזן אַ קונץ, אַ מין סאַטיריקע — אײַנגעזונקען זאָלסטו ניט ווערן! איך ווייס ניט, וואָס דיר איז געווען: אָדער דו האָסט געגעבן אַ לעק יענעם טאָג פונעם ביטערן טראָפּן, ד״ה ביסט געווען בגילופין? אָדער אַ בושה פאַר לײַטן! סטײַטש, ספּעקטאָר, דער ספּעקטאָר פונעם „ראָמאַן אָן אַ נאָמען״, פון מעזשיבוזש, פון די „ייִדישע טעכטער״, פון „באַשײַנט די חתונה״ (דאָס לעצט איז דאָך טאַקע אַ צימעסל!) — דער אייגענער ספּעקטאָר גייט און פאַרקאַלעפּוצעט אַזאַ מין קוואַשע פון ציבעלע מיט אייער־שאָלעכץ, מיט קאַצנקויט און מיט געוועשעכץ פון קינדערשע ווינדעלעך — און עס הייסט הומאָר! סאַטירע! ווי קומסטו דערצו, דו בהמה בצורת פערד!? דאָס איז ניט דײַנס! דאָס דאַרף זײַן יאַ — ס! ווען סע שטייט ניט „אמת״, מיין איך, אַז דאָס האָט דער „טאָג״ עמעצן אַרײַנגעצימבלט אין „טאָג״ אַרײַן, אַ נײַעם מאַרשעליק, וואָס שטעלט זיך אַנידער מייקענען קיין עין־הרע אַזוי פיל, אַז מע קאָן חלשן! שווער מיר, ברודער, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל און דאָס לעצטע מאָל! זאָלסט האָבן אַ שטיקל קלעפּקע, וואָלסטו באַדאַרפט אָוועקשרײַבן צו די אַלע פערסאָנאַזשן בריוועלעך און בעטן בײַ זיי טויזנט מאָל מחילה און שווערן זיי בהן־צדק, אַז דו ביסט יענעם טאָג געווען ניט בהאי עלמא. אַנרירן לעבעדיקע פּערזענלעכקייטן באַדאַרף מען קאָנען און וויסן ווען און ווו און וועמען. האָסט מיר פאַרשוואַרצט, ברודער, דאָס פּנים. איך האָב דאָ אין קיִעוו געזאָגט אַלעמען, אַז כאָטש סע שטייט „אמת״, נאָר ס'איז ניט ספּעקטאָר, ס'איז איינער אַ נײַער מיטן נאָמען אַמיטין. אַצינד, אַז דו האָסט שוין באַקומען דאָס דײַניקע, נעם זשע, זײַ מוחל, צי אַרויף די תּחתּונימלעך, טו אַ קוש די רוט און זאָג: „אוי, רביניו! רביניו! ס'וועט שוין מער אַזוי ניט זײַן!״ — און זײַ מיר צוריק ספּעקטאָר פון די יום־טוב־דערציילונגען, פון די עכטע ייִדישע ייִדן און טעכטער, פון די חתונות מיט די אָרעמע מאַלצײַטן, דאָרט, ווו דו ביסט דו, — וועסטו זײַן מײַנער. אַניט ליג אין דער ערד (חלילה) און באַק בייגל.

דײַנער צו אַל די שוואַרצע יאָר אויף אייביק

שלום־עליכם

## 497. צום זעלבן

קיעוו, 4טן—5טן פעברואַר 1904

ברודער ספּעקטאָר!

נו, ווי אַזוי פילסטו זיך נאָך דער באָד, וואָס דו האָסט געכאַפּט פון מיר פאַר דײַן חנדל, וואָס דו האָסט אַרויסגעוואָרפן אינעם „טאָג", מיט דײַן וויסטער טראַגישער טראַגעדיע? איך מיין, אַז דו וועסט שוין פאַרזאָגן קינדסקינדער ניט קריכן אויף די ווענט און סוף־כל־סוף זאָגן מיר אַ דאַנק. די ערשטע צײַט וועסטו זיך אַ ביסל איבער־קאָכן, איבערקאָכן, איבערקאָכן און נאָך דעם וועסטו אַרויסנעמען דעם „טאָג", איבער־לייענען די קאָמעדיע דײַנע, זיך געבן שיינע צוויי פּעטש אין ביידע באַקן (פּוכקע באַקן בײַ דיר, דער רוח זאָל דיך נעמען — סאַמע גוט אויף צו פּאַטשן!) און זאָגן: פאַר וואָס האָב איך, בהמה, ניט אַ פרעג געטאָן בײַ מײַן שלום־עליכמען, צי זאָל איך שיקן אַזאַ מין „באַשעפעניש" אין דער רעדאַקציע — עס מעג זײַן אַפילו אין „טאָג" — נו, בקיצור, אַן עק — אויס טראַגעדיע. לאָמיר ריידן פון עפּעס פריילעכערס.

זע, ברענגען זאָלסטו, ווי דו אַרבעטסט זיך אָן שאָדן — און אויך מיר — דערמיט, וואָס דו ביסט אַ פּויליאַק, אַ לעזשניק, און שרײַבסט מיר ניט צו דער צײַט קיין בריוו! איך האָב געלייענט דעם „פרײַנד" נומער 27 — און ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן! איך האָב פון דעם פאַקט אַרויסגעזען אַ סך, אַ סך מער, ווי דו מיינסט: אוי וויי, מע וויל אונדז, ברודער, קירצן; מע וויל אונדז צאָלן פאַרן „טאָג". מע האָט דיר דעם נאָמען פון דײַנע „שטעט און שטעטלעך" איבערגעמאַכט אויף ליטוויש. מיר גלייבט זיך ניט, אַז ספּעקטאָר זאָל שרײַבן פון יידישן לעבן. ספּעקטאָר זאָל שוין אַליין וועלן איבערמאַכן זײַנע „שטעט און שטעטלעך", וואָלט ער געשטעלט אָדער אַן אַנדער נאָמען, אָדער אויב אַזוי, וואָלט ער געשריבן: פּוגעם יידישן לעבן. הײַנט דאָס קורצקייט! גוואַלד, וואָס טוט זיך דאָ?! אויך פון מײַנער אַ קאָרעספּאָנדענציע, וואָס איז געווען ניט קיין קאָרעספּאָנדענציע, נאָר אַ פעליעטאָן (געחתמעט „אַ בעל־מלאָכה"), האָבן זיי אַראָפּגעכאַפּט דעם קאָפּ, אָפּגעשניטן די הענט מיט די פיס און איבערגעלאָזט נאָר אַ בײַכל מיט אַ פּופּיק, מיט עפּעס נאָך — און גיי טו זיי עפּעס! דאָס ערשטע מאָל אויף מײַן לעבן כּמעט האָט מען מיר געמאַכט אַזאַ מין אָפּעראַציע, אָן מײַן וויסן! איך האָב, מאָל דיר, געגוג געשריבן, געקאַוויטשעט ווי אַ דבר־אחר — האָט מען מיר אַפילו ניט געענטפערט, איך האָב כּמעט אַ חודש ניט געשריבן, ווי דו ווייסט, אין „פרײַנד" — איצט שרײַב איך ווײַטער, ווי דו וועסט אין גיכן מסתּמא זען. —

און דער „טאָג" — יענער טאַנצט גאָר ווי אַ מאָדנע בחור אויף דער חתונה, שפּרינגט האָפּ־האָפּ — טאָמער ווייסטו וואָס! קיין רעדאַקטאָר איז, אַ פּנים, דאָרט נישטאָ און סע וועט ניט זײַן, אַהין אַ בריוו — איז פּונקט ווי אויף יענער וועלט צו דער באָבען! ס'איז שלעכט, ברודער, ביטער ווי גאַל! הײַנט די שפּראַך! די ליטוואַקעס, גוואַלד, זיי זײַנען ערגער פון די יאַפּאַנער! זיי האָבן זיך גענומען אויף אונדזער „בידנעם" זשאַרגאָן, ווילן אים דערגרייכן די יאָרן! — און דאָרט אין אַדעס האָט מען געשמועסט עפּעס פון אַ „צײַט" — און דאָס וואָלט געווען אַ ישועה פאַר אונדזער אָרעמען זשאַרגאָן — גייסטו, פּויליאַק איינער, און מאַכסט דאָס אַוועק מיט דער האַנט און קומסט אָפּ מיט צוויי ווערטער: ניטאָ קיין „צײַט" אין אַדעס! — ווייסט דיך דער גוטער יאָר: ביסט דאָך נאָך ניט אַלט

קיין זעכציקער, וואָס ביסטו געוואָרן אַזוי לעפּיש, אַזוי אַפּאַטיש, משונה שלעפעריק. איך, אַז איך וועל אַ מאָל זײַן אַזוי ווי דו אַצינד, איז סײַדן נאָר דעמאָלט, ווען איך וועל אָדער האָבן אַ סך געלט, אָדער בשעת איך וועל האַלטן בײַם געזעגענען זיך מיט דער נאַרישער וועלט. ריר זיך, ברודער! שטיי אויף, ספּעקטאָר! שטיי אויף, נו!

דײַן שלום־עליכם

## 498. צו וו. ג. טשערטקאָוו

1904 .2 .23/10

פילגעאַכטער וו. טשערטקאָוו!

איך שיק אײַך אַרויס איין עקזעמפּלאַר פון אונדזער „זאַמלבוך" (דעם ייִדישן) און בעט אײַך גנעדיק איבערגעבן דעם הער ראַפּאָפּאָרט אין לאָנדאָן אויף אַן אָפּרוף, ווײַל איך האָב ניט אין דעם מאָמענט אונטער דער האַנט זײַן אַדרעס.

צוזאַמען דערמיט גיב איך אײַך צו וויסן, אַז איך האָב באַצײַטנס באַקומען אויך אײַער אויסגאַבע פון די „מעשׂהלעך", וועלכע איז, פאַרשטייט זיך, אַ סך גלענצנדיקער, איידער אונדזער רוסיש־ייִדישע. נו, אַוודאי, רוסלאַנד איז ניט ענגלאַנד, און וואַרשע איז ניט לאָנדאָן. וועגן דעם, אַז איר האָט איבערגעשיקט דעם בוך, בעט איך מיר געבן צו וויסן.

וואָס איז דער גורל פון אײַער אויסגאַבע? צי איז זי זיך צעגאַנגען, ווי מיר אַלע האָבן עס געוווּנטשן?

פון פּאַריזש האָב איך באַקומען פון עמעצן אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט 440 פראַנק, נאָר אָן אַ וועלכן ניט איז בריוו. איז דאָס ניט לויט אײַער פאַראָרדענונג?

איך וואַרט אויף אײַער ענטפער און בלײַב מיט טיפער אַכטונג.

ס. ראַבינאָוויטש

## 499. צו אויגוסט שאָלץ

קיִעוו, 15. 4. 1904

פילגעערטער אויגוסט קאַרלאָוויטש!

איך דאַנק אײַך פאַר דער מיטטיילונג, כאָטש זי האָט פאַרשפּעטיקט, און באַזונדערס פאַר די ביכלעך. זיי זײַנען אַרויסגעגעבן אויפן העכסטן גראַד פּראַכטפול, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אויסגאַבע. ווײַזט אויס, איר האָט דערצו צוגעלייגט ניט ווייניק מי און ענערגיע, פאַר וואָס אײַך קומט רום. אַ שאָד, וואָס פאַר אײַך וועט אונדזער (ייִדישע) אויסגאַבע זײַן אַ terra inkognita, אַנדערש וואָלט איך אײַך צוגעשיקט אַן עקזעמפּלאַר. אַוודאי, צי קאָנען מיר, אין רוסלאַנד, קאָנקורירן מיט אײַך, גערמאַנצעס? נאָר אין אונדזער ייִדישער פאַרלאַגוועלט קאָן אונדזער זאַמלבוך זיך רעכענען פאַר אַ מוסטערהאַפטן.

צי קאָנט איר, פילגעערטער, נעמען אויף זיך די טירחה און איניציאַטיוו איבער־

צוזעצן עפעס־וואָס פונעם יידישן שטייגער (פונעם שוין איבערגעזעצטן אויף רוסיש, וואָס איך לייג דערבײַ צו) און אָפּדרוקן אין אַן אַלגעמיינעם דײַטשישן זשורנאַל (ניט אין קיין יידיש־דײַטשישן). עפּעס־וואָס איז שוין איבערגעזעצט אויף דײַטש פון אַנדערע מײַנע ווערק. ניט לאַנג צוריק — אין „Judisches Volksblatt" (Wien, 11/3 hengsstr. 4) אין די נומערן 14, 15 און 16 פון 1, 8 און 15 אַפּריל 1904.

וואָס שייך דער פראַגע, דורך וועלכן באַנק איבערשיקן געלט, איז בעסער פון אַלץ דורכן (רוסישן אויסערהאַנדל־באַנק, קיִעווער Russische Bank für Auswirtüge Handel אָפּטיילונג). אין בערלין איז פאַראַן זײַן אָפּטיילונג אָדער אַגענטור.

ווארט איך אויף אײַער גיכן ענטפער —
ס. ראַבינאָוויטש

P.S. די בײַגעלייגטע נומ' נאָכן אויסניצן זיי, בעט איך אומקערן. דערווײַל שיק איך אויף אָפּצוקלײַבן 5 זאַכעלעך. אונטער אײַער פען וועלן זיי, האָף איך, אַרויסגיין אויסגעצייכנט.

## 500. צו נח זאַבלודאָווסקי

4. 5. 04[19]

ליבער פרײַנד זאַבלודאָווסקי!

איך שיק צוזאַמען מיט דעם בריוו נאָך 4 קאַפּיטלעך „דעפּוטאַציע". נאָר וואָס וועט זײַן? אַז מע וועט אַזוי געבן אין אַזעלכע מינים בײַלאַגעס איין מאָל אין חודש איז קיין שום פּלאַן ניט, סײַדן איר וועט אײַנפירן אַז אַלע וואָך בלי תּירוץ (ווי „דער פרײַנד") אַ בײַלאַגע.

הײַנט איז פּונקט אַ חודש זינט איך האָב אײַך אַרויסגעשיקט די ערשטע 4 קאַפּיט־לעך! איך האָב נאָך די בײַלאַגע ניט געזען. ערשט מאָרגן וועלן מיר שוין האָבן די ערע אָנצוקוקן די בײַלאַגע!

הײַנט פאַר נאַכט האָב איך באַקומען פון אײַך ווידער אַ בריוול. אַ דאַנק אײַך וואָס איר שרײַבט. וואָס וויל פון מיר דער שקאָלניק? לאָז ער שוין שרײַבן. וועלן מיר האָרכן.

פאַר וואָס שרײַבט איר ניט אײַערע ווײַטערדיקע בילדער. אויב איר האָט, שעמט אײַך ניט און שיקט מיר צו. פאַר אײַך איז בײַ מיר תּמיד פאַראַן צײַט — איר ווייסט דאָס גאַנץ גוט. איך האָב ליב מענטשן. און אין אײַך האָב איך געפונען מענטש — און דאָס מין איז הײַנט די טײַערסטע סחורה אין דער וועלט. פאַראַן קלוגע, פאַראַן נאַראָנים, פאַראַן טאַלאַנטן, פאַראַן קאַליקעס, פאַראַן זשעניען און פאַראַן פּוליאַקעס, פּאַרכעס, פּוסטע בחורים, פײַנע בריאות, קנאַקערס, פײַפערס, מלמדים, בטלנים און נאָך און נאָך — נאָר מענטשן — אוי ווײ, ווינציק — ווינציק מענטשן!

אויף ווידערזען, אײַער

שלום־עליכם

כ'האָב נאָר וואָס געקויפט דעם „טאָג" און בין נבהל ונשתומם געוואָרן! 1 קאַפּיטל אין 4 וואָכן?! אַלע בייזע, וויסטע, פינצטערע חלומות אויף די שונאימס קעפּ!

למע"ה: אַריבערטראָגן „די דעפּוטאַציע" אין בלאַט און דרוקן ניט ווייניקער ווי 2 מאָל אין וואָך! דער „פריַינד" גיט „די בהלה" 2 מאָל צו 2 קאַפּיטלעך, ד"ה צו 4 קאַפּיטלעך אַ וואָך. אויב איר וועט געבן 1 קאַפּיטל אין 4 וואָכן, הייסט דאָס 4×4=16 חלקים!! דער בן־עיר פון ביאַליסטאָק (53) זענט ניט איר?

## 501. צום זעלבן

[19]04 .5 .4

ידידי זאַבלודאָווסקי!

פּע־פּאַסקודנע! זייער מיאוס!

1) פונעם „טאָג" שריַיבט מען ניט קיין 1/2 וואָרט אַפילו.

2) קיין געלט שיקט מען ניט (שוין היַינט מיטוואָך, 4 אָקעגן 5 — און שאַ!).

3) איך האָב אייערנעכטן געדעפּעשירט אין רעדאַקציע — ענטפערט מען ניט.

4) אַ דעפּעש האָב איך פון דער רעדאַקציע דווקא יאָ באַקומען: איך זאָל שיקן אַ פורים־פעליעטאָן — און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט (דווקא ניט אויסגעטאָן די קאַפּאָטע) און האָב צוגעגרייט שוין איין מאָל אַ פעליעטאָן!

5) דעם „קאָמפּאָט" האָבן זיי איבערגעריסן אין מיטן ווײַל זיי האָט עפּעס אַ טיפּש פון ערגעץ געשריבן, אַז מע דאַרף ניט.

6) יענע וואָך קומט מיר אָן אַ בריוו פון ה' ציטראָן מיט אַן אַרטיקל קעגן מיַין „קאָמפּאָט" פון עפּעס איינעם אין ראָסטאָוו, איך זאָל ענטפערן דערויף, וועלן זיי דרוקן זיַין בריוו מיט מיַין ענטפער. צום סוף האָבן זיי יענעמס בריוו אָפּגעדרוקט און מיַין ענטפער ניט.

7) אַלע וואָך האָב איך פון זיי אַן ערגערן סקאַנדאַל, און איר שריַיבט ניט, און זענט ניטאָ — פּע, ברודער, פּאַסקודנע!

איַיער איבערגעגעבנסטער

שלום־עליכם

## 502. צום זעלבן

[19]04 .5 .10

ידידי!

קיין בריוו שריַיבט מען ניט.

קיין געלט שיקט מען ניט!

איך האָב געטעלעגראַפירט — ענטפערט מען ניט.

מע טוט מיר צום טויט.

הײַנט האָב איך אײַך דורך דער רעדאַקציע — אַ קאָנווערט אין אַ קאָנווערט — געשיקט אַ בריוו — זוכט אים דאָרט!
מאַכט אַן עק — ס'איז פע! חלשות!
שלום־עליכם

## 503. צו אויגוסט שאַלץ

קיִעוו, 21. 5. 1904

נאָך דעם, ווי איך האָב אײַך אָפּגעשיקט מײַן קאַרטל אונטערן נומער 299, האָב איך באַקומען אײַער בריוו פונעם V.29/16. איך באַדויער זייער, וואָס איר האָט ניט קיין מעגלעכקייט זיך נעמען פאַר דער איבערזעצונג פון אייניקע מײַנע זאַכן. איך וויל האָפן, אַז יעדן פאַלס, אין דער מער־ווייניקער נאָענטער צוקונפט, וועט איר זיך באַמיִען פון דעסטוועגן איבערזעצן עפּעס־וואָס פונעם יִידישן זשאַרגאָן פאַר דער אַלגעמיינער דײַטשישער פּרעסע. עס פרייט מיך, וואָס איר וועט שרײַבן אַן אַרטיקל וועגן דער יִדישער (זשאַרגאָנישער) פאָלקס־ליטעראַטור, און בין גרייט אײַך געבן אייניקע מאַטע־ריאַלן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט, כאָטש ס'איז מיר ניט אין גאַנצן קלאָר, ווי אַזוי איר וועט שרײַבן וועגן אַ ליטעראַטור, וועלכע איר האָט ניט געלייענט ניט אין אָריגינאַל, ניט אין דער איבערזעצונג. און אפשר האָט איר יאָ געלייענט, און איך ווייס ניט וועגן דעם. אין קורצן קאָן איך אײַך געבן אַן אויבנאויפיקע פאַרצייכענונג וועגן דעם צושטאַנד פונעם יִידישן זשאַרגאָן פאַר די לעצטע 25—30 יאָר.

אַלס ערשטן ערנסטן שרײַבער דאַרף מען האַלטן דעם טאַלאַנטפולן און טיפן שעפער — בעלעטריסט, הומאָריסט ש. אַבראַמאָוויטש, דעם אויטאָר פון אויסטערלישע ווערק, ווי „די קליאַטשע", ווײַטער — „פישקע דער קרומער" און אַנדערע אומשטערבלעכע שאַפונגען, וועלכע וועלן זיכער ווען ניט איז איבערגעזעצט ווערן אויף די אייראָפּעיִשע שפּראַכן און וועלן זיכער באַשײַנען מיט זיך אַ באַליביקע ליטעראַטור. זיך גופא האַלט איך פאַר (זײַנעם) אַ דירעקטן שילער (ניט קיין עפּיגאָן), וואָס גייט פּוסטריט נאָך אָט דעם גרויסן הומאָריסט, ווען מען איך האַלט פאַר אַן אומדערגרייכבאַרן געני, אַזאַ ווי ער איז, וועלכן ס'איז אוממעגלעך צו קאָפּירן. אַ שאָד, וואָס איר קענט ניט געניסן פון דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן קוואַל...

מײַן ליטעראַרישע קאַריערע האָב איך אָנגעהויבן אין אַ שפּאַס מיט אַ יאָר 20—21 צוריק, אַרויסטרעטנדיק מיט פאַרוויַילנדיקע פעליעטאָנען און הומאָריסטישע דערציי־לונגען פונעם פאָלקסלעבן אין דער רוסיש־יִדישער געטאָ. איך זאָג — „אין אַ שפּאַס", ווײַל, לויטן קאַפּריז פון דער פאָרטונע, בין איך אין איין שיינעם פרימאָרגן געוואָרן אַן אייגנטימער פון אַ גאַנץ היפּשן פאַרמעגן (וואָס איז, אַגב, מיר ניט געווען מזלדיק). אין גיכן אָבער האָט די קריטיק געלייגט אַכט אויף אָט די פריילעכע און שפּיציקע זאַכעלעך און גענומען מיך סטימולירן דערצו, איך זאָל פאַרזעצן אין דעם זעלבן גײַסט. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן, ווי מע זאָגט, אַ שטענדיקער געשוואָרענער פעליעטאָניסט אין דער דעמאָלט איינציקער יִידישער צײַטונג „דאָס יִדישע פאָלקסבלאַט" (אַרויסגע־

בער — צעדערבאום, סאַנקט־פּעטערבורג), און אין גיכן האָב איך שפּעטער אַליין געגרינדעט (דער ערשטער) אַ דיקן זשורנאַל „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק“, וועלכע האָט, צום באַדויערן, עקזיסטירט בלויז 2 יאָר. נאָך דעם האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין פרעמדע ייִדישע זשורנאַלן: דער „הויז־פרײַנד“, „דער וועקער“, „דער ייִד“, די „יודישע פאָלקס־צײַטונג“, „דער פרײַנד“ (1903), „דער טאָג“ (1904), ווי אויך אין לאָנדאָנער „ענד עקספּרעס“, ניו־יאָרקער „טאָגע־בלאַט“, „צוקונפט“, „פילאַדעלפיער שטאַאַט־צײַטונג“ און אין אַנדערע אויסלענדישע אויסגאַבעס אויף זשאַרגאָן. (איך רעד ניט וועגן העברעיִשע זשורנאַלן, אין וועלכע איך שרײַב נאָך ביז איצט). אַ סך מײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט און געדרוקט אויף רוסיש אין אַלגעמיינע און אין ייִדיש־רוסישע זשורנאַלן. וואָס שייך דעם כ א ר א ק ט ע ר פון דער מערהייט פון מײַנע ווערק, האָב איך, אויסער עטלעכע גרעסערע דערציילונגען און ראָמאַנען (איבערגעזעצטע אויף רוסיש, פּויליש און דײַטש) — „סטעמפּעניו“, „יאָסע־לע סאָלאָוויי“, „טביה דער מילכיקער“, „מנחם־מענדל“, „קליינע מענטשעלעך“ און אַנד׳. אָנגעשריבן בײַ די הונדערט קורצע הומאָריסטישע שטייגער־דערציילונגען, טיילווײַז וועגן דעם לעבן פון ייִדישע קינדער פון שולעלטער, טיילווײַז וועגן דעם לעבן פון ייִדישע קבצנים, אַ לעכערלעך־פריילעכס און אומענדלעך טרויעריקס. איך דאַרף צוגעבן, אַז גאָט האָט מיר געשענקט טאַלאַנט, ווי עס אָנערקענען מענטשן, צו פ א ר ל י י ע נ ע ן עפנטלעך מײַנע ווערק (איך טרעט אָפט אַרויס מיט אַפּוטרופּסות־צוועקן אויף אָוונטן), און אָט, פאַרלייענענדיק, צווינג איך דעם עולם זיך קאַטשען פון געלעכטער, און אין דער זעלבער צײַט שלאָג איך אַרויס ניט איין טרער און ניט איין זיפץ איבערן שוידערלעך־טרויעריקן און העכסט לעכערלעכן גורל פון מײַנע אומגליקלעכע ברידער אין דער רוסישער געטאָ... אַזאַ איז די אייגנשאַפט פון מײַן שרײַבערײַ בכלל. ריידן אָבער וועגן דער קינסטלערישער ווערט ק אָ ן א י ך, געוויינלעך, ניט. ווען איר וועט שרײַבן דאָס אַרטיקל, וואָלט ניט געשטערט, כאָטשבי אַלס מוסטער, איבערזעצן אויף דײַטש אַ וועלכן ניט איז מאַנאַלאָג, למשל „דאָס טעפּל“, וועלכער האָט זיך באַוויזן אין גליקמאַנס אויס־געצייכנטער איבערזעצונג אינעם רוסישן זשורנאַל „יעווריסקאַיאַ זשיזן“ פאַרן 1904, בוך 1. (איך האָב ספּעציעל פאַר אײַך אויסגעשריבן פון פּעטערבורג אָט דאָס ביכל). אָנגעהויבן אָבער שרײַבן האָב איך גאַנץ פרי, אין 20־יאָריקן עלטער, קומט אויס, אַז איך בין נאָך ניט קיין גאָר אַלטער מענטש. מיט אַ יאָר 2 צוריק האָט מאַקסים גאָרקי זיך געשטעלט אַ ציל איבערצוזעצן אויף רוסיש און אַרויסגעבן אין אַ באַזונדערן בוך מײַנע ווערק און ווערק פון אַנדערע זשאַרגאָנישע אַוטאָרן — אַבראַמאָוויטש, פּרץ, ספּעק־טאָר, פּינסקי, נאָמבערג, רייזען, קאָברין און מאָריס ראָזנפעלד (אַמעריקע). די אויסגאַבע האָט זיך אַ ביסל פאַרהאַלטן, אָבער זי וועט זײַן.

איצט וועגן אַנדערע מײַנע קאָלעגן.

וועגן אַבראַמאָוויטשן האָב איך שוין דערמאָנט אויבן. דאָס איז אַן ערשטקלאַסיקער קינסטלער, דיכטער און דענקער. פּרץ צייכנט זיך באַזונדערס אויס מיט זײַנע וווּנדער־לעכע סימבאָלישע דערציילונגען פונעם חסידים־שטייגער. ספּעקטאָר איז זייער אַ האַרציקער דערציילער, אַן ערנסטער און זייער אַ פ א ל ק י ש ע ר. פּינסקי, נאָמבערג און קאָברין זײַנען נאָוועליסטן פון אַ געוויסן דעקאַדענטישן שניט. רייזען איז דער זינגער

פון די אָרעמע מאָסן. מאָריס ראָזנפעלד, אַ פּאָעט־עמיגראַנט, אַ געוועזענער שניַידער, איז אַ סאַמאָראָדנער טאַלאַנט, וועלכער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון רוסלאַנד און זיך באַוויזן אין דער פריַיער אַמעריקע. מע וואָלט געדאַרפט דערמאָנען וועגן דעם ה׳ דינעזאָן, אַן אומגעוויינלעך מילדן און ליבנסווערדיקן שריַיבער, וואָס די שאַפונגען זיַינע בליצן ניט, צום באַדויערן, מיט גרויסן טאַלאַנט, נאָר דערפאַר זיַינען זיי דורכגעדרונגען מיט איבערגעגעבענער ליבע צו די מאַסן. ס׳איז פאַראַן נאָך איינער, וואָס טראָגט די זעלביקע פאַמיליע, ווי איך, און שריַיבט אונטערן פּסעוודאָנים בן־עמי — אַ גרויסער ראַדיקאַל און אמת־זוכער. און אויך די גאַנץ באַגאַבטע דערציילערס שטיינבערג און אַש.

אַלס קאָלאָסאַלן שאָטן, וואָס פאַלט פון די שטראַלן פון דער יידישער פאָלקסמוזע, דאַרף מען אָנערקענען די זייער פאַרשפּרייטע מאַקולאַטור, אַ גאַנצן ים פון געקינצלטע, העסלעכע גאַסן־ראָמאַנען פון אומבאַוווסטע טאַלאַנטלאָזיקייטן, וועלכע דרוקן זיך אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן און קעגן וועלכע מיר פירן אַ ראַדיקאַלע מלחמה סיַי דאָ, סיַי אויך אין אַמעריקע. אָבער וואָס פאַר אַ ליטעראַטור איז פריַי פון די דאָזיקע פּאַראַזיטן?

איך האָב, דאַכט זיך, געזאָגט אַלץ, וואָס מע האָט געקאָנט זאָגן אין אַ קורצן, אייבערפלעכלעכן איבערבליק. דאָס איבעריקע לאָז איך איבער פאַר איַיער קאָמפּעטענטער און דערפאַרענער האַנט.

אַל דאָס בעסטע!

ס. ראַבינאָוויטש

P.S. צי דאַרף איך איַיך בעטן, איר זאָלט מיר צושיקן עטלעכע עקזעמפּלאַרן פון איַיער אַרטיקל?

## 504. צו י. ח. ראַווניצקי

קיִעוו, ערב ראָש־השנה ה׳תרס״ה [29סטן אויגוסט 1904]

מיַין נאַריש ליטעראַריש באַרבאַריש עגאָיִסטל!

איך שיק איַיך דורך אַ באַנדעראָל (זאַקאַזנאָיע) דעם „רב מיט דער רביצין״. האָט קיין פּאַראיבל ניט, וואָס אַ ביסל פריִער פאַר דער ציַיט. גערעדט האָבן מיר אויף ערב סוכות, און איצט האָבן מיר ערשט ערב ראָש־השנה. וואָס זאָל איך טאָן, אַז כ׳האָב געהאַט כמעט אַ וואָך אַ פריַיע, דער עולם האָט זיך געקליבן פון דער דאַטשע, און איך האָב בדרך־הליכה דערוויַיל אַריַינגעכאַפּט אַ פּאָר פעליעטאָנטשיקעס: אַ „וויַיסע כּפּרה״ אויף ערב יום־כּיפּור („פריַינד״) און „דוד מלך ישראל״ אויף סוכות („פריַינד״, „עקספּרעס״, „טאָג־בלאַט״) און עפּעס פאַרן „הצופה״ („שימחת־תורה״). דערוויַיל האָט מיר געפּיקט אין קאָפּ: סטיַיטש, מיַין עגאָיִסטל איז בילכער פון אַלעמען — און האָב גענומען און האָב דאָס אָנגעשריבן. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז נאָר אַן אָנהייב, ד״ה נאָר אַ גוף פון אַ קאָמעדיע. זיַיט זיך נאָר מטריח טאַקע אַליין מיט איַיער עלטער און טראָגט דאָס אַריבער אויף דער הייליקער שפּראַך און שיקט דאָס מיר צו (ריין, אויף איין זיַיט, אויף אַ האַלב פּאַפּיר געשריבן, וועל איך דאָס אַ ביסל באַזאַלצן, באַפּעפּערן — וועט דאָס, אם־ירצה־

השם, זײַן אַ סחורה פאַר קינדער, ווי געוווּנטשן. און דערווײַל גריסט אָקאָרשט דער גאַנצער חברה גאָר פרײַנדלעך, און אַלין, למען־השם, ניט פאַרגעסן אַנדרייען, ער זאָל גיין מחילה אויף דער פאָסט אָפּנעמען דאָס מאַנוסקריפּטל, און מיר באַלד תשובה נאָכן איבערלייענען אויף אַדרעס דובנאָוו קיין ווילנע. — — — וואָס זאָגט איר אויף „האָדל טביהס" נאָכן איבערלײַטערן? — איך שרײַב אַ נײַע זאַך, ווינטשעוועט מיר!

אַז איר וועט זײַן בײַם זיידן, גיט אים איבער אַ לשנה־טובה פון מיר זייער אַ וואַרעמען!

אײַער אלדד, וואָס מע רופט אים שלום־עליכם

## 505. צום זעלבן

**סט. פעטערבורג, 10טן סעפּטעמבער 1904**

**ערב סוכּות תּרס"ה**

**ברודער מידד!**

איך האָב אײַך ניט געשריבן פון „דער ווילנע", ווײַל איך בין געווען טאָג ווי נאַכט אין דער אַרבעט: איך בין אויסגעווען אַלע מײַזנלעכער. איך האָב מיך אָנגעזאָפּט, ווי אַ שוואָם, מיט דעם אמתן ייִדישן גלות — אין צען יאָר וואָלט איך ניט געזען בײַ אונדז דאָס, וואָס איך האָב געזען דאָרטן אין צען טאָג. — אַ שטיקל הקדמה צו די „בילדער פון דער ווילנע" האָט איר שוין מסתּמא באַגעגנט אין „פרײַנד" נומער 207 („דער [יום־טובדיקער] צימעס"). אַ שיינע מעשׂה האָט פּאַסירט מיט דעם „צימעס". געווען איז דאָס נעכטן פאַר נאַכט שוין; מע האָט שוין געהאַלטן בײַ חתימת הגליון, רופט זיך אָן צו מיר גינזבורג: „ניטאָ קיין יום־טוב־פעליעטאָן אויף די ערשטע טעג סוכּות! אָנו, פּאַני שלום־עליכם, פאַרקאַטשעט די אַרבל, באַווײַזט אַ בריהשאַפט, איר האָט אַ שעה צײַט". — האָט גענומען שלום־עליכם, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, אָפּגעזעסן אַ שעה — און ס'איז אַרויס אַ „צימעס". שאַדע, וואָס נאָר אַ שעה. איך וואָלט באַדאַרפט האָבן כאָטש נאָך אַ האַלבע שעה, וואָלט ער אַרויס אַ ביסל גרעסער און אפשר באַטעמטער — אָט אַזוי שרײַבן די „אחשתּרנים" פעליעטאָנען!

מיטן „ווינטשפינגערל" האָב איך זיי, געוויינטלעך, געמאַכט אַ שטיקל קדחת און בין געוואָר געוואָרן אַ מעשׂה; איך דערצייל אײַך זי בסוד, ווי גינזבורג האָט מיר איבער־געגעבן: מע האָט „ד אָ ס ווינטשפינגערל" געמוזט געבן איבערשרײַבן, ווײַל דער זיידע, זאָל מאריך־ימים זײַן, איז אַ ביסל אַ קאַפּריזנער זיידע — ער וויל ניט שרײַבן אויף איין זײַט. נו, שטעלט אײַך פאָר אַ ייִדישע רעדאַקציע — האָט דער איבערשרײַבער מחילה פאַרשטעקט ערגעץ אַ גאַנץ קאַפּיטל, און ערשט ערב יום־טוב האָט זיך עס, ברוך־השם, געפונען, און איצט וועט עס שוין, זאָגן זיי, גיין. אַ שטיקל נס, וואָס זיי האָבן ניט געגעבן ד"ר לוריאַן, ד"ר הורוויצן, אָדער גלאַט אַ דאָקטאָר אָדער אַ דאַנטיסט, ער זאָל אַליין צוזעצן אַ פּאָר קאַפּיטלעך צו מענדעלע מוכר־ספרימס „ווינטשפינגערל", זאָגט „גם זה לטובה" און בענטשט גומל. — — — געווען בײַ פרוגן. כּמעט ניט דערקענט אים: אַ גוי, אַ גוי גמור מיט אַ גויע... — פון דער שטאָט פּייטערבאָרג איז מנחם־מענדל

גאָר מטושטש, אַ שטעטל, ברענען זאָל דאָס אויפן פייַער! איַי, מאָווערן! איַי, אַ טומל! די ערשטע טעג בין איך בייַם אַרויסגעבער און די אַנדערע טעג בייַם רעדאַקטאָר. דערפון לערנט מען אָפּעט, אַז איך בין אויף גאַנץ סוכּות אַ היגער, אַ פּייטערבאַרגער, און מייַן אַדרעס געפינט איר אויבן. שרייַבט זשע מיר און לאָזט גריסן:

דעם זיידן.
מאָנישן מיט פאַיען.
אַלין מיט אַדין.
בן־ציונען מיט בן־עמין.

און אויך דעם גאַנצן איבעריקן עולם, סייַ יידן, סייַ ליטוואַקעס. און שרייַבט מיר באַלד תשובה און שיקט מיר צו די „סיפּורים ומעשׂיות".

אייַער אלדד, דאָס הייסט
שלום־עליכם

— — — ווו איז ביאַליק?

## 506. צום זעלבן

סט. פּעטערבורג, 1טן אָקטאָבער 1904

אָחי מידד!

איך בין נאָך, ווי איר זעט, אַלץ אין פּעטערבורג. וויפל וועל איך נאָך דאָ פּאַר־ברענגען, — ווייס איך ניט. וואָס איר פרעגט זיך נאָך אויף יענעם מקום, קאָן איך אייַך נאָר זאָגן בקיצור: פּע, מע דאַרף אַנטלויפן, סע שטינקט! ס'איז פול מיט שקר. די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט חניפה און מיט טיפשות. די „כאַליאַסטרע" איז אַ כאַליאַסטרע. למשל, ווען אַזאַ מענטשל ווי איר אַפילו כאַפּט זיך אַהער אַרייַן, איז אויב איר מאַכט ניט באַצייַטנס קיין ויברח, איז מוזט איר ווערן אַ טיפש, אַ שקרן און אַ חונף און שמעקן מיט בטלן. אַזאַ מין ספּערע איז עס. אַן ערנסט וואָרט ריידן איז ניטאָ מיט וועמען. איינער איז אַ קולאַק, דער אַנדערער אַ טינופת, דער דריטער אַ מלמד, דער פערטער אַ משרת פון אַ ווינטמיל, דער פינפטער אַ קליין וועוריקל, דער זעקסטער אַ טיפש, כאָטש בראָק אים אין קרויט — — — און אַלע זייַנען שקרנים, חניפים, בטלנים, פּוסטע, קאַלטע ברואים, אָן אַ טראָפּן לעבן. זיצן זיץ איך ניט בייַ זיי און ניט צוליב זיי. נאָר איך קאָן אייַך, לײדער, נאָך גאָרניט מודיע זייַן. איין זאַך איז שוין בטול געוואָרן. די אַנדערע זאַך הענגט. אלהים ירחם! שוין צייַט!...

— — — גריסט גאַנץ קעקעלע — קהל.

אייַער אלדד, אָדער שלום־עליכם

וואָס גריסט אָלין, געוויינטלעך, באַזונדער און ג"פּ.

## 507. צום זעלבן

סט. פעטערבורג, 5טן דעצעמבער 1904

אָחי מידד! ברודער ראַווניצקי!

דרײַ חדשים האָב איך מיך אָפּגעוואָלגערט אין דעם וויסטן פעטערבורג, פאַרשרפעט זאָל דאָס ווערן! נאָר איך האָב אויסגעפירט מײַנס. דהײַנו: איך האָב אָוועקגעקויפט בײַם „איש יהודי״ דעם „טאָג״ פאַר אַ קאַפּיטאַליסט הורוויטש (און אפשר מיט אַ קאָמ־פּאַניע) און אַריבערגעפירט אים קיין ווילנע. דער אַרויסגעבער איז לעוונער, דער הויפּט־רעדאַקטאָר איז שלום־עליכם, דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער וועט זײַן ספּעקטאָר, נאָר מע רעכנט נאָך אַ רעדאַקטאָר אַ פּובליציסט און אַ לײַטישן מענטשן. האָב איך אַרויס־געשטעלט אײַער קאַנדידאַטור, און דער אַרויסגעבער איז מסכים דערצו. באַשטימט האָב איך פאַר אײַך, בתנאי איר זאָלט געהערן נאָר צו אונדז און טאַקע זײַן מיט מיר אין ווילנע, 200 רובל אַ חודש. דאָס געשעפט איז ראַיעל, געלט איז פאַראַן, און דער „איש יהודי״ וועט האָבן אַ דעה אומעטום: אין באָד, להבדיל, אין בית־מדרש, אויך אין מאַרק, נאָר ניט אינעם בלאַט... פאַרלאָזט זיך אויף שלום־עליכמען, ער ווייסט, וואָס ער האָט צו טאָן! — לכן, ברודער, זאָלט איר מיר באַלד שרײַבן און, געוויינטלעך, אויפריכטיק, ווי צו אַ גוטן־פרײַנד, אײַער מיינונג. מיר דאַרפן דאָס וויסן, איך האָב געוואָרנט די אַרויסגעבערס, אַז קוים וועל איך שרײַבן צו ראַווניצקין, ער זאָל קומען — קומט ער, און אָן מיר קומט ראַווניצקי ניט. לכן, דאַרפט איר האַלטן די פאָן ווי עס געהער צו זײַן. אַז איר וועט באַקומען פון מיר אַ דעפּעש: קומט צו פאָרן קיין ווילנע. עליכם — זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז פון מיר און אַז ס׳איז אַלץ אין בעסטער אָרדענונג, אַפילו מיט הוצאות. און טאָמער האָט איר סתם אַ דעפּעש פון דער רעדאַקציע וכדומה, זאָלט איר ענטפערן בזה־הלשון: איך קאָן קומען נאָר אויפן פאַר־שלאָג פון שלום־עליכמען. ס׳איז נייטיק צום רומל. מיר דאַרפן זײַן „לבשׂר אחד!״ בסוד זאָג איך אײַך, אַז ס׳איז שוין אונטערגעשריבן פונעם גענעראַל־גובערנאַ־טאָר פרעזע און מיניסטער סוו. מיר. נאָר אָפיציעל וועט עס זײַן אין דער טעלעגראַפן־אַגענטור מיטוואָך־דאָנערשטיק. שבת צו נאַכטס פאָרן מיר אַלע (אם־יצרה־השם) קיין ווילנע, און אַהין וועל איך אײַך אַרויסרופן. איך פאָר אַריבער דורכויס קיין ווילנע און האָב שטאַרק חשק אויף אײַך אַהין צו — וועט זײַן דער חדר שלם. און קומען דאַרפט איר באַלד, בכדי מיר זאָלן אַלע קאָנען אויסאַרבעטן דעם פּראָספּעקט מיטן פּראָגראַם. — לעת־עתה האַלט ס׳מויל!

אײַער אין גאַנצן שלום־עליכם

## 508. צום זעלבן

סט. פעטערבורג, 7טן דעצעמבער 1904

אָחי מידד!

כ׳האָב פאַרגעסן אין יענעם בריוו אײַך צוזעצן נאָך אַ פּאָר ווערטער. אַזוי ווי דער „השלוח״ גייט דאָך אונטער, און אונדזער טײַערער ביאַליק בלײַבט אָן אַ שטאָך אַרבעט

— אפשר וואָלט ער מרוצה זײַן אין איינעם מיט אונדז צו זיצן אין איין מחיצה, בײַ איין טיש? נישקשה, מיט שלום־עליכמען מעג אים אָנשטיין! צי אפשר וועט ער זאָגן מיט דער שפּראַך פון יותמען: „החדלתי את מתקי ואת תנובתי הטובה והלכתי לנוע על העצים?!"... — אויב ער וועט אַזוי זאָגן, איז אַ מיצווה, אַז דער „אָטד" זאָל זיך צעפלאַקערן און ענטפערן איַיך אַלעמען: „תצא אש מן האָטד ותאכל את אַרזי הלבנון!"... פאַר ביאַליקן זיצן מיט אונדז אין ווילנע און האָבן אַ 150 רובל אַ חודש און אַ רובל 50 פונעם „הזמן" — כ'לעבן, גאָר ניט אַזוי ביטער. — שרײַבט.

שלום־עליכם

פּ.ס. — איך וויל, פאַרשטייט, צונויפשטעלן אַ חדר, ס'זאָל זײַן עפּ!

## 509. צו די פרישמאַנס

וואַרשע, 6טן פעברואַר [1905], 2.05 אַ זייגער

מײַנע ליבע פרײַנד און טײַערע בעלי־בתּים!

איך בעט בײַ איַיך טויזנט מאָל מחילה. איך בין דאָ בײַ ספּעקטאָרן. ער האָט געבראַכט פון פּעטערבורג אַזוי פיל נײַס, אַז הלוואַי ער זאָל פאַרטיק ווערן איבער מאָרגן! בתּוך כּך האָט זײַן ווײַב מיר אײַנגערוימט אַ סוד, אַז זי קאָכט רעטשענע וואַרעניקעס — איר הערט? רעטשענע!!! הקיצור, איך בין פאַרבליבן דאָ אויף מיטאָג, און ער בעט, ספּעקטאָר הייסט עס, אַז איר, פרישמאַן הייסט עס, זאָלט זיך אויך מטריח זײַן, צו ספּעקטאָרן הייסט עס, ער, ספּעקטאָר הייסט עס, האָט צו איבערגעבן איַיך, פרישמאַנען הייסט עס, אַ סך נײַס פון דער רעדאַקציע, פונעם „הזמן" הייסט עס. — איך בעט נאָך אַ מאָל פאַרצײַעט און ווינטשט אַ גוטן אַפּעטיט מיט אַל דאָס גוטס, אָמן.

שלום־עליכם

## 510. צו דוד פרישמאַן

קיִעוו, 8טן אַפּריל 1905

צו ד. פרישמאַן, וואַרשע.

די טעג, ווי עס שרײַבט מיר ה' מאַרעק, ווערט אויפגעפירט אויף דער בינע אין עליזעאום־טעאַטער מײַן „צעזייט און צעשפּרייט", בילדער פונעם ייִדישן לעבן, אין דער פּוילישער שפּראַך. די דירעקציע, זאָגט ער, מאַרעק הייסט עס, האָט חשק אַרויסצו־רופן מיך אויף דער ערשטער פאָרשטעלונג. אויב איך וועל זײַן — ווייס איך ניט. וויל איך, יעדן פאַלס, אַז איר זאָלט זײַן און זאָלט עס זען און מיר נאָך דעם מיטטיילן איַיער מיינונג און דעם אײַנדרוק, וואָס ס'האָט געמאַכט אויף איַיך און אויפן פּובליקום.

איך שרײַב אויך צום ה׳ מאַרעק (דעם איבערזעצער), ער זאָל אײַך שאַפן אַ לאָזשע פאַר אײַער פרוי (די פרוי פרישמאַן) און פאַר אײַך. —

אײַערער, וואָס פאַרשטייט
אײַך מער פון אַ סך אַנדערע,

שלום־עליכם

פּ.ס. — נאָר וואָס האָט מען מיר געבראַכט דעם „הזמן״ כּשר לפּסח, און באַלד לייען איך די „קליינע מלוכה״ פון ד. פרישמאַן.

## 511. צום זעלבן

קיִעוו, 11טן אַפּריל 1905

ליבער פרײַנד פרישמאַן!

הײַנט, און פּונקט איצט אין דער דאָזיקער שעה, שפּילט מען מיך דאָרטן אין וואַרשע פאַר גויים אויף גויִיש, און איך האָב נישט די זכיה אַפילו אויף גויִיש זיך זען און הערן!

נאָך איין ביטערער טראָפּן אינעם גרויסן ים פון צרות פון אַ ייִדישן שרײַבער.

געלייענט אײַער „קליינע מלוכה״. וואָס קאָן איך אײַך זאָגן? ווי לאַנג שמײַסט מען דאָס ייִדישע פאָלק, ווי לאַנג עס וועט נאָך ניט פאַרשטיין און שעצן אַזאַ זאַך. ווי לאַנג שמײַסט מען אונדזערע ייִדן, ווי לאַנג זיי זײַנען נאָך ניט ווערט, מע זאָל פאַר זיי אויסברענגען אַזוי פיל מאַרך. זיי דאַרפן „לאָקשן״ (תּרתּי משמע), וואָס זײַנען געשריבן אַנטיעסטעטיש, און וואָס מער פאַסקודסטווע איז בעסער, און וואָס מער פלאַטשיק איז טיף, און וואָס מער עם־האַרציש איז שׂכלדיק און קונציק. נישט ווערט, נישט ווערט אונדזער פּובליקום אַזעלכע זאַכן.

און דאָך האָבן עס אַ סך ייִדן, מיין איך, צעקײַט און פאַרשטאַנען.

— — —

אײַער שלום־עליכם

איך וואַרט אויף אײַער בריוו וועגן ספּעקטאַקל. בין איך כאָטש ניט גראָב אַריבער־געפאַלן? שאַדע, דער איבערזעצער האָט ניט געהאַט פאַר זיך דעם נײַעם אויסגעבעסערטן וואַריאַנט! — שרײַבט בריוולעך. וואָס אַרט אײַך, אַז איר וועט שרײַבן?

## 512. צום זעלבן

ליבוי, 26סטן אַפּריל 1905

ידידי פרישמני!

פונעם ממזר יצחק הבכין האָב איך באַקומען הײַנט אַ דעפּעש, אַז דער אָוונט איז

שוין דערלויבט אויף שבת־צו־נאַכטס, 30 אַפּריל. היינט פֿאָר איך קיין ווילנע, און פֿון דאָרטן קיין לאָדזש וויאַ וואַרשע. נאָר איך פֿאָר שוין גלייַך אויפֿן וואָקזאַל: איך האָב מורא פֿאַרשפּעטיקן. אַז מע בריט זיך אָפּ אויפֿן קאַלטן, בלאָזט מען אויפֿן הייסן — און אפשר פֿאַרקערט...

שלום־עליכם

פֿון מאַרעק האָב איך באַקומען 50 רובל אין חלום... — איך אַגיטיר דאָ פֿאַר אונדזער „בעל־מחשבות", מע זאָל אים אויסקלייַבן פֿאַר ראַבינער אין ליבוי. איך האָב אים געשריבן קיין קאָוונע. שרייַבט אים קיין אויסלאַנד. העלפֿט מיר צום שידוך. איך וויל, ער זאָל דאָ זייַן ראַבינער, און ער וועט זייַן. פֿאַרשרייַבט דאָס! ער האָט דאָ 2100 רובל געהאַלט, מיט אַ דירה, מיט עלעקטריע, מיט הייצונג, 5 צימער. אַ רוזקע שטאָט פֿון לויטער קעלבער, קורלענדער בהמות, פֿערד, טיפּשים גמורים!

## 513. צו י. ח. ראַווניצקי

וואַרשע, 4טן יולי 1905

אָחי מידד!

היינט־מאָרגן וועט איר הערן אַ נייַס פֿון שלום־עליכמען און וועט זיך האַלטן בייַ די זייַטן לאַכנדיק. —

פֿאָרלויפֿיק דאַרף איך אייַך זאָגן, אַז דער „וועג" גייט ניט אויפֿן גלייַכן וועג. עפּעס פּלאָנטעט ער מיר מיט די רגלים. דער אָדון הרעדאַקטאָר איז, געוויינלעך, ווערדליג אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ זשאַרגאָנישער צייַטונג — — —. און דער קאַפּיטאַליסט „איפּפּאָ" (נישקשה, איר קאָנט צושטעלן נאָך אַ פּ"א!) איז אַ מין לעווי, אַ שטיק משוגענער, נאָר דערפֿאַר האָט ער אַ מעלה: ער האָט קיין געלט ניט! דאָס הייסט, האָבן האָט ער, נאָר אין הייַזער מיט היפּאָטעקן, אי דאָס — זייַנען די הייַזער פֿאַרזעצט און די היפּאָטעקן פֿאַרמשכּונט, און אַליין איז ער אַ בעל־חוב — בקיצור, ס'איז ניטאָ קיין געלט! — הייַנט האָט מען צונויפֿגעשטעלט אַ רעדאַקציע — ננו! שוין איין מאָל אַ רעדאַקציע: איקס־מיקס־דריקס, גאָלע מאָדערן, על־פּי כּללי הדעקאַדאַנס: מילא, „בעל־מחשבות" איז כאָטש אַ קלוגער בחור. ווייַטער גייט — — —, און עפּעס אַ יינגל, וואָס שרייַבט מיר איבער מייַנע כּתבים, און איינער אַ קריסט וועט איבערזעצן פֿון פּויליש אויף רוסיש, און אַ ייִד וועט אים שוין איבערזעצן אויף ייִדיש. און פּרץ יצחק לייביש וועט שרייַבן אַלע טאָג (אַנטלויפֿט ייִדן, ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט!). בקיצור, ס'איז שוין איין מאָל אַ צייַטונג! — — —. אויב ס'איז אמת, אַז אייַער אַדעסער צייַטונג וואַקסט פֿון בין כּך — זאָלט איר אויסשפּייַען דרייַ מאָל — — — און זאָגט דעם גרויסן „רבונו־של־עולם". — ביאַליקן גריסט. דעם זיידן היט, ער זאָל ניט קריכן אין „וועג" אַרייַן ביז דער ממזר וועט ניט ווייַזן די מטבע — און דווקא 300, ווי איר האָט פֿאַרלאַנגט. און אַליין זאָלט איר אויך ניט זייַן קיין מלמד, און שרייַבט מיר באַלד תשובה.

ממני פֿון מיר שלום־עליכם

## 514. צו ד״ר מאָריס פישבערג

קיִעוו, 13טן סעפּטעמבער 1905

ליבער ד״ר מ. פישבערג!

זענט איר געקומען אַהיים אַ לעבעדיקער...? געדענקט איר מיך נאָך? געדענקט איר נאָך, וואָס איר האָט מיר פאַרשפּראָכן אין וואַרשע בײַ מר. סאָקאָלאָוו? איך האָב פאַרטיק צוויי דראַמעס פאַר דער ניו־יאָרקער סצענע, אין 4 און אין 5 אַקטן. די פינפאַקטיקע איז מיט מוזיק און פאָלקסלידער — — —. קאָנט איר ריידן מיט מר. טאָמאַשעווסקי (פּיפּלס טעאַטער) אָדער מר. אַדלער דזשאַקאָב? — — —. אויף דער אינעוויינקסטער זײַט פונעם בריוו וועט איר געפינען נײַס פון דער „היים״. ביטע אַנטוואָרט שנעל.

שלום־עליכם

נײַס פון דער „היים״:

דאַנקען השם־יתברך, היינט לעבט מען נאָך. פאַר מאָרגן זײַנען מיר נישט גאַראַנטירט. די מלחמה האָט זיך געענדיקט, נאָר נישט דאָ... דאָ שלאָגט מען זיך נאָך פאַר „שלישי״ און פאַר „מפטיר״ אויף טויט. און דער עיקר — מע וויל ניט דעם חזן. אפשר קאָנט איר צושיקן אַ פונט קעראָסין פון דאָרטן? גיך וועלן מיר אײַך בעטן אויך אַ קוילעטש ליפערן אַהער. שאַדע, וואָס איר זענט ניט יעצט אין דער שטאָט, ווו מיר האָבן זיך באַקענט: איר וואָלט שוין געוועזן מיט איין קאָפּ נידעריקער. די רעכטע פעטש אין בית־המדרש וועלן ערשט זײַן, אַז דער עולם וועט זיך צונויפקומען ראָש־השנה צו „שחרית״... „מוסף״ וועט מען נישט דערלעבן... ווײַטער פון „המלך״ וועט מען נישט גיין... די גבאים דערוויַיל טוען זיך זייערס: זיי דינגען שמשים מיט גוטע בעזעמער, לאָזן נישט ריידן אַ וואָרט, לאָזן נישט אויסהענגען אַ מודעה אויף דער וואַנט. אַ בעל־הבית האָט בײַ אונדז הײַנט קיין שום ווערט נישט. אין גאַנצן זײַנען די גבאים מיט די שמשים. זיי ווילן דווקא דעם אַלטן חזן, כאָטש גיב זיי אַ קרענק! גבאי ראשון זיצט אין דער היים, האָט מורא אַרויסצוגיין: שקצים וואַרפן קאַרטאָפּליעס. בקיצור, ס'איז פריילעך אין שטעטל! — קומען אַהער נאָך אַ מאָל הייס איך אײַך נישט. זיצט שוין איבער דאָרטן דאָס שטיקל צײַט. אַז ס'וועט ווערן אַ ביסל דאָסיקער, וועט מען אײַך מודיע זײַן.

שלום־עליכם

## 515. צום זעלבן

קיִעוו, האָטעל „אימפּעריאַל״ 21סטן—25סטן אָקטאָבער 1905

ליבער טײַערער דאָקטער פישבערג!

אײַער בריוו האָט מען מיר געבראַכט אַהער, ווו מיר ליגן דאָ אַ סך פאַמיליעס, אויך איך מיט מײַן ווײַב און קינדער, אונטער אײַזערנע קוילן, וואָס מע שיסט איבער אונדזערע קעפּ, בכדי מיר זאָלן זײַן הילפלאָז, געגנצלעך פּאַראַליזירט. צו באַשרײַבן אײַך, וואָס מע האָט מיט אונדז געטאָן — איז אַן אַרבעט אויף אַ סך נעכט. אין צוויי ווערטער וועל

איך אײַך נאָר זאָגן, אַז דעם 17טן האָט מען אונדז „געשענקט" די קאָנסטיטוציע, פאַר וועלכער אונדזערע ברידער האָבן געגאָסן בלוט אַזוי ווי וואַסער, און דעם זעלבן טאָג, זייגער זעקס פאַר נאַכט, איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז מע הייסט שלאָגן ייִדן — און מע האָט זיך גענומען זיי שלאָגן פון אַלע זײַטן! קודם-כּל האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל, אַז מע זאָל ניט שיסן פון די פענצטער און ניט וואַרפן קיין שטיינער, ובאם מע וועט עס טאָן, וועלן די סאָלדאַטן שיסן צוריק, חרוב מאַכן די הײַזער. דערזען סאָלדאַטן אויף דער גאַס מיט קאַזאַקלעך, האָבן מיר זיך מחיה געווען: זיי וועלן אונדז מסתּמא העלפן. און זיי האָבן טאַקע געהאָלפן, נאָר ניט אונדז; זיי האָבן געהאָלפן ראַבעווען, שלאָגן, גזלנען, גנבענען. פאַר אונדזערע אויגן און פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט האָבן זיי געהאָלפן צעשלאָגן פענצטער, טירן, שלעסער און לייגן אין די קעשענעס. פאַר די אויגן פון אונדזערע קינדער האָבן זיי געהרגעט-געשלאָגן ייִדן, ווײַבער און קינדער און געשריגן: געלט! גיט אָפּ אײַער געלט! פאַר אונדזערע אויגן זײַנען געפלויגן ווײַבער פון די פענצטער, קינדער אויף דער שטראָסע...

ניין! מײַן האַנט ציטערט, די פּען פאָלגט ניט — איך קאָן מער ניט שרײַבן! איך שיק אײַך דאָ אַ בלאַט, וואָס איז אַ הונדערט-חלק פון דעם, וואָס מיר לעבן דאָ איבער. און דאָס איז אײַך נאָר אַ מוסטער פון קיִעוו. הײַנט שטעלט אײַך פאָר, וואָס טוט זיך אין די איבעריקע הונדערטער ייִדישע שטעט און שטעטלעך. צו טײַער וועט אונדז קאָסטן אונדזער פרײַהייט! און גאָט ווייסט, אויב מיר וועלן דאָס נאָך גאָר דערלעבן. די שווערד שאַרפט זיך נאָך, דעם קאָנטשיק וויל פּאָניע ניט אַרויסלאָזן — ביטער! גוואַלד, ברודער, רעטעט! רעטעט דעם ייִדישן פאָלקסדיכטער, טאָמער וועט ער קאָנען מיטן לעבן אַרויס פון געפאַר כאָטש אויף איין האַלב יאָר, ביז דער הוראַגאַן וועט דורכגיין און עס וועט אויפגיין די שיינע ליכטיקע זון פון פרײַהייט! טאָן, העלפן, שלאָגן זיך לאָזט מען אונדז ניט. פאַר איין לעבן פון אַ שיכּור, וואָס מיר לייגן אַוועק, בשעת ער קריכט צו אונדזערע ווײַב און קינדער, גיבן מיר אַוועק 100 אומשולדיקע נפשות! האָב איך איצטער מיטל, אַזוי לאָז איך מיך אַוועק מיט מײַן פאַמיליע קיין אַמעריקע און זיץ איבער די בייזע צײַט. — פאַרניכטעט, רוּיִנירט בין איך מיט מײַן גאַנצן פאָלק צוזאַמען, אויף דער גאַס אַרויסגעוואָרפן, ווי איך האָב אײַך הײַנט טעלעגראַפירט! — — —

שלום-עליכם

## 516. צום זעלבן

קיִעוו, האָטעל „אימפּעריאַל", 26סטן אָקטאָבער 1905

ליבער פרײַנד ד"ר פישבערג!

איך שיק אײַך דעם 5טן אַקט צו „סטעמפּעניו". אַ נײַער אַקט, אַנשטאָט דעם פריִערדיקן. מיט אַ טויט, לויט אַמעריקע פאָדערט. אַ ייִדישע העלדין, נאָך מײַן מיינונג, סמט זיך זעלטן אויס ליבע. נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אַז אַמעריקע הייסט? ווײַזט דעם 5טן אַקט דעם ה' אַדלער. לאָז ער די גאַנצע פּיעסע גוט דורכקוקן, לאָז ער זי איין מאָל אויפפירן מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיט אַלע דעטאַלן — וועט ער זען, וואָס דאָס איז!

איך קאָן אײַך מער איצט ניט שרײַבן. איך בין קראַנק. אונדזער לעבן דאָ אַצינד איז ווערט אַ העלער. אַלע מינוט שטייען מיר אונטער דער ביקס פונעם דראַגונער, אונטערן קאַנטשיק פונעם קאָזאַק, אונטער דער דובינקע פונעם „כוליגאַן". איטלעכער פון אונדז זאָגט אַלע טאָג ווידוי. איין האָפענונג און איין ביטע איז בײַ אונדז פאַראַן אַלע: אונדזערע קינדער כאָטש, אונדזערע קינדער זאָלן בלײַבן לעבן. —

איך האָב נאָך אויף מײַן דעפעש צו אײַך קיין תשובה ניט באַקומען. איך האָף אויף מאָרגן. טוט, ברודער, העלפט, רעטעט! לאָזן אַמעריקאַנער ייִדן באַווײַזן, ווער זיי זײַנען, און אפשר וועלן זיי מיך אַריבערציִען צו זיך אַהין, דאָרט, ווו מענטשן זײַנען זיכער מיטן לעבן.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — נאָר וואָס דערהאַלטן אײַער טעלעגראַמע: „שרײַבט פילע צײַטונג־אַרטיקלען גוט באַלוינונג." עס ווערט געטאָן. מאָרגן שיק איך אײַך אַרויס דרײַ אָדער פיר גרויסע אַרטיקלען, וועלכע איר וועט זאָ גוט זײַן צעטיילן אין די רעדאַקציאָנען און טעלעגראַפיש מיר פון יעדער רעדאַקציע איבערווײַזן געלט. — — — איך געפין זיך יעצט מיט מײַן פאַמיליע אין זייער אַ טרויעריקער לאַגע!... ביז עס וועט אַ מאָל אָנקומען, וועלן מיר דאָ אויסגיין!...

שלום־עליכם

אויך פון די אַנטרעפרענערן דערוואַרט איך דאָך שטיצע אלס האָנאָראַר פאַר די פּיעסעס, איצטיקע און קינפטיקע. טוט! העלפט! ראַטעוועט!

## 517. צום זעלבן

קיִעוו, 23סטן נאָוועמבער 1905

ליבער גוטער דאָקטער פישבערג!

הײַנט האָב איך אײַך אַרויסגעשיקט די בריוו XXV און XXVI, ווו איך דערמאָן וועגן אײַער בריוו, וואָס כ'האָב געסטערן דערהאַלטן, און איך לאָז אויס דאָרט מיט אַן אויפרוף צו אײַך אַלעמען, איר זאָלט העלפן דעם אָרעמען אומגליקלעכן פאָלק ניט נאָר מיט געלט אַליין, נאָר אויך מיט עפּעס אַנדערש...

באַדאַרף איך אײַך קאָנפידענציעל זאָגן, וואָס איך מיין, דען אָפּנטלעך אַרויסזאָגן איז פאַר מיר נ אָ ך אַ ביסל געפערלעך — אַ קשיא אויף אַ מעשה.

אַלזאָ, די מעשה דערפון איז אַזוי: פאָניע דאַרף געלט נאָך מער ווי די צעראַבעוועטע ייִדן. ער איז שולדיק — די האָר זײַנען ניט זײַנע. אָט־אָט. דאַרף ער צאָלן דעם פעטער „פיני" און דעם פעטער „מענדל" און נאָך און נאָך און נאָך — און ס'איז ניטאָ אַ פעני! מאַכט מען איצט פּלערליי אָפּערעס, אום אַרויסצובאַקומען פון אייראָפּע און פון אַמעריקע דאָס ביסל מזומנס, נאָר ס'איז אַ סברא (און אַזוי איז טאַקע דער יושר), אַז דער עולם רוקט זיך ניט, ביז ער וועט ניט געבן אַלצדינג, וואָס ער האָט צוגעזאָגט דעם 17טן אָקטאָבער, — און קוים גיט ער דאָס, זײַנען מיר אַלע געראַטעוועט! אַלזאָ, פאַרשטייט

איר שוין, ווי עס האַלט: טאָמער גייט איצט אַרויס אַ ייִד אַ מיליאָנער מיט אַ הלוואה — איז קוילעט ער אָן אַ מעסער 6 מיליאָן ייִדן (אַחוץ הונדערט מיליאָן קריסטן) און דאָס בלוט פאַלט אויף זײַן קאָפּ! — — —

דאָס ווען איר זאָגט אַרויס פון אײַער נאָמען אין דער פּרעסע — טוט איר אונדז אַלעמען אַ גרויסע טובה! — טוט דאָס טאַקע!

אײַער שלום־עליכם

## 518. צום זעלבן

קיִעוו, 23סטן נאָוועמבער 1905

פיל געערטער פרײַנד ד״ר מ. פישבערג!

האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך דערלויב מיר צו שרײַבן אײַך הײַנט אויף דער שפּראַך פון יענעם פאָלק, וואָס האָט אַזוי אוממענטשלעך, אַזוי אומברחמנותדיק זיך אָפּגע־רעכנט מיטן ייִדישן פאָלק דערפאַר, וואָס אַזאַ קליין נישטיק פעלקל האָט געהאַט די העזה צו געבן אים, דעם הערקולעס, אַ קאָנסטיטוציע. נאָר די רוסישע שפּראַך, כלעבן, איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק.

גלײַכצײַטיק דערמיט שיק איך אײַך אַרויס מײַן נאָר וואָס אָנגעשריבענע דראַמע, וואָס איז אויף מיר אָנגעהויכט געוואָרן פון די דאָזיקע בלוטיקע געשעענישן. איך האָב דער דראַמע געגעבן צוויי נעמען: „דער לעצטער קרבן״ אָדער „די בלוטיקע טעג״. קלײַבט אײַך אויס, וואָסער נאָמען איר ווילט אָדער ביצט ביידע. די דראַמע באַשטייט פון פינף אַקטן, ניט קיין גרויסע. אינעם שפּילן וועלן זיי קיין סך צײַט ניט פאַרנעמען. — פאַראַן אַ ראָלע אַ טראַגיקאָמישע מיט זייער אַ טראַגישן סוף — פאַר דעם הער דזשעק אַדלער. דאָס איז די ראָלע פונעם פריילעכן שנײַדער יודל קטונתי. פאַראַן אַ ראָלע פאַר אַ גוטער אַקטריסע, אַ ראָלע פון אַ פרוי אַ העלדין. דאָס איז — ראָזע זיסער־מאַן. פאַראַן נאָך אַ קאַרדינאַלע ראָלע — פונעם יונגן שוסטער, דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט יואלעק דראַטוועס — זייער אַ דאַנקבאַרע פאַר אַ גוטן טראַגיקער. הכלל, מע האָט באַוואָרנט (ניט איך, נאָר סאַמע דאָס לעבן) אַלעמען. וואָס ס'איז שײַך דער סצע־נישקייט פון דער פּיעסע, איז בײַ אַ פּינקטלעכער אויפפירונג און מיט רײַכע דעקאָראַ־ציעס וועט זי מאַכן אַ פּוראָר. אַ שאָד, וואָס איך וועל ניט זײַן אין ניו־יאָרק אויף דער פּרעמיערע פון דער דאָזיקער צײַטלעכער פּיעסע. איך וואָלט אין איר אויסגעשטעלט די סצענע פון דעם פּאָגראָם און די סצענע פון די מאַניפעסטאַציעס אין זייער גאַנצער רעאַליטעט. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? איך פאַרלאָז מיך אויף אײַערע אַרטיסטן, אַז זיי וועלן זיך באַמיען אָוועקצושטעלן אַלצדינג ווי עס באַדאַרף צו זײַן, בכדי עס זאָל זיך באַקומען אַזאַ אילוזיע, אַז יעדער איינער פון די צושויערס, זיצנדיק אין ניו־יאָרק, זאָל האָבן דאָס רעכט צו זאָגן: „איך בין געווען אין רוסלאַנד אין די דאָזיקע בלוטיקע טעג״. — — —

איך דריק אײַער האַנט.

שלום־עליכם

## 519. צום זעלבן

קיִעוו, 9טן דעצעמבער 1905

בעסטער פריַינד ד"ר פישבערג!

ענדלעך האָב איך דערלעבט צו זען פון איַיך אַ בריוו! — — — און וואָס אָנבאַלאַנגט מיַין קומען קיין אַמעריקע, איז דאָס פעסט באַשטימט, אַז איך קום מיט מיַין גאַנצער פאַמיליע גאָר אָן שום ספק, און וואָס איך בין ביז אַהער ניט געקומען נאָך, איז אויסער דעם, וואָס דאָס הארץ בלוטעט מיר אויף מיַין עלנט אָרעם פאָלק און ס'איז מיר אַ בזיון דאָס אַוועקצוואַרפן אין אַזאַ טרויעריקער לאַגע, זיַינען דאָ נאָך פאַרשיידענע אורזאַכן, און דער הויפּט געלטמאַנגל. ווי איך האָב איַיך שוין געשריבן, אַז מיר זיַינען אָן עין־הרע אַכט פּערזאָן, יונגע קינדער נעבעך, וואָס ווייסן ניט פון קיין אָרמוט און נע־ונד זיַין. מיט גיַיסט און זעלע בין איך שוין דאָרט ביַי איַיך, מיט מיַינע מער גליקלעכע ברידער. און ווי פאַלט איַיך דאָס איַין צו זאָגן, אַז „שלום־עליכם וויל בליַיבן אין פאַרפלוכטן לאַנד — זאָל ער בליַיבן!" שלום־עליכם וויל בשום־אופן ניט בליַיבן אינעם פאַרשאָלטע־נעם לאַנד. שלום־עליכם ריַיסט זיך מיט ליַיב און לעבן, מיט וויַיב און קינדער קיין אַמעריקע; נאָר וואָס זאָל ער טאָן? מיט וואָס זאָל ער זיך רירן?... דאַרף איך איַיך דען דערציילן, וויפל בלוט און געזונט מיך האָט געקאָסט דער ערשטער בריוו צו איַיך, ווו איך האָב מיר דערלויבט צו בעטן הילף, אום מיך צו רעטן, אַרויסכאַפּן מיַינע אומשולדיקע קינדער פון דער גרויסער שׂרפה? איך בין זיכער, אַז אינעם גליקלעכן לאַנד אַמעריקע געפינען זיך ניט ווינציק ליַיט, וואָס געדענקען דעם שלום־עליכם, בשעת ער איז געשטאַנען אויף דער הע־הע, געהאַט די גרויסע צענער טויזנטער, געפירט די גרויסע משונה געשעפטן, אַ סך, אַ סך פאַמיליעס געגעבן צו פאַרדינען מיט גרויס כּבוד!... ווי ביטער און ווי שמערצנד דאַרף זיַין אַזאַ מענטשן זיך ווענדן צו עמעצנס הילף — דאַרפט איר פאַרשטיין, ובפרט אַזאַ מענטשן, ווי איך, וואָס איך האָב קיין רעכט ביַי מיַין פאָלק צו פאָדערן, דען דאָס יידישע פאָלק איז אָרעם. — — — דאָס ביסל, וואָס איך האָב דעם פאָלק געגעבן, דאָס איז געווען מיַין פליכט, און פאָדערן דערפאַר באַלוינונג איצט איז נאַריש... — — — נאָך אַ מאָל זאָג איך איַיך, אַז אויב סע האַלט מיך אָפּ אַ מאָל פון דער עמיגראַציע, איז נאָר דער געדאַנק, וואָס זעקס אָדער זיבן מיליאָן נפשות בליַיבן דאָ אַזוי אומגליקלעך, ווערענד איך איינער וועל ווערן פריַי!! — — —

אויף ווידערזען, איך וואָלט מיך געשעצט גליקלעך, ווען איך זאָל קאָנען זיַין אויף חנוכה אין ניו־יאָרק!

איַיער דאַנקבאַרער פריַינד שלום־עליכם

## 520. צום זעלבן

לעמבערג, 4טן יאַנואַר 1906

ליבער פריַינד ד"ר פישבערג!

וואָס זאָל דאָס באַטיַיטן?

אין קיִעוו האָט איר מיר אַ צײַט ניט געענטפערט אויף אַלע מײַנע בריוו — איז דאָרטן שטרײַקצושטאַנד.

פון בראָד האָב איך אײַך טעלעגראַפירט — האָט איר מיר ניט געענטפערט. פון דאַנען האָב איך געמוזט צו שׂרהזאָן קייבלען און געבעטן, ער זאָל אײַך אויפזוכן און מיר אויספּירלעכע תּשובה געבן — צום סוף איז פון שׂרהזאָן אויך קיין שום אַנטוואָרט ניטאָ, — וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? איך ווער שיר ניט משוגע פאַר יסורים. וואָס זאָל איך איצטער טאָן? צו וועמען זאָל איך מיך ווענדן? זאָל, הייסט עס, [פון] אַלע מײַנע פּלענער און לופטשלעסער זיך אויסלאָזן אַ בוידעם? וואָס וועט זײַן מיט מײַן פאַמיליע? איך האָב מיך קוים מיטן לעבן, מיטן לעצטן צוג, אַרויסגעכאַפּט פון קיִעוו, געדעכנט, אַז געוויס וועל איך שוין פון אײַך באַקומען אַלע ריכטיקע ידיעות אויף אַלע מײַנע פילע בריוו — צום סוף שווײַגט מען, קיינער וויל ניט ענטפערן!!

פון אײַך האָב איך אין קיִעוו אין דער צײַט פון בײַנאַהע צוויי מאָנאַט נאָר איין בריוו דערהאַלטן און נאָר די ערשטע דרײַ הונדערט רובל — און פון דעמאָלט אָן איז די ערד פאַרשלאָסן געוואָרן! איך האָב געלאָזט אַ באַפולמעכטיקטן אין קיִעוו אויף אָפּצונעמען געלט און קאָרעספּאָנדענציעס, אָבער ער שרײַבט מיר פון קיִעוו אַהער, אַז ס׳איז קיין זאַך ניט אָנגעקומען — וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? סײַדן איר זענט ניט אין אַמעריקע — וואָלט אַן אַנדערער דאָך געענטפערט אויף אַלע מײַנע אָנפראַגעס! איך וואָרט! איך וואָרט! איך וואָרט!

אײַער שלום־עליכם

## 521. צום זעלבן

לעמבערג, 6טן יאַנואַר 1906

ליבער פרײַנד ד״ר פישבערג!

ענדלעך האָט מען מיר צוגעשיקט אַהער אײַער צווייטן בריוו פונעם 3טן דעצעמבער. איך דאַנק אײַך זייער פאַר אײַער רעקאָמענדאַציע. איך האָב שוין הײַנט אָוועקגעשריבן צום ה׳ ריטשאַרדס און האָף, אַז ער וועט דעם גאַנצן לאַסט פון אײַך אַראָפּנעמען — — — אָבער, ליבער פרײַנד, איך בין זייער נידערשלאָגן. איך בין דאָ שטעקן געבליבן מיט מײַן פאַמיליע, ניט אַהער, ניט אַהין. לויט אײַער ערשטן בריוו האָב איך געקאָנט רעכענען, אַז איך וועל פון די עדיטאָרן האָבן נאָך 1200 רובל (פאַר די עטלעכע און פערציק בריוו). צום סוף, האָב איך ביז אַהער נאָר באַקומען 300 רובל און ניט מער. — —

איך בעט אײַך טויזנט מאָל פאַרצײַען מיר פאַר מײַן קאָפּדולעניש. איך וועל אײַך סוף־כּל־סוף אַ מאָל אָפּדינען מיט גרויס דאַנק. מיר זײַנען דאָך לעבעדיקע מענטשן, און איך בין דאָך נענטער שוין צו אַמעריקע ווי פריִער.

אײַער איבערגעגעבנסטער שלום־עליכם

## 522. צום זעלבן

לעמבערג, 14טן יאַנואַר 1906

ליבער פריינד ד"ר פישבערג!

מיינע צרות האָבן ניט קיין שיער. נאָך האָב איך ניט קיין שום ידיעה פון שרהזאָן. אַ בריוו האָב איך באַקומען היינט פון אַ פרעמדן פון ניו-יאָרק, שרייבט ער מיר, אַז ער האָט אַליין געלעזן אין „טאַגעבלאַט" אַ נאָטיץ, אַז די רעדאַקציע האָט מיר אַרויסגעשיקט 600 דאָלער, 1200 רובל — און איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב נאָר 300 רובל באַקומען! מיינע ביידע דעפּעשן צו אייך און צו שרהזאָן זיינען געבליבן אָן ענטפער. — — —. וועגן מיין קומען קיין ניו-יאָרק זאָלט איר ניט האָבן קיין יסורים: ווען איך זאָל ניט קומען, וועל איך דאָרט זיין אַ גאַסט. איר זאָלט זען וואָס עס טוט זיך דאָ מיט שלום-עליכמען אין אייראָפּע, וואָלט איר געהאַט פאַרגעניגן. איר וועט, אם-ירצה-השם, האָבן אויך פאַרגעניגן פון מיר אין אַמעריקע.

אייער שלום-עליכם

## 523. צו ח. נ. ביאַליק

לעמבערג, קאָטלאַרסקאַ 1, 7טן פעברואַר 1906

ביאַליק יקירי!

— — — און איר מיינט, אַז שלום-עליכם איז אין עסטרייך, האָט ער די פּען פאַרוואָרפן און קלייבט נחת פון די בלומען, וואָס מע טראָגט אים אונטער, מיט דעם בראַוואָ, וואָס מע פּאַטשט אים? לאָזן זיי פּאַטשן צעזעצטערהייט — שלום-עליכם האָט געמאַכט אַ רייזע אויף יענער זייט סמבטיון; איר וועט, אם-ירצה-השם, אין גיכן לייענען וועגן דער נסיעה און וועגן דעם איבערקערעניש וואָס הינטער די הרי-חושך און, דאַכט מיר, לעקן די פינגער. עס דרוקט זיך דאָ אין ביידע שפּראַכן: יידיש און לשון-הקודש. שרייבט תשובה!

שלום-עליכם

## 524. צו ד"ר מאָריס פישבערג

לעמבערג, 23סטן פעברואַר 1906

טייערער פריינד ד"ר פישבערג!

אייער בריוו און אויך אַ בריוו פון ה' ריטשאַרדס האָב איך היינט דערהאַלטן. איך דאַנק אייך נאָך אַ מאָל פאַר אייער מי און גוטן ווילן און האָף, אם-ירצה-השם, פערזענלעך אייך איבערגעבן מיין אינערלעכן דאַנק, אַז איך וועל קומען מיט גאָטס הילף נעקסטן זומער. און קומען וועל איך. איר הייבט ניט אָן מיך צו פאַרשטיין, און איך אייך אויך דאָס זעלבע. קיין שום פאַרלעזונגען פון פּאַגראַמען לעז איך ניט און וואָלט ניט פאַרלעזן אין אַמעריקע אויף דער הייסער שעה, בכדי צו מאַכן געלט. איך פאַרלעז נאָר

מײַנע אײגענע װערק, קלײנע סקיצן און מעשׂהלעך פון קאַסרילעװקע, מאַזעפּעװקע, בערדיטשעװ וכּדומה, פון װעלכע דער עולם שטאַרבט פאַר געלעכטער, פאַרלירט אָפּט מאָל פאַרבײַ אַ טרער, און דאָס איז דער עיקר. אין די פאַרלעזונגען שפּיגלען זיך אָפּ אַלע זײַטן פונעם יידישן לעבן אינעם בלוטיקן לאַנד, אויך די פּאָגראָמען, קאָנסטיטוציע אאַז״װ — און די קונסט, ליבער פרײַנד, פאַרלירט קײן מאָל ניט איר װערט, עס מעג זײַן יאָ אַ פּאָגראָם, ניט אַ פּאָגראָם, עס מעג זײַן אין אײראָפּע, װי אויך אין אַמעריקע. מע דאַרף ניט קײן מער װילד לאַנד, װי דאָס גאַליציע; זאָלט איר זען, װאָס דאָ טוט זיך מיט שלום־עליכמען און מיט זײַנע אָװנטן. מע צערײַסט אים אויף שטיקלעך. מע פאַר־װאַרפט אים מיט בלומען, מיט יאַרמלקעס און מיט געלט. — — — איך האָב כּלל קײן מורא ניט פאַר דעם, װאָס די אַמעריקאַנער יידן זײַנען אָפּגעקילט געװאָרן צום פּאָגראָם. שלום־עליכם האָט אין זיך אַ כּוח, אַז דװקא מיט געלעכטער קאָן ער אָנװאַרעמען דעם קאַלטסטן יאַנקי אַזוי, אַז ער זאָל זײַן די כּפּרה!

— — —

דעם ריטשאַרדס בריװ — אָסור אויב איך פאַרשטײ: עפּעס שרײַבט ער מיר װעגן מײַן דיספּוט מיטן „טאַגעבלאַט״. װען האָב איך דיספּוטירט מיטן „טאַגעבלאַט״? נאָך שרײַבט ער מיר, אַז ער האָט איבערזעצט מײַן דערציילונג „דעם בלינדן חזנס טאָכטער״ אויף ענגליש. זאָל דער בלינדער חזן אַזוי װיסן פון זײַן טאָכטער, און די טאָכטער זאָל אַזוי װיסן פון איר בלינדן טאַטן, און בײדע זאָלן אַזוי װיסן פון פּאַניען ימח־שמו־וזכרו, װי איך הײב אָן צו װיסן, װאָס דאָס איז פאַר אַ דערציילונג?! איך האָב קײן מאָל אַזעלכעס ניט געשריבן!

אײַער בעסטער שלום־עליכם

## 525. צו א. ל. לעװינסקי, י. ח. ראַװניצקי און ח.נ. ביאַליק

[טאַרנאָװ] 20סטן מאַרץ 1906

ליבע פרײַנד, לעװינסקי, רבניצקי, ביאַליק וכו׳ וכו׳.

איך האָב אײַך שוין געשריבן, דאַכט מיר, פון קראָקע. איצט שרײַב איך אײַך פון טאַרנאָװ, פון מײַן נע־ונד זײַן איבער גאַליציע. איך האָב װידער אַ מאָל געלײענט װעגן אײַער „האָפענונג״, און עס װילט זיך מיר אָפּגעבן אײַך מזל־טוב און האָב מורא פאַר אַ ברכה לבטלה. איך דערװאַרט שוין פון אײַך די גוטע ידיעה — װען זשע װעט דאָס זײַן? במהרה בימינו! (רבניצקי דאַרף געדענקען דעם נוסח פון דער מאַמזעל קופּערשטײן). יום גילה, יום רינה, יום דיצה, יום חדוה — גילה רינה דיצה חדוה האָפּע־נונג!

— — —

אויב ס׳איז דאָ אַ האָפענונג און איך האָב די גוטע ידיעה אין אַ װאָך אַרום, גײט

מײַן אורח קיין אַדעס; טאָמער חלילה ניט, און ס׳איז שוין באַלד ערב פּסח, וועט ער גיין קיין ווילנע — אוי־וואַ!

— — —

אײַער איבערגעגעבענער מיט לײַב און לעבן
שלום־עליכם

## 526. צו י. ח. ראַווניצקי און ח. נ. ביאַליק

לעמבערג, 8טן אַפּריל 1906

טײַערער ראַבניצקי! טײַערער ביאַליק!

בין איך געקומען (סגנונו של ה„פרײַנד") פון דער בוקאָווינע אַהיים אויף פּסח און וויל מיך אַ ביסל דורכשמועסן מיט מײַניקע. תּיכּף נאָך פּסח שלעפּט מען מיך קיין רומעניע און קיין לאָנדאָן. ווו וועל איך ווערן מגולגל — ווייס איך ניט. מײַן פּסח־דערציילונג וועט זײַן אין דער „צײַט" (די צווייטע טעג יום־טוב). מיר זײַנען אַלע, ברוך־השם, בקו החיים והשלום. בערקאָוויטש און טיסי, געווײנטלעך, מיט אונדז. קיין אַמעריקע וועלן מיר גיין אַלע, אם־ירצה־השם, סוף זומער. אָט דאָס איז אײַך אַלץ וואָס ס׳איז שייך צו מיר. אַצינד, קינדער, וואָס מאַכט עפּעס איר? וואָס הערט זיך מיט דער „האָפענונג"? צו ביאַליקן האָב איך אַ טענה, צוויי טענות, דרײַ טענות, פיר טענות — טאַקע דעם גאַנצן „מה־נשתּנה". א) ווי אַזוי האָט ער דערלויבט דעם — — — הספרותי שבוואַרשאַ איבערמייקענען אויף זשאַרגאָן זײַן „משׂא נעמיראָוו"? קליין געווען אַליין איבערצוזעצן? ב) למאַי האָט ער אָנגעגאַסן, ביאַליק הייסט עס, אין זײַן „מגילת אש" אַזוי פיל פּאָעזיע? איך בין שיר נישט דערטרונקען געוואָרן! ג) למאַי שרײַבט ער מיר איין מאָל אין צוויי יאָר אַ גרוס, מיט אַ בלוי שטיפּטל און יוצא? ד) למאַי... דאָס לאָז איך איבער אויף נאָך יום־טוב. — איך האָב אין דער בוקאָווינע געלייענט זײַן „נביאיש" פונעם „יוד". — קומט דער זיידע אויף יום־טוב אַהיים? ווו איז אונדזער לעווינסקי? וואָס מאַכט מאַניש? שווײַגט? און פּאָיע? רעדט? ווען האָט איר קאָנסטיטוציע? האָט איר געלייענט מײַן „קאָנסטיטוציע אויף יענער זײַט סמבטיון" („די צײַט")? אַ כשרן פּסח אײַך אַלעמען!

שלום־עליכם

## 527. צו י. ח. ראַווניצקי

לעמבערג, 16טן אַפּריל 1906

לידידי לרבניצקי שלום!

איך האָב הײַנט מקבל געווען אַ בריוועלע פון אונדזער לעווינסקי מיט מלאָכים־כּתב אויף אַ מלאָכים־שפּראַך, און פאַרשטאַנען האָב איך קוים, אַז ער מיינט, אַז ער וועט מיר טעלעגראַפירן, איך זאָל צושיקן צו מיטוואָך־דאָנערשטאָג אַ פעליעטאָן מעניני דיומא.

נאָר אַזוי ווי ס׳איז שוין מאָנטאָג און קיין טעלעגראַמע האָב איך ניט, איז אַ סימן, אַז די „האָפענונג״ איז נאָך לעת־עתּה אַ האָפענונג. דאָרט שרײַבט ער אויך עטלעכע משונה ווערטער: „בעד שלשה נומערן הראשונים ואולי גם האחרונים״... באַדאַרף מען, אַ פּנים, לערנען דעם פּשט, אַז איר האָט בדעה אַרויסלאָזן נאָר דרײַ נומערן. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ חלום? עפּעס קומט מיר אויס דער גאַנצער בריוו מוקשהדיק, אַחוץ וואָס ס׳איז אַ ציינברעכעניש צום לעזן, יעדן פּאַלס, וועל איך פֿון די וואָלן דאָך אַ פּעליע־טאָנטשיקל אָנשרײַבן. די טעמע איז שוין בײַ מיר דאָ. עס הייסט בײַ מיר: „הערשל־קאָדעט״ (הערשל — איז ווי איר שרײַבט, הירשל). איך בין אָבער פֿאַרנומען איצט מיט מײַן חוהן, די דריטע טאָכטער פֿון טביה דעם מילכיקן, וואָס איך ענדיק הײַנט־מאָרגן פֿאַרן „אידישן פֿאָלק״ אין ווילנע, רעדאַגירט פֿון לוריאַ. פֿאַרשטייט זיך, אַז חוה גייט איבער האָדלען און חזרט זי חלילה נישט איבער. אַי, שלימזלען, פּוילּיאַקעס! וואָס קראַצט איר זיך אַזוי לאַנג מיט אײַער „האָפענונג״? קומען אַנדערע און כאַפּן אויס! אויב עס קומט מיר אָן פֿון ווילנע (לוריאַ) דינסטאָג געלט טעלעגראַפֿיש, איז „חוה״ זײַנע. אַניט, בין איך פֿרײַ. און „כל הנשמה תהלל יה — ווער ס׳פֿאַרכאַפּט פֿריִער, דער האָט עס״, ווי טביה טײַטשט דעם פּסוק על דרך־הפּשט. — ביאַליקן אַ קניפּ אין בעקל, וואָס ער ענטפֿערט ניט אויף קיין בריוול. אַ ווויל בחורל!

אײַער שלום־עליכם

## 528. צו די אַדעסער פֿרײַנד

ניו־יאָרק, 4טן נאָוועמבער 1906

טײַערע פֿרײַנד רבניצקי, ביאַליק, פּאַיע, לעווינסקי, פֿאַלינקאָווסקי און אַנדערע!

איך האָב קוים הײַנט די מעגלעכקייט צו שרײַבן אײַך אַ פּאָר ווערטער, אָבער ניט מער. די בײַגעלייגטע אויסשניטלעך וועלן אײַך זאָגן אַלעס. דער כּבֿוד, וואָס כ׳האָב געהאַט בײַ מײַן אָנקומען מיטן שיף, פֿון דעם ערשטן טאָג ביזן זאָגענאַנטן רעסעפּשאָן, איז שוין אַ ביסל צו פֿיל. אָבער דער כּבֿוד, וואָס מע האָט דאָ אָפּגעגעבן אונדזער יידישער ליטעראַטור און אונדזער געליבטן פֿאָלקס־לשון, האָט מיר ווירקלעך צוגעטיילט אַזוי פֿיל נחת, אַז עס האָט מיר פֿאַרזיסט מײַן לעבן אינעם לאַנגן גלות, וואָס כ׳האָב אויף זיך גענומען. האָפֿנטלעך, דאָ איז אָן עק פֿון מײַן גלות. אַ זייער־זייער גלענצנדע צוקונפֿט ווײַזט זיך דאָ פֿאַר מיר, און ברודער לעווינסקי איז געווען גערעכט, וואָס ער האָט מיר פֿאַר אַ יאָרן נאָך געשריבן וועגן דעם.

שרײַבט!

אײַער שלום־עליכם

— — — איך בין דאָ נאָר מיט אָלגאַן און נומטשיקן זאַלבע דריט. די פֿאַמיליע אונדזערע איז נאָך אין דער שווייץ.

## 529. צו י. ח. ראַווניצקי און ח. נ. ביאַליק

**ניו־יאָרק, 12טן דעצעמבער 1906**

גוטע ליבע טײַערע פרײַנד רבניצקי און ביאַליק!

ויהי... און ס׳איז געווען, אַז איך בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע...

ווי אַ „ויהי" איז אַ צרה, און ווי אַ „מחבר" איז אַ שלימזל! באַדאַרף מיך אײַער בריוו פּאַקן מיט אַ טאָג שפּעטער נאָך מײַן אויפרוף וועגן מאָריס ראָזענפעלד (וועלכעס ליגט דאָ). איך בין געווען בײַ אונדזער אַברהם אליהו, און אונדזער אַברהם אליהו איז געווען בײַ מיר, און מר. סאַפּירשטיין איז מאָרגן בײַ מיר, און מיר זײַנען זיך מפלפל אין דעם ענין גאַנץ געשמאַק, אָבער איך בין מסופק, אויב עס וועט עפּעס זײַן דערפון — איך מיין געלט מיין איך. אוי, שלימזלען, שלימזלען וואָס איר זײַט! אַז דעם 3־4טן יאַנואַר (בײַ אונדז) איז דאָס יובילייום — דערמאָנט איר זיך צו שרײַבן קיין אַמעריקע מיט צוויי וואָכן פריִער, ניט מיט אַ האַלב יאָר!! איר זענט דאָך ווערט, מע זאָל אײַך דן זײַן מיט שמיץ! לייגט זשע זיך טאַקע מחילה בײדע אויף איין בענקעלע: פריִער דו, ראַבניצקעלע! שפּיליע אָפּ די פלידערלעך, אָט אַזוי, אַ ייִנגעלע זאָל ניט זײַן קיין מלמדל, קיין פּוילינקער, קיין שלימעזאַלניקל! נאָך דעם דו, ביאַליקל, ביסט טאַקע אַ משוררל, און אַ גרויסינקער משורל, אַ זינגערל בײַ ייִדן, פון דעסטוועגן, נישקשה, פּאַרקאַטשע דאָס העמדעלע, אָט אַזוי, אָט אַזוי! לאָזן גרויסע ייִנגעלעך, מיט בערדעלעך שוין, וויסן וואָס הייסט אַמעריטשקע, אַ ביזנעסלאַנד מיט דאָלערלעך, נאָר אַלעס צו דער צײַט. נישט קומען דעמאָלט, ווען אַלעס איז שוין צוגעמאַכט, ניטאָ אַ הונט אין שול!... נו, אַ קוש די רוט און גייט געזונט! — —

איך בין אויף אײַך גזלן און קאָן אײַך מער ניט שרײַבן! — — — אַ מיצווה אויף אײַך! אם־ירצה־השם, אַז דאָס אייניקל וועט ווערן פינף און זיבעציק, וועט איר שוין, מיין איך, קליגער זײַן. נאָר אַזוי לאַנג שמייסט מען אײַך, ווי לאַנג מיר אַלע וועלן דאָס דערלעבן!...

נו, איר וועט דאָך מיר אַזוי קיין בריוו ניט שרײַבן, סײַדן איר וועט עפּעס דאַרפן — טאָ זײַט זשע מיר געזונט.

אײַערער וואָס האָט אײַך ליב
שלום־עליכם

מײַן בערקאָוויטש און מײַן אסתּר־טיסי זײַנען נאָך מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע אין דער שווייץ, און דאָס איז זייער אַדרעס: — — —.

מאַנישן, פּאַיען, אַלין, לעווינסקין און אַלעמען מײַנע האַרצלעכסטע גרוסן פון מיר און פון מײַן ווײַב אָלגאַ און פון מײַן בן־זקונימל.

## 530. צו די זעלבע

**ניו־יאָרק, 15טן—16טן דעצעמבער 1906**

מײַנע ליבע פרײַנד, רבניצקי און ביאַליק!

איך האָב אײַך הײַנט אַ ביסל אויסגעשייגעצט. אַצינד דאַרף איך אײַך טרייסטן מיט

א שטיקל נײַס (אָ טאַטע שמײַסט אָפּ און נאָך דעם האָט ער רחמנות). איך בין נאָר וואָס געקומען פון מר׳ סאָפּירשטײן. נאָך אַ לאַנגער אונטערהאַלטונג איז געבליבן, אַז מע וועט קודם בילדן אַ קאָמיטע (אָך!...) פון אַלע שריפטשטעלערס, ליטעראַטן, רעדאַק־טערע אאַז״וו, אאַז״וו, און דינגען דעם גרעסטן האָל (באַצאָלן פאַרן אָוונט אַ 600 דאָלער, 1200 רובל), קלינגען אין אַלע בלעטער, אויפוועקן די ענגלישע פּרעסע, מאַכן אַ בום (אַזוי הייסט עס דאָ בײַ אונדז), אַ יובילייום־פײַער־אָוונט לכבוד אַבראַמאָוויטש, אין וועלכן עס וועלן אָנטייל נעמען: שלום־עליכם, שמריהו לעווין, מאַסליאַנסקי, כּהן, מילער, באַ־ראָנדעס, ברונאָף און נאָך און נאָך — אַ גאַלאַ־קאָנצערט, וועלכער זאָל אַרײַנברענגען, לכל־הפּחות, אַ 2000 דאָלער. אָבער בומען דאַרף מען כאָטש אַ חודש אָדער צוויי. ס׳איז אַמעריטשקע!

אײַער שלום־עליכם

דערווײַל פאָר איך אַרויס מאָרגן גאַנץ פרי אין דער קאָנטרי. שרײַבט נאָר בריוו, לאָזט זיך ניט וואַרטן, ווי די פּידראַבינטשיקלעך! מיוחסים — זײַ זײַנען פּטור! — — —

## 531. צו די זעלבע

ניו־יאָרק, 19טן דעצעמבער 1906

קינדערלעך!

אַ ביסעלע איידעלער, ווי איר האָט דאָס געוואָלט מאַכן. עס פּאַסט ניט פאַר אונדז אַלעמען און פאַר אונדזער ליטעראַטור, מע זאָל פאַרן זיידן שנאָרן!...

פאַרשטאַנען? —

אײַער שלום־עליכם

## 532. צו י. ח. ראַווניצקי

„אַליאַנס ניו־דזשוירסי״, 18טן מאַרץ 1907

אָחי מידד, ידידי ורעי י. ח. רבניצקי!

ס׳איז גאָר ניטאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט קאָנען זיך טרעפן. פון די שורות, וואָס גייען נאָך מײַן שריפטס, וועט איר שוין זען, בײַ וועמען און פון וואַנען און אין וועמענס קעגנוואַרט איך שרײַב אײַך. געוויס וועט איר אַליין פאַרשטיין, אַז איך בין אין באַזוך פון די ייִדישע, אמת־ייִדישע קאָלאָניעס, און איך, שלום־עליכם, האָב זוכה געווען צו זען מיט מײַנע אייגענע אויגן ייִדישע קאָלאָניסטן, ערדאַרבעטערס באמת, ניט געמלאָכהט, נאָר טאַקע אַרבעטער ממש, ווי בײַ אונדז, להבדיל, די מוזשיקעס — און האָב געמאַכט שהחיינו און פאַר ווײַטער. — אײַער בילד האָב איך געפונען אין אַלבאָם. עס איז אַן אומרעכט פון אײַך און אַ גרויסע זינד, וואָס איר שרײַבט ניט צו די מענטשן, וואָס זײַנען פאַרפלאָנטעט מיט אײַער יוגנט. נו, צײַט שליסן. איך וואַרט אויף

אייער תשובה אויף די פריערדיקע בריוו מיינע, דעריבער שרייב איך אייך פון זיך גאָרניט. מע האָט מיר זייער אָפּגעלויבט אַן אַרטיקל פון ביאַליק ימח־שמו איבער אונדזערע משוררים, וואָס ער פאַרגעטערט זיי שלא לפי ערכם... נאָר מן־הסתם טוט דאָס דער ממזר, ווי די שניידערס, וואָס האָבן אָנגערופן יאָסל דעם שניידער „רב יאָסעלע" נאָכן טויט, מצד רחמנות... גריסט אים, דעם שיבעניק, און גריסט אַלעמען.

ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 533. צו דער רעדאַקציע פון „אונזער לעבען"

ניו־יאָרק, 30סטן אַפּריל 1907

ליבע פריינד ספעקטאָר, ווינטרויב און האָכבערג!

אויבוויל איך האָב נאָך פון אייך ניט קיין אָנטוואָרט אויף מיינע צוויי בריוו (מיט די צוויי טראַנספּאָרטן פון מיין ראָמאַן „דער מבול") דאָך שיק איך אייך מיין נייע דערציילונג לכבוד ש ב ו ע ו ת:

**ש פ ר י נ צ ע**

א שפּאָגל נ יי ע מעשׂה פון ט ב י ה דעם מ י ל כ י ק ן (לכבוד שבועות), דער־ציילט פון טביהן אַליין און איבערגעגעבן וואָרט ביי וואָרט פון **שלום־עליכם**.

גאָט איז אַ גאָט, שלום־עליכם לעבט און טביה איז ניט ג ע ש ט אָ ר ב ן. „שפּרינצע" — דאָס איז די ז ע ק ס ט ע דערציילונג פון מיין בויבעריקער פריינד טביה, וואָס האָט געהאַט די ערע באַקאַנט צו ווערן מיטן יידישן פּובליקום צום ערשטן אַרויספּאָר אין ספּעקטאָרס „הויזפריינד". פון דעמאָלט אָן שענקט אונדז טביה אַלע יאָר אַ נייע מעשׂה, און וויפל ט ע כ ט ע ר, אַזוי פיל מ ע שׂ י ו ת. ווי איר זעט, האָט זיך טביה ניט איבער־געביטן אויף קיין האָר, ד"ה, וואָס איז שייך? די אומשטאַנדן האָבן זיך געביטן, די יאָרן האָבן געטאָן זייערס, אָבער טביה אַליין איז געבליבן דער זעלבער טביה, מיט דער זעלבער וועלטאַנשויונג, מיט די זעלבע געדאַנקען און פּרינציפּן, און אַפילו מיט דער זעלבער שפּראַך. עס וועט מיך פרייען, ווען מיינע רוסישע ברידער און שוועסטער, וואָס לייענען אַ מאָל אַ יידיש וואָרט, וועלן זיך זען מיטן אַלטן טביהן היינטיקן שבועות און אָפּנעמען דורך אים אַ האַרצלעכן גרוס פון זייער פריינד

ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

פּ.ס. — אַנו, באַווייזט, אַז איר זענט אויך אַזעלכע דזשענטלמענס, ווי אייער איבערגעבנסטער

ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

ז ע ל ב ס ט ־ פ אַ ר ש ט ע נ ד ל ע ך, אַז „שפּרינצע" טאָר נישט געדרוקט ווערן פאַר שבועות, און נאָר אין דער צייטונג, און ניט אין קיין באַזונדער העפט, ניט פריער און ניט נאָך דעם, ניט איר און ניט קיין אַנדערער. —

## 534. צו ד. קאַססעל

[19]07 .6 .8

גערטער פרײַנד קאַססעל!

איך האָב באַקומען אַן אינוויטיישאָן צום רעספּשאָן פון אונדזער באַליבטן דאָקטאָר מאַגנוס בעפאָר זײַן אָפּרײַזן נאָך פּאַלעסטינע. — אין דעם מאָמענט, ווען איר וועט לעזן דיזע צײַלן, וועל איך, דאָס הייסט ניט איך, נאָר מײַן שיף „ניואָרק״, פּירן אַ קאַמף מיט די וועלן פונעם אַטלאַנטישן מער. לאָז דאָס שיף קעמפן. לאָז זיך דער קאַפּיטאַן שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט, איך וועל דעם 10 יון אויפן שיף, טרינקען אַ גלאָז ווײַן (איך האָב מורא אַז ניט קיין יין־נסך...) לכּבוד דעם טײַערן דאָקטאָר מאַגנוס, וועלכער רײַזט קיין ארץ־ישראל. איך רעכן דאָס פאַר אַ גליק פאַר די אַמעריקאַנער ייִדן, וואָס סע פאָרט אינעם לאַנד פון אונדזערע אָבות אַ זאַ מאַן ווי דאָקטאָר מאַגנוס. לאָזן אונדזערע ברידער אינעם הייליקן לאַנד מיינען, אַז אַ ל ע אַמעריקאַנער דאָקטוירים, און נישט נאָר דאָקטוירים, נאָר אַלע אַמעריקאַנער ייִדן זענען אַזוי סימפּאַטיש, אַזוי איינפאַך און אַזוי ליבעס־ווערדיק ווי דער דאָקטאָר מאַגנוס. — איך דענק, אַז די פאַרזאַמלטע בײַם רעספּשאָן זענען גענוג קלוג זיי זאָלן דעם פּשט פון די ווערטער נישט פאַרקריפּלען און חלילה זיך ניט געפינען באַליידיקט דורך מײַנע ווערטער... אַז מע רעדט צום בײַשפּיל פון אַ גרויסן אַרטיסט, אַז ער איז גרויס, איז ניט געדרונגען אַז אַלע אַנדערע אַרטיסטן דאַרפן זיך דאַרום געפינען באַליידיקט... עס זענען דאָ אין אַמעריקע זייער פיל פײַנע מענטשן וועלכע איך קען, און פילײַכט נאָך מער מיט וועלכע איך האָב נאָך נישט געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען.

דאָקטאָר מאַגנוס איז מ י ר פּערזענלעך געפעלן מער פון אַ סך אַנדערע. וואָס קומט מיר דערפאַר? וואַרשײַנלעך וואָלט איך דאָס אים אַזוי לײַכט אין זײַן קעגנוואָרט נישט געקאָנט זאָגן, ווי איך זאָג עס אַרויס שריפטלעך... איך האָף, אַז דאָקטאָר מאַגנוס האָט שוין געהערט אַ סך גוטע ווערטער. ער וועט נישט רויט ווערן. ער איז דאָך ניט קיין מיידל און איך בין נישט קיין קאַוואַליר פון קאָמפּלימענטן... איך ווינטש אים אַ גליקלעכע רײַזע און דער פאַרזאַמלונג ווינטש איך אַ סך אַזעלכע „ארץ־ישראל־בירגער״ ווי דאָקטאָר מאַגנוס...

מיט ציונס גרוס

שלום־עליכם

## 535. צו די אַדעסער

זשענעווע, 29סטן יוני 1907

ידידים חביבים — רבניצקי, ביאַליק ולעווינסקי!

פון גענף פון דער שיינער שווייץ טוט צו אײַך גיין אַצינד מײַן בריוו. איך בין געקומען אַהער רוען, אָבער וואָס רוען הייסט! און רוען בײַ שלום־עליכמען הייסט אָט וואָס: געקומען בין איך אַהער שוין באַלד צוויי וואָכן, האָב איך פאַר די צוויי וואָכן ניט

געטאָן גאָרנישט, נאָר אָנגעשריבן דרײַ דערציילונגען און אַוועקגעשיקט זיי אין „טאָגע־בלאַט" אין אַמעריקע, געקאָפּירט פון זיי פאַרן „פרײַנד", מיט וועלכן איך האָב מיך איבערגעבעטן נאָך אין ניו־יאָרק; דרײַ קליינע „הומאָרעסקעס" פאַרן „אַמעריקאַנער" (פון מאָטל פּייסי דעם חזנס מעשׂיות), געקאָפּירט פאַרן „דזשואיש וואָרלד" אין לאָנדאָן און פאַרן „יוד' פאָלק" אין ווילנע (וועלכער האַלט, דאַכט מיר, בײַ דער שטילער גסיסה); עפּעס אַ פּאָר טוץ בריוולעך צעשיקט אויף ביידע וועלטן, און אַ ביסל אַ שמעק געטאָן די בערג מיט די טײַכלעך פון דעם לאַנד, און אַ ביסל נעענטער זיך באַקענט מיט מײַן אייגענער רעפּובליק, עפּעס באַלד אַ יאָר זיך ניט געזען. — דעם זיידן האָב איך נאָך ניט באַזוכט, און בן־עמי, קאָן איך באַשטיין, זאָל זיך מטריח זײַן צו מיר. — איך וואַרט אויף אײַער קלאָרער תּשובה, ערשטנס, צי איר לעבט נאָך? (אַז אָך און וויי איז אײַך מיט אײַער צווייטער דומע, וואָס איז מת געוואָרן, און אַז אָך און וויי איז אײַך מיט אײַער דריטער דומע, וואָס דאַרף געבאָרן ווערן — טוב שלא תברא משתברא...). און, צווייטנס, וואָס הערט זיך מכּוח פּיעסעס? טעאַטער? עפּעס גלייבט זיך מיר קוים, אַז עס ליגט אײַך אין זינען אַ טעאַטער! און אפשר? — שרײַבט באַלד תּשובה.

אײַער ווי געוועזן שלום־עליכם

רבניצקי! איך גיב אײַך צו לייזן געלט: שיקט מיר אַרויס תּיכּף־ומיד „אהבת ציון" מאת מאַפּו. שרײַבט מיר, וואָס קאָסט, שיק איך אײַך תּיכּף צוריק געלט. אויך מײַנע „סיפּורים ומעשׂיות לילדי ישורון" עפּעס אַ צענדליק — אַלץ פאַר מעות מזומנים. גריסט פאַיען, מאַנישן און אַלע.

נ.ב. — נאָר וואָס איז מיר אײַנגעפאַלן אַ מאָדנע מחשבה: פאַר אַ צווייטער קאָלעקציע העברעיִשע מעשׂיות פאַר קינדער זאָלט איר נעמען מײַנע נײַע מעשׂהלעך פון מאָטל פּייסי דעם חזנס יינגל. זיי זײַנען פאַר אײַך ווי געוווּנטשן. אַ פּאָר שיק איך אײַך פון זיי דאָ, אין דעם בריוו. נאָך וועל איך אײַך שיקן שפּעטער — איך האָב זיי ניט אונטער דער האַנט. געדרוקט זײַנען פון זיי 7. זײַן וועט 12 אָדער 15. כאַפּט אַ קוק, איר וועט האָבן הנאה. ביאַליק וועט אײַננעמען אַ מיתה־משונה. אָך, ווען ע ר זעצט זיי איבער אויף לשון־קודש!

## 536. צו ד. קאַססעל

12. 7. [19]07

ליבער פרײַנד, קאַססעל!

אַז דער באַרג גייט ניט צו מחמד, גייט דער מחמד צום באַרג. — אַז איר מיר ווילט ניט שרײַבן שרײַב איך צו אײַך — און פאַרקערט, לאָמיך זען אַז איר וועט מיר ניט ענטפערן! — גלײַך צו ביזנעס:

די טעג ענדיק איך אַ סאַטירע, אַ מין פּאָליטישע באַשעפעניש, מיטן נאָמען The first Jewish Republic, „די ערשטע אידישע רעפּובליקע".

דאָס איז אַ זאַך וואָס גאָט אַליין האָט געזאָגט צו משהן אויפן באַרג סיני: דבר אל

בני ישראל ואמרת אליהם — מע זאָל דיזע רעפּובליק איבערזעצן אינס איינגלישען! די סאַטירע באַשטייט פון 8 באַזונדערע מעשיות, 8 פעליעטאָנען אין דאָס „אידישע טאַגעבלאַט". פון דאָרטן וועט איר זי באַצײַען. ביז איר וועט זיך אַ ריר טאָן, אויפזוכן דעם איבערזעצער, וועלן זיי שוין זײַן אָפּגעדרוקט אַלע. זיי זענען ניט גרויס. און טאָמער ניט, וועל איך די לעצטע פּאָר דערציילונגען מוזן שיקן אײַך אין מאַנוסקריפּט. איך לייג בײַ איין אויסצוג פון אַלע 8 דערציילונגען, בכדי איר זאָלט קענען געבן איבערזעצן און צײַגן דעם אַרויסגעבער. מײַן פּלאַן איז איר זאָלט קודם זיך זען מיט מר׳ ריטשאַרד (איך גלייב אַז איר האָט אים שוין געזען), אים געבן די ערשטע צוויי מעשיות פון דער „רעפּובליק" אין „טאַגעבלאַט" ער זאָל זיי איבערזעצן צוזאַמען מיט מײַן אויסצוג און איר זאָלט בײדע זײַן בײַ מר׳ האַרפּער, אָדער וווּ איר פאַרשטייט. און אויב מר׳ ריטשאַרד וויל די גאַנצע זאַך איבערזעצן באַלד און ברענגען האַרפּערן אַ גאַנצע זאַך, דאַן שיק איך אײַך די אַלע 8 פעליעטאָנען אין מאַנוסקריפּט און איר בײדע זאָלט זיי אָפּטראָגן צום פאַרלעגער אָדער אין אַן ענגלישן מאַגאַזין.

מײַנע באַדינגונגען, אום דערלײַכטערן די חשבונות, איז יחלוקו — 50% אײַך און 50% מיר, דאָס הייסט איר מיטן איבערזעצער וועט זיך שוין אײַנטיילן ווי אַזוי איר וועט דורכקומען. טאָמער וועט איר מוזן געבן דעם איבערזעצער מער פון 25%, וואָס זאָל מען טאָן, וועט איר צום ערשטן מאָל מאַכן ווינציקער מיט אַ פּאָר טויזנט דאָלער — נעווערמיין! איך דאַרף באַקומען 50% פונעם האָנאָראַר. אַ ריינעם טשעק פונעם פאַר־לעגער אויף „קרעדיט ליאָנע" אין זשענעוואַ. — מײַן פרוי און נומאַ גריסן אײַך. ער בענקט אַ ביסל נאָך אײַערע מעשהלעך, נאָר אין דער שווייץ ווערט מען ניט פאַרפאַלן. שרײַבט די רגע ענטפער.

שלום־עליכם

## 537. צו י. ח. ראַווניצקי

זשענעווע, 16טן יולי 1907

ידידי רבניצקי!

גזלן! רוצח! „אהבת ציון" פון מאַפּו און ניט פון טביוב. זאָל טביוב גיין צו אַל די שוואַרצע יאָר! מאַפּוס שיק מיר! „אהבת ציון", אַ ראָמאַן פון אַ. מאַפּו. דעם זעלבן „אהבת ציון", וואָס מיר און אונדזערע טאַטעס האָבן געלייענט, בשעת טביוב איז נאָך געווען נאַקעט און באָרוועס און האָט נאָך ניט פאַרפּאַטשקעט זײַנע הענט מיטן „זרגון" און האָט נאָך ניט פאַרפּאַטשקעט מאַפּון... — — —

## 538. צו ח. נ. ביאַליק

[זשענעווע, אָן אַ דאַטע]

ביאַליק יקירי!

אַצינד, אַז איר וועט זיך דערזען אויפן מאָנבלאַן, וועט אײַך אפשר אָנכאַפּן אַ חשק

און איר וועט זיך פאָרט אַראָפּכאַפּן צו „אונדז" אין דער שווייץ? מיר קוקן דאָ אַרויס אויף אײַך, ווי אויף משיחן, אַלע, און דער אַלטער ווײַסער הויכער מאָנבלאַן אויך. קומט, וועט איר זיך דראַפּען מיט אונדז צוזאַמען.

שלום־עליכם

(א)

בן־עמי

— ווער פּײַפּט דאָס דאָרט אונטערן מאָנבלאַן אַ תקיעה־גדולה? איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז ס'איז ביאַליק!... זיידעניו! שלום־עליכם! טוט נאָר אַ קוק צוריק!... ס'איז ער, טפו זאָל דאָס ווערן, ווי איך בין אַ ייִד — ס'איז ביאַליק! זעט נאָר! וואָס הערט זיך אין אַדעס? זינט איך לעב!

(ב)

מנדלי מוכר־ספרים

— מילא נו, ביאַליק! ערשטנס, צוריק קוקט מען ניט — עס שטייט: אַל תביט אַחריך... און אַגב קאָן מען טאַקע פאַלן אויך... נישקשה, ביאַליק קאָן זײַן אונטן. אַן אומגליק, עס וועט זײַן ווינציקער מיט אַ ייִדן אויפן מאָנבלאַן!

(ג)

שלום־עליכם

— דער זיידע איז גערעכט; האָט ער געזאָלט קומען פריִער, דער שלימזל!... אוי! האַלט נאָר גוט די שטריק! בן־עמי! ס'איז גליטשיק סכנת־נפשות! אַט פאַל איך ווידער אַ מאָל.

(ד)

ביאַליק

— רב מנדלי! בן־עמי! ושלום־עליכם!
אני שוחק על משבתיכם!
הנני הולך ברגלים, ומרגיש כנפים!
כי יש לי הכל, שופר ומקל,

„השלח" בצלחתי, ליוּבאָשיצקי באמתחתי,
ומבן־אַביגדור אגרת, שהיא בפירוש אומרת:
לכשירחיב את גבולו, ישלם לי את תגמולו,
כהנה וכהנה, ממצרים ועד הנה!...

## 539. צו ח. נ. ביאַליק

[אויף מאָרגן נאָך יום־כיפור 1907]

אוי, ביאַליק, ביאַליק!

איר זײַט אַוועקגעפאָרן און — ווי אין וואַסער אַרײַן. ווי אַזוי שרײַבט דאָס ניט אַ מענטש אַ בריוול? איך האָב צו אײַך, זאָלט איר וויסן, אַ גרוס. טרעפט פון ווענען? פון

אײַערע שיך, פון אײַערע שטעקשיך. אויף מאָרגן נאָך אײַער אָפּרײַזע פון דער שווייץ בין איך אויפגעשטאַנען, ווי אַלע מאָל, גאַנץ פרי און, ווי אַלע מאָל, אָנגעבויגן זיך אונטערן בעט נאָך מײַנע שיך. איך טו אַ קוק — אַ פּאָר שיך, גאַנץ אומבאַקאַנטע שיך, קעסטלדיקע שטעקשיך מיט לעדערנע בעזלעך. איך באַטראַכט די שיך — נאָך גאַנץ גוטע שיך, נײַע שיך! ווּעמעס איז דאָס שיך? ערשט עס לאָזט זיך אויס אַ מעשׂה: ס׳איז ביאַליקס שיך! ווי קומט אַהער ביאַליקס שיך? מסתּמא האָט ער פאַרגעסן די שיך? און אפשר האָט ער דאָס מיר געלאָזט אַ מתּנה זײַנע שיך? בקיצור, ס׳איז געוואָרן אַ טאַרעראַם אין שטוב: שיך־שיך, שיך־שיך!... קודם האָט זיך באַוויזן טיסי און איז אַרויס מיט אַ טענה, אַז די שיך דאַרפן זײַן אירע שיך. איר בערקאָוויטש איז מיט ביאַליקן גאָר איינס, קומט איר די שיך. איז אַרויס די צווייטע מײַנע, ליאַלי, די, וואָס שטודירט אויף דאָקטאָר־מעדיצין: די שיך דאַרפן זײַן על־פּי יושר, זאָגט זי, אירע שיך. וואָס איז די מעשׂה? אַזוי. זי האָט ניט קיין שטעקשיך. זי האָט שוין, זאָגט זי, לאַנג חשק קויפן שיך. זאָגט עמאַ, די דריטע הייסט עס, אַז די שיך מעגן זײַן אירע שיך, וואָרעם זי האָט אַוודאי ניט קיין שיך! טענהט די קלענערע, מאַרוסי, אַז איר נשמה איז אויך ניט פון קלאָטשע, די שיך זײַנען גוט אויף איר אויך. דערהערט נומטשיק, אַז מע רעדט פון שיך, וויל ער גאָר ניט וויסן, וואָס פאַר שיך, און צעשרײַט זיך: מאַמע, איך וויל שיך! פונעם געפּילדער כאַפּט זיך אויף מישאַ און מאַכט אַ פּאַגראַם: די שיך, זאָגט ער, זײַנען זײַנע שיך, וואָרעם ביאַליק איז ניט געשלאָפן מיט קיינעם, נאָר מיט אים, געהערן אים די שיך „על־פּי־סאָוועסט״. דערווײַל קומט אָן בן־עמי מיט זײַן טאָכטער שׂרה און ווערט געוואָר פון די שיך, — זאָגט ער, אַז די שיך קומען אים, וואָרעם ווען ניט דער אינצידענט מיט ראָש־השנה, וואָלט דאָך ביאַליק פאַרפאָרן געוויס צו אים און וואָלט איבערגעלאָזט די שיך געוויס בײַ אים. נאַטירלעך, פּאַטאַקעוועט אים שׂרה און וואָרפט מיט אויגן אויף די שיך; פאַלן מישע מיט טאַמאַרען אויף אַ פּשרה און זאָגן: ווייסט איר וואָס? לאָז זײַן מיר אַ שוך און טאַמאַרען אַ שוך. בקיצור, מיר זײַנען געגאַנגען צום זיידן פרעגן אַ שאלה וועגן די שיך, וועמען עס זאָלן געהערן די שיך? אויסגעהערט די טענות פון די שיך מיט צוגעמאַכטע אויגן און מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן, פּסקנט דער זיידע רב מענדעלע: אַזוי ווי די שיך זײַנען פאַרגעסענע שיך, הפקר הייסט עס, און אַזוי ווי אַלע ווילן די שיך, זאָל מען די שיך בעסער אַריבערטראָגן צו אים, צום זיידן הייסט עס, און דאָרט זאָלן די שיך שטיין עד שיבוא אליהו. פונעם פּסק־דין איז געוועג צופרידן נאָר איין בן־עמי: ער האָט זיך דערמאָנט אינעם פּסוק „ניט מיר, ניט דיר״... נאָר איך בין ניט צופרידן, און דערווײַל שטייען די שיך בײַ מיר. איך רעכן, אם־ירצה־השם, אין גיכן אײַך איבערפעקלען קיין אַדעס די שיך; געוויינטלעך, ניט ביידע שיך מיט אַ מאָל; איין שוך וועל איך אײַך אָפּשיקן תּיכּף נאָך סוכּות, און דעם אַנדערן שוך וועל איך צושיקן אויף פּסח, וועט איר שוין האָבן ביידע שיך. — און מחמת איר קערט אַוודאי בענקען נאָך די שיך, האָב איך געלאָזט פאָטאָגראַפירן ביידע שיך, און איך שיק אײַך דאָ אַ בילד פון אײַערע שיך מיט אַ פרײַנדלעכן גרוס פון אונדז אַלע און פון אײַערע שיך, וואָס געפינען זיך לעת־עתּה בײַ מיר אויף די פיס, מחמת איך האָב טאָקע ניט קיין שיך, אַחוץ אײַערע שיך, און אַ דאַנק אײַך פאַר די שיך, תּמיד, אַלע זומער זאָלט איר קומען צו אונדז מיט נײַע שיך און זאָלט אונדז איבערלאָזן אַ פּאָר שיך, וואָרעם איך

בין דערגאַנגגען אַ פּראַקטיקע, אַז ס'איז בעסער מיט שיך, ווי אָן שיך, בפרט נאָך אַזעלכע שיינע שיך, ווי אײַערע שיך, וואָס זײַנען צווישן שיך די בעסטע שיך.

שלום־עליכם

מחרת יום הכּיפּורים תּרס"ח.

## 540. צו יאָהאַן פּאַליי

1907 .11 .6

זייער געערטער רעדאַקטאָר און פרײַנד פּאַליי!

פאַרגעסטערן און געסטערן האָב איך אײַך געשריבן וועגן פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן. הײַנט איז מיר אָנגעקומען דאָס „טאַגעבלאַט" און שלוס פון מײַן „רעפּובליק" און איך בין דערשטוינט געוואָרן פונעם פעלער וואָס דער „בחור הזועצער" האָט באַגאַנגען קעגן מיר. אוי די „בחורים די זועצערס"! געזונט, יאָרן, לעבן קאָסטן זיי מיך! גיי ריכט זיך אַז זיי וועלן עסן פלאָמען און וועלן באַניצן דערצו אַ בלעטל פון מײַן מאַנוסקריפּט און פּונקט דעם סוף, דעם רעכטן שפּיץ פון דער „יידישע רעפּובליק", — אַ בלעטל, וואָס אין דער לעצטער פּראָזע ווערט אַרויסגעזאָגט דער טרויעריקסטער פון די געדאַנקען, דער גאַנצער צוועק פונעם גאַנצן ווערק! — אמת, ביז מײַן בריוו וועט אַריבערשווימען דעם ים און וועט אָנקומען צו אײַך קיין אַמעריקע וועט שוין זײַן אַ ביסל צו שפּעטלעך. אַ סך לעזערס האָבן שוין געוויס לאַנג פאַרגעסן, צי ס'איז געווען אַ מאָל אַ „יידישע רעפּובליק", פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן מיט די פּרעזידענטן וואָס רעדן אויף די פאַרשידענע לשונות. איך האָף אָבער, אַז עס געפינט זיך אויך אין אַמעריקע אַ מנין לעזערס, אַזעלכע וואָס האָבן נאָך ניט פאַרגעסן. אָט פאַר דעם מנין וואָלט איך אײַך בעטן דעם פעלער אויסבעסערן און דאָס דורכגעלאָזטע לעצטע בלעטל אָפּדרוקן.

מיט בעסטע גליקוואונטשן צום נײַעם יאָר

שלום־עליכם

## 541. צו ש. גינזבורג און ש. ראָזענפעלד

בערלין, „צענטראַל־האָטעל" 196, 21 .12 .[19]07

פיל געערטע פרײַנד, שאול מאַיסייעוויטש און ש. ראָזענפעלד.

מיט אַ צוויי שעה צוריק האָב איך באַקומען פונעם ה' ראָזענפעלד אַ ליבעסווערדיקע אײַנלאַדונג נעמען אָנטייל אין „בעזים". דערבײַ שטעלט מיר ה' ראָזענפעלד 3 תּנאים: 1) געבן משופרא דשופרא, 2) ניט מער פון 100 שורות אַ פעליעטאָן און 3) האָנאָראַר פאַר שלום־עליכמס אַ פעליעטאָן שופרא דשופרא — זעקס זילבערנע קאַרבן! איר געדענקט, בײַ אײַך אין פּעטערבורג שענקט מען אַזאַ מטבע דעם עלטסטן הויף־שומר אין טאָג פון נײַ־יאָר. לאָמיר ריידן אָפן, מײַנע הערן. אין דער ערשטער רגע בין איך געווען אויפגעבראַכט. שטעלט אײַך פאָר, נאָך מײַן הימל־שרײַענדיקער טעלעגראַם פון

בערלין, נאָך דעם, ווי איך האָב באַקומען פון דער שווייץ די אומעטיקע בריוו: „פון ‚פרײַנד׳ גאָרניט", ניט געקוקט אויף דער הבטחה פון ס. מ., אַז דעם ערשטן דעקאַבער וועט מען אַרויסשיקן, — נאָך דעם אַלעם באַקום איך פּלוצעם אַזאַ מין אײַנלאַדונג. איז ווי קאָן מען זיך נוקם זײַן פאַר אַזאַ בייזן שפּאַס? אָט ווי, כ'האָב געטאָן, וואָס איר פאַרלאַנגט. געזעצט זיך און אָנגעשריבן אײַך פאַרן 1טן נומער „בעזעם" אַ פעליעטאָנדל, וואָס איך האָב דאָ בײַגעלייגט, און כ'שווער אײַך, אַז ווען איך פאַרלאַנג פאַר אים 100 רובל בײַ מ. קרינסקי, אַ קבצן שבקבצן, וואָלט ער פאַרלייגט דאָס ווײַב אין לאָמבאַרד און וואָלט מיר אַרויסגעשיקט דאָס געלט, ווײַל מיט אַזאַ מין ווערק ווי „דער פעטער פיני מיט די מומע רייזי" האָט קרינסקי געפּרוווט פאַרדינען טויזנטער. (איך בין ניט מגזים.) מיט דעם דאָזיקן פעליעטאָן וואָלט איך וועלן, „דער בעזים" זאָל מרעיש עולמות זײַן און איר זאָלט פאַרגעדענקען (און אַגב אויך פאַרשטיין), אַז איר האָט געהאַט אַ מיטאַרבעטער, וועלכער הייסט שלום־עליכם. וואָס איז שייך דעם האָנאָראַר, איז אויב איר באַשטייט אויפן פּרײַז, וועגן וועלכן דער ה׳ ראָזענפעלד שרײַבט, טאָ זײַט אַזוי גוט און גיט איבער דאָס געלט אין דער הילפסקאַסע פאַר די נויטבאַדערפטיקע סטודענטן ייִדן אין פעטערבורג.

כ'וואָלט געוועזן אַ גראָבער יונג, ווען איך זאָג, אַז איך שענק אײַך אַוועק אַזאַ מין האָנאָראַר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מײַן פעליעטאָנדל קאָנט איר דרוקן בלויז אינעם ערשטן נומער „בעזעם" און ניט אין קיין אַנדערן. וואָס איז שייך רעקלאַמעס אאַז"וו, איז ניט מײַן עסק מישן זיך אין אײַערע ביזנעס, אַ באַווײַז, אַז איך בין ניט ברוגז (די באַליידיקונג איז צו גרויס אויף צו זײַן ברוגז), דריק איך אײַך בײדן די הענט ביז גאָר פרײַנדלעך.

ש.־עליכם

## 542. צו מרדכי ספּעקטאָר

בערלין, 23סטן יאַנואַר 1908

ברודער!

אַלזאָ, דו שווײַגסט.

— — —. דערווײַל, אַזוי ווי איך וואַרט נאָך אויף דײַן ענטפער, טייל איך דיר מיט, אַז איך האָב באַקומען אַ בריוו פון „זיי". ערשטנס, שרײַבן זיי מיר, אַז אַלץ, וואָס מע האָט מיר דאָ דערציילט וועגן „מבול", איז שקר וכזב! און מיניה־וביה קומט מיר אָן פון דער רעדאַקציע אַ פּעקל מיט צוועלף ביכלעך צו 5 קאָפּ׳ אַ שטיק. צווייטנס, שרײַבן זיי מיר, אַז די מאַטריצן מיט די ביכלעך וועלן זיי איבערגעבן לויט מײַן באַפעל, נאָר זיי פאָדערן געלט, דען זיי האָבן אַ סך געלט אַרײַנגעלייגט אין די סעפּאַראַט־ביכלעך(!) דריטנס, לייגן זיי מיר בעסער פאָר אַ גאַנצע סומע געלט פאַר מײַן „גוט פרײַנד־שאַפט", און לאָז דאָס בלײַבן פאַ־פּטאַראַמו, ד"ה איך זאָל זיי שרײַבן אַלע טאָג אַ פעליעטאָנטשיקל און זיי זאָלן זיך דרוקן ביכלעך, פאַרקויפן מאַטריצן, פּלאַטן, אאַז"וו, אאַז"וו, אויף דור־דורות! אַנו, טרעף, וואָס פאַר אַ סומע געלט זיי לייגן מיר פאָר (און

דאָס זאָל שוין זײַן ביז 1 יאַנואַר 1909) ? **נאָך גאַנצע צוויי הונדערטער!!!!!** איך האָב נאָך ניט געענטפערט גאָרניט. איך וואַרט אויף דײַן בריוו.

ברודער! איך האָב צוויי וועגן צו זיי: ביידע זײַנען פאַר דיר ניט גינסטיק.

1) איך זאָל קומען קיין וואַרשע. דאַן בין איך ניט מקנא ניט זיי, ניט דיר, דען דו וועסט דאָך מוזן נאָכשלעפּן זיך מיט זיי. דו וועסט דאָך מוזן זײַן אָדער ז י י ע ר, אָדער מ י ײַ נ ע ר. וועסטו זײַן זייערער — ביסטו דאָך אַ פּאַדלעץ קעגן ד י ײַ ן שלום־עליכמען, וואָס דו ווייסט אין דײַן טיפן געוויסן, אַז ער איז ד י ײַ נ ע ר און אַז ער האָט בײַ דיר קיין פּאָדלאָסט ניט פאַרדינט. וועסטו זײַן מ י ײַ נ ע ר — פאַרלירסטו בײַ זיי די שטעלע, און זיי וועלן דיך באַלד אַרויסדאָסן (און זיי ו ו ע ל ן דאָס טון, קאָנסט זײַן זיכער).

2) איך זאָל אויפהייבן אַ שטורעמווינט אין דער פרעסע — דאַן איז אַז אָך און וויי יעדן, וואָס איז געשטאַנען אויפן שילד פון „אונזער לעבן", דען אין סדום איז אויך נישט געטאָן געוואָרן אַזאַ זאַך, מע זאָל ירשענען אַ מענטשן פאַר זײַן לעבן אויף זײַנע אויגן — פאַר וואָס ? דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט אונטערהאַלטן גוט־פרײַנדשאַפט!

אַלזאָ, איז דאָ אַ ד ר י ט ע ר וועג. דאָס איז דער וועג פון ש ל ו ם. אויף דעם דרך קאָן די זאַך געלייזט ווערן אין צוויי מינוט:

א) דאָס וואָס מע האָט זיך באַניצט מיט מײַן נאָמען און מיט מײַן מאַטעריאַל, 140,000 שורות („מבול") פאַר 150 רובל — בין איך מוחל.

ב) דאָס וואָס מע האָט געדרוקט באַזונדערע ביכלעך, וועלכע ווערן פ א ר ־ קויפט ב כ ל ת פ ו צ ו ת ־ י ש ר א ל צו 5 קאָפּ׳ — בין איך (ביז 31 דעצעמבער 1907) מוחל.

ג) איצט טאָר מער ניט פאַרקויפט ווערן קיין איין איינציק בלעטל פון „מבול", וואָרעם ס׳איז מעשׂה סדום! איך וועל איבערקערן די וועלט, איך וועל ניט דערלאָזן!

ד) אַלע מאַטריצן, פּלאַטן אד"גל, ווי אויך אַלע שוין אָפּגעדרוקטע ביכלעך, דאַרפן זאָפאָרט אָפּגעגעבן ווערן מיר צו די הענט (א י ך ו ו ע ל ש ו י ן אַ נ ו ו י ײַ ז ן ו ו ע מ ע ן), ניט צו לידסקין, ניט צו קיין אַנדערן, נאָר צו מיר — און אָן אַ שום באַלוינונג — דאָס איז דער איינציקער קנס פאַר דער גזילה — און דאַן איז אַלעס ווי געוועזן, שלום ושלווה — שאַ! נ אָ ט אַ ב ע נ ע: טאָמער וועלן זיי איבערלאָזן זיך איין איינציקן עקזעמפּלאַר אויף צו פאַרקויפן, וועל איך געוויס געוואָרע ווערן, און עס וועט זיך טון הושך. זיי דאַרפן זיך געזעגענען מיטן „מבול" און פאַרגעסן. — ענטפער באַלד.

דײַן פרײַנד ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

## 543. צו ישראל י. זעווין (תשר"ק)

**בערלין, 24סטן יאַנואַר 1908**

זייגער געערטער קאָלעגע מר׳ תשר"ק!

בערקאָוויטש שרײַבט מיר וועגן מײַן „וואַקיישאַן", אַז איר ווילט אים ברעקלען. אום ער זאָל גיין אונטער פאַרשיידענע טיטלען. איך בין איינפערשטאַנדען. געוויס וועל איך אָבער בעטן פ ו ן א י ײַ ד, אַז איר זאָלט דאָס מאַכן „פּײַנטשיק", ווי אַזאַ „בעל־מלאָכה"

ווי איר דאַרף דאָס מאַכן. מיר, „שנײַדערס", פאַרשטייען איינס דאָס אַנדערע נאָך די „שטעך" און נאָך דער „סטריגעוואַניע". איר זאָלט נישט מאַכן קיין צו לאַנגע „פּאַליי־באַנעס" און ס'זאָל ניט קוועטשן אונטער די „פּאַכוועס". דאָרט ווו מע דאַרף „פּראַ־שוועס", זאָלט איר מאַכן „פּראַשוועס", אָבער ניט פון פרעמדער „מאַטעריע", נאָר פון מײַן אייגענער. האַקט דעם „סטאַן", נאָר גוט „געפּרעסט" מיטן אײַזן. כאַפּט דעם „פּינ־גערהוט" און „פּאַרוואָרפּט" אַ צוויי ערטער דאָ און דאָרט — מע דאַרף אײַך לאַנג נישט זאָגן, איך זע אײַער אַרבעט אָפּטלעך אין גאַס, איר זענט אַ בעל־מלאָכה, לאָמיר נעמען צו קאַפּלעך און אַ ביסל שמועסן וועגן „יתור", אַ רוח אין זייער טאַטן, די גנבים טאַקע אײַערע מיין איך, וואָס אין אַמעריטשקע. איך האָב מיך נאָר אַרויסגעכאַפּט אויף אַ מינוטקעלע קיין יוראָפּ, מיינען זיי, ס'אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע, און דאַוואַי צו דער פּאָליצע, אַרויסגענומען אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון מײַן „גאַנץ באַרדיטשעוו" און אַרויסגעגעבן פון עפּעס צוויי באַדיִנגלעך רעזניק ענד קאַפּלאַן, 168 הענרי סטריט, ניו־יאָרק. עס וואָלט געווען אַ יושר, ברודער, איר זאָלט זיי נעמען צו דער אַרבעט, אָט די באַדיונגען, וואָס קריכן צו פרעמדן אײַנגעמאַכטס, וואָרעם אַז איך וועל זיך צו זיי נעמען, וועט זיי זײַן אַז אָך און ווי! טאָמער וועט איר זיך מיט זיי באַגעגענען — איר גייט דאָך אַלע וואָך אין באָד אַרײַן — און וועט זען דאָרט אין באָד בײַ דער טיר אָט די צוויי נפשות, רעזניק ענד קאַפּלאַן פון 168 הענרי סטריט, זאָלט איר זיי לאָזן גריסן און זאָגן, זיי זאָלן זיך ניט מטריח זײַן מער אַרויסצוגעבן שלום־עליכמען אָן שלום־עליכמס וויסן, וואָרעם שלום־עליכם לעבט נאָך און קומט, אם־ירצה־השם, צו פאָרן קיין אַמעריקע, וועט ער שוין אַליין אַרויסגעבן זײַן „באַרדיטשעוו" מיט זײַנע אַנדערע „שטעט", און זיי וועט ער פאַר זייער טירחה באַדאַנקען לויט זייער פאַרדינסט. און לאָז גאָט געבן אַלע יידן געזונט און הצלחה, און גנבים, מהיכא־תיתי, לאָזן באַקומען זייערס, בכדי מע זאָל מער ניט האָרכן פון קיין גנבות בײַ יידן, ווי עס ווינטשט אײַך אײַער חבר, וואָס אַרבעט מיט אײַך בײַ איין וואַרסטאַק,

שלום־עליכם

## 544. צו ו. ווײַסבלאַט

בערלין, 12. 2. 1908

ליבער הער ווײַסבלאַט!

איך שרײַב אײַך רוסיש צוליב דעם, איר זאָלט קענען ווײַזן דעם דאָזיקן בריוו ו. נ. דאַגמאַראָוון. כ'האָב געלייענט אײַערע האַרציקע ווערטער אין דער יידישער צײַטונג דער „פרײַנד" וועגן אַ יידישן קינסטלערישן טעאַטער. אָט די ווערטער באַציִען זיך אין אַ געוויסער מאָס אויך צו מיר. און אָט אין וואָסערן פּרט: איך האָב אָנגעשריבן צוויי פּיעסעס: אַ דראַמע און אַ קאָמעדיע. מיר ליגט דאָס האַרץ בעסער צו דער קאָמעדיע, וואָרעם דראַמעס איז פאַראַן בײַ אונדז איבער געווּג און קאָמעדיעס איז כמעט נישטאָ. אַפילו אין רוסישן רעפּערטואַר זײַנען אויך פאַראַן ווייניק, ווער שמועסט גוטע קאָמעדיעס, אַזוינע, נאָך וועלכע דער צושויער וואָלט (לויט דעם אויסדרוק פון מײַן אַמעריקאַנער רעצענזענט) געדאַרפט „קלײַבן די זײַטן". אַזאַ קאָמעדיע האָב איך אָנגעשריבן. זי ווערט

איבערגעזעצט דאָ אין בערלין אויף רוסיש און דײַטש. אין דײַטש וועט זי גיין אין איינעם פון די היגע טעאַטערס, אין רוסיש — ווייס איך ניט, ס'קען זײַן — אין מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער.

כ'ווייס ניט, צי איר ווייסט, אַז איך בין אַ קיעווער. ס'וואָלט געווען אַ גוטע אידייע — שטעלן מײַן קאָמעדיע אין קיעוו. זײַט בײַ דאַגמאַראָוון. די פּיעסע איז אָפּילו אַ שטייגערישע, אַ ייִדישע, ד"ה די טיפּן זײַנען ייִדישע, דאָס לעבן — ייִדיש, נאָר די אידעע איז אַן אַלמענטשלעכע. הייסן הייסט די פּיעסע „דער אוצר, קאָמעדיע אין פיר אַקטן פון שלום־עליכם". איך וווין דאָ צײַטווײַליק. שטענדיק — אין אַמעריקע. מײַן פאַמיליע — אין דער שווייץ. אַהין צו טאָקע בעט איך ענטפערן אויף דעם דאָזיקן בריוו, איך וועל אין גיכן זײַן דאָרטן. אַל דאָס גוטס. אויב עפּעס גוטס איז נאָך מעגלעך אין רוסלאַנד. —

שלום־עליכם

## 545. צו ראובן ברײַנין

בערלין, 17טן פעברואַר 1908

חבר און ברודער, מײַן טײַערער ברײַנין!

אין דער מינוט האָב איך דורכגעלייענט דײַן אַרטיקל וועגן מיר, און כאָטש דו האָסט אַריבערגעכאַפּט די מאָס שוין צו פיל (ס'איז זייער אײַנגענעם בכלל צו זײַן באַשיידן, און מײַן באַשיידנקייט צווינגט מיך צו האַלטן זיך גרויס בײַ זיך אין די אויגן און אַ טראַכט טון: אפשר בין איך באמת גרויס, ווי מע זאָגט אויף מיר?), דאַרף איך דיר אַרויסזאָגן — מײַן דאַנק? ניין! אַ קאָמפּלימענט דיר אין די אויגן פאַר דעם סטיל און דער שפּראַך. ווען מיר קומט אויס צו ריידן וועגן אַזאַ שרײַבער, ווי מענדעלע מוכר־ספרים און זײַן גלײַכן, וואָלט איך ניט געקאָנט שרײַבן שענער, ווי דו האָסט געשריבן אויף דער פאָלקסשפּראַך. דערלויב מיר צו באַניצן זיך מיט אַ קליינער מליצה: האָניק און מילך איז אונטער דײַן צונג און דו פאַרמאָגסט אַ גאָלדענע פעדער אין יעדער שפּראַך. איך האָב קיין מאָל ניט געחלומט צו זען ברײַנינען ריידנדיק אַזוי „זשאַרגאָן"! — וועגן מײַן נאַיִוויטעט אָפּט מאָל — האָסט גוט געזאָגט. נאָר דו האָסט מחילה אַ טעות געמאַכט צו טראַכטן אויף מיר שלעכטס, אַז ס'איז אפשר בײַ מיר אַזאַ „וויץ"; דער אמתער קוואַל פון דעם איז טיפּשות — פּשוט! פּשוט!

גריס פון מיינט וועגן דײַן הויז, דאָס הייסט דײַן פרוי.

שלום־עליכם

## 546. צו וו. ווײַסבלאַט

זשענעווע, 22. 2. 1908

זייער געערטער הער ווײַסבלאַט!

אײַער בריוו האָט מיר געמאַכט אַ פרייד. עס געפינען זיך נאָך מענטשן אויף דער

וועלט, וואָס אינטערעסירן זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי קונסט, ליטעראַטור, און ווער שמועסט נאָך יידישע קונסט, יידישע ליטעראַטור, און ווער שמועסט נאָך אויף „זשאַרגאָן"! און איך האָב געמיינט, אַז אין אונדזער שטאָט יעהופּעץ ווייסט מען נאָר צוקער, אַקציעס, בענק, אַנזעצן, שטעלן אַ פּײַג, פאָרן קיין מאַריענבאַד, זיצן אין בויבעריק, שפּילן אין פּרעפערענס, עקאַרטע אָדער גאָר טערטל־מערטל! איך האָב תּמיד געדענקט — און אפשר נאָך איצט אויך, — אַז פּאַר מײַנע ברעזע־קאָלעגעס דאַרף „שלום־עליכם" זײַן אַ משומד אין דער משפּחה. אַז מע וועט שפּילן מײַן „אוצר" אין קיִעוו — און שפּילן וועט מען אים מיטן גרעסטן סוקסעס, וואָרעם די קאָמעדיע איז מיר געראָטן, ווי להבדיל „רעוויזאָר" איז אָפּגעראָטן דעם גרויסן נ.וו. גאָגאָלן, וואָס זײַן קליין פינגערל איז גרעבער פון מײַנע לענדן, — וועל איך זען פון דאַנען, פון אַזאַ ווײַטער מדינה, ווי מײַנע לאַנדסלײַט וועלן זיך האַלטן בײַ די זײַטן פאַר געלעכטער און וועלן מיך שעלטן אין ט... אַרײַן און וועלן מיך אָנרופן ממזר — און באַלד, דעם זעלבן בײַנאַכט, וועט מען בײַם גרינעם טישל פאַרגעסן דעם יידישן מאַרק טווען, דעם יעהופּעצער גאָגאָל... אָט דאָס איז דער גורל פון אַ יידישן שרײַבער, דיכטער און דראַמאַטורג. אויף זײַן יובילײ וועט זיך ניט געפינען קיין גביר פאָזנאַנסקי, וואָס האָט געשענקט 75 טויזנט לכבוד סענקעוויטשן. אונדזערע גרויסע צוקער־מיליאָנערן וועלן זאָגן, אַז זיי זײַנען פּרינציפּיעל קעגן „זשאַרגאָן", סײַדן... סײַדן די „גויים" וועלן מאַכן אַ שטיקל טאַראַראַם, און פאַר אַ גוי האָט מען דרך־ארץ...

מיינט ניט, אַז איך באַדויער, חס־ושלום, באַקלאָג מיך, איך האָב עס פּײַנט, ווײַל מרה־שחורה איז ניט מײַן רגילות. איך באַדויער נאָר, וואָס אַ יידישער שרײַבער קאָן נאָך ניט אויסגעהאַלטן ווערן פון זײַן אָרעמער יידישער פּעדער און מוז זוכן מאָראַלע און פיזישע שטיצע בײַ די פעלקער, בײַ די אומות־העולם. —

איך וועל אײַך מײַן „אוצר" צושיקן שוין אַ פאַרטיקן און אַן איבערגעזעצטן שוין אין רוסיש. אים זעצט איבער אַ גדול אין בערלין און ווערט רעדאַגירט פון מיר אַליין — איך בין אין רוסיש אויך ניט קיין הינקענדיקער שנײַדער.

לײדער האָב איך איצט קיין צײַט אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער צושרײַבן וועגן אײַער זייער סימפּאַטישער אידייע, אָבער איך וועל עס נאָך טאָן בײַ דער ערשטער געלעגנהייט. — דאָס בילד שיק איך אײַך. ווילט איר שטאַרק עפּעס מײַנס איבערזעצן פאַר אײַער „סבאָרניק", נעמט דעם „פרײַנד" סעפּט', אָקט', נאָוו', דעצ' און יאַנואַר. דאָרט געפינט זיך אַ סעריע קליינע מעשׂיות „עמיגראַנטן". קלײַבט אײַך אויס. ענטפערט באַלד. מיט בעסטע ווונטשן.

שלום־עליכם

P.S. איך שיק אײַך אויך מײַן פאַקסימיל אין דרײַ לשונות. איך רעכן, אַז איר וואָלט קענען געבן אין אײַער סבאָרניק, אַלס אַ פאָררעדע צו מײַנע דערציילונגען, אַן איבערזעצונג פון מײַן בריוו (אויב איר געפינט פאַר נייטיק).

פון בילד מאַכט אַ קלישע און שיקט מיר אַ פּאָר אָפּצוגן דערין.

שלום־עליכם

## 547. צו ש. ראַפּאָפּאָרט

[זשענעווע] 3.5 [19]08

פּיל געערטער אַלעקסאַנדער איזראַילעוויטש!

איינצייַטיק דערמיט שיק איך אייַך שלח־מנות.

(אַ מעשׂה לכבוד פּורים דערציילט פון אַ קאַסרילעווקער ייִדן כּאַפּנדיק אויף איין פוס און איבערגעגעבן טאַקע מיט זייַן לשון פון שלום־עליכם.

איר וועט עס געבן אין „פרייַנד" אָדער אין „בעזעם", אויב איר וועט לכבוד יום־טוב אַרויסגעבן דעם „בעזעם" אין מער פּראַכטפולן אויסזען אויף בעסערן פּאַפּיר.

כ'האָב צו אייַך אַ בקשה, וועלכע כ'לייג אויס פּראָסט אין צוויי ווערטער: כ'נייטיק זיך אין געלט. כ'מוז ביז אין ביין אַרייַן האָבן אַ פּאָר הונדערט רובל. הגם לויט אייַער חשבון וועט אייַך נאָך אַרויסקומען אַ 50 אָדער 60 רובל, וועט איר אָבער ניט לייגן אויף דעם קיין אַכט און וועט זיך באַגיין מיט מיר מעשׂה דזשענטלמען, ווי איר זייַט זיך עדיין באַגאַנגען. כ'זאָג אייַך צו אַ צאָל פעליעטאָנען און וועל מיך ניט ווענדן צו אייַך נאָך געלט, ביז איר אַליין וועט ניט אויפעפענען אייַער טייַסטער. נאָך שענער וואָלט געווען פון אייַער זייַט, ווען איר גיט אַ פאַראָרדענונג, מע זאָל דאָס געלט אַרויסשיקן מיר אַהער קיין זשענעווע טעלעגראַפיש, בכדי איך זאָל עס האָבן דאָ ניט שפּעטער פון 1/13 מאַרט.

אייַער איבערגעגעבענער ש.־עליכם

## 548. צו ישׂראל י. זעווין (תּשר"ק)

[זשענעווע] 5. 3. 08[19]

געערטער קאָלעגע און פרייַנד תּשר"ק!

אָט־ערשט האָט מען מיר צוגעשיקט אייַער בריוו פון 24 פעבר' פון בערלין. הייַנט שיק איך אייַך אויפן נאָמען פון דער רעדאַקציע צוויי נומערן פון „אונזער לעבן", ווו עס געפינט זיך אַ רעצענזיע אויף מייַן „אוצר". — — —. גראָדע איצט געפינט זיך דער „אוצר" אין ניו־יאָרק ביי מייַן בערקאָוויטשן. איך האָב אים באַפולמעכטיקט, ער זאָל אונטערהאַנדלען מיט דעם נשר הגדול (מיט אַדלערן), פאַר וועלכן, אייגנטלעך, איך האָב באַשאַפן אַ טיפּ פון אַ ייִדישן ייִדן, פון אַ מאמין, פון אַן אולטראַ־בעל־בטחון — אַן עקסטראַקט פונעם ייִדנטום. דאָס איז שוין איין מאָל אַ ייִד! לוי מאַזגאַוואַיער הייסט ער, פון די מאַזגאַוואַיערס. — — —. אין דעם מאָמענט פיל איך דאָ, אַז דאָרט דינגט מען זיך איבער דעם, ווי איבער אַן אָקס. מע וויל קויפן דעם אָקס וואָס ביליקער, און מע קוקט, אַז ניט נאָר פלייש, נאָר חלב זאָל ער געבן, דער אָקס, און פעל זאָל זייַן אַזעלכע, וואָס זי אַליין זאָל ווערט זייַן דאָס געלט... גלות! גלות!... עבדות בתוך חירות... מיר, ייִדישע מישטיינס געזאָגט ליטעראַטן, זייַנען דאָרט אינעם פרייַען לאַנד מער פאַר־שקלאַפט אַלס אַלע אַנדערע פאַרשקלאַפטע דורכן קאַפּיטאַליזם... — נאָר גאָרנישט. כאַטאַ

פּאָקרישקע. אַלץ ביז אַ צײַט. עס וועט אַ מאָל אויף אונדזער בלאָטקעלע אויך געבן אַ שײַן די ליכטיקע זון, און מיר וועלן זיך אויך אַ מאָל פּאַליאַסקען, ווי די חזירים... די באַסעס מיין איך, מיט די מענעדזשערס, מיט די איבעריקע ווילדע חיות. שרײַבט תּשובֿה.

שלום־עליכם

פּ.ס. — געוויס האָב איך דעם פּאַרשוין פון צוויי וועלטן מאַמענטאַל דערקענט. נאָך אַ מין דערקענען! אַפּגעשוונדן! איך האָב אים ערשט נעכטן געשריבן אַ מכתב. ער איז אַן אמתער פרײַנד פון ייִדן און פון ייִדישער ליטעראַטור, — אויף וויפל איך קען אים. ער איז אַ פּרי פון די פּירות, וואָס שטאַרבן אָפּ בײַ אונדז און לאָזן נישט איבער נאָך זיך קיין בעסערע...

ידידכם הנ״ל

## 549. צו מענדעלע מוכר־ספרים

[Geneve] 28.3.[19]08

טײַערער זיידע ר׳ מענדעלע!

איך שיק אײַך דאָ אַ שטיקל רעצענזיע איבער מײַן „אוצר״ פון וואַרשעווער „אונזער לעבן״. אויב איר האָט צײַט און חשק — לייענט. אַניט לייגט אָפּ אויף פּסח. מיר אַלע דאָ, „גאַנץ זשענעוואַ״ וואַרטן נאָך אַלץ אויף אײַערע צוגעזאָגטע בריוולעך. שאַט, איך קאָן אײַך אָנזאָגן אַ בשׂורה: אונדזער ב. ע. איז ניט געשטאָרבן. ער האָט ב״ה איבער־געטראָגן אײַער אָפּשיידן זיך גאַנץ נישקשהדיק: איר האָט זיך אומזיסט געזאָרגט... זיידעניו, איך רעד נישט, חלילה, קיין לשון־הרע אויף קיינעם; נאָר גלאַט אַזוי אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט משוגע... מײַנע חברה־לײַט שיקן אײַך אַ פרײַנדלעכן גרוס און זענען דווקא ניט אין כּעס, וואָס איר שרײַבט ניט. זיי ווינטשן זיך איר זאָלט אָפּציִען אײַערע בריוו אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן — — אַבי דער זיידע מענדעלע זאָל מאריך־ימים ושנים זײַן! — ווייסט איר, ווער ס׳איז אײַך באמת אַ גוטער פרײַנד? — אַבערסאָן. — איך האָב פון אײַך אַ ידיעה געהאַט דורך רבניצקען. גריסט אים, דעם רויטן, צי ער איז שוין מער ניט רויט, — נאָר גרוי? זאָגט אים, אַז כ׳האָב אים נאָך אַלץ ליב ווי פריִער און אויף ביאַליקן בין איך אש־להבה פאַר פּייטערבאַרג: ס׳איז אים ניט אָנגעשטאָ־נען לייענען „ז׳רגון״ פאַר פּייטערבורגער בורזשוקעס — זיי זאָלן זיך חלילה ניט פּאַרקוקן אויף דער „דינסט״, — אַי־אַי־אַי, אַ בזיון כּלעבן! גיט אים, דעם משומד, אַ רעכטע פּאַרציע!

גריסט אײַער אַלטע און אײַערע אַלע און אונדזערע אַלע. איך ווינטש מיר צו זען זיך מיט אײַך פּאַ״פּ.

אײַער שטענדיק געטרײַער אייניקל.

שלום־עליכם

## 550. צום זעלבן

געגף, שווייץ, חול־המועד פסח, ה׳תרס״ח (ניט התרמ״ח)

אוי, זיידע, זיידע! צו פֿאַרשײַטקייט העלפֿן ניט קיין יאָרן, ניט קיין צרות. איך בין זיך מודה — איך בין אַ פֿאַרשײַט אייניקל! איך האָב דאָס הײַנטיקן פסח אָנגעאַרבעט אַ כּאַלאַבורדע מיט אײַערע בריוולעך — זאָל מיר גאָט מוחל זײַן און איר אוודאי. הערט אַ מעשׂה:

הײַנט פֿרי קומט מיר אָן אײַער בריוול און מע דאַרף גיין אין שול אַרײַן. געקומען אין שול, דערזעט מיך בן־עמי און ראָמט מיר אײַן אַ סוד: איר ווייסט? איך האָב אַ בריוול פֿונעם זיידן! — מזל־טוב, אַנו ווײַזט, וואָס שרײַבט דער זיידע? — און רוקט מיר אַרײַן אין מחזור אַרײַן אײַער בריוול אויף לשון־קודש. לייען איך דאָס איבער און שאַר דאָס אַרײַן צו זיך אין קעשענע און גיי און רוק אים אַרײַן אין האַנט אַרײַן אַנשטאָט זײַן לשון־קודש־בריוול מײַן „זשאַרגאָן״־בריוול, און דער חזן זינגט און די קאַטערינקע שפּילט, קוקט ער זיך ניט אַרום — און מאַרש אין קעשענע אַרײַן מײַן בריוול — און איך — שאַ!

אַצינד קומט דער צווייטער טייל פֿון דער דראַמע: אַבערסאָן.

ווי געוויינטלעך אַ ייִדישע נשמה, אַז עס קומט צו אויסנעמענס, גייט מען אַ ביסל אין דרויסן, די הענט אין די קעשענעס און מ׳רייכערט אַ פּאַפּיראָס. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס ערשטע וואָרט אַבערסאָנס איז געוועזן: „איך קאָן אײַך אָפּגעבן אַ גרוס פֿונעם זיידן״. — ווי אַרום? „איך האָב הײַנט באַקומען אַ בריוול״ — טאַקע? אַנו, ווײַזט!... גענומען דאָס בריוול, איבערגעקוקט, אין דער גיך איבערגעביטן, ד״ה אים אָפּגעגעבן בן־עמיס בריוול און זיך אַרײַנגעלייגט אין קעשענע אַבערסאָנס בריוול, בשעת־מעשׂה פֿאַררעדט די ציין וועגן דעם, ווי ער, אַבערסאָן, האָט מיט דער מאַדאַם אַבערסאָן געהויבן די שיסל און געזאָגט די הגדה „מיט אַלע תּחינות״ און אַזוי ווײַטער — און מאַרש אין שול אַרײַן צו מוסף.

אָט דאָ הייבט זיך ערשט אָן אַנטוויקלען די רעכטע אינטריגע מיט אַלע דראַמאַטישע מאָמענטן. קודם־כּל וועלן מיר גיין צו בן־עמי, אָדער ניין, איך ליג! פֿריִער דאַרפֿן מיר זיך מטריח זײַן צו אַבערסאָן. געקומען אַהיים, פֿריִער געמאַכט קידוש, זיך געזעצט עסן מיט דער פֿרוי (אין פּאַנסיאָן פּוקס).

ויהי כּטוב לב המלך ביין רופֿט זיך אָן אַבערסאָן צו דער פֿרוי אַבערסאָן: הײַנט וועל איך דיר לייענען, וואָס מענדעלע שרײַבט אונדז פֿון אָדעס. נאַטירלעך אינטערעסירן זיך די געסט אויך. עס ווערט אַ שמועס. ווער איז דער מענדעלע? און דאָס מיינט טאַקע דער פּסוק. נו, בקיצור, מענדעלע איז מענדעלע, שוין איין מאָל אַ מענדעלע! ס׳איז דער גרויסער אַבראַמאָוויטש! — וואָס איז זײַן געשעפֿט?... — זײַן געשעפֿט — ער איז אַ שרײַבער, אַ ייִדישער שרײַבער, האָט איר געהערט מסתּמא? האָב איך פֿון אים אַ בריוול פֿון אָדעס, ער איז אַצינד אין אָדעס. — ווי אַזוי שרײַבט ער צו אײַך? פֿראַנצייזיש? — איר זעט אַ פּנים ניט קיין היגער — זשאַרגאָן, פּשוט זשאַרגאָן! — אַזוי זאָגט אַבערסאָן און נעמט אַרויס דאָס בריוול — ער הייבט אָן לייענען. אַ קלאָג צו אים: לשון־קודש אַ פּנים! ווי קומט עס? אין דער פֿרי איז דאָס געווען זשאַרגאָן, איצט לשון־קודש! בע־מע

— עס גייט ניט! נישטאָ קיין לשון! הקיצור, ער דרייט איבער דעם בריוו אויף אַלע זײַטן, ער קוקט זיך אײַן אין אַדרעס: בן־עמי! ווי קומט צו אים בן־עמיס בריוול? ער האָט אים געזען פון דער ווײַטן, ניט גערעדט קיין חצי־דיבור! וואָס זאָל דאָס הייסן?... הייבט זיך אויף אַבערסאָן און גייט צו בן־עמין — אַ ברירה האָט מען?

ובן־עמי? בן־עמי האָט אָפּגעגעסן וואַרעמעס (פיש געפילטע און שאַר־ירקות כּשר לפּסח, און ווײַן כּרמל פון נאַכימזאָן, זעלבפאַרשטענדלעך), נעמט ער זיך צו דער יום־טובדיקער קאַפּאָטע ווײַזן שׂרהן, וואָס דער זיידע שרײַבט. — פרעגט אים שׂרה: „ווי קומט דאָס, פּאַפּאַ, וואָס דער זיידע שרײַבט צו דיר ייִדיש, ניט העברעיִש?" — „וואָס רעדסטו, שׂרה? ביסט משוגע?..." הקיצור, מע לייענטביידע, בן־עמי איז אויסער זיך: גאַנץ פּרי, פּאַר דער שול, איז דאָס בריוול געוועזן העברעיִש, — איצט שוין ייִדיש! מע דרייט, מע שמעקט פון אַלע זײַטן. עס טוט אַ קלונג, און עס קומט אַרײַן אַבערסאָן. „אַ גוט־יום־טוב, אַ גאַסט!" — „וואָסער גאַסט? הערט נאָר, בן־עמי, האָט איר ניט געהאַט הײַנט אַ בריוול פונעם זיידן?..." „יאָ, און איר?" — „איך אויך, נאָר ס'עפּעס מאָדנע, מיר דאַכט, אַז מע האָט אונדז פאַרביטן די יוצרות אויף פּאַטשעס — אָנו, ווײַזט נאָר אַהער אײַער בריוול?" — מילא, זייער גוט, דאַרף מען זיך אָפּבײַטן, איז אָבער אַ צרה: בן־עמיס בריוול בײַ אַבערסאָן איז טאַקע צו בן־עמין, אָבער אַבערסאָנס בריוול בײַ בן־עמין איז גאָר ווייס איך צו וועמען — צו שלום־עליכמען! די משמעות, אַז שלום־עליכם האָט אויך באַקומען אַ בריוול פונעם זיידן. הײַנט וואָס האָט ער זיך געמאַכט אַזוי תּמעוואָטע? איז איין מאָל אַוועק. והשנית, ווו איז אַבערסאָנס בריוול? — הקיצור, מע דאַרף גיין צו שלום־עליכמען. און בן־עמי מיט אַבערסאָנען הייבן זיך אויף און לאָזן זיך גיין צו שלום־עליכמען (פאָרזעצונג קומט).

האָט קיין פאַראיבל ניט, זיידעניו, וואָס איך רײַס איבער, מע דאַרף גיין זאָגן קדיש. זײַט געזונט און אַ דאַנק, וואָס איר האָט זיך דערמאָנט, אַז איר זײַט שוין אַ זיידע און האָט אייניקלעך, וואָס האָבן אײַך ליב און ווינטשן אײַך אַל דאָס גוטס.

שלום־עליכם

## 551. צו מרדכי ספּעקטאָר

[אָדעס] 23סטן יוני 1908

ברודער ספּעקטאָר!

אין דער רעדאַקציע האָב איך צוגעשיקט הײַנטיקע בלעטער פון אָדעס. ס'איז אוממעגלעך צו באַשרײַבן וואָס דאָ טוט זיך! דער אָוונט ווערט, וואַרשײַנלעך, בלײַבן אַ היסטאָרישער פאַר אָדעס. די אַלמנה שטיינבערג וועט געהאָלפן ווערן. ס'איז שוין דאָ אַריבער 2000 רובל פון בילעטן. אַחר הוצאות קאָן איר בלײַבן 1500 רובל — דאָס איז שיין. הײַנט דער מאָראַלישער דערפאָלג! איך האָב מורא פאַר הריגות בײַם טעאַטער. איך זאָג עס ערנסט. מע האָט געמוזט באַזאָרגן פּאָליציע. ייִדן ווילן ניט וויסן פון בילעטן־שמילעטן — זיי ווילן זען אַלע זעקס שריפטשטעלערס, און אָן עק!

דײַן שלום־עליכם

## 552. צום זעלבן

באַראַנאָוויטש, צום גדליה תרס״ט

ברודער ספעקטאָר!

ליידער, קאָן איך קיין סך ניט שרײַבן, קיין ביסל אויך ניט. נאָר ווי אַזוי שרײַבט מען ניט ספעקטאָרן כאָטש אַ פּאָר שורות? — הכּלל, איז וואָס הייסט עס? גאָרנישט! געווען מיט איין פוס אויף יענער וועלט, זיך אויסגעריסן פונעם מלאך־המוות. אָפּגעבעטן זיך אויף אַ קורצער צײַט, ביז איך וועל אָנשרײַבן אַלצדינג, וואָס איך האָב, באַארבעטן עפּעס אַ פּאָר הונדערט סוזשעטלעך, וואָס באַמבלען זיך אין מוח, צו רעכט מאַכן אַלעס פריזערדיקע, איבערטראָגן מײַן גאַנצן ליטעראַרישן באַגאַזש פון „זשאַרגאָן“ אין העברעיִש (פּונקט דער היפּוך פון דעם, וואָס אונדזער גוטער נאַיִווער טאַלאַנטפולער אַש האָט אונדז געלאָזט הערן אין טשערנאָוויץ!), און נאָך דעם, אַז איך וועל פאַרטיק ווערן מיט דעם אַלעם, איז מהיכא־תּיתי, זײַט זשע מוחל, פּאַני מלאך־המוות!... וועגן צײַט רייד איך ניט מיט אים. צײַט איז בײַ גאָט. שטאַרק כאַפּן זיך איז ניטאָ וואָס; מע וועט ניט פאַרשפּעטיקן... הקיצור, שלום־עליכם לעבט און איז גרייט פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך נעמען צום שרײַבן מיט נײַע פרישע כּלים, איז אָבער דער דאָקטאָר, ניט געדאַכט זאָל ער ווערן! ער לאָזט ניט! און אַגב איז טאַקע קיין כּוח אויך ניטאָ. די פיס ווילן ניט גיין (שקצים!). די הענט ווילן אויך ניט פאָלגן (עזות־פּנימער!). און דער קאָפּ דרייט זיך (אַ פאָטעפּאַלנאָסט פון אַ קאָפּ!). און אַליין בין איך אויך עפּעס נישט מיט אַלעמען! — איך ווינטש דיר אַ גליקלעך יאָר מיט דײַן ווײַב.

דײַנער ווי תּמיד, ווי אַ מאָל־אַ מאָל —
שלום־עליכם

## 553. צו ד״ר ג. לעווין

[אויגוסט 1908]

איך שרײַב נאָך אַלץ מיט צרות: האַלב־ליגנדיק — און דאָך שרײַב איך! איך קאָן אײַך אָפּגעבן אַ גרוס פון יענער וועלט (פון אייערע פּאַציענטן? חלילה! פון אײַערע קאָלעגעס פּאַציענטן...). נישקשה, דאָרט איז אויך אַ וועלט. די אייגענע וועלט, וואָס דאָ. פאַראַן אַ „אונזער לעבן“ מיט אַנדערע צײַטונגען... נאָר קיין כאָלערע איז דאָרט ניטאָ... שאַדע! — — — אָט די פינטעלעך מיט די פּאַסיקלעך האָב איך געגנאַשט בײַ אונדזער פּרצן (אויף דער וועלט; פּרץ פון יענער וועלט שרײַבט אָן פּינטעלעך, מחמת דער קאָפּ איז אים אין דער ערד און די נשמה אין הימל...). מײַן ווײַב דאַנקט אײַך זייער פאַר אײַער בריוול. זי לאָזט מיך מער ניט שרײַבן. אַ ווײַב איז אַ צענזאָר.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. אין אײַער אַרטיקל האָב איך מיך באַגעגנט מיט מײַן ביאַליסטאָקער ייִדל פונעם געלן פּראָשעק. אָך, ווו נעם איך איצט אַ געלן פּראָשעק... צום הוסט ? !...

## 554. צו מרדכי ספּעקטאָר

נערווי [איטאַליע] פּענסיאָן ביו סיטע, 21סטן אָקטאָבער 1908

ברודער ספּעקטאָר ! דאַרפסט אַליין פאַרשטיין מײַן האַרץ. אין דער צײַט ווען דאָרטן, אין דער ליבער היים, פרייען זיך ייִדן מיט מײַן יום־טוב, בין איך דאָ אַליין, קראַנק, פאַרוואָרפן, אָפּגעריסן, און וויין, און גיס מיט טרערן. — — — — — —

איך קאָן ניט שרײַבן מער.

שוין באַלד 25 יאָר דײַנער
שלום־עליכם

## 555. צו יעקב דינעזאָן

ערב ראָש־השנה תרס״ט (1908)

טײַערער ! טײַערער ! דינעזאָן !

בעסטער און ערלעכסטער מענטש !

איך שרײַב נאָך קיינעם ניט, נאָר צו אײַך. איך האָב הײַנט אײַער לעצטן בריוו צו מײַן פרוי געלעזן מיט... טרערן.

זאָל איך אײַך זאָגן אַ דאַנק ? ניין ! צו באַדאַרף ! איר האָט אָנגעהויבן, דינעזאָן, אַ גרויסע, גרויסע זאַך : ראַטעווען מײַנע גײַסטיקע קינדער, אויסקויפן זיי פון ייִדישע הענט, איר מוזט דאָס דערגרייכן, אַניט איז שלעכט מיט מיר, וואָרעם ראַטעווענדיק מײַנע גײַסטיקע קינדער — ראַטעוועט איר מיך ! — — —

אויסקויפנדיק מײַנע ווערק פון די פאַרלעגערס און אַרויסגעבערס קויפט איר אויס מײַן נשמה ! — — — שאָדע וואָס איך קען איצט מער ניט שרײַבן און טאָר ניט שרײַבן — עס שטיקן מיך טרערן פון ווייטיק, טרערן פון באַליידיקונג, טרערן פון דאַנקבאַרקייט און טרערן פון פרייד, וואָס ס׳איז נאָך אַ פּנים פאַראַן „מענטשן״, פרײַנד און גוטע פרײַנד בײַ אונדז — און איך שוטה האָב גערעכנט אָוועקטראָגן מײַן אומגליק און מײַן טרויער אין קבר — — —

טײַערער דינעזאָן ! איר שרײַבט, איר געדענקט מײַן זיפץ אין פּאָלעניצע, אין דעם זיפץ איז געווען אַלץ און איר האָט אים ניט פאַרשטאַנען ! ! !

למאי האָט איר אין זייער לעבן „אויפגעשוויגן״ פון דעם דאָזיקן זיפץ און פון דעם וואָס איך האָב אײַך געבעטן ניט רעדן מיט מיר פונעם „מבול״ — נאָר גענוג ! הלוואַי זאָל דער „הײַנט״ שוין מער ניט אָנרירן דעם מיאוסן עסק. הלוואַי זאָלן ביידע צײַטונגען רחמנות האָבן, איך רעד שוין נישט פון רעספּעקט, נאָר רחמנות אויף אַ

קראַנקן ווי האָט מען ניט? ! וואָס זאָגט איר אויף צייטלינס אַרטיקל אין „הײַנט"? (207) דער ייִד האָט אַן עכט ייִדיש ווארעם האַרץ! און וואָס זאָגט איר אויף „זייער לעבן"? זיי וועלן אַפילו מײַן בריוול ניט דרוקן. זייער טאַקטיש! —

שרײַבט מיר, דינעזאָן, אײַערע בריוו זענען די בעסטע רפואה צום הוסט און צו אַלעס!

אײַער קראַנקער פרײַנד שלום־עליכם

## 556. צום זעלבן

[אָקטאָבער־נאָוועמבער 1908]

גאָלדענער פרײַנד, טײַערסטער דינעזאָן.

איך שרײַב נאָך אַלץ ליגנדיק, דעריבער דאַרפט איר קיין פּאַראיבל ניט האָבן, וואָס מיט אַ בלײַפעדער. אָנו, פּרוּווט שרײַבן ליגנדיק מיט אַ פּען, וועט איר זען, וואָס וועט אַרויס דערפון: קאָטשערעס מיט לאַפּעטעס, און ווערטער ניט אַ לעק.

ווי איז מיר, דינעזאָן, גאָט איז מיט אײַך, איר זײַט עפּעס נאָר אַ מכשף און גענוג! אײַער באַשרײַבונג פון מײַן יובילעום און אײַער פאַרגלײַכן מיך צו אײַער געלונגענעם שמשון־שלומהס פערדל איז ווי געוווּנטשן, גלײַך ווי איר וואָלט געווען דערבײַ! און ווי איר זעט מיך אַ ייִדן: ס'איז געווען פיל פרייד, טעלעגראַמעס פון אַלע עקן פון דער וועלט, און ברכות, ברכות, ברכות אָן אַ שיער — אָבער אויך טרערן זײַנען געווען, פאַרבאָרגענע, שטילע טרערן, כּנהוג אצל שלום־עליכם... נאָר דאָס זײַנען געווען טרערן פון פרייד, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען דאָס ייִדישע פאָלק, אָדער, ווייניקסטנס, די בעסטע קינדער פונעם פאָלק, אויף אַ זייער שיינער מדרגה, באַוווּסטזיניק, טאַקטיש, מעשה־מענטש, פּונקט ווי בײַ לײַטן און, אויב איר ווילט, נאָך איידעלער און נאָך פײַנער ווי בײַ לײַטן...

איר זאָלט זען דעם נוסח פון די דעפּעשן, איז צענדליקער און צענדליקער פון זיי דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט „צו דעם פאָלק, צו דעם געשלאָגענעם פאָלק, צו זײַן ליטעראַטור, צו זײַן שפּראַך". איז דאָס אַ קנאַפּער פּראָגרעס? איז דאָס אַ ווינציקע באַלוינונג פאַר אַ שרײַבער? און וואָס אָנבאַלאַנגט צו מײַן פּערזענלעכקייט, שווער איך אײַך בהן־שלי, אַז איך בין דערמיט אַליין אויך צופרידן; ניט מער, מיר פעלן צוויי זאַכן, וואָס זײַנען שטאַרק נוגע צו מיר און וואָס אָן זיי איז שלום־עליכם קיין שלום־עליכם: 1) געזונט, 2) די נשמה.

וואָס דעם ערשטן פּונקט אָנבאַלאַנגט, דאַרף מײַן זינדיקער גוף זיך אָפּוואַלגערן אַקעגן אַ יאָר בײַם ברעג ים אין אַ ווינונג פון ליכט און זון — און אַזאַ ווינונג קאָסט דאָ אומגעפער פון 1500 ביז 1800 פרענקלעך אַ סעזאָן (דאָס מאַכט פון 600 ביז 700 רוסישע קאַרבוצן). און אַזעלכע געלטער האָב איך דאָך אַ מכּה, לכן איז ביטער, אַזוי ווי גאַל, וואָרעם דאָ איז אַ מינהג: קלאַפּ און צייל. און וויסן דאַרפט איר, אַז אויף וויפל בײַ מיר איז אָן אייגן קערבל אַ ממזר, אויף אַזוי פיל איז מיר יענעמס קערבל ציטעריק, מיינט ניט, אַז ס'איז זיס אויסבעטן פרעמדע (דער וועלטס) קערבלעך! און אַגב זײַנען נאָך די קערבלעך אַליין אויך ערשט אין וועג, אָדער גאָר אין דער מחשבה — נו, און

אַזעלכע קערבלעך וויל אַן איטאַליענישער באַנקיר ניט אויסבײַטן, כאָטש גיב אים אַ קרענק... „דינאַריאַ דעל רוסיא טשענטאָ רובלאַ" — זאָגט ער און ווײַזט אײַך אַ הונדערטער און נעמט אָזש אײַן אַ מיתה־משונה. מוז מען אַלזאָ ליגן אין אַ פּאַנסיאָן אַן אַ זון — איז ניט גוט, ניט גוט, דינעזאָן. מע דאַרף זון, זון דאַרף מען.

די צווייטע פראַגע, די נשמה, ווייסט איר שוין — דאָס איז מײַנע קינדער, מײַנע ווערק, וועלכע מוזן זײַן מײַנע, ניט קיינעמס... וואָלט איך שוין זײַן געזונט, וואָלט איך מיט אייגענע כּוחות זיי ביסלעכווײַז אַרויסגעצויגן מעבֿדות לחירות. עד־עד־עד, דאַרף מען דאָך אָבער פריִער ווערן געזונט, און דאָ, אין דעם גן־עדן התּחתּון, ווו איך געפין זיך אַצינד, קאָן מען פולקום געזונט ווערן, נאָר בתּנאַי: ליכט, זון, גוט עסן. און אויף די דרײַ זאַכן דאַרף מען געלט, געלט און געלט, און איך לעת־עתּה האָב אַ גוט־אויג מיט עגמת־נפש מיט אַ נעכטיקן טאָג. נאָר פון דעסטוועגן — גאָרניט, ווי זאָגט איר: מע דאַרף ניט אַראָפּפאַלן בײַ זיך.

און איר קענט דאָך מיך, אַז איך בין עפּעס ניט פון די גרויסע מרה־שחורהניקעס, איך בין, האָב איך מורא, פונקט דער היפוך פון אײַך, דינעזאָן: איר וויינט און קלאָגט און גיסט, ווי אַ בערעזענע, און צום סוף לאָזט איר תּמיד אויס מיט אַ זיס וואָרט, מיט אַ גוטער האָפענונג, און אַז מע גייט אַוועק פון אײַך, איז מען אויפגעלייגט, אַ ביסל צעווייקט, אָבער צופרידן, גליקלעך, אָנגעוואַרעמט, אויסגעגלעט און געטרייסט אויפן בעסטן אופן. דערקעגן אָבער איך — כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי, לעבעדיק און פריילעך, און אַ ציפּ, אַ ריס, אַ שטאָך, אַ קוועל, און אַ מאָל אַ זיפץ, אַ קרעכץ, אַ טרער, און ווידער — כאַ־כאַ־כאַ און אָבער — כי־כי־כי, און ווי מע גייט אַרויס פון מיר, פּילט מען זיך אַ ביסל, דאַכט מיר, דאָסיק... איך שטעל מיר פאָר, אַז מע קער אַזוי צו זאָגן: „אָט דער ימח־שמוניק, דאַכט זיך, האַ? מהיכא־תּיתי; קומט צום שפּיץ, זאָל אַ רוח אין זײַן ט... אַרײַן!"

נאָר נחזור לעניננו הראשון. איר ווילט וויסן, וואָס איך מאַך אין געזונט? — דערווײַל, ברוך־השם, חוץ מײַן שאָדן, אויף די שונאים געזאָגט געוואָרן. אויב איך הוסט? — נאָך אַ מין הוסטן! זאָל קרושעוואַן אַזוי הוסטן כאָטש אַ יאָר דריטהאַלבן. אויב דער קאָפּ טוט ווײַ? פאַר וואָס זאָל ער ניט ווײַ טאָן? אַ מאָל מער, אַ מאָל ווינציקער — עס ווענדט זיך ניט אינעם מענטשן: אַ קאָפּ איז אַ קאַפּריזניק, דאָס איז באַוווּסט. די טעמפּעראַטור? — נישקשה! געדאַרפט צו זײַן 36 מיט עפּעס אָדער אָן עפּעס, נאָר בײַ מיר האַלט זי בײַ 37. און אַ מאָל אויף יענער זײַט 37, דאַנקען גאָט, וואָס ניט 38... אַפּעטיט? עט! ווער קוקט דערויף! דאָס הייסט, קוקן קוקט מען שטאַרק! מע טראָגט אונטער אַלע מאָל, טאָ מילך, טאָ קאַשע, טאָ אייער! וויפל אייער מיינט איר? זעקס אייער, זיבן אייער, אַכט אייער, נײַן אייער, צען אייער — אין גאָטעס זײַנער הימלס ווילן, לאָזט מיך צו רו! זײַט איר שוין פאַרטיק? גייט, זײַט מוחל, כלעפּטשעט מילך, שלינגט פּוטער, פרעסט קאַשע, שטאָפּט די קישקע, שטאָפּט, די ווערעם זאָלן האָבן איבער 120 יאָר וואָס צו עסן...

ווי אַזוי איך פּיל מיך? איך פּיל מיך — אויף פורישקעוויטשן געזאָגט געוואָרן, — ווי אַ קעלבל, וואָס מע האָדעוועט עס מיט אַ מיין, מיט אַ זײַטיקער מחשבה, ווי אַ געפּענטעט פערד אין פרעמדן האָבער, ווי אַ קאַץ אויף פּוטער אונטער אַן איבער־

געקערטער גלאָז, ווי אַ געבונדענער האָן, וואָס מע האָט ביי אים צוגענומען דעם בני אָדם, ווי אַ געטרייער הונט, וואָס האָט פאַרלוירן זיין גוטן באַלעבאָס, — אָדער — שאַט! — ווי אַ ייִדישער שריפטשטעלער, וואָס האָט אָפּגעקלאַפּט 20 יאָר ביים עמוד, האָט זיך פאַרהוסט, ניט פאַר אייך געדאַכט, מיט בלוט, און פונקט צו זיין יובילעום־יום־טוב האָט מען אים פאַרפירט ערגעץ קיין איטאַליע — צוגענומען ביי אים די פעדער פון האַנט און מע זאָגט אים: „מער לופט, מער זאַנע!! מער עסן! עסן! עסן!"

אייער דאַנקבאַרער פריינד

שלום־עליכם

## 557. צו י. ראָזועט

[נערווי, 8טער נאָוועמבער 1908]

מייַ דיר פרענד ראָזועט! איי טייַנקיו וועריִ מאַטש פאַר די בילדער און פאַר די פּאָסטקאַרטלעך און פאַר אייַער גראַטוליאַציאָנס־ליד. איך האָף, אַז איר זייַט אַלרייַט און אייַערע ביזנעס גייען גוט, מיר גייט עס נומער ערגער, עס איז מיר נאָך ניט דער־לויבט צו שרייַבן אַ לעטער מיט טינט און פעדער, און דעריבער בעט איך מיר עקסקיוזן, וואָס איך שרייַב צו אייַך מיט אַ פּענדזל. דאַנקען גאָט דערפאַר; עס איז געווען אַ צייַט, און גאָר ניט לאַנג, וואָס איך בין געווען מיט איין פוס אויף יענער וועלט. הייַנט גלוסט זיך מיר שוין שרייַבן פעליעטאָנען מיט סקיצעס, מיט קאָמעדיעס, נאָר אוי־וויי, ברידער! מע לאָזט ניט, גאָט האָט באַשאַפן אַ ווייַב, זי זאָל דולן אַ קאָפּ מיט ביפשטעקסן, מיט מילך און מיט אייער, און דווקא רויע, און דווקא אַ סך. און שפּאַצירן אויפן ברעג ים, זאָגט זי, און אויף דער זון, זאָגט זי, און אַ זון איז דאָ, ראָזועט, ניט אונדזער רוסישע זון, וואָס לייַכט כּלומרשט און וואַרעמט מיט אַ קאַלט שמייכעלע, נאָר אַן אמתע זון, וואָס שייַנט כּאור שיבעת־הימים און גלעט און וואַרעמט, ווי אַ מאַמע, און אַ לופט איז דאָ, פרייַנד ראָזועט, וואָס בלאָזט אַהער גלייַך פונעם גן־עדן אַרויס. און דאָ ביי דעם ים אויף דער זון מיט דעם לופטעלע שפּאַצירט אייַער קראַנקער שלום־עליכם מיט אַ פּענדזל אין האַנט און שרייַבט זייַנע מעשׂהלעך (איינס וועט איר גיך באַקומען, אַז איר וועט זיך מטריח זייַן אַ שרייַב טאָן קיין ווארשע צום דאָקטאָר לעווין, 34 לעשנאָ — עס הייסט מיט אַ נאָמען „שמואל שמעלקעס פון קאַסרילעווקע און זייַן יובילעום"). שיקט מיר צו, אויב ס'איז מעגלעך, פּאָסטקאַרטלעך מיט מייַן בילד און גריסט אַלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט מיר. שרייַבט אַ לעטער. גודביי.

שלום־עליכם

## 558. צו ד"ר ג. לעווין

12טן נאָוועמבער 1908

— — — און שוין ווידער אַ מאָל השכּיבני! דאָס איז שוין ניט מער קיין ליגעקור, דאָס איז פּשוט: זייַט מוחל, פּאַני שלום־עליכם, צוריק אין בעט אַרייַן. איר זייַט טאַקע

אַ יובילאַר, נאָר בלוט שפּײַען דאַרף מען ניט, און קיין הויכע טעמפּעראַטור האָבן טאָר מען ניט, איר קאָנט ניט קוקן אויפן ים, ווי די אַנטיקמאַרע כוואַליעס שפּילן זיך מיט דער גינגאָלדענער זון, נאָר ליגנדיק, במחילת כּבודם, „פון בעט אַרויס״. קאָן מען קיין חזיר ניט זײַן און מע מוז פאָלגן. נאָר גם זו לטובה. גוט, אַז מע ווינט אין אַזאַ ווילע בײַם ים, אויף דער זון, און שיפן שווימען פאַרבײַ מײַנע אויגן פון געגנוא קיין ארץ־ישראל... אוי, וואָלט איך וועלן זײַן איצט אין ארץ־ישראל אָדער כאָטש אין וואַרשע! עס ציט מיך צו ייִדן ציט עס מיך! איך האָב ליב דרײַ זאַכן האָב איך ליב: גאַזעטן, מילכיקס און ייִדן. גאַזעטן, ברוך־השם, האָב איך געגנוג פון אייראָפּע און פון אַמעריקע, פון דער גאָרער וועלט, מילכיקס בין איך אויך ניט זשעדנע, אַ דאַנק מײַן ווײַב און דעם דאָקטער, נאָר קיין ייִדן זעט מען דאָ ניט. שייך זאָגן? זען זעט מען, אַלע קראַנקע זײַנען דאָ כּמעט לויטער אחינו בני־ישראל, ווי אומעטום, נאָר ניט די ייִדן מײַן איך, איך מײַן מ ײַ נ ע ייִדן פון קאַסרילעווקע. די קומען ערשט העט שפּעט, ווי געוויינלעך.

סקוטשנע אָן ייִדן, טאָמער... טאָמער... איז ניטאָ אַפילו קיין בית־עולם, קיין ייִדישער בית־עלמין. ווי אַזוי וועל איך קומען צו קבר־ישראל? איך האָב מורא, אַז מע וועט מיך דאַרפן פירן אַזש קיין געגנוא אָדער קיין ווענעדיג, — ווו וועט מען נעמען געלט? אָדער איך האָב אַ טעות? אויף מקבר זײַן אַ ייִדישן מחבר וועט זיך געפינען געלט? דעמאָלט, מײַן איך, וועט קיינער ניט זאָגן, מע זאָל שלום־עליכמס קערפּער אַרײַנוואַרפן אין ים דערפאַר, וואָס אין טשערנאָוויץ האָט די ייִדישע שפּראַך־קאָנפערענץ אַרויסגעטראָגן אַ געוויסע רעזאָלוציע, און דערפאַר, וואָס שלום אַש האָט זיך געגומען צו דער מילה... מײַנע באַציִונגען צו דער טשערנאָוויצער אָפּשטימונג דאַרפן אײַך זײַן באַקאַנט פון מײַן „קהלת״ אין „פרײַנד״, און מײַן מיינונג וועגן שלום אַש מיט דער מילה איז נייטיק, איר זאָלט וויסן און געבן צו וויסן אַנדערע. איך גיי מיט דעם גאַנג, אַז דאָ איז אַרויס אַ טעות, אַ מיספאַרשטענדעניש, אָבער טאָקע ז י י ע ר מ י א ו ס! די מעשׂה פון דער מילה איז אַזאַ געשיכטע. שלום אַש דער דיכטער איז אַ געוויסע צײַט געווען אַ דראַמאַטורג און אַ טראַגיק. האָט ער זיך מתקנא געווען אין שלום־עליכמען דעם הומאָריסט און האָט זיך ראַפּטעם געגעבן אַ נעם אויף מײַן שניט און איז אַרויס מיט אַ משונה־מאָדנע לצנות וועגן מילה, און איז, נעבעך אַ רחמנות, דורכגעפאַלן! מע האָט אים ניט פאַרשטאַנען, מע האָט דאָס אָנגענומען צו ערנסט, אין דער צײַט, ווען אַש האָט געפּראָוועט לצנות, און מע איז אים באַפאַלן פון אַלע זײַטן. ווײ איז מיר! שוין זשע פאַרשטייט איר ניט קיין שפּאַס? קיין אַלעגאָריע? איך קען אַשן, און איר קענט אים אויך. ער איז אַ ווילער יונג ביז גאָר און ער וועט אײַך אָוועקגעבן צען טויזנט שׂונאי־ישראל פאַר איין קאַסרי־לעווקער ייִדן. נישמער, אַ מענטשן איז באַשערט אָן אומגליק, פאַרגלוסט זיך אים ווערן אַ הומאָריסט אין אַ בייזער שעה און געפינט ניט קיין אַנדער שטאָף צו זײַן ערשטן דעביוט, אַחוץ מילה. איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל. איך קען אַשן, איך האָב אַשן ליב. אַש איז אַ גאָלדענער שרײַבער. נאָר אַ מיצווה אויף אים — לאָז ער ניט קריכן אַהין, ווו מע דאַרף ניט!...

מײַן שמואל שמעלקעס, דער יובילאַר פון כּתרילעווקע, האָט אײַך געלאָזט גריסן. ער איז אַרויס פּיל בעסער, ווי איך האָב געמיינט, איר וועט פון אים אם־ירצה־השם הנאה האָבן, און דער עולם אויך, סײַדן טשערנאָוויצער מילה מיט אַשס רעזאָלוציע —

איך מיין פּאַרקערט, טשערנאָוויצער רעזאָלוציע מיט אַשס מילה — וועלן גורם זײַן דערצו, אַז מע וועט אונדז אַלעמען נעמען אין חרם אַרײַן? דעמאָלט וועלן מיר, ווי דער זיידע מענדעלע זאָגט, אַ שיין פּנים האָבן צווישן די פעלקער.

[שלום־עליכם]

## 559. צום זעלבן

נערווי, 23. 11. 1908

טײַערער פרײַנד!

ווי איר זעט, שרײַבט שוין שלום־עליכם מיט אַ פּען — אין אַ גוטער שעה! נאָר אַזוי ווי אײַער בריוו איז דורכויס מיט אַ טאָן פון ביזנעס, עסק הייסט עס, לכן וועל איך אָוועקלייגן מליצה אויף אַ זײַט און שמועסן מיט אײַך עסק. קיין געלט דאַרפט מיר אָהער ניט שיקן. ווילנע האָט אונדז די טעג צוגעשיקט 250 רובל, פון ביאַליסטאָק גייען (צו פוס) שוין אַ וואָך 5 אַ פּאָר הונדערט רובל, און דורך קיִעוו איז צוגעשיקט געוואָרן פון אירקוטסק 200 רובל, הכלל, דאָס אַז מע בײַט אויס אויף ליר איז דאָס אַ מטמון מיט געלט! — אין דער שווייץ, אין לאָזאַן, געפינט זיך אַ קאַווקאַזער מיליאָנער, איינער אַ ייִד מיטן נאָמען שרירא. קומט מיר אָן פון אים (איך קען אים נישט) אַ מז״ט צום יובילעום מיט אַ פּאָר הונדערט פראַנק אײַנליגנט און — דער עיקר — מיט אַ בריוו, אַ מליצה. ער פרעגט אָן עצה ניט בײַ מיר, נאָר בײַ מײַן מנחם־מענדל — וואָס זאָל ער טאָן? — קיין הערצעליזם, ציוניזם, טעריטאָריאַליזם און אַנדערע איזמען נעמען אים נישט, אַלזאָ, צו וואָס זאָל ער זיך נעמען? האָט אים מײַן פרײַנד מנחם־מענדל אַרײַנגעפּותבט אַ מכתב, ווי מנחם־מענדל קאָן, אַז ער זאָל אָוועקוואַרפן אַלע שמאָכטעליאַקעס און זיך נעמען צו מעצענאַטסטוואָ, דהײַנו: אַזוי ווי אין וואַרשעווער פאָנד פאַר ש״עס ווערק געפינט זיך דערווײַלע נאָך זייער ווינציק מעות, זאָל ער חתמענען אַ טשעקל פון אַ צען טויזנט פרענקלעך און אַרײַנשיקן זיי צום ד״ר לעווין קיין וואַרשע, לעשנאָ 34 — אָט וועלן מיר זען, וואָס אַ קאַווקאַזער מיליאָנער וועט ענטפערן? טאָמער חלילה לא יעלה ולא יבוא, שיקט ער די 10.000 פראַנק אָהער — וועל איך זיי איבערשיקן צו אײַך קיין וואַרשע. דערווײַלע זאָל אײַך גאָט געבן — אַנדערע סומעס. פון לאָדזש, אויב זיי וועלן אָהער שיקן, וועל איך אויך אָפּשיקן צו אײַך. אין קיִעוו איז שוין דערלויבט אויפן 19טן נאָוועמבער (אַלטער סטיל) דער אָוונט. אין אָדעס שטייט מען נאָך און מע קניט פאַרן גענעראַל טאָלמאַטשאָוו. — דעפּעשן מיט אַדרעסן האָב איך נאָך איצט אויך כּמעט אַלע טאָג מיט מז״טן. צי עס ווערט עפּעס דאָרט געטאָן — ווייס איך ניט. — דעם 21סטן, שבת, האָט געזאָלט זײַן אַ גלענצנדער אָוונט אין לאָנדאָן (זאַנגוויל פּרעזעס). אַ ידיעה קאָן איך האָבן ערשט איבער מאָרגן. — אין אַמעריקע אַרבעט דוד פּינסקי, ממש לייגט איין די וועלט. עס האָבן זיך צונויפגענומען סאָסייעטעס מיט סאָסייעטעס און מע גייט מאַכן חנוכּה, אַן אַמעריקאַנער באַם אויפן אַמעריקאַנישן שטייגער — אינעם גרעסטן טעאַטער־האָל מיט אַ סכּנותדיקער פּראָגראַם, און די קולות לאָזן זיך שוין הערן אַזש אַהער. — און דאָך זענען אונדזערע האָפענונגען אויף קיִעוו, אָדעס, וואַרשע,

וואַרשע, קיִעוו, אַדעס אאַז״וו — — פון קיִעוו פרעגט מען אונדז אַ קלאָץ־קשיא: סטייטש פוילן, ווו מע מעג לעזן יידיש, וואַרשע, ווו ס׳איז דאָ אַזאַ „הזמיר״ אאַז״וו?... גיי דערצייל יענעם מעשׂיות? גלייבט מיר, אַז איך פאַרשטיי אײַך: מסתמא איז נאָך ניט געקומען די צײַט פאַר וואַרשע. איך מיין, אַז מע וואָלט געקאָנט אַמשענסטן אויסניצן די טעג פון חנוכּה. דערצו מוז מען אָבער דורכקומען מיט דער פּרעסע (מישטיינס געזאָגט!). ווען די בלעטלעך זאָלן זיך נעמען дружно וואָלטן זיי צוגעגרייט אויף די פּראָווינץ צו די שמונת ימי חנוכּה. מן־הסתם וועט איר טאָן, וואָס איר קאָנט. מיר פון אונדזער זײַט וועלן טאָן אַ וואַרעמע אונטער דעם „הזמן״ אין ווילנע, קיִעוו. „וועסטי״ אין קיִעוו, „אַדעסקיִע נאָוואָסטי״ אין אַדעס, זיי זאָלן אויך געבן אַ שרײַב וועגן „פּאַנעקע״ (אויף גויִיש איז „קוכאַרקאַ קופּאַרקאַ״ און חנוכּה „פּאַנעקע״). — און וועגן מײַן געזונט איז נאָר וואָס געווען דער דאָקטאָר און איז אַוועק ברייטער ווי לענגער (לאַנג איז ער ווי דער גלות). איין חסרון נאָר, וואָס קיין שלאָף איז נישטאָ אויף מיר. אפשר ווייסט איר עפּעס אַ מיטל? אָן לצנות, שיקט מיר צו עפּעס אַ „פּראָשעק פונעם שלאָף״.

אַ גרוס פון מײַן ווײַב. אַ גרוס אײַער ווײַב. אַ גרוס צו אַלע ווײַבער.

אײַער שלום־עליכם

P.S. דאָס איבערשרײַבן שמואל־שמעלקיס אויף רייגעם האָט צוגענומען אַזוי פיל צײַט, סכּנות!

## 560. צו די אַדעסער פרײַנד

נערווי (איטאַליע), ווילע בריאַנאַ, 6טן דעצעמבער 1908

ידידים אהובים, כּולם ברורים, כּולם גיבורים, וכו׳ וכו׳, הארי שבחבורה רב מנדלי זקננו, ביאַליק, לעווינסקי ורבניצקי — שלום!

פון דעם בריוושטעלער־כּתב מיט די פּערלדיקע אותיות אַלאַ אַבראַמאָוויטש זעט איר שוין אַרויס, אַז שלום־עליכם איז מער אויף דער וועלט, ווי אויף יענער וועלט. ניט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שעה צו שעה פיל איך מיך אַלץ בעסער און בעסער. אין די עטלעכע וואָכן, וואָס איך בין דאָ, אין דעם פון גאָט געבענטשטן נערווי, איז מיר צוגעקומען כּמעט פיר קילאָ, צען פונט הייסט עס. צען פונט פלייש. זאָגט „קיין עין־הרע״ און שפּײַט אויס דרײַ מאָל און שטעלט מיר אַ פײַג הינטער די אויגן... ווי אַ ייִד אַ פּראַקטישער, וואָס האָט געטאָן אַ מאָל עסק, ניט הײַנט געדאַכט, האָב איך אונטערגעצויגן אַ רעכענונג, אַז אויב סע וועט אַזוי גיין ווײַטער, וועלן מײַנע געשעפטן זיך, אם־ירצה־השם, שטאַרק פאַרבעסערן. דער חשבון איז אויבן אויף, ווי אויף דער דאַלאָניע: צען־פופצן פונט אַ חודש — האָט איר אַזוי גרויס ווי 180 פונט. אַ פונט 150 האָב איך בלאָו־הכּי געווויגן, האָבן מיר, הייסט דאָס, אַ קײַמאַ־לן פון 330 פונט, אָדער 8 פּוד מיט 10 פונט. מיט אַזאַ וואָג וועל איך שוין פאַרשפּאָרן שרײַבן אָדער פאַרלעזן מײַנע מעשׂיות, נאָר גלאַט אַזוי באַווײַזן זיך פאַרן פּובליקום. דאָס איז פיל גרינגער ווי שרײַבן אָדער

לייענען פֿאַר אַן עולם. און דאָס פּובליקום אַליין איז טאַקע אויך מער נײַגעריק צו זען אַ גרויסן שרײַבער, ווי איידער הערן אים לייענען. און ווער רעדט אַמעריקע — דאָרט קאָן מען שאַרן גאָלד. ס'איז שוין פֿאַרטיק בײַ מיר אין קאָפּ אַפֿילו ווי אַזוי צו אַנאָנסירן:

| |
|---|
| ! ווונדירים פֿון דער וועלט ! |
| ! קומט ! זעט ! מאַסנווײַז ! און שטוינט ! |
| ! דער גרעסטער הומאָריסט אין דער וועלט ! |
| וועגט דרײַ הונדערט דרײַסיק פֿונט ! |
| — שלום־עליכם — |
| ...אײַנטריט 1 דאָלער... |
| לאָזט נישט דורך ! דערציילט אײַערע פֿרײַנד ! |

איצט לאָמיר אָקאָרשט געבן אַ כאַפּ אויפֿן קאָפּ, וויפֿל קאָן מען פֿאַרדינען. ווען מיר זאָגן, אַז אויף דער גאַנצער וועלט האָבן מיר סך־הכּל צען מיליאָן ייִדן. לאָמיר זיך ניט מאַכן קיין רײַכן חשבון און זאָגן, אַז בלויז איינער פֿון הונדערט וועט וועלן אָנקוקן דעם גרעסטן הומאָריסט, — האָט איר ניט קיין הונדערט טויזנט דאָלער? מע פֿאַרשפּאָרט שוין דעמאָלט אָרויסקוקן, אַז די „כּנסת־ישראל" זאָל אונטערטראָגן אַ מאַיאָנטעק. מע קאָן שוין קויפֿן אַליין צוויי מאַיאָנטקעס. איר קענט מיך, דאַכט מיר, ניט פֿון נעכטן און איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין חלילה ניט קיין מענטש פֿון פֿאַנטאַזיעס, פּי־פּו־פּאַ! איך האָב ליב אַ חשבון זאָל מיר זײַן גלאַט, ווי אַ טעלער, ס'זאָל זײַן, ווי זאָגט איר, בולט — און מיט אַזאַ חשבון קאָן מען שוין, מיט גאָטס הילף, איבערלעבן אין איטאַליע ניט איין ווינטער... און ווײַטער האָב איך אײַך גאָרניט וואָס צו שרײַבן, דאָס הייסט האָבן האָב איך זייער אַ סך, נאָר מע לאָזט ניט! אַחוץ דעם דאָקטער, האָט מיך דער אייבערשטער געשטראָפֿט מיט בני־בית, וואָס היטן מיך אָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿונעם אויג (ניט גוט צו זײַן אַ שוואַרצאַפּל פֿון אַן אויג!...), ציטערן איבער מיר, ווי איבער אַ גלעזערנער פּסחדיקער כּלי, לאָזן מיך ניט זיצן אָנגעבויגן איבערן טיש מער ווי אַ האַלבע שעה אין טאָג און טרײַבן מיך אָדער אין דרויסן אויף דער זון, וואָס באָדט זיך גאַנצע טעג אין ים, אָדער איך זאָל גיין עסן. אוי, אָט דאָס עסן טרײַבט מיך, שונאי־ציון, אין דער ערד אַרײַן! סע שפּאַרט מיך, הערט איר, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, אונטערן לעפּעלע, די נשמה שפּאַרט מיר אַרויס, און זיי ווייסן נאָר איינס: עסן! עסן! עסן! פֿון דעסטוועגן מיינט איר דאָך, אַז שרײַבן שרײַבט מען שוין גאָרניט? אַזוי פֿיל מכּות זאָלן זיך זעצן אונדזערע שונאים אויפֿן שפּיץ צונג און אַזוי פֿיל טויזנטער זאָלן מיר אַלע פֿאַרמאָגן, וויפֿל שורות איך האָב שוין אָנגעשריבן. אם־ירצה־השם, אין גיכן וועט איר לייענען מײַנס אַ קליין ביכעלע, און דווקא אין דרײַ לשונות געשריבן, ייִדיש און לשון־קודש און, להבדיל, רוסיש, און איך האָף, אַז איר וועט האָבן, דאַכט מיר, הנאה און איר וועט זאָגן, אַז שלום־עליכם בלײַבט

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי: עס זאָל אײַך ניט חידושן, וואָס איך בין נישטאָ אין די צײַטונגען

מיט מײַן ישר־כּוח פאַר דעם כּבוד, וואָס מע האָט מיר אָנגעטאָן: איך האָב מיך שוין אַ פּאָר מאָל אָ נעם געטאָן צו דעם, קומען אָן אַלע טאָג נײַע מזל־טובֿס, בריוו, אַדרייסים, דעפּעשן. איבער „סיבות שאינן תּלויות" האָבן אַ סך שטעט ניט געקענט מקדש זײַן די לבֿנה און אַ סך קלײַבן זיך אויף חנוכּה עסן לאַטקעס. אויך אין אַמעריקע גרייט זיך חבֿרה אויף חנוכּה מיט אַ גרויסן טאַרעראַם. דוד פּינסקי איז דאָרט דער פּײַפער. אַבֿרהם־עליע, ווײַזט אויס, האָט פאַרשפּעטיקט, כאָטש איך האָב פון אים געהאַט אַ פּאָר זייער הייסע בריוו פון קאַרלסבאַד, בערלין, פּאַריזש און אַנדערע שטעט, ווו אַבֿרהם־עליע געפינט זיך. אַנו, נעמט זיך אָן מיט כּוח און לייגט אײַך צונויף אַלע פיר אויף אַ מאַרקע און שרײַבט אַרײַן אַ מאָל אַ בריוול אײַער בעסטן געטרײַען פרײַנד

שלום־עליכם

## 561. צו מ. נ. סירקין

נערווי, 6טן דעצעמבער 1908

ליבער טײַערער סירקין!

— — — מיר האָבן נאָר וואָס באַקומען אײַער זייער פרײַנדלעכן אַדרעס, וואָס איר האָט אָנגעשריבן און חבֿרה שיכּורים האָבן געחתמעט. איך שטעל מיר פאָר, וויפל בראָנפן ס'איז אויסגעטרונקען געוואָרן. אַלע אונדזערע שׂונאים מיט פּורישקעוויטשן אין איינעם מעגן עס פאַרמאָגן, נישקשה, אויף איין אָנבײַסן. וואָס אַרט'ס אײַך? דער אַדרעס האָט מיך גערירט ביז טרערן. ס'איז דאָך קיִעוו, און קיִעוו איז דאָך מײַן שטאָט. וואָס מיך קאָסט קיִעוו — מעגן מיר שוין בײדע, איך און איר, פאַרמאָגן. אומעטום זײַן אויף מײַן יום־טובֿ איז דאָך אַ נאַרישקייט. נאָר דאָס, וואָס איך האָב נישט געקאָנט זײַן אין קיִעוו — דאָס מאַכט מיך זייער טרויעריק! און וואָס דעם אָוונט גופֿא אָנבאַלאַנגט — דאַרף איך אײַך, דעם אמת זאָגן, אַז איך האָב דאָס בשום־אופֿן ניט דערוואַרט, אַפֿילו קיין האַלב ניט. איך גופֿא רעכן דאָס פאַר אַן אומגעהײַערן דערפאָלג. וואָס וואָלט שוין געווען, ווען מע גיט אײַך דאָרט אַ ביסל מער פרײַהייט! ווען מע לאָזט אײַך, למשל, דברן אויפן פּאָדאָל און אויף דער דעמיִעווקע און דעם ד"ר ליאַקומאָוויטש, אַז ער זאָל מיך לייענען אויף ייִדיש־זשאַרגאָן! נאָר לאָמיר ניט ריידן פון אַזעלכע טרויעריקע זאַכן. וואַרט צו אַ קאַפּל — ס'וועט נאָך אַ מאָל אויפגיין די זון אויף אונדזער געסל אויך. — — — אַ דאַנק האָט איר דאָך פײַנט, אַז מע זאָגט אײַך, גיט זשע איבער אַ גרוס מײַן אַלטער באַקאַנטער, וואָס איך בין מיט איר געווען באַקאַנט, נאָך איידער איר האָט געזאָגט צו איר דעם פּסוק „הרי־את", און טוט אַ קניפּ אין בעקל אײַער קדוש — — — און שרײַבט מיר, ווי גייט'ס אײַך אין זעקס און זעכציק? דעם ד"ר עליאַשעוו האָב איך שוין אײַנגעלאַדן אַהער אויף חנוכּה, כאַפּט זיך אַראָפּ אויך איר אַהער קיין נערווי, וועלן מיר אַלע דרײַ, אָן די קאַפּאָטעס, אויפן באַלקאָן, אין הוילע אַרבע־כּנפֿות, האַקן פינף הונדערט איינס ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן.

אײַער פרײַנד   שלום־עליכם

## 562. צו פלתיאל זאַמאָשטשיין

נערווי, 8טן דעצעמבער 1908

אַלטער גוטער־פֿרײַנד זאַמאָשטשין!

הייסט עס, אַ פּנים, אַז איר לעבט? געלויבט דער אייבערשטער! קיין שום בריוו פון אײַך אין קיין שום „טאָגעבלאַט" (איך ווייס דרײַ טאָגעבלעטער) ניט געזען. די געשיכטע פונעם „דאָקטאָר" האָט שוין אַ באָרד מיט אַ גומזא גרויע האָר. ויהי בימי „הפאָלקסבלאַט", האָב איך אָנגעדראַקעט אַ וואָדעוויל־פעליעטאָן מיטן נאָמען „אַ חתן אַ דאָקטאָר". נאָך דעם אין אַ צײַט אַרום, אַז איך האָב אַרויסגעגעבן מײַן „פאָלקס־ביבליאָטעק", האָט איר בײַ מיר אָפּגעדרוקט אַ סאַטירע „נאָר אַ דאָקטאָר!" די ביידע צוויי זײַנען אַזוי ענלעך, ווי אַ רעטעך מיט אַ דעפּוטאַט פון דער דריטער דומע. נאָר שפּעטער האָבן פאַרשיידענע „אַקטעיוויערן" גענומען שפּילן מײַנע „זאַכענישן", און אָנגעפרעגט האָבן זיי זיך, געוויינלעך, בײַ זייערע ווײַבער, און האָנאָראַר וועלן זיי מיר מסתּמא אויך באַצאָלן, אם־ירצה־השם, אויף מאָרגן תּיכּף ווי באַלד משיח וועט קומען. אַפּראָפּאָ: די זעלבע „זאַכענישן" האָבן פאַרשיידענע „אַרויסגעבערס" געלאָזט דרוקן און, נאַטירלעך, ניט אומזיסט, זיי וועלן מיר געוויס, אַז מיר וועלן אַלע גיין קיין ארץ־ישׂראל, מיטגעבן ווער אַ יאַמשאָווע שטעקל מיט אַ טאָרבע און ווער אַ ביסל זאַלץ — צדה־לדרך. מעגלעך, אַז „פון אַ חתן אַ דאָקטאָר" איז בײַ זיי געוואָרן „נאָר דווקא אַ דאָקטאָר!" נאָר לאָמיר זאָגן „גם־זה־לטובה", וואָרעם וואָס וואָלטן מיר געטאָן, ווען, חס־ושלום, די שעה זאָל ניט זײַן, אַז פונעם „חתן דעם דאָקטאָר" ווערט בײַ זיי אַ „כּלה אַ מאַסאַזשיסטקע", אָדער אַ „מחותּנתטע מיט אַ בײַכל", אָדער גאָר „אַ האָן מיט אַ ספּאָדעק"? שלאָפט זשע רויק, ליבער זאַמאָשטשין, שלום־עליכם האָט נאָך בײַ קיינעם גאָרניט געלקחנט, ניט קיין סוזשעטן, ניט קיין נעמען. הלוואי וואָלט גאָט געבן יאָרן און כּוח אויף צו באַאַרבעטן די סוזשעטן מיט די טיפן, וואָס באַמבלען אין מוח, זשומען אין די אויערן און שעמערירן אין די אויגן. ווו נעמט מען, ווו נעמט מען געזונט? — שרײַבט, הנני, איך בין אָנגעברייט אַלע מאָל אײַך צו ענטפערן, אויף וויפל ס'איז נאָר דאָ כּוח און צײַט, און זײַט אויך געזונט, איר זײַט אויך אַ ייִד און האָט אויך אַ ווײַב און קינדער. אויף ווידערזען.

שלום־עליכם

## 563. צו נח זאַבלודאָווסקי

Nervi, 11/24.12.[19]08

טײַערער פרײַנד זאַבלודאָווסקי!

איך קאָן אײַך אָנזאָגן אַ בשׂורה. נאָר קודם מוז מען פאַרענטפערן די קשיא, וואָס עפּעס מיט אַ בלײַפעדער? ווייס איך, נאַרישקייטן, מע האָט אַ ביסל היץ און מע איז קראַנק, ליגט מען אין בעט און מע הוסט און דער קאָפּ ווערט שיער ניט צעשפּאָלטן — הקיצור, בלאָטע! דער עיקר איז דאָך די בשׂורה. שיקט זשע נאָך ווײַן, לאָמיר טרינקען

לחיים פאַר אונדזוערע שונאים, זיי זאָלן ליגן אין נערווי בײַם ים־הגדול, נאָר בתּנאַי, אַז אין דומאַ זאָלן זיצן מיר און זיי זאָלן שוין בלײַבן דאָ הי עד ביאת המשיח, אָמן. הקיצור, די בשׂורה? איז אַזוי דער ענין פון דער געשיכטע. די היגע פּאָסט האָט זיך אויפגערעדט מיט דער שטאָט רוים אַז רוים זאָל מאַכן אַן אָנפראַגע אין ביאַליסטאָק מכּוח זאַבלודאָווס־קיס 533 פראַנק מיט 35 סאַנטים, און אויב ביאַליסטאָק וויל, קאָן ביאַליסטאָק זיך אָנפרעגן בײַם מיניסטער פון פּאָסט־טעלעגראַף, אויב ער האָט נישט קעגן מע זאָל שלום־עליכמס פרוי, וואָס זי הייסט אָלגאַ, אַרויסגעבן די 533 מיט 35 סאַנטים? האָבן זיך ביידע מיניסטאָרן, דער רוסישער און דער איטאַליענישער, צונויפגעפּאָרן אומיסטנע, אויף אַ מיטלפּונקט ערגעץ אין טאָקיאָ (דערפאַר האָט דאָס אַ פּנים אַזוי געדויערט) און האָבן באַשטימט אַזוי (איך גיב אײַך איבער זייער באַשלוס בוכשטעבלעך):

1) נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז דער אַדרעסאַט שמואל שמעלקיס — טפו! שלום־עליכם איז אַ יובּיליאַר;

2) נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז דעם יובּילאַרס פרוי אָלגאַ צייכנט זיך אויס מיט איר דײַטלעך האַנטשריפט, וואָס אַן עופּעלע פון אַ האַלב יאָר קאָן עס איבערלייע־נען אין דער פינצטער;

3) נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז דער אַרויסשיקער פונעם געלט איז נוח זאַבלו־דאָווסקי, שלום־עליכמס אַ בוזעמפרײַנד און לעאָן ראַבינאָוויטשעס אַ לײַבלעכער קרוב — האָבן זיי, די מיניסטאָרן, הייסט עס, באַשלאָסן, אַז דער רוח וועט זיי נישט נעמען, ביידע מדינות, אַז מע וועט די 533 פראַנק מיט 35 סאַנטים, אָפּשיקן דעם קראַנקן שמואל־שמעלקיס, מיין איך שלום־עליכמען, גלײַך פון דער שטאָט רוים קיין נערווי.

וכך־הוה. הײַנט, דעם 24/11 דעצעמבער, 2 אַ זייגער מיט 14 מינוט מיט 5 חלקים האָט מען געבראַכט צו טראָגן אין שטוב אַרײַן די 533 פראַנק מיט 35 סאַנטים, וועגן וועלכע איך האָב דאָס פאַרגעבן אײַך מיטצוטיילן און צו באַרויִקן אײַך, ליבער פרײַנד, און עשון, דאָס מיין איך אײַער טשינאָוניק, להבדיל, זאָגט אים אַז זכות־אָבות האָבן זיך פאַר אים געמיט, און זײַט געזונט און שרײַבט בריוולעך, זיי מעגן זײַן גרויסע, אָבי אָפט.

אײַער שלום־עליכם

## 564. צום זעלבן

11. 12. 08[19]

ידידי — יקירי!

איבערקוקנדיק דעם גרויסן פּאַק דעפּעשן, בריוו און אַדרייסים, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף אײַער „טישטעכל" מיט גרויס דאַנק פאַר אײַער אמתער ליבע צו מיר.

איך זאָג אײַך נאָך אַ מאָל: הלוואַי וואָלט איך אין יעדער שטאָט פאַרמאָגט כאָטש איין זאַבלודאָווסקי!

מײַן געזונט גייט מיר, ב"ה, פון טאָג צו טאָג בעסער.

דעפעשן, בריוו, ברכות און ווינטשעוואַניעס הערן ניט אויף, און מע ריכט זיך ערשט אויף חנוכּה מיר צו געבן הערן פיל גוטס.

נאָר למאַי איז שוין פון אײַך אַזוי לאַנג קיין בריוו ניטאָ? צי זײַט איר געזונט? מילא, פון בילד איז אָפּגערעדט: עס גייט נאָך ערגעץ. אָבער אַ בריוול, ווי שרײַבט מען ניט?

אײַער שלום־עליכם

פונעם 14 דעצעמבער דערשײַנט ווידער דער „פרײַנד" אין פּ"ב.

## 565. צו י. ראָזעט

11טן דעצעמבער 1908

ליבער פרײַנד ראָזעט!

געוויס האָט איר מײַן דאַנק נאָך ניט באַקומען פאַר אײַערע קאַרטלעך? נו, נעמט זשע אים צו הײַנט, דעמאָלט ווען מיר איז ברוך־השם פיל בעסער און איך קען שוין גיין אַליין אָן אַ שומר, און איך קען שוין שרײַבן קליינע אותיותלעך מיט אַ דיבינקער פען... די פּראָגראַמקעס פון קיִעווער אָוונט, זע איך, זײַנען בײַ אײַך געדרוקט. אין „קיִעוו. וועסטי" לייען איך, אַז אײַערע קאַרטלעך זײַנען פאַרשפּרייט געוואָרן, און עס פרייט מיך, וואָס מיט מײַן ליטעראַטור־אָוונט איז פאַרבונדן דער נאָמען פון דעם, וועלכער איז מיר געבליבן אַזוי געטרײַ און פאַר וועלכן איך פלעג אַ מאָל אויסגיסן מײַן ביטער האַרץ אין דער צײַט, ווען דער גאַנצער עולם האָט זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן פון מײַנע שרײַבעכצן. געדענקט איר די מאָמענטן? — — נאָר עצבות אויף אַ זײַט! — איך לעב און ווער געזונט און שרײַב שוין די צווייטע און די דריטע מעשׂה, און אין קאָפּ פּלאָנ־טערן זיך נאָך אַ סך מעשׂיות און אַלע לעבעדיק־טראַגיש און טרויעריק־פריילעך, און עס לאַכט זיך דורך טרערן, און עס וויינט זיך דורך אַ הילכיקן געלעכטער, און עס ציט מיך אַהיים צו דער בייזער שטיפמאַמע, צו די אָרעמינקע טײַערינקע ברידער און שוועסטער, וואָס אין גלות, אין גלות, אין גלות... שלום לך

שלום־עליכם

פּ.ס. שרײַבט מיר, איך בעט אײַך, אַן אויספירלעכן באַריכט איבערן אָוונט און איבער אַלעם, וואָס קאָן מיך אינטערעסירן אין דעם ווײַטן איטאַליען.

## 566. צו א. ל. לעווינסקי

נערווי, 27סטן דעצעמבער 1908

חביבי לעווינסקי!

אײַער בריוו איז געקומען צו דער רעכטער צײַט. איך האָב געהאַט צוגעגרייט למען

ה„פריינד" אַ סיפור־המעשׂה לכבוד פורים מיטן נאָמען „צוויי טויטע", אַ בילד לכבוד פורים פון שלום־עליכם, און בין שוין גרייט געווען דאָס אָפּצושיקן קיין פּעטערבורג. דערווייל איז אָנגעקומען אייער בריוול, און איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין, מי נדחה מפּני מי? ערשטנס, קאָן מען לעווינסקין גלאַט ניט אָפּזאָגן, ווייל צווישן דער גאַנצער חברייא אונדזערער, אויב עס געפינט זיך נאָר איין שלום־עליכם, געפינט זיך אויך נאָר איין לעווינסקי. דאָס איז נומער איינס. והשנית, דאַרף מען האָבן אין זיך אַ קאָפּ יושר אויך. מיין קראַנק ווערן פּלוצעם אין מיטן דערינען און נאָך דעם מיין יום־טוב האָט אייך, ווי איך בין מיר משער, פאַרשאַפן געננג יסורים מיט קאָפּדרייעניש מיט שוויצעניש (זכרנו את הזיעה — איך געדענק נאָך, ווי איר האָט געשוויצט זומער בשעתן קאָנצערט לטובת האַלמנה שטיינבערג), — פאַר וואָס זאָלט איר ניט האָבן פון מיר אַ ביסל נחת אויך? ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז לעווינסקי דאַרף אין זינען האָבן שלום־עליכמען, אַרויסקוקן אויף ישועות ונחמות, טאָמער וועט מען אַראָפּנעמען די וואָיענע פּאָלאָזשעניע און מע וועט קאָנען עפּעס אין אַדעס מאַכן, ס'זאָל קנאַקן, און אַז שלום־עליכם פון לעווינסקיס וועגן דאַרף נישט טון גאָרנישט? — נישמער, איין זאַך וועל איך אייך בעטן: טאָמער לאָזט זיך אויס ביי אייך מיטן פורים־בלאַט אַ בוידעם (חס־ושלום), זאָלט איר באַצייטנס אָפּשיקן די „צוויי טויטע" אין „פריינד" אַריין, נאָר מיט אַזאַ חשבון, אַז זיי זאָלן קומען צו קבר־ישראל, מיין איך אין „פריינד", לכל־הפחות, מיט אַ וואָך פאַר פורים, בכדי איך זאָל נישט האָבן קיין היזק (איך רייד פון ליטעראַרישן היזק, ניט פון געלט). און ווייטער, איך זאָל אייך זאָגן וועגן דעם עצם הסיפור, איז ניט שייך; עס עקלט, ווען אַ מאַמע דערציילט חכמות פון איר קינד און אַ מחבר ווערט נתפּעל פון זיין אייגן ווערק. געשריבן איז ער שלום־עליכמדיק דערפאַר, ווייל שלום־עליכם האָט אים געשריבן. אויב אַדעס וועט זיך קאַטשען פאַר געלעכטער — דאָס קאָן איך אייך ניט גאַראַנטירן. ניט אַלצדינג, וואָס אַדעס קאַטשעט זיך פון דעם, איז גוט געשריבן. מעגלעך, עס וועבט זיך דורך דאָרט אַ שטיק ערנסט און עס הערט זיך אַ שטילער זיפץ. דאָס איז אָבער קלאָר, אַז וויינען וועט מען פון אים ניט; סיידן אַזעלכער, וואָס האָט פאַרלאָרן אַ טאַטן, אָדער די ציין טוען אים ווי. — און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם „פּסח־בלאַט", דאַרפט איר שוין אַליין פאַרשטיין, אַז אייער אַדעסער פּסח־בלאַט וועט אָן שלום־עליכמס פעליעטאָן מיטן נאָמען „דאָס פאַרפאַלק" (אָן אינדיק מיט אָן אינדיטשקע) נישט אַרויסגיין. איר דאַרפט מיר נאָר דערמאָנען מיט אַ פּאָר טעג פאַר פורים אָדער נאָך פורים וועגן דעם אינדיק מיט דער אינדיטשקע, וועט זיין רעכט, ווייל איך האָב אַ שטיקלעך פּופּציק סוזשעטן מיט טעמעס, פּאַרטיקע אויף צו באַאַרבעטן, און קאָן חלילה פאַרגעסן אינעם דאַזיקן גליקלעכן פאַרפאַלק. דער עיקר — איר זאָלט ניט בלייבן הענגען, ווי מיט דער אַדעסער צייטונג, אינעם עולם־הדמיון. הלוואי זאָל אייך גאָט געבן כּוח און רצון און נאָך עפּעס, אַז אַלע אייערע אידעאַלן זאָלן מקוים ווערן, וואָרעם אייערע אידעאַלן זיינען אויך מיינע, ובצרתך לי צר, ובשׂמחתך ישׂמח לבי גם אני.

ידידך אוהבך אהבת עולם

שלום־עליכם

## 567. צו יצחק יאַמפּאָלסקי

[נערווי, אָן אַ דאַטע]

מײַן כשרער פרײַנד יצחק יאַמפּאָלסקי!

אינעם פאַרוואָרפענעם גן־עדן התחתון, וואָס מע רופט עס „נערווי", אַז מען איז עלנט און קראַנק און מע באַקומט אַ בריוו פון אַ פרײַנד, און נאָך פון אַ כשרן פרײַנד און ערלעכער נשמה, ווי אַ יצחק יאַמפּאָלסקי — פילט מען זיך גוט און מע שמייכלט צו דער זון און מע באַקומט אַזש אַפּעטיט צום עסן.

— — —

— — — איר זאָגט, אַז אייניקע אַמעריקאַנער צײַטונגען זײַנען אויף מיר אָנגעשטויסן? ס'איז מעגלעך. ס'איז אַוודאי דערפֿאַר, וואָס איך האָב בײַ זיי געלקחנט (ניט זיי בײַ מיר) און איבערגעדרוקט זייערע (ניט זיי מײַנע) פעליעטאָנס?... זאָגט אײַך וואָס איר ווילט; קיין שׂונאים האָב איך ניט, ווײַל איך בין קיינעם קיין שׂונא ניט, ווײַל טביה איז אַ בעל־בטחון און ווײַל מנחם־מענדל גלייבט דער גאַנצער וועלט. — — —. אין גיכן וועט איר לייענען אַ „יובילייום פון אַ שלימזל שמואל שמעלקיס", וואָס איך האָב אים געשריבן קראַנקערהייט. דעריבער זאָלט איר זיך ניט וווּנדערן, טאָמער איז ער שוואַכלעך אַרויס. און אפשר איז ער גאָר ניט אַזוי שוואַך? איר ווייסט דאָך, אַז איך גלייב אַלעמען, נאָר ניט מיר. אין מיר זיצט עמעצער אינעווייניק, אַ מין מעפיסטאָפעל אַזעלכער, און לאַכט, און שפּעט, און מאַכט חוזק פון מײַן שרײַבעניש. אַלע מאָל, ווען איך שרײַב עפּעס אָן און לייען עס דורך מיט ענטוזיאַזם, ווי געוויינלעך אַ מחבר, טוט ער גאָרניט, נאָר ער פּײַפּט מיט די ליפּן און די אויגן שמייכלען. איך זאָל אים קאָנען כאַפּן, וואָלט איך אים דערווערגן! אַ מאָל מאַכט זיך, אַז ער הערט מיך אויס גאַנץ ערנסט און שאָקלט מיטן קאָפּ. מיין איך דאָך, אַז איך האָב בײַ אים אין גאַנצן אויסגענומען, און שיק עס אַוועק אין דרוק, — שיסט ער אויס אַ געלעכטער, מעפיסטאָפעל, ברענען זאָל ער!

אין דער „עפּיטאַפּיע", וואָס איר האָט אָפּגעדרוקט, איז פאַרגעקומען אַ שטיקל ענדערונג. איך האָב צוגעזעצט צום אָנהייב פיר שורהלעך:

רב זײַט זשע מוחל, ס'כאַפּט איר זאָך<br>אַזוי, רב ייִד? מע דאַרף אײַך האָבן:<br>שלום־עליכם ווייסט איר דאָך? —<br>נו, ליגט ער דאָ אין דר'ערד באַגראָבן.<br>געווען אַ ייִד אַ פּשוטער... אַאַזױ.

שטאַרקט אײַך יאַמפּאָלסקי, און שרײַבט גוטע זאַכן און זײַט מצליח, ווי עס ווינטשט אײַך

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 568. צו ש. ראַפּאָפּאָרט

נערווי, 18/5. 1. [19]09

פּיל געערטער פרייַנד אַלעקסאַנדער איזראַיִלעוויטש!

באַקומען אייַער בריוו, וועלכער איז געשריבן ערב ניי־יאָר און אין אַ צושטאַנד פון זייער באַליידיקטער אייגן־ליבע. איך וועל ניט ענטפערן אייַך אויף אַלע אייַערע שטעכווערטלעך, וואָס איר האָט מיר פאַרטיילט, פאַרגעסנדיק בשעת־מעשה דעם עיקר: אַז איך בין דאָך אַ קראַנקער מענטש, אַז מייַנע שעהען זייַנען שטרענג אויסגערעכנט און אַז ניט געקוקט אויף אַלע מייַנע שטרעבונגען, איז מיר זעלטן ווען געלונגען נעמען זיך פאַר דער פען. בכלל אָבער בין איך גרייט אָנערקענען זיך פאַר שולדיק. דאָך ניט אין די חטאים, וואָס איר לייגט אויף מיר אַרויף, און ווייניקער פון אַלץ, אין דעם, אַז בייַ מיר זייַנען אַנדערע צייַטונגען בילכער פונעם „פרייַנד". אָבער לאָמיר ניט ריידן פון דעם. ס'וועט אונדז אויפרייצן איינעם קעגן צווייטן, ניט מער. צום ענין. איר שטעלט מיר די פראַגע שאַרף: אויף וועלכע תּנאים אאַז"וו? כ'ענטפער אייַך: קיינע תּנאים, פולע פרייַהייט. וועל איך אָנשרייַבן עפּעס נייַס, גוטס, וועל איך אייַך צושיקן. וועט איר וועלן — וועט איר דרוקן. האָנאָראַר — ווי איר פאַרשטייט. די טעג ערשט פאַרענדיקט די דערציילונג „טביה דער מילכיקער פאָרט קיין ארץ־ישראל", וועלכע אַנ־סקי זעצט איבער און וועט דרוקן אין יאַנואַר־בוך „יעוור' מיר". זייַט איר מסכּים: 1) דרוקן די דערציילונג אין „פרייַנד" דעם טאָג, ווען דאָס ביכל „יעוור' מיר" וועט אַרויס, און 2) צי קאָנט איר לאָזן פאַר מיר די מאַטריצן פון דער דערציילונג און אָפּדרוקן 2000 עקז' פאַר מיר, דערבייַ פאַרשרייַבן אויפן חשבון פון האָנאָראַר די קאָסטן פון פּאַפּיר און דרוק? אויב יאָ, וועלן מיר זיך האַלטן בייַ דעם זעלביקן סדר אויך בנוגע אַנדערע מייַנע נייַע ווערק. אַלע מאַטריצן, ווי אויך די עקזעמפּלאַרן (אויף געוויינלעך, נאָר ניט זייער שלעכט פּאַפּיר), דאַרפן אָפּגעשיקט ווערן אַלס סחורה פון ניט דרינגענדיקער שנעלקייט דעם יובילײ־קאָמיטעט קיין וואַרשע אויפן אַדרעס פון י. דינעזאָן, דזשעלנע 15. כ'בעט אַמעגלעכסטן שנעלער ענטפערן אויף אַלע פראַגעס, און איך בין דרייַסט פאַרזיכערן אייַך אין דער שטאַנדהאַפטיקייט פון מייַן פרייַנדשאַפט צו אייַך און אין דער איבער־געגעבנקייט.

פון אייַער שלום־עליכם

N.B. פאַר וואָס האָט איר מיך ניט געוואָרנט וועגן מנחם־מענדלס בריוו? ניט גוט.

P.S. אפשר וועט איר געפינען פאַר מעגלעך אָפּדרוקן אין „פרייַנד" די דאָ בייַגע־לייגטע ידיעות וועגן ייִדן אין סיציליע (פון צייַטונג „דער אַמעריקאַנער" אין ניו־יאָרק פון 8. 1. [19]09).

## 569. צו מענדעלע מוכר־ספרים

נערווי, 10טן יאַנואַר 1909

אַ שיינעם דאַנק אייַך, זיידעניו, פאַר אייַער מתנה און פאַר אייַער בריוול. איך האָב

מיר דערלויבט צו אייניקע פון מײַנע פרײַנד ציטירן אײַערע ווערטער וועגן קניש מיטן ראָסלפליישל מיטן גלעזעלע ווײַן. איך געדענק, אַז איר האַלט פונעם גויִשן „נאָוויגאָד", ווינטש איך אײַך פיל גליק צום דאָזיקן נײַעם יאָר 1909 פון מײַן נאָמען און פונעם נאָמען פון מײַן אייגענער קאָלאָניע. די וואָך איז געווען בײַ אונדז אַ וואָך פון ווינטער, ס'האָט געדונערט און געבליצט, און איך בין געלעגן געוואָרן אויף אַ וואָך אין בעט און האָב געהאַט אַ צווילינג, צוויי נײַע מעשׂהלעך מיט אַ מאָל, און פיל מיך איצט מעוברתדיק מיט נאָך אַ פּאָר צענדליק מעשׂיות. זאָל גאָט היטן, איך בין געוואָרן, ניט פאַר אײַך געדאַכט, ווי אַ הון, אַז זי צעקוואָקעט זיך... ווו נעמט מען כּוח? אַ שטיקל גליק, וואָס ס'איז דאָ בערקאָוויטש, דיקטיר איך אים און ער שרײַבט. און דיקטירן איז מחיה, מע קאָן עס קראַנקערהייט, ליגנדיק אין בעט. ס'איז נאָר שלעכט, וואָס די בני־בית לאָזן ניט לאַנג הוליען, און דער דאָקטאָר זאָגט, אַז עסן איז געזינטער ווי דיקטירן בבא־מעשׂיות — וואָס זאָגט איר אויף דעם חכם? זײַט זשע מיר געזונט און שרײַבט אַ מאָל אַרײַן אַ בריוול און זײַט מחיה אײַער קראַנק־געזונט אייניקל

שלום־עליכם

## 570. צו ד"ר ג. לעווין

נערווי, 15. 1. 09[19]

טײַערער דאָקטאָר לעווין!

מײַן דעפּעש האָט אײַך וואָרשײַנלעך געזאָגט, וואָס מײַן האַרץ האָט געפילט בעת מיר האָבן באַקומען פון אײַך די ערשטע קורצע ידיעה וועגן אָפּענדיקן מיט לידסקין. זאָגן אײַך אַ דאַנק — וועט זײַן נאָר אַ באַליידיקונג פאַר אײַך און פאַר מיר און פאַר אונדז אַלע. אַ סך אַזעלכע הויכע מאָמענטן זענען אין לעבן נישט פאַראַנען. איך האָב אײַך שוין איין מאָל געזאָגט, אַז מיטן אויסקויפן מײַנע ווערק קויפט איר אויס מײַן נשמה.

איצט האָט איר פאַר זיך אַ „תּושיה" מיט אַ קרינסקי מיט א... איך וויל גאָר זײַן נאָמען ניט דערמאָנען. זעט זיך מיט דינעזאָן און לייענט וואָס איך שרײַב אים וועגן דעם נפש, וועט איר פאַרשטיין, אַז מע דאַרף אים לאָזן צו רו, ביז... איך וועל אי"ה קומען קיין וואַרשע. אַרויסלאָזן מײַן בוך טאָר ער ניט. ער האָט קיין רעכט דערצו, ער האָט בײַ מיר גאָרנישט געקויפט. ער האָט נאָר געגנבעט, געגזלט, געדרוקט סעפּאַראַט בראָשורן אין דער צײַט, ווען איך האָב פּראָטעסטירט מיט בלוטיקע בריוו צו אים און צו ספּעקטאָרן, — אָבער קויפן האָב איך אים קיין זאַך ניט פאַרקויפט. עס איז געווען אַ רייד וועגן דעם, צי זאָל ער האָבן רעכט פאַרקויפן אין פאַרלויף ביז ענדע 1908 די שוין געגזלטע העפטלעך „מבול". דאָס יאָר 1908 האָט זיך געענדיקט. מיר קומט נאָך פון אים האָנאָראַר פון (בראָשור) נומ' 1 ביז יוני 1908, אויף וועלכן חשבון איך האָב באַקומען 950 רובל אין פאַרשיידענע סומעס. הײַנט קומט מיר פאַר די שטאַרק פאַר־קויפטע העפטלעך „מבול" וועלכע ער האָט נישט געטאָרט פאַרקויפן, נאָך מײַן רעכענונג מער אַלס 950 רובל. די בראָשורלעך „מבול" האָט מען אַרויסגעלאָזט אין די אַלפים אָן

ספעקטאָרס וויסן. די גאַנצע געשיכטע איז הימלשרײַענד, און אויסלייגן טענות — הייסט פאַר מיר איבער אַ נײַס אָנהייבן שפּײַען מיט בלוט —

היוצא לנו מזה: האַכבערג האָט בײַ מיר קיין זאַך געקויפט. ער קאָן דערויף קיין פּאַפּיר מיט מײַן אונטערשריפט ניט צייגן, און טאָר קיין זאַך פון מיר פאַרקויפן, סײַדן ער זאָל וועלן גיין אַהין, ווו אים פּאַסט, און איר האָט מיט אים ניט וואָס צו טענהן, און הלוואַי זאָל גאָט געבן צו הערן די בשׂורה פון אײַך, אַז איר האַלט שוין מיט „תּושיה" און מיט קרינסקי, ווי מיט לידסקי, לידסקי „אַ ייִד מיט יושר און מיט אַ נשמה, כאָטש אַ פאַרלעגער!" איצט, וועגן מיר ווילט איר וויסן? פון הײַנט אָן און ווײַטער איז אָן אַנדער שלום־עליכם. פון געזונט רעדט שוין גאָר ניט. מיר וועלן זיך מיט אײַך פאַרהערן אי"ה אין וואַרשע, אַז איך וועל זײַן זומער, איידער איך וועל פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. איר מיינט איך לאַך? די דאָקטוירים זאָגן, אַז קינפטיקן ווינטער מוז איך ווידער זיך וואַרעמען אַקעגן דער זון. האָבן זיך מישב געווען מײַנע קיִעווער פרײַנד, זיי האָבן אַ סומע פון עטלעכע טויזנט פראַנקלעך, וועלן זיי מיר קויפן אַ שטיבל מיט אַ גערטנדל, בײַם ברעג פונעם מיטלענדישן ים אין געגנט פון יפו אין ארץ־ישׂראל, און פון דאָרט, זאָגן זיי, זאָל איך שרײַבן מײַנע מעשׂיות. עס פעלט זיי נאָך, זאָגן זיי, אַ פּאָר טויזנט רובל, נאָר ס'וועט זײַן רעכט. זיי האָבן שוין אפילו באַפולמעכטיקט איינעם פונעם קאָמיטעט (קיִעווער), וואָס איז איצט אין ארץ־ישׂראל, ער זאָל אויסקוקן דאָרט אַ ווילע פאַר שלום־עליכמען אין גלײַכן געלט מיט גוטע באַדינגונגען. נו, און מײַן עקסיסטענץ דאָ אין נערווי ביז ענדע מײַ איז געזיכערט דורך אַ פּאָר רוסישע און אַמעריקאַנישע שטעט. די וואָס זאָגן אויפן ייִדישן פאָלק, אַז ס'איז ניט יוצא פאַר זײַנע שרײַבערס א.ד.ב. רעדן לשון־הרע. איר זאָלט זען אין וואָסערע פּינצטערע ווינקעלעך עס קלאַפּט אַ ייִדיש האַרץ, וואָלט איר געוועזן שטאָלץ מיט אונדזער אומה, אַזוי ווי איך אײַער איבערגעגעבנסטער דאַנקבאַרסטיקער פרײַנד

שלום־עליכם

אַ האַרצלעכן גרוס אײַער וו. פרוי און אונדזער פרײַנד א. פּאָדלישעווסקי.

## 571. צו יעקב דינעזאָן

נערווי, 15. 1. 09[19]

טײַערער פרײַנד, גוטער דינעזאָן!

פון אײַן טעלעגראַמע האָט איר שוין אַרויסגעאַנגען און אַליין האָט איר דאָך אויך גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס פאַר אַ גרויסע זאַך איר האָט אויפגעטאָן פאַר אײַער קראַנקן פרײַנד, וועלכן איר האָט פשוט מחיה־מתים געווען, אומגעקערט צוריק זײַן נשמה. און דאָס איז געווען פונקט אין אַ מאָמענט פון העכסטער פאַרצווייפלונג פון עקסטן ייִאוש. ווו זענט איר געווען, דינעזאָן, הײַנט פרי, בשעת איך בין נאָך געלעגן צו בעט און מײַנע קינדער האָבן אָפּגענומען די פּאָסט, געכאַפּט אַ קוק צו אײַך און צו ד"ר לעווין אין די בריוולעך. און מײַן עלטערע טאָכטער, מאַדאַם בערקאָוויטש, האָט פון צווייטן צימער אויסגעשריגן: פּאַפּאַ!... קאָנטשילי! טי סוואָבאָדיען!... דאָס וואָרט

„סוואָבאָדיען" האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער ווילע. אַלע קינדער האָבן דאָס איבערגעחזרט. די זון האָט געשמייכלט: סוואָבאָדיען! סוואָבאָדיען! ניין, דינעזאָן, אַז איר זענט ניט געווען אין דער מינוט איז אַ סימן אַז איר האָט ניט זוכה. איר זענט אָבער יאָ געווען. אײַער גײַסט, אײַער וואַרעם, יידיש, ברודערלעך האַרץ איז געווען מיט אונדז. איך זאָג אײַך.

וואַרשײַנלעך וועט נאָך אָנלויפן פון אײַך אַ בריוו באריכות מיט אַלע פּרטים. איך מיין וועגן שפּעטערע אָרדענונג, וועגן די קליינע בראָשורן, וועגן הויפּטלאַגער, וועגן קאָמיטעט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך פאַרלאָז מיך אין גאַנצן אויף אײַך. מסתמא וועט דאָס קאָמיטעט טאָן אַלצדינג, עצהט.

נאָכן אָפּענדיקן וועט איר געוויס פאַרעפנטלעכן אין אַלע צײַטונגען און מעלדן וועגן הויפּטלאַגער. דער פאַרקויף וועט קאָנען גיין בײַ דער זעלבער „תּושיה", בײַם זעלבן לידסקין און אַז"ו, — אַבי דער קלומעק זאָל זײַן בײַ אײַך, דאָס שלעסלע.

איר פאַרשטייט דאָך וואָס איך מיין?

איך שיק דאָ אַ באַזונדער בריוול צו לידסקין. אויב איר געפינט פאַר צוועקמעסיק, גיט עס איבער.

אַצינד וואָלט איר מיר אפשר צוזאַמען מיט די טשעמאָדאַנעס אַרויסגעשיקט צו עטלעכע עקזעמפּלאַרן פון „אַלע אויסגאַבן". איך האָב זיי אַפילו ניט אָנגעקוקט.

מיט „תּושיה" איז אַן אָפּענער 66. ער מאָנט, שײַנט מיר, 300 ר'. איר וועט געוויס עפּעס אָפּדינגען. הײַנט בײַם אָפּקויפן בײַ אים די עקזעמפּלאַרן וועט זײַן אַ ביסל צרות...

מיט קרינסקין איז אַ מכּה אויף צוריקוועגס: עס קומט פון אים אַרויס. נאָר פורישקעוויטש מעג עס פאַרמאָגן, וואָס קרינסקי וועט אײַך געבן.

הלוואַי איר זאָלט אַרויס מיט אים גלײַך אויף גלײַך.

בלײַבט איבער איין אויב. איך זאָל אײַך וועלן איבערגעבן אַלע מײַנע טענות, איז ערשטנס אַ רחמנות אויף אײַך, און צווייטנס, אַ רחמנות אויף מיר.

הייב איך אָן צו רעדן פון אָט דעם ברנש, פיל איך אַז איך מוז אָנהייבן נאָך אַ מאָל צו בלוטן.

אין די מינוטן ווען מיר זענען אין דרײַען געשפּאַצירט אין פאַלעניצע איבערן זאַמד און ער האָט געטענהט, האָט זיך מיר געוואָלט אָנכאַפּן אים אונטן בײַם קאַרק, אַנידער־לייגן אויף דער ערד און אָנשפּײַען אין פּנים. און ווען איך האָב בײַ זיך דעמאָלט אַ מעסער, שטעק איך אים געוויס אַרײַן אין האַלדז אַרײַן און תּמות נפשי עם פלישתים! איז ער דאָך אָבער אַ גאַסט געווען בײַ מיר, און דינעזאָן גייט מיט אים, און איך טראַכט מיר בעת־מעשׂה: ווען אָט דער גוטער דינעזאָן זאָל וויסן אַ שמינית שבשמינית וואָלט ער אַנטלאָפן פון דער היה כּמטחוי קשתי, און שלום־עליכם גייט און שמייכלט און זעצט זיך צום טיש עסן מיט אים (ניט פאַרגעסט, אַז זײַן פרוי איז אויך מיט אים געווען) און אָט זענען זיי אַלע דרײַ אַוועק קיין וואַרשע — און ווי אַזוי שלום־עליכם האָט נאָך דעם פאַרבראַכט די נאַכט אין פאַלעניצע — דאָס ווייסט נאָר גאָט אין הימל און מײַן פרוי אויף דער ערד... דינעזאָן! איר קענט מיך שוין דורך און דורך. איר ווייסט, וואָס פאַר אַ ראָלע עס שפּילט בײַ מיר געלט. בײַ מײַן געזונט און בײַ אונדזער הייליק גוט־פרײַנד־שאַפט שווער איך אײַך, אַז איר דאַרפט אַוועקרופן אָט דעם נפש ווײַט ערגעץ אויף

יענער זײַט לאַזענקעס! אַוועקגיין אונטער אַ בוים, און אין פיר אויגן אויסשרײַען אויף אַ קול: **פּאַרלעץ!!!**

— — —

יאָ. ער וועט אײַך אפשר צײַגן בריוו פון מיר, איז ערשטנס ניט אַלע, צווייטנס וועט איר אַרויסזען, אַז דאָס איז געווען געשריבן אויף אַרויסצוראַטעווען ווי פון אַ שׂרפה זויפל מע האָט געקאָנט. און דריטנס, זאָל אײַך ספּעקטאָר זאָגן טעט־אַ־טעט נאָר צוויי ווערטער. איר זאָלט אים זאָגן: ליבער ספּעקטאָר! זאָגט מיר, ווי פֿאַר גאָט, וואָס איז מיטן „מבול״? — און זאָלט אים קוקן בעת־מעשׂה אין פּנים אַרײַן, וועט איר עפּעס זען. אויב ספּעקטאָר פֿאַרמאָגט נאָך 2 האָר אין דער ליסינע, וועט ער זיי אויסרײַסן, און וועט אײַך זאָגן: „פרעגט מיך ניט!...״ און ער וועט אַנטלויפן.

— — —

איבעריקנס, זײַט רויִק, ה״ב האָט אַ מכּה ניט קיין חתימה פון מיר אויפן „מבול״, אַפילו אויף דעם יאָר 1908 וועגן וועלכן עס האָט זיך אונטערהאַנדלט. פון פֿאַרקויפן אים לצמיתות איז גאָר קיין שפּור אַפילו!

טוט אַ שפּײַ אויף ה״ב מיטן גאַנצן „מבול״, אים דאַרף מען, אַט אַזאַ בחורל, צום עמוד־הקלון אַוועקשטעלן, ניט שפּילן קוצעניו־מוצעניו!

עס איז מיר נאָר אַ ווייטיק און אַ בושה וואָס צוליב ספּעקטאָרן בין איך אַרײַן אין אַזאַ בית־הכּסא. זײַט מיר מוחל, טײַערער דינעזאָן, זאָל ער זײַן די כּפּרה פֿאַר אײַערע קיִעווער קאַלאָשן. עס איז אַ חילול־השם מיט אײַך וועגן אים צו רעדן!

זײַט געגריסט, דינעזאָן, פון מײַן גאַנצער קאָלאָניע.

אײַער שלום־עליכם

## 572. צו מענדעלע מוכר־ספרים

נערווי, 20סטן פעברואַר — 5טן מאַרץ 1909

צו מײַן ליבן און טײַערן זיידן ר׳ מענדעלע מוכר־ספרים נ״י.

פון אַלע ברכות און מתּנות, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען בײַ מײַן ליטעראַרישן יום־טוב, איז געוויס די דאָזיקע מתּנה די בעסטע, דאָס מיין איך די מאַשין, וואָס איך קלאַפּ צו אײַך, זיידע, דעם דאָזיקן ערשטן מאַשינע־בריוו. די דאָקטוירים האָבן דאָך מיר גאָר אין גאַנצן געאַסורט דאָס שרײַבן — אויסגעטומען אַ מאַשין. מע זיצט זיך, פֿאַרשטייט איר מיך, אָנגעלענט, ווי למשל אַ מלך — פּסח צום סדר, און מע קלאַפּט. ס׳איז, זאָג איך אײַך, אַ מחיה!

הקיצור, וואָס זשע מאַכט איר עפּעס? דער עיקר, ווי פילט איר זיך אין געזונט? איך, ברוך־השם, בין, ווי מע זאָגט דאָס אין אַמעריקע, — אָלרײַט! דער עיקר, וואָס פון סכּנת־נפשות בין איך דאַנק גאָט אַרויס. מע טראַכט שוין איצט וועגן אַ נאָכקור, דאָס הייסט, אַז ס׳וועט זיך ענדיקן דאָ דער זומער, זאָלן מיר אַרום מײַ דאַרפן פֿאָרן זוכן אַ צווייטן (אַ ביסל אַ קילערן) זומער, ערגעץ אין דער שווייץ, אָדער גאָר אין אונדזער רוסלאַנד, אפשר אין אַ וואַלד און מעגלעך, אַז ערגעץ ניט ווײַט פון אײַער אָדעס —

דאָס אַלץ וועגדט זיך ניט אין מיר, נאָר אין די דאָקטוירים. יעדן פֿאַלס קיין אַמעריקע שוין ניט אַזוי גיך. נו, און ווי באַלד ניט אַמעריקע, איז שוין דאָ אַ שטיקל האָפֿענונג, אַז מיר זאָלן זיך אם־ירצה־השם זען. הלוואַי נאָר מיט פריילעכע הערצער, ס׳זאָל שוין עפּעס זײַן כאָטש אַ ביסעלע חדש ימינו כקדם. אויב איר פוילט זיך ניט, ויידע, שרײַבט אַרײַן אַ מאָל אַ בריוול. זאָגט ניט קיין תּירוץ, אַז באשר איר האָט ניט קיין מאַשין, זײַט איר שוין פּטור. אײַערס אַ בריוול האָט אַדרבה די גרעסטע ווערט, ווײַל ס׳איז מיט אײַער האַנט געשריבן. אַ כּפּרה אַלע מאַשינעס, אַחוץ מײַנע, פֿאַר אײַערס איין אייגנ־האַנטיק בריוול מיט אײַער זעלטן חנעוודיקן פּערל־כּתב.

נו, זײַט מיר געזונט מיט אײַערע אַלע, אַלע!

אײַער אייניקל שלום־עליכם

מײַן ווײַב בעט מיך, איך זאָל אײַך איבערגעבן אַ גרוס דווקא מיט מײַן האַנטשריפֿט, ניט מיט דער מאַשין. זי האַלט ניט דערפֿון. זי זאָגט, אַז אַ מאַשין איז אַ גוף אָן אַ נשמה. אַז איך וועל אַ מאָל — זאָגט זי — אַוועקפּאָרן און וועל איר שרײַבן אַ בריוול, זאָל איך זיך ניט דערוועגן שרײַבן מיט אַ מאַשין. זי וועט דאָס מיר אָפּשיקן צוריק. אַזוי זאָגט זי, וועלן מיר זען!

אײַער שלום־עליכם

## 573. צו ד. אײַזמאַן

Nervi, 4.3.[19]09

פֿיל געשעצטער דוד יאַקאָוולעוויטש!

אַ דאַנק פֿאַר דער ידיעה. אײַער פֿאַרשווונדן ווערן איז געווען פֿאַר אונדז אַן אומדערוואַרטעטע זאַך. געלויבט איז גאָט, וואָס איר זײַט געזונט און שטאַרק. כ׳דאַנק אײַך זייער פֿאַר דער גרייטקייט מיר מיטצוהעלפֿן אינעם גרויסן אָקעאַן פֿון דער רוסישער ליטעראַטור. ווי נאָר דער וועטער און דאָס געזונט וועט דערלויבן, וועל איך ניט פֿאַרמײַדן זיך באַנוצן מיט אײַער ליבלעכקייט און זיך אַרײַנכאַפּן אין אײַער מאַנרעפּאָ. כ׳בעט איבערגעבן מײַן גרוס אײַער געשעצטער פֿרוי. אײַער דערציילונג „די באַהעמע״ איז געדרוקט אין ייִדישער איבערזעצונג אין אַ וואַרשעווער צײַטונג.

אײַערער מיט לײַב און לעבן ש.־עליכם

## 574. צו שמעון פֿרוג

נערווי (איטאַליאַ), ווילאַ בריאַנד, 5טן מאַרץ 1909

טײַערער, ליבער חבר ש. פֿרוג!

איך שרײַב אײַך, ווי איר זעט, אויף צוויי אַדרייסים: אויפֿן אַדרעס פֿון „פֿרײַנד״ און „יעוור׳ מיר״. איינער פֿון די צוויי וועט דאָך געוויס אָנקומען צו אײַך.

איך האָב פון „פרײַנד“ דערוווּסט זיך וועגן אײַער ניט־געזונט ווערן און דאַרף אײַך זאָגן, אַז אַרויסגערופן האָט בײַ מיר די ידיעה נישט קיין פּאַרוווּנדערונג, נאָר מיטלייד, און אמתע, ניט געזאָגטע מיטלייד, וואָרעם אַ בלינדן קאָן פאַרשטיין נאָר אַ בלינדער... איך וועל אײַך קיין סך מליצה ניט שרײַבן. נישט איך דאַרף שרײַבן, נישט איר דאַרפט לייענען מליצה... ובפרט נאָך אין אַזאַ צײַט: עס מליצהט זיך ניט!... איך האָף, אַז איר וועט זיך דערמאָנען, ווי אַזוי מיר האָבן זיך געזעגנט אין אַדעס — און איר וועט מיר ניט אָפּזאָגן פון צושרײַבן, אָדער בעטן פּראָפעסן, אַז ער זאָל מיר פון אײַער נאָמען אָנשרײַבן אַ בריוול מכל דבר שורש (ניט אין גראַמען, ווי פּראָפוס האָט ליב) פון אַלעס, וואָס מיט אײַך איז געשען און ווי עס איז אײַך אַצינד, און צי קומט עמעצער צו אײַך, און וווּהין און ווען פאָרט איר. מיט איינעם וואָרט, אַז מע שמועסט אַלעס, אַלעס!

און וואָס איך מאַך — פרעגט בעסער ניט: מע מאַכט... חובות אין איטאַליאַ (אַ טײַער לאַנד, אַלעמען גלייבן זיי אויף נאמנות...) און איצטער רעדן מיר די דאָקטוירים אַ שידוך אויף זומער ערגעץ אין דער שווייץ, אָדער אין טיראָל, אָדער ערגעץ אין אַ מין מקום, וואָס הייסט אַ טשודנעם נאָמען (איך שעם זיך זאָגן) פּאַצאַט, אָדער צאָפּאַט, אָדער טאָפּאַץ... יעדנפאַלס דאַרף מען דערצו האָבן, זאָגט מען, געלט, נו און געלט — — לייענט איר דעם „פרײַנד“? וואָס הערט זיך עפּעס גלאַט נײַס? אין מאַרט־ביכל „אַבראַזאָוואַניע“ איז דאָ זייער אַ וואַרעמע רעצענזיע איבער אײַערע „פּיעסני איגאַראַ“. דאָס שרײַבט אָבער אַ יהודי משלנו הייסט עס... איך מוז ענדיקן, איך בין דאָך אַ חולה.

אײַער שלום־עליכם

## 575. צו יעקב דינעזאָן

נערווי, 8/7 מאַרץ 1909

טײַערסטער און בעסטער פרײַנד י. דינעזאָן

פון דער קאָפּיע זעט איר אַרויס אַז מיר טוען אַלצדינג וואָס איר זאָגט. וואָס וואָלט געווען, למשל, ווען ה„שם“ איז ניטאָ קיין דינעזאָן אין וואַרשע — וועגן דעם וויל איך גאָר ניט טראַכטן. וואָס קומט אַרויס — איר זײַט איינער!... עס וועט, דאַכט מיך, גאָרניט העלפן. און מײַן אַלגאַ וועט מוזן כאַפּן אַ פּאָר קיין וואַרשע. (כאָטש אַפילו דאָס איז אַ האַרב שטיקל תוספות פאַר אונדז) נאָר וואָס זאָל מען טאָן? עס איז נאָך באמת אונדזער איינציק שטיקל אָנהאַנג אין דער צוקונפט...

וואַרשײַנלעך וועט איר שטיין צו פרײַנדשאַפט, מײַן פרוי וועט זײַן אין וואַרשע. איך מיין, אַז אויך פּאָדלישעווסקי, ווי ד״ר לעווין, וועלן אַ ביסל ענערגישער צואַרבעטן אין קעגנוואָרט פון מײַן פרוי. וועגן מעשׂה ש׳... זענען מיר שוין ווידער אַנטוישט און נידערגעשלאָגן. איך האָב פון אים קיין איינציקן מאָל קיין 500 גראָשן באַקומען!!! אויסער בײַם אָפּמאַך האָט מיר ספּעקטאָר אין קיעוו געגעבן אַלס האָנאָראַר עטלעכע הונדערט רובל. פון דאַן האָב איך איבער הויפּט פון ש׳ קיין האַלבן גראָשן באַקומען, קיין רעכענונג געזען, פון קיין צודרוק געהערט — אַלזאָ, איר זעט אַליין גאַנץ גוט,

אַז אָלגאַ מוז אין וואַרשע זײַן אומבאַדינגט, און וואָס פריִער איז געזינטער פאַר אונדז אַלעמען. עס גייט צו פסח, דעריבער בעט איך אײַך באַלד זען זיך מיט ה„פּאָדלישעווסקי״ און ד״ר לעווין און לאָזן זיי באַלד שרײַבן. קיין טענות וועט מען צו זיי ניט האָבן, טאָמער חלילה וועט זי מיט איר נסיעה גאָרניט מאַכן חו״ש.

שרײַבט זשע באַלד.

אײַער ביז צום קבר — שלום־עליכם

## 576. צו פרוי אײַזמאַן

נערווי, 8טן מאַרץ 1909

זייער געערטע פרוי ר. אײַזמאַן!

ווי באַלד איר זײַט יאָ ניט קיין גויע, מעג מען דאָך אײַך שרײַבן אויף ייִדיש, בפרט אַז אין דער שרײַבמאַשין, וואָס די אַמעריקאַנער קאָלעגעס האָבן געשיקט צו מײַן יובילעום, האָט ניט קיין אַנדער שריפט אַחוץ ייִדיש. דאָס בלעטל איז ניטאָ. און איר האָט ניט וואָס צו בענקען. מיר וועלן שוין זײַן בײַ אײַך, ווײַזט אויס, מיט אַ שליטן.

מײַן גרוס ד. יאַק.
שלום־עליכם

## 577. צו פּרץ הירשביין

נערווי (איטאַליאַ), ווילאַ בריאַנד, 11טן מאַרץ 1909

פרײַנד הירשביין!

נעמט נישט פאַר אומגוט, וואָס כ׳האָב אײַך ניט אַזוי גיך געענטפערט, ווי מײַן מינהג איז — פאַרגעסט ניט, איך בין דאָך אַ חולה.

ווי איר זעט, שיק איך אײַך דאָ אַ זאַך: „מענטשן״.

דיזער עטיוד איז דורכגעפירט דורך דער טעאַטער־צענזור דעם 16טן יולי (אַלטן סטיל) 1908 אונטער דעם נומער 6774 אין פעטערבורג. אויפגעפירט איז דאָס נאָר איין מאָל פון אַמאַטאָרן אין ביאַלאַסטאָק צו מײַן יובילעום, און ווי מע שרײַבט מיר, מיט אַן אומגעוויינלעכן דערפאָלג. איר זײַט דאָך יאָ אַ מבין אויף די זאַכן, קוקט דאָס נאָר גוט דורך, וועט איר זען, אויב עס האָט פאַר אײַך עפּעס אַ ווערט. יעדן פאַלס איז דאָס פון מײַן זײַט אַ מין התחלה. איך האָב אײַך שטאַרק אין זינען, דאָס באַדײַט, אַז איך אַרבעט פון אײַערט וועגן, און גאָט זאָל מיר זײַן צו הילף. דער עיקר אַ ביסל מער כּוח. פון אײַך וועל איך פאָדערן ראשית־חכמה — פּינקטלעכקייט! אויף יעדער בריוו די רגע תשובה. אַנדערש איז אוממעגלעך. ווען אין פאַל די „מענטשן״ זענען ניט פאַר אײַך — מיר באַלד זיי צוריקשיקן. אין פאַל, ווען איר מאַכט פון זיי אַ געברויך, וועט איר אַזוי גוט זײַן לאָזן אָפּקאָפּירן און דאָס געדרוקטע מאַנוסקריפּט מיר „זאַקאַזנאַי״

אָפּשיקן. וויפל צײַט איך פאַרבלײַב נאָך ווייס איך ניט. פיל — געוויס ניט. איך גריס אײַך פרײַנדלעך און ווינטש גליק.

שלום־עליכם

## 578. צו יעקב דינעזאָן

נערווי, 12טן מאַרץ 1909

טײַערסטער פרײַנד י. דינעזאָן!

אין איינעם פון אײַערע בריוו, רעדנדיק וועגן קאָמיטעט, האָט איר אַרײַנגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער וועגן ה. פּינקעלשטיין, אַז ער מוז זיך געפינען ווי באַליידיקט פון מיר דורך דעם, וואָס פאַר דער גאַנצער צײַט האָב איך ניט געפונען פאַר מעגלעך צו געבן עטוואָס אויף פאַרן „הײַנט". איך געפין אײַער באַמערקונג פאַר ריכטיק און דעם פאַר־דראָס פון „הײַנט" גאַנץ באַגרינדעט. איך קאָן איבעראַל ניט איבערטראָגן קיין פאַר־איבל פון וועמען ס'ניט איז, ובפרט — אַז יענער האָט רעכט. איך וויל ניט אַרײַן אין די מאָטיוון פונעם „הײַנט", אָבער ער האָט מיר בײַ מײַן יובילעום געדינט ווי אַ גוטער פרײַנד — בין איך אַלזאָ אים מער אַלס דאַנקבאַר. איך האָב צוליב דעם אָנגעשריבן פאַרן „הײַנט" אַ הומאָריסטישע פּסח־דערציילונג און וויל דאָס געבן זיי צום הײַנטיקן פּסח. בערקאָוויטש האָט זיי הײַנט אָוועקגעשריבן אַ מכתּב וועגן פאַרשיידענע באַדי־נונגען, מאַטריצן, סעפּאַראַט־אָפּדרוקן (2000 עקז'.) ווי אין „פרײַנד" אאז"וו.

פון פּאָדלישעווסקין האָב איך געהאַט אַ בריוו, אַז מיט דעם „בעל־התּאומים" הענגט עס נאָך דערווײַל אין דער לופטן. אין קאַסע, שרײַבט ער מיר, איז נאָך פאַראַן אַ קערבלעך 800, וועלכע מע וועט מוזן פאַרטאָן אויף „תּושיה", בעת די "אשת־חיל" וועט הארט מאַכן איר נאַקן. ער שרײַבט אויך, אַז ער האָט זיך נאָך מיט אײַך נישט געזען און דעריבער ווייסט ער נאָך ניט, וואָסערע פּונקטן איך האָב אַרויסצושטעלן קעגן דעם פּאָרפּאָלק. ווי עס שײַנט, איז דאָס נאָך ניט קיין ענטפער אויף מײַנע לעצטע בריוו צו פּאָדלישעווסקין, ווו איך האָב אים געשריבן גאַנץ אויספירלעך וועגן דעם ענין. מכּוח פאַרקויף פון די ביכער שרײַבט ער מיר אויך וועגן לידסקין, נאָר ער ראָט דערבײַ ניט איבערגעבן אים עס לצמיתות, אלא אָן קיינע התחייבות, אויף אַ צײַט נאָר, און ווען איך וועל וועלן — וועל איך עס בײַ אים צוריקנעמען. אויך ספּעקטאָר שרײַבט מיר וועגן לידסקין. ספּעקטאָר אַרבעט מעשׂים, מע זאָל וואָס גיכער איבערגעבן דעם פאַרקויף צו לידסקין און בעטן אײַך, איר זאָלט זײַן מיט אים משגיחים איבער דעם עסק, קאָנטראָלן הייסט עס.

מיר וואַרטן נאָך אַלץ אויף אײַער תּשובה מכּוח מײַן אַלגאָס נסיעה צו אײַך קיין וואַרשע, און ביז וואַנען וואָס וועט, האָט אײַך דערווײַל אַ פריילעכן, אַ כּשרן פּסח, ושׂמחת בחגך —

ווי עס ווינטשט אײַך אײַער איבערגעבענער
שלום־עליכם

## 579. צו פרוי אײַזמאַן

נערווי, וויללאַ בריאַנד, 15טן מאַרץ [19]09

זייער געערטע פרוי אײַזמאַן!
האָפנטלעך האָט איר מײַן בריוול פון ערב פסח דערהאַלטן און געטון אַזוי ווי איך האָב אײַך געשריבן. האָט איר באַקומען פון וואַרשע דעם „חרוסת", וואָס כ'האָב אײַך צוגעזאָגט און אַנדערע מעשׂה־ביכלעך פון פאַרשידענע פאַרלעגערס און רעדאַקציעס? מיט פרײַנדלעכן גרוס צו אײַך און צו דוד יאַקאָוולעוויטש.

שלום־עליכם

מײַן געזונט איז לײַדער ניט אין בעסטן. נאָר בלאָטע; אַבי מע לעבט!

## 580. צו בעל־מחשבות

נערווי, 21סטן מאַרץ 1909

טײַערער פרײַנד, בעל־מחשבות!
אַבי איר לעבט, דאַנק גאָט. איך שרײַב ניט פון מײַן געזונט, ווײַל עס האָט זיך מיר שוין צוגעגעסן. איך שרײַב — אַ סימן, אַז איך לעב. איך לעב — אַ סימן, אַז איך בין געזונט (אַ קנאַפּער סימן אַפילו...). נאָר ווײַל איר זײַט דאָך אויסער אַ פרײַנד אויך אַ דאָקטאָר, לכן געפין איך מיך פאַרפליכטעט אײַך זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז איך בין אַ גרויסער אַפּיקורס אויף פולקום געזונט ווערן. אָט האָב איך ערשט יענע וואָך פּלוצעם, גאָר פון דער העלער הויט, אָנגעהויבן צו בלוטן. אַ גליק, וואָס מײַן פרוי איז יעצט אין וואַרשע (בײַם קאָמיטעט, וועגן די ווערק, וואָס זיי האָבן דאָרט אויסגעקויפט בײַ די פאַרלעגערס און מיר אַ מתנה אונטערגעטראָגן — ניט ווי דער „פרײַנד" שרײַבט, אַז ס'איז אַ נעכטיקער טאָג). עס איז מיר שוין איצט פיל בעסער, איך שרײַב שוין ווידער נײַס אויף ל"ג־בעומר און אויף שבועות, און גלאַט מעשׂיות שרײַב איך. איך גיי מיט דעם גאַנג, ווי מײַן פרײַנד טביה: כּל־זמן שהנשמה בקרבי, דאַרף מען אַרײַנכאַפּן און שרײַבן און שרײַבן; עפּעס גלייבט זיך מיר ניט, אַז איך זאָל דערלעבן אַפילו נאָך אַ האַלבן יובילײ... נאָר מילא — בלאָטע! איר פרעגט זיך נאָך אויף ראָזענפעלדן? — עהע! ער איז שוין ווײַט־ווײַט! (זאָל ער זײַן ווײַט אָפּגעשיידט פון אונדז!). אַזאַ ווילער בחור געווען, אַ פּײַערדיקער, אַ טאַלאַנטפולער פּובליציסט, אַ בײַסנדיקע פעדער, מיט אַ שפּראַך, מיט אַ צונג, מיט אַ לשון, מיט מיט... צום סוף, גיי זײַ אַ נביא, אַז — (וויפל איז ער אַלט? איר מוזט וויסן) — אַז ער וועט נעמען פּלוצעם אין מיטן דערינען און וועט אָוועקפאָרן אַזש אַהין, אוי, רבונו־של־עולם, קיין אַמעריקע!!! יאָ, ער איז אין אַמעריקע איז ער, ראָזענפעלד הייסט עס! מסתמא וועט איר פון אים האָבן אַ בריוו, וואָס איז שייך? איצט — ווידער וועגן זיך. נאָר לאָז שוין זײַן אויפן צווייטן מאָל.

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 581. צו מ. בן־עמי

נערווי, 21סטן מאַרץ 1909

אָחי ורעי אשר אָהבתי, בן־עמי יקירי!

היינטיקס מאָל וועל איך מיט אײַך שמועסן אַ ביסל אויף „טשערנאָוויצער לשון", ווי איר רופט דאָס אָנעט. און אויב ס'איז ניטאָ קיין טעם אין דעם, איז אָבער פאַראַן אַ מיין אין דער זאַך. דהיינו: אַזוי ווי מײַן ווייב וועט זײַן בײַ אײַך די טעג אויף איר צוריקפאָרן אַהיים פון וואַרשע (אַרויסגערופן צוליב קאָמיטעט־זאַכן וועגן דער מתּנה, וואָס זיי האָבן מיר געמאַכט צו מײַן ליטעראַרישן יום־טוב, אויסגעקויפט מיך פּדיון־שבויים, דאָס הייסט אַלע מײַנע ווערק, תּבֿוא עליהם ברכה!), וויל איך, אַז מײַן ווײַב הייסט עס זאָל אויך קאָנען לייענען בײַ אײַך מײַן בריוול. אַגב בעט איך אײַך טאַקע, אַז איר זאָלט איר דאָרט איבערגעבן אַ גרוס פון די קינדער און פון אַלעמען און פון מיר אויך בתוכם; מיר קוקן שוין דאָ גוט אַרויס אויף איר, וואָרעם קיינער קאָן ניט גיין אַזוי אַרום אַ חולה, ווי זי (זי איז אַ ביסל אין אײַך געראָטן). מיר שיקן אײַך, איך און בערקאָוויטש הייסט עס, אַ נומער „הזמן". איר וועט דאָרטן געפינען צוויי אַרטיקלען, איינס מיט אַ מגן־דוד, דאָס צווייטע מיט, להבדיל, אַ צלם. לייענט, וועט איר האָבן הנאה און וועט זײַן אין כּעס; הנאה — פונעם מגן־דוד, אין כּעס פונעם צלם... וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, ברודער? איך האָב געלייענט וועגן ביאַליקס אָוואַציעס אין ארץ־ישׂראל מיט טרערן פון פרייד. איך בין אים באמת מקנא. ניט אויף דעם כּבֿוד; איר ווייסט, אַז אָוואַציעס, ברוך־השם, בין איך עפּעס ניט אַזוי זשעדנע. איך בין מקנא ביאַליקן, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זײַן אין ארץ־ישׂראל, און איך ניט. און גאָט ווייסט, אויב איך וועל דאָרט קאָנען זײַן, ווײַל איך הענג אָפּעט אַצינד ניט אין זיך און ניט אין די אומשטאַנדן, נאָר אין די דאָקטוירים גאָר! איך בין בײַ זיי כּחומר ביד היוצר — ווילן זיי, שיקן זיי מיך אין דער שווייץ, ווילן זיי — איז קיין פּדן־ארם, און גייט טוט זיי! הכּלל גריסט אײַער ווײַב און מײַן ווײַב און אַלע ווײַבער פון כּל־ישׂראל — אָמן.

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 582. צו די אײַזמאַנס

נערווי, 22סטן מאַרץ 1909

ליבנסווערדיקע און פיל געערטע פרוי אײַזמאַן!

אײַער ליבן בריוו דערהאַלטן. דאַנקען גאָט, איצט איז דאָ אַ האָפענונג, אַז מיר זאָלן זיך פאָרט אַ מאָל זען. עס פרייט מיך, וואָס מײַנע מעשׂיות געפעלן אײַך. שאַדע, וואָס זיי זײַנען ניט אויף גויִש געשריבן, אַזוי אַז דוד יאַקאָוולעוויטש זאָל אויך קאָנען זאָגן אַ מיינונג. ס'איז שוין אונדזער מזל אַזוי, אַז ניט נאָר גויים — אַפילו אייגענע ברידער ייִדן קאָנען ניט אַלע לייענען די נאַרישקייטן, וואָס מיר שרײַבן. לאָמיר זײַן צופרידן מיט דעם, וואָס עס געפינט זיך דאָך אַזעלכע, וואָס פאַרשטייען אַ ייִדיש וואָרט. אויף

דער אומשטערבלעכקייט פּרעטענדירן מיר ווינציק: מע זאָגט אונדז, אַז דער זשאַרגאָן מוז אָפּשטאַרבן... די, וואָס זאָגן, פאַרגעסן, אַ פּנים, אַז זיי אַליין מוזן אויך „אָפּשטאַרבן"... נאָך אַ מין אָפּשטאַרבן!...

זאָגט, זײַט מוחל, אײַער דוד יאַקאָוולעוויטשן, ער זאָל זיך ניט מאַכן נאַריש און ניט קוקן אויפן טערמאָמעטער. לאָז ער בעסער קוקן אין טעלער אַרײַן. איר זײַט דאָך, מאַדאַם, אַליין אַ דאָקטער — נו, ווייסט איר דאָך יאָ, אַז אַ טערמאָמעטער איז בלאָטע... אָט האָב איך יענע וואָך גאָר געשפּיגן מיט בלוט אַ גאַנצן טאָג כּסדר. מײַנע לײַט האָבן זיך דאָס אַ ביסל דערשראָקן! (איך ניט. איך האָב גלאַט פּײַנט, אַז מע בלוט...) מע האָט געבראַכט דעם דאָקטער — אַ גאַנצער טאַרעראַם! איצט איז מיר שוין דאַנקען גאָט, מיר רעכענען שוין צו פּאַקן זיך אין וועג אַרײַן, אין דער שווייץ, אָדער טיראָל, אָדער אין אַל די שוואַרצע יאָר, ווו די דאָקטוירים קאָנען צוטראַכטן. זיי זאָלן אַזוי וויסן פון אַ מילכיקן באָרשטש, די דאָקטוירים, ווי זיי ווייסן, ווער ס'האָט זיי געשלייערט!... און צו אײַך, דוד יאַקאָוולעוויטש, האָב איך אַ בקשה (האָט קיין פּאַראיבל ניט, וואָס אויף „זשאַרגאָן" — דאָס איז שולדיק מײַן שרײַבמאַשין). מײַן ביטע איז: איר זאָלט צעברעכן דעם טערמאָמעטער אויף פּיץ־פּיצלעך און זיך אַ נעם טאָן צו דער אכילה, וועט איר בעסער מאַכן. און פאָרט זיך דורך צו אונדז אויף אַ טאָג, געוויינלעך מיט אײַער זוגתי, וועלן מיר אײַך מכבד זײַן מיט אַלע גוטע זאַכן (נאָר ניט מיט ליטעראַטור...).

שלום־עליכם

## 583. צו פרוי אײַזמאַן

נערווי (ווילאַ בריאַנד), 23סטן מאַרץ 1909

זייער געערטע פרוי אײַזמאַן!

אײַער בריוו האָט מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגן: איר שרײַבט יידיש ווי אַ צדקית, זאָגאַר „לשון־קודש"; איך קום אײַך צו הילף וועגן פּסח. מירטשעם (אי"ה) זונטאָג (22 מאַרץ) פאַר נאַכט דאַרף דוד יאַקאָוולעוויטש בודק חמץ זײַן. איר דאַרפט גוט אויסטרעסען די קעשענעס ביידע, חלילה ניט לאָזן אַ ברעקל חמץ אין ערגעץ. מירטשעם (אי"ה) מאָנטיק (23 מאַרץ אויפן פאָנישן חשבון) ד"ה דעם 5טן אַפּריל דאַרף אײַער ד.(וד) יאַק.(אָוולעוויטש) גאַנץ פרי נעמען דאָס לעפל מיטן פלעדערוויש און פאַר־ברענען דעם חמץ. אַרום זייגער עלף זאָלט איר איבערכאַפּן דעם לעצטן חמצדיקן וואַרמעס, וואָס ניט איז, אַבי די נשמה זאָל זיך האַלטן און אַרום דרײַ אַ זייגער וועט איר אים געבן אַ העמד — ער זאָל גיין אין באָד אַרײַן, אַז ער וועט זײַן שטאַרק הונגעריק, וועט איר אים מאַכן אַ צוויי לאַטקעס פון צעריבענע קאַרטאָפלעס, אַרום זעקס דעם זייגער וועט ער גיין אין שול אַרײַן און אַרום אַכט וועט איר זיך זעצן צום סדר „געוועלטיקן". איך וועל אײַך פאַרזאָרגן מיט „חרוסת" (מרור האָט איר מן־הסתּם אַליין גענוג...) איך ווינטש אײַך אַ כּשרן פּסח!

שלום־עליכם

## 584. צו א. ל. לעווינסקי

נערווי, 26סטן מאַרץ 1909

מײַן טײַערער פרײַנד א. ל. לעווינסקי!

איך האָב באַקומען דײַן בריוול (זע, איך שרײַב דיר מיטן סטיל פון דײַן בריוו) און האָב פיל הנאה געהאַט פון דיר און פונעם אַדון דעם צענזאָר. איר זענט ביידע גרויסע טרוסן, וואָס אויף אײַך איז געפאַלן דער פּחד פונעם האַר ט־וו, ביז ס׳איז ניט געבליבן אין אײַך קיין נשמה. ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז „די מומע רייזע" איז פאַרבאָטן? עס הייבט זיך ניט אָן! ווי די מעשה זאָל ניט זײַן — האָב איך באַלד אָוועקגעשיקט דעם כּתב־יד צום „פרײַנד", און דאָרט וועט מסתּמא די זאַך אַריבערגיין גלאַט, וואָרעם די מענטשן פונעם „פרײַנד" גיבן אַ פײַג דער גאַנצער וועלט! איך בין זיכער, אַז דו האָסט שוין באַקומען דעם נײַעם „ל״ג־בעומר", און מסתּמא וועסטו ניט מאַכן קיין לאַנגע שהיות און וועסט אים אָפּדרוקן דווקא אויף ל״ג־בעומר, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן.

און דאָס וואָס איז נוגע צום יום־טוב שבועות — זאָלסטו זיך ניט שרעקן, וואָרעם מיר האָבן אַ גרויסן גאָט, אַ גאָט אַ דערבאַרעמדיקן און אַ לייטזעליקן, און ס׳איז מעגלעך, אַז דו וועסט באַקומען מײַן שבועות דרײַ וואָכן פאַר יום־טוב. און וואָס דו האָסט מיר איבערגעגעבן בסוד וועגן די „זאָגערס" — וואָס קאָן איך טון? דו ווייסט דאָך דאָס פראַנצייזישע ווערטל: „אַ שיינע פרוי קאָן ניט געבן מער וויפל זי האָט"... שרײַב מיר, וואָס זאָגסטו דו און וואָס זאָגן די „זאָגערס" וועגן דער דערציילונג „גזלנים"? שווער צו יוצא זײַן פאַר דער גאַנצער וועלט! און אָט זע, איך האָב באַקומען אַ בריוו פונעם קריטיקער בעל־מחשבות, פול מיט לויבגעזאַנגען צום „פּאַרפּאַלק" מער ווי אויפן „חרוסת" וואָס אין „הײַנט". ער לעקט ממש די פינגער! ער זאָגט, אַז „דאָס פּאַרפּאַלק" דערמאַנט אים מײַן „ראַבטשיק" און „מתושלח" און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן אַ העכערן קינסטלערישן ווערט פון הומאָריסטישע דערציילונגען. געענדיקט. איך וואַרט אויף דײַנע גוטע זאַכן, וואָס דו זאָגסט מיר צו. און דאָס וואָס דו האָסט געהערט וועגן מײַן נסיעה קיין אַדעס — כאַ־כאַ! ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן! צי בין איך פון זינען אַראָפּ, איך זאָל קומען קיין אַדעס אויף זומער? אם־ירצה־השם, אויף חנוכּה, אַז איך וועל זײַן געזונט ווי אַ גוי, וועל איך צו אײַך קומען עסן לאַטקעס מיט גריוון און טרינקען מיט אײַך אַ פלעשל „כּרמל" — אָמן, כּן יהי רצון!

דײַנער, מיט גרויס ליבע,

שלום־עליכם

## 585. צו ד״ר ג. לעווין

נערווי (איט׳) ווילאַ בריאַנד, 27סטן מאַרץ 1909

זייער געערטער פרײַנד און ליבער דאָקטאָר ג. לעווין,

מײַן פרוי האָט מיר געבראַכט זייער אַ ליבלעכן גרוס פון אײַך. אויך האָט זי מיר איבערגעגעבן אייניקע איינצלהייטן וועגן ווי אַזוי איך זאָל מיך נוהג זײַן אין מלכות

דאַטשע, אָדער לאָמיר עס אָנרופן מיטן נאָמען נאָכקור... איך דאַנק אײַך פאַר דעם און פאַר דעם. עס איז אָבער דאָ נאָך אַ זאַך, וואָס קיין דאַנק אַרויסזאָגן בין איך ניט בכּוח. דאָס איז די אַרבעט פונעם זאַגענאַנטן קאָמיטעט בנוגע צום אויסלייזן פון מײַנע ווערק. איך וואָלט וועלן איר זאָלט אויף אַ מינוט זיך פאָרשטעלן אין מײַן לאַגע מיט אַ האַלב יאָר פריִער: איינער אַליין, אין אַ מין באַראַנאָוויטש, קראַנק, עלנט, אַ רויטער הוסט, די פאַמיליע צעזייט און צעשפּרייט, קיינע מיטלען אויף מאָרגן, און ווען איך מאַך צו אַן אויג — זענען מײַנע גאַנץ הילפלאָז, אַלעס איז פאַרקויפט, אַלעס איז נאַריש אָוועקגעגעבן, ווינציקער אַלס פאַר אַ טאָפּ לינדזן, קיין שפּור פון שלום־עליכם, אויסער דאָס שטיקל נאָמען מישטיינס געזאָגט — און דאָס נאָך 25 יאָר נישט גרינגע אַרבעט און נאָך פיל קרבנות און פאַרלוסטן! און איצט? אינעם ליכטיקן איטאַליע, מיט אַלע מעגלעכע באַקוועמלעכקייטן, אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט פון אייגענע און פון פרעמדע, מיט גוטע האָפענונגען אויף מאָרגן, מיט אַזאַ בכּבודן יובילעום (וועלכער ציט זיך נאָך אין די ווײַטע ערטער עד־היום), און איבער הויפּט מיט אַ פרײַע אויסגעלייזטע נשמה! — — — וואָס פאַר אַ טעם וועט האָבן אַז איך וועל וועלן אין ווערטער אַרויסזאָגן מײַן דאַנק צו אײַך און צו די איבעריקע פרײַנד פאַר דעם, וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר??? — — —

איך פאָר אין גיכן קיין האָספּידאַלעטטי אויף אַ קאָנסולטאַציע צו אַ פּראָפעסאָר, און וואַרשײַנלעך אין אַ פאָר וואָכן אַרום — אין דער שווייץ. אפשר וועלן מיר זיך ערגעץ טרעפן?

שלום־עליכם

## 586. צו יעקב דינעזאָן

נערווי, 27סטן מאַרץ 1909

טײַערער, גוטער, ליבער יעקב דינעזאָן!

האָט איר דערקענט דאָס פּאַפּיר? ס'איז אײַערס. פאַראַן, ברוך־השם, אין איטאַליע אויך פּאַפּיר. דינעזאָנס פּאַפּיר איז אָבער ניט דאָס. פאַראַן אויך טיי אין איטאַליע. פאַר געלט קריגט מען אַלץ. דינעזאָנס טיי האָט אָבער גאָר אַן אַנדער טעם. מיר האָבן שוין נעכטן, מיט אַלע קינדער אַרום טיש, געטרונקען. די קליינע טאַמאַראַ איז אויך געווען, זי קען נאָך ניט דעם דיאַדיאַ דינעזאָן. זי וועט אָבער גיך וויסן, אַז ס'איז דאָ ערגעץ אין אַ שטאָט וואַרשע, אויף דער גאַס דזיעלנע, אַ קליינינקער, אַ דאַרינקער, אַ ווײַסלעכער, מיט קליינע, נאָר ריינע הענטלעך, מיט אַ קליין ווײַסלעך בערדעלע — געווען אַ מאָל רויטלעך, — מיט גוטינקע, שטענדיק שמייכלענדיקע, אַפילו בעת ער ווײנט, אייגלעך, שטענדיק ריין, תּמיד טשעפּקע אָנגעטאָן, די קליינינקע שטיוועלעך גלאַנצן, פּאַפּיראָסיקלעך רייכערט ער אייגענע, מיט די קליינע פינגערלעך געדרייט, טיי טרינקט ער אייגענע: אַליין פון זײַן טשײַניקל פאַרקאָכט, און אויף דעם שטענדיק אַלץ איינעם בענקל זיצט ער בײַם טיש, ווו עס ליגן פאַרבאָרגן, מיט אַ זעלטענער אָרדענונג, תּמיד פרעמדע סודות, פרעמדע צרות, פרעמדע ווייטיקן, אין

וועלכע ער האָט אַ שטיק פון זײַן אומגעווייינלעכן גרויסן האַרץ אַוועקגעגעבן — און הייסן הייסט דער דאָזיקער גוטער דיאַדיאַ: דיאַדיאַ דינעזאָן... — פון דעם דאַרפט איר פאַרשטיין, אַז מיר האָבן איצט אַ גאַסט — איר ווייסט שוין, ווער דער גאַסט איז. איך זאָל אײַך, למשל, וועלן אַרויסזאָגן אַ הונדערטחלק פון דעם, וואָס מײַן האַרץ פילט צו אײַך, ווייס איך, אַז דאָס וואָלט זײַן די גרעסטע פראַפאַנאַציע. אויב עס וועט מיר זײַן באַשערט מער מיט עטלעכע יאָר צו לעבן, אַלס איך האָב גערעכנט, וועל איך אָן צווייפל מעגן זאָגן, אַז אין דעם זײַט איר שולדיק, איר און אַלע איבעריקע פרײַנד, וואָס האָבן אַזוי פיל געטאָן, אום אײַערע אידייע וועגן דעם „פדיון־שבויים" דורכצופירן. מײַן דאַנקזאָגונג וועל איך אָפּלייגן אויף דער צײַט אויף דער צײַט פון מײַן זײַן אין וואַרשע אין געזונטן צושטאַנד. דערווײַל וויל איך אײַך נאָר איבערגעבן אַ גרוס מיט אַ ברודערלעכן קוש פון מיר און פון אַלע מײַנע, די, וואָס איר קענט, און די, וואָס איר קענט נאָך ניט.

אײַער שלום־עליכם

## 587. צום זעלבן

נערווי (איטאַליאַ), ווילאַ בריאַנד 3, 15טן מײַ 1909

ליבער, גוטער פרײַנד י. דינעזאָן.

איך שרײַב אײַך אין איין כאַפּעניש, על־רגל־אַחת, ווײַל מיטן אַנדערן פוס שטיי איך שוין אין דער שווייץ, וווּהין איך פאָר מאָרגן בעלות הבוקר אַוועק, לויטן ראַט פון מײַנע דאָקטוירים. איר וועט אָבער אַזוי גוט זײַן שרײַבן מיר דערווײַלע, ביז וואַנען איך וועל האָבן אַ באַשטימטן אַדרעס, אַהער, קיין נערווי, ווו מײַנע קינדער פאַרבלײַבן נאָך אויף צוויי וואָכן, און זיי וועלן מיר שוין איבערעקספּעדירן אײַערע מכתבים אַהין, ווו מע דאַרף. שרײַבן וועט איר שוין מוזן דערווײַלע נאָר זאַקאַזנאָיע.

איך האָב הײַנט באַקומען פון לידסקין די נײַע ביכלעך מײַנע, וואָס ער האָט די לעצטע צײַט אָפּגעדרוקט, ווי אויך די נײַע הילע פון די גרויסע בענד. עס ווונדערט מיך זייער וואָס אויף די נײַע ביכלעך געפין איך „פאַרלאַג פאַמיליענביבליאָטעק" און אויף דער הילע פון דעם באַנד לעז איך „פאַרלאַג פראָגרעס". און איך וויל בײַ אײַך פרעגן אײַער מיינונג, צי עס דאַרף אַזוי זײַן און צי עס איז רעכט אַזוי? מײַן אַלגאַ זאָגט, אַז מע האָט מיט לידסקין אָפּגערעדט, אַז אויף די נײַע ביכלעך זאָל שטיין געשריבן „יובילעאום־אויסגאַבע". און מיר שײַנט אויך, אַז עס וואָלט גלײַכער געוועזן אַז לידסקי, פון זײַן זײַט, זאָל נאָר מוסיף זײַן אַ נופך משלו: „בוכהאַנדלונג פראָגרעס", וואָלט שוין דער פסוק פאַרענטפערט געוואָרן אַרום און אַרום. ווי זאָגט איר?

איך שיק אײַך דאָ אומיסטנע צו די ביידע הילעס, כּדי איר זאָלט אַליין זען, און אַז איר וועט זיך איה"ש טרעפן מיט ה. לידסקין וועט שוין אײַך אַלץ קלאָר ווערן.

און זײַט מיר דערווײַלע געזונט — איך זעג זיך מיט אײַך ביז שווייצאַריע — און שרײַבט. אַלע מײַנע שיקן אײַך גרוסן, און בפרט די קליינע תּמרה קושט דעם פעטער דינעזאָן גאַנץ האַרצלעך.

אײַער שלום־עליכם

## 588. צו דער רעדאַקציע „די נײַע וועלט"

סאַנאַטאָריום סט׳ בלאַזיען (שוואַרצוואַלד), 28סטן יוני 1909

זייער געערטע הערן אַרויסגעבערס פון „די נײַע וועלט", ל. מילשטיין, מ. ספּעקטאָר און י. ח. זאַגאָראָדסקי!

באַקומען אַ ידיעה פון מײַן פֿרײַנד ספּעקטאָר, אַז אײַער געפּלאַנטע נײַע יידישע צײַטונג אין וואַרשע איז שוין אַריבער אין דערווירקלעכקייט און האָט שוין אַפילו אַ נאָמען „די נײַע וועלט" — אײַל איך מיך צו זײַן פון די עשרה ראשונים צו אָפּגעבן אײַך אַ מזל־טוב און שיקן אײַך פון דער ווײַטן מײַנע בעסטע ווונטשן און ברכות פון אַן אמתן גוטן פרײַנד. יהי רצון — עס זאָל זײַן דער ווילן, אַז אײַער „נײַע וועלט" זאָל זײַן אַ פרײַע, אַ ליכטיקע, אַ ריינע וועלט פאַרן יידישן פובליקום, אַ וועלט, וואָס גאָט און לײַט זאָלן איר מקנא זײַן, בכדי עס זאָל מקוים ווערן דער פסוק: „קינאת סופרים תרבה חכמה"... דאָס, אייגנטלעך, ווינטש איך דעם צוקונפטיקן ל ע ז ע ר פון אײַער צײַטונג; אײַך, אַ ר ו י ס ג ע ב ע ר ס, ווינטש איך, אַז דאָס נײַ־געבוירענע קינד אײַערס זאָל זײַן אַ געראָטן קינד, מיט מזל און מיט לאַנגע יאָר, איר זאָלט אין דעם זען פיל נחת און אַל דאָס גוטס, בכדי עס זאָל מקוים ווערן דער צווייטער פסוק: „והחזיקו שבע נשים בגאַזעט אחד"...

און ווײַל איך געפין מיך דאָ אין סאַנאַטאָריום און בין פאַרנומען מיט שרײַבן נײַע מעשיות — מאַך איך מײַן איצטיק שרײַבן צו אײַך בקיצור, מיט דער האָפענונג, אַז איר וועט אַליין פאַרשטיין, אַז וואָס ווינציקער געזאָגט — איז אַלץ מער געמיינט, וועט דערמיט מקוים ווערן אַ דריטער פסוק: „מאַלאָ ריידעלע — מנאָגאָ מיינעלע"...

און נאָך אַ מאָל מזל־טוב אײַך!

שלום־עליכם

## 589. צו י. ח. ראַווניצקי

סאַנאַטאָריום סט׳ בלאַזיען (שוואַרצוואַלד) [אָן אַ דאַטע]

טײַערער חבר רבניצקי!

נאָר וואָס דערהאַלטן אײַער ליבן בריוו מיטן גרוס פון אונדזער ביאַליקן פון אײַער צוריקקומען פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לאָרץ. ברוך בואכם! פאַר ביאַליקן שיק איך אײַך דאָ אַן אויסשניטל פון אַמעריקאַנער צײַטונגען. אײַער כבוד און ביאַליקס טריומף אין ארץ־ישראל האָט מיר פאַרזיסט מײַן קראַנקייט. ליידער, בין איך נאָך איצט אויך אויף צרות. און דאָך שרײַב איך אַ סך, אַ סך! מיט אַ שטיפּטל שרײַבט שלום־עליכם, ליגנדיק אין אַ סאַנאַטאָריום צווישן האַלבע מתים, הוסטנדיק און הערנדיק הוסטן יענעם, וואָס איז נאָך ערגער, וואָרעם אויף מײַן הוסטן בין איך מיר בעל־הבית. אָבער אַז יענער קאָכיקעט מיר בעת איך שרײַב — איז פּע! — אַוודאי זאָלט איר געבן „דאָס מעסערל" אין שטיינבערגס זאַמלבוך — וואָס פאַר אַ שאלה? איבערקוקן נאָך אײַך איז ניט נייטיק. גיט דאָס איבער ביאַליקן — לאָז ער נאָר דורכגיין מיט זײַן ידל, לעבן זאָל ער מיר! איך

קוק אַרויס אויף זײַן מכתבל. אין ספּעקטאַרס צײַטונג בין איך כּל ולך — פּאַר אַזאַ מין האַנאָראַר, וואָס קיין ייִדיש בלאַט האָט נאָך נישט געזען אין חלום, און אַפילו שלום־עליכם בשעתו האָט נאָך אַזוי ניט געצאָלט! אַז יאָ עסן חזיר, זאָל רינען איבערן באָרד... איך קוש אײַך ביידן ברודערלעך.

שלום־עליכם

אין מיטן דערינען נעמט גאָרדין און שטאַרבט אַוועק. פּאַראַן שוטים אויף דער וועלט!
פּ.ס. — גריסט לעווינסקין ג״פ און שיקט מיר דעם זיידנס אַדרעס.

## 590. צו אַ גוטן־פרײַנד

סאַנאַטאָריום סט׳ בלאַזיען, 1טן יולי 1909

ליבסטער פרײַנד!

מיר האָבן אַ גרויסן גאָט, מיט איין האַנט שטראָפט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער. „שטראָף מיך ניט און הייל מיך ניט" — דאָס איז אַן אַלטע טענה און אַ נאַרישע. גאָט שטראָפט, בכדי ער זאָל האָבן וואָס צו היילן. איך בין געשטראָפט געוואָרן, פאַרנדיק פון איטאַליע איבער דער שווייץ (ווי איך האָב אײַך שוין געשריבן). בין איך אָבער געהיילט געוואָרן דאָ אין שוואַרצוואַלדער סאַנאַטאָריום. און אויב נאָך ניט אין גאַנצן געהיילט געוואָרן, איז דאָ פיל האָפענונג אויף ווײַטער. דער זומער איז נאָך גענוג גרויס, און דער וואַלד איז גרין. מע קאָן נאָך ליגן און ליגן. די גאַנצע קונץ פון היילן זיך בײַ די דײַטשן באַשטייט נאָר אין ליגן. פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט ליגן די קראַנקע אויף דער לופט, אין וואַלד, אונטער גאָטס הימל. אויפשטיין שטייט מען נאָר אויף צום עסן און צו שפּאַצירן גיין. ניט יעדער אָבער איז זוכה צו שפּאַצירן גיין. דערויף גיט מען אײַך זייער קורצע שעהען. און אַז איר פירט זיך אויף לײַטיש, דאָס הייסט אַז איר ליגט גוט און עסט גוט, באַקומט איר אַ הוספה אויף שפּאַצירן גיין נאָך עטלעכע מינוט אין טאָג. אַ פּנים, איך בין דאָ פון די ווילדע ייִנגלעך. איך האָב ברוך־השם אַזוי נושא־חן געווען בײַ די דאָקטוירים, אַז איך האָב שוין גאַנצע צוויי שעה אין טאָג אויף שפּאַצירן גיין און סך־הכּל אַכט שעה אויף צו ליגן (אַחוץ די צען שעה, וואָס מע דאַרף שלאָפן). אַצינד וועלן מיר מאַכן אַ רעכענונג: אַז מיר וועלן אַראָפּנעמען די דרײַ שעה, וואָס נעמט צו דאָס עסן, וועט איר זען, וואָס קאָן שוין בלײַבן אויף צו שרײַבן! וואָס זשע טוט גאָט? גיי איך און גנבע אַוועק בײַ די דאָקטוירים (דײַטשן!) פון מײַנע 8 ליגנדיקע שעהען אַ שעה 5 אָדער 6 אויף צו שרײַבן. דהײַנו, ווי אַזוי? איך שרײַב ליגנדיק. ווי אַזוי שרײַבט מען דאָס ליגנדיק? פרעגט ניט. לאָז אײַך גאָט היטן, איך בין אײַך חלילה קיין שונא. נאָר אַז מע וועט אײַך אַנידערלייגן און מע וועט אײַך הייסן ליגן, וועט איר זיך אויסלערנען שרײַבן ליגנדיק. איר וועט זען, אַז ס׳איז גאָר ניט אַזוי שווער. אַדרבה, נאָך בעסער אַזוי. אבי דער הוסט זאָל אײַך נאָר ניט דערקוטשען. פון דעם זעט איר אַרויס, ליבער פרײַנד, אַז עס גייט מיר שוין, דאַנקען גאָט, גוט, הגם עס קאָן זײַן נאָך בעסער... און לאָמיר זאָגן: „גם־זו־לטובה". איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ

ייִד פון גם־זו־לטובה. גיט זשע דאָס איבער אַלע פרײַנד אין איינעם מיט מײַנע בעסטע גרוסן און זײַט מיר געזונט און שרײַבט בריוולעך.

שלום־עליכם

## 591. צו ש. ראַפּאָפּאָרט

2טן יולי 1909

טײַערער אַלעקסאַנדער איזראַילעוויטש!

פון דער קוים באַמערקבאַרער איראָניע פון אײַער לעצטן בריוו שטויס איך זיך אָן, אַז ס'פאַרדריסט אײַך דאָס, וואָס אַנשטאָט מיר שרײַבן אײַך אַנדערע. וואָס זאָל איך טאָן? מיך פאַרדריסט אויך. אָבער הײַנט שרײַב איך אײַך „מיט מײַן אייגענער האַנט", הגם ליגנדיק און מיט „אַ בלאָסן" (ווי איר דריקט זיך אויס) בלײַפּעדער.

כ'פאַרשטיי אײַך גוט און גיי אַרײַן אין אײַער לאַגע פון אַ רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון אַ ייִדישער צײַטונג אין אַ רוסישער הויפּטשטאָט, ווו דער זעצער שפּילט די ראָלע פון אַ „נאַיאַמשטשיק" אין די שיינע צײַטן פון ניקאָלײַ דעם ערשטן... כ'באַפרײַ אײַך גערן פון צו דרוקן מײַן „שיר־השירים", אויך פון „דער מומע רייזע און אירע קינדער". ווײַזט זיך אַרויס, אַז די אָפּגעדרוקטע צו 2 טויזנט עקז' „טביה" און „גאָלדשפּינערס" זײַנען ניט פּאַסיק צום פאַרקויף, ווערליך די מיינונג פון מײַן פאַרלעגער לידסקין, און משמעות, אַז די מאַטריצן טויגן ניט לחלוטין. פון דעסטוועגן בעט איך אײַך מאַכן אַ חשבון פון דעם, וואָס עס קאָסטן די שוין אָפּגעדרוקטע, און בכלל אונטערפירן אַ סך־הכל און צושיקן מיר אַ פולשטענדיקן חשבון. פאַרגעסט ניט דערבײַ מײַן אַלטן חוב (דאַכט זיך, בײַ אַ הונדערט רובל). דערצו האָט מען נאָך אויך באַדאַרפט אַראָפּנעמען פון דעם חוב די פאַרשפּעטיקטע בריוו פון „מנחם־מענדל". אַזוי דאַכט מיר.

וואָס איז שייך דעם אַריבערפאָרן פון „פרײַנד" אין וואַרשע, האָב איך דען ווייניק געשריבן אײַך וועגן דעם נאָך אין דער ערשטער סטאַדיע פון מײַן קרענק, פון איטאַליע? איר האָט מיר אַפילו ניט אָפּגעענטפערט, און איך האָב געמיינט, אַז אפשר האָב איך שוין דעמאָלט אָנגערעדט נאַרישקייטן? איצט האָט איר אַליין, אַ פּנים, אָנערקענט די צוועקמעסיקייט פון אָט דעם געדאַנק. הגם ווי ס'איז צו זען פון אײַער בריוו קווענקלט איר זיך נאָך. איר רעדט וועגן ספּעקטאָרס עפּעס אַ 6טן (פאַר וואָס עפּעס אַ 6טן?) אָרגאַן אין עמבריאָן. ס'איז ניט קיין עמבריאָן, נאָר אַ פאַקט, און ניט קיין פאַקט, נאָר אַן אמתע ג ע ש ע ע נ י ש. ספּעקטאָר אַליין איז אַפילו געקומען צו פאָרן צו מיר ספּעציעל און פאַרגעלייגט אַזאַ האָנאָראַר (כ'גלייב, אַז דאָס וועט בלײַבן צווישן אונדז), אַז — כ'זאָג אײַך ווי אַן אייגענעם ברודער — ס'וועט מיר זײַן אַ שאַנד און אַ זינד פאַר מײַן משפּחה שרײַבן עפּעס וואָס פאַר אַן אַנדער אויסגאַבע. פאַרגעסט ניט, אַז מײַן משפּחה באַשטייט פון 10 מאַן און איך אַליין הייל מיך און מוז זיך נאָך לאַנג היילן, און עס ווילט זיך ניט לעבן אויף קהלשן חשבון. ס'ווילט זיך אַליין פאַרדינען...

כ'קער מיך אום צו דער פראַגע וועגן אַריבערטראָגן די צײַטונג אין וואַרשע. וואָס פאַר אַ מיינונג איר זאָלט ניט זײַן וועגן ספּעקטאָרן, אַלס אַ שרײַבער, אָבער אַז ער איז אַ צײַטונגס־מענטש, דאָס וועט איר אין גיכן זען. ער קאָן וואַרשע ווי זײַנע פינף פינגער.

ער זאָגט, אַז אין ווארשע איז דאָ אַ פּלאַץ ניט פאַר צוויי, נאָר פאַר פינף גוטע צײַטונגען. ווייסט איר — איין מאָל האָב איך אַפילו זיך געקליבן פאַרלייגן אײַך עפּעס אַן אָפּטייי־לונג פון „פרײַנד" אין ווארשע, דאָס הייסט דרוקן דאָרט די צווייטע אויפלאַגע, איבער־געבנדיק דעם ענין ספּעקטאָרן טאַקע, דעם יעניקן ספּעקטאָרן, פון וועלכן ס'לאַכט אַזוי ליבלעך אונדזער גאַנצע שרײַבערישע חבריה. אַפילו אונדזער שטילער דינעזאָן — ער וועט אויך ניט דורכלאָזן די מעגלעכקייט אַן איבעריק מאָל אַ שפּאַס טאָן פונעם פּראָסטאַקישן ספּעקטאָרן. און ניט געשריבן האָב איך אײַך מכּוח דעם דערפאַר, ווײַל ס'האָט זיך מיר ניט געגלוסט זײַן קיין ליטעראַרישער שדכן. איינס אַוועק. צווייטנס, זײַט איר שוין צו פילבאַר געוואָרן צו באַליידיקונגען. אַ פּנים, אַז דאָס לעבן האָט אײַך געבאַלעוועט. איר קאָנט ניט אַריבערטראָגן דאָס מינדסטע. ווען איר ווייסט, ליבער פרײַנד, וואָס פאַר אַ באַליידיקונגען מיט וואָרט און טאַט מיר איז אויסגעקומען אַריבער־טראָגן פון מענטשן, ווי מע האָט מיך באַליידיקט אין די צײַטן שוין פון מײַן אַזוי געראָפּענעם רום! און אַלץ צוליבן אָרעמען שטיקל ברויט! ניט אומזיסט צאָל איך איצט מיט מײַן געזונט, וועלכן כ'האָב ניט פאַרשווענדט גלאַט אַזוי. כ'האָב זיך אָבער פאַר־רעדט. צײַט ענדיקן. זאָל אײַך גאָט העלפן אײַנאָרדענען זיך אַזוי, ווי ס'ווינטשט אײַך
אײַער אמתער פרײַנד

ש.־עליכם

## 592. צו מענדעלע מוכר־ספרים

St. Blasien (Schwarzwald) den. 7/20.7.1909

שלום־עליכם אײַך, זיידע־לעבן!

ווער עס פאַרשטייט כּיבוד־אָב, דער רעכנט זיך ניט מיט אַ זיידן: מיר געשריבן, דיר געשריבן. אַז איך וועל דערלעבן אײַערע יאָרן (עפּעס גלייבט זיך נישט!), וועל איך פון מײַנע אייניקלעך אויך פאָדערן, אַז ס'זאָל זייערס איבערגיין. איך האָב מיך, ווי איר זעט, צעפּרעגט, ווו איר געפינט זיך, און שרײַב אײַך, וואָס איך מאַך. דאַנקען גאָט. פריער, פון איטאַליע אַז איך בין געקומען אין דער שווייץ, האָב איך געמאַכט עפּעס ניט אַזוי גוט. דאָס הייסט טאַקע גאָר־גאָר ניט גוט. כאַ־כאַ, די שווייץ האָט מיר פאַר־שאַדט! ניט אַ געלעכטער? האָט מען מיך אַריבערגעפּעקלט אַהער צו צו, און איך הייב אָן ווערן געזונט. טאַקע מיט אַן אמת. הערט אַ מעשׂה: איך באָד מיך שוין אין קאַלטן, אַזוי ווי איר, טאָג־טעגלעך. די דײַטשן — אָט אַזוי היילן זיי לונגען־קראַנקע. זיי מיינען, ס'איז אַ נײַס. זיי ווייסן ניט (בהמות!), אַז דער זיידע מענדעלע היילט זיך אָט אַזוי שוין אַ יאָר 40. בקיצור, ס'איז רעכט. און אַפּעטיט איז שוין אויך דאָ. און די טעמפּעראַטור איז בלאָטע, און הוסטן — פּע! לאָזן די שונאי־ישׂראל הוסטן, אַז זיי ווילן. און גיין גייט מען דאָ טאַקע פּאַוואָלינקע און צו ביסלעכווײַז, נאָר באַרג־אַרויף שוין אָן אַ שטעקל. די גאַנצע זאַך — זיי זאָגן ניט, וויפל צײַט מע דאַרף דאָ נאָך זײַן און ווען וועל איך שוין קאָנען פאָרן אַ ה י י ם, טאַקע אַהיים מיין איך, לאָז זײַן אַדעס, לאָז זײַן ווארשע, אַבי אויפהערן האָבן צו טאָן מיט אַ לונג און לעבער, מיט אַ מאָגן

און מיט נערוון — טפו, נימאָס געוואָרן! איז אָבער אַ סברא, אַז ניין. ניט אַזוי גיך. אויף ווינטער שיקן זיי מיך נאָך העכער. עפּעס אויף אַ באַרג 2000 קלאַפטער די הייך. צו וואָס איז ד אָ ס? גייט פרעגט זיי. — הכּלל, ווייסט איר שוין אַלעס. איצט לאָמיר הערן פון אײַך? וואָס מאַכט א י ר עפּעס? אונטער דער ווילנע האָט איר אײַך באַזעצט אויפן זומער. ניט שלעכט. איך בין דאָרטן געווען. אַוודאי צו זשענעוועו קומט דאָס ניט, נאָר איידער באַקן זיך אויף די שטיינער אין אַדעס, איז מהיכא־תּיתי. זײַט זשע געגריסט פון מיר און פון מײַן ווײַב און פון מײַנע קינדער. די „נײַע וועלט" פון ספּעקטאָר האָב איך געבעטן, מע זאָל אײַך שיקן קיין אַדעס. איך האָב ניט געוווּסט, אַז איר זײַט אַ ווילנער...

אײַער אײַך זייער ליבנדער אייניקל שלום־עליכם

## 593. צו ד. אײַזמאַן

סט' בלאַזיען, 11. 7. [19]09

אַ דאַנק אײַך, טײַערער דוד יאַקאָוולעוויטש, פאַרן געדענקען מיך. פאַרט שוין ניט אַוועק פונעם נײַעם קוראָרט, איידער איר וועט מיר געבן צו וויסן. איך וויל זײַן מיט אײַך אין שטענדיקער קאָמוניקאַציע. מײַנע נײַע זאַכן, וועלכע איך שרײַב אַ צ י נ ד (זיי זײַנען באַטיטלט מיט אַן אַלגעמיינעם נאָמען „אײַזנבאַן־געשיכטעס — כּתובים פון אַ קאָמיוואָיאַזשאָר"), זײַנען, דאַכט זיך, פּולקום ווערט איבערגעזעצט צו ווערן אויף רוסיש. כאָטש אַן אַוטאָר איז אַ שלעכטער אָפּשאַצער, נאָר מיר דאַכט, אַז אויב אַזאַ נאַרישקייט, ווי „באַשערט אַן אומגליק", האָט געקענט געפעלן ווערן אַזאַ אויסגעצוזוכטן און פאָדערנדיקן לייענער ווי איר, וועלן די „אײַזנבאַן־געשיכטעס" געוויס אײַך געפעלן. אַ דאַנק אײַך פאַר צושיקן די נײַסן, און פאַר אײַערע ווערק אַ דרײַפאַכן דאַנק. ס'וועט זײַן, ערשטנס, וואָס צו לייענען אין סאַנאַטאָריום אויף דער דײַטשישער ערד. און צווייטנס, כ'האָב שוין לאַנג געוואָלט זיך נעענטער צו באַקאַנען זיך מיט אײַער מוזע. איך נעם אײַך אַרום פרײַנדלעך און דריק די האַנט אײַער פרוי.

שלום־עליכם

## 594. צו ש. ראַפּאָפּאָרט

[סט' בלאַזיען] 13(26). 7. [19]09

יאָ, ליבנסווערדיקער אַלעקסאַנדער איזראַילעוויטש, איר זײַט פּולקום גערעכט. איך בין אַ קראַנקער מענטש, און ס'איז ווייטיקדיק אויסצוהערן אַזאַ מין פאָרוואורף פון אַ מענטשן אַ געזונטן. אָבער אַקאָרשט מיט אַ יאָר צוריק בין איך אויך געווען אַ געזונטער מענטש... פון דעסטוועגן אָט זײַט איר אַ געזונטער מענטש, און די בוכהאַלטעריע אײַערע איז אַ שוואַכע. אײַער בוכהאַלטער האָט אויסגעחשבונט די צאָל שורות אַלע אין איין קופּע אָן שום חילוק, און ס'האָט זיך בײַ אים באַקומען 3747 שורות. ער האָט,

אַ פּנים, ניט גענומען אין אַכט, אַז בלויז צוויי זאַכן זײַנען געדרוקט מיט אײַער געוויינ־לעכער שורה („ש. שמעלקעס" און „בריוו פון מנחם־מענדל"). אָבער די אַלע איבעריקע זאַכן זײַנען געזעצט אין אַ שורה, וואָס איז כּמעט אין אָנדערהאַלבן מאָל ברייטער פון דער געוויינלעכער „פרײַנד"־שורה. ווען איר פאַרטראַכט, אַן ערך, זעצן די שורה אין דער גאַנצער ברייט פון „פרײַנד", שוין זשע וואָלט איר דעמאָלט אויך געצאָלט אײַערע מיטאַרבעטערס, אַפילו אַזוינע ביליקע ווי איך, דעם זעלביקן האָנאָראַר? נעמענדיק דאָס אין אַכט, האָב איך געמאַכט אַ גענויעם חשבון, און בײַ מיר קומט אויס (איר קאָנט אַוועקזעצן אַ מענטשן און דורכקאָנטראָלירן) מינימום 4826 שורות. דאָס הייסט אויף 1083 שורות מער. (כ'האָב ניט גערעכנט אין אָנדערהאַלבן מאָל מער, כ'האָב גערעכנט אַ סך ווייניקער, פּונקט ווי דער אמת איז). דאַן באַקומט זיך, אַז מײַן קרעדיט איז ניט 187,15, נאָר 241,30. אַראָפּרעכענענדיק דעם סכום, וואָס איז באַוויזן אין דעבעט, 228,92, וועט זיך באַקומען אַ סאַלדאָ פאַר מיר, אויב לויט אײַער חשבון, 12 ר', 38 קאָפּ', אָבער מיר האָבן נאָך צו רעדן וועגן דער גרייס פון האָנאָראַר גופא. געוויס, איצט איז שוין שפּעט פאָלגן אײַער קלוגע עצה: „מער געשעפטלעכקייט, ווייניקער סענטימענטאַלי־טעטן". ווען איך וואָלט קיין מורא ניט געהאַט זײַן לעכערלעך, וואָלט איך באַדאַרפט בעצם שטעלן אײַך מײַנע באַדינגונגען, שיקן אײַך אַ קאָנטער־חשבון, וועדליק דעם האָנאָראַר, וואָס איך באַקום פון אַנדערע פאַרלעגערס, מחמת ס'איז דאָך אוממעגלעך, אַז מײַן פעליעטאָן, לאָמיר זאָגן „שיר־השירים", וועגן וועלכן איר האָט מיר געשריבן אַזאַ התפּעלותדיקן בריוו, זאָלט איר ערנסט שעצן באַגלײַך מיט אַ פעליעטאָן פון איינעם אַ מחבר, וואָס האָט דעם דאָזיקן פעליעטאָן מיט אַ סך יאָרן צוריק איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט אין רוסיש, און דער אָריגינאַל גופא איז מיט אַ יאָר צוויי צוריק דערשינען אין אַן אַנדער לאַנד (באַמערקט, אַז איך זאָג קיין וואָרט ניט מכּוח דעם אינהאַלט. וועגן דעם זאָלט איר אַליין אורטיילן). און מײַן „שיר־השירים" האָב איך דאָך געשריבן אויסשליסלעך פאַרן „פרײַנד". אין ערגעץ ניט און פאַר קיינעם ניט ניט איבערגעזעצט. אַפילו קיין ניו־יאָרק ניט געשיקט קיין קאָפּיע. „שיר־השירים" — דאָס איזווירקלעך מײַן „שיר־השירים". דעם דאָזיקן ראָמאַן, וואָס דאַרף, ווי איך מיין, קרוינען אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן אין פאַרלויף פון 25 יאָר, שרײַב איך קאַפּיטלענווײַז, מחמת מײַן געזונט דערלויבט מיר ניט אָנשרײַבן מיט אַ מאָל. באַשטימט האָב איך אים פאַרן „פרײַנד", אַזוי אויסגעחשבונט, אַז אויף תּישעה־באָב דאַרף גיין דאָס דריטע קאַפּיטל „מיר פאַסטן", דערנאָך דאָס פערטע קאַפּיטל אויף ראָש־חודש אלול אונטערן נאָמען „אויף קבר־אָבות". דערנאָכדעם דאָס פינפטע קאַפּיטל אויף סוכּות. זעקסטע אויף חנוכּה. זיבעטע אויף פּורים, און דאָס לעצטע, אַלס שלוסאַקאָרד, אויף פּסח. אין דעם דאָזיקן ראָמאַן האָב איך בדעה געהאַט אַרײַנלייגן די גאַנצע קראַפט פון יענעם קליינעם טאַלאַנט, וואָס עס האָט געשענקט מיר מײַן מזל, דעם גאַנצן סכום פון מײַן פּאָעזיע, דעם גאַנצן שווונג פון דער פאַנטאַזיע. און די הויפּט־מאָמענטן פונעם ראָמאַן האָב איך גראָד פאַרבונדן מיט אונדזערע יום־טובים, ווײַל בלויז אין זיי ליגט דער קוואַל פון באַגײַסטערונג פאַר דער ייִדישער נשמה. איז אָט איר, אָפּשאַצנדיק די זאַך לויט איר ווערט אויף אַזוי פיל, אַז איר האָט ניט געקאָנט אַפילו אײַנהאַלטן זיך ניט אויסדריקן אײַער התפּעלות (און איר זײַט דאָך אַ סך מער אַ געשעפטסמענטש, איידער אַ סאַנטימענטאַלער מאַן) — האָט

איר פון דעסטוועגן ניט געשעמט זיך אָוועקצושטעלן שלום-עליכמען פאַר זײַן „שיר-השירים" אַ פינף קאָפּיקענעם האָנאָראַר, וואָס לויט דער ברייט פון די שורות באַקומט זיך עס אַפילו ניט 5, נאָר 3 מיט אַ פערטל קאָפּיקע! זאָגט אַליין, איז דאָס דען ניט קיין באַליידיקונג? ווער איר אפשר זאָגן, אַז די געשעפטן פון דער צײַטונג דערלויבן ניט צאָלן ברייט. זאָל זײַן, אַז ס'איז אַזוי אַפילו. אָבער איך האָב ניט איין מאָל געגעבן אײַך אָנצוהערענישן וועגן דעם חשבון, און ניט וועגן געלט. כ'האָב קיין איין מאָל ניט געפאָדערט קיין געלט. איך בין זיכער, אַז ווען איך בעט בײַ אײַך געלט אין איטאַליע נאָך, וואָלט איר מיר ניט אָפּגעזאָגט. איר וואָלט ניט געקענט אָפּזאָגן. אָבער כ'האָב ניט געפאָדערט, ווײַל כ'האָב געוווּסט אָדער משער געווען, אַז ווען איר וועט האָבן געלט, וועט איר מיר אַליין צושיקן. ווייסט איר וואָס? זאָגט מיר אָפּנהאַרציק: אויב ניט ספּעקטאַר מיט זײַן צײַטונג, וואָלט איר מיך אויך געשאַצט אין דרײַ מיט אַ פערטל קאָפּ'? אויב איר וועט מיר ענטפערן ווי אַן אָרנטלעכער מאַן, ווי ראַפּאָפּאָרט: „יאָ", — דאַן בין איך גרייט פאַרגעסן די באַליידיקונג. אַ מענטשנס אייגן-ליבע, אויב ער איז ניט קיין גרויסער נאַר, קאָן ווערן אָנגערירט נאָר בלויז דאַן, ווען מע באַליידיקט אים בכּיוון, און ניט דאַן, ווען מע שאַצט אים זייער ביליק, אַפילו ווען מע שאַצט אים לחלוטין ניט, ניט האָבנדיק אָבער דערבײַ קיין שום שלעכטן מיין. אַלזאָ, איך וואַרט אויף אײַער ענטפער.

דער, וואָס אַכט אײַך אַלץ און האָט אײַך ליב,

ש.-עליכם

P.S. שוין זשע האָט מען עס לויט אײַער פאַראָרדענונג אויפגעהערט צו דרוקן מײַן אַדרעס? אָדער ס'איז בלויז אַ צופעליקייט? כ'וואָלט אײַך געבעטן איין מאָל אין צוויי וואָכן, אויב ס'איז מעגלעך:

שלום-עליכמס אַדרעס:
Sanatorium S-t Blasien (Schwarzwald)

## 595. צו יעקב דינעזאָן

Sanatorium St. Blasien

איך האָב געלייענט, אַז דער „זיידע", זאָל לעבן, זאָל קומען קיין וואַרשע אויף אייניקע טעג. זאָל דאָס זײַן אמת, גיט אים איבער אַ הייסן גרוס פון מיר און זאָגט אים, אַז נאָכן טומל, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין אַמעריקע, האָט זיך אָנגעהויבן שלאָגן אַן אָדער און די באַנדע „היברו-פּאַבלישינג" לייגט שוין פאַר ת"ק קאַרבן. זיי וויען שוין ווי די קלויסטערהינט אום ווינטער אויפן פראָסט. איך האָב דעם זיידן אַרויסגעשיקט קיין אַדעס אייניקע אַמעריקאַנער אויסשניטלעך. זײַט געגריסט איר אויך. איך שרײַב נאָך אַלץ ליגנדיק. די דאָקטוירים שיקן מיך צוריק קיין איטאַליע. אַ פּנים, זיי האַלטן, אַז איך בין נאָך... דאָסיק.

אײַער שלום-עליכם
[Варшава, 21.8.[19]09]

## 596. צו דער רעדאַקציע די „נײַע וועלט"

לוגאַנאָ, רעגינאַ־האָטעל, 10טן סעפּטעמבער 1909

זייער געערטע פֿרײַנד ספּעקטאָר, זאַגאָראָדסקי, מילשטיין!

פֿון דעם באַריכט פֿון מײַן פּרוי איז צו זען, אַז איר פֿאַרלאַנגט פֿון מיר דורכויס אַ ראָמאַן און אַז מע דאַרף אים טאַקע זייער נייטיק צו די „ביזנעס". על־כּן, הנה זײַט וויסן, אַז איך טו אײַער רצון אין אינטערעס פֿון אײַער בלאַט און אין אונדזערע אַלגעמיינע אינטערעסן פֿון דער געליבטער ליטעראַטור. און באמת, עס איז צײַט זיך אַ נעם טאָן דעזינפיצירן יענעם מין ליטעראַטור, וואָס עס ברענט דאָס פּנים פֿאַר שאַנד, וואָס מיר האָבן דערלעבט צו דעם געוויסן אַמעריקאַנישן געשמאַק און זיך אומגעקערט צום אַלטן שאָמעריזם, וועלכן מיר האָבן נאָך אַזאַ שווערן קאַמף געהאַט אַ מאָל — מיט צוואַנציק יאָר פֿריִער — אַרויסגערייכערט. און אויסער דעם האָב איך אַליין אויך געפֿילט אַ נויטווענדיקייט צו פֿאַרענדיקן מײַן טרילאָגיע מיטן דריטן ראָמאַן, נאָך „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", ווי איך האָב, עס אַ מאָל פֿאַרשפּראָכן (מיר שײַנט, אין דער הקדמה) אין „יאָסעלע סאָלאָוויי", דאָרט האָב איך געהאַט געזאָגט, אַז מײַן דריטער „העלד" וועט זײַן שוין ניט קיין קלעזמער און ניט קיין חזן, נאָר אַ העכערער מין, אַן איידעלערע נשמה — אַן אַרטיסט אָדער אַ קינסטלער. נאַטירלעך, האָבן זיך די אומשטאַנדן אין די צוויי און צוואַנציק יאָר שטאַרק געענדערט. עס זײַנען אויסגעוואַקסן אויך נײַע אידייען. צוגעקומען נײַע געטער. געבוירן געוואָרן נײַע טיפּן. קורץ — איך האָב קיין חרטה ניט, וואָס איך האָב מיט מײַן דריטן ראָמאַן אַ ביסל פֿאַרשפּעטיקט. הלוואַי וואָלט איך איצט געהאַלטן בײַ שרײַבן יענע ערשטע צוויי ראָמאַנען, וואָלטן זיי אַנדערש אויסגעזען. אָפּגעזען דערפֿון, איז מײַן איצטיקער, דריטער הייסט דאָס, ראָמאַן גאַנץ אַנדערש קאָנסטרויִרט אַלס יענע צוויי. איך וויל ניט זאָגן דערמיט, אַז איך גיב זיך אונטער צום געשמאַק פֿון דער גאַס, אום צו מאַכן אים אינטערעסאַנט און שפּאַנענד. ער איז אָבער לויט זײַן אינהאַלט, על־פּי כּרחו, אַ שפּאַנענדע געשיכטע, אַ ראָמאַן פֿול פּאָעזיע, אָבער אויך לעבן, האַנדלונג און, זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך, אַ גאַלעריע פֿון טיפּן און בילדער — גאַנץ הומאָריסטיש, און אַנדערש קאָן איך שוין גאָר ניט שרײַבן, אַפֿילו ווען איך זאָל וועלן ווערן אַ „קלאָגמוטער". אויסער דעם שפּיגלט זיך אָפּ אינעם דאָזיקן ווערק דאָס לעבן פֿון אַ געוויסן קרײַז אין רוסלאַנד, ווי [אויך] אין אַמעריקע. דער לייטער, וועלן מיר זאָגן, פֿונעם בנין שטייט מיט די פֿיס אין „אונדזער" לאַנד און מיטן שפּיץ שפּאַרט ער אָן אין אַמעריקע — און דאָרט קומט פֿאָר זײַן אַנטבינדונג. איך שרײַב אײַך איצט וועגן ענין גאַנץ פּראָוויזאָריש. איך זאָג אײַך נאָך ניט קיין נאָמען און גיב אײַך נאָך ניט קיין פּראָספּעקט פֿונעם אינהאַלט — אָבער איר קאָנט שוין האָבן אַ באַגריף און זאָגאַר לאָזן די ערשטע טויב (אַנאָנסירן) אין אײַער צײַטונג, אָבער אַזוי אַנאָנסירן, ס'זאָל האָבן אַ פּנים. — — — און דער גאָט, וואָס האָט מיר געגעבן געזונט און כּוח ביז אַהער צו שרײַבן ליגנדיק, אָדער האַלב־זיצנדיק, אַנגעשפּאַרט און געמוטשעט, וועט מיך מסתּמא ניט פֿאַרלאָזן אויף ווײַטער אויך, און שרײַבן — דאָס איז דאָך מײַן איינציקע רפֿואה, ווען ניט דאָס שרײַבן, וואָלט איך דאָך איצט שוין אָנגעשפּאַרט — אַהאָ־האָ!... און זײַט וויסן, ליבע פֿרײַנד מײַנע, אַז איך פֿאַרהאָף און

ווי ל זייער, אַז אָט דער ראָמאַן זאָל זײַן אַן עפּאָכע־מאַכנדער אין אונדזער ליטעראַטור, פון איין זײַט, און זאָל ברעכן דעם רעקאָרד און צוציען דאָס גרויסע פּובליקום, פון דער אַנדערער זײַט, און לאָז מקוים ווערן דורך אונדז „ובערת הרע מקרבך" אָן זידלערײַען, פּלוידערײַען, פּאָלעמיקערײַען, נאָר אויפן שענסטן, לײַטישן, פרידלעכסטן וועג, דער עולם זאָל אי לאַכן, אי קוויקן, אי וועלן וויסן, וואָס ווײַטער שטייט — אָמן ואָמן.

אני עבדכם שלום־עליכם

## 597. צו נח זאַבלודאָווסקי

סאַנאַטאָריום סט׳ בלאַזיען, שוואַרצוואַלד, 12טן סעפּטעמבער 1909

גוטער, גוטער פרײַנד, נח זאַבלודאָווסקי!

ברוך מחיה מתים — אַבי, דאַנק גאָט, איר לעבט! מרה־שחורה וואַרפט אָוועק, עצבות פּאַסט ניט פאַר קיין חסיד פון אונדזערע חסידים...

וועגן אַ מיצווה פאַרדינען — מהיכא־תיתי. פאַר וואָס ניט? און נאָט אײַך שוין אײַער פאַרלאַנג: ווי איך פאַרשטיי, פאַרט איר דאָך גלאַט אַזוי, אַ מין לוסטרײַזע, אַ וואַיאַזש איבער דער „טשערטאַ". זייער גוט. איר קאָנט זײַן ניצלעך אי זיך, אי מיר, אי דער ליטעראַטור בכלל. דהײַנו, ווי אַזוי?

היות ווי איר ווייסט, בין איך איצט אַ רײַזנדער, אַ קאָמיוואָיאַזשאָר בכל תפוצות ישראל (זע די „נײַע וועלט"), וואָלט איר אפשר אויפגעטאָן אַזאַ מחשבה: איר זאָלט מיר צושיקן רוי־מאַטעריאַל (сырец) פון האָמעל, פון וויטעבסק, פון ביאַליסטאָק — פון וואַנען איר ווילט, אָבער אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס זאָל מיר קענען דינען צו מײַנע „אײַזנבאַן־געשיכטן". דאָס דאַרפן זײַן טיפּן, באַגעגענישן, מעשׂיות, געשיכטן, אומגליקן, גליקן, פּאַסירונגען, פאַרליבענישן, חתונות, גטן, פּאַטאַלנע חלומות, אַנזעצן, שׂימחות, חלילה לוויות — מיט איינעם וואָרט, אַלץ, וואָס איר זעט און הערט. אָדער וואָס איר האָט געזען און האָט געהערט און וועט הערן אין וועג אָדער אין האָמעל, אָדער ווו איר ווילט. איין זאַך נאָר איז צו באַמערקן: קיין אויסגעטראַכטע זאַכן, נאָר פאַקטן און פאַקטן! דאָס לעבן איז רײַך מיט פאַקטן, פול מיט קוריאָזן, אַ סך אומגליקן, אַ ים טרערן, וועלכע, אַז זיי וועלן דורכגיין דורך מײַן פּריזמע, וועלן זיי שוין במילא ווערן לאַכנדיק, מטעמים כאשר אהבתי... נעמט, למשל, די געשיכטע נומער זעקס — „קבר־אָבות" — אַ שטיק טראַגעדיע, שטאָף פאַר אַ מאָדערנעם ראָמאַן אויף אַ האַלב יאָר — און דאָך ווי קורץ, כּלאחר־ידעוודיק! הכּלל, איר דאַרפט מיך שוין פאַרשטיין. נאַטירלעך, וועל איך אײַער נאָמען ניט אַרויסשטעלן דירעקט, נאָר אין אַזאַ פאָרעם, ווי, למשל, די געשיכטע נומער אַכט „דער נס פון הושענה־רבה" (וועט קומען אויף סוכּות). דאָרט איז בײַ מיר אַ באַגעגעניש מיט אַ הײַסינער סוחר, און אײַערע מעשׂיות וועלן בײַ מיר נאָכן רעפּראָדוצירן גיין אַלס אַ נײַע באַגעגעניש מיט אַ פרײַנד אַן אינקאַסאַטאָר נוח עלקעס, אָדער קלײַבט אײַך אַליין אויס אַ נאָמען, ווי איר ווילט. איר פאַרשטייט? איך, שלום־עליכם, דער קאָמיוואָיאַזשאָר, באַגעגן מיך אין באַן מיט אײַך, דעם אינקאַסאַטאָר, און איר דערציילט מיר מעשׂיות מיט מעשׂיות.

שרײַבן — דאַרפט איר זיך ניט פלײַסן, ס׳זאָל זײַן ריכטיק צום דרוקן, אבי נאָר ריין צום לייענען און אויף איין זײַט געשריבן.

נאָך אַ זאַך: די נעמען פון די שטעט מיט די פּערזאָנען מוזן זײַן ריכטיק אויפגע־געבן. איך וועל זיי שוין אַליין פאַרדרייען, ווו מע דאַרף. — גייט׳ס אַ גאַנג, צי ניין? ענטפערט.

אײַערער ווי געוועזן שלום־עליכם

## 598. צו מ. וואָרקעל

(לוגאַנאָ), 19. 9. 09[19]

ליבער וואָרקעל!

אײַער זייער פרײַנדלעכן בריוו, פאַר וועלכן אַ גרויסן דאַנק אײַך, האָט מען מיר איבערגעשיקט אַהער פון סאַנטבלאַזיען. איך בין איצט אויף דער גרענעץ פון איטאַליע וווהין איך פאָר צום ווינטער, דען איך בין נאָך לײדער ניט פולשטענדיק געזונט. עס מעג מיר צוקומען, וואָס מיר פעלט נאָך צו פולקומענהייט — אָבער די דאָקטוירים פאַרזיכערן מיך, אַז אויב איך וועל פאַרברענגען דעם גאַנצן ווינטער אין איטאַליע, דאַן קום איך צום זומער אַהיים גאָר אין גאַנצן געזונט. — הלוואי פון זייער מויל אין גאָטס אויערן און הלוואי איך זאָל נאָר האָבן די מעגלעכקייט דעם ווינטער אין איטאַליע אויסצוהאַלטן, ווי איך האָב אויסגעהאַלטן פאַריקן ווינטער, ווען מײַנע פילע פרײַנד און מיטברידער האָבן מיך פשוט אָפּגעשריען פונעם טויט...

וואָס איר שרײַבט מיר וועגן האָנאָראַר וועלכן דער „טעאַטער־פאַרבאַנד" פאַרנאַכ־לעסיקט איז דאָס פאַר מיר איבעררעאַשנד נײַ. אויב איר ווילט און קענט שרײַבט מיר אַן אַ רוסישן בריוו, אין וועלכן עס זאָל זײַן אָנגעצייַגט אַ פּאָר פאַקטן, און אפשר מיט אַ פּאָר אַפּישן, וואָלט איך דאָס צוזאַמען אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג. איך האָב אײַנגעצאָלט 15 רובל אַלס מיטגליד און האָב באַקומען פון זיי אַ געהעריקע מיטטיילונג, אַז זיי וועלן שוין זאָרגן פאַר מיר איבער גאַנץ רוסלאַנד אאַז״וו. צום סוף — נאָט אײַך!

מיט די בעסטע ווונטשן צום נײַעם יאָר שלום־עליכם

## 599. צו ד. אײַזמאַן

11. 10. 1909

טײַערער פרײַנד דוד יאַקאָוולעוויטש!

אָט ווו איך בין. שוין דרײַ וואָכן, אַז איך בין דאָ — אויפן וועג קיין נערווי, פאַרשטייט זיך. נאָר דאָ איז אַזוי גוט, אַז מע דאַרף אַפילו ריוויערע ניט. סײַדן עס וועט ווערן ווינטער. דאַן מאַרש קיין נערווי און אפשר קיין דאַוואָס. אויב פּראָפ׳ סאַלי וועט הייסן. ס׳איז מיר געוועזן געננוג שלעכט, דערנאָך בעסער, דערנאָך ערגער, איצט ווידער אַ מאָל בעסער. וואָס וועט זײַן דערנאָך — וועלן מיר זען נאָכדעם, ווי מע זאָגט אין

אַדעס. און איר, דוד יאַקאָוולעוויטש, ווי געפינט איר זיך? איר זײַט נאָך אין איטאַליע אָדער, אפשר, אַוועק אַהיים קיין ר אַ ס י י. אויב אַהיים — וועט איר דאָך זײַן אין פּיטער, איז דאַרף מען אײַער אַדרעס (דעם פּעטערבורגער). פאַר וואָס איז ער נייטיק? ווײַל דאָרט וועט אין גיכן זײַן מײַן פרוי, וועלכע וועט זיך סטאַרען זיך זען מיט אײַך. אַגב, האָט זיך מיר צוגעטראָפן אַן איבערזעצער און דווקא אין אַדעס. דאָרט, ווי מע האַקט אויף „רושעס", זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען. ער זעצט איבער אַלע מײַנע „אײַזנבאַן־געשיכטעס". אָט מיט זיי וואָלט איך געוואָלט דעביוטירן אין אַ רוסישן זשורנאַל. פאַר־רופנדיק זיך אויף אײַער ליבלעכן צוזאָג מיר מיטהעלפן אין דער זאַך, בעט איך אײַך בײַצײַטנס וועגן דעם. כ׳וועל זי אַפילו שיקן גלײַך צו אײַך. כ׳שעם זיך עפּעס קלאַפּן אין די טירן פון אַ רוסישער רעדאַקציע. און סע שרעקט מיך אויך. וואָס וועט זײַן, אַז מע וועט פאַרבראַקירן? אײַך וועט דאָך גרינגער זײַן צו דערקלערן זיי, אַז אויב ס׳איז שוואַך, איז אַ סך די שולד אין דער שפּראַך, אויף וועלכער איך שרײַב. דאָס בעסטע וואָלט געווען, אַז אַלע רוסישע רעדאַקטאָרן און קריטיקערס זאָלן זיך אויסלערנען ייִדיש. דעמאָלט וועלן זיי פאַרשטיין שלום-עליכמען. און אײַער פרוי לייענט? איך שיק אײַך אַ קלייניקע זאַך „קבר־אָבות", און איצט דריק איך אײַער האַנט.

אײַער ש.-ע ל י כ ם

## 600. צו מ. אָסטראָווסקי

23. 10. 09[19]

ליבער מ. אָסטראָווסקי!

באַקומען אײַערע בריוו. אײַער אויפריכטיקייט האָט מיך גערירט.

דערלויבט מיר אײַך אויסוואַרפן נאָר איין זאַך, דאָס אומקלאָרע כּתב און די נאָכ־לעסיקייט פונעם שרײַבן. סטאַרעט זיך שרײַבן פּאַמעלעך, דאַן וועט פון זיך אַליין אַרויס שענער. נאָך מײַן מיינונג נאָך — זײַנען די געדאַנקען פאַרבונדן מיטן כּתב. פאַראַן, לאָזט זיך אויס, אַ פאַרבינדונג צווישן דעם פּראָצעס פון שאַפן און דעם פּראָצעס פון שרײַבן. מע דאַרף שיין שרײַבן, שיין דענקען, שיין שאַפן. יעדער ווערק מײַנס בײַ זײַן גאַנצער אומרײַפקייט איז זאָרגעוודיק איבערגעשריבן און איבערגעאַרבעט דורך מיר ניט ווינציקער ווי 6—7 מאָל. מערער אַ ביסל געדולד, יונגער־מאַן! — הײַנט שרײַב איך אַרויס פאַר אײַך פון וואַרשע אַלץ, וואָס געפינט זיך בײַ מײַן הויפּט־פאַרלעגער (לידסקי). אַז איר וועט איבערלייענען און אויב עפּעס וואָס וועט אײַך באַזונדערס געפעלן, זאָלט איר אומגעזאַמט מיר אָנשרײַבן וועגן אײַער ווונטש איבערצוזעצן, און איך וועל אויך אומגעזאַמט אײַך ענטפערן, צי עס איז כּדאַי איבערזעצן, צי ניין. אויף יעדער אײַער איבערזעצונג וועט איר אַזוי אַרום האָבן אַ באַזונדער דערלויבעניש, אַנדערש גייט עס ניט. וועגן דעם זשע, ווו צו דרוקן, וועלן מיר שמועסן דערנאָכדעם. אײַער ערשטע איבערזעצונג איז מיר צוגעשיקט ניט פון דער רעדאַקציע, נאָר פון פרײַנד. כ׳וועל זײַן זייער צופרידן, אויב כ׳וועל מיט עפּעס וואָס זיך אַרויסווײַזן אַלס ניצלעך.

אַלעס בעסטע ש.-ע ל י כ ם

## 601. צו י. פּינוס

1910 .1 .3

ליבנסוווערדיקער פֿרײַנד פּינוס!

איך בין שטאַרק צופֿרידן, וואָס מיר זײַנען, סוף־כּל־סוף, דורכגעקומען, און איך באַדויער זייער, וואָס מיר האָבן עס פֿריִער ניט געטאָן. מיר וואָלטן שוין געהאַט אַ בוך. נאָר בעסער שפּעטער, זאָגט די גמרא, איידער קיין מאָל. לאָמיר אַריבערגיין גלײַך צום ענין.

בײַ מיר איז פֿאַראַן אַ פֿאָרגעפֿיל, אַז אין אײַער פּערזאָן האָב איך געפֿונען דעם אמתן איבערזעצער, דער עיקר, אויב איר וועט ווירקלעך פֿאָלגן מײַנע אָנווײַזונגען און זיך האַלטן בײַ מײַנע אינסטרוקציעס. אַלזאָ, אינסטרוקציע נומ׳ 1. — פֿאָלגט ניט אונדזערע פֿאַרלעגערס... זיי זײַנען גוים. און דעריבער פֿאַרשטייען זיי אַפֿילו ניט זייערע אייגענע אינטערעסן. זעצט איבער און זײַט מסדר דעם מאַטעריאַל אַזוי, ווי איך זאָג אײַך. איך לייג דאָ צו אַ באַזונדער צעטל פֿאַר אַלע דרײַ בענד. דער טיטל, וואָס איר לייגט פֿאָר, — „Маленькие люди и их понятия" פּאַסט גיכער פֿאַר אַ שילדערישער אַרבעט אויף אַ טעמע, וואָס איז פֿאַרגעבן דורכן ליטעראַטור־ און שפּראַך־לערער אין גימנאַזיע. ווי עס ווײַזט אויס, האָט איר עס אַליין פֿאַרשטאַנען, ווײַל איר האָט זיך באַלד געכאַפּט און צוגעגעבן: „מע קאָן אָן די לעצטע ווערטער". יאָ, ריכטיק. מע קאָן אָן די לעצטע ווערטער. בײַ מיר וואָלט זיך באַקומען אַזוי: „Маленькие люди с маленькими вожделениями". נאָר דאָס איז אויך איבעריק. ס'איז גענוג פּשוט „Маленькие люди". איצט לאָמיר איבערגיין צו די קינדער־דערציילונגען, ווײַל „די קליינע מענטשעלעך" בלײַבן ניט געריִרט ביזן צווייטן באַנד. עס האַנדלט זיך אין דעם, וואָס איך וויל דעביוטירן פֿאַרן רוסישן פּובליקום מיט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זײַן, אויב אַפֿילו ניט זייער באַטײַטנדיקס, איז, יעדן פֿאַלס, אָריגינעלס. אײַך איז באַוווּסט, אַז דאָס לעבן פֿון קינדער איז בכלל אינטערעסאַנטער פֿון יעדן אַנדערן לעבנס־שטייגער, און דאָס לעבן פֿון ייִדישע קינדער — אַוודאי. אײַך איז אויך באַוווּסט, אַז קיינער פֿון מײַנע ברידער־שרײַבערס האָט ניט געווידמעט אַזוי פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט דער דאָזיקער וועלט, דער וועלט פֿון די ייִדישע קינדער, וויפֿל איך. דאָס איז איינס; צווייטנס, דאָס וואָס איר אַליין ווײַזט אָן, אַז איר האָט שוין איבערגעזעצט ניט ווייניק פֿון די דאָזיקע דערציילונגען מײַנע. דריטנס, בעטן מיך די פֿאַרלעגערס, איך זאָל צושיקן פֿאַרן ערשטן באַנד אַ ביסל אַ גרעסערע זאַך — אַ בויגן 8—10. איך האָב בײַ זיך געפֿונען אַן איינציקן עקזעמפּלאַר פֿון אַ נײַעם באַטײַטנדיקן (לויט מײַן מיינונג) ווערק, וואָס אַ טייל פֿון דעם איז ניט לאַנג צוריק אָפּגעדרוקט געוואָרן אין רוסלאַנד, אַ טייל אין אַמעריקע, אַ טייל איז אַפֿילו פֿאַרבליבן אין מאַנוסקריפּט. עס רופֿט זיך „די כּתובֿים פֿון אַ ייִנגל". עס באַשטייט פֿון 20 הומאָריסטישע דערציילונגען־באַשרײַבונגען, מיט וועלכע עס איז ניט מיאוס אַרויס־צוטרעטן פֿאַר אייראָפּע. די „כּתובֿים" שיק איך נאָך הײַנט אַרויס רעקאָמענדירט אין „סאָוור׳ פּראָבלעמי". און איך בעט אײַך היטן זיי, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, אַלס אַן איינציקן עקזעמפּלאַר. ווען איר וועט איבערזעצן אַלע 20 דערציילונגען, זײַט זיך מטריח תּיכּף אָפּשיקן דעם אָריגינאַל רעקאָמענדירט צו מײַן ייִדישן פֿאַרלעגער: י. לידסקי, נאַלעווקע, 36. וואַרשע.

אָט מיט די דאָזיקע „כתובים" וועט איר טאַקע אָנהייבן דעם ערשטן באַנד. נאָך זיי וועלן גיין אַנדערע קינדער־דערציילונגען אין דעם סדר, וואָס איך האָב אָנגעוויזן. איך האַלט פאַר נייטיק צוגעבן, אַז איך באַשטיי פעסט אויף אָט דעם סדר. און איך בעט אײַך געבן צו פאַרשטיין די פאַרלעגערס, אַז אָט דער געדאַנק איז אין זייערע אייגענע אינטע־רעסן. דאָס פאָרוואָרט, וואָס איך שרײַב, און די צוגעזאָגטע אויטאָביאָגראַפיע זײַנען טאַקע פאַרבונדן מיט די דאָזיקע דערציילונגען. ווען איר וועט איבערלייענען „די כתובים פון אַ ייִנגל", וועט איר זיך איבערצײַגן, אַז מע דאַרף אָנהייבן גראָד פון זיי.

באַלד נאָך זיי גייען צוויי קאַפּיטלען פון אַ ראָמאַן מיטן נאָמען „שיר־השירים". דאָס איז אויך פון דער קינדערוועלט. דערנאָך „דרײַ קעפּלעך" אאַז"וו.

בלײַבט נאָר צו באַשטימען, וואָס פאַר אַ נאָמען געבן דעם ערשטן באַנד? בײַ מיר איז דאָ אין רעזערוו צוויי נעמען: 1) "Дети черты", 2) "Дети еврейского квартала". עס איז ניט שיין אָנצורופן "Еврейские дети". בעסער וואָלט שיין געווען "Дети забытого народа". נאָר דאָס איז צו נעבעכדיק. ס'וואָלט גוט געווען "Дети гетто". איז שוין מיר אָבער דאָ דעם וועג פאַרלאָפן מײַן ענגלישער קאָלעגע זאַנגוויל.

צי דאַרף איך אײַך נאָך וואָרענען און בעטן אָנצוקוועטשן באַזונדער אויפן ערשטן באַנד, ווי אויף אונדזער דעביוט? וויַיזט אומבאַדינגט יעדע איבערזעצונג דעם ה' מאַרעק און בעט אים אין מײַן נאָמען, ער זאָל אַרויסווײַזן וואָס מער אויפמערקזאַמקייט צו מײַן ליבלינג (детище). ענדלעך, אויב איר וועט קאָנען באַווײַזן די קאָרעקטורן אַ וועלכן ניט איז אמתן גוי, וועט איר ראַטעווען סײַ מיך און סײַ זיך פון שפּאָט מצד אייניקע קריסטלעך־ייִדישע קריטיקערס... מיט איין וואָרט — טרעט אַרויס אין דער פולער באַוואָפענונג. און זאָל אײַך העלפן דער גאָט פון ישׂראל. אָמן.

איך וואָרט אויף אַן ענטפער. אַל דאָס בעסטע.

ש.־עליכם

## 602. צום זעלבן

נערווי, 8. 1. 1910

אַ שאַד, פרײַנד פּינוס, וואָס איך האָב דאַן ניט געקאָנט ענטפערן אויף אײַער דילעמע, וועלכן פון די דרײַ מעטאָדן אויסצוקלײַבן: פון העברעיִש, פון רוסיש אָדער סלאַוויש, איבער דער פשוטער סיבה, וואָס די צוגעזאָגטע מוסטערן האָט איר אַפילו ניט געטראַכט מיר צושיקן. איצט הער איך פון אײַך, אַז איר זאָלט זיך האָבן אָפּגע־שטעלט אויפן העברעיִשן. איך האָף, אַז איר מיינט עס אין אַ שפּאַס. צי דען טראַכט איר ערנסט אונטערטראָגן דעם ר ו ס י ש ן פובליקום וועלכע ניט איז העברעיִשע אויסדרוקן, זאָל זײַן אַפילו אין לאַטײַנישן שריפט. ניין, א י ר ו ו ע ט ע ס נ י ט ט אָ ן. קיין איין העברעיִש וואָרט טאָר ניט זײַן אין דער רוסישער איבערזעצונג. שוין בעסער פּראָסט אין רוסיש, אויב ניט אין אַלט־רוסיש. נאָר פאַר וואָס האָט איר פאַרבראַקירט "Мне отомщение и аз воздам", "Понеже"..., "Аще"...? ווייזט אויס, איר

האָט שוין פֿאַרגעסן, וואָס איר האָט מיר געשריבן פֿאַר אַ יאָרן? ליבינקער, איך בעט אײַך, שאַנעוועט אײַער מי, וואַרפֿט אַוועק די מיני פּסוקים, דערצו נאָך מיט באַמער־קונגען! זאָל אײַך גאָט אויסהיטן פֿון אַזאַ מין געדאַנק! לאָזט אָפּ. נעמט זיך, ווי נאָר מעגלעך, פֿאַר סלאַוויש, אָבער ניט גאָר אַלטן, נאָר פּשוט, ווי: аще, ежели, понеже. נו, אויב איר אַליין זענט אין דער דאָזיקער שפּראַך שוואַך (איך, אַ שטייגער, בין זייער שוואַך), איז האַלט זיך ווי ניט איז אַן עצה מיט חברים אָדער באַניצט זיך פּשוט מיט אַ ביבלישער איבערזעצונג. נאָר מיר האָבן שוין דאָך וועגן דעם אַזוי פֿיל גערעדט! נאָך אַ מאָל, „העברעיִש" דאַרף מען ניט, בשום־אופן ניט!

אײַער ש.־עליכם

דער פֿאַרלעגער שרײַבט, אַז פּרץ זאָל מעגלעך אַרויסגיין דעם 15 יאַנואַר. ווען זשע וועט איר באַווײַזן מיט טביהן? מיר איז עפּעס ניט גאָר פֿאַרשטענדלעך.

## 603. צום זעלבן

נערווי, 24. 1. (6. 2). 10[19]

טײַערער פּינוס!

פֿון דער בײַגעלייגטער קאָפּיע וועט איר אַלץ פֿאַרשטיין. איך בעט אויך אײַך אומבאַדינגט באַשטיין, מע זאָל אָננעמען מײַן לעצטע רעדאַקציע! דער ראָמאַן „בלאָנדזשנדע שטערן" שרײַבט זיך נאָך. מע קאָן וועגן אים דערווײַל ניט ריידן. איך וועל אײַך אַליין זאָגן ווען. כ'וואָלט אײַך צוגעשיקט דעם ערשטן טייל (ס'איז דאָ דרײַ), נאָר איך וויל אײַך ניט אָפּרײַסן פֿון אײַער לויפֿנדיקער אַרבעט. אַלזאָ, איך חזר איבער: אין דעם ערשטן באַנד „די קינדער פֿון תּחום" גייען אַרײַן די פֿון אײַך אָנגעוויזענע זאַכן.

אין דעם צווייטן באַנד „די קינדער פֿון תּחום" וועלן אַרײַנגיין: „שיר־השירים", „דרײַ קעפּלעך" און אַנדערע קינדער־דערציילונגען. אויב עס וועט זיך באַקומען ווייניק, וועל איך צושיקן נאָך.

ענטפֿערן בעט איך שטענדיק אין דעם טאָג, ווען דער בריוו באַקומט זיך, כאָטש מיט אַ פּאָסטקאַרטל.

אײַער ש.־עליכם

## 604. צום זעלבן

נערווי, 26. 1. (7. 2). 10[19]

ליבנסווערדיקער פּינוס! נעכטן האָב איך אָפּגעשיקט מיט אַ רעקאָמענדירטן בריוו דעם פּאָרטרעט און די פֿאַקסימיליע. הײַנט — דאָס פֿאָרוואָרט, אויך רעקאָמענדירט: אויך אײַך האָב איך נעכטן געשריבן. זײַט זיך מטריח, קוקט דורך אין פֿאַרלאַג דאָס פֿאָר־וואָרט. דאַכט זיך, ס'האָט זיך באַקומען ניט שלעכט. נאָך אַ מאָל דורכגעלייענט אײַער בריוו. גאָט באַהיט, איר זאָלט אָנרופֿן דעם ערשטן באַנד „דער יונגער עמיגראַנט". איר וועט מיר גאָר צעפּטרן דעם גאַנצן פּלאַן. הייבט אָן, ווי איך האָב אײַך נעכטן געשריבן,

רופט אָן אי דעם ערשטן אי דעם צווייטן באַנד מיט איין אַלגעמיינעם נאָמען „די קינדער פון תּהום". ביי אייך וועט זיין מאַטעריאַל אויף צוויי בענד. אויב ס'וועט ניט קלעקן, וועל איך צושיקן. אויב איר וועט קאָנען, קוועטשט אַריין אינעם ערשטן באַנד כאָטש דעם ערשטן טייל פון „שיר־השירים"; מיט דעם וועט זיך ענדיקן דער ערשטער באַנד. איך וועל אייך זאָגן אָפן: איך האָב מורא פאַרן ערשטן באַנד! שוין צו פיל איילט איר זיך, כאָטש ס'איז קענטיק, אַז איר סטאַרעט זיך. היט זיך, דאָס איז אונדזער דעביוט. דערקלערט די פאַרלעגערס, אַז פון דעם ערשטן באַנד הענגט אָפּ דער דערפאָלג פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, וועלכע קאָן זיין אַ גראַנדיעזע. ניט פעברואַר, איז מאַרץ, וואָס איז דער אומגליק? פון דער דערפאָלגרייכער אויסגאַבע פון ערשטן באַנד הענגען אָפּ אונדזערע וויַיטערדיקע באַציונגען מיט זיי. גאָט באַהיט, אויב זיי וועלן מיר אין איילעניש קוילען דאָס בוך. איך בין זיי ניט מקנא. איך ראָט אייך באַווייַזן זיי דעם בריוו. איר שריַיבט מיר גאָרניט, ווער רעדאַגירט אייַערע איבערזעצונגען. אָדער קיינער רעדאַגירט ניט? אוי, ס'וועט אייך ניט געשאָנעוועט ווערן. היט זיך. עס וועט זיין אַ סקאַנדאַל סיי פאַר אייך און סיי פאַר מיר. „מנחם־מענדלס בריוו" וועל איך אייך צושיקן דערנאָך. עס האָט זיך באַקומען אַ גאַנץ בוך. איבערזעצן זיי איז נאָך פרי. עס איז פאַראַן מאַטעריאַל פאַר אייך אויף צוויי יאָר.

אייַער ש.־עליכם

## 605. צום זעלבן

נערווי, 22/9. 2. 10[19]

נאָר וואָס האָבן מיר דערציילט מענטשן, וועלכע האָבן געזען „Утро России", אַז דאָרט זאָל זיין אָפּגעדרוקט אַן אַנאָנס וועגן דער באַלדיקער דערשייַנונג פונעם בוך „דער יונגער עמיגראַנט", אונטער מייַן נאָמען. שוין זשע זייַנען אַלע מייַנע ווערטער און ביטעס געוווען אַרויסגעוואָרפן?! עס פאַרשאַפט מיר זייער און זייער פיל עגמת־נפש, איך וויל ניט זען דאָס בוך אונטער דעם דאָזיקן טיטל.

אייַער ש.־עליכם

פּ.ס. ספּעציעל געקראָגן "Утро России" פאַרן 5טן און איבערגעלייענט די זייער לעכערלעכע שטותערייַ וועגן שלום־עליכמען. אויף פאַרקריפּלען די ווירקלעכקייט זייַנען די צייַטונגען אומעטום גרויסע מייַסטערס.

ש.־עליכם

## 606. צום זעלבן

נערווי, 16. 2(1. 3). 10[19]

טייַערער פּינוס!

איך שרייַב אייך אויפן ברעג פון מיטלענדישן ים, ווו איך אַרבעט בכלל. אַהער

האָט מען מיר אויך איבערגעפירט די פּאָסט און אײַער בריוו, וואָס האָט מיך זייער דערפרייט. ענדלעך האָט זיך געפונען אַ מענטש, וועלכער האָט מיך פאַרשטאַנען. שטעלט אײַך פאָר, מיט דער אידיי פון אַלטסלאַווישע אויסדרוקן טראָג איך זיך שוין אַרום גאָט ווייסט ווי לאַנג. נאָר קיינער פאַרשטייט מיך ניט. ווי גלענצנד עס וועט אַרויסקומען בײַ טביהן: "Как сказано в писании: ׳аще׳..." אאַז״וו.

פאַרשטייט זיך, טביה דרייט איבער אויף שריט און טריט. אויך בײַ אײַך דאַרף ער איבערדרייען. אײַך וועט נאָך אויסקומען זיך באַזאָרגן מיט עטלעכע טעאָלאָגישע ווערק. אין מאָסקווע וועט איר זיי געפינען. אין ערגסטן פאַל, קריגט אַ תּהילים, אָבער פון אַ קירכלעך־סלאַווישער אויסגאַבע מיט רוסישער שריפט. איר פאַרשטייט? גוט, וואָס איר האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם דאָזיקן געדאַנק. הערט קיינעם ניט. אידיאָטן זײַנען יענע, וועלכע גיבן מיט לאַטײַנישן שריפט תּלמודישע אַפאָריזמען. גייט מיט אײַער וועג. גוט וואָלט זײַן, ווען איר זאָלט מיר צושיקן אַ מוסטער פון אײַער טביהן.

— — —

איצט וועגן דער אויסגאַבע. פאַר וואָס זאָלט איר ניט גיין גלײַך? נאָכן ערשטן דעם צווייטן באַנד?

צו וואָס פריִער מיטיקן און נאָך דעם פרישטיקן? וואָס פאַר אַ טשודאַקעס עס זײַנען אונדזערע פאַרלעגערס! דאָס איז איין מאָל אָוועק; צווייטנס, דאָס, וואָס צו די „קליינע מענטשעלעך" רעכנט איר צו „מײַן ערשטן ראָמאַן". פאַר וואָס? דערפאַר, וואָס איר האָט שוין איבערגעזעצט? נאָר דאָס איז דאָך אַן אומזין. עס וועט צו ניץ קומען פאַר אַנדערע בענד. ווי באַלד מיר האָבן באַשלאָסן אַ נאָמען געבן יעדן באַנד, דאַרף מען זיך שוין בײַ דעם האַלטן, ניט אַרויסרופן קיין ספקות בײַ דעם לייענער.

אָט איז, לויט מײַן מיינונג, דער צעטל פון די „קליינע מענטשעלעך":

1) קליינע מענטשעלעך.
2) מיטן עטאַפּ (פּילײַכט).
3) ניטאָ קיין נײַס (Все благополучно) לידסקיס אויסג׳.
4) די יורשים (Наследники). ב. ו. לידסקיס אויסג׳.
5) 101 (Сто один). ב׳ ו, ליד׳ אויסג׳.
6) די ערשטע קאָמונע. ב׳ ו, ליד׳ אויסג׳.
7) דער וויגרישני בילעט. ב׳ וו, ליד׳ אויסג׳.
8) אַלע פאַר אונדז. ב׳ וו, ליד׳ אויסג׳.
9) די גרויסע בהלה פון די קליינע מענטשעלעך, ב׳ ווו, ליד׳ אויסג׳.
10) פישל דער מלמד פאָרט אַהיים. נומ׳ 3, פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע".
11) דער דײַטש׳ נומ׳ 8, „ביכער פאַר אַלע".
12) אַ גרינגער תּענית.

מיט דעם וועט זיך דאַרפן פאַרענדיקן דער דריטער באַנד אונטערן טיטל „קליינע מענטשעלעך" (און אויב ס׳איז זייער אַ סך מאַטעריאַל, דאַן — ב׳ ווו און ב׳ IV).

דערנאָך דאַרף גיין דער ב׳ IV און V (און VI) אונטערן טיטל פּשוט דערציילונגען און מאָנאָלאָגן.

ווי איר זעט, גייט עס ביַי מיר גרויסאַרטיק, איינס נאָך דאָס אַנדערע. נאַטירלעך, עס קאָן גיין צווישן די בענד עטוואָס זיַיטיקס, אַ שטייגער: דער ראָמאַן „בלאָנדזשנדע שטערן", וועלכער וועט פאַרנעמען אַ באַזונדערן באַנד. אין גאַנצן וועט זיך אָנקליַיבן ביז 10 בענד. פאַרשטייט זיך, אויב דער פאַרלאַג וועט מסכּים זיַין אויף אַלע מיַינע באַדינגונגען און מיר וועלן ביידע זיַין באַפרידיקט, ד"ה סיַי איך, סיַי דער פאַרלאַג. איך בעט איַיך אַ רעד טאָן מיט זיי וועגן אַלץ. זאָלן זיי אויף דעם ניט קוקן ווי אויף אַ צופעליק אַרויסגעגעבענעם בוך. און דאַן וועלן זיי, אפשר, זיך צוהערן צו אונדזערע ווערטער. דאָס קאָן אַרויסקומען אַ גאַנץ ערנסטע אונטערנעמונג. עס איז אָפּהענגיק, פאַרשטייט זיך, פונעם ערשטן בוך, ווי פון דעם עצם אינהאַלט, אַזוי אויך פון דער געלונגענער איבערזעצונג. איך גלייב אין איַיערע איבערזעצערישע פעיִקייטן.

איצט שריַיב איך קיין וואַרשע צו מיַינע פאַרלעגערס, מע זאָל איַיך ד ר י נ ג ע נ ד אַרויסשיקן אַ ל ע מיַינע ייִדישע ווערק. באַלד טאַקע וועט איר זיי באַקומען.

איך וואַרט אויף אַן ענטפער.

איַיער ש.־ע ל י כ ם

## 607. צום זעלבן

Nervi, 25.2 (10.3). 1910

טיַיערער פינוס!

שטענדיק קומט מיר אויס איַיך צו שריַיבן, זיַיענדיק אויף דער „ליגעקור". און דעריבער איז דאָס אַזוי ניט ווויל און ניט גלאַטיק. אַנטשולדיקט.

ערשט היַינט האָב איך באַקומען דעם בוך (ב. I „די קינדער פון תּחום") אין איַיער איבערזעצונג. שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה! כ'דאַרף לויבן דעם אייבערשטן, וואָס איך האָב זוכה געווען דערצו. ס'איז דאָך ערשט אַ יאָר מיט אַ סמיטשיק, אַז איך בין געלעגן אויפן טויטן־בעט... אַצינד צו דער איבערזעצונג.

איך מוז זיך בלויז אַליין לויבן. קיין מאָל האָט מיך מיַין חוש־הריח ניט אָפּגענאַרט. איך האָב איַיך געשריבן אין פאַריקן בריוו, אַז מיַין האַרץ זאָגט מיר, אַז א י ר ז ײַ ט מ ײַ ן א י ב ע ר ז ע צ ע ר. כ'האָב זיך ניט טועה געווען. איַיער א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג א י ז א ו י ס ג ע צ ײ כ נ ט, אויסגעצייכנט, וויַיל ב ע ס ע ר א י ב ע ר ז ע צ ן פ ו ן י י ִ ד י ש ק אָ ן מ ע ן ש ו י ן נ י ט. איך בין איַיך פיל דאַנקבאַר, אַז ס'פעלט מיר די מינוט ווערטער. איך נעם איַיך ברידערלעך אַרום און קוש איַיך. ישר־כּוחך! זעצט פאָר איַיער זאַך מיט דעם זעלבן דערפאָלג, און אויב מיַין בוך וועט באַשערט זיַין האָבן אַ דערפאָלג און אויב ער וועט אַ מאָל אַרויסרופן אַ געלעכטער בײַם לייענער, איז די גרעסטע העלפט פון דעם דערפאָלג וועל איך אַרויפטראָגן אויף דעם חשבון פונעם איבערזעצער.

מ'וואָלט באַדאַרפט אָפּמערקן אייניקע אומבאַדיַיטנדיקע טעותן אין דער איבער־זעצונג און צווישן אַנדערע איין קוריאָז, — ו ו אָ ס א י ַ ך ק אָ ן מ ע ן א י ם נ י ט מ ו ח ל ז י ַ ן (זע זיַיט 72 אויבן...). נאָר איך וויל ניט אַריַינגיסן קיין טראָפּן ביטערקייט אין דער זיסקייט פון מיַינע לויבונגען און לייג עס אָפּ אויף אַ צווייטן מאָל. אַצינד בעט

איך איַיך נאָר אויספילן מיַין ביטע מכּוח אָפּזוכן דעם בוך און די בריוו און בלײַב אויף אייביק איַיער איבערגעגעבענער

ש.־עליכם

איך בעט איַיך שיקן מיר עטלעכע עקז'

## 608. צום זעלבן

(נערווי), 12. 3. 1910

טיַיערער פריַינד פּינוס!

6 אַז' אין דער פרי. כ'ליג אין בעט. כ'לייען דעם בוך — איַיער איבערזעצונג — און איַיער בריוו פון 21.II מיט דער פאַרטיילונג פון די מאַטעריאַלן פאַרן II און III באַנד. וועגן וואָס זאָל איך פריִער שריַיבן? אין בוך זיַינען פאַראַן אַזעלכע ערטער, אַז מע מוז פון זיי פריִער רעדן. אָ, ווען איר וואָלט מיר צוגעשיקט די קאָרעקטור. וואָס פאַר אַ בוך עס וואָלט אַרויס! און ווען איך וואָלט כאָטש געוווּסט, אַז אין דער 2טער אויפלאַגע קאָן מען אַריַינטראָגן אויסבעסערונגען? ווען ווערט אַ מאָל נאָך זיַין איַיער ענטפער! אויב זיי דרוקן ניט פון ס ט ע ר ע אָ ט י פּ, קאָן מען, פאַרשטייט זיך, אַריַינ־טראָגן אַלע אויסבעסערונגען. אויב אָבער פון סטערעאָטיפּ, איז פאַרפאַלן אויף אייביק. אָבער מע קאָן דאָך ניט דערלאָזן אַ שטייגער печатка אויף ז' 72 אויבן. אָט אַ קוריאָז! ס'האָט זיך באַקומען אַ נאָנסענס. דער ברודער עלי ברעכט די הענט ביַים טינט:

— ס'זאָל כאָטש זיַין אַ פּעטשאַטעק.

— גאָט וועט העלפן, וועט זיַין אַ פּעטשאַטעק אויך.

דאָ שמועסט זיך וועגן אַ почин — כאַ־כאַ־כאַ! (אַ פּאָטשין — אַ פּעטשאַטעק), און ביַי איַיך קלאָגט ער וועגן אַ שטעמפּעלע, וועגן אַ ברעלאָק...

נאָך: „אויפן פידל". דער פאָטער, אַ דערשלאָגענער, זאָגט ביַי איַיך, אין סוף פון דער דערציילונג, פונקט ווי אַ באַרישניע אַן אינסטיטוטקע: „Мне стыдно, но..."

אין דער ציַיט, וואָס ביַי מיר שטייט: „דער בזיון! דער בזיון". דאָס הייסט: Позор! Позор!.

אָבער נישט „Мне стыдно..." (כ'שעם זיך)... שעם זיך פאַר וואָס? דאָ איז שוין ניט קיין פּשוטע מיספאַרשטייעניש „Почин-печатка, печатъ, брелок" — נאָר אומפאַרציַילעכע פאַרמינערונג און אַן אָפּשוואַכונג פונעם איַינדרוק פון דער דערציילונג — אי דאָס נאָך ביַים סאַמע שלוסאַקאָרד.

דאָ וואָלט איר אַפילו באַדאַרפט פון זיך צוגעבן, וואָרעם דער אויסגעשריי: „דער בזיון! דער בזיון!" קאָן מען נאָך ניט איבערגעבן נאָר מיטן איין וואָרט „Позор!", נאָר מע וואָלט געדאַרפט שטאַרקער נאָך: „Срам! Позор!"

— Но этот срам! Но этот позор! Не снести мне такого позора!

אָט דאַן איז פאַרשטענדלעך דער מוטערס טרייסט. אָבער אַזוי זאָגט די באַרישניע: „כ'שעם זיך עסן מאַראָזשענע פאַר אַלעמען אין די אויגן" — און פאַררויטלט

זיך... ניט וואָר? זײַט זיך מודעה, אַז דאָ האָט איר פּשוט געזינדיקט. אי דאָס נאָך בײַם סאַמע שלוס פונעם בוך! אײַ־אײַ־אײַ! אויף אײַער אָרט וואָלט איך בײַ נאַכט זיך אונטערגעגראָבן אונטערן סקלאַד פונעם [פאַרלאַג] „סאָוור׳ פּראָבלעמי״ און מיט אַ בלײַשטיפט־מעסערל וואָלט איך אָפּגעקראַצט אָט דאָס באַרישענסקע „כ׳שעם זיך״ אין אַלע 10.000 עקז׳ און נאָר דאַן וואָלט איך געקענט רויִק אײַנשלאָפן. —

בכלל — אויף ווײַטער — איז מיטן סוף פון דער דערציילונג און בכלל מיט דער לעצטער לויט דער ריי — דאַרף מען זײַן זייער פּאָרזיכטיק. און דאָרט, ווו בײַ אײַך איז אַ ספק — זיך ווענדן צו מיר. איך בין מער ווי זיכער, אַז איבער דעם "печатка" (ברעלאָק), וואָס איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן, זײַט איר אַליין די ערשטע מינוט געווען אין פאַרלעגנהייט. און דערנאָך האָט איר גענומען און אַ ליאַפּע געטאָן печатка (אַ שטעמפּל), און ס׳האָט זיך באַקומען אַ ברעלאָק, איבער וועלכן עלי ווײַנט און די מאַמע טרייסט אים: — גאָט וועט העלפן, וועט זײַן, הייסט עס, אַ ברעלאָק.

כאַ־כאַ־כאַ — מע קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן.

— — —

ווײַטער. אום גאָטס ווילן — ניט "папа", ניט "мама", נאָר "отец" און "мать". כ׳בין אײַך נאָך ווי ניט איז מוחל די „מאַמע״ אין די „כּתובים פון אַ יינגל אַ יתום״, אי דאָס אויך ניט אומעטום. נאָר אין די איבעריקע דערציילונגען — זאָל אײַך גאָט היטן.

וועגן די דריבנע פעלערן אַז אַנדערש מאָל, ווען איך וועל באַקומען אײַער ענטפער מכּוח דעם סטערעאָטיפּ, וואָרעם וואָס וועט מיר העלפן אַצינד די קאָרעקטור!

מירן איבערגיין צום בריוו. זאָל אײַך דער אייבערשטער, דער גאָט פון ישׂראל, היטן אַוועקצושטעלן די ווערטער: „ראַבטשיק״, אַפּאָטעאָז פונעם „תּחום״. אויב איר ווילט עס אומבאַדינגט טאָן, זאָלט איר פריִער מיר צושיקן סם, וועל איך זיך אָפּסמען. זייער שיין וועל איך זײַן, ווען איך וועל אַרויס פאַרן גאַנצן היפּגעשעצטן פּובליקום און אַ טײַט טאָן מיטן פינגער: „אָט האָט איר עס, לייענט מײַן „ראַבטשיק״ אַלס אַן אַפּאָטעאָז פונעם „תּחום!״ ניין. ניין. איר בעסער הרגעט מיך פריִער אָוועק (נאָר באַוואָרנט מײַן פאַמיליע) און דערנאָך ערשט... געדענקט, אײַך האָט זיך געוואָלט: "Мал. люди и их понятия" איך וואָלט נאָך פאָרגעלייגט: און זייער "Точка зрения".

ניין, חכמעט זיך ניט קליגעטשקערהייט!

## 609. צו דוד פרישמאַן

נערווי, 19טן אַפּריל 1910

ידידי!

פון בערקאָוויטשעס בריוול איז צו זען, אַז איר האָט דאָס בוך — דאָס גויִשע — נאָך ניט באַקומען. שוין העכער אַז אַ מאָנאַט ווי איך האָב עס פאַראָרדנט אײַך צו שיקן פון מאָסקווע. האָב איך זיי הײַנט אָנגעריבן אַ מאָרדע, מײַנע פּאָניס. בפירוש האָב איך זיי געזאָגט, אַז אַ גוי טאָר זיך ניט גלײַכן צו אַ יידן. אַ ייד איז אַ ייד, און אַ גוי איז אַ גוי... תּשובה אויף מײַן בריוו צו אײַך וואַרט איך אַרום חול־המועד (וועלכן? של

פּסח, אָדער של סוכּות?). איך האָב אַ טאָכטער אין וואַרשע — טיסי הייסט זי, אָדער ערנעסטינע. האָט זי אַ טאָכטער (על־פּי דרך הטבע, האָט אַ טאָכטער אַ טאָכטער, און די טאָכטער האָט אויך נאָך דעם אַ טאָכטער — עד סוף כּל הדורות). הייסט איר טאָכטער, ערנעסטינעס טאָכטער הייסט עס, תּמרה. האָב איך ליב די טאָכטער פון ערנעסטינע, וואָס זי הייסט תּמרה, גלײַך ווי דער טאָכטערס מוטער, וואָס זי הייסט ערנעסטינע. בכן, בעט איך אײַך, איר זאָלט זײַן אַזוי גוט אָפּגעבן אַ גרוס פון מיר צו אָט דער טאָכטערס טאָכטער, וואָס זי הייסט תּמרה, און צו דער מוטער פון דער טאָכטערס טאָכטער, וואָס זי הייסט ערנעסטינע. זי, אָט די מוטער פון דער טאָכטערס טאָכטער, וואָס זי הייסט ערנעסטינע, איז פרײַטאָג, דעם פערטן טאָג חול־המועד (פּסח, ניט סוכּות!), דעם 29/16 אַפּריל, אַ אימעניניצע בײַ אונדז. און מחמת איך האָב זייער־זייער נישט פּײַנט ניט די מוטער פון דער טאָכטערס טאָכטער, און ניט דער טאָכטערס טאָכטער, און ניט אַפילו דעם מאַן פון דער מוטער פון דער טאָכטערס טאָכטער און דעם פאָטער פון דער טאָכ־טערס טאָכטער — בקיצור, ס'איז שוין אויסגעגאַנגען פּאָדעם, איר זעט דאָך. גריסט אײַער ווײַב.

ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם

פּ.ס. — גאָלע גאָרנישט. —

## 610. צו מ. גאָרקי

Nervi, 22.4.1910

פיל געשעצטער אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש!

איך שרײַב אײַך לויט דער דיקטירונג פון מײַן פאָטער שלום־עליכם. אײַער קורצער, אָבער אויסדריקלעכער בריוו האָט אים געטראָפן ליגנדיק צו בעט, פּונקט דאַן, ווען ער איז שטאַרק ניט געזונט געוואָרן איבער דער אומגעהײַערער היץ, וואָס איז דאָ געוואָרן. מע האָט געמוזט רופן קאָנסולטאַציעס פון דאָקטוירים, אַראָפּברענגען אַ פּראָפעסאָר וכּדומה שטותערײַען, וואָס זײַנען לויט דעם חולהס מיינונג ווערט אַ שמעק טאַביקע. אײַער מיינונג, וואָס איר האָט ברידערלעך אַרויסגעזאָגט, האָט געווירקט אויף אים, זאָגט ער, בעסער פון כּלערליי חכמים פּראָפעסאָרן און כיטרע צוגעטראַכטע רפואות.

דער פּאָפּאַ בעט אײַך איבערגעבן, אַז לויט די אַמעריקאַנער צײַטונגען, קלײַבט איר זיך אַ סבראַ צום קומענדיק סעזאָן צוזאַמען מיט אײַער פרוי אויף גאַסטראָלן אין אַן אייגענעם טעאַטער, ווו מע וועט שפּילן אויסשליסלעך נאָר אײַערע פּיעסעס אויף ענגליש און אויף רוסיש. דער פּאָפּאַ גיט אײַך דאָס צו וויסן דערפאַר, ווײַל די דאָזיקע צײַטונגען האָבן אים פאַר אַ יאָרן שיער ניט באַגראָבן אונטער די חורבות פון מעסינע, אַזוי אַז אים איז אויסגעקומען צו שרײַבן אַ הכחשה, אַז אַ דאַנק אַ גליקלעכן צופאַל ליגט נערווי אַ מהלך פון מעסינע און דעריבער איז ער על־פּי נס ניצול געוואָרן פון דער ערד־ציטערניש.

עס דריקט אײַך די האַנט שלום־עליכמס טאָכטער, וואָס איז אײַערע, אײַך אומבאַ־וווּסטע פאַרערערין.

ל י אַ ל י אַ  ק ו י פ מ אַ ן

## 611. צו י. פינוס

נערווי, 30. 4. 1910

פיל געאַכטעטער ה׳ פינוס!

נאָר וואָס דערהאַלטן דעם צווייטן באַנד "Дети черты". דער פֿאָטער לייענט אים ליגנדיק. ניט געקוקט אויף זײַן קרענק, איז ער אויפגעשפּרונגען ווי אַ פֿאַרגיפטע־טער. וואָס איז געשען? אויף דער זײַט 118 האָט ער געפונען אין אײַער איבערזעצונג עפּעס ענלעכעס צו דעם "Нет печатки" אין ערשטן באַנד, נעמלעך, אין אָריגינאַל שטייט: „טאָג און נאַכט, זומער און ווינטער — און דאָך אייגענע ברידער". דאָס הייסט День и ночь, зима и лето — все же родные братья. און גיט אַ קוק, וואָס האָט זיך בײַ אײַך באַקומען!

"Дни и ночи, зиму и лето, занятия проводит (?) в разговорах"

טראַכט זיך אַרײַן און שטעלט זיך אַוועק אַ 2 פּאַר דעם אָרט. אַזוי זאָגט דער פֿאָטער און לייענט ווײַטער.

מיט אַכטונג

עמא ראַבינאָוויטש

## 612. צום זעלבן

באַדענווײַלער, 10. 6. 10[19]

טײַערער פינוס!

אומזיסט האָט איר זיך אַזוי צעבייזערט. איר האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען. ווען איך וועל אײַך צושיקן מײַן קאָרעקטור, וועט איר פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס מע שרײַבט מיר פֿון אַלע זײַטן וועגן דער נאַכלעסיקייט פֿונעם איבערזעצער אין צווייטן באַנד. מיר פֿערזענלעך האָבן אָנגעוויזן אויטאָריטעטן, אַז פֿון אייניקע ערטער אין באַנד זעט מען, אַז עס איז ניט געווען קיין שום קאָרעקטור. עס קאָן קיין רייד ניט זײַן וועגן וועלכן ניט איז אומצוטרוי צו אײַך פֿון מײַן זײַט. דערווײַל זעט, אַז די „ס׳ פּראָב׳" זאָל ניט אַרויסלאָזן דעם ערשטן באַנד אין אַ צווייטער אויפלאַגע.

איך וואַרט אויף אײַער ענטפֿער

אײַער ש.־עליכם

## 613. צום זעלבן

באַדענווײַלער, 28/15. 6. 10[19]

הײַנט האָב איך אײַך אַרויסגעשיקט אין אַ פֿאַרמאַכטן בריוו (ניט רעקאָמענדירטן) די פֿאָרזעצונג פֿון די „כּתובים". אין צוויי טעג אַרום — דעם סוף.

דאָ, ביי דער זייט האָט איר אַ מוסטער פון מ. גאָרקיס סטיל („דאָס שטעטל אָקוראָוו"). ערגעץ ביי אייך איז דאָ כמעט אַזאַ מין אָרט. איר געדענקט ניט?

ניט קיין פשוטן בריוו און ניט קיין רעקאָמענדירטן האָב איך ניט געשיקט דאָ וואָסטרעבאָוואַניאַ. נאָר געוויינלעך. דערוויסט זיך און גיט אָן אַ מער פּינקטלעכן אַדרעס.

אייער ש.־עליכם

[ביי דער זייט איז צוגעקלעפּט אַ שטיקל צייטונג־פּאַפּיר מיט אַ פראַגמענט פון גאָרקיס „דאָס שטעטל אָקוראָוו"]

"били детей. Им давали таски, потасовки, трепки, выволочки, подзатыльники, плюхи и шлепки, секли березовыми прутьями, пороли ремнями. Ругань ".

## 614. צום זעלבן

לוגאַנאָ, 20/7. 10. [19]10

סאַראַ מאָדנער מענטש איר זייט, פון דעסטוועגן, טייערער פּינוס! טויזנט מאָל אַנטשולדיקט איר זיך, ווי פאַר אַריינגיין אָן אַ פראַק אין אַ קייסערלעכן פּאַלאַץ. פאַרקערט, איך בין אייך טויזנט מאָל דאַנקבאַר פאַר יעדער קריטיק, פאַר יעדער באַמערקונג, און וואָלט, פאַרקערט, געוועזן אייער שׂונא, אויב, וויסנדיק די שוואַכקייט פון אַ ווערלכן ניט איז ווערק, וואָלט איר זי פאַרבאַהאַלטן אין זיך. קיין מאָל זאָלט איר מיך ניט שאַנעווען, אויב איר וועט באַמערקן עפּעס. איך קאָן אָן אַנדערש מאָל אַריינבראָקן אַזאַ מין נאַרישקייט און פּלוידעריי אַז דערנאָך איז מיר אַליין אַ חרפּה. אַ שוואַכע זאַך — אַרויסוואַרפן אָן קיינע צערעמאָניעס. אַט, אויך איצט טאַקע סטאַרעט זיך אַרויסלאָזן דעם פערטן באַנד אָן „75,000" און „גימנאַזיע". באַזונדערס אָן „75,000". זייט זיך מישב. באַהאַנדלט מיטן פאַרלעגער. איך האָב אייך אַרויסגעשיקט אַ קליינע דערציילונג, „דער צענטער" רופט זי זיך. וועט ניט געפעלן ווערן, איז אונטערן טיש! ד"ה ניין, ניט אין גאַנצן אונטערן טיש, נאָר צוריק קיין וואַרשע לויטן אַדרעס פון בערקאָוויטש, דינעזאָן, גאַס דעלנאַיאַ, 15. און אומבאַדינגט רעקאָמענדירט.

פאַר אָנוויַזן די שוואַכקייטן קוש איך אייך.

ש.־עליכם

## 615. צו דוד פרישמאַן

נערווי, ווילע ראָזענגאַרט, 22סטן נאָוועמבער 1910

מיין טייערער פרישמאַן!

ביים ברעג פון העל־גרויען מיטלענדישן ים, אונטער אַ בלויען הימל, מיט רויטע טינט שרייב איך אייך תּשובה אויף אייער ליבן בריוו, וואָס האָט מיך דערקוויקט. דאַנק גאָט — איר לעבט. אַ סימן — איר קאָנט נאָך שרייבן אַ בריוול.

איר פֿאָדערט פון מיר: „אל תזכור לי בריוולעך ראשונים" — ס'איז געמאַכט. קיין פּיפּס וועט איר פון מיר ניט הערן מער. ווי איר זעט מיך אַ ייִד.

לעווינסקיס טויט? — אַך, רעדט גאָרניט. אַ ווונד, אַ ווונד, וואָס ניט אַזוי גיך קאָן זיך עס פֿאַרהיילן. ער האָט זיך געקליבן צו מיר — ווי איר, אײַך צו לענגערע יאָר (אײַך אויף להכעיס), קיין באַדענווײַלער, און אַוועקגעפֿאָרן איז ער גאָר — ווייס איך וווהין, קיין האָצעפּלאָץ, קיין גושן, צו דער פּמליא של־מעלה — דאָרט ווו מיר, איך און איר, וועלן זיך אַ מאָל צונויפטרעפֿן. אוי, וועלן מיר דעמאָלט לאַכן ביידע, זיך האַלטן בײַ די זײַטן, קוקנדיק אַראָפּ פון דאָרטן אַהער, אין דעם דאָזיקן נאַרישן וועלטל פון שוטים, נאַראָנים, טיפּשים, קבצנים, עם־הארצים, פּוסטע עגאָיִסטן, ליגנערס, פּײַפֿערס, קנאַקערס, מישטיינס געזאָגט רעדאַקטוירים, קלוימערשטע קייסרים, פֿאַרריסענע דאָמעס — כאַ־כאַ! עס לאַכט זיך שוין בײַ צײַטנס, ווי איר זעט מיך אַ ייִד!...

גוט, וואָס איר האָט מיר דערמאָנט וועגן טויט. איך אַליין קלער אויך אַ מאָל וועגן דעם, אַ מאָל, בײַ נאַכט, ווען ס'שלאָפֿט זיך ניט. און אַ מאָל בײַ טאָג אויך. וואָרעם אַז מע באַטראַכט די דאָזיקע וועלט מיט אירע לעכערלעכע מענטשלעך, מוז מען זיך דער־מאָנען אינעם טויט. אַ מין אַסאָציאַציע, אַ פּנים, פון אידייען. און ווער שמועסט, פון זינט אונדזער „רב קרוב" האָט אָפּגעטאָן אָט די שיינע מעשׂה, האָב איך אָנגעהויבן אָפּטער צו טראַכטן וועגן יענער וועלט, די טעג האָב איך... נאָר לאָמיר בעסער ריידן פון עפּעס פריילעכערס — — —

גריסט אײַער ווײַב. זאָגט איר, זי זאָל אײַך ניט שטערן צו שרײַבן מיר אַ בריוול. וואָרעם איך הייס —

שלום־עליכם

## 616. צו ד"ר פּערפּער

נערווי, 1טן דעצעמבער 1910

פיל געערטער רעדאַקטאָר פונעם „וועגעטאַר. אָבאָזר." פרײַנד פּערפּער!

אײַער בריוו, אַז איר גייט אַרויסגעבן אַ זאַמלונג פון מיינונגען און דערינערונגען וועגן טאָלסטאָי, האָט מיך, ליידער, געטראָפֿן אין בעט, נאָר שרעקט אײַך ניט. מיינט ניט, אַז איך בין חלילה אַזוי ווײַט קראַנק, אַז איך האַלט בײַ געזעגענען זיך מיט דער וועלט. אמת, אין דער לעצטער צײַט דענק איך וועגן „יום־המוות" אַ סך אָפּטער, ווי ביז אַהער, כאָטש איך האָב נאָך ביז טאָלסטאָיס עלטער צו שלעפּן אַ יאָר דרײַ און דרײַסיק. נאָר פון ד ע נ ק ע ן וועגן טויט ביזן ג ר י י ט ן זיך צו אים איז נאָך גענוג ווײַט. האָט קיין יסורים ניט. ניט איין אומשולדיק עוף וועט נאָך אונדז זײַן די כּפּרה. ניט איין אָקס וועט אָפּגעבן גאָט די נשמה צוליב אַ ביפשטעקסל, וואָס דער דאָקטער הייסט אונדז עסן דווקא האַלב געבראָטן און דווקא מיטן בלוט. ניט איין צענדליק און ניט איין מאה לעבעדיקע פריילעכע פישעלעך וועלן צאַפּלענדיק אויסגיין פֿאַר אונדזערע אויגן, בכדי צו פֿאַרוואַנדלען זיך אין געזאַלצענע הערינג, וועלכע מיר האָבן אַזוי ליב, ניט מחמת גרויס ליבשאַפט צו די דאָזיקע ריינע, כּשרע, ערלעכע באַשעפענישלעך, נאָר

מחמת דעם, וואָס זיי רייצן אויף אונדזער אַפּעטיט צום עסן. איידער מיר טרעטן צו צו אָן אויסגעשניטענער אָקסנריפּ אָדער קאַלבנברוסט, איז נייטיק אײַנצושלינגען פריִער אַ פּאָר פישלעך. אַזוי לערנט אונדז די תורה פון מעדיצין, און די מענטשלעכע עטיק איז מיט דער לערע גאַנץ גוט אײַנפאַרשטאַנדען... האָט קיין פּאַראיבל ניט, וואָס איך בין אַוועק אָן אַ זײַט. עס האָט — איר ווייסט עס גאַנץ גוט — אַ נאָענטע שײַכות מיט טאָלסטאָיען. און אַ ביסל מיט אײַך און מיט אײַערע אידייען און מיט אײַער זשורנאַל. איר מיינט דאָך אָבער ניט דאָס. איר ווילט דאָך, איך זאָל אײַך שרײַבן עפּעס וועגן טאָלסטאָיען. אָך, מײַן גאָט! איך זאָל שרײַבן וועגן אַזאַ עוג־מלך־הבשן פון דער ליטעראַטור? איך זאָל שרײַבן וועגן אַזאַ שמשון הגיבור פון דער מענטשהייט? עס פליט אַ קליין פליגעלע (מ אָ ט י ל י אָ ק) און רײַסט זיך צו דער שײַן פון דער זון. שטעלט איר עס אָפּ: „זאָג מיר, פליגעלע, וואָס דענקסטו וועגן דער זון?"... טאָמער איז דער משל ניט אַזוי גלײַך, איז דער נימשל אָבער גלײַך. איך האָב מיך כל ימי געריסן צו דער דאָזיקער שײַנענדי־קער, לײַכטנדיקער און וואַרעמענדיקער זון, וואָס האָט געהייסן „טאָלסטאָי". איך האָב זיך אַ מאָל געהאַט דאָס וואָרט געגעבן: איך וועל ניט שטאַרבן, ביז איך וועל ניט זײַן אין יאַסנעפּאָליאַנע און זען טאָלסטאָיען. מײַן ווילן זען טאָלסטאָיען איז ניט געווען בלויז אַ פּוסטע נײַגעריקייט און ציקאַוועסט אָנקוקן דעם נביא פון אונדזער צײַט. מיך האָט געצויגן צו אים אַן אַנדער זאַך. איך האָב מיר ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דער גרעס־טער מענטש פון אונדזער יאָרהונדערט זאָל קאָנען צוזען די גרעסטע אומרעכט, די שרעק־לעכסטע אַכזריות, וואָס ווערן באַגאַנגען אין זײַן לאַנד מיט עטלעכע מיליאָן אומגליקלעכס־טע באַשעפענישן פון מײַנע אומגליקלעכע ברידער — און ער זאָל ניט אַרויסטרעטן מיט זײַן מעכטיק וואָרט, וואָס זאָל אָפּקלינגען מיסוד העולם ועד סופו. מעגלעך, אַז איך בין ניט אומפּאַרטייִיש צו די, וועלכע זײַנען מיר אין בלוט מער נאָענט ווי אַנדערע. מעגלעך, אַז אַחוץ מײַנע גלויבנס־גענאָסן זײַנען נאָך אין דעם דאָזיקן לאַנד פאַראַן ניט ווייניק מיליאָנען מענטשן, וואָס „לעקן ניט קיין האָניק". ס'איז אָבער אַ גרויסער חילוק. אומגליק צו אומגליק איז ניט גלײַך. אַלע פעלקער האָבן, ווער ס'זאָל פאַר זיי אײַנשטעלן, מײַן פאָלק האָט קיינעם ניט, אין ערגעץ ניט. אַדרבה, די „גדולים" פון דער וועלט־ליטעראַטור האָבן ניט געזשאַלעוועט צו באַשאַפן און פאַראייביקן פון אונדז וועלט־באַרימטע קאַרי־קאַטורן, וואָס ווערן אָנגענומען בײַ אונדזערע שונאים פאַר טיפּן. אפילו אַזאַ טיפּ פון העכסטן הומאַניזם, ווי למשל שיילאָק פון שעקספּיר, ווילן אויך אונדזערע פאַרבלענדטע שונאים אויסניצן צו זייערע אַנטיסעמיטישע צוועקן און באַהויפּטן, אַז אַלע ייִדן זײַנען בלוטדאָרשטיקע שיילאָקס, וואָס האָבן אַ סך געלט און שיינע טעכטער. עך, נאַראָנים! זיי ווייסן ניט, אַז דאָס רוב ייִדן האָבן ווייניק געלט און מיאוסע טעכטער... און ניט נאָר וועלן אונדזערע שיילאָקס ניט הייסן אויסשנײַדן יענעם אַ שטיק פלייש און אָפּצאַפּן פאַר זייער געלט אַ ביסל בלוט, נאָר זיי וועלן אײַך מוחל זײַן אין גאַנצן אײַער שולד, אײַך שענקען אַלע אײַערע וועקסלען, אַבי איר זאָלט אײַך ניט אײַנשנײַדן פאַר זייערע אויגן אַ פינגער... דאָס איז שעקספּיר. און וואָס איז מיט די מאָדערנע וועלט־שריפטשטע־לערס? דיקענס, דער גרויסער הומאָריסט טשאַרלז דיקענס, צו וועלכן די רוסישע קריטיק האָט מיך פאַלש פאַרגלײַכט, אַז ס'איז געקומען צו באַשרײַבן אַ רעכטן גנב, וואָס גרינדעט אַ שולע פאַר גנבים, האָט ער קיין אַנדערן ניט געקאָנט געפינען אין זײַן פאָטערלאַנד,

נאָר אַ ייִדן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, מע דאַרף צו זײַן אַ גרויסער שוטה, מע זאָל באַשול־דיקן אַזאַ גוטע זעל, ווי דיקענס, אין אַנטיסעמיטיזם. אָדער, אַ שטייגער, נעמט אַזאַ אומשולדיקע נשמה, ווי הערבערט אועלס, וואָס האָט צו טאָן מיט יענער וועלט, מיטן מאַרס, מיט דער לבנה, מיט די איבעריקע שטערן און גלגלים, איז אויך ניט פויל אויף דער פען, און פאַקט אַ ייִדן, וואָס קלײַבט דאָס געלט מיטן צירונג, וואָס די מענטשהייט האָט פאַרלאָזן, בשעת די מאַרסיאַנער זײַנען אַראָפּ צו אונדז און האַלטן בײַ חרוב מאַכן אונדזער זינדיקע וועלט... פון אונדזערע רוסישע זשעניען, ווי גאָגאָל, טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי און אַנדערע, רייד איך ניט. די האָבן געקענט אַזוי אַ ייִדן, איך האָב מורא צו זאָגן, ווי איך קען אַ מאַרסיאַנער. נאָר אַפילו אַזאַ ליבער מענטש, ווי טשעכאָוו, וואָס האָט, ווי עס ווײַזט אויס, יאָ געזען אַ מאָל אַ ייִדן, מאַכט אַ מאָל אין דיזער באַציִונג אַזעלכע פעלערן, לאָז ער מיר מוחל זײַן אויף יענער וועלט, אַז מע קאָן זיך ניט אײַנ־האַלטן פאַר געלעכטער.

אָט דאָס זײַנען געווען די געדאַנקען, וואָס האָבן מיך געשטויסן צום גרויסן אַפּאָסטאָל פון יאַסנעפּאָליאַנע. איך רייד שוין ניט פון דעם, וואָס איך בין גלאַט געווען זײַנער אַ חסיד פון זײַן אומגעהײַער גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט און אַן אַנהענגער פון זײַן תּורה. איך האָב געהאַלטן, אַז זײַן תּורה איז אונדזער — ייִדישע — תּורה. אויף אַ סך, אַ סך פּונקטן איז ער, נאָך מײַן מיינונג, זיך צונויפגעגאַנגען מיט אונדזערע ייִדישע חכמים און צדיקים. זײַן אייביקע מלחמה מיטן יצר־הרע, מיטן שׂטן־מקטרג, זײַן אָפּזאָגן זיך פון דבר מן החי, זײַנע סיגופים, זײַן אָנווײַזן אַלע מאָל אויף צער־בעלי־חיים, אויך זײַן אָוועקלאָזן זיך אין דער וועלט אַרײַן, און זײַן וועלן אַוועקגיין פון זיך אַליין, און זײַן טויט, און אַפילו די קבורה זײַנע — אַלעס, אַלעס איז ייִדיש... איך האָב געגלייבט באמונה־שלמה, אַז בײַ אַ פּערזענלעכער געלעגנהייט וועט מיר גרינגער זײַן צו איבער־צײַגן דעם דאָזיקן גרויסן קינסטלער און דענקער, אַז אין דער גרויסער מענגע פון מיליאָנען מענטשן, וואָס זײַנען אַלע אומגליקלעך יעדער אויף זײַן אופן, געפינען זיך עטלעכע מיליאָן אומגליקלעכסטע פון די אומגליקלעכסטע, געטריבענע פון יעדער מענטשנרעכט, וואָס קוקן אַרויס אויף זײַן מעכטיק וואָרט, ווי אויף משיחן...

מיר איז ניט אָפּגעגאַלטן צו זײַן אין יאַסנעפּאָליאַנע. איך האָב נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט מיט אים בריוולעך זיך צו פאַרשטענדיקן וועגן אַ פריוואַטזאַך, נאָכן ערשטן גרויסן קלאָסישן קעשענעווער פּאָגראָם (1903). אויף דער פּרינציפּיעל באַרירטער קרענ־קלעכער פראַגע האָט ער מיר אין געציילטע שטאַרקע שטריכן אָפּגעענטפערט. איינער פון זײַנע בריוו צו מיר איז געווען פאַרעפנטלעכט, אָבער ניט אין גאַנצן. פון קעשענעווער פּאָגראָם ביז איצט זײַנען מיר, דאַנקען גאָט, אַוועקגעגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז איך גלייב ניט, אַז איצט זאָל זײַן דער מאָמענט דעם בריוו צו פאַרעפנטלעכן...

ניין, איך האָב ניט זוכה געווען צו קענען טאָלסטאָיען פּערזענלעך — און דאָס וועט מיר באַנג טאָן ביז מײַן לעצטן טאָג אויף דער ערד. אַ פּנים, ס'איז באַשערט, אַז מיר זאָלן זיך שוין טרעפן ערגעץ דאָרט, אויף יענער זײַט לעבן. דאָרט, ווו — לאָמיר האָפן — ס'איז ניטאָ קיין שום „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" און ניט קיין שום „יעווריסקי וואָפּראָס".

זאָל עס נאָר ניט זײַן אַזוי גיך. עס ווילט זיך נאָך אַ ביסל אַנמוטשען אויף דער וועלט און זען, וואָס וועט זײַן ווײַטער...

שלום־עליכם

## 617. צו י. פּאַלער

נערווי, 5טן דעצעמבער 1910

ליבער פּאַלער! — — —

איך שטעל מיר פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ קאַשע מיט באָרשטש און מיט לאָקשן בײַ אײַך טוט זיך איצט מיט מײַנע דרײַ פּעליעטאָנען: 1) כּתרילעווקע, 2) קעניג פּיק, 3) אַ זעקס און זעכציק. איר וועט מיך ניט שטאַרק שעלטן? —

— — —

איצט וועגן אײַער מיטטיילן בנוגע דער מיינונג פֿון מר׳ ס״ש. איר האָט אַ טעות געהאַט, אויב איר האָט גערעכנט, אַז ס׳וועט מיך קרענקען. אַדרבה, עס האָט מיך געפֿרייט — און אָט צוליב וואָס:

געווען איז די מעשה אינעם יאָר 1907. שבֿועות־צײַט. עס האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין „אַמעריקאַנער" מײַן „מאָטל פּייסי דעם חזנס". מר׳ ס״ש האָט מיך אײַנגעלאַדן צו זיך אויף דער מילכיקער סעודה. מר׳ ווערניק איז דאָרט אויך געווען. פֿון פֿאַר־שבֿועות ביז שבֿועות האָב איך דערזען, מר׳ סאַפּירשטיינס פּנים איז צו מיר ניט כּתמול שלשום. אויך מר׳ ווערניק בלאָזט זיך און שווײַגט. מר׳ סאַפּירשטיין איז דאָך אָבער אַ קלוגער, מאַכט ער זיך יום־טובֿדיק, איז גאַנץ העפֿלעך, נעמט מיך אין קוני־אײַלאַנד. איך זע אָבער — ס׳איז ניט דאָס. איך הייב אָן אויסטאַפּן, ערשט שאַ! עס איז אַרויס דער בלאָטער אַ ביסל שפּעטער. מײַנע פּעליעטאָנען „מאָטל דעם חזנס" זײַנען אים ניט געפֿעלן. אַזוי ווײַט ניט געפֿעלן, אַז בײַ דער ערשטער געלעגנהייט (אַ טענה פֿאַרן „דזשויש וואָרלד" אין לאָנדאָן) האָט ער זיי אויף קאַפּיטל 23 געהייסן סטאָפּן. און איך האָב זיי צוליב דעם ניט געענדיקט (נאָך זיבעצן קאַפּיטלעך).

ויהי־היום, גייט פֿאָני און זעצט זיי איבער אינעם רוסישן און גיט זיי אַרויס אין אַ באַזונדער אויפֿלאַגע מיטן נאָמען "Дети черты". און די רוסישע קריטיק — פֿון די גרעסטע דענקערס פֿון די פֿײַנסטע זשורנאַלן — כאַפּט עס אונטער און הייבט אויף דעם אַווטאָר אַזוי הויך, אַז, כ׳לעבן, עס דרייט זיך מיר נאָך איצט דער קאָפּ! צו גאָגאָלן, צו דיקענסן גענומען מיך פֿאַרגלײַכן און אָנגעשריבן אויף מיר שוין גאַנצע ביכער. ניט נאָר די קריטיק — דאָס פּובליקום גאָר לעקט די פֿינגער. אין איין האַלב יאָר גייט מען שוין דרוקן, אַ סבֿרא, די דריטע אויפֿלאַגע! אַנדערע פֿאַרלעגערס האָבן גענומען איבער־דרוקן בגניבֿה — און עס ווערט פֿאַרפּירט מיט זיי אַ פּראָצעס. אַ נײַער רוסישער מאָנאַט־זשורנאַל פֿון פֿײַנסטן סאָרט ווערט געגרינדעט — ווער איך אײַנגעלאַדן צווישן די ערשטע. טאָלסטאָי איז געשטאָרבן — שרײַבט מען צו מיר, איך זאָל זאָגן מײַן מיינונג איבער אים. קינדערלעך, וואָס איז מיט אײַך? „סטײַטש, דיעטי טשערטי! סטײַטש, דעם חזנס יינגל!" — כאַ־כאַ־כאַ! און דאָס איז סאַפּירשטיינען ניט געפֿעלן, און ווערניק איז געווען אויף מיר גזלן! זיי האָבן מיר געגעבן צו וויסן — איך האָב מורא, אויב ניט

פֿאַרזעגלעך, — אַז אין „טאַגעבלאַט" גיב איך גוטע „סחורה" און זיי, אין „אַמעריקאַנער", עפּעס אַ שמאַטע, אַ חזנס אַ ייִנגל. כאַ־כאַ־כאַ! איך האָב נאָך דעמאָלט געלאַכט, געפֿילט, וואָס פֿאַר אַ „חזנס אַ ייִנגל" דאָס וועט זײַן. איך האָב געזאָגט: איך גיי געבן עצם מעצמי ובשׂר מבשׂרי. עס איז, ליידער, ניט פֿאַרענדיקט. איך וועל נאָך די איבעריקע זיבעצן, אם־ירצה־השם, אויפֿשרײַבן, וועט דאָס זײַן ערשט דעמאָלט אַ כּלי שלמה. די דרײַ און צוואַנציק קאַפּיטלעך ווערן איצט פֿון רוסיש איבערגעטראָגן אין צוויי לשונות: דײַטש און ענגליש. איך שיק אײַך דאָ עטלעכע אויסשניטלעך נאָר פֿון עטלעכע צײַט־שריפֿטן. זאָלן זיי ליגן בײַ אײַך ביז אַ קורצער צײַט. איך וועל זיי דאַרפֿן געברויכן אפֿשר אין ניו־יאָרק. — הקיצור, הײַנט פֿאַרשטייט איר שוין, ווי שטאָלץ איך בין מיט די „בל[אָנדזשנדע] שטערן" נאָך דער אויבן־באַשריבענער מעשׂה? איצט הייב איך ערשט אָן צו האָפֿן, אַז מײַן ווערק וועלן מיט דעם ווערק צו דערווערבן זיך אַ נאָמען פֿון טאַקע באמת אַ שריפֿטשטעלער וועט אויסגעפֿילט ווערן. אין קיין ווערק האָב איך ניט אַרײַנגעלייגט אַזוי פֿיל כּוח און מוח, קיין ווערק האָב איך ניט אַזוי געפּײַלט און געשליפֿן, קיין ווערק האָב איך ניט געשענקט אַזוי פֿיל ליבע, ווי דעם דאָזיקן ראָמאַן. און אַז איך וועל אים פֿאַרענדיקן און ער וועט ווערן איבערגעטראָגן אין אַנדערע לשונות, וועט איר דעמאָלט זען. דעמאָלט וועט איר קאָנען פֿאַרעפֿנטלעכן די דאָזיקע ווערטער מײַנע, וואָרעם איך וועל דאָך שוין זײַן אויף דער אמתער וועלט און מר' סאַפּירשטיין אויך מסתמא... דערווײַל לאָז זײַן שאַ! — — —

שלום־עליכם

## 618. צו י. פּינוס

נערווי, 29/12. 12. [19]10

ליבער פֿרײַנד פּינוס!

נאָר וואָס דערהאַלטן דעם פּערטן באַנד. בײַם מיטיק באַוויזן דורכצוקוקן נאָר דעם פֿאָרוואָרט. צום סוף האָב איך דערזען מײַן פֿראַזע: „איך בין קיין מחבר, קיין מלמד, קיין בטלן".

איר האָט איבערגעזעצט:

— Я не сочинитель, не учитедь (?!), не бездельник — און כ'האָב פֿאַר־לאָרן מײַן אַפּעטיט... ווײ, פֿאַר וואָס האָט איר מיר ניט צוגעשיקט דעם דאָזיקן פֿאָר־וואָרט! שטענדיק דאַרף איך דעם ערשטן קאַפּיטל אַליין דורכקוקן. איך וואָלט ניט דורכגעלאָזן אַזאַ מין פֿאַרדריסלעכן לאַפּסוס: אַ מלמד — учитель!! וואָס וועט קלערן וועגן אונדז דער רוסישער לייענער? שוין זשע וועט איר מיך פֿאַרזיכערן, אַז איר האָט כּלומרשט אויפֿגענומען מלמד אין דעם אָרט בוכשטעבלעך? אַ שטייגער, איך האָב אײַך אויסגעזידלט: אײַ, זײַט איר אַ מלמד! וועט איר איבערזעצן "Эх, Вы учитель"? איך צווייפֿל. טרויעריק, פֿרײַנד, כאָטש אויך לעכערלעך. נאָר טאַקע דערפֿאַר גראָד איז עס טרויעריק.

אײַער שלום־עליכם

## 619. צו ז. גאַבײַ

[1911]

געערטער הער ז. גאַבײַ!

איך האָב מורא, אַז איר האָט נאָמבערגס אַרטיקל ניט געלייענט, נאָר געהערט דערציילן. ה׳ נאָמבערג שרײַבט ניט, אַז איך „שפּרעך" רוסיש, אַדרבא, ער זאָגט, אַז איך רעד אַ וואָלינער יידיש. ער באַמערקט נאָר, אַז בײַ מיר אין שטוב ווערט געשפּראָכן רוסיש, און דאָס איז ניט אין גאַנצן ריכטיק. ה׳ נאָמבערג האָט פאַרבראַכט בײַ מיר אין הויז עטלעכע שעה, ניט מער, און האָט גערעדט צו די קינדער רוסיש, האָבן זיי אים געענטפערט אויף רוסיש.

באמת, ווערט גערעדט בײַ מיר אין שטוב אַלע שפּראַכן: יידיש, רוסיש, דײַטש, פראַנצייזיש און איטאַליעניש, ווײַל מיר זײַנען נע־ונד אַלץ אין די לענדער זומער און ווינטער. זײַט איר באַפרידיקט?

מיט גרוס שלום־עליכם

## 620. צו די פאָלינקאָווסקיס

נערווי, 8טן יאַנואַר 1911

טײַערער מאָניש!

טײַערע פאַיע!

בעסטע ליבסטע פרײַנד!

נאָך איין פײַל אין האַרצן — און פון גאָר אַן אומגעריכטער זײַט!

דאָס איז ראַוואָניצקיס בריוול, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס, איך און אָלגאַ, מיט אמתע, ניט געמאַכטע טרערן, דורכגעלייענט צוויי מאָל.

טרייסטן? איך זאָל אײַך טרייסטן? ווו איז דען דאָ אויף אַזאַ זאַך אַ טרייסט?

ווערטער? פון וואַנען וועלן זיי זיך נעמען? און אַז איך וועל אײַך זאָגן 100 מאָל, אַז ס׳איז דאָ גרעסערע צרות פון אײַער צרה, וועט דאָס אײַך דען זײַן אַ רפואה? ווייסט איר דען אַליין ניט, אַז סע שטאַרבט אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע און סע בלײַבן קינדער, איז אַ סך ערגער, ווי עס שטאַרבט אָפּ בײַ טאַטע־מאַמע אַ פייגעלע, אַ צירונג, אַ טרייסט אין שטוב? נישמער, וואָס איך קאָן אײַך ברענגען, איז נאָר דאָס, אַז איך און אָלגאַ און אַלע מײַנע קינדער טיילן מיט אײַך אײַער גרויסן ווייטיק און נעמען צו בײַ אײַך אַ שטיק טרויער, און איבער הויפּט איך — עס איז אפשר אַ נאַרישקייט, נאָר אַ טאַטזאַך — איך, וואָס איך האָב ליאַליען שוין לאַנג ניט געזען, נאָר געהערט פון אָלגען דערציילן, וואָס פאַר אַ שיינע שמעקנדיקע בלום עס וואַקסט בײַ אײַך אין שטוב, און נאָר געהערט פון ליאָלען (אונדזער ליאַלקע) נאָכזינגען אירע לידלעך — — — האָב איך מיר אין מײַן פאַנטאַזיע פאַרגעשטעלט די שיינע בלום, וואָס הייסט מיטן נאָמען „ליאָלי"... און עפּעס אַ געפיל פון אויסעראָרדנטלעכער פרײַנדשאַפט און וואַרעמער היימלעכקייט האָט מיך צו דעם קינד געצויגן, און ווי מײַנס אַ קינד האָט זי בײַ מיר אין האַרצן פאַרנומען אַ באַזונדערן, גאַנץ בכּבודיקן פּלאַץ, און, ווי איר געדענקט, האָב איך מיט איר קאָרעספּאָנ־

דירט אַ שטיק צײַט, און אירע ליבע, זיסע, פול מיט הומאָר בריוועלעך ליגן דאָך בײַ מיר אין מײַן אַרכיוו, ווי אַן אבן־טוב, צווישן די ליבסטע און בעסטע דאָקומענטן פון מײַן אַרטיסטיש־שריפטשטעלערישן לעבן. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס דאַרף זײַן בײַ אײַך אָנגעלייגט דערמיט, וואָס איר קאָנט ניט זאָגן, אַז דאָס לעבן, דאָס קורציאָריקע לעבן פון דעם קינד, איז אַוועק אָן אַ שום רושם און אָן אַ שום זכּרון פאַר דער אויסערער וועלט, און אַז ס׳איז ניטאָ אַחוץ אײַך מער קיינער, וועלכער טרויערט שטילערהייט אויף דער אומגעהײַערער אומגערעכטיקייט און וועלכער באַדויערט אײַך, די אומדער־בארעמדיק באַהאַנדלטע פאָטער און מוטער.

שאַדע, וואָס איך בין אַזוי ווײַט פון אײַך מיטן גוף (מיט דער נשמה נאָענט) און קאָן ניט אויסטריקענען אײַערע טרערן און בין ניט בכּוח דאָס צו טאָן מיט ווערטער. אָבער איך מיין, אַז דער פילאָסאָף, וואָס שטעקט אין אײַך, מאַניש, און איר, קלוגע פאַיע, וועט פאַרשטיין, אַז ניט מיט געוויין, ניט מיט טרערן, ניט מיט זיפצן וועט איר עפּעס אויפטאָן. ס׳איז אַזאַ מיאוסע בייזע וויסטע וועלט אָט דאָ אויף דער ערד — אַז מע מוז זיך אָנטאָן אַ כּוח און גלייבן, אַז ס׳איז דאָ דאָרט ערגעץ, אויסער אונדז, אַ מין פּ אַ ר ז ע צ ו נ ג פון אונדזער לעבן, און אַז אונדזער לעבן איז אַ טראָפּן אין ים קעגן יענער לאַנגער אומענדלעכער פאָרזעצונג. און ווי באַלד אַזוי, איז דער גוואַלד ניט אַזוי גרויס אויף דעם, וואָס גייט אַוועק, ווי אויף אונדז, נאַראָנים, וואָס מיר בלײַבן דאָ. איר הערט ווערטער ניט פון אַ צופרידענעם בורזשוי, וואָס גלעט זיך דאָס בײַכל און דאָס בלוט שפּריצט אים פון די ליפּן. ערשטנס, ווייסט איר, אַז איך בין נאָך אַליין אויך אַ שטיק חולה (ניט אויס פאַרגעניגן זיצט מען אין נערווי), און אַ זון (מישאַ) ליגט, ברוך־השם, אויף אין נערווי מיט אַ פּריצײַטיקן לונגפעלער — באַקומען פון אַ מעדאַל און ניט אַרײַן אין אוניווערסיטעט, — און בערקאָוויטש (טיסיס) ליגט אין ווילנע אויף אַן אינפלוענציע (אַזוי שרײַבט טיסי און גייט גלייבט איר אויף נאמנות, אַז אינפלוענציע) און נאַטאַשאַ (מאַזאָר) ליגט אויך בײַ אונדז אין נערווי מיט אַ קלייניקייט — אַ порок сердца, און פון פרעמדע, זײַטיקע צרות שמועסט מען ניט! דער אומגליקלעכער יונגער (...), וואָס ראַווניצקי און ביאַליק האָבן מיר צוגעשיקט אַ מתּנה, האָט צוגענומען בײַ אונדז אַלע אַ שטיק געזונט. אויסער דעם, וואָס ער איז געשטאָרבן — שטאַרבן איז גאָר אַ מין развлечение קעגן דעם, וואָס מיט דעם... האָט געטראָפן. איך שרײַב עס אײַך בסוד — דאָס ווייסן ניט מײַנע לײַט, און דאָס טאָר ניט וויסן דער רב(...) : דער בחור (אַזוי שרײַבט מיר דער געוויסער אירקוטסקער פײַנבערג פון סאַן־רעמאָ) האָט איבערגעגעבן דער שוועסטער (сестре милосердия) 250 פראַנק, זי זאָל זיי דעפּאָנירן אין האָס־פּיטאַל, און אַליין, ניט קוקנדיק אויף זײַנע געשוואָלענע פיס און מוראדיק פאַרברייטערט האַרץ, האָט ער זיך מיט נסים ונפלאות קוים צוגעקראַטשקעט צום פענצטער און אַרויסגעוואָרפן זיך פונעם דריטן שטאָק אויף די שטיינער און צעפאַלן געוואָרן אויף שטיקלעך!

— — —

איך זאָג אײַך, ס׳איז אַ מיאוסע בייזע וועלט, און נאָר אויף צו להכעיס דאַרף מען ניט וויינען! אויב איר ווילט וויסן, איז דאָס דער אמתער קוואַל, די אמתע אורזאַכע פון מײַן שטענדיקן גוטן לוין, פון מײַן, ווי זיי רופן דאָס, „הומאָר״. אויף צו להכעיס ניט געוויינט! אויף צו להכעיס נאָר לאַכן! נאָר לאַכן!

טײַערער מאָניש! טײַערע פאַיע! אויב איר קאָנט און אויב איר ווילט מיר אָפּענט־פערן אויף מײַן בריוו, וועט איר מיר און זיך, אַ ביסל כאָטש, פאַרגרינגערן דעם גרויסן ווייטיק. און אַז איר וועט שרײַבן, וועט איר שוין שרײַבן אַלץ: פון וואָס פאַר אַ שלאָפּ־קייט די טײַערע אומפאַרגעסלעכע לעבעדיקע ליאָלי איז געשטאָרבן? און אַלצדינג, ווי איר קאָנט, און אין וואָסער אַ שפּראַך איר ווילט, און יעדער באַזונדער, און פון אירע לעצטע וואָכן און חדשים — אַלצדינג זאָלט איר שרײַבן...

## 621. צו מ. גאָרקי

1911 .4 .7

טײַערער אַלקעסיי מאַקסימאָוויטש!

דאָ האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איר קלײַבט זיך קומען אין נערווי. אויב דאָס איז אמת — איז מײַן דירה אין אײַער רשות. איך פאַרנעם אַ גרויסע ווילע, אין עדענער גאָרטן, די בעסטע אין נערווי.

צי קומט איר קיין פעצאַנאָ צו אַמפיטעאַטראָוון? איך קלײַב זיך אַהין צו אויף אַ טאָג. כ׳וואָלט געוועזן צופרידן צו באַגעגענען זיך מיט אײַך, ווו עס זאָל ניט זײַן.

**אײַער אײַך ליבנדער ש.־עליכם**

אַ גרוס אײַער געערטער פרוי. — אַנטשולדיקט, איך ווייס ניט איר נאָמען און איר פאָטער־נאָמען.

Nervi (Italia), Villa Rosengarten

## 622. צו אַברהם רייזען

ווילאַ רופּפּערט, 19/6. .5 1911

ליבער קאָלעגאַ אַברהם רייזען!

אַזוי ווי איר פרעגט בײַ מיר קיין מבינות אויף אײַער אַ זאַך ווען איך ווער פון דעם אַנטציקט, אַזוי וואַרט איר ניט אויף מײַן קריטיק אויף אײַערס אַ זאַך ווען עס פאַרדריסט מיך. איך האָב געלייענט אײַער „פאַרוואַנדלונג” אין „פאָרווערטס”, אַ שטאַרקע זאַך. זייער אַ שטאַרקע זאַך. כאָטש אַפילו ניט קיין ייִדישע. דער העלד דוד לייקין קען הייסן אויך איוואַן ליקין. נאָר נישט דאָס איז דער עיקר. איך זאָג ניט אַז אַ ייִדישער שרײַבער איז מחויב צו שרײַבן נאָר ייִדישע זאַכן. אַ ייִדישער שרײַבער איז קודם אַ מענטש. דאָס וואָס איך האָב אײַך געוואָלט אַ ביסל אויסשייגעצן איז דאָס ייִדיש. איך מיין די ייִדישע שפּראַך וואָס מיר אַלע האָבן זי אַזוי ליב.

מיט וועמען מע קאָן זיך טוישן מיט די מיינונגען —

с кем можно обмениваться мнениями

— אַזוי! — האָט לייקין געזאָגט — עס לעבט זיך גאַנץ אינטערעסאַנט —

Так! — сказал Лейкин — живется и т. д.

א ייִד וואָס הייסט דוד — זײַן פאַמיליע-נאָמען קאָן זיך זײַן לייקין — וועט שוין גיכער זאָגן „עט“ אָדער אויף ליטוויש: אַט

...נו, עס מאַכט ניט אויס... אַ צווייטן מאָל

— Ну, ничего... в другой раз

און מיט וואָס זענען שוויצנישע ליפּן שענער פון חזירשע ליפּן?...

און למאַי האָט ער „געפּליסטערט“ און זי אויך „געפּליסטערט“?

אויסער דער שפּראַך וואָלט איך אײַך נאָך באַדאַרפט אויסזעצן אַ פּאָר זײַטיקע חסרונות: למשל, דאָס צו פיל באַגעגענען זיך מיט אָרעמע בעטלערס, שוואַכע טרע־גערס און שיינע קינדער, און אַלץ אויף איין מאָל, און טאַקע באַלד, נאָך די צענרובל־דיקע פּיאַסקאַ, ווידער אַ מאָל די זעלבע נסים און דווקא אין דער זעלבער רײַזע!

האַ! וואָס איז דאָס פאַר אַ „גייט צום טײַוול“! פון וועו אָן זענט איר דאָס געוואָרן אַ דײַטש? „צו אַל די שוואַרצע יאָר“ לוינט אײַך ניט?

נאָך אַ מאָל: די מעשה אַליין איז אַלס סוזשעט זייער פעסט, אַלאַ קנוט האַמסון... דערצו זאָל נאָך זײַן אַ ביסל מער טיפּיש ייִדיש. און דער עיקר די שפּראַך, די שפּראַך! — נאָר איך האָב מורא, איר זאָלט מיך ניט אויסזידלען. אין וואָרשע האָב איך פאַר אײַך קיין מורא ניט. אין ניו-יאָרק — אונטער אַ געוויסן אײַנפלוס — זענט איר פּעזיק דערויף. אײַער שרײַבן אַליין איז אין דער היים גאָר-גאָר אַנדערש... עס פילט זיך השפּעה...

האָט איר צײַט און חשק — שרײַבט אַרײַן אַ בריוול פון קאָלומבוסעס מדינה און פון זיך —

שלום-עליכם

## 623. צו ש. ניגער

באַדענווײַלער, 20סטן מײַ 1911

זייער געערטער ה' ניגער!

וואָס הייסט, איר זײַט ניט גוט באַקאַנט מיט מיר? ווי איז דאָס מעגלעך? אָדער לאָמיר לערנען דעם פּשט אַזוי: דאָס וואָס איר זײַט באַקאַנט מיט מיר איז ניט גוט. געגרינדעט דערויף, וואָס מע זאָגט אויף איינעם „ער איז אַ גוטער צאָלער“, הייסט עס, אַז ער צאָלט — איז גוט, אַניט — איז ניט גוט... איז איין מאָל אָוועק. והשנית, זאָגט איר, אַז איר האָט מיר צו שטעלן עפּעס קשיות, אָדער שאלות. אַז אָך און ווײ איז צו דעם מחברס קאָפּ, אַז זײַן לעזער אָדער זײַן קריטיקער האָט אים צו שטעלן שאלות און פילט זיך, ווי איר זאָגט, פאַרפּלאָנטעט! נאָר מילא, שטעלט-שטעלט. איך וועל אײַך אויף אַלעס ענטפערן. שמעון דאָבין ווייסט און רחל ווייסט אויך, אַז איך ענטפער אַלעמען, ובפרט אײַך. איר וועט דאָך קיין פּוסטע זאַכן ניט פרעגן, וואָרעם איר זײַט דאָך ניט קיין פּוסטער בחור. — — —. די אַדרעסע פון מײַן פרוי אין וואַרשע איז בײַ אַ ייִדן וואָס הייסט יעקב דינעזאָן, דער אבי היתומים פון אַלע ייִדישע שרײַבערס. דיעלנאַ נומער 15 זיצט ער, אַט דער דינעזאָן.

אײַך און זיי, ד"ה דאָבינען און רחלען און כיענען, אַ גרוס פון

שלום-עליכם

## 624. צו אַלכּסנדר אַמפיטעאַטראָוו

באַדענווײַלער, 23סטן מײַ 1911

טײַערער קאָלעגע אַלכּסנדר וואַלענטינאָוויטש!

איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב מיך ניט טועה געווען, אַז איר, אַלס אַן אמתער קריסט (און געוויס אויך אײַער געערטער חבר מאַקסים גאָרקי), האָט זיך באַדאַרפט פילן גאָרנישט פויגלדיק פון דער וואַקכאַנאַליע פון שקרים וכּזבים, רכילות און העצע־רײַען, וואָס קומט פאָר אין געוויסע קרײַזן, וועלכע זײַנען דאָך געבונדן מיט אײַך מיט ברודערלעכע פעדעם... לאָז מיך גאָט היטן, איך זאָל מאַכן אַנדערע פאַראַנטוואָרטלעך און זאָגן, אַז אַלע קריסטן זײַנען בלוטדאָרשטיק... מיר, אַלס ייִד, פּאַסט דאָס גאָרניט צום פּנים. נאָר איך שווער אײַך בנאמנות, ווען עס טרעפט זיך אַזאַ מעשׂה פּאַרקערט, ד״ה ווען ייִדן באַשולדיקן קריסטן אין אַזעלכע ריטואַל־מאָרדן, ווי מע באַשולדיקט אונדז, וואָלט איך פאַרברענט געוואָרן פאַר בזיון, ווען אַפילו די דאָזיקע ייִדן זאָלן זײַן נאָך ערגער פון פּורישקעוויטשן מיט מאַרקאָוון צוזאַמען. דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אַז איר דאַרפט פאַרברענט ווערן — איך בין דאָס גאָרנישט אויסן, אַז מײַנע פרײַנד זאָלן ברענען...

אַ גוטע זאַך טוט איר אויף מיט אײַער קאָלעקטיוון פּראָטעסט פון די בעסטע רוסישע מענטשן פון אונדזער אַלעמענס פאָטערלאַנד, וואָס באַציט [זיך] ניט צו אונדז אַלעמען גלײַך. איך רעכן אָבער פאַר נייטיק אונטערצושטרײַכן, אַז דער דאָזיקער פּראָטעסט אײַערער דאַרף ניט דינען אַלס אַ הכחשה קעגן עלילת־דם. ריטואַלע מאָרדן בײַ ייִדן זײַנען שוין אָפּגעלייקנט געוואָרן הונדערט מאָל. אויב מיר זאָלן זאָגן, אַז ס׳איז בכלל פאַראַן אויף דער וועלט ריטואַל־מאָרדן, איז ניט צווישן די, וואָס מע מאַכט אויף זיי פּאָגראָמען, נאָר צווישן די, וואָס מאַכן די פּאָגראָמען. ווי קאָן מען דען אַנדערש אָנרופן די שיינע עובֿדות פון די קישינעווער און אַנדערע פּאָגראָם־מאַכערס, אויב ניט ריטואַל־מאָרדן? וואַרפן קינדער פון די אייבערשטע עטאַזשן, ווי אַ מין יום־טובֿ, אויפשנײַדן בײַכער פון מעוברתע פרויען און שרײַען בעת־מעשׂה „הורראַ!״ — אָט דאָס איז ניט קיין ריטואַל? און די גרויסאַרטיקע רעדעס פון מאַרקאָוו מיט דער חבֿרייא אין דער דומע, אַז מיר וועלן נישט טרענען אײַערע ייִדישע איבערבעטן, נאָר די בײַכער פון אײַערע פרויען — אָט דאָס איז ניט קיין ריטואַל? אַלזאָ, ניט דאָס דאַרף זײַן דער עיקר פון אײַער פּראָטעסט. לויט מײַן מיינונג, באַדאַרף אײַער פּראָטעסט אַרויסזאָגן און אויפקלערן, אַז דער גאַנצער ענין פון דעם בלוט־בילבול האָט נאָר איין צוועק: איבערחזרן דאָס אומפאַרגעסלעכע 1905 יאָר, דאָס הייסט, פּשוט גערעדט: איין אַלרוסישער פּאָגראָם אויף ייִדן! — — — אוודאי וואָלט גוט געווען, אַז אין אײַער פּראָטעסט זאָלט איר אַפּעלירן אויך צו אײַערע קאָלעגעס אין אויסלאַנד, בכדי ער זאָל פון אַן אַלרוסישן אויסוואַקסן אין אַן אַלוועלטלעכן פּראָטעסט. איבעריקנס, איז דאָס נאָר מײַן פּריוואַט־מיינונג, וועלכע איז, קאָן זײַן, גאַנץ איבעריק. איך פאַרלאָז מיך שוין אויף אײַך, אַז איר און אײַער פרײַנד מאַקסים גאָרקי וועט די זאַך אַרומטראַכטן ווי עס געהער צו זײַן. איך דריק אײַך ביידן אײַער האַנט ברודערלעך.

שלום-עליכם

## 625. צו דוד פרישמאַן

באַדענווייַלער, 28סטן מיי 1911

טייַערער, טייַערער פרישמאַן!

נאָר וואָס, זייגער האַלב נייַן אין דער פרי, האָב איך איבערגעלייענט אייַער פעליעטאָן אין „הייַנט" נומער 110: „אַ ביסל צוקונפט", וועגן דעם מלמדס צווייקינדער־סיסטעם, וועגן עלילת־דם און וועגן די 14 מיליאָן ייִדן קעגן די עטלעכע מיליאָן קריסטן עקספּלו־אַטאַטאָרס, וואָס קנעלן אויף אַ בוידעם און האַנדלען מיט לאָטעריי־צעטלען — און האָב פשוט־פשוט זיך געהאַלטן בייַ די זייַטן. איך געדענק שוין ניט די צייַט, ווען איך זאָל האָבן אַזוי געזונט און געשמאַק געלאַכט. אַ גרויסן יישר־כּוח אייַך, טייַערער קאָלעגע, פאַר אייַער געראָטן שטיקל אַרבעט! ביז אַהער האָב איך פון דעם עלילת־דם געוויינט, בנאמנות געוויינט. איך קאָן אייַך קוים איבערגעבן די צרות מיט די שפיכת־דמים, וואָס כ'האָב דערפון, פון דעם מיאוסן עסק. איצט לאַך איך — און דעריבער דאַנק איך אייַך. אָט דאָס איז דאָך אונדזער איינציק שטיקל טרייסט, וואָס מיר קאָנען, כאָטש אונטער זיך, אַ ביסל גוט אויסלאַכן זיך פון אונדזערע שׂונאים, אַז אָך און ווי צו אונדזער קאָפּ! די אילוזיע פון אייַער עכט־ייִדיש שאַרף־פעפערדיק הומאָריסטיש בילד איז אַזוי בולט, אַז כ'האָב געהאַט די אמתע נקמה, די ריינע סאַטיספּאַקציע, דעם שענסטן עקווי־וואַלענט — טפו! וואָס פאַר ווערטער עס שיטן זיך בייַ מיר? פאַרצייַט. אָך, ווו נעם איך אים אַהער אַצינד, אייַער יאַצקאַנען מייַן איך! ער איז דאָ בייַ מיר אין באַדענווייַ־לער. ער קומט אַלע טאָג צו מיר. נאָר איצט, ווען מע דאַרף, איז ער ניטאָ. אויף דער הייסער מינוט וואָלט איך אים אַ ביסל אויסגעלאָמרט. איך וואָלט אים אַרויסגעלייגט אַ ביסל אמת, אַז דער איין פעליעטאָן אייַערער האָט אייַך שוין פאַרדינט אייַער האָנאָראַר פאַרן גאַנצן יאָר תרע"א־תרע"ב, און אַז איר קאָנט אייַך שוין נעמען פעריען און קומען צו פאָרן צו אונדז אַהער אויפן גאַנצן זומער, און קומט איר צו מיר, גיב איך אייַך אַ קוש.

פון מיר אייַער פרייַנד, וואָס לייענט אייַך און פאַרשטייט אייַך.

שלום־עליכם

פּ.ס. — חס־ושלום, איר זאָלט ענטפערן אויף אַ בריוו! למאַי זאָלט איר ענטפערן? פאַרשטופּט דאָס מויל מיט אַ גוטער ציגאַר, נעמט צונויף די ברעמען, ווי אַ מיזאַנטראָפּ אַ סקעפּטיקער, מאַכט צו רעכט אַלע מינוט די פענסטע, וואָס ווילן זיך ניט האַלטן אויף אייַער ייִדיש־פראַנצייזישער נאָז, שפּאַצירט אַרום מיט די הענט אין די קעשענעס הין און צוריק איבערן ניט־אויפגערוימטן קאַבינעט, וואַלגערט זיך אויף דער ווייכער סאָפע, רעדט מיטן ווייַב דברים בטלים און שפּילט זיך מיט די קינדער (אָדער פאַרקערט), נאָר שרייַבן אַ גוטן־פרייַנד, ענטפערן אויף דרייַ בריוולעך כאָטש איין מאָל — דאָס לאָזן אַנדערע, ניט פרישמאַן, וואָרעם פרישמאַן איז טאַקע אַזוי אַפילו זיך אַ רעאַליסט, אַ הומאָריסט, אַ כּל־בוניק, אַ ימח־שמוניק, און וואָס איר ווילט, נאָר קומט צו אַ בריוול אָנשרייַבן — איז ער אַ פּאָעט און עס פעלט אים שטימונג...

## 626. צו ש. א. טיקטין

1. 8. 1911

גערטער הער רעדאַקטאָר ש. א. טיקטין!

איך דאַנק אײַך זייער פֿאַר די צוגעשיקטע בלעטער פון אייער יִדיש־צײַטונג. נאַטירלעך קען מען פון 2 אָדער 3 בלעטער קיין מיינונג זיך שטעלן. געפינט איר דאָרט גענוג לעזערס? ווערט אין ירושלים גערעדט יִדיש מער אַלס העברעיִש? האָט איר פיל קעגנערס?

אין געזונט גייט׳ס מיר ב״ה זייער גוט. איך אַרבעט זייער פיל, מער ווי ס׳איז מיר דערלויבט פון די דאָקטוירים (ווער הערט זיי?). איך ווין אַ שעה רײַזע פון באַזעל און האָף צו זײַן אויפֿן קאָנגרעס, אויב דער דאָקטאָר וועט מיך לאָזן — (ווער הערט אים?).

זײַט געזונט, אַרבעט פאַר אונדזערע ברידער, וואָס נייטיקן זיך אין אַ לעבעדיק וואָרט און גריסט אַלעמען ג״פ.

שלום־עליכם

## 627. צו מענדעלע מוכר־ספרים

מאָנטרע (שווייץ), גראַנר רי 93, 15טן אָקטאָבער 1911

איך קלײַב מיך שוין, זיידע, עטלעכע טעג צו אײַך שרײַבן און לייג אַלץ אָפּ פון טאָג אויף טאָג. ערשטנס, ווײַל איך קאָן מיך ניט אַנטשליסן קומען צו אײַך פלוצעם מיט אַ בקשה. איך האָב, דאַכט מיר, קיין מאָל צו אײַך ניט געווענדעט זיך מיט בקשות. און צווייטנס, בין איך קראַנק, ניט פון מײַן קרענק, רחמנא־לצלן, נאָר פון אויפרעגונג. נערוועז רופט מען דאָס. און געקרענקט בין איך פון אַ נאַרישקייט, נאָר אַזוי שטאַרק, אַז איך קאָן מיך צו קיין זאַך ניט נעמען. אַפילו שרײַבן קאָן איך שוין אויך ניט — און דאָס איז בײַ מיר אַ נײַס, ווי בײַ אַ גוי להבדיל, וואָס קאָן שוין אויפן בראָנפן ניט קוקן — — אַ שלעכטער סימן. נאָר לאָמיר אָקאָרשט אַריבערגיין צו די „ביזנעס״:

בײַ אײַך אין אַדעס האָט זיך פאַרגלוסט איינעם אַרויסגעבן אַ יִדיש בלעטל. מהיכא־תיתי, לאָז זײַן נאָך אַ בלעטל, וועמען אַרט עס? ניין, ווילט זיך אים דאָס בלעטל אַ נאָמען געבן דווקא „שלום־עליכם״. דערהערט אַזאַ מעשה, האָב איך באַלד אָוועקגעשריבן צו ראַווניצקין און צום רעדאַקטאָר אַליין און האָב באַקומען פון זיי ביידע בריוו, וועלכע האָבן מיך נאָך מער אויפגערעגט. דער רעדאַקטאָר מאַכט נאָך חוזק. ער זאָגט, אַז נאָך דעם, ווי ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס בלעטל מיטן נאָמען שלום־עליכם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז דאָ אַ שרײַבער שלום־עליכם... אַ מין אַסאָציאַציע פון אידייען, מישטיינס געזאָגט. אַרויסשרײַבן אײַך די מאָטיוון, פאַר וואָס דאָס איז מיר ניט אָנגענעמען — פאַרשפאָר איך אײַך, איר ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. איך זע אָבער, אַז אַלע מײַנע השתדלותן וועלן גאָרניט פועל זײַן, ביז איר, און נאָר איר, וועט זײַן אַזוי גוט און מיר קומען צו הילף. איר דאַרפט נאָר שיקן רופן צו זיך אָט דעם רעדאַקטאָר, ער הייסט יאַנקעלעוויטש. זײַן אַדרעס איז: פושקינסקאַיאַ 57. צען מינוט ווען איר שענקט

אַוועק פון מײַנט וועגן און רעדט זיך דורך מיט אים — איז דאָס, איך בין זיכער, געמאַכט. איך שוועך אײַך בהן־שלי, אַז איך בין אַזוי דערהרגעט פון דעם נאַרישקייט, אַז איך ווייס גאָר ניט, ווי אַזוי איך וועל עס איבערטראָגן! איך בעט אײַך, טוט עס מיר. אײַערס אַ וואָרט וועט האָבן מער ווירקונג פון אַלע איבערשרײַבענישן.

מיט ליבשאַפט צו אײַך, אײַער אייניקל

שלום־עליכם

## 628. צום רעדאַקטאָר פון „אונדזער ברודער"

27. 10. 1911

מײַן ליבער רעדאַקטאָר!

„אין איינע פון די לעצטע נומערן פון אײַער בלאַט איז אַרויס „ישׂראליה" און ווינצלט זיך וועגן מײַן „הכשר", וואָס איך האָב געגעבן דעם „זשאַרגאָן" און איז ניט צופרידן, למאי איך רוף עס אָן „ייִדיש". האָב איך קעגן דעם גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן. וואַרשײַנלעך האָט „ישׂראליה" געוואָלט, אַז מע זאָל דעם „זשאַרגאָן" רופן „גויעש"... וואָס מיך וווּנדערט איז דאָס, וואָס איר, הער רעדאַקטאָר פון אַ ייִדיש בלאַט, לאָזט זיך אַזוי אָפּוויצלען אויף אײַער בלאַט, טאַקע אין אײַער בלאַט... אין מײַן פּריוואַטן בריוו צו אײַך האָב איך נאָר אָנגעפרעגט, אויב עס געפינען זיך לעזערס אויך אויף ייִדיש אין א"י? — ווײַל איך האָב גערעכנט, אַז בײַ אײַך ווערט געלעזן אויסשליסלעך אויף העברעיִש, און אויסדריקנדיק מײַן ווונטש צו געבן אַ לעבעדיקן וואָרט פאַרן המון, האָב איך ניט געצילט דווקא צו דער לעבעדיקייט פון זאָגענאַנטן „זשאַרגאָן" אום צו געבן אים אַ „הכשר". אַ שפּראַך, וואָס אַ פאָלק באַניצט הונדערטער יאָרן און פאַרמאָגט שוין אַן אייגענע ליטעראַטור, נייטיקט זיך ניט אין קיין „הכשר", אַפילו ווען זי „שמוגלט זיך אַרײַן" פון חוץ־לאָרץ קיין ארץ־ישׂראל. עס איז אויסגעוויזן, אַז אין פאַרשיידענע עפּאָכעס מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן אונדזערע אורעלטערן אין ארץ־ישׂראל אויך געהאַט זייער פאָלקסשפּראַך, זייער פאָלקס־דיאַלעקט. אַלע פעלקער אין אַלע לענדער האָבן זייערע דיאַלעקטן. עס שאַדט, חלילה, נישט צו דער אַנטוויקלונג פון דער גרונדשפּראַך, אַזוי ווי עס שאַדט ניט אונדזער „זשאַרגאָן" צו אונדזער עלטערער נאַציאָנאַל־שפּראַך העברעיִש, נישט דאָ, אין חוץ־לאָרץ, נישט בײַ אײַך, אין ארץ־ישׂראל. אַדרבה, בײַ אונדז באַדינט די ייִדישע שפּראַך איר עלטערע שוועסטער, העברעיִש, אויפן בעסטן אָרט, ווײַל זי פאַרמאָגט מער אַלס 10 פּראָצענט העברעיִשע ווערטער, און ווײַל זי אַנטוויקלט גײַסטיק די נידעריקסטע שיכטן פון פאָלק, פאַר וועלכע העברעיִש איז לעת־עתה „לשון־הקודש", גאָטס שפּראַך, וואָס איז באַשאַפן נאָר אויף צו ריידן מיטן רבונו־של־עולם...

שוין צײַט, אַז אונדזערע „רעכטע" שאָוויניסטן זאָלן אָנהייבן צו פאַרשטיין, אַז זייער „קאַמף" קעגן דעם „זשאַרגאָן", איז אַ געלעכטער פאַר זיך און אַ פאַרברעכן קעגן פאָלק, וואָס נייטיקט זיך אין אַ פאַרשטענדלעך וואָרט אויף דער שפּראַך, וואָס עס רעדט און דענקט.

פונקט ווי עס מאַכן זיך לעכערלעך אונדזערע „לינקע" שאָוויניסטן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ קינדערשפּיל־מלחמה קעגן דער אַלטער „עבריה" און אָוועקגעזעצט זיך פילאָסאָפירן, וואָס איז פריער, וואָס איז בילכער: די הון אָדער דאָס איי?...

אַזאַ פילאָסאָפיע איז נאָר אַ שאָד די צײַט פאַרטרײַבן. אָנשטאָט דעם, בעסער שרײַבן אין וואָס פאַר אַ לשון איר ווילט בעסער געבן דעם ייִדן נאַרהאַפּטע שפּײַזן פאַר זײַן נשמה, וואָס לעכצט, גייט אויס נאָך אַ געדרוקט וואָרט.

רעדט צום פאָלק העברעיִש, ייִדיש, טערקיש — אַבי ער פאַרשטייט נאָר — און צעטרײַבט די פינצטערע שאָטנס און לאָז אים זײַן ליכטיק אין קאָפּ און אין האַרצן און אומעטום.

אָט דאָס האָב איך געמיינט מיט די ווערטער „גיט אים אַ לעבעדיק וואָרט". און עס טוט מיר לײַד, וואָס איך האָב צוגענומען צײַט בײַ זיך און בײַם לעזער אויף צו געבן אַ געצוווּנגענעם פּירוש צו מײַן פּערזענלעכן בריוו.

מיט ציון־גרוס צו אַלע מײַנע ברידער אָן אויסנאָם פון שפּראַך.

שלום־עליכם

מאָנטרע (שווייץ), ערב יוה"כ תּרע"ב.

## 629. צו באָריס טאָמאַשעווסקי

10. 11. 1911

זייער געערטער פרײַנד!

די פּיעסע, וועלכע איך האָב אײַך פאַרשפּראָכן, צוליב דעם גרויסן קינסטלער שילדקרויט, איז אַזוי גוט ווי פאַרענדיקט. זי ווערט איבערגעשריבן אויף אַ מאַשין אין רוסלאַנד און וועט, האָף איך, אין פאַרלויף פון דרײַ וואָכן, העכסטנס 1 מאָנאַט, זײַן בײַ מיר צוריק אָן איבערגעשריבענע, אַ פאַרטיקע, אַן אויסגעצוואָגענע. ביז יענער צײַט, אויב איר וועט אײַנוויליקן ענטפערן באַלד, וועל איך אײַער ענטפער קאָנען האָבן בײַ זיך און וויסן וואָס צו טאָן. עס האַנדלט זיך נאַטירלעך אין די באַדינגונגען. איך גיי נישט דורך קיין פאַרמיטלער. איך וועגד מיך גלײַך צו אײַך. נאָר קודם דערלויבט מיר אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פּיעסע גופא. איך האָב געאַרבעט אויף איר אַ היפּש שטיק צײַט. איך האָב געהאַט פאַר זיך די גאַנצע צײַט דעם באַרימטן שילדקרויט, וועלכן איך האָב געהאַט דאָס גליק צו הערן אין בערלין. איך האָב געשאַפן פאַר אים אַ טיפּ, וואָס וועט מאַכן פיל ערע דעם שפּילער, דעם פאַרפאַסער און — איך וויל האָפן — פולע הײַזער דעם טעאַטער, אויב איר וועט ניט רעכענען דאָס פאַר אַ דומהייט, וועל איך אײַך זאָגן בסוד־סודות — און בעט אײַך קיינעם דעם בריוו ניט צײַגן — אַז זינט עס עקסיסטירט ייִדיש טעאַטער איז נאָך אַזאַ ייִדישע פּיעסע ניט געשפּילט געוואָרן! — אויסער דעם הויפּטהעלד פאַר שילדקרויטן, וועלכער האָט צו טאָן אַלע פיר אַקטן, ווערט באַלעבט פונעם צושויער און צווינגט דעם עולם לאַכן, ניט חלילה איבער וויצן און פוילע סאַטירע, נאָר מיט אַ געזונטן, עכט ייִדישן גאַלגן־געלעכטער, איז דאָ אַרבעט פאַר אײַך,

פאַר דער מיסיס טאָמאַשעווסקי (וועלכער איך שיק אַ העפלעכן גרוס) און פאַר נאָך אַ צען שוישפּילערס, וואָס יעדער איז אַן אויסגעאַרבעטער טיפּ, און יעדער וועט קענען באַווייזן וואָס ער קאָן — ברודער! איך בין פעסט מיט דיזער פּיעסע, דען עס ליגט אין איר דאָס בעסטע, וואָס איך האָב געשאַפן אין די לעצטע 10—15 יאָר. — — —

וואָס באַדינגונגען אַנבאַלאַנגט שטעל איך צוויי: 1) אָדער טויזנט דאָלאַר (500 נאָכן דורכלעזן דאָס שטיק און 500 נאָך דער ערשטער אויפפירונג), און צען דאָלאַר ראַיעלטי אויף שטענדיק. אָדער 2) נאָר 500 דאָלאַר (נאָכן איבערלעזן דאָס שטיק) און פינף און צוואַנציק דאָלאַר ראַיעלטי אויף שטענדיק. איך דערוואַרט אײַער באַלדיקע תשובה און דערלויב מיר, צו גראַטולירן אײַך מיט אַ שטיק, וואָס וועט אײַך מאַכן אַ נאָמען! —

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 630. צו מענדעלע מוכר־ספרים

מאָנטרע, 25סטן נאָוועמבער 1911

ליבער געטרײַער האַרציקער זיידע!

מיט וואָס עס שמעקן אײַך מײַנע לעצטע בריוו — ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז אײַער בריוו האָט מיר געשמעקט מיט „קונדס״. אַ זיידע אַ קונדס — דאָס איז טאַקע, כ׳לעבן, אַ חידוש. לאָז גאָט העלפן, אונדזער זיידע זאָל נאָך לאַנג קונדסן, אַריבער־קונדסן די אייניקלעך זײַנע — וואָס זאָג איך די אייניקלעך? — די אוראייניקלעך! אַי, זיידע, זיידע, האָבן מיר זיך אָנגעלאַכט פון אײַער בריוול! געזעסן בײַ מיר דעמאָלט אַ שרײַבער, לעשטשינסקי, האָב איך געמיינט, אָט פּלאַצט ער פאַר געלעכטער. דערזען אײַער האַנטשריפט, האָט ער נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס שרײַבט אַ „זיידע״. הקיצור, נעמט צו מײַן דאַנק פאַר אײַער טירחה, און הלוואַי ס׳זאָל שוין טאַקע זײַן „שלום״, ווי איר זאָגט. און אַז איר זאָגט, איך זאָל שרײַבן אין זייער „שלום״, וועל איך אײַך פאָלגן. איצט בין איך נאָך אַלץ אינפלוענצעוודיק. — הייסט, מע זאָל אײַך ברענגען דאָס בלאַט „נאָוואַיע וורעמיאַ״ פון 27/14 אָקטאָבער, וועט איר לייענען אַ רעצענזיע פון בורענינען אויף אונדזער ביאַליקן. זינט די וועלט שטייט איז נאָך אַזאַ רעצענזיע ניט געוועזן! שאַט! איך האָב ערשט ניט לאַנג נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט אַלע ווערק פון מענדעלע מו״ס. איך האָב זיי נאָך זומער באַקומען פון מײַן לידסקי, און איך ווייס עד־היום ניט, ווען איך זאָל געבן אַ יישר־כּוח פאַר דער מתנה? — מײַנע לײַט האָבן זיך צעפאָרן, ווער קיין ליסי, ווער קיין סטריסי. טיסי און ברקוביץ מיט זייער טאָכטער זײַנען אין דער ווילנע. ליאַלי, די וואָס איר האָט געבענטשט אין אָדעס פאַר דער חתונה, — זי דערמאָנט דאָס מיט שטאָלץ — איז אין בערלין מיט איר חצי־דאָקטאָר און מיט איר טאָכטער. די איבעריקע זײַנען אַלע מיט אונדז דאָ און שיקן אײַך אַ קאָלעקטיוון וואַרעמען גרוס מיט אײַער הויזגעזינד.

אײַער נאַריש אייניקל, וואָס האָט באַדאַרפט הייסן מנחם־מענדל, נאָר על־פּי טעות הייסט ער

שלום־עליכם

## 631. צו די אַרויסגעבערס פון „סאָווּרעמעננײַאַ פּראָבלעמי״

מאָנטרע, 30סטן נאָוועמבער 1911

צום פאַרלאַג „סאָוור׳ פּראָבלעמי״.

ג. ה.!

מיט אָט דעם בריוו וועל איך מיר דערלויבן צו מאַכן אײַך אַ פאָרשלאַג, וואָס האָט ניט קיין שײַכות מיט אונדזערע פּריוואַטע געשעפטלעכע באַציִונגען.

אויב אײַך פּערזענלעך איז ניט באַוווּסט, איז דעם איבערזעצער פּינוסן, האָף איך, זייער באַקאַנט דער נאָמען פון איינעם פון אונדזערע סאַמע פּאָפּולערע און אָריגינעלע שריפטשטעלערס דוד פרישמאַן.

פרישמאַן איז אויף אַזוי פיל פּילוזײַטיק, אויף וויפל ער איז עלעגאַנט און טיף. ער איז אי אַ דיכטער, אי אַ בעלעטריסט, אי אַ קריטיקער־פּובליציסט, צו וועמען עס איז נישטאָ קיין גלײַכן אין דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור. איך בין איבערגעצײַגט, אַז צווישן זײַנע שריפטן אינעם משך פון דרײַסיק יאָר וועט איר געפינען ניט־ווייניק הויך אינטערעסאַנטעס פאַרן רוסישן לעזער. אויב מײַן פאָרשלאַג איז אָננעמבאַר, אין וואָס איך צווייפל ניט, וואָלט איר געקאָנט זיך ווענדן צו אים אויף אָט דעם אַדרעס: ד. פרישמאַן, כלאָדנאַ 18, וואַרשע.

וועגן אַן אַרײַנפיר־אַרטיקל צום ערשטן באַנד פון פרישמאַנס ווערק וואָלט איר זיך געקאָנט ווענדן צו דעם זעלבן ד״ר עליאַשעוו, וועלכער האָט אײַך אָנגעשריבן איבער אַבראַמאָוויטשן.

מיט פולער אַכטונג,

ש.־עליכם

## 632. צו יעקב דינעזאָן

1911 .12 .27/14

גוטער ליבער דינעזאָן!

אין אײַער לעצט בריוו זאָגט איר, אַז איר קוקט אַרויס אויף דעם צופאַל מיט עטוואָס אונדז ניצלעך זײַן.

דער צופאַל איז דאָ.

מײַנע באַציִונגען צום „הײַנט״ זענען ווי איבערגעריסן. איבער אַ פּרינציפּיעלער פראַגע האָט זיך עס פאַרקייטלט און פונעם 14/1 יאַנואַר 1912 בין איך ווי אויס מיט־אַרבעטער פון „הײַנט״. איך טרעט אַרויס פון דאָרט מיט דער גרעסטער באַדויערונג, ווײַל זינט איך בין אַ שרײַבער, האָב איך נאָך אין קיין צײַטשריפט ניט באַגעגנט אַזאַ פרײַנדלעך מענטשלעכע באַהאַנדלונג אין אַלע הינזיכטן! און דאָך קאָן איך קעגן מײַן פּרינציפּ ניט גיין און פאַרלאָז די רעדאַקציע „הײַנט״, נאַטירלעך, גאַנץ פרײַנדלעך און אָנשטענדיק.

איצט פרעגט זיך: וואָס ווײַטער? איך וויל, אַזוי ווי איר האָט נאָך פאַר

אַ יאָרן געזאָגט צו מײַן פרוי, זײַן אַ פרײַ פייגעלע. איך דרוק מיך דאָרט ווו איך וויל און ווו עס לוינט זיך מיר אַמבעסטן.

קיין פאַרבינדונגען מיט קאָנטראַקטן וויל איך שוין ניט מער. גענוג! אַלזאָ וועלן מיר רעדן אויף אַמעריקאַנער לשון: איך גיי פאַרקויפן אַ נײַ ווערק אויפן גאַנצן ווינטער. דאָס איז אַן אומגעוויינלעכער הומאָריסטישער ראָמאַן מיטן נאָמען

דער גרויסער שפּאָס
(קיעווער טראַגיקאָמעדיע)
אַן אויסערגעוויינלעכער ראָמאַן פון שלום־עליכם.

איך וויל דאָס וואָס דער „הײַנט" האָט מיר געצאָלט, 12 קאָפּיקעס אַ קורצע שורה. געלט יעדן מאָנאַט. אַפּריורי 200 רובל. נאָך יעדן מאָנאַט אַ חשבון מיט אַרויסצאָלן דעם דיפערענץ, אים ניט אַרײַנצולאָזן אין דער לאַנגער באַנק. פאַרקויף איך דעם ראָמאַן, גיב איך אײַך אַ נײַ־יאָר פעליעטאָן, שוין פאַרטיק. פאַרן פעליעטאָן באַדאַרף עקסטראַ באַצאָלט ווערן אויפן צווייטן טאָג, לויט דער צאָל פון שורות, אַ 12 קאָפּ.

איצט בלײַבט מיט וועמען רעדן? — עס איז געבליבן איין האָכבערג. אַלזאָ, אויב איר קאָנט זײַן גאַראַנטירט פאַר זעקס מאָנאַט, אַז מע וועט אײַך צאָלן אַלע ערשטן 200 רובל (דעם 1 יאַנואַר די ערשטע ראַטע) איז גוט. נאָך 6 מאָנאַט, אַז גאָט וועט געבן יאָרן וועלן מיר ווידער מאַכן אויפן צווייטן ווערק. דער ראָמאַן וועט זיך ציִען אומגעפער אַ האַלב יאָר און וועט מאַכן מער דערפאָלג אַלס דער „מבול". איך בעט אײַך שטרענג קאָנפידענציאָנעל צו אונטערהאַנדלען און מיר באַלד מיטטיילן וכי היום קצר... ו"צל...

אײַער שלום־עליכם

P.S. און דאָן: קיין אָפּצוגן און קיין בראָשורן און קיין פאַרלאַגן טאָרן ניט דער־מאָנט ווערן, ו"צל...

## 633. צו דוד פרישמאַן

1911 .12 .27/14

פרישמאַן! פרישמאַן!

ווייסט איר כאָטש אַז איר האָט מיר בלא־יודעים דערלאַנגט אַ מיאוסן קלאַפּ, וואָס דורך דעם וועט איבערגעריסן ווערן — אויב ס'איז שוין ניט איבערגעריסן — דער „האַנדלס־אָפּמאַך" צווישן די צוויי מעכטע „הײַנט" און „שלום־עליכם"? — כאַ־כאַ־כאַ!

און דער קלאַפּ איז געקומען bonna fide דורך אײַער גוטע עצה, אַז שלום־עליכם איז דער איינציקער, וואָס קאָן גוט נאָכמאַכן דעם בעל־יאות, וועלכער מאַכט נאָך שלום־עליכמען פון דעם „פאָלקסבלאַט" עליו־השלום. כאַ־כאַ־כאַ!

און דער קלאַפּ איז געקומען דווקא ניט אין אַ פריילעכער צײַט פאַר מיר... כאַ־כאַ־כאַ!

דרײַ זיצונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער רעדאַקציע „הײַנט" און אַלע מאָל האָט פרישמאַן אונטערגעהאַלטן דעם גלענצנדיקן געדאַנק, אַז שלום־עליכם דער

ממזר וועט הייסן זײַן מנחם־מענדלען מיט שיינע־שיינדלען זיי זאָלן זיך זען מיט טאָפּטן און מיט סאַזאָנאָוון און מיט גוטשקאָוון און מיט [— — —] און שרײַבן בריוולעך אַזעלכע, אַז זיי זאָלן דערלאַנגען דעם בעל־ייאוש אַ טויטקלאַפּ, און דער פּועל־יוצא איז דער, אַז שלום־עליכם איז אַרויס פון „הײַנט" און דער באַגרענעצטער בודזשעט איז קלענער געוואָרן מיט 200 ר׳ אַ חודש און וואָס וועט זײַן ווײַטער? כאַ־כאַ־כאַ! בײַ קרילאָוון הייסט עס медвежья услуга. איך גריס אײַך רעכט פרײַנדלעך.

שלום־עליכם

## 634. צו ל. קאַהאַן

מאָנטרע, 15. 12. 1911

שטרענג קאָנפידענציעל, באַלדיקע תשובה — יעדן פאַלס יאָ־יאָ, ניין־ניין!

מײַן גוטער־פרײַנד קאַהאַן!

אײַער בריוול איז בײַ מיר באמת געוועזן אַ בשורה־טובה — אַלץ איינס, אויב מיר וועלן אַ שידוך טאָן מיט אײַך אָדער ניט, ווײַל — איר ווייסט עס — איך האַלט פון אײַך אַן עולם־ומלואו. און ווײַל איך האַלט פון אײַך, פאַרטרוי איך אײַך אַ סוד־כּמוס. איך שטיי בײַם ענדיקן מיטן „הײַנט" אויפן יאָר 1912 אויף די זעלבע באַדינגונגען, וואָס ביז אַהער. נאָר ווײַל עס גייט אין אַ קליינעם פּרינציפּיעלן פּונקט, קאָן זיך מאַכן, אַז מיר זאָלן זיך מיטן „הײַנט" אַזוי פרײַנדלעך צעשיידן, ווי מיר האָבן זיך באַגעגנט. לכן שרײַב איך אײַך מײַנע באַדינגונגען. איז אויב עס קאָמבינירט אײַך, קאָנט איר מיר דעפּעשירן צוויי ווערטער: „סאָגלאַסען קאַהאַן". בין איך גרייט אײַך אָפּצוענטפערן מיט צוויי ווערטער: „סאָגלאַסען שלום־עליכם". וועט דאָס זײַן בײַ אײַך אַ פּאַראָל, אַז איך בין אײַערער, און איר קענט דעמאָלט אַנאָנסירן גאַנץ ברייטלעך מיט דער גאַנצער פּאָמפּע. און אָט זײַנען די באַדינגונגען: 1) איך שרײַב אויסשליסלעך אין דיזער צײַטונג, 2) איך גיב פעליעטאָנען, ראָמאַנען אאַז״וו. 3) אַלע מאָנאַט, דעם ערשטן, באַקום איך 600 רובל על חשבון האָהאָנאָראַר, 4) נאָך אָפּלויף פון 6 מאָנאַט ווערט אונטערגעפירט אַ חשבון פון די שורות. פאַר דער שורה פון 6—7 ווערטער שמאָלע — „הײַנט" — באַקום איך 12 ג״נ, איז אויב סע קומט מיר אַרויס, ווערט מיר דערצאָלט, און אויב עס קומט פון מיר אַרויס, בין איך פאַרפליכטעט דעם צווייטן האַלבן יאָר דערשרײַבן די צאָל שורות, 5) יעדן פאַלס בין איך מחויב געבן ניט ווינציקער פון 20.000 שורות, 6) מער שורות איבער דער נאָרמע קאָן איך געבן נאָר דאַן, ווען די רעדאַקציע פאַרלאַנגט עס, 7) איך קאָן געבן איין חודש מער, דעם אַנדערן ווינציקער, 8) קיין דעות זאָגט מיר ניט די צײַטונג, וואָס איך זאָל שרײַבן. איך ווייס אַליין, וואָס ס׳איז אין אַ געוויסן מאָמענט מער ניצלעך, און דאָס גיב איך.

אָט האָט איר אײַך אַלע פּונקטן. אויב עס לוינט זיך אײַך, און אויב איר פאַרשטייט, אַז איר קאָנט אויסהאַלטן אַ יאָר (ווינציקסטנס אַ האַלב יאָר) [אַ האַלביאָריקן אָפּמאַך צוליב אײַך אויס גוט־פרײַנדשאַפט, אָבוואָהל איך בין איבערצײַגט, אַז איר וועט אַליין וועלן אויך דאָס צווייטע האַלב יאָר], דאַן קאָנען מיר ווערן מחותּנים. שרײַבן צופעליק —

קאָן איך ניט און טאָר ניט לויטן אָפּמאַך מיטן „הײַנט״. איך קאָן זײַן אָדער דעם „הײַנטס״ אָדער דער „וואַרהײַטס״. ביידנס — ניט.

וואָס איך האָב צו געבן פונעם 1טן יאַנואַר? — דאָס איז אַ גאַנץ נײַער ראָמאַן פונעם ייִדישן לעבן אין קיעוו. הומאָריסטיש און סענסאַציאָנעל אין רייִנסטן זינען. פאַר־כאַפּט אַ שטראָם פון פּאָליטיק, וועלכעס וואַרפט דאָס ייִדנטום איצטיקע צײַט אין היץ און אין קעלט. און דאַטש אַלל! איך ווינטש אײַך יעדן פּאַלס גליק און אַריכות־ימים.

שלום־עליכם

פּ.ס. אַ סוד דאַרף איך אײַך זאָגן (אַלץ, וואָס איך שרײַב, איז בסוד), אַז קוים מיר וועלן מחותנים, איז אַ סברא, אַז איך זאָל קומען אויף אַ גאַסטראָל קיין רוסלאַנד און קודם־כּל־הקודמס גלײַך קיין לאָדזש און פון דאָרטן ערשט קיין וואַרשע און פּעטערבורג און באַלד צוריק אין דער שווייץ, ווידער אַ מאָל דורך לאָדזש. — איך האָב אָבער מורא, אַז אײַערע רײַכע שותּפים זײַנען קבצנים און עס וועט דערפון גאָרניט זײַן. דאָן איז לא פּידלתי! — גריסט אײַער ווײַבעלע ג״פ.

## 635. צו יעקב דינעזאָן

[19]12 .1 .14/13

אוי דינעזאָן! דינעזאָן!

איר מיינט, אַז איר זענט שוין אין גאַנצן פּאַרטיק? פון איין צרה אַרויס — אין דער אַנדערער אַרײַן. און נאָך וואָס פאַר אַ צרה! און די נײַע צרה איז שוין נישט מיטן „הײַנט״ נאָר טאַקע מיט דינעזאָנען אַליין. ווער וואָלט זיך עס גערעכט אויף דינעזאָנען, ער זאָל קענען אַ פרײַנד אַזוי האַנדלען! בלי גוזמא זאָג איך אײַך, אַז ווען כּל מלכי מיזרח ומערב זאָלן קומען און מיר זאָגן אויף אײַך, אַז איר זענט פאַלש, וואָלט איך זיי געזאָגט, אַז זיי זענען פּאַררוקט! מײַן אייגענעם ברודער — וואָס זאָג איך ברודער? איך וואָלט מײַנס אַ קינד אַזוי פעסט נישט געטרויט ווי איך טרוי אײַך. און איר האָט עס אַליין אויך גאַנץ גוט געוווּסט און דאָך האָט איר מיך הינטער מײַנע פּלייצעס געקויפט און פאַרקויפט.

יאָ, געקויפט און פאַרקויפט!

אויב קין האָט געהאַנדלט מיאוס אַקעגן זײַן ברודער הבל, האָט ער עס געטאָן אין די אויגן. בלא שפתי חונף. און איר קעגן מיר... נאָר למאי זאָלן מיר אויסברענגען פּולווער אומזיסט? צו וואָס קלאָגעדיקע רייד? איך פאָדער פון אײַך פולע באַפרידיקונג, ווי אַ געוועזענער פרײַנד, ווי אַ קאָלעגע און ווי אַ מאַן פון מײַן פרוי! איך מיין, איר ווייסט שוין פון וואָס פאַר אַ באַפרידיקונג איך רייד, אויב ס׳איז איבער הויפּט מעגלעך, איר זאָלט זיך נאָך רייניוואַשן פאַר מיר, פאַר גאָט און פאַר אײַער אייגן געוויסן...

ווייסט איר, אַז שוין 28 יאָר נאָך דעם, ווי איך בין מיט מײַן אַלגען געבונדן כּדת משה וישראל און באַקענט מער אַז 30 יאָר? ווייסט איר, אַז זי איז אַ מוטער פון זעקס קינדער מיט צוויי אייניקלעך, וואָס זײַנען פאַררעכנט בײַ אונדז פאַר קינדער? ווייסט איר, אַז אין די דרײַ צענדליק יאָר איז צווישן אונדז נישט פאָרגעקומען קיין מיספאַר־שטענדעניש אויף איין מינוט, אויף איין רגע? הײַנט ווי וואַגט איר אײַך, פרעג איך

אײַך, מיט וואָס פּאַר אַ רעכט דערלויבט איר אײַך צו דערקלערן זיך אין אײַער בריוו אין ליבע צו מײַן פרוי?! אויף וואָס באַגרינדעט שיקט איר אַרײַן צו איר אײַער בילד?! איר וועט זאָגן תּירוצים, אַז דאָס איז צוליב אײַערע פּלימעניטשקעס? פּוסטע דיבורים! מע ווייס די זאַכן! איר זעט אויס אויפן בילד ווי אַ יונגער־מאַנטשיק פון העכסטנס אַ יאָר 28 — 30. איר זענט — מוז איך צוגעבן — אויפן בילד אַ גאַנץ שיינער בחור. פײַן, אָבער וואָס האָט איר צו מיר? צו מײַן שלום־בית? מײַן פרוי, איך האָב זי געטראָפן שפּיגלענדיק זיך אין אײַער קאַרטל, פרעגט מיך: „וואָס זאָגסטו? איאָ אַ שיינער בחור דינעזאָן?" אַ פּיסטויל ווען איך האָב דעמאָלט שיס איך אָדער זיך אָדער זי אָדער אײַך! ראַכע!! ראַכע!!! האָב איך אויסגעשריגן נישט מיט מײַן קול נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעלייענט אײַערע זיסע צוקערדיקע ווערטער צו איר, ווי איר זענט מודה, אַז איר זענט צו איר נישט גלײַכגילטיק (אײַערע רייד!) דערזען, אַז איך בין געוואָרן אויס מענטש, האָט זי מיך גענומען טרייסטן אַז ווערנד זי איז געווען אין וואַרשע האָט איר זיך בײַם געזעגענען מיט איר זאָגאַר געקושט! — אָ! הימלען!! אָ! גאָט!!! ניין. אויף אײַך, דינעזאָן, האָב איך מיך אַזעלכס נישט געריכט. איך פאָדער באַפרידיקונג, אַ דועל מוז צווישן אונדז זײַן! אַ דועל!! באַשטעלט אַ סעקונדאַנט וועמען איר ווילט. איך רעכן נעמען יאַצקאַנען. אויך געווער קלײַבט אײַך אויס וועלכע אײַער האַרץ גלוסט. דער פלעק מוז אָפּגעוואַשן ווערן! איך קאָן מער נישט שרײַבן, ווײַל איך האַלט אין מיטן ראָמאַן (פאַרן „הײַנט"). אַדיע!

שלום־עליכם

## 636. צו ד״ר גורוויטש, ש. גינזבורג, ש. דובנאָוו

Петербург, д-ру Гурвичу, С. М. Гинзбургу и С. М. Дубнову, 16/29.1.1912

זייער געערטע פרײַנד און קאָלעגן!

גוואַלד, ווו זענט איר געוועזן מיט אַ פּאָר וואָכן פריִער, בעת איך בין געשטאַנען אויף משקולת מיטן „הײַנט", אַהין אָדער אַהער? די באַדינגונגען מײַנע מיטן „הײַנט" — איך שרײַב עס אײַך, נאַטירלעך, קאָנפידענציעל — זענען פון דער מאַטעריעלער זײַט באַפרידיקנדיק און געזיכערט, אָבער אַ פּונקט איז בײַ אים פאַראַן, אַז שלום־עליכם, וואָס קאָסט אים צימלעך טײַער, געהערט אויסשליסלעך אים און ווײַטער קיינעם ניט (אין דער ייִדישער שפּראַך). ווי איר זאָלט דערויף ניט קוקן און וואָס פאַר אַ מיינונג איר זאָלט ניט זײַן וועגן שלום־עליכמען דעם „פאַרקויפטן" — איז דאָס אַ פאַרפאַלענע זאַך און שולדיק זײַט איר אַליין במחילת כּבודכם, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט דער אידיי פון אַ זשורנאַל, וועלכער איז מײַן אַלטער אידעאַל, און שטיקט זיך מיט איר ביז דער לעצטער מינוט! — זאָגן, אַז איך ווינטש אײַך „דערפאָלג" איז דאָס צו אַ באַנאַלע ברכה. צענדליקער אַבאָנענטן און צוועלף טויזנט איינצלנער פאַרקויף — אָט וואָס איך ווינטש אײַך פונעם גאַנצן האַרצן!

מיט פרײַנדלעכסטן גרוס!

שלום־עליכם

P.S. דער יצר־הרע פון אַרבעטן אין אַ זשורנאַל, ניט געדאַכט זאָל ער ווערן, איז אַזוי גרויס בײַ מיר, אַז איך שרײַב אַ בריוול צום „הײַנט" און בעט אים ער זאָל לאָזן אַ מאָל, איין מאָל אין חודש, שלום־עליכמען מאַכן אַ שפּאַצירגאַנג מיט דער מוזע אינעם גאָרטן פון דער „יידישער וועלט" — דרוקן אָבער מײַן נאָמען איז ניט נייטיק. איר מיינט דאָך ניט די הגדה, איר מיינט דאָך די קניידלעך.

## 637. צו ש. שרעבערק

[19]12 .2 .1

מײַן זייער פּאַרערטער פרײַנד ה' שרעבערק!

איך האָב אײַך שוין אויף אײַער ליבנסווערדיקן בריוו געענטפערט מיט גרויס דאַנק פאַר אײַער מי. איצט טייל איך אײַך מיט, אַז כ'האָב אַרויסגעשיקט קיין ניו־יאָרק נאָך מאַטריצן אויף נאָך אַ נײַעם טאָם. קאָמיוואָיאַזשאָרן, כּדי דאָס „טאָגבלאַט" זאָל האָבן 4 טאָמען גרויסע אָנשטאָט 6 קליינע און נישט קאָנען מער דרייען אום אַרויסצודרייען זיך. ביז מר' לובאַרסקי קומט (אַרום 15 פעבר') וועט שוין דער נײַער טאָם זײַן אין ניו־יאָרק. — אַרויסגעשיקט איז עס געוואָרן פריִער דורך אייניקע אַדרעסן, אונטער זיי אויך צו מר' פּאַללער וועלכער האָט אײַך איבערגעגעבן דעם בריוו.

איצט, אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מר' פּאַללער. דאָס איז מײַן יונגער פרײַנד וועלכן איך האָב אײַנגעאָרדנט אין „מאָרגן זשורנאַל" און ער אוואַנסירט, מאַכט פּאַרשריט, נאַטירלעך דערווײַל מער מאָראַליש אַלס מאַטעריעל. ער האָט אפשר נאָך ווינציק אין די בענק אויף דעפּאָזיט. דערפאַר האָט ער זייער געלונגענע סקיצעס וועלכע ער האָלט אין שרײַבן, און אויך שוין געדרוקטע זאַכן, וואָס לוינט זיך אַרויסצוגעבן. עס וואָלט מיר געווען אַ נחת־רוח ווען איך וויים אַז איר האָט אים וואַרעם אויפגענומען און אַרײַנגעטראָטן מיט אים אין אונטערהאַנדלונגען וועגן אַרויסגעבן זײַנע בעסערע זאַכן אין אײַער ביכער־פאַרלאַג „צענטראַל". עס דאַרף אײַך גאָרנישט אַרן וואָס ער איז אפשר צו יונג. די יונגע האָבן אַ מאָל בעסערע זאַכן ווי די אַלטע. מיר זענען אויך גאָרניט לאַנג געווען יונג, און אַז איך הער מע ציילט מיך צווישן די אַלטע, ווער איך מוראַדיק אויפגערעגט. איבעריקנס, דער יונגער פּאַללער איז איצט פאַר אײַערע אויגן און זײַנע זאַכן קאָנט איר דורכקוקן. איך בין זיכער, אַז איר וועט זײַן צופרידן און מיך וועט עס פרייען צו הערן, אַז איר האָט מיט אים עפּעס געמאַכט.

אײַער פרײַנד שלום־עליכם

## 638. צו יו. פינוס

קלאַרענס, 17/4. 4. [19]12

מײַן ליבנסווערדיקער פינוס!

נאָר וואָס געענטפערט מיט אַ טעלעגראַם אויף אַ טעלעגראַם פון „סאַוור' פּראָב־

לעמי", אַז דער מאַטעריאַל איז אַרויסגעשיקט. איך האָב אים מיט אַ וווערטפולן בריוו אָפּגעשיקט (מיט אַ בײַגעלייגטער קאָפּיע) אויף זייער אַדרעס.

איך בעט אײַך, ערשטנס, דורכקוקן „סטעמפּעניו" נאָך אַ מאָל אין הסכּם מיט די אויסבעסערונגען וואָס זײַנען דורך מיר אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אין ערשטן קאַפּיטל. צווייטנס, דעם אָריגינאַל פון ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי" אויסבעסערן אין הסכּם מיטן אָריגינאַל פון די ערשטע קאַפּיטלען, דורך אײַך שוין איבערגעזעצטע. ווען מײַן געזונט וואָלט געווען באַפּרידיקנדיק און איך וואָלט געווען פרײַ, וואָלט איך אַ סך געענדערט. איצט אָבער פאַרלאָז איך זיך אויף אײַך. אַגב (און דאָס איז אײַך אַ מוסטער אויף ווײַטער), איבערזעצט איר „ער האָט אָנגעהאַנגען אַ לונג־און־לעבער" אַאַז"וו "Он подвесил легкое и печенку". שוין זשע איבערזעצן זיך אידיאָמען? עס באַקומט זיך דאָך אַ שרעקלעכער אַבסורד, עס איז דאָך אַ חרפּה אַזוי צו ריידן אין רוסיש פאַר רוסישע. זײַט אַזוי גוט, גיט עמעצן אַ ר ו ס י ש ן די פּאַרטיקע איבערזעצונג.

איך דערוואַרט אַן ענטפער

ש.־ע ל י כ ם

## 639. צו ש. ניגער

קלאַראַן (שווייץ), רי די לאַק 15, 12טן אַפּריל 1912

זייער געערטער פרײַנד ניגער!

איך ענטפער אײַך אויף אײַער ליבן בריוו בחיפּזונדיק און גייענדיק, כּמעט לויפנדיק. קיין אַנדער צײַט האָב איך ניט.

דעם ראָמאַן „די בלאָנדזשענדע שטערן" וועל איך אײַך געבן נאָר מיט דרײַ תּנאָים:

1) איר זאָלט וויסן, אַז דעם סוף וועל איך איבערמאַכן.

2) קיין בן־אָדם זאָל ניט זען בײַ אײַך דאָס בוך (אַמעריקאַנער אויסגאַבע), אויסער איר און אײַער ווײַבל, מײַן אַמאָליקע חסידה מיידלווײַז. נאָכן איבערלייענען באַלד אָפּשיקן מיר. און —

3) איר זאָלט תּיכּף־ומיד ווי איר באַקומט אָט דאָס בריוול זיך אָוועקזעצן, נעמען אַ פּאָר בייגעלעך פּאַפּיר און אָנשרײַבן מיר אָט וואָס: איר זאָגט, אַז איר האָט דער־וואַרט, און אויך איצט וואַרט איר, פונעם גויעצל עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל וווּנדערן (אָפּטון אַ שטוקע). וואָס מיינט איר דערמיט? איר זאָגט: דאָ דאַרף זיך אַנטפּלעקן עפּעס אַ נײַער קנייטש. וואָס מיינט איר דערמיט? איר זאָגט: אַ קאָמפּליצירטע פּסיכאָלאָגיע קאָן זיך אַנטוויקלען. וואָס מיינט איר דערמיט? נו, געוויס האָב איך מײַנע פּלענער און איך האַלט שוין ווײַט. איך דאַרף אָבער הערן וואָס איר מיינט. איר זאָגט, אַז דער מחבר איז אַבסאָלוט ניט מחויב אאַז"וו, מחויב — אפשר ניט. אָבער איך וויל הערן אײַער וואָרט, אײַערע חלומות, ווי וואָלט איר געטאָן? איך זאָג ניט: ווי אַזוי? איך פרעג נאָר: וואָס וואָלט איר געטאָן מיטן גויעץ? — — — (זע זײַט נומער 16). למען־השם, זיך ניט זשענירן, ניט קווענקלען, נאָר אָפנהאַרציק, ווי אַ גוטער פרײַנד, און דער עיקר: באַלד, שוין, הײַנט, טאַקע בזה הרגע.

און ווי כ׳וועל באַקומען אײַער ענטפער, דאַן שיק איך אײַך די „בלאָנדזשענדע שטערן״.

וועגן מײַן געזונט? — פולשטענדיק. ניט נאָך אַזוי געזונט, ווי פריש און יונג. מע ווערט יינגער (אינעם שאָפּן מיין איך). איך זאָג עס אײַך ערנסט. — איר האָט אַ ביסל פאַרדרייט דעם פינסקער בחור מיטן סטודענט טומאַרקין. די דאָזיקע צוויי לעבעדיקע נפשות בעטן זיך בײַ מיר, איך זאָל זיי נאָך אַרויספירן און אַרויספירן, שטייט אָבער דער אָדון דער רעדאַקטאָר און שרײַט: „מעשׂה! מעשׂה! מעשׂה גיט! ווינציקער טיפן, מער מעשׂה!״ — איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ דראָט־אַרבעט, אַז איך האָב געקאָנט דורכשלאָגן אַזאַ היפּאָפּאָטאַמישע פעל פון די, וואָס לעקן די פינגער פון דער „פאַר־שלייערטער דאַמע״, זיי זאָלן מײַן ראָמאַן אויך לייענען מיט אינטערעס, וועלכער וואַקסט פון טאָג צו טאָג. איך שרײַב עס אײַך, נאַטירלעך, בסוד. ביז אַ געוויסער צײַט מוז עס זײַן אַ סוד. אַ מאָל, אַז מיר וועלן לעבן, וועל איך פאַרעפנטלעכן אַ פּאָר בריוולעך פון אַ ייִדישן רעדאַקטאָר צו אַ ייִדישן שרײַבער, וועט מען זיך קאַטשען פאַר געלעכטער (און דער מחבר, קאָן זײַן, האָט גאָר געוויינט...). באם אָבער איך וועל אַוועק פאַר דער צײַט וועלן עס מסתּמא טון אַנדערע. די בריוולעך ליגן בײַ מיר. מײַנע ענטפערס אויך. מײַן בערקאָוויטש ווייסט די גאַנצע געשיכטע און האָט זיך געריסן בײַ די שוואַרצע האָר... איצט האָב איך שוין אַ הסכּמה פון דער רעדאַקציע, אַז דער ראָמאַן האָט זיך, ברוך־השם, אָנגענומען. די לעזער פרעגן זיך, אַ פּנים, נאָך, וואָרעם ער זשאַלעוועט קיין געלט און באַקט בייגל, ווי איר זעט, אַ טאָג איבער אַ טאָג. בקיצור — ליהודים!

מאָרגן־איבער מאָרגן וואַרט איך אויף אײַער בריוו.

שלום־עליכם

פּ.ס. — עיקר שכחתי. ס׳איז נייטיק, איר זאָלט וויסן. לכן אַנטפּלעק איך אײַך אַ סוד (גאָלע סודות!), אַז דער גויעץ איז דער הויפּט־באַשולדיקטער אינעם „ריטואַל״ פונעם געהרגעטן וואַלאַדקי... אַלע „אוליקן״ זײַנען נאָר קעגן אים, און ער וועט דאַרפן זיך אַוועקזעצן אויפן בענקל. דערווײַל וועט ער אַרײַן אין אָסטראָג און האָבן אַ ביסל צרות און פאַרשוואַרצט ווערן, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. נאָר כאַפּט זיך ניט: ער וועט בײַ מיר פריִער נאָך לויפן מיט אַלע ייִדן פון אַ מורא פאַר אַ פּאָגראָם, גלײַך מיט אַלע „מענטשן־פליגן״ — הכּלל, וואָס האָט איר דערויף צו זאָגן? איך בעט אײַך, אָן כּבוד לייגן און אָן רחמנות. אויב מע דאַרף בײַטשן — בײַטשט. אויב מע דאַרף זאָגן — זאָגט. און וואָס גיכער. באַלד!

## 640. צום זעלבן

קלאַראַן, 14טן אַפּריל 1912

טײַערער פרײַנד ניגער!

1000 דאַנק אײַך פאַר אײַער טײַער בריוול, וואָס האָט מיך נאָך מער אָנגעוואַרעמט ווי איך בין. ניט אָפּלייגנדיק אויף שפּעטער, ענטפער איך אײַך באַלד, נאָך ליגנדיק אין בעט און שרײַבנדיק מײַן ראָמאַן שוין בײַ די פופציקסטע קאַפּיטלעך. (אין דער פרי שרײַב איך אין בעט ביז אַ זייגער 9־10. כ׳וואָלט געשריבן ביז אַ זייגער 13־14, לאָזט

מען מיך ניט. מע שרײַט אויף מיר!). אַלזאָ, צו אײַער בריוול. פּונקט די זעלבע געדאַנקען, וואָס איר ווילט זיך צו זיי דערגריבלען, ווערן בײַ מיר דורכגעפּירט נאָך אין די פּערציקסטע קאַפּיטלעך. פרייט עס מיך דעריבער, וואָס איך בין נישט אַוועק אין אַ פאַלשן וועג, נישט פאַרקראָכן קיין בויבעריק. עס פרייט מיך, וואָס איר וועט הנאה האָבן, און איך דאַנק אײַך נאָך אַ מאָל, וואָרעם איר האָט מיר צוגעגעבן מוט אויף צו גיין זיכערלעך. אַך! וואָס זײַנען מיר, ייִדן, אַזוי אומגליקלעך? בײַ די גויים אַ שרײַבער לאָזט זיך לערנען פונעם קריטיקער, הערט אויס אַ מאָל אַ לעקציע, ווייסט פון אַ מעטאָד און פון אַ סיסטעם, און נאָך אַזעלכע זאַכן. אַ ייִדישער קריטיקער דאַרף זיך פאַרענטפערן, התנצלות שרײַבן — איך מיין אײַך נישט באַליידיקן חלילה — איר וואָלט געקאָנט מיר גלײַך זאָגן: „שלום-עליכם! אַזוי און אַזוי טוט, וועט זײַן גימל, אַניט, וועט איר ליגן אין דער אַדמה!"...

הערט זשע. איך שיק אײַך די „בלאָנדזשענדע שטערן". לייענט זיי בײדע, איר און אײַער ווײַבעלע. און פון אײַך פאַרלאַנג איך, איר זאָלט מיר אַלע וואָך שרײַבן אַ בריוו, און אַלע מאָל נאָר פונעם „בלוטיקן שפּאַס". אַלע מאָל נײַע געדאַנקען, וואָס זאָלן זיך וועבן אין אײנעם מיט מײַנע בײַ דער ווײַטערדיקער אַרבעט, כּל-זמן דער ראָמאַן איז נאָך בײַ מיר אויפן וואַרסטעט. מכּוח פאָרן אין אײַערע מקומות — איז מיט פאַרגעניגן, נאָר בסוד (ווידער סודות!), און בתּנאי (ווידער תּנאָים!), אַז ניט לייענען, נאָר פּשוט, גלאַט אַזוי זיך זען, אַרויספאָרן אין אײנעם אויפן „גאָרטען" און דאָרט אַ ביסל ריידן, אַנטפּלעקן אײנס דאָס אַנדערע אַ ביסל דאָס אינעווייניקסטע פון דער נשמה... עס טוט מיר באַנג, וואָס מיר האָבן זיך אַ ביסל פריִער ניט דערנעענט. אויב איך בין פאַר אײַך א י ײַ נ ג ע נ ע ם, זענט איר מיר ניצלעך, ניצלעך אָן אַן ערך! —

אויף ווידערזען.

אײַער ש ל ו ם - ע ל י כ ם

## 641. צו יעקב דינעזאָן

1912 .5 .19/6

טײַערער דינעזאָן!

מזל-טוב דעם „הײַנט". מזל-טוב אויך אַלעמען, די מיטאַרבעטערס און לעזערס פון „הײַנט", דער פאַרשפּרייטער ייִדישער צײַטונג אין אונדזער פּוילן!

פאַר וואָס איך בין מער פריילעך פון אַלעמען — באַדאַרפט איר גלײַך פאַרשטיין. איך זע אַז יאַצקאַן און פינקעלשטיין זענען אַוועק מיטן ריכטיקן וועג און שטעלן זיך ניט אָפּ און וועלן נאָך גיין מסתּמא ווײַטער און וועלן הייבן זייער בלאַט צו דער מדרגה, אַז עס וועט זיך שוין בײַ קײנעם ניט אויפהייבן קיין האַנט וואַרפן אַ שטיין און דערמאָנען ניט נאָר פון „פאָרנאָגראַפיע", נאָר אַפילו פון שונד און געלער פּרעסע בכלל. אויב איר זעט זיך — גיט זיי איבער מײַן מזל-טוב. און פרצן אַוודאי! איך וואָלט אים אַליין געשריבן — האָט ער אַ מיאוסע טבע, אונדזער פרץ: ער ענטפערט ניט אויף קיין איין בריוול אַפילו צו די, וואָס האָבן אים באמת ליב און וועלכע ער וואָלט יאָ געמעגט אַ מאָל ענטפערן. נאָר יאָ ענטפערן, ניט ענטפערן — איר זענט איצט מיט אים

אין איין מחיצה, אין איין חדר — און איך פיל מיך גוט. הלוואַי זאָל דער חדר נאָך וואַקסן און וואַקסן און די „בעלי ההיינט" זאָל גאָט אַריינגעבן אַ שיין צו בויען דעם גרויסן בנין, וואָס הייסט „היינט", אַ פליגל, אַ מין מאָנאַטשריפט מיטן נאָמען דער „היינטיקער זשורנאַל", וואָס וועט גלאַנצן און קנאַקן, שיינען און לייכטן און באַלייכטן אונדזערע פאַרצויגענע הימלען אין דער שווערער ביטערער צייט וואָס מיר לעבן איבער אַליין.

אַצינד באַדאַרף איך אייך אָנזאָגן אַ בשׂורה־רעה, וואָס וועט אייך זיין ניט אַזוי אָנגענעם צו הערן: מיין ווייב און איער פריינד אָלגאַ איז קראַנק אויף „פלעביט", ווענאַ־אָנצינדונג (воспаление вены) אין אַ פוס און ליגט שוין אָן באַוועגונג די פערטע וואָך און מעגלעך אַז נאָך צוויי־דריי וואָכן (אָדער חלילה מער) זאָל זי נאָך דאַרפן ליגן, וואָרעם אויפשטיין איז געפערלעך. די שטוב איז אין גאַנצן צערודערט און מיר אַלע זענען ניט מ י ר.

איך רעכן אַז בערקאָוויטש (מיט דער פרוי, מיין טאָכטער טיסי) וועלן זיין די טעג אין וואַרשע און בערקאָוויטש וועט זיין באַפולמעכטיקט מיטן „צענטראַל" אַלעס צו מאַכן, זיי וועלן געוויס זיין ביי אייך מיט תּמרהן, שרייבן מער בין איך ניט בכּוח.

איך קוש אייך.

שלום־עליכם

און איצט אַ בקשהלע: זיך דורכגיין אין דער רעדאַקציע „היינט" און פאַר איערע אויגן זאָל מען איינפּאַקן אַ חודש „היינט" פונעם 1טן ביזן 31סטן יאַנואַר היינטיקס יאָר און אָפּשיקן דאָס פּעקל לויט דעם דאָזיקן אַדרעס:

Miss Hannah Berman

15 Arnot Street, s. c. Rod, Dublin (Ireland)

## 642. צו ש. ניגער

קלאַראַן, 29סטן מיי 1912

פריינד ניגער!

כלעבן, ס'איז ניט כּדאַי פון די „איבערגעכאַפּטע בריוו" צו ריידן. נו, פעליעטאָנען, לעבעדיקע אַפילו, פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, ווו צוויי מענטשן, איינער פון ד ע ר וועלט, דער צווייטער פון י ע נ ע ר וועלט, שרייבן זיך איבער, דערציילן נייס, ריידן לשון־הרע אויף לעבעדיקע און אויף טויטע, און ווייל דאָס זיינען געווען פליאָטקעס פון שפּאָלע, שוואַרץ־טומאה, ווילנע, ריגע, ראָוונע און איישישאָק — האָבן נאַראָנים אָנגעקוואָלן, געלעקט די פינגער ממש. איך האָב עס ערגעץ, נאַטירלעך, נאָר ווייט־ווייט באַהאַלטן, וואָרעם איך שעם מיך דערמיט, ווי אַן אַלטער זקן, ווען ער געפינט זיינס אַ בריוול, וואָס ער האָט אַ מאָל געשריבן צו זיינער אָדער צו אַ פרעמדער כּלה... איך מאַך נישט קיין חן, נאָר איך זאָג אייך בהן־שלי, אַז זיי האָבן קיין ווערט אַפילו אַלס כאַראַקטעריסטיק. פונקט, אַ שטייגער, אַזוי פיל, ווי אין דעם אַרטיקל „שלום־עליכם אין דער יוגנט", וועלכן איך שיק אייך דאָ בכּיוון. אַ חבר מיינס, וואָס האָט מיך ניט געזען

דרײַ און דרײַסיק יאָר, שרײַבט „ערינערונגען" איבער ש"ע — און וואָס איז דאָרטן דאָ? גאָרניט. איך חלום דעריבער וועגן פֿאַרברענגען מיט אײַך אַ פּאָר צענדליק שעה און עפּענען פֿאַר אײַך מײַן נשמה באמת. אָבער איך האָב מורא, אַז כ'וועל מוזן אַליין אָנשרײַבן מײַן אמתע ביאָגראַפֿיע און די געשיכטע פֿון מײַן שאַפֿן: זיי זײַנען בײַדע גלײַך אינטערעסאַנט. דער חסרון, וואָס איך לייג עס אָפּ אויף דער עלטער, און פֿיל מיך אַזוי יונג און וועל מיך אַזוי פֿיל פֿילן, דאַכט זיך, ביזן לעצטן טאָג פֿון מײַן „יוגנט", און מײַן אויטאָביאָגראַפֿיע וועט בלײַבן ניט קיין געענדיקטע. ווי קאָן מען שרײַבן ביאָגראַפֿיעס, אַז מע האַלט ערשט בײַם אָנהייב שאַפֿן? איך שיק פֿאַר „ב. טשאַרני־לוריא" דאָס באָברויסקער פֿעליעטאָנדל, ווײַל עס האָט אַ שײַכות מיט איר מיידלשאַפֿט, אָדער — ריכטיקער — קינדהייט.ביידע זאַכן, נאַטירלעך, מיר צוריק אָפּשיקן. מײַן פֿרוי איז נאָך אַלץ צו בעט.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — איר האָט אַ חסיד, הייסט ער שמעון דאָבין. ווו איז ער? זײַן אַדרעס?

## 643. צו ש. דאָבין

קלאַראַן (שווייץ), 5/23. 6. 12[19]

ליבער פֿרײַנד דאָבין!

אײַער בריוו דערהאַלטן. אַ קורצער ראַפּאָרט:

איך בין געזונט און שרײַב אַ סך. געוויס לייענט איר מײַן איצטיקן ראָמאַן. מײַן פֿרוי איז לײדער ניט געזונט: דאָס הייסט טאַקע גוט קראַנק אויף „פּלעבּיט" אויף אַ פֿוס. מע האָט געשמועסט וועגן אַן אָפּעראַציע בײַם פּר' ראָו אין לאָזאַן. אפשר וועט דער אייבערשטער טאָן אַ נס, מע וועט זיך באַגיין אָן אַן אָפּעראַציע. די זיבעטע וואָך, אַז זי ליגט צו בעט, נישט גוט אויפֿן האַרצן.

מישאַ איז געזונט און לערנט אין לאָזאַנער אוניווערסיטעט. עמאַ און מאַרוסיאַ זײַנען „שוועסטער", ליבהאַרציקע „שוועסטער" און טרעטן ניט אָפּ פֿון קראַנקן בעט. — נומע לערנט אין קינדער־גימנאַזיום אויף סאַמע פּינפֿן. אַ שייגעץ הגדול הגיבור והנורא! לערנט העברעיִש אַחוץ איין מאָל אין וואָך — אַן עסלעפֿל. —

מײַן עלטערע טאָכטער מיטן מאַן בערקאָוויטש און קינד טאַמאַרע קומען אין גיכן צו אונדז.

מײַן צווייטע טאָכטער מיטן מאַן קויפֿמאַן און קינד בעלאַ קומען אין גיכן צו אונדז.

דער ראָמאַן אין „הײַנט" מאַכט, זאָגט מען, אַ „סענסיישאָן". ווי איז מיט אים במחניכם? דעם „הײַנט" נומער 108 האָט מען מחילה קאָנפֿיסקירט פֿאַרן קאַפּיטל 48 פֿון מײַן ראָמאַן („דער בלוטיקער שפּאַס"), און אַ סברא, אַז די רעדאַקטאָרןביידע זאָלן זיצן אויפֿן בענקל און שוויצן „פּאָ סטאַ סאָראָק דעוויאַטוי"... אַ מיצווה: גאָט שטראָפֿט זיי דערפֿאַר, וואָס די „געשלייערטע דאַמע" גיבן זיי מיט דער שיסל און דעם „שפּאַס" מיט אַ קאָווע־לעפֿעלע צוויי מאָל אין וואָך קוים, קוים, ווײַל ער בײַסט זיך!... פֿון עטלעכע שטעטלעך, האָב איך געהערט, איז מען אַוועק צו דער רעדאַקציע מיט פּראָטעסטן. נאָר

געגוג פון מיר. וואָס הערט זיך בײַ אײַך ? ווי לערנען אײַערע ווײַסע־חברהניקעס ? וואָס שרײַבט איר פאַרן נײַעם זשורנאַל „די ייִד׳ וועלט", ווו איך האָב געזען אײַער נאָמען ? און וואָס שרײַבט איר אינעם „וווהין" ? חבר יונה איז אין לייזען בײַ מאָנטרע 1000 מעטער די הייך. ער קרענקט זיך שטילערהייט. זײַן פרוי איז אין קיסינגען. ד״ר מאַנדעלבערג ווױנט ניט ווײַט פון אונדז. רחלען זעט גריסט פרײַנדלעך און זלמן־איטשען אויך. אַ גרוס יאָסעלען, כעמעלען און זעמעלען. וואָס זאָל איך זיי שיקן ? —

שלום־עליכם

P.S. למען־השם פאַרלירט ניט מײַנע בריוולעך. איך האָב געהערט, אַז נאָך מײַן טויט וויל מען זיי צונויפזאַמלען און אַרויסגעבן אין אַ בוך. שאַדע, וואָס איך וועל שוין ניט זײַן דערבײַ... געוואָלט זען, וואָס פאַר אַ פּנים דאָס נאַרישע בוך וועט האָבן... — יאָ, אַ סברא, אַז דער „שפּאָס" זאָל זיך דרוקן אין „רוס׳ באָגאַטסטווע". איך וואָלט עס זייער וועלן. איך האָב ליב דעם גוי קאָראָלענקאָ אַ סך־נות. וואָס איז אין קאָרסון — אַ רעכטע בלאָטע ? איך האָב דאָרט אַ מאָל געגעסן ווײַנשל, ניט קיין שלעכטע ווײַנשל. ליובאַרסקי איז דעמאָלט געווען אַ בחור אַ ווערגעלע, שלעז האָט געשאָטן מיט ווערטלעך, און איר זײַט געווען אַ ייִנגל אַן עזות־פּנים, און איך האָב פאַרמאָגט איין פּאָר שטיוול מיט אויסגעטראָטענע אָפּצאָסן, און מיידלעך האָבן מיך ליב געהאַט דאָס חיות, און ווײַבלעך אויך, און איך האָב געלאַכט פון זיי חוכא ואטלולא און קליינלעכע אינטערעסן — טפו ! אַ ביסל צערעדט זיך, ווי אַן אמתע ייִדענע. אַנטשולדיקט מײַנע פּלוידערײַ ! אַ מאָדנער כאַראַקטער : איך קאָן ניט זען קיין ליידיק שטיקל פּאַפּיר.

שלום־עליכם

## 644. צו בעל־מחשבות

[קלאַראַן] 28סטן יולי 1912

ליבער דאָקטער עליאַשעוו המכונה „בעל־מחשבות" !

אַזוי האָט איר זיך איצטיקס מאָל געחתמעט, אַזוי רוף איך אײַך.

„עמך ישׂראל צריכים פּרנסה"...

און דעריבער, זאָגט איר, איז אַן אַן אומגליק, אַז אַ שרײַבער, און אַ ייִדישער דערצו, זאָל אָנשטופּן דעם רעדאַקטאָר מיט אַלטע צײַטונג־אַרטיקלען אין זײַן ראָמאַן אאַז״וו.

תּחילת האָט עס מיך געגעבן אַ ברען אויף צו לאַכן, נאָר אַזוי הויך און אַזוי הילכיק, אַז איר זאָלט דאָרט אין היידעלבערג דערהערן מײַן געלעכטער. דערנאָך האָט עס מיך אָפּגעהאַלטן : סטײַטש — דאָס שרײַבט דאָך ניט... („פּאַרדופּע" הייסט עס בײַ אים, ווײַל פּרנסה איז אים שווער אַרויסצוריידן איבער דעם, וואָס ער איז אַ ביסל שטיפּעוואַטע אויף דער צונג און אָפטלעך איז בײַ אים די נאָז פאַרלייגט). *** האָט מיר אַ מאָל געהאַט אַ זאָג געגעבן, אַז בײַ אַ שרײַבער איז דער עיקר פּרנסה, האָט דאָס מיך געעקלט צען יאָר נאָך אַנאַנד. איצט קומט דער אייראָפּעער, דער קלוגער בעל־מחשבות,

און זאָגט כּמעט דאָס זעלבע, נאָך אין אַ מער ציניִשן טאָן — נו, ווי זאָל מען ניט לאַכן? ווי קאָן מען זיך איַינהאַלטן און ניט לאַכן? אויף יוניש הייסט עס: Попали пальцем в небо. ברודער בעל־מחשבות! ניט נאָר איצט, וואָס איך בין גאָר ניט אָפּהענגיק פונעם „היַינט", וואָס איך קאָן שוין לעבן, ברוך־השם, פון די ביכלעך אַליין, וואָס צעגייען זיך אין די צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן, ניט נאָר אין דעם דאָזיקן ראָמאַן, וועלכן איך גיב אַוועק מיַין גאַנצע זאַפט און קראַפט, בלוט און מאַרך, פיַיל און פּאַליר און שריַיב איבער, ווייניקסטנס, זעקס מאָל איטלעכס קאַפּיטל (אָפטלעך — צען מאָל), — אַפילו אין די גאָר ביטערע ציַיטן, ווען איך בין געווען אויף גרויסע־גרויסע צרות, אַרומגעלאָפן נאָך אַ גמילות־חסד אויף „פּראַוואָטשעניע" פאַר די קינדער, מיט וועלכן ס'איז געווען פאַרבונדן מיַין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" און מיַין עקזיסטענץ, אַפילו דעמאָלט בין איך אויך ניט געווען פעיִק צו געבן אַ רעדאַקטאָר „אַלטע ציַיטונג־אַרטיקלען צוליב פּרנסה". איין שטיקל זכות האָט איַיער בריוול (וועלכעס איך האָב באַהאַלטן לזכּרון, טאָמער וועט מען אַ מאָל אָפּדרוקן אונדזערע בריוולעך, ווען מיר ביידע וועלן שוין ליגן מחילה דאָרטן...), וואָס איר אַליין זאָגט, אַז איר האָט דעם ראָמאַן נאָך ניט געלעזן, און אַז איר זאָגט דאָס, וואָס איר זאָגט, מפּי השמועה. נאָר עס האַנדלט זיך ניט אום דער קריטיק. איר קאָנט מיַין ראָמאַן יאָ לעזן, און ער קאָן איַיך זייער שיין ניט געפעלן, און איר קאָנט זאָגן, אַז ער טויג אויף 700 כּפּרות. נאָר אַז איר וועט זאָגן, אַז איך האָב אים געשריבן נאָר משום שעמך ישׂראל צריכים פּרנסה, וועל איך מיך דערמאָנען אין ...ס „פּאַר־דופע" און וועל לאַכן. איך וועל לאַכן, ערשטנס, פון דעם, וואָס ס'איז גלאַט לעכערלעך. מיר דאַכט, אַז יעדער שריַיבער, ניט נאָר אַ שלום־עליכם, נאָר אַ סך אַ גרעסערער קאַליקע, וויל געבן דאָס בעסטע, וואָס ער פאַרמאָגט. און צווייטנס, וועל איך לאַכן, ווי וויַיט נאָענט און טיף אונדזערע קריטיקערס זיַינען באַקאַנט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון אונדזערע שריפטשטעלערס! איר זאָגט אין איַיער בריוו: „דאָס איז מיַין מיינונג, און ווי איז איַיער מיינונג, מאַעסטראָ?" די משמעות, אַז איר האָט געוואַרט, אַז דער מאַעסטראָ אַליין וועט איַיך ענטפערן: „אמת, וואָס טוט ניט אַ ייִד צוליב פּרנסה?"... און דאָס וואָלט זיַין ביַי איַיך, ווי זאָגט פּאַני: в порядке вещей. אָט אויף וואָס איך לאַך און וועל לאַכן! און וועגן דעם „סלוך" פון פּראָטאָקאָליסטישע אַרטיקלען, וואָס איר האָט געהאָרכט, ווייס איך דעם איסטאָטשניק, נאָר איך וויל פון אים ניט ריידן. טאָמער וועל איך אויפהערן לאַכן, און מיר ווילט זיך דווקא נאָר לאַכן. דער „איסטאָטשניק" איז מיר פאַרשטענדלעך. ער איז מיר באמת אַ גוטער־פריַינד און וואָלט זועלן, אַז מיט שלום־עליכם זאָל שוין אויפהערן אַ מאָל צו שלום־עליכמען, שוטים! נאַראָנים! זיי ווייסן ניט, אָט די גוטע־פריַינד, אַז שלום־עליכם האָט פאַרקאָטשעט די אַרבל און וויל ערשט אָנהייבן צו שלום־עליכמען. נאָר גענוג פון שלום־עליכם. וואָס הערט מען עפּעס ביַי איַיך? — — — ווי גייט'ס אין געזונט? און צי רעכנט איר ניט אַראָפּכאַפּן זיך אין דער שווייץ אויף? איך וועל זיַין היַינטיקע וואָך אין בערנער אָבערלאַנד: בערן, שפּיץ, טון, בעאַטענבערג אאַז"וו. אפשר קאָן מען זיך ערגעץ ווו צונויפקומען? שמועסן אַ ביסל, נאָר ניט וועגן „פּאַר־דופע"?...

איַיער שלום־עליכם

## 645. צו ש. ניגער

קלאַראַן, 2טן סעפּטעמבער 1912

מײַן זייער ווערדיקער פרײַנד ניגער!

לייענט דעם „פרײַנד" (נומער 183), אַ בריוו פון ה' שנעעפּאַל וועגן אַ ייִדישן 80־יאָריקן שרײַבער, אַ צייטונגס־טרעגער. איך בין דערשיטערט פון דעם פאַקט. בין אַרויס מיט אַ בריוו אין „הײַנט" (די טעג) און בין גרייט אַ פּאָר אָוונטן פאַר אים צו מאַכן: בײַ אײַך, אין בערן, און אין גענף. לכן זײַט גרייט און נעמט אַ טייל און שרײַבט מיר, ווען און ווו — נאַטירלעך, אָנהייב סעמעסטער.

איצט וועגן אײַער גרויסן אַרטיקל אין „לעבען און וויסענשאַפט" (קאַפּיטל 1). איך האָב נישט גענוג ווערטער צו לויבן אײַער טיפקייט און פאַרשטיין מיך מיט מײַן שאַפן. איך האָב מורא, אַז איר זײַט דער יעניקער, וואָס וועט זאָגן דאָס ערשטע און דאָס וויכטיקסטע וואָרט וועגן דעם, וואָס חתמעט זיך.

שלום־עליכם

נ.ב. — אויב איר זענט נאָך אויף די בערג און קלײַבט זיך קומען למחננו, וואָלט איר געהאַט אַ ביסל תּענוג צו הערן מיך לייענען אײַער אַרטיקל אינעם חוג פון מײַנע בני־בית, וועלכע ווילן אים הערן, נאָר איך האָב קיין צײַט ניט. ווען איר זאָלט זײַן, איז עפּעס אַנדערש. נעמט מען זיך צײַט!

הנ"ל

## 646. צום זעלבן

קלאַראַן, 5טן סעפּטעמבער 1912

אײַער בריוול דערהאַלטן.

פון אַדעס שרײַבט מען מיר, אַז דער „זיידע" איז גאָר אַנטיציקט פון אײַער קריטיק איבער מיר. ער האַלט, אַז ס'איז גאָר קפּריסין! בערקאָוויץ, וועלכער איז אַ קנאַפּער קאָמפּלימענטן־מאַכער, איז אויך צופרידן. — — —.

פאַר די ליטווישע אויסדרוקן בין איך אויף אײַך גזלן! (דער — די — דאָס). — אין אײַער אויסגאַבע קאָנט איר שטענדיק רעכענען, אַז איך בין אײַערער מיט וואָס נאָר מעגלעך.

שלום־עליכם

מײַן חסידה — אײַער ווײַבל — מײַן גרוס.

## 647. צו יצחק ראָזעט

לאָזאַן, 16טן אָקטאָבער 1912

ידידי יצ"ר טוב! גלײַך צום ענין: צוויי יאָר, אַז מײַן זון מיכאַיִל סאָל־טש, וועלכער האָט געענדיקט קיִעווער ערשטע גימנאַזיע מיט אַ מעדאַל, [איז] בעו"הר ניט געוועזן צוגענומען אין אוניווערסיטעט פון הייליקן וולאַדימיר. איצט איז ער בעז"היתב דעם

27סטן סענטיאַבער אַרײַן אין אַ יוריד׳ פאַק־ט, ברוך־דיין־אמת... מיין איך ברוך־שפּטרני!

איז דאָך גוט? — כאַפּט זשע ניט. דעם 15טן (נעכטן) איז געווען דער לעצטער טערמין פון „פּראַוואָטשעניע״, און מײַן זון איז גאָר הי. אַלזאָ, ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? האָט מען אים דאָך אַוודאי באַדאַרפט געבן דעם וועג — אויס קאַפּעליוש־מאַכער? זײַט זשע ניט אַזוי דאַסיק — שלום־עליכם איז גאָר ניט אַזאַ טיפּש, ווי איר מיינט, און זײַן זון איז אויך ווײַט פון אַ בהמה און פאַרלאָזט זיך ניט אויף נסים, איז ער זיך מישב נאָך דעם 9טן אָדער 10טן אָקטיאַבער, ווי באַלד נאָר ער האָט באַקומען פון סעקר׳ ה״ה הרבני מוה״ר דיעכטאַראָוו, אַז ער איז „זאַטשיסלען״, גייט ער און שיקט איבער דורך אַ פּיינער באַנק אַ שײַנעם טשעק און 45 רובל (כּנגד אַרבעים וחמישה מכּות) און דווקא על ידי הטעלעגראַף אין דער קאַנצעלאַריע, אַחוץ אַרײַנגעהאַקט אַ לײַטישע טעלעגראַמע: „היות, אַזוי ווי איך בין ׳זאַטשיסלען׳, האָב איך אײַך אַרויס־געמשלחט 45 רובל ׳פּראַוואָטשעניע׳ און אַ סווידעטעלסטוואָ פון אַ דאָקטער אַ ריינע אַ כּשרה, אַ זאָווערטע בײַם קאָנסול״ — און רופט מיך, הייסט עס, קנאַקניסל.

איז דאָך גוט — כאַפּט זשע ניט.

שיק איך אַוועק איין בריוו און נאָך אַ בריוו און קלאַפּ אַוועק איין דעפּעש און נאָך אַ דעפּעש, צו איין באַקאַנטן, צום אַנדערן באַקאַנטן, ער זאָל זיך מטריח זײַן אין דער קאַנצעלאַריע פון אונ׳ און זאָל אַ קוק טאָן, אַ שמעק טאָן און טאַקע אַ פרעג טאָן, וואָס הערט זיך מיט אַזאַ און אַזאַ סטודענט, אַ וואַסילק׳ מעשטש׳ מיכאַיל סאָלאָמאָנאָוויטש ראַבינאָוויטש? צוגענומען, צי ניט צוגענומען? איז נומער איינס. והשנית, אַזוי ווי דער חברה־מאַן איז ניט געזונט און קען באַלד ניט קומען קיין קיִעוו, איז אפשר מעגלעך ער זאָל קומען אין מײַ, צי ווען, האַלטן עקזאַמען. שוין העכער אַ וואָך, און עין קול ועין כּשב — אויסגעשטראָכן אַלע מײַנע באַקאַנטע און גוטע־פרײַנד! אַ פּנים, פון דער כאָלערע און אפשר משום וויבאָרעס? אויב איר, ידידי ראָזעט, לעבט נאָך און זײַט מיט די וויבאָרעס ניט פאַרכאַלאַפּורימט, און זײַט נאָך ניט אַזוי שטאַרק רײַך געוואָרן, אַז איר פאַרגעסט גוטע־ברידער, און זײַט מיר נאָך אַלץ אַ גוטער־פרײַנד, טוט איר מיר די טובה, כאַפּט אויף זיך די טענדעווערענדע מיט די טיפע קאַלאָשן, און אַ שטעקן פאַר־געסט ניט, און טוט אַ שפּאַן אַריבער מיט אײַערע קיין עין־הרע היפשע רגלים גלײַך אַהין צו און צעפרעגט זיך אַלצדינג, וואָס איך שרײַב אײַך, און שרײַבט מיר אַרויס אַלצדינג באריכות, נאָר קודם־כּל קלאַפּט מיר אַ דעפּעש, איין וואָרט „פּאַריאַדקע״.

ממני פון מיר אײַער אַלטער פרײַנד

שלום־עליכם

פּ.ס. פאַרגעסט נאָר ניט למען־השם גריסן אַלע אײַערע לײַט פון מיר און פון מײַנע ב״ב.

## 648. צום זעלבן

[אָקטאָבער 1912]

ידידי!

הײַנט האָב איך אײַך אַוועקגעשיקט אַ גאַנצע מגילה. איצט האָב איך נאָר וואָס

באַקומען אַ דעפּעש פון קיִעוו „ווסיאַ זו פּאַריאַדקע״ — על־כּן דאַרפט איר זיך וועגן דעם ניט מטריח זײַן אײַער עלטער און נאָר איין זאַך גוט געוווּיר ווערן, וועגן דעם, צי קאָן מען זיצן אין דער שווייץ און קומען איין מאָל אין יאָר אָדער צוויי מאָל און ווען אָפּגעבן דעם עקזאַמען, והכּל שריר וקיים? צי לאו מיט אַ גימל? — אַט דאָס, מער ניט, — ויהי רצון ואיחולי שלום־עליכם. און קיין דעפּעשן קלאַפּן דאַרף מען ניט, נאָר אַטקריטקעס, למען־השם להרבות באַטקריטקעס.

## 649. צו א. פּעטרישטשעוו

1912 .12 .20/7

פיל געערטער אַ. פּעטרישטשעוו!

אין הסכּם מיט אײַער בריוו פונעם 10.25 האָב איך אײַך אַרויסגעשיקט דעם ערשטן טייל פונעם ראָמאַן אויף צו באַקאַנען זיך מיט אים. די איבעריקע טיילן פונעם ראָמאַן וואָלט איך געקאָנט אין גאַנצן פאַרענדיקן און דורכרעדאַגירן אין משך פון די ערשטע צוויי־דרײַ חדשים פונעם דרוקן דעם ערשטן טייל, וואָס וועט קלעקן מער ווי אויף פיר חדשים. די פאָרזעצונג וואָלט מען געקאָנט צושטעלן טיילווײַז. אין פאַל, ווען מײַן ראָמאַן וואָלט דורך אײַך אָנגענומען געוואָרן, וואָלט איך שטאַרק געבעטן זאָרגעוודיק צו באַאַרבעטן די איבערזעצונג, מאַכן די נייטיקע קאָרעקטיוון אינעם סטיל פון דער רוסישער שפּראַך. נאָך וואָלט איך געבעטן, ניט פאַרהאַלטן דעם כּתב־יד און וואָס גיכער מיר געבן ענטפער, פאַר וואָס איך דאַנק אײַך פאָרויס.

מיט טיפער אַכטונג
ש.־עליכם

## 650. צו אַב(רהם) קאַהאַן

Mr. Ab. Kohen, N. York.
1912

זייער געערטער און כּמעט אומבאַקאַנטער קאָלעגאַ!

איך שרײַב צו אײַך בחיפּזונדיק, על־רגל־אחת, טאַקע אויף איין פוס, און בײַ אַ פרעמדן טיש אויף פרעמד שטעמפּל־פּאַפּיר, ווײַל די צײַט דערלויבט ניט אָפּצולייגן און ווײַל פרײַנד יצחק גאָלדבערג פון ניו־יאָרק אײַלט זיך זייער אָפּצופאָרן. אַלזאָ, די היסטאָריע פון דער געשיכטע איז אַזאַ מעשה: עס איז באַשערט געוועזן איך זאָל זײַן אין אַמעריקע און ניט באַקענען זיך מיט אַזאַ יידן ווי יצחק גאָלדבערג, און במילא שוין ניט זײַן באַקאַנט אויך מיט אײַך, וואָרעם ווען איך בין באַקאַנט מיט יצחק גאָלדבערג איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז איך וואָלט זיך באַקאַנט אויך מיט אײַך, — און דאָס איז זייער אַ שאָדן, אַ גרויסער שאָדן, וויינינקסטנס פאַר מיר! און אין אַ סך הינזיכטן, ווי עס וועט אײַך שוין געבן פאַרשטיין מר׳ גאָלדבערג. נאָר וואָס דען? פּאַני זאָגט:

„לוטשע פאַזדנאָ טשעם ניקאָגדאַ", און אַז פּאַני זאָגט איז דאָס אַ תּורה. לויט מר' גאָלדבערג האָט מיר געזאָגט, גלייב איך אים אַז ער קאָן מתקן זײַן דאָס וואָס די צײַט האָט פאַרדאָרבן. ער וועט אײַך שוין איבערגעבן אַלע איינצלהייטן מיט אַלע מיט אַן אַנדער, אַפילו מיטן קלאַפּערגעצײַג: איך האָב אים געגעבן פולמאַכט פולשטענדיק, אַז אַלעס וואָס ער וועט רעדן איז גערעכט און אַלעס וואָס ער וועט מאַכן מיט אײַך איז געמאַכט. ויהי רצון, און לאָז גאָט געבן ס'זאָל זײַן אַלרײַט! — אײַך

מיט אַכטונג און פרײַנדלעכן גרוס שלום־עליכם

N.B. נאַטירלעך איז אַלץ בײַ אונדז קאָנפידענציעל.

## 651. צו יחזקאל קאָטיק

[לייזען], 6טן יאַנואַר 1913

זייער געערטער ה' קאָטיק!

אײַער בוך מיט דער ווידמונג „דעם ליבן און גרויסן דיכטער און קריטיקער ש. טשאַרני המכונה ניגער" האָב איך ריכטיק דערהאַלטן. אַ פּײַן שטיקל אַרבעט האָט איר מיר פאַרגעבן. געוויס האָט איר על־פּי טעות פאַרביטן די יוצרות, און איך מוז מיך אָפּבײַטן מיט מײַן פרײַנד און קאָלעגע ניגער מיט די ביכער. אַ גליק, וואָס מיר זיצן ביידע אין איין לאַנד, וועט ער מוזן קומען צו מיר אָדער איך צו אים — און דאָס געשעפט וועט זײַן אָפּגעוויקלט. נאָר ביז עפּעס וואָס ווילט זיך מיר זייער לייענען דאָס בוך, וואָרעם דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז אײַערע „זכרונות" געהערן צו יענעם מין ביכער, וועגן וועלכע גאָגאָל האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט, אַז יעדער מענטש זאָל נאָר וועלן ערנסט און ערלעך אויפשרײַבן זײַן ביאָגראַפיע, וואָלטן מיר געהאַט אַ סך גוטע ביכער. איך האָב געכאַפּט אַ קוק צווישן די בלעטלעך — איז מיר געפעלן. נאָר וואָס טוט מען, גיט אַן עצה? אויף צו לייענען דאָס בוך, מוז מען עס פריִער צעשנײַדן, און צעשנײַדן — וועלן די בלעטלעך זיך צעפליִען, ווי די פעדערן (איך וווין 1500 מטר די הייך, אויף אַ באַרג אין לייזען, ניט ווײַט פון לאָזאַן, און כאָטש די זון באַקט ווי אום תּמוז, נאָר די ווינטן בלאָזן מיט סכנת־נפשות!). האָב איך מורא, אַז פון אײַערע „זכרונות" וועט פאַר ניגערן נישט בלײַבן קיין זכר אַפילו. אַי די קשיא: ניגער האָט אויך אַ יצר־הרע און ס'אויך וועלן לייענען און ס'אויך מאַכן אַ תּכלית פון מײַן בוך, ווי איך פון זײַנעם? איז דער תּירוץ: עבדים היינו — אַזאַ יאָר אויף די שונאים, ווי טביה זאָגט, ווי אונדזערע פאַרלעגערס און דרוקערס האָבן שכל אַרויסצולאָזן אַ בוך. בײַ זיי אַ בוך און אַ סליחה, להבדיל, און אַ הגדה און אַ ראָמאַן פון שמ"ר און אַ לוח — אַלץ איין שוואַרץ־יאָר. גוואַלד, ווען וועלן זיך שוין אונדזערע אַרויסגעבערס אויסלערנען זײַן לײַטגלײַך? איר זאָלט אָנקוקן ענגלענדער, פראַנצויזן, דײַטשן לאָזן אַרויס גראַשנדיקע ביכלעך — אַ תּענוג! אַ גן־עדן! הכּלל, הײַנט ענדיק איך מײַן ראָמאַן און זאָג „ברוך שפּטרני" און נעם זיך צו אײַערע „זכרונות" — און אַ מיצווה אויף ניגערן — לאָז ער וויסן! —

שלום־עליכם

## 652. צום זעלבן

לאָזאַנע (שווייץ), 10. 1. 13[19]

זייער געערטער און ליידער אומבאַקאַנטער קאָלעגע יחזקאל קאָטיק!

בעת איך האָב געשריבן צו אײַך, האָב איך שוין אין איין קלאַפּ געשריבן אויך צו ניגערן, אַז מיר זאָלן זיך אָפּבײַטן מיט די ביכער, לאָזט זיך אויס, אַז צו ניגערן האָט איר אַרײַנגעשיקט דעם עקזעמפּלאַר, וועלכער איז געווידמעט דעם דיכטער אַברהם רייזען — און רייזען איז איצט ניט מער און ניט ווייניקער ווי אין ניו־יאָרק, אין אַמעריקע! וואָלט דאָס געווען מיט עטלעכע יאָר פריִער, ווען שלום־עליכם איז נאָך געווען גרינג אויף די פיס, איז עס אַ געלעכטער, הייב איך מיך אויף און פאָר זיך דורך קיין אַמעריקע, איצט אָבער איז עס אַ ביסל שווערלעך, וואָס זשע טוט מען, אַז איך גיי אויס לייענען אײַערע „זכרונות״? האָב איך אַרויפגעלייגט די גאַנצע עבירה אויף אײַך און האָב צעשניטן־צעקאַרדאַשעט ניגערס בוך און כ׳האָב קיין חרטה ניט. איך האָב געענומען לייענען אײַערע „זכרונות״, און וואָס זאָל איך זאָגן? איך געדענק שוין ניט דאָס יאָר, וואָס איך זאָל אַזוי פיל הנאה האָבן, אַזוי פיל תענוג — אמתער תענוג רוחני! — דאָס איז ניט קיין בוך — דאָס איז אַן אוצר, אַ גאָרטן, אַ גן־עדן פול מיט בלומען און מיט פויגל־געזאַנג. עס האָט מיר דערמאָנט מײַן יוגנט, מײַן משפּחה, מײַן חדר, מײַנע יום־טובים, מײַנע חלומות, מײַנע טיפּן, ניין! איך מיט מײַן בינטל טיפּן און בילדער, וואָס כ׳האָב אַ סך פון זיי געקענט און אַ סך אויסגעטראַכט, בין איך, זאָג איך אָן שום חניפה אָדער פאַלשע עניוות — אַנטקעגן אײַך אַן אָרעם יינגל, אַ קבצן! מיט אײַערע איבערלעבונגען און אײַער משפּחה וואָלט איך ביז איצט די וועלט פאַרפלייצט! גוואַלד, ווו זײַט איר געווען ביז אַהער? אַ מענטש פאַרמאָגט אַזוי פיל בריליאַנטן, דימענטן און פּערל און גאָרניט! אַ ייִד גייט אָרום און „קלײַבט רענדלעך״ (ווי זאָגן דאָרט אײַערע פּרומאַקעס?) און זאָל עס אַפילו דערמאָנען עמעצן, אַז ס׳געפינט זיך בײַ אים אַזאַ אוצר! איך האָב גענומען לייענען און ניט געקאָנט שוין אָפּרײַסן זיך, שיער ניט משוגע געוואָרן! ווער איז דער קאָטיק? איך האָב געהערט פון איינעם, הייסט ער גאָר, דאַכט זיך, א. קאָטיק און איז גאָר אַ יונגער־מאַן, און איר זײַט דאָך גאָר אַ ייִד מיט אַ גרויער באָרד. וואָס מיך האָט פאַרכישופט אין אײַער בוך — איז דער הייליקער פּשוטער אמת, ניט געקינצלטע פּראָסטקייט. הײַנט די שפּראַך! ניין, איר זײַט ניט נאָר אַ גוטער, ערלעכער, געטרײַער שומר פון אַ רײַכן, אומגעהײַער רײַכן אוצר — איר זײַט אַ טאַלאַנט פון גאָט געבענטשט מיט אַ נשמה פון אַ קינסטלער, וואָס קען זיך ניט. ניט ווינציק ייִדן זײַנען געווען אין אײַער קאָמעניעץ און אין דער זאַסטאַוויע, ניט ווינציק קרובים אין אײַער רווישנדיקער, ווי איר רופט זי, משפּחה — פאַר וואָס האָט קיינער פון זיי ניט געזאַמלט אַזעלכע זכרונות ווי איר, פאַר וואָס האָט זיך קיינער פון זיי ניט באַוויזן מיט עפּעס אַזאַ מין ווי איר, וואָס זאָל געבן אַ ברען? עפּעס מאָלט זיך מיר אויס, הערט איר, אַז אײַער משפּחה — דאָס איז מײַן משפּחה (און דאָס פילט מסתּמא יעדער לעזער). איך קען אײַער זיידן אָרן־לייזער, און אײַער באָבע —ביילע־ראָשע, און אײַער טאַטן דעם חסיד משה, און אַלע אײַערע פעטערס מיט די מומעס און אַפילו דעם איספּראַווניק מיטן אַסעסער, מיט אַלע פּריצים, די גוטע און די שלעכטע, און די מלמדים און די חסידים און די

מתנגדים, און די רופאים, און דעם רב, און יענעם אַפּיקורס דעם שרײַבער פון בריסק, וואָס אַ קערבל איז ממזר, און ביידע ישׂראלס, און אַרן־לייבעלע, און כאַצקל, און מאָשקע, און בערל־בענדעט דעם אופראַוולאַיעשטשע און אַלע, און אַלע! אַלע לעבן זיי, אַלע קען איך, מיט אַלע פריי איך זיך און מיט אַלע טרויער איך. מע דאַרף דאָך האָבן אַ כּוח, מע זאָל מיך ניט נאָר מאַכן לאַכן (פאַראַן בײַ אײַך ערטער, ווו כ׳האָב מיך געהאַלטן בײַ די זײַטן לאַכנדיק), נאָר אויך ציִען בײַ מיר טרערן. איך שווער אײַך בהן־שלי, אַז איך האָב געוויינט גלײַך מיט אײַך אַלע, בעת אײַער זיידע האָט אײַך אַלעמען געבענטשט ערב יום־כּיפּור און בעת אײַער באָבע די צדקת איז געלעגן אויף דער ערד און דער זיידע האָט 100 מאָל געחלשט. זאָלן מיר אַזוי פרייען זיך אין גיכן אויף ישועות־ישׂראל, ווי איך האָב געגאָסן מיט טרערן, און ניט ווײַל אַ מענטש איז געשטאָרבן — רבונו־של־עולם! וויפל מענטשן שטאַרבן בכל יום ובכל עת ובכל שעה! נאָר ווײַל אײַער באָבע און אײַער זיידע — דאָס זײַנען מײַנע, מײַנע, מײַנע! און ווײַל דאָס זײַנען לעבעדיקע און טײַערע גאָלדענע מענטשן, און ווײַל איר האָט זיי אויסגעוואָרעמט אַלע אין אײַער נשמה און האָט אַרײַנגעלייגט אַהין אײַער גאַנצן פײַעריקן אמת. איך בין באמת גדולדיק בײַ זיך, וואָס מיר פאַרמאָגן אַזאַ מענטשן, אַזאַ יידן ווי איר, וואָס אַ דאַנק אײַך וועלן ניט פאַרלאָרן גיין יענע „רענדלעך״, וואָס האָבן זיך געוואָלגערט (נאָך מײַן מיינונג וואָלגערן זיך נאָך איצט), אין אונדזער פאָלק. איך בין באמת גרויס בײַ זיך, וואָס אונדזער נאָך יונגע יידישע פאָלקס־ליטעראַטור איז באַרײַכערט געוואָרן מיט אַזאַ בוך, ווי אײַערע „זכרונות״. וועט איר אײַערע „זכרונות״ שרײַבן ווײַטער? וועלן זיי זײַן אויך אַזוי פעט און געראָטן, ווי דאָס ערשטע בוך? געראָטן — בין איך זיכער, פעט — ווייס איך ניט, איך האָב מורא, אַז דאָס וועט שוין זײַן מאָגערער, שיטערער. ניטאָ יענע יידן! דאָס הייסט, דאָ זײַנען זיי, אָבער מע זעט זיי ניט אַזוי בולט, זיי ווערן בטל־בשישים, ובפרט אין דער גרויסער שטאָט.

[שלום־עליכם]

## 653. צו ש. ניגער

לייזען, 10טן יאַנואַר 1913

מײַן פרײַנד ניגער!

ווי איר זעט נאָכן שטעמפּל, געפינ איך מיך אין לייזען, 1500 מעטער הויך (נאָר שרײַבן שרײַבט מיר קיין לאָזאַן). דאָ האָב איך פאַרענדיקט מײַן ראָמאַן און ווער שיער ניט משוגע. וואָס הייסט: ניש ט שרײַבן? ווי שטייט דאָס אויף אַ מענטש אין דער פרי, עסט און טרינקט, גייט אַרום — און שרײַבן שרײַבט ער ניט? ווי איז דאָס מעגלעך? קאָן עס אויסגעהאַלטן ווערן? קאָן מען לאַנג אָט אַזוי לעבן? גאָרנישט ניט טון — אַ מאָדנע מין לעבן! מענטשן חלומען וועגן אַזאַ לעבן. איך פאַרשטיי עס נאָך ניט מיט מײַן שׂכל. אפשר וועט קומען אַזאַ צײַט אויף מיר אויך — דערווײַל נאָך ניט געקומען. איך זע ניט אין דעם קיין נחת און פאַרשטיי ניט דעריבער דעם גן־עדן, וואָס מײַן רבי רב זרחל האָט אונדז אויסגעמאָלט: מע זיצט און מע זיצט, און טון טוט מען גאָרניט. געווען אַ פּלאַטשיק מענטשל, אָט דער רב זרחל, זאָל ער מיר מוחל זײַן. און נאָך דעם

גייט מען און מע זעצט זיך, זאָגט ער, עסן, און מע עסט און מע עסט. געוועז, זאָל מיר מוחל זײַן, אַ ייִד נישט קיין חכם. דערנאָכדעם, זאָגט ער, דערלאַנגט מען דעם גוטן ווײַן, און מע טרינקט און מע טרינקט. געוועז, זאָל מיר מוחל זײַן, אַ ייִד אַ שוטה. און דערנאָכדעם, זאָגט ער, גייט מען אַוועק צוריק און מע זיצט און מע זיצט, און טון טוט מען גאָרניט. געוועז, זאָל מיר מוחל זײַן, אַ בהמה, דער רבי רב זרחל. אַי, כ׳וועל אײַך אַ מאָל דערציילן פון אים מעשׂיות מיט מעשׂיות. נישט קיין אויסגעטראַכטע, נאָר אמתע טאַקע. הקיצור, כ׳בין איצט אין יענעם גן־עדן, און דער גן־עדן געפעלט מיר ניט. וואָס איז עס פאַר אַ גן־עדן, אַז ס׳באַמבלען זיך אין קאָפּ טויזנטערליי פּלאַנען, סוזשעטן, טיפּן און בילדער, וואָס בעטן זיך, שוין לאַנג צײַט זיך נעמען צו זיי — און דאָ זיץ און עס און טרינק און שלאָף און טו גאָרנישט. מילא, עסן און טרינקען — מהיכא־תיתי. אָבער שלאָפן — ווער קאָן עס שלאָפן? אַז אַ גאַנצע נאַכט פּלאָנטען זיך חלומות, משוגענע פּלאַנען, מע וועקט אײַך און מע טאָרעט אײַך — פּע! דאָס איז ניט קיין גן־עדן, ס׳איז גאָר אַ גיהנום! אַ שטיקל גליק, וואָס עס זײַנען כאָטש דאָ ביכער, מע קאָן לייענען. איך לייען אָט דעם ייִדנס „זכרונות״ (פון קאָטיק) און ווער משוגע פון תענוג! נעכטן בײַ נאַכט האָב איך געלייענט פאַר מײַן זון דעם סטודענט — איר קענט אים — אײַער אַרטיקל איבער טביהן און איבער די „קינדער״ פון שלום־עליכם, און בײדע האָבן מיר שטאַרק הנאה געהאַט. פאַר אים איז עס אַ ביסל געוועזן אַ נײַס, ווי קאָן מען דאָס אויף ייִדיש אַזוי ט י ף און אַזוי ג ל אַ ט שרײַבן! און איך האָב געקוועלט, וואָס איר האָט געטראָפן, ווי אַ נביא, אַז מײַן געליבט קינד איז „מאָטל דעם חזנס״. אמת, ווי די תורה איז אמת. איך האָב נאָך מײַן מאָטלען ניט פאַרענדיקט. איך וועל זיך אין גיכן אַ נעם טון צו אים. איך האָב דאָך אים געשיקט קיין אַמעריקע. אויך צו די איבעריקע „קינדער״ מײַנע וועל איך מיך נאָך אומקערן. ווו נעמט מען צײַט? י אָ ר ן ווו נעמט מען?...

אײַער בקשה וועגן „פאָלקס־ביבליאָטהעק״ קאָן איך, ליידער, ניט אויספילן: איך האָב זי ניט. — צו בערקאָוויטשן שרײַב איך הײַנט וועגן אײַער פאַרלאַנג נאָך אַ מאָל. אַי, קינדער, קינדער! זיי ווילן זיך ניט לערנען פון מיר, אַז אויף אַ בריוו דאַרף מען ת מי ד ענטפערן. —

אייב קאַהאַן פון „פאָרווערטס״, וואָס האָט מיך כל־ימיו בויקאָטירט, האָט די טעג געלאָזט וויסן זײַנע לעזער, אַז ער האָט געלעזן שלום־עליכמס אַ פּאָר סקיצן און ער אָנקערקענט, אַז שלום־עליכם באַהערשט די ייִדישע שפּראַך, און אין דעם איז זײַן באַרוף. גם־זו־לטובה!

אײַער שלום־עליכם

## 654. צו יחזקאל קאָטיק

11. 1. 1913

הײַנט האָב איך מיך צופּעליק באַגעגנט מיט איינעם אַ שרײַבער איזביצקי (מיכאַלע־וויטש) אויף אַ באַרג 1500 מעטער די הייך אויף לאָזאַנע (עס הייסט „לעזען״), האָב איך אים דערציילט, וואָס פאַר אַ התפּעלות עס האָט אַרויסגערופן בײַ מיר עפּעס אַ בוך

פון עפּעס אַ ייִדן אַ באַלעבאָס, וואָס הייסט י. קאַטיק און וואָס ער האָט מיך געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל וויינען מיט טרערן. — לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז דער איזביצקי קען אײַך זייער גוט, און אַז איר זײַט דאָס דער פֿאָטער פֿון אַ. קאַטיק, און אַז איר זײַט דער בעל־הקאַוויאַרניע אויף די נאַלעווקעס, און אַז אַלע ווייסן שוין פֿון לאַנג, אַז איר האָט עפּעס „זכרונות". פֿרעגט זיך: ווו זײַנען זיי געוועזן, די בהמות? וואָס האָבן זיי געשוויגן, אַז זיי האָבן געוווּסט? און ווו בין איך, בהמה, געוועזן? איך בין דאָך אויך געווען אויף די נאַלעווקעס און, דאַכט מיר, מיט ספּעקטאַרן געטרונקען קאַווע. פֿאַר וואָס האָב איך ניט געוווּסט, ווו איך בין געווען און בײַ וועמען איך האָב געטרונקען קאַווע? פֿאַר וואָס ווערט פֿאַרפּלייצט אונדזער ביכערמאַרק מיט שמאַטעס שבישמאַטעס, אין דער צײַט, ווען „אוצרות" אַזעלכע ווי אײַערע וואַלגערן זיך ערגעץ אין אַ קאַסטן, אָדער אין אַ שופֿלאָד, אָדער אונטער אַ מאַטראַץ? עס זידט אין מיר די רציחה אויף אונדזערע קריטיקערס אין דער מינוט, אַז איך דערמאָנען זיך, ווי זיי הייבן אויף דרוקעס יעדן סמאַרקאַטש, וואָס דראַקעט אָן אַ פֿאַסקודסטוואָ געלקחנט בײַ די גויים, וואָס סע שלאָגט די גאַל, אַז מע לייענט דאָס געקײַטע און אויסגעשפּיגענע, אויסגעמייקעטע ניבול־פּה פֿון אַרציבאַשעוו און כּדומה אַזעלכע פֿאַסקודסטוואָ, וואָס מאַכן דעם גוטן הומאָריסט, ווי זיי רופֿן מיך, בייז און נעמען בײַ מיר אָפּ דעם אַפּעטיט צום שרײַבן, און איך ווער אַ גזלן — מאָלט אײַך, ניט אויף לאַנג, ווי דער „ייִדישער גזלן". הכּלל, איך האָב מיך פֿאַרפּלאָפּלט גאָר פֿון זיך. ענטפֿערט מיר, איך בעט אײַך, אויב איר האָט צײַט, אויף דעם, וואָס איך פֿרעג אײַך, צי שרײַבט איר נאָך ווײַטער אײַערע „זכרונות", און וועלכע עפּאָכע, וועלכע קרײַזן באַרירט איר, און צי עס גייט אַזוי גלאַט, ווי ביז אַהער, און צי באַרירט איר אויך די משפּחה? פֿאַראַן דאָרט פֿאַרשווינען, טיפּן, וואָס איר מוזט אויך ווײַטער וועגן זיי דערציילן און דערציילן. לעבט, זײַט געזונט און מונטער און שרײַבט!

אײַער דאַנקבאַרער לעזער, חבר און תּלמיד...

שלום־עליכם

## 655. צו ש. ניגער

[לייזען], 16טן יאַנואַר 1913

גוטער פֿרײַנד ניגער!

איך שרײַב ליגנדיק שוין אויף דער רעכטער אמת — אין בעט.

עס האָט זיך מיר צוגעוואָרפֿן אַ נײַע צרה, אַ בלאָזן־קראַנקייט, און איך וויל פֿאַרן מאָרגן־איבער־מאָרגן קיין בערן צו אַ ספּעציאַליסט. מע שמועסט גאָר וועגן אַן אָפּעראַציע! אַלזאָ, בעטן מיר אײַך, איך און מײַן פֿרוי, זיך צעפֿרעגן רעכט בײַ די חברים, ווער איז דער ספּעציאַליסט. איז נומער איינס. והשנית, וועלן מיר אײַך געבן אַ דעפּעש, ווען מיר קומען, און איר וועט אַזוי גוט זײַן אַוועקוואַרפֿן אויף אַ פּאָר שעה די גאַנצע תּורה און אָפּוואַרטן אונדז בײַם באַנהויף און פֿאַרפֿירן אין בעסטן האָטעל. דורך אַן עקספּרעסבריוול וועט איר מיר געבן צו וויסן וועגן נאָמען פֿון פּראָפֿעסאָר און וועגן אַלעס, לויט אַדרעס: Rrabinowitz, Hotel Anglais No. 91. Leysin sur Aigle.

ווען מיר וועלן קאָנען אַרויסרײַסן זיך — ווייס איך ניט. דערווײַל גיי איך פון בעט נאָך ניט אַראָפּ. נאָכן כּתב זעט איר, אַז שלום־עליכם איז אויף גרויסע צרות. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז איך שרײַב שוין אַזש ניט!

אײַער קראַנקער שלום־עליכם

## 656. צום זעלבן

[באַנהויף עגל, אויפֿן וועג קיין לאָזאַן]

17טן יאַנואַר 1913

טײַערער פרײַנד ניגער!

נישט דערוואַרט זיך אויף אײַער תּשובה, פאָר איך קיין לאָזאַן צו אַ פּראָפעסאָר. נאָר וועלן האָט זיך מיר געוואָלט בעסער קיין בערן — ווײַל טאָמער מאַך איך מניה וביה אַ שטאַרב, וועל איך אין בערן האָבן אַ שענערע לוויה, ווי אין לאָזאַן. דאָרט איז ניטאָ קיין ייִדן. עטלעכע סטודענטלעך, קײַ און שפּײַ.

אַלזאָ, זײַט געזונט.

שלום־עליכם

## 657. צו יחזקאל קאָטיק

Bern, den. 28.1.[19]13

אָט דאָס איז איצט מײַן אַדרעס לעת־עתּה.

Lindenhof, Rot-Kreuz-Anstalten für Krankenpflege,
Bern, Privatspital No. 82

זייער טײַערער קאָטיק מײַנער!

איר ווילט אַ בריוו פון מיר, ווײַל ס׳איז בײַ אײַך, זאָגט איר, אַ יום־טוב. איך טו אײַך צו ליב, ס׳וועט אָבער זײַן בײַ אײַך, האָב איך מורא, אַ פאַרשטערטער יום־טוב: איך שרײַב אײַך דעם בריוו פון אַ שפּיטאָל, וווהין איך בין געקומען שטאַרבן. מאָלט אײַך, אַזוי גיך שטאַרבט ניט שלום־עליכם. אַ פּאָר טעג, אַז ס׳איז מיר גאָר בעסער געוואָרן, און איך וועל נאָך, דאַכט מיר, קאָנען פאַרענדיקן מײַן אויטאָביאָגראַפיע, וועלכע איך האָב אָנגעהויבן צו שרײַבן אין 1908, בעת איך בין קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז — אין באַראַנאָוויטש, אויב איר דערמאָנט אײַך. איך האָב מיך פון טובערקולאָז אויסגעהיילט: דער עולם האָט מיך אָפּגעשריגן. וואָס וועט זײַן איצטער — ווייס איך ניט: דערווײַל גייט׳ס מיר בעסער. איך שלעפּ מיך שוין אַרום, נאָר איך בין אויף גרויסע צרות. דאָך שרײַב איך און שרײַב. און איבער הויפּט וויל איך מײַן לעבנס־געשיכטע אין גאַנצן באַשרײַבן. זי האָט אַ שטיקל אינטערעס פאַר דער ליטעראַטור, ווײַל עס גייען דורך אין איר אַלע אונדזערע שרײַבערס מיט זייער גאַנצער ליטעראַטור. פאַרציײַעט, קיין סך קאָן איך הײַנט ניט שרײַבן. מאָנטיק בין איך געווען פאַרבײַ. מע האָט געדאַווענט אין זשענעווע

אין שול. אַוודאי איז זשענעווע ניט קאַמענעץ און ס'איז ניט דאָס דאַווגען, דאָך זײַנען פאַראַן ייִדן, ווײַבלעך, מיידלעך און סטודענטן און גלאַט ייִדישע קינדער, וואָס ווילן ניט, איך זאָל מאַכן אַ שטאַרב — און דאָס האַלט מיך שטאַרק אויף די פיס. אָבער סוף־כּל־סוף וועט זיך דען עפּעס העלפן? באַנג טוט מיר אַ ביסל די ליטעראַטור און אַ ביסל די קינדער. איך האָב נאָך יונגע קינדער. איך אַליין לאַך זיך אויס פון דער נאַרישער וועלט, גלייבט מיר בנאמנות!

שרײַבט בריוולעך, אַלטיטשקער, און פאַרענדיקט אײַערע ביכער!

אײַער שלום־עליכם

## 658. צו מענדעלע מוכר־ספרים

Lindenhof, Rot-Kreuz-Anstalten für Krankenpflege,
Bern, Privatspital No. 82

Bern, den. 31.1.[19]13

זיידע! זיידע!

הײַנט איז אַ טאָג, וואָס איז מיר גרינגער, וויל איך אײַך אַ פּאָר ווערטער שרײַבן. ווייסט איר שוין פון דער זײַט, אַז איך בין זייער, זייער קראַנק, נאָר מע גיט מיר האָפענונג, אַז איך וועל נאָך לעבן. כּלעבן, אַז איך ציטער ניט אַזוי פאַרן טויט. עס טוען מיר נאָר באַנג די קינדער. זיי האָבן מיך מאָדנע ליב. מײַן טיסי, למשל, ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. איך שרײַב איר בריוולעך נאַרישקײַטן פון לאָזאַנע, און אַליין בין איך אין בערן אין אַ קליניק. וואָס פון מיר וועט זײַן, ווייס איך ניט. נאָר דאַכט זיך, בײַ דעם מלאך־המוות אָפּגעבעטן, און מיר וועלן זיך נאָך זען אין אַדעס און, אוי, וועלן מיר לאַכן! זײַט מיר רעכט געזונט און רעדט אויס דאָס האַרץ מײַן בערקאָוויטשן. ער איז מיר אַ קינד. אַ מזל־טוב האָב איך אײַך שוין לאַנג געדאַרפט שרײַבן. דערלעבט נחת אין אײַערע קינדער, ווי איך אין מײַנע. גיט מיר אײַער האַנט, זיידע, און בענטשט מיך!

אײַער ערשטער אײַניקל שלום־עליכם

## 659. צו יחזקאל קאָטיק

1913 .2 .5

טײַערער פרײַנד קאָטיק!

איך שרײַב צו אײַך תּשובה ליידער פון בעט. כ'האָב הײַנט אַ שלעכטן טאָג! נאָר האָט ניט קיין יסורים. אויב איך וועל לעבן, וועל איך געוויס זײַן בײַ אײַך אין קאַפע און מיר וועלן דאָס אַ ביסל שיכּורן! —

איר דאַרפט ניט וועלן פאָרן צו מיר מבקר־חולה זײַן. צו ווײַט און צו טײַער. ווינטשט מיר פון דער ווײַטן נאָר איין זאַך: יאָרן, עטלעכע יאָר!

אײַער שלום־עליכם

## 660. צום זעלבן

1913 .2 .7

טײַערער פֿרײַנד קאַטיק!

נעכטן האָב איך געמיינט אַן עק... הײַנט איז מיר גרינגער. גיב איך עס אײַך צו וויסן. אַרום פֿאַרנאַכטלעך וועל איך אײַך נאָך אַ מאָל שרײַבן, אויב ס׳וועט גיין בעסער. נאַט אײַך מײַן האַנט.

שלום־עליכם

## 661. צום זעלבן

ווענעציע, 3 .3 .1913

טײַערער פֿרײַנד!

פֿון דער שענסטער שטאָט פֿון דער וועלט שרײַב איך אײַך — פֿון ווענעדיק. — איך פֿאָר פֿון דאַנען קיין נערווי, וווהין דער ווינער פּר׳ האָט מיך געשיקט, אויסגעפֿינענדיק, אַז איך בין שוין אַזוי ווײַט גוט, אַז איך דאַרף נאָר אַ ביסל קומען צו זיך — און דאָס איז נאָר אין איטאַליע. איך האָב אײַך נעכטן דורך אַ וויזיט־קאַרטל געשריבן אַ פּאָר ווערטער וועגן אַן אַלמנה זאַמאָשטשין, געבוירן קאַטיק; זי וועט אײַך צושיקן כּתבים, און איך בעט אײַך זייער, אפשר קענט איר מיט עפּעס איר ניצלעך זײַן. מײַן אַדרעס קיין נערווי אין מײַן נאָמען, „האָטעל עדען" — טאַקע אַ גן־עדן!

שלום־עליכם

## 662. צו ש. ניגער

ווענעציע, 3טן מאַרץ 1913

טײַערער פֿרײַנד!

כ׳בין אויפֿן וועג קיין נערווי, אָפּגעשטיגן אין דער שענסטער שטאָט פֿון דער וועלט, אין ווענעדיג. און אַז כ׳בין שוין געזונט — דאָס האָט אײַך שוין מסתּמא באַראָכאָוו געשריבן, און אַז כ׳בין אַרויס אַ גאַנצער, ניט קיין צעשניטענער — דאָס פֿאַרשטייט איר שוין אַליין. אַניט, וואָלט איך איצט אײַך אַ מכּה געשריבן פֿון ווענעדיג. ווי גייטס אײַער ברודער דאָרט? און אײַך אַליין אין באָברויסק? און אײַער פֿרוי אין באָברויסק וואָס מאַכט זי? האָט זי זיך שוין באַרוזקט? חבֿרה האָבן עס מיר געמאַכט אַ „לוויה" אין ווין — כּמעט כּדאַי געוועזן צוליב דעם אַליין צו קרענקען. מײַן פֿרוי גריסט אײַך האַרצלעך. מיר שפּילן מיט איר אין וועג אַ זעקס־און־זעכציק און — שטעלט אײַך פֿאָר — זי געווינט!!!

אײַער שלום־עליכם

## 663. צו חיים טשערנאָוויטש

נערווי, 12טן מאַרץ 1913

מײַן פרײַנד, דער געליבטער פון מײַן זעל, רב צעיר!

וואָס זאָל איך זאָגן און וואָס זאָל איך ריידן? גרויס זײַנען די מעשׂים פון גאָט און זײַנע וווּנדער צו שלום־עליכמען! מײַן קראַנקשאַפט איז אַוועק און ווי גאָרניט געווען, און אין גיכן וועל איך פאַרגעסן די טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין בערן און זיך מצער געווען מיט מײַנע פרײַנד און באַקאַנטע און געווען זיי צו לאַסט. און וואָס מאַכסט דו, מײַן טײַערער, מײַן פאַרערטער? און וואָס מאַכט דײַן הויזגעזינד? און דײַן טועכץ? און דײַן שטודיום? גיב מיר צו וויסן דײַן אַדרעס. איך שטעל דיר דאָ פאָר מײַן איידעם הער קויפמאַן. ער איז אַ טײַערער יונגער־מאַן, אַ בן־תּורה און אַ טאַלאַנטירטער און אַ באַשיידענער.

דײַנער מיט גרויס ליבע שלום־עליכם

## 664. צו ש. שרירא

[נערווי], 29. 3. 1913

ידידי יקר ויקר המציאות מר שרירא שליט״א!

אײַער טעלעגראַמע האָט דאָ געמאַכט באמת אַ רעש: „שלחתי — בחיפזון — על שם בתי״ — קיין בן־אָדם אין נערווי פאַרשטייט ניט, וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון? דאָ געפינען זיך ייִדן, אַריסטאָקראַטן, לעבן ווי שררות, קליידן זיך ווי די גראַפן, פאָרן אַרויס ווי מאָנאַרכן, קענען זיך מיט מיר, ווייסן, אַז איך בין אַ שריפטשטעלער, און הייס עפּעס אַ מאָדנעם נאָמען, און שמייכלען זיך צו מיר (מע האָט זיי געזאָגט, אַז איך בין געפערלעך, זיי קאָנען אַרײַן צו מיר אין טאָפּ אויפן הומאָריסטישן אופן — האָבן זיי מורא!). און דאָך האָט קיינער פון זיי ניט געקענט אײַנבײַסן, וואָס פאַר אַ לשון דאָס איז, איינגילש ניט איינגילש, פראַנצויז ניט פראַנצויז, אפשר גאָר טערקיש? „טשאַלאַשטי בייטשיפּיישאַן אֶלחים ביטגאַא״ — האָט איינער איבערגעלייענט ווי אַ מזיק און געזאָגט, אַז דאָס איז כינעזיש מיט ענגליש געמישט. דער סוף איז געווען, איך האָב זיי אײַנגעשמועסט (בסוד־סודות יעדן באַזונדער אויפן אויער) אַז דאָס איז אַ פּאָלי־טישע טעלעגראַמע שיפרירט — און דערמיט בין איך גאָר נתגדל געוואָרן! איך אײַל מיך דעריבער אײַך צו באַדאַנקען (ניט אַזוי פאַר דעם גדלות, ווי פאַר עפּעס אַנדערש) און וואַרט איצט אויף דעם „בחיפזון״, וואָס דאַרף בחיפזון אַריבערגעחיפזונט ווערן פון לאָזאַנע קיין נערווי. והרי אני ידידך אוהבך ואסיר תודה לך כל הימים.

שלום־עליכם

עיקר שכחתי: מײַן געזונט איז פולקום. הלוואַי ווײַטער ניט ערגער און כ׳הייב שוין אָן צו שרײַבן בעגלא ובזמן קרוב. — אין „הײַנט״ — דאָס צײַגט אײַך דאָס בילד וואָס כ׳שיק אײַך דאָ.

## 665. צו ש. ניגער

נערווי, עדן־האָטעל, 31סטן מאַרץ 1931

בעסטער פרײַנד ש. ניגער!

פולשטענדיק געזונט.

כ׳הייב שוין אָן אַרבעטן אין „הײַנט״, צו פסח און פאַר פסח, און טאַקע גאָר אויף דער רעכטער אמת!

פון בערקאָוויטשן באַקומען אַ בריוו וועגן זײַנע אונטערהאַנדלונגען מיט ה׳ בער־געלסאָן. עס גייט אויף אַ דרך, אָבער נאָך אַלץ ניט דעפיניטיוו. בערקאָוויטש שרײַבט: זיי ק אָ נ ע ן דרוקן די אויטאָביאָגראַפיע... זיי ק אָ נ ע ן צאָלן הונדערט רובל פער בויגן און אויסער דעם מאַטריצן... זיי ק אָ נ ע ן געבן אַ בויגן אַ חודש... זיי ק אָ נ ע ן געבן ביז 500 רובל אַוואַנס אויך...

עס דערמאָנט מיר, ווי שלום־עליכם שפּילט מיטן פּריוואַט־דאָצענט פײַטל ליפשיץ אין „זעקס־און־זעכציק״. יענער זיצט און ברעכט זיך דעם מוח, מיט וואָס זאָל ער אַרויסגיין: פּיק, צי קרייץ? ער זאָל וויסן, זאָגט ער, וואָס בײַ מיר אין האַנט טוט זיך! זאָגט אים שלום־עליכם: ייִד איינער! וואָס דאַרפט איר אַזוי לאַנג טראַכטן? איך ק אָ ן אײַך ווײַזן אַלע מײַנע קאָרטן.

— טאַקע? נו, אדרבה! (שטאַרק לעבעדיק, הייבט זיך אַזש אויפן בענקל).

— וואָס אדרבה?

— ווײַזט וואָס איר האָט.

— וואָס הייסט, איך זאָל אײַך ווײַזן?

— אָט זאָגט איר דאָך, אַז איר ק אָ נ ט מיר ווײַזן.

— איך ק אָ ן, נאָר איך ו ו י ל ניט.

הקיצור, איך וואַרט איצט אויף אײַ ע ר בריוו. מע שמועסט, אַז איר זענט דאָרט רעדאַקטאָר, דער גאַנצער פּריץ הייסט עס — מזל־טוב, עס פרייט מיך באמת.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — אין דער זעלבער צײַט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון ה׳ קלמנאָוויטש — גייט ער ניט אין קאָנטאַקט מיט בערגעלסאָנס פאָרשלאָג. קלמנאָוויטש שרײַבט, אַז די אויטאָביאָגראַפיע קאָן נ י ט גיין אין זשורנאַל. אַלזאָ, מי נדחה מפּני מי?...

## 666. צו ש. שרירא

נערווי, 5. 4. 1913

מײַן טײַערער פרײַנד שרירא!

האָב איך שוין אײַער ליבן בריוו אויך דערהאַלטן, דעם צרור הכּסף האָט מען מיר באַלד איבערגעשיקט אַהער פון לאָזאַן. די באַנק האָט שוין אַזאַ טבע, אַז מע הייסט איר צאָלן, צאָלט זי. די פּאָטשט אויך אַזוי: מע הייסט איר געבן, גיט זי. ווען ברכות זאָלן אָנגיין, ווען געפילן פון דאַנקבאַרקייט און ווינטשענישן זאָלן מקוים ווערן, וואָלט איר געקאָנט לעבן אַ שיין ביסל יאָרן, איר און אײַער ווײַב און אײַערע קינדער, מקטן ועד

גדול. אײַערע „איסטאָטשניקעס״ פון נאַפט וואָלטן זיך קיין מאָל נישט אויסגענומען, און נחת וואָלט איר דערלעבט אין אײַערע קינדער מלא חפנים על שלשים ועל רבעים — און איבער וואָס? סך־הכּל איבער אַ קלייניקייט! וויפל מאָל טויזנט רובל ווערט פאַר־שווענדט, צעריבן, פאַרלוירן אָדער פאַרשיכּורט, (אַלץ איינס — אויף בראָנפן, אויף נקבות אָדער אויף דער בירזשע), און זעלטן — זייער זעלטן — וועט מען קומען אַנטקעגן מיט טויזנט רובל צו אַ פרײַנד בשעת דחקא! איך האָב שוין רעכט דורכשטודירט וועלט און מענטשן — און איר אויך — לכן פאַרשטייען מיר ביידע, וויפל גרויסקייט עס ליגט אין דעם קליינעם טאַט. דער טאַט איז קליין — אַ גמילות־חסד — אָבער די רעזולטאַטן זײַנען גרויס. ניט פאַרגעסט מײַן לאַגע, אַז בשעת עס באָמבלען זיך אין קאָפּ חלומות פון שרײַבערײַ, און שרײַבן מוז מען, מע טרײַבט, — און די כּוחות זײַנען פון חולשת־הגוף אָפּגעשוואַכט, און מע הייסט זיצן אויף דער ריוויעראַ, און דאָס קאָסט, און די קינדער אין דער היים קאָסטן, און אין בײַטעלע טאָגט — דרייט דער קאָפּ גאַנצע נעכט: „מאין יבוא עזרי?״ רײַסט זיך אָפּ אַ גוטער־פרײַנד פון אויסרײַסן, פון קאַווקאַז, מיט אַ שלום־לאַהובֿי־בריוועלע און פרעגט זיך נאָך אויף געזונט און רעדט מענטשלעכע דיבורים, ניט קיין פּוסטע מליצה: „זאָגט, שעמט זיך ניט, מיט וואָס קאָן איך אײַך באַהילפיק זײַן? זאָגט מיר ווי אַן אייגענער...״ — ניין! זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט — נישטאָ קיין סך הײַנטיקע יאָרן אַזעלכע! מיר זאָגט מען, אַז נאָך שלום־עליכם וועט בודטאָ ניט זײַן קיין שלום־עליכם. איך האָב מורא, פרײַנד, אַז נאָך שריראָן וועט ניט זײַן אויך קיין שרירא. (הלוואַי איך זאָל אַ טעות האָבן!...) עס קאָן זײַן, אַז אײַער בן, דער יונג וועט אַ מאָל זײַן אַ טײַערער מענטש און אַ ייִד. איך קאָן אײַך ווינציק; ער וועט אָבער ניט זײַן איר! נישט נעמט דאָס נאָר אָן פאַר חניפה. נישט איך בין אַזאַ שוטה און נישט איך האַלט אײַך פאַר אַזאַ נאַר, אַז איך זאָל אײַך ווערלן אָפּדאַנקען מיט חניפה. ווי פאַר גאָט זאָג איך אײַך בהן־שלי, אַז אײַער בריוועלע (עס ליגט בײַ מיר לזכּרון) האָט מיך געבראַכט צו טרערן. אַ סימן האָט איר: אויב מיר ביידע וועלן לעבן און איר וועט לייענען מײַן „אַווטאָביאָגראַפיע״, וואָס איז געשריבן ווי אַ ווידוי, וועט איר אַרויסזען און פאַרשטיין, ווי ווײַט ערנסט און ווי טיף אמתדיק די דאָזיקע רייד זײַנען. געקומען צו רייד וועגן מײַן אויטאָביאָגראַפיע, וועל איך מיר שוין דערלויבן אַ ביסל ברייטער וועגן דעם מיט אײַך זיך דורכשמועסן. האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך נעם צו בײַ אײַך די צײַט פון נאַפט און דול אײַך אַ ספּאָדיק מיט ליטעראַטור. איך ווייס, מיט וועמען איך רעד: עס איז בײַ אײַך דער גאַנצער נאַפט מיט די הונדערטער טויזנטער מער ניט אַזאַ מיטל, ניט קיין ציל... און דאָס איז דער גאַנצער חילוק פון אײַך ביז יענע אַלע שוטים נאַראָנים, וואָס מײַנען, אַז נאָר דאָס קערבל איז דער עיקר. בהמות! איך בין זיי מקנא און האָב אויף זיי רחמנות... נאָר אויב איר זײַט שטאַרק פאַרטאַרעראַמט, לייגט אַוועק דאָס בריוול (נאָר ניט צווישן נאַפט־קוויטאַנציעס) אין זײַט־קעשענע און בשעת שלאָפן גיין, אָדער אַזוי אויסרוען, וועט איר לייענען דאָס צווייטע בייגעלע פּאַפּיר, די געשיכטע און די פּראָיעקטן צו מײַן אויטאָביאָגראַפיע. דערווײַל זײַט מיר רעכט געזונט, אָדער ווי טשעכאָוו שרײַבט:

.Будьте здоровы и денежны

אײַער שלום־עליכם

(פאָרזעצונג מאָרגן)

## 667. צום זעלבן

1913 .4 .6

(פאַרזעצונג פון נעכטן)
מײַן פֿרײַנד שרירא!

איך האָב אײַך צוגעזאָגט זיך דורכרעדן מיט אײַך וועגן מײַן „אַוטאָביאָגראַפֿיע". ס'איז אַזוי די מעשה. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט נעמען זיך צו מײַן לעבנס־געשיכטע. אויסער דעם, וואָס זי אַליין איז אַנציענד... אינטערעסאַנט, וואָס זי איז אַ ראָמאַן פון אַן אָריגינעלן מנחם־מענדל, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ וועלט פון קליין גרויס און פון גרויס נאָך גרעסער און נאָך דעם געפאַלן און ווידער נתגדל געוואָרן, נאָר אין אַן אַנדער וועלט מיט אַנדערע אינטערעסן, אויסער דעם, וואָס דער העלד פון מײַן אויטאָביאָגראַפֿיע האָט זיך באַגעגנט מיט אַלערליי טיפּן, סוחרים, גרויסע און קליינע און גאַנץ גרויסע, טאַקע ממש מיליאָנערן — און באַקאַנט זיך מיט זיי גאָר, גאָר נאָענט, — אויסער דעם אַלעם איז אויף מײַנע אויגן אויסגעוואַקסן (טאַקע מיט מיר צוזאַמען) אַ גאַנצע ליטע־ראַטור, אונדזער ייִדישע ליטעראַטור. אַ גאַנצער דור פון שריפטשטעלערס, אַ גאַנצע גאַלעריע פון שרײַבערס; גרויסע און קליינע, יונגע און אַלטע, פון אַלערליי קאָלירן און פאַרשיידענע טאַלאַנטן — דאָס זײַנען אַלע מײַנע גוטע באַקאַנטע, מיינסטן טייל מײַנע גוטע־פרײַנד. „אײַער ביאָגראַפֿיע — דאָס איז די געשיכטע פון אונדזער ליטע־ראַטור" — שרײַבט מיר איינער אַ יונגער קריטיקער פון אונדזערע נײַע — „עס איז אײַער חוב, וואָס גיכער זיך נעמען צו דער אַרבעט. דאָס וועט זײַן, אויב ניט דאָס בעסטע, דאָס נייטיקסטע און דאָס ניצלעכסטע און אויך דאָס גערעכטסטע פון אַלעס, וואָס איר האָט ביז אַהער געשריבן". איצט האָב איך זיך גענומען פאַרענדיקן דאָס, וואָס כ'האָב שוין לאַנג געהאַט אָנגעהויבן, און מיר דאַכט זיך, אַז יענער יונגער קריטיקער, וואָס איך זאָג אײַך, האָט קיין טעות נישט געהאַט. איך האָב מורא, אַז דאָס וועט זײַן ניט נאָר דאָס בעסטע, נאָר אויך דאָס איינציקע גרעסטענע בוך מײַנס.

אַצינד הייבט זיך אָן אַ „געשיכטע פון אַ געשיכטע", אַ סידרה פון „ווו דרוקט מען אַזאַ בוך?". אין אַ טעגלעכער צײַטונג — איז קיין פלאַץ פאַר אַזאַ גרויס ווערק. קיין גרויסע דיקע חדשים־זשורנאַלן האָבן מיר נאָך ניט. אַרויסגעבן דאָס ווערק אין בוכפאָרעם פון מײַן שטענדיקן פאַרלעגער — אַן עבירה מײַן האָנאָראַר. איך בין דאָך געשטראָפט פון גאָט מיטן פסוק „ועל חרבך תחיה".

מײַן וואַרשעווער פאַרלעגער באַדאַרף אַרויסגעבן נאָר דאָס, וואָס איז פריִער דורכ־געגאַנגען דורך אַ צײַטונג אָדער אַ זשורנאַל. דאָס, וואָס איך האָב פונעם זשורנאַל, — דאָס איז מײַן ריינער ריווח. ביכער — דאָס איז מײַן נאָכדעמדיקע הכנסה. בזה הרגע פיר איך אונטערהאַנדלונגען מיט איינעם אַ ווילנער אונטערנעמער, וואָס האַלט שוין בײַ 100 רובל אַ דרוקבויגן (די ביאָגראַפֿיע וועט האַלטן פון 25 ביז 30 בויגנס), איך וויל 200 רובל אַ בויגן. און נאָך אַ חסרון איז דערבײַ, וואָס דער ווילנער אונטערנעמער וויל זי געבן אין זײַן מאָנאַטשריפט („די יודישע וועלט") 1 בויגן אַ חודש — הייסט עס אַ קיימא־לן פון 2 אָדער 2.5 יאָר — נישט אײַנגענעם! איך וויל אָבער דורכויס, אַז די ביאָגראַפֿיע זאָל בלײַבן, לכן דאַרף מען זי פאַרענדיקן, נאָר אַזוי ווי איך מוז דאָך

שרײַבן אויך אַנדערע זאַכן (פעליעטאָנען) צוליב פּרנסה (פון פּסח אָן הייבן אָן אין „הײַנט" צו דרוקן זיך בריוולעך פון מנחם־מענדלען צו שיינע־שיינדלען זײַן ווײַב) — וועל איך ביסלעכווײַז, אַלע טאָג אַ ביסל, פאַרזעצן מײַן „ביאָגראַפיע". איך רוף זי דאָ אָן „ביאָגראַפיע", ניט „אויטאָביאָגראַפיע", ווײַל איך האָב אויסגעקליבן די פאָרעם פון אַ „ביאָגראַפיע", דאָס הייסט, ווו דער מחבר רעדט מיטן לעזער פון זיך ווי פון אַ דריטער פערזאָן. בכדי איר זאָלט מיך רעכט פאַרשטיין, שיק איך אײַך אין אַ באַזונדער פּאַקעט די ערשטע עטלעכע קאַפּיטלען און בעט אײַך טאַקע, איר זאָלט אין אײַערע פרײַע שטונדען זיך געבן די מי זיי דורכצוקוקן, אײַנטראַכטן זיך און נאָך דעם דורך אַ בריוו אָפנהאַרציק אַרויסזאָגן מיר אײַער מיינונג, וואָס דענקט איר וועגן דעם? צי האָב איך ניט קיין טעות, וואָס איך לייג אַזוי פיל געוויכט אויף דעם דאָזיקן בוך? איך האַלט אײַך פאַרן בעסטן קריטיקער, ניט ווײַל איר זײַט אַ קריטיקער, נאָר ווײַל איר האָט אַ טיפן און אַ ברייטן בליק אויף וועלט און מענטשן. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס דאָס בוך וועט מיר נישט קאָנען געבן די דערווײַליקע נוצן אין פּראָפיט, וואָס מיר קומט על־פּי יושר. ניטאָ נאָך בײַ אונדז קיין ליטעראַטור ווי בײַ לײַטן. ניטאָ נאָך בײַ אונדז קיין מעצענאַטן ווי בײַ אַנדערע אומות. איך וועל זיך מסתמא מוטשען און ווי עס איז דערפירן דאָס בוך ביז צום ענדע און סוף־כּל־סוף פאַרט אַרויסגעבן עס אַליין אין בוכפאָרעם, ווי שוין אַ לאַנג געדרוקטע זאַך — וואָס קאָן מען העלפן? — — —

אַז איר וועט מיר די קאַפּיטלען אומקערן, בין איך איבערצײַגט, נאָך דעם ווי איר האָט מיר אומגעקערט די „בלאָנדזשנדע שטערן". ביז אײַער ענטפער אויף מײַנע ביידע בריוו געזעגן איך זיך אָפּ מיט אײַך און קוש אײַך פרײַנדלעכסט.

אײַער דאַנקבאַרסטער פרײַנד

שלום־עליכם

## 668. צום זעלבן

ב' דחוהמ"פ התרע"ג, 26. 4. 1913

מײַן טײַערער פרײַנד שרירא!

קיין תּשובֿה אויף מײַנע פריערדיקע בריוו האָב איך פון אײַך נאָך ניט דערהאַלטן. געוויס איז דאָס מפּני קידוש החג. אַזאַ שמורהניק ווי איר איז מכין מסתמא דרײַ וואָכן קודם החג, און די אַכט טעג פּסח איז ער גאָרנישט בהאַי עלמא. אי"ה נאָך פּסח רעכן איך האָבן פון אײַך אַ בריוו שוין קיין Lausanne Ev. d'Ouchy 38 און דאָס בוך מיט אײַער „דער מיר" וועט איר מיר צושיקן, ווי איך האָב אײַך געבעטן.

רצ"פ נאָך אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון מײַן אויטאָביאָגראַפיע. איך בעט זיי, אַלע צוריק עפּ"י זאַקאַזנויע אָפּשיקן. די ווײַטערע קאַפּיטלעך וועל איך אײַך מדי שבֿוע בשבֿוע צושיקן.

אײַער שלום־עליכם

## 669. צום זעלבן

(לאָזאַן) 30. 4. 1913

זייער געערטער און געליבטער פריַינד שרירא!

איַיער ליבן בריוו פונעם 6 (19) אַפּריל האָב איך פון נערווי אַהער מקבל געווען — מיר זענען שוין ווידער אין לאָזאַנאַ. מיט איַיער מיינונג, אַז מיַין אויטאָביאָגראַפיע באַדאַרף זיַין מער ליטעראַריש, בין איך איינפערשטאַנדען. איר מיינט דאָך מסתמא די ליטעראַרישע זיַיט, ניט אַז זי גופא באַדאַרף זיַין מער ליטעראַריש, אַלס פאַקטיש. דאָס מיינט, אַז איך באַדאַרף מער געבן אַזעלכעס, וואָס איז שייך צו דער ליטעראַטור, אַלס צו מיַין לעבן גופא. און אַזוי וועט דאָס טאַקע זיַין. דערוויַיל איז דאָך נאָר אַ התחלה, פון בראשית, פון מיַין קינדהייט, ווי אַזוי דאָס עוף פּיקט זיך אויס פון אייעלע, אַ מין „עמבריא" הייסט עס אין די ביכער. וואָס וויַיטער וועט עס גיין אַלץ ברייטער און טיפער, די וועלט־האָריזאָנטן וועלן זיך צעשפּרייטן, טיפן און בילדער וועלן זיך מערן כּחול אַשר על שׂפת הים, אַגב, וועט אויך קלאָר ווערן מיַין אייגענע פּערזענלעכקייט, אַלס בן־אָדם און נאָך דעם אַלס שריַיבער — און אָט אַזוי וועלן מיר קומען צום רעכטן צימעס, צו דער ייִד(ישער) ליטעראַטור מיט אירע נביאים, אמתע און פאַלשע, מיט אירע ווערק, ווערדיקע און פוילע אאַז"וו. אָבער ניט נאָר די ליטעראַרישע וועלט אַליין וועט זיַין אָפּגעמאָלט. עס וועלן דורכגיין פאַרביַי דעם לעזערס אויגן גאַנצע סינעמאַטאָגראַפישע בילדער פון דער וועלטלעכער, סוחרישער וועלט. די גאַנצע בערזע מיט אירע אמתע און פאַנטאַסטישע מנחם־מענדלס, פון מיַין 23־יאָריקן עלטער אויף דער קיִעווער (יעהופּעצער) בערזע ביז צו היַינטיקן טאָג. עס וועט זיך אויפוויקלען אַ גאַנצע קייט פון באַוועגונגען אין אונדזער כּלל־לעבן און כּלל־טוערס: חסידים, מתנגדים, אַסימילאַטאָרן, נאַציאָ־נאַליסטן, חובבי־ציון, ציוניסטן, טעריטאָריאַליסטן, סאָציאַליסטן — אַלעס וואָס איך אַליין האָב דורכגעלעבט. ניט קיין אויסגעטראַכטע, נאָר לעבעדיקע פּאַרשוינען, וואָס איך קען זיך מיט זיי און קען זיי דורך און דורך אומבאַקאַנטוויַיזע — הכּלל דאָס איז ניט מיַין ביאָגראַפיע, נאָר די ביאָגראַפיע פון אונדזער ייִדיש וועלטל, און במילא איז שוין מיַין פיגור, אַלס בן־אָדם און שריַיבער, קלאָר ווי די שיַין, און אויב איך בין מקצר (ווי למשל ביַי שמואליקן) איז מיט אַ כּיוון — נישט בליַיבן שטיין לאַנג אויף איין אָרט, נאָר גיין אַלץ פאָרווערטס און פאָרווערטס צום רעכטן וויַיטן צוועק. — מיט וואָס איך בין ניט איינפערשטאַנדען מיט איַיך איז דאָס, וואָס איר וויַיזט מיַינע קאַפּיטלעך פאַר פרעמדע און פאַר וואָראָנקאָווער ליַיט. איך פאַרטרוי עס נאָר איַיך פערזענלעך, און וויַיטער קיין בן־אָדם, קיין פויגל טאָר עס ניט זען אַפילו ביז עס קומט צום דרוק. און איצט וועגן „ביזנעס".

איַיער פאָרשלאָג, פאַרשטייט זיך, נעם איך אָן. ער האָט מיר גאָר די אויגן געעפנט. דריַי הונדערט רובל אַ חדש איז צו מיַין איצטיקן בודזשעט אַ גרויסער פּלוס. נאָר במה דברים אמורים? ווען איר זאָלט זיַין אַזוי גוט און אָנזאָגן איַיער קאַסיר פון געשעפט, אַז אַלע ערשטן פון יעדן חודש באַדאַרף ער אַרויסשיקן דורך פּאָסט (אָדער דורך אַ באַנק־אָנוויַיזונג) אויף מיַין אַדרעס, ועלכן ער דאַרף פאַרצייכענען ביַי זיך אין בוך, און אָנהייבן זאָל ער דאָס אַרויסשיקן מיום 14/1 מיַי שנה זו עד 14/1 אַפּריל שנה הבאה. מחמת איר זיַיט דאָך אַ ייִד קיין עין־הרע אַ מטופּל מיט געשעפטן און קיין עין־הרע

גלאַט אַ צעטראָגענער — אויב ניט ווי מײַן „שלום שכנא דריי זיך" (זע „הײַנט", ערב פּסח, „איבער אַ היטל") איז ווי שרירא פון באַקו, וואָס שרײַבט אָן אַ בריוול און פאַרשטופּט עס אין קעשענע אויף דרײַ חדשים צײַט. איך, מצדי, וועל זיך פּאַוואָלינקע שרײַבן די אויטאָביאָגראַפיע אַ קאַפּיטל נאָך אַ קאַפּיטל, וועלכע איך וועל אײַך צושיקן זיי זאָלן זיך קלײַבן בײַ אײַך, אין דער האָפענונג אַז דורכן יאָר, ד"ה ביז סוף אַפּריל 1914 (און אפשר נאָך פריִער) וועט דאָס זײַן אי"ה פאַרטיק ביזן סוף. — נאַטירלעך נעם איך אָן אַלע אײַערע קאָנדיציעס, אויסער איין פּונקט, וועלכער קאָן מיר קוילן פון פּרנסה. דהײַנו, מיטן „הײַנט" האָב איך אַן אָפּמאַך, אַז אויסערן „הײַנט" טאָר איך קיין שורה ניט דרוקן אין וואַרשע, ניט אין אַ צײַטונג, ניט אין אַ זשורנאַל, מעגן מעג איך דרוקן זיך אין אַ זשורנאַל (נאָר ניט אין אַ צײַטונג) אין ווילנע. דאָס איז דער קלעצקין, וואָס האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו הונדערט רובל אַ חדש. און איר שמועסט עפּעס פון „מאָמענט" און „פרײַנד". דאָס איז אויסגעשלאָסן. יאַצקאָן וועט מיך דעמאָלט קוילן און אײַך שיסן. זעט איר, וואָס יאָ איר קאָנט מאַכן אין וואַרשע? טאַקע מיט יאַצקאָנען גופא. ער האָט הײַנט אָן אייגענעם פאַרלאַג „יהודיה" און גיט אַרויס דערווײַל נאָר ווענדראָווס מעשׂיות און מאַכט, זאָגט מען, ניט גוט. ער דאַרף אַלזאָ זײַן פאַרלאַג אונטערפרישן מיט עפּעס רעכטס, ער האָט שטאַרק חשק איבערנעמען מײַן פאַרלאַג בײַם „צענטראַל" (לידסקי, וואַרשע, פראָגרעס, נאָוואָליפּקי 7) נאָר דאָס איז פאַר אים לע"ע, ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, אַ צו האַרטער ביסן. פאַרלאַג „צענטראַל" צאָלט מיר אויס פון 5000 ביז 6000 רובל אַ יאָר (און פאַרדינט אַליין אויך אַזוי פיל), איז עס אָבער אַן אײַנגעריבענע פירמע, וואָס יאַצקאַנס „יהודיה" קאָן זיך נאָך מיט איר ניט גלײַכן אין קאָנקורירן, און חוץ־לזה — וועט דער „צענטראַל" אַזוי גרינג מיך ניט אַרויסלאָזן. ביז איצט האָט ער אַרויסגעגעבן מיך אין 14 בענד און האַלט בײַ אַרויסגעבן נאָך 6, אַזוי אַז ביזן יאָר 1915 זאָל זײַן אַ קאָמפּלעט פון 20 בענד. (חוץ די קליינע 75—100 בראָשורן) אַ חתיכא הראויה להתכבד! נאָר וואָס דען? מײַן ביאָגראַפיע, אַלס ניט געדרוקטעס בוך האָב איך רעכט, אין באַצוג פון „צענטראַל", אַרויסגעבן אויך דורך אַן אַנדער פירמע. ווען מיר זאָגן „יהודיה" (יאַצקאָן) — און דאָס וועט יאַצקאָן אָננעמען בשתּי ידיים און אויף זייער גוטע באַדינגונגען. נאָר ווען? אויב מיר וועלן עס פריִער ניט דרוקן אין קיין זשורנאַל, ניט דאָ, ניט אין אַמעריקע. אין „הײַנט" וועט יאַצקאָן דאָס בשום־אופן ניט דרוקן. ער דאַרף נאָר אַ ראָמאַן און נאָר פעליעטאָנען — און ווי איר ווייסט, איך גיב אים הײַנטיקס יאָר מנחם־מענדלס בריוו. מיט יאַצקאַנען פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם באַדאַרף מען ערשט ימים־טובים־צײַט, פאַר נײַ־יאָר, מיט אַ פּלאַן, אַז ניט דער „הײַנט", נאָר זײַן פאַרלאַג „יהודיה" גיט אַרויס אַ נאָך ניט אין ערגעץ געדרוקטן בוך — שלום־עליכם־אויטאָביאָגראַפיע אָדער אין העפטן צום פאַרקויפן אָדער אַלס אומזיסטע פּרעמיע פאַרן הײַנט. מיר וועלן דאַן אײַנטיילן דאָס בוך אין 5, 6, 8 אָדער 10 העפטן בכדי צו פאַרגרינגערן דעם לעזער מצד המקח, אַזוי אַז אין פאַרלויף פונעם קומענדיקן ווינטער וואָלט ער געקאָנט אַרויסגעבן דאָס גאַנצע בוך. אויף אַזאַ אופן בין איך פרײַ פאַר מײַן „צענטראַל"־פאַרלאַג, לויט וועלכנס אָפּמאַך איך האָב קיין רעכט אַרויסצוגעבן מײַנע ווערק דורך אַן אַנדער פאַרלאַג. (מײַנע ווערק מיינט מען די שוין לאַנג געדרוקטע אין צײַטונגען אָדער זשורנאַלן.)

באָם עס וועט ניט געלינגען מיט יאַצקאַנען צו מאַכן (איך מיין עס וועט יאָ געלינגען) איז דאָ אַ צווייטער פאַרלאַג „קלעצקין עט קאָמפּ“. ווילנע. אויך די זעלבע קאָנדיציעס, וואָס מיט יאַצקאַנען, אָבער ניט אין זייער זשורנאַל „דאָס אידישע לעבען“ וואָס האָט ווינציק פּלאַץ און צאָלט אַ קליינעם האָנאָראַר (100 רובל אַ בויגן).

סײַ מיט דעם, סײַ מיט יענעם, אַז איר וועט פאַרפירן אונטערהאַנדלונגען, דאַרפט איר זיך מטריח זײַן שרײַבן, אַז איר האָט אָפּגעקויפט בײַ מיר מײַן בוך, מײַן אויטאָ־ביאָגראַפיע, אַלס מעצענאַט, און איר ווילט דאָס אַרויסגעבן דורך זיי, אאַז״וו.

דאָס זעלבע קענט איר טאָן אויך מיט די אַמעריקאַנער גנבים. מוז איך אײַך אָבער זאָגן פאָרויס, אַז מיט די הינט וועט איר גאָרניט מאַכן, און אַז איר וועט יאָ מאַכן וועט דאָס אײַך אויספאַלן באָקאָם. דהײַנו: זיי וועלן דאָס אָפּדרוקן און פאַרקויפן אונדז בײדן, אי אײַך, אי מיך, פאַר איין דאָלער. למשל — זיי וועלן עס אַרײַנשמוגלען צו אײַך קיין רוסלאַנד, קאָנקורירן מיט אײַער רוסישן פאַרלעגער — הכּלל, זיי וועלן אײַך טון כּל־הצרות וכל־הפּאַקאָסטן שבעולם, איר זאָלט אַפילו זײַן מיט דרײַ קעפּ און אָפּשליסן מיט זיי צען קאָנטראַקטן („אַגרימענס“ הייסט עס אויף זייער גנבהש לשון). נישט פאַרגעסט אַז אונדזערע רוסישע פאַרלעגערס האָבן אין אַמעריקע אויך זייערע פיליאַלן און זייער מאַרק איז פאַר אונדז אָפּן. נישט כּדאַי צוליב עטלעכע הונדערט דאָלער זיך אַליין מאַכן אַ קאָנקורענץ און שפּײַען דורך זיי מיט בלוט.

אַלזאָ, איך רעזומיר אַלע פּונקטן: ראשית, דאַרף מען פּרווון פּראָפּיטירן דורך אַ פּרעמיע צום „הײַנט“, אָדער דורך אַ העפטן־פאַרלאַג. והשנית, דורך אַ בוכפאַרלאַג. למשל: נאָכן אַרויסגעבן, וועלן מיר זאָגן, פון יאַצקאַן אַלס פּרעמיע אָדער העפטן אָדער בוך בלײַבט דאָס רעכט אַלס בוכפאָרעם פאַרן „צענטראַל“ אויך נאָך דעם אויך בײַ אונדז אויף שטענדיק. איר דאַרפט וויסן, אַז מײַנע שריפטן אין „צענטראַל“ האַלטן אויס כּמעט אַלע יאָר אַ נײַע אויסגאַבע, אַניט, ווי וואָלט זיי געלוינט צו צאָלן מיר יערלעך צו 5—6000 רובל? נאַטירלעך וועט איר זײַן אַזוי פרײַנדלעך מיר פון אַלע אײַערע מיסחרים מיט די פאַרלעגערס צײַטלעך צו געבן וויסן. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס איך בין מנחם־מענדל און איר זענט אַזאַ שטרענגער סוחר און זאָגט אַז איר ווייסט בעסער וואָס צו טון און ווי אַזוי מער געלט דערפון צו מאַכן. איך זאָג אײַך בתּור עצה, אַז אַן עצה האַלטן זיך מיט מיר באַדאַרפט איר. אַ מאָל קאָן מנחם־מענדל אויך געבן אַן עצה.

איך פאַרהאָף, אַז נאָך די ווײַטעריקע קאַפּיטלעך וועט איר אײַער מיינונג וועגן סוביעקטיוון אינהאַלט אַ ביסל ענדערן. קיין האַלבע אַרבעט טאָר מען, ניט נאָר אַ נאַר, אַ קלוגן אויך ניט ווײַזן, ובפרט נאָך אַן אָנהייב פון אַן אַרבעט.

איצט וועגן זײַטיקע — און ווידער מײַנע — ביזנעס. האָט קיין פאַראיבל ניט, וואָס כ'דול אײַך אַ ספּאָדיק מיט מײַנע פּערזענלעכע ביזנעס. איך האַלט אײַך פאַר מײַן איינציקן פרײַנד אין רוסלאַנד, איך האָב קיינעם ניט אַחוץ אײַך, מוזט איר זיך נעמען צײַט און אַרײַנקוקן אין מײַנע קליינע אותיות (ווי אַזוי איז בײַ אײַך די ראיה? חלילה ניט געשלאָגן? אויב געשלאָגן, וועל איך מוזן שרײַבן אַ ביסל גרעסערע אותיות. אַניט קויפט אײַך אַ שפּאַקטיוו און קוקט, זײַט מוחל, אַרײַן מיט כּוונה!). די מעשׂה פון דער געשיכטע איז אַזאַ היסטאָריע: עס גענדזלט זיך, עס ווילט זיך אַרויספאָרן אַ ביסל אויף

דער וועלט, אַ לייען טון פאַרן גרויסן עולם און, אגב, טאַקע צונויפשלאָגן די פּאָר גראָשנס פֿי מע דאַרף האָבן!... דאָ ליגט אַ בריוול פון מײַן שוויגערזון בערקאָוויטש — ער איז רעדאַקטאָר פון „העולם" — גאָרנישט קיין נאַריש ייִנגל און נישט פון די עשׂרה בטלנים, ווי איר זעט. לייענט דורך, זײַט מוחל, אויך זײַן בריוול, און זאָגט איר אײַער מיינונג.

אַן עק, אַ סוף. מער וועל איך אײַך הײַנט ניט דולן.

זײַט מיר רעכט געזונט און מאַכט אַ סך אַ סך געלט בכדי אַנדערע זאָלן אויך הנאה האָבן.

פון מיר מנחם־מענדל — טפו! מיין איך — שלום־עליכם

## 670. צום זעלבן

(לאָזאַן) 23/10 .5 .1913

מײַן טײַערער פרײַנד שרירא!

פאַרשטייט זיך, אַז איך נעם אָן אײַער תּנאַי: אַבסאָלוט! איך האָב מיטן „הײַנט" קיין קאָנטראַקטן, נאָר דאָס וואָרט האָב איך געגעבן, אַז אין „מאָמענט" אָדער אין „פרײַנד" טאָר איך ניט מיטאַרבעטן: אַ „פרעמיע" אָבער הייסט ניט קיין מיטאַרבעט, און פאַר אַ יאָרן (פאַר צוויי יאָרן) האָט דער „פרײַנד" גופאַ געגעבן מײַנע דרײַ טאָמען אַלס פרעמיע צום „פרײַנד", געקויפט בײַ מײַן פאַרלאַג „פּראָגרעס" — „צענטראַל" — לידסקי — אגב קומט מיר פונעם „מאָמענט" 1500 רובל, וואָס די אַלטע אַדמיניסטראַציע האָט מיר אָנגעזעצט, וואָלט געוועזן כאן מצא בעל החוב לגבות את חובו, אויב אײַך וואָלט געראָטן מיט זיי עפּעס מאַכן. יעדן פאַלס איז נאָך דאָ גענוג צײַט — נאָך צען, עלף חדשים — ווי וועלן מיר זיך ניט זען ביז דענסט מאָל, אָדער דאָ, אָדער בײַ אײַך אין באַקו? גיכער שײַנט מיר אין באַקו, אי"ה יום־טובים־צײַט, ווי איר שרײַבט. איך בין איינפאַרשטאַנדן מיט אײַך, אַז אין אַ טעאַטער אויף בילעטן איז פּראַקטישער און שענער. איר זײַט גערעכט: שוין צײַט דער עולם זאָל אויפהערן מיינען, אַז ער גיט אַ נדבה אַ שריפטשטעלער. מײַן בערקאָוויטש זאָגט אַפילו, אַז פאַר אַ שרײַבער פּאַסט ניט דער נאָמען „אַרטיסט". פּאַסט אָבער נאָך מער ניט דער נאָמען „שנאָרער", ווי איר זאָגט גאַנץ ריכטיק. בײַ מיר איז טײַערער אַ פינף־רובלדיקער בילעט פון אַ נגיד און אַפילו אַ רובלדיקער פון אַ קבצן איידער אַ פינפאונצוואַנציקער פון אַ גביר, וואָס וועט זיך קאָנען באַרימען נאָך דעם: אני העשרתי את אברם... און וועט מיינען, אַז ער האָט געטאָן אַ טובה אי מיר, אי אײַך. נאָר וועגן דעם וועלן מיר אויך נאָך צײַט האָבן צו שמועסן. דערווײַל גייט זומער: ווו רעכנט איר אים צו פאַרברענגען? און אײַער פאַמיליע? ווידער אין דעם קאַלטן פראַנקרײַך? בײַ אײַער טאָכטער זענען מײַנע קינדער געוועזן אַ פּאָר מאָל, זאָגן זיי, אַז זי לערנט גאָר לשמה, טאַקע גאָר ווי אַ מתמיד אין „דער מיר"! און דעריבער זעט מען זי ניט, ניט בײַ אונדז, ניט אין ערגעץ. — נו־נו, לאָז זי לערנען, מהכי־תיתי. איך האָב שוין לאַנג געטראַכט וועגן איר, אַז זי וועט „עפּעס" זײַן. וואָס — ווייס איך ניט. אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען. — דאָ איז געוועזן בײַ די „איזראַעלצעס" אַן אָוונט לטובת... ווו איך האָב געלייענט מנחם־מענדלס און שיינע־שיינדלס בריוולעך (אין קאָנסערוואַטאָריע־זאַל), איז געוועזן פול, און מע האָט געלעקט

די פינגער, און מע האָט אים אָוועקגעשיקט 300 פראַנק — אַ חתיכה הראויה להתכבד, וואָרעם ער שטאַרבט פון הונגער מיט דער פאַמיליע דרײַ מאָל אַ טאָג אַחוץ וועטשערע — פשוט בתכלית הפשטות. — איך שיק אײַך דאָ נאָך קאַפּיטלעך און גריס אײַך מיט אײַער הויזגעזינד זייער, זייער פרײַנדלעך.

אײַער שלום־עליכם

## 671. צום זעלבן

[19]13 .5 .25/12

מײַן טײַערער פרײַנד און איינציקער יידישער מעצענאַט, ש. שריראַ!

איר בעט מיך, איך זאָל ניט זײַן ברוגז, וואָס איר רופט מיך מנחם־מענדל. איך וועל אײַך בעטן, איר זאָלט קיין פּאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך רוף אײַך מעצענאַט. נישט שלום־עליכם דער מנחם־מענדל, נישט שריראַ דער מעצענאַט האָבן זיך צו שעמען. לייענט דורך, זײַט מוחל, זײַן בריוול № vi אין „הײַנט" און זאָגט, אַדרבא, אויב ער איז ניט דער גרעסטער פּאַציפיסט און סאָציאַליסט און אידעאַליסט פון XX יאָרהונדערט? און אויף שריראַ דעם מעצענאַט דאַרף מען זאָגן: מי יתן וירבו כמותו בישראל!

איצט צו די ביזנעס ווידער אַ מאָל.

איך האָב אײַך שוין נעכטן געשריבן אַז די זאַך איז דערליידיקט. איך גיב עס אײַך אַבסאָלוט — טוט מיט דעם כּאדם העוסק בשלו! נאַטירלעך, וועט דעם רעדאַקטאָר יאַצקאָן איבערגעגעבן ווערן דורך מײַן פּרוי, וועלכע פאָרט אין 10—12 טעג אַרום קיין וואַרשע צו אים און צום „צענטראַל" מכּוח די ביזנעס אויפן יאָר 1913—14 (ווי אַלע יאָר) און אַגב נעמען בײַ זיי אַ ביסל מזומנס, פון וועלכע אײַך וועלן ווערן אָפּגעשיקט דער ג"ח טויזנט רו"כ, און דאָרט וועט זי איבערגעבן דעם ה' יאַצקאָן בעל־פּה מיט אײַער לשון ממש. איז איין מאָל אָוועק. והשנית, האָב איך דאָך אײַך געשריבן, אַז פאַר־קויפט צו זיי בין איך נישט, ובפרט אַלס „פּרעמיע" קאָן איך גיין ווו איך וויל און ווען איך וויל. און אַפילו ווען איך וואָלט זײַן פאַרקויפט, איז דאָך אויך נאָר אויף 1 יאָר און ביז דאָס גאַנצע ווערק וועט זײַן פאַרענדיקט — לויפט איבער דאָס יאָר און — חסל!

— און וועגן אײַער „רייזי די וואַסערפירערין" נעם איך אָן אײַער פאָרשלאָג און אי"ה, גאָר אין גיכן, ווי נאָר מיר פאָרן אַרויס אויף זומער, דאַכט זיך קיין רייַנערץ אָדער קיין צאָפּאָט, סמוך לוואַרשאַ (פרײַסן) — דאָרט וועל איך זיך נעמען צו איר, ביסלעכווײַז, אַ שעה אין טאָג, ווײַל 2 שעה נעמט צו בײַ מיר די אויטאָביאָגראַפיע, 2 שעה — מנחם־מענדל מיט שיינע־שיינדלען און 1 שעה — „יאָסל טאַרעראַם", אַ נײַער פאַרשוין, וואָס איר וועט אײַך מיט אים אין גיכן באַקענען אין „הײַנט" און וואָס וועט דאַכט מיר נושא־חן זײַן בײַ אײַך און בײַ דער וועלט ניט ווינציקער פון מנחם־מענדלען. אַלזאָ לאַנגזאַם, ניט ראַפּטעם וועלן מיר אײַער רייזין שטעלן אויף די פיס מיט גאָטס הילף און משה אַהרון וועט אַרויס בולט און לעבעדיק, כּאשר אהבתי. רק עס איז מיר אַ שטיקל ביין אין האַלדז דאָס, וואָס איר ווילט ניט אײַער נאָמען. ווענענס דען נאָמען? אַ נאָמען מוז מען דאָך. אפשר וועלן מיר שטעלן אַזוי:

„אַ מעשׂה פון פאַרצײַטן, דערציילט פון אַ יידן, וואָס הייסט שריראַ און איבערדערציילט פון שלום־עליכם". —

אי פאַרשטעלט, אי שײַן!

שיקט מיר צו דעם „התועה בדרכי החיים", איך בעט אײַך, און דאָס בוך Пережитое מיט אײַער „דער מיר" און די איבערגעלייענטע קאַפּיטלעך „ביאָגראַפיע" אויף דורכצולעכערן זיי. איך וועל אײַך זיי צושיקן צוריק שוין דורכגעלעכערטערהייט אין אַ פּאַפּקע, ווי ס'געהער צו זײַן, — ס'זאָל ניט גיין לאיבוד ח"ו, קיין קאַפּיטל, ווי מע קאָן עס פון אײַך דערוואַרטן, וואָרעם וויפל מנחם מענדל איז אַ צעטראָגענע בריאה, אַ „שלום שכנא דריי זיך", איז שרירא דער מעצענאַט נאָך מער אַ צעטראָגענער. אָט שרײַבט איר, למשל: איך שיק אײַך אויסשניטלעך וועגן שלום אַש — ווער? וואָס? ווען? קיין סימן פון קיין אויסשניטלעך!

אײַער שלום-עליכם

## 672. צו יעקב דינעזאָן

לוזאַן (שווייץ), 9טן יוני 1913

טײַערער פרײַנד דינעזאָן!

ענטפערן אײַך נאָך אַ מאָל אויף אײַער האַרציקן בריוו וואָלט איך אייגנטלעך נישט באַדאַרפט. איין מאָל געענטפערט — איז גענוג. (איך מיין דאָס, וואָס מנחם-מענדל האָט אײַך געענטפערט דעם פאַרגאַנגענעם פרײַטיק אין „הײַנט"). נאָר איך מוז אײַך ענטפערן דורך אַ בריוו, ווײַל איר האָט מײַן ענטפער געוויס נישט געלייענט, אַזוי ווי איר לייענט נישט אַלע בריוו פון מנחם-מענדלען און אַז איר לייענט זיי נישט, איז דאָך „יאַוונע ויאַסנע", ווען איר וואָלט זיי לייענען, וואָלט איר דאָך נישט געשריבן דאָס וואָס איר האָט געשריבן. און דאָס פאַרדריסט מיך זייער. נישט דאָס, וואָס איר קריטיקירט. איך מעגט אײַך זאָגן, אַז מנחם-מענדל איז אַ בהמה, און שלום-עליכם קאָן נישט שרײַבן און וואָס אין דער קאָרט, נאָר נישט דאָס, וואָס איר האָט געשריבן, דאָס טוט וויי. למשל, בעל-מחשבות האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט צו מיר אין אַ בריוו, אַז מײַן ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס" איז געשריבן נאָר לשם געלט. און אַ מיצווה אויף יאַצקאַנען, — זאָל ער צאָלן שלום-עליכמען גראָבע הונדערטערס פאַר אַלטע געדרוקטע שוין פּראָטאָקאָלן און כראָניקע...

איך האָב זיך גוט אָנגעלאַכט דעמאָלט און אַ ביסל רחמנות געהאַט אויף בעל-מחשבותן: נעבעך, אַ קראַנקער מענטש! אים האָט דאָס זייער שיין געפּאַסט אויך איצט אַרויסטרעטן אין „פרײַנד" און אָנווײַזן, אַז מנחם-מענדל, צוליב יאַצקאַנס געלט, מאַכט נאָך יענעם געוויסן שמירער אין „מאָמענט", וואָס קרימט זיך נאָך שוין לאַנג נאָך מיר, ווי אַ גוי אַ ייִדן, און איצט כהנה וכהנה, אַפילו מיטן „עיקר-שכחתי", וואָס שלאָגט בײַ אים צו דער גאַל, אַזוי אַז מנחם-מענדל האָט אויף זיך גענומען באַגיין זיך שוין אָן אַן „עיקר-שכחתי"... פאַר בעל-מחשבותן פּאַסט אַלץ! נעבעך, אַ קראַנקער מענטש. אָבער איר, דינעזאָן, אונדזער דינעזאָן, וואָס נפשי קשורה בנפשו, וואָלט שוין געמעגט אַזוי ווײַט קענען שלום-עליכמען, אַז כל היאַצקאַנים שבעולם פאַרמאָגן נישט אַזוי פיל געלט, זיי זאָלן קאָנען האָבן אַן אײַנפלוס אויף שלום-עליכמס שאַפן. שלום-עליכם, אַז ער שרײַבט, עקסיסטירט בײַ אים נישט קיין פראַגע פון געלט, ער מעג זיך נייטיקן שבנייטיקן, אַז דער רוח זאָל עס נעמען. שלום-עליכם האָט קיין מאָל נישט פאַרקויפט

זײַן פעדער פֿאַר געלט. ער שרײַבט שטענדיק לשמה. גוט אָדער שלעכט — ס׳איז אַ געשמאַקזאַך און אַ שטימונג. נאָר ער האָט ליב די אַרבעט בכל לבבו ובכל נפשו, און וויפֿל מע זאָל אים נישט צאָלן, אַ סך באַצאָלט זיך נישט, דאָס געזונט און די נשמה און דאָס בלוט, וואָס ער לייגט אַרײַן אין יעדער שורה, אין יעדן וואָרט! אַלע קרענק מיט אַלע שלעק מיטן קיצור־ימים, וואָס ער האָט, קומט דאָס אים פֿונעם שרײַבן, גאָר־נישט קוקנדיק אויף זײַן פּראָדוקטיוויטעט און אויף זײַן לײַכטן סטיל. אַז איטלעכס קאַפּיטל פֿונעם ראָמאַן, וואָס דער קלוגער בעל־מחשבות רופֿט עס אַן טאַנדעט, איז איבערגעאַרבעט געוואָרן מינדסטנס 10 מאָל, — וועט דאָס זײַן בײַ אײַך אַ נײַס, אַז מנחם־מענדלס אַ בריוול ווערט איבערגעשריבן און איבערגעלײַטערט מער ווי 10 מאָל — וועט דאָס זײַן בײַ אײַך אַ נײַס.

און דאָס וועט דאָך אַוודאי זײַן בײַ אײַך אַ נײַס, אַז דער איצטיקער „מנחם־מענדל", וואָס דרוקט זיך אין „הײַנט", איז נישט, שטעלט אײַך פֿאָר אַזוי, לשם גאַזעט, ווי לשם אַ נײַ קאַפּיטל אינעם בוך, וואָס הייסט „מנחם־מענדל"; — דאָס וועט זײַן דער צווייטער טאָם (טייל), ווו עס ווערט געשילדערט מנחם־מענדל דער לופֿטמענטש אינעם געשטאַלט פֿון אַ פּאָליטיקער און כּלל־טוער און דאָ איז ער אויך דער זעלבער פֿליִער, דער זעלבער היצקאָפּ, דער זעלבער אידעאַליסט און איז דערצו נאָך אַ הומאַניסט און אַ פּאַציפֿיסט און אַ „ייִד" און וואָס איר ווילט, — דאָ איז שוין קיינעמס אײַנפֿלוס. יאַצקאָן איז שוין דאָ גאָט די נשמה... נאָר איר זײַט נישט שולדיק. אַז איר לייענט נישט איז דאָך נישט שייך! מען קאָן נישט אַלצדינג לייענען. עס טוט ווייִ דאָס האַרץ, אַז דער בעסטער, דער ערלעכסטער און דער נאָענטסטער דינעזאָן איז אַזוי ווײַט, אַז ער קאָן גאָר אויף דער מחשבה נעמען „קאָנקורענץ" מיט עפּעס אַ „פּאַטשקון", וואָס, ווי ניגער שרײַבט מיר, עס „איז אַ שאַנדע און פֿאַרברעכן זײַן נאָמען מיטן נאָמען פֿון מנחם־מענדל, אומגעוואַשן די הענט, אויפֿן מויל צו ברענגען און עס וועט זיך גאָרנישט געפֿינען דער מענטש אויף דער וועלט, וואָס ס׳זאָל אים קומען אויפֿן זינען אַזאַ מין אַסאָציאַציע"... דאָס זאָגט דער ווײַטער פֿרײַנד ניגער, און דער נאָענטער דינעזאָן רעדט פֿון מיאוסע קאָנקורענץ, נאָכמאַכונג, קאַליע געמאַכט אַ טיפּ, באַאײַנפֿלוסט געוואָרן פֿונעם רעדאַקטאָר צוליב פּרנסה!!! איך וויל נישט ברענגען קיין דוגמאות פֿון בערקאָוויטשעס ווערטער — ער איז אַ צו נאָענטער, האָט מיך צו פֿיל ליב, צו פֿיל אַן אייגענער, אָבער אַבראַמאָוויטש, ביאַליק, ראַווניצקי, ניגער — נישט שוין זשע זײַנען דאָס לויטער עם־הארצים, פֿאַרשטאָפּטע קעפּ, קרומע מוחות, בלינדע מענטשן? ניין, איך מיין אַנדערש. איך מיין, אַז די אַטמאָספֿערע אין וואַרשע איז, מחילה, אַזוי פֿאַרעיפּושט, אַז דער טײַערסטער און איידלסטער מענטש מיטן פֿײַנסטן חוש־הריח מוז זיך אים אויסווײַזן, אַז אַלצדינג האָט אַ שלעכטן נאָכריח... אי"ה, איר וועט זײַן בײַ מיר אין רײַנערץ, אויף דער פֿרישער לופֿט, אין אַ ריינערער אַטמאָספֿערע, וועט אײַער חוש־הריח און אײַער שטימונג אויך ווערן אַנדערש. אָט וועט איר זען...

עס גריסט אײַך און עס קושט אײַך אײַער,

שלום־עליכם

פּ.ס. אַקוראַט אין אַכט טעג אַרום האָט איר געסט: אָלגאַ, טיסי, בערקאָוויטש, טאַמאַראַ. אוי טאַמאַראַ!

## 673. צו ש. שריראַ

(סאָדען, דײַטשלאַנד) 29. 6. 1913

ליבער, טײַערער פרײַנד שריראַ!

בזה הרגע שרײַב איך אײַך אַ בריוו קיין מאַריענבאַד און דווקא רעקאָמענדירט — אַ תשובה אויף אײַער חולאַת־שרײַבערײַעכצן. איך בין מסופק אויב איר זענט נאָך אין בערלין, לכן שרײַב איך אײַך קיין מאַריענבאַד.

אויב איר ווילט מײַן בריוו האָבן, פרעגט זיך אײַך, זײַט מוחל, על הפאָסט במאַריענ־באַד. דער בריוו איז רעקאָמענדירט.

אײַער בעסטער פרײַנד

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי: און וואָס וועט זײַן, אַז איר זײַט ניט אין מאַריענבאַד, נאָר אין יעהופּעץ. אַ קשיא אויף שריראַן! קאָנט איר אים אַרויספאָדערן קיין יעהופּעץ און קיין בויבעריק, נאַטירלעך, דאָ, אין אויסלאַנד.

## 674. צו י. ח. ראַווניצקי

וויסבאַדען, ווילאַ, רופּפּרעכט, 18טן יולי 1913

ידידי יקירי!

אומר ואוכל! איך האָב נאָר וואָס אָװעקגעשריבן צו דער אַלמנה אַ מכתּבֿל, אַז אויב זי וויל אַאַז״ו, זאָל זי נעמען און טאַקע באַלד איבערגעבן דעם בעל־הנאָטן (ס'איז טאַקע וואַרשאַווסקיס אַ ברודער) אאַז״ו. רק נײַערט איך וויל איר ניט געטרויען דעם איינציקן אָריגינאַל פון די לידער, טאָמער אַ קשיא וואָס אַ זאַך מאַכט זיך, — שרײַב איך איר, אַז בקרוב באַקומט זי די קאָפּיע פון די לידער, וועלכע איר וועט מוחל זײַן הייסן אַראָפּנעמען (די לידער גופא שיק איך אײַך) און צושיקן איר, אָבער באַלד, צוזאַמען מיט די נאָטן (פון די נאָטן קאָן מען שוין קיין קאָפּיע ניט אַראָפּנעמען, און ס'איז ניט נייטיק), און אָט אַזוי אַרום וועט איר פּוצה מן המוח אל הכולל זײַן, און ס'וועט זײַן שלום אויף ישׂראלן, שלום צו אײַך, שלום צו מיר, שלום צום ווײַטן און צום נאָענטן, און פיל שלום ביז מע וועט בלײַבן אָן אַ לבנה — אָמן! (אָט דאָ באַדאַרף אלי קאָנען גוט לאַכן!). און דאָס איבעריקע וועט אײַך שוין איבערגעבן אַ ייִד וואָס הייסט בער... בער... בער — בערקאָוויטש. ביאַליקן און ביאַליטישכען מאָנישן און פּאַיען און אַדין, און דעם זיידן, גוואַלד דעם זיידן, אַ גרוס!

שלום־עליכם

פּ.ס. — פּאַר — שטייט זיך, אַז איך וועל געבן אַ נײַע הקדמה, און דרוקן וועט איר ביידע הקדמות, און ס'וועט זײַן האַלרייט, ווי אַברהם אליהו זאָגט נאָכן עסן...

## 675. צו ש. שריראָ

(ווילאַ רופּרעכט, וויסבאַדען) 20. 7. 1913

ליבער גוטער פֿרײַנד שריראָ!

אַזוי איז געווען די מעשׂה: ווי באַלד איך האָב באַקומען פֿון אײַך אײַער בריוול פֿון בערלין, אַז איר שרײַבט אַ בוך, האָב איך אײַך תּומ״י געענטפֿערט מיט צוויי בריוו־לעך — איינס קיין בערלין, דאָס אַנדערע רעקאָמאַנדירט — קיין מאַריענבאַד. האָט איר, ווײַזט אויס, דאָס בערלינער בריוול מקבל געווען, און דעם רעקאָמאַנדירטן בריוו פֿון מאַריענבאַד האָט מען מיר במחילת כּבֿודי מיאוס אומגעקערט צוריק מיט אַן אויפֿשריפֿט, אַז אַ מענטש, וואָס הייסט שריראָ, איז אינעם מאַריענבאַדער גבֿול לא יזכר ולא יפּקד! האָב איך יענעם בריוו מיטן העמדל אָפּגעשיקט צו אײַך קיין באַקו און צוגעלייגט אַ בריוול מיט אַ מודעה פֿאַר די ייִדישע גאַזעטן, אַז ס׳איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אַ ייִד, וואָס הייסט שריראָ, און האָב אײַנגעגעבן זײַנע סימנים: אַ טעריטאָריאַליסט, אַ מעצענאַט, אַ ביסל אַ צענטראָ־גענער, שפּילט גוט אין 66 און אין 1000, שרײַבט אַ בוך אאַז״וו. דערנאָך האָב איך צעקלאַפּט בריוו בכל תּפֿוצות־ישׂראל — קיין בערלין, לאָזאַנאַ, קיין באַקו, ווידער קיין מאַריענבאַד, געזוכט אין אַלע קורליסטעס פֿון „יעווראָפּאַ״, טאָמער, צ קשיא זענט איר גאָר אין עמס אָדער אין אָסטענדע, אָדער אין יעהופּעץ? בקיצור מע שרײַבט מיר פֿון לאָזאַנאַ אין נאָמען פֿון אײַער שוועסטער, אַז איר זײַט טאַקע אין מאַריענבאַד, האָטעל וואַגנער. אײַ די קשיא, וואָס נישטער איך אַזוי? גאַנץ פּשוט: הנה כּפי אַזוי ווי איך בין אײַך אַ בעל־חובֿ די אלף רו״כ וואָס כ׳האָב אײַך צוגעזאָגט על מנת להחזיר אי״ה זומער, און אַזוי ווי מײַן פּרוי איז געקומען פֿון וואַרשע און געבראַכט אַ ביסל מעות, ליגן די אלף רו״כ אײַערע צוגעגרייט אויף אָפּצושיקן אײַך בתּשואות חן גדול כּנהוג, וואָרעם מנחם־מענדל איז טאַקע אַ מנחם־מענדל, נאָר אַן ערלעכער מאַן איז ער. ע״כ ידידי שרײַבט מיר תּומ״י צי איר זײַט טאַקע אין האָטעל וואַגנער במאַריענבאַד און וויפֿל טעג נאָך, וואָרעם איר קענט זיך אויפֿהייבן מאָרגן און פֿאַרגעסן דעם זײַ־געזונט, וועל איך אײַך באותו הרגע צושיקן אײַער חובֿ ע״י באַנק־אַנווײַזונג. און באָם איר האַלט בײַ אָפּפֿאָרן, וועל איך אײַך זיי טעלעגראַפֿיש איבער־ווײַזן. און וואָס איר פֿאָרט אַוועק און פֿאַרגעסט אַ גוטן פֿרײַנד און ווילט אים ניט מזכּה זײַן אַפֿילו מיט אַן אַטקריטקע — דערויף זענט איר דאָך שריראָ און איר זײַט גערעכט און אײַער מישפּט איז גערעכט, ווי עס ווינטשט אײַך געזונט און אַ סך יאָרן און פֿאַר די געשעפֿטן לאָז גאָט זאָרגן.

אײַער שלום־עליכם

## 676. צום זעלבן

(וויסבאַדען) 23. 7. 1913

מײַן ליבער טײַערער פֿרײַנד שריראָ!

דאַנקע השית״ב — איצט זע איך אַז איר לעבט — און אַ דאַנק אײַך וואָס איר האָט זיך אָפּגערופֿן כאָטש אויף מײַן בריוו!

איצט גייען מיר איבער צו די ביזנעס. („ביזנעס בעפאָר פּלעזשור!") ערשטנס לייג איך אײַך דאָ בײַ אַ טשעק אויף די אלף רו"כ וואָס כ'בין אײַך שולדיק און נעמט צו מיט זיי אויך מײַן אינניגסטן דאַנק פאַר דער טובה וואָס איר האָט מיר געטאָן בשעתה, וועלכע איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי פרײַנדלעך איר האָט זיך אַליין מיט אײַער הילף אָנגעשלאָגן און דערמיט באַוויזן, וואָס הייסט אַ גוטער פרײַנד באמת און וואָס הייסט שרירא. השנית, בעט איך אײַך ווי אַ גוטן פרײַנד טויזנט מאָל מיר מוחל זײַן, וואָס איך דערלויב מיר אַרויסצוזאָגן מײַן אומענדלעכע פאַרוווּנדערונג אויף דעם וואָס איז איבערגעלאָפן שוין 2 טערמינען, (דעם 14/1 יוני און דעם 14/1 יולי) און איך האָב פון באַקו, לויט אײַער אַ פאַראָרדענונג, גאָרנישט דערהאַלטן! נאַטירלעך האָב איך אַהין ניט געשריבן גאָרניט איך האָב נאָר אָנגעפרעגט אין אײַער קאָנטאָר אויף אײַער אַדרעס און אײַער בעפינדן, האָט מען מיר ביז איצט נישט געענט־פערט. איך רעכן, אַז פריִער די מחלה פונעם „בוך" (שרײַבערײַעכץ) און דערנאָך די מאַריענבאַדער דאָקטוירים מיט די בעלי־הגימנאַסטיקע האָבן אײַך אַזוי דעם קאָפּ פאַר־דרייט, אַז איר האָט פשוט פאַרגעסן פון דער גאַנצער מעשׂה! אָדער איר האָט יאָ געגעבן אַן אָרדער אַהיים מע זאָל 1טן אַרויסשיקן די ג' מאות כמדובר, נאָר דער אָרדער קער ליגן בײַ אײַך ערגעץ אין דעם אַלטן אַנצוג אין דער לינקער קעשענע, וועלכס וועט זיך געוויס אַרויסבאַווײַזן אי"ה אַרום חנוכה־צײַט, אַז ס'וועט זיך אײַך פאַרגלוסטן אָנטון דעם אַלטן קאָסטיום. ידידי יקירי! פאַר מנחם־מענדלען איז עס טאַקע גאַנץ מעגלעך און אויך נאַטירלעך און נישט ווינציק קאָמיש. פאַר מיר אָבער איז דאָס זייער ניט פריילעך. דאָס רירט אָן מײַן בודזשעט און צערודערט מײַנע פּלאַנעס, נאָך וועלכע עס ווערן געריכטעט די פינאַנציעלע זײַטן פון מײַן פאַמיליע (הויך גערעדט ע"פ לשון „הפרײַנד") ע"כ נא ונא יקירי תומ"י בקבלת מכתבי פאַראָרדענען לבאַקו ע"ד השליחות במועדון ויחד עם זה ע"ד שתי השליחות בעד חודש יוני וחודש יולי (למספרם) און דעם בריוו טאַקע אַרײַנוואַרפן אין פּאָסטקעסטל, ניט אין קיין קעשענע אַרײַנלייגן און טאַקע מיר אויך יעדנפאַלס באַלד ענטפערן.

ותברכך נפש ידידך אוהבך אהבה רבה

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי: גם אני, מנחם־מענדל, איך רײַס מיך אַרײַן קיין בערלין צום ענדע זומער און באַזעצן זיך דאָרט מיט דער פאַמיליע אויפן ווינטער. נימאס געוואָרן די שווייץ און בפרט לאָזאַנאַ, וואָס איז נאָך אײַער אָפּפאָרן געוואָרן אַ טויטע שטאָט אַ בית־הקברות. וועגן דעם אין צווייטן בריוו באריכות און דערווײַל וואַרט איך אויף אײַער ענטפער פון מאַריענבאַד בעגלא ובזמן קריב ואמרו אָמן.

## 677. צום זעלבן

(וויסבאַדען) 29. 7. 1913

טײַערער פרײַנד שרירא!

זאָל מיך אַזוי וויסן בייז, ווי איך ווייס ווו איר זײַט! אַז קיין ענטפערן איז ניטאָ;

און צי האָט איר כאַטש דערהאַלטן דעם טשעק און דאָס געלט (אלף רו״כ) ? צי ווער, וואָס, ווען ? צי זײַט איר גאָר אין בערלין ? צי שרײַבט איר שוין ווידער דעם „בוך״ ? צי גאָר אין באַקו ? — פון באַקו האָב איך הײַנט באַקומען ענטפער פון ה׳ זוסמאַן, אַז איר זײַט אין מאַריענבאַד, וואַגנער. אָט אַ נאַיווער בחור אָט דער זוסמאַן ! ער מיינט, אַז שרירא פאָרט קיין מאַריענבאַד איז ער טאָקע אין מאַריענבאַד !...

אײַער שלום־עליכם

## 678. צום זעלבן

וויסבאַדען, אָן אַ דאַטע

טײַערער פרײַנד !

אָט דאָס איז איצט מײַן אַדרעס Villa Imperator Wiesbaden. איך בין געוואָרן הייסט עס אַן אימפּעריאַליסט און שטיי דאָרט ווו דער קייסער. איצט אַז איר זײַט שוין בײַ זיך אין דער היים האָף איך אַן אויספירלעכן ענטפער פון אײַך צו האָבן און מסתמא וועט איר זיך נעמען צו אײַער „בוך״, וואָרעם אַז סע זעט ניט דאָס ווײַב, טוט מען אַ שרײַב, און שרײַבערײַעכץ איז בעסער פון ווײַבערײַעכץ — אַזוי זאָגט מנחם־מענדל. אמת.

שלום־עליכם

## 679. צו אַדוואָקאַט ליכטענבוים

באַדווילדונגען, פירשטענהאָף אונד האָטעל גאָעקע [3טן סעפּטעמבער 1913]

לכבוד ידידי היקר החכם מופלג הנגיד מפורסם מוהר״ר מנחם־מענדל נ״י.

ראשית, שרײַב איך אײַך, אַז איך בין, ברוך־השם, בקו החיים והשלום. השם־יתברך זאָל העלפן, מע זאָל תּמיד הערן איינס פון דאָס אַנדערע נאָר גוטס מיט בשׂורות־טובות ישועות און נחמות בתּוך כּלל ישׂראל — אָמן.

והשנית, בעט איך קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך זאָג אײַך דעם אמת : איך בין פון אײַער בריוו געוואָרן גאָר מבולבל ומטושטש. עפּעס איז דאָס מיר אויסגעקומען, ווי אַ בייזער חלום. סטײַטש, נאָך אַ מאָל : איך שיק אַוועק אַ ייִדן קיין ווין אויפן קאָנגרעס, ווו מע קוקט שוין אַרויס אויף אים, און ניט אַזוי אויף אים, ווי אויף זײַנע פּראָיעקטן, וואָס ער האָט וועגן ארץ־ישׂראל, צום סוף נאָט אײַך אַזאַ מין — איז ער גאָר אין ווילדונגען ! און ניט אַליין, נאָר מיט דער פלוניתטע ! און ווו ? אין אַזאַ אַריסטאָקראַטיש באָד, אין אַזאַ גרויסאַרטיקן האָטעל, צווישן שׂרים ומלכים. אַ קלייניקייט פירשטענהאָף ! אָדער איך בין משוגע, אָדער איר זײַט געררירט ! ווי נעמט דאָס אַ מענטש און וואַרפט אַוועק געשעפט און קומט זיך באָדן מיט פירשטן ? צי אפשר האָט איר טאָקע דורכ־געפירט איינעם פון אײַערע פּראָיעקטן מיטן טערק און געמאַכט אַ גראָבס — משום האָ ? באַדאַרף מען עס אויסברענגען שוין אַזוי גיך ? און נאָך מער חידושט מיך אויף אײַער פלונית. מילא, מנחם־מענדל טוט אַ מאָל אַ נאַרישקייט, אָבער שיינע־שיינדל !

ווי קומט עס, זי זאָל זיך לאָזן איבעררײדן? הקיצור, איך בין אויסער זיך! אַצינד דאַרף מען אײַך געבן תּשובֿה, ווי זאָגט איר, על־ראשון ראשון ועל־אַחרון אַחרון. איר פרעגט זיך נאָך בײַ מיר אויף זאַכן, וואָס זײַנען שײך צו עדוקאַציע, און בדרך־אַגבֿ וואַרפט איר מיר אויס, אַז איך האָב געגעסן אַ מאָדנע מין מאכל ניט מיט אַ לעפעלע, ווי ס׳האָט לפי דעתּכם באַדאַרפט צו זײַן, נאָר מיט אַ גאָפּל. איז אַזוי די מעשׂה: דער דרך־ארץ פאָדערט, אַז איר זיצט בײַם טיש צווישן שׂררות, באַדאַרפט איר ניט פאַרגעסן, ווו איר זיצט, און ניט מײנען, אַז איר זיצט אין כּתרילעווקע בײַ דער יאַדערקע אין רעסטאָראַן, און דאַרפט ניט דרײען זיך און ניט קוקן ניט רעכטס, ניט לינקס, נאָר גלײַך אַקעגן, עס מעג דאָרטן דונערן און בליצן. ניט אײַער באַבעס דאגה, צי יענער עסט מיט אַ לעפל, צי מיט אַ גאָפּל צי אַפּילו מיט די הענט — איר דאַרפט זיצן אין געהאַקטע ווונדן, וויפל ס׳איז אײַך אָנגעצײכנט, און טאָן אײַער זאַך. אַ שטיקל גליק, וואָס איר האָט זיך אײַנגעהאַלטן און קײן געשרײ ניט געגעבן פון דער ווײַטן: „רב שלום־עליכם, גאָט איז מיט אײַך, וואָס טוט איר?!" פון מנחם־מענדלען קאָן מען דאָס דערוואַרטן. נאָר וואָס זשע דען? איר זײַט דאָך אַ ייִד און ווילט פאַרט וויסן: סטײַטש, שלום־עליכם שפּקח היה, מה ראה חכם לשטות זו? ווי קומט דאָס טאָקע, אַז שלום־עליכם, אַ ייִדישער הומאָריסט, זאָל ניט וויסן, ווען אַ לעפל און ווען אַ גאָפּל? באַדאַרף מען אײַך קלאָר מאַכן, אַז דאָס איז געווען מיט אַ קוק. אין די דאָזיקע כּפול־שמונהדיקע האָטעלעס איז דער מינהג, מע דערלאַנגט אײַך אַלערלײ מיאוסקײטן, דער רוח ווײסט וואָס, לעבעדיקע אויסטערן, וואָס קוויטשען, אַז מע רירט זיך צו צו זײ. און מיר יהודים עסן דאָך ניט קײן דבר מן החי, האָב איך עס מיט אַ כּיוון געשטאָכן מיטן גאָפּל, בכדי טאָמער איז דאָס אַ לעבעדיקע זאַך, איז דאָך ממה־נפשך, וועט זיך עס אָפּרופן, אלא טאָמער איז דאָס ניט דאָס, וואָס איך מײן, וואָס זשע האָב איך דאָ אָנגעוואָרן? הײַנט פאַרשטײט איר שוין, אַז ס׳איז ניט גלאַט? איך וואָלט נאָך באַדאַרפט מיט אײַך אַ שמועס טאָן מכּוח דער שוויגער, ווי קומט דאָס, זי זאָל לאָזן איר קינד אין די בעדער אַרײַן, צווישן יונג־גאַטשעס, הולטײַעס, שאַרלאַטאַנעס? נאָר מחמת איך האָב קײן צײַט ניט — איך דאַרף זיך גײן באָדן — מאַך איך דאָס בקיצור. זײַט געזונט און גריסט אײַער פּלונית, זאָל לעבן, און דער שוויגער שתּחיה און דער גאַנצער משפּחה גאָר פרײַנדלעך.

ממני ידידכם שלום־עליכם

עיקר־שכחתּי: אַזוי ווי איר פרעגט זיך שטאַרק נאָך אויף עדוקאַציע און זײַט אַ ייִד, וואָס קאַטאָרי איר זײַט מדקדק, וואָס מע באַדאַרף עסן מיט אַ לעפל און וואָס מיט אַ גאָפּל, על־כּן, ידידי, זאָלט איר קײן פאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך וועל אײַך פירהאַלטן, אַז איך האָב אײַך געכאַפּט בײַ אַן עבֿירה מיט אײַער פּלונית: איר זײַט געגאַנגען מיט איר שלא כּדרכו, דהײַנו? איר זײַט געגאַנגען אויף צו פריִער, און זי איז אײַך נאָכגעגאַנגען. אַזוי איז זיך נוהג אַ ייִד אין וואַרשע, אַז ער גײט מיטן ווײַב להבדיל פון שול. און דאָ איז דער מינהג, אַז די נקבֿה גײט פריִער און דער זכר פון הינטן. נאָך שענער איז, — אַזוי זײַנען זיך נוהג די מהדרין, — אַז דער זכר מיט דער נקבֿה גײען בײדע גלײַך, אויב נישט געאָרעמט. נאָר געאָרעמט בין איך אײַך מוחל, לאָז זײַן ניט געאָרעמט, אַבי נישט געלאָפן פאַרויס.

ממני ידידכם הנ״ל

## 680. צו מענדעלע מוכר־ספרים

[וויסבאַדען, כ״ו אלול תרע״ג]

אַ יושר גדול, זיידע, כלעבן! די חברה־לײַט האָבן פאַרדינט, מע זאָל זיי אַ ביסל שאַרפער אָנרײַבן די מאָרדעס, נאָר כ׳האָב ניט געוואָלט באַניצן זיך מיט זייער כּלי־זיין און מיט די שיינע ווערטער פון זייער אַרסענאַל: וואַקכאַנאַליע, זנות־ראָמאַנען, שמד־בילדער, בושעווען, מסרן וכו׳ וכו׳. מער פון אַלע ערגערן מיך די בריוולעך פון די עדים, וואָס האָבן אַליין געזען אין זדאָלבונאָווע און אין כּתרילעווקע, און די „פּראָטעסטן״ פון דער קראָכמאַלנע גאַס — טפו, ס׳גלוסט זיך ברעכן! לשנה טובה תכתבו ותחתמו.

אײַער נאָך אַלץ געטרײַ איניקל

שלום־עליכם

## 681. זאָל זײַן גענוג!

(אַן אָפענער בריוו צו די ייִדישע צײַטונגען אין וואַרשע)

די פּאָלעמיק, וואָס איר פירט צווישן זיך זײַט עטלעכע וואָכן, האָט די לעצטע צײַט אָנגענומען אַזאַ מאָס, אַז מע קאָן שוין ניט שווײַגן מער. מיט אײַערע זוכענישן איינס אויף דאָס אַנדערע חטאָים און עבירות, מיט אײַער איבערקוקן איינס דעם אַנדערן די ציצית, מיט אײַערע פּריוואַטבריוולעך און קאָלעקטיווע פּראָטעסטן, וואָס איר דרוקט טאָג־טעגלעך, איז חוץ וואָס איר שמירט זיך אַליין און פאַרשוועכט דעם כּבֿוד פון דער ייִדישער פּרעסע, פאַרשאַפט איר אויך אונדז, שריפטשטעלערס, וואָס שטייען פון דער ווײַטן, ביזיונות און האַרצווייטיק פאַר אונדזער ליטעראַטור און פאַר אונדזערע לעזער. מיר ווילן נישט אַרײַנגיין אין עצם ענין, ווער פון אײַך איז דער חייב און ווער איז דער זכּאי, צי איר זענט ביידע חייב, צי ביידע זכּאי — דאָס איז אַ זאַך, וואָס איז שייך צום ערן־געריכט, — נאָר מיר בעטן אײַך אין אונדזער אייגענעם נאָמען און אין דעם נאָמען פון אונדזערע לעזער — מאַכט אַ סוף צו דער רײַסעניש, וואָס עקלט, שלאָגט צו דער גאַל, פאַרדאַרבט דעם געשמאַק פונעם לעזער און גראָבט אונטער די ריינע יסודות פונעם געדרוקטן וואָרט. מיר בעטן אײַך — ליקווידירט אײַערע סיכסוכים דורך אַן ערן־געריכט, אָדער מיט וואָס פאַר אַ דרך איר ווילט, נאָר טראָגט נישט אַרויס אויפן מאַרק אײַערע פּערזענלעכע פּריוואַטע חשבונות — דער לעזער איז דאָס נישט מחויב צו וויסן. מיר בעטן אײַך — זאָל זײַן גענוג!

חתימות...

## 682. צו ש. ניגער

לאָזאַן, פּאַנסיאָן העליאָס [נאָוועמבער 1913]

מײַן טײַערער ניגער!

איר האָט מיר אַרײַנגעזעצט אַ נײַע נשמה. אַ הייסן דאַנק אײַך! — הלוואַי ס׳איז נאָר ניט קיין חלום! עס איז אינטערעסאַנט — און אויך בייטיק — צו וויסן: שרירא האָט זיך פ א ר ש ר י ב ן, צי טאַקע געקויפט, גענומען, געלט אײַנגעצאָלט?...

אוודאי, אוודאי וועלן מיר איבערקערן די וועלט! (אַ רחמנות אויף דער וועלט. געוועזן אַזאַ שײַנע וועלט, איז געקומען אַ קלעצקין מיט אַ ניגער מיט אַ שלום־עליכם, און טראַך — אויס וועלט!...).

דער „פנקס", זאָגט מען, איז אַ פײַנע זאַך. איך האָב אים, לײדער, נישט געזען. נישט פון ערגעץ ניט באַקומען קײן „פנקס". — האָט איר שוין דעם צווייטן באַנד קאַטיק? אָן עבירה, ער האָט מיר קאַליע געמאַכט דעם אַפּעטיט צום ערשטן באַנד. אַ נאַזוּוער ייִד ביז גאָר! אויב איר לייענט מײַנע „יתומים" אין „הצפירה" — איז עס אַ שטיקל פון מײַן אויטאָביאָגראַפיע, אַרויסגענומען אין מיטן. אין געזונט בין איך הלוואי ווײַטער, און קלײַב מיך אויף חנוכּה „צו אײַך" — מע האָט מיך אײַנגעלאַדן לעת־עתּה קײן וואַרשע, מאָסקווע און פּייטערבאַרג, און ב. אַ. גאָלדבערג האָט מיך געזען אין בערלין און געזאָגט, אַז איך זאָל, למען־השם, אָפּשטײַגן אויך אין ווילנע אויף אַן אָוונט. חדש ימינו, זאָגט ער, כּקדם.

נאָך אַ מאָל אַ דאַנק אײַך פאַר אײַער גוטן בריוו.

אײַער שלום־עליכם

פּ.ס. — ווּ איז ערגעץ אײַער „זוגתי"? אין באָברויסק? אַ שיינער תּכלית! איר אין ווילנע, זי אין באָברויסק, און שלום־עליכם אין לאָזאַנע!

## 683. צו א. וואָרקעל

(לאָזאַן) 6. 12. 1913

פרײַנד וואָרקעל!

איך האָב געלייענט אײַער בריוו און שטאַרק געוווּנדערט זיך: ווי איז דאָס אַ ייִד אַזאַ אָפּטימיסט און רעדט זיך אײַן, אַז מע זאָל בײַ אײַך צולאָזן שטעלן אין סינעמאַ אַזאַ זאַך, ווי מײַן „שפּאָס"? איר האָט נישט געהערט, אַז מע האָט ניט דערלויבט זאָגאַר שטעלן די בילדער פון קאָנגרעס? איז איין מאָל אָוועק. והשנית: פאַרשטיי איך ניט, וואָס הייסט אין עטלעכע שעה מאַכן מיר דאָס? אויב איר ווילט זײַן אַ גוטער ברודער (ווי איר זײַט עס) שרײַבט מיר דעטײַלעך, ווי אַזוי ווערט דאָס געמאַכט? איך וואַרט אויף אײַער בריוו. און נאָך אַ זאַך: קויפט ער עס נאָר אויף רוסלאַנד? און וואָס איז מיט אויסלאַנד? איך וואַרט אײַער תּשובה.

אײַער שלום־עליכם

## 684. צום זעלבן

(לאָזאַן) 6. 12. [19]13

אַלזאָ, ליבער וואָרקעל, די מעשה דערפון איז אַזוי:

איך האָב פאַרענדיקט צוויי זאַכן (אינסצענירט פיקס און פערטיק אויף רוסיש — פאַרשטייט עס אײַער דײַטש?). די ערשטע זאַך הייסט:

Неунывающий Тевель, комическия картины в одном действии, соч. Шолом-Алейхема, инсценирована для... автором.

פאַרשטייט זיך, אַז אַהער איז אַרײַן מער ניט נאָר „דאָס גרויסע געווינס", אָבער רײַך אין נײַע, גאַנץ נײַע און העכסט הומאָריסטישע בילדער (50 בילדער), אויך פאַנטאַס־טישע בילדער, וואָס איז ניטאָ פון זיי קיין שפור אין דער דערציילונג בײַ מיר. אַלעס איז געמאַכט סינעמאַטאָגראַפיש — איר און דער גאַנצער עולם וועט הנאה האָבן.

דאָס צווייטע הייסט:

Хава, Тевелева дочь.

Лирическая драма в 1 действии, соч. Шолом-Алейхема, инсценирована автором.

פאַרשטייט זיך, אַז אַהער איז אַרײַן די דערציילונג „חוה", אָבער אויך מיט אַ סך נײַע סצענעס און בילדער און פאַנטאַזיע אַ סך. די ערשטע איז מער הומאָריסטיש, די צווייטע איז זייער ליריש. לאָז ער זיך אויסקלײַבן. צי אפשר וויל ער בײדע? פאַרשטייט אײַער דײַטש, אַז ער קויפט זאַכן, וואָס האָבן שוין אַ פּאַרטיקן עולם פון אַ סך צענער, הונדערטער, טויזנטער צוזעערס בײַ אײַך און אין אַמעריקע? איך וואַרט נאָר אויף תשובה פון אײַך אויף פּריערדיקע בריוו. אפשר וועט איר מיר טעלעגראַפיש ענטפערן על חשבון העניין? נאַטירלעך, אַז ס'וועט זײַן אַ געשעפט, וועט איר אויך פאַר־דינען. איר זײַט ניט מחויב צו עוולהן זיך פאַר מיר אומזיסט. טײַם איז מאַני, זאָגט יענקל גנב אין אַמעריטשקאַ. — וועגן חנוכּה־זאַכן? נו, ווער האָט איצט אין זינען חנוכּה? שרײַבט, שרײַבט, ניט פאַרשלאָפט די סליחות!

אײַער שלום־עליכם

## 685. צום זעלבן

(לאָזאַן) 8. 12. 13[19]

מײַן ליבער וואַרקעל!

איך האָב דערוויַיל אײַער ענטפער אויף מײַן ערשטן בריוו און פאָלג אײַך און שיק אײַך, ווי איר זעט אָט דאָ, די צוויי זאַכן, די בײדע אינסצענירט פון מיר. נאַטירלעך אויב מע דאַרף עפּעס אַרויסוואַרפן אָדער צוזעצן גיב איך דערלויבונג דערצו, מיט דעם באַדינג, אַז איך דאַרף וויסן וואָס. דעם אמת זאָגנדיק לייג איך אַ סך האָפענונג אויף אײַך. וואָרעם ווער נאָך ווי איר וועט אַזוי גרינדלעך פאַרשטיין דעם טיפן פון טביהן? איר דאַרפט וויסן אַז איך האָב ערשט הײַנט באַקומען אַ פאָרשלאָג פון מאָסקווע איך זאָל זיי געבן מאָנאָפּאָל אויף מײַנע ווערק און איך זאָל זאָגאָר זײַן זייער רעדאַקטאָר אין דער פילם־פאַבריק ספּעציעל אויף יידישע זאַכן. אָבער אַזוי ווי איר זענט געווען דער ערשטער איז אײַער פּריץ בר מצר: אויב אײַער פּריץ פאַרשטייט אַן עסק, וואָס פאַר אַ גרויס פּובליקום ער האָט פאַר זיך פאַר מײַנע זאַכן און אויב ער האָט די מיטלען דערצו, איך מיין אַחוץ געלט אויך אַרטיסטן, וואָס זאָלן קאָנען דורכפירן אַלעס לויט מײַן

רעזשי, — אויב ער איז ניט גלאַט אַ סינעמאַטאָגראַפשטשיק, לוינט זיך אים מאַכן מיט מיר אַ סך און גרויסע געשעפטן ניט נאָר פאַר רוסלאַנד אַליין, נאָר פאַר דער וועלט און פאַר אַמעריקע, עס לוינט זיך אים צו קומען צו מיר מיט אַ קאָנטראַקט און מיט אַ שיינע סומע געלט אום מיך צו באַקומען אַן מאַסס, וואָרעם איך האָב פאַר אים מאַטעריאַל אויף אַ סך אַ סך מעטער! — וואָס איז ער? ווער איז ער? אַ ייד? אַ קריסט? אַ דייטש? אַ פּאָני? אַ שוואַרץ־יאַר? איך דאַרף עס וויסן. אויך דאַרף איך וויסן, צי איז ער ניט קיין קבצן חלילה? מיט אַ קבצן וועל איך מיך ניט פאַרבינדן. ווער און ווו זענען זיינע אַרטיסטן? צי האָט ער פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד? מיט וועלכער פירמע? פּאַטהע? גאָמאָן? אוניאָן? צי האָט ער אַן אַרטיסט אַ יינגל פון אַ יאָר 13/12? (למשל אַ מין „ווילליי"?) ער האָט ביי מיר אַ שטאַרק גרויסע הומאָריסטישע ראָלע אויף אַלע 22 דערציילונגען פון מאָטל פּייסי דעם חזנס! איך אַרבעט איצט אויף דער אינסצעניראָווקע פון מאָטלען מיטן נאָמען Похождения счастливаго Мотеля

אין עטלעכע טעג אַרום ווערט פאַרטיק ביי מיר אויך דער פאַרפישופטער שניידער („אַ מעשׂה אָן אַן עק"), דערנאָך וועל איך אינסצענירן מיט גרויס פּאָמפּע „סטעמפּעניו". שרייבט נאָר אויף אַלעס ענטפער. אַ דאַנק פאָרויס.

איער שלום־עליכם

C.P. אויב איר זענט ניט קיין שלימזלניק (דאַכט זיך, אַז ניט) וואָלט איר מיר וועגן רעזולטאַט פון די צוויי זאַכלעך געגעבן צו וויסן דורך אַ דעפּעש (אויף מיין רעכענונג).

## 686. צו יחזקאל קאָטיק

Grand Hotel Bergér S. Maison Blanche
Paris, 2.1.[19]14

ידידי הישיש מר יחזקאל קאָטיק נ"י.

ווי איר זעט, בין איך גאָר אין פּאַריזש! אָבער מיין אַדרעס בלייבט אַלץ לאָזאַנע. פאַר וואָס האָב איך אייך ניט געענטפערט אויף איער בריוו מיטן צווייטן בוך? איבער צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל איך האָב גערעכנט היינט, מאָרגן בין איך אין וואַרשע, איז — נאַשטאָ מניע פּאַספּאָרט, קאָלי יאַ סאַם טוט? און איך וועל דאָך טאָקע זיין מסתּמא די טעג אין וואַרשע. עס ווענדט זיך איצט נאָר אין דער דערלויבונג, וועלכע מיר רעכענען אַרום 12טן, 15טן צו באַקומען. און די צווייטע סיבה איז, וואָס כ'האָב געוואָלט נאָך אַ מאָל דורכקוקן איער ערשטן בוך, פון וועלכן איך בין געווען אַזוי אַנטציקט און בין אויך איצט אַנטציקט פונעם ערשטן חלק פון איערע זכרונות. אפשר, ווייל דאָרט שוועבט אין דער לופט די הייליקייט פון דעם ליבן אַלטן פאַרגאַנגענעם פאַר־לאָרענעם אויף אייביק...

אַלזאָ צום ווידערזען

איער שלום־עליכם

## 687. צו ש. שריראַ

(לאָזאַן) 20/7. 1. 1914

מײַן ליבער, טײַערער פרײַנד ש. שריראָ!

אַלזאָ, פון מײַן פאָרן קיין רוסלאַנד האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. מע גיט נישט אין ערגעץ קיין „ראַזרעשעניע". און טאָמער אַפילו וואָלט מען אין איין שטאָט, — וועלן מיר זאָגן אַפילו אין באַקו — יע באַקומען די ראַזרעשעניע — לוינט זיך נישט צוליב איין שטאָט אָדער צוויי אַזאַ נסיעה צו מאַכן, ובפרט ווינטער, ובפרט אין אַזעלכע מוראַדיקע קעלטן און בפרט אַז נאָך אַלע זאַכן בין איך אַליין גאָר ניט מיט אַלעמען און דער דאָקטאָר טשלענאָוו הייסט מיר פאָרן גאָר קיין נערווי. ער זאָגט, אַז פון אַלע רוסישע שטעט געפעלט אים נערווי, ווי מײַן באָבע פלעגט זאָגן, אַז פון אַלע מילכיקע מאכלים איז דאָס בעסטע אַ שטיקל פלייש... על־כן, ידידי יקירי, פאָר איך קיין נערווי, און טאַקע גאָר אין גיכן, און ווײַל עס פעלט מיר אויס פאָדעם און ווײַל איר זײַט אַ גוטער ברודער און טאַקע דער איינציקער, און ווײַל איר ווייסט, אַז אַ גמילות־חסד בעם איך על מנת להחזיר, בעט איך אײַך זייער און זייער נאָך אַ מאָל באַווײַזן אײַער חסד ווי איר האָט באַוויזן פאַר אַ יאָרן אין דער צײַט און אַרויסשיקן מיר תומ"י און אויך בתיפזון (טעלעגראַפיש ווי פאַר אַ יאָרן אין דער צײַט, און אויך טויזנט רובל ווי פאַר אַ יאָרן אין דער צײַט, נאָר שוין אויף מײַן אייגענעם נאָמען, און אי"ה זומער וועל איך אײַך זיי ווידער אומקערן בת"ח גדול ווי פאַר אַ יאָרן אין דער צײַט) און חוץ־לזה זאָלט איר זיך שוין אַוועקזעצן און אָנשרײַבן אַ בריוול, כּאשר אהבתי און איך פאַרבלײַב מיט די בעסטע גרוסן צו אײַך פון מײַן פאַמיליע, אײַער בעסטער און אייביקער פרײַנד

שלום־עליכם

## 688. צו יעקב פּ. אַדלער

לאָזאַן, פּאַנסיאָן העליאָס, 20סטן יאַנואַר 1914

דעם גרויסן קינסטלער און מײַסטער פון דער ייִדישער בינע,
מיסטער דזשייקאָב פּ. אַדלער. ניו־יאָרק.

גרויסער מײַסטער!

איך שיק אײַך דורך מײַן פרײַנד דזשייקאָב סאַפירשטיין אַ פּלעי, וואָס כ'האָב איבערגעאַרבעט פון מײַנע ווערק אין אַ משך פון צוואַנציק יאָר און אויף וועלכער איך האָב אַ סך געאַרבעט און אַרײַנגעלייגט פיל אינהאַלט, און אַרבעטנדיק איבער דעם הויפּט־טיפּ, האָב איך שטענדיק אין זינען געהאַט אײַך, גרויסער מײַסטער, אַז נאָר אַזאַ אַרטיסט, ווי איר, וועט אים באַהויפּטן און פאַרשטעלן אין זײַן ריכטיקן און לעבעדיקן געשטאַלט, וואָרעם נאָר איר וועט דערפילן זײַן נשמה.

גרויסער מײַסטער! אין מײַן פּלעי וועט איר ניט געפינען יענע עפעקטן, מיט וועלכע מע האָדעוועט דאָס ייִדישע פּובליקום פון דער ייִדישער בינע שוין אַזוי פיל יאָרן. קיין האַרץ־רײַסנדע טרערנדיקע סצענעס דורך קינדערשע בעטלעך, מיט טויטע־לעבעדיקע

מתימלעך, מיט משוגענע ווײַבער, מיט צעפּאַטלטע מוידן, וואָס שרײַען ווי אין אַ מאַדהויז און מאַכן ווײנען די גאַנצע באַוערי; אויך ניט קיין לאַקריץ־זיסע פּאַטריאָטישע לידלעך, אויסגערעכנטע אויף „משהס״ פּאַטריאָטיזם, וואָס איז ניט ווערט קיין ניקל און מע שלעפּט בײַ אים אַ קוואָדער; אויך קיין באַרדערעס, וואָס פֿאַרליבן אין זיך אויסגעלאַזענע צנועות און שיסן זיך פֿאַרן פּובליקום אין די אויגן; אויך ניט קיין פּוילע וויצן און קיין קיצלען מיטן שפּיץ פֿינגער אונטער די פּאַכוועס — אַלץ צוליבן געווינטשטן קוואָדער. ניין, זוכט נישט די אַלע קונצן — איר וועט עס בײַ מיר ניט געפֿינען. דערפֿאַר וועט איר אָבער געפֿינען פֿאַר זיך אַ ייִדן, אַ טאַטן פֿון פֿינף טעכטער — אַ פּראָסטער מענטש, נאָר אַ גאַנצער, אַן ערלעכער, אַ כּשרער, אַ לײַדנדער, וואָס איז פֿול מיט טראַגעדיע, נאָר וואָס מאַכט לאַכנדיק דעם צוהערער פֿון אָנהייב ביזן סוף. לאַכנדיק, ניט אויף אָפּצו־שפּעטן, נאָר פֿריילעך לאַכנדיק אויף צו סימפּאַטיזירן און צו מיטפֿילן אים אין אַלע זײַנע גרויסע פּײַן און קליינע צרות. אַלע פֿיר אַקטן זײַנען באַזונדערע פֿיר קליינע טראַ־געדיעס, און צוזאַמען גענומען זײַנען זיי איין לאַנגע לעבנס־טראַגעדיע פֿון דער ייִדישער פֿאַמיליע. איך האָב עס טאַקע אַזוי אַ נאָמען געגעבן, ניט שרײַענדיק: פֿ אַ מ י ל י ע ן ־ ב י ל ד ע ר א י ן 4 אַ ק ט ן. ניט קאָמעדיע, ניט טראַגעדיע, כאָטש עס האָט אין זיך די עלעמענטן פֿון ביידע מינים. — שוין צײַט, שוין צײַט, גרויסער מײַסטער, איר זאָלט אויפֿטרעטן אויף דער בינע, אין דעם האַרבסט פֿון אײַער אַרטיסטישער קאַריערע, אין אַ שטיק פֿונעם אמתן ייִדישן אַלטעגלעכן לעבן. לייענט אײַך נאָר גוט אײַן, דענקט אײַך אײַן, און איר וועט זען, אַז איר וועט באַווײַזן ווונדער, אַז דווקא אין אַזאַ שטיק, אָן פּרעטענזיעס און אָן פּוסטע עפֿעקטן און אָן טרערן־קוועטשעניש און אָן לאַכן־טרײַבע־נישן, וועט איר זיך באַווײַזן אין אײַער ריכטיקער מאָס און וועט זיך שאַפֿן איינע פֿון די בעסטע באַליבטסטע ראָלעס, ווו איר וועט זײַן סימפּאַטיש און באַליבט און וועט אַרויסרופֿן דעם געזונטן געלעכטער, דעם מיטפֿילנדיקן זיפֿץ, די נישט־געצוווּנגענע שטילע פֿאַרבאָרגענע טרער. איך וויל דענקען, אַז דאָס זאָל ווערן אײַער קרוינראָלע אויף אײַער לאַנגן אַרטיסטישן וועג, איידער איר געזעגנט זיך אָפּ מיט אײַער פּראָפֿעסיע — הלוואַי נאָך לאורך־ימים — אָמן ואָמן!

איינער פֿון אײַערע שטאַרקסטע פֿאַרערערס

שלום־עליכם

פּ.ס. בײַם אײַנטיילן די איבעריקע ראָלעס וועט איר די ראָלע פֿון חוהן, וואָס האָלט בײַ שמדן זיך, מוחל זײַן געבן דער מיסעס אַדלער. זי וועט עס דורכפֿירן גלענצנד. און די איבעריקע ראָלעס — אײַערע טעכטער, וואָס, כ׳האָב געהערט, זײַנען גענוג באַשענקט פֿון דער נאַטור פֿון אײַער ירושה. קורץ — דאָס איז אײַער פֿאַמיליען־פּלעי.

שלום־עליכם

## 689. צו א. וואָרקעל

(לאָזאַן) 31. 1. 14[19]

ליבער וואָרקעל!

אייגנטלעך גערעדט וואָלט איך מיט אײַער דײַטש אײַנגעאָנגען אויף זײַנע קאָנ־

דיציאָנען, ווען ער זאָל מיר ניט שטעלן די קאָנדיציע, אַז איך טאָר מיט קיינעם ניט רעדן אַ יאָר כּסדר פון די זעלבע ביזנעס. זאָגט אים, אַז איך האָף במילא מיט קיינעם ניט רעדן נאָר מיט אים, אויב ער איז אַ סוחר. איז איין מאָל אָוועק. והשנית, אפשר וועט איר כאָטש קענען אַרויפּציִען ביי אים דאָס: ער זאָל די 1000 רובל האַלבירן: האַלב איצט און די צווייטע העלפט ביים אויפפירן — און וואָס אָנבעלאַנגט דעם אָוונט, האָב איך געענטפערט אייערע לייט, אַז ס'וועט זיין ביי זיי מיין אימפּרעסאַריאָ, ווי איך האָף אין קורצן. ער איז פון אַדעס. זעט זיך, איך בעט אייך זייער, נאָך אַ מאָל מיט אייער דייטש, און אויב ער גייט איין אויף די העלפט שפּעטער, דאַן דעפּעשירט מיר איין וואָרט: „שיקט" Schickt, שיק איך אייך אַרויס די ערשטע 2 זאַכן, וואָס כ'האָב פון אייך היינט מקבל געווען בחזרה.

אייער שלום־עליכם

P.S. שרייבט מיר צי קענט איר אויפפירן אויף מיין אָוונט מיינע אַ זאַך (ניט פאַר־לעזן, נאָר אויפפירן) וועלן מיר זאָגן די עצה. אָדער אַן אַנדער מין זאַכל ? — בכדי ס'זאָל מיר זיין לייכטער, אויסצורוען זיך, איבערכאַפּן דעם אָטעם. — איר זענט דאָך עפּעס אויף מיינע זאַכן אַ ספּעציאַליסט.

און וואָס מאַכן עפּעס די ווײַנבערגס ?

## 690. צו דוד פּינסקי

לאָזאַן, 6טן פעברואַר 1914

זייער געערטער קאָלעגע און פריינד דוד פּינסקי!

די טעג איז געווען ביי מיר אַ גאַסט — חיים זשיטלאָווסקי. — האָבן מיר געשמועסט. דערציילט איך אים, אַז כ'האָב אַ „פּלעי" און וויל זי שיקן קיין אַמעריקע פאַרן יידישן טעאַטער און ווייס ניט, וועמען איך זאָל אַזאַ מיסיאָן אָנפאַרטרויען. זאָגט ער: איר האָט אין ניו־יאָרק איינעם אַן אמתן גוטן פריינד, אַ בראַוון און אַן ערלעכן, וואָס איז אייך זייער געטריי.

— ווער איז ער ?

— דוד פּינסקי.

דאָס איז די הקדמה. איצט גייען מיר אַריבער צו די ביזנעס.

מיינע פריינד, פאַרערערס און קריטיקערס, וואָס האַלטן זיך פאַר מבינים, האָבן אויסגעפונען, אַז די קרוין פון מיין שאַפן איז „טביה דער מילכיקער" מיט זיינע זיבן מעשׂהלעך וועגן זיינע טעכטער מיט זיינע גליקן. זיי זאָגן זאָגאָר, אַז „טביה" איז אַ באַזונדער וועלטאָנשויונג. איך אַליין קאָן, נאַטירלעך, קיין מבינות דערויף ניט זאָגן. איך ווייס נאָר איינס, אַז אין די צוואַנציק יאָר, וואָס איך האָב טביהס מעשׂיות איבערגעגעבן, האָב איך געפילט, אַז אַלע מיינע סימפּאַטיעס זיינען אויף דער זייט פון דעם דאָזיקן פּראָסטן, נאָר גאַנצן, נישט באַרירטן יידן. אַ שאָד, האָט מען מיר געזאָגט, וואָס איך האָב דעם טיפּ ניט אויסגעניצט פאַר דער בינע — ער וואָלט באַשאַפן פאַר אַ גוטן אַרטיסט אַ ריזן־ראָלע און דעם מחבר קונה־שם געווען. — די דאָזיקע ווערטער זיינען מיר אַריין אין נאָז אַריין, און פאַר אַ יאָרן, אַז איך האָב געלייענט די רעצענזיעס

וועגן שילדקרויטס אויפטרעטן אין יידישן טעאַטער, האָט מיך אָנגענומען אַ חשק „טביהן" צו פאַרוואַנדלען אין אַ טעאַטער־שטיק צוליב דעם גרויסן שילדקרויט, נאָר ביז כ'בין פאַרטיק געוואָרן מיטן שטיק, האָב איך שוין געלייענט וועגן דעם גרויסן דורכפאַל פונעם גרויסן קינסטלער דורך זײַן אמתער אָדער געבלאָפטער הייזעריקייט — און איך האָב מײַן זאַך באַהאַלטן ווײַט אין שופלאַד. הײַנטיקן ווינטער האָב איך מיך ווידער גענומען צו מײַן „טביהן", זיך דערמאָנט, אַז אין אַמעריקע איז דאָ נאָך אַ גרויסער קינסטלער, מר. דזשייקאָב פּ. אַדלער, אַפילו אַ שווערער ייִד אויף ביזנעס מאַכן, נאָר אַן אַרטיסט — אויף מיר אַזאַ יאָר! און האָב דערזען, אַז „טביה" איז פאַר אים ווי געבוירן. האָב איך דאָס שטיק נאָך אַ מאָל איבערגעשריבן, און נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל, ווי מײַן שטייגער איז — און איצט איז עס פיקס און פערטיק. — נו, האָב איך געפּרוּווט אָרײַנשרײַבן אַ פּאָר בריוולעך צו מײַנע באַקאַנטע, מאַכן אַן אָנפרעג, אָבער סתּם אָן אַ נאָמען — און דעריבער האָט מען מיר אפשר גאָרנישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, ביז כ'האָב מיך אַרויפגעשלאָגן אויפן רעכטן וועג — צו אײַך, ליבער פרײַנד און קאָלעגע. ווייס איך אָבער ניט אײַער אַדרעס, שרײַב איך אײַך דעריבער דורך אַ דריטער פּערזאָן און בעט אײַך, אויפריכטיק, ווי פאַר אַ ברודער, זאָלט איר מיר זאָגן, אויב איר ווילט און קאָנט, אויב עס פּאַסט אײַך און אויב עס קאָן אײַך ניט שאַדן, מיר מיטצוהעלפן אין דער זאַך, — דאַן שיק איך אײַך די „פּלעי" אויף אײַער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אין פולן זין פונעם וואָרט, איר זאָלט עס פריִער אַליין דורכקוקן, דערנאָך זיך זעצן אין אונטערהאַנדלונגען מיט אַ מענעדזשער, — איך דענק, אַז קודם־כּל מיט אַדלערן — דערנאָך אים דאָס שטיק פאָרלייענען, דערנאָך עס פאַרקויפן, זײַן בײַם גרים, בײַם ערשטן אויפפירן — הכּלל, מיך פאַרטרעטן אין אַלע הינזיכטן. — — —.

דער נאָמען פון דער „פּלעי" איז „ט ב י ה ס ט ע כ ט ע ר", פאַמיליען־בילדער אין פיר אַקטן. די ראָלעס זײַנען: טביה, זײַן ווײַב גאָלדע, זײַנע פינף טעכטער, אַ פּאָר גויים, אַ פּאָר ייִדן, אַ פּאָר דינסטן — און שוין. קיין קנאַקנדיקע עפעקטן, בורלעסקע וויצן, פּאַטריאָטישע לידלעך, טויטע קינדער וכדומה איז, פאַרשטייט זיך, נישטאָ דאָרטן, און דאָך איז דאָרטן דאָ אי טראַגישע, אי קאָמישע סיטואַציאָנען, אי וויצן, אי לידער, אי פּאַרכאַפּנדיקע בײַ דער נשמה סצענעס, אי געזאַנג — נאָר דער עיקר, וואָס פונעם ערשטן אַקט ביזן לעצטן אַראָפּלאָזן דעם פאָרהאַנג אַרבעט טביה אויף אַלע כּלים, דער עולם לאַכט און האָט אים אַלע מאָל אַלץ מער ליב און ליב, און אויב אים שפּילט אַ מין אַדלער, קרוינט ער זיך אויף דער עלטער מיט אַ ראָלע, וואָס מאַכט אים פאַר אַ ליבלינג בײַם פּובליקום! אויך פאַר גאָלדען (מיסעס אַדלער) — כּמעט די זעלבע ראָלע, פון אָנהייב ביזן סוף, און דרײַ־פיר שטאַרקע ראָלעס פאַר דרײַ־פיר טעכטער (האָדל, חוה, שפּרינצע, ביילקע). הכּלל, ס'איז אָלרײַט אָרום און אָרום. ס'איז דאָ אַפילו פאַר אַ קאָמיקער אויך צו טון, אָבער נאָר אין איין אַקט. עס איז אָבער דאָ גענוג קאָמיזם, נאַטירלעכער, געזונטער קאָמיזם, אין טביהן אַליין, געפּלאָכטן מיט רירנדן טראַגיזם, און אַ שפּראַך וואָס קיין אַרטיסט האָט נאָך אַזעלכע נישט געחלומט אַפילו — טביהס שפּראַך, מיט טביהס תּורה, מיט טביהס טײַטשווערטער! אַלזאָ — איך וואַרט אויף אײַער טעלעגראַמע.

אַ פרײַנדלעכן גרוס דער פרוי פינסקי.

שלום־עליכם

פּ.ס. — איך ווייס ניט אײַער פֿאַרהאַלטונג מיט י. פּ. אַדלערן, און צי עס פּאַסט אײַך אים דורכלייענען דאָס דאַזיקע בריוול פֿון א׳ ביז ת׳. הײַנט לייען איך וועגן עפּעס אַ פֿאַרדרייעניש בײַ אים מיט אַ „מסור״, — צי וועט דאָס ניט זײַן אַ שטערונג? אויסער אײַער דעפּעש, וואַרט איך פֿון אײַך אַ בריוו אויך.

הנ״ל

## 691. צו מרדכי ספּעקטאָר

נערווי, שטראַנד־האָטעל, 17טן פֿעברואַר 1914

פֿרײַנד ספּעקטאָר!

מיט אַלטן, נאָר ליבן און הייליקן האָט אַ בלאָז געגעבן צו מיר אין האַרצן פֿון דײַן קורץ, גאָר וואַרעם בריוועלע. אַ דאַנק פֿאַר פּינסקיס אַדרעס! דו פֿרעגסט, וואָס קאָנסטו טאָן, בכדי מיר זאָלן זיך זען אין גיכן אין וואַרשע? אָט אַ נאַיווער מענטש ספּעקטאָר! דו ווייסט ניט, אַז מע וואַרט אויף אַ „ראַזרעשעניע״? זיצסט צוואַנציק יאָר אין וואַרשע, צי נאָך מער, ביסטו קראַנק אַ זאָג טאָן דאָרט דעם פּאָליצמייסטער אַ פּאָר ווערטער, ער זאָל ניט מאַכן קיין אָנשטעל? „פּאַני, — זאָג אים מיט אַ מויל אויף דײַן רישעס, — פּאַני! ווי דומאַיעטיע שלום־עליכם רעפּעראַט טאָוואַרישטשי קיש־קיש־קורי נאַ סוואָבאָדו? אי נע נאַטשינאַיעטסאַ! צע נע באָלי מעני דאָברע בראַטיקל טשיטאַיעט פּאָ נאַשעמו, פּאָ זשאַרגאָנסקעמו, אַ מי יעוורייטשיקי דערזשימסאַ זאַ סטאַראָני אי קאַטשאַיעמסאַ נאַ זעמליאַ!״... אָט אַז דו טרעטסט אַרויס מיט אַזאַ לשון, באַקומט ער דאָס נײַן־יעריקע און טוט זיך אַ שרײַב אונטער: „שלום־עליכם ראַזרעשאַיו אי קאָניעץ!״. ווי דו זעסט, בין איך דערווײַל אין מײַן אַלטער היים, אין נערווי, זיץ בײַם ים אויף דער הייסער ברענענדיקער זון און — שרײַב. מע ווערט, זאָגסטו, עלטער? איך ניט, איך, דאַנקען גאָט, ווער דערווײַל יינגער. איך האָב פֿײַנט ווערן עלטער! בראָצקי האָט מיר אַ מאָל זיך מודה געווען, אַז ער האָט פֿײַנט אַ קבצן. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב פֿײַנט אַן אַלטן... נאָר דיך האָב איך ניט פֿײַנט, ווײַל דו ביסט מרדכי ספּעקטאָר און האָסט נאָך, ברוך־השם, אַ שיינעם אַפּעטיט צום עסן, הלוואי לאורך־ימים — אָמן ואָמן!

דײַנער געווען און געבליבן שלום־עליכם

עיקר־שכחתי: ווו, זאָגסטו, וועלן מיר צובײַסן אויף דער נאַכט נאָכן לייענען? אין וואָסער באַר? דו מיינסט, אַז איך לייען ניט דעם „מאָמענט״ און אַלץ, וואָס דו שרײַבסט דאָרטן? אײַ, שוטה, שוטה! איך האָב דיך אַפֿילו גוט אויסגעשאָלטן פֿאַר דײַן התפּעלות אין אַדעס מיטן „פֿאָלקסליד״, וואָס דו ווייסט ניט, אַז דאָס „פֿאָלקסליד״ איז, נעבעך, וואַרשאַווסקיס. אַ קלאָג צו דיר!

## 692. צו ש. שרירא

לאָזאַן, 8/26 .2. 1914

טײַערער פֿרײַנד שריראָ!

אַן אַנדערער אויף מײַן אָרט וואָלט זיך געפֿונען באַליידיקט: סטײַטש, מע שרײַבט אַ בריוו, מע בעט אַ ג״ח אַ בחיפּזונדיקן כּאשר אהבתי, ס׳איז בנפשי, לסוף ענטפֿערט

מען אַפילו ניט מיט אַ בריוול! און ווער? שרירא! און ווענמען? שלום־עליכמען! נאָר ווײַל ס'איז שרירא, ווייס שלום־עליכם, וועלכער קען אים, אַז שרירא איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק. שולדיק איז אָדער דער פּידזשאַק, אָדער די דינסט, וואָס האָט אַרויסגע־וואָרפן דאָס בריוול, אָדער דאָס טישקעסטל, ווו עס קלײַבן זיך צונויף קופּעס בריוו, געענטפערטע און ניט־געענטפערטע, קאַשע מיט באָרשט מיט אַלטע גאַזעטן מיט נעכ־טיקע טעג — און האָט ער דורכגעלאָזט אַ טאָג און אַ טאָג און האָט זיך אַפילו געהאַט יאָ דערמאָנט; סטײַטש פאַרגעסן, און יענער וואַרט אַ טעלעגראַמע!—ע! מע דאַרף פאַררייכערן אַ פּאַפּיראָס — אַווו נעמט מען אַ שוועבעלע? ווו זענען די שוועבעלעך? פאַר וואָס איז קיין מאָל ניטאָ קיין שוועבעלעך בײַ דער האַנט? און ווידער פאַרגעסן! אָט דערפאַר בין איך ניט ברוגז און פאַל ניט אַראָפּ בײַ זיך, און דערמאָן נאָך אַ מאָל אײַך, פרײַנד, אַז איר טוט מיר אַ גרויסע טובה דבר שהזמן גרמא און זה נהנה וזה לא חסר, וואָרעם ס'איז על מנת להחזיר — איר ווייסט דאָך אַליין!

— — —

בזה הרגע (מע וואָלט דערמאָנען „משיחן״ וואָלט ער חלילה געקומען!) האָט מען אָנגעקלונגען און ס'איז געקומען צו אונדז אַן אָנגעלייגטער גאַסט. זייער אַ ליבער בחור יאַשאַ שרירא. איך האָב געהאַט רעקאָמענדירט אײַער פרוי פאַר יאַשאַן אַ העברעיִשן לערער. אַ סטודענט, מײַנער אַ גוטער באַקאַנטער איז ער און אַ גוטער העברעער, איז יאַשאַ געקומען זיך נאָכפרעגן אויף אים, ער האָט חשק זיך נעמען צו העברעיִש — איז מיר די מעשׂה זייער געפעלן, און איך וועל אָנווענדן אַלעס מעגלעכעס, אַז יאַשאַ זאָל בײַ דעם סטודענט (קאַבאַק הייסט ער; ער איז אַ העברעיִשער שרײַבער) נעמען שטונדן. עס איז שיין, אַז אײַער יאַשאַ זאָל זײַן אין ייִדיש אויך ניט קיין עם־הארץ. עס פּאַסט ניט, אַז שריראָס אַ זון, און נאָך אַזעלכער זאָל זײַן אַן עם־הארץ. זייער אַ סימפּאַטישער בחור יאַשאַ! —

און נאָך איין זאַך און אַ סוף: אײַך קומט פון מיר אַ דאַנק פאַר אַ וואָרט. איר האָט מיר אַ מאָל אָנגעוויזן וואָס צו טון מיט טביהן, עס זאָל פון אים באַשאַפן ווערן אַ דראַמאַ אַן אמתע — האָב איך אײַך געפאָלגט און האָב געטון אַזוי, ווי איר האָט מיר געזאָגט און ס'איז אַרויס אַ פּרי, וואָס איז כדאי צו מאַכן אַ ברכה שהחיינו מיט גאָטס הילף! האָט קיין פאַראיבל ניט וואָס בײַ נאַפּט און נאָך אַזעלכע זאַכן דולט מען אײַך אַ ספּאָדיק מיט גמילת־חסדים, העברעיִש, דראַמעס און כדומה! און סײַ ווי שוין באַלד ניטאָ ווו צו שרײַבן. זײַט מיר געזונט יעדנפאַלס, אַפילו דעמאָלט, ווען איר זענט בשוגג אָדער במזיד ניט קיין דזשענטלמען, ווי עס ווינטשט אײַך הײַנט און אַלע מאָל אײַער באמת געטרײַער פרײַנד

שלום־עליכם

## 693. צו ש. דאָבין

Pension Helios, Lausanne (Suisse), 27.2.1914

ליבער פרײַנד שמעון דאָבין! (שמעוני).

דאָס וואָס איר זעט אויבן — דאָס איז זיך מײַן שטענדיקע היים, נאָר זײַן בין איך איצט אין נערווי.

וואָס שרײַב איך אײַך פּלוצעם אין מיטן דריגעגן אַ בריוול? — איך האָב נאָר וואָס דורכגעלייענט אײַער אַרטיקל וועגן דער „שולע" אין דער „איד. וועלט" און האָב באמת הנאה געהאַט, הן מצד פונעם אינהאַלט הן מצד פון דער שפּראַך. עפּעס אַזוי גלאַט, אַזוי ווייך, אַזוי זאַפטיק און אַזוי פּאַרביק, אַז עס קוועלט דאָס האַרץ פאַר אונדזער ייִדיש. איר דאַרפט געדענקען, וואָס כ'האָב אײַך וויפל מאָל געזאָגט, אַז דער עולם האָט זיך אויסגעלערנט שרײַבן. אויף מײַנע אויגן — אין די דרײַסיק יאָר „קיין עין־הרע", וואָס איך שרײַב, — האָט זיך אונדזער ייִדיש אַזאַ רוק געטאָן, אַז ס'איז שוין טאַקע באמת אַ שאַנדע, ווי דער זיידע מײַנער רב מענדעלע זאָגט שוין לאַנג, וואָס מע רופט נאָך אין די געוויסע קרײַזן און קלײַזלעך „זשאַרגאָן": און ניט אַזוי נאָך זשאַרגאָן, ווי זרגון!...
און דער עצם ענין אַליין, די מעשה מיט דער „שול", אינטערעסירט מיך אומגעהײַער! ניט פערגעסט, אַז דאָס זאָגט אײַך אַ חסיד פון העברעיִש, וואָס איז גרייט פּאַרקאַטשען די אַרבל און געבן פּעטש די „אינטעליגענטן", וואָס ווילן אײַנפלאַנצן דײַטש אין ארץ־ישׂראל. איך וועל אײַך ניט זאָגן אויב געבן פּעטש אָדער כאַפּן פּעטש, וואָרעם אָפט מאָל פּאַרקאַטשעט מען די אַרבל און מע כאַפּט פּעטש — נאָר עס קאָכט אין מיר דאָס בלוט אויף די אַריסטאָקראַטן פונעם האַלב־אַסימילאַטאָרישן לאַגער, וואָס ווילן אַרויס־טרײַבן לשון־קודש פון ארץ־ישׂראל, פּונקט אַזוי ווי עס בראָט מיך אויף אונדזערע הידד־פּאַטריאָטן און אײַנגעעקשנטע ציוניסטן וואָס ווילן אַרויסטרײַבן אונדזער ייִדיש אין גלות. שוטים! זיי ווייסן ניט, זיי זעען ניט, אַז זיי האַלטן מלחמה קעגן דער נאַטור. ייִדיש אין גלות, העברעיִש, אין ארץ־ישׂראל — דאָס איז אַזוי פּראָסט, דאַכט זיך, און אַזוי קלאָר. ניין! עס גלוסט זיך אָבער זאָגן פּאַרקערט. עס גענדזלט... אַן עוולה איז נאָר פון די (אויב ס'איז אמת, וואָס די העברעיִשע שאָוויניסטן דערציילן) אַז אײַערע — די יעהופּעצער מיין איך — חדרניקעס „ייִדישיסטן" האָבן אוועקגעשטעלט אַ פאָדערונג אַרויסרויכן דעם חומש, כאָטשבי אַפילו אויף ייִדיש געלערנט. דאָס איז שוין באַלד אַזוי ווילד ווי דאָס, וואָס אַ געוויסער ציוניסטישער פירער שרײַבט אונטער פון זײַן סעקרע־טאַר אַלע בריוו, אויסער די וואָס זענען געשריבן אויף ייִדיש... בסוד וועל איך אײַך זאָגן: איך ווייס ניט, אויב איך וואָלט געווען שלום־עליכם, ווי קליין איך זאָל ניט זײַן — ווען איך וואָלט אין חדר ניט געווען און דעם חומש ניט געלערנט.
גריסט רחלען ג"פּ און כעמעלען און זעמעלען זעלבסט־פאַרשטענדלעך.

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי: אין גאַנצן אײַער אַרטיקל איז מער נישט אַז איין מאָל „ובכן" — אויף אַ שטיקל פּראַגרעס — איך לאָך ניט — ווי קומט זלמן איטשע קיין באַקו? — אַ פאַלג מיך אַ גאַנג! וואָס איר זעט מיך ניט אויף די גאַזעטן — איז ניט קיין סימן אַז איך שלאָף, נאָך קיין מאָל אַזוי פיל ניט געשריבן ווי די לעצטע צײַט. מסתּמא וועט איר אין גיכן הערן פון מיר אויך. פון דעם אַלעמען פאַרשטייט איר שוין, אַז איך בין געזונט און אַז מיר זענען אַלע ב"ה בקו החוהו"ש.

נאָך אַן עיקר־שכחתי: איך האָב אײַך אָפּצוגעבן אַ גרוס פון איינעם, וואָס ווערט ניט עלטער, עסט זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, תּמיד לעבעדיק, רירט נישט אָן קיינעמס כּבוד, יאָגט זיך ניט נאָך געלט, האָט פײַנט קאָמפּלימענטן, שטייט ווײַט פון פּאָליטיק,

לאַכט זיך אויס פון העברעיִסטן, זשאַרגאָניסטן, ציוניסטן, שאָוויניסטן און אַלע אַנדערע איסטן שבעולם — דאָס איז דער ים פון נערווי.

נאָך אַן עיקר־שכחתּ־ילע: פון וואַנען ווייס איך אײַער אַדרעס? אָנו טרעפט! דאָס איז אַזאַ שׂכל, וואָס נאָר שלום־עליכמען קאָן אַזעלכס אײַנפאַלן! איך גיי אויף דער מאַרינע, באַגעגענען זיך צוויי פּלעמעניקעס פון רחלען — האָבן זיי דאָס מיר געגעבן אײַער אַדרעס. איך זאָל אַזוי האָבן הצלחה בכל אשר אפנה, ווי איך זאָג אײַך ניט קיין דבר שקר!

דער לעצטער פון אַלע עיקר־שכחתּים: הײַנטיקן שבת לייען איך דאָ צו ליב דער היגער סאַנאַטאָריע, וואָס מיר האָבן דאָ געמאַכט, און אַ סברה איז פאַראַן אַז גאָר אין גיכן זאָל איך געבן אַ פּאָר אַרויס (אָדער אַ פּאָר אַרײַן) אין אײַער „ריסעג־לאַנד"... (אָדעס, וואַרשע, לאָדזש, פּעטערבורג, מאָסקווע, ווילנע, קיִעוו א' אַזוי ווײַטער, אויב מ'עט לאָזן לייענען. —) מער קיין עיקר־שכחתּים ניטאָ, וואָרעם ס'ניטאָ ווו.

דאָס איז שוין ניט קיין עיקר־שכחתּ, נאָר גלאַט הײמישע זאַכן, נײַס, וואָס קאָנען אײַך, רחלען און אַנדערע גוטע־פרײַנד און גוטע מענטשן אינטערעסירן: איך בין אין נערווי — דאָס ווייסט איר שוין. מײַן ווײַב איז אין לאָזאַנאַ — דאָס פאַרשטייט מען במילא, וואָרעם אַז ניט וואָלט איך דאָך געזאָגט מיר זענען אין נערווי. אַ פּאָר וואָס זאָלן מיר ביידע ניט זײַן אין נערווי אָדער אין לאָזאַנע? — דאָס איז ניט אײַער עסק! איך קען אײַך נאָר זאָגן, אַז צעקריגט זענען מיר ח"ו ניט, הלוואי ביז 120 יאָר ניט ערגער. טיסי מיט בערקאָוויטשן זענען אין בערלין. טאַמאַרע וואַקסט (מיידלעך האָבן אַזאַ טבע — זיי וואַקסן!) ליאַליאַ מיט איר מיכאַיל זענען אין בערלין — ער שטו־דירט דאָקטאָר און זי לאַכט, מישאַ אין לאָזאַן, שטודירט יורי. עמאַ, מאַרוסיאַ אין לאָזאַן, שטודירן „לעטער". נומאַ איז אַ שייגעץ — שפּילט שאָך מײַסטעריש און ערב פּסח איז זײַן בר־מיצווה. אחרון אחרון חביב — ליאַליס מיידעלע, בעלאַ, שוין איין מאָל אַ בעלאַ! אַ כּפּרה, אַ מיתה־משונה זיבעציק פורישקעוויטשעס מיט אַכציק זאַמיסלאָווסקיס פאַר איר איין שמייכעלע, בעת זי שמועסט זיך אויס מיט אירע קוקלעס און בעט זיי גיין שלאָפן!

— איך האָב געענדיקט! (ווי עס פּלעגן צוזאָגן אַמאָליקע רעפערענטן).

* * *

וואָס גוואַלדעוועט איר, פרײַנד דאָבין? האָט זיך עפּעס צעגוואַלדעוועט אַ ייִד און שרײַט! מיר ווינען אין דער שווייץ אַלע. נאָר אויף אַ קורצער צײַט בין איך אַנטלאָפן מיט... אַ פרוי — אַ גאַנץ היבשע פרוי און אַ ווילע — קייבאַליע בײַ ניצא, פּשוט אַ ביסל זיך אָנוואַרעמען אויף דער זון. איך און די דאָזיקע פרוי, וואָס איך בין מיט איר אַנטלאָפן פון דער היים, וועלן דאָ פאַרברענגען מער ניט אַז אַ וואָך צײַט און קומען צוריק אי"ה אַהיים.

אַ גרוס אַלע אײַעריקע.

שלום־עליכם

יאָ, עיקר־שכחתּי: די פרוי וואָס איז מיט מיר אַנטלאָפן דאַרף אײַך זײַן קענטלעך פון נערווי. זי הייסט אָלגאַ און קער מיר אָן טאַקע אַ קרובה. איך האָב מורא, אויב ניט

אַ וויַב. זי גריסט איַיך אויך גאָר פריַינדלעך און בעט גריסן אויך רחלען. ווו איז זי? וואָס מאַכט זי אין געזונט? לייענט איר דעם „היַינט"? קריגט אים און לייענט למה"ש דעם „שפּאַס". איך דאַרף, אַז איר זאָלט אים לייענען.

אונדזער שטענדיקער אַדרעס:

Clarsne (Suisse) Rue de Lac, 115

## 694. צו א. וואַרקעל

ביאַליסטאָק, 29/15 אַפּריל 1914

ליבער וואַרקעל!

בין איך הייסט עס אין „דער היים". געווען וואַרשע — לאָדזש — בריסק — ביאַליסטאָק. איך פאָר ווילנאָ — מינסק — גראָדנאָ — סוואַלק און וויַטער. מיר שריַיבן בעט איך באַלד אַ ה י י ם קיין לאָזאַנאָ Lausanne (Suisse) Pansion Helios און שיקט מיר אָפּעט מיַינע צוויי פּיעסלעך פאַר סינעמאַ. מיט איַיער דיַיטש איז דאָך גאַרניט געוואָרן. אַגב דאַרף איך זיי שטאַרק איבערפיקסן, איבערמאַכן. למען־השם שיקט זיי מיר אָפּ ע"י „זאַקאַזנאָיע", און אַז כ'וועל זיַין אין ריגאַ, וועלן מיר דאָן שמועסן מיט אים. דערוויַיל בין איך פריַי און בעט די צוויי זאַכן מיר זאָפאָרט אָפּשיקן. און וואָס איז געוואָרן מיט מיַין מענעדזשער און מיט איַיער פאַראיין? איך ווייס קיין זאַך.

מיט גרוס שלום־עליכם

P.S. בזה הרגע באַקומען אַ דעפּעש פון פּעטערבורג, אַז דאָרט בין איך 2, 3, 4 מיַי.

## 695. צום זעלבן

Вильно, 23.4.1914

ליבער וואַרקעל!

געווען ביַי מיר איַיער מינטוס — נישט צוגעלאָזט אים — בין געווען קראַנק! איצט בין איך שוין ווידער ג. ז. ד. געזונט און פאָר אויף זונטאָג 4 מיַי קיין פּעטערסבורג אויפן אָוונט 4 מיַי און אויף דער טעאַטער־פאָרשטעלונג 6 מיַי און איך גיב איַיך אויף מיַין ריכטיקע אַדרעסע. —

מינטוסען בעט איך איבערגעבן, אַז זיַין ווונטש וועט דערפילט ווערן, אָבער די 2 זאַכן, וואָס געפינען זיך ביַי אים אָדער ביַי איַיך מוזן אומבאַדינגט מיר רעטורנירט ווערן.

אין „היַינט" האָב איך געלייענט אַ טעלעגראַמע, אַז דעם 28 אַפּריל בין איך אין ריגע. האָט עס טאַקע אַזוי געזאָלט זיַין? איך ווייס גאָרניט. — מיט מיַין אימפּרעסאַריאָ האָב איך מיך צעגאַנגען. אויפרעדן זיך דאַרף מען מיט מיר אוממיטלבאַר.

איַיער שלום־עליכם

P.S. אין פּ"ב שטעלן זיי אין אַ גרויסן טעאַטער „עצה", „מענטשן" און נאָך עפּעס

און ווילן, אַז איך זאָל פיגורירן אין דער „עצה״. האָב איך קיין חשק דערצו... —
Адрес: До пятницы включительно:
1) Вильно: Д. Уцеховскому для Ш. Ал.
От субботы 3 мая до среды 7 мая:
2) С. Петербург, Английский пр. 26 Голомбу для Ш. Ал.

## 696. צו מענדעלע מוכר־ספרים

לאָזאַנאַ, ערב פסח ה׳תרע״ד

אַ גוט־יום־טוב אײַך, ליבער, טײַערער, געטרײַער זיידע! איך האָב אײַער ברכה צו דער בר־מיצווה פון מײַן בן־זקונים נאָר וואָס באַקומען און געוואָלט דורך אַ טעלעגראַמע אײַך זאָגן אַ גוט־יום־טוב, נאָר וואָס קאָן מען זאָגן אין אַ טעלעגראַמע? מע קאָן אין אַ בריוו אויך ניט זאָגן אַלצדינג, וואָס ס׳האָט זיך צונויפגעקליבן פאַר דער גאַנצער צײַט, און דעריבער וועלן מיר עס אָפּלייגן אויף אונדזער פּנים־אל־פּנים. אם־ירצה־השם במהרה בימינו בקרוב אין אַדעס, ווו איך האָף צו זײַן אין גיכן. דערווײַל פאָר איך דעם ערשטן טאָג חול־המועד קיין וואַרשע, און פון דאָרטן שוין, ווו גאָט וועט הייסן און ווו מײַן אימפּרעסאַריאָ וועט וועלן און ווו דער גובערנאַטאָר וועט זאָגן... אַ ביסל פאַרדראָס האָט מיר פאַרשאַפט דער אינצידענט מיט אונדזערע שוואַרצע, וואָס האָבן אײַך אַ פּיק געגעבן. נאָר קיין יסורים דערפון דאַרפט איר ניט האָבן. ס׳איז איצט אַזאַ צײַט. בײַ זיי שוואַרצע, בײַ אונדז שוואַרצע. בײַ זיי וואַרפט מען זיך מיט פּראָפעסאָרן, בײַ אונדז מיט שרײַבערס. בײַ זיי איז דאָ מיניסטאָרן, בײַ אונדז — מורשים, מנהיגים, אָבער — בטלנים און וויצעבטלנים. הקיצור, מה שיש בים יש ביבשה, ס׳זאָל ניט זײַן אַזוי אָנגעזאָלעט אויפן הארצן, וואָלט געווען גענוג מאַטעריאַל אויף צו לאַכן. הלוואי זאָל גאָט געבן, מע זאָל טאַקע לאַכן און גוט לאַכן, זיך האַלטן בײַ די זײַטן לאַכנדיק. ווי עס ווינטשט אײַך און זיך און אונדז אַלעמען כל־ישראל — אָמן!

אײַער אײַך ליבהאָבנדיק אײניקל

שלום־עליכם

## 697. צו מרדכי ספּעקטאָר

לאָזאַן, ערב פסח ה׳תרע״ד

מײַן ליבער ספּעקטאָר!

איך קום דיר צו מעלדן, אַז דעם צווייטן טאָג חול־המועד פסח, דינסטאָג 11 אין דער פרי, מיט דער באַן פון בערלין, זעען מיר זיך, אם־ירצה־השם, אין וואַרשע, און איך האָף דיך צו געפינען אין בעסטן געזונט, ווי ס׳שטייט אָן ספּעקטאָרן, מיט פרישע באַקן און מיט אַ גוטן אַפּעטיט, די שונאים אויף צו להכעיס! און ווײַל מיר ריידן פון אַפּעטיט און פון עסעניש, וואָס מיר ביידע האָבן ניט פײַנט, און ווײַל ס׳איז פסח, און ווײַל איך

בין, ניט פאַר דיר געדאַכט, נאָך אַ שטיקל פּאַציענט, וואָס דאַרף זײַן געהיט מיטן עסן, ווי אין אַ שטאָך אַן אויג, און ווײַל דער פּסחדיקער יצר־הרע פון פּסחדיקע פיש, קניידלעך, אייערלאַקשן, קאַרטאָפל־קוגעלעך, טייגעכצלעך, לאַטקעלעך וכדומה איז גרויס, נאָך גרעסער ווי אין דער וואָכן, און ווײַל ניט אומעטום קאָן איך עס אויספירן, און ווײַל פון אײַנגעלאַדענע מאָלצײַטן האַלט איך ניט, איבער דעם, וואָס דאָרט איז מער צערעמאָניע ווי מאַטעריאַל, מער טעלער ווי מאכלים, און אָפט מאָל ניט צו דער צײַט, אַזוי אַז ס׳חלשט איבער דאָס האַרץ אַכצן מאָל און מע לייגט זיך אָן דער רוח ווייסט מיט וואָס (ווער פאַרשטייט נאָך אַזוי, ווי מיר ביידע ?), און ווײַל איך געדענק נאָך די מאכלים מיט די פּאַטראָוועס פון דער ליבער מאַדאַם ספּעקטאָר, זייער טעם ליגט מיר נאָך עד־היום אין די געדערעם — על־כּן בעט איך גאָט, אַז מײַן סטאַנציע זאָל זײַן ערגעץ ניט ווײַט פון דײַן ווױנונג (כאָטש אַפילו ס׳איז צווייפלהאַפט, ווײַל אַ סטאַנציע דאַרף איך דווקא אַן ערשטקלאַסיקע, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, עלעקטריציטעט, באָד אאַז״וו), בכדי איך זאָל קאָנען זײַן אײַנגעלאַדן פון דיר און פון דײַן ווײַב (פאַרשטייט זיך, אויב ס׳איז מעגלעך) אויף אַלע טעג פּסח. יעדן פאַלס, וועט מיך פרייען דיך צו באַזוכן און מיט דיר צו פאַרברענגען ערגעץ ווו בײַ אַ רעכטן טיש, נאָך דײַן גוסט און נאָך דײַן השגה. און דערווײַל האָב מיר אַ כּשרן פּסח און גריס דער מאַדאַם ספּעקטאָר פון מיר און פון מײַן מאַדאַם.

שלום־עליכם

## 698. צו א. וואָרקעל

Wilno, 4.5.[19]14

ליבער וואָרקעל !

נאָר וואָס דערהאַלטן אײַער קאַרטל. עס וועט מיך זייער פרייען אײַך צו זען אין פ״ב מיט ה׳ מינוטס. ברענגט נאָר מיט זיך די צוויי זאַכן וואָס געפינען זיך בײַ אײַך אָדער בײַ אים — מע מוז זיי פאַרלענגערן, צו רעכט מאַכן. דאָרט וועלן מיר שוין איבעררעדן וועגן אַלעס. אויך וועגן אָוונט. איך וואָלט אײַך זייער וועלן זען אין מײַנע זאַכן און די ריגער חברה גיט איבער, אַז נאָכן עלפטן איז עפּעס אַנדערש. עס קאָן זײַן איך וועל קומען. עס ווענדט זיך אין מײַן געזונט־צושטאַנד, ווי איך וועל מיך פילן אין פ״ב. יעדן פאַלס איז ניט פעסטגעשטעלט די באַדינגונגען : זיי שרײַבן 75% פון ריין געווין. פרעגט זיך : וויפל איז די אײַננאַמע ברוטאָ און ווי גרויס זענען די שפּעזן ? עס קען זיך אויסלאָזן אַ בוידעם, אַז די גאַנצע אײַננאַמע זאָל זײַן אַזעלכע 800 ר׳, הוצאות 600, וועט בלײַבן 200, 75% 150 ר׳. — וועל איך בעסער שפּענדן 150 ר׳ דער חברה און זיצן אין דער היים. איך האָב דאָך אײַך וויפל מאָל שוין געשריבן, אַז אונטער אַזעלכע 1000 ר׳ לוינט זיך מיר ניט רירן פון אָרט. איך בין אַ שוואַכער מענטש און די שפּעזע מײַנע זײַנען דעריבער אומגעהײַער גרויס. פון 1000 ר׳ בלײַבט מיר אויך נאָר די העלפט. רעדט איבער, איך בעט אײַך, און ברענגט מיר אַ קלאָרע תשובה.

שלום־עליכם

## .699 צו ש. שרירא

ווילנא, 25סטן מײַ 1914

בעסטער פרײַנד ש. שרירא!

מן־הסתּם האָט איר געהערט און אפשר געגלייבט, אַז איך בין משוט בארץ ומתהלך בה — אויסגעווען אַ וועלט: אין וואַרשע, לאָדזש, בריסק, ביאַליסטאָק, ווילנע, פּעטער־בורג, ריגע, מינסק, גראָדנע און איצט ווידער אַ מאָל ווילנע און אַז איך בין שוין געלעגן קראַנק אויך דאָ אין ווילנע, געכאַפּט אַ פײַנע אינפלוענצע אויף אַ וואָך דרײַ, און אַז איך בין אַרויס פון „הײַנט" און אַרײַן אין „פרײַנד" אין אַ גוטער שעה, און איצט האַלט איך בײַ אָפּפאָרן אַהיים בשלום, און אַז מיט באַקו האָבן מיר זיך דורכגעשמועסט מיטן ד"ר בלומשטיין ע"י טעלעגראַף, און אַז כ'האָב שוין צום 18טן ניט געקענט קומען אין באַקו, און נאָכן 18טן איז שפּעט, איז ע"כ אָפּגעלייגט געוואָרן אויף נאָך ימים־טובים, תּחילת ווינטער אי"ה, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן און די טשומאַ וועט פאַרשווינדן פון באַקו אין ערגעץ אַנדערש, אין אַ בעסער אָרט, ווו מ י ר וויסן — אָמן כּן יהי רצון! אין אַ פּאָר וואָכן אַרום רעכן איך זײַן צוריק אין לאָזאַנאַ. און מײַן אַדרעס אַהין איז Pension Helios און מײַן אַדרעס אַהער איז Вильно Сребеpку און זײַט מיר געזונט. אַ גרוס אײַך פון אַנסקין פון פּ"ב און פון קלעצקין פון ווילנע.

אײַער שלום־עליכם

## .700 צו ש. שרעבערק

דווינסק, 19/6 .6 .14[19], פרײַטיק

פרײַנד שרעבערק. אַזאַ עמפּפאַנג ווי אין דווינסק האָב איך ניט געהאַט אין ערגעץ. דער וואָקזאַל איז געווען פאַרפלייצט מיט ייִדן (יוגנט), אויסער די בוקעטן, פּראַכטפּולע בוקעטן, האָט מען מיך באַשאָטן מיט בלומען און דעם גאַנצן וועג פון וואַגאָן ביז דער קאַרעט אויסגעבעט מיט בלומען. די קאַרעט גופא איז געווען דעקאָרירט מיט בלומען. בלומען, בלומען, בלומען! געשרייען הידד און הורא האָט פאַרהילכט. אָפּיצירן, זשאַנדאַר־מען, פּאָליציע האָבן מיט איבערראַשונג באַוווּנדערט דעם עמפּפאַנג. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז אַ גרויסער רבּ איז געקומען. אייניקע האָבן דערקלערט, אַז ס'איז דער ייִדישער טשעכאָוו, דער ייִדישער גאָרקי געקומען. אויך אין האָטעל איז געווען מפּה־לפּה. אומעטום הידד און הורא, די בילעטן אַלע כּמעט צעכאַפּט, כאָטש דער אָוונט ערשט איבער מאָרגן, זונטיק, און מע רעדט שוין אומבאַדינגט פון אַ צווייטן אָוונט אויף דינסטיק. מיט גרוס.

שלום־עליכם

## .701 צו מרדכי ספּעקטאָר

דווינסק, 20סטן יוני 1914

ברודער ספּעקטאָר!

מײַן טור האַלט שוין בײַ ענדע. איך האָף, אַז מיר וועלן קאָנען מאָרגן, זונטאָג בײַ

נאַכט, אַרויספאָרן פון דאַנען און קומען קיין וואַרשע מאָנטאָג, זייגער צוועלף בײַ טאָג. פאַרפאָרן רעכענען מיר קיין „פּאָלאָניע״־האָטעל, פאַרברענגען אַוודאי אַ טאָג אַכט, און מיר ווילן זיך זען מיט דיר און מיט דײַן ווײַב. על־כּן שרײַב איך דיר, זאָלסט וויסן. אויב כ׳וועל קאָנען, וועל איך מיך מסתּמא אַראָפּכאַפּן צו דיר אויף דער דאַטשע פאַרזוכן דעם גרינעם באָרשט מיט יונגע קנעבעלעך, און די פרישע, נאָר וואָס אין סלוי געזײַערטע אוגערקעלעך (ניט אוגערקעס, נאָר אוגערקעלעך), און שאַדלעמלעקאַ, און פּאָליניצעס מיט סמעטענע, און דאָס איבעריקע דאָרטן פאַרלאָז איך מיך אויף דער מאַדאַם ספּעקטאָר. זי ווייסט, אַז יונגע הינדעלעך האָבן ליב יונגע קאַרטאָפּלעלעך און זיי זײַנען זיך מחיה, אַז מע פּילט זיי אָן מיט מעל אָדער מיט מאַנע־גרײַפּלעך. נו, גענוג ריידן פון פרעסערײַ! מ׳עט זאָגן, אַז מיר זײַנען זולל־וסובאניקעס...

שלום־עליכם

## 702. צו לואיס מילער

קאָפּענהאַגען, ניט לאַנדסמאַנדס האָטעל, 28סטן סעפּטעמבער 1914

זייער געערטער פרײַנד מר. ל. מילער!

איר ווייסט שוין זיכער פון די צײַטונגען, אַז איך און מײַן פאַמיליע האָבן זיך בדרך־נס געראַטעוועט פונעם קולטורעל־באַרבאַרישן דײַטשלאַנד אַהער, אינעם קליינעם נאָר גאַסטפרײַנדלעכן דענעמאַרק, פון וואַנען איך גרייט מיך צו פאָרן צו אײַך קיין אַמעריקע, מיט גאָטס הילף, אין גיכע צײַטן — אָמן. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. איך באַקום דאָ, אַפילו מיט גרויסער פאַרשפּעטיקונג, אַמעריקאַנער פרעסע און האָב געלעזן אײַערע צוויי זייער וויכטיקע עדיטאָריעלס וועגן דעם זיג און וועגן דער יידן־פראַגע אויפן צוקינפטיקן אייראָפּעיִשן קאָנגרעס. איר זענט פולקום גערעכט, וואָס איר זאָגט, אַז אַמעריקע וועט זיצן אויבן אָן אויף דיזן וועלטקאָנגרעס, יעדן פאַלס — צוזאַמען מיט סער עדוואַרד גרעי, און ס׳איז דעריבער זייער ניצלעך און נייטיק, אַז די אַמעריקאַנער יידישע פרעסע זאָל צײַטלעך אויפהייבן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע אין דיזן ענין. אויפהייבן אויף יענעם קאָנגרעס די יידן־פראַגע — הייסט ניט בלויז אַ פראַגע פון פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט. וועגן דעם וועלן מסתּמא די ציוניסטן באַצײַטנס זיך באַראַטן אין אַלע לענדער און וועלן, וואַרשײַנלעך, זיך בריהן אויסניצן די געלעגנהייט פאַר ארץ־ישׂראל, אויב די אומשטאַנדן וועלן עס נאָר דערלויבן. די „יידן־פראַגע״ מיין איך — אין גלות. וואָרעם סײַ וסײַ וועט אַ גרויסער טייל יידן דאָך פאַרבלײַבן אין רוסלאַנד, אין גאַליציען, אין רומעניען אדג״ל און אפשר וועט נאָך צוקומען אַ פרישע גלות־מדינה מיט פרישע רשעים — פּוילן, פון וואַנען יידן וועלן חלילה מוזן עמיגרירן מאַסנווײַז (ווי אינעם יאָר 1492, פון שפּאַניען). אויף דעם וויכטיקן קאָנגרעס איז דער איינציקער פּלאַץ צו רעטן דאָס יידישע פאָלק אין די גלות־לענדער. ווי אַזוי דאָס אויסצופירן — בין נישט איך דערויף דער „בעל־יועץ״: מע קאָן זיך אויף אײַערע כּלל־טוערס פאַרלאָזן. דער עיקר — אין דער ריכטיקער צײַט (איצט טאָר מען נאָך נישט ריידן דערפון) די ריכטיקע אַגיטאַציע אונטערנעמען, פריִער איר, די פאָרשטייערס פון דער יידישער פרעסע,

דערנאָך די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער פּרעסע — און צו גאָט אַ האָפענונג, עס וועט זײַן אַלרײַט. — און אפשר זעען מיר אונדז נאָך ביז יענער צײַט, וואָרעם איך רעכן אין די לעצטע טעג פון קינפטיקן נאָוועמבער־מאָנאַט שוין זײַן בײַ אײַך אין ניו־יאָרק. — אײַער ענטפער, ווי אויך אויף מײַן בריוו פון אַלבעק (דײַטשלאַנד), קאָן איך נאָך האָבן דאָ, אין קאָפּענהאַגען.

זײַט געגריסט.

שלום־עליכם

## 703. צו שלמה שמולעוויטש

ניו־יאָרק, 21. 12. 1914

געערטער ה׳ שמולעוויטש!

איך דאַנק אײַך זייער זייער פאַר אײַערע לידער, וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט. דורכקוקן זיי פון טאָוול ביז טאָוול, לויט אײַער פאַרלאַנג, האָב איך נאָך ניט געווען צײַט, נאָר דורכבלעטערן האָב איך זיי דורכגעבלעטערט און אַרויסגעזען, אַז איר זענט אַלרײַט. דער פאָרפאַסער פון אַזעלכע פּאָפּולערע פאָלקסלידלעך, ווי „חוה״, „אַ בריוועלע דער מאַמען״ און זייער גלײַכן, נייטיקט זיך ביט אין מײַן אויטאָריטעט. מיך האָט געפרייט צו געפינען אין אײַערע לידער נישט ווינציק הומאָר (צום ב״ש: „דער הערינג״, „געבאָך די רײַכע״, און ד״גל). איך בין נאָר אַ ביסל אומצופרידן מיט דעם פאַרדאַרבן אונדזער מאַמע־לשון אויפן אַמעריקאַנישן שטייגער און מיט דעם געברויכן ליטווישן אויסשפּראַך, ווי למשל זײַט 2: ווער ס׳האָט דיר געהערט — מע דאַרף: ווער ס׳האָט דיך געהערט. נאָר דאָ האָט איר 2 תירוצים: אַמעריקאַניש רעדן מוז מען, כּל־זמן מען איז אין אַמעריקע, און ליטוויש שרײַבן מוז מען כּל־זמן מען איז אַ ליטוואַק. ביידע תירוצים אָבער זענען קיין תירוצים, אויב מע האַלט, אַז יידיש איז אַ שפּראַך גלײַך מיט אַלע. איך האָף, אַז אויך איר האַלט אַזוי, כאָטש איר זענט אַ ליטוואַק און אַן אַמעריקאַנער דערצו. — דאָס ליד „דער סקולבאָי״ וואָלט אָנגעשטאַנען צו זײַן אונטערגעשריבן „מאָריס ראָזענפעלד״. ס׳איז אויסגעצייכנט! — איר פרעגט זיך נאָך אויף אײַער קרוב דעם געוועזענעם מיליאָנער פון יעהופּעץ? — אויב איר קענט און ווילט, שיקט אים אַרויס אַ פּאָר דאָלער. ער איז, נעבעך, אויף גרויסע צרות! אָנגעזעצט האָט ער שוין זייער לאַנג, נאָך פאַר אַכט יאָרן, און אַ קבצן איז ער שוין אויך לאַנג. ער איז אָבער דערצו נאָך אַ בורח אויך, ווײַל ער האָט אויף זיך אַ „פּעקל״.

מיט פרײַנדלעכן גרוס

שלום־עליכם

פּ.ס. איר זענט, זע איך, פּעיִק צו באַשאַפן פאָלקסלידער. אפשר וואָלט איר מיר געקאָנט צושיקן וואָס גיכער אַ ליד אויף דעם מאָטיוו: ס׳איז שווער צו זײַן אַ ייִד״ (אָדער נאָך קירצער: שווער צו זײַן אַ ייִד)? (אום צו פאַרלײַכטערן אײַך דעם רעפרען, גיב איך אײַך די פאָרעם צוריק: „שווער אַ ייִד צו זײַן״). איך וועל עס אפשר דאַרפן האָבן צו אַ „פּלעי״, וווּ דער הויפּטהעלד מיטן כאָר — סטודענטן און

גימנאַזיסטקעס — זינגען דאָס ליד אויף אַ מאָלצײַט פון אַ געבורטסטאָג — אימענינעס הייסט עס בײַ אונדז. — וואָרעם ס'איז שווער צו זײַן אַ ייִד — באַדאַרף איך אײַך ניט דערציילן. דאָ רעדט זיך נאַטירלעך וועגן פאָניע־לאַנד, ניט אַמעריקע, און דאָרט איז ווירקלעך שווער צו זײַן אַ ייִד. מע דאַרף אײַך לאַנג ניט דערקלערן, וואָס סע ברויכט. סע באַדאַרף ווערטער, אַ דרײַ־פיר זאַצן, און נאָטן צו זיי. דאָס הייסט, אַ מאָטיוו וויל איך, אַז אויך איר זאָלט צו זיי צוזעצן. איר זענט, דאַכט זיך, דערצו אויך אַ מאַדים. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז דער מאָטיוו פון „חוה", „אַ בריוועלע דער מאַמען" און אַנדערע אויך אײַער מלאָכה. איך און אויך אַלע בײַ אונדז זענען אַנטציקט פון די מאָטיוון נאָך מער ווי פון די ווערטער.

## 704. אַ פּאָר ווערטער צום בעל־ה„קונדס"

דעצעמבער 1914

מײַ דיר סער: —

אַלע האָבן געלייענט אײַער אינטערוויו מיט מיר און קיינעם איז ניט אײַנגעפאַלן צו פרעגן, ווי אַזוי איז דאָס געשען אַן אינטערוויו מיט שלום־עליכמען אין ניו־יאָרק, ווערנד די שיף איז נאָך געשטאַנען היפּשע עטלעכע מײַל פאַר ניו־יאָרק אײַנגעוויקלט אין אַזאַ געדיכטער פאָגע, וואָס לאָזט זיך שנײַדן ווי אַ שווייצער־קעז מיט אַ מעסער? איך, אַז כ'בין געקומען בשלום קיין ניו־יאָרק נאָך אויפן דעק און האָב ראשית־חכמה געבעטן מען זאָל מיר דערלאַנגען וואָס גיכער דעם לעצטן „קונדס", און אַז כ'האָב דורכגעקוקט אײַער אינטערוויו מיט מיר, האָב איך אויך קיין קשיות ניט געפרעגט, נאָר איבער אַ גאַנץ אַנדערע אורזאַכע: ווײַל איך ווייס דעם סוד פון אײַער דערפינדונג, — און עס טוט מיר הנאה, וואָס נאָר איך ווייס און וואָס קיין אַנדערער — אַחוץ מיר און אײַך — ווייסט נישט דערפון און וועט ניט וויסן, ווײַל ער וועט לעבן! און איך בעט אײַך טאַקע, ליבער פרײַנד, איר זאָלט אײַער נײַע דערפינדונג האַלטן אין געהיים אַ געוויסע צײַט, ביז די גאַנצע אַמעריקאַנער פּרעסע וועט זיך אויסגרינען און וועט זוכה זײַן צו קומען צו יענעם שטאַנד, אין וועלכן עס געפינט זיך דער „גרויסער קונדס". און צו אײַער שטאַנד קאָנען זיי קומען נאָר דעמאָלט, ווען איר וועט זיי אַזוי לאַנג קונדסן ביז איר וועט זיי אויסקונדסן. און עס וואָלט שוין לאַנג צײַט געווען, אַז זיי זאָלן וויסן, וואָס פאַר אַ ראָלע עס שפּילט אין דער וועלט דער וויץ, דער הומאָר און די סאַטירע בכלל, און דער „גרויסער קונדס" בפרט.

עס איז שוין צײַט זיי זאָלן וויסן, אַז ניט מיט מוראדיקע „צוויי און פערציקער" „האָוויצערס", ניט מיט גרינגע „צעפּעלינס" וועט מען סטאָפּען די אָבשײַלעכע מלחמה און מאַכן אַ סוף מיטן פאַרפלוכטן מיליטאַריזם. ניין! דאָס וועט געטאָן ווערן נאָר דורך אומשולדיקן וויץ און נאָר דורך גוטמוטיקן הומאָר און נאָר דורך בײַסנדע סאַטירע! איך בין איבערצײַגט, אַזוי ווי מיר האָבן הײַנט יום גימל, דאָנערשטאָג, אויף דער גאַנצער וועלט, אַז נאָר דורך די סירקולײשאָן פונעם „גרויסן קונדס" ווערט געסטאָפּט די גרויסע וועלט־משוגעת, וואָס ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען קריג. דאָס איז אַזוי פּראָסט, ווי אַ גראָשן אַ בייגל און ווי אַ ניקל אַ פּאָר. די וואָס צווייפלען נאָך אין דעם, באַדאַרף מען

געבן צו פאַרשטיין על־פּי שׂכל, אַז צוליב אַ וויץ וועט יעדער פאַרנונפטיקער מענטש גיין דרײַ מײַל צו פוס אינעם גרעסטן פראָסט, און אַז הומאָר איז פאַר יעדן איינציקן אַזוי זיס און אַנגענעם, למשל ווי אַ קאָמפּלימענט פאַר אַ מיידל וואָס איז נאָך ניט קיין כּלה, אָדער ווי אַן אַדוועטייזמענט פאַר אַ נײַער צײַטונג, אָדער ווי אַן אײַזקרים אין אַ הייסן זומערטאָג, אָדער ווי אַ דעפּאָזיטאָר פאַר אַ נײַער באַנק, אָדער ווי אַ גוט גלעזל ווײַן מיט אַ האַוואַנאַ־סיגאַר נאָך אַ רעכטן סאָפּער, און אַז סאַטירע בײַסט, בײַסט ווי אַן עקזעמע, און דאָס איז דאָך אַ כּלל, אַז עס בײַסט קראַצט מען זיך, און אַז מען קראַצט זיך שיסט מען ניט... שוין צײַט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל עס פאַרשטיין און זאָל עס וויסן. און אַז די גאַנצע וועלט וועט עס וויסן — וועט דעמאָלט זײַן דער אמתער אָלרײַט!

זײַט זשע מיר טאַקע אָלרײַט און זעצט פאַר אײַער אַרבעט — דער דערפאָלג איז געזיכערט.

אײַער איבערגעבנסטער מיטאַרבעטער,

שלום־עליכם

עיקר־שכחתי: אײַער אינטערוויוער האָט פאַרגעסן מיר שטעלן אַ פראַגע: צוליב וואָס בין איך אייגנטלעך געקומען קיין אַמעריקע? בעט איך אײַך אַלזאָ אַוועקשטעלן מיר די דאָזיקע פראַגע, אויף וועלכער איך איל מיך צו ענטפערן: פאַרשטייט זיך — צוליבן „גרויסען קונדס״.

שלום־עליכם

## 705. צו ישׂראל י. זעווין (תּשר״ק)

ניו־יאָרק, 29סטן מאַרץ 1915, ערב פּסח ה׳תרע״ה

ידידי תּשר״ק!

איך האָב אײַך שוין וויפל מאָל אַרויסגערופן צום טעלעפאָן און קאָן מיך נישט דערגרופן. איך האָב צו אײַך אַ קליינע בקשה — מחני! אין „טאַגעבלאַט״ האָב איך געפונען מײַן אַדרעס צווישן די קהלשע מודעות אין האַרלעם און בראָנקס מיט אַלע מוהלים. מע זאָגט מיר, אַז דאָס גייט אַלע טאָג. איך האָב געהאַט געבעטן נאָר איין מאָל אָפּדרוקן מײַן אַדרעס נאָך פאַר נײַ־יאָר. איז איינס. והשנית, איז מילה ניט מײַן ספּעציאַליטעט. בעט איך אײַך, אַלזאָ, זײַן אַזוי פרײַנדלעך און הייסן אַרויסוואַרפן.

דאַנקענד פאָרויס, ווינטש איך אײַך אַ כּשרן פּסח.

שלום־עליכם

## 706. צו יוסף אָפּאַטאָשו

ניו־יאָרק, 27סטן אַפּריל 1915

מײַן ליבער אָפּאַטאָשו!

איך דאַנק אײַך פאַר די צוויי ביכער, וואָס איר האָט מיר צוגעשיקט און דערמיט

צוגעשטעלט מיר אַ גרויס פאַרגעניגן. איר האָט מיר געהאַט אָנגעוויזן אויפן ראָמאַן פון אַ פערד־גנב און כּמעט פאַרשוויגן דאָס ניו־יאָרקער געטאָ. דאָס באַוויַיזט, אויף וויפל דער מחבר איז אַ שלעכטער מבין אויף זיַינע אייגענע ווערק. מע קאָן ניט זאָגן, אַז דער פערד־גנב זאָל זיַין שלעכט. איך האָב מורא, אַז שלעכט שריַיבן זיַיט איר ניט פעיִק. איך דאַרף איַיך נאָר זאָגן נאָך אַ מאָל דאָס, וואָס כ׳האָב איַיך שוין געזאָגט ביַי מיר אין שטוב: שריַיבט פונעם אַמעריקאַנער ייִדנטום. מאָלט בילדער פונעם ניו־יאָרקער געטאָ — דאָס איז איַיער זשאַנער. דאָ וועט איר זיַין גרויס. איר זיַיט שוין אומאיבערטראָפן, איך האָב צווישן די אַמעריקאַנער ייִדישע שריַיבערס ביַי קיינעם ניט באַגעגנט אַזעלכע שאַרפע שטריכן, אַזעלכע קלאָרע, לויטערע, לעבעדיקע טיפּן, ווי ביַי איַיך אינעם „ניו־יאָרקער געטאָ״. אייניקע זיַינען גאָר־גאָר מיַיסטעריש. מיסטער פּאָלאַק דער סאַלאָן־קיפּער, מיסעס ריטש מיט איר פרומער שוועסטער די וצדקתך און דזשייק דער שיכּור — דאָס זיַינען בריליאַנטענע טיפּן. הייַנט זייערע געשפּרעכן, זיי זיַינען גאָלד. דאָס באַוויַיזט, אַז איר האָט אַן אויג און אויך אַן אויער. די סצענע, ווי אַזוי דזשייק ווערט אַ פּאַניבראַט מיטן שוואַרצן אין סאַלאָן ביַי אַ גלעזל משקה, איז ניט אָפּצושאַצן. נאָר ביַי דיקענס און טעקערייַ קאָן מען טרעפן ענלעכעס. איך בין אָבער איבערצייַגט, אַז דאָס איז איַיערס, אייגנס. איר האָט דאָס געזען און איבערגעלעבט. איר קענט אונדזער געטאָ אין דעם דאָזיקן גיהנום, וואָס מע רופט אים ניו־יאָרק. גאָט האָט איַיך געשענקט אַ טאַלאַנט, און ניט קיין געוויינלעכן טאַלאַנט. זעט צעוואָרפט זיך ניט מיט אים אויף אַלע זיַיטן. טוט איַיער זאַך. און איַיער זאַך איז מאָלן בילדער פונעם ניו־יאָרקער געטאָ, פונעם אַמערי־קאַנער ייִדנטום. איר וועט ריַיך מאַכן אונדזער ליטעראַטור מיט אַ ניַיעם קאַפּיטל און וועט זיך קונה־שם זיַין דערמיט אויך ביַי די אומות־העולם. איך בין באמת גליקלעך, וואָס אונדזער ליטעראַטור האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ פּרי ווי איר, דאָ, אויף דעם שטיינער־נעם אַמעריקאַנישן באָדן. איך האָב געמאַכט שהחיינו. און וויל נאָך. שיקט זשע מיר נאָך עפּעס גוטס פון די „יונגע״. דאָרט האָב איך געפונען אַ ביסל דיכטונגען פון איינעם עפּעס אַ מאַני־לייב — צוקער־זיס! פון איינער פּראַדל שטאַק — אַ פאַרשיַיטע נקבה! און אַפילו פון סלאָנים, וואָס איז שוין, דאַכט זיך, גאָר ניט אַזאַ יונגיטשקער, איך קען אים, האָט מיך פאַרכּישופט מיט מאַנכע שטעלן פון זיַינע שטאָטלידער:

„די שיינהייט פון שטאָט איז דער וווּנדער דער ניַיער,
וואָס שאַפט ניַיע פאָרמען פון קונסט אויף דער וועלט,
אַ שיינהייט פון שטאָל און פון שטיין און פון פיַיער,
אַ שיינהייט פיל שענער פון וואַלד און פון פעלד...״

וויי־וויי, וואָס פון מיר וואָלט אויסגעוואַקסן, ווען איך וואָלט אין איַיערע יאָרן אָנגעשריבן אַזאַ ווערק, ווי איר, „ניו־יאָרקער געטאָ״! האַך! און בראַוואָ! און הוראַ! און הידד! — רוף איך אויס אין אַלע שפּראַכן, — וואָס איך האָב דערלעבט צו זען, אַז אין אַמעריקע איז פאַראַן אַ ליטעראַטור אַ ייִדישע, וואָס וואַקסט, ניט נאָר אַ פּרעסע, וואָס פאַרמאָגט פּאָליטישנס און האָדעוועט טאָגשריַיבערס און טאָגשריַיערס...

איַיער שלום־עליכם

נ.ב. אָדער עיקר־שכחתי: אין איַיער בריוול צו מיר רופט איר מיך אָנעט „געערטער

הער שלום־עליכם״. איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס פאַר אַ „געערטער הער״ בין איך אייַך ?...

שלום־עליכם

## 707. צו צביון

ניו־יאָרק, 27סטן מייַ 1915

זייער געערטער קאָלעגאַ צביון : —

מייַן פרייַנד לובאַרסקי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ערגעץ אויף אַ פאַרזאַמלונג האָט איר זיך אָפיציעל אויסגעדריקט, אַז איר האָט געהערט פון מיר, אַז דער קאָררעספאָנדענט ז... איז ניט קיין רייבער מענטש, אַז ער איז אַ פאַרקויפטער צו אַ רעגירונג אאַז״וו. ד״ר שמריהו לעווין האָט מיר נאָר וואָס פער טעלעפאָן באַשטעטיקט, אַז איר האָט זיך ווירקלעך אויף דעם אופן אויסגעדריקט, ד״ה אַז אייַער אינפאָרמאַציע וועגן דעם דאָזיקן נפש שטאַמט פון מיר. איך וואָלט אייַך בעטן, איר זאָלט זייַן אַזוי פרייַנדלעך מיר דערמאָנען : ווען, ווו און בייַ וועלכע אומשטאַנדן מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע, אָדער ערגעץ ווו, געפירט מיט אייַך אַ געשפרעך וועגן יענעם פאַרשוין ? אויף וויפל איך קאָן מיך דערינערן, האָבן מיר מיט אייַך דאָ, אין דעם לאַנד, אַחוץ האַ־דו־יו־דו און וואָס מאַכט איר, קיין צוויי ווערטער פון קיין מענטשן אין דער וועלט ניט גערעדט. איך האָב נאָך נישט געהאַט די געלעגנהייט בכלל מיט אייַך זיך צו באַגעגענען, אַחוץ פאַרבייַלויפנדיק אין טעאַטער, כאָטש מיר ביידע אַרבעטן אין איין צייַטונג. אמת, מיר האָבן מיט אייַך יאָ געפירט לאַנגע, וואַרעמע, אינטימע געשפרעכן, נאָר דאָס איז געווען אין דובעלן, אָדער אין דרוזגעניק, מיט אַ יאָר 10—12 צוריק. נאָר דעמאָלט איז נאָך יענער פאָרשוין, דאַכט מיר, אויף דער וועלט נישט געווען. הייַנט וואָס באַדייַט דער דאָזיקער חלום ? קאָנט איר מיר ניט אויפקלערן ? איך וואָלט בעטן, איר זאָלט דאָס טון אַזוי שנעל ווי מעגלעך, ווייַל איך פאָר אָפ אויף אַ היפשע צייַט.

דאַנקענדיק פאָרויס

געצייכנט : שלום־עליכם

## 708. צו מענדעלע מוכר־ספרים

ניו־יאָרק, 28סטן מייַ 1915

טייַערער זיידע ! וויפל מאָל האָב איך מיך געקליבן אייַך צו שרייַבן ! נאָר עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזוי פיל אויף דער נשמה, אַז ס׳איז שוין אפשר בעסער גאָרניט צו שרייַבן. פון דעסטוועגן, וואָס זשע טוט מען ? עס גלוסט זיך דאָך פאָרט דורכשמועסן מיט אַן אייגענעם און נאָענטן מענטשן. לעבט איר ? זייַט איר געזונט ? דאָס איז דאָך דער עיקר פון אַלע עיקרים. ווייַטער איז אַלץ נאַרישקייטן. מע איז שוין געוווינט. וועגן זיך וועל איך ניט מאריך זייַן, מע וואָלט באַדאַרפט צו פיל שרייַבן. סיידן אין צוויי־דרייַ

ווערטער? מהיכא־תּיתי. עס האָבן מיך געפּאַקט די פּייַנטלעכע דייַטשן. צוגענומען דאָס געזונט, דאָס געלט און דאָס גלייַכגעוויכט פונעם געמיט. לאַנג געשלעפּט זיך איבער די נייטראַלע לענדער. געקרענקט פיזיש און זעליש. שיער אין גאַנצן ניט אַוועקגעשטאָרבן. זיך געוועגדעט צו פרייַנד. געבעטן הילף; קיינער, ווי דער שטייגער איז, האָט זיך ניט אָפּגערופן. קוים מיט נסים אַרייַנגעפאַלן מיט דער פאַמיליע אָן אַ גראָשן געלט קיין אַמעריקע. דאָ האָט מען מיך אויפגענומען קייזערלעך. זיך אייַנגעאָרדנט בייַ אַ צייַטונג מיט אַ געהאַלט פון צען טויזנט. איך שרייַב מער, ווי ווען עס איז, און מיט ליבשאַפט צו דעם, וואָס איך שרייַב. בין מונטער און פּראָדוקטיוו, ווי קיין מאָל ניט. נאָר איין צרה: דאָס ווייַב איז קראַנק. די קינדער קרענקען אונטער אָפּטלעך, און אַליין איז מען אויך ניט קיין גרויסער גיבור. בערקאָוויטש איז מיט אונדז. אַרבעט אויך. שרייַבט אין זשור־נאַלן. נומע, דער מיזיניק, איז אַזאַ מזיק אויף ענגליש רײדן, אַז מע קאָן מיינען — ס'איז אַן אַמעריקאַנער! ער האָט אַ טאַלאַנט צום מאָלן. און שטעלט אייַך פאָר — ער מאָלט קאַריקאַטורן. די אַכט־יאָריקע טאַמאַראַ, טיסיס טאָכטער, וואַקסט אַ פּראָפעסאָר. קיפּלינגן האָט זי שוין דורכגעלייענט, איצט נעמט זי זיך צו שעקספּירן. אָט דאָס איז גאָר. גיט איבער מייַן גרוס ביאַליקן, ראַווניצקין און די אַנדערע פרייַנד. אויף װידער־זען. צי וועלן מיר זיך נאָך זען מיט אייַך אויף דער וועלט? שרייַבט, זיידע!

אייַער שלום־עליכם

## 709. צו יהואָש

פליישמאַנס סטיישאַן, נ"י, 14טן יולי 1915

זייער געערטער קאָלעגע יהואָש!

אַז איר זייַט אַ פּאָעט פון גאָטס גענאָד — דאָס ווייס איך שוין לאַנג. אַז איר זייַט אַחוץ דיכטער אויך אַ מענטש — דאָס האָב איך געהערט דאָ אין אַמעריקע. איך באַגריס דעם דיכטער און דעם מענטשן יהואָש מיט זייַן גליקלעכן אָנקומען אין זייַן אַלטע צווייטע היים.

שלום־עליכם

## 710. צו חיים זשיטלאָווסקי

2. 7. 1915

מייַן ליבער פרייַנד ח. זשיטלאָווסקי!

איר ווייסט ווי ווייַט איך שאַץ אייַער שרייַבן אויך מצד הלשון. איך האַלט אייַך פאַר איינעם פון די שעפערס פון אונדזער „מאַמע־לשון". דעריבער דערלויב איך מיר אָנמערקן אייַך אויף אייניקע שטעלן אין אייַער לעצטן אַרטיקל אין „טאָג" („אויס דעם רעוו־רוסלאַנד").

1. למאַי האָט איר פאַרייִדישט דעם העברעיִש־תּלמודישן להד״ם ? ממה־נפשך, פאַר־שטייט ניט דער לעזער די ראָשי־תּיבות פון „לא היו דברים מעולם״, וועט ער דעם גויישן „לאַ־האַ־דאַם״ אוודאי ניט פאַרשטיין.

2. איר האָט געקענט דעם רוסישן „ברעש״ גאַנץ שיין אויסרעדן אין ייִדיש: „שפּאַלט״ — איז אַ סך שענער פון ברעש, וואָס כאַפּט דעם אָנבליק פונעם העברעיִשן „ברעש״ — אויפן קוק (אייך אויף צעפּיקעניש!).

3. צו וואָס „געשמוסט פרייַהייט״ און געפּלאַפּלט פרייַהייט״ ? דאַכט זיך, אַז „שמועס פרייַהייט״ און „פּלאַפּל פרייַהייט״ איז קירצער און ריכטיקער ?

4. וווהין מאַקאַר אאַז״וו — צו וואָס אַזאַ פאָניש אידיאָם, אַז ס׳איז אַ ייִדישער „ווו דער ווייַסער״ (אָדער שוואַרצער) פּעפער וואַקסט ?

איך האָף איר זענט „אָלרייַט״ און ניט ברוגז ?

אייַער שלום־עליכם

P.S. אכדות מיט אַ כ׳ — אין דעם איז שוין שולדיק „דער בחור דער זעצער״. דער גאָט פון העברעיִש זאָל אים צאָלן.

## 711. צו מנחם

בראָנקס, נ״י, 24סטן מאַרץ 1916

מייַן ליבער מנחם!

טוט מען זשע אַזוי ? מאָרגן, 25, עפנט מען דעם „באַזאַר״, שרייַבט איר מיר אַרייַן אַ בריוול הייַנט, 24, איך זאָל אייַך געבן אַ זאַך צו אייַער היסטאָרישער צייַטונג — ווען ? נעכטן ? — — — —

איך נעם שוין אָט אָ די פּען און שרייַב פאַר אייַך אַ פּאַסיקע זאַך אונטערן נאָמען:

אַ בריוול פון דער מומע רייזי
געשריבן צום פעטער פּיני
איבערגעשריבן פון שלום־עליכם.

ווילט איר דאָס האָבן מאָרגן, שבת, אין אייַער ערשטן נומער, דאַן שיקט צו צו מיר אין די בראָנקס, קעללי סטריט 968, אַ מענטשן — דורך סאָבוויי, אינטערוויל סטיישאָן — ניט שפּעטער פון מאָרגן זייגער 9 אין דער פרי, אָדער בעסער נאָך הייַנט 9 אָדער 10 אין דער נאַכט, וועט איר זייַן אָלרייַט. אַז ניט — זענט איר אַ מלמד, ניט קיין רעדאַקטאָר פון אַ באַזאַר־צייַטונג. און זייַט מיר געזונט און שטאַרק, ווי עס ווינטשט אייַך אייַער פרייַנד און קאָלעגע

שלום־עליכם

פּ.ס. — און אפשר וועט איר יוצא זייַן מיט דעם בריוועלע אַליין ?... און דער מומע רייזיס בריוול וועט צו ניץ קומען אַן אַנדערס מאָל ?...

## 712. צו יהואָש

ניו־יאָרק, 23סטן אפריל 1916

ליבער, גוטער חבר יהואָש!

אַ וואַרעמען יישר־כּוח אײַך פֿאַר אײַער רײַזע־באַשרײַבונג — לעת־עתּה די ערשטע צוויי קאַפּיטלעך. עס איז ווירקלעך מײַסטעריש! דאָס איז אַלץ, וואָס כ׳האָב אײַך געוואָלט זאָגן. און האָט מיר אַ גוטן יום־טוב. און שרײַבט נאָך און נאָך. און אַ סך־אַ סך!

אײַער חבר און פֿרײַנד וואָס שטאָלצירט מיט אײַך

שלום־עליכם

## 713. צו וו. טשאַגאָוועץ

[מאַרץ־אַפּריל 1916 ?]

אַ גרוס אײַך, טײַערער קאָלעגע, פֿונעם גאָלדענעם לאַנד, פֿון דער גליקלעכער פֿרײַער אַמעריקע! און נאָך גריס איך דעם הויכגעשעצטן... און נאָך גריס איך דעם גוטינקן...

און נאָך גריס איך אונדזערע ייִדישע מיליאָנשטשיקעס, די אַזוי גערופֿענע מעצענאַטן, וועלכע זײַנען גרייט געבן נדבות אויף שפּיטאָלן און באַראַקעס, וועגן וועלכע מע וועט אומבאַדינגט טרובען אין די צײַטונגען, נאָר וועלכע וועלן בלײַבן טויב צו די געשרייען פֿון אַ ברודער, וואָס טרינקט זיך, מעג ער זײַן שוין דרײַ מאָל אַ שרײַבער און שוין פֿיר מאָל באַרימט.

ווען דעם צופֿאַל וואָלט ניט געווען געפֿעליק מיך צונויפֿשטויסן מיטן דענישן פּראָ־פֿעסאָר, דוד סימאָנסאָן אין קאָפּענהאַגען, טאַקע אַן אמתן מעצענאַט, כאָטש ער איז אַ מיליאָנער, וואָלט איך זייער שיין געקענט שטאַרבן פֿון הונגער אין דעם קאַלטן דענע־מאַרק, און, צוליב דער מלחמה, וואָלט איך אינעם היימלאַנד אַפֿילו צו קיין נעקראָלאָג ניט זוכה געווען. סײַדן, אפֿשר, איר וואָלט זיך מרחם געווען און אַ צייכן געטאָן פֿאַר־בײַגייענדיק צוויי ווערטער וועגן אַ הומאָריסט, וואָס איז אומגעקומען אין דער פֿרעמד.

דערפֿאַר, וואָס פֿאַר אַ קבלת־פּנים האָבן מיר געמאַכט די היגע ייִדן! ווי אַזוי האָט מיך אויפֿגענומען די מכניס־אורחדיקע מדינה קאָלומבוס! ניט צו באַשרײַבן און ניט צו דערציילן!

פֿריִער האָט מען מיר אײַנגעאָרדנט אַ „רעספּשאָן״ — דאָס הייסט אויף אונדזער לשון „אַן אָוונט״. אין „קונסט יוניאָן״ איז דער זאַל דאָ אַ קליינער, בסך־הכּל אויף צוויי מיט אַ האַלבן טויזנט מענטשן; האָט מען געדונגען דעם „קאַרנעדזשי האָל״ אויף 4000 מאַן, און אַ סך זײַנען פֿאַרבליבן אָן בילעטן, דער רוח זאָל דאָס נעמען! דאָן האָט זיך געיאָוועט אַן אימפּרעסאַריאָ („מענעדזשער״ אויפֿן היגן לשון), דער זעלבער, וועלכער האָט באַדאַרפֿט אַרומפֿירן אײַער „מענדעלן״ איבער די פֿאַראייניקטע שטאַטן, מיט זייער אָנציִענדיקע פֿאַרשלאָגן, און אין גיכן וועל איך פֿירנעמען אָט דעם טור.

דערווײַל האָב איך זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ נאָר וואָס געשאַפֿענער אָנשטענדיקער צײַטונג, וואָס מיליאָנערן גיבן זי אַרויס, וווּ איך אַרבעט שטענדיק פֿאַר אַן אָנשטענדיקן

האָנאָראַר („אַ רובל די שורה”). דאָס איז בײַ דער ייִדישער פּרעסע. כ׳האָב אַ סך בעסערע פֿאָרשלאָגן מצד דער אַמעריקאַנער פּרעסע. נאָר דאָרטן מוז איך איבערגעזעצט ווערן, און מיר איז אָנגענעמער האָבן פֿאַר זיך מײַנע, די רוסישע־ייִדישע אוידיטאָריע.

זי איז דאָ ניט קיין קליינע.

אין ניו־יאָרק אַליין איז פֿאַראַן אַריבער אַ מיליאָן ייִדן, וועלכע ווערן באַדינט דורך 5 גרויסע טעגלעכע צײַטונגען אין דעם אַזוי גערופֿענעם זשאַרגאָן. און אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן אין גאַנצן ציילט מען אַריבער צוויי מיליאָן ייִדן. נאָר עס גייט ניט אין דער צאָל, נאָר אין דעם, וואָס זיי שטעלן דאָ מיט זיך פֿאָר אַ גאַנץ באַדײַטנדיקן פּאָליטישן איינס, מיט וועלכן מע רעכנט זיך.

עס איז טשיקאַווע צו לייענען „אַן אָפֿענעם” בריוו פֿונעם רעדאַקטאָר פֿון דער ייִדישער צײַטונג, ווו איך אַרבעט, אויפֿן נאָמען פֿונעם „הער פּרעזידענט פֿון דער רעפּוב־ליק”. אין דעם דאָזיקן בריוו דערמאָנט דער הער רעדאַקטאָר דעם הער פּרעזידענט, וואָס ער, דער פּרעזידענט, האָט געזאָגט וועגן הומאַניטעט און מענטשן־ליבע, ווען ער איז נאָך ניט געווען קיין פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, נאָר בלויז אַ פּראָפֿעסאָר אין אוניווערסיטעט.

בכלל האָט מען פֿון דאַנען געקאָנט שרײַבן וועגן אַ סך טשיקאַווע זאַכן. כ׳האָב אָבער מורא, אַז דער קאָפּ איז אײַך ניט דערבײַ, צײַט צו וויסן אַ שיער (пора и честь знать). גיט אַ שרײַב אַ פּאָר ווערטער, אויב איר האָט נאָך ניט פֿאַרגעסן אײַער איטאַליענישן מאַעסטראָ אין „66”, וואָס ער שרײַבט זײַנע ביז גאָר פֿריילעכע און אין תּוך גאָר טרויעריקע נאַרישקייטן שוין אַ יאָר 32 אונטערן פּסעוודאָנים:

שלום־עליכם

P.S. איר וועט מיר טאָן אַ גרויסע טובֿה, ווען איר וועט מיר אַרויסשיקן אײַער צײַטונג אויף מײַן אַדרעס אַהער צו. מײַן לעצט בילד האָב איך אײַך געשיקט אין אַ באַזונדערן קאָנווערט.

# הערות

## צו בריוו נומ׳ 1

דער דאָזיקער בריוו איז כראָנאָלאָגיש דער עלטסטער כתב־יד פון שלום־עליכם, וואָס איז געפונען געוואָרן אין זײַן אַרכיוו. דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין דאָרף סאָפּיעווקע (קיִעווער גובערניע), ווו ש״ע, 20 יאָר אַלט, איז דעמאָלט געווען דער לערער פון אלימלך לאָיעווס טאָכטער — זײַן צוקונפטיקע פרוי. דער אַדרעסאַט איז שלום־עליכמס אַ קרוב פון דער מוטערס צד. פון דעם בריוו איז אָפּגעהיט געוואָרן נאָר דער ערשטער טייל.

## צו בריוו נומ׳ 2

**וואָלף** — וועוויק ראַבינאָוויטש, שלום־עליכמס יינגסטער ברודער (1844—1939). **יאַנקל** — יעקב סאָלעטשניקאָוו, דער שטיפמאַמעס ברודער, בײַ וועמען וועוויק ראַבינאָוויטש האָט זיך געלערנט מאַכן הענטשקעס.

## צו בריוו נומ׳ 3

דאָס איז דער איינציקער בריוו פון ש״ע צו זײַן פֿאָטער נחום ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך אָפּגעהיט. דער בריוו איז געשריבן אין דעם טאָג בעת בײַ שלום־עליכמען איז געבוירן געוואָרן זײַן ערשט קינד — זײַן טאָכטער ערנעסטינע (שפּעטער פרוי בערקאָוויטש). **זאָלאָטושקין** — שלום־עליכמס אַ יוגנט־חבר, ווערט דערמאָנט אין זײַן „פונעם יאַריד״. חנה — שלום־עליכמס שטיפמאַמע.

## צו בריוו נומ׳ 4

**אליהו** — שלום־עליכמס עלטערער ברודער. **אַ וואָנט פון ריטענדיקע וואַסערן** — געמיינט די וואַסערוואַנט פון דעם „געשפּאָלטענעם ים״. **מאמרים וועגן היגיענע** („יודישעס פאָלקס־בלאַט״, נומ׳ 22, 1884) — ש״ע האָט דעמאָלט, צוליב זײַן ערשט געבוירענער טאָכטער, גענומען לייענען וועגן קינדער־היגיענע, האָט ער דערמיט מהנה געווען אויך די לייענערס פונעם „פאָלקס־בלאַט״. **לאַנדוי (לאַנדאַו)**, אַדאָלף יעפימאָוויטש, 1842—1902, רוסיש־ייִדישער פובליציסט, אַרויסגעגעבן דעם חודש־זשורנאַל „וואָסכאָד״ (אויפגאַנג) אין די יאָרן 1882—1898.

## צו בריוו נומ׳ 5

דער בריוו געהערט צו דער צײַט, ווען שלום־עליכם האָט באַקומען אַ שטעלע בײַם קיִעווער מיליאָנער בראָדסקי. די שטעלע האָט פאַר אים אויסגעווירקט זײַנער אַ באַקאַנטער, אַ רוסישער גוטבאַזיצער מיטן נאָמען סימערענקאָ (שלום־עליכם דערמאָנט אים אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע). ש״ע האָט באַדאַרפט רעווידירן בראָדסקיס גיטער אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, ווו עס זײַנען געווען באַשעפטיקט ייִדישע ערד־אַרבעטערס, און צוזאַמענשטעלן וועגן דעם אַ באַריכט. די דאָזיקע שטעלע האָט אָבער שלום־עליכם גיך אויפגעגעבן, ווײַל זײַן רײַכן שווער לאָיעוו איז ניט אָנגעשטאַנען, אַז זײַן איידעם זאָל אַרבעטן „בײַ יענעם״.

## צו בריוו נומ׳ 6

**שׂדה לבן** — פאַרטײַטשט פון (רוסיש) ביעלאַיאַ צערקאָוו (ווײַסע צערקווע), אַ שטאָט לעבן קיִעוו

## צו בריוו נומ׳ 8

**מאַזאָר, נאַטאַשע** (חיה־טויבע־טײַבל לאָיעוו) — שלום־עליכמס אַ נאָענטע קרובה, מיט וועלכער ער האָט געפירט אַ בריוואויסטויטש במשך לאַנגע יאָרן. נאַטאַשע האָט געלעבט צוזאַמען מיט איר מאַן מאַיסיי סאָוועליעוויטש און זייערע דרײַ קינדער אין קיִעוו, און ווען ש״ע מיט זײַן

הויזגעזינד האָבן זיך געפונען אין אויסלאַנד, האָט בײַ די מאַזאָרס געלעבט שלום־עליכמס עלטערער זון מישאַ, וועלכער האָט זיך געלערנט אין גימנאַזיע.

## צו בריוו נומ׳ 10

דאָס איז איינס פון אַ סך קליינע בריוועלעך, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן פון קאַרלסבאַד צו זײַן טאָכטער, דעמאָלט אַ קינד פון פיר יאָר. די משפחה האָט געוווינט אין באָיאַרקע, און ש״ע איז אָפּגעפאָרן אויף אַ קורצער צײַט קיין קאַרלסבאַד קורירן זיך.

## צו בריוו נומ׳ 12

**שעפּטעל** — בעל־הבית פון דער בערדיטשעווער ייִדישער דרוקערײַ, ווו ש״ע האָט געדרוקט זײַנע ווערק. **ביבי** — דאָ מיינט ש״ע זײַן פרוי אָלגאַ.

## צו בריוו נומ׳ 13

**ספּעקטאָר**, מרדכי, 1858—1925, פּראָזאַיִקער, פאָלקלאָר־זאַמלער, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון „דער הויז־פרײַנד״ (וואַרשע, 1888—1896) און די „יום־טוב־בלעטלעך״ (צוזאַמען מיט י. ל. פּרץ).

## צו בריוו נומ׳ 14

אין דעם בריוו ווערט גערעדט וועגן אַ שידוך פאַר איינער פון שלום־עליכמס פּלימעניצעס פון דער פּרויס צד. שלום־עליכם האָט אין יענער צײַט, נאָך זײַן שווערס טויט, געוווינט אין קיִעוו, געפירט געשעפטן אויף דער בערזע און איז געווען דער אַפּעקון פון זײַן שווערס אייניקלעך, וואָס זייערע פאָטערס זײַנען יונג געשטאָרבן.

## צו בריוו נומ׳ 15

**באָיאַרקאַ** — אַ זומערפלאַץ לעבן קיִעוו, ווו ש״ע פלעגט פאַרברענגען מיט זײַן משפחה די זומער־חדשים.

## צו בריוו נומ׳ 16

אין יענער צײַט האָט ש״ע זיך אַריבערגעקליבן פון אַדעס צוריק קיין קיִעוו און איז עטלעכע מאָל געפאָרן אַהין און דער משפחה. ש״ע דערמאָנט דאָ אַלע זײַנע קינדער: **טיסי** (ערנעסטינע), געב׳ 1884, שפּעטער פרוי בערקאָוויטש; **ליאָלי** (שרה), געב׳ 1887, שפּעטער פרוי קויפמאַן; **עמאַ**, געב׳ 1888, שפּעטער פרוי פייגנבערג; **מאַרוסי** (מוזאַ, מאַריצאַ), געב׳ 1893, שפּעטער פרוי גאָלדבערג; און די זין מישאַ (1889) און נומאַ (1901). **„יעכאַל קאָזאַק זאַ דונאַיעם״** (געפאָרן אַ קאָזאַק הינטער דעם דונאַי) — אַ רוסיש פאָלקסליד. **מאַריצאַ** איז דעמאָלט אַלט געווען סך־הכל אַ האַלב יאָר.

## צו בריוו נומ׳ 18

**רחל לאַיִעוו** — שלום־עליכמס שוויגער, וועלכע האָט נאָכן טויט פון איר מאַן געוווינט צוזאַמען מיט איר איינציקער טאָכטער, פרוי שלום־עליכם, ביז אירע לעצטע טעג. דאָס בריוול איז געשריבן צו איר קיין באָהוסלאַוו, וווהין זי איז געפאָרן צו גאַסט. ש״ע האָט איר געוואָלט פאַרשאַפן נחת־רוח — איבערגעבן אַ גרוס פון די אייניקלעך, צו וועלכע זי איז געווען צוגעבונדן מיט לײַב און לעבן. „מניע סנילאַס באַבוסקאַ״ (די באָבע האָט זיך מיר געחלומט), „אי יאַ טאָזע״ (איך אויך). די אותיות „ש״ און „זש״ זענען דאָ פאַרגרײַזט אויף „ס״ און „ז״.

## צו בריוו נומ׳ 19

מיט רב שמואל מאָהליווער האָט זיך ש״ע באַקענט אין יאָר 1890, אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פונעם אַדעסער פּאַלעסטינע־קאָמיטעט, אויף וועלכן ש״ע איז געווען איינער פון די דעלעגאַטן.

גלייך נאָכן אַדרעסער צוזאַמענפּאָר האָט רב שמואל מאָהליווער פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין קיִעוו און זיך אויפגעהאַלטן אין שלום־עליכמס הויז. דער בריוו האָט אַ געוויסע שייכות מיט שלום־עליכמס משפּחה־דאָקומענטן, ווייל דאָ רעדט זיך וועגן זיינעם אַ פּלימעניק, אַ זון פון זיין ברודער אליהו. דער בריוו איז כאַראַקטעריסטיש מיט זיין טיפער „מליצה״, מיט וועלכער ש״ע האָט געהאַט די כוונה זיך צופּאַסן צום געשמאַק פון דעם אַדרעסאַט.

### צו בריוו נומ׳ 21

דער בריוו איז געשריבן פון קיִעוו אין דעם נאָענטן זומערפּלאַץ באָיאַרקע. — ש״ע האָט אין יענע יאָרן זיך באַשעפטיקט אויף דער קיִעווער בערזע מיט מעקלעריי פון צוקער־פאַבריקן און „אימעניעס״ און פלעגט פון צייט צו צייט געשעפטלעך אָפּפאָרן פון דער היים. מאַסקאַליאָוו — דיריגענט פון אַ כאָר אין קיִעוו.

### צו בריוו נומ׳ 23

נאַטאַשאַ און קאַלקאַ — שלום־עליכמס פּלימעניצע (מאַזאָר) מיט איר זון. בערטאַ — אַ פריינד פון שלום־עליכמס משפּחה.

### צו בריוו נומ׳ 25

דער בריוו געהערט צום פּעריאָד, בעת ש״ע האָט דורכגעמאַכט שווערע יאָרן פון מאַטעריע־לער נויט. נאָר איין מאָל האָט אים אָפּגעגליקט: ער האָט דורכגעפירט דעם פאַרקויף פון אַ גרויסן רוסישן מאַיאָנטיק („אימעניע״) און האָט פאַרדינט מיט אַ מאָל אַ היפּשע סומע, וועלכע איז אָבער איינגעשלונגען געוואָרן פון זיינע פריִערדיקע חובות.

### צו בריוו נומ׳ 29

ציצאָס — באַלד.

### צו בריוו נומ׳ 31

שפּינקור — אַ סאָזשלקע אין באָיאַרקע, וואָס שלום־עליכם האָט געקרוינט מיט אָט דעם נאָמען.

### צו בריוו נומ׳ 33

דאָס בריוול, צוזאַמען מיט וואַרעמע פּאַטשיילעס, האָט שלום־עליכם צוגעשיקט זיין טאָכטער אין אַ שכנותדיקער גאָס אין קיִעוו, וווּ זי האָט זיך באַטייליקט אין אַן אַמאַטאָרישער טעאַטער־פאָרשטעלונג פון גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס. — די אַדרעסאַטין האָט זיך אויסגע־קליבן לכבוד דער פאָרשטעלונג אַ בינע־נאָמען „לאַרינאַ״ — נאָך טאַטיאַנאַ לאַרינאַ פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין״.

### צו בריוו נומ׳ 34

אין אָריגינאַל (רוסיש) איז דאָס בריוול געשריבן אין אַ קאָמישער קינדערשפּראַך.

### צו בריוו נומ׳ 35

דובנאָוו, שמעון, 1860—1941, איינער פון די וויכטיקסטע יידישע היסטאָריקערס, מחבר פון „די וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק״ אין 10 בענד. אומגעקומען אין ריגער געטאָ. „בערל״, געדרוקט שפּעטער אינעם „אַמעריקאַנער״, 1908, אונטערן נאָמען „בערעלע״ און אַריין אין „אַלע ווערק״.

### צו בריוו נומ׳ 36

מאַקסים גאָרקי (פּסעוודי פון אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש פּעשקאָוו), 1868—1936, רוסישער שרייבער־פּראָזאַיִקער.

## צו בריוו נומ׳ 40

מאַדאַם פינקלשטיין, דער נאָמען האָט אַ שייכות מיט אַ היימישן וויץ. פאַרנדיק צו אַ פאַרלעזונג קיין באָברויסק איז ש״ע על־פּי טעות פאַרפאַרן אין אַ שטעטל אָסיפּאָוויטש. ש״ע האָט אין יענער צייט אַנגעהויבן אַרויסצוטרעטן אין פאַרשיידענע שטעט פון יידישן תּחום מיט פאַרלייענען זיינע ווערק — פריִער אומלעגאַל, אויף פאַרזאַמלונגען אָרגאַניזירט פון „בונד״, און שפּעטער אויף גרויסע עפנטלעכע קאָנצערטן.

## צו בריוו נומ׳ 41

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן שלום־עליכמס פּיעסע „צעזייט און צעשפּרייט״, וואָס איז דעמאָלט צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן ניט אינעם יידישן אָריגינאַל, נאָר אין אַ פּוילישער איבער־זעצונג פון מאַרק אַרנשטיין, אינעם וואַרשעווער פּוילישן טעאַטער, און האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. ספּעקולאַנטן־פּאָטאָגראַפּערס — האָבן דעמאָלט אַרויסגעלאָזט אויפן ביכערמאַרק שלעכט רעפּראָדוצירטע בילדער פון ש״ע. דאָס „וויגליד״ — אַ סאַטירע אויפן צאַר ניקאָלײַ מיט זײַן יורש־עצר אַלעקסיי, וואָס ש״ע האָט אָנגעשריבן אין די „פּרילינג־טעג״ פון דער רוסישער רעוואָלוציע און געהיים פאַרשפּרייט אין די קרייזן פון „בונד״. שפּעטער, אין יאָר 1908, האָט ש״ע דאָס ליד קאָרעגירט. דאָ ווערט געבראַכט די זשענעווער קאָפּיע פון „שלאָף אַלעקסע״...

1

שלאָף, אַלעקסע, יורש פײַנער,
ליכטיקער פאַרשווין!
שלאָף, בן־יחיד, קדיש מײַנער!
שלאָף זשע, שלאָף, ניט וויין!

2

זאָלסט מיר וואַקסן, זײַן אַ גרויסער,
האָבן קאַסעס געלט,
שטעט און דערפער, זײַן אַ קיסר
איינער אין דער וועלט.

3

ווערסט מיר זײַן אַ גרויסער חכם,
קליגער נאָך פון מיר,
און אַ מלך שבמלכים,
מיט אַ לאַנד סיביר.

4

ווערסט אם־ירצה־שם פאַרמאָגן
רענטעס פולע זעק,
און פיל שענקען מיט אָסטראָגן,
קלויסטערס אָן אַן עק.

5

און זשאַנדאַרמען מיט קאָזאַקן,
שומרים בײַ דער טיר,
די וואָס קאָנען בראַקן, האַקן,
שמײַסן אָן אַ שיעור.

6

האָב ניט מורא פאַר יאַפּאָניע —
זײַ נאָר נישט קיין נאַר —
ס׳לעבט נאָך מאָסקווע, ס׳לעבט נאָך פּאָניע,
ס׳דאַרפן נאָך אַ צאַר.

7

צאָלן וועסטו קאָנטריבוציע,
שטילער! מאַך אַ שווײַג!
זאָג זיי צו אַ קאָנסטיטוציע —
נ׳שטעל אַרויס אַ פײַג.

8

לאָזן פלאַפּלען סאָציאַליסטן,
מיינען ס׳ט׳עפּעס זײַן,
לאָזן שיסן אַנאַרכיסטן,
וויפל ס׳וועט אַרײַן.

9

ווערסט אין ספּאַלני זיך פאַרשליסן,
פּונקט ווי איך אַצינד,
לאָז דאָרט טרערן, בלוט זיך גיסן —
ד ו זאָלסט זײַן געזונט.

10

לאָזן האווקען די גאַזעטן,
שרײַען אויף די ציין,
פּובליציסטן און פּאָעטן
לאָזן זינגען שיין.

11
לאָזן באָמבעס דאָרט זיך רײַסן,
ס'איז שוין ניט קיין נײַס;
מ'עט זיי כאַפּן, מ'עט זיי שמײַסן,
הענגען אײנציקווײַז.

12
פראַן פּאָליציע פּ'אָלע עקן,
סיסטשיקעס אַ סך,
פראַן אַ קאַנטשיק, פראַן אַ שטעקן,
פראַן אַ גוטע זאַך,

13
וואָס מע רופט דאָס אַן „קראַמאַלאַ
ניעזיבלעמיך אַסנאָוו"...
שלאָף, אַלעקסע, ס'איך, ניקאָלאַ, —
ס'לידל נעמט אַ סוף.

## צו בריוו נומ' 42

דער בריוו איז געשריבן נאָך דעם ווי ש"ע איז געקומען קיין וואַרשע און בײַגעווען אויף דער פאָרשטעלונג פון „צעזייט און צעשפּרייט" אינעם פּוילישן טעאַטער.

## צו בריוו נומ' 43

ש"ע פּלעגט זיך שלעכט אָריענטירן אין וועג, און אַ סך מאָל איז אים אויסגעקומען צו פאַרשפּעטיקן צו זײַנע פאָרלעזונגען. אַזאַ פאַל ווערט באַרירט אין דעם דאָזיקן בריוו: ער איז געקומען קיין ליבאַו נ אָ כ ן קאָנצערט. **טשערנאָוויץ** — „אַלע שבת צו נאַכט פלעגן די יונגע ייִדישע שרײַבערס אין ווילנע דעמאָלט זיך צונויפקומען בײַם זשורנאַליסט ש. טשערנאָוויטש („ספוג"), 1879—1929. פון 1922 אין ארץ־ישראל. **איסאַק אַלעקסאַנדראָוויטש גאָלדבערג** — באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן. הירשביין, פּרץ, 1880—1948, שרײַבער און דראַמאַטורג.

## צו בריוו נומ' 44

אין דעם בריוו ווערט גערעדט וועגן אַן אָפּמאַך צווישן שלום־עליכמען און די ייִדישע טעאַטער־דירעקטאָרן יעקב ספּיוואַקאָווסקי און סעם אַדלער צו גרינדן צוזאַמען אין אַדעס אַ ייִדיש „קונסט־טעאַטער". דער אָפּמאַך איז שוין געווען אונטערגעשריבן (דער דאָקומענט געפינט זיך אין שלום־עליכמס אַרכיוו), נאָר פון דער גאַנצער זאַך איז גאָרנישט געוואָרן: עס האָבן זיך געפונען קאָנקורענטן, וואָס האָבן איבערגעגעבן „אַהין ווו מע דאַרף", אַז דאָס נײַ־געפּלאַנטע טעאַטער באַהאַלט אין זיך אַ רעוואָלוציאָנערע טענדענץ, און די רוסישע רעגירונג האָט גלײַך די אונטער־נעמונג דערשטיקט. שפּעטער אַ ביסל, בעת די אַקטאָבער־פּאָגראָמען, האָט ש"ע אין גאַנצן פאַרלאָזט רוסלאַנד. „דער וועג" — וואַרשעווער טעגלעכע צײַטונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט, האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט ש"ע וועגן זײַן מיטאַרבעט.

## צו בריוו נומ' 46

דאָס לידל איז אַ סאַטירע אויף דער צאַרישער ביוראָקראַטיע. ניט אַרײַן אין „אָפּגעשלאָגענע הושענות" צוליב צענזור־טעמים. די ערשטע דערציילונג הייסט „איסר דער שמש" (ניט בועז), די צווייטע — „בועז דער מלמד".

## צו בריוו נומ' 47

**באַראָן** — געמיינט באַראָן גינזבורג. **דאָס הויז 35** — באָלשאַיאַ וואַסילקאָווסקאַיאַ 35, ווו ש"ע האָט דעמאָלט געלעבט. **מאָב** (דײַטש) — ווילדער המון, באַנדיטן.

## צו בריוו נומ' 48

**בערקאָוויטש**, יצחק דוב, 1885—1967, העברעיִש־ייִדישער בעלעטריסט, שלום־עליכמס איידעם, איבערגעזעצט אויף העברעיִש שלום־עליכמס ווערק. **פּיכנאַ** — באַוווּסטער אַנטיסעמיט, רעדאַקטאָר פון „קיעווליאַנין".

### צו בריוו נומ׳ 49

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן דעם פּאָגראָם אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, ווו די אַדרעסאַטין האָט זיך דעמאָלט געפונען. י. ד. בערקאָוויטש איז אָנגעקומען אַהין עטלעכע שעה איידער דער פּאָגראָם האָט אויסגעבראָכן.

### צו בריוו נומ׳ 50

די עפּיטאַפיע איז שפּעטער מיט צען יאָר אַריַינגעשריבן געוואָרן פון שלום־עליכמען אין זיַין צוואה מיט אייניקע ענדערונגען: אָנשטאָט „געווען אַ יוד אַ פּשוטער" — „דאָ ליגט אַ ייִד אַ פּשוטער"; אָנשטאָט „געשריבן ׳עברי־טיַיטש׳ פאַר וויַיבער" — „געשריבן ייִדיש־דיַיטש פאַר וויַיבער"; אָנשטאָט „דאָ ליגט אַ זשאַרגאָניסט אַ שריַיבער" — געווען אַ הומאָריסט אַ שריַיבער"; אָנשטאָט „אַליין, אוי וויי, געווען אויף צרות" — „און ער — אוי וויי — געווען אויף צרות"; אָנשטאָט „און דווקא ווען דער עולם האָט" — „און דווקא דעמאָלט ווען דער עולם האָט"; אָנשטאָט „געלאַכט, געקוועלט, און פּלעג זיך פרייען" — „געלאַכט, געקלאַטשט, און פּלעג זיך פרייען"; אָנשטאָט „האָט ער געוויינט — דאָס ווייס נאָר גאָט" — „האָט ער געקרענקט — דאָס ווייס נאָר גאָט". אין שלום־עליכמס אַרכיוו געפינט זיך נאָך אַ דריטער וואַריאַנט פון דער עפּיטאַפיע. אין יענעם וואַריאַנט גייען די ערשטע אַכט שורות פּונקט ווי אין דער צוואה, נאָר די לעצטע פיר שורות זיַינען גאַנץ אַנדערע; זיי לייענען זיך אַזוי:

האָט אַלע מענטשן ליב געהאַט,<br>
און מער פון אַלץ אַ ייִדן.<br>
געוועזן שטענדיק נע־ונד,<br>
איצט רוט ער זיך אין פרידן.

**שניאור זלמן,** 1885—1959, העברעיִש־ייִדישער דיכטער און פּראָזאַיִקער. **בן־אַביגדור,** 1866—1921, פּענגאָמען פון אַברהם־לייב שאַלקאָוויטש, העברעיִשער שריַיבער און פאַרלעגער. אַרויסגעגעבן די ערשטע אויסגאַבע פון ש״ע ווערק אין 4 בענד.

### צו בריוו נומ׳ 52

אין דער דאָזיקער ציַיט הייבן זיך אָן שלום־עליכמס ריַיזעס איבער אייראָפּע און אַמעריקע. נאָך די פּאָגראָמען, דערפילט זיך גיַיסטיק דערדריקט און ניט געזען קיין האָפענונג אין רוסלאַנד פאַר אַ פריַיער ייִדישער פּרעסע און פאַרן אויפבוי פון אַ ייִדישן טעאַטער, איז ביַי ש״ע געבליבן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. אין דעצעמבער 1905 איז ער אַריבער מיט דער גאַנצער פאַמיליע די רוסישע גרענעץ און איז אָנגעקומען קיין לעמבערג. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז פאַרן מיטן הויזגעזינד קיין אַמעריקע וועט זיַין אַ צו שווערע אונטערנעמונג, און ס׳איז אים אויסגעקומען צו פאַרבליַיבן אויפן ווינטער אין גאַליציע, ווו דער ייִדישער עולם האָט אים אויפגענומען מיט גרויס באַגיַיסטערונג. ער איז אַרויסגעטראָטן מיט זיַינע פאַרלעזונגען אין פאַרשיידענע גאַליצישע שטעט און שטעטלעך, און שפּעטער אויך אין ווין און אין עטלעכע רומענישע שטעט. אין מיַי 1906 האָט זיך די פאַמיליע באַזעצט אין זשענעווע, שווייץ, און ש״ע האָט אין משך פונעם זומער געהאַט אַרויסטרעטונגען אין שווייצאַריע, אין פראַנקריַיך, אין בעלגיע און אין ענגלאַנד. אין אָקטאָבער 1906 איז ער אָפּגעפאָרן מיט זיַין פרוי און מיטן ייִנגסטן קינד נומאַ קיין ניו־יאָרק. **מיכאל קויפמאַן,** 1881—1946, ד״ר מעדיצין, שריַיבער און זשורנאַליסט, שלום־עליכמס איידעם.

### צו בריוו נומ׳ 59

**קראָמוועל,** אָליווער, 1599—1658 און **דיזראַעלי,** בנימין, 1804—1881 — מלוכה־לײַט וואָס האָבן געשפּילט אַ דעציד־ירנדיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער ענגלישער אימפּעריע.

### צו בריוו נומ׳ 63

**„כראַניקל"** — לאָנדאָנער „דזשואיש קראָניקל", וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַן אָפּטיילונג אויף ייִדיש. **„אוגערקעס"** — דערציילונג פון י. ד. בערקאָוויטש. **ד״ר לוריע** — יוסף לוריא, 1871—1937,

העברעיִש־ייִדישער פובליציסט, דעמאָלט רעדאַקטאָר פון דעם ווילנער וואָכן־זשורנאַל „דאָס ייִדישע פאָלק". ברענער און ביילין — די העברעיִשע שרײַבערס יוסף־חיים ברענער, 1881—1921 און אָשר ביילין, 1881—1948.

### צו בריוו נומ' 64

די דערציילונג פון י. ד. בערקאָוויטש „רבקה" איז די זעלבע וואָס „אוגערקעס": פון די פריִערדיקע בריוו איז צו זען, אַז די הקדמה איז געשריבן אין לאָנדאָן, אין חודש סעפּטעמבער. ש"ע האָט דאָ אָנגעגעבן „גענף" און „אַפּריל" — אפשר דערפֿאַר, ווײַל ער האָט אין גענף צום ערשטן מאָל געלייענט די „אוגערקעס" בײַם מחבר און דאָרט פאַרצייכנט זײַן אײַנדרוק.

### צו בריוו נומ' 67

**גראַף טאָלסטאָי** — לעוו טאָלסטאָי, 1828—1910, רוסישער שרײַבער און דענקער, ליטעראַטור־קלאַסיקער.

### צו בריוו נומ' 73

**אַ באָבע אין זשענעווע** — געמיינט די באָבע פון שלום־עליכמס קינדער — רחל לאָיעוו.

### צו בריוו נומ' 74

דער דאָזיקער בריוו באַלײַכט שלום־עליכמס ערשטן אויפהאַלט אין ניו־יאָרק פון יענער צײַט. — נאָכן גרויסן טומל, וואָס די ייִדישע פּרעסע האָט געמאַכט בײַ זײַן אָנקומען אין אַמעריקע, האָט זיך אין אייניקע צײַטונגען געלאָזט מערקן אַ נעגאַטיווע, כּמעט פײַנטלעכע באַציִונג צו אים. גורם געווען דערצו האָט, פון איין זײַט, דאָס וואָס שלום־עליכם, קומענדיק פון רוסלאַנד מיט אייראָפּעיִשע טראַדיציעס, האָט ניט ווילנדיק געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן נידעריקן ניוואָ פון דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע אין יענער צײַט און, פון דער צווייטער זײַט — די קאָנקור־רענץ צווישן די צײַטונגען גופא: ווי באַלד אייניקע פון זיי (דאָס „טאָגעבלאַט" און דער „מאָרגנזשורנאַל") זײַנען געווען פרײַנדלעך געשטימט צו אים, זײַנען שוין די אַנדערע ממילא געווען קעגן אים. שלום־עליכם האָט מיט אַ כּיוון די ערשטע צײַט ניט מיטגעאַרבעט אין קיין איין צײַטונג, ניט צו פאַרשאַפן זיך קיין אומזיסטע שׂונאים. דאָס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן, און בשעת ער האָט אויפגעפירט אין איין צײַט צוויי פּיעסעס אין צוויי טעאַטערס („שמואל פּאַסטערנאַק", אָדער „דער אויסוואורף", אין יעקב אַדלערס „גרענד טעאַטער" און „סטעמפּעניו", אָדער „ייִדישע טעכטער", אין באָריס טאָמאַשעווסקיס „פּיפּלס טעאַטער"), האָט זיך די „קריטיק" שאַרף צעטיילט אויף צוויי: אין דער צײַט, וואָס דער פרײַנדלעכער „טאָגע־בלאַט" און „מאָרגנזשורנאַל" האָבן געלויבט די פּיעסעס ביזן הימל, האָבן די אַנדערע צײַטונגען זיי אַרונטערגעריסן מיט די גרעסטע זילזולים. דערצו האָט נאָך ש"ע אַליין צוגעגאָסן בוימל אויפן פײַער: אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף איינער פון זײַנע פּרעמיערעס, האָט ער מיט אָפענע און באַהאַלטענע רמזים אויסגעלאַכט דעם אופן, ווי אַזוי יעקב גאָרדין באַהאַנדלט דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער אין זײַנע פּיעסעס. די „וואַרהייט", וואָס איז דעמאָלט געווען גאָרדינס לײַבאָרגאַן, איז אַרײַן אין אַזאַ גרימצאָרן, אַז זי האָט „שמואל פּאַסטערנאַק" באַטיטלט אין איר רעצענזיע אַזש מיטן נאָמען „פּאַרזעניש". נאָך אַזאַ קבלת־פּנים איז שלום־עליכמען אָפּגעפאַלן דער חשק צו שרײַבן פאַרן טעאַטער. ער האָט זיך גענומען צו זײַן ראָמאַן „דער מבול", וועלכן ער האָט געדרוקט אין „וואַרהייט", און ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין „טאָגע־בלאַט" און אין דעם וואָכנבלאַט „אַמעריקאַנער" (וווּ ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן די סעריע „מאָטל פּייסי דעם חזנס"). ער האָט אויך געמאַכט אַ טור פון פאָרלעזונגען איבער די פּראָווינצשטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אַלע אַרבעטן צוזאַמען, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אין אַמעריקע זייער קאַרג באַצאָלט, האָבן אים ניט געגעבן די נייטיקע מעגלעכקייט פאַר עקסיסטענץ, און פילנדיק זיך אויך גײַסטיק פרעמד אין דעם נײַעם לאַנד, איז ער אין יוני 1907 צוריקגעקומען מיט דער פרוי און מיטן ייִנגסטן קינד צו דער משפּחה קיין זשענעווע.

### צו בריוו נומ׳ 75

דאָ רעדט זיך וועגן שלום־עליכמס געבוירן־טאָג — דעם 18טן פעברואַר (3טן מאַרץ).

### צו בריוו נומ׳ 77

דער בריוו איז געשריבן נאָכן טויט פון רחל לאַיעוו. דאָס איז דער ערשטער בריוו, וואָס ש״ע האָט געשריבן נאָכן צוריקקומען פון אַמעריקע קיין אייראָפּע.

### צו בריוו נומ׳ 78

**יעקב סאַפּירשטיין** — דער ערשטער אַרויסגעבער פונעם „מאָרגנזשורנאַל" און „אַמעריקאַנער". ש״ע האָט צוגעשיקט צום „**טאָגעבלאַט**" אַ סעריע פעליעטאָנען וואָס איז שפּעטער געדרוקט געוואָרן אין זײַנע ווערק א״נ „פּיר זײַנען מיר געזעסן". דאָ פרעגט ער פאַר וואָס דאָס „טאָגע־בלאַט" דרוקט זיי נאָך ניט.

### צו בריוו נומ׳ 79

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן דער קאָמעדיע „דער אוצר", וואָס שלום־עליכם האָט דעמאָלט פאַרענדיקט און האָט געהאַט בדעה פאַרקויפן זי יעקב אַדלערן. — די פּיעסע איז געלייענט געוואָרן כּמעט פון אַלע דעמאָלטיקע ניו־יאָרקער טעאַטער־דירעקטאָרן, נאָר זי האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו זײַן פאַר זיי צו פיל „ליטעראַריש". איינער האָט זי יאָ געוואָלט אָננעמען, נאָר מיטן תּנאַי, אַז ער אַליין וועט זי איבערמאַכן אין אַן אָפּערעטע, „מיט געזאַנג און מיט טענץ". **גאָרדין**, יעקב, 1853—1909, דראַמאַטורג, רעפאָרמאַטאָר פון ייִדישן טעאַטער. **באַראַנדעס**, יוסף, 1867—1928, פּובליציסט, איינער פון די בויערס פון אַקטיאָרן־יוניאָן אין פש״א. **מאַסליאַנסקי**, צבי־הירש, 1856—1943, זשורנאַליסט און רעדנער־מטיף, געווען צווישן די גרינדערס פון דער טאָגצײַטונג „ייִדישע וועלט" (אין ייִדיש און ענגליש). **לובאַרסקי**, אַברהם אליהו — אַ באַקאַנטע פּערזאָן אין די ליטעראַרישע קרײַזן פון אַדעס און ניו־יאָרק, שלום־עליכמס אַ פרײַנד.

### צו בריוו נומ׳ 81

אין דער צײַט פון אונטערהאַנדלונגען מיט די דירעקטאָרן פון די ייִדישע ניו־יאָרקער טעאַטערס וועגן דעם „אוצר", האָט זיך שלום־עליכם דערוווּסט, אַז אויך דוד פּינסקי האָט אַ פּיעסע מיטן נאָמען „דער אוצר". כּדי אין דעם ייִדישן טעאַטער־רעפּערטואַר זאָלן זיך ניט פּלאָנטען קיין צוויי „אוצרות", האָט ש״ע איבערגעמאַכט דעם נאָמען פון זײַן קאָמעדיע אויף „די גאָלדגרעבער" און האָט צוגעשריבן אַ הקדמה, אין וועלכער ער האָט דערקלערט, פאַר וואָס ער האָט איבער־געמאַכט דעם נאָמען.

### צו בריוו נומ׳ 82

**סירקין**, נחום־משה, 1878—1918, העברעיִש־ייִדישער זשורנאַליסט, פון 1907 אַ קיִעווער תּושב. **מאָנרעפּאָ** — טײַטש: מײַן אָפּרו.

### צו בריוו נומ׳ 83

**יעווגעני לוואָוויטש** — ד״ר שקלאָווסקי, שלום־עליכמס אַ פרײַנד.

### צו בריוו נומ׳ 87

סוף מײַ 1908 איז שלום־עליכם אַרויסגעפאָרן אויף אַ טור קיין רוסלאַנד, געהאַט פאָרלעזונגען און באַגײַסטערטע אויפנאַמעס אין אַדעס, וואַרשע, ווילנע און אין נאָך אַנדערע, גרעסערע און קלענערע שטעט פונעם „תּחום". דאָס שווערע יאָר פון מאַטעריעלע און גײַסטיקע ליידן, וואָס ער האָט פריִער דורכגעמאַכט אין זשענעווע, האָט זיך אָבער געלאָזט פילן, און קומענדיק סוף יולי אויף אַ פאָרלעזונג קיין באַראַנאָוויטש (מינסקער גובערניע), איז ער פּלוצעם קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז. אָפּגעלעגן אין באַראַנאָוויטש אַרום צוויי חדשים, איז שלום־עליכם,

אויף דער „שטרענגער" עצה פון די דאָקטוירים, אַוועקגעפאָרן קיין נערווי (איטאַליענישע ריוויערע), ווו ער האָט זיך באַזעצט מיט אַ טייל פון דער פאַמיליע, אַנהאַלטנדיק אַ שטרענגן רעזשים פון אַ לונגען־קראַנקן אונטער דער השגחה פון אַ דאָקטאָר. אין יענער צײַט (אָקטאָבער 25, 1908) איז געוואָרן פינף און צוואַנציק יאָר זינט ער האָט אָנגעהויבן צו דרוקן זײַנע ווערק אין יִדיש (ניט רעכענענדיק זײַנע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון אין העברעיִש), און די גאַנצע יִדישע וועלט האָט מיט ליבע אויפגענומען דעם דאָזיקן ליטעראַרישן יום־טוב פון איר פּאָפּולערסטן שרײַבער. אין הונדערטער שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע, און אויך אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען פון די אַנדערע וועלט־טיילן, זײַנען פאָרגעקומען יובילײ־פײַערונגען, אויף וועלכע עס זײַנען געלייענט און געשפּילט געוואָרן שלום־עליכמס ווערק און עס איז געגעבן געוואָרן אַן אָפּשאַצונג פון זײַן שאַפן. די הכנסה פון יענע שלום־עליכם־פײַערונגען איז טיילווײַז געשיקט געוואָרן צום קראַנקן יובילאַר און טיילווײַז געזאַמלט געוואָרן אין וואַרשע אין אַ באַזונדערן פאָנד, וועלכער איז אין גאַנצן אויסגעניצט געוואָרן אויף אויסצוקויפן פון פאַרשיידענע פאַרלעגערס די שוין געדרוקטע ווערק פון שלום־עליכם און איבערגעבן זיי צוריק אינעם רשות פון זייער מחבר, ווי אַ פאָלקס־מתּנה צו זײַן יובילײ. — פון דעמאָלט אָן, ביז צום אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה אין 1914, האָט ש"ע פאַרבראַכט אַ משך פון זעקס יאָר אין פאַרשיידענע קורפלעצער פון איטאַליע, דײַטשלאַנד און שווייץ. די באַשטענדיקע הכנסה פון זײַנע יִדישע (און שפּעטער אויך רוסישע) ביכער און, צו דער זעלבער צײַט, זײַן מיטאַרבעט אין די רוסלענדישע און אַמעריקאַנער יִדישע צײַטונגען האָבן אים, מער אָדער ווייניק, זײַן מאַטעריעלע לאַגע געזיכערט. — דער בריוו איז געשריבן באַלד ווי ער איז אויפגעשטאַנען נאָך דער שאַרפער פאַרשלאָפונג אין באַראַנאָוויטש און אַדרעסירט קיין זשענעווע.

## צו בריוו נומ' 89

דעם בריוו האָט שלום־עליכם געשריבן אינעם טאָג פון זײַן פינף און צוואַנציק־יאָריקן יובילײ. — אין יענע טעג האָט זיך דער פּעטערבורגער „פרײַנד" פלוצעם פאַרמאַכט. (מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו דערשײַנען). זאַבלודאָווסקי, נח, 1858—1934 — שרײַבער און זשורנאַליסט, ביאַליסטאָקער קאָרעספּאָנדענט פון יִדישע און העברעיִשע צײַטונגען; פאַרעפנטלעכט, צוו"אַנד, מאַטעריאַלן פון יִדישן עבר אין ביאַליסטאָק. בן־עמי, חיים מרדכי, (אַדאָפּט' נאָמען פון ח.מ. ראַבינאָוויטש), 1854—1932, יִדיש־רוסישער און העברעיִשער שרײַבער. געוווינט דעמאָלט אין זשענעווע. פון 1923 אין ארץ־ישראל. ווייצמאַן — ד"ר משה ווייצמאַן, אַ ברודער פון חיים ווייצמאַן. די ספּעציעלע דערציילונג פאַרן „פרײַנד", צו דעם דאָזיקן טאָג: „שמואל שמעלקיס און זײַן יובילעום".

## צו בריוו נומ' 94

נומע (נומאַ), שלום־עליכמס מיזיניקל, איז דעמאָלט אַלט געווען קאַרגע 7 יאָר און האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט די עלטערן אין נערווי. דער מזל־טוב האָט אַ שײַכות צו דער צווייטער טאָכטער ליאַלי (שׂרה), וואָס האָט זיך געקליבן חתונה האָבן פאַר מיכאל קויפמאַנען (זע הערה צו בריוו 52). די חתונה איז פאָרגעקומען ערשט אין אַ יאָר אַרום.

## צו בריוו נומ' 92, 95

נאַטאַשע איז בײַ שלום־עליכמען געווען דער אָנגעפאַרטרויטער מענטש אין קיִעוו, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר מאַן מאָיסיי סאַוועליעוויטשן, דעם פּריסיאַזשני פּאָווערעני, געפירט שלום־עליכמס פינאַנסיעלע ענינים. אין יענער צײַט האָט די יִדישע וועלט זיך געגרייט אָפּצומערקן שלום־עליכמס 25־יאָריקן יובילײ פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט און אין וואַרשע איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסקויפן דעם שרײַבערס ווערק, וועלכע זײַנען פריִער אַרײַנגעפאַלן אין ספּעקולאַטיווע מיסחר־הענט. די קאָמיסיע און אַנדערע ליטעראַרישע געזעלשאַפטן האָבן דערקלערט אַ מאָביליזאַציע פון געלט לטובת אָט דעם ענין. אַ טייל פון דעם דאָזיקן געלט פלעג איבערגעשיקט ווערן קיין קיִעוו, און שלום־עליכם האָט אָנגעטרויט די פולמאַכטן דער פלימעניצע. וואָס איז שייך די „אַדרעסן", וועלכע נאַטאַשע דאַרף

ברענגען קיין נערווי, ווען זי וועט קומען אַהין, איז דאָס אויך פֿאַרבונדן מיט שלום־עליכמס יובילײַ. דובנאָוו, שמעון — זע הערה צו בריוו נומ׳ 35. פּינסקי, דוד, 1872—1959, ייִדישער שרײַבער און דראַמאַטורג. די לעצטע יאָרן געלעבט אין ישׂראל.

צו בריוו נומ׳ 101

בונין איוואַן, 1880—1953, רוסישער פּאָעט און פּראָזאַיִקער.

צו בריוו נומ׳ 103

דינעזאָן, יעקב, 1919—1956, פּראָזאַיִקער, מחבר פון ייִדישן סענטימענטאַלן ראָמאַן, שלום־עליכמס נאָענטער פרײַנד.

צו בריוו נומ׳ 104

אין וואַרשעווער באַנק, וואָס האָט געהערט צו די ברידער באַכראַך איז געעפֿנט געוואָרן אַ קאָנטאָ, אויף שלום־עליכמס נאָמען, פֿאַרן צונויפֿגעזאַמלטן געלט אויף אויסצוקויפֿן שלום־ליכמס ווערק בײַ די פֿאַרלעגערס.

צו בריוו נומ׳ 106

ד״ר ביכאָווסקי און א. פּאָדלישעווסקי — כּלל־טוערס, מיטגלידער פון דער קאָמיסיע אויף אויסצוקויפֿן שלום־עליכמס ביכער.

צו בריוו נומ׳ 107

אויף דער געאָגראַפֿיע — דער אַדרעסאַט האָט זיך דעמאָלט געגרייט צו עקזאַמענס. איבערגעפֿירט — געמיינט „טביה דער מילכיקער פֿאָרט קיין ארץ־ישׂראל״, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין „יעווריייסקי מיר״ אין אַ רוסישער איבערזעצונג. „איבערפֿירן״ איז סײַ איבערזעצן (לויט רוסיש: פּערעוואָדיט) סײַ קאַליע מאַכן. „מוריה״־אויסגאַבע — געמיינט שלום־עליכמס יום־טוב־ביכלעך אין ייִדיש וואָס דער פֿאַרלאַג „מוריה״ האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן.

צו בריוו נומ׳ 114

שאַשע — געמיינט שאַסע (שאָסיי). דאָס בריוו איז געשריבן קיין באַראַנאָוויטש און ש״ע מאַכט נאָך ווי אַזוי די ליטוואַקעס פֿאַרבײַטן אַ סמך אויף אַ שין.

צו בריוו נומ׳ 116

„ליאַלים קאָנצערט״ — ש״ע האָט צו זײַן טאָכטערס חתונה, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זשמערינקע, ניט געקאָנט פֿאָרן, צוליב זײַן געזונט־צושטאַנד. דערפֿאַר האָט ער בײַ זיך געפּראַוועט אַ היימישע שׂימחה, מיט אַ „ספּעציעלן קאָנצערט״, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט היימישע „קרעפּטן״.

צו בריוו נומ׳ 120

דאָס דאָזיקע בריוול, געשריבן מיט דער שפּראַך און מיטן אויסלייגעכץ, ווי עס שרײַבט דאָס פּאָלק אין וואָלין, האָט שלום־עליכם צוגעשיקט צו דער רעדאַקציע פון דער וואַרשעווער טעגלעכער צײַטונג „די נײַע וועלט״, ווו ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, נאָך דעם ווי ער האָט אין דער צײַטונג איבערגעלייענט אַן אַנאָנס פון די בערקאָוויטשעס, אַז זיי זוכן אין וואַרשע אַ דירה. טראַנספּאָרט־ראָמאַן — געמיינט „בלאָנדזשנדע שטערן״.

צו בריוו נומ׳ 122

אין יענער צײַט איז י. ד. בערקאָוויטש געווען אַ מיטאַרבעטער אין „די נײַע וועלט״.

צו בריוו נומ׳ 125, 126

שלום־עליכמס הנחה, אַז „קיִעווער וואָרט״ וועט עקסיסטירן ניט לאַנג האָט זיך באַשטעטיקט.

עס זײַנען דערשינען בלויז 11 נומערן, דער לעצטער — דעם 13טן (826סטן) יאַנואַר 1910. ש״ע איז דאָרט פאַרגעשטעלט מיטן פּעליעטאָן „ניטאָ וועט ס׳זאָל לאַכן״.

### צו בריוו נומ׳ 127

דער בריוו איז איבערגעדרוקט פון דער קישינעווער צײַטונג „דער איד״ און איז נאָר אַן אויסצוג פון דעם ערשטן בריוו, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן צו זײַן יוגנט־חבר אליהו באַרכאַש, פון לוגאַנאָ, שווייץ, אין אָנהייב פון יאָר 1910. די ייִדישע איבערזעצונג פון דעם רוסישן אָריגינאַל איז געמאַכט געוואָרן דורכן מיטאַרבעטער פון „דער איד״, וואָס חתמעט זיך „אַן אַנדערער״, און איז דאָ עטוואָס קאָרעגירט געוואָרן. „טרוביאַלאָ״ — דער פּערעיאַסלעווער טײַך. „בייריין כאַראָש אַבעזיאַן אַמעריקיינשקי״ — „פריץ, אַ גוטע מאַלפּע, אַן אַמעריקאַנער!״ — מיט דער דאָזיקער פראַזע, געהערט אויפן מאַרק פון אַ ציגײַנער, פלעגןביידע חברים מאַכן לאַכנדיק איינער דעם אַנדערן אויפן שולבאַנק (זע „פונעם יאַריד״, קאַפּיטל 52 : „חבר אלי״). „קינסט־לער״ — אינעם טעקסט פון דער צײַטונג האָט ש״ע דאָס וואָרט אויסגעמעקט און אָנגעשריבן : „חודאָזש־ניק״. אַמפיטעאַטראָוו, אַלעקסאַנדער וואַלענטינאָוויטש, 1862—1938, רוסישער שרײַבער. אין יענער צײַט האָט ער אָפּגעדרוקט עטלעכע באַגײַסטערטע אַרטיקלען וועגן ש״ע. סימאַנעקאָ, באַגיש און טשעפּיגאָ — לערערס אין „אוטשילישטשע״ (שול) ווו ש״ע און זײַן חבר האָבן געלערנט. „עטאָ פּאַלעזנאָ״ — דאָס איז עפעקטיוו. „פּאָלאָזיטעלנאָ״ — בערך : פּויזנדיק, פאַרגרײַזט פון „פּאָלאָזשיטעלנאָ״ : פּאָזיטיוו.

### צו בריוו נומ׳ 128

דער פאַרגעלייגטער נאָמען פאַר אַ הונט — „טערקוש״ — איז אַרײַן אין ראָמאַן „בלאָנדזשנדע שטערן״.

### צו בריוו נומ׳ 129

„הגדה של פּרעסע״ — בערקאָוויטשעס אַ פּאַמפלעט וועגן דער ייִדישער פּרעסע אין וואַרשע.

### צו בריוו נומ׳ 131

דאָס איז איינער פון די זומערדיקע בריוו, מיט וועלכע שלום־עליכם פלעגט צוזאַמענרופן די „צעזייטע און צעשפּרייטע״ מיטגלידער פון זײַן פאַמיליע צו זיך אויף וואַקאַציע. „וואַמפּוקאַ״ — דער פעטערבורגער „קרומער שפּיגל״ האָט דעמאָלט אויפגעפירט אַ קאָמישע אָפּערע מיטן נאָמען „וואַמפּוקאַ״, וואָס איז אין יענער צײַט געווען פּאָפּולער.

### צו בריוו נומ׳ 132

דער בריוו איז אַ פּאַראָדיע אויף דער פאָנעטישער אָרטאָגראַפיע אין ייִדיש, וואָס נוח פּרילוצקי (1882—1941, שרײַבער און שפּראַכפאָרשער) האָט דעמאָלט אָנגעהויבן צו באַניצן. פּרילוצקי האָט אין יענע טעג געהאַט אײַנגעלאַדן שלום־עליכמען מיטצואַרבעטן אין דעם וואַרשעווער „מאָמענט״.

### צו בריוו נומ׳ 133

מאַשאָ (נאַשאָ) קוואַרטיראָ אימיעיעט מנאָגאָ פּאָדושקאָוו (פּאָדושאַק) — אונדזער דירה האָט אַ סך קישנס (נאָכגעמאַכט ווי אַ קינד רעדט). פרישמאַן — אַ באַרימטער שווייצאַרישער פּראָ־פעסאָר. בלוטיקע לאַנד — דמים אויף העברעיִש איז בלוט און אויך געלט.

### צו בריוו נומ׳ 134

יובליי־נומער פון „העולם״ — געווידמעט דעם יובליי פון מענדעלע מוכר־ספרים. — ש״ע האָט דעמאָלט לכבוד דעם „זיידן״ אָנגעשריבן צוויי אַרטיקלען : „ווי שיין איז דער בוים!״ און „אויטאָ־דאַ־פע״ ; דער ערשטער איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיִש פון י. ד. בערקאָוויטש

פאַרן „העולם", אונטערן טיטל „מה נאה אילן זה !", און דער צווייטער, וואָס איז געווען געדרוקט אין „הצפירה", איז איבערגעזעצט געוואָרן דורך אַ מיטאַרבעטער פון דער צײַטונג.

### צו בריוו נומ' 136

**דאָבין**, שמעון, 1869—1944, ייִדישער שרײַבער, געדרוקט זכרונות־אַרטיקלען וועגן שלום־עליכמס לעבן (מאָסקווע 1941).

### צו בריוו נומ' 139

„איש חסיד" — מיכאל קויפמאַנס אַ יצירה. **גאָרעליק**, שמריה, 1877—1943 שרײַבער און קריטיקער.

### צו בריוו נומ' 141

**פּאַרפלוכטער דײַטש** — אַ פאָטאָגראַף אין נערווי. **טיסיס אַלבאָם** — שלום־עליכמס עלטסטע טאָכטער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט צונויפזאַמלען און אָפּהיטן אַלע פאָטאָגראַפישע בילדער פון פאָטער, דערפאַר האָט ש"ע איר איבערגעגעבן דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אַן אַלבאָם פון זײַנע בילדער, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „טיסיס אַלבאָם".

### צו בריוו נומ' 142

דאָס איז אַ ייִדישער פּירוש אויף אַ פראַנצייזישן שפּײַזקאַרטל פון „עדן"־האָטעל, נערווי, וווּ ש"ע האָט דעמאָלט געוווינט. אַזעלכע הומאָריסטישע פּירושים אויף גוייִשע מאכלים האָט ער געשיקט צו די אַדרעסאַטן עטלעכע מאָל. **ספּעקטאָר**, מרדכי. — זע הערה צו בריוו נומ' 13.

### צו בריוו נומ' 144

ש"ע האָט געשיקט קיין ווילנע צו זײַן טאָכטער אַ מתּנה צו איר געבוירן־טאָג — געלט. כּדי צו רייצן די נײַגעריקייט פון די אַדרעסאַטן, האָט ער דאָס געלט אײַנגעוויקלט אין אַ סך פּאַקעטן, איין פּאַקעט אינעם אַנדערן, און אויף יעדן אויפגעשריבן אַ טשיקאַווע אויפשריפט. **בונימאָוויטש** — אַ ווילנער באַנקיר.

### צו בריוו נומ' 145

ש"ע האָט דעמאָלט געדרוקט אין וואַרשעווער „הײַנט" דעם ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", און איינעם פון די נומערן האָט מען קאָנפיסקירט, געפינענדיק אין ש"ע ראָמאַן „קראָמאָלע". פון די אונטערהאַנדלונגען מיט „רוסקאָיע סלאָווא" האָט זיך גאָרנישט באַקומען.

### צו בריוו נומ' 148

דאָס בריוועלע, מיט העברעיִשע ווערטער, געשריבן מיט רוסישע אותיות, האָט ש"ע געשיקט צו זײַן איינִיקל, ווען זי האָט זיך אָנגעהויבן צו לערנען העברעיִש.

### צו בריוו נומ' 149

**לייזען** — אַ קורפּלאַץ פאַר טובערקולאָז־קראַנקע אין די שווייצאַרישע בערג. **ענדיקט דעם ראָמאַן** — געמיינט „דער בלוטיקער שפּאַס".

### צו בריוו נומ' 151

דער בריוו געהערט צו דער צײַט, ווען שלום־עליכם האָט פאַרענדיקט זײַן ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", וואָס האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אינעם וואַרשעווער „הײַנט". ער האָט פאַר זײַנע קינדער און פאַר נאָענטע פרײַנד, וואָס לייענען אויפמערקזאַם זײַן ראָמאַן, געשטעלט אַ פראַגע : פאַר וועמען פון די פאַרשוינען פונעם ראָמאַן דאַרף חתונה האָבן די הויפּטהעלדין פונעם „בלוטיקן שפּאַס" ? — דערבײַ האָט ער יעדן איינעם פון זײַנע קינדער, וואָס וועט געבן אַ ריכטיקן ענטפער, פאַרגעלייגט אַ „פּרעמיע" פון פופציק פראַנק.

**צו בריוו נומ׳ 154**

**אַב קאַהאַן** — אַברהם קאַהאַן, 1860—1951, שרײַבער, זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר, סאָציאַליסטישער עסקן אין אַמעריקע. גרינדער און רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס". **ניגער**, שמואל, 1883—1955, פּסעוודאָנים פון שמואל טשאַרני, ליטעראַטור־קריטיקער און רעדאַקטאָר.

**צו בריוו נומ׳ 156**

**יאַצקאַן**, שמואל־יעקב, 1874—1936, גרינדער און רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער „הײַנט".

**צו בריוו נומ׳ 158**

**בעטי** — די העלדין פון „בלוטיקן שפּאַס" — האָט חתונה געהאַט פאַר אַן אומוויכטיקן פאַרשוין.

**צו בריוו נומ׳ 160**

**ראַווניצקי** — יהושע־חנא ראַבניצקי, 1859—1944, העברעיִש־יידישער שרײַבער — שלום־עליכמס לאַנגיאָריקער פרײַנד. צוזאַמען געשריבן אַ סעריע פעליעטאָנען אין „המליץ", 1891, אונטער די פּסעוודאָנימען „אלדד ומידד". **ביאַליק**, חיים־נחמן, 1873—1934, נאַציאָנאַלער פּאָעט, איינער פון די גרונטלייגערס פון דער נײַער העברעיִשער פּאָעזיע.

**צו בריוו נומ׳ 162**

**סאַלי** — באַרימטער פּראָפעסאָר אין בערן. **קאָכער** — באַרימטער כירורג אין בערן.

**צו בריוו נומ׳ 164**

**דאָס פערטע קאַפּיטל** — געמיינט: פון דער אויטאָביאָגראַפיע.

**צו בריוו נומ׳ 166**

**„בוג"** — „אויף פּסח אַהיים" איז אין דער העברעיִשער איבערזעצונג באַטיטלט: **„מעבר לבוג"**.

**צו בריוו נומ׳ 167**

**יהודה לייב גאָרדאָן**, 1830—1892 (יל"ג) איז אַרײַן אין דער געשיכטע פון ליטעראַטור בײַ יידן ניט בלויז ווי דער גרויסער דיכטער פון דער השׂכּלה, נאָר אויך ווי דער שאַפער פון אַ נײַעם סטיל אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, פאַר מענדעלען. אַ קעגנער פון יידיש, אָבער געשריבן אויך יידישע לידער. **ראַזינע** — אַן איטאַליעניש מיידל, וואָס האָט געדינט אין ש"ע הויז.

**צו בריוו נומ׳ 168**

**נומטשיק! מענטשעלעך** — ד"ה: נומטשיק זאָל אים שיקן זײַנע צייכענונגען.

**צו בריוו נומ׳ 174**

**פרוי בעלאַ קויפמאַן** — שלום־עליכמס צווייט איייניקל, דעמאָלט דרײַ יאָר אַלט.

**צו בריוו נומ׳ 175**

דער בריוו איז געשריבן נאָך דעם באַוווסטן בייליס־פּראָצעס.

**צו בריוו נומ׳ 177**

דער בריוו איז אַן ענטפער אויף בערקאָוויטשעס אַ באַמערקונג וועגן אַ געפּלאַנטער סצענע אין דער ערשטער דראַמאַטיזירונג פון „טביה דער מילכיקער".

**צו בריוו נומ׳ 179**

**משה באַראַטשין** — אַ קיִעווער מוהל. — אַ קורצע צײַט פאַר דער בר־מיצווה פון שלום־עליכמס יינגסטן זון נומאַ האָט ער זיך געווענדט צו ש"ע מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אים דערמאָנט

און אַלטע געשיכטע: מיט דרײַצן יאָר צוריק, אויף נומאָס ברית, האָט שלום־עליכם איבער־געגעבן אים, דעם מוהל, אַ פלאַש „כּרמל״־ווײַן, ער זאָל זי באַהאַלטן בײַ זיך אין קעלער אַ פאַרחתמעטע, און אין דרײַצן יאָר אַרום, צום קינדס בר־מיצווה, וועט מען די פלאַש עפענען און טרינקען „לחיים״ אויף דער שׂימחה. בכן, פרעגט דער מוהל צי זײַן בריתניק לעבט; צווייטנס, צי וועט שלום־עליכם, ווײַנענדיק אין אויסלאַנד, פּראַווען די בר־מיצווה פון זײַן זון; און דריטנס, וואָס זאָל ער טון מיט דער אָפּגעהיטער פלאַש ווײַן? דערויף האָט אים שלום־עליכם געענטפערט מיט אָט דעם בריוו. טשעבעריאַטשקע און וואָלקיוו — קיִעווער אויסוואָרפן, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות מיטן בייליס־פּראָצעס.

### צו בריוו נומ׳ 181

**קאַבאַק**, אַהרן־אַבֿרהם, 1883—1944, העברעיִשער שרײַבער. פון 1921 אין ישׂראל. **רצ״פ אגרתו** — געמיינט: קינאָבילדער פון שלום־עליכמס ווערק.

### צו בריוו נומ׳ 182

**מזח**, יהושע הלוי, 1834—1917, פּסעוודאָנים פון י. סגל, העברעיִש־יִדישער שרײַבער פון דער אַלטיִדישער ווילנע.

### צו בריוו נומ׳ 192

**די צײַטונג** — געמיינט „דער טאָג״. **דאָס קינד** — געמיינט: שלום־עליכמס זון נומא.

### צו בריוו נומ׳ 195

**ביר אַ קאַסטן** — ספּעציעלער ביר וואָס די קאָפּענהאַגער דאָקטוירים האָבן פאַרשריבן שלום־עליכמען צו שטילן זײַן דאָרשט, צוליב דער צוקער־קראַנקייט. **אַדלער**, יעקבֿ, 1855—1926, באַרימטער אַקטיאָר און דראַמאַטורג, פון 1887 אין ניו־יאָרק, און **טאָמאַשעווסקי**, באָריס, 1866—1939, אַקטיאָר און דראַמאַטורג, ביידע פּרעזענטאַנטן פון דער „גאָלדענער תּקופה פון יִדישן טעאַטער״ אין אַמעריקע. **ווערביצקאַ** — ווערביצקאַיאַ, אַנאַסטאַסיאַ, 1861—1928, רוסישע שרײַבערין.

### צו בריוו נומ׳ 200

דעם בריוו האָט ש״ע געשריבן נאָך דעם ווי ער איז געפאָרן צום האָפן באַגעגענען די קינדער פון קאָפּענהאַגען און האָט זיי אויפן שיף ניט געטראָפן. דער זון איז דעמאָלט שוין געווען טויט, נאָר ש״ע האָט עס נאָך ניט געוווּסט. **טעאַטער, רעדאַקציע, רעקאָרדס** — ש״ע האָט דעמאָלט באַקומען אַ פאָרשלאָג פון דער „וויקטאָר״־קאָמפּאַניע אַרײַנצולייענען אין „רעקאָרדס״ פון זײַנע ווערק. ער האָט עס אָבער צוליב זײַן שוואַכן געזונט ניט באַוויזן צו טון. ס׳איז נאָר פאַרבליבן פון אים בײַ יענער געזעלשאַפט **א י י ן** פּלאַטע: דער אָנהייב פון „ווען איך בין ראָטשילד״ און אַן אָנהייב פון אַ ניט־געשריבענעם מאָנאָלאָג: „אַ פריילעכע חתונה״. די פּלאַטע געפינט זיך אין „בית שלום־עליכם״.

### צו בריוו נומ׳ 183 — 191

צוריקוועגס פון רוסלאַנד קיין שווייץ האָט זיך שלום־עליכם אָפּגעשטעלט אין אַלבעק, דײַטשלאַנד, בײַם באַלטישן ים, ווו ער האָט גערעכנט צו פאַרברענגען די זומערדיקע חדשים און וווהין עס איז זיך צונויפגעקומען זײַן גאַנצע פאַמיליע. באַלד אָבער איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, און שלום־עליכם מיט זײַן הויזגעזינד, ווי רוסישע בירגערס, האָבן געמוזט לויפן פון דײַטש־לאַנד. און אַזוי ווי קיין שווייץ איז שווער געווען צו קומען, האָבן זיי זיך געראַטעוועט אין צוואָרפענע גרופּעס קיין קאָפּענהאַגען, דענעמאַרק. דאָס לויפן פון לאַנד צו לאַנד אונטער שווערע באַדינגונגען האָט שווער געווירקט אויף דעם קראַנקן ש״ע. דערצו האָט זיך בײַ אים יענער צײַט באַוויזן אַ נײַע שלאַפקייט: אַ געדאַכטע, ניט־אמתע, צוקער־קראַנקייט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ שטענדיקן דאָרשט. די דאָזיקע נײַע קראַנקייט האָט געווירקט אויף זײַן

געמיט פײַנלעכער ווי די פריִערדיקע לונגען־קראַנקייט (אין אַ בריוו צו אַ פרײַנד האָט ער דעמאָלט געשריבן, אַז איצט איז ער זיכער, אַז פון הונגער וועט ער שוין ניט שטאַרבן: ער וועט שטאַרבן פון דאַרשט...). ניט קוקנדיק אויף זײַן קראַנקן געמיט־צושטאַנד, האָט ער אין קאָפּענ־האַגען פון דעסטוועגן באַוויזן אָנצושרײַבן זײַן טראַגיקאָמעדיע „שווער צו זײַן אַ ייִד" (וועלכע איז טיילווײַז דראַמאַטיזירט פון זײַן ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס"). אין קאָפּענהאַגען איז ש"ע געבליבן אין גאַנצן אָן מיטלען, און ס'איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה נאָר צו עמיגרירן אַ צווייטן מאָל קיין אַמעריקע, דערבײַ האָט זיך די פאַמיליע געמוזט צעטיילן: די קויפּמאַנס זײַנען געפאָרן קיין רוסלאַנד, דער קראַנקער זון מישאַ איז פאַרבליבן אין אַ דענעמאַרקער סאַנאַטאָריע, און מיט אים איז אויך געבליבן עמאַ, און די איבעריקע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זײַנען מיט ש"ע מיטגעפאָרן קיין אַמעריקע. — קיין ניו־יאָרק איז שלום־עליכם אָנגעקומען דעם 2טן דעצעמבער 1914, און איז פון אָנהייב יאָר 1915 אַרײַנגעטראָטן ווי אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דעם נײַ־געגרינדעטן „טאָג", ווו ער האָט אָנגעהויבן צו דרוקן זײַן אויטאָביאָגראַפיע „פונעם יאַריד", אויך געשריבן אַ סעריע מלחמה־דערציילונגען „מעשׂיות פון טויזנט איין נאַכט" און אַנדערע זאַכן. ער האָט אויך געהאַט עטלעכע אָוונטן־פאַרלעזונגען אין ניו־יאָרק און אַ ריי אַרויס־טרעטונגען אין די פראָווינצשטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע (ווינטער און פרילינג 1915). זומער 1915 האָט ער אָנגעשריבן זײַן קאָמעדיע „דאָס גרויסע געווינס". צווישן די ניו־יאָרקער טעאַטער־דירעקטאָרן האָבן זיך אָבער דעמאָלט ניט געפונען קיין בעלנים ניט אויף „שווער צו זײַן אַ ייִד" און ניט אויף „דאָס גרויסע געווינס". — אין ניו־יאָרק האָט זיך ש"ע די גאַנצע צײַט געפילט קראַנק און פאַרלאָזן, ניט באַקומענדיק פון דער סביבה יענע וואַרעמע אויפמערקזאַמקייט, צו וועלכער ער איז געוווינט געוואָרן די לעצטע יאָרן אין אייראָפּע. דערצו איז ער אויך ניט געווען באַוואָרנט מאַטעריעל (צום סוף יאָר 1915 האָט זיך „דער טאָג" אָפּגע־זאָגט צו באַנײַען מיט אים דעם קאָנטראַקט אויף ווײַטער, און ער האָט געמוזט אַריבערגיין מיט דער פאָרזעצונג פון זײַן אויטאָביאָגראַפיע אין „וואַרהייט" אויף אַ באַגרענעצטן געהאַלט). נאָך דעם גרעסטן קלאַפּ האָט ש"ע באַקומען אינעם לעצטן יאָר פון זײַן לעבן דורכן פלוצעמדיקן טויט פון זײַן זון מישאַ. ער האָט נאָך דעם אָנגעהויבן אָפט צו לײַדן פון האַרצאַטאַקן, דערצו זײַנען אויך די נירן אָנגערירט געוואָרן דורך זײַן ניט־געשטילטער דאַרשטקראַנקייט. דעם לעצטן ווינטער, 1916, האָט ער צום מייניסטן פאַרבראַכט אין בעט, געשריבן ליגנדיק דעם דריטן טייל „פונעם יאַריד", די צווייטע סעריע פון „מאָטל דעם חזנס", און אויך איבערגעאַרבעט די דראַמאַ־טיזאַציע פון „טביה דער מילכיקער". ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט די פען פון דער האַנט ביז די לעצטע טעג זײַנע, ביז ס'איז געקומען דער אומפאַרמײַדלעכער סוף. — די משפחה־בריוו פון דעם דאָזיקן לעצטן פעריאָד זײַנען געשריבן צו די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אויסער אַמעריקע: צו עמאַ און מישאַ אין קאָפּענהאַגען, און צו די קויפּמאַנס אין אָדעס.

### צו בריוו נומ' 202

**אַ גרוס דעם „זיידן"** — ד"ה מענדעלען מוכר־ספרים. **צוויי ווערק צוזאַמען**: „פונעם יאַריד" און „דער מיסטייק".

### צו בריוו נומ' 204

**קאָנטראַקט מיט דער צײַטונג** — געמיינט: „דער טאָג".

### צו בריוו נומ' 206

**פיינגבערג לוי** — שלום־עליכמס אַן אײדעם.

### צו בריוו נומ' 207

**ביאַליקס יובילײ** — בערך דרײַ וואָכן פאַר זײַן טויט האָט ש"ע אָנגעשריבן דעם אַרטיקל „מײַן באַקאַנטשאַפט מיט ח. נ. ביאַליק" פאַרן ביאַליק־נומער „התורן" — דאָס איז געווען זײַן לעצטע גאַנצע זאַך, וואָס ער האָט געשריבן, ניט גערעכנט די לעצטע קאַפּיטלען „פונעם יאַריד" און „מאָטל פייסי דעם חזנס".

צו בריוו נומ׳ 208
דאָס איז דער ערשטער בריוו, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן אין רוסיש, אומבאַקאַנטער־הייט, צו מענדעלע מוכר־ספרים (1836—1917), צו זײַן 25־יאָריקן ליטעראַרישן יובילײ. שפּעטער, אין די יאָרן 1888—1889, אַז שלום־עליכם האָט זיך באַקענט מיט מענדעלען, פֿריִער דורך בריוו און נאָך דעם פּערזענלעך, האָט ער זיך שטאַרק צוגעבונדן צו אים, געקרויינט אים מיטן נאָמען „זיידע" און אָנגעהאַלטן מיט אים דאָס גאַנצע לעבן אַ וואַרעמע אינטימע קאָרעס־פּאָנדענץ, ווי צווישן אַן „אייניקל" מיט אַ „זיידן".

צו בריוו נומ׳ 209
דער בריוו איז אַן ענטפֿער אויף אַן אײַנלאַדונג, אין וועלכער ס׳איז פֿאַרגעלייגט שלום־עליכמען ער זאָל אָנשרײַבן פֿאַרן זאַמלבוך „דער וועקער", וואָס די „חובבי־ציון" אין אַדעס האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן, אַ ראָמאַן מיט אַ חובבי־ציוניסטישער טענדענץ. ש"ע דערקלערט דאָ פֿאַר וואָס ער קאָן אַזאַ ראָמאַן ניט שרײַבן. אָנשטאָט דעם האָט ער זיי צוגעשיקט אַ פֿעליעטאָן „אין דער דאָזיקער נאַכט פֿון פּסח", אַ מין פֿאַראַלעל צווישן אַ רײַכן ייִדן אַן אַסימילאַטאָר און אַן אָרעמען ייִדן פֿון פֿאָלק. געווען געדרוקט אינעם „וועקער", אין 1887, אונטער דער רעדאַקציע פֿון משה לייב ליליענבלום (1843—1910). גאָטלויבער — גאָטלאָבער, אַברהם־בער (זע הערה צו בריוו 232). צונזער, אליקום, 1840—1913, פֿאָלקסזינגער, פּאָעט און פּראָפֿעסיאָנעלער בדחן. גאָלדפֿאַדען, אַברהם, 1840—1908, פּאָעט און דראַמאַטורג, „פֿאָטער פֿון ייִדישן טעאַטער".

צו בריוו נומ׳ 211
בר־קצין — ראַוווניצקיס פּסעוודאָנים. עזרת סופֿרים — נאָמען פֿון לייטאַרטיקל אין „המליץ". דאָס זשאַרגאָנישע בלעטל — געמיינט: „יודישעס פֿאָלקס־בלאַט" (פּעטערבורג, 1881—1890).

צו בריוו נומ׳ 212
דער צעשפּרייטער זאַץ איז געשריבן אין רוסיש.

צו בריוו נומ׳ 214
אין דעם בריוו רעצענזירט שלום־עליכם אין וויציקן טאָן דאָס זאַמלבוך „דער וועקער", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון י. ח. ראַוווניצקי אין אַדעס, אין יאָר 1887, אונטער דער רעדאַקציע פֿון משה לייב ליליענבלום. פֿרעמיע צום סוף יאָר — אַ גרעסערע דערציילונג ווי אַ באַזונדערע בײַלאַגע צום „פֿאָלקס־בלאַט". אַ שטיין פֿונעם האַרצן — דאָס דאָזיקע קעפּל און די ווײַטערדיקע זענען נעמען פֿון אַרטיקלען, וואָס זענען געווען געדרוקט אינעם „וועקער". קלאַפּערס און נעקלאַפּטע — געמיינט די פּאַגראָמען פֿון די 80ער יאָרן. מאַריע לערנער — (מרים ראַבינאָוויטש), 1860—1927, מחבר פֿון „אַהיים", געשריבן דערציילונגען און דראַמעס, שפּעטער געלעבט אין פּש"אַ, זיך געשמדט צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער. קידוש לוטשע — געמיינט: אַ ביסל בראָנפֿן איז בעסער. אננא — די העלדין פֿון דער דערציילונג.

צו בריוו נומ׳ 215
קאַנטאָר, יהודה־לייב, 1849—1915, ד"ר מעדיצין, העברעיִש־ייִדישער פּובליציסט און פֿעליעטאָניסט.

צו בריוו נומ׳ 216
ווײַסבערג, יצחק יעקב, 1841—1904, העברעיִש־ייִדישער שרײַבער. משאָרט יעוואָ פּריטיאָס — דער שד האָט אים געבראַכט. לוי — לעווי ישראל, 1842—1905, פּובליציסט און שרײַבער. 1880 אייגנטימער פֿון אַ גרויסער דרוקערײַ אין פּעטערבורג, אַרויסגעגעבער און פֿאַקטישער רעדאַקטאָר פֿון „יודישעס פֿאָלקס־בלאַט" (פֿון נומ׳ 3, 7טער יאָרגאַנג). נחבי בן ופסי — לעוונער ג. ח., געבוירן 1864, אַ שונדשרײַבער פֿון שמ"רס שטייגער.

צו בריוו נומ׳ 217
פֿלג־גוף — אַ האַלבער גוף, דאָ געמיינט: ניט קיין באַווײַבטער. דיע טוואַיאַ קאַסאַ — ווו איז

דײַן צאַפּ. ד״ר סקאַמאַראַשקאַ — ד״ר סקאַמאַראָווסקי, 1858—1935, מחבר פון אַרטיקלען אין דער העברעיִשער פּרעסע, האָט זיך געוואָנדן צו פּראָפ׳ גרעצן, ער זאָל אים דערלויבן איבערזעצן אין ייִדיש זײַן „ייִדישע געשיכטע״. דער „פּראָפ׳״ האָט גראָב אָפּגעזאָגט צוליב דער איינציקער סיבה, וואָס ער וויל ניט, אַז זײַן „געשיכטע״ זאָל זײַן איבערגעזעצט אין אַ מיאוסער שפּראַך און כּדי אים צו „איינער זאָלכע שאַנדונג מײַנער געשיכטע צו פערהינדערן״. שלום־עליכם איז געוועזן אויפגערעגט אויף סקאַמאַראָווסקין, וועלכער האָט פּובליקירט די דאָזיקע „פּערעפּיסקע״.

## צו בריוו נומ׳ 218

שמ״ר — פּסעוודאָ׳ פון נחום־מאיר שײַקעוויטש, 1846—1905, געשריבן שונדראָמאַנען און פּיעסעס. בערקמאַן — אַ ראָמאַנען־שרײַבער פון שמ״רס שניט. לערנער, יוסף־יהודה, 1847—1907, שרײַבער און קריטיקער, געשריבן אין דער רוסישער פּרעסע וועגן ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור.

## צו בריוו נומ׳ 219

אַברהם שלום פרידבערג, 1838—1902 — העברעיִשער שרײַבער, מאַפּוס אַ תּלמיד און אין יענער צײַט מ. ספּעקטאָרס אַ שוועור. דער בריוו איז געשריבן בעת ספּעקטאָר האָט געגרייט צום דרוק דאָס ערשטע בוך פונעם „הויזפרײַנד״ און ש״ע האָט געזאַמלט מאַטעריאַל פאַר זײַן פּאַמפלעט „שמ״רס מישפּט״. הער לעווי — זען הערה צו בריוו נומ׳ 216.

## צו בריוו נומ׳ 220

„בילדער פון דער זשיטאָמירער גאַס״ — געדרוקט אין „יודישעס פאָלקס־בלאַט״, 1888, נומ׳ 1, 5/1, נומ׳ 3, 22/1.

## צו בריוו נומ׳ 221

דאַ רעדט זיך וועגן דינעזאָנס פּאַרטיידיקונג־אַרטיקל קעגן גרעצן א״ט „פּראָפ׳ גרעץ און דער ייִדישער זשאַרגאָן, אָדער ווער מיט וואָס דאַרף זיך שעמען?״, געדרוקט אין דער בײַלאַגע צו „יודישעס פאָלקס־בלאַט״, נומ׳ 2, 1888. סוּוואָרין, אַלעקסיי, 1834—1912, רעדאַקטאָר פון דער רוסישער רעאַקציאָנערער צײַטונג „נאָוואָיע ווערעמיאַ״ (נײַע צײַט) אין פּעטערבורג. פּיכנאָ — רעדאַקטאָר פון דער שוואַרץ־מאַהדיקער צײַטונג „קיעוולינאַנין״.

## צו בריוו נומ׳ 223

זאַמאַשטשין, פּלטיאל, 1851—1919 — העברעיִש־ייִדישער פּאָעט און זשורנאַליסט.

## צו בריוו נומ׳ 224

בה״ב — ראָשי־תּיבות פון מאָנטיק — דאָנערשטיק — מאָנטיק (ב — צווייטער טאָג, ה — פינפטער טאָג, ב — צווייטער טאָג). פרומע ייִדן פאַסטן אין אָט די טעג נאָך פּסח, שבועות און סוכּות. גאָגאָל, ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש, 1809—1852, רוסישער שרײַבער־קלאַסיקער. טורגע־ניעוו, איוואַן סערגייעוויטש, 1818—1883, רוסישער שרײַבער־קלאַסיקער. קאַרל עמיל פראַנצאָז, 1848—1904, ייִדיש־דײַטשישער שרײַבער. צונזער, אליקום, 1840—1913, ייִדישער פאָלקספּאָעט. פרישמאַן, דוד, 1860—1922, ייִדיש־העברעיִשער שרײַבער און קריטיקער. זאַטולאָווסקי, מנחם־וואָלף, 1850—?, געשריבן לידער, וויצן און אַפאָריזמען אין ספּעקטאָרס „הויז־פרײַנד״.

## צו בריוו נומ׳ 226

לינעצקי, יצחק יואל, 1839—1915, העברעיִש־ייִדישער השׂכּלה־שרײַבער, מחבר פון „דאָס פּוילישע ייִנגל״. טשערני און סאַקאָלאָווסקי — דאָקטוירים, לינעצקיס און שלום־עליכמס גוטע־פרײַנד, זיך באַטייליקט אין דער ייִדישער פּעריאָדיק מיט מעדיצינישע און פּאָפּולערע סאַניטאַר־היגיענישע אַרטיקלען.

## צו בריוו נומ׳ 227

מ. ספּעקטאָר (זע הערה צו בריוו 13), שלום־עליכמס נאָענטער פרײַנד, האָט דאַן אַרויסגעגעבן

אַ זאַמלבוך „דער הויז־פריַינד" — וואַרשע 1888. אַז ספּעקטאָר האָט זיך דערוווּסט פון שלום־עליכמס אויסגאַבע, דער עיקר, אַז ער, דער גביר, שיט מיט געלט, האָט ער אין דעם דערזען אַ קאָנקורענץ אויף זיַין „הויז־פריַינד". ספּעקטאָר האָט זיך געקלאָגט פאַר חברים און באַרעדט שלום־עליכמען: „די בעסטע שריַיבערס, וואָס שריַיבן פאַר מיר אומזיסט, באַקומען פון אים ביז 20 קאָפּיקעס פאַר אַ שורה... נאָך דעם ווי איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע אין דער רעדאַקציע פונעם „יודישעס פאָלקס־בלאַט" און אָנגעוואָרן מיַין גאַנצן קאַפּיטאַל (אַרום 2500 רובל) אויף אויסצובעטן אַ דערלויבעניש אויף אַ זשאַרגאָנישער צייַטונג, וואָס פון דעם איז גאָרניט אַרויס, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט פאַרן „הויז־פריַינד", ווי פאַר דעם לעצטן שוצאַנקער. און אָט קומט דער קאַפּיטאַליסט, מיַין אַלטער פריַינד שלום־עליכם, און וויל בײַ מיר אַרויסרײַסן דעם לעצטן שטיקל ברויט פון מויל! ער צאָלט צו 100, 200 רובל און מער פאַר אַן אַרטיקל, — קאָן איך פּאַראַיבל האָבן אויף מיַינע פריַינד, די אָרעמע ליטעראַטן, וואָס זיי שריַיבן בײַ שלום־עליכמען? נאָך אַ גרעסערע עוולה פון אים איז דאָס, וואָס באַלד ווי ער איז געוואָרן מיַין קאָנקורענט, האָט ער אָנגעהויבן פאַרטשעפּען מיך בײַ יעדן פאַל אין זיַינע פעליעטאָנען אין „פאָלקס־בלאַט". שלום־עליכם ווידער, פון זיַין זיַיט, איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף ספּעקטאָרן פאַר די רכילות אד"גל. שפּעטער אָבער זיַינען זיי ווידער געוואָרן גוטע־פריַינד, — די איניציאַטיוו אין דעם געהערט שלום־עליכמען. **בערנשטיין**, אַהרן, 1812—1884 — דיַיטשיש־יידישער פּובליציסט און פּאָפּולאַריזאַטאָר פון נאַטור־וויסנשאַפטן. **ברעם**, אלפרעד, 1829—1884, ריַיזנדער און זאָאָלאָג. **באָקל** ג. ט., 1821—1862, ענגלישער היסטאָריקער. **מיל**, דזשעמס, 1775—1836, ענגלישער עקאָנאָמיסט.

## צו בריוו נומ׳ 228

אין דעם בריוו רעאַגירט שלום־עליכם אויף אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „רעצענזיע", געדרוקט אין „יודישעס פאָלקס־בלאַט", 29סטן מאַרץ 1888 (בײַלאַגע צו די נומערן 11־12), אַן אַן אונטערשריפט, נאָר נאָכן לשון איז צו זען, אַז ער איז געשריבן פון דעם אַרויסגעבער **ל ע ו ו י** אַליין. די „רעצענזיע" הייבט זיך אָן מיט אַ לאַנגער דרשה, אויסגעמישט מיט פּסוקים און מיט גמרות, אַז אַ קריטיקער דאַרף „נאָכטון די מידות פון הקדוש־ברוך־הוא": אַזוי ווי גאָט איז אַ בעל־רחמים, אַזוי דאַרף דער קריטיקער זיַין אַ בעל־רחמים... דערבײַ וואַרפט דער שריַיבער צו שטעכווערטער צו די יונגע מיטאַרבעטערס פון דעם „פאָלקס־בלאַט", די „פאַרברענטע זשאַרגאָניסטן", למאי יענע לייגן זיך אַזוי אָוועק פאַרן „הייליקן זשאַרגאָן". צום סוף לאָזט זיך אויס דער אַרטיקל מיט אַ לויבגעזאַנג צו עטלעכע פון שמ"רס ראָמאַנען. אין יענער צײַט האָט **י. ח. ראַווניצקי** אָנגעהויבן דרוקן אין „פאָלקס־בלאַט" אַ סעריע קריטישע פעליעטאָנען וועגן די דע־מאָלטיקע שונדשריַיבערס אונטערן נאָמען „אַן עסק מיט שמאַטעס", און דעריבער איז פון דער „רעצענזיע" געווען קלאָר, אַז דער אַרויסגעבער לעווי פאַרלויפט אים דאָ דעם וועג. די נעמען פון די דרײַ אַנטיקלעך פון שמ"ר — „אַ שפּרונג אין הימל אָדער אויס גביר, וויַיטער שניַידער", „דאָס אַנטיקל אָדער די כּשרע מציאה", דער „פוסטער מיוחס". „**מאבד עצמו לדעת**" — לויט דעם מחבר פון „רעצענזיע" טאָר ניט שריַיבן אַ שריַיבער דאָס וואָס ער וויל, והא ראיה, אַז אָפּילו אַ „מאבד לעצמו לדעת", אַ זעלבסטמערדער, טאָר ניט, על־פּי דין, זיך נעמען דאָס לעבן. **קאַנטאָר**, י. ל. (זע הערה צו בריוו 215) — דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר פון „פאָלקס־בלאַט". **לעווי** — זע הערה צו בריוו 216. **זאָלאַ**, עמיל, 1840—1902; **דיקענס**, טשאַרלז, 1812—1870 — קלאַסיקערס פון דער פראַנצייזישער ליטעראַטור. **ליליענבלום**, משה־לייב, 1843—1910, פּובליציסט, פאָרשטייער פון דער השׂכּלה אין רוסלאַנד.

## צו בריוו נומ׳ 229

ש"ע האָט אונטערגענומען אַרויסצוגעבן אַ חודשלעכן זשורנאַל, נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך ניט געקענט דערשלאָגן אַ דערלויבעניש, האָט ער אַרויסגעגעבן די זאַמלביכער „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", צוויי בענד, אין די יאָרן 1888—1889. **מזה**, יהושע הלוי — זע הערה צו בריוו נומ׳ 182. **קאַלמוס**, אולריך, דראַמעס־שריַיבער און הומאָריסט, געלעבט אין אָדעס אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י"ה.

### צו בריוו נומ׳ 230

**גאָרדאָן, יהודה לייב** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 167. **אבראַמאָוויטש** — געמיינט: מענדעלע מוכר־ספרים. **ליניעצקי** — זע הערה צו בריוו 226. **גאָרדאָן, מיכל**, 1823—1890, העברעיִש־יִדישער פּאָעט. צעדערבוים, אלכּסנדר, 1816—1893, משׂכּיל, זשורנאַליסט, גרונטלייגער פון דער יִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד. **אַ קיצל טאָן די מוזע** — דאָס ליד „אַ ברכה", וואָס גאָרדאָן האָט צוגעשיקט שלום־עליכמען פאַר דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק" האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן מיטן פערז: „איך זאָל מײַן מוזע פּרוּוון קיצלען..."

### צו בריוו נומ׳ 232

**עטינגער** שלמה, 1799—1855, משלים־שרײַבער, פּאָעט און דראַמאַטורג, איינער פון די אָנהייבערס פון דער נײַער יִדישער ליטעראַטור. **גאָטלאָבער**, אַברהם בער, 1811—1899, העברעיִש־יִדישער שרײַבער, משׂכּיל. **רייכערסאָן**, צבי הירש הכּהן, איבערזעצער פון קרילאָווס משלים אויף יִדיש. די איבערזעצונג איז רעצענזירט געוואָרן אין דעם 1טן באַנד פון „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק".

### צו בריוו נומ׳ 233

**קאַלמאַנסאָן**, אַלחנן, 1857—1930, העברעיִש־יִדישער שרײַבער, געהערט צו שלום־עליכמס אינטימען קרײַז „מאָנטאָג און דאָנערשטאָג".

### צו בריוו נומ׳ 235

**בן־עמי** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 89. **כאַפּהייער** — אַ פינפאונצוואַנציקער (כ"ה).

### צו בריוו נומ׳ 237

**שאַצקעס**, משה אהרן, 1825—1899, העברעיִש־יִדישער שרײַבער. **אַקסענפעלד**, ישראל, 1787—1866, פון די אָנגעזעענסטע יִדישע שרײַבערס אין דער אידער־מענדעלע־תּקופה. **צווייפּעל**, אליעזר־צבי הכּהן, 1815—1888, העברעיִשער שרײַבער, משׂכּיל, פרײַנד פון דער יִדישער שפּראַך. **לעווינזאָן**, יצחק־בער (ריב"ל), 1788—1860, העברעיִשער געלערנטער און שרײַבער, דער פאָטער פון דער יִדישער השׂכּלה אין רוסלאַנד.

### צו בריוו נומ׳ 238

**א. גאָלדפאַדענס אַ ליד** איז געדרוקט ערשט אין צווייטן בוך „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", דער אַרטיקל „זיבן קונים אויף איין סוחר" אין בײַלאַגע צו „יודישעס פאָלקס־בלאַט", 1888, נומ׳ 29, זז׳ 876־880, וואָס איז געחתמעט S, איז געווענדט קעגן שלום־עליכמס פּאַרלעגערישער אונטערנעמונג. שלום־עליכם איז געווען זיכער, אַז דאָס איז ספּעקטאָרס אַרטיקל, ווײַל ספּעקטאָר האָט אין דעם דערזען אַ גרויסע קאָנקורענץ פאַר זײַן „הויז־פרײַנד". דער מחבר פונעם אַרטיקל איז געווען **ש. פרוג** (1860—1916, נאַציאָנאַלער יִדישער פּאָעט, צווייִשפּראַכיק: יִדיש און רוסיש). דער רעצענזענט פון שלום־עליכמס „סענדער בלאַנק", געחתמעט י. ס. הערדנער, איז געווען דער שרײַבער י. י. לערנער (1847—1907), זײַן רעצענזיע הייסט „ל ע ב ע ד י ק ע  מ ת י ם. ר׳ סענדער בלאַנק און זײַן פיל געשעצטע פאַמיליע. ראָמאַן אַן אַ ליבע פון שלום־עליכם", סט׳ פּעטערבורג, 1883, בײַלאַגע צו „יודישעס פאָלקס־בלאַט", 1888, נומ׳ 29, זז׳ 863־876. **פרישמאַנס פּאָעמע**, וואָס שלום־עליכם מאָנט, איז שפּעטער אַרײַן אין זײַן „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", באַנד I, זז׳ 211־224, אונטערן נאָמען „א ו פ י ר". **זעמדערל** — אַן אַמאָליק שרײַבגעצײַג. אַ גלעזל מיט אַ דעקל, מיט לעכעלעך, אָנגעפּילט מיט טרוקענעם זאַמד, צו באַשיטן דאָס אָנגעשריבענע, כּדי אויסצוטריקענען די טינט — אַנשטאָט לעשפּאַפּיר.

### צו בריוו נומ׳ 239

**אָסטראָווסקי**, אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש, 1823—1886, רוסישער שרײַבער און דראַמאַטורג. темное царство — „דאָס פינצטערע קעניגרײַך", וואָס אָסטראָווסקי, לויט דער קריטיק, אַנטפּלעקט אין זײַנע ווערק. **אַ יִדישן ראָמאַן** — געמיינט „סטעמפּעניו".

### צו בריוו נומ׳ 240

**ביכערפרעסער** — איינער פון שלום־עליכמס פסעוודאָנימען. **יל״ג** — יהודה לייב גאָרדאָן, זע הערה צו בריוו 230. **„שמ״רם מישפט״** — שלום־עליכמס אַ פּאַמפלעט קעגן שמ״רס שונד־ראָמאַנען. **ס׳וואַשעי טאַטשקי זרעניאַ** — פון איַער שטאַנדפּונקט.

### צו בריוו נומ׳ 241

**עפעס אַ קבר** — געמיינט אַ פּאָליציי־קאַמער. **יהל״ל** — יהודה־לייב לעווין, 1844—1925, העברעיִשער פּראָזאַיִקער און פּאָעט. **צופעליקער פעליעטאָניסט** — אין "Недельная хроника Восхода" נומ׳ 31, פאַרן יאָר 1888, איז אָפּגעדרוקט אַ פעליעטאָן געחתמעט: случайный фельетонист (פּסעוודאָנים פון שמעון פרוג) קעגן שלום־עליכמס אונטערנעמונג אַרויסצוגעבן די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״ און דער עיקר קעגן זשאַרגאָן. שלום־עליכמס ענטפער איז געדרוקט אינעם נומער 35 פון דעם זעלביקן זשורנאַל, 1888.

### צו בריוו נומ׳ 243

**בוכבינדער,** אַברהם־יצחק, 1862—1897, מחבר פון שונדראָמאַנען אויף שמ״רס שטייגער.

### צו בריוו נומ׳ 244

דאָ ווערט גערעדט וועגן אַ רעצענזיע איבער ספּעקטאָרס ערשטן „הויז־פריַינד״ וואָס איז געווען געדרוקט אינעם ערשטן באַנד פון דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק״. **„דער גט״** — אַ קאָמעדיע, **„דער אָרעמער עושר״** — אַ ליד, ביידע פון שלום־עליכם, געדרוקט אין „הויז־פריַינד״ און אין **„פאַמי־ליען־פריַינד״**. ראַווניצקי האָט זיי אין זיַין רעצענזיע ניט אַריַינגענומען, וויַיל ער האָט גערעכנט פאַר ניט פּאַסיק צו רעצענזירן אין שלום־עליכמס זשורנאַל זיַינע אייגענע ווערק.

### צו בריוו נומ׳ 245

**טענות צו פרישמאַנען** — געמיינט די פּאָעמע „אופיר״, וואָס ד. פרישמאַן האָט געזאָלט אַרויסשיקן אין מיטן חודש יולי און נאָך אַלץ ניט אַרויסגעשיקט.

### צו בריוו נומ׳ 247

**פּימפּערלעך** — טיַיטש: קאַרליקעס. **מאַרגוליס, מ.־ג.,** 1837—1912, אַדוואָקאַט, ייִדישער כלל־טוער.

### צו בריוו נומ׳ 248

**בן־עמי** — זע הערה צו בריוו 89. **שטאַרקמער** — ירחמיאל שטאַרקמעט, חובבי־ציון־עסקן, מיטגליד פון אַדעסער פּאַלעסטינע־קאָמיטעט. **רבי־קצין** (בר־קצין) ראַווניצקיס פּסעוודאָנים.

### צו בריוו נומ׳ 250

**לערנער** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 218. ש״ע האָט זיך מיט אים פריַינדלעך דורכגעשריבן, אָבער לערנער האָט באַהאַלטענערהייט, אונטערן פּסעוודאָנים „יוסף יואל הערדנער״, אויף דער איַינלאַדונג פון דעם אַרויסגעבער פונעם „פאָלקסבלאַט״ („יודישעס פאָלקס־בלאַט״), אָנגעשריבן אַ פיַינדלעכע קריטיק אויף שלום־עליכמס ראָמאַן „סענדער בלאַנק״. **דער פּריַיז 4 רובל** — געמיינט פון דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק״. **לעווי פיַיפט און פרוג טאַנצט.** — ש. פרוג, דעמאָלט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „פאָלקס־בלאַט״, האָט אין זיַינעם אַ פעליעטאָן „ניט ווילנדיק״ (ביַילאַגע צום „פאָלקס־בלאַט״ נומ׳ 36, 1888) אָפּגעלצעוועט פון ראַווניצקיס קריטישע אַרטיקלען און פון שלום־עליכמס אויפטו מיט דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק״״. **אַ פּאָעמע פון דוד פרישמאַן** — געמיינט „אופיר״. **סאָלאָמאָן ביכערפרעסער** — שלום־עליכמס פּסעוודאָנים פאַר קריטישע אַרטיק־לען אין „פאָלקס־ביבליאָטהעק״. **די מודעה האָט פאַרשפעטיקט** — וועגן דער דערשיַינונג פון „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״, ספּעקטאָרס „הויז־פריַינד״ איז דערשינען פריִער פאַר דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק״.

### צו בריוו נומ׳ 251

**טרובניק**, יונה־זײַדל, 1849—1888 — משכּיל, העברעישער לערער, געדרוקט פּאָפּולער־וויסנ־שאַפטלעכע אַרטיקלען אין „הויז־פרײַנד", מחבר פון איינעם פון די ערשטע לערנביכער אויף יידיש, איבערזעצער. **ק. פראַנצאָז** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 224.

### צו בריוו נומ׳ 252

**צווייפעל**, אליעזר־צבי — זע הערה צו בריוו 237.

### צו בריוו נומ׳ 253

וועגן **ווייַסבערגן** זע הערה צו בריוו נומ׳ 216. דער רעצענזענט, וואָס שלום־עליכם דערמאָנט אין בריוו, איז געווען בר־קצין (ראַווניצקי), וועלכער האָט מיט רעכט אַראָפּגעריסן יעקב דינעזאָנס אַ דײַטשמערישן אַרטיקל אינעם „הויז־פרײַנד", באַנד I, 1883, אונטערן נאָמען „די יידישע שפּראַך און אירע שרײַבערס". ראַווניצקיס רעצענזיע איז געדרוקט אין שלום־עליכמס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק", באַנד I, זז׳ 299־342.

### צו בריוו נומ׳ 256

„סטעמפּעניו" איז געווידמעט מענדעלען מוכר־ספרים. **וואַרשעווער** — אַן אַדעסער דרוקערײַ.

### צו בריוו נומ׳ 257

**קטנער** — געמיינט מ. ספּעקטאָרן מיט וועלכן ש״ע איז דעמאָלט געווען ברוגז. אין ערשטן בוך „הויז־פרײַנד" איז אָפּגעדרוקט פ. **זאַמאָשטשינס** צוויי שירים „בילדער פון לעבן" און „צו אַ. גאָלדפאַדען". וועגן פ. זאַמאָשטשין זע הערה צו בריוו נומ׳ 223.

### צו בריוו נומ׳ 259

**פרידבערג** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 219.

### צו בריוו נומ׳ 260

**הנודנער** — פסעוודאָנים פון י. י. לערנער, זע הערה צו בריוו נומערן 218 און 238. **קאַמינער**, יצחק־אײַזיק, 1834—1901, ד״ר מעדיצין, העברעישער פּאָעט, סאַטיריקער און פּובליציסט. קאַמי־נערס „אַ בריעף צום הערויסגעבער", איז געדרוקט געוואָרן אין שלום־עליכמס „פאָלקס־ביליאָטהעק". **אוריאל אַקאָסטאַ**, 1590—1640, פילאָסאָף, אַרויסגעטראָטן קעגן געוויסע דאָגמעס פון דער יידישער אמונה. אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין חרם, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. „די רעצענזיע אויף ׳אַקאָסטאַן׳" — געמיינט, ווײַזט אויס, די דראַמע „אוריאל אַקאָסטאַ" פון דײַטשישן שרײַבער קאַרל גוצקאָוו (1811—1878), איבערגעזעצט אויף יידיש פון י. י. לערנער.

### צו בריוו נומ׳ 262

**געלהגנע מעמוּארן** — געמיינט „זכרונות איבער זשאַרגאָנישע שרײַבער", געדרוקט אינעם ערשטן בוך פון דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק". **דיק**, אייזיק מאיר, 1814—1893, פאָלקסשרײַבער, משכּיל. **לעווינזאָן**, י. ב. און **אַקסענפעלד**, י. — זע הערה צו בריוו נומ׳ 237; **גאָרדאָן**, יל״ג — זע הערה צו בריוו נומ׳ 167; **גאָרדאָן**, מ. און **צעדערבוים**, א. — זע הערה צו בריוו נומ׳ 230; **עטינגער**, ש. — זע הערה צו בריוו נומ׳ 232; **ווייַסבערג**, י. — זע הערה צו בריוו נומ׳ 216; **גאָלדפאַדען**, אַ. — זע הערה צו בריוו נומ׳ 209. קופּערניק, א. — אַ סוחר און משכּיל אין קיעוו.

### צו בריוו נומ׳ 263

**די אַרבעט XXXVI** — געמיינט דעם אַרטיקל „די רוסישע קריטיק וועגן דעם יידישן זשאַרגאָן" פון אסתּר (שלום־עליכם).

### צו בריוו נומ׳ 264

**פרידבערג, א. ש.** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 219.

### צו בריוו נומ׳ 265

**ציטראָן**, שמואל־לייב, 1860—1930, העברעיִש־יִדישער שרײַבער, האָט פאַרעפנטלעכט אין „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק" אַ מאמר „בריוו פון ל. מ. לעוואַנדע (ז״ל)".

### צו בריוו נומ׳ 266

**אַ געדרוקט ליד פון אונדזער פרישמאַן** — אין צווייטן „הויז־פרײַנד" איז אָפּגעדרוקט דוד פרישמאַנס אַ ליד־פּאַמפלעט „אַ האַרטער ביסן". אַ וואָלפיש האָט אײַנגעשלונגען אַ נביא, און ער בעט זיך מען זאָל אים געבן מיטלען צום ברעכן, בעט ער, צווישן אַנדערע, מען זאָל אים געבן „נחבי בן ופסים אַרטיקלען און שמ״רס ראָמאַנען" (ביידע — שונדשרײַבערס, זע הערות צו בריוו 216 און 218).

### צו בריוו נומ׳ 267

דער בריוו איז געשריבן פון דעם האַלבאינדזל קרים, ווו ש״ע איז געקומען מיט אַ קראַנקער פלימעניצע מינדל לאַיעוו, וועלכע איז דאָרט שפּעטער געשטאָרבן. **דער „עסק"** וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין בריוו, מכּוח מענדעלעס אַ העברעיִשער דערציילונג פאַר **נחום סאָקאָלאָוו** (1859—1936, העברעיִשער שרײַבער, זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר) יאָרבוך „האָסיף". איינער פון די **אַחשתרנים** — אַזוי האָט מענדעלע גערופן שלום־עליכמען פאַר זײַן געשווינדקייט.

### צו בריוו נומ׳ 270

**מזח, י. ה.** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 182. **קמתער** — געמיינט מ. ספּעקטאָר.

### צו בריוו נומ׳ 271

**אַחוץ קאַמינערס אַרטיקל** — צום אָנהייב פון זאַמלבוך קומט אַ „בריעף צום הערויסגעבער" פון ד״ר יצחק קאַמינער (זע הערה צו בריוו נומ׳ 260). **אײַער בילד** — געמיינט: „קרעפּלעך זאָלסטו עסן", 5 זײַטלעך.

### צו בריוו נומ׳ 272

**„פאָלקסבלאַטע"** — געמיינט אַ פעליעטאָן אין „פאָלקסבלאַט", 1889, אונטערגעשריבן נחבי בן ופסי (זע הערה צו בריוו נומ׳ 216), ווו עס ווערן אונטער פאַרשטעלטע נעמען בייז אויסגעלאַכט ש״ע און זײַן „ביבליאָטהעק". בכלל איז דער 9טער יאָרגאַנג „פאָלקסבלאַט" פול מיט פּאָלעמיק קעגן ש״ע, וויַיזט אויס צוליב שלום־עליכמס שאַרפע רעצענזיעס אונטערן פּסעוודאָנים „סאָלאָמאָן עסביכער". צום סוף פון בריוו בעט ש״ע **את ידידנו היקר הר׳ גרינשפּאַן**, ד״ה פרישמאַנען, „ער זאָל אָנגורטן די לענדן פון זײַן צונג און אונטערגאַרטלען דעם רעשט פון זײַן פּען (שפת נ״ס), די שפּראַך פון נחום סאָקאָלאָוו און צעשמעטערן דעם שייטל פון אָט די פּאַראַזיטן־דעמאַגאָגן — און ער וועט זײַן ווערט אַ קוש".

### צו בריוו נומ׳ 273

**נאַטאַנזאָהן**, בערנאַרד (דב־בער), 1832—1916, שרײַבער, האָט אָפּגעדרוקט די לעבנס־באַשרײַבונג פון זײַן קרוב יצחק בער לעווינזאָן אין שלום־עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטהעק". ש״ע האָט, משמעות, דעם אַרטיקל איבערגעאַרבעט. **דער כתב־יד** איז וויַיזט אויס ריב״לס „הפקר־וועלט", וואָס איז אויך אָפּגעדרוקט אין דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק".

### צו בריוו נומ׳ 279

ש״ע האָט באַקומען פון ראַווניצקין אַ שטאַרקן אויסרייד למאי ער איז ממשיך אין „פאָלקסבלאַט" מיט זײַן סעריע פעליעטאָנען „פונעם וועג", אין דער צײַט ווען דאָס זעלביקע „פאָלקסבלאַט",

גריַיפט אָן זײַן „ביבליאָטהעק" אַזוי מיאוס. משוגענער ליטוואַק — דער אַרויסגעבער פונעם „פאָלקסבלאַט" לעווי (זע הערה צו בריוו נומ' 216). 5טן נומער פון דער „בלאַטע" — געמיינט „פאָלקסקסבלאַט". ש"ע האָט דאָס „פאָלקסבלאַט" („יודישעס פאָלקס־בלאַט") אָפט אָנגערופן „פאָלקסבלאָטע".

## צו בריוו נומ' 281

אין אָנהייב פונעם בריוו ווערט דערמאָנט די פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך צעברענט אין דער דעמאָל־טיקער העברעיִשער פרעסע גלײַך נאָכן דערשײַנען פון דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק", וועגן דעם, צי דאַרף מען האָבן אַ ליטעראַטור אויף יידיש? („המליץ", 1889, נומערן 96־98). דער ערשטער וואָס האָט אויפגעהויבן די פראַגע ווי אַ קעגנער פון יידיש איז געווען לעווינסקי, אלחנן־לייב (1858—1910); געענטפערט האָבן אים שלום־עליכם, י. ח. ראַווניצקי, יהודה לייב גמזו (1870—1941) און אַנדערע. יהודית — „אַ היסטאָרישע דראַמע אין פיר אַקטן און פינף בילדער" פון י.־י. לערנער (זע הערה נומ' 218), וואַרשע 1888. דער ראָמאַן וואָס ש"ע האָט „געשריבן" האָט לכתחילה געהייסן „אסתר", נאָר אין עטלעכע חדשים אַרום איז פון אים אַרויס־געקומען „יוסילע סאָלאָווײ". זייפערד — געמיינט זייפערט, משה, 1851—1922, מחבר פון ראָמאַנען און פיעסעס פאַרן יידישן טעאַטער.

## צו בריוו נומ' 282

ש. דובנאָוו (זע הערה צו בריוו נומ' 92) אַ רעצענזיע אויף די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק" איז געווען געדרוקט אין „וואָסכאָד", 1890, בוך 9, אונטערגעשריבן „קריטיקוס".

## צו בריוו נומ' 283

האַרקאַווי, אַברהם אליהו, 1835—1919, יידישער געלערנטער, אָריענטאַליסט. פּראָפעסאָר דאַבראָם־לאַווינס לעקציע איז אין קיין באַזונדערער אויסגאַבע ניט דערשינען.

## צו בריוו נומ' 284

גמזו, יהודה לייב, 1870—1941, העברעיִשער שרײַבער, מיטאַרבעטער פון „המליץ" און „הצפירה", געשריבן אויך יידיש (זע אויך הערה צו בריוו נומ' 281). לעווינסקי, אלחנן לייב, 1858—1910, העברעיִשער שרײַבער און פובליציסט, זיך קונה־שם געווען מיט זײַנע אַרטיקלען אין דער העברעיִשער פרעסע („השלח", „המליץ", א"א), אין אָנהייב אַ קעגנער פון יידיש, שפּעטער דער הויפּט־גרינדער פון דער יידישער צײַטונג אין אָדעס א"נ „גוט מאָרגען".

## צו בריוו נומ' 285

דער בריוו איז געדרוקט אין „המליץ", נומ' 108, 1889. שלום־עליכם האָט זיך באַצויגן מיט אַכטונג און זאָרג צום עלטערן דור שרײַבערס. קאַנטאָר, יהודה־לייב — זע הערות צו בריוו 215 און 228. שולמאַן, קלמן, העברעיִשער שרײַבער, 1819—1899.

## צו בריוו נומ' 289

דער בריוו איז געדרוקט אין „המליץ", נומ' 123, 1889.

## צו בריוו נומ' 294

מגיד, דוד, 1862—1942, אָריענטאַליסט, פּאַרענדיקט פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, מיטגעאַרבעט אין די העברעיִשע און רוסיש־יידישע אויסגאַבעס פון יענער צײַט.

## צו בריוו נומ' 295

„פערעלע" איז שפּעטער דערשינען אונטערן נאָמען „יאָסעלע סאָלאָווײ" („יוסילע סאָלאָווײ"). אויסצוגן פון „מעשה גדולה מטבח אומן" איז געווען געדרוקט אינעם צווייטן באַנד „יודישע

פאָלקס־ביבליאָטהעק", קיִעוו 1889. „טיפּן און סילועטן" — געמיינט די דערציילונג „תמונות וצללים מחיי היהודים במזפבקה" אין העברעיִש, געדרוקט אין „המליץ", נומ' 122, 123, 134, 137, 272, 275.

### צו בריוו נומ' 298

דוד הילאַריאָנאָוויטש — נאָמען און פאָטערס נאָמען פון מגיד, דוד־הלל (זע הערה צו בריוו נומ' 294).

### צו בריוו נומ' 300

סחורה שפּאָגל נײַע — געמיינט ביכער צו רעצענזירן.

### צו בריוו נומ' 301

ב. ל. פלעקסער — אַ שוועסטער פונעם באַוווסטן ייִדיש־רוסישן קריטיקער אָקים וואָלינסקי (פלעקסער), 1863—1926. זי האָט דאַן געגרייט צום דרוק אַ פּאַלעסטינאָפּילישן זאַמלבוך און זיך געוואָנדן נאָך מאַטעריאַל צו שלום־עליכמען. אין איר זאַמלבוך „דאָס הייליקע לאַנד", דערשינען אין 1891, האָט שלום־עליכם זיך ניט באַטייליקט. קענטיק, אַז דאָס זאַמלבוך איז אים ניט געווען צום האַרצן. טרובניק, יונה־זײַדל (זע הערה צו בריוו נומ' 251).

### צו בריוו נומ' 303

דאָ רעדט זיך וועגן צווייטן טייל פון יצחק יואל לינעצקיס „דער וואָרעם אין כריין" פאַרן צווייטן בוך „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק".

### צו בריוו נומ' 305

דאָ גייט אַ רייד וועגן טויט פון י. טרובניק. לויט ידיעות האָט ש"ע געשיקט דער אַלמנה פון דער אייגענער קעשענע 300 רובל.

### צו בריוו נומ' 306

אַ. ב. ג. — אַברהם־בער גאָטלאָבער (זע הערה צו בריוו 209). אַ פּעליעטאָן מכּוח ארץ־ישראל — געמיינט „ארץ־ישראל־ערד" פון יהל"ל, געדרוקט אין צווייטן בוך פון דער „פאָלקס־ביבליאָטהעק".

### צו בריוו נומ' 307

דאָ רעדט זיך וועגן ד. מגידס ליד „שלאָף מײַן קינד". לערמאָנטאָוו, מיכאיל, 1814—1841, רוסישער פּאָעט.

### צו בריוו נומ' 308

דאָ רעדט זיך וועגן הילף דער פאַריתומטער משפּחה פון י. טרובניק.

### צו בריוו נומ' 309

דער בן־זכר וואָס איז געבוירן געוואָרן — שלום־עליכמס עלטערער זון מישאַ.

### צו בריוו נומ' 311

יענע פּייטערבאָרגער — געמיינט מיטאַרבעטערס פאַר דער „ביבליאָטהעק", מרגלית, מנשה, 1837—1912 — באַוווסטער יוריסט אין אָדעס, אַ זשורנאַליסט און כּלל־טוער, מענדעלעס אַ נאָענטער פריינד, אין ערשטן באַנד „פאָלקס־ביבליאָטהעק" איז געדרוקט זײַן אַרטיקל „צו מײַנע ליבע יודן".

### צו בריוו נומ׳ 317

**מיצי און פיצי** — חזנים וואָס פיגורירן אין „יוסילע סאָלאָוויי״. **לאהצי** — אַ דינסטמיידל וואָס ווערט באַשריבן אין זעלבן ראָמאַן.

### צו בריוו נומ׳ 319

שלום־עליכם האָט געבעטן מענדעלען אָנצושרײַבן אַ הקדמה צום צווייטן המשך פונעם „ווינטשפינגערל״, וואָס האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אינעם 2טן באַנד „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״. מענדעלע האָט די ביטע אויסגעפילט, ער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט די „שרײַבערס״: מיט לעווינסקי, מיט „פעטער שמערל״ (אַל. צעדערבוים), „וועלכער שאָקלט צו מיטן קאָפּ אי די זשאַרגאָניסטן, אי די אַנטיזשאַרגאָניסטן״. צוליב אומבאַוווּסטע סיבות האָט שלום־עליכם „די הקדמה״ ניט געדרוקט. מעגלעך, אַז ס׳האָט געווירקט דער צו שאַרפער טאָן מענדעלעס.

### צו בריוו נומ׳ 321

אין אָנהייב בריוו גייט אַ רייד וועגן ראַווניצקיס רעצענזיע א״ט „נײַע ביכער״, ווו ער באַהאַנדלט מענדעלעס „קליאַטשע״, געדרוקט אין צווייטן באַנד „פאָלקס־ביבליאָטהעק״.

### צו בריוו נומ׳ 322

מענדעלעס זון מאיר אַבראַמאָוויטש האָט אין די 80ער יאָרן געדרוקט לידער אין די רוסיש־יִדישע און רוסישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. זײַן ליד „אַ ליד אָן אַ נאָמען״, „פרײַ איבערגעזעצט פון שלומיאל״ (שלום־עליכם) איז אָפּגעדרוקט אינעם צווייטן באַנד „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״, 1889.

### צו בריוו נומ׳ 323

**פעטער שמערל** — געמיינט אַלכסנדר צעדערבוים (זע הערה צו בריוו נומ׳ 230).

### צו בריוו נומ׳ 325

**„דער קליינער וועקער״** — זאַמלונג, דערשינען אין אָדעס אין יאָר 1890, אַרויסגעגעבן פון „אָדעסער גוטע־פרײַנד פונעם יִדישן לשון״. אינעם זאַמלבוך איז געוועזן אָרגאַניזירט אַ שאַרפּע העצע סײַ קעגן מענדעלען, סײַ קעגן שלום־עליכמען, וואָס האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזן דעם צווייטן באַנד „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״. אינעם אַרטיקל „וואָס קרום, ניט גלײַך״ (געחתמעט „צדוק פּרומעס״) רעדט זיך מיט גאַל וועגן מענדעלען, וואָס „בלאָזט שוין פון זיך ווי אַ גוטער־ייִד, און פון זײַן שפּאָגל נײַ אייניקל, וואָס לויפט „אָן אָטעם פאַר די קלעזמערס מיט סטעמפּעניוס אַ ניגונדל״ (ז׳ 40־43). נאָך אַ גרעבערער רמז ווערט געמאַכט אין י. י. לערנערס רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפן באַנקעט, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אָדעס דעם 19טן יוני 1889סטן יאָר לכבוד מ. ספּעקטאָר: „דאָס רײַכע איידעמל מיט אַ פעטער ירושה, וואָס זײַן גאַנץ בריהשאַפט באַשטייט אין מאַכן אַ רעדל שבועות אין שול״... די רעדע אַנטהאַלט אויך שבחים, באַזונדערס פאַר י. לעווין: „דערפאַר ווײַל די צײַטונג איז אַצינד ריין, ניטאָ קיין חניפה, קיין אָנבייגן דעם קאָפּ פאַר דער מטבע״ (זײַט 63).

### צו בריוו נומ׳ 326

**צדוק הכהן** — דער דעמאָלטיקער אייבער־ראַבינער פון פראַנקרײַך. — שלום־עליכם האָט זיך אין יענער צײַט געפונען אין פּאַריז, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון זײַנע קרעדיטאָרן, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָרן זײַן גאַנץ פאַרמעגן אויף דער קיִעווער בערזע (שפּעטער האָט זײַן שוויגער, רחל לאָיעוו, באַצאָלט אַלע זײַנע חובות, און ער איז צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד). אַרומדרייענדיק זיך אָן עלנטער אין פּאַריז, איז אים אײַנגעפאַלן אַרײַנצוגיין באַקענען זיך מיט צדוק הכהן, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַ שם אין דער יִדישער וועלט, און ער האָט אים אָנגע־

שריבן אין גראַמען אָט דאָס קוריאָזע בריוול, פון וועלכן ער האָט איבערגעלאָזט פאַר זיך אַ קאָפּיע מיט זײַן האַנטשריפט. שלום־עליכם האָט אָפּגעהיט אין זײַן אַרכיוו אויך צדוק הכּהנס ענטפער, אין וועלכן יענער האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין הויז.

### צו בריוו נומ׳ 327 און 328

די בריוו געהערן צו דער צײַט, ווען שלום־עליכם האָט פאַרלוירן זײַן פאַרמעג און געמוזט אַנטרינען קיין אויסלאַנד.

### צו בריוו נומ׳ 329

דאָס איז אַן ענטפער אויף אַ בריוו פון י.־ל. גמזו צו שלום־עליכמען, ווו גמזו האָט געשריבן צווישן אַנדערע, אַז פּרצן קאָן מען באַצייכענען ווי דיכטער מער לויט זײַנע אויסגעצייכנטע פּראָזאַישע ווערק, ווי לויט זײַנע לידער... אויף דעם האָט אים שלום־עליכם געענטפערט, אַז „איר זײַט גערעכט מיט אײַער מיינונג" אאַז״וו. עס איז געווען אַ צײַט, ווען שלום־עליכם און פּרץ האָבן ניט געהאַלטן איינער פונעם אַנדערן און זײַנען געווען אין שלעכטע באַציונגען (כאָטש מיט עטלעכע יאָר פריִער האָט שלום־עליכם געדרוקט אין זײַן „יוד׳ פאָלקס־ביבליאָטהעק" פּרצעס פּאָעמע „מאָניש"). איינצײַטיק מיטן בריוו צו גמזון און זײַן בייזע מיינונג וועגן פּרצן האָט שלום־עליכם אָפּגעדרוקט אַ שאַרפע רעצענזיע אויף פּרצעס ביכל „פּאָעזיע", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אַנהייב 1892סטן יאָר. די רעצענזיע איז געווען געדרוקט טאַקע אין שלום־עליכמס „קול־מבשׂר", בײַלאַגע צום זאַמלבוך „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק". ווי באַוווסט, האָבן די באַציונגען פון שלום־עליכמען מיט פּרצן געביטן זיך צום גוטן פונעם יאָר 1900 ביזן סוף פון זייער לעבן; „בית עקד", וואָס ווערט דערמאָנט אין בריוו, איז אַ העברעיִשער ליטעראַרישער זאַמלבוך, דערשינען אין 1892 אין קיעוו. דאָרט זײַנען געווען געדרוקט י.־ל. גמזוס צוויי העברעיִשע לידער.

### צו בריוו נומ׳ 330

**ראַבינאָוויטש, אליעזר־שׂמחה,**, 1864— ?, לינגוויסט און פאָלקלאָר־זאַמלער.

### צו בריוו נומ׳ 331

**צעדערבוים, אַלכּסנדר** (זע הערה צו בריוו נומ׳ 230) איז געווען דער גרינדער און אַרויסגעבער פון „המליץ", און ווי אַ בײַלאַגע צום „המליץ" האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַזונדער בלאַט („קול מבשׂר") „אויף פּראָסט יידיש". דער אַרויסגעבער פון „הויז־פרײַנד" — מ. ספּעקטאָר — האָט דעמאָלט געזאַמלט פאָלקסווערטלעך. **זאַגאָראָדסקי,** ישׂראל־חיים, 1864—1931, כּלל־טוער, העברעיִשער לערער און שרײַבער, זיך געדרוקט אין דער וואַרשעווער העברעיִשער פּרעסע, אַ געוויסע צײַט געווען רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער „הצפירה".

### צו בריוו נומ׳ 332

**רייזען, אַברהם,** 1876—1953, פּאָעט און פּראָזאַיִקער, האָט דעמאָלט געמאַכט זײַנע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור. שלום־עליכם האָט אויפגענומען מיט התפּעלות די לידער וואָס רייזען האָט אים צוגעשיקט און איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דעם יונגן פּאָעט געמונטערט מיט בריוו, ער זאָל שרײַבן.

### צו בריוו נומ׳ 333

מיט מ. ספּעקטאָר (זע הערות צו בריוו 13, 227) איז ש״ע געווען אַן אינטימער חבר און דאָס גאַנצע לעבן געפירט מיט אים אַ גוט־ברודערישע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס צייכנט זיך אויס מיט הומאָריסטישער פרײַקייט פון טאָן. דער בריוו איז געשריבן נאָך דעם ווי די צוויי שרײַבערס זענען עטלעכע יאָר געווען דערווײַטערט איינער פון אַנדערן און איז אַן ענטפער אויף ספּעקטאָרס פאַרבעטונג זיך צו באַטייליקן אין „הויז־פרײַנד".

### צו בריוו נומ׳ 337

**סטאַווסקי, ג.** — שלום־עליכמס אַ קרובֿ און ספּעקטאָרס אַ פֿרײַנד. ער האָט דורך בריוו געווירקט, אַז שלום־עליכם זאָל שיקן זײַנע אַ זאַך פֿאַר ספּעקטאָרס „הויז־פֿרײַנד״.

### צו בריוו נומ׳ 342

**פֿילאַדעלפֿיער שטאָדט־צײַטונג** — אַ וואָכנבלאַט, אַרויס אין 1894, אַרויסגעבערס: **בראָדסקי**, היימאַן (חיים־שרגא), 1852—1937, און מאַליץ, חיים, 1861—1924, ביידע זענען אויך באַקאַנט ווי מחברים פֿון ביכער. **שמ״ר**, בלווישטיין (בלאָשטיין), **בעקערמאַן** — באַקאַנטע שונדשרײַבערס פֿון יענער צײַט.

### צו בריוו נומ׳ 343

**סלוצקי**, אַברהם־יעקבֿ, 1861—1918, געשריבן אַרטיקלען אין רוסישע, העברעיִשע און ייִדישע אויסגאַבעס, אַ צײַט געווען מיטרעדאַקטאָר פֿון „המליץ״. איינער פֿון די גרינדערס פֿון „מזרחי״. פֿון דעם **„עסק״**, וואָס ער האָט פֿאַרטראַכט — אַרויסגעבן אַ זאַמלבוך — איז גאָרניט אַרויס.

### צו בריוו נומ׳ 344

אין יענער צײַט איז פֿאָרגעקומען אַ ברוגז צווישן שלום־עליכם און י. ל. פּרץ (וועלכער האָט, אַגבֿ, זײַן **ערשטע** זאַך אין ייִדיש — „מאָניש״ — געדרוקט אין שלום־עליכמס „פֿאָלקס־ביבליאָטהעק״). דער ברוגז האָט זיך גענומען דערפֿון, וואָס גלײַך נאָכן צווייטן באַנד פֿון שלום־עליכמס „פֿאָלקס־ביבליאָטהעק״, אין יאָר 1891, האָט פּרץ אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין וואַרשע אַ יאָרבוך, וואָס האָט געטראָגן דעם זעלבן כאַראַקטער ווי די „יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק״, און אַפֿילו דער נאָמען איז געווען כּמעט דער זעלבער: „דיא יודישע ביבליאָטהעק״. שלום־עליכם, וואָס איז דעמאָלט געווען געדריקט פֿינאַנציעל און האָט דאַך ניט אויפֿגעגעבן די האָפֿענונג ממשיך זײַן דאָס יאָרבוך, האָט זיך פֿון פּרצעס אויפֿטו געפֿילט געקרענקט און האָט מיט אים איבערגעריסן די פֿריִערדיקע פֿרײַנדלעכע באַציִונגען. דאָס איז דײַטלעך צו זען פֿונעם זאַמלבוך „קול מבשר״ (1892), וווּ שלום־עליכם, אונטערן פּסעוודאָנים „קריטיקוס דער צווייטער״, האָט אויסגעלאַכט פּרצעס אַ קליין העפֿטל „פּאָעזיע״, וואָס איז אין יענער צײַט דערשינען. — אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן ביידע שרײַבערס באַנײַט זייער פֿרײַנדשאַפֿט און געקוקט אויף זייער אַמאָליקן „ברוגז״, ווי אויף קינדערשע אָמפּערײַען.

### צו בריוו נומ׳ 346

**„אַ נאַכט אין צרות״** — אַ קאַפּיטל פֿונעם „ווינטשפֿינגערל״.

### צו בריוו נומ׳ 348

**קאַראַסיק** — אין יענער צײַט געהילף פֿונעם ייִדישן צענזאָר אין קיִעוו. **מאַקס בראָדסקי** — פֿון דער קיִעווער מיליאָנערן־משפּחה. **שולמאַן**, אלעזר, 1837—1904, העברעיִשער שרײַבער און היסטאָריקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור; געווען אָנגעשטעלט בײַ די קיִעווער בראָדסקיס אַלס הויפּט־קאַסירער. **דובנאָ** — אַ דרוקער אין אָדעס. **פּאָליטקאָווסקי** — אַ בוכהענדלער אין אָדעס, שלום־עליכמס און ראַווניצקיס אַן אינטימער פֿרײַנד. **אַלטער פּעסים** — איינער פֿון די פּאַרשוינען אין שלום־עליכמס „יוסילע סאָלאָוויי״.

### צו בריוו נומ׳ 350

**קריטיקוס** — פּסעוודאָנים פֿון שמעון דובנאָוו (זע הערה צו די בריוו נומ׳ 92 און 95). **בערטע פֿלעקסער** (זע הערה צו בריוו נומ׳ 301) האָט אַרויסגעגעבן אין זשיטאָמיר, אין יאָר 1891, אַ זאַמלבוך „דאָס הייליקע לאַנד״. **געפּרווּוט נאָכמאַכן** — די „יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק״. אויסגענומען ווי „חנוכה״ — געמיינט „די ערשטע נאַכט פֿון חנוכה״, פֿון בן־עמי (זע הערה

צו בריוו נומ׳ 89) געדרוקט אין ערשטן באַנד „פאָלקס־ביבליאָטהעק״. וויסאָצקי, קלאָנימאָס־וואָלף, 1824—1904, נדבן, גרינדער פון דער באַוווסטער טייפירמע. ש... — איינער פון די קיִוועער נדבנים, וואָס האָבן געזאָלט שאַפן די מיטלען אויף צו באַנײַען די „פאָלקס־ביבליאָטהעק״.

### צו בריוו נומערן 351 און 352

„די טויב״ — אַ וואָכנבלאַט וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פּיטסבורג אין יאָר 1894. דער אַרויסגעבער: מאַלאַכאָווסקי, הלל, 1860—1943, מחבר פון אַרטיקלען וועגן העברעיִשער דערציונג, פון לערנביכער און כרעסטאָמאַטיעס, דעם בריוו האָט ש״ע געשיקט אין דער רעדאַקציע אַנשטאָט אַ פעליעטאָן.

### צו בריוו נומ׳ 353

אין אָנהייב בריוו רעדט זיך וועגן מרדכי ספּעקטאָרס פאַרשטאָרבענע קינדער. שוואַרץ־טומאה — געמיינט, פיגוראַטיוו, בעלאַיאַ צערקאָוו (ווײַסע צערקווע), אַ שטאָט אין קיִעווער גובערניע, וווּ ש״ע האָט געוווינט די ערשטע יאָרן נאָך זײַן חתונה. דער צווייטער לעווי — אַ רמז אויף י. ל. פּרץ מיט וועלכן ש״ע האָט געפירט אַ ברוגז, און אויף די בלעטלעך — „יום־טוב־בלעטלעך״, וואָס י. ל. פּרץ האָט אַרויסגעגעבן אין 1894 מיט דער הילף פון מ. ספּעקטאָר. „דער ערשטער תענית״ — געדרוקט אין דעם „ווידער־קול״ („אַ בלעטל אויף וואָכעדיקע טעג״), אַרויסגעגעבן פון מ. ספּעקטאָר אין וואַרשע תרנ״ד — 1894.

### צו בריוו נומ׳ 355

מ. ספּעקטאָר האָט אין 1894 אַרויסגעגעבן אַ „וואַרשעווער יודישער פאַמיליען־קאַלענדאַר״, אַ בוך פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפט, מיט אָנאָנסן אין פאַרשיידענע שפּראַכן, „הערויסג׳ פון מ. ספּעקטאָר,״ וואַרשע 1894. צווייטער יאָרגאַנג.

### צו בריוו נומ׳ 361

דאָ רעדט זיך וועגן דער קאַרעקטור פון „טביה דער מילכיקער״, אויף די זײַטלעך פון „הויז־פרײַנד״.

### צו בריוו נומ׳ 362

געמיינט, ווײַזט אויס, אַ „שפּאַס״ אין איין אַקט א״נ „אַ זעקסאונזעכציק״.

### צו בריוו נומ׳ 363

קאַלאָנעל גאָלדשמידט — אַ באַוווסטער הובב־ציון אין יענער צײַט, אַן ענגלענדער פון ייִדישן אָפּשטאַם וואָס איז צוריק געוואָרן אַ ייִד. וועגן זאַמאַשטשין, פּרוג, רייזען און לעווי — זע הערות צו בריוו 223, 238, 332, 216.

### צו בריוו נומ׳ 364

„דער בעל־שם־טוב״, „רב טרײַטל״, „דאָס פאַרפאַלק״, „ייִדישע גליקן״, „דראַזשנער בילדער״ — דאָס זענען אַלץ נעמען פון מרדכי ספּעקטאָרס ווערק.

### צו בריוו נומ׳ 366

פאַיע (פאַלינקאָווסקי) און בראָני — ראַוויניצקיס פרײַנד. קאַראַסיק — זע הערה צו בריוו נומ׳ 348.

### צו בריוו נומ׳ 367

מענדעלע מוכר־ספרים איז שוין דאָן געווען פאַרוואַלטער פון דער תלמוד־תורה.

### צו בריוו נומ' 368

ש"ע האָט געדרוקט אין ראַוויניצקיס זאַמלבוך „פּרדס" דעם פעליעטאָן „דאָן־קישאָט ממאַזעפּעווקאַ". „אחיאָסף" — באַוווּסטער העברעיִש־יִידישער פאַרלאַג.

### צו בריוו נומ' 370

רעוויזין, יעקב, 1852— , פּאָעט, אָנגעהויבן שרײַבן לידער צו 40 יאָר, אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער „די מעלאָדיען פאָן יעקב רעוויזין", וואַרשע 1895. די „פּאַפּירלעך" — „אַ סעריע בריוו פון מנחם־מענדל און זײַן ווײַב שיינע־שיינדל". אַ שיינעם העמדל — געמיינט אַ הילע.

### צו בריוו נומ' 372

בליטדע נאַכט — געמיינט קריסמעס.

### צו בריוו נומ' 377

פּאַיע און מאַניש — ראַוויניצקיס פרײַנד. לעווינסקי, א.־ל. (זע הערה צו בריוו נומ' 284) — דער באַוווּסטער פעליעטאָניסט, וועלכער האָט אין זײַנע יונגע יאָרן געפירט אַ פּאָלעמיק מיט שלום־עליכמען קעגן יִידיש. אברהם אליהו — זע הערה צו בריוו נומ' 79.

### צו בריוו נומ' 378

פּראַפּוס, יצחק־יעקב, 1880—1943, פּאָעט, זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען יִידישע פאָלקסלידער, רעדאַקציע־סעקרעטאַר אין „מאָמענט" ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

### צו בריוו נומ' 379

דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין דער צײַט, בעת די וואַרשעווער פאַרלאַג־געזעלשאַפט „אַחיאָסף" האָט פאַרטראַכט אַרויסצוגעבן די פעריאָדישע שריפט „דער יוד" (ווי ס'איז צו זען פון אָט דעם בריוו, האָט די צײַטונג געזאָלט הייסן „דער בת־קול"). די צײַטונג האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אין יאָר 1899, פריִער צוויי מאָל אַ חודש, אונטער דער רעדאַקציע פון י. ח. ראַווניצקי, און שפּעטער איין מאָל אין וואָך אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר יוסף לוריא. שלום־עליכם געהאָט צוגעגרייט פאַרן ערשטן נומער פונעם „יוד" אַן אַרטיקל אין דער פאַרעם פון „אַ בריוו אין דער רעדאַקציע", אין וועלכן ער האָט רעקאָמענדירט פאַר די לייענערס עטלעכע יונגע יִידישע שרײַבערס פון יענער צײַט (מ. מ. וואַרשאַווסקי, 1848—1907; אברהם רייזען — זע הערה צו בריוו נומ' 332 — און י. י. פּראַפּוס — זע הערה צו בריוו נומ' 378 —), דערבײַ האָט ער דעם אַרטיקל אילוסטרירט מיט אַ צאָל ניט געדרוקטע לידער פון די זעלביקע פּאָעטן. איבער הויפּט האָט ער אין יענעם אַרטיקל זיך אָפּגעגעבן מיט די לידער פון מ. מ. וואַרשאַווסקי, וועלכן ער האָט דעמאָלט אַנטפּלעקט אין קיִעוו. קאָוונער יינגלעך — געמיינט י. י. פּראַפּוס און אַ. רייזען.

### צו בריוו נומ' 380

ראָזענפעלד, מאָריס, 1862—1923, פּאָעט, פון 1886 אין אַמעריקע, ווו ער איז פּאָפּולער געוואָרן מיט זײַנע לידער, וואָס האָבן געשילדערט דאָס שווערע לעבן פון יִידישן אַרבעטער. קיין באַזעל — באַשרײַבונגען פון ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכע בן־עמי האָט געדרוקט אין די ערשטע נומערן פון „דער יוד". די 24 בריוולעך, אונטערן טיטל „מיליאָנען" האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן יענעם יאָר אין „דער יוד".

### צו בריוו נומ' 381

„מזל־טוב" — אַ קאָמעדיע אין איין אַקט. די דריטע מעשׂה פון „טביה דער מילכיקער" איז דערשינען אונטערן טיטל „היינטיקע קינדער".

צו בריוו נומ׳ 382

דעם זיידנס היטל — געמיינט איינעם פון די ערשטע קאַפּיטלען פון מענדעלעס „שלמה רב חיימס״ (זיך דערמאָנט געדרוקט אינעם „יוד״), ווו עס גייט אַ געמעל פון שטאָטישע און דאָרפישע הינט. פּרצעס שורהלעך — אַ קליין ליד פון י. ל. פּרץ געדרוקט אין נומער 6 „דער יוד״.

צו בריוו נומ׳ 384 און 385

עס רעדט זיך דאָ וועגן דעם ראָמאַן „שיר־השירים״, וואָס ש״ע האָט דערמאָנט געשריבן. ראַווניצקי האָט, ווײַזט אויס, מורא געהאַט, אַז די צענזור וועט אין אַזאַ נאָמען דערזען אַ פּראָפאַנאַציע פון דער „ביבל״. דער ראָמאַן איז ניט געדרוקט געוואָרן. אין 1909—1911 האָט ש״ע אָנגעשריבן אַ לירישן ראָמאַן אין פיר קליינע טיילן מיטן נאָמען „בלעטלעך שיר־השירים״. ס׳קען זײַן, אַז דאָס איז אַ גילגול פון יענעם „שיר־השירים״.

צו בריוו נומ׳ 388

אויס יודישער יוד — פון נאָוועמבער 1899 איז די רעדאַקציע פון „דער יוד״ איבערגעגעבן געוואָרן צו ד״ר יוסף לוריא. אחיאָספניקעס (וואַרשעווער פאַרלאַג „אחיאסף״) — די אַרויסגעבערס פון „דער יוד״.

צו בריוו נומ׳ 389

בראשית פאַר אַן אַגענטסטווע — עמעץ האָט פאַרגעוואָרפן שלום־עליכמען, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ בראשית פאַר אַן אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט. קול מבשר — אַרויסגעגעבן פון ש״ע ווי אַ בײַלאַגע צו „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״, 1888—1889. אַ קליינע רעצענזיע — געמיינט די בײַסנדיקע נאָטיץ אויף י. ל. פּרצעס ביכעלע „פּאָעזיע״, וואָס ש״ע האָט געשריבן אונטער דעם נאָמען „קריטיקוס דער צווייטער״. „דיא יודישע ביבליאָטהעק״, אַ „זשורנאַל פיר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע״ (2 בענד), וואָס י. ל. פּרץ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1891. „יאָסעלע״ — דערציילונג פון י. דינעזאָן, דערשינען אין בוכפאָרעם אין וואַרשע, פאַרלאַג „פּראָגרעס״, 1899. „דערינערונגען״ — י. דינעזאָנס „דערינערונגען פון קינדערשן לעבן״, געדרוקט אין „יוד״, 1900.

צו בריוו נומ׳ 390

ווײַסבערג, יצחק (זע הערה צו בריוו נומ׳ 216) האָט געשריבן אַרטיקלען אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס און האָט זיך באַטייליקט אין שלום־עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטהעק״, מחבר פון „אגרות יל״ג״. בערדיטשעווסקי, מיכה־יוסף, 1865—1921, פּובליציסט, קריטיקער, ראָמאַניסט און דער־ציילער, געשריבן העברעיִש, יידיש און דײַטש.

צו בריוו נומ׳ 391

ראָזעט, יצחק, משכיל און מחבר, קיִעווער תושב, שלום־עליכמס אַ פרײַנד.

צו בריוו נומ׳ 392

מאַקסים גאָרקי — פּעננאָמען פון אַלעקסיי פּעשקאָוו, 1868—1936 שרײַבער און הומאַניסט (זע הערה צו בריוו 36). דער בריוו געהערט צו דער צײַט, ווען גאָרקי האָט אונטערגענומען אַרויס־צוגעבן אַ זאַמלבוך פון דער יידישער ליטעראַטור אין רוסיש, פון דעם איז אָבער גאָרניט אַרויס צוליב גאָרקיס אַרעסט. גאָלדאָווסקי, אָניסים באָריסאָוויטש, אַ מאָסקווער אַדוואָקאַט און זשורנאַליסט, געדרוקט אַרטיקלען אין דעם רוסישן זשורנאַל „וואָסכאָד״. אין איינעם מיט וו. פּאָטיאָמקינען צונויפגעשטעלט אין מײַ 1901 אַ זאַמלונג „הילף״ לטובת די יידן וואָס האָבן געליטן פון אומגערעטעניש. פּאָטיאָמקין, וולאַדימיר פּעטראָוויטש, 1878—1946, אַ רוסישער זשור־נאַליסט. אין די פּערציקער יאָרן פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג פון רספסר.

### צו בריוו נומ׳ 393

**דוד פרישמאַן** (זע הערה צו בריוו נומ׳ 224) האָט אין יענער צײַט רעדאַגירט דעם העברעיִשן זשורנאַל „הדור״. **ווײַסבערג**, יצחק־יעקב — זע הערה צו בריוו נומ׳ 216. **לעוויט**, יחזקאל הלוי, 1878—1945, געשריבן אַרטיקלען, דערציילונגען און לידער אין ייִדישע און העברעיִשע זשורנאַלן פון יענער צײַט, פון 1902 אין אַמעריקע, געווען רעדאַקטאָר פון צײַטונגען. **ווײַנבערג**, משה, 1853 — רעליגיע־לערער און כלל־טוער, אַרויסגעגעבן אַ קליין ביכל אין 1900.

### צו בריוו נומ׳ 394

די העברעיִשע איבערזעצונג פון „ראַבטשיק״ איז אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „הדור״, נומ׳ 11, 1901, אונטערן נאָמען „חברבר החצרוני״.

### צו בריוו נומ׳ 395

**ענגעל**, יואל, 1868—1927, מוזיק־פאָרשער און קאָמפּאָזיטאָר, סוף 19טן יאָרהונדערט בראש פון דער געזעלשאַפט צו פּאָפּולאַריזירן ייִדישע מוזיק. **גינזבורג**, שאול, 1866—1940, געדרוקט קריטישע נאָטיצן, אַרטיקלען און שטודיעס אין „וואָסכאָד״; צוזאַמען מיט **מאַרעק**, פסח, 1862—1920, אַרויסגעגעבן דאָס מאָנומענטאַלע ווערק „די ייִדישע פאָלקס־לידער אין רוסלאַנד״, פעטערבורג, 1901. **ווינער**, שמואל, 1860—1929, ביבליאָגראַף אין דער פעטערבורגער אַקאַדעמיע פון וויסנ־שאַפטן אין 1887; צונויפגעשטעלט אַ ביבליאָגראַפישן אָנווײַזער פאַר דעם בוך פון גינזבורג און מאַרעק. **בדחן**, פסח־אליהו, מחבר פון אַ ביכל לידער „כנץ רננים, אַדער זעקס פאָלקסלידער״, ווילנע 1872. **ליטינסקי**, מנחם־נחום, 1852—1900, געדרוקט מאמרים אין „המליץ״, „המגיד״, „הצפירה״ א״אַנד, אויף ייִדיש פאַרעפנטלעכט הומאָריסטיש־מאָראַלישע פאָלקסלידער. **פּישזאָהן**, אַברהם־אַלטער, 1843—1922, געשריבן בדחנישע לידער און מיניאַטורן פאַר ייִדישע פאָלקסזינ־גערס, געווען אַן אַקטיאָר און אַ מחבר פון קאָמעדיעס און דראַמעס. **קאַצענעלענבאָגען**, ש״י (רש״י), פּאָעט, פּאַבוליסט און פּיעסעס־שרײַבער. זײַן ערשט בוך „יודישע מעלאָדיען אָדער פאָלקס לידער״ איז דערשינען אין ווילנע 1887. **שמולעוויטש**, שלמה, 1868—1943, פאָלקסדיכטער, מחבר פון „אַ בריוועלע דער מאַמען״, און אַרום 500 לידער מיט מעלאָדיעס. וועגן **וואַרשאַווסקי**, **ליטעצקי**, **צונזער**, **גאָלדפאַדען** און מיכל **גאָרדאָן** זע הערות צו פריִערדיקע בריוו.

### צו בריוו נומ׳ 396

**גאָלדאָווסקי** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 392. **בראַנדשטעטער**, מרדכי דוד, 1844—1928, העברעיִשער שרײַבער, געדרוקט אין „השחר״, „המליץ״ און „השלוח״, אין 1890 אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג דערציילונגען.

### צו בריוו נומ׳ 397

**„די יודישע פאַמיליע״** — אַ חודש־זשורנאַל, וואָס איז דעמאָלט פּראָיעקטירט געוואָרן און איז אין יאָר 1902 אַרויסגעגעבן געוואָרן ווי אַ בײַלאַגע צום „יוד״. **קאַפּלאַן**, אלעזר — איינער פון די בעלי־„אחיאסף״, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דעם „יוד״.

### צו בריוו נומ׳ 398

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן אַ העברעיִשער איבערזעצונג פון שלום־עליכמס „מעשׂיות פאַר ייִדישע קינדער״, וואָס האָט געזאָלט אַרײַן אין אַ קינדער־ביבליאָטעק, וואָס ראַווניצקי מיט ביאַליקן האָבן דעמאָלט געהאַלטן בײַ אַרויסגעבן. **„עולם הקטן״** — אַ העברעיִשער וואָכן־זשורנאַל פאַר קינדער, וואָס דער פאַרלאַג „תושיה״ האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן. **„חברבר החצרוני״** — שלום־עליכמס העברעיִשע איבערזעצונג פון „ראַבטשיק״. דער אינדיק פון ניקאָ־לאַיעוו — ראַווניצקי האָט איין מאָל געבראַכט פון ניקאָלאַיעוו קיין אַדעס אַ לעבעדיקן אינדיק, און לכבוד דעם האָט ש״ע געמאַכט אַ קערמעשל, וואָס האָט פאַרשאַפט געלעכטער דער אַדעסער שרײַבערישער משפחה. **בן־אביגדור** (זע הערה צו בריוו 50) איז דעמאָלט געשטאַנען בראש פונעם פאַרלאַג „תושיה״. **ד״ר לוריא** (זע הערה צו בריוו נומ׳ 63) איז דאַן געווען דער רעדאַקטאָר

פון „יוד". בעל־מחשבות, 1873—1924, ליטעראַרישער פסעוודאָנים פון ישראל עליאַשעוו, קריטי־קער פון דער יידישער ליטעראַטור, דעמאָלט אַן אָנפאַנגער.

### צו בריוו נומ' 399

קישעניאָווסקי — וויזט אויס, אַ מאָלער. „בילדונג" — אַ פאַרלאַג פאַר וועלכן ש"ע האָט דעמאָלט אָנגעשריבן „אַ מעשה אָן אַן עק", שפּעטער אַרויס אונטערן טיטל „דער פאַרכישופטער שניידער".

### צו בריוו נומ' 400

ירחמזאָן, ב., 1855—1928 — העברעיש־יידישער שרייבער, געוווינט אין בעלאַיאַ צערקאָוו. דאַליצקי, מנחם־מענדל, 1858—1931, העברעיש־יידישער שרייבער, געוועזן טעטיק ווי אַ חובב־ציון. ד"ר משערני — זע הערה צו בריוו נומ' 226. שדה לבן און שוואַרץ־טומאה — די רעליגיעזע יידן פלעגן ניט וועלן אַרויסרעדן „בעלאַיאַ צערקאָוו", וואָס באַטייט „ווייסער קלויסטער", און האָבן דעם נאָמען פאַרביטן אויף „שדה לבן" — „ווייספעלד" — אָדער „שוואַרצע טומאה". שאַבעלטאַש — אַ גאַרטל אויף צו האַלטן אין אים געלט.

### צו בריוו נומ' 401

חנוכה־בלאַט — געמיינט דעם „יוד".

### צו בריוו נומ' 402

„אויפן פידל" איז נאָך דעם דערשינען אין ביאַליקס העברעישער איבערזעצונג אונטערן נאָמען „עלי כנור".

### צו בריוו נומ' 403

פעברואַר־ביכל — געמיינט „די יודישע פאַמיליע", אַ חודש־זשורנאַל פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפט, וואַרשע, פאַרלאַג „אחיאסף". דערשינען אונטער דער זעלביקער רעדאַקציע וואָס „דער יוד". ערשטער העפט איז אַרויס אין יאַנואַר 1902, דערשינען 12 העפטן. עפּלבערג, העשל, 1861—1927, יידישער שרייבער, געשריבן טעאַטער־דראַמעס, זיין ערשטע פיעסע איז אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער טעאַטער אין 1888, מיט אַדלערן בראָש. מחבר פון יאַרביכער א"ט „עפּפּעלבערגס קאַלענדער".

### צו בריוו נומ' 407

זע בריוו 396.

### צו בריוו נומ' 410

אין דעם בריוו ווערט גערעדט וועגן אַן אויסגאַבע פון שלום־עליכמס ווערק אין פיר בענד, וועלכע איז שפעטער דערשינען אין פאַרלאַג „תושיה". אַ „מעשה אָן אַן עק" איז דעמאָלט אַרויס אין אַ באַזונדער ביכל אין ביאַליסטאָקער פאַרלאַג „בילדונג". „בילעט" — געמיינט די דערציילונג „אַ וויגרישנע בילעט".

### צו בריוו נומ' 411

וועגן דער „פאַמיליע" — „די יודישע פאַמיליע" — זע הערה צו בריוו נומ' 403. „בודושטשנאָסט" — אַ ציוניסטישער וואָכן־זשורנאַל אויף רוסיש, וואָס איז אין יענער צייט אַרויסגעגאַנגען אין פעטערבורג.

### צו בריוו נומ' 413

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן פאַרקויפן שלום־עליכמס ווערק צו אַ וואַרשעווער אַרויסגעבער. אינעם „וויגרישנע בילעט" ווערט דערציילט ווי אַזוי אַ סטודענט, אַ זון פון אָרעמע עלטערן,

שמדט זיך, כּדי אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. מײַן ראָמאַן — געמיינט די דערציילונג „מײַן ערשטער ראָמאַן".

### צו בריוו נומ' 415

**קאָנטראַקטן** — דער גרויסער יאַרמאַרק אין קיִעוו. **באַדריפּעטש** — אַזוי האָט שלום־עליכם אָנגערופן די שטאָט בערדיטשעוו.

### צו בריוו נומ' 416

**מײַן חלום איז אַ חלום** — וועגן אַרויסגעבן אַלע ווערק דורך אַ וואַרשעווער פאַרלעגער. **אַפּריל־ביכל** — „די יודישע פאַמיליע" וואָס דערשײַנט אין אַפּריל 1902.

### צו בריוו נומ' 417

דער בריוו איז געשריבן באַלד נאָך דעם, ווי מ. ספּעקטאָר איז געקומען צו שלום־עליכמען קיין קיִעוו אײַנצולאַדן אים אַלס שטענדיקן מיטאַרבעטער אין די וואָכנבלעטער „די יודישע פאָלקס־צײַטונג" און „די יודישע פרויענוועלט", וואָס בן־אביגדור (דער פאַרלעגער פון „תושיה") האָט שפּעטער מיט עטלעכע חדשים אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין וואַרשע אונטער דער רעדאַקציע פון מ. ספּעקטאָר און ה. ד. הורוויץ. **די חבֿרה וואָס האָבן זיך דערשראָקן** — געמיינט „אַחיאָסף", די אַרויסגעבערס פונעם „יוד", וואָס האָבן זיך צוגעאײַלט אַרויסצושיקן שלום־עליכמען האָנאָראַר טעלעגראַפיש, כּדי צו פאַרענטפערן זייער פריערדיקע אומפּינקטלעכע האַנדלונג קעגן אים, און אויך מיט אַ כּוונה — ער זאָל ניט אַריבערגיין צו די נײַע צײַטונגען, וואָס „תושיה" האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן. **דער יונגער־מאַן** — שלום־עליכמס יינגסטער זון נומאַ, דעמאָלט איין יאָר אַלט.

### צו בריוו נומ' 418

**די פּרעמיע** — אַ פעליעטאָן, געוועזן געדרוקט אינעם ערשטן נומער פון „יודישע פרויענוועלט". **איצט אַרבעט איך ווײַטער פאַר די ערשטע עטלעכע נומערן** — ד"ה פאַר „יודישע פאָלקס־צײַטונג" און „יודישע פרויענוועלט". **וואָס וועט זײַן, אַז זיי וועלן געוואָר ווערן** — אַז שלום־עליכם גייט אַריבער אין די נײַע צײַטונגען (זע הערה צו בריוו נומ' 417). **דאָס „פאַרליבעניש"** — געמיינט דאָס קינד, נומאַ.

### צו בריוו נומ' 419

**קאָבּרין, לעאָן**, 1872—1946, דראַמאַטורג און נאָוועליסט, פון 1892 אין אַמעריקע.

### צו בריוו נומ' 420

**איך שיק אײַך אונדזער פּרצוף** — געמיינט דאָס בילד פון שלום־עליכם און ספּעקטאָר, וואָס איז שפּעטער פּאָפּולער געוואָרן בײַם עולם ייִדיש־לייענערס. אין דער **סעריע פעליעטאָנען** זענען אַרײַן: „פינף און זיבעציק טויזנט", „דער דײַטש", „גימנאַזיע" און אַנדערע. **בעל־הבתּישע ליטעראַטור** — אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג" האָט ש"ע, אַחוץ בעלעטריסטיק, געדרוקט פעליעטאָנען אונטער דעם זעלביקן נאָמען, וווּ ער האָט אויף אַ הומאָריסטישן שטייגער רעצענזירט דעם געוויסן מין ביכער וואָס ווערן געשריבן פון ניט־פּראָפעסיאָנעלע שרײַבערס, נאָר פון „בעלי־בתּים". **די חבֿרה־לײַט** — געמיינט „אַחיאָסף" (זע הערה צו בריוו נומ' 417), וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דעם „יוד".

### צו בריוו נומ' 422

אין אָנהייב פון בריוו שרײַבט ש"ע וועגן דער אַרבעט וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, ד"ה צוגרייטן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן ייִדישע שרײַבערס פאַר גאַרקיס זאַמלבוך.

### צו בריוו נומ׳ 423

אין אָנהייב בריוו רעדט זיך וועגן דעם **פּראָספּעקט**, פון „יודישע פאָלקס־צײַטונג״ און „יודישע וועלט״, וועלכן ש״ע האָט נאָך אַלץ ניט באַקומען. **בײדע פּאַרלאַגן** — געמיינט „אַחיאָסף״ און „תושיה״. **די קאַפּיטלעך** וואָס געפינען זיך בײַם איבערשרײַבער זענען פונעם ראָמאַן „ווער ווייסט״.

### צו בריוו נומ׳ 424

**ד״ר יוסף לוריא** איז דעמאָלט געווען דער רעדאַקטאָר פונעם „יוד״ און **שפּעטער** רעדאַקטאָר פון פעטערבורגער „דער פרײַנד״ און פון דעם ווילנער וואָכנבלאַט „דאָס יודישע פאָלק״. **ספּעקטאָרס האַנדלונג** — ספּעקטאָר איז אַוועק פון „אַחיאָסף״ צו גרינדן אַ נײַע צײַטונג.

### צו בריוו נומ׳ 425

**בעל־הבתישע ליטעראַטור** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 420. **און „זיי״ וועלן פירן רכילותן** — געמיינט די אַרויסגעבערס פונעם „יוד״. **די מודעה** — געמיינט דעם פּראָספּעקט וועגן די נײַע צײַטונגען. **פּעקלעך און רײַזע־בילדער** — בײדע סעריעס, זענען שפּעטער געגאַנגען אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג״. **די בילדער און ביאָגראַפיעס** — פון ספּעקטאָרן און דוד פּינסקי, פאַר גאַרקיס געפּלאַנטן זאַמלבוך פון ייִדישע שרײַבערס.

### צו בריוו נומ׳ 427

**קאַפּלאַן** איז געווען דער הויפּט־פּרוואַלטער פון „אַחיאָסף״. **די מעקלערס** — געמיינט די וואָס האָבן פאַרגעלייגט, אַז „תושיה״ זאָל אָפּקויפן דעם „יוד״ און פאַראייניקן אים מיט „יודישע פאָלקס־צײַטונג״. **דאָס טאָגבוך** — אַ קוריאָזע לעבנס־באַשרײַבונג פון אַ וואָלינער ייִדן, אַ בעל־הבית, וואָס ש״ע האָט רעצענזירט אין דער „פאָלקס־צײַטונג״. **דאָס קליינע באַשעפעניש** — שלום־עליכמס ייִנגסטער זון נומאַ, דעמאָלט אַ יאָר אַלט.

### צו בריוו נומ׳ 428

**אי דאָ, אי דאָרטן** — געמיינט אי אינעם „יוד״, אי אין דער „פאָלקס־צײַטונג״. אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען, צום „אייניקל צום שטיפער״ האָט זיך מענדעלען מוכר־ספרים, דעם אַלטן „זיידן״, דעמאָלט שוין בײַ די זיבן און זיבעציק, פאַרגלוסט אַ שטיף צו טאָן און ער האָט אויסגעצירקלט אַ בריוול מיט אַזעלכע קליינע פערלדיקע אותיות, וואָס מען קאָן זיי לייענען נאָר דורך אַ שפּאַקטיוו. דעם „אייניקל״ איז דעם „זיידנס״ אײַנפאַל שטאַרק געפעלן, האָט ער אים אָפּגעענטפערט אויך מיט אַזאַ מין בריוול, נאָר געשריבן מיט אַזעלכע פּיצינקע אותיותלעך, קעגן וועלכע דעם זיידנס דאַרפן זיך שעמען... דערבײַ האָט ער צוגעלייגט אַ כתב־ידל ווי אַ „פּרעמיע״ — דאָס באַרימטע ליד „אחותי רוחמה״ פון יהודה לייב גאָרדאָן, געשריבן אויף אַ קליין שטיקל פּאַפּיר מיט פיאָלעט־טינט און קליינע געטאָקטע קאַליגראַפישע אותיותלעך. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ש״ע אַרויסבאַקומען פון מענדעלען זײַן בריוו און האָט אים אַרויפגעקלעפּט צוזאַמען מיט מענדעלעס בריוו, און מיטן שיר „אחותי רוחמה״, אויף אַ טאָוול, צו באַווײַזן פאַר די קומענדיקע דורות, ווי אַזוי מען האָט אַ מאָל בײַ ייִדן געשריבן ייִדיש־כתב.

### צו בריוו נומ׳ 430

**מײַן פעליעטאָן** — געמיינט דעם פעליטאָן, וואָס איז געווען געדרוקט אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג״, אינעם ערשטן נומער, אונטערן טיטל: „שלום־עליכם — אַ הומאָריסטישער דיאַלאָג צווישן שלום־עליכם און דעם לעזער לכבוד דער דערשײַנונג פון דער נײַער צײַטונג״.

### צו בריוו נומ׳ 432

**ראָזעט** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 391. **יודן און „יודן״** — אַ צווייד־טײַטיקער וויץ: געמיינט די ייִדישע אומפּינקטלעכקייט בכלל, און די אומפּינקטלעכקייט פון די אַרויסגעבערס פונעם „יוד״ בפרט. **צווישן שטעט און שטעטלעך** — געמיינט די פעליעטאָן־סעריע וואָס מ. ספּעקטאָר האָט געדרוקט אין די ייִדישע צײַטונגען אונטערן טיטל „ייִדישע שטעט און שטעטלעך״, אונטערן

פסעוודאָנים „אמת". הורוויץ, חיים־דוב, 1865—1927, ד"ר פון סאָציאָלע וויסנשאַפטן, געווען פובליציסטישער רעדאַקטאָר פון „יודישע פאָלקס־צײַטונג".

### צו בריוו נומ' 436

מײַן לעצטער בריוו צו דער חברה — געמיינט „אַחיאָסף", די אַרויסגעבערס פון „דער יוד".

### צו בריוו נומ' 437

דער דאָזיקער בריוו איז נוגע אָן אַרטיקל אין „דער יוד" פון יענע טעג, אין וועלכן עס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, צווישן אַנדערע, עטלעכע באַליידיקנדיקע באַמערקונגען וועגן שלום־עליכמס שרײַבן. ש"ע וואָס האָט דעמאָלט פאַרענדיקט זײַן מיטאַרבעט אין „יוד" און באַשלאָסן אַריבערגיין צו דער נײַ־געגרינדעטער „פאָלקס־צײַטונג", האָט אין דעם פאַקט וואָס אַזאַ אַרטיקל איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער צײַטונג, ווו ער איז געווען דער הויפט־מיטאַרבעטער, דערזען אַ באַזונדערע כוונה קעגן אים מצד די אַרויסגעבערס פונעם „יוד". אימפעריאַלן — גאָלדענע רוסישע מטבעות.

### צו בריוו נומ' 438

שלום־עליכם האָט זיך דעמאָלט געקליבן אַרויסצופאָרן אין דער פּראָווינץ אין די אינטערעסן פון דער „פאָלקס־צײַטונג" און האָט פאַרלאַנגט פון דער רעדאַקציע אַ באַשטעטיקונג אויף רוסיש, אַז ער איז איר מיטאַרבעטער. באַשעפעניש — געמיינט שלום־עליכמס ייִנגסטן זון, וועמענס בילד ש"ע האָט געשיקט צו ספעקטאָרן צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן בריוו. קרעשטשאַטיק — צענטראַלער שטאָטפּלאַץ אין קיִעוו.

### צו בריוו נומ' 439

קאַפּלאַן אלעזר — זע הערה צו בריוו נומ' 427. ליובאַרסקי — אַברהם אליהו לובאַרסקי — זע הערה צו בריוו נומ' 79. סקאָמאָראָווסקי — זע הערה צו בריוו נומ' 217.

### צו בריוו נומ' 441

בן־אביגדור — זע הערה צו בריוו נומ' 50.

### צו בריוו נומ' 443

די בין — אונטער דעם דאָזיקן פסעוודאָנים האָט י. ל. פּרץ געשריבן אין „יוד" דעם פעליעטאָן „ייִדישע שטעט און שטעטלעך", וואָס איז פריִער געשריבן געוואָרן אינעם זעלבן „יוד" פון מ. ספעקטאָר אונטערן פסעוודאָנים „אמת".

### צו בריוו נומ' 445

אינעם נומער 2 — געמיינט: „יודישע פאָלקס־צײַטונג". „בעל־הבתּישע ליטעראַטור" — זע הערה צו בריוו נומ' 420.

### צו בריוו נומ' 446

זשיזאָטנע באַשעפעניש — שלום־עליכמס ייִנגסטער זון. דער וויץ איז וועגן אַ קאַפּעלירש, וואָס ספעקטאָר האָט פאַרגעסן בײַ שלום־עליכמען, ווען ער איז דאָרט געווען צו גאַסט. שאַטאָ דע פלאָר — אַ זומער־קאַבאַרעט אין קיִעוו.

### צו בריוו נומ' 450

הענעך עיברי — אַ באַהוסלאַוווער ייִד, געהאַט אַ ברודער אין בעלאַיאַ צערקאָוו, וועלכער פלעגט לײַען גמילות־חסדים בײַ אַן אָרטיקן גלח. אָט דער הענעך עיברי, זײַן ברודער, און איידעם קרעמענטשוצקי (זע בריוו נומ' 459) זענען, ווײַזט אויס, געווען די פּראָטאָטיפּן פון שלום־עליכמס „75 טויזנט".

## צו בריוו נומ׳ 452

די ערשטע צוויי נומערן — געמיינט „יודישע פאָלקס־צײַטונג" און „יודישע פּרויענוועלט". דאָס ליד איז דאָרטן ניט געדרוקט געוואָרן.

## צו בריוו נומ׳ 454

דער בריוו איז געשריבן פון ווענ. ש"ע האָט דעמאָלט געמאַכט אַ קורצע רײַזע איבער ייִדישע שטעט און שטעטלעך לטובת דער „פאָלקס־צײַטונג". די „בריוו פון וועג" וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „פאָלקס־צײַטונג" האָט ש"ע שפּעטער באַאַרבעט אינעם מאָנאָלאָג „דריטע קלאַס" (דעם ערשטן בריוו). קאָנגרעס — געמיינט דעם ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין מינסק, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען.

## צו בריוו נומ׳ 459

חיים קרעמענטשוצקי — זע הערה צו בריוו נומ׳ 450.

## צו בריוו נומ׳ 460

דער בריוו איז געשריבן אויף אַ בלאַנק פון שפּיטאָל. טיסי — שלום־עליכמס עלטסטע טאָכטער. נאַטאַשאַ (מאַזאָר) — שלום־עליכמס פּלימעניצע. רויטער ממזר — אַזוי האָט שלום־עליכם, בדרך־הלצה, גערופן ראַוווניצקין. ספר הזכרון לסאָקאָלאָוו — געמיינט נחום סאָקאָלאָווס לעקסי־קאָן פון ייִדישע שרײַבערס, אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י"ה, צונויפגעשטעלט לויטן זכרון. יענעם זומער האָט מען געפּײַערט י. ל. פּרצעס יובילײ און זײַן ביאָגראַפיע איז געדרוקט געווען אין די צײַטונגען.

## צו בריוו נומ׳ 462

„אתרוגים — געדרוקט אונטערן נאָמען „דער טויטער אתרוג". עס טוט זיך בײַ מיר אַ גרויסע זאַך — ש"ע האָט דעמאָלט געהאַט אַ האָפענונג צו באַקומען, דורך פּראָטעקציע, אַ דערלויי־בעניש פון דער רוסישער רעגירונג אַרויסצוגעבן אין וואַרשע אַ טעגלעכע ייִדישע צײַטונג.

## צו בריוו נומ׳ 463

צײַטלין, אַרנאָלד יאַקאָוולעוויטש, „דער געלערנטער ייִד אין קיִעוו", איז דאַן געווען באַלעבאָס פון דער ביבליאָטעק „יודאיק".

## צו בריוו נומ׳ 464

דאָס „סוכּות־בלאַט" — געמיינט: פון דער „פאָלקס־צײַטונג". רײַסטער פון אַלע ווערק — די אַרויסגעבערס פון „יודישע פאָלקס־צײַטונג" („תּושיה") האָבן דעמאָלט אויפגענומען דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן אַלע ווערק פון ש"ע אין 4 בענד, ווי אַ בײַלאַגע צו דער צײַטונג. נאָך אַ „פעקל" — אונטער דעם טיטל „פּעקלעך" האָבן זיך געדרוקט אין „פאָלקס־צײַטונג" שלום־עליכמס מאָנאָלאָגן. קאַפּיטלעך פונעם ראָמאַן — געמיינט „ווער ווייסט?" די קאָמעדיע „מאיר שאַלאַנט" האָט ש"ע שפּעטער אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „צעזייט און צעשפּרייט".

## צו בריוו נומ׳ 465

צוליב זייער אינטימער פרײַנדשאַפט אין ליטעראַרישן לעבן האָט שלום־עליכם שפּאַסיק אָנגערופן ספּעקטאָרן „זוגתי". ווײַזט אויס, אַז ספּעקטאָר האָט געהאַט פאָרגעלייגט שלום־עליכמען, זיי זאָלן פאַרברענען די קאָרעספּאָנדענץ פון איינעם צום צווייטן. „וואָלין" — זשיטאָמירער רוסישע צײַטונג.

## צו בריוו נומ׳ 466

„פרײַנד" — ס'איז דעמאָלט אָנאָנסירט געוואָרן אין דער פּרעסע, אַז די רוסישע רעגירונג האָט דערלויבט אַרויסצוגעבן אין פּעטערבורג דעם „פרײַנד", די ערשטע טעגלעכע צײַטונג אויף

יִידיש אין רוסלאַנד. **פרידמאַן, א.** — אַרויסגעבער פון דער טעגלעכער העברעיִשער צײַטונג אין וואַרשע, „הצופה".

### צו בריוו נומ' 467

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן דער אײַנלאַדונג וואָס ש"ע האָט דעמאָלט באַקומען פון **שאול גינזבורג** (זע הערה צו בריוו נומ' 395), דעם רעדאַקטאָר פונעם „פרײַנד", ער זאָל ווערן אַ מיטאַרבעטער פון דער נײַ־געגרינדעטער צײַטונג. לויט אַ פּונקט אינעם אָפּמאַך מיטן אַרויסגעבער פון „יודישע פאָלקס־צײַטונג" **בן־אביגדור** (זע הערה צו בריוו נומ' 50) האָט ש"ע ניט געטאָרט שרײַבן פאַר אַן אַנדער צײַטונג. זײַן געהאַלט אין דער „פאָלקס־צײַטונג" איז געווען אַ נישטיקער און ער האָט דאַן געלעבט אין גרויס דחקות. אויף דעם קלאָגט ער זיך אינעם בריוו צו ספּעקטאָרן, וועלכער האָט אים אַרײַנגעצויגן אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג".

### צו בריוו נומ' 469

**י. ח. ראַווניצקי** האָט אין יענער צײַט געעפנט אַ בוכהאַנדלונג, באַגריסט אים ש"ע מיט דער **קראָם. פאַיע** — פרוי פאַלינקאָווסקי, אַ פרײַנד פון שלום־עליכמס פאַמיליע (אין די שפּעטערדיקע יאָרן פרוי ראַווניצקי). **יעהופּעץ** — געמיינט קיִעוו. **העלפט מיר שרײַבן** — געמיינט: איבער־שרײַבן מאַנוסקריפּטן.

### צו בריוו נומ' 470

**מ. ספּעקטאָר** איז דאַן געווען דער פאַקטישער רעדאַקטאָר פון „יודישע פאָלקס־צײַטונג". **„מאַשקעלע גנב"** איז דאָרט געדרוקט אין די נומערן 19־22, 24־26 פאַרן יאָר 1903.

### צו בריוו נומ' 471

**„בוג"** — געמיינט „ערב פסח איבערן בוג", געדרוקט אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג", נומ' 15, 16, 1903 (שפּעטער באַטיטלט „אויף פסח אַהיים"). **אַ מין בוג** — געמיינט די דערציילונג „גרינס אויף שבועות", געדרוקט אין נומ' 23 פאַרן זעלביקן יאָר. **„באַשעפעניש"** — געדרוקט אין „פרײַנד", נומ' 76, 77 פאַרן 8־9טן אַפּריל 1903. **די לידלעך שיק** — לויט ספּעקטאָרס פאָרשלאָג האָט ש"ע גענומען אויף זיך צו רעדאַגירן די לידער, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג".

### צו בריוו נומ' 472

**מעשביין** — אַ קיִעווער תושב.

### צו בריוו נומ' 473

**קאָראָלענקאָ**, וולאַדימיר ג., 1853—1921, רוסישער שרײַבער, הומאַניסט, עפנטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן בייליס־פּראָצעס. **זײַן ענטפער**: „17 יוני 1903. דערווײַלע קומט אויס זיך צו באַגרענעצן מיט דערלויבן אָפּצודרוקן די קאַפּיטלען פונעם בלינדן מוזיקאַנט אין אײַער איבערזעצונג. אײַער אײַנלאַדונג טרעפט מיך אין אַזאַ מינוט, ווען איך קאָן אַבסאָלוט גאָרניט צוזאָגן עפּעס וואָס נײַס — איך קאָן זיך קוים ספּראַווען מיט דעם, וואָס עס שטייט פאַר אויפצוטאָן אין דער נאָענטער צײַט. וואָס זאָל מען זאָגן וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם? עס דאַכט, אַז דאָ קאָנען ניט זײַן קיין צוויי מיינונגען. אַלע דאַרפן זיך צונויפגיסן אין איין געפיל. דאָס איז עפּעס אַ סטיכישע דערוואַכונג פון ווילדע איבערלעבונגען, וואָס רײַסט אַדורך ווי אַ ווולקאַנישער אויסבראַך די דינע קאָרע פון אונדזער קולטור. שוין לאַנג האָב איך ניט איבערגעלעבט אַזעלכע שווערע מינוטן, ווי אין די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין קעשענעוו. איך ווינטש דערפאָלג אײַער זאַמלונג. וול. קאָראָלענקאָ". קאָראָלענקאָ האָט שפּעטער אָנגעשריבן אַ גרויסע פאַרצייכענונג וועגן די קעשענעווער געשעענישן אונטערן נאָמען „דאָס הויז נומ' 13". ער האָט דאָס אָבער לאַנג, צוליב צענזור־טעמים, ניט געקאָנט פאַרעפנטלעכן, און זי איז דערשינען ווי אַ

באַזונדערע בראָשור ערשט אין יאָר 1905. שפּעטער איז די פאַרצייכענונג, ווי אויך אַנדערע אַרטיקלען וועגן דער ייִדן־פראַגע, אַרײַן אינעם 9טן באַנד פון קאָראָלענקאָס געזאַמלטע ווערק (מאַרקס־אויסגאַבע פאַרן יאָר 1914).

### צו בריוו נומ׳ 474

נאָך דעם ווי די ערשטע דרײַ אַקטן פון „צעזייט און צעשפּרייט" זײַנען שוין געווען אָפּגעדרוקט, האָט שלום־עליכם אָנגעשריבן אַ פערטן אַקט און אָפּגעדרוקט אינעם נומ׳ 30 פון דער „יודישע פאָלקס־צײַטונג" פאַרן יאָר 1903, מיט אַ באַמערקונג, אַז עס דאַרף גיין נאָכן צווייטן אַקט און דער דריטער אַקט דאַרף זײַן דער פערטער. מיטן לאָדזשער טעאַטער האָט עס ש"ע געמיינט פּישזאָנען (זע הערה 305), וועלכער האָט פאַרשונדעוועט שלום־עליכמס „מנחם־מענדל". קעגן דער דאָזיקער הפקרות איז שלום־עליכם אַרויס מיט אַן אָפֿענעם בריוו אין „פרײַנד" („דער פרײַנד", 1903, נומ׳ 266); **האָכבערג, שאול,** 1870—1942, געדרוקט אַרטיקלען אין ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן. 1906 אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אַ וואָכנבלאַט „פרײַטאָג". 1907 געוואָרן דער אַרויסגעבער פון דער טאָגצײַטונג „אונזער לעבן", וואַרשע. אין 1912 אַריבערגעפירט די צײַטונג קיין אָדעס; דערשינען ביז 1917.

### צו בריוו נומ׳ 475

**קליינמאַן, משה,** 1870—1948, העברעיִש־ייִדישער פּובליציסט. איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון ערשטן קהילות־צוזאַמענפאָר אין רוסלאַנד נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917. צוזאַמען מיט ח. נ. ביאַליק און אַ גרופּע העברעיִשע שרײַבערס פאַרלאָזן ראַטן־רוסלאַנד אין 1921. דער בריוו איז אַן ענטפער אויף קליינמאַנס אַן אַרטיקל „פילוקסריה ספרותית", וווּ ער באַשולדיקט שלום־עליכמען פאַר זײַן „גאַנץ בערדיטשעווו", וואָס האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אינעם „יוד": „ווי נעמט מען זיך עס צו אָפּשפּאַטערײַ פון ייִדן, ווען ייִדן זײַנען אַזוי אויף צרות..." **פילאָקסערע** — אַ ווערעמל וואָס שעדיקט ווײַנטרויבן. **מאַרשאַלעק** (מאַרשעליק) — אַ בדחן, וואָס פלעגט זאָגן „גראַמען אויף ייִדישע חתונות. „**הונדערט איינס**" — געדרוקט אין „הילף", 1903, זז׳ 37־47.

### צו בריוו נומ׳ 476

**טשערטקאָוו, וולאַדימיר גריגאָריעוויטש,** 1854—1936 — פּובליציסט און פאַרלעגער, נאָענטער פרײַנד און מיטאַרבעטער פון ל. נ. טאָלסטאָי. **מאָאָד,** עלמער (אַלעקסיי פראַנצאָוויטש), 1858—1938 — דער איבערזעצער אויף ענגליש און פאַרלעגער פון ל. נ. טאָלסטאָיס ווערק אין ענגלאַנד. **בולאַנזשע,** פאַוועל אַלעקסאַנדראָוויטש, 1865—1925 — איינער פון ל. נ. טאָלסטאָיס אָנהענגערס, אָנגעשריבן אַ ריי אַרטיקלען וועגן אים. אָנגעפירט אין מאָסקווע מיט טאָלסטאָיס פאַרלעגערישע ענינים.

### צו בריוו נומ׳ 478

**שאַליק,** אויגוסט קאַרלאָוויטש, 1857—1923, ליטעראַט — איבערגעזעצט אויף דײַטש די ווערק פון רוסישע שרײַבערס (ל. נ. טאָלסטאָי, א. נ. אָסטראָווסקי, אַ. פּ. טשעכאָוו, א. מ. גאָרקי און אַנדערע).

### צו בריוו נומ׳ 481

אין יאָר 1903 האָט דער פאַרלאַג „תושיה" אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן שלום־עליכמס ווערק ווי אַ בײַלאַגע צו דער וואָכן־צײַטונג „יודישע פאָלקס־צײַטונג". ראַווניצקי האָט זיך דעמאָלט געהאַט אונטערגענומען אָנצושרײַבן שלום־עליכמס ביאָגראַפיע און שפּעטער זיך אָפּגעזאָגט פון דעם. דובנאָווס רעצענזיע (אונטערגעשריבן „קריטיקוס") וועגן „מעסערל" איז געווען געדרוקט אין „וואָסכאָד", 1887, בוך 7.

**צו בריוו נומ' 482**
**לעווענפעלד,** ראַפאַיל, 1854—1910, דײַטשישער געלערנטער־סלאַוויסט, ליטעראַטור־קריטיקער — ל. נ. טאָלסטאָיס איבערזעצער אויף דײַטש.

**צו בריוו נומ' 486**
אַ רײַ דאַטעס, וועלכע ש״ע ווײַזט דאָ אָן, זײַנען ניט פּינקטלעך, ווײַזט אויס, אַז ער האָט עס געשריבן על־פּי זכּרון. למשל: זײַן ערשטע דערציילונג „צוויי שטיינער״ איז געדרוקט ניט אין מײַ, ווי ער גיט אָן, נאָר אין יולי; „די יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטהעק״ האָט ש״ע אַרויסגעגעבן ניט אין די יאָרן 1887—1888, נאָר אין 1888—1889. וועגן שלום־עליכמס ליבע צו גאָגאָלן דערציילט דער שרײַבער אָשר ביילין, וועלכער איז געווען אין 1903 אַ סעקרעטאַר בײַ שלום־עליכמען: „גאָגאָלס ווערק האָבן אַרויסגעקוקט פון ביכערשאַנק... און געלעגן אויפֿן טיש, גאָגאָלס בילד איז געהאָנגען אויפן וואַנט און וווּ עס זענען געלעגן זײַנע כּתבים, האָט געטראָגן דעם נאָמען 'גאָגאָלס קעסטל'". **סוויפט,** דזשאָנאַטאַן, 1667—1745 — ענגלישער ליטעראַטור־קלאַסיקער. **טעקערײ,** וויליאַם, 1816—1863 — ענגלישער ליטעראַטור־קלאַסיקער.

**צו בריוו נומ' 487**
די דערציילונג „לאַטקעס של חנוכּה" האָט ש״ע געווידמעט ספּעקטאָרן מיט אָט דעם נוסח: „אַ געטרײַען חבר און אַן אמתן גוטן פֿרײַנד 'אמת' שענקט אַ מתּנה לכבוד חנוכּה דער מחבר". „אמת" — מ. ספּעקטאָרס פּסעוודאָנים פֿאַר פּובליציסטישע פֿעליעטאָנען.

**צו בריוו נומ' 494**
**„דער טאָג"** — טעגלעכע יידישע צײַטונג, דערשינען אין פּעטערבורג, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ל. א. ראַבינאָוויטש. נומ' 1 — 1טער יאַנואַר 1904, זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן נומ' 149, 30סטן יוני 1904. דעם 28סטן יוני 1905 אָנגעהויבן דערשײַנען אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע פון ראַבינאָוויטש און לערנער. **„פֿאָלקסצײַטונג"** — געמיינט: „יודישע פֿאָלקס־צײַטונג", וואַרשע 1902—1903; רעדאַקטאָרן: מ. ספּעקטאָר, ד״ר הורוויץ, מ. דויטשער. פון נומ' 3 (צווייטער יאָרגאַנג) אונטער דער רעדאַקציע פון מ. ספּעקטאָר. לעצטער נומער דערשינען אין דעצעמבער 1903. **זאַבלודאָווסקי,** נח — זע הערה צו בריוו נומ' 89.

**צו בריוו נומ' 495**
**נח זאַבלודאָווסקי** (זע הערה צו בריוו נומ' 89) איז אין יענער צײַט געווען אַ פֿאַרשטייער פון נײַ־געשאַפֿענעם „דער טאָג" אין פּעטערבורג. **בחדר״ג** (בחרם דרבנו גרשון) — געמיינט: דאָס איז אַ סוד, אַז מגלה זײַן אים איז באַדראָט מיטן חרם.

**צו בריוו נומ' 496**
אינעם בריוו גייט אַ רייד וועגן „הערצלס מישפּט, אַ טראַגעדיע אין דרײַ אַקטן" פון אמת (מ. ספּעקטאָר), געדרוקט אין „דער טאָג", 26/1 1904, נומ' 21. **מאַנדריש** — אַ העלד פון „פּורים־שפּיל".

**צו בריוו נומ' 497**
שלום־עליכם און ספּעקטאָר האָבן געשריבן גלײַכצײַטיק פֿאַר „דער פרײַנד" און „דער טאָג", פון וואָס די אַרויסגעבערס פון „פרײַנד" זענען געווען ניט צופֿרידן. **„אַ בעל־מלאָכה"** — מיט אָט דעם פּסעוודאָנים האָט ש״ע אונטערגעשריבן זײַנע קאָרעספּאָנדענצן פון קיִעוו, וואָס ער האָט געדרוקט אין „דער פרײַנד".

**צו בריוו נומ' 503**
**שטיינבערג,** יהודה, 1863—1908, העברעיִש־יידישער פּראָזאַיִקער, פּאָעט און פֿאַבוליסט — אין

1902—1903 געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „יודישע פאָלקס־צײַטונג". **אַש, שלום**, 1880—1957, ייִדישער שרײַבער, ראָמאַניסט און דראַמאַטורג.

### צו בריוו נומ' 504

„**האָדל**" האָט זיך דאָן געדרוקט אין „**דער פרײַנד**", 1904, נומ' 193, 194.

### צו בריוו נומ' 506

אין דעם בריוו רעדט דאָ, ווײַזט אויס, ש"ע וועגן דער רעדאַקציע פון „**פרײַנד**". ש"ע איז דאַן געפאָרן אין פעטערבורג וועגן גרינדן אַ ייִדישע טעגלעכע צײַטונג.

### צו בריוו נומ' 507

„**איש יהודי**" — ל. ראַבינאָוויטש, דער רעדאַקטאָר פונעם „טאָג". **מיניסטער סוו. מיר.** — פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי דער דעמאָלטיקער אינער־מיניסטער. אינעם בריוו רעדט זיך וועגן איבער־פירן דעם „טאָג" קיין ווילנע. פון דעם איז אָבער גאָרניט געוואָרן.

### צו בריוו נומ' 510

**מאָרעק** — געמיינט: אָרנשטיין, מאַרק, 1878—1942, ייִדיש־פוילישער שרײַבער־דראַמאַטורג און רעזשיסאָר — איבערגעזעצט אויף פויליש שלום־עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט" פאָרן פוילישן טעאַטער אין וואַרשע.

### צו בריוו נומ' 511

שלום־עליכם האָט דעמאָלט ניט געהאַט קיין הוצאות־הדרך קיין וואַרשע.

### צו בריוו נומ' 513

אין יענער צײַט האָט ש"ע מיטגעאַרבעט אין דער וואַרשעווער טעגלעכער צײַטונג „דער וועג". **איפּפּאַ** — א. איפּנא, אַרויסגעבער פון וואַרשעווער „דער טאָג". **לעווי** — געמיינט דעם אַרויס־געבער פונעם „פּעטערבורגער פאָלקס־בלאַט" פון די אַכציקער יאָרן (זע הערה צו בריוו נומ' 216). **בן כּץ**, 1875—1958 — אַזוי האָט שלום־עליכם, בדרך לצנות, גערופן דעם רעדאַקטאָר פון „הזמן" בן־ציון כּץ.

### צו בריוו נומ' 514

**ד"ר מאָריס פישבערג** — אַ באַקאַנטער מעדיקער אין ניו־יאָרק, שלום־עליכמס אַ גוטער פרײַנד, האָט מיטגעהאָלפן שלום־עליכמען נאָך די פּאָגראָמען קומען קיין אַמעריקע. בעת זייער ערשטער באַגעגעניש אין וואַרשע האָט מ. פישבערג גענומען אויף זיך צו באַזאָרגן אין די ניו־יאָרקער טעאַטערס שלום־עליכמס פּיעסעס.

### צו בריוו נומ' 515

דער בריוו איז געשריבן נאָך דעם באַוווּסטן קיִעווער פּאָגראָם פון 18טן אָקטאָבער 1905.

### צו בריוו נומ' 517

דער פּעטער „**פּיניע**" — געמיינט: יאַפּאַן; דער פּעטער „**מענדל**" — געמיינט: דער בערלינער באַנקיר מענדעלסאָן.

### צו בריוו נומ' 518

די פּיעסע „דער לעצטער קרבן" איז אין ערגעץ ניט אויפגעפירט געוואָרן און ניט געדרוקט געוואָרן. דער אָריגינאַל איז, ווײַזט אויס, פאַרפאַלן געוואָרן.

### צו בריוו נומ׳ 520

שרהזאָן, יחזקאל, 1863—1933 — דער אַרויסגעבער פון די אַמעריקאַנער ייִדישע צײַטונגען „יודישעס טאַגעבלאַט" און „יודישע גאַזעטטען".

### צו בריוו נומ׳ 521

ריטשאַרדס, בערנאַרד גרשון, 1877—1971, ענגליש־ייִדישער זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר פון באָסטאָנער „איזראַעליט".

### צו בריוו נומ׳ 524

„דעם בלינדן חזנס טאָכטער" — דער אַרויסגעבער האָט גענומען נאָר אַ טייל פון שלום־עליכמס אַן אַלטן פעליעטאָן און אַרויסגעגעבן ווי אַ באַזונדער ביכל, אונטער דעם משונהדיקן נאָמען.

### צו בריוו נומ׳ 525

„האַפּענונג" — אונטער דעם נאָמען האָבן די אַדעסער שרײַבערס געוואָלט אַרויסגעבן אַ טעגלעכע צײַטונג. „דער אורח" — געווען געדרוקט יענעם פּסח אין ווילנער „צײַט".

### צו בריוו נומ׳ 526

שלום־עליכם רעדט דאָ וועגן פרצעס איבערזעצונג פון ביאַליקס „משא נמירוב", וואָס האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אין „דער וועג". ש"ע האָט געהאַלטן אַז פרץ האָט מיט זײַן איבערזעצונג פאַרקריפּלט ביאַליקס פּאָעמע. שפּעטער האָט ביאַליק אַליין איבערגעזעצט זײַן „משא נמירוב" אויף ייִדיש אונטערן נאָמען „אין שחיטה־שטאָט".

### צו בריוו נומ׳ 528

דער בריוו איז געשריבן צוויי וואָכן נאָך דעם ווי שלום־עליכם איז צום ערשטן מאָל געקומען אין אַמעריקע.

### צו בריוו נומ׳ 529

אין דעם בריוו ווערט גערעדט וועגן דעם 50־יאָריקן ליטעראַרישן יובילײ פון מענדעלע מוכר־ספרים, צו וועלכן די ייִדישע שרײַבערס אין אַדעס האָבן געוואָלט שאַפן אַ פאָנד אויף אַרויס־צוגעבן אַלע מענדעלעס ווערק אין העברעיִש און אין ייִדיש. זיי האָבן געשריבן צו שלום־עליכמען ער זאָל פאַר דעם צוועק מאַכן פּראָפּאַגאַנדע אין אַמעריקע. דעם 18טן דעצעמבער האָט ש"ע אָפּגעדרוקט אַ ווענדונג אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע צו די ייִדישע שרײַבערס, מע זאָל לכבוד דעם ייִדנס יובילײ אָרגאַניזירן אַ פײַערלעכן אָוונט אין ניו־יאָרק און העלפן דערבײַ שאַפן דעם יובילײ־פאָנד. מאָריס ראָזענפעלד איז דעמאָלט געווען קראַנק און ש"ע האָט אויפגעפאָדערט דעם עולם, מען זאָל אים העלפן אין זײַן נויט. אַבֿרהם אליהו — געמיינט לובאַרסקי, אַ. (זע הערה צו בריוו נומ׳ 79). סאַפּירשטיין, יעקב — דער ערשטער אַרויסגעבער פונעם „מאָרגענזשורנאַל" און „אַמעריקאַנער".

### צו בריוו נומ׳ 530

לעווין, שמריהו, 1867—1935, ציוניסטישער טוער און העברעיִש־ייִדישער פּובליציסט און עסייִסט. מאָסליאַנסקי און באַראַנדעס — זע הערה צו בריוו נומ׳ 79. מילער, לואיס, 1866—1927 — סאָציאַליסטישער אַרבעטער־טוער, רעדנער און זשורנאַליסט. ברונאָף (ברונאָוו), פּלאַטאָן, 1859—1924 — קאָמפּאָזיטאָר, דיריגענט און זאַמלער פון ייִדישע פאָלקס־מעלאָדיעס.

### צו בריוו נומ׳ 532

שלא לפי ערכם — געמיינט „שירתנו הצעירה", וואָס ביאַליק האָט דעמאָלט געדרוקט אין „השלוח".

### צו בריוו נומ׳ 533

די טאָגצײַטונג „אונזער לעבען" האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אין װאַרשע אָנהייב 1907. די אַרויסגעבערס זײַנען געווען ש. האָכבערג (1870—1942) און זײַן שוועער ווײַנטרויב. דער רע־דאַקטאָר — מ. ספּעקטאָר. ש״ע האָט מיטגעאַרבעט אין דער צײַטונג איבער אַ יאָר צײַט. ער האָט דאָרטן געדרוקט דעם „מבול" (געדרוקט גלײַכצײַטיק אין ניו־יאָרקער „וואַרהייט").

### צו בריוו נומ׳ 534

קאַססעל (קאַסעל), דוד, 1881—1935, פּראָזאיקער, פּאָעט, קינדער־שרײַבער און איבערזעצער. אַרויסגעגעבן לערנביכער און כרעסטאָמאַטיעס פאַר יידישע שולן.

### צו בריוו נומ׳ 535

דער בריוו איז געשריבן נאָך דעם ווי ש״ע איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע אין זשענעווע, ווו ער איז פאַרבליבן וווינען מיט זײַן פאַמיליע ביז זומער 1908. „דזשואיש וואָרלד" (לאָנדאָן) האָט געהאַט אַ יידישע אָפּטיילונג. דעם זיידן באַזוכן — מענדעלע מוכר־ספרים האָט דעמאָלט געלעבט אין זשענעווע.

### צו בריוו נומ׳ 537

ראַווניצקי האָט צוגעשיקט שלום־עליכמען מאַפּוס „אהבת־ציון" אין דער באַאַרבעטונג פון י. ח. טביוב (1858—1920). בײַ דער געלעגנהייט האָט ש״ע אויסגעזידלט טביובן וועלכער האָט זיך באַרימט: „מעולם לא טנפתי את עטי בז׳רגון", אָבער אין ווילנער „צײַט" האָט ער יאָ געשריבן יידיש.

### צו בריוו נומ׳ 538

דער בריוו איז געשריבן אויף אַ פּאָטאָ־קאַרטל פון די שווייצאַרישע בערג, וואָס שטעלט פאָר ווי פיר פערזאָנען קלעטערן אויף גלעטשערס. ש״ע האָט דעם שמועס צווישן די פיר שרײַבערס אָנגעשריבן אויפן בילד, דערבײַ האָט ער דעם וואָס שטייט אויפן שפּיץ באַרג באַצייכנט ווי בן־עמי, די וואָס קלעטערן אין מיטן — מענדעלע און ש״ע, און דער אונטערשטער, וואָס בלאָזט אין האָרן — ח. נ. ביאַליק. ביאַליק האָט זיך דעמאָלט געקליבן צו פאָרן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַג און ש״ע, וואָס האָט ביז דעמאָלט מיט אים זיך ניט געטראָפן פערזענלעך, האָט אים אײַנגעלאַדן צו זיך אין זשענעווע. אויפן קאָנגרעס אין האַג (1907) איז פאָרגעקומען זייער ערשטע באַגעגעניש. דער צוזאַמענטרעף פון די פיר שרײַבערס אין די שווייצאַרישע בערג האָט געדינט שלום־עליכמען פאַר אַ סוזשעט צו זײַן „פיר זײַנען מיר געזעסן".

### צו בריוו נומ׳ 540

פּאַליי, יאָהאַן (יונה), 1871—1907, זשורנאַליסט און שונדשרײַבער — פון 1888 אין אַמעריקע, רעדאַקטאָר פון „טאָגעבלאַט" ביז זײַן טראַגישן טויט (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד).

### צו בריוו נומ׳ 541

גינזבורג, ש. — גרינדער און רעדאַקטאָר פון „דער פרײַנד" (זע אויך הערה צו בריוו נומ׳ 395). ראָזענפעלד, שמואל, 1869—1943 — מיטרעדאַקטאָר און שפּעטער שעף־רעדאַקטאָר פון „דער פרײַנד", „דער בעזים" — אומזיסטע הומאָריסטישע בײַלאַגע צום „פרײַנד". קרינסקי, מ. — בעל־הבית פון פאַרלאַג „האור", ווו עס האָבן זיך געדרוקט שלום־עליכמס ווערק אין קליינע העפטן.

### צו בריוו נומ׳ 542

דאָ רעדט זיך וועגן „מבול", וואָס ש״ע האָט געדרוקט אין „אונזער לעבען" און באַקומען פאַר דעם אַ נישטיקן האָנאָראַר. די אַרויסגעבערס פון דער צײַטונג האָבן בשתיקה געדרוקט דעם ראָמאַן

אין באַזונדערע העפטן, פּאַרקויפט טויזנטער עקזעמפּלאַרן און געמאַכט פון דעם אַ פּאַרמעג אין דער צײַט ווען ש״ע האָט דורכגעלעבט טעג פון נויט.

**צו בריוו נומ׳ 543**

זעווין, ישראל־יוסף (תּשר״ק), 1872—1926, שרײַבער און איבערזעצער — אין יענער צײַט ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער „טאָגעבלאַט". „וואַקיישאַן", וואָס ש״ע האָט צוגעשיקט צום „טאָגעבלאַט" איז שפּעטער באַאַרבעט געוואָרן אונטערן טיטל „פיר זײַנען מיר געזעסן". רעזניק ענד קאַפּלאַן — צוויי יונגע פאַרלעגערס־אָנהייבערס, האָבן אַרויסגעגעבן אַן שלום־עליכמס וויסן עטלעכע מעשיות פון זײַן „גאַנץ באַרדיטשעוו".

**צו בריוו נומ׳ 544**

וו. ווײַסבלאַט — אַ מיטאַרבעטער פון „דער פרײַנד". דאָגמאַראָוו — אַן אַקטיאָר.

**צו בריוו נומ׳ 545**

ברײַנין, ראובן, 1862—1939, העברעיִש־ייִדישער פּובליציסט, שרײַבער, קריטיקער און ביאָגראַף.

**צו בריוו נומ׳ 546**

פּאָזנאַנסקי — אַ לאָדזשער טעקסטיל־פאַבריקאַנט. סענקעוויטש, הענריק, 1846—1916, פּוילישער שרײַבער־קלאַסיקער.

**צו בריוו נומ׳ 547**

ראַפּאַפּאָרט, שבתי, 1862—1928 — איינער פון די גרינדערס און רעדאַקטאָרן פון „דער פרײַנד".

**צו בריוו נומ׳ 550**

אַבערסאָן — שלום־עליכמס אַ גוטער־פרײַנד.

**צו בריוו נומ׳ 551**

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן דעם „אָוונט פון די ייִדישע שרײַבערס" אין אָדעס לטובת דער אלמנה פון יהודה שטיינבערג. אין דעם אָוונט האָבן זיך באַטייליקט מענדעלע, שלום־עליכם, פרוג, ביאַליק, אַש און הירשביין.

**צו בריוו נומ׳ 552**

דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין דער צײַט, ווען ש״ע איז קראַנק געוואָרן אויף די לונגען. וואָס אונדזער טאַלאַנטפולער אַש האָט אתדז העלאָזט הערן אין טשערנאָוויץ — געמיינט די באַרימטע טשערנאָוויצער קאָנפערענץ וועגן דער ייִדישער שפּראַך און קולטור, וואָס איז פאָרגע־קומען אין 1908.

**צו בריוו נומ׳ 553**

לעווין, גרשון, 1868—1939, שרײַבער, געזעלשאַפטלעכער עסקן און דאָקטאָר מעדיצין — אַ נאָענטער פרײַנד פון שלום־עליכמען און פּרצן.

**צו בריוו נומ׳ 554**

דאָס בריוול איז געשריבן ערב דעם פינף און צוואַנציק־יאָריקן יובילײַ פון שלום־עליכם. די פײַערונג האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע, אין דער צײַט ווען ש״ע האָט זיך געפונען אין נערווי אַ קראַנקער.

**צו בריוו נומ׳ 556**

קרושעוואַן, פּאַוועל — ייִדן־שונא און פּאָגראָם־העצער, רעדאַקטאָר פון דער אַנטיסעמיטישער

צײַטונג „בעסאַראַבעץ", אָרגאַניזאַטאָר פון קישענעווער פּאָגראָם (1903). **פּורישקעוויטש**, וולאַ־דימיר, אָנגעפירט מיט דער „טשאָרנאַיאַ סאָטניאַ" (שוואַרץ־מאהניקעס), וואָס האָט זיך באַטײ־ליקט אין דעם קעשענעווער פּאָגראָם.

## צו בריוו נומ' 557

ראָזעס, י. — זע הערה צו בריוו נומ' 391.

## צו בריוו נומ' 558

„קהלת" אין „פרײַנד" — ש"ע האָט געדרוקט שטיקלעך איבערזעצונגען פון „קהלת" אין „דער פרײַנד" (1908).

## צו בריוו נומ' 559

שרירא — אַ באַוווּסטער נאַפטמאַגנאַט אין באַקו. ש"ע האָט אים פאָרגעלייגט צו ווערן דער יידישער ליטעראַרישער מעצענאַט.

## צו בריוו נומ' 560

אַברהם־עליע — געמיינט אַברהם־אליהו לובאַרסקי (זע הערה צו בריוו 79).

## צו בריוו נומ' 561

סירקין, מ. נ. — זע הערה צו בריוו נומ' 82. ד"ר עליאַשעוו (בעל־מחשבות) — זע הערה צו בריוו נומ' 398.

## צו בריוו נומ' 562

זאַמאָשטשין, פלתיאל — זע הערה צו בריוו נומ' 223.

## צו בריוו נומ' 563

זאַבלודאָווסקי, נח — זע הערה צו בריוו נומ' 89.

## צו בריוו נומ' 566

לעווינסקי, אַ. ל. (זע הערה צו בריוו נומ' 284) האָט דעמאָלט געפּלאָנט אַרויסצוגעבן אין אַדעס יום־טוב־בלעטלעך און האָט אײַנגעלאַדן שלום־עליכמען צו שרײַבן פאַר זיי. דער דאָזיקער פּלאַן איז אין 1909 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסגאַבע אונטער דעם נאָמען „שלום־עליכמס יום־טוב־בלעטלעך", ווו עס האָבן זיך געדרוקט נאָר שלום־עליכמס זאַכן: „צוויי טויטע" (אויף פּורים), „דאָס פאַרפאַלק" (אויף פּסח) און „גזלנים" אויף (ל"ג־בעומר). נאָך דעם ווי דער וואַרשעווער קאָמיטעט האָט אויסגעקויפט שלום־עליכמס ווערק פון די פאַרשיידענע פאַרלעגערס, איז די יום־טוב־ביבליאָטעק בטל געוואָרן.

## צו בריוו נומ' 567

יאַמפּאָלסקי, יצחק — אַ יידישער זשורנאַליסט אין קאַנאַדע — האָט צו דער געלעגנהייט פון שלום־עליכמס יובילײַ אָפּגעדרוקט אין אַ מאָנטרעאַלער יידישער צײַטונג שלום־עליכמס עפּיטאַפיע.

## צו בריוו נומ' 568

ראַפּאַפּאָרט, שבתי, 1862—1928 — צוזאַמען מיט ש. גינזבורג — אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער טעגלעכער צײַטונג אין פעטערבורג „דער פרײַנד" (1903), זע הערה צו בריוו 547.

## צו בריוו נומ' 573

אײַזמאַן, דוד, 1869—1922, רוסיש־יידישער שרײַבער.

### צו בריוו נומ׳ 577

אין האַרבסט 1908 איז אין אַדעס געגרינדעט געוואָרן די „דראַמאַטישע טרופּע אונטער דער לייטונג פון **פּרץ הירשביין**", מיטן צוועק צו שפּילן ליטעראַרישע פּיעסעס און הייבן דעם קינסטלערישן ניוואָ פון יידישן טעאַטער.

### צו בריוו נומ׳ 580

**ראָזענפעלד,** שמואל, 1869—1943, יידיש־העברעישער פּובליציסט און ביאָגראַף (זע הערה צו בריוו נומ׳ 541).

### צו בריוו נומ׳ 584

ש״ע האָט צוגעשיקט לעווינסקין אויף ל״ג־בעומר פּאָר „שלום־עליכמס יום־טוב־ביבליאָטהעק" (זע הערה צו בריוו נומ׳ 566) אַ דראַמאַטישע סאַטירע אויף רוסלאַנד: „די מומע רייזע מיט אירע קינדער", נאָר דער אַדעסער צענזאָר האָט מורא געהאַט דאָס דורכצולאָזן. האָט אים ש״ע אַנשטאָט דעם געשיקט די קינדער־מעשה „גזלנים", און „די מומע רייזע" האָט ער אָװעקגעשיקט אין „פריינד". **ט״ו** — געמיינט: דער שוואַרץ־מאהדיקער גראַדאָנאַטשאַלניק פון אַדעס. די „**זאַגערס**" — לעווינסקי האָט געשריבן, אַז אין אַדעס זאָגט מען, אַז דאָס „**פּאַרפּאַלק**" איז ניט קיין געלונגענע זאַך.

### צו בריוו נומ׳ 586

נאָך דעם ווי דער וואַרשעווער קאָמיטעט האָט אויסגעלייזט שלום־עליכמס ווערק פון די פאַר־לעגערס, האָבן זיי צוליב די ענינים אַרויסגערופן שלום־עליכמען פרוי קיין וואַרשע. צוריק־קומענדיק האָט זי געבראַכט דינעזאָנס מתּנות: בריווּפּאַפּיר און טיי.

### צו בריוו נומ׳ 588

אין דער ניי־געגרידעטער צייטונג האָט ש״ע מיטגעאַרבעט מער ווי אַ יאָר, געדרוקט דאָרטן דעם ערשטן טייל פון זיין ראָמאַן „בלאָנדזשענדע שטערן", די סעריע „אייזנבאַן־געשיכטעס" און אַנדערע.

### צו בריוו נומ׳ 589

**שטיינבערגס זאַמלבוך** — דער פאַרלאַג „מוריה" האָט געפּלאַנט אַ זאַמלבוך צום אָנדענק פון יהודה שטיינבערג. ראַווניצקי האָט איבערגעזעצט „דאָס מעסערל" אויף העברעיש פאַר דעם זאַמלבוך. **גאָרדין,** יעקב (זע הערה צו בריוו נומ׳ 79) איז געשטאָרבן דעם 10טן יוני 1909. **דעם זיידנס אַדרעס** — מענדעלע איז דעמאָלט געוועזן אין ווילנע.

### צו בריוו נומ׳ 598

**וואַרקעל,** א. — רעזשיסאָר פון דער יידישער מוזיקאַליש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט אין ריגע.

### צו בריוו נומ׳ 600

**אָסטראָװסקי,** מ. — אַ פּעטערבורגער איבערזעצער פון שלום־עליכמס ווערק.

### צו בריוו נומ׳ 601

**פּינוס,** י. (יו.) — איבערזעצער פון דער 12־בענדיקער רוסישער שלום־עליכם־אויסגאַבע. די באַלעבאַטים פונעם פאַרלאַג „סאָוורעמענניע פּראָבלעמי", וואָס האָט אַרויסגעגעבן שלום־עליכמס ווערק אין רוסיש, זיינען געווען צוויי יידן, די ברידער סטאָליאַר. **זאַנגוויל,** ישראל, 1864—1926, ענגליש־יידישער שרייבער, — דער מחבר פון אַ ווערק אונטערן נאָמען „די קינדער פון געטאָ" (1904).

### צו בריוו נומ׳ 604

„די קינדער פון תּחום" — געמיינט דעם רוסישן נאָמען „דיעטי טשערטי".

### צו בריוו נומ׳ 605

"Утро России" (רוסלאַנדס באַגינען) — אַ מאָסקווער פּראָגרעסיווע טעגלעכע צײַטונג. דאָרט איז געווען אָפּגעדרוקט אַזאַ אַנאָנס: „שלום־עליכם. דער ביכער־פֿאַרלאַג ׳סאָוורעמעננײַע פּראָבלעמי׳ (היײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען) האָט פֿאַרגענומען אַן אויסגאַבע פֿון שלום־עליכמס ווערק, אין אַן אויטאָריזירטער איבערזעצונג פֿון ייִדיש. אין דרײַ בענד וועלן אַרײַנגיין נאָוועלעס, אין די איבעריקע צוויי בענד וועלן אַרײַן די גרעסערע דערציילונגען ׳דער יונגער עמיגראַנט׳ און ׳קליינע מענטשלעך׳".

### צו בריוו נומ׳ 613

דער רוסישער טעקסט, וואָס ש"ע האָט בײַגעלייגט צום בריוו איז גענומען, ווײַזט אויס, פֿון אַ פּריזעריקן וואַריאַנט פֿון גאָרקיס ווערק. איצט געפֿינט זיך דער טעקסט אין „דאָס לעבן פֿון מאַטווײ קאָזשעמיאַקין", וואָס געהערט צום ציקל „אָקוראָווסקינאַ". דער טײַטש: „די קינדער האָט מען געשלאָגן. מע האָט זיי אײַנגעטיילט קלעפּ, סטוסאַקעס, געצופּט, געריסן, דערלאַנגט אין קאַרק, געשענקט פּלאַמיקע פּעטש, געשטורכעט, געשמיסן מיט בעריאָזעווע ריטער, מיט רימענס. זידלערײַען".

### צו בריוו נומ׳ 615

„רב קרובֿ" — פּסעוודאָנים פֿון אַ. ל. לעווינסקי (זע הערות צו בריוו נומערן 284 און 566). אַ. ל. לעווינסקי איז געווען אַ נאָענטער פֿרײַנד סײַ מיט שלום־עליכמען, סײַ מיט פֿרישמאַנען.

### צו בריוו נומ׳ 616

ד"ר פּערפּער — רעדאַקטאָר פֿון "Вегетарианское Обозрение" („וועגעטאַריאַנישער איבער־בליק"), ווו עס זענען געווען איבערגעדרוקט שלום־עליכמס צער־בעלי־חיים־מעשׂיות, ווי „ראַבטשיק" און אַנדערע. דער בריוו איז אַן ענטפֿער אויף אַ פֿאַרבעטונג אַנצושרײַבן עפּעס וועגן לעוו טאָלסטאָי.

### צו בריוו נומ׳ 617

פּאָלער, יעקבֿ, 1885—1951, — אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון יעקבֿ פּעלהענדלער — פּראָזאַיקער און דראַמאַטורג, פֿון 1906 אין אַמעריקע. סאָפּירשטיין (ס"ש) און ווערטיק — די אַרויסגעבערס פֿון „אַמעריקאַנער".

### צו בריוו נומ׳ 620

מאַניש און פֿאַיע פֿאַלטקאָווסקי — שלום־עליכמס אַדעסער פֿרײַנד.

### צו בריוו נומ׳ 622

רייזען, אַברהם — זע הערה צו בריוו נומ׳ 332.

### צו בריוו נומ׳ 623

ניגער, שמואל — זע הערה צו בריוו נומ׳ 154. דאָבין, שמעון — זע הערה צו בריוו נומ׳ 136. כיענע אַהרנסאָן, שפּעטער די פֿרוי פֿון נחמן מײַזיל.

### צו בריוו נומ׳ 624

מיטן רוסישן שרײַבער אַמפֿיטעאַטראָוו (זע הערה צו בריוו נומ׳ 127) האָט זיך ש"ע באַפֿרײַנדט אין איטאַליע, נאָך דעם ווי אַמפֿיטעאַטראָוו האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער רוסישער פּרעסע

באַגײַסטערטע אַרטיקלען וועגן שלום־עליכמס ווערק, גלײַך ווי זיי זײַנען דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג. ביידע שרײַבערס האָבן צווישן זיך געפירט אַ וואַרעמע קאָרעספּאָנדענץ און אָפּט געפאָרן איינער צום אַנדערן אויף באַזוך. — דער בריוו, וואָס האָט ספּעציעל צו טאָן מיטן ביילים־פּראָצעס, איז געשריבן געוואָרן נאָך דעם, ווי אַמפיטעאַטראָוו האָט אויפן פאַרלאַנג פון ש״ע גענומען אויף זיך אַרויסצוטרעטן אין דער רוסישער פּרעסע, צוזאַמען מיט אַנדערע רוסישע שרײַבערס, מיט אַ קאָלעקטיוון פּראָטעסט קעגן דעם פאַבריצירטן ביילים־פּראָצעס (לסוף האָט ער פאַרעפנטלעכט דעם פּראָטעסט נאָר אין זײַן אייגענעם נאָמען). פּורישקעוויטש (זע הערה צו בריוו נומ׳ 556) און מאַרקאָוו, דעפּוטאַטן אין דער צאַרישער דומע, וואָס האָבן אָנגע־פירט מיט דער אַנטי־יידן־העצע אין דער צײַט פון ביילים־פּראָצעס (1911—1913).

### צו בריוו נומ׳ 626

**טיקטין, שמואל־אפרים**, 1878— ייִדיש־העברעיִשער שרײַבער, געהילף בײַ אליעזר בן־יהודה, רעדאַקטאָר פון „אונזער ברודער״, „ירושלימער נייטראַלע צײַטונג פון אַללע אידישע אינטע־רעססאַן״, 1911—1912.

### צו בריוו נומ׳ 628

**„אונזער ברודער״** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 626.

### צו בריוו נומ׳ 629

**טאָמאַשעווסקי, באָריס**, 1866—1939, בינע־קינסטלער און דראַמאַטורג, איינער פון די גרונט־לייגערס פון ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע. **שילדקרויט**, — זע הערה צו בריוו נומ׳ 690.

### צו בריוו נומ׳ 630

**בורעניַן, וויקטאָר**, 1841—1926, רוסישער פּאָעט און פּובליציסט — האָט דעמאָלט אָנגעשריבן אין „נאָוואָיע וורעמיאַ״ אַ רעצענזיע וועגן דער רוסישער איבערזעצונג פון ביאַליקס לידער, וואָס איז געווען מער אַן אָנפאַל, איידער אַ רעצענזיע.

### צו בריוו נומ׳ 633

**טאַפט, וויליאַם**, 1857—1930 — פּרעזידענט פון די פאַר׳ שטאַטן אין די יאָרן 1909—1913. **סאַזאָנאָוו, סערגיי**, 1861—1927 — אויסלאַנד־מיניסטער פון רוסלאַנד אין די יאָרן 1910—1916. **גוטשקאָוו, אַלכּסנדר**, 1862—1936 — מנהיג פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע אין צאַרישן רוסלאַנד.

### צו בריוו נומ׳ 634

**קאַהאַן, לאַזאַר**, 1885—1946 — אַ לאָדזשער ייִדישער זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר. פון דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן אין לאָדזש אַ נײַע ייִדישע צײַטונג איז גאָרניט געוואָרן.

### צו בריוו נומ׳ 637

**שרעבערק, שלמה**, 1866—1944, פאַרלעגער — אין 1900 געעפנט אַ פאַרלאַג אין ווילנע און ביז 1908 אַרויסגעגעבן איבער הונדערט ביכער פון העברעיִשע און ייִדישע שרײַבערס. שפּעטער, צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרלעגערס געגרינדעט די פאַרלאַג־געזעלשאַפט „צענטראַל״. אַרויס־געגעבן דובנאָווס ייִדישע געשיכטע אין 10 בענד (וואַרשע 1919). אויך נאָכן עולה זיין אין ארץ־ישראל (1935) ממשיך געווען זײַן פאַרלעגערישע טעטיקייט (פאַרלאַג „יזרעאל״). **פּאַלער, יעקב** — זע הערה צו בריוו נומ׳ 617.

### צו בריוו נומ׳ 639

אין דעם בריוו ווערט גערעדט וועגן דעם ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס״, וואָס ש״ע האָט אָנגע־הויבן שרײַבן און דרוקן אינעם וואַרשעווער „הײַנט״ אָנהייב 1912. אין אַפּריל האָבן זיך שוין געדרוקט די פערציקסטע קאַפּיטלען און דער מחבר באַראַט זיך דאָ מיט זײַן „קריטיקער״. דער

אַרויסגעבער פונעם „היינט" ש. י. יאַצקאַן, וועלכער האָט זיך גערעכנט מער מיט דער „געשעפט־לעכער" זייט פון דעם „בלוטיקן שפּאַס", האָט געשיקט שלום־עליכמען אינסטרוקציעס אין טאָן פון „דעקרעטן": וואָס אין דעם ראָמאַן דאַרף געשריבן ווערן און וואָס ניט. די דאָזיקע אינסט־רוקציעס האָבן שלום־עליכמען אַרויסגעפירט פון געדולד און ער האָט געוואָלט אָפּשטעלן דאָס דרוקן דעם ראָמאַן. דעם סוף וועל איך איבערמאַכן — אין דער אַמעריקאַנער אויסגאַבע פון „בלאַנדזשענדע שטערן" (ניו־יאָרקער „מאָרגן־זשורנאַל") ענדיקט זיך דער ראָמאַן מיט דעם וויביידע הויפּטהעלדן, לעאָ ראַפּאַלעסקאָ און ראָזע ספּיוואַק האָבן חתונה. אין דער שפּעטערדיקער וואַרשעווער אויסגאַבע האָט ש"ע איבערגעמאַכט דעם סוף (ביידע צעגייען זיך) און האָט צוגע־שריבן צום עפּילאָג נאָך אַ קאַפּיטל. דער „גויעצל" — דער העלד פונעם „בלוטיקן שפּאַס", דער רוסישער סטודענט פּאָפּאָוו וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ ראַבינאָוויטש. פּינסקער בחור און סטודענט טומאַרקין — פאַרשווינען פון „בלוטיקן שפּאַס". „מענטשן־פליגן" — ביי דעם גויישן העלד פונעם ראָמאַן האָבן יידן אויסגעזען ווי „מענטשן־פליגן" (דאָס זעקס און דרייסיקסטע קאַפּיטל איז באַטיטלט מיט אָט די צוויי ווערטער). „די פאַרשלייערטע דאַמע" — אַ שונדראָמאַן, וואָס האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אינעם „היינט".

## צו בריוו נומ' 640

„גאַרטען" — אַ באַרג הינטער בערן, אַ שפּאַציראָרט.

## צו בריוו נומ' 642

דער בריוו איז אַן ענטפער אויף ניגערס אַ בקשה, ש"ע זאָל אים אויסלייען זיינע ערשטע פעליע־טאָנען פון פעטערבורגער „פאָלקסבלאַט" „די איבערגעכאַפּטע בריוו", וואָס ניגער האָט באַדאַרפט האָבן פאַר זיין אַרבעט וועגן שלום־עליכמען. ב. טשאַרני־לוריאַ — ניגערס פרוי, זי האָט זיך מיט דעם נאָמען געחתמעט אויף אַ קאָלעקטיוון בריוו פון אַ גרופּע בערנער סטודענטן צו שלום־עליכמען.

## צו בריוו נומ' 643

פּאַ סטאַ סאָראָק דיעוויאַטוי — לויט דעם הונדערט ניין און פערציקסטן (פּאַראַגראַף) פון געזעץ־קאָדעקס פון דער צאַרישער רעגירונג, לויט וועלכן די צענזור פלעגט באַשטראָפן די פּרעסע־אָרגאַנען פאַר „פריי" אַרויסזאָגונגען.

## צו בריוו נומ' 644

בעל־מחשבות (זע הערה צו בריוו נומ' 398) האָט דעמאָלט געשריבן צו שלום־עליכמען אַ בריוו אין לייכטן טאָן, אַז אים קומט ניט אויס צו לייענען דעם ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", נאָר מען האָט אים איבערגעגעבן, אַז דער דאָזיקער ראָמאַן באַשטייט מערסטנס פון דער ציימונג־כראָניק וועגן בייליס־פּראָצעס, און אַז ער, בעל־מחשבות, קען דאָס פאַרשטיין, וואָרעם יידן דאַרפן פּרנסה... אויף דעם איז געקומען אָט דער ענטפער פון ש"ע. פּראָוואַזשיטעלסטוואָ — ש"ע האָט געהאַט וווינרעכט אין קיעוו, ווייל זיינע קינדער האָבן געלערנט אין די שטאַטישע גימנאַזיעס. איסטאָ־טשניק (קוואַל) — ש"ע האָט מיטן „איסטאָטשניק" געמיינט י. ל. פּרצן.

## צו בריוו נומ' 645

שנעפּאַל — שנייפּאַל, ש. ק., 1884— פּסעוודאָנים פון ש. קאַזאַקעוויטש, זשורנאַליסט, געדרוקט פעליעטאָנען און סקיצעס אין פאַרשיידענע ציימונגען, אין העברעיש און יידיש. דער 80־יאָריקער שרייבער, וואָס איז געצוווּנגען אויף דער עלטער אַרומצוטראָגן ציימונגען צו פאַרקויפן (לויט דער נאָטיץ פון ש. שנייפּאַל) איז, ווייַזט אויס, יהושע מזח (זע הערה צו בריוו נומ' 182). ש"ע האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַ נאָטיץ אין „היינט" אונטערן טיטל: „אל תשליכנו לעת זיקנה!" אין וועלכער ער האָט פאַרגעלייגט די קאָלעגעס־שרייבערס, מע זאָל ניט וואַרטן אויף „מעצענאַטן" און מע זאָל מיט אייגענע כוחות אָרגאַניזירן אָוונטן לטובת דעם אַלטן קאָלעגע. וועגן אַ נייער גרויסן אַרטיקל — ניגערס מאָנאָגראַפיע וועגן שלום־עליכם, וואָס האָט זיך דעמאָלט

אַנגעהויבן דרוקן אינעם זשורנאַל „לעבען און וויסענשאַפט" (ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער און פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכער חודש־זשורנאַל, ווילנע, 1909—1912, דערשינען ניט רעגולער).

### צו בריוו נומ׳ 647

ראָזועס, יצחק — זע הערה צו בריוו נומ׳ 391.

### צו בריוו נומ׳ 649

פּעטרישטשעוו, א. — איינער פון די אָנפירערס פון דעם רוסישן זשורנאַל „רוסקאַיע באָגאַט־סטוואָ", ליבעראַלער ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער חודש־זשורנאַל, דערשינען אין פּעטערבורג, 1876—1918. אין בריוו רעדט זיך וועגן ראָמאַן דער „בלוטיקער שפּאַס".

### צו בריוו נומ׳ 650

קאַהאַן, אב(רהם) — זע הערה צו בריוו נומ׳ 154. גאָלדבערג, יצחק, 1853—1916, אַ פריַינד פון דער ייִדישער ליטעראַטור, כלל־טוער און פילאַנטראָפּ, געשריבן אַרטיקלען אין „פּאַרוועַרטס".

### צו בריוו נומ׳ 651

קאָטיק, יחזקאל, 1847—1921, מעמואַרן־שרייַבער, מחבר פונעם בוך „מייַנע זכרונות". הייַנט ענדיק איך מייַן ראָמאַן — געמיינט: „דער בלוטיקער שפּאַס".

### צו בריוו נומ׳ 663

ד״ר חיים טשערנאָוויטש („רב צעיר"), 1870—1949, העברעיִשער שרייַבער, געוועזן אין בערן, בשעת ש״ע איז דאָרט געלעגן קראַנק, און איז געוועזן איינער פון די נאָענטע פרייַנד, וואָס האָבן אים אָפט באַזוכט אין קליניק.

### צו בריוו נומ׳ 664

ש. שרירא — זע הערה צו בריוו נומ׳ 559.

### צו בריוו נומ׳ 665

דער זשורנאַל „די יודישע וועלט" (1913—1915), אַרויסגעגעבן אין ווילנע אינעם פאַרלאַג ב. קלעצקין און רעדאַקטירט פון ש. ניגער, האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט שלום־עליכמען וועגן דרוקן אינעם זשורנאַל זייַן אויטאָביאָגראַפיע. אַנשטאָט דער אויטאָביאָגראַפיע האָט ש״ע פאַרעפנטלעכט אין „די יודישע וועלט", „לך־לך" פון „טביה דער מילכיקער" און „די וואָסערשטוב" פון „מאָטל פייסי דעם חזנס". בערגעלסאָן, דוד, 1884—1952, איינער פון די וויכטיקסטע ייִדישע פּראָזאַיִקערס, — אין יענער צייַט (1913) געוועזן אין דער פאַרוואַלטונג פון ווילנער קלעצקין־פאַרלאַג. ד״ר ליפשיץ, פייַטל, פּריוואַט־דאָצענט אין בערנער אוניווערסיטעט און העברעיִשער שרייַבער — בשעת ש״ע איז געלעגן קראַנק אין בערן איז ער ביַי אים געוועזן אַן אָפטער אַרייַנגייער. קלמנאָוויטש, זעליק, 1885—1944, לינגוויסט און איבערזעצער — געוועזן אין דער פאַרוואַלטונג פון קלעצקינס פאַרלאַג. שפּעטער — איינער פון די גרונטלייגערס פון ייִוואָ.

### צו בריוו נומ׳ 669

„דאָס אידישע לעבן" — דאַרף זייַן: „די יודישע וועלט".

### צו בריוו נומ׳ 670

„איזראַעלצעס" — געמיינט: ייִדישער סטודענטישער פאַראיין „איזראַיל" אין לאָזאַן. איך שיק אייַך דאָ נאָך קאַפּיטלעך — ד״ה: פון דער אויטאָביאָגראַפיע.

### צו בריוו נומ׳ 674

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן דעם צווייטן באַנד לידער פון מ. מ. וואַרשאַווסקי. — ווי

באַווּסט, איז וואַרשאַווסקי, ווי פּאָעט, אַנטפּלעקט געוואָרן דורך שלום־עליכמען און זײַן ערשטער באַנד לידער איז דערשינען אין 1900 מיט ש״ע אַ הקדמה. נאָך וואַרשאַווסקיס טויט האָט דער דיכטער ל. יפה (1875—1948), צוגעשיקט שלום־עליכמען וואַרשאַווסקיס לידער וואָס זײַנען ביז יענער צײַט ניט געדרוקט געווען, און אויך נאָטן צו אַ טייל פון זיי, געשריבן פון וואַרשאַווס־קיס ברודער. ש״ע האָט די נײַע לידער צונויפגעשטעלט, אַנגעשריבן צו זיי אַ באַזונדער אַרטיקל: „די געשיכטע פון וואַרשאַווסקיס לידער״, און זיי איבערגעגעבן, צוזאַמען מיטן ערשטן באַנד, צום פאַרלאַג „מוריה״, ווו זיי זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין איין באַנד, לויט אַן אָפּמאַך מיט וואַרשאַווסקיס אַלמנה. פוצא מן המוח אל הכולל — מוציא מן הכוח אל הפועל. בלײַבן אַן אַ לבנה — אַ וויציקע איבערזעצונג פון דער מליצה: „שלום לרחוק ולקרוב, ושלום רב עד בלי ירח״. אברהם אליהו — געמיינט לובאַרסקי. א.

### צו בריוו נומ׳ 679

אַדוואָקאַט ליכטענבוים — איינער פון די קורגעסט אין באַדווילדונגען.

### צו בריוו נומ׳ 680 און 681

דער 1טער בריוו איז אַ צושריפט צו אַ בריוו פון י. ד. בערקאָוויטש צו מענדעלע מוכר־ספרים. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער „פּאָלעמיק״, וואָס איז דעמאָלט אויסגעבראָכן צווישן דעם וואַרשעווער „הײַנט״ און הלל צייטלין, וועלכער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין „מאָמענט״. די פּאָלעמיק איז דערגאַנגען ביז צו אַ פּערזענלעכער קריגערײַ מיט זילזולים פוןביידע צדדים. דערבײַ האָט דער „הײַנט״ גענומען דרוקן בריוו פון „עדות״, וואָס האָבן דערציילט, ווי אַזוי צייטלין האָט זיך אין דער פּראָווינץ אויפגעפירט ניט־יִידישלעך־פרום. דער „מאָמענט״ האָט געדרוקט פּראָטעסטבריוו פון אַנדערע „עדות״, וואָס האָבן באַשטעטיקט, אַז צייטלין איז אַ ירא־שמים און ער דאַוונט מיט זיי אין איין שול. — שלום־עליכמען האָט די דאָזיקע ירידה פון דער יִידישער פּרעסע געערגערט און ער האָט באַשלאָסן אַנצושרײַבן אַן אָפענעם בריוו אין ביידע צײַטונגען און שיקן דעם בריוו צו מענדעלען, ער זאָל אים אויך אונטערשרײַבן, צוזאַמען מיט די אַדעסער שרײַבערס. די אַדעסער האָבן זיך אָבער ניט געוואָלט מישן אין דעם ענין און דער בריוו איז ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. אינטערעסאַנט, אַז אין 1915 האָט די דאָזיקע „פּאָלעמיק״ געדינט שלום־עליכמען ווי אַ סוזשעט פאַר זײַן „כתרילעווקער פּראָגרעס״ (קאַפּיטל י״ג, „רעפערענטן און פאַרלעזער״), וואָס האָט זיך געדרוקט אין ניו־יאָרקער „טאָג״.

### צו בריוו נומ׳ 682

דער „פנקס״ — רעדאַקטירט פון ש. ניגער און אַרויסגעגעבן אין קלעצקין־פאַרלאַג, 1913. „התומים״ אין „הצפירה״ — אַ טייל פון שלום־עליכמס אויטאָביאָגראַפיע אין דער העברעישער איבערזעצונג פון י. ד. בערקאָוויטש. גאָלדבערג, באָריס, 1866—1922, ציוניסטישער עסקן און פובליציסט, — ש״ע האָט זיך דעמאָלט געקליבן אויף אַ טור קיין רוסלאַנד, אָבער די נסיעה איז אָפּגעלייגט געוואָרן.

### צו בריוו נומ׳ 683

וואָרקעל, אַ. — רעזשיסאָר פון ריגער יִדישן דראַמאַטישן פאַראיין — איז אַ סך יאָרן געווען באַפרײַנדט מיט שלום־עליכמען. איבער הויפּט האָט ער געהאָלפן שלום־עליכמען צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט אַ קינאָ־אונטערנעמער וועגן קינאָפיצירן שלום־עליכמס ווערק.

### צו בריוו נומ׳ 688

אַדלער, יעקב פּ., 1855—1926, באַרימטער אַקטיאָר, געבוירן אין אַדעס, פון 1887 אין אַמעריקע. פלעי (ענגליש) — אַ פּיעסע. באַוערי — אַ גאַס אין ניו־יאָרק, דעמאָלט דער יִדישער טעאַטער־ראַיאָן. ניקל און קוואָדער — פינף סענט און אַ פערטל דאָלער. באָרדערעס — קוואַרטי־ראַנטן. — דער דאָזיקער בריוו איז ניט אָפּגעשיקט געוואָרן צום אַדרעסאַט, ווײַל ש״ע האָט

באקומען ידיעות, אַז דער צושטאַנד אין אַדלערס „גרענד־טעאַטער" אין ניו־יאָרק איז ניט גינציק פאַר „ליטעראַרישע פּיעסעס".

### צו בריוו נומ' 690

דער ייִדיש־דײַטשישער אַרטיסט רודאָלף שילדקרויט איז געווען אַנגאַזשירט פון בערלין קיין ניו־יאָרק צו שפּילן ייִדיש אין טאָמאַשעווסקיס טעאַטער, עס זײַנען אָבער פאָרגעקומען סיכסוכים און די פאַרוואַלטערס פון די טעאַטערס האָבן אַנאַנסירט, אַז צוליב הייזעריקייט פאָרט שילדקרויט צוריק קיין דײַטשלאַנד. „מסור" — אַ פּיעסע פון ל. ע. מיללער (זע הערה צו בריוו נומ' 702), וואָס איז דעמאָלט אויפגעפירט געוואָרן.

### צו בריוו נומ' 691

דאָ רעדט זיך וועגן אַ דערלויבעניש („ראַזרעשעניע") פון דער פּאָליציי אויף פאַרלעזונגען. טײַטש פון דער רוסישער רעפּליק: „פּריץ, דו מיינסט, שלום־עליכמס רעפּעראַט האָט צו טאָן מיט די טאָוואַרישטשעס, וואָס טרײַבן די הינער (ד"ה רעוואָלוציאָנערן) ? עס הייבט זיך גאָרניט אָן ! ס'איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ גוט ברודערל, וואָס לייענט אויף אונדזער לשון, אויף זשאַרגאָן, און מיר ייִדעלעך האַלטן זיך בײַ די זײַטן און קאַטשען זיך אויף דער ערד !"

### צו בריוו נומ' 692

קאַבאַק, אַהרן־אַברהם, 1883—1944, העברעיִשער שרײַבער.

### צו בריוו נומ' 696

דער אינצידענט — שלום־עליכם מיינט דאָ דעם „סקאַנדאַל" בײַ די אָדעסער ציוניסטן־העברעיִסטן, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַרײַננעמען מענדעלען ווי אַן ערנמיטגליד אין דער געזעל־שאַפט „חובבי שפת עבר", „ווײַל מענדעלע לאָכט פון העברעיִש".

### צו בריוו נומ' 700

שרעבערק, שלמה — זע בריוו נומ' 637.

### צו בריוו נומ' 702

מיללער, לואיס, 1866—1927, טוער אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, זשורנאַ־ליסט און רעדאַקטאָר פון אַ צאָל צײַטונגען, געשריבן פּיעסעס פאַרן ייִדישן טעאַטער, צווישן זיי דער „מסור" וועגן וועלכער ש"ע רעדט אין בריוו נומ' 690.

### צו בריוו נומ' 703

שמולעוויטש, שלמה — זע הערה צו בריוו נומ' 395.

### צו בריוו נומ' 705

זעווין, ישראל — זע הערה צו בריוו נומ' 543.

### צו בריוו נומ' 706

אָפּאַטאָשו (אָפּאָטאָווסקי), יוסף, 1886—1954 — געהערט צו די וויכטיקסטע פּראָזאַיִקערס אין דער ייִדישער ליטעראַטור. „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב" און „פון ניו־יאָרקער געטאָ", וועגן וועלכע ש"ע רעדט אין זײַן בריוו, זענען אָפּאַטאָשוס ערשטע ווערק, וואָס האָבן אים אַרויסגע־שטעלט אויפן אויבנאָן שוין אין די יאָרן 1912—1914. מאַני לייב (בראַהינסקי, מ. ל.) 1883—1953, פּאָעט, פון 1905 אין אַמעריקע, רעפּרעזענטאַטיווער פאָרשטייער פון דער שרײַבער־גרופּע „יונגע". שטאָק, פּראַדל, 1890—1930, דיכטערין און דערציילערין, פון 1907 אין אַמעריקע. סלאָנים, יואל, 1884—1944, פּאָעט און זשורנאַליסט.

### צו בריוו נומ׳ 707

צביון, פסעוודאָנים פון בן־ציון האָפמאַן, 1874—1954, פובליציסט, זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר.

### צו בריוו נומ׳ 709

יהואָש, 1872—1927, פסעוודאָנים פון פּאָעט שלמה בלומגאַרטען, — אויסער לידער, משלים אין פּאָעמעס, געדרוקט איבערזעצונגען פון „פּרקי אָבות" און פון תּנ"ך. די לעצטע 10 יאָר פון זײַן לעבן אָפּגעגעבן זיך מיט זײַן לעבנסווערק — די נײַע ייִדישע איבערזעצונג פון תּנ"ך.

### צו בריוו נומ׳ 710

זשיטלאָווסקי, חיים, 1865—1943, ייִדישער שרײַבער, דענקער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

### צו בריוו נומ׳ 711

אין דעם בריוו רעדט זיך וועגן „באַזאַר־גאַזעט", וואָס די „פּאַלקסהילף־קאָנפערענץ" לטובת די געליטענע ייִדן אין די מלחמה־לענדער האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון מנחם, ספּעציעל צום „אידישן באַזאַר" אינעם ניו־יאָרקער „גראַנד סענטראַל פּאַלאַס". ש"ע האָט געגעבן דער „באַזאַר־גאַזעט" אַ פעליעטאָן: „אַ בריוול פון דער מומע רייזי געשריבן צום פעטער פּיני", אין וועלכן עס זײַנען אַלעגאָריש פאַרגעשטעלט געוואָרן אַלע פעלקער, וואָס זענען געווען פאַרמישט אין דער וועלט־מלחמה.

### צו בריוו נומ׳ 712

דאָס איז דער לעצטער בריוו פון שלום־עליכם, פון ליטעראַרישן כאַראַקטער, געשריבן חול־המועד פּסח, צוואַנציק טעג פאַר זײַן טויט. ש"ע שיקט יהואָשן אַ ייִשר־כּוח פאַר זײַן בוך „פון ניו־יאָרק ביז רחובות" וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן דרוקן אין ניו־יאָרקער „טאָג".

### צו בריוו נומ׳ 713

טשאַגאַוועץ, ווסעוואָלאָד — זשורנאַליסט און מיטאַרבעטער פון „קיִעווסקאַיאַ מיסל", געווען באַפרײַנדט מיט שלום־עליכמען.

TELEPHONE GRAMERCY { 6944 131

# התורן

עתון שבועי
יו"ל ע"י חברת התורן

HATOREN
Hebrew Weekly
Published by the Hatoren Publishing Ass'n, Inc.
44 EAST 23RD STREET
NEW YORK

Herrn R. Brainin
Berlin W.
Heilbronnerstr

Abs: S. Rabinowitz, Kaiserstr. 35 III bei Sommerfeld

17. II. 08.
Berlin
Kaiserstra 35 III

חָבֵר וָאָח, בריינין יקירי!

ברגע קראתי את מאמרך עלי ואודה שהפרזת על המדה יותר מדי (נעים מאוד להיות
כָּתוּב בכלל, והתיחסות שלי תאלצני להתגאות בעיני ולחשוב: אפשר באמת גדול אנכי כמו
שאומרים עלי?) צריך אני להגיד לך — את תודתי? לא! — את שבחך בפניך בעד
הסגנון והלשון. לוא בא לידי לדבר אודות סופר אחד כמותך. מוסר וכוונה בו לא
יכולתי אני לכתוב יפה מכפי שכתבת אתה בלשון הזה. הראיתני נא להשתמש
במליצה נושנה: דבש וחלב תחת לשונך ומה יתן לך רבת לשון. מעולם לא
חלמתי לראות את בריינין מאת „מאראמאן" ככה! — עד הנאיוויטעט שלו,
לפעמים — יפה דברת. אלא שעמת למהלת כבודך לחשוב על אין ואין שאול.
הוא „נאיוו" לפני; המבקר האמתי של זה הוא פשוט, — פשוט! פשוט!

ופרוש נא בשלום ביתך זו אשתך

שלום-עלי׳ כם






ווק 26

13/23. IX. 12.

Дорогой Алексей Максимовичъ!

Податель сего, г. Гольдбергъ, сотрудникъ самой распространенной и богатой газеты еврейской въ Россіи — „Гайнтъ". (Ея тиражъ достигъ 100.000) Я состою однимъ изъ ея постоянныхъ сотрудниковъ (въ отдѣлѣ беллетристики) и это, беру смѣлость думать, нѣкоторымъ образомъ говоритъ [illegible] о ея лит. физіономіи. Редакція „Гайнта" желаетъ заручиться Вашей статьей по опредѣленному вопросу, который передастъ Вамъ г. Гольдбергъ. Переведетъ статью ей г. Г-бергъ, который отлично владѣетъ жаргономъ. Размѣръ гонорара потрудитесь опредѣлить сами и сколько бы вы ни сказали, если только г. Голь

Краков 15/III.06.



Любезный Микаэло!

Какъ видите, я въ Кракове. Городъ тихий, спокойный. Можно спать даже тогда, когда не хочется. Сегодня здесь мой вечеръ, а завтра, разумеется, „коммерсъ", на которомъ произойдетъ обязательное состязание ораторовъ. (Охъ, Господи, помилуй!) Посылаю Вамъ при семъ контроль мой факсимиле и автографъ-эпитафию, сочиненную мною на всякий случай, если бы мне пришлось когда-либо помирать. Попробуйте ка перевести ее такими же стихами (8 и 9) по-русски. Я видел Вашу работу-свиточекъ у Лели. Она мила, талантлива, и это, за что уже говорю Вамъ спасибо. А когда Вы намерены побывать въ Лемберге? Пишите мне в Лемберг.

Жму Вамъ дружески руку

Ш. Аленхемъ

